

**רחל בן־צבי ינאית,** די פרוי פון ישראל־פרעזידענט,
מיט דער שרייבערין, **לענא קיכלער־זילבערמאן**

לענא קיכלער־זילבערמאן

# מיינע הונדערט קינדער

פון פויליש: לייב אָליצקי



פאַרלאַג „מנורה" תל-אביב
תשכ"ב — 1962

# הקדמה

כ׳האָב זיך נאָרוואָס צוגעהערט צום פּסק־הדין אין משפּט־אייכמאַן, אין בית־העם ירושלים. און איצט דווקא האָב איך פאַר־צייכנט מיינע קורצע ווערטער פאַר דער יידישער אויסגאַבע פון „מיינע הונדערט קינדער".

*

איך וואָלט אַזוי וועלן, אַז אין יעדער אידישער היים זאָל זיך געפינען לענאַ קיכלערס בוך „מיינע הונדערט קינדער", אַז יעדע מאַמע אין חוץ־לארץ זאָל פילן אַזוי ווי מיר אין ישראל פילן לייענענדיק דאָס בוך.

לענאַ קיכלער איז איינע פון אונדזערע וויניקע שוועסטער, וואָס יעדע פון זיי איז דורך אַ נס געבליבן לעבן. און דורך נסים האָט זי מציל געווען פון טויט די קינדער, יעדעם קינד מיט אַ באַזונדערן נס.

אונדזער יידישע הארציקע מאַמע שיינט אַרויס פון לענאַ׳ס בוך — די באַליבטע מאַמע, וואָס איז באַוווּסט פון אַלע דורות מיט איר וואַרעם האַרץ, הייסער ליבע און גרייטקייט זיך מקריב צו זיין פאַר אירע קינדער.

מיר לייענען אין בוך מיט גרויס שפּאַנונג, מיט טרערן און געפיל פון פּיין. מיר פילן פונסניי אונדזער גרויס יידיש אומגליק — דעם אומקום פון אַ דריטל פון אונדזער פאָלק; פון אַ מיליאָן, מער ווי אַ מיליאָן, פון אונדזערע אידישע קינדער.

לייענענדיק לענאַ׳ס בוך, לעבן מיר איבער ווידער און ווידער די שרעקלעכע טראַגעדיע און מיר באַוווּנדערן לענאַס גבורה, אָפּפער־וויליקייט און ליבע ביים ראַטעווען דאָס הייפעלע פון הונדערט קינדער, וואָס זענען אַן עדות פון אונדזער שרעקלעכן מאַרטירערטום.

איך האָב זיי געזען פון דער נאָענט, צוזאַמען מיט לענאַ׳ן ביי אונדז אין בית הנשיא: היינט שוין דערוואַקסענע, אייניקע שוין אַליין יונגע מוטערס. כ׳האָב דערקענט יעדן פון זיי דורך לענאַ׳ס באַשרייבונג. כ׳האָב אין זיי באַוווּנדערט דעם אויסדויער און דורשט צום נייעם לעבן, נאָך אַלע זייערע פּיינלעכע ליידן. יעדער פון זיי איז אונדז אַזוי טייער און מער פון אַלעמען לענאַ.

עס ווילט זיך דאַנקען דעם גורל וואָס די טייערע שוועסטער לענאַ, אונדזער טאַלענטפולע שרייבערין איז אונדז לעבן געבליבן.

**רחל בן־צבי ינאית**

די פרוי פון מלוכה־פּרעזידענט אין ישראל

ירושלים, ח׳ בטבת תשכ״ב — 15. 12. 61

# מיין הארציקע ברכה

די פריינט, וואָס האָבן מיטגעווירקט, אַז דאָס דאָזיקע בוך זאָל דערשיינען:

רחל בן־צבי ינאית, פרוי פון ישראל־פּרעזידענט.
אינזש. אַנשל רייס.
זלמן און סאָניאַ דינין.
יצחק גרינבוים.
משה קול — „עלית הנוער״.
ד״ר אריה קובאָווי — „יד־ושם״ ירושלים.
ד״ר אהרון שטיינבערג — יידישער וועלט קאָנגרעס, לאָנדאָן.
פּראָפ׳ דוב סדן.

מיין מאַן מרדכי זילבערמאַן, וואָס אַדאַנק זיין „עקשנות״ האָבן מיינע ביכער דערזען די ליכטיקע שיין.

לענאַ קיכלער־זילבערמאַן

## א נשמה - ליכט

מיין מאַמען שרה, וואָס איז נפטר געוואָרן אין צער, אין יאָר 1939

מיין טאַטן אליהו, דערשאָסן דורך די נאַציס אין טאָג פון ליקווידירן דאָס געטאָ אין וויעליטשקי, אין יאָר 1942

מיין שוועסטער פעלען, וואָס איז געפיי־ניקט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ ביז אומקום — דריי טעג פאַרן סוף פון דער קריג.

## די הענט אַרויף!

כ'האָב אויפגעריסן די אויגן, שאַרפע ליכטשטראַלן האָבן אין זיי אַריינגעשלאָגן מיט דעם זשאַר פון שטאָל, וואָס איז אָנגעגליט ביז ווייסקייט. איבער מיר איז געשטאַנען אַ דייטשישער זשאַנדאַר און אַריינגעלויכטן מיט אַן עלעקטריש לעמפּל גליידך אין די אויגן.

— אויפשטיין! — האָט ער אַ רעווע געטאָן — הענט אַרויף!

כ'האָב זיך אויפגעהויבן און געגאַנגען פאַר אים ווי אַן אויטאָמאַט. דורכן דינעם געוועב פון העמד האָב איך געשפּירט אויף מיינע ביינער די קאַלטע לופע פון דער ביקס.

און גייענדיק אַזוי, אונטערגעשטופּט פון דער ביקס־לופע, האָב איך פּלוצים דערפילט, אַז דער דרוק וואָס האָט זייט טעג געדריקט מיין האַרץ, איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, פאַרשוווּנדן. שטאָט אים איז פאַרבליבן אַ לערקייט, אַ גלייכגילטיקייט — אַ קאַלטער, גליווערנדיקער פּונקט אין לעבן: די לופע.

— נאָך איין קלאַפּ מיין ראַציאָנאַליזם, — האָב איך פּלוצעם אַ טראַכט געטאָן. קיין שום שכלדיקע אַרגומענטן האָבן נישט גערעדט פאַר דעם, אַז גראָד היינט וועט מען מיך קומען נעמען. אָבער דאָס האַרץ האָט פאָרגעפילט און מיר עס צו וויסן־געטאָן מיט אַ פאַרקלעמעניש. ערשט האָט זיך די סיטואַציע אויפגעקלערט, און אָט איז דאָס קלעמעניש פאַרשוווּנדן.

דער זשאַנדאַר האָט מיך אַריינגעשטופּט אין אַ רחובותדיקן צימער, אין וועלכן ס'זענען שוין געשטאַנען עטלעכע פרויען ביי אַ וואַנט, מיט אויפגעהויבענע הענט.

אין מיטן צימער איז געזעסן בייט טישל אַ דייטש מיט צערעפּעטע פּיס און עפּעס פאַרשריבן.

דער זשאַנדאַר האָט מיך אַ שטויס געטאָן מיט דער ביקס אין זיין ריכטונג.

— פאַמיליע־נאָמען? — האָט ער האַרב אַ פרעג געטאָן.
— רעליטש, — האָב איך רויק געענטפערט.
— נאָמען און עלטער?
— לעאָנטינע, דרייסיק יאָר אַלט.
— געבוירנאָרט?
— בוטשאַטש. אויף די מזרח־גרענעצן.
— רעליגיע?

— קאַטוילישע.

אין דעם מאָמענט האָט דער אָפיציר אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון אי־בער די פּאַפּירן און אַ קוק געטאָן אויף מיר.

— אַ יידישקע!! — האָט ער ווילד גערעוועט.

אַלע אין צימער האָבן אַ ציטער געטאָן.

דערנאָך האָט זיך דערהערט מיין רויקע שטים:

— כ׳בין נישט קיין יידישקע. מיין טאַטע איז געווען אַ פּוילישער אָפיציר, געפאַלן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך האָב געאַרבעט אַלס לערערין, אָבער אונדזער שול איז ליקווידירט געוואָרן. היינט אַרבעט איך אין דער דייטשישער פירמע „מיינל און קאָמפּ״. איך האָב אַן אַרבעטס־קאַרטע און אַלע דאָקומענטן.

— יידישקע!! — האָט דער אָפיציר נאָכאַמאָל אַ רעווע געטאָן — דו וועסט ביי דער אויספאָרשונג זיך שוין אין אַלץ מודה זיין. אָפּפירן זי אויף אַ זייט!

כ׳האָב געמוזט שטעלן זיך מיטן פּנים צו דער וואַנט מיט אויפגע־הויבענע הענט. און דעמלט האָב איך באַמערקט ביי זיך אַ דערשיינונג, וועלכע כ׳האָב פריער קיינמאָל נישט געזען: מיינע אויפגעהויבענע הענט ציטערן.

— וואָס איז עס אַזוינס, צום טייוול? — האָב איך אַ טראַכט געטאָן — איך ווער צעשרויפט... נעכטן דאָס קלעמעניש אין האַרצן, היינט ווידער דאָס ציטערן פון די הענט... פון וואַנען האָט זיך דאָס אַלץ גענומען צו מיר מיטאַמאָל? כ׳בין דאָך שוין געווען אין ערגערע לאַגעס. אין געפענגע־ניש אויף גענשע־גאַס, האָט מיר געדראָט קרעמאַטאָריע... ווען כ׳בין אַרויסגעשפרונגען פון צוג קיין אוישוויץ, איז געווען די אויסזיכט, אַז די רעדער וועלן מיר די פיס אָפּשניידן. און נישט געקוקט אויף אַלץ האָב איך אַרויסגעטראָגן קינדער פון געטאָ און זיך נישט געשראָקן. פון דער צווייטער זייט ווידער — פאַרוואָס האָט ער אַזוי פלוצים אַ רעווע געטאָן אויף מיר: יידישקע? זאָל האָבן געווען אויף מיר אַ מסירה? פאַרוואָס האָט אויף אים אינגאַנצן נישט געווירקט מיין רויקייט און זעלבסטזיכערקייט, די ביז היינט, נישט אַנטוישנדיקע מעטאָדן?...עט, שטותים — האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט — כ׳וועל אויך פון דעם קלעם אַרויס, ווי ביז היינט.

אָבער נישט געקוקט אויף אַלץ האָבן מײַנע, אין דער הייך, אויפגעהויבענע הענט געציטערט, ווי פֿייגל וואָס בענקען נאָך דער פֿרייהייט.

— געגאַנגען! — האָט מיר דער זשאַנדאַר אַ שטופּ געטאָן מיט דער קאָלבע.

ער איז אַרײַנגעקומען הינטער מיר אין צימער און מיר דערלויבט נעמען דעם מאַנטל און אָנטאָן די פּאַנטאָפֿל אויף די באָרוועסע פֿיס. דערנאָך האָט ער מיך אַרויסגעפֿירט אויפֿן הויף, ס'איז דאָ געווען פֿינצטער ווי אין אַ קבר. מיטאַמאָל האָב איך דערפֿילט, אַז דער הויף איז פֿול מיט אומבאַוועגלעכע שאָטנס און אָפּגעשלאָסן. כ'האָב אויפֿגעשווידערט.

— דאָ וועט מען מיך שיסן — האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

אָבער מ'האָט מיך געשטויסן צו גיין ווייטער. כ'בין איצטער געגאַנגען לעבן אַ דיקן זשאַנדאַר דורך דער שלאָפֿנדיקער שטאָט. ביסלעכווײַז האָב איך אָנגעהויבן אונטערשיידן קאָנטורן פֿון הײַזער און גאַסן. ער האָט מיך געפֿירט דורך דער קרוטשע־גאַס. מײַנע טריט האָבן הויך אָפּגעקלונגען אין דער לעדיקער גאַס. די פֿינצטערע קאָמעניצעס זענען געשלאָפֿן, זייערע פֿענצטער האָבן געקוקט אויף מיר מיט אויגנלעכער פֿון סקעלעטן... די שטערן האָבן זיך אײַנגעגאַנצן באַהאַלטן, די שטיינערנע הײַזער־סקעלעטן האָבן זיי נישט דורכגעלאָזן צו מיר. די קעלט איז ווי אַ קאַלטער שלאַנג געקראָכן איבער מײַנע פֿיס, רוקנדיק זיך אין דער הייך צו מײַן האַרץ.

— מ'פֿירט מיך אויף שוכא־גאַס צו דער געסטאַפּאָ־צענטראַלע — האָב איך געטראַכט — פֿון דאָרט קומט מען שוין נישט צוריק. דאָרט ווייסן זיי שוין ווי אויפֿצוצווינגען מ'זאָל זיך מודה זײַן.

— אפֿשר וועט דאָס פּייניקן מיך נישט לאַנג דויערן — האָט אין מיר אויפֿגעטליעט אַ האָפֿענונג — מײַן אָרגאַניזם איז אַזוי אויסגעשעפּט. און אפֿשר, — איז אַדורך אַ ציטער דורך מײַן לײַב — אפֿשר וועלן זיי אָן בנוגע שוואַכערע מענטשן אַנטשפּרעכלעכע שוואַכערע פּייניקונגען, כדי זייערע יסורים צו פֿאַרלענגערן?

— גאָט מײַנער, גאָט מײַנער! האָב איך אין פֿאַרצווייפֿלונג תּפֿילה געטאָן צום אומגעזעענעם גאָט — פֿאַרוואָס איז מיר באַשערט אומצוקומען אויף אַזאַ שרעקלעכן אופֿן? העלף מיר נאָך אַ מאָל אַרויס! מײַן גאַנצן לעבן האָט מיך קיין זאַך נישט געשראָקן — נאָר פּייניקונגען, און איצט איז מיר גראָד באַשערט אומצוקומען פֿון פּייניקונגען... כ'האָב תּמיד געגאַרט צו האָבן בײַ זיך סם, טאַקע אויף אַזאַ מאָמענט, דער מאָמענט איז

געקומען, און כ׳האָב אים נישט. גאָט מיינער! פאַרוואָס האָב איך אים נישט, דעם ווילטוּענדיקן ציאַנקאַלי? פאַרוואָס האָב איך זיך נישט פאַר־דינט ביי דיר אפילו אויף אַ ביסל ציאַנקאַלי? מיין גאַנץ לעבן האָב איך געאַרבעט פאַר אַנדערע... און וועגן זיך נישט געטראַכט. פאַר מיר איז אַפילו קיין ביסל ציאַנקאַלי נישט געבליבן.

פאַרביטערונג און געוויין האָבן אוף שטיקער געריסן מיין האַרץ.

מיר זענען אַרויס פון דער שמאָלער און פינצטערער קרוטשע־גאַס. מיטאַמאָל האָט מיך פון אַלע זייטן פאַרפלייצט דער הימל. ס׳האָבן אויפגע־בלינצלט די שטערן. ס׳האָט זיך באַוויזן אַ ווונדערלעכע נאַכט, אַ שימע־רירנדיקע, וואָס שמעקט מיט טונקל־לילאַ בעז. די לעצטע שטערן — איז מיר דורך אַ יאָושדיקע מחשבה — דער לעצטער פרילינג־אַראָמאַט...

אין דעם זעלבן מאָמענט האָט מיך פאַרפלייצט אַ נייע לעבנסקראַפט. אפשר אָט די שטערן אויף דעם אָפענעם הימל... ווייל איך האָב זיך מיטאַמאָל דערפילט יונג, שטאַרק, עלאַסטיש...

— כ׳וועל זיך נישט אונטערגעבן, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן — כ׳וועל פון זיי אַנטלויפן! זאָלן זיי שיסן! בעסער דער טויט, איידער גע־פייניקט צו ווערן. אָבער ניין, זיי וועלן מיר נישט דערשיסן, — האָט זיך אין מיר צעשפּילט אַ פּלוצימדיקע, אומבאַגרינדעטע האָפענונג... כ׳וועל אַנטלויפן פון אים... כ׳וועל אַנטלויפן פון זיי אַלע. איך בין יונג, פלינק, רירעוודיק, און זיי — שווערע, פעטע בהמות. זיי וועלן מיך נישט דער־יאָגן. כ׳וועל זיי אַלע, אַלע איבערלעבן.

מיר זענען פּונקט אַרויס פון דעם פּלעצל און האָבן זיך פאַרקערע־וועט אין אַ נייער גאַס אַריין.

— אפשר איז עס דאָ טאַקע די גרויליקע שוכאַ־גאַס? — האָב איך געטראַכט — קיין סך צייט האָב איך שוין נישט, אויב אַנטלויפן, איז שוין איצט! ביים גאַסווינקל!

מיט איין בליציקן שפרונג האָב איך זיך אַ ריס געטאָן אין דער זייט, און גענומען לויפן מיטן גאַנצן כוח צו די טונקעלע פּלויטן. כ׳בין אַרי־בערגעשפּרונגען אַ פּלויט.

— טררראַך, טררראַך! — האָט געהילכט נאָך מיר אויטאָמאַטיש גע־ווער. קוילן האָבן געפייפט לעבן מיר, געפּאַלן לעבן מיר, פאַר מיר, הינ־טער מיר — און מיך נישט געטראָפן. כ׳האָב זיך נישט אַנידערגעלייגט, אפילו זיך נישט איינגעבויגן. בין נאָר כסדר געלאָפן און געלאָפן. דורך

קוסטעס, פּלויטן, ראָוועס. בין געווען אַזוי שטאַרק, ווי נאָך קיינמאָל נישט.

דער אָפּהילך פון די שאָסן האָט גענומען זיך פון מיר דערווייטערן, איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער און זעלטענער. דעם דיקן זשאָנדאַר האָט זיך נישט געלוינט איינצובייגן זיין גוף צוליב אַ נאַריש לעבן פון אַ יידישקע. ער וועט שטאָט איר צושטעלן אַ צווייטע.

כ׳האָב גענומען ביסלעכוויז פאַרפּאַמעלעכערן מיין לויף. בין שוין געווען הינטער דער שטאָט, אויפן געביט פון די גאָרטן־פאַרצעלעס. ס׳זע־נען דאָ געשטאַנען אַ סך פּוסטע שאָפּעס, באַראַקן און קעלערס. אין איי־נעם אַזאַ קעלער בין איך ערשט אַריין. אַנידערגעפאַלן אויף אַ הויפן טרו־קענע בלעטער, און מיטן לעצטן אָטעם אַ ברום געטאָן:

— פאָרט פון זיי אַנטרונען — כ׳לעב, כ׳לעב נאָך!

## אַ פּאָעט

באַגינען בין איך אויפגעשפּרונגען און אַרויסגעקוקט פון קעלער. אַ גרויס, רויט זון־ראָד האָט זיך אַהערגעקייקלט פון מזרח און פאַרגאָסן די שטאָט מיט אַ פייערדיקער שיין, ווי אַן אָנזאָג אויף קומענדיקע שריפות.

די לופט איז געווען שאַרף און פריש, דורכגעזאָפּט מיט פייכטקייט און מיט, אין דער ערד דרימלענדיקער קראַפט. די פייגעלעך האָבן שוין אָנגעהויבן צווייטשערן.

איצט האָט מען געדאַרפט שנעל זיך אָפּטראָגן פונדאַנען. אינגיכן וועט זיך ענדיקן די פּאָליציי־שעה און מענטשן וועלן קומען אַהער אַרבעטן.

מע דאַרף זיך געבן די מי נישט אויסצווזען פאַרדעכטיקט. צומבעסטן איז צוזאַמענצושטעלן זיך פאַר אַן אַרבעטערין וואָס איילט צו דער אַרבעט.

כ׳האָב זיך געהיט אַרויסגערוקט פון קעלער און גענומען זיך איינ־האָרכן, צי ס׳הערן זיך נישט פון ערגעץ א וועלכע גערוישן, צי שלאָפט דאָ נישט אַ וועלכער וועכטער? אָבער בלויז דער ווינט האָט גערוישט צווישן די טרוקענע צווייגן.

כ׳בין געווען פאַרשמוציקט מיט ערד און נאַסע בלעטער פון קעלער, אָבער אויסגעשלאָפן, און זיך געפילט אויסגעצייכנט. כ׳האָב באַמערקט, אַז מיינע הענט און פיס זענען צעקרעלט און מיט סיניאַקעס פון די דערנער

און פּלויטן. אין די האָר האָב איך געהאַט אַ מאַגאַזין פון שטרוי און בלע־טער, צוזאַמענגעקלעפּט מיט גרידקעלעך ערד.

— כ׳מוז אויסזען הערלעך, — האָב איך געחוזקט פון זיך אַליין, — ווי די וואַנזיניקע אָפעליע פון „האַמלעט״.

כ׳האָב גענומען זוכן אַ וואַסערקראַן. געפונען אים צוזאַמען מיט דער גומע־קישקע און זיך אַרומגעוואַשן. האָב זיך געמאַכט אַן אַרטיסטישע פריזור מיט דער הילף פון אַ פינגער־קאַם, זי צוגעגלעטיקט מיטן ראַציקן אַרבל פונעם מאַנטל. מיט ווייכע פלעכט־ריטלעך אונטערגעבונדן דאָס העמד, ס׳זאָל נישט אַרויסקוקן פון אונטערן מאַנטל, וועלכן כ׳האָב גרינט־לעך פאַרשפּיליעט; ווי־נישט־ווי איז דאָך אום אַפּריל נאָך קאַלט. פון אַ שטיקל זאַק צונויפגעשטעלט אַ בייטל. היינט, מלחמה־צייט, מאַכט מען די עלעגאַנטסטע זאַכן פון זאַק־שטאָף. דעם בייטל האָב איך אָפּגעשטופּט מיט וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט.

— הייסט עס, פאַראַן שוין אַלץ. אָט איז מיין בייטל, אין אים מיין פרישטיק, די טואַלעט־זאַכן, ס׳נאָזטיכל און אַנדערע נייטיקע קלייניקייטן. איך איִל זיך, ווי אַלע, צו דער אַרבעט.

כ׳בין אַרויסגעגאַנגען פון קעלער און זיך נאָכאַמאָל אַרומגעקוקט, פאַרשנדיק מיט אומרו דעם שאָסיי, וואָס ווייסלט זיך פונווייטן.

— דאָס ערגסטע איז אָט דאָס ליסע פעלד צווישן די גערטנער און דעם שאָסיי. דעם דאָזיקן שטח דאַרף מען פאַרבייגיין נישט באַמערקט צו ווערן. דערנאָך וועל איך שוין קאָנען גיין רויק. ווען ס׳וועלן זיך באַוויזן די ערשטע סילועטן פון מענטשן, וועט דאָס זיין אַ סימן, אַז ס׳איז שוין נאָך דער פּאָליציי־שעה. דאָס האַרץ אין מיר האָט געקלאַפּט מיט אומרו.

ענדלעך זעט מען שוין מענטשן! כ׳מעג גיין. איצט — מוטיק און שנעל! אַריבערלויפן דאָס פעלד, און שוין... — צום טייוול, ווידער זיך צעדראַפּעט די פיס — כ׳האָב די צייכנס פאַרווישט מיט שפּייעכץ.

נו, ענדלעך האָב איך דערגרייכט דאָס שאָסיי. ערשט גיי איך שוין ווי אַלע אַנדערע. דער שאָסיי טוישט זיך אויף אַספאַלט. מיר זענען שוין הינטער דער שטאָט. איך גיי פריילעך, כ׳פייף זיך אונטער, כ׳שטעל ברייטע, פויערישע טריט.

ס׳גייען פויערטעס אין שטאָט אַריין מיט קיישלעך. כ׳האָב זיך צוגעשאַרט צו איינער.

— זאָל זיין געלויבט יעזוס כריסטוס.

— אויף אַלע אייביקייטן, אָמן.

— ווי זעט עס אויס היינט אויפן דאָרף? זענען די קאָנטינגענטן גרויסע?

— ווי דען אַנדערש, ווי דען אַנדערש! — זיפצט די פויערטע. — זיי ראַבעווען, די הינטישע שוואַבן, אַלץ ראַבעווען זיי, לאָזן גאָרנישט נישט איבער, און טרייבן נאָך די כלאָפּעס אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד!

— אין שטאָט איז אויך נישט בעסער, — זיפץ אויך איך שווער. — אַלע טאָג כאַפּענישן, אַרעסטן, פאַרשיקונגען...

— דער אַנטיכריסט איז געקומען, צוליב די זינד אונדזערע, — לאַמענטירט די פויערטע.

אַ קרייצוועג. מיר גייען זיך פאַנאַנדער. אָבער איך האָב זיך דערוויייל אויסגעמישט צווישן המון איילנדיקע מענטשן, כ׳גיי מיטן שטראָם. אַלע איילן זיך צו אַרבעט, צו האַנדל. קיינער האָט קיין צייט נישט זיך צו צוקוקן צו מענטשן. און די שאַנטאַזשיסטן שלאָפן נאָך אין דער צייט, זיי האָבן לייכטע פאַרדינסטן, קאָנען זיך אויסשלאָפן. די דייטשן, די חמורים, אונ־טערשיידן נישט צווישן אַ פאָלקע און אַ נישט־פאָלקע; און מיט די פוי־לישע פּאָליציאַנטן ווייס איך שוין ווי אומצוגיין. נישט געקוקט דערויף מוז מען ערגעץ אַריינגיין, און דאָס וואָס גיכער. איבערטאָן זיך, קריגן אַ פּאָר גראָשן... אָבער צו וועמען גייט מען?

טאָשקע! — האָט עס מיר דערלייזעריש אַ בליץ געטאָן אין זינען.— יאָ, טאָשקע! אָבער אויב צו איר, דאַרף מען זיך צואיילן. זי גייט דאָך אַרויס פרי אין דער פאַבריק אַריין, און אויב כ׳וועל זי נישט דערווישן, וועט דער גאַנצער טאָג גיין פאַרלוירן. און איך, דעם גאַנצן, לאַנגן טאָג אין אַזאַ סטראַי, אין אַזאַ שטאָט?

איך לויף מיט אַלע כוחות. צום באַדויערן מוז איך ווידער זיך אומ־קערן אויף דער זעלבער גאַס, פון וועלכער מ׳האָט מיך גענומען, אויף נאָ־וואָגראָדזקע. טאָשקע וווינט בסך־הכל מיט עטלעכע הייזער ווייטער. כ׳מוז זי אָבער טרעפן אין שטוב.

אַ פאַרסאָפּעטע און דערהיצטע לויף איך אַריין אין טויער. אָבער, שאַ, דאָ דאַרף מען זיין געהיט. כ׳געדענק, טאָשקעס רייד, אַז זי האָט אַ סטרוזש, פאַר וועלכן זי שרעקט זיך. כ׳בלייב שטיין אַ ווייל טיפער אָפּצו־אָטעמען. ערשט גיי איך שוין אַרויף אויף די שטיגן פאַמעלעך, רויק. דער ערשטער שטאָק — אַ סטאַציע. דער צווייטער שטאָק, דער דריטער...

שאַ! פון אויבן גייט עמעץ אַראָפּ. ווער קאָן עס זיין? אַ קלאַפּ מיט אַן עמער, אַ שאָרן מיט אַ בעזעם — ס'איז דער סטרוזש. וואָס טוט מען ערשט? צוריק אַראָפּגיין? ניין, ס'איז שוין שפּעט... כ'זע אים שוין.

רויק און מיט חשיבות גיי איך ווייטער. איך לאַוויר אַזוי, ער זאָל מיך אויסמיידן אויפן פינצטערן פאַרדריי פון די שטיגן, דער סטרוזש באַטראַכט מיך מיט חשד. כ'האָב אַזאַ אומשולדיקע מינע, אַזעלכע פרייע באַוועגונגען, אַז כ'צעטומל אים לייכט.

פונדעסטוועגן גיי איך נישט אַרויף אויפן פינפטן שטאָק, ווו סווינט טאַשקע, נאָר פאַרהאַלט זיך אויפן פערטן. כ'קלאַפּ אָן אין דער ערשטער בעסטער טיר. ס'עפנט מיר אויף אַן עלטערע פרוי, זי באַטראַכט מיך מיט אומצוטרוי.

— אַנטשולדיקט זייער, צי וווינט דאָ נישט פרוי גאָמוליצקאַ מיט אַ דריי־יעריק מיידעלע? זי איז נישט לאַנג צוריק געקומען צו פאָרן פון מיעכאָוו, כ'בין אירע אַ קרובה.

— גאָמוליצקאַ? גאָמוליצקאַ? כ'געדענק נישט. ס'האָט דאָ געוווינט עפּעס אַ פרוי מיט אַ טעכטערל, אָבער זי האָט זיך אַרויסגעקליבן. אויפן פינפטן שטאָק, דאַכט זיך, האָט זי געוווינט.

— אוי, גאָט מיינער! — כאַפּ איך זיך פאַרן האַרצן — זי האָט זיך שוין ווידער אַרויסגעקליבן, און איך בין צו איר געקומען צו פאָרן פון אַזוי ווייט, ווו וועל איך זי איצט זוכן?

— איר ווייסט וואָס? — זאָגט די פרוי מיט גרויס סימפּאַטיע — טוט אַ פרעג ביים סטרוזש, אָדער אויפן פינפטן שטאָק...

— איך דאַנק אייך האַרציק.

דערווייל איז שוין דער סטרוזש אַראָפּגעגאַנגען אויפן הויף, און איך לויף שנעל אַרויף אויפן פינפטן שטאָק צו טאַשקעס טיר, מיין האַרץ הילכט. כ'קלאַפּ אָן לויט מיר האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט: צוויי, איינס און נאָכאַמאָל צוויי. דער שליסל דרייט זיך איבער, און אין דער טיר שטייט טאַשקע, אָנגעטאָן אַרויסצוגיין.

— טאַשע!

— לענקע!

מיר פאַלן זיך אין די אָרעמס. טאַשקע ניכטערט זיך שנעל אויס:

— איז וואָס איז מיט דיר געשען? אַ מיק האָט דיר אַ ביס גע־

טאָן, צי וואָס ? — טוט זי אַ זאָג, קוקנדיק אויף מיינע צעדראַפּעטע פיס און צעשויבערטע האָר.

— דו זעסט ? צעעפן איך פאַר איר דעם מאַנטל — כ׳בין אין בלויזן נאַכטהעמד.

— וואָס, ביסט ביי עמעצן געשלאָפן ?

— יאָ, — האָב איך געליקנט, נישט פאַרהיקענדיק זיך — מ׳האָט אים ביינאַכט פאַרנומען, און איך האָב זיך קוים אַרויסגעדרייט.

— נו, נו — שאָקלט טאָשקעס קאָפּ מיט פאַריבל — כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז דו ביסט אַזאַ פויגל. און ווען מיר האָבן געוווינט צוזאַמען, האָסטו געמאַכט דעם אָנשטעל פון אַזאַ צנועהלע...

— לאָז מיך ערשט צורו. מיט דיין מוסר־זאָגעניש. איך מוז גלייך האָבן עפּעס אַ קליידל און געלט אויף אַ טראַמווײ.

— וואַרט צו אַ ביסל ! — סטאַש, דאָס איז לענקאַ, קאָנסט אַרויס־גיין — האָט זי געשעפּטשעט, צוגייענדיק צו אַ שמאָלער, נידעריקער שאַפע.

ס׳איז פון איר אַרויס אַ הויכער, מאָגערער בחור, מיט אַ לאַנגער נאָז אויף אַן איינגעפאַלן פּנים. ער האָט ווייטיקלעך אויסגעגלייכט דעם קאַרק און, מרושעדיק מיט די אויגן נישט געוווינטע צו דער שיין, מיך באַ־גריסט מיט די ליפּן בלויז, אָן אַ קול.

— גוט מאָרגן אייך.

כ׳האָב צו אים פריינדלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ און געוואָלט אים אויפהייטערן, אָבער טאָשקע האָט מיך איבערגעריסן :

— איר וועט שפּעטער האָבן צייט דערויף. איך מוז שוין גיין, וואָרן מ׳וועט פאַרשרייבן אין פאַבריק, אַז כ׳האָב פאַרשפּעטיקט. לענקע, זאָג מיר דעם אמת, מ׳יאָגט זיך נאָך דיר ? דער סטרוזש האָט דיך געזען ?

— שרעק זיך נישט, כ׳וועל נישט בלייבן ביי דיר. כ׳וויל זיך בלויז איבערטאָן און אָוועקגיין. דער סטרוזש האָט מיך געזען, אָבער כ׳האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז כ׳גיי אַריין צו עמעצן אויפן פערטן שטאָק.

— נו, גוט, כ׳גלייב דיר. כ׳וועל דיר באַלד געבן עפּעס אָנצוטאָן. אָבער ווי וועסטו זיך דאָ עפּעס צוקלייבן, — האָט זי גענישטערט אין שאַפע צווישן די קליידער — אַז אַלץ איז אויף דיר צו לאַנג. ווי פּאַסט מען זיך אַזוי נישט צו צו דער וווּקס פון נאָרמאַלע מענטשן ?

— זאָרג זיך נישט, כ׳קאָן קירצער מאַכן, גיב מיר נאָר אַ נאָדל־פאָדעם.

— גוט, אָט האָסטו אַ קליידל. נאָר קיין שום אַנדערע זאַך זאָלסטו אין

שאַפּע נישט אָנרירן, ס׳איז נישט מיינס, באַקומען פון די יידישקעס פון געט־טאָ צו פאַרקויפן. ווייסט עס, איבעריקנס אַליין. אָט האָסטו דאָ אַ נאָדל־פּאָ־דעם, און ניי זיך. כ׳מיין, זאָלסט אפילו נייען ביז מאָרגן, וועט סיווי אויף דיר קיין זאַך נישט ליגן געהעריק, ביי אַזאַ וווקס ווי דיינע...

— אדרבא, כ׳האָב אַ גוטע פיגור, נאָר נישט קיין הויכע. מענער זענען גערנער קליינע פרויען...

— אויך מיר מענער, וואָס האָבן ליב קליינע פרויען! — האָט טאָשקע אָנגעבלאָזן די ליפּן. — לענקע, אָט האָסטו פינף זלאָטעס, מער האָב איך נישט. און עס פון דעם וואָס איז דאָ אין שטוב. ווען כ׳וועל צוריקקומען, וועל איך ווידער עפּעס קויפן. און איר זאָלט מיר דאָ צופיל נישט רעדן. — האָט זי געדראָט מיט אַ פינגער, לאָזנדיק זיך צו דער טיר.

— כ׳בין דיר שרעקלעך דאַנקבאַר, טאָשקע, — האָב איך צוגייענדיק, ווייך אַ זאָג געטאָן — אפשר וועל איך אַמאָל קאָנען דיר אָפּדינען דערפאַר. און דערווייל, וואָלט איך וועלן מיט דיר זיך געזעגענען... אפשר וועל איך מוזן אַרויספאָרן... ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך נאָך זען...

— פונוואַנען נעמען זיך עס אַזעלכע שוואַרצע געדאַנקען צו דיר? האָסט זיך דאָך אוודאי נישט באַליידיקט צוליב מיינע ווערטער וועגן... דיין וווקס.

— עד, טאָשע, דו מעגסט דאָך אַלץ... איך האָב אייך ליב, דיך און דיין סטאַשעקן, און כ׳ווינטש אייך באמת גליק.

— זעסטו, לענקע, אַז דו ווילסט נאָר, קאָנסטו זיין צוגעלאָזן... נו, איז וועל איך דיר שוין דערציילן... דו ווייסט — דאָ האָט איר פּנים אויפגעלויכטן, ווי אַ זונשטראַל וואָלט עס אָפּגעגילדט — אין צוויי וואָכן אַרום איז אונדזער חתונה, אין קאַשציאָל פון הייליקן גייסט. נאָך דער חתונה וועט ער שוין האָבן „גוטע פּאַפּירן״, און כ׳וועל אים איינמעלדן. ער וועט שוין נישט זיין געצוווּנגען זיך אויסצובאַהאַלטן און זיך פּייניקן, ווי ביז היינט. מירן זען, ער וועט אפשר קענען אין גאַס אַרויסגיין. לעבן מיר וועט ער אפשר נישט אַרויסרופן קיין אויפמערקזאַמקייט צו זיך... מיר זענען דאָךביידע הויכע, שיין געבויטע...

כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף סטאַשן, זיינע אויגן זענען געווען אַזעלכע אומעטיקע...

— טאָשע! — האָב איך זיך איר געוואָרפן אויפן האַלדז — כ׳וואָלט

וועלן פון גאַנצן האַרצן, איר זאָלט שוין ענדלעך גליקלעך זיין... און איבערלעבן אָט דעם מלחמה־קאָשמאַר.

טאָשע איז אַרויסגעגאַנגען, און איך האָב זיך געזעצט נייען. סטאַש האָט זיך געזעצט לעבן מיר, אין דעם שיפלעך־באַשטויבטן שיין־פּאַס, וועלכער האָט זיך מיט מי דורכגעשלאָגן דורכן פאַרמאַכטן בוידעם־פענצטער. ער איז געזעסן באַענגט, פאַרקוקט אויף מיינע ליפּן, באַמיענדיק זיך אויפצוכאַפּן, לויט זייער באַוועגונג, וואָס איך רעד. ר'איז געווען אויסגעדורשטיקט נאָך מענטשלעכע פּנימער און זייערע שטימען, נאָך די קאָלירן און קלאַנגען פון דער וועלט. זייענדיק אַ פּאָעט, האָט ער ליב געהאַט די וועלט, באַוועגונג און רחבות. און דאָ זיך אַפילו נישט געטאָרט באַוועגן, קיין וואָרט פון זיך נישט לאָזן הערן. שוין צען חדשים האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן ביי טאָשען, געשטאַנען איינגעבויגן אין דער נידעריקער שאַפע, אָדער געווען איינגעבעט אין דעם, פאַר ביידע, קורצן בעטל.

סטאַש, נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז נישט געבוירן געוואָרן קיין ייד און געווען אַ טאַלענטירטער פּוילישער פּאָעט, איז אָבער גע־שלאָגן געוואָרן מיט אַ יידישער נאָז, ער האָט געשטאַמט פון יידן. און דערפאַר נישט געקאָנט זיך באַווייזן אין גאַס, און נישט זיך איינמעלדן.

דער סטרוזש (די אינפאָרמאַציע־ביוראָ פאַר דער פּאָליציי...) האָט נישט געטאָרט וויסן וועגן אים דאָס מינדסטע. אַזוי אויך אַנדערע, אומ־באַקאַנטע מענטשן, וואָס האָבן געוווינט פון דער צווייטער זייט פון פינצטערן בוידעם־ווענטל.

און דערפאַר האָט סטאַש געמוזט ווערן אַ שאָטן, אַ שטומער און פלאַ־כער שאָטן, און איז געווען געצוווּנגען צו רעדן מיט מיר אָן אַ קול ממש — יענעם ווינטלדיקן פרילינג־פרימאָרגן פון יאָר 1943.

## אַ קינד אונטער דער מאַמעס קערפּער

די נאָדל, וועלכע האָט דורכגעשטאָכן דאָס געוועב פון קלייד, האָט אויך דורכגעשטאָכן מיינע דערינערונגען. זיי האָבן זיך געשלענגלט ווי די פעדעם — מאַנכע אויבן, אויפגעדעקטע, און אַנדערע אינעווייניק, פאַר־באָרגענע.

טאַשקע, אַ שלאַנקע, ליטווישע שליאַכטשאַנקע, מיט אויגן פון אַ גאַזעל און אַ שמייכל, ווי דורך טרערן. כ׳האָב זי באַקענט אום זומער יאָר 1942, אין אַ טריקאָטאַזש־פאַבריק אויף אָגראָדאָווע־גאַס, ווו איך האָב געאַרבעט אַלס פּאַלקע. דאָס איז געווען נאָך מיין אַנטלויפן פון טראַנס־פּאָרט, און די דאָזיקע פאַבריק איז געווען מיין ערשט שפּרינג־ברעט צום לעבן אויף אַרישע פּאַפּירן. די פאַבריק האָט זיך געפונען נאָענט צו דער געטאָ־וואַנט, ס׳האָבן געאַרבעט אין איר מיינסטנס יידן, וואָס פלעגן קומען אַהין פון געטאָ מיט דער „פּלאַצוווקע״, ס׳הייסט, אונטער אַ פּאָ־ליציי־וואַך. אויסער די יידן האָט דאָרט געאַרבעט אַ קליינע צאָל פּאָ־ליאַקן און פּאָלקעס, און די פאַרוואַלטונג איז געווען אַ דייטשישע.

איך האָב דעמלט נאָך געהאַט מיינע נאַטירלעכע שוואַרצע האָר. און מיינע פּוילישע אַרבעט־קאָלעזשאַנקעס פלעגן מיר זאָגן:

— אַזעלכע שוואַרצע האָר ווי דיינע, לענקע, קאָן האָבן נאָר אַ יידישקע!

די יידן ווידער, וואָס האָבן נישט געוווסט, אַז איך גיי אָן פאַר אַ פּאָלקע, האָבן מיר געזאָגט:

— איר האָט פאַרגעסן אָנטאָן דעם מגן־דוד־באַנד, איר קאָנט האָבן צוליב דעם גרויסע צרות.

און זיי זענען ווירקלעך געקומען די צרות. נאָר נישט מצד די פּאָ־ליאַקן אָדער די דייטשן וואָס האָבן געאַרבעט אין דער פאַבריק, נאָר מצד יענע מענטשן וואָס האָבן זיך געמאַכט פאַר אַ פּרנסה דאָס געיעג אויף יידן און איבערגעבן זיי אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ... דאָס זענען געווען די פּוילישע שאַנטאַזשיסטן אין וואַרשע. זיי האָבן אַרומגענומען דאָס געטאָ (און יעדן אַרבעטס־פּלאַץ, ווו יידן האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ) ווי מיט אַ צווייטע וואַנט, אַ וואַנט פון מענטשן, אָן אכזריותדיקערע און רעזולטאַטיווערע פון דער וואַנט וואָס איז געמאַכט פון ציגל און שטעכלדראָט. און ווען ס׳האָט אָפּגעגליקט זיך דורכצורייסן דורך דער ערשטער וואַנט, יענער האָט זיך אָנגעשלאָגן אויף דער צווייטער, דער וואַנט פון לעבעדיקע מענטשן, פון וועלכער ער האָט נישט געקאָנט אַנט־רינען.

די שאַנטאַזשיסטן האָבן זיך געהאַט זייער אייגענע טעכניק. אין אָנ־הייב פלעגן זיי אויספּרעסן פון זייערע קרבנות אַלץ וואָס יענע האָבן פאַר־מאָגט, געלט, ווערטפולע זאַכן אד״ג. און נאָכן אויסזייגן פון זיי די לעצטע

זאַפּטן — אויסליפערן זיי דער געסטאַפּאָ. די געסטאַפּאָ האָט געצאָלט נישט קיין סך — „אַ קעפּל פאַר אַ קעפּל" (אַ קעפּל צוקער פאַר אַ קאָפּ פון אַ מענטשן), האָט דאָך דער שאַנטאַזשיסט געמוזט אים באַרויבן פריער, כדי דאָס „געשעפט" זאָל זיין כדאי.

איך האָב נאָך דעמלט וועגן דעם אַלעם נישט געוווסט, בין געווען „אַ גרינע". אָבער ס'איז מיר פאַרגעשטאַנען דאָס אַלץ געהעריק אָדורכ־צומאַכן אין וואַרשע, אויף דער אייגענער הויט. צו יענער צייט האָב איך זי נישט געבענטשט מיין ברוינע, גלאַטע הויט, און נישט מיינע טיפע, טונקעלע אויגן, די שפּירעוודיקע יידישע אויגן. ס'איז נישט געווען קיין בעסערע קרבן פאַר די פוילישע שאַנטאַזשיסטן פון אַזאַ טיפּ ווי איך. און קיין זאַך האָט מיר נישט געהאָלפן. נישט דאָס פאַרבן די האָר אויף טיציאַן־רויט, אָדער אויף פלאַמיק־רויט, נישט אויף גאָלד־בלאָנד, און לסוף אויך נישט אויף פּלאַטין־ווייס — ביזוואַנען מיינע האָר זענען גע־וואָרן לחלוטין אָפּגעזענקט. מיינע אויגן האָבן מיך פאַראַטן אומעטום און צו יעדער צייט (זייער טונקלקייט האָט זיך נאָך בולטער געזען אין דער ראַם פון די העלע האָר). ס'איז נישט געווען דער שאַנטאַזשיסט אין וואַרשע, וואָס האָט נישט געפּרובירט זיין גליק אויף מיר. ניין מאָל האָט מען מיך געפירט אין דער פּאָליציי.

ס'האָבן מיך געראַטעוועט צוויי זאַכן: דאָס נישט האָבן קיין געלט און מיין דרייסטיקייט. און די דאָזיקע דרייסטיקייט איז אין תוך געווען נישט מער ווי אַ רעזולטאַט פון נישט האָבן קיין געלט. צוליב דעם וואָס כ'האָב זיך נישט געקאָנט אויסקויפן מיט געלט, דערמיט גופא האָב איך דער־ווייטערט מיין „יידישקייט"... ווייל די מינדסטע סומע וואָס איז דאָס ערשטע מאָל געגעבן געוואָרן אַ שאַנטאַזשיסט, האָט שוין געהייסן, אַז מ'איז זיך מודה, אַז מ'איז אַ ייד. פון דער דאָזיקער סיטואַציע האָט שוין אַרויסגע־דרונגען מיין ווייטערדיקע האַנדלונג: אין פּאָליציי־אַמט פלעגט נישט ע ר באַשולדיקן מ י ך, נאָר א י ך א י ם; כ'פלעג טופּען מיט די פיס, שרייען, אַז „אַן איינזאַמע פרוי קאָן שוין נישט רויק פאַרבייגיין די גאַס", אַז „פּוס־טעפּאַסטניקעס, ליידאַקעס און לידיקגייערס פאַרטשעפּען פרויען אין האַרץ פון דער הויפּטשטאָט", און נישט איינמאָל האָב איך דעם שאַנטאַזשיסט אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש פאַר אַ פּרווו מיר צו פאַרטשעפּען...

די פוילישע פּאָליציאַנטן זענען נישט געוווינט געווען צו אַזאַ מין טאַקטיק מצד יידן און יידישקעס. געכאַפּטע יידן פלעגן אַריינקומען אין

פּאָליציי־אַמט בלאַסע, ציטערנדיקע פון שרעק און אימה, בעטנדיק אין פלאַטערניש פאַר זייער לעבן... מיין אויפפירונג פלעגט זיי דעזאָריענטירן, און דערפאַר פלעג איך, בדרך־כלל, אַרויסגיין פון פּאָליציי־אַמט, און דער שאַנטאַזשיסט איז פאַרבליבן אין אַרעסט.

אַזוי איז געווען מיין לעבן אויף דער אַרישער זייט אין וואַרשע, אַן אומאויפהערלעכער געראַנגל מיט די שאַנטאַזשיסטן, אַ קאַמף, פון וועלכן כ'בין ביז היינט אַרויס דער זיגער. אָבער ווילאַנג האָט עס געקאָנט אַזוי דויערן? אין דער פאַבריק האָט מען וועגן דעם אַלעם נישט געוווסט. דאָרט בין איך תמיד געזעסן אַ רויקע, אַ פאַרטראַכטע, ווי די מלחמה וואָלט מיך אינגאַנצן נישט אַנגעגאַנגען.

טאָשע איז געווען אַ לחלוטין קעגנגעזעצטער טיפּ. אַן אומרויקע, ציטערנדיקע, אַ וויינענדיקע פלעגט זי אַרומלויפן איבער דער פאַבריק, ווי אַ חיה אין שטייג. פלעגט מיט אויגן פון אַ פאַרוווּנדערטער גאַזעל זיך קלאָגן:

— פאַרוואָס איז ער אַריינגעגאַנגען אין דעם פאַרשאָלטענעם געטאָ! זיין טאַטע איז דאָך געווען אַ פּאָליאַק, די מאַמע אַ געשמדטע פון קינד־ווייז. ער איז געבוירן געוואָרן אַ פּאָליאַק, אַ קאַטאָליק. ער איז אַ פּוילי־שער דיכטער, האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך שיינע לידער. האָט געהאַט אַ סך פריינט פּאָליאַקן... וואָלט ער נישט געקאָנט בלייבן אויף דער אַרישער זייט? דווקא איצט האָט ער זיך געדאַרפט מודה זיין אין זיין יידישקייט. און וואָס איז איצט דער גורל זיינער, ער גייט דאָרט אויס פון הונגער און שווינדזוכט, און איך, זיין כלה, בין נישט אימשטאַנד אים צו העלפן...

די יידישקעס אין דער פאַבריק האָבן טאָשקען ליב געהאַט. איר גע־טרויט און געגעבן זייערע זאַכן און קליידער צו פאַרקויפן אויף דער אַרישער זייט. טאָשע פלעגט פאַרדינען אין דאָזיקן מסחר, קויפן ברויט פאַר סטאַשעקן, און די יידישקעס פלעגן דאָס ברויט אַריינשמוגלען אין געטאָ פונזיינעטוועגן.

איך האָב נישט געהאַט מיטוואָס איר צו העלפן. כ'האָב זי אָבער ליב געהאַט. מיט איר ווייבלעכן חוש האָט זי עס דערפילט און באַוויליקט אין איר גוטסקייט, איך זאָל זי ליב האָבן. איינמאָל האָט זי מיך פריינט־לעך אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר, לענקע, דעם אמת, ביסטו נישט אַמאָל אַ יידישקע? האָסט אין זיך אַזויפיל ווייכקייט... כמעט אַזויפיל וויפל סטאַשעק...

— ניין, — האָב איך איר געענטפערט — כ׳בין עס נישט. נאָר כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, ווען כ׳וואָלט זיין אַ יידישקע, וואָלט איך עס דיר נישט געזאָגט. האָסט אַזאַ ציינגל, אַז פאַר יעדן פלאַפּלסטו אַלץ אויס. אויך וועגן סטאַשעקן רעדסטו צופיל. די גאַנצע פאַבריק איז פול מיט שפּיצלעס, און דו — גאָרנישט, גייסט צו יעדן און פלוידערסט. ווען ס׳וואָלט זיך דיר אפילו געמאַכט אַ מעגלעכקייט אים אַרויסצושלעפּן פון דאָרטן, מאַכסט אַליין צונישט די דאָזיקע מעגלעכקייט.

— אוי, לענקע, — איז טאָשע צוגעשפּרונגען צו מיר — ווי אכזריות־דיק דו ביסט. דו האָסט מעגלעכקייטן, און שווייגסט, ווי אַ קבר... ווען דו וואָלטס אים זען כאָטש איין מאָל, — און זי האָט אָנגעהויבן וויינען — ווען זאָלסט זען זיינע אַרויסשטאַרצנדיקע ביינער, זיין געלע הויט, ווי ביי אַ בר־מינן, די רויטע שווינדזוכט־פלעקן... אויב דאָס וועט דויערן נאָך אַ ביסל, וועל איך שוין נישט האָבן וועמען פון געטאָ אַרויסצונעמען.

— האָסט אים דען געזען? — האָב איך באַהיטעווודיק אַ פרעג געטאָן.

— אוודאי, אין געטאָ.

— וואָס?! ביסט געווען אין געטאָ? — האָב איך געשטוינט.

— כ׳בין געווען. איז וואָס דערפון? — האָט זי זיך צעלאַכט דורך טרערן — כ׳האָב אָנגעטאָן אַ מגן־דוד־באַנד און בין געגאַנגען צוזאַמען מיט די יידישקעס צווישן דער „פלאַצוווקע" אין געטאָ אַריין. אַ ביסל האָב איך זיך געשראָקן פאַר די יידישע פּאָליציאַנטן. איך בין דאָך נישט ענלעך צו דיר, למשל. כ׳בין דאָך בכלל נישט ענלעך צו קיין יידישקע... און דערצו נאָך שטאַרק איך אַרויס העכער פון אַלע. אָבער, ווי דו זעסט, האָט זיך עס מיר איינגעגעבן. כ׳בין דורכגעגאַנגען די וואַך, און די פאַרגאַנגענע נאַכט געשלאָפן צוזאַמען מיט סטאַשעקן, — האָט זי זיגעריש געשמייכלט.

דער דאָזיקער שמועס איז געוואָרן אַן איבערברוך־מאָמענט אין מיין לעבן. ווייל איך האָב זיך געטראַכט: אויב זי, אַ קאַטאָליטשקע, האָט די דרייסטקייט אַריינצוגיין אין געטאָ און ברענגען איר בחור ברויט און ליבע — צי לוינט עס מיר צו צעטרענצלען מיין מוט אויף צו פּאַטשן שאַנטאַזשיסטן, כדי צו ראַטעווען מיין אייגן לעבן? כ׳וועל גיין מיט איר אין געטאָ, העלפן אַרויסנעמען סטאַשעקן (כ׳ווייס אויך ווו מען אַרבעט אויס „פּאַפּירן") און העלפן יעדן מענטשן, וועמען כ׳וועל קאָנען העלפן. כ׳וועל גיין דעם טויט אַנטקעגן. מיין לעבן וועט באַקומען אַ ציל...

און כ׳בין געגאַנגען. דאָרט איז מיר געשען אַזעלכעס, וואָס איך

וועל נישט פֿאַרגעסן ווי לאַנג איך וועל לעבן, אַ זאַך, וואָס האָט געגעבן אַ זין און ריכטונג מיין לעבן. פֿון דער גרעסטער אימה אַרויס, פֿון דעם טיפֿסטן תהום פֿון דערנידערונג און פּיין, פֿון דעם טויט אַליין — האָט זיך אויף מיר אַ וואָרף געטאָן דאָס לעבן. און פּאַסירט האָט דאָס אַזוי:

איך האָב זיך אַריינגעגנבעט דורך פֿינצטערע הויפֿן אין געטאָ, אין דער וווינונג פֿון פֿרוי מירעצקאַ, סטאַשעקס מאַמע, וואָס ביי איר האָב איך די נאַכט באַדאַרפֿט שלאָפֿן. און פּלוצים האָב איך דערזען ליגן אויף די שטיינער אַ קערפּער פֿון אַ פֿרוי, איבערגעדעקט מיט אַ צייטונג. דאָס איז געווען אין יוני 1942. אין געטאָ האָט געהערשט אַ שווערער הונגער. אַ סך מענטשן זענען פֿון הונגער געשטאָרבן. אין געטאָ איז מען שוין געוווינט געווען צו דעם בילד פֿון טויטע אויף די טראָטואַרן, אָבער איך בין געווען דאָרט דאָס ערשטע מאָל. כ׳בין שטיינגעבליבן ביים קערפּער פֿון דער אומבאַקאַנטער פֿרוי, און האָב נישט געקאָנט גיין וויטער, כ׳בין ווי פֿאַרשטיינערט געוואָרן פֿון גרויל. האָב געטראַכט: אָט ווי עס שטאַרבט אַ יידישע פֿרוי, עמעצנס אַ פֿרוי, אַ מאַמע. קיינער באַווינט זי נישט, קיינער קאָן זי נישט, קיינער צינדט נישט אָן קיין ליכט צו איר אָנדענק, קיינער זאָגט נישט קיין קדיש נאָך איר... זי ליגט דאָ ווי אַ גאַסן־הונט.

כ׳האָב געוואָלט אַוועקגיין, אַנטלויפֿן פֿון דאָזיקן בילד און פֿון די דאָזיקע טראַכטענישן, בין אָבער געווען ווי צוגעשמידט צום דאָזיקן אָרט. פּלוצים האָט עפּעס־וואָס צעריסן די שטילקייט און טונקלקייט פֿון דעם אָוונט. עפּעס ענלעכס צו אַ לייכטן קרעכץ, אַ דינינק געוויין, אָדער אַ מיאַוקען.

— וואָס איז דאָס? — האָב איך זיך דערשראָקן — איז נאָך די פֿרוי נישט געשטאָרבן?

אָבער דער הויפֿן שמאַטעס איז געלעגן אונטער דער צייטונג רויק ווי פֿריער. און אפֿשר מיאַוקעט עס אַ הונגעריקע קאַץ ערגעץ אין אַ ווינקל?

אָבער דאָס מיאַוקען איז נישט געקומען פֿון אַ ווינקל ערגעץ, נאָר דווקא פֿון דעם הויפֿן שמאַטעס. נישט באַדענקענדיק זיך קיין איין רגע, בין איך האַסטיק צוגעלאָפֿן צום קערפּער פֿון דער פֿרוי און האָב גענומען אַראָפּרייסן פֿון איר די שמאַטעס — און האָב פֿון זיי אַרויסגענומען אַן עופֿעלע פֿון עטלעכע וואָכן, וואָס האָט נאָך געלעבט.

דאָס דאָזיקע קינד, אַ געמלטס, האָב איך דעמלט, נישט געקוקט אויף זאָשקעס פּראָטעסט, אַרויסגעשמוגלט פון געטאָ. איך האָב עס באַהאַלטן, אָן איינגעשלעפערטס מיט לומינאַל, דאָרט ווו די שמוגלערס פלעגן באַ־האַלטן קאַרטאָפל, ברויט און קרויט — אין אַן אינעווייניקסטער קע־שענע פון אַ ברייטן מאַנטל (נישט מיינער, אַן אַרויסגעשמוגלטער צום פאַר־קויפן), און בין מיט דעם דורכגעגאַנגען בשלום דורך דער וואַך, צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטערינס פון דער פאַבריק „פעליקס״.

ערשט אויף דער אַרישער זייט האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות. כ׳האָב נישט געוווסט וואָס מ׳הייבט אָן מיט דעם צו טאָן. האָב עס נישט געקאָנט געבן אויף אָפּצוהיטן קיינעם פון מיינע באַקאַנטע וואָס לעבן אויף אַרישע פּאַפּירן, ווייל דאָס קינד וואָלט זיי געקאָנט פאַראַטן. אויף אָפּצוגעבן עס צו פּאָליאַקן, האָב איך קיין געלט נישט פאַרמאָגט, און חוצדעם האָב איך אַזעלכע באַקאַנטע נישט געהאַט. און דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס דאָס קינד איז אַ גע׳מלטס, ס׳וואָלט געשטעלט אין סכנה יעדן, ווער ס׳וואָלט עס גענומען.

וואָס טוט מען, וואָס טוט מען?

מיטאַמאָל האָב איך זיך דערמאָנט אין די יתומים־הייזער, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן דורך די קאַטוילישע מאָנאַסטירן. יענע פלעגן צונעמען אונטערגעוואָרפענע קינדער אָן אָפּצאָל.

כ׳האָב זיך אַוועקגעלאָזט מיטן קינד (נאָך אַן איינגעשלאָפנס אין דער ברייטער קעשענע פון מאַנטל) צום אַנשטאַלט פון דעם גלח באַדוען אויף נאָוואָגראָדזקאַ־גאַס נומער 75.

כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם שמועס וואָס כ׳האָב געפירט מיטן גלח. אינאָנהייב האָט ער אפילו נישט געוואָלט האָרכן וועגן צונעמען דאָס קינד אין אַנשטאַלט.

— מיר האָבן גאָרנישט פאַר די קינדער, — האָט ער געטענהט — נישט קיין מילך און נישט קיין ברויט, די קינדער הונגערן. מיר דערנערן זיי מיט גערשטן־פלאַטקעס אויף וואַסער. כ׳נעם נישט צו מער קיין קינ־דער. הוצדעם, נעמען מיר נישט צו נאָר דורך דער פאַרמיטלונג פון דער סאָציאַלער הילף.

דעמלט האָב איך שוין קיין ברירה נישט געהאַט, געמוזט אויפדעקן די קאָרטן. סייווי האָט שוין דאָס קינד גענומען זיך אויפוועקן. כ׳האָב אים געזאָגט:

— דאָס איז אַ קינד פון געטאָ. כ'האָב עס געפונען אונטערן טויטן קערפּער פון זיין מאַמע.

דער גלח האָט זיך ראפּטעם אַ צי־צוריק געטאָן, פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט, און אַ פרעג געטאָן:

— אַ יינגל, אָדער אַ מיידל?

— אַ יינגל, — האָב איך געענטפערט — און אַ גע'מלטער.

דעם גלחס פּנים איז געוואָרן רויט, ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט:

— ווי דערוועגסטו זיך צו פאַרלאַנגען, איך זאָל שטעלן אין סכנה צוויי הונדערט קריסטלעכע קינדער צוליב איין יידיש קינד?

כ'האָב אים געענטפערט:

— צי איז פאַראַן אויף דער וועלט אַ דערהויבענערע זאַך, ווי צו שטעלן אין סכנה דאָס לעבן, כדי צו ראַטעווען אַ נאָענטן? צי האָט דאָס נישט באַפוילן קריסטוס מיט זיין טויט? צי זעט נישט דער גלח, אַז מ'קרייציקט היינט נאָכאַמאָל ישון אין געטאָ?

דער גלח האָט נישט געענטפערט. פאַרטראַכט אין זיך, מיטאַמאָל אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האַרב אַ קוק געטאָן אויף מיר און געפרעגט:

— איז עס אייער קינד?

— ניין — האָב איך געזאָגט — צו מיין באַדויערן, ניין. מיינס האָט מען צוגענומען, דערמאָרדעט. שטאָט דעם איינעם דעם טויטן, וואָלט איך וועלן געפינען אַנדערע לעבעדיקע, און כ'וויל זיי ברענגען אַהער, צום גלח, ראַטעוועט זיי!

דער גלח האָט נישט געענטפערט. האָט גערופן אַ שוועסטער און איר דערלאַנגט דאָס קינד, איינרוימענדיק איר עפּעס אין אויער.

דאָס דאָזיקע קינד וועלן מיר דערציען פאַר אַ קריסט — האָט ער אַקצענטירט.

כ'האָב דערויף גאָרנישט נישט געענטפערט. אַ ברירה האָב איך געהאַט? געוואָלט דאָס קינד זאָל לעבן בלייבן.

— — — — — — — — — — — — —

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך מיר און טאָשקען איינגעגעבן אַרויסצונעמען אויך סטאַשעקן פון געטאָ. דאָס האָט געקאָסט איין „גוראל" (אַ באַנקנאָט פון 500 זלאָטעס), אויף אָפּצוחורשן די וואַך. אָבער געלט צו קויפן פאַר אים „פּאַפּירן" האָט נאָך טאָשקע נישט געהאַט, און דערפאַר האָט ער געמוזט זיך די גאַנצע צייט אויסבאַהאַלטן.

דער פאָדעם, מיט וועלכן כ'האָב גענייט טאָשקעס „ייִדיש" קליידל, האָט זיך אויסגעלאָזן. מיט אַ שטומען קאָפּשאָקל האָב איך געוויזן סטאַשעקן מיין גיי קליידל. סטאַשעק האָט געענטפערט מיט אַ בלאַסן שמייכל.

כ'האָב זיך איבערגעטאָן הינטערן פאָרהאַנג, זיך פאַרקעמט, צוגע־פּודערט. האָב אַריינגעשטעקט אַ פרילינג־בלימל אין מיינע פלאַטין־האָר און בין ווידער אַרויס פירן דעם קאַמף פאַרן לעבן.

## פריינדינס

אָבער נישט געקוקט אויפן פרילינג־פרימאָרגן און דעם שטראַלנ־דיקן בלימל אין מיינע האָר, האָט עס מיר היינט נישט געשמעקט, נישט מיט פרילינג און נישט מיט יוגנטלעכקייט. דאָס אַריינקומען אין געטאָ און אַרויסשמוגלען קינדער האָט זיך געמוזט אָפּשטעלן. פון צוואַנציקסטן יולי 1942 האָט אין געטאָ געווילדעוועט די „אַקציע". די געטאָ־ווענט זענען געוועזן באַשטעלט מיט אַ טאָפּעלן קאָרדאָן אוקראַינער און שאַוליסן. די אויסלייז־„גוראַלן" האָבן נישט געהאַט קיין שום מאַכט קעגן זיי.

און כ'בין ווידער געווען געצוווּנגען צו פירן אַ קאַמף פאַר מיין נאַקעטן לעבן בלויז. פאַר ברויט, פאַר אַרבעט, פאַר עטלעכע זלאָטעס, פאַר אַ דאַך איבערן קאָפּ... פאַר איבערהאַלטן נאָך אַ טאָג, אַ וואָך, אַ חודש. כ'בין שוין געווען אויסגעשעפּט, פולשטענדיק אויסגעשעפּט. כ'וועל וועגן דעם נישט טראַכטן, האָב איך באַשלאָסן, אַזעלכע געדאַנקען בייגן אין די פּלייצעס, שניידן אונטער די קני, געבן דעם פּנים אַן אויסדרוק פון פאַרצווייפלונג, וועלכן ס'האָבן נאָר געקומענע פון געטאָ. און די שאַנטאַזשיסטן און פּאָליציי־לייט האָבן דעם בליק פון פסיכאָלאָגן... כ'קאָן נאָכאַמאָל אַריינפאַלן. כ'וועל פאָרן צו דער „מומע פּילסיע", קיין אַנדערן אויסוועג האָב איך נישט. זי שטעלט איך אין סכנה אמווייניקסטן, זי איז נישט קיין ייִדישקע און ווייסט נישט, אַז איך בין אַ ייִדישקע. אַן אָרעמע אַלמנה, פון דער באַ־וווּסטער פּילסודסקי־משפּחה, אַ מאַמע פון זיבן טעכטער און אַ מומע פון אַן אַ שיעור אָרעמע קרובות אויף דער פּראָווינץ. ווער וועט זיך וווּנדערן, ווען צו איר וועט קומען צופאָרן נאָך איין קרובה? און אויפנעמען וועט זי מיך, כ'בין זיכער דערין, מיט אָפענע אָרעמס. כ'גיי דאָך אָן פאַר איר

ווי פעליעס אַ קוזינקע. מירן זען ווילאַנג ס׳וועט זיך לאָזן זיין ביי איר...
חוצדעם מוז איך אויסאַרבעטן פאַר זיך נייע פּאַפּירן, און ביי איר אין דער
„מעלינע״ זענען נאָך געבליבן מעטריקע־בלאַנקעטן.

אָן שפּור פון מיין פריערדיקער געדריקטער שטימונג בין איך צוגעגאַנגען צו דער בילעטן־קאַסע, ס׳איז אָנגעלאָפן די קאַלייקע, אַ דאַנק גאָט! כ׳האָב כלומרשט זיך פאַרלייענט אין אַ צייטונג און פאַרזונקען אין רעיונות. זיי האָבן זיך גענומען דרייען די רעיונות אַרום פעליען און „פּילסיען״. וואָס פאַר אַן אויסטערלישער צוזאַמענשטעל, האָב איך געטראַכט: פעליוניע, מיין יינגערע שוועסטער, אַ ניינצניעריק מיידל, מיט אַ פאַרריסן נעזל, געפּאַלעוועטע קאַשטן־האָר; אַ דריבנע, נעטע און פלינקע, מיט לעבעדיקע, בלישטשענדיקע אויגן און הייסע ליפּן אין אומאויפהערלעכער באַוועגונג; ברויזט מיט לעבן, וויץ און אינטעליגענץ, איז דורכויס פאַנטאַזיע און טעמפּעראַמענט... און זי — „פּילסיע״, אַ הויכע, דאַרע, העסלעכע פרוי, פון אומבאַשטימטער עלטער, אַן אָרעמע אלמנה, אַ מאַמע פון זיבן קינדער, — וואָס האָט די דאָזיקע צוויי פולשטענדיק פאַרשידענע נפשות פאַרייניקט? פעליע איז אַ יידישקע, אַ טאָכטער פון אַ קליינשטעטלדיקן אָרעמען און געדריקטן יידן; „פּילסיע״ אַ פּאָלקע, אַ שליאַכציאַנקע, די קרובה פונעם אַלמעכטיקן מאַרשאַלעק יוזעף פּילסודסקי, אַ פּוילישע פּאַטריאָטקע פון דור־דורות, — נאָר פאַרייניקט האָט זיי די שותפותדיקע שנאה צו די דייטשן, די גוטהאַרציקייט און די נויט... אַלדאָס איבעריקע איז געווען פאַלשקייט, מיסטיפיקאַציע און פאַנטאַזיע... אַזוי איז עס געווען אין יענער צייט, ווען דער טויט האָט זיך צוזאַמענגעשפּאַרט מיטן לעבן, ס׳האָבן זיך צוזאַמענגעמישט די שטאַנדן, די ראַסן און קלאַסן. אין אָנגעזיכט פונעם טויט האָט זיך אַנטבלויזט די נאַטור פון דעם מענטשן, און ס׳איז קלאָר געוואָרן, צי זי איז געמיין אָדער איידל.

פעליע איז געקומען צו פאָרן קיין וואַרשע נאָך דער ליקווידאַציע־אַקציע אין וויעליטשקי, אום זומער 1942. ביזן לעצטן מאָמענט האָט זי געוואַרטעוועט לעבן קראַנקן, איינפּיסיקן טאַטן. זי און די אַלטע דינסט רעגינע. זיי האָבן נישט געוואָלט אים איבערלאָזן. ערשט אין לעצטן מאָמענט, ווען ס׳האָט אָפּגעהילכט אַ שאָס אין צימער ווו דער קראַנקער טאַטע איז געלעגן, זענען זיי ביידע אַנטלאָפן. פעליע האָט זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם ביי אַ פּויער, הינטער וויעליטשקע. אויפן צווייטן טאָג נאָך דער אַקציע האָט איר דער פּויער אַרויסגעוואָרפן פון באַהעלטעניש, און

זי האָט געמוזט גיין אין שטאָט אַריין. יעדער פּאָליאַק האָט זי דאָ, אין איר היימשטעטל געקענט, און געקאָנט אויסגעבן די דייטשן. די דערשאָ־סענע יידן זענען געלעגן נישט באַגראָבענע אין גאַס. פעליע האָט, איילנ־דיק צו דער באַן, געמוזט זיי דורכגיין. זי האָט דאָך יעדן איינעם אַזוי גוט געקאָנט. און איצט זענען זיי געלעגן נאַקעטע, פאַרבלוטיקטע און גע־שענדעטע, מיט נישט איבערגעדעקטע פּנימער, וואַרטנדיק אויף אַ קבר, ווי אויף אַ חסד. פעליע איז געגאַנגען אַ באָרוועסע, אין אַ צעפליקט קליידל, ווייל דער פויער האָט איר באַראַבעוועט און אַלץ צוגענומען, אין אַזאַ צושטאַנד איז זי געקומען קיין וואַרשע.

שוין די ערשטע נאַכט, וואָס זי איז איבערגעשלאָפן אין אַ האָטעל אויף ספּולנע־גאַס, האָט די פּאָליציי געמאַכט אַן אָבלאַווע און זי פאַרנומען. מיט נסים איז זי פון זיי אַנטרונען. אין צווי וואָכן אַרום, ווען מיר זענען דאָס ערשטע מאָל אַרויס אין גאַס, האָט אונדז באַגעגנט אַ שאַנטאַזשיסט און אונדז אַוועקגעפירט אין דער פּאָליציי. מיר האָבן איבערגעלעבט אַ שרעקלעכן טאָג און קוים זיך געראַטעוועט. פון דעמלט אָן האָבן מיר נישט געקאָנט ווינען צוזאַמען און נישט וויזן זיך צוזאַמען אין גאַס. פעליע איז אַרויסגעפאָרן קיין וולאָכי, ווו ס׳איז געווען אַ ביסל רויקער, און האָט איבערגענעכטיקט עטלעכע נעכט ביי אונדזערע שותפותדיקע באַ־קאַנטע, די מיעלעצקיס. אָבער די מיעלעצקיס אַליין זענען געווען יידן אויף אַרישע פּאַפּירן, האָבן געהאַט צוויי קליינע קינדער און אַן אַלטע מאַמע. די גאַנצע פאַמיליע האָט געוווינט צוזאַמען, וואָס איז אין יענער צייט געווען איינס פון די געפערלעכסטע זאַכן. ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אויף אַ שמאָלער, פּרוכנער סטעזשקע, וועלכע הענגט איבער אַ טיפן תהום און ברעכט זיך כסדר אונטער זייערע טריט. איז ווי מעג מען זיי שטעלן אונטער נאָך אַ גרעסער געפאַר? איז פעליע דעריבער געווען געצוווּנגען זיי צו פאַרלאָזן און האָט אַרומגעבלאָנדזשעט איבער וולאָכי אָן געלט, אָן אַרבעט און אָן אַ באַשטענדיקן וווינאָרט, דאָס אַלץ האָט איר געשטעלט אין אַן אומפאַרמיידלעכער סכנה. געווען איז דאָס איר ערגסטע צייט, און איך האָב איר נישט געקאָנט העלפן, ווייל איך ווידער, האָב זיך געפּייניקט אין וואַרשע.

אין יענער צייט טאַקע, האָט פעליע באַקענט „פּילסיען״, וועלכע איז געוואָרן פאַר איר אַ רעטונג. פעליע האָט געוווּסט שיין צו דערציילן, וויאַזוי זי האָט געשלאָסן מיט איר די באַקאַנטשאַפט. איינמאָל בעת אַ זונטיקדיקן

מיטיק ביי די מיעלעצקיס, (אין אויסזיכט פון דעם מיטיק האָבן מיר זיךביידע געפרייט שוין אַ גאַנצע וואָך פריער) די אַטמאָספער אין זייער הויז איז געווען אַן אומגעוויינלעך אָנגענעמע. אַננע מיעלעצקאַ איז געווען מיינע אַ לאַנגיעריקע פריינדין, אַן אינטעלעקטואַליסטין און שרייבערין. איר מאַן, הענריק, אַ הויכער, השיבותדיקער, מיט אַן אַריסטאָקראַטישן אויסזען, האָט געהאַט אַ סובטעלן און גוטן כאַראַקטער. די אַלטע באָבע, אַננעס מאַמע, איז דערצויגן געוואָרן אין אַ קלויסטער און האָט אויסגעצייכנט געקאָנט אַלע מנהגים, פאַרבונדענע מיט דער קאַטוילישער רעליגיע. זי האָט געגאַלטן אַלס די פרומסטע פרוי אין וולאָכי. האָט נישט פאַרפעלט קיין איין תפילה אין קאָשציאָל, און פלעגט מיט זיך מיטנעמען די אייניקלעך. אַדאַנק דעם האָט זי באַשיצט די גאַנצע פאַמיליע, וועלכע איז געווען אַ נייע אין וולאָכי און דערביי אונטער אַ גרויס געפאַר, ווייל אַננע האָט געהאַט אַ יידישן אויסזען, און הענריק האָט נישט געקאָנט גוט פויליש. נישט געקוקט אויף די שווערע באַדינגונגען און דער געפאַר וואָס האָט באַדראָט זייער גייסטיקע גלייכגעוויכט, האָבן זיי אייגגעהאַלטן אַ הויכן קולטורעלן לעבנסניוואָ, און געהאָלפן יעדן, ווער ס'האָט געזוכט ביי זיי הילף. זייערע קינדער זענען געווען זייער ליבלעכע. איך און פעליע האָבן זיך ביי זיי געפילט ווי אינדערהיים. ס'פלעגן אויך זיין ביי זיי, פון צייט־צו־צייט, געסט, טעטיקע אין אונטערערדישער קאַמפּס־אַרבעט, אויך דאָס האָט אונדז שטאַרק אַהינגעצויגן.

אויך אין יענעם טאָג איז ביי די מיעלעצקיס געווען אַ גאַסט, ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס פאַן מאַטיקאַ. אַ נידעריקער, ברייטפּלייציקער, מיט האַנטפלאַכן ווי לאָפּאַטעס, שוין היפּש נאָך די פערציק. האָט זיך אינטערעסירט דערעיקר מיט מעכאַניק. ווייבערישע שמועסן זענען אים לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען. ווי נאָר ס'פלעגט זיך אָנהייבן דאָס „פּלאַפּלעריי״, פלעגט ער זיך פאַרוקן אין אַ ווינקל און זיך פאַרטיפן אין זיינע טעכנישע צייכענונגען, וואָס ער פלעגט געוויינלעך טראָגן מיט זיך אין קעשענע. ער האָט טאַקע אויך ערשט גערעדט מיט הענריק מיעלעצקי וועגן אַ נייער טאָקער־מאַשין, וואָס ער האָט נישט לאַנג צוריק קאָנסטרואירט.

פלוצים איז אין צימער אַריינגעפאַלן, ווי אַ וויכער, פעליע. איר פּנים איז געווען פאַררויטלט פון ווינט, די האָר צעפלאָטערט, דער קורצער זשאַקעט צעשפּיליעט, און אירע באַוועגלעכע קניען האָבן אַלע ווייל אפער־

געקוקט פון דעם קורצן קליידל. זי האָט אויסגעזען ווי אַ צעשטיפּטע פּופּצניעריקע שילערין. די קינדער האָבן זיך איר גלייך אָנגעהאַנגען אויף די אָרעמס, ווי צום דרייען זיך מיט אויפגעהויבענע פיסלעך, און גע־שריגן:

— מומע פעליע, אַ ווינטמיל, אַ ווינטמיל!

אָבער פעליע האָט היינט געהאַט אַ ווינטמיל אין קאָפּ און אויפן שפּיץ צונג, אַלע האָבן דאָס אַרויסגעפילט. הענריק האָט געשמייכלט און זי אונטערגעטריבן:

— נו, פעליע, רעד שוין, רעד שנעלער! וואָרן ווּעסט נאָך פּלאַצן.

— ס'אַ גליק וואָס זי האָט זיך געזעצט צום טיש, — האָט די באָבע געזאָגט צו מיר — וואָרן ווען זי דרייט זיך איבערן צימער, דאַכט זיך מיר, אַז דאָס גאַנצע צימער דרייט זיך מיט די מענטשן און מיט מיר צוזאַמען — אַ טייוול, נישט קיין מיידל. קערט מיר איבער די גאַנצע שטוב. זי קאָן אָבער אויך פון דעם שווערסטן אומעט אַרויסשלעפּן דעם מענטשן, — האָט זי צוגעגעבן ווייך און האַרציק.

— ווער פון אייך קאָן די אלמנה פון פּילסודסקיס משפּחה אין ווּלאָכי? — פרעגט פעליע.

— כ'האָב נישט געהערט וועגן אַזעלכער, — האָט געזאָגט אַננע.

— איך אויך נישט, — רופט זיך אָן די באָבע. — איך קאָן אַלע וואָס קומען אין קאָשציאָל.

— ס'איז דאָ פאַראַן אַזעלכע, — האָט הער מאַטיקאַ אויסגערעדט פון ווינקל. — זי וווינט שוין צוואַנציק יאָר אין ווּלאָכי, איר מאַן האָט פאַר די צייטן פון מאַרשאַל פּילסודסקי געאַרבעט אין לאַנדווירטשאַפט־מיניסטעריום אויף אַ גאַנץ הויכן פּאָסטן. נאָר מיט פינף יאָר צוריק איז ער געשטאָרבן, און זי האָט געלעבט אויף פּענסיע. היינט, פאַרשטעגדלעך, האָט זי גאָרנישט און ס'קומט איר אָן מיט גרויס מי צו דערנערן די קינדער. זי שטאַמט פון די פּילסודסקיס.

— אָט־אָ דאָס איז זי! — האָט מיט טריומף אויסגערופן פעליע.

— מיט איר טאַקע האָב איך זיך באַפריינדעט און ביי איר וווין איך היינט.

— אָבער וויאַזוי איז דאָס געשען? — האָבן אַלע פאַראַמאָל גענומען פרעגן.

— זעט נאָר ווי טשעקאַווע איר זענט, ס'וועט אייך אָבער גאָרנישט העלפן, איך מוז סיווי אָנהייבן פון אדם און חוהן... אָנגעהויבן האָט זיך

עס אַזוי: מיר האָט זיך פאַרגלוסט באַרנעס. פאַרשטענדלעך, נישט די גרויסע „בערן״, פון וועלכע ס׳נעמט רינען די סלינע פון מויל, — האָט פּעליע צוגעפּינטלט מיט די אויגן צום קליינוואַרג — נאָר די באַשיידענע, די „גבילקעס״, וועלכע מ׳קאָן קויפן אַ גאַנצע טאָרבע פאַר אַ זלאָט. נאָך אַ נאַכט איבערשלאָפן הינטער אַ פּלויט איז גוט צו עסן פרישע פרוכטן. בין איך געשטאַנען לעבן די סטראַגאַנעס אין וולאָכי און פאַרקוקט זיך אויף די קליינע פּירות, ווי אויף אַ רעגנבויגן. ס׳איז גוט פריער אָנצוזע־טיקן די אויגן און דאָס האַרץ, איידער ס׳דערגייט צום גומען. ווייל דערנאָך טוט אַזאַ פּרי אַ פלי אַראָפּ אין מאָגן, און ס׳איז שוין פון איר קיין זכר נישטאָ. מיטאַמאָל דערזע איך, ס׳גייט אַ פרוי. אַ הויכע, אַ דאַרע, אָרעם אָנגעטאָן, שלעפּט אויף די געבויגענע פּלייצעס אַ זעקל קאַרטאָפל. פאַר־שטייט זיך, אַז קיין שום באַזונדערס איז אין דעם נישטאָ. אַ סך אַזעלכע פרויען, וואָס שלעפּן זעק גייען אין שטאָט. אָבער מיר איז געפעלן דאָס פּנים פון אָט דער פרוי. זי איז לגמרי נישט ענלעך געווען צו „מיס פוילן״... אָ, ניין! ס׳איז אין איר גיכער געווען, ווי ס׳דריקט אויס פלאַטאָן, אַ שיינקייט פון אַ העכערן מין — אַ שיינקייט דורך העסלעכקייט. גיי איך צו איר צו און זאָג פּראָסט־פּשוט: — כ׳וועל אייך העלפן טראָגן דאָס זעקל, איר געפעלט מיר. זי בלייבט שטיין, וואַרפט אַראָפּ דאָס זעקל אויף דר׳ערד און קוקט אויף מיין רויטער נאָז און ברייט צעעפנטן מויל, און איר איז מסתם אויך געפעלן מיין „שיינקייט״, ווייל זי ענטפערט גלייך אויפן אָרט:

— איר געפעלט מיר אויך. גוט, לאָמיר צוזאַמען ברענגען צו שלעפּן דאָס זעקל אַהיים, און מיר וועלן עס אויך צוזאַמען עסן.

— געמאַכט, — טו איך אַ זאָג, און מיר שלעפּן עס צוזאַמען.

אויפן וועג דערצייל איך איר פאַרשידענע וויצן, זי לאַכט. איך הייב אָן פאַמעלעך צו שעפּן פון מיינע אינטעליגענטערע וויצן, ליטעראַרישע... זי פאַרשטייט אויסגעצייכנט. מ׳זעט, אַז דאָס איז אַן אינטעליגענטע פּערזאָן. איך באַריר פּאָליטיק, וועגן די דייטשן, זי ווערט ערנסטער און דאָס פּנים האַרבער. ס׳איז צו זעען בולט, אַז זי האָט ליב פוילן און האַסט, ווי פייער, די דייטשן. נו־נו, ווייס איך שוין ערשט ווי צו איר צוצוגיין, טראַכט איך זיך.

מיר קומען צו איר אַהיים, און דאָ טוט אַ גאַנצע מחנה מיידעלעך אַ באַפאַל די מאַמע:


Legitymacja ubezpieczeniow

Nr. 1110039?

P. Reliez

Restytuta Zofia

urodzon a w Buczaczu

dnia 28 stycznia 1919

Wydano 26. II. 1943 19

WYDZIAŁ EWIDENCJI

UBEZPIECZALNIA SPOŁECZNA W WARSZAWIE

VERSICHERUNGS ... WARSCHAU 4

לענא קיכלער אלס אריערין: **רעליטש לעאנטינא זאפיא**



פעליע, איר יינגערע שוועסטער



לענא, נאך דער מלחמה

— מאַמע, עסן! מאַמע, אַ בלייפעדער! מאַמע, די קאַץ האָט איבער־געקערט די וואַזאַנען! מאַמע, סטעפקע האָט מיך געשלאָגן... און אַזוי ווייטער.

די מאַמע ראַטעוועט זיך אין קיך אַריין, אָבער איך האָב זיך גלייך דערפילט ווי ביי זיך אינדערהיים. כ׳זעץ זיך אַנידער אויף דער פּאָדלאָגע, אינגמיטן צימער, צעשפּרייט די פיס און הייב אָן דערציילן די מיידעלעך מעשהלעך וועגן אַ היפּאָפּאָטאַם און די לבנה, וועגן פּערל און ווייסע מייזעלעך, וועגן קאַנגורעס וואָס האָבן נישט קיין קינדער און אַזוי ווייטער. דאָס קליינוואַרג ווערט שטיל, הערט אויף זיך צו שלאָגן און אַלע זיצן שוין אַרום מיר. און איך פאַנטאַזיר... ווי טוואַרדאָווסקי אויף דער לבנה און טראַכט אויס אַלץ נייע געשיכטעלעך.

אַן איבערגעשראָקענע טוט „פּילסיע" אַ לויף אַן פון קיך מיט גרויס שטוינונג:

— וואָס איז געשען? זענען אַלע אויסגעשטאָרבן? אַזאַ שטילקייט איז דאָ אין שטוב נאָך קיינמאָל נישט געווען. — זי בלייבט שטיין אויף דער שוועל און הערט אויך אויס מיינע מעשהלעך.

נו, און אָט אַזוי האָט זיך פאַרבונדן אונדזער פריינטשאַפט. אָבער, איך זאָג אייך, אַ פריינטשאַפט אויף טויט און לעבן. כ׳בין איבערגעבליבן ביי „פּילסיען", ווייל נישט זי, נישט די קינדער האָבן נישט געוואָלט הערן וועגן מיין אַוועקגיין. און איצטער זאָלט איר אַלע וויסן, אַז אויך איך שטאַם אָפּ פון דער פּילסודסקי־משפחה. און פאַרמאָג זיבן באַצויבער־רנדיקע קוזינקעס, וואָס איינע רייסט דער צווייטער פאַר די האָר, און אַלע צוזאַמען מאַכן נאָך אַ גרעסערן האַרמידער פון מיר.

פּעליע וואָלט נאָך לענגער דערציילט, ווען נישט די באָבע, וואָס האָט שוין געגרייט צום טיש. נאָכן מיטיק האָבן מיר זאַלבעצווייט פאַרלאָזן די מיעלעצקיס, מיר האָבן געוואָלט זיין אַליין. דעמלט האָט מיר פּעליע אַ זאָג געטאָן:

— לענעניו, כ׳האָב עס דיר ביז היינט נישט געוואָלט זאָגן, כ׳בין שוין געווען ביי מיינע לעצטע כוחות און מעגלעכקייטן. אָט די פרוי האָט מיך בפירוש געראַטעוועט, כ׳וואָלט שוין לענגער נישט געווען אויסגע־האַלטן, כ׳וואָלט זיכער געווען אַריינגעפאַלן. צי ווייסטו וואָס דאָס באַדייט פאַר מיר אויסבאַהאַלטן מיך? נאָכמער, זי ווייסט נישט, אַז איך בין אַ יידישקע. בעט איך דיך, לענקע, זאָלסט זיך הלילה דערמיט פאַר

איר נישט אַרויסכאַפּן. נישט געקוקט דערויף וואָס זי איז אַ זייער גוטע פרוי, גייט איר דער יידישער ענין לחלוטין נישט אָן, בלויז דער פוילישער ליגט איר אויפן האַרצן... זי האָט מיך געפרעגט: „צי אַרבעט איר אין דער אונטערערדישער באַוועגונג?" — פאַרשטענדלעך, — האָב איך געענטפערט — דערפאַר טאַקע מוז איך זיך דאָך אויסבאַהאַלטן. „אויב אַזוי וועט מיין הויז זיין אייער הויז, און מיר וועלן זיין שוועסטער", — האָט זי מיר געענטפערט. דו שטעל זיך נאָך פאָר, זי האָט דאָך מיך פאַרמאַלדן און פאַרגעשטעלט פאַר אירע קינדער, שכנים און באַקאַנטע ווי איר ליבלעכע קוזינע, וואָס איז געקומען צו איר צופאָרן. זי גרייט זיך אויך צו מאַכן פאַר מיר אָריגינעלע „פּאַפּירן" פון עפּעס אַ פאַרשטאָר־בענער קרובה אין מיין עלטער. דאָס איז פאַר מיר פּשוט אַ נס. איך האָב איר אַ נאָמען געגעבן „פּילסיע" ווי אַ פאַרקירצונג פון דעם נאָמען פּילסודסקי, און בין צייטווייליק געבליבן ביי איר אין הויז, איך לערן דערפאַר אירע קינדער און העלף איר צו אין אַלץ, ביז כ'וועל נישט געפינען עפּעס־וואָס בעסערס.

*

די קאָלעיקע איז מיט גרילצעניש צוגעפאָרן קיין וולאָכי. כ'בין אויסגעשטיגן און געלאָזט זיך גיין מיט דער באַנליניע. אַרום מיר קליינע הייזלעך, אַרומגערינגלטע מיט גרינס. מענטשן האָבן שוין אָנגעהויבן די פרילינגס־אַרבעטן, אַ פרישער גערוך פון צעגראָבענער ערד פילט זיך אין די גערטנער. מ'האָט נישט געפלאַנצט קיין בלומען, נאָר גרינוואַרג, ס'זאָל זיין וואָס צו עסן. ווו־נישט־ווו האָבן פון די זומפּן אַרויסגעשטעקט ווייסע, פּוכיקע בלימעלעך, די הוילע ביימער האָבן זיך באַדעקט מיט קנאָספּן. די מענטשלעכע פּנימער זענען אָבער געווען באַזאָרגט, מ'האָט נישט געוווסט, וואָס וועלן ברענגען היינטיקס יאָר די צעבליטע קנאָספּן און בלומען.

כ'בין געגאַנגען שנעל מיטן גראָב־זשווירקן שמאָלן שטעגל, שפּרינ־גענדיק איבער די באַנשוועלן פון איינעם אויפן צווייטן. אַראָפּגעלאָפן פונעם פּלאַנט און געשטאַנען אויפן וועג, וואָס פירט צו „פּילסיעס" נידע־ריקן, הילצערן הייזל. אַ טונקל פאַרדערהייזל פירט אין צימער אַריין. ווען כ'בין אַריין אין צימער, האָבן מיך וואַרעם אַרומגערינגלט די מיידעלעך.

— סטעפקע, ווו איז די מאַמע ?

— די מאַמע שטייט אין אָטשערעד נאָך ברויט, זי וועט אוודאי באַלד קומען. אָבער מומע לענקע, אויב פעליע איז נישטאָ, בלייב כאָטש דו מיט אונדז.

— יאָ, יאָ, די מומע לענקע וועט בלייבן מיט אונדז, — האָבן אָנגעהויבן שרייען אַלע מיטאַמאָל.

די טיר האָט זיך געעפנט, ס׳איז אַריינגעקומען פילסיע מיט עטלעכע לעבלעך ברויט אין אַ זעקל.

— אוף־ף, ווי כ׳האָב זיך פאַרמאַטערט ! — האָט זי אָנגעהויבן — אָך, דאָס ביסטו, לענקע, ווי גוט דאָס איז וואָס ביסט געקומען. ס׳איז דאָ אַ ידיעה פון פעליען.

זי האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס זעקל און מיר האַרציק אַ קוש געטאָן אין באַק : — ווי די מיידעלעך וועלן זיך עס פרייען מיט דיר.

כ׳האָב צו איר אַ ווונק געטאָן מיט די אויגן, און מיר זענען אַריינגעגאַנגען אין קליינעם, טונקעלן פאָדערהייזל.

— ס׳איז געווען אַ מסירה, — האָב איך איר אַ זאָג געטאָן שטילערהייט — מ׳האָט מיך פאַרנומען אין געסטאַפּאָ, אָבער כ׳בין אין וועג פון זיי אַנטלאָפן. צוליב דעם האָב איך געמוזט אַנטלויפן פון וואַרשע און כ׳וועל מוזן האָבן אַ נייע מעטריקע.

— אָך — האָט זיך פילסיע אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַרצן. — באַלד, באַלד, כ׳וועל זיך בלויז צוזעצן אַ רגע און אָפּאָטעמען. קום מיט מיר אין קיך אַריין, זעץ זיך און רו אויך אָפּ אַ ביסל, מירן אַלץ באַטראַכטן רויק. דער אַלטינקער גלח, טאַרנינע, איז נישט לאַנג צוריקגעקומען צופאָרן קיין וולאָכי, וווינט אין אַ ווינקל ביי די יעזשאָווסקיס. אפשר וועט ער אונדז אַרויסגעבן וועלכע מעטריקע.

— איך דאַנק דיר זייער, — האָב איך געזאָגט — ס׳זענען נאָך אוודאי פאַראַן ביי דיר אין באַהעלטעניש מעטריקע־בלאַנקעטן מיט אַ זיגל פון בוטשאַטש. מ׳וועט קאָנען גאָכאַמאָל מאַכן וואָס מ׳האָט שוין אַמאָל געמאַכט.

— מסכים, — האָט פילסיע געענטפערט — שרייב אָן אויף אַ פּאַפּירל אַלע פּרטים, וועל איך גיין צום גלח טאַרנינע, און ער וועט עס אָנשרייבן אויף לאַטיין.

— אַ דאַנק דיר, — האָב איך איבערגעחזרט — און ערשט רו זיך אָפּ אַ ביסל און דערצייל מיר וועגן פעליען.

— אַך, פּעליע! — האָט פּילסיע אַ שמייכל געטאָן, און אַ פרייד האָט זיך צעגאָסן איבער איר פּנים. — פּעליע איז היינט טעטיק אין דער סאָקאָלאָווער פּאַרטיזאַנטקע. ס׳איז געוווען ביי מיר אַ שליח, אַ מענטש פון וואַלד, און מיר דערציילט וועגן אַלץ. דער „אָדלער" דאָרט, האַלט דעם גאַנצן ראַיאָן אין די הענט. די דייטשן שרעקן זיך אַרויסצוגיין אין גאַס. דער דייטשישער נאַטשאַלניק פון אַרבעטס־אַמט האָט פון אים איינמיטן העלן טאָג געקריגן אַ קויל אין קאָפּ. דער דייטשישער שטאָט־קאָמענדאַנט דאָס נעמלעכע. קיינער פון די דייטשן דאָרט איז נישט זיכער מיטן לעבן. קיינער פון זיי וויל נישט פאָרן אַהין אויף קיין פּאָסטן, ווייל דאָס איז גלייך ווי אַ טויט־אורטייל. די פּאַרטיזאַנער גייען פראַנק־און־פריי אַרום איבער די גאַסן. די שטאָט־איינוווינער האַלטן זיי אונטער. די דייטשן האָבן באַשטימט אַ גרויסע סומע פאַרן „אָדלערס" קאָפּ. ווּעסט זען, לענקע, דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז פון דאָרט וועט קומען פּוילנס באַפרייאונג. דאָרט וועט אויסברעכן דער אויפשטאַנד. און אונדזער פּעליע שפּילט ביי זיי אַ וויכטיקע ראָליע. לפּנים איז זי אַ גוווערנאַנטקע אין סאָקאָלאָווער הויף, אָבער אינדערעמתן פירט זי אויס אַן ערנסטע מיסיע. חוצדעם איז זי דעם „אָדלערס" כלה, און אַלע ווייסן וועגן דעם. אָ, ווען איך וואָלט נאָך קענען קעמפן מיט זיי צוזאַמען, ווי אַמאָליקע צייטן, — האָט פּילסיע אָפּגעווישט די טרערן — אָבער אויף וועמען זאָל איך איבערלאָזן די קינדער? ווער וועט זיי דערנערן?

— וויין נישט, יאַנינע, — האָב איך גערעדט צו איר — ס׳איז שוין נישט ווייט דער וועג צו דער פרייהייט.

— כ׳בין גליקלעך, וואָס כאָטש פּעליען איז גוט, וואָס זי האָט אַ רייך לעבן, אַ שיינס און פול מיט פאַנטאַזיע, ווי זי האָט שטענדיק געטרוימט.

— צי האָט זיך פּעליע אויך נאָכגעפרעגט אויף מיר? — האָב איך געהיט אַ פרעג געטאָן.

— ווי דען אַנדערש? — האָט פּילסיע רירעוודיק געענטפערט. — זי האָט דיר געשיקט האַרציקע גרוסן און געבעטן זאָלסט ווי צומשנעלסטן אָנשרייבן צו איר. איך האָב דאָ איר אַדרעס, אין פּאָדערהייזל אונטער דער פּאָדלאָגע, דאָרט ווו מיר באַהאַלטן די וויכטיקסטע דאָקומענטן. ווען די קינדער וועלן גיין שלאָפן, וועל איך אים אַרויסנעמען. חוצדעם האָט אונדז פּעליע געשיקט חזיר־פעטס און וווּרשט אויף די יומטובים.

— זעסט, זעסט ווי זי געדענקט אונדז אַלע, — האָט זיך פּילסיע

ווידער צעיאַכמערט — ווען נישט זי, וואָלט איך גאָרנישט נישט געהאַט אויף יומטוב. אָבער, לענקע, דו מוזט פאַרבלייבן ביי אונדז איבער אַלע יומטובים.

— באמת, איך דאַנק דיר זייער, אָבער איך טאָר נישט קריוודען דיינע קינדער.

— זאָלסט נישט דערוועגן זיך אָפּזאָגן! — האָט פּילסיע אויף מיר, דראָענדיק, אַ קוק געטאָן. — מוזט ביי מיר פאַרבלייבן. דו זעסט וואָס פאַר אַ כבוד דאָס איז פאַר אונדז צו האָבן פעליען אין דער משפחה? וואָס פאַר אַ האַרץ, דערהויבנקייט און מסירת־נפש דאָס דאָזיקע מיידל פאַרמאָגט, — זאָגט פּילסיע מיט גערירטקייט.

— יאָ, יאָ... דערהויבנקייט און מסירת־נפש, מוטיקייט, פאַנטאַזיע און ליבע. אַלצדינג אין אָט דער איינער, קליינער פעליע, אין מיין קליין שוועסטערל, — האָב איך שטילערהייט איר נאָכגעזאָגט.

## מיין קליין שוועסטערל

ביינאַכט, ווען די געשרייען פון די מיידעלעך האָבן זיך איינגעשטילט, ווען ס'האָט זיך געהערט בלויז זייער ריטמיש אָטעמען פון שלאָף אַרויס, האָבן זיך אין מיין נשמה דערוועקט דערינערונגען, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעמישט מיטן אָטעמען פון אַנדערע קינדער, פון מיינע שוועסטערלעך און ברידערלעך אין הויז פון מיינע עלטערן, אַמאָליקע צייטן.

כ'האָב ווידעראַמאָל דערזען דאָס קליינע, זויבערע קיכל און דעם קוילן־קאַסטן, אַן אָפּגעריבענער ביז ווייס, אויף וועלכן ס'פלעגט תמיד זיצן די אַלטע דינסט, רעגינע.

— רעגינע, רעגינע, כ'וויל זעמעלעך מיט קאַווע! — האָט איר געצויגן פאַרן פאַרטעך דער קליינער, געלעקלטער מיכאַלעק.

— כ'גיין שוין, מיכאַלקע, שלעפּ מיך נישט! — האָט זי מיט מי אַנידערגעשטעלט די אַלטע ראַכיטישע פיס.

אַ לאַנג, טונקל, איין פענצטערדיק צימער, וואָס גייט אַרויס אויפן דאַך. לענגאויס דעם צימער, בעטן. אין יעדן בעט, צו צוויי קינדער. צוויי ברידער, צוויי שוועסטער און ווידער צוויי ברידער. איך, די עלטסטע,

שלאָף אין צווייטן צימער צוזאַמען מיט די עלטערן און דער פינפאונאַכציק־יעריקער באָבע. די אַלטע באָבע גייט שוין נישט אַראָפּ פון בעט.

— פּייגעלע, דערלאַנג מיר דאָס טעפּל, פייגעלע, גיב מיר אַ הייס שטאַרצל אויפן בויך. דערלאַנג מיר אַ גלאָז מילך, דערלאַנג מיר די רפואה!

פון פייגעלען מעג מען פאָדערן אַלץ, זי דערוועגט זיך נישט אָפּצוזאָגן. בונטעוועט זיך נישט, אַנטלויפט נישט. די אַנדערע קינדער שפּילן זיך אויפן הויף, שלאָגן זיך, לויפן נאָך דעם „גולם" אַנטעק אָן די הענט, און שרייען: „אַנטעק גולם, אַנטעק געטש, קריגט פון עולם קלעפּ און פּעטש" און דערנאָך קומען זיי צולויפן אַהיים, כאַפּן אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער און לויפן ווידער אַרויס זיך שפּילן.

דאָס אַלץ איז נישט פאַר פייגעלען. זי איז גליקלעך, אַז מ'פאַרטראָגט זי אין שטוב. זי באַדינט יעדן. זי איז די קלענסטע פון אַלע קינדער, די מאָגערסטע און מיאוסטע. אָט אַזאַ מין „באַוועלע", ווי אַלע רופן זי, און תמיד מיטן פינגער אין מויל... מיט דעם פינגערל איז געווען אַ גאַנצע היסטאָריע. ווען די מאַמע פלעגט זיין אין אַ גוטער שטימונג, פלעגן מיר זי בעטן צו דערציילן אונדז די־אָ היסטאָריע. און געווען איז דאָס אַזוי: מיר זענען נאָך אַלע געווען זייער קליינינקע און האָבן געקרענקט אויף מאָזלען מיט קאָמפּליקאַציעס. אָבער צום ערגסטן איז געווען מיט פייגעלען. זי איז דעמלט געווען די יינגסטע אין שטוב, (שפּעטער זענען געקומען נאָך צוויי) אַלט געווען ערשט צוויי יאָר. געלעגן פולשטענדיק אומבאַוועגלעך אין בעטל און האָט שוין נישט גענומען נישט קיין עסן, נישט קיין רפואה. אַ דראָבנינקע, צונויפגעקאָרטשעטע און גראָע, האָט זי אויסגעזען ווי אַ מיאוס פאַרזעעניש. ס'איז שוין נישט געווען אין איר קיין שפּור פון לעבן. דער דאָקטאָר האָט זי שוין אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט:

— נישטאָ שוין וואָס צו איר צוצוגיין, — האָט ער געזאָגט דער מאַמען — פאַרנעמט זיך בעסער מיט די קינדער, וועלכע מ'קאָן נאָך ראַטעווען, — האָט ער אַריינגעשריגן אין איר געוויין.

אַלע האָבן זי פאַרלאָזן. בלויז די אַלטע דינסט, רעגינע, האָט זיך נישט מיאש געווען. קודם־כל איז זי געלאָפן אין קאָשציאָל און געגעבן (פון איר אייגן געלט!) אויף אַ מעסע פאַר איר געזונט ווערן. דערנאָך האָט זי איר אַליין „אָפּגעשפּראָכן אַ גוטאויג": גענומען אַ גלאָז וואַסער,

אַרייַנגעמאָן אין איר שטיקעלעך שוואַרץ ברויט, שוואַרצע האָלצקוילן און געשטעלט דאָס גלאָז אונטער פּייגעלעס בעט אויף דער גאַנצער נאַכט. און וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? דאָס גאַנצע ברויט איז אַרויפגעקומען פון אויבן, און די קוילן זענען פאַרבליבן אויפן דנאָ פון גלאָז, דאָס האָט געהייסן — פּייגעלע האָט געקריגן אַן עין־הרע.

— דאָס איז אוודאי די קצבטע, פרומע, מיט די קעלבערנע אויגן. זי האָט עס אָפּגעגעבן דעם קינד אַן עין־הרע, — האָט רעגינע באַשלאָסן. — פונקט האָט איר דער שוואַרציאָר גענדאַרפט אָנטראָגן ווען כ'האָב געהאָדעוועט דאָס קינד, מכשפה פאַרשאָלטענע, אַ צווייט מאָל וועל איך זי מיטן בעזעם אַרויסיאָגן! — האָט זי בייז געוואָרטשעט.

דערנאָך האָט רעגינע זי אייַנגעריבן מיט חזיר־פעטס געגעבן איר צו טרינקען הייסע מילך מיט האָניק יעדע צוויי שעה און נישט אָפּגעטראָטן פונעם קינד אויף קיין רגע, כדי נישט צו געבן דעם „נישט־גוטן" קיין צוטריט צו איר. און אָט איז געשען אַ נס, פּייגעלע האָט גענומען זיך באַוועגן און אָטעמען רויקער. דערנאָך האָט די היץ גענומען פאַלן, און זי האָט זיך פאַמעלעכן אומגעקערט צום געזונט. אָבער פון יענער צייט אָן האָט זי גענומען נאָגן אַ פינגערל. גאַנצע טעג פלעגט זי גאָרנישט נישט טאָן, בלויז ליגן און נאָגן.

— ס'זאָל אפילו ברענען אַרום־און־אַרום, ס'זאָל אפילו דונערן און בליצן, — האָט די מאַמע געזאָגט — איר גייט עס אינגאַנצן נישט אָן, זי זעט נישט און הערט נישט, נאָר זי נאָגט און נאָגט. דאָס פינגערל איז שוין לחלוטין צו קיין פינגערל נישט ענלעך. ס'איז אַזאַ ווייס און ווייכס, ווי ס'וואָלט זיין אַן ביינדלעך, און זי קאָן זיך דערפון נישט אָפּגעוויינען.

דער טאַטע האָט זי נישט ליב געהאַט. זי פלעגט אים דענערווירן, אַרויסרופן ביי אים שלעכטע שטימונג, זי האָט געמוזט אים אָפּטרעטן פון וועג. די מאַמע פלעגט דערפאַר תמיד שטראָפן דעם טאַטן: אוי, עליע, עליע! זאָלסט זיך גאָר נישט פאַרזינדיקן פאַרן אייבערשטן צוליבן דאָזיקן קינד. וועסט נאָך זען, אַלע קינדער וועלן דיך פאַרלאָזן, פון דיר אַוועקגיין, און זי איינע וועט בלייבן לעבן דיר, זי וועט דיך דערנערן.

אומגליקלעכע, נביאותדיקע מאַמע מיינע.

פרייטיקצונאַכט. דער טאַטע האָט זיך אומגעקערט פון בית־מדרש אין אַן אויסגעצייכנטער שטימונג. דער טיש ווייס געדעקט, און אויף אים זילבערנע לייכטער מיט די ברענענדיקע שבת־ליכט. פאַרן טאַטן, מיטן זיי־

דענעם שבת־טישטעכל, צוגעדעקטע חלות, אַ פלאַש צימוקים־ווײַן. די פּנימ־לעך פון די קינדער, פרישענקע, זויבערע און אויסגעבאָדענע. דער טאַטע האָט ליבלעך אונטערגעניגונט דעם „שלום עליכם, מלאכי השלום", און די צוויי ייִנגסטע קינדער האָבן אים באַגלייט מיט זייערע דינינקע שטימעלעך. דערנאָך האָט דער טאַטע געמאַכט קידוש און יעדן געגעבן צו טרינקען פונעם בעכער. געוואַשן זיך צו „שאו ידיכם" אַרומגעטיילט יעדן אַ מוציא־חלה. דער טאַטע נעמט אַרום מיט אַ וואַרעמען בליק זײַן הויזגעזינט, אַ מאָמענט פון מנוחה, פרייד און גליק. פּלוצים פאַרוואָלקנט זיך דעם טאַטנס שטערן:

— און ווו איז פייגעלע? — פרעגט ער.

— זי איז דאָ, — טוט איר עסטושע אַ שטופּ מיטן עלנבויגן — זיצט אונטערן טיש און נאָגט דעם פינגער, דאָס איז איר ערשט געריכט, — גיט זי צו בייסיק.

דער טאַטע איז אַריין אין כעס, זײַן גאַנצע שבת־פרייד איז פאַר־שוווּנדן: — איך וויל נישט, האָט ער אַ געשריי געטאָן — אַז דאָ, ביים שבתדיקן טיש, זאָל מיר זיצן אַ צעניעריק מיידל מיט אַ פינגער אין מויל, צו דער חופּה וועט זי גיין און דעם פינגער פון מויל נישט אַרויס־נעמען!

— כ'דאַרף נישט זיצן ביים טיש, כ'דאַרף נישט! — כליפּעט פּיי־געלע אויפן קול און אַנטלויפט צו דער אַלטער רעגינע אין קיך אַריין. שפּאַרט זיך צו איר אויפן קאַסטן, נעמט אַ ביכל אין האַנט, פאַרגעסט די גאַנצע וועלט, און ווידער דעם פינגער אין מויל.

— וויפל מאָל האָב איך דיר שוין געבעטן, זאָלסט נישט רייצן דעם טאַטן? אַזאַ גרויס מיידל, און קאָן זיך נישט אָפּהאַלטן אַ רגע פון דעם פאַרשאָלטענעם נאָגן. צוליב אָט דעם פינגער אַנטוויקלסטו זיך נישט, וואַקסט נישט, ביסט דאַר ווי אַ שפּאָן. נו, זאָג אַליין, צי איז כדאי פאַר דיר זיך אײַנצושטעלן? — איך רעד צו דיר, און דו נאָגסט ווייטער.

פּייגעלע בלייבט איבער מיט רעגינען אויפן קאַסטן, און די מאַמע שלינגט טרערן ביים פאַנאַנדערטיילן די פיש אין קיך.

— מאַמע, איך וויל דעם קאָפּ פון פיש, — הערט זיך עסטושעס אומגעדולדיקע שטים. — איך אויך, איך אויך! שרייען איר נאָך די ייִנגלעך.

— גוט, ענטפערט די מאַמע — אַ צווייט מאָל וועל איך קויפן אַ פיש מיט פינף קעפּ, — ווען מיר אפשר קלעקן פאַר אַלע.

איך טראָג די פּאָרציעס צום טיש. אויפן לעצטן טעלער ליגט אַ קליין פישן־עקל.

— און דאָס פאַר וועמען מאַמוניו?

— פאַר מיר, — ענטפערט זי.

איך בלייב שטיין אינמיטן קיך מיט דער מאַמעס טעלער אין האַנט, קוק אויפן מיזערנעם פיש־עקל, איך טראָג עס נישט צום טיש.

— נו, טראַכט נישט אַזוי פיל, — שטופּט מיך די מאַמע אונטער — דערלאַנג שנעלער, דער טאַטע איז הונגעריק, אַלע וואַרטן דאָך. — — — —

ס'פאַרשווינדן די סצענעס פון דער קינדהייט, און ס'פאַרשווינדט דאָס געבוירנשטעטל. כ'בין אין אַ פרעמדער שטאָט: כ'לערן; שוין נאָכן פאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט, אין אַ שול. כ'קום צו פאָרן מיטן מאַן אויף יום־טוב אַהיים, ס'באַגריסט מיך אַ מאָגער פּופּצניעריק מיידל מיט אַ פאַרריסן נעזל, מיט אַ וואָלקן כוואַליקע קאַשטן־האָר. דאָס איז פייגע־לע־פעליע.

פעליע האָט זיך מיט אייגענע כוחות דערשלאָגן אַנצוקומען אין דער פוילישער גימנאַזיע. און דאָ האָט זי אויפגעגלאַנצט. „אַ טאַלענט", זאָגט מיר די לערערין פון ליטעראַטור, ווען מיר באַגעגענען זיך אין גאַס. „אַ טאַ־לענט", חזרט איבער דער דירעקטאָר פון גימנאַזיע. „צי ווייסט איר, — זאָגט זי מיר — אַז פאַרן אינספּעקטאָר אין די אויגן האָט זי אָנגעשריבן אַ קלאַסנאַרבעט אין פערזן. מ'דאַרף איר העלפן זי זאָל באַקומען הע־כערע בילדונג. זי איז אונדזער בעסטע שילערין אין גימנאַזיע".

אָוונטצייט, ווען דער טונקל שלייכט זיך אַריין אין צימער און וועקט סודותדיקע וויזיעס, טוליעט זיך צו מיר מיין קליין שוועסטערל און זאָגט:

— לענקע, איך האָב דיך ליב, ביסט פאַר מיר די שענסטע שוועס־טער, ביסט מיין אידעאַל. כ'וויל שטודירן פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק, אַזויווי דו. כ'וויל זיך לערנען, כ'וויל גיין אין דיינע וועגן.

— גיין, גיין, — זאָג איך אַ צעמישטע — טו עס נישט. זיי גליקלעכער פון מיר.

— ווייסט — זאָגט פעליע — כ'האָב געפונען דיינע גימנאַזיע־העפטן מיט דיינס אַ געדיכט, ס'איז וווּנדערבאַר!

— ווייט איך וואָס, פעליע, דאָס איז מיין ערשט און לעצט געדיכט פאַר מיין גאַנצן לעבן.

— נישט אמת, — זאָגט זי — כ׳ווייס, אַז דו וועסט נאָך שרייבן. הער, כ׳געדענק עס אויף אויסנווייניק:

ווען אין די אומעטיקע, גראָע טעג, ווי בליי,
די סטרונעס פוגעם רעגן ציטערן פאַרביי
דייך אויער מיטן גלאַנץ פון טראָפּנס פיל אין גאַנג,
און פון מעלאָדיעס אַלטע הערסטו אַ געזאַנג...

*

און שפּעטער — די מלחמה אין יאָר 1939. די גאַנצע פאַמיליע איז צעשלאָגן און צעשפּרייט איבער דער וועלט. די ברידער זענען ערגעץ אויף די סיבירישע ווייטן, ס׳איז נישטא באַוווּסט צי זיי לעבן, איך בין אין לעמבערג מיטן מאַן. די מאַמע לעבט שוין נישט, ס׳איז געבליבן בלויז דער שווער קראַנקער טאַטע, די אַלטע רעגינע און זי, פעליע, די אייניציקע, וועלכע האָט זיך צו אים אומגעקערט. די דאָקטוירים קאָנסטאַטירן: גאַנגרענע אין אַ פוס. בלויז אַמפּוטאַציע קאָן אים אויף אַ שטיקל צייט ראַטעווען. פעליע דעצידירט שנעל: זי מוז אים ראַטעווען פאַר יעדן פּרייז. זי פאַרקויפט אויס אַלצדינג, וואָס ס׳איז פאַרבליבן אין שטוב, קויפט איבער די דייטשן און פאַרמז מיטן טאַטן אויף דער אָפּעראַציע, און זי געלינגט. פון דעמלט אָן האַלט פעליע אויס מיט איר אייגענער אַרבעט דעם קראַנקן טאַטן און די אַלטע געטרייע דינסט.

אין יאָר 1941 ברענגט זי מיך פון לעמבערג אַהיים אַ דערשלאָגענע, צעבראָכענע און קראַנקע, נאָכן פאַרלירן אַ קינד און צעשיידונג מיטן מאַן. מיר באַקענען זיך נענטער און באַקומען זיך ליב, וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער. פעליע בליט ווי אַ היפּשע שמעקנדיקע בלום, ס׳רייסט פון איר מיט לעבנספרייד, מיט איר באַגייסטערונג שטעקט זי אָן אַלע אַרום. נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט פון די דייטשן, גרינדעט זי אַ שול פאַר קינדער און זאַמלט אויף אַכציק שילער און שילערינס, וועלכע פאַרגעטערן זי.

ס׳קומט דאָס יאָר 1942, דאָס יאָר פון פאַרטרייבן די יידן פון די שטעט און שטעטלעך. מיר ווייסן וווהין מ׳פירט אַרויס די יידן, מיר ווייסן

וואָס אונדז דערוואַרט. מיר ווייסן נאָר נישט ווען דאָס וועט געשען. און וועלכן טאָג, אָדער נאַכט, וועט מען אָפשליסן אונדזער קליין שטעטל, אַרומשטעלן עס מיט קאָרדאָנען פּאָליציי און הינט. אַרויסהענגען גרויסע אַפישן, אַז דאָס אויסבאַהאַלטן יידן דראָט מיט טויט־שטראָף, און מ׳וועט אָנהייבן אַרויסשלעפּן די יידן פון די וווינונגען און באַהעלטענישן, שיסן אין זיי, מאָרדן, שלאָגן און טרייבן אין די וואַגאָנען אַריין, וועלכע טראָגן זיך אַנטקעגן דעם טויט.

און דווקא דעמלט באַשליסן מיר צו גרינדן אַ העכערע שול פאַר דער יידישער יוגנט, די באַשטימטע פאַרן טויט.

— דו וועסט רעפערירן פילאָזאָפיע און פסיכאָלאָגיע, — זאָגט מיר פעליע — איך, ליטעראַטור, און העליע, קונסט. איר פעטער האָט אַן אויסגעצייכנטע ביבליאָטעק אויפן געביט פון קונסט־געשיכטע.

איך בין אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין פלאַטאָנס מעטאַפיזיק און אַריס־טאָטלס לאָגיק און פיזיק, פעליע לייענט פאַר די צוהערער ווערלענס און לאַמאַרטינס פּאָעזיעס. די שילער און שילערינס שטייען אין ענגשאַפט פון וואַנט־צו־וואַנט אין אַ קליין, פינצטער צימער, אין וועלכן ס׳שלייכט זיך אַריין אַן אומעטיקער שיין פון נאָענטן דאַך. אין דער טיף פון צימער ליגט קראַנק דער טאַטע און הוסט, ס׳איז זומער, דושנע און הייס. ביי דער קיך־טיר שטייען צוויי בחורים אויף דער וואַך, אָנצוזאָגן אויב ס׳וועלן קומען דייטשן, אָבער זיי קומען נישט, זיי היטן אונדז נישט איצטער. עפּעס אַן אויסטערלישע פרייהייט האָבן זיי אונדז געגעבן. משמעות, דער בירגערמייסטער ווייסט שוין דעם טאָג פון דער אויסזידלונג. פון טאָג־צו־טאָג מערן זיך די יוגנטלעכע אין צימער, ס׳איז אינגאַנצן שוואַרץ פון קעפּ. זיי האָבן פאַרוואָרפן זייער באַשעפטיקונג, דעם האַנדל, זיי האָבן פאַרגעסן די ווירקלעכקייט, און לעבן זיך אויס אין דער אייביקער וויסנ־שאַפט, ליטעראַטור און קונסט. ס׳איז צען, עלף, צוועלף אַזייגער ביינאַכט, די דיסקוסיע דויערט. ס׳איז שוין אַריבער די פּאָליציי־שעה, יעדער גנבעט זיך דורך אַליין, איינגעבויגענערהייט, צו זיך אַהיים.

— צי וואָלט מען נישט געקאָנט אָרגאַניזירן די דאָזיקע יוגנט זי זאָל פאַרטיידיקן, זיך ראַטעווען? — זאָג איך צו פעליען, ווען מיר בלייבן אַליין.

— פאַרטיידיקן זיך און זיך ראַטעווען, דאָס זענען צוויי באַזונדערע

זאַכן, — ענטפערט מיר פעליע — אויף פאַרטיידיקן זיך איז שוין שפּעט, ווו וועלן מיר זיך איינשאַפן געווער?

— איז לאָמיר זיך על־כל־פּנים צוגרייטן אַרישע פּאַפּירן, מיר זאָלן קאָנען אַנטלויפן.

— דאָס קאָסט זייער אַ סך, נישט יעדער פון זיי איז עס אימשטאַנד, און נישט יעדער קאָן צוליב זיין אויסזען אָנגיין פאַר אַן אַריער.

— לאָמיר שאַפן אַ בשותפותדיקע קאַסע און זיך העלפן קעגנזייטיק.

— די יונגע האָבן נישט קיין געלט, און די עלטערן האַלטן דאָס געלט מיט אַלע כוחות, זיי ווילן אפילו נישט הערן דעם אמת. זיי פאַר־שטעלן זיך די אויגן און וואַרטן אויף אַ נס.

— מיר דאַרפן באַווירקן די יוגנט, דו הערסט, פעליע? מיר מוזן, מוזן. — רעד איך מיט היץ — מיר מוזן זיך באַמיען וועגן געווער און פּאַפּירן.

— וויאַזוי? — פרעגט פעליע — און וואָס וועט זיין מיטן טאַטן? אַלע האָבן, אַזויווי מיר, אַן אַלטן טאַטן, אַ מאַמע, קליינע קינדער און קרובים. צי קאָן מען זיי איבערלאָזן און ראַטעווען בלויז זיך אַליין?

— יאָ, יאָ, — שאָקל איך טרויעריק מיטן קאָפּ — מ׳קאָן נישט...

— — — — — — — — — — — — —

— און דערנאָך קומט דער שרעקלעכער טאָג פון דער אויסזידלונג. דער טאַטע ווערט דערשאָסן אין בעט, פעליע באַהאַלט זיך אויס און איך בין מיטן טראַנספּאָרט...

די גרויסע אייזערנע רעדער עקבערן דעם מוח און דרייען זיך ראַשיק איבער די שינעס. קאַלך פרעסט די אויגן. פרויען שרייען, רייסן פון זיך די מלבושים, מענער זענען מתפלל. נאָך אַ ביסל, און מיר וועלן זיין ביים ציל... די גיפטיקע דאַמפן שטייגן אַלץ העכער, אין וואַגאָן ווערט אַלץ ענגער, שטיקנדיקער. אַלץ העכער ווערט דאָס כאָרכלען פון די מענטשן, און זייער אָטעמען — אַלץ שנעלער — — — —

איך כאַפּ זיך אויף פון דעם מאַטראַץ, אַ באַגאָסענע מיט קאַלטע אָנגסטן. אַך, ווי גוט דאָס איז, וואָס ס׳איז בלויז דאָס ריטמישע אָטעמען פון פּילסיעס קינדער פון שלאָף אַרויס...

# דאָס געטאָ אין פּלאַמען

כ׳בין פֿאַרבליבן בײַ פּילסיען און זיך באַמיט צו באַרויקן אַ ביסל די נערוון, אויף וויפֿל דאָס איז בכלל מעגלעך געווען אין איין צימערל צוזאַמען מיט פּילסיען און אירע זיבן קינדער. פּילסיע, וואָס האָט מיך געהאַלטן פֿאַר פֿעליעס אַ קוזינע, האָט זיך צו מיר באַצויגן זייער האַרציק, די קינדער ווידער זענען געווען גליקלעך, צוליב מײַן בלײַבן מיט זיי, מיטן שפּילן זיך מיט זיי און העלפֿן אין אַלץ.

און פֿונדעסטוועגן האָב איך נישט געקאָנט לאַנג בײַ זיי בלײַבן, ווײַל פּילסיע איז געווען זייער אָרעם, זי האָט אויספֿאַרקויפֿט אַלץ פֿון שטוב צו קויפֿן שפּײַז פֿאַר די קינדער. און ס׳איז שוין אין שטוב נישט געווען מער קיין ווערטפֿולע זאַכן צום פֿאַרקויפֿן, די קינדער זענען כסדר אַרומגעגאַנגען הונגעריק. איז ווי האָב איך געקאָנט צונעמען בײַ זיי די איינציקע זופּ, טאָגטעגלעך? זינט פֿעליע האָט דאָ געוווינט איז פּילסיעס לאַגע געוואָרן אַ סך ערגער. כ׳בין געווען אָנגעשטרענגט, געטראַכט ווו ערגעץ באַקומען אַרבעט. כ׳האָב געוואָלט אומבאַדינגט אַרויספֿאָרן פֿון וואַרשע, ווײַל נאָר דאָס וואָלט געקאָנט מיך צײַטווײַליק ראַטעווען. אין וואַרשע בין איך שוין געווען „אַן אויסגעענדיקטע”. יעדער טראָט אין דעם געביט איז געווען פֿאַר מיר אַ סכנה. אָבער אויך די פּראָווינץ איז נישט געווען ווייניקער געפֿערלעך, צוליב איר ענגן קרײַז מענטשן, ווו יעדער פֿאַרנעמט זיך מיט יעדן. ווען איך וואָלט היינט געקומען צופֿאָרן אין אַזאַ „לאָך”, פֿון וואַרשע, פֿונוואַנען די ייִדן זענען צומײַנסטן אַנטלאָפֿן, וואָלט פֿאַר מיר, ווי פֿאַר אַ נײַעם מענטשן, מיט מײַן „שלעכטן אויסזען”, געווען אפֿשר נאָך ערגער ווי אין וואַרשע.

איז וואָס איז מיר געבליבן צו טאָן? — האָב איך געפֿרעגט זיך אַליין. צומבעסטן וואָלט געווען פֿאַר מיר זיך אַרײַנצובאַקומען אין אַ פּוילישער פֿאַמיליע פֿאַר אַ גוווערנאַנטין, אַ קינדער־דערציערין, אָדער אפֿילו פֿאַר אַ דינסט... ס׳וואָלט גוט געווען אַרויסצופֿאָרן מיט איר ערגעץ אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם דאָרף. (אַ סך פּוילישע פֿאַמיליעס פֿלעגן צו יענער צײַט אַרויספֿאָרן פֿון וואַרשע, ווײַל די באַדינגונגען פֿון דערנערונג זענען אויפֿן דאָרף געווען לײַכטערע איידער אין וואַרשע). יאָ, אָט דאָס איז עס וואָס איך דאַרף האָבן: „פֿאַרפֿאַלן ווערן”, פֿאַרשטעקן זיך ערגעץ ווײַט אין אַ

דאָרף, ווייט פון דער שטאָט, פון וועגן און באַנליגיעס. זיך אָפּשליסן מיט אַ קליין אָדער קראַנק קינד צווישן פיר ווענט, זיין מיט דעם קינד פאַר־נומען בייטאָג און ביינאַכט. נישט קאָנען אַרויסגיין זיך ווייזן צווישן מענטשן, טאָקע צוליב די אָביעקטיווע באַדינגונגען, וועלכע באַרעכטיקן מיין אָפּוועזנהייט. איך האָב גענומען זוכן אַזאַ שטעלע און יעדן טאָג גע־נישטערט אין צענדליקער צייטונגס־אַנאָנסן, נאָר אַלץ אומזיסט. ביי דיי־טשישע פאַמיליעס איז לייכט געווען צו באַקומען אַזאַ מין באַשעפטיקונג. אָבער איידער צו אַרבעטן ביי דייטשן, בין איך שוין גערנער געווען צו הונגערן ביי פּילסיען.

כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן פאָרן קיין וואַרשע זוכן אַרבעט, האָב זיך שטאַרק געשטעלט אין סכנה, ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן פאַרלירן די האָפענונג. כ׳בין אַריינגעפאַלן אין אַ מין פאַרגליווערטער טעמפּקייט, פון וועלכער כ׳פלעג זיך אויפכאַפּן ווי נישט ביים באַוווּסטזיין, מיט דער אייביקער פראַגע אויף די ליפּן: שוין? איז מען שוין געקומען מיך נעמען? ביינאַכט, ווען כ׳פלעג פאַרמאַכן די אויגן, פלעגן אויפקומען קאָשמאַרע זעונגען אין מיין געמיט, פלעגן מיך יאָגן און פאַרפאָלגן, ביז צו פולער אויסשעפּונג. געזען זיך קריכן ערגעץ הויך איבער שיפּועדיקע שטעגלעך אין אַ פאַרוואָרפן שטעטל פאַר מיר אינגאַנצן אומבאַקאַנט. כ׳האַלט אין די אָרעמס אַ קליין קינד, און הינטער מיר אַ המון קליינע קינדער. לעבן מיר גייען מיין טאַטע־מאַמע, די ברידער און שוועסטער, מיינע טייערע, וואָס איך דאַרף זיי אַרויספירן פון דעם געפאַר, און דאָ זענען אַלע וועגן אָפּגעשלאָסן. פון אַלע שטעגלעך און גאַסן קומען אָן די דייטשן, מיר זע־נען שוין אַרומגערינגלט. אָבער איך קלעטער נאָך אַלץ אַרויף. לויף־פאָרויס, בייט אַלע מאָל די ריכטונג און גלייב פעסט, אַז כ׳וועל זיי אַרויס־פירן פון דער קלעם...

כ׳פלעג זיך אויפכאַפּן פון שלאָף אינגאַנצן אַ צעציטערטע, אַ באַגאָ־סענע מיט קאַלטע אנגסטן. ביסלעכווייז האָט זיך אומגעקערט דער באַ־וווּסטזיין און געוועקט געדאַנקען און פּיין, נישט קיין קלענערע ווי אין שלאָף. — ניין, כ׳האָב נישט דאָס רעכט צו שטעלן אין געפאַר אָט די קינדער און פּילסיען, כדי צו ראַטעווען דאָס אייגענע קלאָגעדיקע לעבן, — האָב איך גערעדט צו זיך — איך אַליין בין שולדיק!... שולדיק, כ׳בין דאָך אַ יידישקע!...

און ערשט באַגינען, ווען ס׳האָט זיך געשטעלט אַ שטראַלנדיקער טאָג, איז געקומען דער ניכטערער געדאַנק, איך האָב זיך באַרויקט: — ס׳איז

נישטאָ אין לעבן קיין סיטואַציע אָן אַן אויסוועג. יעדער מאָמענט קאָן מיר ברענגען אַ לייזונג. מ'טאָר נישט פאַרלירן די האָפענונג, די ענער־גיע. פילסיע ווייסט נישט, אַז איך בין אַ יידישקע, און אפילו ווען מ'זאָל מיך פון דאַנען צונעמען, וועט מען אויך איר גאָרנישט טאָן, ווייל זי קאָן שטענדיק טענהן, אַז זי האָט נישט געוווּסט. אָבער מיינע שרעקלעכע חלומות האָבן נישט אויפגעהערט. פאַר מיר האָט זיך די צייט אָפגעשטעלט. מיין לעבן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ כסדרדיקן וואַרטן. אין אָט דעם וואַרטן בין איך פאַרזונקען ווי אין אַ זומפּ.

אַננע האָט באַמערקט מיין גייסטיקן צושטאַנד און מיך פאַרבעטן אויף אַ שטיקל צייט צו זיך. זי האָט מיר געוואָלט העלפן. ביי זיי אין שטוב איז תמיד געווען ליכטיק, זויבער און רויק. נישט געקוקט אויף דער נערוון־געשפּאַנטקייט, אין וועלכער זיי האָבן שטענדיק געלעבט. די אַטמאָספער אין זייער הויז איז פאַר מיר געווען ווי אַ באַלזאַם, האָט באַרויקט און געהיילט מיין האַרץ און נשמה. כ'האָב אָבער נישט געטאָרט צופיל געניסן פון דער רפואה.

איינמאָל, אין אַ געוויינלעכן פאַרמיטאָג, בין איך געזעסן צוזאַמען מיט אַננען אין עסצימער. אַננע האָט געפּרעסט וועש, און איך האָב עס פאַר־ריכט. הענריק איז געווען אויף דער אַרבעט, און די קינדער האָבן זיך געשפּילט אין גאָרטן פאַר די פענצטער. די באָבע איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, ווי געוויינלעך, אין קאָשציאָל אַריין, פון קאָשציאָל ווידער האָט זי געדאַרפט גיין אויפן מאַרק, איינצוקויפן פּראָדוקטן צום מיטאָג. מיר זע־נען געבליבן אַליין און האָבן געפירט צווישן זיך איינעם פון אונדזערע אינטימע שמועסן, וואָס מיר האָבן אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. יעדע פון אונדז האָט זיך באַמיט אַריינצוגיסן אין דער נשמה פון דער צווייטער אַ פונק האָפענונג און גלויבן אין דעם לעבן. און דאָס איז אונדז דעמלסט אַזוי נייטיק געווען. צום באַדויערן, נישט קיין סך אַזעלכע מינוטן האָבן מיר געקאָנט האָבן צווישן זיך. פּלוצים האָט זיך אָן עפן געטאָן די טיר, און ס'איז אַריינגעקומען די באָבע. איר פּנים איז געווען אַ געענדערטס, און די אויגן, רויט פון וויינען.

— וואָס איז געשען? — זענען מיר אויפגעשפּרונגען פון די ערטער.

— פאַרוואָס ביסטו אַזוי פרי געקומען? — האָט אַ פרעג געטאָן אַננע, מיט אַ גראָ־געוואָרן פּנים.

— אָט זעט, וואָס כ'האָב געפונען, — האָט די באָבע אַרויסגענומען

פון פּראָדוקטן־קיישל דאָס געבעט־בוך, און דערין אַ נישט־דערברענט זייטל פון אַ ספר, זי האָט עס באַהיט אַנידערגעלייגט אויפן טיש.

מיר האָבן זיך ביידע איינגעבויגן איבערן געלן, האַלב פאַרברענטן בלעטל פון וועלכן ס׳האָבן אָפּגעגלאַנצט געדרוקטע, שוואַרצע העברעישע אותיות.

— וואָס איז דאָס אַזוינס? — האָט אַננע געפרעגט אַ צעטומלטע — פונוואַנען האָסטו עס, מאַמע, און צו וואָס האָסטו עס אַהערגעבראַכט?

— דאָס ברענגט דער ווינט צו טראָגן פונעם געטאָ, — האָט די באָבע געענטפערט כליפּענדיק — אָן אַ שיעור אַזעלכע בלעטלעך פליען איבער וולאָכי.

אַננע האָט אָפּגעווישט דעם קאַלטן שוויס פון שטערן און געקוקט מיט שרעק, דאָ אויף דער מאַמען, דאָ אויפן בלעטל:

— אָבער מאַמוניו, וואָס איז געשען? — זאָג שוין ענדלעך.

— ס׳הייסט? נישט שוין־זשע ווייסטו נישט? — האָט די באָבע פאַר־בראָכן די הענט — ווייסט נישט אַז פון אינדערפרי אָן ברענט דאָס געטאָ? טוט נאָר אַ קוק אַרויס דורכן פענצטער, דער גאַנצער הימל איז דאָך פאַרדעקט מיט אַ רויך, וואָס טראָגט זיך צו אונדז פון וואַרשע. דער ווינט טראָגט אָן אַ שיעור פאַרברענטע שמות פון דאָרטן.

מיר זענען צוגעגאַנגען צום פענצטער, און ערשט איצט האָבן מיר דערזען גרויסע, גראָ־שוואַרצע רויך־קנוילן, וואָס ציען איבער הימל, ווי אַ שפּינוועבס־נעץ, וואָס זייגט איין אין זיך די שיין פון דער זון.

— אָבער ווי האָסטו זיך נישט געשראָקן, מאַמע, אויפצוהייבן „אַזאַ״ בלעטל און עס ברענגען אַהער? — האָט זיך אַננע נישט געקאָנט באַרויקן.

— אַלע מענטשן הייבן אויף די בלעטלעך, — האָט געענטפערט די באָבע — האָב איך אויך געמעגט. אָבער צום באַדויערן איז מיט מיר געשען אַ פאַל, וואָס האָט זיך געקאָנט ענדיקן טראַגיש פאַר אונדז אַלע, ווען איך וואָלט נישט געווען האַלטן קאָפּ. איר ווייסט דאָך, אַז איך גיי יעדן טאָג צו דער הייליקער מעסע און בין שטענדיק די ערשטע אין קאָש־ציאָל. בין איך אויך היינט אַרויסגעגאַנגען זייער פרי פון שטוב און האָב נישט באַמערקט גאָרנישט, ווייל דער ווינט האָט זיך אָנגעטראָגן ערשט שפּעטער. האָב אויסגעהערט די גאַנצע מעסע רויק און בין אַרויסגעגאַנגען פון קאָשציאָל. ביים פאַרקערעווען אויפן מאַרק, איז צו מיר צוגעקומען

עפּעס אַ פרוי, וועלכע איך קאָן בלויז פון קאָשציאָל, טאַקע מיט אַזאַ־אָ בלעטל אין האַנט און האָט מיר אַ זאָג געטאָן:

— איר זענט אַזאַ פרומע און אַ געלערנטע. אפשר וועט איר מיר קאָנען איבערלייענען וואָס דאָ איז אָנגעשריבן?

— נישט פאַרפילנדיק קיין שום שלעכטס, האָב איך רויק אַרויסגענומען די ברילן פון קיישל, גענומען דאָס בלעטל אין האַנט און געוואָלט עס איר איבערלייענען. מיטאַמאָל האָב איך דערזען אַז דאָס זענען העברעישע אותיות. אַלץ האָט מיר גענומען טאַנצן פאַר די אויגן, און אַ כוואַליע בלוט האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין. ווייסט דאָך, אַננע, ווי ס׳איז מיט מיין בלוטדרוק, ווען איך דענערוויר זיך. אָבער אין דעם מאָמענט האָב איך באַנומען, אַז איך טאָר נישט פאַרלירן דעם מוט, אַז די דאָזיקע פרוי איז מיט אַ כונה צוגעקומען צו מיר מיטן בלעטל, ווייל מ׳האַלט, אַז איך שטאַם פון יידן, און דאָס איז אַ פּאַסטקע, געשטעלט פאַר אונדז אַלע. האָב איך זיך באַהערשט, אַוועקגעשטעלט דאָס בלעטל ווייט קעגן די אויגן, ווי כ׳וואָלט זיין אַ ווייטזיכטיקע, געדרייט עס אויף אַלע זייטן און ענדלעך, האַלטנדיק עס איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ, אַ זאָג געטאָן איר אַזוי: „איך קאָן אייך נישט זאָגן וואָס דאָ איז אָנגעשריבן. איך זע דאָס ערשטע מאָל אַזאַ שריפט פאַר מיינע אויגן".

— איר הערט, — האָט מיר די פרוי געזאָגט — אַלע אין וולאָכי שמועסן, אַז אין געטאָ וויקלען די דייטשן אַרום די יידן מיט אַזעלכע פּאַרמעטן און פאַרברענען זיי לעבעדיקערהייט.

— קאָנסט זיך אויסמשלען, אַננע, — האָט די באָבע געזאָגט שלוכצנדיק — וואָס אין מיין האַרץ האָט זיך אָפּגעטאָן, ווען כ׳האָב דאָס דערהערט. אַלץ איז אין מיר אָפּגעשטאָרבן פון גרויל, ווי עמעץ וואָלט מיר אַ מעסער אין סאַמע האַרץ אַריינגעשטאָכן. און דערביי האָב איך נישט געטאָרט לאָזן עפּעס דערקאָנען אויף זיך. געמוזט שפּילן מיין ראָליע, מאַכן אַן אָנשטעל פון אומגעצווונגנקייט און ווייטער ליגן. ערשט בין איך זיכער, אַז זי איז צו מיר צוגעקומען מיט דעם בלעטל כדי מיך אויסצופּרוּוון. זאָג איך איר אַזוי: „איר ווייסט וואָס? צומבעסטן לאָמיר פרעגן דעם גלח. די גלחים לערנען זיך לייענען די הייליקע שריפטן, וועט ער אונדז איבערלייענען און דערקלערן. אָבער מיין פאָרשלאַג איז איר נישט געווען אָנגעלייגט, וואָרן זי האָט בלויז פאַרקרימט די נאָז, צוגענומען דאָס בלעטל און איז אַוועקגעגאַנגען. און איך, ווען כ׳בין געווען שוין ווייט פון מענטשן,

אַליין אויפן וועג אַהיים, האָב איך זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, צי קיינער זעט מיך נישט, און אויפגעהויבן אַזאַ בלעטל. און ווינען און קלאָגן מעג מען ערשט דאָ הינטער פאַרמאַכטע טירן. אָט צו וואָס איך האָב דער־לעבט, אַז אויף מיינע אַלטע יאָרן זאָל איך זיך מוזן אָפּזאָגן פון אונדזערע הייליקע ספרים, — האָט געשלוכצט די אַלטע באָבע.

— באַרויק זיך, מאַמע, באַרויק זיך, — האָט איר אַננע אָנגעהויבן בעטן — מיר מוזן זיין באַהערשט און רויק.

— ביסט גערעכט, קינד מיינס, — האָט איינגעשטימט די באָבע.

אינצווישנצייט האָב איך זיך באַמיט איבערצולייענען די הייליקע העב־רעישע ווערטער, וואָס כ'האָב שוין אַזוי לאַנג נישט אָנגעקוקט, אָבער זענען אַזוי שטאַרק איינגעקריצט אין מיין נשמה פון די קינדעריאָרן. נאָך אַזויפיל יאָרן האָבן זיי זיך אויפסניי אומגעקערט צו מיר, פאַרצערטע פון פלאַמען, אין שוואַרצע טרויער־רעמלעך, זיך צעפּאַלנדיקע אויף אַש ביי יעדן באַריר. דאָס זענען געווען ווערטער גרויסע, אייביקע און אומשטער־בלעכע:

„איכה ישבה בדד העיר רבתי עם, היתה כאלמנה, רבתי בגוים, שרתי במדינות היתה למס״ — „ווי איז געבליבן זיצן אַליין די שטאָט פון פולק־פאָלק; געוואָרן ווי אַן אלמנה די פירשטין צווישן די אומות; די האַ־רינטע צווישן די מדינות געוואָרן צו צינזס״.

— דאָס זענען די קינות פון ירמיהון, — האָב איך געזאָגט מיט אַ שטים באַנומען פון טרערן.

ס'איז שטיל געוואָרן. מיר האָבן נישט געפונען קיין ווערטער אויסצו־דריקן די דערהויבנקייט פון דעם מאָמענט. ביז די באָבע האָט זיך אָפּ־גערופן:

— משמעות, אַז די יידן קעמפן אין געטאָ, און דערפאַר האָבן די דייטשן אָנגעהויבן פאַרברענען דאָס געטאָ.

— זאָל דאָס האָבן ווירקלעך געשען? — האָב איך אַ פרעג געטאָן, שפּאַנענדיק איבערן צימער ווי נישט ביים זינען — זעסטו, אַננע, זעסט, — האָב איך געזאָגט בעת מיין פּנים און הענט האָבן געציטערט — דאָס איז געווען דער וועג פאַר מיר, און נישט יענער וואָס דו האָסט מיר געעצהט און דערמיט מיר געהאָלפן אַרויפציען אויף זיך אַ פרעמדע הויט, אויסבאַ־האַלטן זיך און אַנטלויפן פון זיך... איך האָב באַדאַרפט בלייבן מיט זיי ד אָ ר ט ן, אין געטאָ, מיט זיי ליידן, קעמפן ביז אומקום... דעמלט וואָלט

מיר געווען לייכטער. איך וואָלט געווען „איך", כ׳וואָלט געווען פריי. און נישט זיצן דאָ אויף דער אַרישער זייט, זינקען אין שקר און נאָך מיט־שלעפּן אַנדערע אין אָפּגרונט. דאָס איז נישט פאַר מיר קיין לעבן. כ׳פאַר־אַכט אַזאַ לעבן! ווי בין איך מקנא יענע, וועלכע קומען אום מיטן געווער אין האַנט קעגן דעם דייטשישן מערדער!

— אָבער באַרויק זיך, לענקע — האָט אַננע געזאָגט מיט פירהאַלט אין שטימע — אומקומען איז זייער לייכט, קאָנסט עס טאָן יעדע רגע. און אויך זיי אין געטאָ קעמפן צום באַדויערן אומזיסט.

— דאָס איז נישט ריכטיק, אַז זיי קעמפן אומזיסט, — האָב איך מיט צאָרן פּראָטעסטירט — אַזאַ קאַמף קאָן נישט זיין אומזיסט! דאָס איז דער הייליקסטער קאַמף אין דער גאַנצער געשיכטע. אַדאַנק אָט דעם אומזיסטן קאַמף, ווי דו דריקסט זיך אויס, ראַטעווען זיי דעם כבוד פון דעם יידישן פאָלק. זיי ראַטעווען דעם כבוד פון אַלע, סיי פון די אומקומענדיקע יידן, סיי פון די נישט־יידן, וועלכע קוקן זיך צו צו די דייטשישע פאַרברעכנס און טוען גאָרנישט צו העלפן די יידן.

— מ׳דאַרף טראַכטן ווי אויסצודויערן, און נישט וועגן ראַטעווען די וועלט, — האָט אַננע געזאָגט זאַכלעך.

—ס׳האָט פאַר מיר קיין ווערט נישט דאָס אויסדויערן, בעת מיינע ברידער שטאַרבן אויף אַזאַ מין אופן, — האָב איך געענטפערט אַנטשלאָסן.

אַננע האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ טיפער זאָרג אין די אויגן. דערנאָך איז זי אַרויסגעגאַנגען אַריינרופן די קינדער אין שטוב. די באָבע האָט אָפּגעווישט די אויגן און איז צוריקגעגאַנגען צו אירע אַרבעטן אין קיך. און איך בין געבליבן אַליין אין צימער און אַרויסגעקוקט אויף די שוואַרצע קנוילן רויך, וועלכע הילן אַלץ מער אַרום דאָס לייכטזיניקע, זיך ווייל־דיקע וואַרשע.

## דער מאַן

איינמאָל אום פּסח האָט מיר העניק געזאָגט, אַז עדוואַרד פּאַלסקי וויל זיך זען מיט מיר, כ׳האָב זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט.

— צו וואָס? — האָב איך געפרעגט.

— כ׳ווייס נישט, — האָט ער געענטפערט אויסמיידנדיק — כ׳האָב אים באַגעגנט צופעליק אין גאַס, אין וואַרשע. מיר האָבן לאַנג נישט געקאָנט שטיין צוזאַמען... ער האָט געפרעגט אויף דיר און געבעטן, זאָלסט קומען צו זיי די קומענדיקע וואָך אום זונטיק נאָכמיטיק. זיי וווינען ווו זיי האָבן געוווינט פריער.

פּאָלסקי איז געווען מיין מאַנס אַ קוזין, האָט געשטאַמט פון טשעכיע. פון פאַך איז ער געווען אַ דאָקטאָר־מעדיצין, נאָר, פאַרשטענדלעך, מיט דעם פאַך זיך נישט געקאָנט פאַרנעמען, ווייל ער איז געווען אַ ייד. בעתן מלחמה־אויסברוך איז ער אַנטלאָפן קיין פוילן, אַן אָרט ווו מ׳קאָן אים נישט, און האָט דאָ געלעבט ווי אַ פּאָליאַק אויף אַרישע פּאַפּירן. אַ העלער בלאָנ־דין מיט בלויע אויגן, נישט פון הויכן וווקס, מיט אַ קורצער ענערגישער נאָז, האָט ער געהאַט אַן אויסגעצייכנטן אַרישן אויסזען. נאָר אין פּוי־ליש האָט ער זיך נישט אויסגעצייכנט, הגם ער האָט געהאַט נישט קיין שלעכטן אַקצענט. דערפאַר טאַקע איז ער אָנגעגאַנגען פאַר אַ שלעזיער (די פּאָליאַקן אין שלעזיען האָבן נישט גערעדט קיין ריינעם פּויליש). נאָך פאַר זיין שטודיום האָט ער זיך פאַרליבט אין אַן אָרעם, אָבער זייער אַ שיין מיידל און מיט איר חתונה געהאַט קעגן ווילן פון זיינע עלטערן, וועלכע זענען געווען זייער רייך און האָבן זיך געוווּנטשן אַ גוטע „פּאַר־טיע" פאַר זייער בן־יחיד. די פּאָלסקיס האָבן געהאַט אַ זייער זיס, פּיר־עיריק מיידעלע, עווניע, וואָס איז פולשטענדיק ענלעך געווען צום טאַטן. זייער וווינען אין וואַרשע, האָט זיי גורם געווען אַ סך קלאָפּאָטן: גער־טרודע, פּאָלסקיס ווייב, איז געווען אַ ברונעטקע און האָט נישט אויס־געזען „אַריש", אויסערדעם האָט זי נישט געהאַט קיין סך מוט. דערפאַר פלעגט זי זיצן אין שטוב און נישט אַרויסגיין אין גאַס. אַלע ענינים פלעגט פאַר איר אָפּטאָן דער מאַן. ער האָט געאַרבעט אויף אויסצוהאַלטן די שטוב, אַלץ איינגעקויפט, איז געגאַנגען מיטן קינד אויפן שפּאַציר א.א.וו. דאָס ווייב האָט ער אָפּגעהיטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

איינמאָל איז זי געפאָרן אין אַ פאַרמאַכטער דראָזשקע צום פּרי־זירער זיך טלעגירן אויף העל די האָר. ביים אויסשטייגן איז צו איר צו־געקומען אַ שאַנטאַזשיסט און האָט זי גלייך אַוועקגעפירט אין געס־טאַפּאָ. אין צוויי שעה שפּעטער איז איר מאַן געלאָפן אין דער ריכטונג פון דער שוכאַ־אַלייע. ער האָט דאָרט ענערגיש געפאָדערט אַ זעונג מיטן הויפּט־אָפּיציר. מ׳האָט אים אַריינגעלאָזן.

— וואָס פאַרלאַנגט איר? — האָט געפרעגט דער הויכער, אויס־געפוצטער דייטשישער אָפיציר.

— מיט אַ צוויי שעה פריער האָט מען אַרעסטירט מיין פרוי מחמת דעם השד, אַז זי שטאַמט פון יידן.

— אויסגעצייכנט, — האָט דער אָפיציר געזאָגט צופרידן. — און איצטער קומסטו? דער פיש גייט אַליין אין דער נעץ. איז נאָך ווער פאַרבליבן פון דיין פאַמיליע? — האָט ער געפרעגט מיט אַ סאַדיסטיש שמייכעלע.

— יאָ — האָט פאַלסקי געענטפערט אינגאַנצן רויק — מיר האָבן נאָך אַ קליין טעכטערל.

— ס׳גייט אַלץ אויסגעצייכנט. — האַנס, — האָט ער אַ פּאַטש גע־טאָן מיט די הענט — נעם אַ קאַרעטקע, זעץ אַריין דעם חברהמאַן און ברענג מיר זיין יידיש רעשטל. מירן באַלד מאַכן מיט זיי אַ פאַרווייַלונג. מיר וועלן אייך דאָ ווייזן, — פאַרשאָלטענע יידן, — האָט ער זיך גע־ווענדן צו פאַלסקין — וועמען אָפּצונאַרן.

— הער אָפיציר, — האָט זיך פאַלסקי אָנגערופן רויק — איך האָב נישט קיין מאָטיוו אויסצובאַהאַלטן, נישט מיין קינד און נישט מיין פרוי: מיר זענען נישט קיין יידן.

— דו וועסט זיך שוין דאָ צו אַלץ מודה זיין, ברודערקע — האָט אים דער אָפיציר געקלאַפּט אין פּלייצע — ס׳פעלן אונדז נישט דאָ קיין „אַנט־שפּרעכיקע מעטאָדן“, איר זאָלט זיך אַלע מודה זיין.

מ׳האָט געשיקט נאָכן קינד. מ׳האָט יעדן איינעם פון זיי אָפּגעשלאָסן אין אַ באַזונדער צעלע און געפאָרשט. פאַלסקין האָט מען קודם־כל אַראָפּ־געצויגן די הויזן. ער איז פאַרשטענדלעך געווען געמלט.

— ייד! — האָט זיך מיט טריומף צעלאַכט דער אָפיציר. — נו, און וואָס וועסטו איצטער זאָגן?

— הער אָפיציר, — האָט פאַלסקי זיך געהאַלטן רויק — דאָס איז נישט קיין באַווייז. כ׳בין געווען ווענעריש קראַנק און האָב פאַר מיין חתונה דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע אין שפּיטאָל פון דעם אוניווערסיטעט אין פּראַג, אין דער הויט־ווענערישער אָפּטיילונג. דאָס איז געווען דעם זעקסטן אויגוסט 1935. די אָפּעראַציע איז געמאַכט געוואָרן דורכן פּראָפעסאָר יאַנושקאַ און איז פאַרשריבן אין די מעדיצינישע ביכער פון דאָזיקן אָפּ־טייל, אונטער דער אָנגעוויזענער דאַטע, צוזאַמען מיט דער גענויער

באַשרייבונג פון דער קראַנקהייט. און איצטער פֿאָדער איך אומבאַדינגט צו קאָנטראָלירן דאָס וואָס כ׳האָב געזאָגט, און איך דערקלער, אַז אייער חשד בנוגע מיין גאַנצער משפחה איז גרונטלאָז.

ווען מ׳האָט געפֿאָרשט דאָס קינד, האָט מען עס געפרעגט:

— ווי הייסטו?

— עוווניע פֿאַלסקי.

— און פון ווען אָן הייסטו אַזוי?

— פון שטענדיק.

— און ווי האָט אַמאָל געהייסן דיין טאַטע?

— עדוואַרד פֿאַלסקי.

— און ווער האָט דיר געהייסן אַזוי זאָגן?

— קיינער נישט.

— און פֿאַטשערע קאָנסטו?

— איך קאָן. — זי האָט אַנידערגעקניט, צונויפגעלייגט די הענט־לעך און אָנגעהויבן זאָגן: „פֿאָטער אונדזערער, וואָס ביסט אין הימל..."

— אָבער ווו איז דאָ דאָס הייליקע בילד? — האָט זי אַ פרעג געטאָן.

אויף פֿאַלסקיס פרוי האָט דערקלערט פונקט דאָס זעלבע, וואָס דער מאַן. נאָך דער דאָזיקער אויספֿאָרשונג האָט דער פֿאָרשנדיקער אָפיציר געזאָגט צום דיזשורנע:

— דאָס זענען אַזעלכע ספריטנע יידן, אַז מ׳וועט זיי דאַרפן באַפרייען. מע קאָן פון זיי גאָרנישט אַרויסבאַקומען עפּעס אַנדערש, נאָר תמיד דאָס זעלביקע מעשהלע. צי האָט איר געהערט, ווי זיי האָבן אויסגעלערנט רעדן דאָס פיריעריקע קינד?

ווען די פֿאַלסקיס האָבן זיך יענעם טאָג אומגעקערט אַהיים, האָט זיך זיי געדאַכט, אַז זיי זענען פונדאָסניי געבוירן געוואָרן. דאָס איז געווען אַ געשיכטע וואָס איז ממש נישט צום גלייבן, זי איז זיך שנעל פֿאַנאַנ־דערגעגאַנגען צווישן די יידן, וואָס לעבן אויף אַרישע פּאַפּירן אין וואַרשע.

*

כ׳בין אַוועק צו זיי גלייך נאָכן מיטיק. זיי האָבן געוווינט היפּש־ווייט אויף די פּעריפעריעס פון שטאָט, אין אַ גרויסן הייזער־בלאָק. דער זונ־טיק איז געווען אַ אומעטיקער, סילועטן פון הייזער און מענטשן האָבן

זיך באַוויזן און זענען צערונען אין נעפּל. די ביימער זענען געשטאַנען אײַנגעטונקען אין נעפּל, דורכגעזאַפּט מיט טרערן און פֿינצטערניש. די געשטאַלטן פֿון מענטשן און זאַכן זענען געווען פֿאַרווישט און נישט־רעאַל, ווי זיי וואָלטן געווען זייערע אייגענע שאָטנס. כ׳בין געגאַנגען שנעל, דער קאַפּעליוש טיף אַראָפּגערוקט איבער די אויגן. האָב נישט געוואָלט אײַנשטײַגן אין באַלויכטענעם טראַמוויי, כדי נישט צו „שליסן באַקאַנט־שאַפֿט" מיט אַ נײַעם שאַנטאַזשיסט. די גאַסן זענען געווען האַלב ליידיק פֿון מענטשן, דער בײַסנדיקער רויך פֿון געטאָ, דער נעפּל און די פֿריִע טונקל־קייט האָט זיי פֿאַרטריבן פֿון די גאַסן אין די הײַזער.

— סאַראַ סוואָנד ס׳טראָגט זיך עס פֿונעם געטאָ — האָט מען גע־שמועסט, קרימענדיק מיט די נעז, און זיך אַוועקגעקערט אין אַן אַנדער ריכטונג. אָבער דער ווינט האָט געטריבן דעם רויך אין אַלע ריכטונגען און נישט אויסגעמיטן אַפֿילו די דעליקאַטסטע נאָזלעכער. כ׳האָב פֿאַראַכ־טעט די דאָזיקע מענטשן: „זאָלן זיי אַנטלויפֿן, זאָלן זיי זיך באַהאַלטן אין זייערע ענגע אָנגעהייצטע צימערלעך, זאָלן זיי באַהאַלטן די קעפּ אין זאַמד, ווי שטרויספֿייגל, זיך אײַנשמועסנדיק, אַז דאָס פֿײַער וועט צו זיי נישט גרייכן! ווען זיי וועלן זיך אויפֿוועקן, וועט שוין זײַן צו שפּעט!..."
כ׳בין געגאַנגען מיט לײַכטע טריט. דער ווינט האָט מיך אונטערגעטריבן, רויך און פֿינצטערניש האָבן מיך אַרומגעהילט ווי מיט אַ גרויער פּלאַכטע. נישט געקוקט אויף אַלץ האָט אין מיר געיובלט דער שטאָלץ צוליב די קעמפֿנדיקע יידן אין געטאָ, צוליב די פֿלאַטערנדיקע פֿענער אויף די מויערן. אונדזער טויט האָט באַקומען אַ זין און אַ ציל, ס׳איז נישט קיין סוף, נאָר אַן אָנהייב פֿון עפּעס־וואָס גרויסעס. כ׳האָב גענומען קוקן אויף אַלץ וואָס איז פֿאָרגעקומען אַרום מיר פֿון אַ ווײַטקייט נישט צום אויס־מעסטן, פֿון עפּעס אַ הימלדיקער הייך, פֿון אַן אַנדערער וועלט פֿון גרויס־קייט און שטילקייט... אונדזער גאַנצע וועלט האָט זיך מיר אויסגעדאַכט ווי אַ קליינע מאַראַנצן־שאָל, וועלכע טראָגט זיך און צאַפּלט קאָנוווּלסיוו אויף אַן אויפֿגעבראַזטן אָקעאַן. ס׳איז פֿאַר איר קיין רעטונג נישטאָ.

אומגעריכט פֿאַר זיך אַליין, האָב איך זיך געפֿונען לעבן דעם הויז פֿון די פּאַלסקיס. מײַן אָנקלינגען בײַ זייער טיר האָט אויפֿגעהילכט איבער די לערע שטיגן מיט אַן עכאָ. דער באַלעבאָס אַליין האָט מיר געעפֿנט די טיר.

— וואָס מאַכסטו, לענקע? — האָט ער מיך באַגריסט. — מיר האָבן זיך שוין לאַנג נישט געזען.

— אַ דאַנק, גוט, — האָב איך מעכאַניש געענטפערט, פאַרזשמו־רענדיק די אויגן צוליב דער שיין־כוואַליע, וואָס האָט זיי פאַרגאָסן.

ס׳איז אַריינגעקומען אין פאָדערצימער גערטרודע, האָט זיך מיט מיר באַגריסט און איבערגעלאָזט די טיר פון צימער האַלב אָפן. כ׳האָב אויסגעטאָן דעם פּאַלטאָ, דעם דורכגעזאַפּטן מיט פייכטקייט. אין דעם שיפן שיין־פּאַס, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך דער שפּאַרונע פון צימער אין פאָדערצימער אַריין, האָט פאַר מיר אַ שווינדל געטאָן דער סילועט פון אַ זיצנדיקן מאַנצפּאַרשוין. זיין איינגעבויגענער רוקן און דער אופן ווי ער האָט אָנגעלענט די האַנט אויפן טיש, זענען מיר געווען באַקאַנט. ווי אין חלום האָבן זיך פאַר מיינע אויגן באַוויזן טויזנטער אַזעלכע פּאָזיציעס, וואָס האָבן זיך אַמאָל אָפּגעשלאָגן אויף די נעצלעך פון מיינע אויגן און שטעקן אין געוועב פון מיין זכרון. מיט אַן אומרויִק געמיט האָב איך אַ ווענד געטאָן מיין בליק און דאָרט דערזען מיין מאַן. מיינע אויגן־וויעס האָבן זיך צעפלאַטערט, די אַקסל זיך הילפלאָז אַראָפּגעלאָזן, און די פיס האָבן זיך אַ צי געטאָן אויף צוריק. אָבער גערטרודע איז שוין געשטאַנען לעבן מיר, האַלטנדיק פעסט איר האַנט אויף מיין אַקסל.

— קום אַריין אין צימער, לענקע, — האָט זי געזאָגט. — מיר האָבן פאַרבעטן דיך און אויך אַלבערטן, ווייל מיר ווילן אַרומשמועסן מיט אייך אַ וויכטיקן ענין.

כ׳האָב זיך געזעצט אויף דער קאַנאַפּע אין אַ ווינקל פון צימער, לעבן עוווניען, וועלכע שפּילט זיך מיט דער ליאַלקע. אַלבערט איז געזעסן ביים טיש מיטן פּראָפיל צו מיר. פון מיין ווינקל האָב איך געזען בלויז זיין קורצע נאָז, דעם שראַם איבער דעם לינקן אויג און אַ האַלב אויפגע־שטעלטע בלאָנדע וואָנצע. ער איז היפּש דיקער געוואָרן, די ליפּן־ווינ־קלען אַראָפּגעלאָזן, די שראַמען אויפן פּנים אויפגעשוואָלן. ער האָט אויסגעזען ווי אַ זאַטער, אָפּגעפּאַשעטער הער, וואָס כאַפּט נישט זעלטן אַ בליק אין גלעזל. אין מיינע שוואַרצאַפּלען האָט זיך געשפּיגלט דאָס בילד פון אַן אַנדערן מאַנצפּאַרשוין אין דער פאַרגאַנגענהייט. אַ הויכער, אַ שיינער, מיט ענערגישע און עקשנותדיקע ליפּן, מיט ריטערלעכע שראַ־מען־צייכנס און מיט שטאָלענעם גלאַנץ אין די העלע אויגן. כ׳האָב געמאַכט אַ פאַרגלייך צווישן יענעם בילד מיט דעם איצטיקן. יאָ, — האָב איך אָפּ־געזיפצט — אַזוי האָט ער אויסגעזען אַמאָל, און אַזוי זעט ער אויס היינט... אָבער אייגנטלעך, וואָס וויל „דער דאָזיקער הער” פון מיר האָבן? וואָס

נאָך האָט ער מיר צו זאָגן נאָכדעם וואָס ס'איז צווישן אונדז פאָרגעקומען? גאָר כ'האָב אַ טעות געהאַט. „דער דאָזיקער הער" האָט גאָרנישט גע־וואָלט פון מיר האָבן. ר'איז געזעסן און געשוויגן, ס'האָט בכלל נישט אויס־געזען, אַז ער וויל רעדן. בלויז זיין גריזשען די נעגל פון דער רעכטער האַנט האָט עדות געזאָגט, אַז ער האָט ערגערניש.

צוואָס האָבן זיי אונדז היינט פאַרבעטן ביידע צוזאַמען? — האָב איך זיך געגומען באַומרויקן — איז דען עפּעס געשען? — דער אומרו האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין מיר אַלץ טיפער, ווי אַן עקבער אין לייב. כ'האָב פונדעסטוועגן באַשלאָסן, זיך נישט אונטערצוגעבן, נישט לאָזן זיך באַהערשן פון דער שטימונג. האָב זיך אויסגעדרייט צו עוווגיען און איר געהאָלפן צונויפלייגן די קליידלעך פאַר דער ליאַלקע.

— אפשר דערלאַנגען איך טיי? — האָט זיך דערהערט גערטרו־דעס רויקע שטים.

— פרעג נישט, נאָר דערלאַנג, — האָט איר, נישט זייער העפלעך, געענטפערט דער מאַן. גערטרודע האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט פּירהאַלט אין די אויגן און איז אַרויס פון צימער. אָבער פאַלסקי האָט עס נישט באַמערקט, אַ דענערווירטער איז ער געגאַנגען אַהין און צוריק איבערן צימער, געריבן די הענט מיט נערוועישער באַוועגונג.

גערטורדע האָט אָנגעגאָסן הייסע טיי. איך האָב געמוזט זיך איבער־זעצן צום טיש. האָט עדואַרד אייַנגעפונען דעם מאָמענט פאַר פּאַסיק און אָנגעהויבן רעדן.

— באמת געזאָגט איז דאָס נישט מיין ענין, — האָט ער גערעדט אָפּגעהאַקט, — ס'געהער נישט צו מיר. פונדעסטוועגן קאָן איך אויף דעם אַלעם רויק נישט קוקן... ווי די מעשה זאָל נישט זיין, זענען מיר קו־זינען, — האָט ער זיך געוואָנדן צו אַלבערטן, — איך בין אויך אַ ביסל פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דיינע האַנדלונגען...

אַלבערט, וועלנדיק אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון פאַלסקיס ווער־טער, האָט באַדאַנקט פאַר דער טיי אויפן קול, מיט איבערגעטריבענער העפלעכקייט. מיין לעפעלע האָט זיך געדרייט אין גלאָז טיי, ווי ס'וואָלט וועלן צעזעצן אירע דינע ווענטלעך.

— כ'האָב געהערט פון הענריקן, — האָט עדואַרד ווייטער געצויגן, — אַז לענקע האָט שוין געהאַט ניין שאַנטאַזשן, און איין מאָל האָט מען זי פאַרנומען אין געסטאַפּאָ. לויט מיין מיינונג טאָר זי זיך נישט ווייזן אין

גאַס. לענקע מוז זיך אויסבאַהאַלטן, אָדער בלייבן אין שטוב, אַזויווי גערטרודע. דו ביסט איר מאַן, פאַרדינסט היינט אויסגעצייכנט, דאַרפסטו איר געבן געלט, זי זאָל זיך קאָנען ראַטעווען. מיר האַלטן ביים סוף פון דער מלחמה, אַזוי שמועסן אַלע. איז דאָס דיין פליכט, אויב דו וועסט עס נישט טאָן, וועסטו שולדיק זיין אין איר טויט!

אַלבערט איז געוואָרן פורפור־רויט. האָט אָפּגערוקט ס׳גלאָז טיי און איז אויפגעשטאַנען פון אָרט. ער האָט נישט דערוואַרט אַזאַ שאַרפע אַטאַקע מצד דעם אייגענעם קוזין. זיינע באַציונגען מיטן קוזין זענען ביז היינט געווען „קאָרעקטע".

— וואָס הייסט, איך וועל זיין שולדיק? פאַרוואָס איך? — האָט ער זיך געשטיקט און פאַרכלינעט פון צאָרן — דאָס איז איר אייגענע שולד, זי איז אַליין שולדיק, קיין שום אַנדערע. צי איך הייס איר גיין אין גאַס? איך בין דאָך געווען דער ערשטער, וואָס האָט איר געזאָגט, אַז זי האָט אַ יידישן אויסזען און אַז מ׳וועט זי פאַרפאָלגן. איך האָב איר דער ערשטער געוואָרנט, זי זאָל זיך היטן. אַז מ׳האָט אַזאַ אויסזען, זיצט מען שטיל אויפן הינטן און מ׳מאַכט נישט קיין „שפּאַצירן" אין געטאָ, ווי זי טוט עס. קאָן איך זיין שולדיק, אויב זי פאַרנעמט זיך מיט פרעמדע קינדער און מיט פרעמדע געשעפטן? ווער ס׳טוט אַזעלכע זאַכן, קאָן נישט פאָדערן פון אַ צווייטן קיין הילף. מיך מישט דערין נישט אַריין, מיך גייט דאָס אַלץ נישט אָן. זאָל זי זיך נאָך אַ מאָל איבערצייגן ווער ס׳איז געווען גערעכט — איך אָדער זי!

— יאָ, אָבער ווי האָט זי געקאָנט נישט אַרויסגיין אין גאַס, אויב זי האָט נישט געהאַט פון וואָס צו לעבן און געמוזט אַרבעטן? — האָט זיך אַריינגעמישט גערטרודע. — האָסט דאָך איר קיינמאָל נישט געגעבן אויף אויסהאַלטונג.

— ווייל איך האָב אַליין נישט געהאַט, — האָט ער צוגעוואָרפן.

— אָבער היינט האָסטו שוין, ביסטו איר מחויב צו געבן.

— אויף וויפל איך דערמאָן זיך, — האָט ווידער עדוואַרד אָנגעהויבן רעדן — האָט לענקע שטענדיק דיך אויסגעהאַלטן. און נישט נאָר דיך, נאָר אויך דיין מאַמען און דיין ברודער. דיין געהאַלט איז דאָך אַוועק־געגאַנגען אויף צו באַצאָלן די קאָוואַלערישע חובות און אויף קעשענע־געלט. היינט פאַרדינסטו דאָס ערשטע מאָל אין דיין לעבן זייער גוט. ביסט דער קאָנטראָלער פון די גרעסטע פירמעס אין וואַרשע מצד דער דייטשי־

שער מאַכט. האָסט ערשט די מעגלעכקייט אָפּצוצאָלן איר פֿאַר דעם אַלץ, וואָס זי האָט פֿאַר דיר געטאָן אין משך פֿון אַזויפֿיל יאָרן. זי קאָן שוין מער נישט אַרבעטן, ווייל זי קאָן דערפֿאַר מיטן לעבן באַצאָלן.

זיי האָבן אים ביידע אַטאַקירט מיט זייערע אַרגומענטן, אַז ער האָט ממש דאָס לשון פֿאַרלוירן. איך בין כסדר געזעסן ביים טיש אַ שווייגנדיקע און געקוקט אויפֿן פּוסטן, קאָלירלאָזן דנאָ פֿון גלאָז. כ׳האָב אויף אים קיים שום האָפֿענונג פֿאַר זיך נישט געזען. ענדלעך האָט זיך אַלבערט אויפֿגעהויבן אַ צווייט מאָל און אַ זאָג געטאָן, נישט קוקנדיק אויף מיר:

— זי וועט סיווי ביי מיר נישט נעמען.

— וואָס הייסט זי וועט נישט נעמען? — האָט גערטרודע נישט באַ־נומען. — ס׳האַנדלט זיך דאָך וועגן איר לעבן.

— אַזוי איז עס, זי וועט נישט נעמען, — האָט אַלבערט איבער־געחזרט. — איר קאָנט זי נאָכנישט, איך קאָן זי בעסער פֿון אייך. איר קאָנט נישט איר עקשנות און שטאָלץ.

— אָבער לענקע, — האָט זיך גערטרודע געוואָנדן צו מיר — ווי קאָן מען זיין איינגעעקשנט, ווען ס׳גייט אין לעבן. דאָס איז דאָך קינדעריי און טיפּשות.

— דאָס וואָלט געווען דער לעצטער נאָנסענס, — האָט זיך עדוואַרד אויפֿגעקאָכט, קוקנדיק מיר שאַרף אין די אויגן אַריין.

— אַזוי איז עס, — האָב איך געוואָלט זיי ענטפֿערן — איר זענט פֿול־שטענדיק גערעכט. דאָס וואָלט געווען דאָס לעצטע נאַרישקייט פֿון מיין זייט, ווען איך וואָלט עס געטאָן, איך בין לחליטין נישט אַזאַ איינגע־שפּאַרטע און נאַרישע, איך זאָל נישט נעמען דאָס וואָס מיר קומט באמת, און פֿון אייגענעם ווילן וועלן אומקומען. זאָל ער ביי זאַיך איינלייגן דאָס געלט, זאָל ער געבן, זאָל ער אָפּגעבן אַ טייל פֿון דעם וואָס ער איז מיר שולדיק! דאָס איינע מאָל, דאָס איינאונאיינציקע מאָל וועל איך נעמען, כ׳וועל נעמען, כדי זיך צו ראַטעווען. כ׳האָב דאָס רעכט צו לעבן, ווי ער, ווי אַלע!

כ׳האָב געוואָלט דאָס אַלץ זאָגן, אויסשרייען אויפֿן קול, אויסוויינען. אָבער איך געדענק אפילו נישט צי כ׳האָב געעפֿנט דאָס מויל. כ׳ווייס נישט, צי דאָס איז געווען אַ ממשותדיק געשריי, וואָס האָט זיך, פֿון וויי־טיק פֿאַרהאַלטן אין מיין פֿאַרקלעמטער קעל, צי איז עס אַ געשריי פֿון מיין נשמה...

ס׳האָט גלייך אָנגעהויבן רעדן אַלבערט. ער האָט געמוזט פּילן, וואָס ס׳טוט זיך אין מײַן נשמה און מורא געהאַט פאַר דעם וואָס איך קאָן זאָגן. האָט גערעדט שנעל, צעקאָכט און הויך, כדי מיך נישט צו דערלאָזן צום וואָרט, ר׳האָט געוואָלט זיין גערעכט פאַר יעדן פּרייז, געוואָלט אָפּשלאָגן אַלע פאָרוואורפן פון די פּאַלסקיס. ער האָט באַארבעט דעם באָדן אַזוי, אַז מ׳זאָל אויף אים נישט קאָנען פאַרזייען עפּעס אַנדערש, ווי דאָס וואָס ער האָט באַשלאָסן:

— זי איז אַ לייכטזיניקע, אַ נישט־געהיטע און איינגעשפּאַרטע, זי קאָן זיך נישט אָוועקרייסן פון די זשידעס. זי האַלט זיך אין איין אומקערן צו זיי, שטייט מיט זיי אין פאַרבינדונג, זאַמלט אויף זייערע קינדער. זי קאָן אונדז אַלע אַריינטרייבן אין אַן אומגליק. ווען מיר זענען נאָך געווען אין לעמבערג, אין יאָר 1941, האָב איך איר געזאָגט: הער, האָסט אַ יידישן אויסזען און ציסט צו דאָס אויג פון די שאַנטאַזשיסטן, מיר ווידער, קאָן מען יעדע רגע דערוויזן, אַז כ׳בין אַ ייד. ווען מיר וועלן וועינען צוזאַמען, וועל איך אומקומען צוליב דיר, מיר מוזן זיך צעשיידן. זי האָט זיך דעמלט באַליידיקט. און איצט זעט איר אַליין ווער ס׳איז גערעכט געווען, וואָס וואָלט געווען מיט מיר, ווען כ׳וואָלט געווען בלייבן מיט איר?

אַלבערט האָט גערעדט אַלץ זיכערער, אַלץ סוגעסטיווער. די פּנימער פון די פּאַלסקיס זענען געווען אומרויק, זייערע בליקן פאַרשטאָכן אין דער פּאָדלאָגע.

עווניע האָט געטוליעט צו זיך איר ליאַלקע און געזונגען איר אַ וויגלידל:

כ׳האָב צוויי קעצלעך,ביידע ברוינע, —
קיינער האָט נישט נאָך אַזוינע.

כוואַליעס פון שטומען ווייטיק האָבן געוויגט מײַן נשמה. זי האָט זיך אָפּגעריסן פון קערפּער און געפלאַטערט מיט פאַרווונדעטע פליגל אין אַ האָפענונגסלאָזער לערקייט.

— — — — — — — — — — — — —

צי איז דאָס עווניע, וועלכע פאַרוויגט איר ליאַלקע אין די אָרעמס? צי פאַרוויג איך גאָר מײַן קליין טעכטערל מיט די בלאָע רינגען אונ־טער די אויגן, וועלכע גייט שוין אַוועק פון מיר אויף אייביק, אין די אומ־ענדלעכקייטן פון לערקייט און טויט?

— — — — — — — — — — — — —

צי בין איך עס געווען די פרוי, וואָס די אוקראַינער האָבן געפירט אין דעם „פעטליורע״־טאָג צום טאָל פון טאַרטורן? יענעם טאָג האָב איך אים, אַלבערטן, אַוועקגעפירט אויף אַ זיכער באַהעלטעניש, און אין גאַס האָבן מיך געכאַפּט די תּלינים. צי האָב איך נישט דעמלט געטראַכט: „ווי גוט דאָס איז וואָס זיי האָבן מיך געכאַפּט, און נישט אים״?

— — — — — — — — — — — — —

— ביסטו עס, אַלבערט? האָב איך געהערט זיך אַליין רעדן דורכן טעלעפאָן. — ווייסט, איך בין דאָ אויף מאַרשאַלקאָווסקע אין קאַפע־הויז פון דיין פריינד אַלבין, וואָס דו האָסט אים באַזוכט דאָ נישט לאַנג צוריק. צי וואָלסט געקאָנט מיר ערשט מאַכן אַ באַזוך? איך האָב דאָ עפּעס אַן אומאָנגענעמלעכקייט. יאָ, דו וואָלסט קאָנען עס לייכט איינאָרדענען. ס׳איז פאַר דיר אַ קלייניקייט. דאַרפסט נאָר קומען אַהער און זאָגן אַ וואָרט דעם פריינט. קאָנסט נישט? ביסט פאַרנומען? איז עס אַזוי שווער זיך צו באַפרייען אויף צען מינוט פון ביוראָ? דיין ביוראָ איז דאָך נישט ווייט, פאַרשטייסט, ווייל דאָ ביי מיר איז עס זייער דרינגענדיק, פשוט די רגע איז טייער... — דאָס הער־רערל ווערט אַוועקגעלייגט. אַלע טירן זענען באַזעצט. ער קומט נישט... וואָס וועט זיין? וואָס וועט זיין?

— — — — — — — — — — — — —

די כוואַליעס ווייטיק טרעטן אָפּ, ווי דער ים אין אָפּפלוס. ביסלעכווייז קום איך צו דער איבערצייגונג, אַז איך דאַרף נישט רעדן, אַז ס׳איז אַ שאָד די רייד און זיך דערנידעריקן, ער וועט סייווי נישט געבן. ער וועט נישט געבן פשוט צוליב דעם, ווייל ער וויל נישט איך זאָל לעבן בלייבן.

— און איר קאָנט נאָך זאָגן, — הער איך אַלבערטס שטים — אַז איך וועל שולדיק זיין אין איר טויט? דאָס וועט זי שולדיק זיין אין מיין טויט! אויב איך וועל אומקומען, איז נאָר דורך איר.

— איר האָט זיך דאָך שוין לאַנג צעשיידט, — הער איך גערטרודעס שטים — איר וווינט נישט צוזאַמען, טרעפט זיך נישט, — מיט וואָס קאָן זי דיך שטעלן אין געפאַר?

— וואָס הייסט, זי קאָן מיך נישט שטעלן אין געפאַר? — הערט זיך אַלבערטס שאַרפע שטים — מ׳האַלט דאָך איר אין איין כאַפּן. מ׳פאָרשט זי כסדר, מ׳פרעגט זי אויס. קאָן זי זיך אַמאָל אַרויסכאַפּן וועגן מיר.

כ׳האָב אויפגעציטערט ביז אין מאַרך פון די ביינער. איז שוין דערצו דערגאַנגען, אַז זיין אייגענע נידערטרעכטיקייט און פחדנות שרייבט ער צו מיר?! האָט זיך אין מיר דער ווייטיק אַ ריס געטאָן און זיך צעוואָיעט, ווי אַ פאַרווונדעטער הונט, וואָס מ׳האָט אים פלוצים אַ שמיץ געטאָן. כ׳האָב זיך אויפגעשטעלט, בין צוגעגאַנגען צו אים און שאַרף אַ פרעג געטאָן:

— צי האָסטו שוין געהאַט ווען־עס־איז אומאָנגענעמלעכקייטן נאָך מיינעם אַן אַריינפאַל?

— דאָס, וואָס איז נאָכנישט געשען, קאָן יעדע מינוט געשען, — האָט ער געענטפערט גראָב.

— נאָר סיידן איך וואָלט געהאַט אַזאַ ווערעמדיקע נשמה, ווי דו!

— האָב איך אים אַ שמיץ געטאָן מיט די דאָזיקע ווערטער, ווי מיט אַ שפיצרוט.

דערנאָך בין איך צוגעגאַנגען צו די פאַלסקיס און געזאָגט צו זיי רויק:

— דאַכט זיך, אַז אַלץ איז שוין קלאָר געוואָרן. צוואָס דאַרף ער מיר געבן געלט, אויב ער וויל נישט איך זאָל לעבן בלייבן. כל־זמן איך לעב, פילט ער זיך נישט זיכער, ער וואָלט גערן געוואָלט, איך זאָל נישט עקזיסטירן, אַזויווי ס׳עקזיסטירן שוין נישט זיין מאַמע און ברו־דער. ער שרעקט זיך, טאָמער וועל איך האַנדלען אַזוי, ווי ער וואָלט גע־האַנדלט אויף מיין אָרט.

פאַלסקיס פנים האָט זיך אינגאַנצן איינגעהילט אין שאָטן. גערטרודע האָט געקוקט אויף איר מאַן און געפינטלט מיט די וויעס.

— וואָס הייסט עס? — האָט זי אַ פרעג געטאָן פלוצים, ס׳איז איר שווער צו באַנעמען — איז ווי־זשע איז עדואַרד געקומען צו לויפן נאָך מיר אַזש אין דער געסטאַפּאָ־צענטראַלע, כדי מיר צו ראַטעווען און האָט זיך פאַר גאָרנישט נישט געשראָקן?

קיינער האָט איר נישט געענטפערט. אין צימער האָט זיך איינגעשטעלט אַ מין שטילקייט. בלויז די קליינע עווניע האָט, איינשלעפערנדיק די ליאַלקע, איר געזאָגט, ווי אַלע טאָג צום שלאָפן גיין:

— געדענק, לאַליוניו, דיין טאַטע הייסט עדואַרד פאַלסקי. און אַז אַ פרעמדער וועט דיך פרעגן: פון ווען אָן? — פאַרגעדענק זיך עס גוט — דיין טאַטע האָט שטענדיק געהייסן עדואַרד פאַלסקי...

# איך האָב נאָך צוויי קאַנדידאַטקעס

כ׳האָב זיך ווייטער געפּייניקט אָן אַרבעט און אָן אַ באַשטימט וווינאָרט. אין איינעם אַ פרימאָרגן בין איך גאָר פרי אויפגעשטאַנען, כדי זיך אַרויסצוגנבענען פון דער וווינונג פון די מיעליעצקיס, איידער זייערע שכנים וועלן אויפשטיין פון שלאָף. זייער גאַסטפריינטלעכקייט פאַר מיר איז געווען פאַר זיי צו געפערלעך.

ס׳איז געווען אַ גאָלדענער פרילינג־טאָג. אויפן פאַראַפּעט פון אײַבערן קיך־פענצטער זענען געשטאַנען די שפערלעך און אומגעדולדיק געפּיקט אין שויב, כ׳האָב זיך אַ רגע צוגעקוקט צו זיי. ווען כ׳בין שוין געשטאַנען אָן אָנגעטוענע, גרייט אַרויסצוגיין, איז די באָבע אַריינגעקומען אין קיך.

— וואָס איז דאָס לענקע, — אַזוי פרי גייסטו אַוועק? — האָט זי געפרעגט פאַרוווּנדערט.

— יאָ, באָבע. כ׳האָב נישט געוואָלט, אַז די שכנים...

— אָבער לענקע, האָט זי מיך איבערגעשלאָגן — כ׳וועל דיך סײַווי נישט לאָזן אַוועקגיין אָן פרישטיק. וואָס הייסט? — האָט זי זיך אויפגעקאָכט — אַ גאַנצן טאָג וועסטו אַרומגיין אַ הונגעריקע איבער די וואַרשעווער גאַסן?

— כ׳האָב שוין, באָבע, גענוג אויסגענוצט אייער גוטהאַרציקייט, איך שטעל דאָך אייך אין סכנה. כ׳וועל פאָרן פאַרפרי קיין וואַרשע, אפשר וועל איך געפינען אַ וועלכע אַרבעט, און ביינאַכט וועל איך גיין שלאָפן ערגעץ אַנדערש.

— גוט, אָבער ערשט וועסטו עסן פרישטיק, — האָט זי געענטפערט. פּלוצים האָט זי אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער:

— וואָס איז דאָס? האָסט אָנגעטאָן דעם מאַנטל אויף דער פאַרקערטער זייט?

— ווירקלעך, — האָב איך געענטפערט — אַזעלכעס האָט זיך מיר נאָך קיינמאָל נישט געטראָפן, אַזוי צעשטרייט בין איך.

— דאָס איז גאָרנישט, לענקע. וועסט זען, אַ קליידל אָנגעטאָן אויף דער לינקער זייט באַדייט גליק. וועסט האָבן הצלחה, וועסט היינט גע־

פינען אַרבעט. איך, אַן אַלטע פרוי זאָג עס דיר פּאָרויס. עס אָפּ פּריש־טיק, און מיט אַ געהויבענעם קאָפּ!

כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף איר גוט פּנים, גראָע האָר, אָפּגהאַרציקע אויגן, געכאַפּט אַ בליק אויף די פּרילינג־קנאָספּן, וואָס באָדן זיך אין דער זון, — און זיך אויסגעגלייכט.

— כ׳האָב זיך געזעצט רויק צום טיש און אָפּגעגעסן אַ פולן פּריש־טיק און אַוועקגעגאַנגען צו דער קאַלייקע.

געקומען קיין וואַרשע, בין איך געבליבן שטיין ביי אַ ציישונגס־קיאָסק און האָב געגומען „שטודירן" די אַנאָנסן פון די ציישונגען, וואָס הענגען איך פראָנט. „אַ וויכטיקע דייטשישע פירמע זוכט אַ סעקרעטאַרין, וועלכע קאָן אויסגעצייכנט די דייטשישע און פוילישע שפּראַך". דאָס איז נישט פאַר מיר, האָב איך אַ טראַכט געטאָן. „ס׳ווערן געזוכט פאַרקויפערינס מיט אַ גוטן אויסזען". ווען כ׳וואָלט האָבן אַ גוטן אויסזען, וואָלט איך נישט געמוזט זיין קיין פאַרקויפערין ביי זיי, — האָב איך געטראַכט מיט ביטערער איראָניע. פאַר מיר באַדייט „אַ גוט אויסזען" עפּעס אַנדערש ווי פאַר זיי. וואָרן וואָס וואָלט דען אין יענע צייטן נישט געגעבן די שענסטע יידישקע, זי זאָל באַקומען אַ העלן הויט־קאָליר, אַ פאַרריסן נעזל, אַ ברייט מויל און אַרויסשטאַרצנדיקע קינבאַקן, מיט העלע, גלאַטע האָר? דאָס וואָלט פאַר מיר געווען אַ „גוטער אויסזען".

כ׳האָב שוין געוואָלט אַוועקגיין פון קיאָסק, ווי מיטאַמאָל האָב איך באַמערקט ביים סאַמע ראַנד פון דער ציישונג אַ קליין אַנאָנסל: „ס׳ווערט געזוכט אַ פריילין אויף אַרויסצופאָרן מיט צוויי קינדער, ס׳זענען געוווּנטשן רעפערענצן און פעדאַגאָגישע פּראַקטיק, אַ פוילישע פאַמיליע". דאָס איז עפּעסוואָס פאַר מיר, — האָב איך גלייך אַ טראַכט געטאָן, און דאָס בלוט האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין. פאַמעלעך, פאַמעלעך, — האָב איך זיך באַהערשט — מ׳טאָר זיך נישט דענערווירן. האָב געקויפט די ציישונג און איבערגעלייענט דעם אַנאָנס נאָך אַמאָל פון אָנהייב. מ׳האָט זיך געדאַרפט מעלדן אויף כמיעלנע ערשט פיר אַזייגער נאָך מיטאָג, האָב איך באַשלאָסן פאָרן צוריק צו פּילסיען נאָך רעפערענצן.

פּינקטלעך פיר אַזייגער בין איך געשטאַנען פאַרן טויער פון דעם הויז אויף כמיעלנע, וווּ ס׳האָט געדאַרפט באַשלאָסן ווערן מיין גורל. כ׳האָב געפילט אַ ציטער איבערן גאַנצן לייב, ווען כ׳בין געגאַנגען איבער די טונקעלע שטיגן אין דער הייך. אויפן ערשטן שטאָק האָט מיר אויסגע־

מיטן אַ גראָ געקליידעטע פרוי, דאָס איז אוודאי אויך אַ קאַנדידאַטקע, האָב איך געטראַכט. זיי וועלן קומען צו איר אָן אַ שיעור, און דערצו מיט ערשטראַנגיקע רעפערענצן פון כראַביעס און באַוווסטע פוילישע פאַ־מיליעס. און איך וואָס פאַרמאָג? פּילסיע האָט מיר, וואָס אָן אמת, עפּעס אָנגעשריבן, דאָס איז ווירקלעך נישט שלעכט. זי זאָל נאָר נישט וועלן אַליין וועגן מיר געוואָר ווערן, און וועגן פּילסיען אויך, — האָב איך זיך געטראַכט. זי וואָלט דערזען אין וואָס פאַראַ באַדינגונגען ס׳לעבט די קרובה פון דעם באַליבטן מאַרשאַלעק, און ווי זי קאָן האַלטן אַ גוווער־נאַנטין... אָבער דאָס אַלץ איז גאָרנישט, האָב איך זיך געטרייסט, דאָס וויכטיקסטע בין איך אַליין און דער איינדרוק וואָס איכל מאַכן. דערפאַר דאַרף איך זיך איצטער פעסט נעמען אין די הענט אַריין.

אויפן צווייטן שטאָק, קעגנאיבער דעם אַריינגאַנג אין אַ גרויסן, שמאָלן קאָרידאָר, איז געהאָנגען אַ שפּיגל, און האָב זיך אין אים דערזען אינגאַנצן. כ׳האָב געטראָגן אַ שוואַרץ מאַנטעלע, וואָס ס׳האָט מיר געשענקט אַ יידישקע, ווען איך האָב זי אויסבאַהאַלטן אין ביוראָ־שאַפע בעת דער סע־לעקציע אויף אָגראָדאווע. דערצו האָב איך צוגעקויפט פאַר צען דאָלאַר, געפּונענע איינגעענייט אין דאָזיקן מאַנטעלע, אַ העל פוטערן קעלנערל... אויפן קאָפּ האָב איך געהאַט אַ קליין נעט קאַפּעליושל פון זעלבן קאָליר וואָס דאָס קעלנערל, איבערגעמאַכט (אין וולאָכי) פון אַן אַלטן מענערשן קאַפּעליוש. בלויז די שיך זענען געווען שטאַרק אָפּגעטראָטן, ווייל כ׳האָב געהאַט קליינע פיס און נישט געקאָנט געניסן פון קיין שום פרויס הילף. חוצדעם — די העלע האָר. דאָס פּנים אַ ביסל בלאַס, אָבער יונג. נאָר, אָט די פאַלדן וואָס ציען זיך פון דער נאָז צו די מויל־ווינקלען, — דאָס איז עפּעס נייעס, — האָב איך זיך געטראַכט. אָבער אין סך־הכל איז מיין אויסזען נישט אין ערגסטן, ווי פאַר אַ גוווערנאַנטין.

כ׳האָב דרייסט אָנגעקלאַפּט אין טיר, ווו ס׳איז געווען צוגעשלאָגן אַ וויזיט קאַרטל: „פאַמיליע לודוויג ניעדזיעלסקי". ביי אַ טיש, אויף וועלכן ס׳איז געווען אָנגעוואָרפן שטיקלעך בלויע און ראָזע פלאַנעלע, איז גע־זעסן אַ יונגע פרוי, מיט אַ פול העל פּנים ווי סמעטענע, שיינע בלאָע אויגן און אַ ביסל פאַררייסן נעזל. אַ שיינקייט וואָס איז זייער נאָענט צו יידישן חן, — האָב איך געטראַכט, צוגייענדיק נעענטער. אין צימער האָט געהערשט אַ לייכטע האַלב־טונקלקייט. די גאַנצע דירה איז בכלל געווען אַ טונקעלע, אַלץ געווינטשענער פאַר מיר, ווען זי מיך נישט דערזען

דאָס ערשטע מאָל אין פּולער שײַן. כ׳האָב זיך פאַרגעשטעלט און אָנגע־הויבן שמועסן מיט איר רויק, בליציק און פּריי. איר דערציילט וועגן זיך ווי וועגן אַ פּאַראָרעמטער לערערין פון די ראַנד־געביטן, וואָס האָט שוין געגנוג דאָס אַרומוואַנדערן אין שטאָט און זיין צוגאַסט ביי קרובים. כ׳וואָלט שוין ענדלעך וועלן געפינען אַ וואַרעם, היימיש פאַמיליע־ווינקל, — האָב איך פאַרענדיקט.

— צי האָט איר שוין געאַרבעט מיט קינדער ? — האָט מיין מיטשמו־עסערין מיך אַ פרעג געטאָן מיט אַן אָנגענעמער שטים.

— אוודאי, —האָב איך אָפּגעענטפערט — מיין גאַנצן לעבן פאַרנעם איך זיך נאָר מיט קינדער. ווי אַ סטודענטין פלעג איך געבן לעקציעס, דערנאָך האָב איך געלערנט אין אַ שול, אָרגאַניזירט זומער־קאָלאָניעס פאַר קינדער. האָב זיך אויך באַשעפטיקט מיט קינדער, שווערע צום דערציען.

— יאָ, אָבער דאָס דערציען קליינע קינדער, דאָס איז אַן אַנדערע אַרבעט, — האָט מיר געזאָגט פרוי ניעדזיעלסקא — מ׳דאַרף ביי דעם קינד טאָן אַלץ: אויפרוימען, קאָכן, וואַשן ווינדעלעך, אַרויסטראָגן דאָס נאַכט־טעפּל און דערלאַנגען עס ביינאַכט...

— אָבער דאָס איז דאָך פולשטענדיק נאַטירלעך, — האָב איך איר איבערגעריסן — צי טוט מען עס דען נישט פאַר אַן אייגן קינד ?

— יאָ, אָבער צו פרעמדע קינדער האָבן די גוווערנאַנטינס אַן אַנ־דער צוגאַנג.

— אויף וויפל זיי האָבן נישט ליב קיין קינדער, — האָב איך באַ־מערקט — אויב אָבער זיי האָבן ליב, איז זיי ליב יעדע אַרבעט.

— האָט איר געהאַט אַן אייגן קינד ?

— ניין, — האָב איך געלייגט — כ׳בין נישט קיין חתונה געהאַטע. כ׳בין איינאַליין, ווי אַ פּניאַק, און בענק שטאַרק נאָך קינדער. ס׳איז פאַראַן אין מיר אַ סך ליבע צו קינדער.

פרוי ניעדזיעלסקא האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן ערנסט.

— וואָלט איר וועלן אַ קוק טאָן אויף מיינע קינדער ?

— יאָ, ס׳וואָלט מיר זייער אָנגענעם זיין זיי אָנצוקוקן.

— קרישיע, קום אַהער ! — האָט פרוי ניעדזיעלסקא אַ רוף געטאָן.

— און אָט איז יאַגושיע, — האָט זי געזאָגט, אַריינברענגענדיק פון

צווייטן צימער אַ זויבער קליין מיידעלע. — זי איז אַלט ערשט זיבן חדשים, און קרישיע פיר יאָר.

ביידע מיידלעך זענען געווען העל־האַריקע און האָבן געהאַט אַ הויט־קאָליר פון בלוט און מילך. קרישיע האָט זיך געטוליעט צו דער מו־טער און געקוקט אויף מיר מיט אויגן, בלאָערע פון הימל. און יאַגושיע האָט געהאַט אַ קיילעכיק, צעשמייכלט מיילכל און פריילעך געמאַכט מיט אירע ווייסע הענטלעך.

— קאָן איך זי נעמען אויף אַ רגע? — האָב איך אַ פרעג געטאָן, אַנווייזנדיק מיט די אויגן אויף יאגושיען.

— אַך, ביטע זייער, — האָט געענטפערט פרוי ניעדזיעלסקא. — זי האָט נישט קיין לייכטע וואָג, אָט דאָס קיילעכל מיינס, מיר רופן זי גאַגאַ.

כ׳האָב אויסגעשטרעקט צו איר די הענט, גאַגאַ איז צו מיר געגאַנגען גערן. כ׳האָב זי אַרומגענומען, צוגעטוליעט, דערפילט דאָס גלאַטיקייט און פוכקעקייט פון דעם קינדערישן קערפערל ביים סאַמע האַרצן. די פעטינקע, זיסע הענטלעך אַרום מיין האַלדז, און די זיסקייט פון ליבשאַפט איז זיך צעגאַנגען איבער מיין גאַנצן לייב.

— יאָ, — האָב איך איבערגעחזרט מיט לייכטן אומעט — כ׳בין זייער עלנט און וואָלט וועלן אַריינגיסן ליבשאַפט אין קינדער. און איי־ערע קינדער זענען צויבערילעך, — איז מיר אַראָפּגעפאַלן פון מויל.

אינצווישנצייט האָט זיך שוין יאַגושיע געשפּילט מיט מיינע קנעפּלעך און פּעטעלקעס, אַריינגעמופּט אירע דיקע הענטלעך אין מיינע קעשענעס און זיך געפּילט איגאַנצן פריי אויף מיינע קני. ביסלעכווייז האָט זיך אויך קרישיע אַרויסגערוקט פון די פאַלדן פון דער מאַמעס קלייד און זיך גענומען דערנענטערן צו מיר און יאגושיען. פרוי ניעדזיעלסקא האָט גע־קוקט אויף דער דאָזיקער סצענע מיט אַ געוויסער פאַרוווּנדערונג.

— כ׳וווּנדער זיך זייער, — האָט זי באַמערקט. — בכלל האָבן מיינע קינדער נישט ליב קיין פרעמדע מענטשן.

זי האָט געוואָלט צונעמען יאגושיען, אָבער דאָס קינד האָט נישט געוואָלט אַוועקגיין פון מיר, ווי עפּעס אַ שאָטן איז אַריבער איבער פרוי ניעדזיעלסקאס פּנים. אהא! — האָב איך זיך געטראַכט — דאָס קאָן זיין אייפערזוכט צוליבן קינד. אָבער ס׳איז בעסער, ס׳זאָל אַרויפקומען דער פּראָבלעם, איידער דער צווייטער, אַן ערגערער... דער פּראָבלעם פון מיין

אָפּשטאַם. כ׳האָב זיך אויפגעשטעלט מיטן קינד אויף די הענט און בין געגאַנגען צוזאַמען מיט פרוי ניעדזיעלסקא אין קינדער־צימער. דאָ האָב איך אַריינגעזעצט די קליינע אין אַ בעטעלע מיט אַ נעץ און זיך אומגעקערט אויף מײַן פריערדיקן אָרט. מיר האָבן זיך אומגעקערט צו אונדזער שמועס.

— צום באַדויערן וועט איך נישט זיין שטאַרק אינטערעסאַנט ביי אונדז אין דאָרף, ס׳איז דאָרט לגמרי קיין געזעלשאַפט נישטאָ, בלויז מיין מאַמע און מיין ברודער. איך אַליין מוז בלייבן אין וואַרשע, צו העלפן דעם מאַן, איר וועט זיין אַליין מיט די קינדער. דאָס דאָרף איז אַ קליינס, אַ פאַרוואָרפנס, ווייט פון אַ באַנליניע. כ׳האָב מורא, אַז ס׳וועט אייך זיין דאָרט לאַנגווייליק, אין דער אָלכאָוועק. איך קאָן קומען צו די קינדער בלויז פון צייט־צו־צייט.

אַ ציטער איז מיר אַדורך. דאָס איז פונקט געווען דאָס, וועגן וועלכן כ׳האָב שוין לאַנג געטרוימט. דאָס איז געווען אַ מקום־מקלט...

— אָבער כ׳בעט אייך זייער, — האָב איך געזאָגט — דעם אמת זאָגנדיק האָב איך שוין גענוג די וואַרשעווער געזעלשאַפט, כ׳וואָלט אפילו אויף ווינטער געבליבן אין דאָרף.

— וואָס אָנבעלאַנגט דעם, וועלן מיר נאָך זען, — האָט פרוי ניעדזשיעלסקאָ געזאָגט מיט קווענקל — געוויינלעך ברענגען מיר די קינדער אויף ווינאַכט קיין וואַרשע, און זיי בלייבן ביז פּאַסכע. זייט אַזוי גוט, — האָט זי פאַרענדיקט — און לאָזט איבער אייער אַדרעס און די רעפערענציעס און קומט, ביטע, אין צוויי טעג אַרום נאָך אַן ענטפער.

ווען כ׳בין ארויסגעגאַנגען פון איר, האָבן מיינע מחשבות געפלאַטערט ווי דולע פייגל. כ׳וואָלט וועלן אונטעראיילן די צייט, אָדער זי פאַרשלאָפן... נישט טראַכטן וועגן גאָרנישט... פאַרלירן צייטווייליק דאָס באַוווסטזיין...

— — — — — — — — — — — — —

ווען כ׳בין אין צוויי טעג אַרום אריינגעקומען אין הויז אויף כמיעלנע 32, בין איך שוין געווען פולשטענדיק רויק, שוין געווען אַנטשלאָסן אויף אַלץ. פרוי ניעדזיעלסקא איז געווען נאָך העפלעכער ווי דאָס פריערדיקע מאָל און האָט אַ זאָג געטאָן:

— פֿרײַלן רעליטש, פֿון צװישן אַלע קאַנדידאַטקעס האָב איך אױס־געװײלט אײַך. מיר דאַכט זיך, אַז איר פֿאַרמאָגט מער ליבע צו קינדער, אײדער אַנדערע. אױסערדעם געפֿעלט איר אױך מײַנע קינדער צום בעסטן. צי װאָלט איר קאָנען שױן מאָרגן אַרױספֿאָרן מיט מײַן מאַן און די קינדער קײן אָלכאָװעק?

כ'בין געװען אַזױ דורכגענומען מיט דעם װאָס כ'האָב דערהערט, אַז כ'האָב פֿאַרלױרן דאָס לשון. פֿרױ ניעדזיעלסקאַ האָט אָנגענומען מײַן שװײַגן פֿאַר אַ קװענקלען זיך און געזאָגט:

— אױב איר װאָלט בשום־אופֿן נישט געקאָנט פֿאָרן מאָרגן, װאָלט איר געקאָנט די רײזע אָפּלײגן אױף אַ טאָג־צװײ.

— אָבער ס'איז נישט נײטיק... נישט נײטיק, — האָב איך אײליק אַ זאָג געטאָן — כ'בין זיכער, אַז כ'װעל באַװײַזן זיך צוצוגרײטן ביז מאָרגן... אין דער הײנטיקער מלחמה־צײַט האָט מען נישט קײן סך קלײ־דונג און זאַכן, — האָב איך געמורמלט נישט־קלאָר.

— איז אױב אַזױ, בעט איך קומען מאָרגן גאָר באַגינען. די באַן גײט אָפּ אַכט אַזײגער מיט דרײסיק מינוט, — האָט זי פֿאַרענדיקט.

*

אין עטלעכע חדשים אַרום, װען פֿרױ אירענאַ ניעדזיעלסקאַ האָט מיר באַקענט נענטער, האָט זי מיר אײנמאָל געזאָגט פֿאַרטרױליך:

— איר װײסט װאָס, פֿרײַלין לענקע, — כ'האָב דעמאָלט געהאַט נאָך צװײ קאַנדידאַטינס, װעלכע זענען מיר געפֿעלן געװאָרן. נאָר זײ זענען געװען ענלעך צו ײדישקעס, דערפֿאַר האָב איך נישט געװאָלט זײ צונעמען...

## אין מקום־מקלט

און אָט האָב איך זיך געפֿונען אין אָלכאָװעק, אַ קלײן פֿאַרװאָרפֿן דערפֿל אױף מאַזאָװשע, װײַט פֿון טראַקטן און באַנליניעס, װו ס'פֿלעגט זיך נישט באַװײַזן קײן פֿריש פּנים אױפֿן הױף.

כ'האָב אַלײן נישט געװוּסט װי גליקלעך צו זײַן צוליב דעם. דאָס

איז דאָך געווען דאָס, וועגן וועלכן כ׳פלעג חלומען אין די וואַרשעווער נעכט, וואָס האָבן געשטיקט מיט אימה, אויפן מאַרשאַלקאָווסקע ברוק. דאָ איז דאָך געווען מיין מקום־מקלט.

דער הויף איז געווען נישט קיין רייכער. אַן אַלטער, אַ חרובער, אַ באַקעטער כמעט. אויף צעבראָכענע פראַנצויזישע שטולן שפּור׳ן פון גאָלד, דער שימער פון אַמאָליקער גלאַנץ־צייט... אַן אומעטיק קינדער־צימער: צוויי אייזערנע בעטלעך (פאַר מיר און קרישיען), אַ וויגל פאַר גאַגאַן, אַ צעבראָכן טישל, אַ שיסל מיט אַ קרוג אויף וואַסער, אַ נאַכט־טעפּל און אַ הינקענדיקע שטול.

דערפאַר אָבער איז דער פּאַרק אין אָלכאָוועק געווען רייך און פּרעכ־טיק, פול געווען ממש מיט גאָלד און איידלשטיינער — האָט געמיניעט און געגלאַנצט מיט קאָלירן־שפע פון דער פרילינגדיקער זון. אויפן זאַפּ־טיקן, טוי־געוואַשענעם גראָז, וואַרעמט זיך דער אַלטער יאַגד־הונט, רעקס. לעבן אים, אָנגעשפּאַרט אויף אַ הונדערטיעריקן דעמב, דאָס ווייסע קינ־דערישע וויגל, דערין די צעשמייכלטע גאַגאַ, וועלכע שלעפט מיט כוח רעקסן פאַר דער פעל. דער אַלטער, קלוגער יאַגד־הונט רוקט זיך נישט אַוועק. ער כאַפּט בלויז אַ זייטיקן קוק אין איר ריכטונג. ער קאָן גוט דאָס פריידיקע, קלינגעוודיקע געלעכטער פון דעם קינדער־עלטער, און ער איז געטריי דער גאַנץ־אַלטער פריינדשאַפט צווישן קינדער און דער חיות־וועלט. לעבן גאַגאַן — קרישיע, אין העל ראָזעווע קליידעלע, מיט אַ שוואַרצענדיק האַפּטן־שלייפל, איינגעשפּיליעט אין די זיידענע האָר.

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען דאָס ערשטע מאָל אין גאָרטן, שטראָמען הימל און זון פאַרשיכורן. עס גייט אונדז אַנטקעגן די גוטבאַזיצערין, פרוי זאַטאָצקאַ, די באָבע פון די קינדער. אַ הויכע, אַ שטאָלצע, געקליידט אין שוואַרצן (אין טרויער נאָכן מאַן). זי איז אויסערגעוויינלעך העפלעך און גוט דערצויגן (פאַרמאָגט עס אין איר בלוט בירושה פון אירע אָבות). זי זאָגט צו מיר:

— איך באַגריס אייך אין אונדזער אַלטן אָלכאָווסקער פּאַרק. איך האָף, אַז איר וועט זיך פילן דאָ גוט, נאָר קיין געזעלשאַפט איז נישטאָ. אָבער אַז אירענע וועט אום זומער קומען צו פאָרן, וועט זיין פריילעכער.

כ׳פאַרנייג מיט הכנעה דעם קאָפּ און נעם אָן רויק דעם גזר־דין:

— ס׳מאַכט נישט אויס, — האָב איך געענטפערט — נאָך וואַרשע בין איך דורשטיק אויף מנוחה.

— אויב אַזוי, איז אַלץ אין אָרדענונג, — ענטפערט די גוטבאַזי־צערין מיט חשיבות — זי בייגט זיך איידל איין צו קרישיען: — און ערשט קרישיע, ווייז דער פריילין לענע אונדזער פּאַרק און סאָד... ווייז אַליין, ווייל דו ווייסט דאָך עס בעסער פון מיר און פון פּעטער אפילו. דו ביסט דאָ די באַלעבאָסטע. האָסט דאָ דיינע אייגענע בייטעלעך און בלי־מלעך, אמת קרישיוניו? קרישיע פּלאַפּלט פריילעך:

— איר זעט, פריילין, דאָס איז דער באָבעס פענצטער, און דאַלעבן דעם פּעטערס. אָבער די באָבע דערלויבט נישט אַרויסצושפּרינגען אין סאָד אַריין, ווייל הינטערן פענצטער האָט זי פאַרזייט קימל־בלומען, און דאָרט ווייטער זענען דאָ בייטעלעך מיט טרוסקאַווקעס. דער פּעטער האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן צייטיק ווערן ערשט ווען די מאַמע וועט קומען קיין אַלכאָוועק. אָבער טוט נאָר אַ קוק, גאַגאַ רייסט די קנאָספּן פון די קוס־טעס. מ׳טאָר נישט! זאָל איר די פריילין געבן אַ פּעטשל. פּע, גאַגאַ, פּע!

— ווייסטו וואָס, קרישיע? לאָמיר איר געבן, אַנשטאָט אַ פּעטשל, די ליאַלקע אין הענטל, וועט זי זיך שפּילן און נישט רייסן די קנאָספּן.

— אָבער כ׳בעט אייך זייער, גאַגאַ שפּילט זיך נישט אינגאַנצן מיט דער ליאַלקע, נאָר שלעפּט זי איבער דער ערד, און מיט דער צווייטער האַנט רייסט זי ווידער די קנאָספּן. גאַגאַ פירט זיך אויף נישט לייטיש, מ׳דאַרף איר געבן אַ פּעטשל!

— ניין, קרישיע, מ׳דאַרף נישט געבן קיין פּעטשל, גאַגאַ איז נאָך זייער אַ קליינינקע, פאַרשטייט נישט וואָס מ׳מעג און וואָס מ׳טאָר נישט. אָט לאָמיר אַרויסקומען אויף אַ שטעגל, און גאַגאַ וועט נישט קאָנען דער־לאַנגען די קנאָספּן.

מיר זענען ווידער אויפן גראָז אונטערן דעמב. גאַגאָס גאָלדענע ברע־מען מאַכן זיך צו, גאַגאַ שלאָפט.

— דאָ איז עס, דאָ זענען די יינגע הינדעלעך! — שרייט קרישיע אויסן־זינען און פאַלט אַריין אין די אָרעמס פון אַ הויכן מאַנספּאַרשוין אין שטיוול מיט הויכע כאַליעוועס, מיט אַ שפּיצרוט אין האַנט. דער מאַנס־פּאַרשוין הייבט זי אויף הויך, הויך ביזן הימל. קרישיעס פּישטש „פּעטער לאָז אָפּ, פּעטער" מישט זיך אויס מיטן פּיפּס פון צענדליקער קליינינקע נישטבאַפּעדערטע הינדעלעך...

קרישיע שטייט שוין אויף דער ערד און קוקט ווי אַ פאַרכישופטע אויפן ים קליינע קעפּעלעך, וואָס האַלט אין איין באַוועגן זיך. ערשט שטרעק

איך אויס די האַנט צום הויכן, שטאַרקן מאַנספאַרשוין, קוק אים אין די אויגן — נאָר איך אַליין ווייס פאַרוואָס איך ציטער.

*

ס׳איז נאַכט, כ׳האָב שוין איינגעשלעפערט די קינדער. כ׳וואש זיך, כ׳שטיי אַ נאַקעטע. דאָס לייוונטענע פענצטער־פוירהענגל הייבט אָן ציטערן, די לבנה קוקט אַריין און צערטלט מיין לייב. אַלץ אַרום מיר הייבט אָן צו לעבן און זיך באַוועגן: די פוירהענגלעך, די לופט, דאָס וואַסער, און מיין קערפּער. דער געהיימער כּוח פון דער נאַכט, די לבנה און דער פרילינג דרינגען אַריין אין אַלץ.

כ׳טו זיך שנעל אָן, פיבערדיק, פאַרמאַך באַהיט, אומגעדולדיק די סקריפּענדיקע טיר און לויף אין דער נאַכט אַריין, אין פּאַרק. די ביימער־בלעטלעך צערטלען זיך. דאָס גאַנצע וועלדל הייבט אָן מתפּלל צו זיין. דער הויף שלאָפט שוין, בלויז אין צימער פון דער גוטבאַזיצערין איז נאָך ליכטיק. זיי זיצן דאָרט ערשט, די מאַמע מיטן זון, און טיילן זיך מיט זייערע איינדרוקן פונעם טאָג. דער שטאַרקסטער איינדרוק ערשט בין איך, ווען כ׳טראַכט וועגן דעם, לויפט דורך מיין לייב אַ ציטער. — .. וואָס טראַכטן זיי וועגן מיר? וואָס פאַר אַן איינדרוק האָב איך אויף זיי געמאַכט? האָבן זיי שוין באַמערקט מיין ענלעכקייט צו אַ יידישקע? אָדער זיי וועלן עס דעריזען ערשט שפּעטער? זענען זיי מיך שוין חושד, אָדער זיי קווענקלען זיך? ווי לאַנג וועל איך זיין אין דעם גן־עדן? אויף וואָס פאַר אַן אופן קעמפן, כּדי דאָ צו פאַרבלייבן? מיט וואָסערע נסים איבערלעבן?

כ׳וועל זיך אומקערן אין הויז אַריין, ס׳איז מיר קאַלט, כ׳בין אָנגעטאָן לייכט. כ׳וועל נאָר אַריינזאַפּן אין זיך נאָך אַ ביסל כּישוף פון דער נאַכט, די פרישקייט פון דער לופט — די לעבנסקראַפט וואָס פליסט אַרויס פון דער שיינקייט. כ׳פאַרמאַך די אויגן, כ׳גיי ווי אַ לונאַטיקערין. מיטאַמאָל, עפּע־נענעדיק די אויגן, דערזע איך, אַז כ׳האָב פאַרבלאָנדזשעט. פאַר מיר שטייט נישט דער הויף, נאָך די הויפישע בנינים, סטייניעס און אָבאָרעס, און דער גערוך, ווערט אַלעמאָל ערגער, דאָס איז פון דעם מיסקאַסטן און דעם גנאָי. מ׳דאַרף וואָס שנעלער געפינען דעם וועג צום הויף.

נאָר מיין בליק ווערט פאַרהאַלטן פון עפּעסוואָס אויסטערלישס. כ׳דערזע פון דערווייטן עפּעס אַ שאָטן. וואָס איז עס? עמעץ גייט דאָרט. וווהין

גייט ער? איבערן גנאַי? ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, ער קריכט. הייבט זיך אויף און ווערט ווידער פאַרפאַלן, ווי ער וואָלט עפּעס זוכן אין גנאַי. ס׳כאַפּט מיך אַרום אַ שרעק. ווען קאָן דאָס זיין? אפשר איז עס אַ גנב? און אפשר נאָך ערגער — עפּעס אַ רויבער, וועלכער פאַרגנבעט זיך דאָ אַרום? מ׳דאַרף פונדאַנען אנטלויפן. וואָרן ער דערנענטערט זיך אין מיין ריכטונג. ער זאָל מיך נאָר ניט באַמערקן. איך צי זיך צוריק אין שאָטן פון אַן אָבאָרע. פּלוצים איז מיר דאָס גאַנצע בלוט אַנטלאָפן פון פּנים. דער מענטש האָט דערהאָרכט מיין באַוועגונג און זיך אויסגעדרייט צו מיר. און אין איין אויגנבליק האָב איך דערזען זיין פּנים. ס׳איז געווען אַ ייד! אַן אַלטער ייד מיט באָרד־און־פּאות. ס׳רינט פון אים גנאַי און שמוץ. אַ געלער מענטשלעכער סקעלעט מיט אוממענטשלעכן פּחד אין די אויגן. נאָר אַ סעקונדע האָט ער געקוקט אויף מיר. צי זעט ער מיך, כ׳שטיי דאָך אין שאָטן. אפשר האָט ער בלויז דערהערט אַ חשדיקן שאָרך און זיך אויסגעדרייט. ער קריכט, באַהאַלט זיך אויס און דערוויטערט זיך. וואָס טוט מען דאָ? וואָס טוט מען? פונוואַנען האָט זיך אָט דער ייד דערנומען קיין אַלכּוועק? ווייסט עמעצער וועגן אים?, אַז ער באַהאַלט זיך אויס, שרעקט זיך — דאָס איז קלאָר, איך שרעק זיך אויך. כ׳בין דאָ ערשט דעם ערשטן טאָג, בין אַנטלאָפן פון זיכערן אומקום אין וואַרשע, אַלכּאָוועק איז מיין לעצט רעטונגס־ברעט. כ׳וועל ניט מיט די אייגענע הענט גראָבן פאַר זיך אַ קבר! כ׳וועל ניט אָנבינדן מיט אים קיין קאָנטאַקט. כ׳וועל ניט! און אַזוי פּראָטעסטירנדיק מיט אימה אין דער נשמה, האָב איך זיך אַרויסגערוקט פון שאָטן, דער ייד האָט מיך דערזען. ערשט האָב איך אָנגעהויבן זיך דערנענטערן צו אים מיט אַ געהיטענעם טראָט צום גנאַי־הויפן.

— ר׳ ייד, — האָב איך אַ רוף געטאָן אויף יידיש — ייד, ייד, האָט ניט קיין מורא, איך בין אויך אַ יידיש קינד, איך וויל אייך העלפן.

ווי אויף אַ געהיימען באַפעל פון בלוט, האָט זיך דער ייד פאַרהאַלטן. זיך אויסגעדרייט און איז שטיינגעבליבן קעגן מיר. כ׳האָב געזען זיין טויט־געל פּנים, די מיט בלאָטע צוזאַמענגעקלעפּטע האָר, און צוויי גרויסע, פון שמוץ שוואַרצע טרערן, וואָס ריגען אַראָפּ אויף זיינע באַקן.

— ווער זענט איר? — האָט ער אַ פרעג געטאָן בעת זיינע קינ־באַקן האָבן זיך געטרייסלט.

— איך בין אַ יידישקע אַזוי ווי איר, אויף אַרישע פּאַפּירן. כ׳בין

אַ נייע גוווערנאַנטין אין הויף. זאָגט מיר, פונוואַנען זענט איר אַהערגע־קומען און מיטוואָס קאָן איך אייך העלפן?

— פונוואַנען כ׳האָב זיך דערנומען? פונוואַנען אַלע. בין אַנטלאָפן פון אַ טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקי.

— קיין טרעבלינקי? וואָס איז עס אַזוינס טרעבלינקי? ווו איז עס ערגעץ טרעבלינקי?

— ס׳איז דאָ, דאָ נישט ווייט. גלייך נאָך וועגגראָוו... פרעג זיך נישט מערער. פרעג נישט וואָס דאָרטן איז... קיין ייד קערט זיך פון דאָרט נישט צוריק... ביז היינט האָט זיך קיינער פון דאָרט נישט אומגעקערט... כ׳בין אַנטלאָפן און געמיינט, אַז כ׳וועל לעבן בלייבן... און אָט שטאַרב איך דאָ פּאַמעלעך...

— וואָס געבן אייך? זאָגט גיכער, זאָגט!

— וואַסער, וואַסער און ברויט. שוין דריי טעג האָב איך גאָרנישט אין מויל געהאַט. כ׳גיי אויס פון הונגער און דאָרשט. כ׳קאָן נישט אַרויס־גיין. כ׳האָב מורא, אַז מ׳וועט מיך דערזען און איבערגעבן צו די דייטשן.

— וואַרט דאָ צו. כ׳וועל גיין אין הויף אַריין, ברענגען אייך וואַסער און ברויט. נאָר זייט געהיט, באַהאַלט זיך!...

— כ׳טו אַזוי. כ׳האָב דאָ געפונען אַ גרוב אונטער אַן אָבאָרע און זיץ אין איר. קום אַהער הינטער דער אָבאָרע...

מיט פיבערדיקע, דולע טריט בין איך געקומען אין הויף אַריין און גענומען זוכן וואַסער און עסנוואַרג. די קיך איז געווען אָפן. כ׳האָב אָנ־געשעפּט וואַסער פונעם עמער, קיין ברויט איז נישט געווען, פאַרשלאָסן געווען אין קרעדענס. כ׳האָב געפונען בלויז איינגעווייקטע שטיקלעך ברויט־אָפּפאַל פאַר די הינער. האָב איך דאָס גענומען און זיך געלאָזט הינטער דער אָבאָרע. דער הונט האָט זיך צעבילט, אָבער כ׳האָב אים אָפּגעשלאָסן אין קיך. כ׳וויים נישט דורך וואָס פאַר אַ נס כ׳האָב אויפ־געזוכט דעם יידנס באַהעלטעניש. דער ייד האָט זיך אַרויסגעבויגן פון דאָרט און מיט ציטערנדיקע הענט אַ כאַפּ געטאָן דאָס טעפּל. ער האָט געטרונקען לאַנג, מיט שווערע שלוקן, מיט אַ טיף קרעכצן, זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די רויע קאַרטאָפל, אָבער נישט געקאָנט זיי עסן. כ׳בין גע־שטאַנען לעבן אים. קלעמעניש און ווייטיק האָבן, ווי שאַרפע נעגל, גע־שטיקט מיין קעל. כ׳האָב נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען פון זיך קיין איינ־ציק וואָרט.

— האָט איר נאָך עמעצן? — האָב איך ענדלעך מיט מי אַ פרעג געטאָן — פונוואַנען זענט איר?

— פון דראָהיטשין, אַלע זענען געבליבן אין טרעבלינקי, איך איינער בין אַנטלאָפן. און געשלעפּט זיך נעכט ביז איך בין אַהערגעקומען. אָבער כ׳וועל שוין לאַנג נישט אָנציען, כ׳גיי אויס.

— רעדט נישט אַזוי, — האָב איך אָנגעהויבן וויינען. — רעדט נישט, כ׳וועל אייך העלפן, אייך ברענגען עסן און טרינקען, איר וועט זיך דערכאַפּן. גייט אינגאַנצן נישט אַרויס, זייט געהיט, דערנאָך וועט איר אַנטלויפן ווייטער...

— ס׳איז שוין געקומען פאַר מיר די צייט כ׳זאָל זיך אומקערן צו מיין ווייב־און־קינדער... כ׳טאָר נישט אַנטלויפן, — האָט ער געענטפערט ווי אויסן־זינען.

*

ווען כ׳האָב זיך די זעלבע נאַכט געפינען ביי זיך אין צימער, אין דעם אַזוי אויסגעבענקטן מקום־מקלט (הינטער טרעבלינקי...), האָב איך געהאַסט מיין בעט, מיין שלאָף און מיין גורל. כ׳האָב געהאַסט די ווייסע ווענט פון דאָזיקן צימער, וועלכע האָבן מיך געשיצט קעגן טויט. כ׳האָב נישט געהאַט קיין רעכט דערויף, ווען אָט דאָ, דערלעבן, זענען אין די ערגסטע פּיינען געשטאָרבן מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן, פון דעם זעלבן בלוט וואָס איך.

# אַ דועל

ס׳זענען אַריבער פיר וואָכן. כ׳האָב אָנגעהויבן דערקענען מיין נייע סביבה און די לעבנס־באַדינגונגען אויפן הויף. קיין רייכקייט איז דאָ נישט געווען. דער הויף האָט, וואָס אַן אמת, פאַרמאָגט 300 העקטאַר ערד, דערונטער 140 צעאַקערטע, האָט אָבער נישט געהאַט קיין לעבעדיקן אינווענטאַר, ס׳איז קוים געווען איין פערד צו דער אַרבעט און איין קו. מ׳האָט געמוזט דינגען פערד צום אַקערן. נאָכן מלחמה־אויסברוך, אין יאָר 1939, האָבן די דייטשן רעקוויזירט אַלע פערד און איבערגעלאָזן „פאַ־

פירלעך״, באַשטעטיקונגען, מיט וועלכע ס׳איז אוממעגלעך צו אָקערן. ס׳איז פונקט געווען פאַרן נייעם שניט. אין שטוב איז נישט געווען גענוג ברויט און נישט קיין מילך, ווייל די קו איז געווען קעלביק. דאָס קליינע שע־לעכל פוטער, וואָס מ׳פלעגט שטעלן איין מאָל אין טאָג צום אָונטברויט איז היינט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. דער עיקר עסן איז געווען, נישט באַשמאָל־צענע ירקות. ס׳איז נאָך אַ גליק געווען, וואָס פרוי אירענע, די מאַמע פון די קינדער, וועלכע האָט גוט געקאָנט די באַדינגונגען אויפן הויף, פלעגט באַזאָרגן די קינדער מיט אַ געוויסער צאָל פודינגען און קאַשעס. און דאָס האָט געראַטעוועט די קינדער. איך פלעג דאָ הונגערן מער ווי אין וואַרשע. כ׳בין אויך געווען כראָניש נישט אויסגעשלאָפן, ווייל די קינ־דער פלעגן שלעכט שלאָפן, און כ׳האָב געמוזט גיין צו זיי ביינאַכט. דערצו נאָך האָט זיך גאַגאַ פאַרקילט, באַקומען העכערע טעמפּעראַטור און כ׳האָב פאַרבראַכט עטלעכע שלאָפלאָזע נעכט לעבן איר. כ׳פלעג אויך נישט באַקומען דעם אַזוי גערופענעם „אורלויב־טאָג״, דעם פרייען טאָג אין דער וואָך, און האָב קיינמאָל נישט געקאָנט אויסרוען די נערוון.

אָבער נישט דערויף האָב איך זיך געקלאָגט. איינע פון מיינע איי־טערנדיקסטע ווונדן איז פאַר מיר געוואָרן די באַציונג פון דעם יונגן גוטבאַזיצער, פּאַוועל זאַטאָצקי, פרוי אירענעס ברודער. פּאַוועל האָט מיר כסדר נאָכגעשפּירט און אָבסערווירט. ער האָט אָנגעהויבן ווי אַ מאַנס־פּאַרשוין, זיינע בליקן זענען געקראָכן איבער מיר, איבער מיינע ברוסטן און היפּטן. ער האָט אָבסערווירט מיינע באַוועגונגען, מיין שטייגער גיין, זיצן. ווען כ׳פלעג דערשפּירן זיין בליק אויף זיך, האָב איך פאַרלוירן די פרייהייט פון באַוועגונגען, כ׳פלעג זיך שטרויכלען, פאַלן, פאַרגעסן נאָכוואָס כ׳בין געקומען, וואָס כ׳האָב געהאַט צו טאָן, כ׳בין געוואָרן אומ־געלומפּערט. ער פלעגט עס באַמערקן און האָבן דערפון הנאה. ער האָט מיך געשאַצט. ער פלעגט מיר נאָכקוקן אומבאַמערקט און פלינק, גלייך אויפגעכאַפּט מיינע קליינע טואַלעט־סעקרעטן, ווי דאָס טלענירן די האָר און אַנדערע זאַכן. קוקנדיק אויף מיינע האָר, פלעגט ער אונטערשמייכלען שפּאָטיש, ווי ער וואָלט זאָגן: „זעסט, פאַר מיר וועסטו גאָרנישט אויס־באַהאַלטן, כ׳ווייס אַלץ, וואָס דו טוסט, און וועל זיך דערוויסן נאָך מער״. אמת, דאָס זענען געווען קלייניקייטן, אָבער פון זיי וואָלט ער קאָנען דערגיין צום תוך פון דער זאַך. אין דעם לעבן פון אַ יידן, וואָס האָט גע־לעבט אויף אַרישע פּאַפּירן, זענען נישט געווען קיין קלייניקייטן. די

קלענסטע באַוועגונג, עפּעס אַן אויסדרוק, דער אופן פון אַראָפּנעמען די הוט פון קאָפּ צום באַגריסן זיך, האָט אים געקאָנט פאַראַטן. עס האָט זיך גלייך געהערט: „דאָס איז דער טיפּישער אופן פון באַגריסן זיך ביי יידן. פונוואַנען האָט זיך עס צו אייך דערנומען?" פאַוועל האָט געהאַט אַן אומגעוויינטלעך פאַרשאַרפטן קריטישן חוש, אינסטינקט און אינטואי־ציע, ס'איז שווער געווען אים אָפּצונאַרן. ער האָט דערשנאַפּט אין מיר עפּעס א רעטעניש און געזוכט דעם באַדייט. פאַרשטענדלעך, אַז צום לייכסטן איז אים געווען די השערה, אַז איך בין אַ יידישקע, אָבער ער האָט גע־וואָלט געפינען דערויף באַווייזן. האָט ער מיך פראַוואָצירט און פלינק געפּאָרשט בעתן זיצן ביים טיש.

— אַך, איר זענט פון די ראַנדגעביטן? אָבער איר „זינגט נישט אונטער" לחלוטין, ווי די מיידלעך פון די ראַנדגעביטן...

— דאָס איז דערפאַר ווייל איך האָב זיך דערצויגן ביי מיין מומען הינטער קראָקע. מיין מאַמע איז פריצייטיק געשטאָרבן, און דער טאַטע איז געווען אין שטענדיקער מיליטער־דינסט.

— זענט איר, הייסט עס, געווען אַ יתומה פון די יינגסטע יאָרן, — האָט אונטערגעכאַפּט די גוטבאַזיצערין מיט אַ טאָן פון רחמנות.

— צום באַדויערן איז עס אַזוי געווען, — האָב איך שווער אָפּ־געאָטעמט. — כ'האָב געהאַט נישט קיין פריילעכע קינדהייט.

האָט שוין פאַוולען נישט געפּאַסט ווייטער צו פרעגן. די מאַמע האָט אים געשטערט.

אַ צווייט מאָל האָט ער מיך אַריינגעצויגן אין לאַנגע טעאָרעטישע שמועסן און שאַרף דיסקוטירט מיט מיר. ס'איז שווער געווען צו נעגירן זיין שאַרפקייט פון שכל און אינטעליגענץ. אָבער איך בין אים נישט געווען הינטערשטעליק און האָב אָפּגעשלאָגן זיינע אַרגומענטן קאָנסע־קווענט און לאָגיש, מיט אַן אינטעלעקט וואָס איז געווינט צו פילאָזאָפישן דענקען. ער האָט עס אָפּגעפּילט און מיר אַ זאָג געטאָן:

— ביי אייך איז דער אינטעלעקט און אופן פון דענקען פולשטענדיק נישט ווי אונדזערער.

ווען כ'האָב זיך יענעם אָוונט אומגעקערט אין קינדער־צימער, האָב איך זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז כ'האָב אָפּגעטאָן איינעם פון מיינע גרעס־טע „שטותים". כ'האָב נישט געדאַרפט זיך לאָזן אָנציען אויף קיינע שום דיסקוסיעס. כ'האָב זיך באַדאַרפט אַריינקוועטשן אין אַ ראָם פון

אַ דורכשניטלעכער גוווערנאַנטין, אַן טעאָרעטישע פּאַראינטערעסירונ־גען. די פעיקייט פון אַבסטראַקטן דענקען און ליבשאַפט צו דיסקוסיעס האָט שטענדיק כאַראַקטעריזירט די יידן. אפילו מיין גרויסע ליבע און די צוגעבונדנקייט צו די קינדער, און באַזונדערס צו גאַגאַן, האָבן מיך געשטעלט אין געפאַר אין אַ געוויסן זין. גוזמאָדיקע פּילעוודיקייט צו קינ־דער און דאָס אַריינטאָן זיך אינגאַנצן אין דער דאָזיקער ליבע, זענען גיכער געווען כאַראַקטער־שטריכן פון יידישע מאַמעס, איידער פון פּוי־לישע גוווערנאַנטינס... ווען די גוטבאַזיצעריִן האָט מיך איינמאָל אין אַן אָוונט געטראָפן אַ וויינענדיקע ביים בעטל פון דער קראַנקער גאַגאַ, האָב איך שפּעטער געהערט, ווי זי האָט אַ זאָג געטאָן פּאַוולען:

— אַזאַ גוווערנאַנטין האָט נאָך אירענע נישט געהאַט.

פּאַוועל האָט דעמלט מסתמא מסכים געווען מיט זיין מאַמען, אָדער גאָר אַרויסגעדרונגען פון מיין האַנדלונג גאַנץ אַנדערע אויספירן ווי זי. ער איז געווען אַ סך קלוגער פון איר. זי, אין איר בלינדן אַנטיסעמיטיזם, האָט נישט צוגעשריבן די יידן קיין איין גוטע מידה, דערפאַר איז זי נישט געניגט געווען מיך אָנצונעמען פאַר אַ יידישקע. (גיכער, פאַר אַ פּראָווינצער פּלעבעערין, וועלכע זיי האָבן אויך ביידע פאַראַכטעט). פּאַוועל האָט צוגעשריבן די יידן אפילו נישט־דורכשניטלעכע כאַראַקטער־שטריכן, אָבער זיי פאַראורטיילט, ווייל זיי זענען יידישע. זיין אַנטיסעמיטיזם איז אַרויסגעוואַקסן פון אָרגאַנישע עקל־געפילן, און די אָנשויונגען זענען געווען אַ צושפּיל צו זיי. דעמלט האָב איך עס נאָכנישט אַזוי רעכט פאַר־שטאַנען, אָבער כ׳האָב אַלץ אַרויסגעשפּירט אויסגעצייכנט און געפירט מיט אים אַ קאַלטן קאַמף. איך האָב געהאַלטן, אַז איך בין בעסער פון אים באַוואָפנט צום דאָזיקן קאַמף, איך ווען אים האָב געוווסט אַלץ, ער ווען מיר נישט. נישט געקוקט אויף זיינע אָבסערוויר־ונגס־פעיקייטן און פאַרשאַרפטן אינסטינקט, האָט ער נישט געקאָנט אַריבערטרעטן אַ געוויסע גרענעץ, וואָס מיין ווילן האָט אָנגעצייכנט. איך בין געווען אויסגעשטור־דירט אין ליגן זאָגן. כ׳האָב באַקומען דערפאַרונג אין קאַמף מיט די וואַר־שעווער שאַנטאַזשיסטן. פּאַוועל איז פאַר מיר געווען נישט מער ווי נאָך איין שאַנטאַזשיסט, נאָר אַן אינטעליגענטערער, פיינערער און פון אַריס־טאָקראַטישן אָפּשטאַם. פונדעסטוועגן האָט דער־אַ כסדרדיקער קאַמף אָפּגעשוואַכט מיינע כוחות, צעריסן מיינע נערוון און מיך אַריינגעבראַכט אין אַ צושטאַנד פון אומאויפהערלעכער געשפּאַנטקייט און גערייצטקייט,

מיין געזונטע גאַטור האָט זיך געוואָלט פון דעם דרוק באַפרייען, זיך גע־בונטעוועט קעגן אים און פלעגט דערפירן צו אויסברוכן. די דאָזיקע אויסברוכן פון עקשנות און שטאָלץ פלעגן באַליידיקן די גוטבאַזיצערין, אָבער נישט איין מאָל האָבן זיי צעמישט פאַוולען און אים אַראָפּגעשלאָגן פון טראָפּ.

— קאָן מען אייך געבן נאָך אַ ביסל גרינוואַרג ? — האָט פּאַוועל אַ פרעג געטאָן מיט אַ גוזמאָדיק העפלעכן שמייכל, פלינק לאַווירנדיק מיט לעפל־גאָפל איבער אַ גרויסן פּולמיסעק טרוקענע מערן און אַרבעס.

— מ'קאָן, — האָב איך געענטפערט קורץ און שאַרף, אַנשטאָט דעם העפלעכן און פיינעם „אַ שיינעם דאַנק”, מיט דעם תמיד באַגלייטנדיקן שמייכל און קאָקעטישן פאַרנייג מיטן קאָפּ. נאָך אַזאַ אומטאַקט פון מיין זייט, פלעגט די גוטבאַזיצערין גרינטלעך אַרויסקלייבן די אַרבעס פון די מערן אויף איר טעלער און עסן שווייגנדיק, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ איבער דעם פּולמיסעק. כ'האָב געוווסט אויסגעצייכנט וועגן וואָס זי טראַכט אין דעם מאָמענט, ווי כ'וואָלט לייענען אין אַן אָפן בוך: „ווי זי האָט עס נישט קיין מאַנירן, די פריילין לענע. מ'דערקענט גלייך די ניי־דעריקע ספערע פון איר אָפּשטאַמונג. און צוואָס טראַקטירט איר פּאַוועל מיט אַזאַ העפלעכקייט ? פאַרדינט זי זיך דערויף ? ווי קאָנען אָט די פלעבעער האָבן אַזעלכע מאַנירן ווי מיר ? אָט ווי פּאַוועל עסט, ווי ער ער האַלט גאָפל־מעסער, נעט און זעלבסטזיכער, ווי ער וואָלט געזעסן אויפן זאָטל. אַן אַריסטאָקראַט פון בלוט און ביין. און צוואָס אַריינלאָזן זיך אין עסקים מיט מענטשן פון אַ נידעריקער ספערע. און אָט אַזעלכע מענטשן טרויעט מען אָן די קינדער אין אונדזערע צייטן”.

— און אפשר וועסטו פאָרט פאַרזוכן אַ ביסל פון דאָזיקן אַרבעס, קרישיע ? — האָט זיך פרוי זאַטאָצקא אַ ווענד געטאָן צו איר. — ער איז ווייך, יונג און זיס, פאַרזוך אַ ביסל.

— ניין. ס'גלוסט זיך מיר נישט, נישט קיין אַרבעס, נישט קיין מערן. פע אַרבעס ! — האָט קרישיע אַוועקגערוקט פון זיך דעם טעלער מיטן עסן, צופרידן וואָס מ'בעט זי.

— און אפשר וועט די וואַלדוועכטערקע מאַכן פאַרן מיידעלע אַ פּור־דינג. ס'איז נאָך דאָ דאָרט אַ ביסל מילך פאַר די קינדער אין קיך.

— פוי, די וואַלדוועכטערקע, כ'וויל נישט פון דער וואַלדוועכטער־קע ! — האָט קרישיע געטופּעט מיט די פיסלעך.

— מ׳זאָגט נישט „כ׳וויל נישט״, — האָט זיך צו איר געוואַנדן מיט אַ באַצויבערנדיק שמייכעלע, פּאַוועל. — מ׳זאָגט „אַ דאַנק״.

— אָרעם קינד, — האָט זיך געקלאָגט פאַר אים די גוטבאַזיצערין — זי האָט אַזאַ דעליקאַטן געשמאַק, קיין זאַך שמעקט איר נישט. אַמאָל פלעגט מען זיצן מיט איר שעהנוויז ביים טיש און דערציילן מעשהלעך, ביז זי פלעגט עפּעס עסן. היינט, זינט גאַגאַ איז געבוירן געוואָרן, איז נישטאָ קיין צייט פונאירעטוועגן. די גאַנצע צייט שענקט מען אַוועק גאַגאַן, — האָט זי מיט אַ בפירושן פירהאַלט זיך געוואַנדן צו מיר.

— נייך. זאָל שוין די וואַלדוועכטערקע גאָרנישט מאַכן פאַר קרישיען. כ׳וועל אַליין גיין אין קיך און מאַכן אַ פּודינג, — האָט געזאָגט די גוט־באַזיצערין — ווייסט, אַזעלכע מיט וויינשל און קאָנפיטורן וועל איך דיר מאַכן. ביי מיר וועסטו אַלץ עסן.

— אַלץ עסן — האָט קרישיע זיך פאַרקרימענדיק געצויגן די אַק־סלעך, צעקוועטשט די אַרבעס מיטן גאָפּל און אַרויסגעוואָרפן אויפן טיש.

מיט אַ פּנים פון פאַרדרוס האָב איך ביי איר דעליקאַט צוגענומען דעם טעלער, אַנידערגעשטעלט ווו זי זאָל אים נישט קאָנען דערלאַנגען און אָפּגעווישט דעם טיש. אָבער פּאַוולען האָט עס אויסגעצייכנט געוויילט. ער האָט געקוקט מיט הנאה דאָ אויף דער מאַמען, דאָ אויף מיר. זיינע בליקן האָבן ווי געזאָגט:

— דו זעסט ווי די מאַמע פאַרשטעקט דיך אין אַ ווינקל מיט דיין גאַנצער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק. פאַר גאַגאַן פירן מיר נישט קיין קאַמף, ווייל ס׳איז נישט כדאי. אָבער מכוח קרישיען וועסטו נאָך נישט איין שווע־רע מינוט איבערלעבן.

אַ צווייט מאָל האָט די גוטבאַזיצערין געוויזן אַ גרויסן, טיפן טעלער מאַנע־קאַשע מיט מילך און געזאָגט צו פּאַוולען:

— זעסט דעם טעלער, פּאַוועל? דו וואָלסט אים זיכער נישט גע־קאָנט אויפעסן, און גאַנאַ נאַשט אויף יעדן טאָג אַזעלכן. פריילין לענע ווייסט שוין ווי צוצוהיטן, אַז עס זאָל זיך אָנזען אויפן טעלער.

— זי האָט געירשנט דעם אַפּעטיט נאָכן טאַטן, — האָט פּאַ־וועל אַ זאָג געטאָן שפּאָטיש.

— אַך, יאָ, אָט די ניעדזיעלסקיס, — האָט פרוי זאַטאָצקאַ מיט פאַראַכטונג געזאָגט.

# מיט אַ געדונגען פערד

פאַוועל פלעגט יעדן אָוונט שפּאַצירן אַליין אין פּאַרק און אין וועלדל, זעלטן מיט דער מאַמען. קאָן זיין, אַז ער איז מיר נישט נאָכגעגאַנגען, אָבער ווו נאָך איז פלעג זיין, פלעגט אויך ער זיך באַווייזן. און אויב איך האָב אים נישט געזען, האָט ער מיך יאָ געזען. צו מיין גרויס גליק האָב איך זיך דערין באַצייטנס איבערצייגט. וואָרן איך וואָלט געקאָנט אומקו־מען, און צוזאַמען מיט מיר דער אומגליקלעכער ייד. דער געדאַנק וועגן דאָזיקן ייד האָט מיר קיין מנוחה נישט געגעבן. כ׳האָב אים געוואָלט העלפן, ווי כ׳האָב עס אים צוגעזאָגט, און נישט געקאָנט פאַר אים טאָן גאָרנישט, ווייל פאַוועל האָט מיך נאָכגעשפּירט. איינמאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער איז נישטאָ, בין איך געגאַנגען אין קיך אַריין, כדי צו נעמען עסן פאַרן ייד. כ׳האָב שוין געהאַלטן ביים אַרויסגיין, ווי רעקס האָט פלוצים אָנ־געהויבן בילן. האָב איך אַלץ איבערגעלאָזט און זיך אומגעקערט אין „האָל״. יאָ, דאָס איז געווען ער. ער איז געזעסן אין טונקלסטן ווינקל פון דער שוואַרצער, צעשעדיקטער קאַנאַפּע, וואָס איז געשטאַנען אין „האָל״. אַ פּאַפּיראָס־פייערל האָט אים אויסגעגעבן. אָבער פריער בין איך אים פאַר־בייגעגאַנגען און אים לחלוטין נישט באַמערקט. דער צווייפל און די יסורים האָבן מיך אויפגעפרעסן. דאָרט הינטער דער אָבאָרע שטאַרבט אַ ייד, און איך קאָן אים נישט העלפן. ענדלעך בין איך געפאַלן אויף אַ פּלאַן: כ׳האָב אָנגעהויבן פאַרלירן עסנוואַרג נאָענט צו דער אָבאָרע. כ׳פלעג אַהין צופאָרן מיטן וועגעלע פאַרנאַכטצייט און מיטנעמען אַהין אָוונטברויט. ביז איינמאָל איז די גוטבאַזיצערין אַריינגעקומען אין עס־צימער מיט אַ פאַרבלאָטיקט שטיקל ברויט אין האַנט, מיט אַזאַ טענה־מענה:

— פרייליין לענע, צי איז עס נישט צופעליק די קינדערס אָוונט־ברויט? כ׳האָב עס געפונען אויפן מיסט לעבן דער אָבאָרע. ס׳איז פּשוט אַ זינד פאַר גאָט, ברויט אויפן מיסט אַרויסוואַרפן, און דאָס נאָך פאַרן שניט, דאָס איז זיכער גאַגאַס ברויט. איר שטאָפּט זי איבער און זי וואַרפט אַרויס דאָס ברויט.

כ׳האָב דעמלט געמוזט די גוטבאַזיצערין איבערבעטן און צוזאָגן זיך צו פאַרבעסערן. און ווידער האָט זיך מיין „שפּייז־באַזאָרגונג״ אָפּגע־

שטעלט. ביז איינמאָל האָט די גוטבאַזיצערין געליטן פון מיגרענע, און פּאַוועל איז ערגעץ אַרויסגעפאָרן. האָב איך זיך געזאָגט: היינט, אָדער קיינמאָל נישט! היינטיקע נאַכט מוז איך גיין צו אים און אים העלפן. כ׳האָב מיר געהאַט מיין פּלאַן: כ׳וועל אים געבן דאָס צונויפגעזאַמלטע ברויט מיט מיין אָפּגעשפּאָרט ביסל געלט. כ׳האָב געוואָלט ער זאָל זיך אַריבערקלייבן צו אַ פּויער, אַ פּויער איז זיכערער ווי אַ גוטבאַזיצער.

צום גליק איז די נאַכט געווען אַ פינצטערע, רעקסן האָב איך אָפּ־געשלאָסן. אַרום איינס אַזייגער ביינאַכט בין איך געהיט אַרויסגעגאַנגען פון הויז. כ׳האָב שוין געקאָנט דאָס אָרט, געוווּסט וויאַזוי צוצוגיין, מ׳זאָל מיך נישט באַמערקן, געהאַט מיט זיך אויך צוויי פלעשער וואַסער. כ׳בין צוגעגאַנגען הינטער דער אָבאָרע און געגומען שטיל רופן:

— ר׳ ייד, ר׳ ייד!

כ׳האָב געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער: טאָמער דערהערט ווער, טאָמער קומט אַרויס וואַלענטי אַ קוק טאָן אויף די פערד.

— ר׳ ייד! — האָב איך ווידער גערופן. קיין באַוועגונג. זאָל ער האָבן אַנטלאָפן? כ׳האָב שוין געוואָלט אוועקגיין, ווי פּלוצים האָט זיך עפּעס אינעם גנאַי אַ באַוועג געטאָן. דער פחד האָט ווידער אָנגעהויבן צוקומען צו מיין האַלדז. כ׳האָב זיך צוגעפּלאַטשט צו דער וואַנט פון דער אָבאָרע, ווי אַ שאָטן. דאָס איז געווען ער, ער איז געקראָכן פּאַוואָליע מיט די לעצטע כוחות. איך האָב זיך אַ ריר געטאָן, ער האָט זיך נישט דערשראָקן, פּאַמעלעך זיך אויסגעקערעוועט צו מיר. ער האָט אויסגעזען גרויליק, שווארצע אויגנלעכער, אַן אַרויסגעשטאַרצטע באָרד, ווי ביי אַ בר־מנן. ער האָט אויף מיר אַ בליק געטאָן מיט דולע אויגן און עפּעס געפּרעפּלט, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען. כ׳האָב אים דערלאַנגט וואַסער מיט ברויט, ער האָט נישט אויסגעשטרעקט די האַנט צום נעמען. כ׳האָב גע־נומען אים בעטן:

— נעם, עס און טרינק, כ׳האָב דיר געבראַכט זאַפּאַסן און געלט. אין דער דריטער כאַטע אויף רעכטס וווינט אַ פּויער, אַ סאָציאַליסט, אַן אָרנטלעכער מענטש. ווע‏סט אים געבן דאָס געלט, וועט ער דיך אויסבאַ־האַלטן.

דער ייד האָט נישט געענטפערט, ווי ער וואָלט נישט געהאָרכט וואָס מ׳רעדט צו אים. מיטאַמאָל האָט ער דערזען דאָס פלעשל וואַסער,

ער האָט עס אויפגעהויבן אין דער הייך און גענומען מאַכן דערויף קידוש. דערנאָך אָפּגעטרונקען אַ ביסל און גענומען צעשטיקלען דאָס ברויט:

— דאָס איז פאַר דיר, רחלע, — האָט ער שטיל געמורמלט — און דאָס פאַר דיר, יאַנקעלע, חיהלע, עסט קינדער די חלה און טרינקט דעם שבתדיקן וויין. כ׳בין צוריקגעקומען צו אייך, צוריקגעקומען אויף שבת.

כ׳האָב אָנגעהויבן שלוכצן, ציענדיק אים פאַר אַן אַרבל:

— קומט צו זיך, עסט און טרינקט, איר זאָלט כוח האָבן צו אַנטלויפן. אָט האָט איר דאָ געלט, ראַטעוועט זיך!

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיין אויסגעשטרעקטע האַנט און געזאָגט:

— ס׳איז שוין שפּעט. כ׳מוז צוריקקומען אויף שבת אַהיים.

כ׳האָב זיך געגעבן אַ דריי אויס און גענומען ווילד לויפן, אַ דולע פון פאַרצווייפלונג.

*

...ביינאַכט איז לעבן מיין בעטל געשטאַנען מיין מאַמע. איר מויל איז געווען פאַרקלעמט, דאָס פּנים בלאַס און בייז: — גענוג — האָט זי געשריגן אויף מיר — שוין גענוג! איך זאָרג פאַרן טאַטן, נישט דו, לאָז אים צורו, ער איז מיין מאַן, נישט דיינער. צו מיר וועט ער צוריקקומען, נישט צו דיר.

דערנאָך האָט זיך באַוויזן פּאַוועל מיט דער שפּיצרוט אין האַנט, און איראָניזירט:

— דו זעסט, כ׳האָב דיר געזאָגט, אַז דו וועסט נישט אויסשפּילן נישט ביי מיין מאַמען און נישט ביי דיינער. וועסט נישט האָבן נישט קיין טאַטן, נישט קיין קינדער, דער איינציקער הערשער דאָ בין איך. אָבער וואָס פאַראַ געערוך איז דאָ, פּע, ממש ווי אַ גנאַי־אָנשיט.

כ׳האָב זיך אויפגעוועקט פון שלאָף נישט ביי די געדאַנקען. פונדעסטוועגן זיך אַרומגעוואַשן, אָנגעטאָן די קינדער און בין געקומען מיט זיי, ווי געוויינטלעך, צום פרישטיק. די גוטבאַזיצערין איז געווען אין עסצימער. פּאַוועל, נאָך זיין צוריקקומען, איז אַוועק גלייך אויפן פעלד.

כ׳האָב העפלעך באַגריסט די באַלעבאָסטע און געפרעגט וועגן איר געזונטצושטאַנד:

— איז שוין די מיגרענע פולשטענדיק אַריבער?

— איך דאַנק אייך זייער, פרייילין לענע, ס׳טוט נאָך ווײ אַ ביסל.

פלוצים איז אַריינגעקומען די וואַלדוועכטערקע, צוגעגאַנגען צו דער גוטבאַזיצערין און האָט איר געזאָגט עפּעס מיט גרויס צערודערונג אויפן אויער.

כ׳בין געבליבן זיצן אָן באַוועגונג.

די גוטבאַזיצערין האָט אַ קוק געטאָן אויף פּאַוועלס ליידיקער שטול און געזאָגט:

— דער הער גוטבאַזיצער וועט באַלד קומען פון פעלד, זאָל וואַלענטי צוואַרטן לעבן דער קיך.

כ׳האָב זיך געשראָקן אויפצוהייבן די קאָפּ. גאַגאַ האָט פריילעך גע־פּלאַפּלט און זיך געמיט אויסצושעפּן די קערנדלעך מאַנע־קאַשע, וואָס זע־נען געשווומען אויף דער מילך. די גוטבאַזיצערין האָט שנעל פאַרענדיקט דאָס עסן און איז אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך באַוויזן די הויכע פיגור, פּאַוועלס, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון פעלד. די גוטבאַזיצערין איז אים געגאַנגען אַנטקעגן און האָט אַ צעהיצטע גערעדט עפּעס צו אים. וואַלענטי האָט זיך געשושקעט מיט דער וואַלדוועכטערקע ביי דער שוועל פון דער קיך. כ׳האָב אַוועקגערוקט פון זיך דעם טעלער עסן און בין אַריינגעגאַנגען אין קיך.

— אפשר איז דאָ אַ ביסל מילך פאַר גאַגאַן? — האָב איך געפרעגט דער וואַלדוועכטערקע.

— ס׳איז דאָ, אָבער כ׳ווייס נישט צי די פרוי גוטבאַזיצערין וועט דערלויבן געבן אינגאַנצן.

— נו, וועל איך וואַרטן ביז די פרוי וועט קומען, — האָב איך געענטפערט. אָבער די וואַלדוועכטערקע האָט שוין נישט געהאָרכט מיין ענטפער.

— אַ לעבעדיקער? — האָט זי געפרעגט וואַלענטין.

— אַ לעבעדיקער, נאַר... — האָט ער געטייטלט מיט אַ פינגער אויפן שטערן — נישט אַנדערש ס׳איז ביי אים דאָרטן נישט אין אָרדענונג.

— יעזוס, מאַריאַ! — האָט זיך די וואַלדוועכטערקע אַ כאַפּ גע־טאָן פאַרן קאָפּ — און אַזוי איז ער אין גנאַי געזעסן?!

אינצווישן האָט זיך שוין פּאַוועל און די מאַמע דערנענטערט צו דער קיך־טיר. פּאַוועל איז געווען זייער דענערווירט.

— ווי אַזוי אַוועקפירן? — האָט ער געוועדט הויך — מיט וואָס אַוועקפירן? כ׳האָב נאָר איין פערד. און מיט וואָס וועל איך אַרבעטן? זאָל די פּאָליציי אַליין קומען נאָך אים און אים צונעמען, כ׳דאַרף אים נישט האָבן אויף מיינע פעלדער.

— זיי שיסן זיי אויפן אָרט, — האָט וואַלענטי באַמערקט קורץ, — ס׳לוינט זיך זיי נישט צו פירן.

— ניין, נישט דאָ, — האָט אַ זאָג געטאָן די גוטבאַזיצערין. — דאָ זענען פאַראַן קינדער, מ׳קאָן נישט. דו מוזט אים, פּאַוועל, אַוועקפירן, ווען זאָלסט אפילו מוזן באַצאָלן פאַר אַ פערד.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט און זעענדיק מיך נאָך אַלץ זיצן ביים טיש מיט די קינדער, האָט זי צוגעמאַכט די טיר פון קיך אין עסצימער אַריין.

מיט ציטערנדיקע הענט האָב איך גענומען אָפּרוימען אַלץ און בין אַוועקגעגאַנגען פון טיש. אַ טעלער מיט שיריים האָט זיך מיר אויסגעגליטשט פון דער האַנט און זיך צעגאָסן אויף דער פּאָדלאָגע. כ׳בין שנעל אַוועק אין קיך נאָך אַ שמאַטע און פאַרווישט די שפּורן. בין צוריק אַריין מיט די קינדער אין זייער צימער און אַרויסגענומען די פאַרבלאָטיקטע שיך פון אונטערן בעט און זיי פאַרשטופּט טיף אין דער שאַפע. אין גאַייל זיך אַרויסגעשלייכט דורך דער פראָנט־טיר און אַראָפּגענומען דאָס קלייד פון די קוסטעס. די לעצטע טראָפּנס פון מיין פלעשל אָדעקאָלאָן דערויף אויסגעגאָסן און זיך אויך באַשפּריצט דאָס פּנים און די האָר. זיי פאַרקעמט אין קאָקעטישע לעקלעך און אַראָפּגעלאָזן אַ נעט „האַטשיקל״ אויפן שטערן. קרישיע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען לעבן מיר און מיך אָבסערווירט.

— פרייליין לענע, איך וויל אויך אַ ביסל שמעקנדיקע טראָפּנדלעך אויף די הערעלעך און לעקעלעך ווי ביי אייך, און אָפּפאַרבן די נעגל אויף רויט, אַזוי ווי די מאַמע.

כ׳האָב געטאָן אַלץ וואָס זי האָט פאַרלאַנגט. דערנאָך בין איך אַ שווייגנדיקע און איין־זיך פאַרשלאָסענע, אַוועקגעפאָרן מיט די קינדער אויף אַ שפּאַציר, ווייטער ווי געוויינטלעך, אין סאָד אַריין. דער מיטאָג איז געווען אַ פאַרשפּעטיקטער. ס׳איז נישט געווען נישט די גוטבאַזיצערין, נישט פּאַוועל. כ׳האָב שוין באַוויזן אָנצוהאָדעווען די מיידעלעך, ווען זיי האָבן זיך ביידע באַוויזן אין עסצימער.

— זע נאָר באָבעלע, וואָס פאַר אַ שיינע נעגל פרייליין לענע האָט מיר אָנגעפאַרבט, און גיב נאָר אַ שמעק צו מיינע האָר! — איז קרישיע צוגעלאָפן צו דער באָבע.

פרוי זאַטאָצקאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר פאַרחידושט און דערנאָך אַ זאָג געטאָן קרישיען:

— דו ביסט נאָך צו קליין, קרישיע, זאָלסט זיך לאַקירן די נעגל. וויש עס בעסער אָפּ.

— ניין, נישט אָפּווישן, האָט קרישיע געגומען וויינען — איך בין שוין אַ גרויסע.

— נו, גוט, גוט. וועסט אזוי גיין אַ טאָג מיט די נעגל. און מאָרגן קומט די מאַמע צו פאָרן, וועט זי שוין באַשליסן וואָס צו טאָן ווייטער.

פאַוועל האָט אַ קוק געטאָן אויף מיין נייער פריזור און דעם שפּיצנקעלנערל פון הינטער מיין ווייסן פאַרטעך און אַ טראַכט געטאָן: „אַהאַ, דער פיש האָט זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענדקע, דאָס אַלץ איז פאַר מיר".

— כ'האָב געמיינט, אַז פרוי ניעדזיעלסקא קומט צו פאָרן היינט, — האָב איך זיך באַשיידן פאַרענטפערט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— ניין, נישט היינט, מאָרגן. און ס'איז אַ שאָד די קינדער זאָלן היינט פאַרברודיקט די ווייסע קליידעלעך.

— איך האָב אַנדערע אין זאַפּאַס, — האָב איך געענטפערט. די גוטבאַזיצערין האָט נישט רעאַגירט.

— ביסט נאָך פאַרן פרישטיק פאַוועל, — האָט זי אַ זאָג געטאָן צום זון.

— יאָ, כ'האָב געמוזט דינגען אַ פערד אויפן דאָרף, און ווייסט דאָך ווי דאָס איז שווער היינט, אָבער ס'איז שוין אַלץ אין אָרדענונג. וועל איך ערשט עסן דעם מיטאָג מיט אַ גרעסערן אַפּעטיט.

— אויסגעצייכנט, — זאָגט די גוטבאַזיצערין. — ס'איז דאָ אויף מיטאָג האָגשטיקלעך מיט פרישן סאַלאַט.

## אייפערזוכט פון אַ מאַמען

אויפן צווייטן טאָג איז געקומען צופאָרן קיין אַלכאָוועק אירענאַ ניעדזיעלסקאַ, און אַלץ אַרום איר האָט אויפגעגלאַנצט מיט פרייד. זי האָט געבראַכט מיט זיך די נייעסטע פאָליטישע ידיעות, פון פראַגט און פון וואַרשע, די נייעסטע פּליאָטקעס. האָט דערציילט וועגן דער מלחמה,

געשעפטן, גמט און סקאַנדאַלן, — וועגן אַלץ מיט איינפאַל, מיט לייכט־קייט, וויציק. שלעכטע ידיעות האָט זי אויסגעמיטן, איבערגעשפּרונגען זיי, ווי אַ קינד וואָס שפּילט אין „קלאַסן" און היפּערט איבער איין קלאַס אויף איין פוס, רוקנדיק פאָרויס דאָס קאָלירטע שפּיל־גלעזעלע. דער שטייפער אַלכאָוואָקער הויף האָט אויפגעלעבט, ס'האָט אויפגעהילכט אין אים אַ נײַ לעבן. די צימערן וואָס האָבן געאָטעמט מיט שימל, האָבן גע־קלונגען מיט געלעכטער און גערויש. פרוי אירענאַ האָט געבראַכט מיט זיך צאַרטקייט און לייכטקייט, פרויענהאַפטיקן צויבער, דורשט נאָך נײַע איינדרוקן, שמייכלען און פלירטן.

די אַלטע גוטבאַזיצערין איז כסדר אַרומגעגאַנגען אַרום דער טאָכ־טער און איר אַלעמאָל עפּעס געבראַכט. דאָ אַ פריש־צעבליטע טרוס־קאַווקע פון סאָד, דאָ עפּעס אַ געריכט צום פאַרזוכן, דאָ אַ פּיקאַנטע נײַעס פון דער שכנהשאַפט. זי אַליין האָט אויפגעלעבט און צוגעשפּיליעט אַ פרישע בלום דעם שמאָלן דעקאָלט פון איר טרויערקלייד. אפילו פאַוועל האָט זיך אויסגעלייטערט. גענאָסן פון דער שוועסטערס פרייד און לייכטן געמיט. זיך באַפרייט פון דער ביזאיצטיקער שפּאָטישקייט און פאַרביסנ־קייט, און ס'האָט אויפגעפינקלט זיין הומאָר, וויציקייט און אינטעליגענץ. קרישיע איז דול געווען פון פרייד. זי האָט באַקומען פון דער מאַמען אַ מתנה, אַ פּרעכטיקע בראַנזאַליעטקע פון ים־מושעלקעס, איז זי אַרומ־געלאָפן איבער די צימערן און הויף, באַווייזנדיק זי יעדן איינעם.

— באַטראַכט, באַבעניו, מיינע מושעלקעס, באַטראַכט, איך האָב דריי אַכט, זעכצן, עלף. איצטער טרעף, וועלכע מושעלקע איז די שענסטע?

— אַלע זענען שיין. אַלע בלישטשען ווי אַ רעגנבויגן און רוישן ווי דער ים.

— וויאַזוי רוישן זיי, באַבעניו?

— זיי רוישן אינעווייניק, ווי ים־כוואַליעס.

— און פאַרוואָס הער איך נישט זייער רוישן? האָט זי געזאָגט האַלב וויינענדיק.

— ווייל ביסט נאָך אַ קליינינקע, — האָט איר פאַוועל געענטפערט — און דיינע מושעלקעס זענען נאָך קליינע. אָט אַזוי הויך דאַרפסטו אויסוואַקסן, — האָט ער זי אַ הייב געטאָן אינדערלופטן — זאָלסט קאָנען הערן זייער רוישן און מוזיק.

גאַגאַ האָט אינאַנהייב נישט געוואָלט גיין צו דער מאַמען, און דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסן פרוי אירענע.

— באַרעכן נאַר, — האָט זי גערעדט צו דער גוטבאַזיצערין — בסך־הכל צוויי חדשים זיך נישט געזען, און האָט מיך שוין פאַרגעסן...

— ווייל, פאַרשטייסט, אירענע — האָט פרוי זאַטאָצקאַ געענטפערט מיט אַ שטאָך — זי האָט זיך צוגעוווינט מ׳זאָל איר צופיל נאָכגעבן, טראָגן אויף די הענט, איבערהאָדעווען... אפילו קרישיע האָט מען אַזויפיל נישט נאָכגעגעבן, ווען זי איז געווען אַ פיצל... כאָטש זי איז געווען אַ בת־יחידה און כאָטש זי איז אַן אמתע זאַטאָצקא. און גאַגאַ?, זי איז אינגאַנצן אין די ניעדזיעלסקיס געראָטן.

— עך, מאַמע, — האָט פרוי אירענע אַ קנייטש געטאָן דעם שיינעם שטערן — דו ווייסט דאָך גוט, אַז איך האָב נישט ליב די־אָ אונטערשידן. זאַטאָצקי צי ניעדזיעלסקי — איך האָב ליב ביידע טעכטערלעך אַלציינס.

פרוי זאַטאָצקאַ איז אַנטשוויגן געוואָרן, טראַכטנדיק זיך אירס. און פרוי אירענע האָט אַרויסגענומען פון וואַליזקע זיסקייטן און שפּילעכלעך איבערצוקויפן גאַגאַן.

— און גאַגאַ — ביטע זייער, צוגענומען האָט זי, אָבער גיין צו דער מאַמען האָט זי ווייטער נישט געוואָלט.

*

פרוי אירענע האָט מיר געזאָגט אַ סך העפלעכקייטן און קאָמפּלי־מענטן וועגן מיין דערציען. זי האָט מודה געווען, אַז די קינדער האָבן זיך פאַר דער קורצער צייט פון זייער זיין מיט מיר זייער גוט אַנטוויקלט, און אַז זיי זענען היינט אַ סך רויקער און העפלעכער ווי אַמאָל.

פונדעסטוועגן, האָט פאַר דער צייט זינט זי איז אַהערגעקומען, דאָס דערציען די קינדער, און באַזונדער קרישיען, גענומען אונטערהינקען. ביז דער צייט האָבן די קינדער געהאַט אַ פעסטגעשטעלטן סדר־היום, אַ צייט פאַר גיין שלאָפן און אויפשטיין, עסן, אָפּרו, שפּאַצירן און פאַרווייליונגען. היינט האָט מיר פרוי אירענע אַלץ איבערגעקערט. פון אינדערפרי ביז ביי־נאַכט האָט זי געהאָדעוועט די קינדער מיט זיסקייטן, אַזוי, אַז זיי האָבן שוין נישט געקאָנט עסן ביים טיש, אַלץ האָט זי זיי דערלויבט, אַלץ זיי גע־געבן, וואָס זיי האָבן נאָר געוואָלט. ווען קרישיע האָט פאַרן שלאָף נישט געוואָלט זיך אָרומוואַשן, האָט איר פרוי אירענע געהייסן זיך בלויז מיטן

גאַסן האַנטעך אַרומוואַשן דאָס מויל. ווען קרישיע האָט נישט געוואָלט גיין שלאָפן, איז די גאַנצע פאַמיליע געקומען איר בעטן וועגן דעם, דער פעטער האָט צוגעזאָגט קויפן איר נייע שפּילצייג, די באָבע, — מיטנעמען זי אין סאָד. די רעזולטאַטן פון אַזא האַנדלונג האָבן נישט געלאָזט לאַנג וואַרטן אויף זיך. אין משך פון עטלעכע טעג האָט פרוי אירענע מיר אַ תּל געמאַכט די גאַנצע דערציִערישע אַרבעט, און זיך אַליין געמאַכט אוממעגלעך צו זיין צוזאַמען מיט די קינדער. ס'איז דערגאַנגען אפילו דערצו, אַז פרוי אירענע איז אַנטלאָפן פאַר די קינדער, האָט זיך פאַרשלאָסן פאַר זיי...

— אַלץ וועל איך טאָן, נאָר נישט זיין מיט די קינדער, — האָט זי געזאָגט צו דער מאַמען (דערפאַר האָט זי געהאַלטן אַ גוווערנאַנטין, הגם זי איז געווען געענגט אין געלט) ווען כ'האָב פרוי אירענע געמאַכט אַ באַמערקונג (זייער דעליקאַט) וועגן אירע פּעדאַגאָגישע פעלערן, האָט זי נישט געוואָלט הערן, ס'האָט איר געלאַנגווייליקט. און גלאַט, ס'איז נישט געווען צו דערלאָזן דעם געדאַנק, זי זאָל קאָנען מאַכן פעלערן. אַלץ וואָס די זאַטאַצקיס האָבן געטאָן איז געווען „טאַבו" — נישט צו ענדערן. שוין צוליב דער סיבה אַליין, וואָס דאָס האָבן געטאָן די זאַטאַצקיס... ווידער בנוגע גאַגאַן, איז אַנטשטאַנען אַן אַנדער פּראָבלעם. פרוי אירענע איז געווען אייפערזיכטיק צוליב איר ליבע. ווייל גאַגאַ — גלייך ווי אין טאָג פון איר קומען צופאָרן — האָט זיך אויך ווייטער נישט געלאָזט איבערקויפן מיט קיין מתנות. מיט איר געזונטן קינדישן אינסטינקט האָט זי אַרויסגעפילט, אין ווען זי געפינט אַן אמתן אָנשפּאַר, אַ שטענדיקע געפילס־באַזע, און ביי וועמען אַ קאַפּריזנע נישט געשטעלטע ליבע... און זי האָט (דערווייל) נישט געוואָלט טוישן איר זיכערע באַזע....

פרוי אירענע האָט עס נישט פאַרשטאַנען, און געפילט זיך צוליב דעם באַליידיקט. זי איז געווען אַ שיינע פרוי, תמיד אַרומגערינגלט מיט ליבע און פאַרערונג. געוווינט געווען, אַז אַלע הערצער זאָלן ליגן צו אירע פיס... און דאָ האָט גאָר דאָס אייגענע קינד מער ליב אַ פרעמדע פרוי איידער איר, דער מאַמען. איר זעלבסטליבע איז געווען פאַרווונדעט. איך האָב דאָס פאַרשטאַנען און געטאָן אַלץ וואָס כ'האָב נאָר געקאָנט, אַז דאָס קינד זאָל מער ליב באַקומען די מאַמע. כ'האָב געטראַכט: סוף־כל־סוף איז דאָך עס איר קינד, און נישט מיינס. חוצדעם, וואָלט עס נישט קלוג זיין צו פאַרשאַפן זיך שוועריקייטן אין אונדזער צוזאַמענלעבן, מ'האָט דאָך געדאַרפט איבערלעבן אָט די מלחמה. און דערפאַר האָב איך זיך באַמיט, אַז דאָס קינד

זאָל פון צווישן אונדזביידע אויסוויילן די מאַמע, כ׳האָב עס אָבער אָפּ־געפילט מיט אַ היפּשער דאָזע ביטערניש. ווייל נישט ווילנדיק האָבן זיך אונטערגערוקט מחשבות: יאָ, זי איז טאַקע די מאַמע, זי וויל אָבער נישט נעמען אויף זיך קיין שום שווערקייטן, פאַרבונדענע מיטן דערציען קינ־דער. זי ווילט זיך, קליידט זיך, פלירטעוועט, פאָרט מיט וויזיטן, און איך מוז אויפשטיין צו די קינדער עטלעכע מאָל אין דער נאַכט, אַרויסטראָגן די רינאָלן, וואַשן וועש, וואַכן איבער זיי בייטאָג און ביינאַכט מיט אחריות פאַר זייער געזונט און אַנטוויקלונג... כ׳בין כסדר הונגעריק, נישט אויס־גערוט, האָב נאָכנישט געהאַט קיין איין פרייען טאָג. חוצדעם איז דאָס קינד, גאַנאַ, געוואָרן פאַר מיר אַ לעבנס־ערזאַץ... אַלץ! אין אירע קליינע זיסע הענטעלעך האָבן זיך געשמאָלצן פאַר מיר אַלע וועלט־קריוודעס. און דער־פאַר איז קיין שום אַרבעט פונאירעטוועגן פאַר מיר נישט שווער געווען און קיין שום קרבן נישט צו גרויס. צי קומט מיר נישט, אַנשטאָט דאָס אַלץ, אַ ביסל ליבע פון דעם קינד? צי האָט נאָר די מאַמע רעכט אויף איר ליבע? אַזאַ מאַמע, וועלכע ברענגט די קינדער בלויז שפּילעכלעך, און פאַר וועל־כער דאָס קינד איז ווי אַ מין שפּילכל?

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך דעמלט אָנגעהויבן צו באַ־נעמען די טראַגעדיע פון אַלטע ניאַניעס, וועלכע האָבן האַרציק ליב פרעמדע קינדער. אָבער יענע ניאַניעס זענען כאָטש געווען אַלטע, און די זיקנה טעמפּט אָפּ ווייטיק און געפילן. אָבער איך בין געווען יונג און האָב געהאַט דאָס באַדערפעניש צו ליבן און געליבט צו זיין.

## פּאַוועל

לחלוטין אומדערוואַרט, האָט זיך פּאַוועלס אַנטאַגאָניזם צו מיר פאַר־טוישט אויף אַ פלירט. דאָס איז געווען אירענעס אַ קאַפּריז. זי האָט זיך שוין אָנגעהויבן לאַנגווייליקן אין אָלכוועק. ס׳איז שוין געווען נאָך אַלע וויזיטן, מ׳האָט איר שוין רעוויזיטירט, מ׳האָט זיך שוין גענוג אָנגעטאַנצט. זי האָט זיך שוין דערוווסט וועגן יעדן, ווער מיט וועמען און ווו... האָט זי ערשט נישט געהאַט שוין מיטוואָס אויסצופילן די עטלעכע וואָכן וואָס

זעגנען איר געבליבן ביזן סוף פון איר ווילן דאָ. איז דעמלט איר בליק גע־פאַלן אויף פּאַוולען און מיר.

פרוי אירענע איז געווען אַן אמתע פרוי, וואָס שייך ליבע האָט זי נישט אַנערקענט קיין שום פאָראורטיילן און באַוואָרענישן. זי האָט געהאַלטן, אַז „ס׳וואָלט זיין אַ זינד צו לעבן אָן זינד". און אַזוי האָט זי גענומען מיך „דערלאַנגען" פּאַוולען, ווי אַ צייטיקע פרוכט אויף אַ טאַץ.

ס׳איז געווען אַ הייסער און פולער זומער. די פרוכטן האָבן זיך אויס־געצייטיקט אויף דיביימער אין הייסער רויטקייט, און האָבן געדרייצט מיט דופטנדיקער זיסקייט. פּאַוועל האָט זיך געלאָזט באַהערשן פון דער זומער־היץ און דער ליבע, און גענומען זיך צעבליען מיט מענערישן צויבער. האָט זיך אָפּגעזאָגט פון די חשדים און גענומען מיר אַדאָרירן. אירענע האָט אים צוגעהאָלפן. אין דער ראָזער שקיעה־שיין, ווען כ׳פלעג לייגן די קינ־דער שלאָפן, פלעגן זיי קומען צו מיר ביידע, און הינטער זיי, אַריינשלייכנ־דיק זיך, רעקס. און ס׳פלעגן זיך אָנהייבן שטיפערייען: פּאַוועל וואַרפט די קינדער אין דער הייך, נאָך די קינדער שפרינגט אונטער רעקס, קרישיע פּישטשעט און מאַכט קולות, אויך גאַגאַ שרייט, עיאַ, עיאַ! אירענע פּאַטשט אין די הענט און לאַכט, דער הונט בילט און וואָיעט, אַזש דער גאַנצער הויף ציטערט. ער שפּרינגט אַרויס דורכן פענצטער, שפרינגט אַרויף אויף פּאַ־וולען און לעקט אים דאָס פּנים. ערשט די גוטבאַזיצערין פלעגט מאַכן אַ סוף צו די משוגעתן. (זי איז בכלל געווען אַ קעגנערין פון זיין צוטרוילעך מיט דער דינערשאַפט, דאָס הייסט מיט מיר) ערשט ווען אַלע פלעגן אַרויסגיין, האָב איך געקענט לייגן די קינדער שלאָפן.

פּאַוועל האָט אָנגעהויבן מיך באַגלייטן, אינאָנהייב בייטאָג אויף די שפּאַ־צירן מיט די קינדער. ער פלעגט מיר דעמלט טאָן צענדליקער קליינע געפעליקייטן; אַרויסטראָגן דאָס וויגל פון הויז. פאַרריכטן די הינקענדיקע שטולן, די סקריפּענדיקע לאָדנס, שניצן שפּילעכלעך פאַר די קינדער, ברענ־גען אונדז פרוכטן פון סאָד. אומגעריכט האָט ער זיך פאַרקאָכט אין גאַגאַן (הגם זי איז גיכער געווען אַ ניעדזיעלסקאַ) און פלעגט זי אָפט נעמען פון מיינע הענט. כ׳פלעג דעמלט פילן ווי ער באַרירט, נישט־באַמערקעוודיק, מיט זיין האַנט מיין ברוסט. ער פלעגט קושן גאַגאַן, ווי ער וואָלט קושן מיך, האָט מיך געדרייצט ווי נאָר ער האָט געקאָנט. נאָר ווייל ער פלעגט עס טאָן תמיד אין בייזיין פון דער מאַמען, אָדער דער שוועסטער, האָב איך אים

גאָרנישט נישט געקאָנט זאָגן. ווען כ׳בין אַרויסגעפאָרן מיטן וויגל מיט די קינדער איבער די שמאָלע פּאַרק־שטעגלעך, פלעגט ער גיין פאַר מיר און אַוועקשאַרן אויף אַ זייט די האַרטע ריטלעך פון די ביימער, זיי זאָלן מיר נישט שלאָגן איבערן פּנים. אָדער ער פלעגט גיין נאָענט לעבן מיר און מיך באַשיצן מיט זיין שטאַרקן אָרעם, כ׳זאָל קיין קלאַפּ נישט באַקומען. דער הימל פלעגט זיך דעמלט צעצינדן אויף מעריב, דער אָפּגלאַנץ איז געפאַלן אויף דער קאָרע פון די אלטע ביימער, פלעגט זיך אויך אָנצינדן מיין האַרץ. כ׳האָב דאַן פאַרלוירן דאָס געפיל פאַר דער ווירקלעכקייט, אָנגעהויבן טרוי־מען, ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך גיי שוין אַזוי אַ סך יאָרן... פון זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, גיי איך אַזוי אין אָט דעם, מיט שיין באַ־גאָסענעם, אַלטן פּאַרק, מיט צוויי זוניקע טעכטערלעך און מיט אַ קרעפּ־טיקן מאַנצביל אין דער זייט... און אַזוי וועל איך ווייטער גיין אַ סך יאָרן — ביזן סוף פון דער וועלט... און אַז דאָס איז מיין קעניגרייך, אָט דער ווונ־דערלעכער פּאַרק, און מיינע זענען די קינדער און דער מאַן. דאָס וועגן וועלכן כ׳האָב אַמאָל געחלומט, איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין לעבן. נישט די וועגט פון דעם געטאָ, נישט די גאַזקאַמערן, נישט די תפיסות — נישט זיי זענען די ווירקלעכקייט! נאָר אָט די שיינקייט וואָס איז פאַרצויבערט אין בליאַסק, אין שמייכל פון גליק, אין ליבע און אין די גאָלדענע ברע־מען פון די קינדער, — דאָס איז אייביקייט און ווירקלעכקייט.

— צי קאָן מען וויסן וועגן וואָס איר חלומט? — האָט פּאַוועל גע־פרעגט, צובייגנדיק זיך צו מיר מיט אַ וואַרעם געפיל.

— וועגן וואָס איך חלום? האָב איך אויפגעוואַכט פון טראַכטעניש און חלומות — איך חלום וועגן אַ וועלט וואָס זאָל זיין גוט און ליכטיק, אָט ווי די נאַטור דאָ. איז דאָס מעגלעך, הער פּאַוועל?

— די וועלט קאָן נישט זיין בלויז ליכטיק און גוט. די וועלט קאָן צייטנ־ווייז זיין אָנגענעם, און נישט תמיד איז דאָס וואָס איז אָנגענעם, גוט.

— פאַרוואָס, הער פּאַוועל?

— ווייל אין דעם מענטשן איז דאָ שלעכטס און אין דער נאַטור איז דאָ שלעכטס.

— ניין, אין דער נאַטור איז קיין שלעכטס נישט פאַראַן, — האָב איך הייס פּראָטעסטירט — די נאַטור איז צו שיין, מ׳זאָל קאָנען זי אָנרופן שלעכט.

— אויך שלעכט קאָן זיין שיין, — זאָגט פּאַוועל מיט אַ מאָדנעם גלאַנץ אין די אויגן.

— ניין, ס'קאָן נישט זיין שיין דאָס, וואָס איז גורם ווייטיק, קריוודע אוןליידן צו אַנדערע. ס'קאָן נישט זיין און ס'איז נישט, — האָב איך זיך געבונטעוועט אין דער נשמה.

*

אומדערוואַרט פאַר זיך אַליין בין איך געוואָרן איינע פון די צענטראַלע פיגורן אין אַלכאָוועק. אירענע האָט מיר אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע און אַכ־טונג, פּאַוועל האָט מיר אַדאָרירט עפּנטלעך, די דינערשאַפט האָט אָנגעהויבן זיך רעכענען מיט מיר א סך מערער. קרישיע האָט מיך אָפּטער געפאָלגט. בלויז די קליינע, זיסע גאַגאַ איז געבליבן אומגעענדערט אין איר באַציונג צו מיר.

דער זומער איז שוין געגאַנגען צו זיין סוף. אירענע האָט זיך גע־גרייט צוריקצופאָרן קיין וואַרשע, זי האָט נישט ליב געהאַט זיצן לאַנג אויף איין אָרט. די גוטבאַזיצערין האָט איינגעאָרדנט אַ מיטאָג צום געזעגענען זיך, און פאַרבעטן געסט. שוין דריי טעג פריער האָט זי אָפּגעבראָטן די האָזן, וואָס מ'האָט געבראַכט פון געיעג, און זיי צוגעגרייט אין זאַפט פון ווייַנפּערלעך, לויט איר אייגענעם רעצעפּט. די וואַלדוועכטערקע, רויט ווי אַ בוראַק, האָט געפּרעגלט אין אַ גרויסן אײַזערנעם טאָפּ קאַרטאָפל אויף ריינער פּוטער.

נאָכן מיטאָג זענען אַלע געסט אַריבערגעגאַנגען אין סאַלאָן, און פּאַ־וועל האָט געעפנט דעם פּאַטעפאָן. פרוי אירענע האָט געבעטן די וואַלדוועכ־טערקע זי זאָל מיך פאַרטרעטן ביי גאַגאַן, איך זאָל קאָנען כאָטש איין מאָל אַראָפּנעמען פון זיך דעם ווייסן פאַרטעך און נעמען אָנטייל אין דער פאַרוויי־לונג. כ'האָב אָנגעטאָן אַ שיין, בלאָ קליידל אין בלומען, אַ שמאָלס אין טאַליע און רייך אין פאַלדן, און פאַרשפּיליעט אין די האָר, ווי אַנדערע פרויען, אַ שיינע בלום. כ'האָב געהאַט לאַנגע, בלאָנדע האָר, בעת מיינע אויגן זענען געווען טיף־שוואַרצע, בין געווען זייער אַ מאָגערע און נעטע. מיט מיין דערשיינען אין דעם סטראָי אין סאַלאָן, האָב איך געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די הויכגעשטעלטע געסט: דאָס דאָקטאָר־פּאָר־פאָלק פון נאָענטן גוט מיט צוויי זייער ליבלעכע טעכטערלעך. די סע־

וערס, די אַלטע און יונגע, מיטן אומצעשיידטן הויז־פריינט, הער באָגוסלאַוו סטעמפּטשינסקי. די וויניקער וויכטיקע כאַלופּסקיס, זי אַ יונגע שיינע פרוי, אָן מאַניערן, ער, אַן אויפגעקומענער מלחמה־גביר. דער שווייגעוודיקער וואַלדוועכטער, הער ווילטשעק, נו, און די באַלעבאַטים. פּאַוועל האָט אויסגעפירט זיין מיסיע אַלס באַלעבאָס, מיט גרויס געניטקייט און עלעגאַנץ, זיינע מאַניערן זענען געווען אָן פּגם. די גאַנצע אָרעמקייט און דער דלות פונעם הויף איז געווען פיין פאַרשליירט, דער הויף האָט ווידער געגלאַנצט ווי אין אַמאָליקע יאָרן. פּאַוועל האָט געשטראַלט פון פרייד און מיט אַ ניי, מיר אומבאַקאַנט, פייער, די געסט האָבן אים שוין לאַנג אַזעלכן נישט געזען.

כ׳בין געווען זייער אָפּהענטיק צוליב דער גרויסער געזעלשאַפט. דאָס ערשטע מאָל אַליין, אָן די קינדער, און האָב נישט געוווּסט וואָס מיט זיך צו טאָן. כ׳האָב זיך געשראָקן פאַר פרעמדע מענטשן, מורא געהאַט פאַר זייער ווידערווילן צו מיר, ווי צו אַ פערזאָן פון אַ „נידעריקערע ספערע”, און קודם־כל געציטערט פאַר די געפּערלעכע חשדים וועגן „יידישקייט”. און חוץ אַלעמען, די שרעק פון אַלע מיידלעך, אַז כ׳וועל די גאַנצע צייט זיצן אַליין ביי דער וואַנט מיט פאַרלייגטע הענט־און פיס: קיינער האָט נישט קיין פליכט צו טאַנצן מיט דער גוווערנאַנטין... און אַזוי איז עס ווירקלעך געווען אינאָנהייב. וויניק הערן האָבן געטאַנצט, די דאַמען זענען געזעסן אָן טענצער. דער עיקר האָבן געטאַנצט פּאַוועל און הער באָגוסלאַוו. דעם גרעסטן דערפאָלג האָט געהאַט די טריוויאַלע פרוי כאַלופּסקאַ, וועמענס מאַן איז שוין נישט געווען גאַנץ ניכטער. כ׳בין געזעסן עלנט און האָב באַדויערט וואָס כ׳האָב זיך געלאָזט איינרעדן צו קומען אויף דער דאָזיקער פאַרווײַלונג און אָנגעטרויט גאַגאַן עמעצן אַנדערש. נאָר אָט האָט פּאַוועל אָנגעשטעלט מיין באַליבטע פּליטע: דעם ענגלישן וואַלס „פראַנסואַ” און איז באַלד געשטאַנען פאַר מיר:

— קאָן איך אייך פאַרבעטן?

— ביטע זייער, — האָב איך געענטפערט קאַלט.

— צי טאַנצט איר אַן ענגלישן וואַלס?

— כ׳צווייפל, צי איך וועל זיין פאַר אייך אַ גוטע טענצערין.

— דערלויבט מיר דאָס צו אורטיילן.

— יאָ, איר האָט דערפאַרונג מיט פרויען, — האָב איך אים צוגעוואָרפן אַ ביסל איראָניש. ער האָט אויף מיר זייטיק אַ בליק געטאָן:

— צי דאָס װאָלט איך געשטערט ?

כ׳האָב אים גאָרנישט געענטפערט, בײז אויף זיך און אויף אים. אַלץ װאָס איך האָב געטראַכט און געטאָן, איז געװען שלעכט. װען כ׳האָב נישט געטאַנצט און נישט געהאַט קײן דערפאָלג, איז מיר געװען שלעכט. װען ער האָט מיר פאַרבעטן צום טאַנץ, בין איך כמעט פאַרשטײפט געװאָרן פון שרעק. און כ׳האָב געװאָלט טאַנצן, טאַנצן, טאַנצן אױפן ברעג פון אַן אָפּ־גרונט !...

דעם גאַנצן איבעריקן אָװנט האָט פּאַװעל געטאַנצט בלױז מיט מיר, ער האָט געטאַנצט אױסערגעװײנלעך שײן. פירנדיק מיך איבערן גלאַטן סאַלאָן־פּאַרקעט, איז ער געװען דורכױס ריטם, מעלאָדיע און עלעגאַנטע באַװעגונג. כ׳האָב געשפּירט דאָס פּולסירן פון זײן בלוט, און דעם בלוטס באַ־גער : אַ שטאַרקער, אַנשטעקנדיקער און גליענדיקער. ער האָט באַהערשט מײנע באַװעגונגען און מײן קערפּער, פולשטענדיק. כ׳בין געװען צעשרױפט. נישט בײם זינען, די גאַנצע װעלט האָט מיט מיר געטאַנצט...

ביז איך האָב זיך אױפגעכאַפּט — און דערזען אַלץ. די גוטבאַזיצערין איז געװען שטאַרק דענערװירט, די געסט אומצופרידן, די דאַמען האָבן מיך אָבסערװירט פון אַלע זײטן און זיך געשושקעט... כ׳האָב אױפגעכאַפּט עטלע־כע פראַגן : — פון װעלכע קאַנטן איז זי ? און אפשר איז זי פון די דײטשן ? הײנטיקע צײטן װײסט מען נישט מיט װעמען מ׳האָט צו טאָן...

נאָך פאַרן סוף פון דער פאַרװײלונג בין איך אַנטלאָפן צוריק אין קינ־דערצימער. כ׳האָב זיך אָפּגעקילט דאָס פּנים מיט קאַלט װאַסער, אָנגעטאָן צוריק מײן װײסן פאַרטעך און אָפּגענומען בײ דער װאַלדװעכטערקע דאָס קינד. כ׳בין מער דעם טאָג נישט אַרױסגעגאַנגען פון צימער.

אױפן צװײטן טאָג איז אירענע אַװעקגעפאָרן, כ׳בין װידער געבליבן אַלײן מיט די קינדער. אין אַלכװעק האָט זיך אַלץ אײנגעשטילט, בלױז די גוטבאַזיצערין איז געװאָרן שטײפער װי אַמאָל, און איך האָב אױס־געמיטן פּאַװלען.

ס׳איז געקומען דער שניט, פּאַװעל איז געװען שטאַרק פאַרנומען, ער האָט אױפגעהערט מיך באַגלײטן. אײנמאָל אין אַן אָװנט בין איך געזעסן עלנט אױף אַ באַנק, פאַרשטעקט אין די געדיכטע קוסטעס ניסבײמלעך. ס׳איז מיר געװען אומעטיק, זײער אומעטיק : װי קאָן זיך עס פילן גוט אַ מענטש, װעלכער מוז פאַרלײקענען זיך אַלײן ? װעמען ס׳איז נישט דער־לױבט צו האָבן קײן פאַרגאַנגענהײט, װי קאָן מען אָן איר אױסװעבן די צוקונפט ? די נאַכט איז געװען אַ קאַלטע, אַ פינצטערע, װי מײנע מחשבות.

די שטיינערנע באַנק איז געווען קאַלט, און אין דער דאָזיקער קעלט בין איך איינגעשלאָפן. ס׳האָט מיך אויפגעוועקט דאָס פילן אַ פרעמדן מענטשן דערלעבן, יאָ, דאָס איז געווען ער. ער איז געזעסן ווי אַן אומבאַוועגלע־כע, פינצטערע סטאַטוע, האָט מיך נישט געוועקט. ס׳האָט אַ ציש גע־טאָן אַן אָנגעריבן שוועבעלע, כ׳האָב זיך אַ באַוועג געטאָן. פּאַוועל האָט זיך צוגערוקט:

— איר זענט געשלאָפן?

— יאָ, ביז היינט בין איך נאָך קיינמאָל נישט אַנטשלאָפן געוואָרן אין סאָד, כ׳בין אינגאַנצן פאַרשטייפט פון קעלט. איך מוז שוין גיין צו די קינדער.

— דאָס איז אייער שטענדיקער אויסרייד.

— דאָס איז מיין ווירקלעכקייט.

— און איך וואָלט קאָנען געבן אייך אַ שענערע ווירקלעכקייט, אַ סך אַ מער צוציענדיקע...

— הער פּאַוועל, כ׳בעט אייך, רעדט נישט אַזעלכע זאַכן.

— אָבער פאַרוואָס? פאַרוואָס נישט? כ׳הייב נישט אָן צו פאַר־שטיין. פאַרוואָס מיידט איר מיך אויס? פאַרוואָס דערלויבט איר זיך נישט רעדן אָפן וועגן געפילן? איך וואָלט האָבן אַ סך מער מאָטיוון זיך צו צוימען, און כ׳טו עס נישט. נאָר כ׳רעד אָפנהאַרציק, כ׳באַגער אייך, איך האָב אייך ליב. קיין שום פּרווי האָב איך נאָך דאָס נישט געזאָגט.

פּאַוועלס שטים איז געווען אַזוי צוגעשטיקט און פאַרענדערט, אַז כ׳האָב זי לחלוטין נישט דערקאָנט. זיינע הענט, וואָס האָבן מיך אַרומ־גענומען, זענען געווען פּשוט בריענדיקע, זיין היץ האָט זיך איבערגעגאָסן אין מיין בלוט, ווי צעשמאָלצענער בליי.

— ניין, ניין, — האָב איך געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער — טוט נישט גאָרנישט קעגן מיין ווילן, איך טאָר עס נישט. איר הערט? ס׳איז נישט דערלויבט, נישט מיר, נישט אייך.

— אָבער פאַרוואָס? — האָט ער אַ כאַפּ געטאָן מיינע הענט ווי מיט צוואַנגען — זאָג שוין איין מאָל דעם אמת, פאַרוואָס?

— ווייל, ווייל איך בין פאַרנומען... איך האָב אַ חתן... אַ חתן וועלכן כ׳ליב.

— איז וואָס? — האָט ער זיך שפּאָטיש צעלאַכט — איך האָב אויך געהאַט אַ כלה, וועלכע כ׳האָב ליב געהאַט. מיין בעסטער פריינט האָט מיט איר חתונה געהאַט.

— הער פּאַוועל, — האָב איך גענומען בעטן — כ׳וועל נישט האָבן וואָס מערער צו געבן מיין צוקונפטיקן מאַן אויסער זיך אַליין... צעשטערט מיר נישט מיין צוקונפט.

— צי בין איך, און דער דאָזיקער באָדן אַ קנאַפּע צוקונפט פאַר אייך?

— אַז איר זאָלט מיט מיר חתונה האָבן, וועט אייער מאַמע קיינמאָל נישט דערלויבן.

— שטותים! — האָט פּאַוועל אַ צישע געטאָן — דו באַהאַלסט עפּעס אויס פאַר מיר. איך ווייס, אַז דו האָסט מיך ליב.

— נישט אמת, איך האָב אייך נישט ליב. כ׳האָב ליב נאָר מיין חתן.

— האָב איך כמעט געשריגן — און איר מיך האָט אויך נישט ליב. איר באַגערט מיך בלויז, איר ווילט מיר האָבן, טאַקע דערפאַר ווייל איך וועגער זיך.

— זאָל זיין אַזוי, אַלץ איינס. ס׳איז נישטאָ קיין ליבע אויסער דעם באַגער.

— אָבער איך וויל נישט אַזאַ ליבע, און כ׳דערלאָז נישט דעם געדאַנק, אַז הער זאַטאָצקי זאָל מוזן נעמען אַ פרוי מיט געוואַלט...

פּאַוועל איז שטייף געוואָרן, האָט גלייך פריי געלאָזן מיינע הענט און זיך אויפגעשטעלט. אויך איך האָב זיך אויפגעשטעלט און בין, ווי געטריבן פון אַ בייזן גייסט, אַנטלאָפן אין קינדערצימער. די נאַכט איז מיר אַריבער אָן שלאָף, כ׳האָב געציטערט פון באַגער. מיינע ליפּן און בריסטן זענען געווען הונגעריק: זיי האָבן יאָרן גאַנצע נישט געוווסט פון קיין צערטל. יעדע מינוט האָט דאָך מיר געדראָט טויט, אומקום. פאַרוואָס האָב איך געדאַרפט זיך אָפּזאָגן פונעם לעבן? די רעכט פונעם קערפּער זענען דאָך עלטער איידער די רעכטן פון ראסן און קלאַסן. פאַרוואָס האָב איך אים אָפּגעזאָגט?!

איך האָב געמוזט, האָב אַנדערש נישט געטאָרט. ער איז אַ שונא פון מיין פאָלק, אַן אַנטיסעמיט, אַן אכזריותדיקער מענטש. האָט אויסגעגעבן דעם אומגליקלעכן, אַלטן יידן צום טויט, האָט זיך געבאָרגט אַ פערד און אים אַוועקגעפירט. ער אַליין... איז אַזאַ מענטשן האָב איך זיך געדאַרפט אָפּגעבן און אפשר אים ליב באַקומען?! איך, אַ יידישקע, אַן אייניקל פון ישראל ברענער, דעם גרויסן יידישן געלערנטן, וועלכער האָט ביז הונדערט און זעקס יאָר נישט געשיידט זיך, נישט ביי טאָג און נישט ביינאַכט, מיט די הייליקע ספרים, נישט געוואָלט ווערן קיין רב, בכדי נישט צו נעמען ביי מענטשן קיין געצאָלטס און נישט מאַכן זיך אַ

פרנסה פון גאָטס וואָרט — אָ, קיינמאָל נישט! איך בין אַ צו שטאָלצע יידישקע, נישט געקוקט אויף דער מאַסקע וואָס איך טראָג. איך האָב צו שטאַרק ליב מיין פאָלק, מיין פאָלק האָט אַ שענערן און עלטערן יחוס־בוים איידער דער שטאַם פון די זאַטאַצקיס. מיין פאָלק האָט געגעבן מער גייסטיקע ווערטן דער מענטשהייט, איידער זיי. חוצדעם האָב איך גע־ווּוּסט, אַז די גוטבאַזיצערין וועט קיינמאָל נישט דערלאָזן צו אַזאַ מעזאַ־ליאַנס. זי וועט זיך באַמיען צו פאַרלויפן דעם וועג דורך אָפּזאָגן מיך פון דער אַרבעט, און דאָס וואָלט אין דעם מאָמענט זיין פאַר מיר גלייך, ווי אַ טויט־אורטייל... און דערצו בין איך דאָך דאָך געווען אַן אשת־איש...

אַן אומגליקלעכע און אויסגעמאַטערטע האָב איך זיך געדרייט אויף מיין געלעגער ביז ס'איז טאָג געוואָרן.

## דאס לעבן אין קאן

און ווידער האָט איך זיך געפונען אין וואַרשע. דעם צעשייטן הימלבלאָ אין אָלכאָוועק האָט פאַרטרעטן דער פאַרכמאַרעטער וואַרשעווער הימל. האַרבסטיקע רעגנס האָבן געטריפט פון אינדערפרי ביז ביינאַכט. מיר האָבן היינט געוווינט אין אַ פינצטערער, שמוציקער קאָמעניצע אויף כמיעלנע, אַ פּאַר מלחמהדיקער האָטעל פון לעצטן סאָרט. די דייטשן האָבן זי רעקווּיזירט און געמאַכט פון איר אַ מקום־מקלט פאַר אוקראַינישע רעפּאַטריאַנטן. און די ניעדזיעלסקיס האָבן דאָ געוווינט, ווייל די קאָמע־ניצע איז געווען זייער אייגנטום. די דאָזיקע נחלה פון די ניעדזיעלסקיס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פאַרשידענע אייגנשאַפטן, וואָס האָבן איר נישט צוגעגעבן קיין פּראַכט. איינע פון זיי איז געווען אַ נישט דורכדריגלעכע פינצטערניש, וואָס האָט געהערשט אין די קאָרידאָרן און שטיגן (אָן פענצ־טער, די עלעקטרע אויסגעשלאָסן), אַזוי, אַז מ'האָט דאָ געקאָנט ברעכן האַלדז־און־נאַקן. אַ צווייטע אייגנשאַפט, אַ נאָך מער פיינלעכע, איז גע־ווען אַן אויסטערלישער געשטאַנק, פון די כסדר אריבערגעגאָסענע קלאָ־זעטן (וואָס האָבן יעדן גאַסט מקבל־פנים געווען מיט צעפּראַלטע טירן) און פון דעם זויערן קרויט, פון וועלכן די אוקראַינער פלעגן קאָכן „רוסישן באָרשט" פון אינדערפרי ביז ביינאַכט. אָט די צוויי פאַרייניקטע געשטאַנ־

קען, האָבן געקאָנט דערפירן צו איבל און חלשות דעם געזונטסטן מענטשן, און דערבײַ באַקומען אַ װידערװילן צום לעבן. אונדזער װױנונג איז באַשטאַנען פון פיר קלײנע, אײן־פענצטערדיקע צימערלעך־צעלעס. אין דער לעצטער בין איך געװען פאַרשפאַרט צוזאַמען מיט די קינדער. פון דעם בעט־ראַנד ביז צום פענצטער, איז נאָר געװען פלאַץ, מ׳זאָל זיך קאָנען שפּילן אויף דער פּאָדלאָגע מיט די קינדער. אין די האָפענונגסלאָז־לאַנגע נאָכמיטאָגן, פלעג איך דאָרט זיצן מיט די קינדער און זיך שפּילן מיט זײ אין קלעצלעך.

— אָט איז אונדזער הויז און אונדזער סאָד, — פלעג איך זאָגן קרישיען, העלפנדיק איר אויפבויען דעם הויף אין אָלכאָװעק.

—און װוּ װעט דאָ זײַן דאָס שטעגל און דער באָבעס טרוסקאַװקעס ?

— אָט דאָ, דאָ, — פלעג איך אַנטװאָרטן.

— און װוּ איז די הינערשטײַג מיט די הינדעלעך ?

— מיר׳ן באַלד אויסשנײַדן פון קאַרטאָן און אַנידערשטעלן.

— אָ, אָט שטײען זײ שױן, — האָט זיך קרישיע געפרײט.

— ׳טײען, ׳טײען, — האָט זיך אויך גאַגאַ געפרײט און אויסגעשטרעקט דאָס פּעטלעכע הענטל צו דער גאַנצער, מיט מי אויפגעשטעלטער, קאָנסטרוקציע.

— פרײלין לענע, גאַגאַ װעט מיר אַלץ צושטערן.

— קום אַהער, גאַגושיע, — האָב איך זי אַרומגעכאַפּט — האָסט דאָך אײגענע קלעצלעך, בױ דו אויך.

אָבער גאַגאַ האָט נאָכנישט געקאָנט שטעלן גלײַך אײן קלעצל אויפן צװײטן, נאָר פלעגט זי צונױפנעמען װי אַ מאַלפּקע אין אײן הױפן. און צום שטאַרקסטן האָט זי באַגערט צו צעשטערן דאָס, װאָס קרישיע האָט אַזוי פײַן אויסגעשטעלט.

— פרײלין לענע, — האָט זיך קרישיע פּלוצים דערמאָנט — און װי בױט מען פון קלעצלעך אַ הימל ? ס׳פעלט דאָך מיר דער בלאָער הימל !

— אַזױ, אַזױ, קרישיעניו, קײן בלאָער הימל איז נישטאָ... און פון קלעצלעך קײן הימל קאָן מען נישט מאַכן... מ׳קאָן אים נישט מאַכן מיט די הענט... מאַך שטאַרק צו די אײגעלעך, אפשר װעסטו זיך אים דערמאָנען... אפשר װעסטו אים דערזען...

קרישיע האָט מיט אַלע כוחות צוגעקװעטשט די אויגן, אָבער דער הימל האָט נישט געװאָלט געבוירן װערן.

— ער איז נישטאָ, איך הייב אים נישט אָן צו זען, — האָט קרישיע געטופּעט מיט די פּיסלעך, מחמת פּאַרדרוס. — און אַז ס׳איז נישטאָ קיין הימל, ווײַל איך נישט אויכעט די הינדעלעך, ווײַל איך נישט דעם הויף, און גאָרנישט, גאָרנישט...

און מיט איין מאָך מיט דער האַנט האָט קרישיע אַלץ צעשטערט (צו גאַגאַס פרייד). אַלץ האָט זיך איינגעלייגט, געענדיקט... די פאַנטאַזיע האָט זיך איבערגעריסן, דאָס געדולד האָט זיך אויסגעשעפּט. ביידע מיי־דעלעך האָבן גענומען זיך לאַנגווייליקן, אינאָנהייב גלאַט אַזוי, דערנאָך אַלץ שטאַרקער. און אין אַזאַ מאָמענט פלעגט געווײנלעך אָנקומען פון שטאָט פרוי אירענע. זי פלעגט קיינמאָל נישט קומען דעמלט ווען די קינדער האָבן זיך לייטיש געשפּילט, נאָר ווען זיי האָבן געוויינט.

— וואָס זענען עס דאָס פאַר אַ קולות און געוואַלדן? — פלעגט זי אַ געשריי טאָן שוין פון דער שוועל. — אָט האָט איר דאָ צוקערלעך און שוין די מינוט באַרויקן זיך.

— פריילן לענע, — האָט זי זיך געוואָנדן צו מיר — איך בעט אַזוי זיך פאַרנעמען מיט די קינדער, זיי זאָלן נישט וויינען. און כ׳בעט נישט אַרויסלאָזן די קינדער פון קינדערצימער, כ׳וויל האָבן מנוחה...

כ׳בין געבליבן אָפּגעשלאָסן מיט די קינדער נאָך פעסטער ווי פריער. כ׳בין אינגאַנצן נישט אַרויסגעגאַנגען מיט זיי שפּאַצירן, ווײַל די קינ־דער האָבן נישט געהאַט קיין וואַרעמע קליידונג און נישט קיין רעגנ־מאַנטעלעך. חוצדעם האָט זיך אירענע געשראָקן, די וואַרשעווער גאַסן זע־נען פול מיט סכנות. (היינט שוין פאַר יעדן, נישט נאָר פאַר יידן). מ׳פלעגט אַרומשטעלן די הייזער מיט פּאָליציי און דורכפירן די אַזוי גערו־פענע כאַפּענישן. אַרעסטירט יעדן פאַרבײַגייער, און שפּעטער געפינען די פאַמיליענעמען פון אומשולדיקע מענטשן אויף די רשימות פון די אויף טויט פאַראורטיילטע „פוילישע באַנדיטן״. אין וואַרשע האָט געווילדעוועט טעראָר, דאָס לעבן פון די איינוווינער האָט זיך אַלץ מערער אַראָפּגע־קייקלט פון די רעלסן. מ׳האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער אונטערערד און קאָנספּיראַציע. וואַרשע האָט געאָטעמט מיט בונט, געברויזט מיט טאָט. און מיך האָבן ווידער געשטיקט די ווענט, קיינמאָל נישט געהאַט קיין פרייען טאָג. כ׳האָב נישט געקאָנט קיין איין מאָל פאָרן קיין וולאָכי צו פּיל־סיען, אָדער צו אַננען, קיין איין מינוט נישט געקאָנט זיך אָוועקרייסן פון די קינדער. די ביעדזשיעלסקיס האָבן מיר נישט אויסגעצאָלט די פּענ־

סיע, נישט געהאַט אפילו פֿאַרן פֿריזירער צו טלענירן די האָר (וואָס איז
פֿאַר מיר געווען אַ לעבנס־פֿראַגע). כ׳בין כסדר אַרומגעגאַנגען אַ הונ־
געריקע, מ׳האָט דערעיקר געגעסן גערשטנפּלעטלעך געקאָכט אויף וואַסער,
אָן ברויט. מײַן טרוים איז געווען איבערצושלאָפֿן איין גאַנצע נאַכט, אָפּעסן
אַ גאַנץ לעבל ברויט. אירענען האָט עס ווי געטריבן אין גאַס אַרײַן, זי
האָט נישט געקאָנט אַ רגע אײַנזיצן אין שטוב. מיט עפּעס אַ נערוועזער
אײַליקייט פֿלעגט זי צוגרייטן די מיטאָגן און תּיכף אַנטלויפֿן, איבערלאָזנ־
דיק מיך מיט די קינדער. כ׳האָב נישט געוווּסט וווּהין זי אײַלט זיך, וואָס
זי טוט און ווי זי לעבט. דאָ איז זי געווען אינגאַנצן אַן אַנדערע ווי אין
אָלבאָוועק, כראָניש אומגעדולדיק און דענערווירט, באַזונדערס אומגע־
דולדיק לגבי מיר. כ׳האָב זיך נישט אָנגעשטויסן פֿאַרוואָס זי איז אַזוי,
זאָל זי זײַן אומצופֿרידן פֿון מײַן אַרבעט? אפֿשר דריקט איר אָט די כמיעל־
גע, גלײַך ווי מיך? אָדער אפֿשר לײַדט זי פֿון אַן אומגליקלעכער ליבע,
דאָס וואָלט אויך אויפֿגעקלערט איר נישט זײַן אין שטוב. כ׳האָב זיך באַ־
מיט צו דערגײן די סיבות פֿון דער דאָזיקער ענדערונג, בין אָבער גאָר־
נישט דערגאַנגען.

אײנמאָל זענען מיר געזעסן צוזאַמען בײַם טיש. די קינדער זענען
יענעם טאָג געווען באַזונדערס דערעסנדיק און וויינעריש. אין שטוב איז
געווען קאַלט, דער מיטאָג איז געווען אַ שלעכטער אפילו גאַגאַ האָט אים
נישט געוואָלט עסן (זי פֿלעגט עסן אַלץ). מיטאַמאָל האָט אירענע זיך
אַ ריס געטאָן פֿון שטול, מיט אַ נישט אײַנגעהאַלטענער רשעות אַרויסגע־
ריסן גאַגאַן פֿון מײַנע אָרעמס און גענומען איר אַליין שטאָפּן דאָס עסן
אין מויל אַרײַן. כ׳ווייס נישט וואָס מיט מיר איז דעמלט געשען, כ׳האָב
זיך נישט צעוויינט, נישט געזאָגט איר גאָרנישט. נאָר מיטאַמאָל געטאָן זיך
אַ שטעל אויף מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און דערפֿילט, אַז איך האָב שוין
מער גאָרנישט וואָס צו טאָן אין דעם הויז. זי האָט בײַ מיר צוגענו־
מען דאָס אײנציקע קינד, וואָס כ׳האָב נאָך פֿאַרמאָגט, אַזוי ווי מ׳האָט אַמאָל
צוגענומען בײַ מיר מײַן אײגנס... אַלץ פֿאַרענדיקט. כ׳האָב נישט גאָר־
נישט, אויסער אָט דער לערקייט אין די אָרעמס. אָן אַ וואָרט צו זאָגן האָב
איך זיך אַוועקגעדרייט פֿון אירענען און אומגעקערט אין קינדערצימער,
זיך אײנצופּאַקעווען. אָבער ס׳זענען נישט אַריבער קיין עטלעכע מינוט,
ווי אין דער טיר האָט זיך באַוויזן אירענע מיט גאַגאַן אויף די הענט, מיט
דעם סאַמע העפֿלעכסטן שמייכל, אויף וואָס זי איז פֿעיק געווען. זי האָט זיך
דערשראָקן זעענדיק, אַז איך פּאַק אײַן מײַנע זאַכן:

— אָבער פריילין לענע, וואָס טוט איר?

— כ׳פּאַק איין די זאַכן מיינע, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ.

— וואָס פעלט אייך אין? — האָט זי אויסגעשריגן, אַוועקשטעלנ־דיק גאַגאַן מיט כוח אויף דער פּאָדלאָגע. — איך האָב דאָך אייך גאָרנישט נישט געזאָגט. ס׳קאָן דאָך זיך טרעפן מיט יעדן איינעם ער זאָל זיין דענערווירט, איך בעט אייך זייער איבער.

כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף די איבערגעשראָקענע קינדער און גע־זאָגט:

— איר וועט מיר דערלויבן צו רעדן שפּעטער.

זי האָט גלייך מסכים געווען. שפּעט אין אָונט, אין איר באַזונדער צי־מער, האָט מיך אירענע נאָכאַמאָל איבערגעבעטן. זי האָט געזאָגט: — כ׳ווייס, אַז כ׳האָב געהאַנדלט נישט טאַקטיש, אָבער דאָס איז דאָך אַן איינ־אונאיינציק מאָל, יעדער קאָן באַגיין אַ פעלער.

איך האָב איר געזאָגט:

— מיר גייט נישט וועגן דעם איינציקן מאָל. ס׳גייט מיר אין אייער באַציונג צו מיר בכלל. איר האָט שוין נישט צו מיר דעם צוטרוי, וואָס אַמאָל. איך ברעך זיך אומזיסט דעם קאָפּ און ווייס נישט וואָס איז די סיבה דערפון. איר זאָגט מיר גאָרנישט, צווישן אונדז האָט זיך פאָרט עפּעס געענדערט.

אירענע האָט מיך געהערט מיט שטייגנדיקן אומרו.

— אָבער, פריילין לענע, — האָט זי מיר פאַרזיכערט — גאָרנישט האָט זיך צווישן אונדז געענדערט. איר ווייסט גאַנץ גוט, ווי מיר אַלע שעצן אייך און האָבן אייך ליב. איר שלאָגט נישט און שרייט נישט אויף די קינדער, ווי אַנדערע גוווערנאַנטינס. די קינדער האָבן אייך ליב, מיר שאַצן עס דורכויס אָפּ. איך אַנטשולדיק זיך פאַר דער אומטאַקטישקייט, און איר טראַכט נישט מער וועגן אַוועקגיין. כ׳וועל בעטן דעם מאַן, וועט ער באָרגן געלט און אייך אויסצאָלן די פענסיע.

— אָבער מיר גייט נישט וועגן דער פענסיע, נאָר...

— איך ווייס, איך ווייס — וועגן דעם צוטרוי. כ׳פאַרזיכער אייך אונדזער פולן צוטרוי צו אייך. איך טרוי דאָך אייך אָן דאָס וואָס איז מיר צום טייערסטן — מיינע קינדער.

אַ ווייל האָבן מיר פאַרפעלט אַרגומענטן, כ׳האָב שוין אָנגעהויבן איר

גלייבן. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז כ׳האָב אַ טעות געהאַט אין מײַן אָפּשאַצונג וועגן איר, אַז דאָס בין איך גאָר געווען דענערווירט און איבערפּילעוודיק, נישט זי. אָבער פּלוצים האָט אירס אַ לײַכטע האַנט־באַוועגונג און איר אויסדרוק פון די אויגן, מיר אומגעקערט דאָס פולע געפיל פון יענעם מאָמענט, דאָס געפיל פון באַליידיקונג און ווייטיק, ווען זי האָט מיט אַזאַ האַס אַרויסגעריסן דאָס קינד פון מײַנע הענט. געטראַכט האָב איך זיך: דאָס איז געווען די באַוועגונג, וואָס איז געקומען פון טיפערע גײַסטיקע שיכטן, זי איז נישט געווען פאַלש. פאַלש זענען אירע רייד. כ׳האָב זיך אויפגעהויבן פון אָרט און אַ זאָג געטאָן פּשוט:

— צום באַדויערן קאָן איך אײַך נישט גלייבן. איר זענט נישט מיט מיר אויפריכטיק, און איך קאָן נישט לעבן אין אַזאַ אַטמאָספער. און דערפאַר מוז איך, צו מײַן באַדויערן, זיך אָפּזאָגן פון דער אַרבעט.

אירענע האָט זיך גוואַלטיק פאַרויטלט און געענטפערט מיט אַ געענדערט פּנים:

— גוט, אויב איר ווילט אומבאַדינגט וויסן, וועל איך אײַך זאָגן. אָט האָט מען מיר געזאָגט, אַז איר זענט אַ יידישקע, און פונדעסטוועגן האָב איך אײַך נישט אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט, און אײַך אפילו נישט געזאָגט וועגן דעם. איז דאָס אַ גענוגנדיקער באַווײַז פון מײַן צוטרוי צו אײַך?

כ׳האָב געמוזט אָנשפּאַנען מײַנע נערוון פון פּנים, צו בלײַבן אומבאַוועגלעך, און באַהערשן דעם מעכטיקן שלאָג פון מײַן בלוט. אַזאַ קלאַפּ האָב איך נישט דערוואַרט, אַזאַ האַנדלונג נישט פאָרויסגעזען מצד דער דאָזיקער פרוי. יאָ, זי האָט געהאַט כאַראַקטער, געוווּסט און געשוויגן. און איך האָב נאָך געהאַט פאַרדראָס אויף איר?! דאָס האָט נישט זי מיך, נאָר איך האָב זי אָפּגענאַרט און געשטעלט אין געפאַר. און אין רעזולטאַט פון דעם אַלץ, האָב איך א י ר גאָר געמאַכט פאָרווורפן און געוואָלט אַוועקגיין, און זי האָט מיר איבערגעבעטן, זאָגנדיק: „איר ווייסט ווי מיר אַלע דאָ אַכטן אײַך און האָבן אײַך ליב, איך בעט אײַך זייער איבער, כ׳בין געווען אומטאַקטיש״.

אין אַ נײַ ליכט האָב איך מיטאַמאָל דערזען אירענען, אין אַ נײַעם און אײדעלן ליכט. און פונדעסטוועגן, טראָץ דעם אַלעם, טאָר איך זיך נישט מודה זײַן. איך טאָר דעם אמת נישט זאָגן, שטייט דאָך מײַן לעבן אין קאָן, דערבײַ אויך אירס און איר פאַמיליעס רו און זיכערקייט. (איר אויפפירונג פאַר דער לעצטער צײַט האָט נישט דערציילט וועגן רויקייט). איך האָב איר געזאָגט:

— ס׳איז מיר זייער אומאַנגענעם, וואָס אַזעלכע קלאַנגען זענען צו אייך דערגאַנגען, זיי האָבן קיין שום גרונט נישט. די סיבה איז אוודאי מיין ענלעכקייט צו אַ יידישקע. איך אַליין נעם זיך נישט קיין סך איבער מיט אַזעלכע פּליאָטקעס, ווייל איך קאָן דערוויזן, אַז זיי ,זענען נישט קיין ריכטיקע. נאָר אויב איר גלייבט נישט, איז דאָס נאָך איין מאָטיוו כ׳זאָל אַוועקגיין פון דער אַרבעט.

כ׳האָב געקוקט אירענען אין די אויגן מיט רויקייט, מיין נער־וועזקייט איז פולשטענדיק אַריבער, איך אַליין האָב כמעט געגלייבט אין דעם וואָס איך זאָג. כ׳בין געוואָרן די, וואָס כ׳האָב געוואָלט זיין. די זיכער־קייט אין מייך טאָן וואָלט אַ סך מענטשן אָפּגענאַרט. אירענע האָט זיך גלייך אונטערגעגעבן. זי האָט צו מיר אויסגעשטרעקט מיט פרייד ביידע הענט און געזאָגט:

— פריילין לענע, ערשט בעט איך אייך ווירקלעך איבער. כ׳בעט איבער פאַרן חושד זיין, כ׳האָב אַ טעות געהאַט. כ׳וועל אייך פון היינט אָן העכערן די פּענסיע, און איר וועט האָבן יעדן זונטיק פריי. אַלץ וועט איצט זיין אַנדערש, נאָר טראַכט נישט מער וועגן אַוועקגיין.

יענע נאַכט האָב איך לחלוטין נישט געקאָנט שלאָפן. כ׳האָב אויסגע־שפּילט נאָך אַ קאַמף פאַרן לעבן, און ווידעראַמאָל פאַרלוירן זיך אַליין... גאָט מיינער, — האָב איך געטראַכט אין פאַרצווייפלונג — צי מעג מען אַזוי ליגנערן, כדי צו ראַטעווען דאָס ביסל לעבן? מיטוואָס וועל איך אַמאָל אויס־קויפן אָט די שרעקלעכע „שקרים״? איז דאָס לעבן אַזוי פיל ווערט?

## ווען די יידן וועלן אַרויס פון זייערע גריבער...

די שוואַרצע, זיך קנוילנדיקע כמאַרעס האָבן ענדלעך געפּלאַצט, און ס׳האָט זיך פון זיי אַרויסגעשאָטן אַ ווייסער, פרישענקער שניי־פּוך. ער האָט מיט שטילער, ווייכער צאַרטקייט אַרומגענומען די וועלט. פאַרשאָטן די פעלדער און וועגן, העל געמאַכט די דעכער אוןביימער. זיך צעשפּרייט איבער דער שטאָט ווי אַ מעשהלע, געוועבט פון ווייס־זילבער פעדעם, וואָס האָט געוועקט האָפענונג און אויפגעהייטערט צעפּייניקטע, צעווייטיק־טע הערצער... די קינדער האָבן פון אינדערפרי אָן געוואָיוועט פון פרייד.

קרישיע איז געשטאַנען ביים אָפענעם פענצטער און מיט אַן אויסגעשטרעקט הענטל אויפן הויף אַרויס, געכאַפּט שנייעלעך.

— פריילין לענע, — האָט זי געשריגן — קומט אַ קוק טאָן, שנעלער, שנעלער... כ'האָב אַן אמתדיק שניי־שטערנדל, אַך! ס'איז שוין צעגאַנגען...

אירענע האָט יענעם טאָג געבראַכט פאַר די קינדער צוויי ווייסע פוטערלעך פון קראָליק־פעלעכלעך, פוטערנע היטעלעך און מופטעלעך, און וואַרעמע ווייסע אויבערשיכלעך. פון דעם מאָמענט אָן איז שוין נישט געווען קיין רגע רו אין שטוב. די קינדער האָבן נישט געוואָלט, נישט עסן, נישט שלאָפן. זענען געשטאַנען דעם גאַנצן טאָג פאַרן שפּיגל און זיך געמאָסטן די פון דער מאַמען באַקומענע „וואונדער".

— נאָכן פרישטיק האָב איך אָנגעטאָן די מיידעלעך, און מיר זענען אַרויס אויפן ערשטן שפּאַציר. כ'האָב געמוזט אַראָפּטראָגן די וועגעלעך פון צוויי שטאָק און דורכפירן די קינדער דורך די פינצטערע שטיגן און קאָרידאָרן. מיר האָבן פאַרלאָזט דעם טונקלען האָטעל און זיך ווידער געפונען אונטערן רחבותדיקן הימל־קופּאָל. ער האָט אונדז מקבל־פּנים געווען מיט מיליאָנען פליענדיקע שניי־פליטערלעך. ווי טויזנטער מכשפות וואָלטן איבער אונדז אויסגעקלאַפּט ווייסע פערינעס... מיר זענען געגאַנגען מיט די ברייטע יערוזאָלימער אַלייען אין דער ריכטונג צום פּאָניאַטאָווסקי־בריק, דאָרט איז דער האָריזאָנט רחבותדיק און מענטשן זענען פאַראַן ווייניק. בלויז וואַסער, הימל און שניי... גאַנגאַן האָב איך אַריינגעזעצט אין וועגעלע, זי האָט איינגעדרימלט... קרישיען זענען די פיסלעך שווער געוואָרן, האָב איך אויך זי אַריינגעזעצט אין וועגעלע און בין געפאָרן ווייטער... ווייטער. וואָס ווייטער... פון די בייזע מענטשלעכע בליקן, וואָס נענטער צו דער וואונדערלעכער, אומליידנשאַפטלעכער נאַטור. ווי לאַנג צוריק בין איך עס געגאַנגען מיט די דאָזיקע גאַסן און האָב געציטערט פון שרעק. כ'האָב זיך איינגעהאָרכט אין אַ ווידערקלאַנג פון טריט פון אַ מענטשן וואָס גייט הינטער מיר... זאָל עס ווידער זיין יענער טראָט פון דעם שאַנטאַזשיסט, וועלכער פאַרקויפט פאַר אַ קילאָ צוקער אַ מענטשלעך לעבן? איצט האָט זיך מיין סיטואַציע געענדערט. כ'בין שוין נישט אַליין. כ'האָב צוויי העלהאָריקע קינדער אין ווייסע פוטערלעך, ענלעכע צו מיר. איך אַליין האָב אויך העלע האָר און אַ פוטערל אויפן קאָלנער פונעם שוואַרצן מאַנטל. אַן אומפאַרגעסלעכער מאַנטל, אַן אומפאַרגעסלעך פוטערל, כ'געדענק אויסגעצייכנט יענעם

שרעקלעכן טאָג. אַ גרויסער פאַבריק־האָל אויף אַגראַדאָווע־גאַס. כ׳האָב אַרבעט, איילעניש, קלאַפעריי און אומאיבערגעריסענער רויש פון מאַשי־נען. מיטאַמאָל — שטילקייט. אַלע מאַשינען זענען שטיינגעבליבן. אויפן האָל שטייט דער פאַבריק־דירעקטאָר און האַלט אין האַנט אַ רשימה... ער לייענט פון איר רויק און פאַמעלעך פאַמיליענעמען פון יידישע אַרבע־טער, קיינער באַנעמט נאָך גאָרנישט. מיטאַמאָל האָט ער געענדיקט, ס׳אַנ־שטייט אַ פאַניק. די יידן אַנטלויפן, שרייען, וויינען, בעטן מ׳זאָל זיי לאָזן ביי דער אַרבעט. באַהאַלטן זיך אין די וויטרינעס, אונטער די בענק, אין קעמערלעך, אין מענגעס פאַבריקס־וואָל, אין פעסלעך פון סחורות, שפרינ־גען פון די פענצטער אויפן הויף... קיין זאַך העלפט נישט. די גאַנצע פאַבריק איז אַרומגערינגלט מיט פאָליציי. ווער ס׳איז נישט געווען אין דער רשימה פון די אַרבעטער — דעם נעמט מען צום טראַנספּאָרט. די פּאָ־ליציי שלאָגט, שיסט, שלעפט אַרויס פון די באַהעלטענישן.

אַ פאַרצווייפלטע, צעבראָכענע, קער איך זיך אום אין מיין ביוראָ, וווּ איך אַרבעט אַלס פאָלקע. אַ פאָלקע ?!... איך זיץ זיך, דער קאָפּ שווער אָנגעלענט אויף די עלנבויגנס. וואָס טוט מען? מיטאַמאָל טוען אַ פאַל אַריין צו מיר צוויי יונגע יידישע אַרבעטערינס :

— ראַטעוועט אונדז! קיינער האָט נישט באַמערקט, אַז מיר זענען אַריינגעלאָפן אַהער.

איך קוק זיך אַרום פאַרצווייפלט. וואָס טוט מען מיט זיי? ווו באַ־האַלט מען זיי? אין אַ מינוט אַרום וועט ווער אַריינגיין אין ביוראָ. כ׳קוק אויף דער שמאָלער קליידער־שאַפע. כ׳שטופּ זיי ביידע אַריין. כ׳פאַרשליס די שאַפע מיטן שליסל, נעם אים מיט זיך און גיי אַריין אין האָל. נאָך דער אַרבעט בלייב איך אַ ביסל און עפן שפּעטער די שאַפע. דערווייל זענען זיי געראַטעוועט... אויפן צווייטן טאָג געפין איך אין דער שאַפע אַ מאַנטל, אַ גרינעם, וואַרעמען מאַנטל. קיין אָפּנעמער איז נישטאָ. כ׳מעסט אים אָן, ער ליגט אויף מיר ווי אויסגעגאָסן. כ׳טו אים אָן און גיי אַרויס פון פאַבריק. כ׳וועל האָבן אַ מאַנטל אויף ווינטער. ס׳גייען אַריבער עטלעכע טעג. כ׳לעב ווידער איבער אַ שאַנטאַזש און ראַטעווע זיך פון אים דורך אַ נס. כ׳ליג אין בעט אויף אַן אַנגינע, און צעטרען דעם מאַנטל. כ׳מוז אים איבערפאַרבן. כ׳קאָן דאָך נישט גיין אין אַ גרינעם מאַנטל. ער ציט אויף זיך צופיל אויפמערקזאַמקייט. בעתן אויפטרענען געפין איך פאַרנייט אין אַן אַרבל אַ צענער־דאָלאַר. אין צווייטן אַרבל אַ צווייטן. גאָט מיינער סאַראַ

גליק. דאָס איז דאָך הײַנט אַן אוצר. כ׳װעל האָבן אױף איבערנײען דעם מאַנטל און אױף אַ פוטערן קעלנערל מיט אַ מופטע... אַ טרױעריק, טרױעריק גליק...

דאָס װעגעלע סקריפּעט װאָס װײַטער אַלץ העכער, זײַנע רעדלעך דרײען זיך אַלץ שװערער איבער דער שניי. בײדע מײדעלעך, אײַנגעדעקטע מיטן קאָפּ, שלאָפן שױן. מיר פאָרן צו פּאַװאָליע צו דער באַלוסטראַדע פון בריק. כ׳לען זיך אָן אױף איר און קוק אױף די געדיכטע װײַסל־כװאַליעס, װאָס פליסן אין דער װײַט. דאָס אײַז האָט זײ נאָכנישט פאַרקאָװעט, זע־נען פרײ און טראָגן נאָכנישט קײן יאָך. פליסן צו דער אומענדלעכער װײַט... אױך איך טראָג זיך צו מײַן גורל. כ׳טראָג זיך אַ פרײַע נאָך... איז אפשר װעל איך פאָרט איבערלעבן אָט די מלחמה?

*

די טעג זענען געקומען אַלץ װײַסערע און העלערע. ס׳האָבן זיך דערנענטערט די װײַנאַכטן. דאָס פינצטערע װינקל פון קינדערצימער האָט אױפגעפינקלט מיט גלאַנציקע גאָלד־גלעזערנע שפּילערײען, מיט זילבערנע „מלאָכים־פעדעם“, װעלכע האָבן אַרומגעװיקלט דעם גרינעם אַלכאָװוקער ניטלבױם. רױטע עפּעלעך און קאָלירטע ליכטלעך האָבן געשײַנט, אַ גאָלדע־נער שטערן־שפּיץ האָט געװיזן דעם װעג צו גאָט, נישט נאָר צו פאַרבלאָנ־דזשעטע מלכים, נאָר אױך אונדז, די אָרעמע מענטשן... כ׳האָב זיך געפרײט מיט דעם ניטלבױם און די יומטובים צוגלײַך מיט די קינדער. יעדער יומטוב איז דאָך אַ פרײד און אַן אָפּרו. כ׳געדענק נאָך װי כ׳פלעג זיך פרײען אינדער־זעלבער צײַט אינגערהײם מיט אונדזער שײנעם יומטוב חנוכה: דער טאַטע צינדט אָן יעדן אָװנט ליכטלעך אין נײַ־רערלדיקן חנוכה־לעמפּל, און מיר שטײען אַרום אים און זינגען. ס׳קומען געסט, די מאַמע דערלאַנגט פרישע, זיסע לאַטקעס, די ליכטלעך צעגיסן אַרום זיך אַ העל ליכט, װאָס צײכנט װיברירנדיקע שאָטנס אױף די װענט — שאָטנס פון די העלדיש קעמפנדיקע מכבייער. די שטוב איז פול מיט יומטובדיקײט. ס׳פלאַטערן שטראַלן, ס׳רױשן קלאַנגען פון װײַטן פאַרצײַטנס... דער קאָפּ װערט מיר אַלץ שװערער. אַ שיכרות, אַ זיס צעטומלעניש נעמט מיך דורך, אָבער גײן שלאָפן װיל איך נישט, פאַר קײן שום פּרײַז. ...הײַנט איז דאָס אַלץ אַריבער און פאַר־שװוּנדן, װי דערשטיקט פון אַ טױטברענגענדיקן נעפּל. הײַנט װעל איך פײַערן אַ קאַטױלישן יומטוב, דעם װײַנאַכט־יומטוב.

אויף כמיעלנע האָט זיך דער יומטוב אָנגעהויבן פון גרויסע הכנות אין קיך. אירענע אַט באַשלאָסן צו פראַוועען דעם הייליקן אָוונט, ווי פאַר די אַלטע, גוטע צייטן, פאַר דער גאַנצער פאַמיליע, אירער און דעם מאַנס. האָט פאַרבעטן די מוטער און פאַוולען, ווי אויך איר מאַנס ברודער, דעם ריכטער ניעדזיעלסקי, צוזאַמען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. ענדלעך זענען די צוגרייטונגען פאַרענדיקט געוואָרן, ס׳זענען ברייט צעעפנט געוואָרן די טירן אין אַלע צימערן אַריין. מ׳האָט אַוועקגעשטעלט אַ לאַנגן טיש אין דער ברייט, אים געדעקט מיט ווייס און באַצירט מיט גרינס און קינסטלעכע בלומען. פון ווינקל אינעם קינדערצימער האָט אַרויסגעקוקט די פרעכטיקע יאָלקע, מיט אַלע אָנגעצונדענע ליכטלעך. די ערשטע זענען געקומען דער ריכטער ניעדזיעלסקי מיטן ווייב און דריי קינדער. ער — אַ הויכער, אַ ביסל געבויגענער, מיט אַ מיד פנים. זי — נאָך אַ גענוג יונגע, נאָר אַ דיקע און צעגאָסענע. זייער עלטסטער זון, דער צוועלפיעריקער, טעאָש, אַ קרעמפּער יונג, מיט אַ פנים פון אַ דערוואַקסענעם, האָט מיטגעבראַכט אַ שפּאַקטיוו. זיין ערשטע באַשעפטיקונג איז געווען צוצונעמען קרישיעס שפּילעכלעך און מיטן שפּאַקטיוו גרינטלעך דערפאָרשן די מאַטעריאַלן פון וועלכע זיי זענען געמאַכט, ס׳האָט פאַרנומען היפּש צייט. קרישיע איז געשטאַנען לעבן אים, געצויגן אים פאַרן אַרבל און געוויינט: — „גיב מיר אָפּ די ליאַלקעס! פריילין לענע, טעאָש לאָזט אַרויס דאָס האָלץ־זעגעכץ פון מיין ליאַלקע״. זיין יינגערע שוועסטער די עלפיעריקע, מאַלינקע, איז געווען העכער פון טעאָשן. געהאַט אַ זגראַבנע קעפּל, שוואַרצע, ספּריטנע אויגן און צוויי צעפּלעך אין די זייטן. זייער יינגסטער זון, דער דריי־יעריקער, סטאַש — אַ דיק, נישט רירעוודיק צוריקגעשטאַנען קינד, איז געזעסן ביי דער מאַמען אויף די קני.

פרוי זאַטאָצקאַ און פאַוועל האָבן זיך לאַנג נישט געוויזן. האָבן געזאָלט קומען באַלד נאָכן מיטאָג. און דאָ איז שוין אָוונט, און זיי זענען נאָך נישטאָ. הער לודוויק, אירענעס מאַן, האָט געוואַרט אויף זיי שוין פון דריי נאָכמיטיק אויפן וואָקזאַל. צוויי מאָל איז ער געקומען צו לויפן זאָגן דער פרוי, אַז דער צוג האָט פאַרשפּעטיקט צוליב די שניי־הורבעס. אירענע און קאַשיע, אירענעס יינגערע שוועסטער, וועלכע וווינט אין וואַרשע, זענען געלאָפן פאַרשמייעטע פון צימער אין צימער. אַלץ איז שוין גרייט, און די וויכטיקסטע געסט זענען נישטאָ. זיי האָבן געהאַלטן אין עפענען כסדר די טיר און אַרויסקוקן אין קאָרידאָר און אויף די שטיגן, צי גייען

זיי שוין. ענדלעך האָט זיך דערהערט אַן אָפּקלאַנג פון באַקאַנטע טריט — און באַלד האָט זיך אין דער טיר באַוויזן די הויכע פיגור פון דער גוט־באַזיצערין, ווי אויך פּאַוועל, אַ באַלאָדענער מיט פּעקלעך. פון הינטער זייערע פּלייצעס האָט קאָמיש אַרויסגעקוקט דאָס רויטע און פאַרשוויצטע פּנים פון הער לודוויק, — אַ גליקלעכער וואָס ענדלעך האָט ער געבראַכט דעם ווייב די געליבטע געסט. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ באַוועגונג און גע־לויפעריי, פרייִדיקע באַגריסונגען און קעגנזייטיקע קושעניש. פּאַוועל האָט אונטערגעהויבן די קינדער אַזש ביזן סופית, די מיידלעך האָבן געשריגן פון פרייד.

מיר האָבן זיך געזעצט צום טיש. די גוטבאַזיצערין, אין איר שוואַרצן קלייד, האָט פאַרנומען איר אָרט, ווי תמיד, אויבנאָן און געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף דער פאַרזאַמלטער געזעלשאַפט. פּאַוועל איז געזעסן לעבן איר מיט זיין שטענדיקן שפּאָטיש־העפלעכן שמייכעלע.

מ׳האָט אָנגעהויבן פון פאַרשידענע בראָנפנס און צובייסעכצן, דערנאָך צו די פיש, קעלבערנע פּיסלעך אויף עסיק און ווידער פאַרטרונקען מיט בראָנפן. הער לודוויק האָט מיט הנאה זיך געקוויקט מיט קרעפּלעך גע־פילטע מיט פלייש אין אַ גילדענעם באָרשט.

— בראַוואָ, קאַשיע! — האָט ער געערדט צו איר מיטן לעפל — בראַוואָ, זיי האָבן זיך דיר אויסערגעווינלעך איינגעגעבן... אויסערגעוויינ־לעך? פשוט...

— בעטהאָווענס ניינטע סימפאָניע — האָט אים פּאַוועל אַרויסגעהאָלפן.

— ריכטיק, ריכטיק... די דאָזיקע קרעפּלעך זענען ווירקלעך אַ סימ־פאָניע...

ער האָט פאַרלוירן די כוחות פון דעם עסן און טרינקען. דערווייל האָט פּאַוועל פלינק און פּרעציז צעשניטן אַ פאַרענדיקע אינדיטשקע און דערלאַנגט אירענען צום פאַנאַנדערטיילן. לודוויק האָט זיך צוגעקוקט צו דער אינדיטשקע, מיט פאַרנעפּלטע אויגן. ער האָט זיך אַזויפיל אָנגע־געסן מיטן באָרשט און קרעפּלעך, אַז פאַר איר זענען אים שוין קיין כוחות נישט געבליבן... אָט אַ מזל, די בעסטע שטיקער דערלאַנגט מען תמיד צום סוף, ווען מ׳איז שוין נישט אימשטאַנד... טעאַש און מאַלינקע האָבן גע־געסן זשעדנע. דער הער ריכטער, מיט אַ לייכטער מעלאַנכאָליע און פריי־דיקן אונטערבורטשען, די פרוי ריכטערקע, גאַנץ פּאַמעלעך, שלעפּנדיק און דערביי צוגעהאָדעוועט דעם קליינעם סטאַשן, פאַרפלעקנדיק די סערוועטן

און דאָס קלייד. איך בין געזעסן ביינאַנד מיט די קינדערביים עק טיש. גאַ־גאַ האָט היינט דאָס ערשטע מאָל געגעסן זיצנדיק אויף אַ באַזונדער טישל־שטולכל. כ׳האָב געמוזט אַכטונג געבן, אַז די קינדער זאָלן אַרויסווייזן פאַר די געסט זייער „הויכע מדרגה״ פון דערציונג ביים טיש. כ׳מוז מודה זיין, אַז זיי זענען געשטאַנען אויף דער הייך פון דער אויפגאַבע...

דער בראָנפן האָט אַלעמען צוריקגעגעבן די פאַרלוירענע כוחות און דערוועקט ביי זיי דעם הומאָר. מ׳האָט אָנגעהויבן זיך דערציילן, איינער פאַרלויפנדיק דעם אַנדערן, וויצן און פריילעכע אַנעקדאָטן. דער ריכטער ניעדזיעלסקי האָט דערציילט מיט אַ פאַמעלעכדיקער און כריפּענדיקער שטים שפּאַסיקע מעשהלעך פון זיין אַמאָליקער געריכטס־פּראַקטיק:

— איז קומט איינמאָל אַ כלאָפּ אין געריכט, אַ צעשלאָגענער און צע־בלוטיקטער, דער קאָפּ אַרומגעוויקלט מיט אַ שמאַטע. „איז ווער האָט עס דיך אַזוי פיין צורעכט געמאַכט?״, פרעגט דער ריכטער. „כ׳בעט איי־בער אייער כבוד, הער ריכטער, דאָס האָט עס מיר אַזוי מיין באַבע אַ קראַץ געטאָן״. „צי וויסטו נישט, דו פּרויענצימער, אַז דער כלאָפּ איז דער קאָפּ פון דער פאַמיליע, און מ׳דאַרף אים שאַנעווען, נישט שלאָגן?״. „איז וואָס הער ריכטער, טאָר מען אים שוין אפילו קיין קראַץ אין קאָפּ נישט טאָן?״

— און איך האָב געהערט וועגן אַן אַנדער פאַל, — האָט זיך אָנגע־רופן פּאַוועל — אַ באַבע איז אַנטלאָפן פון איר מאַן, ווייל ער פלעגט זי נישט שלאָגן. „ער האָט מיך נישט ליב, — האָט זי געטענהט — אָט איז שוין אַזאַ לאַנגע צייט נאָך דער חתונה, און ער האָט מיך נאָך קיין איין מאָל נישט אַריינגעפּיצקעט. אויך מיר אַ כלאָפּ! ער זאָל עס כאָטש איין מאָל אַריינהאַקן אין דער מאָרדע...״.

אירענע האָט דערציילט געשיקט, פאַרמאַסקירטע סעקסועלע וויצן. טעאָש און מאַלינקע האָבן צו זיך געפינטלט מיט די אויגן: זיי מיינען, אַז מיר פאַרשטייען נישט. מיר ווייסן מער פון זיי... האָט זיך טעאָש אַ ריס גע־טאָן און דערציילט אַ געשיכטעלע וועגן אַ מאַשקע, וואָס האָט נישט גע־וואָלט גיין אין מיליטער. האָבן באַלד אַלע אָנגעהויבן רעדן וועגן יידן.

— און פונדעסטוועגן האָבן די אַלע משהלעך, יאָסעלעך און סרולי־קלעך (אַ רמז אויף יאַנוש קאָרטשאַק אַ בוך) נישט שלעכט פאַרטיידיקט דאָס געטאָ, — האָט זיך אָנגערופן פון ווינקל לודוויק, וואָס דער בראָנפן האָט אים באַפרייט פון העמונגען.

— נאַטירלעך , — האָט אונטערגעכאַפּט פּאַוועל — אַז מ׳האָט פון

זיי שוין אויסגעהרגעט אַ פיר הונדערט טויזנט און ווי בהמות געפּירט צו דער שחיטה, האָבן די איבעריקע אויפגעהויבן אַ טאַראַם.

— איי־וואַי, קיי־און־שפּיי, נאָר דאָס בערדל לאָז מיר פריי — האָט טעאָש פּלוצים אויפגעזונגען אַ שפּאָטיש לידל וועגן יידן. די גאַנצע געזעלשאַפט האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

— ווען זיי וואָלטן גלייך פונאָנהייב געווען קעמפן, וואָלטן זיי צומ־וויניקסטן, געווען אָפּגעשוואַכט דעם שונא, — האָט באַמערקט די שטענ־דיק באַזאָכטע און ניכטערע פריילין קאַשיע.

— זענען געווען און וועלן פאַרבלייבן פּחדנים — האָט זיך פאַרקרימט פון פאַראַכטונג פּרוי ניעדזיעלסקאַ.

— און איך זאָג אייך, — האָט אָנגעהויבן ריכטער ניעדזיעלסקי מיט זיין פאַמעלעכער און כּריפּענדיקער שטים — אַז דאָס איז פונדעסטוועגן געווען אַן אומהומאַניטאַרע האַנדלונג. האָבן דאָך מענטשן געקוקט פון קראַ־שינסקי־פּלאַץ דורך לאָרנעטן און געזען ווי מאַמעס זענען געשפּרונגען צו־זאַמען מיט זייערע קינדער פון די ברענענדיקע הייזער אין די פלאַמען... די דייטשן האָבן זיי לעבעדיקערהייט אָפּגעבראָטן... ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, מ׳זאָל אַזעלכע זאַכן אָפּטאָן אין סאַמע מיטן הארץ פון וואַרשע און פוילן? ממש פאַר די אויגן פון דער וועלט! אויב די דייטשן האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון די יידן — איך בין נישט קיין יידנפריינט, הלוואי וואָלטן זיי פון זיי פּטור געוואָרן — האָבן זיי געדאַרפן אַרויספירן זיי ער־גערץ ווייט, אויף אַ וועלכן וויסטן אינדזל. וועלן זיי אויסדויערן, זאָלן זיי! און אויב אויסשטאַרבן, זאָלן זיי! אָבער אָפּטאָן אַזאַ באַרבאַרישקייט, פּע! איך זאָג אייך נאָכאַמאָל, דאָס איז געווען אַן אומהומאַניטאַרער אַקט.

— און איך האַלט, — האָט פּאַוועל איבערגעשפּאַרט — אַז ס׳איז נישט געווען קיין אַנדער לייזונג פאַר די יידן, נאָר די דאָזיקע. די דייטשן האָבן נישט קיין אינדזלען. און ווען יאָ, וואָלטן זיי געפּטרט געלט און שיפן, אין מלחמה־צייט, צוליב הומאַניזם לגבי די יידן?! פאַר די יידן האָבן עק־זיסטירט צוויי לייזונגען: אָדער געבן זיי פולע בירגער־רעכט, וואָס קיי־נער טוט עס נישט, ובפרט נאָך די דייטשן, אָדער זיי פולשטענדיק פאַר־טיליקן, וואָס די דייטשן האָבן עס געטאָן. איך פּערזענלעך בין תמיד גע־ווען פאַר דער דאָזיקער צווייטער לייזונג...

— און איך זאָג אייך, — האָט די גוטבאַזיצערין צוגעוואָרפן איר אַלטע פאַרביסענע באַמערקונג — אויב איר גלייבט, אַז די דייטשן האָבן פאַר־

טיליקט די יידן פּולשטענדיק, האָט איר אַ גראָבן טעות. ווען זיי וועלן נאָך דער מלחמה אַרויס פון זייערע פינצטערע קעלערס און גריבער, וועלן זיי זיין נאָך מער, ווי פאַר דער מלחמה... איר וועט זיך דערמאָנען מיינע ווערטער.

— דאָס איז ריכטיק, — האָט מודה געווען פריילין קאַשיע. — איך אַליין ווייס וועגן אַ סך יידן, וועלכע באַהאַלטן זיך אויס ביי פּאָליאַקן, אָדער גייען אָן פאַר פּאָליאַקן. אין יעדן פוילישן הויז ממש שטעקט אַ וועלכער ייד...

ס׳איז שטיל געוואָרן. אַן אומאָנגענעמער שוידער איז פאַרבייגעלאָפן דורך די ביינער פון די שמועסער. יעדער איינער האָט זיך אַרומגעקוקט, גלייך ווי הינטער זיינע פּלייצעס וואָלט געזעסן אַן אויסבאַהאַלטענער ייד. פּאַוואָלינקע האָבן זיך אַלעמענס בליקן קאָנצענטרירט אויף מיר. איך בין געווען די איינציקע פרעמדע פּערזאָן ביים טיש.

די נאָכט האָט אַריינגעקוקט מיט דעם רעטעניש פון פינצטערקייט. פאַמע־לעכן האָב איך אויפגעהויבן די אויגן פון דעם צעקנייטשטן שפּיץ סערוועט און גענומען אָפּשלאָגן די בליקן. מיין האַרץ האָט געצופּט אַ ווייטיק. ווי דורך אַ נעפּל האָב איך נאָכאַמאָל דערזען די געשטאַלט פון דעם אַלטן יידן, ווי ער איז אַרויסגעקראָכן פונעם גנאַי און צוריק אין אים איינגעזונקען. יאָ, דער דאָזיקער ייד וועט שוין נאָך דער מלחמה פון זיין באַהעלטעניש נישט אַרויסגיין. צומוייניקסטן לגבי אים קאָן די גוטבאַזיצערין זיין רויק. אָבער איך... זיץ נאָך אַלץ אין מיין קעלער, איך קאָן נאָך אויכשטיין תחית־המתים.... מיך דאַרף מען פאַרטיליקן, אַרויסשלעפּן מיך פון אים... און אָט־אָ טוען זיי עס איצטער.

דערווייל איז די מינוט שטילקייט אַריבער. כ׳האָב דערהערט ווי אירענע זאָגט צו קאַשיען:

— זעסטו, קאַשיע, איך האָב נישט גאָרנישט קעגן די יידן... כ׳האָב אפילו ליב געהאַט מיט זיי זיך צו קושן. כ׳האָב געהאַט אַזאַ איינעם אַ יונג אדוואָקאַטל, אַ ייד, וואָס איז מיר תמיד נאָכגעקראָכן... כ׳געדענק אים ביז היינטיקן טאָג... פונדעסטוועגן וואָלט איך ביי זיך אין שטוב קיין יידן נישט געהאַלטן... דאָס איז אַן עלעמענט אַ דורכויס אומדאַנקבאַרער. צי וואָלט אַ וועלכער ייד אויסבאַהאַלטן אין אַזאַ פאַל אַ פּאָליאַק? בכלל, איך וווּנדער זיך זייער, וואָס ס׳זענען נאָך פאַראַן אַזעלכע פּאָליאַקן...

— זיי טוען עס פאַר געלט, — האָט אַ זאָג געטאָן די ריכטערקע.

— מיר ווינטשן זיך נישט אַזאַ געלט, — האָט די גוטבאַזיצערין געענטפערט פֿאַרריסן.

— פֿונדעסטוועגן זענען אַ סך פּאָליאַקן רייך געוואָרן פֿון די ייִדן. און מיר מאַטערן זיך אין אָרעמקייט, — האָט אָפּגעזיפֿצט מיט באַדויערונג די ריכטערקע.

— אַזוי, אַזוי, מיר מאַטערן זיך אין אָרעמקייט, — האָט זיך אָפּגערופֿן דער האַלב־שיכורער הער לודוויק ניעדזיעלסקי, אַראָפּקראַצנדיק די רעשטלעך גאַלאַרעטע און קרעפּלעך פֿון דעם פּולמיסעק — ווען די ייִדן זענען געווען, איז קיין דאגת־פּרנסה נישט געווען. מיר האָבן געמאַכט מיט זיי געשעפֿטן, און ס׳איז נישט געווען קיין אָרעמקייט. „איז אַ צרה אויפֿן יאַריד, לויפֿט מען צום ייִד״. אַזוי איז אין פּוילן געווען שטענדיק... און הײַנט איז שוין נישטאָ קיין ייִד, געבליבן איז די צרה אַליין...

די גוטבאַזיצערין האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מחותן און פֿאַרשנורעוועט די ליפּן. דער ריכטער ניעדזשיעלסקי איז געזעסן ביים טיש מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און געדרעמלט. שוין לאַנג אַז ער האָט נישט אָפּגעגעסן אַזאַ זאַטן אָוונטברויט און אים פֿאַרטרונקען מיט אַזויפֿיל געטראַנקען... איירענע איז אַרויסגעגאַנגען אין קיך נאָך שוואַרצע קאַווע, כּדי די געזעלשאַפֿט זאָל זיך אַ ביסל אָפּפֿרישן. מיטאַמאָל האָט פֿריילין קאַשיע זיך געוואָנדן צו מיר:

— און איר, פֿריילין לענע, וואָס טראַכט איר וועגן דעם ענין? זענען אַ שאָד די ייִדן, אָדער נישט?

די ברידער ניעדזיעלסקי האָבן געקוקט אויף מיר מיט פֿאַרנעפּלטע אויגן. פּאַוועל האָט געקוקט דורך מיר אין דער ווייט, ווי כ׳וואָלט זיין פֿון גלאָז. די גוטבאַזיצערין ווידער האָט געוואַרט אויף אַ תּשובה, וואָס זאָל באַשטעטיקן איר טעאָריע. דאָס איז געווען אַן אויסטערלישע אוידיטאָריע. דאַכט זיך, אַ שיכורע און פֿאַרנעפּלטע, נאָר ווען ס׳גייט וועגן ייִדן — אַן אכזריותדיק־ניכטערע. אום ערב ווייַנאַכט־יומטוב האָבן זיי נישט פֿאַרפֿירט קיין שמועס, נישט וועגן גאָט, נישט וועגן דעם ליידנדיקן פּוילן (ווי ביי פּילסיען), נישט וועגן דעם קעמפֿנדיקן וואַרשע, נישט וועגן די מענטשן וועלכע ווערן געפּייניקט און געברענט אין די לאַגערן, און נישט וועגן די זעלנער וואָס קומען אום אויף די פֿראָנטן... דאָס אַלץ איז זיי נישט אָנגעגאַנגען. דאָס אַלץ איז נישט געווען אַקטועל. אַקטועל איז נאָך אַלץ געווען די ייִדן־פֿראַגע! אַ האַלב יאָר נאָכן ייִדישן אויפֿשטאַנד אין געטאָ

און נאָכן אויסמאָרדעווען די רעשטלעך יידן! איצט פרעגן זיי אויך וועגן מיין מיינונג. ס׳קאָן זיין אַז זיי האָבן מיך חושד געווען און דעריבער געפרעגט, כדי מיך צו דעמאַסקירן. זאָל געשען וואָס עס וויל זיך, — האָב איך באַשלאָסן — כ׳וועל זיי זאָגן אַלץ וואָס כ׳טראַכט וועגן זיי. כ׳האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַריינגעשטאָכן אין זיי די אויגן:

— איר גרייזט אַלע, — האָב איך געזאָגט — איך מאַך נישט קיין אונטערשיד צווישן דעם גורל פון אַ ייד און דעם גורל פון אַ פּאָליאַק. פּאַר מיר עקזיסטירט נאָר דער מענטש. דאָס וואָס ס׳איז נעכטן געשען דעם יידן, קאָן היינט געשען דעם פּאָליאַק. לויטן ביישפּיל מיט די יידן האָט אונדז היטלער געוויזן וואָס מ׳קאָן טאָן אומבאשטראָפט מיט לעבעדיקע מענטשן, נאָר דערפאַר וואָס דער רעשט מענטשן קוקט זיך צו און שווייגט. ער קאָן דאָס אייגענע טאָן אויך מיט אונדז, אויב די וועלט וועט שווייגן... און מיר טאָרן זיך נישט לאָזן פאַרפירן, ווייל ער טוט עס שוין איצט...

אין דעם מאָמענט האָט אירענע זיך אומגעקערט פון קיך און איז געבליבן שטיין אויף דער שוועל. זי האָט דערהערט מיינע לעצטע ווערטער און געקוקט אויף מיר מיט שטאַרע אויגן... מיינע דאָזיקע רייד זענען געווען צו קלוג און „הויך" פאַר אַ פּוילישער גוווערנאַנטין. זיי האָבן פאַרשטאַרקט בנוגע מיר די חשדים. כ׳האָב עס אַרויסגעשפּירט פון אירענעס צעמישטן בליק און פון פּאַוועלס שפּאָטישן שמייכל. דאַכט זיך, כ׳בין שוין פאַרלוירן. מיט אַ לעצטן אָנשטרענג פון ווילן האָב איך באַשלאָסן זיך צו ראַטעווען. מיט אַ פריייער און האַלב צוטרוילעכער באַוועגונג האָב איך זיך געוואָנדן צו פריילין קאַשיע און צוגעגעבן:

— אַזאַ מיינונג האָב איך תמיד געהאַט וועגן יידן... און צוליב דעם טאַקע בין איך געווען געצוווּנגען זיך פונאַנדערצוגיין מיט מיינע אַרבעטס־קאָלעגן פון אַ. ק.* ווייל איך האָב געהאַלטן, אַז מ׳דאַרף געבן די יידן הילף, קוים האָבן זיי אַרויסגעהאָנגען די פּוילישע פאָן לעבן דער יידישער... נאָר געזיגט האָט די קעגנגעזעצטע מיינונג. און איך האַלט זיך אויך ווייטער ביי דער מיינונג, אַז אונדזער שונא איז נישט דער ייד, נאָר דער דייטש.

* אַ. ק. — אַרמיאַ קראַיאָוואַ — נאַציאָנאַלע אונטערערדישע אַרמיי.

— ביידע, — האָט אירענע רויק פאַרענדיקט דעם שמועס און גענו־מען אָנגיסן אַלעמען קאַווע אין די טעפּעלעך.

פריילין קאַשיע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ לייכטער דאָזע אַכטונג. ווי די זאַך זאָל נישט זיין, איז די אַרבעט אין אַ. ק. עפּעס ווערט. פּאַוועל און אירענע האָבן זיכער געטראַכט, אַז כ׳האָב פאַר זיי אַוועקגעשאַרט אַ קליינעם פאַרהאַנג־ראַנד פון מיינע פּערזענלעכע סודות. אָבער די גוט־באַזיצערין האָט זיך אין מיר אַנטוישט. נאָך אַ רגע, און די געזעלשאַפט האָט שוין גענוג געהאַט די דאָזיקע טעמע.

— גענוג די דאָזיקע דיסקוסיע — האָט מיט שיכורער ענערגיע אויסגערופן הער לודוויק — זאָל לעבן, ווער ס׳איז נישט געשטאָרבן! — האָט ער אויפגעהויבן אַ גרויס גלעזל בראָנפן צום מויל.

# צעשיידונג

אינצווישנצייט האָט וואַרשע געקרעכצט און זיך געקאַרטשעט פון ווייטיקן, וואָס איר געשיכטע האָט פון זיי קיינמאָל נישט געוווּסט. נאָכן אויסמאָרדן די יידן האָבן זיך די דייטשן גענומען צו די פּאָליאַקן. יעדן פרימאָרגן, באַגינען, פלעגט שטום פאַרבייציען אַן אויסטערלישע פּראָצעסיע דורך דער שטאָט, אַ פּראָצעסיע פון געשמידטע מענטשן, די מיילער פאַרשטאָפּט מיט גיפּס, וועלכע די דייטשן פלעגן צעשיסן עפּנטלעך אויף די גאַסן. בייטאָג און ביינאַכט זענען אַרומגעפאָרן די דייטשישע לאַסטאוי־טאָס און פאַרנעמען מענטשן פון די גאַסן, הייזער און קאַפעהייזער. היינט האָט זיך שוין קיינער נישט געפילט זיכער, נישט קיין העלד, נישט קיין פּחדן, נישט קיין ייד און נישט קיין נישט־ייד. דער טויט האָט אויסגע־גלייכט אַלעמענס גורל. אין יענע טעג פון בלוטיקן טעראָר און בונט, פלעג איך זיך פילן בעסער, איידער ווען־עס־איז פריער. מיין גורל איז געווען אַלעמענס גורל. כ׳האָב לחלוטין אויפגעהערט זיך צו שרעקן. (דאָס אויס־באַהאַלטן זיך האָט שוין קיינעם נישט געהאָלפן!). יעדן זונטיק פלעג איך פאָרן קיין וולאָכי צו פּילסיען, אָדער אָנבען. ביי פּילסיען איז אונטער

אַ באַוועגלעכער פּאָדלאָגע געוועזן אַ גאַנצער מאַגאַזין פון געווער און טריפהנע מאַקולאַטור. דאָס געווער האָב איך נישט איינמאָל אַריבערגע־פירט לויט אָנגעוויזענע אַדרעסן. כ׳האָב צו דעם צוועק געהאַט אַן אויס־געצייכנטע פוטערנע מופטע, וועלכע מ׳האָט געקאָנט, אין פאַל פון סכנה, פון זיך אַוועקוואַרפן. איך פלעג זיך ביי אַנגען באַגעגענען מיט פאַרשיי־דענע טוער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, דערעיקר פון דער סאָ־ציאַליסטישער פאַרטיי. פון זינט יענעם געדענקלעכן שמועס מיט אירע־נען האָבן זיך מיינע באַדינגונגען פיל פאַרבעסערט. כ׳פלעג באַקומען רע־גולער די פּענסיע און בין יעדן זונטיק געווען פריי. כ׳האָב געזוכט טאָ־שיען און סטאַכן אויף נאָוואָגראָדזקע־גאַס, אָבער זיי נישט געפונען. זיי האָבן אפנים געטוישט דעם אַדרעס און די פאַמיליענעמען, אָדער אפשר אַרויסגע־פאָרן ערגעץ אויף דער פּראָווינץ.

געמאַכט באַזוכן ביי מיינע יידישע קינדערלעך פון געטאָ, אין דעם אַנשטאַלט פון גלח באָדוען. די קינדער האָבן שרעקלעך אויסגעזען. קליי־נע, געלע סקעלעטלעך. גלח באָדוען האָט מיר געזאָגט:

— אַלע אונדזערע קינדער זעען אויס אַזוי. מיר האָבן נישט פאַר זיי קיין מילך. האָבן נישט, נישט קיין קאַשעס, נישט קיין פעטסן. די דיי־טשישע מאַכט טיילט נישט צו. די שטערבלעכקייט צווישן די קינדער האַלט אין איין וואַקסן.

ווען כ׳האָב זיך אומגעקערט פון דעם וויזיט, האָב איך אַ לאַנגע צייט געוויינט. קיין שום נויט איז פאַר מיר נישט געווען אַזוי אומדערטרע־גלעך ווי די נויט פון די קינדער. ווען כ׳וואָלט געווען קענען, וואָלט איך דעמלט געגאַנגען איבער די גאַסן, איבער די שענקהייזער (וועלכע האָבן זיך דעמלט אַזוי אָנגעפּלאָדיעט אין וואַרשע) און געשריגן אויף קולי־קולות:

— זשליאָקעט נישט אַזויפיל בראָנפן, פרעסט וויניקער חזירישע נירן און שינקע, גיט אַ גראָשן פאַר קינדער וואָס גייען אויס פון הונגער!

כ׳האָב זיך אַרומגעקריגט, בין אַריין אין שאַרפע דיסקוסיעס מיט פיל־סיען און מיט די, ביי איר באַגעגנטע, אונטערערדישע טוער פון אַלע מי־נים — פאַרוואָס עס עקזיסטירט נישט ביי זיי דאָס דאָזיקע פּראָבלעם, פאַרוואָס איז נישטאָ קיין געלט פאַר קינדער.

אין יענער צייט האָב איך אויך געוואַגט צו שרייבן צו פעליען, די בריוו געשיקט דורך פאַרשידענע מענטשן, וואָס פאָרן אויף דער פּראָ־

ווינק. כ׳ווייס נישט צי די בריוו זענען צו איר דערגאַנגען, וואָרן קיין תשובה האָב איך אויף זיי נישט באַקומען. פּילסיע האָט מיך געטרייסט, אַז זי האָט געהאַט וועגן איר ידיעות, אַז זי האָט פאַרלאָזט איר פּאָסטן אין סאָקאָלאָוו און אַרבעט צוזאַמען מיטן „אַדלער״ אין דער פּאַרטיזאַנקע. כ׳האָב אַליין נישט געוווּסט, ווי זיך באַציִען צו דער דאָזיקער ידיעה, יעדנ־פאַלס האָט זי קלאָר געמאַכט די שוועריקייטן צו באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט איר. פּילסיע האָט גאַרנישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן פעליען כ׳האָב געפילט אַז די דאָזיקע פרוי האָט זי ליב באמת. און דערפאַר פלעג איך אָפט קומען צו איר צופאָרן, כדי כאָטש צו רעדן וועגן פעליען. כ׳האָב דעמלט זייער געבענקט נאָך איר. זיך באומרויקט וועגן איר. כ׳האָב געלעכצט צו זען די דאָזיקע שוועסטער, וועלכע איז מיר אַן איינאונאיינציקע געבליבן פון דעם בלאָען שטעגל פון דער קינדהייט און דער גורל האָט אונדז אַזוי אכזריותדיק צעשיידט.

אין איינעם אַ טאָג איז אומדערוואַרט געקומען צו פּילסיען אַ גאַסט. דאָס איז געווען אַ יונג בחורל פון וואַלד, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט פאַרהאַלטן אויף קיין שום שמועס, און איר בלויז געגעבן אַ שטיקל פּאַ־פּיר און דערויף אָנגעשריבן די ווערטער: „כ׳קום צו פאָרן אויף אַ טאָג קיין וואַרשע. פעליע״. פון דעם מאָמענט אָן האָב איך זיך שוין קיין רו נישט געפונען. מיינע נעכט און טעג האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין בלויזער דער־וואַרטונג. כ׳פלעג גאַנצע טעג רעדן צו איר:

— פעליוניו, מיין טייערע, — האָב איך אַריינגערעדט אין קישן — שוועסטערל קליינס, וואָס טוסטו דאָרט איצטער? ווּהין האָט דיך פאַר־טראָגן דיין פלאַמיקע יוגנט? דיינע צעשויבערטע חלומות? ווי אַזוי האָט דאָס לעבן דערפילט דיינע הייסע באַגערן? נאָך אַ יאָר צעשיידונג וועלן מיר זיך סוף־כל־סוף זען. ענדלעך וועלן מיר זיין צוזאַמען, מיר האָבן דאָך נישט קיינעם מער אויסער זיך אַליין...

יענער טאָג איז געקומען, אַ געוויינלעכער, וואָכעדיקער און בייזער. אַ ווינט האָט צעבראָכן, צעקלאַפּט אַלץ וואָס ער האָט באַגעגנט אויף זיין וועג, האָט געטראַסקעט מיט טירן־פענצטער.

מיר האָבן זיך נישט געקאָנט זען אויף כמיעלנאַ־גאַס, ווייל אירענע איז געווען אין שטוב. האָבן זיך נישט געוואָלט זען ביי פּילסיען, ווייל זי האָט דאָך נישט געוווּסט, אַז מיר זענען שוועסטער און... יידישקעס. האָבן מיר זיך באַגעגנט אין אַ נישע פון אַ טויער אויף ניי־וועלט־גאַס. דער ווינט,

וואָס האָט פֿאַריאָגט די מענטשן פֿון די גאַסן, און די טומאַנען שטויב, וואָס האָבן פֿאַרפּרושיעט די אויגן, זענען געווען אונדזערע פֿאַרבינדעטע.

פּעליע איז געקומען ווי שטענדיק, אַ פּאַרסאָפּעטע פֿון אײַלעניש, אין פֿאַרקירצטן קליידל און אַ שטאַרק קורץ זשאַקעטל, ס'האָבן אַרויסגע־קוקט אירע געפֿרוירענע קניען. בלויז אויפֿן קאָפּ האָט זי געהאַט עפּעס אַ מין רויט טיכל, אויסגעבונדן מיט פֿאַנטאַזיע.

— מײַן ציטעריק געפֿרוירן פֿייגעלע, — האָב איך זי אַרײַנגענומען אין מײַנע הונגעריקע אָרעמס — ווידער גייסטו מיט נאַקעטע קניען?

— און וואָס טראַכסטו זיך, מיאוסע שוועסטער מײַנע, אַז צוליבן ווינט און פֿײַנקייט וועל איך רעזיגנירן פֿון מײַנע ווײַבלעכע צויבערלעכקייטן?

— פּעליוניו, — האָב איך זי אַרומגעהאַלדזט — אָבער ס'איז דאָך דיר קאַלט. ביסט אָן זאָקן אויפֿן פֿראָסט. איך דאָ אין שטאָט מוז נישט האָבן קיין זאָקן, נאַדיר מײַנע.

— אַך, דו „קוק מיך אָן און ריר מיך נישט אָן", האָסט שוין אינגאַנצן פֿאַרגעסן דײַן ראָמאַנטישע הוסטנדיקע יוגנט?! געדענקסטו נישט, אַז די גאַנצע צײַט ווען דו פֿלעגסט פֿאָרן קיין קראָקע אין דער העברעיִשער שול האָסטו געהוסט? מיר פֿלעגן דעמלט שלאָפֿן צוזאַמען... די מאַמע האָט זיך אויפֿגעוועקט פֿון דײַן הוסטן און געפֿרעגט אומרויִק: „דו הוסט עס אַזוי, לאה'לע?" — ניין, מאַמע, — האָב איך נאָכגעמאַכט דײַן שטים — ס'איז נישט לאה, דאָס האָב איך עס געהוסט... „אוי, דו ביסט עס, פֿייגעלע?"
— אָטעמט אָפּ די מאַמע לײַכטער — דיר וועט מיטן אייבערשטנס הילף קיין זאַך נישט שאַטן. האָסט געזונטע לונגען. פֿאַר לאהן שרעק איך זיך, זי טאָר זיך נישט פֿאַרקילן. אוי, די קינדער, די קינדער" — האָט די אָרעמע מאַמע אָפּגעקרעכצט און איז מיט אַ טיפֿן זיפֿץ אַנטשלאָפֿן געוואָרן. גע־דענקסט, ווי איך פֿלעג אין אַזעלכע פֿאַלן, ארויפֿוואַרפֿן דיר אויפֿן קאָפּ די פּערינע און אַליין מאַכן זיך הוסטנדיק... איז קוקט זי נאָר אָן, אַזאַ באַ־שעפּעניש וויל אַראָפּציען די זאָקן און זיי מיר אָפּגעבן... מיר וועט קיין זאַך נישט פֿאַרשאַטן, כ'בין געזונט ווי אַ לייב און פֿריי ווי אַ פֿויגל...

פּעליע האָט מיר אַ קיצל געטאָן אין דער זײַט און אָנגעהויבן נאָכמאַכן מײַן הוסט אונטער דער פּערינע. מיר האָבן זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר די הענט און אָנגעהויבן בײַדע לאַכן. מיטאַמאָל האָט ערגעץ אויף אַ שטאָק אַ קלאַפּ געטאָן אַ טיר, און דער ווינט האָט אונדז דערטראָגן אַ ווידערקול פֿון טריט אויף די שטיגן. מיר האָבן זיך צוגעדריקט צו דער פֿינצטערער וואַנט און

געקומען זיך איינהאָרכן. אָבער קיינער איז נישט אַראָפּגעקומען. איצטער האָט שוין פעליע געוויינט, ערנסט.

— זאָרג זיך נישט, לענע, אָנטוועכן איז נאַרישקייטן. אין וואַלד איז קיינעם נישט קאַלט. מיר באַקומען אַלץ, וואָס מיר פאַרלאַנגען. נישט דערין גייט עס...

—איז אין וואָס, שוועסטערל? אין וואָס? זאָג מיר.

— צי לאָזט זיך דאָס דערציילן, לעניוניו? — האָט פעליע געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער.

— פעליוניו, מיין טייערע, מיין קליין שוועסטערל, — האָב איך איר געגלעט די נאַסע באַק — באַרויק זיך, קינד.

— זיי האָבן אים דערשאָסן, — האָט זי געכליפּעט — ווי אַ הונט האָבן זיי אים דערשאָסן... אים, דעם העלד, דעם פּאַרטיזאַן פון געבוירן אָן, וועלכער איז אין מיטן העלן טאָג געגאַנגען איבער די סאָקאָלאָווער גאַסן און האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די דייטשן... און קיינער האָט זיך נישט דערוועגט אים אָנצורירן. אָן אים איז די גאַנצע פּאַרטיזאַנקע זיך צעפאַלן.

— ווי איז דאָס געשען, פעליע?

— די דייטשן האָבן זיך מיט אים נישט געקאָנט קיין עצה געבן. האָבן פאַר אים מורא געהאַט. ער האָט דערשאָסן אַ דייטשישן נאַטשאַלניק פון אַרבעטס־אַמט ביי זיין ביוראָ־טיש. האָט אָנגעפירט מיט דער סאַבאָטאַזש־אַרבעט אין גאַנצן דיסטריקט. קיין דייטש האָט נישט געוואָלט אָננעמען קיין שום אַמט אין דער קרייז. מ׳האָט אים דערקלערט פאַרן באַנדיט נומער איינס. באַקומען ערגעץ זיינע אַ פאָטאָגראַפיע, האָט מען זי אומעטום אויס־געקלעפּט און באַשטימט אַ הויכן פּרייז פאַר זיין קאָפּ. אַ געוויינלעכער גאָרנישט, אַ באַלעגאָלע־יונג, אַ דייטשישער משרת, האָט אים דערקאָנט און אָנגעוויזן אויף אים אַ דייטש. יענער האָט געשאָסן אויף אים פון הינטן. קיינער פון אונדז האָט נישט געוואָלט גלייבן, אַז ער איז אויף אַזאַ אופן דערמאָרדעט געוואָרן...

פעליע איז ערשט געשטאַנען מיטן פּנים צו דער וואַנט, און איר קערפּער האָט קאָנוואולסיוו געציטערט.

— האָט עס דיך אַזוי שטאַרק געטראָפן, פעליע? — האָב איך איר שטיל געפרעגט.

— נאַטירלעך. מיר האָבן זיך ליב געהאַט, מיר זענען געווען ווי מאַן און ווייב.

— „פעליע, פעליע, — האָב איך נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון זיך קיין וואָרט — ווײַן נישט, פעליע, ער איז געווען אַ קעמפער, האָט געמוזט אומקומען. און דו מוזט לעבן. דו הערסט, פעליע? איך וויל דו זאָלסט לעבן. כ׳וויל מיר זאָלן צוזאַמען איבערלעבן אָט די מלחמה, מיר זאָלן לעבן בײַנאַנד...

— לענע, — האָט זי מיר פאַרוואָרפן די הענט אויפן האַלדז — אויך איך וואָלט וועלן לעבן, איך גאָר צו לעבן. כ׳פיל אין זיך שעפערישע כוחות, אַ סך לעבן, אַ סך. און נישט געקוקט אויף אַלץ, גלייב איך נישט דערין, אַז איך וועל לעבן. איך ווייס נישט, ס׳האָט זיך אין מיר עפּעס איינגעבראָכן מיט זיין טויט. כ׳האָב געהאַט אין די הענט אַ באָקאַל פול מיט אוצרות גאָלד, און מיטאַמאָל האָט מען אים ביי מיר אַרויסגעריסן און צעקלאַפּט אויף שטיקער. אַצינדער שטיי איך אַ נאַקעטע, אַן עלנטע...

— פעליע, אינגיכן וועט זיך ענדיקן די מלחמה. דו מוזט זיך באַהערשן. דו טאָרסט זיך נישט אידענטיפיצירן מיט אים. האַלט אויס נאָך אַ ביסל, און לעב איבער!

— מיינסטו באמת, אַז דאָס הענגט אָפּ פון אונדז, דאָס איבערלעבן די מלחמה? גלייבסטו, אַז מיר וועלן איבערלעבן?

— איך גלייב, אַז אַ סך הענגט עס אָפּ פון אונדז. מ׳דאַרף גלייבן אין אייגענעם לעבן.

— ווי מאַכט מען דאָס, לענע?

— ווילסט לעבן, דו הערסט?

— איך הער און וויל לעבן, אָבער כ׳גלייב שוין מער נישט דערין.

דער ווינט האָט ווייטער געוואָיעט ווען מיר זענען זאַלבעצווייט אַרויסגעגאַנגען פון אַלטן טויער און זיך געלאָזט צו דער טראַמוויי־סטאַציע. פעליע האָט נאָך היינט געמוזט אַרויספאָרן אין אירע קאַנטן. זי איז דאָ געווען אין אַ שליחות.

אין אויסגייענדיקן שיין פון טאָג האָב איך געזען צוויי טרערן, וואָס האָבן געבלישטשעט אויף אירע גלאַטע אַפריקאַזנע באַקן און פאַרריסענעם נעזל, וואָס האָט ביז איצט געקוקט מיט אַזאַ פאַרריסנקייט אין הימל.

# פרײַהײט

אין יאָר 1944, האָבן מיר פֿאַרלאָזט װאַרשע נאָך פּאַר פּאַסכע. אירענע האָט געציטערט פֿאַר דער זיכערקייט פֿון די קינדער און באַשלאָסן זיי אַרויסצושיקן מיט מיר קיין אָלכאָוועק פֿריער ווי שטענדיק. כ׳האָב געזעגנט די וואַרשעווער גאַסן, דאָס פֿינצטערע הויז אויף כמיעלנע־גאַס און די באַזאָרגטע פֿריינד, וועלכע באַמיען זיך אומבאַהאָלפֿן אַריינצובליקן אין די נעפּלען פֿון דער קומענדיקער צייט. מיין פּעליע איז שוין געווען אין אירע וועלדער. און ווידער האָב איך באַגריסט די נאַקעטע פֿעלדער פֿון אָלכאָוועק, די אָנבלעטערדיקע ביימער פֿון אַלטן פּאַרק, און די בלאָנדזשענדיקע נעפּלען איבער דער געפּרוווירענער פֿאַפּאַרן־ערד. ווידער בין איך געווען אַליין מיט די קינדער, פּאַוולען און די גוטבאַזיצערין, אין פּוסטן הויף, אין וועלכן דער ווינט האָט געטראַסקעט מיט די שלעכט־פֿאַרשלאָסענע פֿענצטער.

דער פֿרילינג איז שנעל אַריבער. אין יוני האָבן אָנגעהויבן דערגיין צו אונדז גאָר ווייטע, קוים דערהערטע, ריטמישע לופֿט־אויפֿטרייסלונגען.

— דאָס זענען עכאָס פֿון ווייטע האַרמאַטן, — האָט די גוטבאַזיצערין געזאָגט צו פּאַוולען, שטייענדיק הינטערן הויז, ניוכענדיק דעם ווינט, וואָס בלאָזט פֿון מזרח.

פּאַוועל האָט זיך אַרומגעקוקט אויף די צעבליטע ביימערשפּיצן, אויפֿן רויקן בלאָ, ווו עס רוקט זיך אַ ווייס וואָלקנדל, און בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. קיין שום צייכנס האָבן נישט אָנגעזאָגט אויפֿן הימל און דער ערד וועגן קיין שטורעם וואָס דערנענטערט זיך. און פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך דערנענטערט, און גאָר גיך האָט ער געזאָלט אויפֿטרייסלען נישט נאָר די ערד, נאָר אונדזער גאַנץ לעבן.

אין סוף יוני איז געקומען צו פֿאָרן אירענע און מיטגעבראַכט מאַלינקען און טעאָשן אויף די וואַקאַציעס קיין אָלכאָוועק. מאַדאַם זאַטאָצקאַ איז נישט געווען שטאַרק אַנטציקט מיטן דאָזיקן צוגאָב, האָט אָבער אירענען גאָרנישט נישט געזאָגט. אירענע האָט דערציילט:

— אַלץ איז גרייט צו אַן אויפֿשטאַנד אין וואַרשע. מ׳וואַרט נאָר אויף אַ צייכן.

— און וואָס וועט זיין מיט לודוויקן און קאַשיען? — האָט מאַדאַם זאַטאָצקאַ געפֿרעגט.

— לודוויק מוז היטן דאָס געוועלב און דאָס הויז, — האָט אירענע געענטפערט — ווען ס׳וועט ווערן צו הייס אין וואַרשע, וועלן זיי ביידע קומען קיין אַלכּאָוועק.

אַנהייב יולי האָט מען שוין גאַנץ קלאָר געהערט די עכאָס פון די האַרמאַטן־שאָסן. אַלע אַרום האָבן גערעדט וועגן דעם זיך דערנענטערנדיקן פראָנט. אויף אַלע שאָסייען און וועגן האָט מען געזען די אַנטלויפנדיקע דייטשן. די גוטבאַזיצערין איז אַרומגעגאַנגען ווי אין פיבער. יעדן טאָג איז זי געקומען צום טיש מיט אַן אַנדערע ידיעה:

— זעסטו, פּאַוועל, אַלע שמועסן, אַז די סאָוועטן האָבן געמאַכט אויף אונדזער ערד איין גרויסן „קעסל״, און קיין איין דייטש וועט פון אים נישט אַנטרינען. ביי אונדז דאַרפן פאָרקומען די שווערסטע שלאַכטן.

פּאַוועל האָט אַנגעברוגזט געקוקט אין דער ווייט און געשוויגן. ער האָט זיך נישט ענטוזיאַזמירט, אַזויווי זיין מאַמע, מיט דער פּערספּעקטיוו פון דעם דערגענטערן פון די סאָוועטן.

*

איינמאָל ביינאַכט בין איך פּלוצים קראַנק געוואָרן, ס׳האָבן מיך גע־כאַפּט שטאַרקע בויך־קרעמפּן, כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳שטאַרב שוין. דערנאָך איז געקומען אַ שטאַרקער בלוטאויסגוס און הויכע טעמפּעראַטור. באַגי־נען בין איך געווען באַוווסטלאָז און האָב נישט געוווּסט אפילו וואָס ס׳האָט געזאָגט דער אַרויסגערופענער דאָקטאָר פון גאָענטן גוט. געעפנט די אויגן האָב איך באַמערקט, אַז כ׳בין אַליין אין צימער. די קינדערשע בעטלעך האָט מען אַרויסגעטראָגן. מיינע הענט זענען געווען ווייס און נישט געקאָנט זיך באַוועגן. כ׳האָב געטראַכט, ווי אכזריותדיק ס׳איז צו מיר דער גורל, אויב ער באַפעלט מיר צו שטאַרבן ערב דער פרייהייט. אָבער די קראַנקהייט איז געגנוג שנעל פאַריבער. ס׳איז געווען, ווי דער דאָקטאָר האָט פעסט־געשטעלט, אַ „כאָלערינקע״ מיט אַ זייער שאַרפן, אָבער שנעלן פאַרלויף. ס׳איז נאָך איר איבערגעבליבן אַן אָפּגעשוואַכטקייט און אַ דעפּרעסיע. נאָך עטלעכע טעג ליגן איז אין מיין צימער אַריינגעקומען די גוטבאַזי־צערין און צו מיר פריילעך אַ זאָג געטאָן:

— נו, היינט, פריילין לענע, וועט איר זיכער געזונט ווערן. איך האָב פאַר אייך אַן אויסגעצייכנטע נייעס. די סאָוועטן זענען שוין וווּיזט אויס

ביי דער פוילישער גרענעץ. די דייטשן אַנטלויפן, ברעכנדיק האַלדז־און־נאַקן.

כ׳האָב זיך אויפגעמונטערט, אויפגעהערט טראַכטן וועגן דער קראַנק־הייט און טויט, און גענומען קלערן וועגן לעבן... ווי הייסט, — האָב איך געטראַכט — אויף דער וועלט קומען פאַר כמעט קאָסמישע ענדערונגען, ס׳ראַנגלען זיך נאַטורקרעפטן און עלעמענטן, די דייטשישע מעכטיקייט קרישלט זיך און ברעכט זיך, און איך וועל ליגן אין בעט? כ׳האָב זיך אויפגעהויבן און איינגיכן לחלוטין פאַרגעסן אין דער קראַנקהייט. און דער־ווייל האָט די גאַנצע ערד געציטערט און געקרעכצט פון די מעכטיקע „קאַטיושע״־קלעפּ. אַלע שויבן און טירן אין הויז האָבן געציטערט. די דייטשן זענען אַנטלאָפן, געראַבעוועט אויפן וועג וואָס זיי האָבן געקענט, צוזאָגנדיק יעדן, אַז איינגיכן וועלן זיי צוריקקומען. די נאַכט פונעם 22־טן אויפן 23־טן יולי, יאָר 1944, זענען מיר אַלע געזעסן אין קעלער, פון וועלכן פּאַוועל האָט געמאַכט אַ בונקער. דאָס איז געווען אום מוצאי־שבת. זונטיק אינדערפרי ווידער איז מיט מיר געשען עפּעס אַזוינס, וועגן וועלכן די גוטבאַזיצערין האָט לאַנג און ברייט דערציילט יעדן, לאַכנדיק דערביי אויפן קול:

— מיר זענען נאָך געזעסן אין קעלער. די קינדער, איינגעוויקלט אין קאָצן, אין זיכערסטן ווינקל. טעאָש און מאַלינקע, גרין פון שרעק, לעבן אירענען. און איך צוזאַמען מיט פּאַוולען ביים אַריינגאַנג. פּאַוועל האָט גע־כאַפּט אַ בליק פון בונקער דאָ און דאָרט, ווייל ער האָט געמוזט אכטונג געבן, אַז די אָבאָרע זאָל זיך נישט אָנצינדן. מיר האָבן, וואָס אַן אמת, אי־בערגעלאָזט וואַצעקן ביי די קי... אָבער וואצעק ווי וואצעק — ער האָט זיך געטרייסלט פאַר שרעק אַזוי, אַז מ׳האָט געדאַרפט אויף אים אַליין אַכטונג געבן. און דאָ פליען דערווייל די קוילן, ווי אַרבעס. זייערע „קאַ־טיושעס״ שטורמען, ווי די ערד וואָלט זיך האַלטן ביים שפּאַלטן. יעדע רגע הייבן זיך אויף טומאַנען רויך, און ס׳רייסן אויף באָמבעס. און צום ערגסטן איז עס אויפן וועג צום דאָרף היגטער דער אַלייע... דאָרט זעט מען שוין גאָרנישט, בלויז פייער־פלאַמען און קנוילן רויך. און אַזאַ רוי־טע שיין אויפן הימל, ווי דאָס גאַנצע דאָרף וואָלט געברענט. מע זעט ממש אַז פון דאָרטן גייט דער פראָנט... דערווייל ווערט אויפן הויף ליכטיקער אַ ביסל. אין בונקער איז אַ קעלט, ווי געוויינלעך באַגינען, און אַלע זיצן צונויפגעקאָרטשעט און צוזאַמענגעקוועטשט פאַר שרעק... ווי מיטאַ־

מאָל טוט אַ פאַל אַריין וואַצעק מיט אַ געשריי: „כ׳בעט דער הערשאַפט, די רוסן גייען פון דאָרף!“. מיר האָבן אַרויסגעטריבן וואַצעקן צוריק צו דער אַבאָרע און קוקן אויפן וועג צום דאָרף, צי זעט מען נישט עפּעס. און דאָ טוט זיך פריילין לענע אַ דריי אַרויס פאַרביי מיר, און לויפט אַרויס אויפן הויף. כ׳האָב געטראַכט, מסתּם דאַרף זי עפּעס. אַ באַקאַנטע זאַך, בעת אַזאַ שרעק... אָבער עפּעס צו לאַנג זאַמט זי זיך דאָרט. איך גיב אַ קוק אַרויס, זע איך, זי איז שוין אַריבער דעם קלאָמב און לויפט מיט דער אַלייע גלייך אויפן שאָסיי אין גרעסטן הוראַגאַן־פייער אַריין. האַרמאַטן־קוילן און גראַנאַטן רייסן אויף אויף יעדן טראָט. מענטשן אַנטלויפן פון שאָסיי און די פעלדער און באַהאַלטן זיך אין בונקער, און זי דווקא פאַרקערט — פון בונקער אויפן שאָסיי. אַלע אַנטלויפן פונעם פייער, און זי לויפט דווקא אין פייער אַליין. איך לויף אַרויס פון בונקער נאָך איר און שריי מיטן גאַנצן כּוח: „פריילין לענע, פריילין לענע! איך בעט, גלייך זיך אומקערן, דאָרט איז דער פראָנט! דאָרט איז דאָס גרעסטע געפאַר!“ זי האָט מיך דערהערט, ווייל זי האָט זיך אומגעקערט. אָבער זי האָט לחלוטין נישט אָנגעהויבן גיין פאַמעלעך. איז געלאָפן ווי אַקעגן טויט... אָבער איך זאָג אייך — האָט די גוטבאַזיצערין אויסגעלאָזט ווי געווייגלעך — אַזאַ בלינדן אימפּעט האָב איך זינט איך לעב נישט געזען. דערצו נאָך ביי אונדזער תּמיד רויקער פריילין לענע...

און ווירקלעך דאָס וואָס איז געשען מיט מיר, האָט קיין שום שייכות נישט געהאַט מיט קיין לאָגיק. כ׳געדענק אַפילו נישט אַלע פּרטים און דערמאָן זיך נישט לחלוטין וויאַזוי און ווען כ׳בין אַרויסגעלאָפן פון בונקער. און כ׳ווייס נישט צוליב וואָס כ׳האָב עס געטאָן. כ׳געדענק בלויז דעם ווייכן, זאַמדיקן וועג, וואָס ציט זיך אַרויס פון דער אַלייע, און דעם אויסגעשפּרייטן הימל איבער מיר, אַ רויטער ווי בלוט. כ׳געדענק מיט וואָס פאַר אַ מי כ׳האָב אָפּגעריסן די טריט פון דער קלעפּיקער ערד און אויסגעמיטן די זיילן רויך, וועלכע האָבן אויפגעריסן פאַר מיר אויף יעדן טראָט. כ׳האָב געהערט ווי דורך אַ חלום, מ׳רופט מיך עפּעס פון הינטן: „פריילין לענע, פריילין לענע!“, אָבער דער רוף איז צו מיר נישט דערגאַנגען. פאַרלוירנגעגאַנגען ערגעץ אין דעם געהילך פון די שיסערייען אויפן וועג, האָט נישט דערגרייכט צו מיין באַוווסטזיין. כ׳בין שוין געווען פון יענער זייט פון מענטשלעכע השפּעה. כ׳בין געווען פריי, אַ באַפרייטע! בין געלאָפן קעגן דער פרייהייט... דורך אייזן, פייער און טויט בין

איך געלאָפן צו דער פֿרײַהײט... כ׳האָב געוווּסט, אַז איך בין מחויב אַרויס־צוגיין איר אַנטקעגן, מוז זי זען פּנים־אל־פּנים! וואָרן אויב נישט, וועט זי מיך אויסמײַדן, פֿאַרבײַגיין, און כ׳וועל זי שוין קײנמאָל נישט זען. כ׳מוז זען די פּנימער פֿון די מענטשן, וועלכע ברענגען די דאָזיקע פֿרײַהײט...
און דערווײַל איז די אויפֿגעטרענטע ערד אויפֿגעשוואָלן געוואָרן פֿון בלוטיקע וווּנדן. זי האָט געברענט אין אַלע אירע עקן. די לופֿט האָט זיך פֿאַרקערט אין אַ מאַסע פֿון ציטערנדיקע און פֿלאַטערנדיקע פֿונקען, די ערד האָט געבריט די טריט. מײַנע כּוחות זענען אַלץ שוואַכער געוואָרן, און ס׳האָט זיך אין ערגעץ נישט געזען, נישט קײן סוף און נישט קײן ציל פֿאַר מײַן לױפֿעניש. ס׳איז געווען אַ לויף אויף בלינד, אַ לויף אויף אומקום. מיטאַמאָל האָט זיך עפּעס געענדערט. אַ לײַכט גערויש האָט זך געלאָזט הערן פֿון דער לינקער זײַט, ווו ס׳איז געשטאַנען אַ קלײן בעריאָזענע וועלדל. ס׳איז דאָרט געהאַנגען אַ ווײַסער נעפּל, און ערשט האָבן פֿון דעם נעפּל אָנגעהויבן אַרויסקומען געשטאַלטן פֿון זעלנער אויף פֿערד און פֿוסגײער. זײ האָבן געהאַט קײַלעכיקע סלאַווישע פּנימער און רויטע פּאַסיקלעך אויף די היטלען. רוסן זענען געגאַנגען שטיל פֿאָרויס. פּלוצים איז אַ גרויסע באָמבע געפֿאַלן דאָ לעבן זײ, און דאָס פֿערד פֿון דעם אָפֿיציר, וואָס איז געפֿאָרן פֿאָרויס, האָט זיך צעפּלאָשעט. די זעלנער האָבן גענומען זיך צוריקציִען און געוואָלט זיך אַוועקקערן אויף אַ זײַט. אָבער דער אָפֿיציר, אַ באַהאָנגענער מיט מעדאַלן, האָט אָנגעשפּאָרנט דאָס פֿערד און אַ געשרײ געטאָן:

— חברים! נאָך מיר פֿאָרויס, פֿאַרן נצחון! — און די גאַנצע אָפּטײלונג האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אים פֿאָרויס.

*

כ׳האָב זיך אומגעקערט אַהײם. דאָס קראַכן און דאָס פֿײַער האָבן נישט אויפֿגעהערט, אָבער דער פֿראָנט האָט זיך איבערגעטראָגן ווײַטער. כ׳בין געגאַנגען מיטן אײגענעם וועג וואָס פֿריער, נאָר פּאַוואָליע. מײַן נערוון־געשפּאַנטקײט איז אַריבער. כ׳בין געווען שרעקלעך אויסגעשעפּט. אַן אויסטערלישע פּוסטקײט איז כּסדר געשטאַנען אין מײַן געמיט. און אין דער דאָזיקער פּוסטקײט האָט עפּעס אַרומגעבלאָנדזשעט און זיך געמאַטערט צו געפֿינען אַ וועג.

דאָס איז געווען אַ קלעמעניש וואָס האָט געשטעקט אין מיר און נישט געקאָנט זיך אַרויסבאַקומען. כ'האָב פאַרגעסן ווי אַזוי מ'וויינט. און פּלוצים האָט זיך מיר פאַר די אויגן געשטעלט מיין מאַמע, מיין היים און דער טויט פון מיין טאַטן... דער טראַנספּאָרט און דאָס אַנטלויפן, אַלץ, אַלץ, אַלץ... און טרערן, גרויסע ווי אַרבעס, האָבן גענומען פאַלן אויף מיינע באַקן. כ'האָב זיי נישט אָפּגעווישט. מיט יעדער טרער איז אַן אַנדער ווייטיק אָפּגערונען, איז אַן אַנדער דריקעניש אָפּגעגאַנגען. זיי זענען געפלאָסן מיט שטראָמלעך, ווי ס'וואָלט זיך געעפנט אַ געהיימער טויער פון מיין וועזן. עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען פעסט פאַרשלאָסן און פאַרקלאַפּט, האָט זיך פּלוצים געעפנט, איז צעלעכצט געוואָרן... ס'איז מיר לייכטער געוואָרן. כ'האָב אָפּגעווישט די טרערן, ריין געמאַכט דאָס פּנים, פאַרגלעט די האָר און זיך אומגעקערט אין הויף אַריין. אויפן וועג האָב איך זיך געטראַכט: דער טויטאורטייל האָט מיך אויסגעמיטן, כ'וועל לעבן. כ'וועל קענען גיין און פאָרן וווהין כ'וועל וועלן. די גאַנצע וועלט שטייט פאַר מיר אָפן. כ'בין פריי! פריי!

## די סאָוועטן

די גוטבאַזיצערין האָט געטאָן אַלץ, וואָס זי איז אימשטאַנד געווען, צו זיין העלפלעך צו די סאָוועטן. האָט גערעדט צו זיי אויף אַ שיינעם, ליטעראַרישן רוסיש, וואָס זי האָט געלערנט אין שול נאָך אין די צאַרישע צייטן. האָט זיי פאַרבעטן אויף אָוונטברויט, וואָס פלעגט דערלאַנגט ווערן מיט גאַנצן קאָמפּאָרט, פאַרשאַפנדיק נישט איין מאָל פיין די אָפיצירן, וועלכע האָבן נישט געוווסט ווי זיך צו באַגיין מיט גאָפּל־מעסער. אירענע ווידער האָט גענומען פלירטעווען מיט די סאָוועטישע אָפיצירן. דעם מאַן האָט זי נישט געהאַט, ווייל ער איז געבליבן אין וואַרשע, איז זי צייטווייליק געווען פריי. און וואָס ס'הערט זיך אין וואַרשע האָט מען נישט געוווסט. מ'האָט זיך געשושקעט, אַז די סאָוועטן האָבן שוין געהאַלטן אָט־אָט אַריינצוגיין קיין וואַרשע, נאָר גלייך זיך צוריקגעצויגן. אַנדערע ווידער האָבן געשמועסט, אַז די דייטשן האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף פּראַגע און אַז די גאַנצע רוסישע אָפענסיווע האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דער ליניע פון

דער װײַסל. װען מיר פֿלעגן װעגן דעם פֿרעגן די סאָװעטישע אָפֿיצירן, פֿלעגן זײ אונדז אָפּפּטרן מיט זײער סטערעאָטיפּישן זאָג:

— מירן אַלץ פֿאַרגעמען... מירן דערגײן ביז בערלין און װײַטער. שרעקט אײַך ניט, מירן אײַך אַלע באַפֿרײַען.

אײן זאַך איז געװען קלאָר: דערװײַל זענען מיר אָפּגעשניטן פֿון װאַר־שע. דאָרט איז דער פֿראָנט. איז אונדז פֿאַרבליבן בלויז געדולדיק צו װאַרטן װאָס װײַטער װעט זײַן. אינצװישן זענען דורך אונדז פֿאַרבײַגעגאַנ־גען אַלץ מער נײַע פֿאָרמאַציעס און אָפּטײלונגען סאָװעטיש מיליטער. זענען געגאַנגען אַזױ שנעל און זיך אָפּט געטוישט, אַז מיר האָבן פֿאַר־געסן דעם חשבון און אױפֿגעהערט דערקענען די פּנימער פֿון די געקומענע אין הױף אַרײַן. דער אַלכאָװוקער הױף איז געװאָרן דאָס סטאַציאָנירונג־אָרט פֿאַר די רוסישע אָפֿיצירן. געװײנלעכע זעלנער זענען געשלאָפֿן אין פֿאַלאַטקעס און האָבן זיך אױפֿגעהאַלטן בײַ די כלאָפּעס אין די הײַזער. מ׳האָט אונדז אַרױסגעװאָרפֿן פֿון די צימערן און דערלױבט פֿאַרנעמען בלױז אײן צימער. אין דאָזיקן צימער האָבן מיר געװױנט אַלע צוזאַמען. אירענע האָט פֿון קאָצן געמאַכט באַװעגלעכע װענטלעך, װעלכע האָבן אָפּ־געטײלט פּאַװועלס און דער מאַמעס שלאָפֿצימער פֿון אונדזערן. די גוטבאַ־זיצערין האָט געטענהט, אַז אָט די אָפֿיצירן זענען אונדזער גליק, ניט געקוקט דערױף װאָס מ׳האָט אונדז אַרױסגעטריבן פֿון די צימערן. װען זײ װאָלטן דאָ ניט געװױנט און אונדז אָפּגעהיטן, פֿלעגט זי זאָגן, װאָלט מען אונדז אינגאַנצן באַראַבעװעט. שטײן אױף שטײן װאָלט ניט פֿאַר־בליבן...

און זי האָט טאַקע רעכט געהאַט. אומעטום האָבן זיך ערשט אָפּגעע־טאָן שרעקלעכע זאַכן. אין דאָרף זענען געשענדט געװאָרן פֿרױען, אַפֿי־לו זקנות. מ׳האָט געהאַלטן אין אײן גנבענען און ראַבעװען. אַפֿילו דעם הױף האָט עס ניט אױסגעמיטן, כאָטש ס׳האָבן געװױנט אין אים אָפֿי־צירן. יעדן טאָג איז עפּעס פֿון הױז פֿאַרשװוּנדן. אין הױף האָבן זיך גע־שאַפֿן אומדערטרעגלעכע סאַניטאַרע באַדינגונגען. די אָפֿיצירן האָבן ניט פֿאַרשטאַנען, צװאָס איך טו איבער די קינדער צום שלאָפֿן גײן און צװאָס מיר אַלײן טוען עס אַזױ. אײנמאָל, װען כ׳בין אַרױסגעפֿאָרן מיט די קינדער אין װעגעלע אױף אַ שפּאַציר, איז צו מיר צוגעקומען אַ מאַ־יאָר און געזאָגט:

— איר האָט לחלוטין ניט ליב אײַערע קינדער. (ער האָט געמײנט, אַז

איך בין די מאַמע), אויב איר פירט זיי אין אַט דעם וועגעלע. ביי אונדז טוט מען נישט אַזוי. ביי אונדז טראָגן טאַטע־מאַמע די קינדער אויף די הענט. ביי אונדז זענען בכלל קיין וועגעלעך נישטאָ, מען אַרבעט זיי נישט אויס. מיטוואָס זאָלן עלטערן אַרויסווייזן זייער ליבע צו די קינדער, אויב נישט מיט טראָגן זיי אויף די הענט? — צו יעדער צייט בייטאָג און אין אָוונט פלעגן צו אונדז אַריינקומען יונגע אָפיצירן און זיך צוקוקן צו אַלץ וואָס מיר טוען. ווי זיי וואָלטן צו אונדז געקומען פון אַן אַנדערן פּלאַנעט. זיי פלעגן אונדז אויספרעגן וועגן די פאַרשידנסטע פּרטים, זיך פאַרטראַכטן וועגן קלייניקייטן און אַלץ קאָמענטירן. באַזונדערס זענען זיי געווען טשעקאַווע וועגן אונדזער לעבן פאַר דער מלחמה.

— און ווייס ברויט האָט איר שוין געזען אַמאָל? — האָט ערנסט געפרעגט אַ הויכער, דאַרער פּאָרוטשניק — ווייל ביי אונדז גיט מען יעדן טאָג צו צוויי הונדערט גראַם אויף אַ קאָפּ...

— וואָס רעדסטו פאַר אַ נאַרישקייטן! — האָט אים אָוועקגעמאַכט דער קאָלעגע — ביי זיי איז דאָך אַ קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג. זיי האָבן שוין צוואַנציק יאָר קיין ווייס ברויט פאַר די אויגן נישט געזען.

מחמת פאַרוווּנדערונג האָב איך ברייט צעעפנט די אויגן און נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. אַ צווייט מאָל איז צו אונדז אַריינגעקומען אַ מאַיאָר פון צווייטן צימער, און האָט געבראַכט די קינדער אַ ביסל צוקער אין אַ פּאַפּירל.

— זאָלן זיי פאַרזוכן דעם טעם פון צוקער, — האָט ער געזאָגט — ביי אייך ווייסט מען נישט וועגן דעם, און ביי אונדז אין רוסלאַנד, איז פאַראַן צוקער פאַר אַלע קינדער.

סיי די גוטבאַזיצערין, סיי אירענע האָבן שווייגנדיק צוגענומען די מתנה. ערגער איז געווען, ווען זיי פלעגן צו אונדז קומען איינציקווייז, און מיר האָבן געמוזט אַליין ענטפערן אויף זייערע פראַגעס:

— „סקאָזשיטיע” (זאָגט נאָר), — האָט אַ פרעג געטאָן אַ יונג בחורל — איז דאָ ביי אייך פּוטער צום ברויט?

— היינט איז נישטאָ, — האָב איך געענטפערט — ווייל ס׳איז מלחמה. אָבער פאַר דער מלחמה האָט מען געקאָנט קויפן אין יעדן געוועלב.

— און ווי לאַנג האָט מען געדאַרפט שטיין אין אָטשערע, און וויפל גראַם אויף אַ קאָפּ האָט מען פאַרקויפט?

— ס׳איז בכלל נישט געווען קיין אָטשערע ביי קיין געוועלב, און

קויפן האָט מען געקאָנט וויפל מ׳האָט געוואָלט. די קרעמער האָבן געבעטן מ׳זאָל בײַ זיי קויפן.

דאָס בחורל האָט אַרויסגעשטאַרצט אויף מיר די אויגן און גאָרנישט באַנומען.

— ס׳הייסט? — האָט ער איבערגעפרעגט — איז בײַ אײַך געווען פּוטער אָן אַן אָטשערע?

— נאַטירלעך. אַלץ האָט מען געקאָנט באַקומען אָן אַן אָטשערע.

דער אָפיציר האָט נאָך אַ ווײַל געקוקט אויף מיר און איז מיטאַמאָל געוואָרן רויט ווי אַ בוראַק. האָט זיך אָנגעהויבן וואָרפן און שרײַען:

— זענט איר עס אַזעלכע, אַ בורזשויקע, אַ ווײַסגוואַרדייערין! איר טרײַבט פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג! מ׳האָט אונדז טאַקע אָנגעזאָגט אין רוסלאַנד, מיר זאָלן אײַך אין גאָרנישט גלייבן. כ׳איז דאָך אַ באַוווּסטע זאַך, וואָס פאַראַ הונגער ס׳איז בײַ אײַך תמיד געווען, נאָר בײַ אונדז איז אַלץ פאַראַן!

וואָס ווײַטער אַלץ פאַרזיכטיקער האָבן מיר געמוזט זײַן מיט אונדזערע ענטפערס. אַלץ אָפטער זענען מיר געווען געצוווּנגען צו שווײַגן.

*

אינצווישן האָבן זיך בײַ אונדז אויפן הויף אָנגעהויבן פלירטן. ס׳איז געקומען צופאָרן אַן אָפּטיילונג אָפיצירן פון אַוויאַציע, וואָס האָבן אַ לענגערע צײַט סטאַציאָנירט אין הויף. עטלעכע קילאָמעטער פון אָלכאָוועק האָט מען געבויט אַ פלי־פעלד, און פון דאָרט פלעגט מען אַרויספליען אויף מערב צו באָמבאַרדירן דעם שונאס פּאָזיציעס. דאָס איז געווען איינער פון די עלטסטע און צומיינסטן באַרימטסטע אַוויאַציע־פּולקן. די מער־הייט פון די פּילאָטן האָט נאָך געגומען אַן אָנטייל אין דער רוסיש־פינ־לענדישער מלחמה און זיך אין איר אויסגעצייכנט. אַלע אָפיצירן זענען געווען יונגע און פיינע. ס׳איז געווען דאָס בעסטע פון דער רוסישער יוגנט. זיי האָבן געהאַט אַ סך העכערע קולטור און בילדונג פון די פיעכאָטע־אָפי־צירן, אָדער קאַוואַלעריע. אויך זייערע לעבנס־באַדינגונגען זענען גע־ווען אַ סך בעסערע, ווי אין אַנדערע פאָרמאַציעס. זיי האָבן געהאַט גוטע באַשפּיזונג און לייטישע מונדירונג. האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט קיין שום פיזישער אַרבעט. יעדן אָוונט פלעגן אײַנגעאָרדנט ווערן טענץ אינעם

האָל. זיי האָבן געהאַט האַרמאָשקעס, מאַנדאלינעס און גיטאַרעס. האָבן געשפּילט און געזונגען פּרעכטיקע רוסישע לידלעך (טעאָש און מאַלינקע האָבן שוין פאַרשריבן זעכציק טעקסטן פון רוסשע לידער מיט לאַטיינישע בוכשטאַבן). אירענע פלעגט זיי שפּילן אויף דער פּיאַנינע, און אַלע האָבן זיי שוין געזונגען. אַ סך אָפּיצירן האָבן אַפילו געענדיקט אין לענינגראַד באַלעט־שולן און האָבן הערלעך געטאַנצט. מיטן צופאַלן פון אָוונט, פלעגט מען אָנצינדן די לאָמפּן אין האָל און טאַנצן. דער עיקר האָבן געטאַנצט בחורים מיט בחורים, ווייל ס׳זענען נישט געווען גענוג מיידלעך. אָבער מ׳פלעגט אויך אונדז אַרויסציען פון צימער צום טאַנץ. דעם גרעסטן דערפאָלג האָט געהאַט אירענע. אַ העל־לייביקע, אַן אויסגעקלייכיקטע, מיט גרויסע בלאָע אויגן, — האָט זי געוווּנען אַלעמענס הערצער. מ׳האָט זי געהאַלטן אין איין אָפּשלאָגן איינעם פונעם אַנדערן. די צווייטע „פּרימאַדאָנע” איז געווען מאַ־רישקע פון דער קיך, אַ גרויסע און פעסטע מויד פון דאָרף, וואָס האָט געהאַט דערפאָלג נישט נאָר בייטאָג... איך האָב זיך רעפּרעזענטירט צום ערגסטן. בין געווען צו מאָגער לויטן גוסט פון די רוסן. אויסערדעם האָב איך געהאַט שרעקלעכע האָר. שוין דריי חדשים האָב איך נישט געהאַט מיטוואָס זיי צו טלענירן, ווייל ס׳איז נישט מעגלעך געווען עפּעס־וואָס צו קויפן. ביי די וואָרצלען זענען זיי געווען שוואַרץ ווי קוילן, העכער אביסל, געל, דערנאָך גאָלד־בלאָנד, און פון סאַמע אויבן — ווייס און אָפּ־געזענקט.

— וואָס פאַר אַ אינטערעסאַנטע האָר זענען עס ביי אייך ? — האָט מען מיך נישט איין מאָל געפרעגט.

— דערפאַר וואָס איך בין בכלל אַן אינטערעסאַנטע פרוי, — האָב איך געענטפערט אין שפּאַס.

און פונדעסטוועגן האָט מיט מיר עפּעס פּאַסירט, וואָס כ׳האָב וועגן דעם אפילו נישט געחלומט. איין מאָל, בעתן טאַנצן, איז צו מיר צוגעקומען אַ נישט הויכער אָפיציר, מיט אַ לעכערלעכער קאַרטאָפל־נאָז, אַ פּויעריש פּנים, מיט אַ געהויקערטן אַקסל, און האָט זיין בליק אַריינגעשטאָכן אין דער פּאָדלאָגע. ער האָט עפּעס אַ מרוטשע געטאָן אונטער דער נאָז און מיך פאַרבעטן אויף אַ וואַלס. זיין אויסזען איז נישט געווען אַזוי פיין ווי ביי אַנדערע און האָט אויך ערגער געטאַנצט פון זיי. כ׳האָב אים אָבער נישט געקאָנט אָפּזאָגן, ווייל כ׳וואָלט זיך געקאָנט גורם זיין אומאָנגענעמלעכקייטן. אויך אויפן קומענדיקן טאַנץ האָט ער מיך פאַרבעטן. דעם

דריטן טאָנץ, ווידער געטאַנצט מיט מיר, שוין נישט פאַרבעטנדיק. כ׳בין געווען אַ ביסל פאַרוווּנדערט דערױף. בדרך־כּלל פּלעגן די אָפּיצירן נישט מסכּים זײַן, אַז איין מאַנצפּאַרשוין זאָל אָקופּירן אַ טענצערין אויפן גאַנצן אָוונט. ס׳זענען געווען וויניק פּרויען. און דאָ איז געשען עפּעס חידוש־לעכערס. נאָכן אָפּטאַנצן די דרײַ טענץ איז שוין יענער אָפּיציר מער צו מיר נישט צוגעקומען, און פונדעסטוועגן האָט מיך קיינער פון די אָפּי־צירן נישט פאַרבעטן טאַנצן. דעם גאַנצן רעשט אָוונט האָב איך געטאַנצט מיט גאַגאַן. דעם צווייטן טאָג — ווידער דאָסזעלבע. קיינער איז צו מיר ניש צוגעקומען, אויסער מײַן נעכטיקער טענצער. כ׳וועל נישט זאָגן אַז ס׳האָט מיר פאַרשאַפט קרענקונג, אָבער ס׳האָט מיך געחידושט. דעם אייגע־נעם אָוונט, נאָך די טענץ, איז אירענע אַרײַנגעפלויגן אין צימער ווי אַ ווירבער, מיט אַ רויט, אָנגעצונדן פּנים:

— לענקע, ווייסט מיט וועמען האָסט געטאַנצט? (פון זינט די סאָ־וועטן זענען געקומען האָבן מיר זיך, איך מיט אירענען, נענטער באַפרײַנ־דעט און זענען געווען אויף „דו").

— כ׳ווייס נישט. איז דען מעגלעך זיי אַלע צו קענען? דו האָסט אַ בעסערן זכּרון פון מיר אויף נעמען. אפשר קאָנסטו זײַ.

— אָבער ס׳רעדט זיך נישט וועגן אַלע. ס׳רעדט זיך וועגן דעם לעצטן אָפּיציר, מיט וועלכן דו האָסט געטאַנצט הײַנט און נעכטן.

— אַך, דער קרומהענטיקער מיט דער קאַרטאָפל־נאָז. דאָס איז אַ פּאַטענטירטער נודניק און אַ מרוק! און וואָס נאָך ערגער, צוליב אים קוקן אַלע אַוועק פון מיר, ווי פון אַ פּעסט... זיי שרעקן זיך ממש אַ וואָרט מיט מיר צו פאַרטוישן, פון זינט ער האָט זיך צו מיר צוגעקלעפּט.

— דו ווייסט נישט לענקע וואָס דו רעדסט. ביסט אַ טיפּשה ביז דער סטעליע! דו ווייסט ווער דאָס איז?

— נו, זאָג שוין אַמאָל, אויב ס׳איז אַזוי וויכטיק.

— דאָס איז אַ העלד פון ראַטנפאַרבאַנד!

— איז וואָס? איז וואָס גייט עס מיר אָן?

— און דו זאָגסט עס אַזוי גלײַכגילטיק? האָסטו דאָך נישט קיין באַ־גריף וואָס דאָס הייסט זײַן אַ העלד פון ראַטנפאַרבאַנד. אַזעלכע העלדן זענען נישטאָ קיין סך אין ראַטנפאַרבאַנד... זיי האָבן די גרעסטע אויס־צייכענונגען, לעבינס גאָלדענע שטערן! יעדעס פּולק שלאָגט זיך דערפאַר ס׳זאָל האָבן בײַ זיך אַ העלד... די דאָזיקע מענטשן האָבן אַן אָפּענעם וועג צו

דער העכסטער קאַריערע אין רוסלאַנד. יעדע שטאָט האַלט עס פאַר אַ כבוד צו האָבן ביי זיך כאָטש איין העלד. אָט דער העלד דיינער האָט היגטער זיך דריי הונדערט שלאַכט־פליען און איז אַלט ערשט פינף־און־צוואַנציק יאָר. דערוויי׳ל איז ער אַ מאַיאָר.

— וואָס הייסט „מיינער״?

— טאָקע דיינער. אַלע אָפיצירן שמועסן, אַז ער וועט מיט דיר חתונה האָבן.

— אירענע, ביסט פולשטענדיק פון זינען אַראָפּ. גלייבסט אין אַזעלכע שטותים! כ׳האָב דאָך נאָך מיט אים קיין גאַנצן זאַץ נישט פאַר־ביטן... ביסט אַליין געווען אַן עדות, אַז איך ווייס אפילו נישט ווער ער איז... און דו רעדסט שוין וועגן חתונה? האָסט זיך געלאָזט „אָנציען״.

אירענע האָט זיך לייכט באַליידיקט.

— נו, וועסט זיך איבערצייגן. איך וועל דיר מער אויף דער טעמע גאָרנישט זאָגן.

אויפן צווייטן טאָג איז אויף מיין מזל קיין טענץ נישט געווען. כמעט אַלע זענען אַרויסגעפלויגן אויף וייטע פליען. האָבן זיך אומגעקערט שפּע־טער ווי געוויינלעך, זייער מידע. מ׳האָט, משמעות, באָמבאַרדירט דייטש־לאַנד, און אַ סך עראָפּלאַנען האָבן זיך נישט אומגעקערט אויף דער באַזע. פאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן וועגן דעם אַלעם נישט געטאָרט וויסן, אָבער מיר האָבן זיך אַלץ אָנגעשטויסן לויט זייערע שטילע שעפּטשענישן צווישן זיך. צומאָרגנס איז געווען זונטיק. אַרום צען אַזייגער אינדערפרי, איז צו אונדז געקומען צו לויפן אונדזער באַליבטער אָפיצירין, דער קליינער מישאַ און האָט געזאָגט דער גוטבאַזיצערין, אַז דער חבר פּאָלקאָווניק בעט צו זיך תיכף־ומיד „די קראַסאַוויצע לענאָטשקע״. ס׳איז מיר געוואָרן שלעכט אויפן האַרץ. הייסט עס, אַז עפּעס איז דאָ דערין. דער טייוול ווייסט זיי, וואָס פאַר אַ מנהגים ס׳זענען איינגעפירט ביי די דאָזיקע מענטשן. אירע־נע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט טריומף. די גוטבאַזיצערין, וועלכער ס׳איז שוין אויך באַוווסט געווען די גאַנצע געשיכטע, האָט מיך אָנגעהויבן טרייבן, כ׳זאָל גיין שנעלער. דער פּאָלקאָווניק האָט געוווינט צוזאַמען מיטן העלד אין אונדזער אַמאָליקן קינדער־צימער. ווען כ׳בין אַריין אַהין איז ער געזעסן אין אַ ווינקל ביים טיש, אַן אַרומגעשטעלטער מיט אַ גאַנצן שטאָב פלעשער און גלעזער, מיט פּולמיסעקס, פולע מיט די פאַרשידנ־סטע געריכטן. ס׳האָט געדויערט אַ היפּשע וויי׳ל איידער כ׳בין געווען אימ־

שטאַנד זיך צו אָריענטירן און אונטערשיידן אין דעם אָנגעהויפּנטן באַרג עסנוואַרג אין טעלערס, אָן שיעור. דער פּאָלקאָווניק האָט נישט אויפגע־הערט צו עסן, און צווישן איין קיי און צווייטן האָט ער פאַרטרונקען מיט „ריינעם" ספּירט פון אַ טיי־גלאָז. צום סוף האָט ער זיך געוואָנדן צו מיר:

— דאָס זענט איר עס די בירגערין לענאַטשקאַ? זעצט זיך, זעצט זיך — האָט ער ריין געמאַכט פאַר מיר אַ שטול, אַראָפּשטעלנדיק פון אים די טעלערס אויף דער פאָדלאָגע — טרינקט מיט, — האָט ער מיך פאַרבעטן, אונטערטראָגנדיק מיר אַ גרויסע גלאָז ריינעם ספּירט.

ס'איז מיר געוואָרן אַ מינוט צו חלשות.

— כ'בין נישט געוווינט, — האָב איך זיך פאַרענטפערט — אויב איר וועט זיך נישט באַליידיקן, וועל איך בעסער נעמען אַ גלאָז מילך.

— ווי אַ זייגקינד — האָט זיך דער פאָלקאָווניק צעלאַכט. — און פון וואַנען זייט איר? — האָט ער גענומען פאָרשן.

— פון בוטשאַטש, — האָב איך געענטפערט — כ'בין אַ לערערין.

— איר זענט נישט פון די גוטבאַזיצערס דאָ?

— ניין, — האָב איך געענטפערט — כ'בין דאָ בלויז אַ דערציערין פון די קינדער, ווייל די שול ביי אונדז האָבן די דייטשן געשלאָסן.

— מיר וועלן זי גלייך עפענען, — האָט דער פּאָלקאָווניק אַ זאָג גע־טאָן מיט שטאָלץ — ביי אונדז מוז אין יעדן דאָרף זיין אַ שול. אויב אַזוי, איז גוט... דו הערסט, סערגיי, — האָט ער זיך פּלוצים געוואָנדן צום העלד, וועלכער איז געזעסן אויף אַן איבערגעקערטער שטול אַנט־קעגן דעם קאַמין און האָט געוואַרעמט די הענט ביים פייער — דו הערסט? זי איז אַ לערערין. אַ דינסט האָבן זיי פון איר געמאַכט. נו, איצטער רעד שוין אַליין.

אָבער דער העלד האָט אַ וואַרטשע געטאָן אונטער דער נאָז עפּעס, וואָס כ'האָב נישט פאַרשטאַנען, און זיך צו מיר אפילו נישט אויסגעדרייט.

— איז זעסטו, — האָט דער פּאָלקאָווניק אַ זעץ געטאָן אין טיש, אַז די שליסלען זענען אונטערגעשפרונגען — סערגיי באָריסאָוויטש ראַקאָוו, העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, האָט געוואָרפן אַן אויג אויף דיר און ווינטשט זיך מיט דיר חתונה צו האָבן. לויטן מיליטערישן מנהג קאָן איך דורכ־פירן אייער חתונה. וועסט אַ ביסל אונטערזיצן, וואַרטן אויף אים, און נאָך דער מלחמה וועט ער צוריקקומען צו דיר... ריכטיק, סערגיי?

ראַקאָוו, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסן ביים קאַמין, האָט פאַ־

מעלעך אויסגעגלייכט די פּלייצעס, זיך אויפגעהויבן פון אָרט און איז צוגעקומען צום טיש.

— ריכטיק, — האָט ער געזאָגט צום פּאָלקאָווניק און דערנאָך זיך געוואָנדן צו מיר — זעסטו, איך האָב אַ מאַמע אויף אוראַל, און זי האָט אַ שיינע וווינונג פון פיר צימערן. כ'וועל דיך אַוועקפירן מיט אַן עראָ־פּלאַן צו מיין מאַמען, און דאָרט וועסטו וואַרטן אויף מיר, ביז כ'וועל צו־ריקקומען פון דער מלחמה.

דאָס אָפּגעזאָגט, האָט אויך ער מיר דערלאַנגט אַ גלאָז ספּירט. ערשט האָב איך באמת געהאַלטן ביי חלשות, די פיס האָבן מיר זיך אונטער־געהאַקט. אַ ווייל האָב איך נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן און ווי אַזוי זיך צו האַלטן. האָב געגומען פּאַוואָליע זיפּן דאָס שאַרפע געטראַנק פון דער גלאָז. האָב זיך פאַררויטלט, דערוואַרעמט און באַקומען מוט.

— איך שאַץ זייער דעם דאָזיקן כבוד, — האָב איך געזאָגט — אָבער כ'בין אַ פאַרהייראַטע, כ'האָב אַ מאַן. ער איז פאַרבליבן אין וואַרשע, און כ'ווייס אַליין נישט, צי ער לעבט, צי נישט. און כל־זמן כ'וועל עס נישט וויסן, קאָן איך דאָך נישט חתונה האָבן.

— דאָס איז נאַרישקייטן, — האָט דער פּאָלקאָווניק אַוועקגעמאַכט ביי־טולדיק מיט דער האַנט — איך קאָן דיר דאָ אויפן אָרט געבן סיי אַ גט, סיי קידושין. דיין מאַן וועט זיך געפינען אַן אַנדער מיידל.

און כ'האָב ווידער נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. האָב נישט באַ־נומען דעם אופן דענקען פון די דאָזיקע מענטשן.

— גוט, — האָב איך ענדלעך געזאָגט — נאָר איך בין איצטער נישט געזונט און נישט אימשטאַנד אין ערגעץ צו פאָרן. אפשר וועלן מיר עס אָפּ־לייגן ביז כ'וועל אינגאַנצן געזונט ווערן.

— אין אָרדענונג — האָט דער פּאָלקאָווניק מסכים געווען. מירן דיר שיקן אונדזער פּולק־דאָקטאָר. אייערע דאָקטוירים זענען גאָרנישט נישט ווערט, דערפאַר קרענקט איר דאָ אַלע.

כ'בין אַרויס ווי פון אַ הייסער באָד, און דערציילט אירענען אין דער גוטבאַזיצערין דעם גאַנצן שמועס, אָבער זיי האָבן געלאַכט פון מיר, וואָס האָט מיך נאָך מער דענערווירט. פאַר זיי איז עס געווען אַ סענסאַציע, און איך האָב ממש שלאָפן נישט געקאָנט פון שרעק. ס'זענען אַריבער עטלע־כע טעג. דער העלד האָט זיך אינגאַנצן נישט געוויזן. מ'האָט אים, משמעות, געשיקט מיט אַ וועלכער מיסיע. איך בין פאַר דער דאָזיקער צייט

געזעסן מיט די קינדער אין צימער און כמעט אינגאַנצן נישט אַרויסגעגאַנגען. בלויז איין מאָל בין איך אַרויסגעפאָרן מיטן וועגעלע. מיט די קינדער אין סאָד. דאָ איז צו מיר צוגעקומען דער קליינער מישאַ, האָט גערעדט מיט מיר אַ ווייל, און איז אַוועקגעגאַנגען. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך ראַקאָוו אומגעקערט, און מישאַ איז פאַרשווונדן. כ'האָב עס ווידער נישט פאַרשטאַנען, און פון נייגעריקייט געפרעגט איינעם פון די אָפיצירן:

— ווו איז מישאַ? איר ווייסט נישט?

אין אָנהייב האָט ער מיר גאָרנישט געוואָלט זאָגן (נישט געוואָלט מיט מיר רעדן), אָבער שפּעטער האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— מישאַ איז אין טורמע.

— פאַרוואָס? — האָב איך געפרעגט — ער האָט געטאָן עפּעס שלעכטס?

— אַזוי איז עס, — האָט געענטפערט דער אָפיציר — דער העלד האָט אים איינגעזעצט, דערפאַר וואָס ער האָט געפלירטעוועט מיט אייך.

דער העלד האָט זעט אויס איבערגעלאָזט עמעצן אין הויז אָפּצוהיטן מיך אין דער צייט פון זיין אָפּזיין, און יענער האָט אים וועגן אַלץ אונטערגעטראָגן. דער גאַנצער ענין האָט מיר אויסגעזען זייער נישט פרייִלעך. כ'האָב נישט געוווסט, וויאַזוי כ'וועל זיך פון דעם אַלץ אַרויספּלאָנטערן. וואָלט נישט געווען מלחמה, וואָלט איך פּשוט אַנטלאָפן פונעם גוט. ס'איז נישט געווען קיין שום קאָמוניקאַציע. אינצווישנצייט האָט די מלחמה אַליין געבראַכט אַ לייזונג. אין איינעם אַ פרימאָרגן זענען מיר פרי אויפגעשטאַנען און דערזען, אַז דער גאַנצער הויף איז אַ פּוסטער. ס'איז ממש קיינער נישט געבליבן. אַלע פליער זענען ביינאַכט אַוועק. ס'איז מסתּם אָנגעקומען אַן אומדערוואַרטער באַפעל, און זיי האָבן געמוזט תיכף־ומיד זיך לאָזן אין וועג אַריין. דער העלד פון דאַטנפאַרבאַנד, סערגיי באָריסאָוויטש ראַקאָוו, האָט מיר נישט איבערגעלאָזט קיין איין געזעגן־וואָרט.

## מ'פאַרצעלירט דעם באָדן

די ערשטע פאַרשיכורונג מיט דער פרייהייט איז אַריבער. דער שוים פון גאָלדענעם נעקטאַר־געטראַנק: „באַפרייונג", וואָס צעמישט, האָט זיך אָפּגעזעצט. ביסלעכווייז האָבן גענומען אַרויפשווימען זיינע טריבע פערמענטן און ברודיקע אָפּזאַצן.

די יונגע, געזונטע מאַרישקע, פֿון דער קיך, שטענדיק אַ פֿרישע ווי אַ שוואָם, איז קראַנק געוואָרן. אינדערפֿרי האָט די גוטבאַזיצערין נישט גע־קאָנט זי אַראָפּשלעפּן פֿון איר ברודיק געלעגער אין קיך.

— דאָס זענען די רעזולטאַטן פֿון איר הולטאַיעווען, — האָט זי גע־זאָגט צו אירענען — נאַכט־נאָך־נאַכט צו עטלעכע יונגען אין בעט... איצט מוז מען זי אַרויסיאָגן, וואָרן זי וועט אָנשטעקן אַלע אין שטוב.

קיין שפּיטאָל פֿאַר דער ציווילער באַפֿעלקערונג איז אין דער געגנט נישט געווען דעמלט.

— אומגליקלעכע מאַרישקע, אַזאַ געזונטע און פֿריילעכע תמיד.

אויך די וואַלדוועכטערין איז אַוועקגעגאַנגען. זי האָט פֿאַרשנורעוועט די ליפּן און געזאָגט צו דער גוטבאַזיצערין:

— כ׳וועל שוין מער נישט באַדינען די הערשאַפֿט. ערשט זענען מיר די „הערשאַפֿט״. און פֿאַר אַזויפֿיל יאָרן דינסט קומט אונדז באַדן!

די גוטבאַזיצערין האָט איר גאָרנישט געענטפֿערט. נאָר אַוועקגע־גאַנגען, זיך אויסגעדרייט צו אירענען און געזאָגט:

— אַזאַ שלאַנג האָבן מיר אויסגעהאָדעוועט אין שטוב... און גיי זיי גוט צו מענטשן.

פֿאַוועל האָט אומעטיק אַ קוק געטאָן אויף דער מוטער. ער האָט זיך אינגאַנצן נישט געוואָרט וועגן די צייטן וואָס קומען פֿאַר זיי.

אירענע האָט געזוכט זוכן אַ קאָנטאַקט מיטן דאָרף. אין אירע יונגע יאָרן האָט זי געפֿלירטעוועט דאָ און דאָרט מיט די דאָרפֿס־בחורים. איז געגאַנגען צו זיי אויף טענץ, זיי פֿאַרגעלייענט צייטונגען א.א.וו. ביז די מאַמע האָט עס איר פֿאַרווערט און זי אַרויסגעשיקט קיין וואַרשע, ווו זי האָט אינגיכן חתונה געהאַט. איצט האָט זי באַגערט צו באַנייען די דאָזיקע קאָנ־טאַקטן, אויף יעדן פֿאַל... אָבער דערווייל האָט מען קיין פּעולה דערפֿון נישט געזען. דאָס דאָרף האָט פּיינטלעך געשוויגן. מ׳האָט בלויז געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען דאָס סאָוועטישע מיליטער וועט פֿאַרביי, וועט מען צע־ראַבעווען דעם הויף. און דערווייל האָט מען געראַבעוועט וואָס נאָר ס׳האָט זיך געלאָזט. מ׳האָט אויסגעהאַקט ביימער פֿון הויפֿישן וואַלד, אויסגעשניטן קרויט, אויסגעגראָבן די הויפֿישע קאַרטאָפֿל און בוראַקעס, געגנבעט אַר־בעט־מכשירים, אויסגעבראָכן די טירן פֿון די בנינים און זיי גענומען אויף באַהייצונג. פֿאַוועל איז געצוווּנגען געווען צו היטן די פֿערד בייטאָג און ביינאַכט. די תבואה איז סייווי פֿאַרלוירנגעגאַנגען נאָך אויפֿן פֿעלד. פֿאַוועל

האָט געװאָלט צונויפֿזאַמלען כאָטש אַ ביסל קאַרטאָפֿל און קרויט, ס'זאָל זײַן אויף װינטער, אָבער קײנער װאָלט נישט געגאַנגען אַרבעטן פֿאַרן הויף. ס'האָט נישט געקאָנט זײַן קײן שום רייד װעגן אַרבעטן אין פֿעלד. ס'האָבן אומעטום גראַסירט װילדע באַנדעס, צוזאַמענגעשטעלט פֿון די פֿאַרשײ־דנסטע געזעלשאַפֿטלעכע אָפּפֿאַלן. זײ פֿלעגן איבערפֿאַלן מענטשן און הײ־זער, זײ בעראַבעװען און מאָרדן אָן רחמנות. נישט אומזיסט פֿלעגט די גוטבאַזיצערין כסדר איבערהזרן, אַז די סאָװעטישע אָפּיצירן זענען געװען אונדזער שוץ. הײַנט, אַז קײן סאָװעטיש מיליטער האָט נישט סטאַציאָ־נירט אין הויף, האָבן מיר זיך געשראָקן פֿאַר די דאָזיקע באַנדעס, װי פֿאַר פֿײַער.

ענדלעך איז געקומען די מאַכט. אין װענגראָװ האָט זיך באַזעצט דער סאָװעטישער מיליטערישער קאָמענדאַנט און אָנגעהויבן זײַן אַמט פֿון... פֿאַרצעלירן די ערד פֿון די גוטבאַזיצערס. אויף דערויף האָבן די פּויערים געװאַרט. און אין הויז פֿון די זאַטאָצקיס איז געװאָרן אַ בהלה, אַ פּאַניק. די גוטבאַזיצערין איז אַרומגעגאַנגען, װי אַ פֿאַרסמטע, פֿאַװעל האָט אויסגעזען אַזוי, װי אין אַ מאָמענט אַרום װעט ער זיך אַרײַנשיסן אַ קויל אין קאָפּ. אָבער צום שװערסטן איז געװען אירענעס לאַגע. זי איז געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און אָן מיטלען צום לעבן מיט פֿיר קינדער (צװײ אײגע־נע, און צװײ דעם ריכטער גיעדזיעלסקיס, לודװיקס ברודער). און ס'איז נישט באַװוסט געװען, צי ס'װעט שוין אַזוי נישט פֿאַרבלײַבן אויף שטענ־דיק, װײַל סײ טעאָשעס און מאַלינקעס עלטערן, סײ אירענעס מאַן זע־נען פֿאַרבליבן אין װאַרשע, װוּ די מערהײט פֿון דער באַפֿעלקערונג איז אומגעקומען.

אין דער דאָזיקער שװערער לאַגע האָב איך באַשלאָסן איר צו העלפֿן. קודם־כּל צוליב די קינדער. איך בין הײַנט געװען אין אַ גליקלעכערע לאַ־גע, אײדער זי. די סאָװעטישע מאַכט האָט מיך באַטראַכט פֿאַר אַ „באַ־דינערין", דאָס הײסט, פֿאַר אַזעלכע װאָס איז געװען געקריװדעט פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. זײ האָבן מיך דערום פֿאַרבעטן צו דער פֿאַר־צעלאַציע־קאָמיסיע און געשאָנקען מיר צוזאַמען מיט דער איבעריקער דינערשאַפֿט און די קלײנפּויערן — אַ פֿאַרצעלע אין דעם גוט פֿון די זאַטאָצקיס. פֿאַרשטײט זיך, אַז איך האָב זי נישט אָנגענומען, מאָטיװירנ־דיק מײַן אָפּזאָג, אַז איך בין נישט קײן ערדאַרבעטערין. אַנשטאָט דעם האָב איך זיך צוגעטראַכט אַן אָריגינעלן פּלאַן... האָב אין שטוב קײנעם

גאָרנישט נישט געזאָגט און בין אַרויסגעפאָרן קיין וועגגראָוו. דאָ האָב איך זיך געמאָלדן צום מיליטערישן קאָמענדאַנט.

ס׳האָט מיך אויפגענומען אַ נידעריקער, דאַרער אָפיציר. כ׳האָב זיך אים פאָרגעשטעלט און באַדאַנקט פאַרן פאַרבעטן אין דער פאַרצעלאַציע־קאָמיסיע. דער קאָמענדאַנט האָט מיט נייגעריקייט מיך באַטראַכט. כ׳האָב אים געזאָגט:

— צו מיין באַדויערן האָב איך נישט געקאָנט געניסן פון דעם באָדן וואָס איר האָט מיר געשענקט, ווייל מיר איז נישט נייטיק קיין באָדן, נאָר אַ שול.

— וואָס הייסט אַ שול? — האָט מיך דער קאָמענדאַנט נישט פאַר־שטאַנען.

— איך בין אַ לערערין, — האָב איך אים דערקלערט — אָבער אין מלחמה־צייט האָב איך נישט געקאָנט לערנען, ווייל די דייטשן האָבן געשלאָסן די שולן און געמאַכט פון זיי קאָשאַרן. און דערפאַר האָב איך געמוזט גיין דינען ביי די גוטבאַזיצער. אָבער איצטער, אַז איר האָט אונדז געבראַכט די פרייהייט, וואָלט איך וועלן זיך אומקערן צו מיין פּראָפעסיע. וואָלט וועלן ברענגען אַ ביסל בילדונג די פינצטערע, אונטערדריקטע פויערים, פאַרלייגן אַ שול פאַר די פויערישע קינדער אין אָלכאָוועק. אין אונדזער דאָרף איז שוין דריי הונדערט יאָר קיין שול נישט געווען. אַזוי זאָגן די אַלטע פויערים. אַלע זענען אַנאַלפאַבעטן. כ׳וואָלט וועלן אייך בעטן, חבר קאָמענדאַנט, איר זאָלט מיר העלפן פאַרלייגן דאָ אַ שול און באַשטימען פאַר דעם דאָזיקן צוועק דעם הויף מיטן סאָד, וועלכע דאַרפן, אויב אַזוי, אויסגעשלאָסן ווערן פון דער פאַרצעלאַציע.

דעם קאָמאַנדאַנט איז געפעלן געוואָרן מיין פּלאַן. ער האָט מסכים גע־ווען און צוגעזאָגט צו העלפן. האָט זיך בלויז באַוואָרנט, אַז ווי לאַנג דער הויף וועט נייטיק זיין פאַרן מיליטער, קאָן ער אים מיר נאָכנישט געבן אויף אַ שול. מ׳וועט מיר צייטווייליק געבן עפּעס אַ כאַטע אויף דעם צוועק, און ווען ס׳וועלן זיך ענדיקן די קריגס־אָפּעראַציעס, וועט מען איבער־טראָגן די שול אין הויף, און כ׳וועל דאָרט אַליין קאָנען וווינען, עווענטועל מיט די עלטערן.

דאָס איז געווען פאַר מיר אַ גרויסער דערפאָלג. מיין ערשטער נצחון נאָך דער מלחמה. כ׳האָב אויסגעשפּילט פּאַראַמאָל אַ סך זאַכן: קאָנען אַרבעטן מיט קינדער, וועלכע כ׳האָב תמיד ליב געהאַט, וועל קענען העלפן

אירענעס קינדער, און האָב אויסגעשלאָסן דעם הויף פון דער פּאַרצעלאַציע. כ'האָב אַזוי געטראַכט: אויב מיר וועט דערלויבט זײַן וווינען אין הויף, וועל איך נעמען צו זיך אירענען מיט די קינדער. אויף אַזאַ אופן וועלן זיי האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ (אַן אייגענעם דאַך) און זיך אויסהאַלטן פון מײַן אַרבעט.

צוריקגעקערט זיך פון ווענגראָוו, האָב איך מיט גרויס פרייד דערציילט וועגן אַלץ אירענען. כ'בין געווען אַזוי צעיאַכמערט, אַז כ'האָב פּשוט נישט געקאָנט געפינען קיין ווערטער, כּדי עס מיט אַן אָרדענונג דער־ציילן. אירענע איז געווען אינגאַנצן איבערראַשט פון מײַן פּלאַן. האָט גע־קוקט אויף מיר אַזוי, ווי איך וואָלט דערציילט אַן אויסגעטראַכט מעשהלע. האָט מיר נישט געגלייבט. כ'ווייס נישט, קאָן זײַן אַז זי האָט מיך חושד געווען, אַז דאָס איז אַ פּלאַן צוצונעמען דעם הויף פאַר זיך. נאָך אַזוי פיל „פּאַראַטן" מצד דער דינגערשאַפט, האָט זי אויך פון מיר עפּעס אַנדערש נישט דערוואַרט. קוקנדיק אויף די אומצוטרוילעכע אויגן, האָב איך זיך געטראַכט: פאַרפאַלן, גלייבסט נישט מײַנע ווערטער — כ'וועל זיך נישט באַמיִען דיך איבערצוצייגן. ס'וועלן דיך איבערצייגן די פאַקטן.

ס'איז געקומען דער טאָג פון דער לעצטער, דעצידירנדיקער זיצונג פון דער פּאַרצעלאַציע־קאָמיסיע. אין הויז האָט געהערשט אַן אַטמאָספער פון אַ יום־הדין. מ'האָט אינגאַנצן נישט געקאָכט, אפילו נישט פאַר די קינדער. די גוטבאַזיצערין האָט זיך פאַרשלאָסן בײַ זיך אין צימער. פאַוועל איז ערגעץ פאַרשוווּנדן. אויף דער זיצונג איז געווען דער מיליטערישער קאָמענדאַנט, און דער ערשטער ענין איז דורכגעפירט געוואָרן דער פּלאַן וועגן דער שול. די פּויערים האָבן מסכּים געווען אָן אַ ווידערשטאַנד. כ'בין געווען גליקלעך. פונדעסטוועגן איז דער ענין פון די זאַטאָצקיס געשטאַנען זייער שלעכט. די פּויערים זענען אַרויסגעטראָטן קעגן זיי זייער פײַנטלעך. האָבן נקמה גענומען פאַר זייער אַזויפילעריקער אונטערדריקונג, פאַר דעם עקספּלאָאַטירן זייער אַרבעט און די פאַראַכטונג צו זיי. בעת אַן איבעררייס אין די פאַרהאַנדלונגען, איז צו מיר צוגעקומען אַ יונגער פּויער, ווישניאַק, דער איינציקער וועלכער האָט איינגעהיט אַ ביסל סימפּאַ־טיע פאַר אירענען, און מיר געזאָגט, איך זאָל זיי וואָרענען, ווײַל מ'וועט אַרעסטירן אַלע „פּאַנעס" אין די הויפן. גלייך נאָך דער זיצונג האָב איך אַוועקגערופן אירענע און עס איר דערציילט. אירענע האָט אינגאַנצן אַראָפּגעלאָזן די הענט. איך האָב איר געראָטן:

— זיי מודיע דער מאַמען און פּאַוולען, זיי זאָלן אַנטלויפן. און דו מיט די קינדער בלייבט איבער. אירענע איז אַוועקגעלאָפן, ווי אַ דולע, אויפזוכן פּאַוולען, און איך בין געגאַנגען אָנקלאַפּן ביי דער גוטבאַזיצערין אין טיר. ביינאַכט, אין דער פינצטער, איז פון דאָרף געקומען וויש־ניאַק און האָט געהאָלפן אַרויספירן דאָס פערד פון שטאַל. מ׳האָט עס איינ־געשפּאַנט אין אַ געוויינלעכן וואָגן, אויף וועלכן מ׳האָט אַרויפגעלייגט בלויז פּעקלעך מיט וועש און בעטגעוואַנט און צוויי בעטלעך. זיי זענען אַנט־לאָפן ביינאַכט פון זייער אייגן הויז, גלייך ווי גנבים.

באַגינען איז אָנגעקומען אַ באַפעל זיי צו אַרעסטירן.

## דאָס שולעכל אין דאָרף

אויך אונדז האָט מען אַרויסגעטריבן פון הויף, און דערצו אין דער צייט פון די שאַרפסטע פרעסט. עסקאַדרעס קריגס־עראָפּלאַנען האָבן געהאַלטן אין איין קומען צו פליען, און די סאָוועטישע פּילאָטן האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן הויף אין אָלכאָוועק, ווי אויך די אַרומיקע הייזער. מיר האָבן איצ־טער געוווינט אין אַן אָרעמער פויערישער כאַטע, וואָס איז תמיד פול געווען מיט רויך. אייגנטלעך איז דאָס נישט געווען גאָר קיין כאַטע, נאָר אַ קעמערל, מיט אַ קליין פענצטערל, אַ פּאַרקלאַפּטס מיט טשוועקעס. מיר האָבן זיך געפונען אין דעם קעמערל זאַלבע זעקס: אירענע, די פיר קינדער און איך. אירענע איז געשלאָפן אויף אַ בעט מיט קרישיען, איך מיט גאַגאַן, און טעאָש מיט מאַלינקען זענען געשלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע. צום ערגסטן איז דאָ געווען דער גערוך און רויך־שטיקעניש. די באַלע־באַטים האָבן נישט דערלויבט אויפצוקלאַפּן דאָס פענצטער. די טיר איז נישט מעגלעך געווען צו עפענען, ווייל זי האָט זיך אַריינגעעפנט אין צי־מער פונעם באַלעבאָס, וווּ ס׳זענען געשלאָפן זיבן מענטשן, צוזאַמען מיט די הינער, קאַטשקעס און ציג... ביינאַכט פלעג איך טראַכטן, אָט ווער איך דערשטיקט. אירענע מיט די קינדער זענען געווען אויסהאַלטעוודיקער פון מיר. אויך דער הונגער האָט זיי ווייניקער דערקוטשעט. איך האָב, נאָך מיין „כאָליערינקע" שווער איבערגעטראָגן דעם הונגער. אונדזער גאַנ־צער זאַפּאַס עסן איז דעמלסט באַשטאַנען פון אַ פעסל געזויערט קרויט,

וואָס האָט אונדז געבראַכט צו שלעפּן אויס רחמנות, ווישניאַק. פון דאָזיקן קרויט האָט אירענע געמוזט שאַפן ווונדער. מאַכן פון גאָרנישט — עפּעס.

צו יענער צייט האָב איך אָנגעהויבן אַרבעטן אין מיין שול, אין אַ פאַרלאָזטער פּויערישער כאַטע, אויפן צווייטן עק דאָרף. כ׳האָב געמוזט גיין פון אונדזער כאַטע אַהין אַ היפּש שטיקל וועג. אינצווישנצייט איז געפאַלן אַ שניי און באַדעקט די פעלדער. ווען כ׳בין באַגינען געגאַנגען אי־בער די מיט שניי באַדעקטע פעלדער, האָט אַ זייער זויבערע ווייטקייט זיך געלייגט אויף מיין געמיט, מיט אַזאַ שטילקייט און נחת־רוח, אַז איך האָב זיך אינגאַנצן מיט זיי צוזאַמענגעגאָסן. און גראָד דעמלט, ווען כ׳האָב זיך געשפּירט צומבעסטן, האָט זיך געמאַכט, אַז כ׳בין אַריינגעפאַלן אין עפּעס אַ לאָך אונטערן שניי. און כ׳בין אַזוי לייטיש אַריינגעפאַלן, אַז כ׳האָב פאַרלוירן אַ שוך (קיין שטיוול, ווי אַלע אין דאָרף, האָב איך נישט געהאַט און געטראָגן, נאָר לייכטע האַלבע שיכלעך). מיין לאַנג זוכן איז געווען אומזיסט, און כ׳בין געקומען אין שול מיט איין שוך. פון דעמלט אָן בין איך געווען געצוווּנגען אַרומצובינדן די פיס מיט שמאַטעס, אַזויווי די גרעסטע בעטלער.

אין שול האָט מיך באַגעגנט אַ שרעקלעך קאַלטע שטוב מיט עטלע־כע געפרוירענע קינדער, איינגעוויקלט אין טיכער און שמאַטעס ביז דער שפּיץ נאָז. די שטוב איז געווען אינגאַנצן אַ ליידיקע. נישט קיין טיש, נישט קיין בענקלעך פאַר די קינדער. זיי האָבן געמוזט זיצן אויף דער פּאָ־דלאָגע, ביי דער וואַנט. אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט האָב איך אויפ־געהאָנגען דריי צוזאַמענגעקלאַפּטע ברעטלעך, באַדעקטע מיט שוואַרץ פּאַ־פּיר. דאָס איז געווען אונדזער שול־טאָוול. מ׳האָט געדאַרפט אָנהאַקן האָלץ אויף איינצוהייצן.

— ווער וועט מיר העלפן אָנהאַקן האָלץ? — האָב איך זיך געוואָנדן צו די עלטערע יינגלעך.

— איכ׳ל גיין, — האָט זיך באַשלאָסן מיין באַקאַנטער פון הויף, וואַ־צעק וואַלענטיס.

ער איז צוריקגעקומען מיט האָלץ, מיטגעבראַכט קינעלעך פון שטוב צו צעלייגן אַ פייער. אין משך פון עטלעכע מינוט האָט דאָס האָלץ געברענט, כאָטש ס׳איז נאָס געווען פון שניי. ס׳איז געוואָרן ליכטיק און וואַרעם. אַ וואַרעמע רויטקייט האָט זיך צעגאָסן אַרום און באַלויכטן די פּנימלעך פון די קינדער און זייערע פינקלענדיקע אויגן. דורך די פאַרפרוירענע שויבן

האָבן שיפֿלעך אַרייגגעדרונגען אין שטוב די פּרימאָרגן־שטראַלן. דער בלאָער הימל־שיין האָט זיך אויסגעמישט מיטן וואַרעמען גלאַנץ פֿון דעם פֿייער אין הרובע. די מיידלעך האָב אויפֿגעבונדן די מאַמע־טיכלעך, די יינגלעך האָבן אויסגעטאָן די טאַטע־קורטקעס.

אַלע האָבן זיך אויפֿגעשטעלט און אָפּגעזאָגט פּאַטשער. געמאַכט גימ־נאַסטיק, צו דערוואַרעמען די פֿאַרגליווערטע הענט־און־פֿיס. און מיר האָבן אָנגעהויבן אַ שמועס:

— זאָגט מיר, קינדער, וועמעס זענען דאָס די טיכלעך, וואָס איר האָט היינט אָנגעטאָן צו גיין אין שול?

— דער מאַמעס! — שרייען די מיידלעך.

— און וועמעס זענען די שטיוול?

— איך האָב אָנגעטאָן דעם טאַטנס שטיוול, — זאָגט וואַצעק מיטן קרומען נעזל.

— און וואָס נאָך גיט אייך די מאַמע?

— עסן, עסן! — שרייען אַלע קינדער מיטאַמאָל.

— צי נאָר אייך גיט די מאַמע עסן?

— ניין, דעם טאַטן דערלאַנגט זי וועטשערע. קאָרמעט די הינער. קאָכט פֿאַר די חזירים. שפּרייט־אונטער די קו...

— מיין מאַמע גייט אַרבעטן צו פּרעמדע, — זאָגט די עלטערע, ערנס־טע סטעפּציע. — אין שטוב זענען דאָ אַכט מיילער צום עסן, און דער טאַטע אַליין קאָן זיך נישט קיין עצה טאָן.

— אויב אַזוי, איז אַ וואָסערע איז זי, די מאַמע אייערע, אַ גוטע, צי נישט קיין גוטע?

— די מאַמע איז אַ גוטע, — וואָרטשעט דער קרומנאָזיקער וואַ־לעק — ביז זי כאַפּט זיך נישט צום שטעקן.

אַלע קינדער שיסן אויס אַ געלעכטער.

פֿאַרוואָס כאַפּט זי זיך די מאַמע צום שטעקן? — פֿרעג איך.

— ווען איך וויל נישט רייניקן די אָבאָרע, אָדער יאָג זיך נאָך טויבן, — ענטפֿערט וואַלעק.

— צי דאַרף מען איר העלפֿן דער מאַמען אין שטוב? צי דאַרף מען אַנטלויפֿן, ווי וואַלעק, אַז די מאַמע זאָל קראַנק ווערן פֿון אַרבעט און גאָר שטאַרבן?

— כ׳בעט דער פּאַני לערעריך, — זאָגט די עלטערע און מאמישע

סטעפּציע — יאַנעקס מאַמע איז געשטאָרבן, און ער דינט איצט אין באַ־רעק, פּאַשעט די חזירים.

איך קוק אויפן קליינעם, דאַרן יאַנעק, אויף זיינע געפּרווירענע הענט־און־פיס, אויפן נאַקעטן לייב וואָס קוקט אַרויס פון די שמאַטעס, אין אַזעלכע פרעסט, און ס'נעמט מיך אַרום אַ טיפער צער. כ'גיי צו צו אים, גלעט אים איבערן קעפּל און פרעג:

— און דער באַלעבאָס האָט דיר דערלויבט גיין אין שול?

— כ'האָב שטאַרק געבעטן. אין די הענט געקושט, — ענטפערט יאַ־נעק שעמעוודיק.

— אַזוי שטאַרק ווילסטו לערנען?

— אוודאי, — ענטפערט ער און לאָזט אַראָפּ דאָס קעפּל.

אַלע קינדער קוקן אויף יאַנעקן און שווייגן.

— איצטער קוקט קינדער אויפן שולטאָוול, אויף דעם בילד, וואָס כ'האָב געבראַכט פון שטוב. וואָס ווייזט עס?

— דאָס איז אַ מאַמע מיט אַ קינד. די מאַמע האַלט דאָס קינד אין אַ שאַל גוט איינגעוויקלט, דעם קינד איז וואַרעם.

— פאַרוואָס האָט זי עם אַזוי איינגעוויקלט?

— ס'זאָל זיין וואַרעם, ס'זאָל נישט וויינען. ווייל די מאַמע האָט עס ליב און זאָרגט פאַר דעם.

— דאָס איז אמת, אַ מאַמע האָט ליב איר קינד מער פון אַלץ אויף דער וועלט. זי וועט אַליין נישט דערעסן, און דעם קינד געבן. וואָס נאָך זעט איר אויף דעם בילד, אונטן?

— עפּעס איז דאָרט אָנגעשריבן, — זאָגט מאַניעק, דעם וואָיטס יינגל.

— די מאַמע האָט אַ קינד איז דאָרט אָנגעשריבן.

— זייער שיין, — שרייען די קינדער — די לערערקע קאָן אַזוי אָנשרייבן? — וווּנדערן זיך די קינדער.

— נישט נאָר די לערערקע, איר אויך. פּרוּווט, שרעקט אייך נישט. אין אָנהייב וועלן מיר שרייבן מיט אַ פינגער אין דער לופט, די האַנט זאָל זיך צוגעוווינען שרייבן. דערנאָך מיט אַ שפּענדעלע אויף דער פאָדלאָגע, אַזוי זיך, צו שפּילן זיך, ווי אויף זאַמד, און צום סאַמע סוף וועלן מיר־שרייבן מיט אַ בלייפעדער אין העפט אַריין.

ס'איז שטיל. איך גיי אַרום די קינדער, לייג זיי די העפטן אויף דער פאָדלאָגע צווישן די קני, שטעל זיי ריכטיק די בלייפעדערס צווישן די פינגער, בייג זיך, נעם זייערע הענטלעך אין מיין האַנט, און שרייב צו־

זאַמען מיט זיי... די קינדער קוקן אויפן שולטאָוול, דרייען מיט די אַרויסגעשטעקטע צינגלעך און באַמיען זיך צו שרייבן. ס'גייט שווער. זייערע הענטלעך זענען פאַרגרעבט, נישט געוווינט צו אַזאַן איידעלער מלאכה. פונדעסטוועגן גייט עס... פאַוואָליע האָבן אַלע פאַרענדיקט. די קינדער הייבן אויף די העפטן און ווייזן מיר מיט טריומף דעם רעזולטאַט פון זייער שווערער אַרבעט. איך לויב און דערמונטער.

ערשט שטעלן מיר זיך אַלע אויף, גלייכן אויס די פלייצעס, מאַכן עטלע איבונגען פון אַייך־און־אויסאָטעמען און זאַמלען זיך אַרום דער הרו־בע. מירן מאַכן אַ שפּיל אויף חשבון.

די צייט לויפט, ווי אַ הירש. ס'איז שוין צוועלף אַזייגער. אָבער די קינדער האָבן נישט קיין חשק זיך צו רירן פון די ערטער אַהיים צו גיין. קיינער איז נישט הונגעריק. זיי לעבן איצטער אין אַן אַנדערער וועלט — אַ וועלט פון שפּיל און לערע. אין אַ נייער וועלט, וואָס זיי האָבן ביז היינט נישט געקאָנט.

— און אַצינד, קינדער, ווער פון אייך וועט דערציילן עפּעס אַן אמתדיק מעשהלע וועגן אַ מאַמע מיט אַ קינד. אָבער נישט אַזאַ מעשהלע ווי די מאַמע היט אָפּ דאָס קינד, נאָר פאַרקערט ווי אַ קינד היט אָפּ די קראַנקע מאַמע און זאָרגט פאַר איר.

די קינדער שוויַגן. נאָר מיטאַמאָל טוט זיך אַ הייב דער נייער שילער פון באָרעק, פאַוועלעק:

— איך ווייס עפּעס. נאָר כ'שעם זיך צו דערציילן, ווייל ס'איז וועגן יידן.

— וועגן יידן? — חזר איך איבער און פיל ווי כ'ווער בלאַס.

— יאָ, וועגן דער הינקענדיקער יידישקע, וואָס האָט זיך ביי אונדז אויסבאַהאַלטן אין אַ גרוב ביים ברעג טייך.

— זי לעבט נאָך? — פרעג איך.

— ניין, זי לעבט נישט, און איציק אויך נישט.

— זאָל ער דערציילן! זאָל ער דערציילן! — שרייען די טשעקאַווע געוואָרענע קינדער.

— ביי אונדז איז אויך געווען אַ ייד, וועלכן מ'האָט אַרויסגעטריבן, — זאָגט וואַצעק — מיין טאַטע האָט אים אָפּגעפירט אין שטאָט אַריין און דערציילט, אַז דער ייד האָט דעם גאַנצן וועג געוויינט.

— איך האָב אויך געזען אַ ייד! — איך אויך! — שרייען קינדער.

— און איך האָב געוואָרפן אַ יידן אַ שטיין — באַרימט זיך דער קרומנאָזיקער וואַלעק.

— און ביי אונדז אין דאָרף איז געווען אַ הינקענדיקע יידישקע, — האָט אָנגעהויבן פּאַוועלעק — אָבער מ׳האָט זי גלייך אַרויסגעטריבן פון דאָרף. איז זי אַוועקגעגאַנגען אין וואַלד אַריין ביים טייך און געמאַכט אַזאַ־אָ לאָך אין דער ערד, האָט זי צוגעדעקט מיט ריטלעך און איז געזעסן אין איר. און קיינער האָט וועגן דעם נישט געוווסט, נאָר איציק. ער פלעגט איר טראָגן עסן. איז אַרומגעגאַנגען איבערן דאָרף און געבעטלט. האָט אים איינמאָל מיין מאַמע אַריינגענומען אין שטוב און געגעבן לאָקשן מיט מילך. זאָגט ער: כ׳על נעמען פאַר דער מאַמען, ווייל זי האָט שוין לאַנג נישט געגעסן. און מיין מאַמעלע זאָגט: עס איציק, און פאַר דיין מאַמען ׳עלעך געבן אַ צווייט טעפּעלע מילך. ער האָט אַזוי געכליעפּטשעט די מילך אין איין אָטעם, און מיין מאַמעלע האָט זיך צוגעקוקט. דערנאָך האָט זי אים געגעבן נאָך אַ טעפּל. נאָר ווען ער איז מיטן טעפּל געגאַנגען אין וואַלד אַריין, האָבן אים געכאַפּט די פּאַראָבקעס פון דאָרף. און זאָגן צו אים אַזוי: אָדער זאָג אונדז ווו דיין מאַמע באַהאַלט זיך, אָדער מירן דיך אַריינוואַרפן אין טייך. און ער — גאָרנישט. נאָר ער וויינט און זאָגט: איך ווייס נישט, איך ווייס נישט. און וויל אַנטלויפן. אָבער די יונגען האָבן געוואָרפן אויף אים שטיינער, דאָס טעפּל מילך צעבראָכן, דאָס ברויט צוגענומען און — באַך, אים אַליין אין טייך אַריין. און ער איז דערטרונקען געוואָרן. און די יידישקע האָבן די דייטשן שפּעטער פאַרנומען. דאָס איז אַלץ.

ס׳איז געוואָרן שטיל. דער ערשטער האָט גענומען רעדן סטאַשעק:

— זיי האָבן גוט געטאָן, וואָרן צוואָס דאַרפן זשידקעס זיין אין דאָרף. מיין טאַטוליע זאָגט, אַז די דייטשן האָבן גוט געטאָן, וואָס זיי האָבן זיי אַרויסגעטריבן.

— און מיין טאַטע האָט אינדערהיים גערעדט, — האָט זיך אָנגערופן וואַצעק — אַז די דייטשן פירן אַלע יידן צום טויט, אַז ס׳איז אַ רחמנות אויף זיי, ווייל זיי זענען אויך גאָטס באַשעפענישן.

— און מיין טאַטע זאָגט, — האָט זיך אָנגערופן די תמיד־שווייגעוודיקע אַניעלקע — די יידן גלייבן נישט אין יעזוסן, און דערפאַר ליידן זיי יסורים.

— און מיר האָט די יידישקע פון שענק תמיד געגעבן צוקערלעך, —

האָט נישט דרייסט צוגעוואָרפן יאַנעק. און ס׳איז ווידער שטיל געוואָרן.

אין אָט דער שטילקייט האָב איך גענומען רעדן:

— יאָ, דאָס אַז אַן אמתע מעשה. און אַלץ איז דאָ אמת, סיי דאָס גוטע, סיי דאָס שלעכטע. און לאָמיר זיך, קינדער, באַמיען, אויסצוגעפינען וואָס דאָ איז געווען דאָס גוטע און וואָס דאָס שלעכטע. צי געבן אַ הונגעריק ייִנגל אָפּצועסן און אָפּצוטרינקען איז גוט, אָדער שלעכט?

— איז גוט, רופן אויס די קינדער — אפילו דער גלח פון דער בימה הייסט אָנקאָרמענען אַ הונגעריקן. און קריסטוס האָט אַזוי געהייסן.

— הייסט עס, אַז פּאַוועלקעס מאַמע האָט געטאָן אַ גוטע זאַך, — רעד איך ווייטער — און ווי האָבן געהאַנדלט די פּאַראָבקעס? גוט, צי שלעכט?

די מיינונגען פון די קינדער זענען פאַרשידן. מאַניוש רופט זיך אָן:

— פאַרוואָס האָט זיי איציק נישט געזאָגט, ווו ס׳איז דאָס באַהעלטעניש? זיי זענען געווען עלטער פון אים און שטאַרקער. האָט ער געדאַרפט זיי זאָגן.

— פאַרוואָס האָט ער זיי נישט געזאָגט? — פרעג איך די קינדער.

— ווייל זיי וואָלטן געוועזן ארויסגעשלעפּט זיין מאַמע און געהרגעט.

— ענטפערט וואַלעק — די דערוואַקסענע טוען אַזוי. אַז איכל זיין אַ דערוואַקסענער ׳עלעך אויך אַזוי טאָן ווי אַנדערע.

— און דו סטאַשעק, דו ביסט דאָך אַ געזונטער, ווי נישט איין פּאַראָבעק. דו וואָלסט אויך אַזוי געטאָן?

סטאַשעק שווייגט און טוט לסוף אַ זאָג מיט אומווילן:

— ווייס איך וואָס! ס׳גייט מיר דאָרט אָן אַן אַלטע, הינקענדיקע יידישקע.

— איז וואָס? — פרעג איך אַ דענערווירטע — וואָלסט זי געהרגעט, צי נישט?

— ניין. — ענטפערט סטאַשעק און ווערט אַנטשוויגן.

— און איר, קינדער?

— ניין. — ענטפערן אַלע, ווי סטאַשעק.

— און ווי האָט געהאַנדלט איציק, לויט אייער מיינונג? האָט ער געדאַרפט אויסזאָגן ווו ס׳איז דער מאַמעס באַהעלטעניש, צי נישט?

— אַז עלטערע יונגען האָבן אים געזאָגט, ער זאָל זאָגן, האָט ער געדאַרפט זאָגן. וואָלטן זיי אים נישט געווען אַריינגעוואָרפן אין טייך, — האָט סטאַשעק אונטערגעהאַלטן מאַניעקס מיינונג.

— זײ װאָלטן אודאי אױך די ײדישקע צורו געלאָזט.

— װען זײ װאָלטן געטראַכט װי דו, סטאַשעק, קאָן זײן, אַז זײ װאָלטן זי גלאָזט לעבן. אָבער אויב זײ װאָלטן געטראַכט װי װאַלעק, װאָלטן זײ זײ זיכער דערמאָרדעט. אויב זײ האָבן געקאָנט דערמאָרדן איציקן, װאָלטן זײ אויך געקאָנט דערמאָרדן זײן מאַמע... איז איצעק געװען, לויט אײער מײנונג, אַ דרײסטער, צי נײן?

— אַז ער האָט געװײנט און געבעטן מ׳זאָל אים נישט דערהרגענען, — האָט אַ מאַך געטאָן יענדרעק — איז ער נישט געװען קײן דרײסטער.

— אָבער צי האָט ער זיך דערשראָקן פאַרן טויט, צי נײן? האָט אויסגעגעבן די מאַמע, צי נישט?

— האָט נישט אויסגעגעבן, — האָבן די קינדער ערלעך מודה געװען.

— איז אויב אַזױ, װי האָט ער געהאַנדלט, דרײסט, אָדער נישט?

— דרײסט. — האָבן אַלע געענטפערט.

— זעט־זשע, קינדער, כאָטש ער איז געװען אַ ײד, איז ער געװען דרײסט. האָט נישט אויסגעגעבן די מאַמע, און איז אַלײן אומגעקומען. כאָטש ער איז געװען אַ ײד, האָט ער ליב געהאַט זײן מאַמע און איר געטראָגן עסן.

די דיסקוסיע איז געװען פאַרענדיקט. כ׳האָב אָפּגעװישט די אנגסטן פון שטערן... בין געװען פאַרמאַטערט, װי נאָך אַ שװער אַקערן אין פעלד. יאָ, האָב איך געטראַכט, דאָס איז װירקלעך אַן אַקערן. װאָס דען אַנדערש איז די פּעדאַגאָגישע אַרבעט, אויב נישט דאָס אויפאַקערן די מענטש־לעכע נשמה? דאָס באַזײטיקן פון איר שטײנער, דאָס װײך מאַכן איר האַרטע שאָל? — אַ הײליקע, גאָט־געבענטשטע אַרבעט. אויף דעם אַקער־באָדן דאַרף מען אַװעקגעבן אַזױ פיל פּראַצע און הײסע מי, זי זאָל אַרויסגעבן פּרוכט, איז װי שוין, װען ס׳האַנדלט זיך װעגן דער מענטשלעכער נשמה?

כ׳האָב זיך אומגעקערט אַהײם געשטאַרקט אין גײסט. אָבער דאָ האָבן אויף מיר װידער געװאַרט קינדער: גאַגאַ איז אויף מיר אַרויפגע־קראָכן און האָט אַרומגעכאַפּט מײן האַלדז און געשריגן מיט פרײד: מײן עיאַ, עיאַ! — קרישיע האָט זיך שעמעװדיק געטוליעט צו מיר, און אירענע האָט מיך באַגריסט מיט אַ שמײכל:

— װײסט, לענקע, סודנאָװאַ האָט דיר געשיקט מילך. האָסט דאָרט אײ־רע צװײ קינדער אין שול.

— װי גוט דאָס איז אירעניו, — האָב איך געזאָגט — װעסטו האָבן מילך פאַר די קינדער.

*

מיין שול איז זיך צעוואַקסן. אין אָנהייב זענען געווען אין איר בלויז צען קינדער. דערנאָך צוואָנציק און דרייסיק, אַלץ מער און מער. אויך די פּויערים האָבן גענומען זיך אַריינכאַפּן אין שול אַ קוק צו טאָן, ווי די לערערקע לערנט אויס די קינדער די אותיות, אַז זיי לויפן אין שול אריין מיט אַזאַ חשק, ווי עפּעס אויף אַ יאַר־יאַריד. ווי אַ פּועל־יוצא פון די דאָזיקע וויזיטן, פלעג איך שפּעטער געפינען אָנגעהאַקטע הויפנס האָלץ אין שול, אַ פאַרריכטע טיר, פאַרקלעפּטע פענצטער. אין איינעם אַ טאָג האָבן די פּויערים געבראַכט אין שול צוויי לאַנגע בענק, האָבן די קינדער שוין געקאָנט האַלטן די העפטן אויף די בענק און שרייבן שטייענדיק אויף די קני... לסוף האָבן מיר באַקומען אויך טישן און שוין געהאַט „אַן אמתע שול”, ווי די קינדער האָבן פעסטגעשטעלט.

אין יענער צייט האָבן שוין די פּויערים געטראָגן זייערע קינדער אויף די פּלייצעס אין שול אַריין, בעת ס׳איז געפאַלן אַ גרויסער שניי, אָדער — די רייכערע — געבראַכט צו פירן אויף פערד.

דאָס איז געווען פאַר מיר אַ טאָג פון גרויסן נצחון. ווייל איך האָב מיטגעלעבט מיט דער דאָזיקער שול. האָב אַריינגעלייגט אין איר מיין נשמה, טאַלענט און וויסן. כ׳פלעג רופן אַלע מוזעס צו הילף ביי מיינע לעקציעס. כ׳האָב געלערנט צייכענען און געזאַנג, מוזיק און טעאַטער, טאַנצן און אַנדערע זאַכן. אַלץ האָט באַצוועקט לייכטער צו מאַכן די קינדער די לערע פון לייענען און שרייבן, אָבער אויך צו געבן זיי קינסטלערישע איבערלעבונגען, וועלכע זיי האָבן ביז היינט נישט געקאָנט.

כ׳האָב ליב געהאַט די אָרעמע, פּויערישע קינדער, פאַר וועלכע די דערוואַקסענע האָבן נישט געהאַט גאָרנישט חוץ זידלערייען און פּאַדערונגען, און וועלכע האָבן זיך דערצויגן אַליין, ווי ווילדגראָז ביי וועג־ראַנדן. כ׳האָב זיך באַמיט צו אַנטוויקלען אין זיי דעם אינסטינקט פאַר געזעלשאַפטלעכן לעבן, צו וועקן זייער עמפינדלעכקייט. כ׳האָב זיך געסטאַרעט צו שאַפן פון זיי אַ קליינע געזעלשאַפט. ווען כ׳פלעג נאָכן לערנען אַהיימגיין, פלעגן אַלע קינדער וועלן מיך באַגלייטן און טראָגן מיין טעקע מיט די שול־מכשירים און העפטן, מיך האַלטן פאַר אַ האַנט, אָדער צומווייניקסטן אָנרירן מיין מאַנטל. כ׳פלעג אָנשרייען אויף זיי:

— ס׳איז שוין שפּעט, קינדער, גייט אַהיים! איר האָט נאָך קיין מי־טאָג נישט געגעסן, די מאַמע וועט זיך בייזערן.

אָבער ס׳פלעגט גאָרנישט העלפן. זיי האָבן געמוזט מיך באַגלייטן אַזש ביז צו דער טיר, און געוווינט האָב איך דאָך ווייט פון דאָרף.

אין יענער צייט האָב איך זיך געפילט גליקלעך. האָב פאַרגעסן אין דער גאַנצער וועלט. האָב נישט געפילט די קעלט און דעם הונגער. בין נישט געווען עלנט, האָב געלעבט מיט די קינדער.

*

דעם ערשטן דעצעמבער, יאָר 1944, האָב איך געבראַכט אירענען מיין ערשטע פּענסיע, וואָס מ׳האָט מיר אויסגעצאָלט פאַר די פאַרגאַנגענע צוויי הדשים. חוץ דעם איז מיר נאָך געקומען צוויי קערץ קאַרטאָפליעס אויף ווינטער. האָבן מיר שוין געהאַט געלט אָפּצוגעבן חובות און קויפן עפּעס און מעל אויף די יומטובים. ס׳האָבן אונדז דערוואַרט קעניגלעכע יומטובים.

ווי גליקלעך איך בין דעמלט געווען.

## זאָלסט קיינעם נישט דערציילן

אין יענער צייט האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ וויכטיקן פּראָבלעם פאַר מיר: פאַרוואָס האָב איך נאָך דער באַפרייונג נישט געזאָגט אַלעמען, אַז איך בין אַ יידישקע? פאַרוואָס טו איך עס נאָך היינט נישט? צי שרעק איך זיך? פאַרוואָס? די סאָוועטן האָבן דאָך אונדז שוין באַפרייט, געבראַכט גלייכהייט און פרייהייט!

— ריכטיק, — האָט מיר אונטערגעזאָגט דער אינסטינקט — אָבער דאָס אַלץ איז נאָר אויפן פּאַפּיר, העכסטנס אויף די ליפּן, אָבער וואָס קומט פאָר אין די הערצער פון די מענטשן, וואָס רינגלען מיך אַרום? וואָס טראַכטן און פילן אָט די מענטשן, וועלכע רעדן הויך וועגן דער דאָזיקער פרייהייט?

כ׳האָב זיך באַמיט צו זיין נישט סוביעקטיוו, צו באַטראַכטן די פאַקטן. צו דערמאָנען זיך די האַנדלונגען און רייד פון די מענטשן פון מיין

סביבה, ווען זייערע אינסטינקטן זענען פריי געווען פון העמונגען. וואָס, למשל, האָט מיר געזאָגט אירענע אין אַ מאָמענט פון צוטרוי צו מיר? : „כ׳האָב געהאַט נאָך צוויי קאַנדידאַטקעס. נאָר זיי זענען געווען צופיל ענ־לעך צו יידישקעס. דערפאַר האָב איך זיי נישט צוגענומען”.

און וואָס האָט פאַוועל מיר געזאָגט? „פאַר די יידן זענען פאַראַן צוויי לייזונגען: אָדער געבן זיי פולשטענדיקע גלייכבאַרעכטיקונג, וואָס קיין פאָלק טוט עס נישט, אָדער זיי פולשטענדיק פאַרטיליקן. איך בין אַן אָנהענגער פון דער צווייטער...”

דעם ריכטער ניעדזיעלסקיס מיינונג: „דאָס איז נישט הומאַניטאַר צו פאַרברענען די יידן פאַר אַלעמען אין די אויגן. מ׳דאַרף זיי פאַר־שיקן אויף אַ וויסט אינדזל, זאָלן זיי דאָרט אומקומען...”

די גוטבאַזיצערין האָט זיך אַרויסגעזאָגט: „און איך זאָג אייך, אַז איר וועט זיי נישט פאַרטיליקן, נאָך דער מלחמה, ווען זיי וועלן זיך אויפ־הייבן פון זייערע גריבער און קעלערן, וועלן זיי זיין נאָך מערער, ווי פאַר דער מלחמה. איר וועט זיך דערמאָנען מיינע ווערטער...”

פאַן לודוויק האָט געזאָגט: „אַז ס׳איז שלעכט דער יאַריד, לויפט מען צום ייד! אַזוי איז אין פוילן געווען פון שטענדיק אָן. און הייגט איז נישטאָ דער ייד, איז געבליבן בלויז דער שלעכטער יאַריד”.

פריילין קאַשיעס דעה: „איך קאָן אַ סך פאָליאַקן, וועלכע באַהאַלטן אויס יידן”. האָט דערויף באַמערקט די ריכטערקע: „פאַר געלט”, און אי־רענע האָט צוגעגעבן: „איך וואָלט נישט געהאַלטן קיין יידן. זיי זענען אומדאַנקבאַרע מענטשן. צי וואָלט אַ וועלכער־ס׳איז־ייד אויסבאַהאַלטן אַ פאָליאַק?”

יאָ, אַזוי טראַכט און רעדט די בורזשואַזיע, די אַריסטאָקראַטיע, די שליאַכטע. אָבער וואָס טראַכט וועגן די יידן דאָס פשוטע פאָלק, דער אַר־בעטער, דער פויער? אַ ביסל דערפון האָבן מיר געזאָגט די קינדער.

דער קרומנאָזיקער וואַלעק האָט געזאָגט: „ז׳האָבן גוט געטאָן, וואָס ז׳האָבן דערהרגעט איציקן. ווייל צו וואָס דאַרפן יידן זיין אין דאָרף?”

נאָך אים סטאַשעק: „מיין טאַטע רעדט, אַז די יידן זענען אויך גאָטס באַשעפענישן”.

אַניעלקע פאַרציילט: „און מיין מאַמע זאָגט, אַז די יידן האָבן גע־קרייציקט קריסטוסן און דערפאַר וועלן זיי תמיד ליידן פיין”.

פּאָוועלעק פֿון באָרעק: „מײַן מאַמעלע האָט אים געבראַכט, איציקן, אַ טעפּל מילך און געזאָגט: טרינק, איציק".

יאָ, ס׳איז קלאָר, אַז ביים פּשוטן פֿאָלק איז פֿאַראַן אַ סך מער פֿאַר־שטאַנד און האַרץ. זייערע נשמות, צומווייניקסטן די נשמות פֿון זייערע קינדער, וואָלט מען קענען איבעראַקערן. באַפֿרײַען זיי פֿון די אײביקע פֿאַר־אורטײלן. און פֿונדעסטוועגן, ווען די עלטערן וואָלטן וויסן, אַז איך בין אַ יידישקע, צי וואָלטן זיי געשיקט די קינדער אין שול? כ׳בין איבערצײַגט, אַז נישט. ווען זיי וואָלטן זיך איצטער דערוווּסט, אַז איך בין אַ יידישקע (נישט געקוקט אויף דער סימפּאַטיע און דער ליבשאַפֿט פֿון די קינדער צו מיר) — וואָלט די שול אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן.

ערשט בלײַבט מיר נאָך איבער פֿעסטצושטעלן די וויכטיקסטע זאַך: וואָס פֿאַר אַ געפֿילן צו יידן האָט דער יונגער סאָוועטישער מענטש, וועל־כער איז דערצויגן אין דער נייער, יושרדיקער אָרדענונג, דער, וועלכער וועט ערשט בויען אַ ניי, בעסער לעבן?

צו יענער צייט זענען אַ סך יונגע פּילאָטן געקומען צו אונדז פֿון הויף. זיי זענען געווען שיין און יונג. זענען נאָרוואָס אַרויס פֿון דער אַוויאַ־ציע־שול. זיי פֿלעגן קומען צו אונדז מיט גיטאַרעס, מאַנדאָלינעס, האַר־מאָשקעס, האָבן געשפּילט און געזונגען הערלעכע רוסישע לידער, אוקראַינישע באַנגע דומקעס. זיי זענען אַלע געווען פֿאַרבענקט נאָך דער היים, הונגע־ריקע אויף לעבן און ליבע און האָבן מיט דורשט געוואַרט אויפֿן סוף פֿון דער מלחמה, אויף דער פֿרייהייט. זייער באַליבסטע פֿראַגע איז געווען: און וואָס וועסטו, גרישע, טאָן נאָך דער מלחמה?

ווי נאָר ס׳פֿלעגט צופֿאַלן דער אָוונט, פֿלעגט אירענע אָנפּעטן אירע, פֿון שווערער אַרבעט, צעכראַסטעטע דלאָניעס, פֿאַרקעמען די זײַדענע האָר, אָנפֿאַרבן די ליפּן, צושפּיליען אַ בלום צום קליידל — און וואַרטן אויף זיי. כמעט אַלע האָבן זיך אין איר פֿאַרליבט און איר אַדאָרירט. אָבער שטאַרקער פֿון אַלע, דער קליינער, סובטעלער מישע מיט די אויגן פֿון אַן אומשולדיק קינד. ער פֿלעגט זיצן ביי אירע פֿיס, ווי אַ מיטלאַלטערלעכער טרובאַדור, שפּילן און זינגען, און איר דערקלערן ליבע, מיט יע־דער באַוועגונג, מיט יעדן וואָרט, מיט יעדן בליק. ער האָט זיך אין איר אַזוי שטאַרק פֿאַרליבט, אַז אויסער איר האָט ער די גאַרע וועלט נישט געזען. ער פֿלעגט זיך אַרויסדרייען פֿון זײַן דינסט, אויסשטעלן זיך אויף שטראָף און קומען צו איר. דער גאַנצער פֿולק האָט געוווּסט וועגן זײַן דאָזיקער „אײביקער" ליבע.

אירענע האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט אין דער דאָזיקער ליבע, ווי אַ דופּטנדיקע בלום. זי איז געוואָרן אַן אַ שיער מער פּרוילעך און שיין, און פיל ענערגישער. פלעגט אויספירן די שווערסטע אַרבעטן אַן מי און שע־מעוודיקייט. האָט זיך אויסגעצייכנט געראַנגלט מיט דער אָרעמקייט.

אויך צו מיר האָט אָנגעהויבן קומען אַן אַדאָראַטאָר. דאָס איז געווען מישעס פריינד, קאָליע. ער האָט געשטאַמט פון אוקראַינע און איז גע־ווען אַ סך אינטעליגענטער ווי די איבעריקע בחורים. האָט געקאָנט צו־ביסלעך פילאָזאָפיע און סאָציאָלאָגיע. האָט אפילו גערעדט אַ ביסל פראַנ־צייזיש און פאַרשטאַנען דייטש. מ׳האָט געקאָנט מיט אים רעדן אַ גאַנצן אָוונט און זיך נישט לאַנגווייליקן. און דאָס וויכטיקסטע: ער האָט געהאַט זיינע אייגענע אָנשויונגען (הגם גוט באַהאַלטענע). אַלע אַנדערע זענען געווען ווי פון איין קאָפּעטע. האָבן געשטעלט די זעלבע פראַגן און געגעבן די זעלבע ענטפערס. קענען איינעם, האָט געהייסן קענען אַלע. אָבער קאָ־ליע האָט געוואַגט צו דענקען זעלשטענדיק.

איינמאָל האָב איך אַ פרעג געטאָן קאָליען:

— זאָג מיר, וואָס טראַכסטו וועגן די יידן?

קאָליע האָט מיר געענטפערט:

— זעסטו, לענאָטשקע, ביי מיר איז די זאַך אַזוי: אויב עמעץ טרעט מיר אַן אויפן פוס, גיב איך אים אַ דזבענק, אָבער אויב אַ ייד זאָל מיר אָנטרעטן אויפן פוס — וועל איך אים אויפן אָרט אַוועקלייגן.

כ׳האָב גובר געווען מיין אויפרעגונג און ווייטער געפרעגט:

— זאָג־זשע מיר נאָך, ביי אייך הערשט גלייכהייט און יושר, פאַר־וואָס־זשע וואָלסטו אַזוי געהאַנדלט? איז דער ייד נישט דער אייגענער מענטש, ווי יעדער אַנדערער?

— ניין, לענאָטשקע, ער איז נישט דער אייגענער. אַ ייד, זעסטו, זאָגט אַזוי: איך דאַרף קיין סך נישט האָבן, העכסטנס אַ שטיקל ברויט... נאָר דערצו דערלייגט אים צוויי וועגעלעך פּוטער...

— זענען ביי אייך נישטאָ קיין אָרנטלעכע יידן?

— זענען דאָ. למשל, אין פּולק איז דאָ אַ זייער אָרנטלעכער דאָק־טאָר, אַ ייד. ער גיט דער חברה אַלץ וואָס זיי פאַרלאַנגען. אָבער וואָס גייט דאָס מיך אָן? אויב ער איז אַ ייד, האָב איך אים נישט ליב. ער שפּירט עס, און טרעט מיר אָפּ דעם וועג.

— און וואָס טראַכסטו, קאָליע, וועט זיין מיט די אַלע יידן, וואָס האָבן

זיך געראַטעוועט פון היטלערן? צי דאַרף אַזאַ ייד הײנט פאַר אײער הער־שאַפט זיך מודה זײן, אַז ער איז אַ ייד?

קאַליע איז געװען זײער ספּריטנע. פּלעגט זיך מאָמענטאַל אָריענטירן. כ׳האָב אים דערפאַר אפילו נישט ליב געהאַט. האָב אים חושד געװען, אַז ער האָט אַ שלעכטן כאַראַקטער, אַז ער באַדינט זיך מיט זײן אינטעלעק־טועלער העכערקײט אויסצונוצן זײנע חברים. האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַן אײנגעהאַלטענעם אָטעם:

— װאָס איז מיט דיר, לענאָטשקע? דו, דו ביסט אַ יידישקע?

כ׳בין בלײך געװאָרן און גאָרנישט נישט געענטפערט. קאַליע האָט זיך באַזינט, זיך צוגעזעצט צו מיר און גענומען רעדן מיט אַ דראָענדיק געשעפּטש:

— הער, געדענק, זאָלסט עס קײנעם נישט זאָגן, קײן פּיפּס נישט פון מויל... הערסט? איך באַפעל עס דיר! איך, קאַליע! קײן שום אָפּי־ציר... קײנעם נישט... איך ראָט עס דיר פון דײן טובה װעגן. כ׳האָב געזען אויפן װעג, װאָס מ׳טוט מיט די יידן און איך גיב דיר מײן ערנ־װאָרט, אַז איך װעל דיך נישט פאַראַטן...

אַזוי האָבן זיך אויסגעלאָזט מײנע אינטעלעקטועלע געשפּרעכן מיט קאַליען.

*

דער שנײ איז נאָך אַלץ געלעגן אויף די פעלדער אַ פוכיקער, און אונדזער כאַטע — פאַרשטעקט אין אים ביז די פענצטערלעך. אומגעריכט האָבן די פּילאָטן אויפגעהערט קומען צו אונדז אין די אָװנטן, און דאָס שמאָלע שטעגל װאָס האָט געפירט צו אונדזער כאַטע איז פאַרשאָטן גע־װאָרן מיט שנײ. אירענע איז געװען האַלבע אין חלשות פון אומרו װעגן מישען. װאָס איז געשען, װאָס איז געשען? — האָט זי כסדר געפרעגט — װען ער זאָל זײן געזונט און פרײ, װאָלט ער דאָך צו מיר געקומען.

פיר אַזײגער בײנאַכט האָט עמעץ אָנגעקלאַפּט אין פענצטער. אירענע, װי זי װאָלט גאָרנישט געשלאָפן, איז גלײך אַרויס אין דרויסן, דאָס איז געװען מישע. ער האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון דער באַזע. ער האָט איר געזאָגט שטאַרק בסוד, אַז ס׳איז בײ זײ אַ שטרענגער גרײטקײט־צושטאַנד. קײנעם איז נישט דערלויבט זיך צו רירן פון אָרט. זײ קאָנען יעדע רגע פאַרלאָזן די באַזע און פליען אויפן מערב. ס׳הײבט זיך אָן אַ גרויסער אָנגריף (פאַר איבערגעבן די דאָזיקע ידיעות האָט ער געקאָנט באַצאָלן מיטן לעבן!).

דאָס איז געווען אום יאַנואַר יאָר 1945. שוין אַ האַלב יאָר זע־נען די סאָוועטן געשטאַנען אויף איין אָרט און זיך נישט פאָרויסגערוקט. די גאַנצע מעשה האָט זיך נישט געלייגט אויפן שכל. און פונדעסטוועגן, ווער ווייסט ? אפשר איז פאַרט דאָ עפּעס דעריין...

אין צוויי טעג אַרום איז ער שוין געקומען בייטאָג. ער און קאָליע זע־נען געקומען אָפיציעל זיך צו געזעגענען. מישע איז געווען בלייך ווי אַ בר־מינן. ער איז געוואָרן איינגעהויקערט און האָט זיך געעלטערט אין די עטלעכע טעג אויף אַ סך יאָרן. זיין פּנים האָט אינגאַנצן פאַרלוירן דעם קינדעריש, זאָרגלאָזן אויסדרוק.

זיי האָבן אונדז געזעגנט מיט די שענסטע ווערטער פון די רוסישע לידער. קאָליע האָט געשפּילט אויף אַ מאַנדאָלינע. טעאָש און מאַלינקע האָבן געזונגען. דער אָרעמער מישע האָט דאָסמאָל נישט געקאָנט זינגען. האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אין אירענעס הענט און געוויינט. אַזוי איז אַריי־בער דער אָוונט.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מישע האָט קיין ליגן נישט געזאָגט. אום יאַנואַר האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער סאָוועטישער אָנגריף. מיט איין גרויסן שטורעם האָבן די סאָוועטן באַפרייט גאַנץ פּוילן און זיך געלאָזט פאָרויס אויף בערלין.

אָבער דער אָרעמער מישע האָט שוין אירענען מער נישט געזען. סיי ער, סיי קאָליע און די אַלע יונגע אָפיצירן, וועלכע זענען נאָרוואָס אַרויס פון דער אַוויאַציע־שול, זענען אומגעקומען בעת אַ דייטשישן בליץ־אָנגריף אויף זייער באַזע. קיינער פון זיי האָט זיך נישט געראַטעוועט, חוץ צוויי מעכאַניקער, וועלכע האָבן אונדז געבראַכט די ידיעה.

## אַהיים, אַהיים !

ס'איז אַריבער אַ חודש נאָכן פאַרנעמען וואַרשע. מיין שול האָט זיך אויסגעצייכנט אַנטוויקלט. כ'האָב שוין געהאַט זיבעציק קינדער פון אַלכאָוועק, און יעדן טאָג זענען צוגעקומען קינדער פון די אַרומיקע דער־פער (וועלכע ס'איז שווער געווען אָנצונעמען, ווייל כ'בין געווען איינע אַליין).

די פּויערים האָבן געשטעלצירט מיט זײער שול און פֿאַרערט די לע־רעדיק, װעלכע האָט מיט דערפֿאָלג אױסגעלערנט די קינדער לײענען „ממש װי דער גלח״. און דערפֿון האָט קודם־כל געגאָסן אירענע, װײל זי האָט איצטער געהאַט מיט װאָס צו דערנערן די קינדער.

— װײסט װאָס, לענקע, — האָט זי מיך פֿרײלעך באַגריסט, װען כ׳בין צוריקגעקומען פֿון שול — ס׳האָט װידער עמעצער געשיקט דיר סלאָ־נינע. דאַכט מיר, אַז זאַזשעצקי פֿון באָרעק.

— אָבער אירענע, איך קאָן עס נישט צונעמען, — האָב איך איר גע־ענטפֿערט אַ מבולבלע — שטעל זיך פֿאָר, װאָס פֿילן יענע קינדער װאָס זײערע עלטערן זענען נישט אימשטאַנד עפּעס־װאָס צו שיקן.

— אָבער װאָס קאָן איך דערצו טאָן, װען זײ לאָזן איבער און גײען אַװעק, נישט זאָגנדיק אַפֿילו פֿון װעמען דאָס איז.

— איך האָב דאָך אָבער פֿאַרזאָגט די קינדער, אַז קײנער זאָל גאָר־נישט נישט ברענגען, װײל כ׳װעל אָפּשיקן צוריק.

— דאַכט זיך מיר, אַז אַזעלכע מעלדונגען זענען נאָך אין קײן שום דאָרפֿישע שול נישט געװען.

— אָבער, אירענע, דאָס זעט אױס װי כאַבאַר, כדי אָנצונעמען דאָס קינד, און איך האָב פֿאַר דעם קײן פּלאַץ נישט.

— נו גוט, אָבער איך האָב שױן די סלאָנינע צעלאָזט און געמאַכט גריװון... טרעף װיפֿל שטיקלעך ברױט מיט סלאָנינע ס׳האָט אױפֿגעגעסן קרישיע ?... יאָ, די אײדעלע קרישיע, די איבערקלײבערקע. זי האָט אױפֿגע־געסן זעקס שטיקלעך, און טעאָש צװעלף.

כ׳האָב זיך צעלאַכט:

— איז דאָך שױן נישטאָ װאָס אומצוקערן.

— און ס׳איז אױך נישטאָ װעמען, — האָט פֿאַרענדיקט אירענע.

*

ס׳איז אַריבער נאָך אַ חודש, און מיר האָבן נישט געהאַט די קנאַפּסטע ידיעות װעגן אונדזערע נאָענטסטע אין װאַרשע. קײנער איז נאָך פֿון דאָרט נישט צוריקגעקומען, און מ׳האָט קײנעם אַהין נישט אַרײַנגעלאָזט.

כ׳האָב אָנגעהױבן אַלץ מערער צו טראַכטן װעגן מײַן פֿאַמיליע, און באַזונדערס װעגן פֿעליען. האָב גענומען זיך פֿאָרװאַרפֿן, אַז כ׳האָב זיך אױף

אַן עגאָיסטישן אופן אָפּגעשלאָסן מיט די קינדער אין דאָרף, אַנשטאָט צו זוכן די נאָענטע. אפשר האָט זיך פּאָרט עמעצער געראַטעוועט? אפשר גייט ערשט עמעצער פון זיי אַרויס פון קעלער (ווי די גוטבאַזיצערין פלעגט זאָגן), און מ׳דאַרף אים העלפן?

כ׳פלעג שלעכט שלאָפן ביינאַכט. יעדער טאָג וואָס כ׳האָב פאַר־בראַכט אין אַלכאָוועק, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט ווי אַ זינד און פאַר־ברעכן קעגן מיין אמתער פאַמיליע. דער עיקר האָט זיך אין מיר שטאַרק איינגעגעסן די זאָרג וועגן פעליען. וואָס איז מיט איר געשען? איז זי פאַרבליבן אין אירע וועלדער, אָדער האָט זיך אַריבערגעטראָגן קיין וואַרשע? כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער כ׳האָב געהאַלטן אין איין טראַכטן, אַז פעליע דאַרף זיין אין וואַרשע, און זי האָט זיך זיכער באַטייליקט אין אויפשטאַנד.

אין איינער אַ נאַכט האָט זיך מיר געחלומט: איך קום אַריין אין אַ פינצטערער, פוסטער דאָרפישער שטוב. אויף אַ באַנק ביי דער וואַנט זיצט הענריק, אַנגעטאָן. זיין קאָפּ איז אומבאַוועגלעך, און זיין פנים זע איך נישט. מיטן גרויסן רוקזאַק אויף די פלייצעס גיי איך צו צו אים און פרעג:
— ווו איז פעליע? — כ׳ווייס נישט! פון וואַנען זאָל איך עס וויסן?! — ענטפערט ער מיר מיט כעס, און דרייט זיך אויס צו מיר מיט די פליי־צעס. כ׳וועך פאַרגליווערט. וואָס? ער כעסט זיך אויף מיר? ווייזט מיר דעם רוקן און באַהאַלט דאָס פנים, ער, הענריק, דער תמיד אַזוי העפלעכער און פיינער? ער וויל מיר נישט דערציילן וועגן פעליען? פאַרוואָס? פאַרוואָס?! כ׳בין צוגעגאַנגען און אים אָנגעהויבן טרייסלען פאַרן אַקסל: — זאָג! — האָב איך געשריגן אַן אויפגעברויזטע — דו ווייסט אַלץ! דו ווייסט דעם אמת! דיין פאַרגליווערט פנים דערציילט מיר אַלץ! זי לעבט נישט! זי לעבט נישט! אין דעם מאָמענט איז אַלץ פאַר מיר געזונקען. ס׳איז פאַר־שוווּנדן הענריק צוזאַמען מיט דער דאָרפישער שטוב. כ׳בין געלעגן מיטן פנים צו דער פאָדלאָגע און געשריגן, געשריגן, געשריגן...

כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט, אַ שטאַרקער ווייטיק, דאָס פנים פאַרגאָסן מיט טרערן. מיין האַרץ האָט געהאַמערט, ווי אָט שפּרינגט עס אַרויס פון מיין ברוסט. די אויגן בלאָנדזשען אַרום, כ׳בין נישט אימשטאַנד געוועזן זיך אומצוקערן צו דערווירקלעכקייט. מיין חלום איז געווען טויזנט מאָל שטאַר־קער פון אַ יעדער ווירקלעכקייט. כ׳האָב נישט געקאָנט זיך באַרויקן, האָב פונדעסטוועגן זיך אָפּגעהאַלטן צו דערציילן מיין חלום אירענען.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר זיך ביידע געפֿונען מיט די קינ־דער אין פּאַרק, יעדע מיט אַ שטיקל ברויט אין האַנט (מיר זענען תמיד געווען הונגעריק), און אַריינגעטאָמעט די שוין האַלב פֿרילינגדיקע לופֿט. די ביימער אין פּאַרק זענען נאָך געשטאַנען הוילע, אָן בלעטער. צווישן זיי האָבן געשווינדלט שטיקלעך נעפּלדיקער הימל.

אירענע האָט גערעדט שנעל און נערוועז. האָט מיט די ווערטער גע־וואָלט פֿאַרדעקן איר אומרו און צעטומלטקייט:

— איך ווייס נישט, — האָט זי געזאָגט — פֿאַרוואָס לודוויק איז נאָכ־נישט געקומען. שוין זעקס חדשים, אַז ער האָט אונדז נישט געזען. ווען ער וואָלט געלעבט און געווען פֿריי, וואָלט ער זיך זיכער צו אונדז דערשלאָגן. קאַשיע איז אפֿשר ווייניקער מסוגל דערצו. אָבער לודוויק? ער וואָלט דאָ געווען פֿון די ערשטע...

כ׳האָב געשוויגן. איר גאָרנישט געקאָנט זאָגן. בין פֿול געווען מיט מיין אייגענעם צער. כ׳האָב נישט אויפֿגעהערט טראַכטן וועגן פֿעליען. מיי־נע שלאָפֿלאָזע נעכט. כ׳האָב געטראַכט וועגן דער מאַמען, וועגן די ברי־דער. נישט געוווסט צי זיי לעבן. זיי נישט געזען, נישט זעקס חדשים, ווי אירענע, נאָר זעקס יאָרן. געוואָלט זיך לאָזן זיי זוכן. און דאָ, אַפֿילו רעדן וועגן דעם טאָר איך נישט. עפּעס אַ, ביז היינט, מיר אומבאַקאַנטער ווייטיק האָט מיר פֿאַרקלעמט די קעל. כ׳האָב אויסגעמיטן אירענעס בליק. און דערווייל האָט מיר אירענע ווייטער פֿאַרטרויעט:

— דו ווייסט, לענקע, אויב די צווייטע וואָך קומט נאָך אַלץ נישט לודוויק, אָדער קאַשיע, לאָז איך דיר איבער די שטוב מיט די קינדער און לאָז זיך קיין וואַרשע זיי זוכן.

כ׳האָב אויפֿגעהויבן צו איר די אויגן, אַן אימה איז מיך באַפֿאַלן. וואָס הייסט, זי וועט מיך אַליין דאָ איבערלאָזן אין שטוב מיט די קינדער!? בין איך דאָך שוין פֿולשטענדיק אַ פֿאַרשפּאַרטע. כ׳וועל נישט קאָנען זיך לאָזן זוכן פֿעליען און מיין משפּחה, דאָס איז איבער מיינע כּוחות!

— אירענע, — האָב איך געזאָגט מיט אַ געשטיקטער שטים — כ׳וועל נישט קאָנען דאָ איבערבלייבן. איך מוז אויך אַוועקגיין.

— וואָס פֿאַלט דיר איין, — איז אירענע געוואָרן אומגעדולדיק — דו האָסט דאָך קיינעם נישט אין וואַרשע, און איך האָב דעם מאַן און די שוועסטער.

— איך האָב אויך אַ מאַן און אַ שוועסטער. — האָב איך שטיל געענט־פֿערט.

אירענע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן, ווי דערזען מיך צום ערשטן מאָל אין לעבן. האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זיך אָפּגעהאַלטן. האָט אין איין מאָמענט באַנומען אַלץ: איך בין אַ יידישקע. אָבער מיר איז שוין דע־מלט געווען אַלצאיינס... מיר האָבן מער אויף דער טעמע נישט גערעדט.

אויף מאָרגן האָב איך געמאָלדן וועגן שול־פעריען אויף צוויי וואָכן. — קינדער, האָב איך געזאָגט, מיר מוזן מאַכן אַן איבעררייס אין דער לע־רע. כ׳מוז גיין קיין וואַרשע זוכן אַ שוועסטער.

— ווי ווייט איז עס קיין וואַרשע? האָט געפרעגט דער טשעקאַווער יענדרוש.

— אַ פינף און פופציק קילאָמעטער, — האָב איך געענטפערט.

— דאָס איז זייער ווייט, האָט דער עלטסטער סטאַשעק געמאַכט אַן אויספיר.

— ווייט, קינדער, פאַר מיר באַזונדערס ווייט, ווייל כ׳האָב אַפילו נישט קיין שטיוול.

דעם אייגענעם טאָג נאָך מיטאָג, כ׳האָב קוים באַוויזן צו העלפן אירע־נען אויסוואַשן דאָס געפעס, איז געקומען שטשעפּאַנאָווע פונעם הויף. זי איז געווען איינע פון די רייכסטע פויערטעס אין דאָרף. זי איז אַריינגעקומען דרייסט און שטוב, האָט אַרויסגענומען פון אונטער אַ דיקער שאַל אַ פאָר אָפּגעגלאַנצטע שטיוול מיט כאַליעוועס און זיי אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

— דאָס איז פאַר דער פריילין לערערקע, — האָט זי געזאָגט אויף אַ קול — אין וועג אַריין קיין וואַרשע. דורך די דאָזיקע שטיוול וועט קיין שום בלאָטע נישט אַדורכגיין...

— אָבער שטשעפּאַנאָווע, — האָב איך זיך אַ וועגד געטאָן צו איר אַ גערירטע (כ׳האָב געהאַט חשק זי קושן פאַר פרייד), כ׳וועל דאָך אייך די שטיוול צערייסן אויף אַזאַ שלעכטן וועג... און ווער ווייסט ווען כ׳וועל זיך אומקערן... ס׳קאָן דאָך דויערן אַ צוויי, דריי וואָכן אויך. איר ווייסט דאָך איך זוך אַ שוועסטער... און איר דאָ אָן די שטיוול וועט דאָך נישט קאָנען צו דער אָבאָרע אַרויסגיין.

— דערויף זאָל דער פּאַניענקע דער קאָפּ נישט דאַרן, איכל זיך שוין אַן עצה געבן... און די פּאַניענקע איז אין אַ נויט, דאַרף מען, אויפן קריסט־לעכן אופן, העלפן. און ווער האָט מיין יעווקען און יענדרושן די אותיות אויסגעלערנט און דאָס לייענען אינעם קאַטעכיזם, ווי דער הער גלח אַליין? ווער? — און שטשעפּאַנאָווע האָט זיך אונטערגעשפּאַרט די באָקעס — האָט

דער הויף אין אַזויפיל יאָרן עפּעס געלערנט? און די פריילין לערערקע האָט אין אַ קנאַפּ האַלב יאָר אויסגעלערנט די קינדער אַזוי, אַז גאַנץ באַ־רעק וונדערט זיך, מ׳כאַפּט זיך ממש פאַר די קעפּ. און סלאַנינע האָב איך אויך געבראַכט, אָבער נאָר פאַר דער פריילין לערערקע, — האָט זי אונטערגעשטראָכן, — און זאָל דער הייליקסטער פאַן יעזוס פירן די פריי־לין בשלום אויפן וועג, — האָט זי פאַרענדיקט, צלמנדיק זיך פייערלעך.

איך האָב איר האַרציק באַדאַנקט און שווייגנדיק גענומען זיך פּאַקע־ווען אין וועג אַריין. כ׳האָב צעלאָזט די סלאַנינע אין אַ בלעכערנער פּוש־קע. אפשר וועל איך ערגעץ אָפּגעפינען פעליען, און זי וועט זיין הונגע־ריק. מיכניאַקאָוואַ פון דאָרף האָט מיר געשיקט אַ גרויסן לאבן ברויט, האָב איך אים אויך מיטגענומען. אירענע האָט מיר געגעבן עטלעכע זלאָטעס, וואָס זענען איר פאַרבליבן פון מיין פּענסיע (כ׳פלעג מיין גאַנצע פּענסיע אַוועקגעבן אירענען אויף אויסצוהאַלטן די שטוב).

מיט טרערן אין די אויגן האָב איך זיך געזעגנט מיט אַלע. אויך אירע־נע האָט געוויינט. צום שטאַרקסטן האָב איך צוגעדריקט צום האַרצן גאַגאַן: גאַגאַ, מיין טייערסטע, מיין ליב און גוט קינדעלע, מיינע סאַמעטענע הענ־טעלעך, וואָס האָבן אַזויפיל מאָל געשטילט מיינע ווייען...

— מיין עיאַ! — האָט גאַגאַ געזאָגט, און ווי תמיד ארומגענומען מיט אירע שטאַרקע הענטעלעך מיין האַלדז — מיינע, מיינע!

און כ׳האָב זי שוין געזען ווי אַ קליין זון־פלעקעלע אויפן הינטער־גרונט פון דעם טונקעלן פּאַרק, פון דעם קלאָמב ביים עק פון דער ליפּעס־אַלייע, פונוואַנען כ׳בין אַרויסגעגאַנגען מיט אַ שווערן רוקזאַק אויף די פּלייצעס.

*

אַלץ וואָס דערנאָך איז פאַרגעקומען, איז שוין נישט וויכטיק געווען... דאָס אַלץ איז זיך פאַרלאָפן ווי אַן דעם אַנטייל פון מיין באַוווסטזיין... ווי בליציק־פאַרבייפליענדיקע בילדער אין פיבער־שלאָף. ס׳זענען געווען גאַנ־צע טעג פון גיין און בראָדזשען איבער בלאָטעס מיטן שווערן רוקזאַק. געווען שעהן פון אָפּוואַרטן אויף קרייצוועגן און זיך איינבעטן ביי מיליטערישע שאָפערן, מיך צוצופירן. ס׳איז געווען אַ ליגעניש אויפן דעק פון אַ פינצ־טערן אויטאָ ביינאַכט, צוזאַמען מיט צענדליקער פרעמדע מענטשן, פון היטן דאָס פאַרמעגן און דעם קערפּער... ס׳איז געווען אַ שרעקלעכע אויס־

געשעפּטקייט, פּחד, קעלט, — אָבער קודם־כּל איז דאָס געווען איילעניש, פיבערדיקע איילעניש און אַ שפּאַרן זיך פאָרויס, כּדי צו דערגרייכן צום ציל, כּדי עפּעס־וואָס זיך צו דערוויסן, פאַר יעדער פּרייז זיך צו דער־וויסן...

ענדלעך בין איך געקומען קיין פּראַגע, און געגאַנגען מיט אַ פּאָנטאָן־בריק פון פּראַגע קיין וואַרשע. פון דעם בריק אַראָפּ האָב איך געזען אַ ריזי־קע פּאַנאָראַמע פון חורבן. צעפליקטע רעשטן פון מויערן, שטאַרצנדיקע לופּעס פון שוואַרצע קוימענס, זיך רויכערנדיקע חורבן־בערגלעך.

כ׳בין געגאַנגען מיט טויזנטער מענטשן, איינגעבויגענע אונטער זייע־רע לאַסטן. מיר זענען געגאַנגען טריט־ביי־טריט אין אַ געדיכטער גרויער מאַסע. די גרויסע הילצערנע בריק האָט געסקריפּעט און געקרעכצט אונטער יעדן אונדזערן טראָט, יעדע רגע האָט מען געמוזט זיך אָפּשטעלן. די טריי־בע, ברויזנדיקע כוואַליעס פון דער ווייסל האָבן זיך געהויבן צו אונדז מיט גרימעניש. און מיר זענען געגאַנגען פּאַוואָליע און שטיל, די אויגן איינגעשטאָכן אין וואַרשע.

— וואָס איז דיר געשען, וואַרשע? פריילעכע און מטורפדיקע וואַר־שע, דרייסטע און קעמפנדיקע וואַרשע! ווי מ׳האָט דיך דאָס אויסגעפּיי־ניקט, וואַרשע! דיינע אָפענע ווונדן ווייזן זיך נעבעכער, בלוטיקער, אינעם אויפגלאַנץ פון דער אויפגייענדיקער זון.

מיר זענען אַריינגעקומען קיין וואַרשע. פאַר אונדזערע אויגן האָבן זיך געטורעמט מעכטיקע חורבות פון פילשטאָקיקע הייזער. מ׳האָט נישט גע־קאָנט פאַרבייגיין צווישן זיי. מ׳האָט נישט דערקאָנט קיין שום גאַס, קיין שום פּלאַץ. ס׳איז נישט געווען קיין איין גאַנץ הויז. אומעטום — בלויז גרוזן, עלנט שטאַרצנדיקע ווענט, אויף דראָטן הענגענדיקע סופיטן, אויסגעבראָכע־טע צימערן. אפשר ווייטער איז דער חורבן נישט אַזוי מוראדיק, האָב איך געטראַכט, וועל איך דערקענען אַ גאַס, אָדער אַ הויז. אַפשר וועט זיך ווייזן אַ באַקאַנטער מענטש... אָבער קיינער האָט זיך נישט באַוויזן. מענטשן זענען געשטאַנען איבער רויכערנדיקע חורבה־בערגלעך און מיט גראָבאייזנס געגראָבן אין זיי. וואָס זוכן זיי? — האָב איך געטראַכט — וואָס קאָן מען נאָך דאָ אָפּגעפינען, אויסער טויטע?

ס׳איז נישט געווען וועמען עפּעס צו פרעגן. קיינער האָט גאָרנישט גע־ווּסט. יעדער האָט געזוכט, יעדער האָט געוואָלט פרעגן, גלייך ווי איך, נאָר די פראַגעס האָבן געגליווערט אויף די ליפּן.

מיטאַמאָל האָב איך דערזען גאָר אַן אַנדער בילד. אַ גרויס און פּוסט פעלד, אָן וועלכע־ס׳איז מויערן. אַ פלאַך־פעלד אין גרוזן — סימנים פון חורבן.

וואָס איז דאָס? — האָב איך אַ פרעג געטאָן אַ דערשראָקענע עמעצן לעבן זיך.

— ס׳הייסט? די פריילין ווייסט נישט? — האָט זיך פאַרוווּנדערט עפּעס אַ פרוי — דאָס איז דאָך דאָס געטאָ! די דייטשן האָבן דאָ פאַר־ברענט אַלץ ביז צום גרונט. ס׳זאָל פון די יידן קיין שפור נישט בלייבן.

— מ׳וועט דאָ בקרוב קאָנען קאַרטאָפליעס פאַרזעצן, — האָט באַלד צוגעגעבן אַ צווייטע.

כ׳האָב גאָרנישט געענטפערט. אַ ווייטיק האָט מיר פאַרקלעמט די קעל. איז, הייסט עס, אפילו די מאָס פון צעשטערונג און טויט אַ פאַרשידענע. אפילו דעם טויט איז נישט געלונגען אויסצוגלייכן די מענטשן. אַנדערש האָט מען צעשטערט די פּוילישע וואַרשע, און אַנדערש די יידישע. די פּאָליאַקן האָט מען איבערגעלאָזן אויסגעברענטע מויערן, און די יידן לויטער שריפה־שטויב, ס׳זאָל נישט פאַרבלייבן קיין זכר פון זייער עקזיסטענץ... מ׳האָט צעשטערט די פאַרברענטע מויערן, צעשיט אויפן ווינט דאָס אַש פון די פאַרברענטע גופים — ס׳זאָל פון זיי נישט בלייבן גאָרנישט, קיין שריד ופליט...

*

ס׳איז גאָרנישט איבערגעבליבן צו זוכן אויפן דאָזיקן ריזיקן בית־עלמין פון שטיינער און מענטשן. נישט געוועזן ביי וועמען און אויף וועמען צו פרעגן. כ׳האָב זיך אומגעקערט מיט מיין רוקזאַק קיין פּראַגע און באַ־שלאָסן צו פאָרן קיין וולאָכי. כ׳וויל זען הענריקן. צו העגריקן האָט עס מיך איצט געשטויסן מיט אַ פאַטאַלער קראַפט.

כ׳בין געפאָרן. האָב געזוכט די מיעלעצקיס און זיי נישט געפונען. זענען נאָך פאַרן אויפשטאַנד אַרויסגעפאָרן אין אַ דאָרף הינטער סקער־ניעוויץ. כ׳בין געגאַנגען צו פּילסיען, האָב זי נישט געטראָפן. אַרויסגעקליבן זיך, קיינער האָט נישט געוווּסט וווהין. אפשר האָט מען זי געזוכט, אָבער האָט נישט געקאָנט אָנגעבן קיינעם איר אַדרעס, — האָב איך געטראַכט. כ׳בין געפאָרן הינטער סקערניעוויץ. מיט גרויס מי האָב איך אָפּגעזוכט דאָס דאָרף און דאָס הויז פון די מיעלעצקיס, זענען זיי אויך דאָרט נישט געווען.

כ׳האָב קיינעם נישט געקאָנט געפינען. קיינער האָט נישט געהאַט קיין

באַשטימטן אַדרעס. יעדער איז ערגעץ־וווהין אַרויסגעפאָרן, עמעצן גע־זוכט, געוואַנדערט... ס׳האָט אויסגעזען, ווי אַן אויסטערלישער כוח וואָלט אַלץ און אַלעמען אַרויסגעוואָרפן פון די ביזאיצטיקע פלעצער, ווי אַלץ דרייט זיך פיבערדיק אינעם חלל, זוכנדיק אַ נייעם אָנהאַלט־פונקט. ס׳זענען שוין אַריבער צען טעג זינט כ׳בין אַרויס פון אָלכאָוועק, און האָב קיינעם נישט אָפּגעפונען און וועגן גאָרנישט נישט דערוווסט זיך. בין געווען אומ־באַהאָלפן, האָב נישט געוווסט שוין וווהין זיך לאָזן און וואָס צו טאָן.

און מיטאַמאָל האָב איך דערזען מיין וועג פאַר מיר און געוווסט וואָס כ׳האָב צו טאָן: כ׳וועל פאָרן אין מיין געבוירנשטעטל, קיין וויעליטשקע! זיך אומקערן אַהיים! ס׳איז אמת, זייער וייט פונדאַנען. הונדערטער קילאָ־מעטער. אָבער נישקשה, כ׳וועל אויסהאַלטן. כ׳וועל זיך אומקערן אַהיים, אַהיים, ווו כ׳בין געבוירן געוואָרן, וווהין כ׳פלעג אַרויפשפרינגען מיט גע־זאַנג און פרייד מיט די צוואַנציק שטיגן, וואָס האָבן געפירט צו דער היים־טיר.

כ׳בין געפאָרן. מיט לאַסטאויטאָס און וועגענער. אויף די שטיגן און בופאָרן פון משא־צוגן. בין געפאָרן. געווען לייכט ווי אַ פויגל. האָב נישט געשפירט, נישט קיין מידקייט, נישט קיין הונגער. איך פאָר אַהיים — האָבן מיר אויסגעקלאַפּט די קאָפּיטעס פון די פערד. אַהיים! אַהיים! — האָט מיר ריטמיש געשפילט דאָס קלאַפּן פון צוג. דאָרט האָב איך דאָס ערשטע מאָל דערזען די ליכטיקע וועלט. דאָרט האָב איך דערפילט ליבע. דאָרט געפינט זיך אַן אַלטער שיינער פאַרק, ווו כ׳פלעג זיצן ביי דער סאזשלקע, און האָב דאָס ערשטע מאָל דערהערט זיך דערקלערן מיר אין ליבע. דאָרט האָט געלעבט מיין באָבע און מיין הונדערטיעריקער זיידע, מיינע עלטערן און מיין משפחה. אויב עמעצער פון זיי איז לעבן געבליבן, וועל איך אים דאָרט טרעפן. זיי וועלן זיכער אַהין קומען.

מיט אַ ציטער האָב איך אַרויסגעשטיגן פון צוג אין מיין שטעטל. בין געגאַנגען פּאַוואָליע באַרג־אַרויף פון דעם אונטערמאַרק צום אייבערמאַרק, צו דער ווינקלדיקער קאמעניצע, ווו מיר האָבן געוווינט... איןביידע זייטן גאַס זענען געווען יידישע געוועלבלעך. כ׳האָב זיי אַלע געהאַט אין זכרון. דאָ איז געווען דאָס געוועלבל פון פרוי בלויליכט, תמיד אַ העפלעכע און געדולדי־קע, ווען כ׳פלעג גרימאַשען ביים אויסקלייבן גלאַנציקע קנעפלעך פאַר מיין קליידל. דאָ איז געווען אַ מענער־פריזירער, אַ פּאָמאַדירטער און שמעקנ־דיקער מיט ביליקע פערפומען. דאָ האָט געוווינט די אַלטע קאָסאָווע,

און אויף איר שװעל פֿלעגן זיצן אירע אײניקלעך, שטענדיק פֿאַרראָצטע און שמוציקע, צוזאַמענדריקנדיק די קניען, װי פֿײגל אויף דער קעלט. און דאָרט האָט זיך דער אַלטער בעריש אויסגעװאַרעמט אויף דער זון דעם קראַנקן פֿוס, פֿרעגנדיק בײַ יעדן פֿאַרבײַגײער װיפֿל ס׳איז דער זײגער, אָדער בעטן אַ פּאַפּיראָס. אויף דער צװײטער זײַט טראָטואַר פֿלעגט אָפֿט לויפֿן מײַן טאַטע צו די שכנים באָרגן געלט אויף אויסצוקויפֿן אַ װעקסל. איבערן מאַרקפּלאַץ איז אָפֿט פֿאַרבײַגעגאַנגען מײַן מאַמע אויף אירע הויכע אָפּצאַסן, אַ דראָבנע און זגראַבנע. די פֿאַרקויפֿעריגס האָבן זי ליב געהאַט און פֿאַר־ערט. װען זי פֿלעגט אַרויסקומען אויפֿן מאַרק, פֿלעגן זי יעדע אײנע ציען צו זיך. — אװדאי — פֿלעגט דער טאַטע זאָגן — אַז דו דינגסט זיך נישט מיט זײ, מעגן זײ זיך שלאָגן איבער דיר. איך װאָלט זיך אויך געװוּנטשן אַזעלכע קליענטן אין געװעלב...

אַזוי האָט דאָס אַלץ אויסגעזען אַמאָל. און הײַנט? די געװעלבער זענען אויסגעליידיקט, אָדער געשלאָסן. די ייִדן האָט מען אַרויסגעפֿירט און פֿאַר־ברענט. נישטאָ, נישט קײן קויפֿערס, נישט קײן פֿאַרקויפֿערס. פֿון די פֿענצ־טער און טירן קוקן אַרויס פֿרעמדע פּנימער. נישט קײן אײנס קײן באַ־קאַנטס! איבערן מאַרק דרײען זיך אַרום עטלעכע פֿויערטעס און זוכן קונים אויף זײערע אײער. די פּנימער פֿון די מענטשן זענען אָנגעבלאָזענע, ברוגז־זע. זײ קוקן אויף מײַן רוקזאַק מיט חשד. אפֿשר דערקענען זײ מײַן ייִדיש, מיד פּנים, זײ קוקן אויף מיר און טרײַבן מיך מיט די בליקן. כ׳װיש אָפּ דעם שװײס פֿון שטערן און שפּאַן מיט אַלע כוחות באַרג־אַרויף צום אויבערמאַרק. כ׳װיל צוקומען צו דער שטוב.

כ׳שטײ שוין בײַם טויער, און דאָס האַרץ קלאַפּט מיר, װי מיט אַ האַמער. איצטער נאָך די צװאָנציק שטיגן, און כ׳בין שוין אין שטוב, אין מײַן שטוב! װוּ מײַנע פֿאָרהענגלעך הענגען דאָרט אויף די פֿענצטער. זיכער הענגען אויף די װענט מײַנע בילדער, װעלכע כ׳האָב געמאָלן צו פֿערצן יאָר, און עמעץ װעט אַרויסגײן פֿון שטוב מיך באַגעגענען... אַזוי איז עס שטענדיק געװען, װען כ׳פֿלעג זיך אומקערן אַהײם פֿון אַ לאַנגער נסיעה... אפֿשר די מאַמע, אפֿשר פֿעליע?...

כ׳בין אַרויפֿגעגאַנגען די צװאָנציק שטיגן און געשטאַנען פֿאַר דער טיר פֿון דער װוינונג. האָב אַ דריק געטאָן די קליאַמקע און בין שטיל אַרײַנ־געגאַנגען אין קיך. די טיר האָט אפֿילו קײן סקריפּ נישט געטאָן... כ׳האָב עס געװוּסט, געװוּסט, אַז די טיר װעט שטײן פֿאַר מיר אָפֿן װען כ׳װעל

זיך אומקערן אַהיים... כ׳האָב זיך אומגעקוקט. יאָ, דאָס איז אונדזער קיך. דער זעלבער אויוון, און לעבן אים דער קוילן־קאַסטן, אויף וועלכן ס׳פּלעגט שטענדיק זיצן און דרעמלען, רעגינע... לעבן פענצטער — דער דעמבענער טיש, אויף וועלכן די מאַמע פלעגט פאַנאַנדערטיילן די פּאָרציעס... כ׳האָב געמאַכט נאָך אַ טראָט פאָרויס. דורך דער אָפענער טיר האָב איך געזען די צוויי צימערן לענגויס... דאָס ערשטע, אין וועלכן מיין קראַנקער טאַטע איז געלעגן, און דער צווייטער מיט מיינע פאָרהענגלעך און בילדער... גאָט מיינער! אַלץ איז דאָך ווי געווען, ס׳האָט זיך גאָרנישט נישט געענ־דערט! דאָסזעלבע „ווינער״ מעבל, וואָס דער טאַטע האָט געקויפט דעמלט ווען ס׳איז אים נאָך גוט געגאַנגען, און לעבן דער קאַנאַפּע דאָס פּאַכל מיט מיינע ביכער. דאָס דאָזיקע גרויסע בוך איז אוודאי מיין „שטעקעלע״, אַ האַנטבוך פאַר פילאָזאָפיע, וועלכן כ׳האָב אַזויפיל מאָל איינגעחזרט. יאָ, ס׳האָט זיך זיכער עמעצער אומגעקערט אַהיים און אַלץ איינגעאָרדנט ווי ס׳דאַרף צו זיין. ס׳איז זיכער עמעצער דאָ!

נאָר פאַרוואָס קלאַפּט אַזוי מיין האַרץ? פאַרוואָס גיי איך נישט ווייטער? פאַרוואָס שרעק איך זיך? ששש! ס׳האָט זיך עפּעס אַ באַוועג געטאָן. אַ גרויסער שאָטן האָט זיך פון ערגעץ אָפּגעריסן און מיר אַלץ פאַרשטעלט.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט אַ ריטשע געטאָן אַ מענערשע שאַרפע און סאָפּענדיקע שטים.

— דאָס איז מיין הויז, — האָב איך זיך אַרויסגערוקט פאָרויס, — דאָס הויז און די וווּינונג פון מיינע עלטערן. דאָס אַלץ איז מיינס, — האָב איך אַ וויניז געטאָן מיט דער האַנט אויף אַלץ אַרום.

— ד יי נ ס ?! — האָט דער מאַנצביל ווילד זיך צעשריגן — ד יי נ ס ?! איכל דיר דאָ וויזן ד יי נ ס, פאַרשאָלטענע זשידוווקע! ס׳איז דיר ווייניק וואָס דו האָסט איבערגעלעבט, ביסטו נאָך געקומען מאָנען דיין פאַרמעגן? כ׳וועל דיר שוין און באַלד אָפּגעבן דיינס!

מיט איין שטויס האָט ער מיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער משופּעדי־קער באַלוסטראַדע פון די שטיגן. כ׳האָב זיך מיט אַלע כוחות געפּרוווט פאַרהאַלטן, נישט אַראָפּצופליען, אָבער מערדערישע הענט האָבן מיך גע־שטויסן אַראָפּצו, און דער שווערער רוקזאַק האָט מיך אַלץ שטאַרקער צוגע־דריקט. כ׳האָב זיך אַראָפּגעקייקלט פון יעדן פון די צוואַנציק שטיגן באַ־זונדער.

אַן אומבאַוווּסטע, אַן באַוווּסטזיין, אַ צעבלוטיקטע בין איך געלעגן

לעבן דעם שטײנערנעם אונטערלאַג פֿון די שטיגן. אַרום מיר זענען געשטאַ־
נען פֿרעמדע מענטשן. פּײַנטלעכע שטימען האָבן עפּעס גערעדט. ביסלעכ־
װײַז בין איך צו זיך געקומען און האָב געעפֿנט די אויגן. נײן! איך דאַרף
נישט אײַער הילף! איך װיל נישט קײן װאַסער! איך דאַרף נישט גאָר־
נישט! איך פֿאַרלאַנג נישט פֿון אײַך גאָרנישט, מערדער!

כ׳האָב זיך אױפֿגעהױבן, אָפּגעװישט דאָס בלוט פֿון פּנים, אױסגעג־
גלײַכט דעם רוקן, װידער אַרױפֿגענומען דעם רוקזאַק אױף די פּלײצעס —
און זיך געלאָזט גײן מיטן זעלבן װעג װאָס כ׳בין געקומען. כ׳האָב זיך שױן
אומגעקערט פֿון דער „הײם״... און מײַנע מחשבות פּײַניקן מיך: צוליב װאָס
האָב איך איבערגעלעבט די מלחמה?

## אױפֿן װעג צוריק

איצט איז מיך שױן גאָרנישט אָנגעגאַנגען. כ׳בין אַװעק אַ צעבלוטיקטע
און שמוציקע, מיטן סאַקװאַיאַזש אױף די פּלײצעס, דורך דער גאַנצער שטאָט.
זאָלן מענטשן קוקן, װאָס גײט עס מיך אָן. מײַן געבוירנשטעטל, מײַן הײם,
מײַן טײַערסטע װינקעלע אין לעבן — האָבן מיך נישט אױפֿגענומען, מיך
אױסגעשפּיגן, װי מיסט מיך אַרױסגעװאָרפֿן... ס׳איז מײַן גרױסע זינד װאָס
כ׳בין אַ ײדישקע, װאָס כ׳לעב נאָך. איך האָב באַדאַרפֿט װערן אַש, און
בין נאָך אַלץ פֿלײש און בלוט.

לױט דער געװױנהײט פֿון אַמאָליקע יאָרן האָב איך זיך געלאָזט פֿאַר־
נאַכט־צו מיט די אַלטע קאַשטאַנבױם־אַלײען צום צוג. װי גוט כ׳האָב גע־
קאָנט דעם דאָזיקן װעג, יעדע באַנק און יעדן בױם. אין משך פֿון יאָרן
פֿלעג איך דאָך גײן מיטן דאָזיקן װעג צום צוג, צו דער שול אין קראָקע.

...אין דרױסן איז נאָך געװען שטומע נאַכט. די גאַסן פֿון שטעטל,
אײַנגעהילט אין פֿינצטערניש, אין טיפֿן שלאָף. אין דעם שױן צערודערטן
שלאָף... האָב איך געשפּירט אַז איך דאַרף זיך אױפֿטרײסלען, ערגעץ לױפֿן,
טאָן עפּעס װיכטיקס. אָבער דער שלאָף האָט נאָך אַלץ געדריקט אױף מײַ־
נע װיעס.

...און דערװײַל האָט דער טאַטע זיך געדרײט אין זײַן בעט פֿון אײן
זײַט אױף דער צװײטער, געקרעכצט און װידער געקרעכצט, און געזאָגט

צו דער מאַמען: — נו, זאָג אַליין, ווי קאָן איך איצטער אויפוועקן דאָס קינד? אינמיטן דער נאַכט... אין אַזאַ קרירה... דאָס וואַסער אין פּאַס איז דאָך גע־פרוירן געוואָרן... וועט זי אין אַזאַ פראָסט גיין אַ קילאָמעטער צום צוג?! ס׳איז דאָך באמת אַ זינד פאַר גאָט... פאַרוואָס האָסטו איר דערלויבט גיין אין דער דאָזיקער שול אין קראָקע? — ער דרייט זיך נאָכאַמאָל איבער, זיפצט, קרעכצט און דערנאָך וועקט ער מיך (תמיד מיט די אייגענע ווערטער) — לאהלע, אפשר וועסטו היינט נישט פאָרן אין שול אַריין? ס׳איז אַזוי קאַלט אויף דער גאַס... אַזוי פינצטער... אַ שאָד אַ הונט אין אַזאַ צייט אַרויס־צולאָזן אויף דער גאַס.

באותו־רגע טו איך אַ שפרונג אַראָפּ פון בעט (אייגנטלעך פון דער געלעכערטער קאַנאַפּע). מיין ערשטער בליק פאַלט אויפן זייגערל: וואָס? ס׳איז שוין צען נאָך זעקס? אין צוואָנציק מינוט אַרום גייט אָפּ דער צוג... מיט הענט ציטערנדיקע פון איילעניש טו איך זיך אָן, שטופּ אַריין די בי־כער אין טעקע, די העפטן, פאָסנע זעמעלעך, בין שוין גרייט צו גיין.

אויף דער שוועל פון קיך שטייט די מאַמע און דערלאַנגט מיר אַ גלאָז מילך: — לאהלע, טרינק כאָטש אויס די מילך, וועסטו זיך דערוואַ־רעמען — אָבער די מילך זידט ממש, און כ׳האָב נישט קיין צייט צו וואַרטן ביז זי וועט זיך אָפּקילן. כ׳לויף אַוועק, און די מאַמע בלייבט שטיין מיטן הייסן גלאָז מילך אין האַנט. ס׳קאַפּעז אַריין אין איר אירע טרערן.

איך לויף צום צוג. כ׳האָב קוים אַכט מינוט צייט, אַ קילאָמעטער־וועג, און מיט שניי באַשאָטן. פון דעם אייבערמאַרק צום אונטערמאַרק לויף איך מיט איין אָטעם. די זעמעלעך פאַלן אַרויס פון דער שלעכט־פאַרמאַכטער טעקע, כ׳פיל עס נישט. שטאָט מיט דער אַלייע, גיי איך מיט די באַן־שינעס, וואָס ס׳איז פאַרווערט, אָבער דאָ אַרום איז דער וועג קירצער. ענדלעך קום איך צו דער באַנסטאַציע, ווען דער צוג רירט, און שפּרינג אַריין אין לעצטן וואַגאָן. איצט איז מיר שוין גוט. ס׳איז פון מיר אַראָפּ די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט. שטאָט מיין מוח, אַרבעט שוין דער לאָקאָמאָטיוו. שטאָט די פיס, דרייען זיך די רעדער.

...כ׳קום אָן קיין קראָקע. דער צוג האָט פאַרשפּעטיקט אויף פופצן מינוט. כ׳שטיי פאַר דער פאַרשלאָסענער טיר פון קלאַס, און דאָס האַרץ קלאַפּט. אַריינגיין, אָדער נישט? ס׳איז ערשט מאַטעמאַטיק, אויף וועלכן כ׳בין צום שוואַכסטן... אַז כ׳וועל נישט הערן דעם לערער, וועל איך נישט קענען די לעקציע... כ׳קלאַפּ אָן און גיי אַריין. דער דירעקטאָר אַליין (דער

לערער פון מאַטעמאַטיק) שטייט צו מיר מיטן רוקן און שרייבט עפּעס אַרייַן אין טאָגבוך. אַ דאַנק דעם אייבערשטן, ער האָט נאָך די לעקציע נישט אָנגעהויבן. נישט אויסדרייענדיק זיך צו מיר, טוט ער אַ זאָג: — דאָס איז אַוודאי ווידעראַמאָל רעליטש... — איך בין נישט שולדיק, פּאַן דירעקטאָר, דער צוג האָט פאַרשפּעטיקט. — זאָל רעליטש גיין אויף איר אָרט און מער נישט שטערן בעת דער לעקציע...

אַזוי פלעג איך לויפן יעדן אינדערפרי. האָב שווער געהאָרעוועט אַ סך יאָרן... געגלייבט אַז דערמיט וועל איך זיך איינשאַפן אַ שיין לעבן, אַ צוקונפט... און אָט איז געקומען איין מענטש און האָט צעשטערט דאָס אַלץ, וואָס מיליאָנען מענטשן האָבן געבויט מיט אַזויפיל מי. האָט געבראַכט דער וועלט חורבן און טויט. איז כדאי צו לעבן אין אַזאַ וועלט?

*

אויף דער באַנסטאַציע אין קראָקע, צווישן טלומיקעס, מונדירן און שמאַטעס, האָבן פלוצים אַ קוק געטאָן אויף מיר עפּעס באַקאַנטע אויגן. כ׳האָב זיי נישט באַגערט, געוואָלט זיך פון זיי אָוועקדרייען, אָבער ס׳האָט מיר גאָרנישט געהאָלפן. צוויי מונדירן זענען געשטאַנען איבער מיר, און איינער האָט געזאָגט:

— און איך זאָג דיר, אַז דאָס איז זי. כ׳דערקאָן זי, הגם די האָר זענען געענדערט...

— לענקע, לענקע! — האָט עמעצער אַן אַנדערער אַ רוף געטאָן.

כ׳האָב אויפגעשווידערט אינגאַנצן. יאָ, דאָס איז עמעצער פון דער משפחה. מײַנע זיידעס און טאַטעס הערן זיך אין דער שטים.

— לענקע, דערקאָנסט מיך נישט? איך בין פראַניע, דײַן קוזינע.

— אַך, ביסטו עס פראַניע? אין אַ מונדיר?

— יאָ, אין אַ מונדיר. זע יאַנעק, זי האָט פאַרגליווערט בלוט אויפן פּנים און איז אינגאַנצן צעקרעלט און אין ווונדן... לענקע, וואָס איז מיט דיר געשען? ס׳טוט דיר ווײַ?

— ס׳טוט מיר שוין גאָרנישט ווײַ, פראַניע... דאָס איז אַן אָנדענק פון מײַנע צוואַנציק שטיגן, פון וועלכע מ׳האָט מיך אַראָפּגעוואָרפן... אַן אָנדענק פון דער היים...

— זי רעדט פון היץ... מ׳דאַרף גלייך רופן צו איר אַ דאָקטאָר. העלף מיר יאַנעק צופירן זי צו אַ דראָזשקע...

— — — — — — — — — — — —

כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט אין אַ רחובותדיק צימער, אַן אָנגעוואָרעמטס פון דער זון. בין געלעגן אין אַ טאָפּל־בעט. אין די פּענצטער האָבן זיך פאַרהענגלעך געשפּילט מיטן ווינט, און אויף די ווענט זענען געהאָנגען אַ סך בילדער... אויסגעצייכנטע בילדער, קאָסאַקס, מאַלטשעווסקיס, אקסענ־טאָוויטשעס... כ׳האָב געקאָנט די בילדער פון אויסשטעלונגען, פון מוזע־אומס... האָב זיי ליב געהאַט...

ס׳האָט אַ סקריפּע געטאָן די טיר. ס׳איז אין איר געשטאַנען פראַניע.

— נו, ענדלעך האָסטו זיך אויפגעכאַפּט. שלאָפסט שוין אַכצן שעה... ווי פילסטו זיך איצט, לענקע?

— איך? זייער גוט... אָבער זאָג מיר, פראַניע, פון וואַנען האָב איך זיך דערנומען אַהער? וועמענס איז די וווינונג?

— טראַכט איצט נישט אַרייַן אין אַלצדינג. ביסט ביי מיר... ביסט ביי זיך...

— וואָס הייסט ביי זיך? איך האָב אַזאַ וווינונג נישט געהאַט...

— אַך, לענקע, דאָס איז אַ לאַנגע היסטאָריע. ס׳איז אַ יידישע וווי־נונג, וואָס די דייטשן האָבן צוגענומען נאָכן דערמאָרדן דעם אייגנטימער... פאַרשטענדלעך, אַז איך האָב די וווינונג רעקווירירט, אַזויווי אַ סך ענ־לעכע וווינונגען. זאָלן זיי געהערן צו די יידן וואָס קערן זיך אום פון די לאַגערן.

— דו האָסט רעקווירירט, פראַניע? מיט וואָס פאַר אַ רעכט?

פראַניע האָט לייכט אַ שמייכל געטאָן:

— ווען כ׳וואָלט קיין רעכט נישט געהאַט, וואָלט איך עס נישט גע־טאָן. כ׳בין ביי דער נייער מאַכט אויף אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן.

ערשט אין דעם מאָמענט האָב איך באַמערקט, אַז פראַניע טראָגט אַ מונדיר (אויך אין שטוב) און אַז עטלעכע עפּאָלעטן ליגן לעבן בעט. און אין דערזעלבער מינוט האָב איך זיך דערמאָנט די גאַנצע ביאָגראַפיע, פראַניעס, מיין מאַמעס ברודערס בת־יחידה.

ביז פופצן יאָר — אַ הייליקע, אַ פרומע, דאַוונט כסדר, מאַכט אַוועק דאָס לעבן. און פלוצים —— אַ גייסטיקער איבערברוך. זי ווערט אַן אַטעיסטקע, ד׳ערנאָך אַן אַקטיווע קאָמוניסטקע. וויפל נאַכט־רעוויזיעס, קלעפּ פון קאָלבעס, אַרעסטן האָט די פאַמיליע צוליב איר איבערגעלעבט... ס׳האָט גאָרנישט נישט געהאָלפן, נישט דעם טאַטנס קראַנקהייט, נישט דער טויט פון דער מאַמען, — פראַניע האָט איר אידיי נישט פאַרלאָזן. האָט פאַר

איר מקריב געווען זיך אַליין און אַנדערע. דריי יאָר פֿאַר דער מלחמה האָט מען זי פֿאַרנומען קיין קאַרטוז־בערעזע (ערשטער קאָנצענטראַציע־לאַ־גער אין פּוילן) פֿאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט. זי איז דאָ אָפּגעזעסן אַזש ביז סאַמע דער מלחמה, ווייל זי האָט נישט געוואָלט אונטערשרייבן קיין דעקלאַראַציע, אַז זי זאָגט זיך אָפּ פֿונעם קאָמוניזם. איז פֿאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ מענטש ווי פֿראַניע האָט באַדאַרפֿט פֿאַרנעמען אַ פֿאַרנטוואָרטלעכן פּאָסטן אין דער נייער אָרדענונג. און צו דעם אַלעם איז פֿראַניע געווען אַ זייער אינטעליגענטע און געבילדעטע (הגם זי האָט זיך אַלץ דערוואָרבן אויסער דער שול) און האָט געהאַט דורכויס אַן איידעלן כאַראַקטער. צוליב דעם האָבן מיר זיך שטענדיק ליב געהאַט און געשעצט, כאָטש געהאַט פֿאַר־שידענע פּאָליטישע אַנשויונגען (איך בין תמיד געווען אַ ציוניסטין).

פֿראַניע איז צוגעקומען צו מיין בעט און געפֿרעגט פֿאַרזיכטיק:

— וואָלסטו, לענקע, געקאָנט מיר ענטפֿערן אויף עטלעכע פֿראַגן?

— פֿאַרשטייט זיך. צוליב דעם האָב איך דאָך דורכגעמאַכט אַזאַ לאַנגן וועג, עמעצן צו געפֿינען... צו קאָנען שמועסן מיט עמעצן... עפּעס־וואָס זיך צו דערוויסן...

— פֿון וואַנען ביסטו געקומען, לענקע? ווו האָסטו זיך אויסבאַהאַלטן? כ׳האָב דיך געזוכט אין אַלע לאַגערן און נישט געקאָנט געפֿינען.

— ווייל כ׳בין נישט געווען אין די לאַגערן. בין געווען אין געטאָס און אויף אַרישע פּאַפּירן. איצטער וווין איך ווייט אין אַ דאָרף. האָב דאָרט געגרינדעט אַ קליינע שולע פֿאַר פּויערישע קינדער.

— נו, זעסטו, — האָט זי זיך פֿאַרוווּנדערט — ביסט שטענדיק דיזעל־בע. אין דער עפּאָכע פֿון גאַזקאַמערן, מלחמה, שטורעם און רעוואָלוציאָנערע געראַנגלען זיצסטו מיט קינדער און לערנסט מיט זיי... אָבער כ׳האָב גע־הערט אַז דו האָסט געהאַט אַן אייגן מיידעלע. וואָס איז מיט דעם?

— מ׳האָט עס דערמאָרדעט.

— אך, ס׳איז מיר אַזוי פּיינלעך... און וואָס איז מיט דיין מאַן, מיט אַלבערטן?

— כ׳בין זיך מיט אים צעגאַנגען נאָך בעת דער מלחמה. איצטער ווייס איך נישט וועגן אים גאָרנישט. ער איז אַוועק מיט אַן אַנדערע פֿרוי.

— דאָס דאַרף דיך נישט ערגערן. ער איז דיך נישט ווערט געווען.

— ס׳ערגערט מיך נישט.

— און וואָס איז מיט פֿעליען?

— מיט פעליען? מיט פעליען? אוי, פראַניע, צוליב דעם בין איך דאָך געקומען, זי אויפצוזוכן. די גאַנצע צייט טראַכט איך, חלום איך וועגן איר... מיר האָבן זיך געשיידט אין וואַרשע פאַרן אויפשטאַנד און זיך אָפּגערעדט, אַז נאָך דער מלחמה וועלן מיר זיין צוזאַמען... פון אירעטוועגן שלעפּ איך פון מיין דאָרף צוויי לעבלעך ברויט מיט אַ סלוי סלאָנינע... כ׳בין שוין געווען אין וואַרשע זי זוכן, געווען אין וויעליטשקי, פרעג אומעטום און קאָן זי נישט געפינען... אוי, ווי, פראַניע, — דאָ האָב איך זי ספּאָזמאַטיש אָנגעכאַפּט פאַר די הענט — אפשר ווייסטו עפּעס וועגן איר, אפשר האָסטו געהערט? זי איז געווען אין לובלינער פּאַרטיזאַנקע צוזאַמען מיטן „אָדלער".. אוי, פראַניע, העלף מיר, העלף!

— קינד מיינס, באַרויק זיך. ביסט נאָכנישט אינגאַנצן געזונט. מירן טוען אַלץ וואָס מיר זענען ביכולת, זי אויפצוזוכן. קודם רו זיך אויס אַ ביסל, קום צו די כוחות. בלייבסט דאָ מיט מיר. די גאַנצע דירה שטייט צו דיין רשות. איך גיב זי דיר במתנה.

— וואָס פאַלט דיר איין, פראַניע! דאָס איז דאָך אַ גאַנצער מאַיאָנטעק, אַזאַ וווינונג, און זי איז דאָך דיינע.

— כ׳האָב דיר שוין געזאָגט (אין איר שטים האָט זיך געשפּירט אַ לייכטע אומגעדולדיקייט), אַז ס׳איז נישט מיין וווינונג. איך האָב אַן אַמ־טלעכע וווינונג, וואָס איז דערוויל געגוג פאַר מיר. חוצדעם וועט מען מיך אינגיכן אַריבערפירן קיין וואַרשע. כ׳בין כסדר אין אומענדלעכן אַרומרייזן, אַז כ׳האָב בכלל נישט קיין צייט צו וווינען... און דו וועסט זיך דאָ אָפּרוען. וועסט האָבן די דאָזיקע וווינונג אָנשטאָט אייער וווינונג אין וויעליטשקע.

— פראַניע, ביסט באמת אַן איידעלע. אָבער כ׳קאָן נישט אָננעמען דיין מתנה. כ׳מוז זיך אומקערן אין דאָרף צו מיין שולכל. כ׳האָב בלויז גענומען אורלויב. די קינדער וואַרטן דאָרט אויף מיר.

— דאָס איז זייער שיין, וואָס דו האָסט געשאַפן פאַר פּראָלעטאַרישע קינדער. אָבער זעסטו, לענקע, דו ביסט צופיל פעיק זאָלסט מעגן זיך פאַרגראָבן אין אַ קליינעם דאָרף מיט עטלעכע צענטליק קינדער. אין אונדזער אָרדענונג זענען ערשט נייטיק אַזעלכע מענטשן ווי דו. ס׳פעלן אונדז מענטשן. וואָלסט געקאָנט פאַרנעמען איינעם פון די העכסטע פּאָסטנס אין שולוועזן. דיין אוניווערסיטעט־קאָלעגע, חבר סטאַניסלאַוו פענאַלסקי, איז היינט קולטור־מיניסטער.

— אָבער דו פאַרגעסט לחלוטין, פראַניע, אַז איך בין נישט קיין קאָמו־

גיסטיק. און כ׳האָב נישט בדעה צו בייטן צוליב קאַריערע מיינע אַנשויונגען. איך וויל זיך נישט אָפּזאָגן פון מיין יידישקייט, פון מיין פרייהייט, פון געפילן און געדאַנקען. חוצדעם בין איך אין קאָנפליקט מיט די מענטשן. אָט די מענטשן האָבן מיר און מיין פאָלק געטאָן אַ היסטאָרישע קריוודע, נישט מוחל צו זיין. כ׳וויל זיך פון זיי דערווייטערן, זיך פאַרנעמען מיט דערציען קינדער, אפשר וועלן זיי בעסער זיין. בעסערע מענטשן...

— רעדסט ווי אַ דעקאַדענטישע בורזשויקע, — האָט זיך פראַניע אויפגעקאָכט — האָסט נישט קיין באַגריף וואָס דאָס איז רויט, רעוואָלוציאָנער בלוט... וואָס איז אַזוינס אַרבעט און קאַמף. כ׳פאַרשטיי נישט פאַרוואָס דו דאַרפסט אַנטלויפן פאַר מענטשן... פאַרוואָס דו זאָלסט נישט זיצן צווישן מענטשן און קעמפן מיטן שלעכטס לטובת די ברייטע מאַסן...

— וועלכע מאַסן? די, וועלכע האָבן מיין טאַטן און דיינעם געשיקט אויפן טויט?

— כ׳וועל מיט דיר נישט דיספוטירן. ביסט אַן עקשן און קראַנק דערצו... אָבער אויב דו ווילסט נישט אַרבעטן אין דער אדמיניסטראַציע פון שולוועזן, קאָנסטו דאָך פאַרזעצן דיין וויסנשאַפטלעכע אַרבעט פון פאַר דער מלחמה. דיין פראָפעסאָר פון פסיכאָלאָגיע, שומאַן, איז צוריקגעקומען פון לאַגער דאַכאַו און אַרבעט שוין.

אַז איך האָב זיך מיט דער ידיעה דערפרייט, האָט זיך אויך פראַניע דערפרייט:

— זעסטו, קאָנסט שוין היינט־מאָרגן גיין צו אים. ער וועט דיך אויפנעמען מיט אָפענע אָרעמס. ער קלייבט אַרום זיך זיינע אַמאָליקע מיטאַרבעטער. וועסט דאָ האָבן רו, וועסט קאָנען אַרבעטן.

— דאָס אַלץ איז זייער שיין, פראַניע. ס׳איז זייער שיין פון דיין זייט, וואָס דו זאָרגסט פאַר מיר. כ׳האָב זיך שוין אָפּגעוווינט דערפון... אָבער איך מוז זיך אומקערן צו מיינע קינדער קיין אָלכאָוועק. זיי וואַרטן אויף מיר. אפשר וועל איך צווישן זיי פאַרגעסן...

— איז רעזיגנירסטו אפילו פון זוכן פעליען? ווייל איך, זעסטו, בין זייער פאַרנומען. איך געהער נישט זיך אַליין, און אויף מיר קאָנסטו נישט אויסשטעלן.

— אַך! — האָט אַלץ אונטער מיר געגומען זינקען — איז ווילסטו זי נישט זוכן? — פראַניע האָט געשוויגן.

— גוט, כ׳וועל בלייבן, כ׳וועל בלייבן, כדי זי צו זוכן, זוכן... ווען

כ׳וועל שוין מער די פיס נישט קאָנען שלעפּן, נישט קאָנען קוקן מער די מענטשן אין פּנים און רעדן מיט זיי — וועל איך זי נאָך אַלץ זוכן...

כ׳בין צוריקגעפאָרן קיין אַלכאָוועק, צו ליקווידירן דאָרט מײַנע עני־נים. אינצווישנצייט זענען שוין פון וואַרשע געקומען אַהין ה׳ לודוויק און פרײַלין קאַשיע. זיי האָבן אויך געבראַכט די ידיעה אַז טעאָשעס און מאַלינקעס עלטערן לעבן. אַזוי אַז די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך אָפּגעפינען, איך בין זיי שוין מער נישט נייטיק געווען.

אירענע האָט מסתם אויפגעקלערט איר מאַן וועגן מײַן פּערזאָן און דער ראָל וואָס איך האָב אָפּגעשפּילט אין זייער טראַגעדיע, — ווײַל ער איז מיר כסדר נאָכגעגאַנגען און מיר שטאַמלעריש אויסגעדריקט זײַן דאַנקבאַרקייט. זיי האָבן זיך ביידע נישט געוווּנדערט וואָס איך וויל פאַר־לאָזן אַלכאָוועק. האָבן דעם ענין באַטראַכט פון דער קאָמערציעלער זייט און געהאַלטן, אַז נאָך דער מלחמה קומט מיר עפּעס לייטישערס ווי אַן אָרעמער פּאָסטן אין אַ דאָרפיש שולכל.

אַ סך שווערער איז מיר געווען דאָס שיידן זיך מיט דער שול און די קינדער. ווען די פּויערים האָבן זיך דערוווּסט, אַז כ׳וויל פאַרלאָזן אַל־כאָוועק, האָבן זיי געשיקט צו מיר אַ דעלעגאַציע, וואָס איז באַשטאַנען פון די וויכטיקסטע באַלעבאַטים מיטן וואָיט. דער וואָיט האָט געזאָגט:

— מיר זענען געקומען העפלעך בעטן די פּאַניענקע, זי זאָל פאַרבלייבן אין אונדזער דאָרף, ווײַל דאָס גאַנצע דאָרף און אונדזער ווילטועדיקער גלח זענען צופרידן דערפון וואָס די קינדער קאָנען שוין צוזאַמענשטעלן אותיות און ציילן אויף די פינגער, ווי ס׳דאַרף צו זײַן. און אויב דער פּאַניענקע גייט אין די צוויי קערץ קאַרטאָפל, וואָס מיר האָבן נאָכנישט געגעבן, וועלן מיר זיי איינס־צוויי אַהערברענגען. דאָס פאַרזיכער איך, אַן אָפיציעלע פּערזאָן.

און מאַטשעי האָט מוסיף געווען:

— און איך פון מײַן זייט וועל צולייגן נאָך אַ קאָרץ. און אויף פּאַס־כע, ווען מיר וועלן קוילן אַ חזירל, וועט דאָס ווײַב ברענגען גערייכערטס. נאָר פאַרלאָזט אונדז נישט. ווײַל דאָס קליינוואַרג ווײַנט אַזוי, אַז גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען.

אויך אין ווענגראָוו איז דער ענין נישט אַזוי לײַכט געווען. דער שול־אינספּעקטאָר איז גלײַך גרייט געווען צו העכערן די לוין־מדרגה און מיר פאַרלײַכטערן די אַרבעט־באַדינגונגען. כ׳האָב אויסגעהערט די אַלע פאַר־

שלאָגן אין אויסערגעוויינלעכער ערגערונג. ווי גערן כ׳וואָלט געבליבן אין דער דאָזיקער שול אפילו אָן אַ העכערונג...

באַזאָרגט, אַז די שול זאָל נישט אויפהערן צו עקזיסטירן נאָך מײַן אַוועקגיין (ס׳האָבן אויסגעפּעלט לערער), און ווײַל כ׳האָב ווײַטער געוואָלט העלפן די ביעדזיעלסקיס, האָב איך פאָרגעלייגט אויף מײַן אָרט די פרײַלין קאַשיע, וועלכע האָט געענדיקט אַ לערער־קורס. דער אינספּעקטאָר האָט דערויף מסכים געווען, באין־ברירה.

ערשט האָב איך אָנגעהויבן אַרײַנפירן זי אין שול. און דאָס איז געווען דאָס שווערסטע, ווײַל די קינדער זענען געווען צו מיר צוגעבונדן מיטן גאַנצן האַרצן. און כל־זמן כ׳בין געווען מיט איר אין קלאַס, האָט זי פאַר זיי נישט עקזיסטירט.

כ׳האָב אין שטוב זי פאָרגעברייט, ווי אַזוי צו לערנען מיט די קינ־דער. אויפגעקלערט איר די פּראָגראַמען, קאָנספּעקטן און מעטאָדן... און טוענדיק דאָס אַלץ, פיל איך ווי דאָס איז נישט וועזנטלעך, איז צווייטראַנגיק... ווען זי זאָל קאָנען זיך אויסלערנען צו ווירקן אויף די קינדער מיט אַ האַנטצערטל. ווען זי וואָלט קאָנען אַרומכאַפּן אַלע קינדערישע קעפּלעך מיט אַ ליכטיקן בליק פון ליבשאַפט... דאָס וואָלט איר געהאָלפן מער ווי אַלערליי מעטאָדן און פּראָגראַמען.

*

אין אַ וווּנדערלעכן פרילינג־פרימאָרגן, וועלכער שײַנט מיט זײַנע קאָ־לירן ווי קרישטאָל. גנבע איך זיך אַרויס פון אָלכאָוועק. כ׳וויל זיך נישט געזעגענען מיט קיינעם, נישט מיט די קינדער אין שול, נישט אין שטוב. דאָס פאַרשאַפט מיר צו שטאַרקע ווייטיק. בעתן אַוועקגיין, ביי דער טיר, יאָגט מיך אָן אירענע. זי איז ראָזלעך פון שלאָף און ס׳שמעקט פון אירע האָר־קרויזן און אָפּגעדעקטן לייב.

— אָך, לענקע, ווי קאָנסטו אָט אַזוי־אַ אַוועקגיין? דו ווייסט ווי מיר אַלע האָבן דיך ליב, פאַרוואָס ווילסטו זיך נישט געזעגענען מיט אונדז?

— איך נעם זיך דערמיט צו שטאַרק איבער... כ׳האָב דאָך אייך אַלע זייער ליב.

— וועסטו צומווייניקסטן אָפּעסן מיט אונדז אַ וואַרעמען פרישטיק.

— איך עס און טרינק שוין מײַנע הייסע טרערן.

— ווילסטו נישט אַ קוק טאָן אפילו אויף די מיידעלעך, אויף גאַגאַן?

— כ׳זע זיי. זע זיי צו שטאַרק... שפּיר גאַגאַס סאַמעטן בעקעלע צו־געדריקט צו מיין באַק. פיל אירע זיסע הענטלעך אַרום מיין האַלדז און הער ווי זי זאָגט: מיין עיא! מיין עיא!

נאָך איין קוש אירענעס. נאָך איין בליק אירער, אַ מבולבלער און גערירטער, און כ׳ווער איינגעשלונגען אין דער, מיט גאָלד, פאַרפלייצטער וועלט. און איך גיי, ווי ס׳זענען געגאַנגען מיינע אָבות פון דור־דורות מיטן פאַרשטויבטן, ווייסן וועג, פון אָרט צו אָרט, פון לאַנד צו לאַנד — אַנטקעגן אומבאַוווסטע צייטן...

# חנה כלאָפּ

כ׳האָב איצט געוווינט אין פּראַניעס פּרעכטיקער וווינונג (פּראַניע האָט עקשנותדיק געטענהט אַז זי איז מיינע). גאַנצע טעג בין איך געווען אַליין, ווייל פּראַניע האָט אַרומגערייזט. כ׳האָב שוין פאַרזוכט אַלע „וווּנדער״ פון דעם הויז: געשפּילט פאַרנאַכט שאָפּענס וווּנדערלעכע נאָקטורנס אויף אַ טייערן „בעכשטיין״; באַגאָסן די נאַסטורציעס אויף דער ווערענדע, פון וועלכער מ׳זעט די שפּיצן פון די בליענדיקע קאַשטנביימער און קלויסטער־קופּאָלן, וואָס מיניען זיך אין גאָלד. האָב זיך יעדן טאָג געמאַכט אַ הייסע וואַנע אין ווייסן, מאַרמאָרענעם וואַנע־צימער ...און זיך איינגערעדט, אַז ס׳איז מיר גוט.

און ווי איז מיר געווען באמת? כ׳בין ווי געהאַנגען אין אַ פּוסטקייט. האָב נישט געקאָנט באַרירן, נישט מיטן געדאַנק נישט מיטן געפיל, קיין שום זאַך. אַלץ, צו וואָס כ׳האָב זיך צוגערירט, האָט מיר ווי געטאָן. ס׳האָט זיך מיר גאָרנישט נישט געגלוסט. אַלע מיינע באַשלוסן האָבן זיך גע־קרישלט ווי אויסגעלאָשענע קוילן. כ׳האָב געוואָלט גיין זוכן פּעליען, און נישט געוווּסט וווּ. נישט געהאַט וועמען צו פרעגן אויף איר. נישט געזען קיין איין באַקאַנט פּנים אַרום זיך. אין דער שטאָט, וווּ כ׳האָב געוווינט לאַנגע צען יאָר, וווּ כ׳האָב געלערנט און געאַרבעט, איז ערשט נישט געווען קיין איין מענטש, וואָס כ׳זאָל אים דערקענען. ס׳זענען געבליבן באַקאַנטע הייזער, גאַסן, ביימער — קיין מענטש איז נישט געבליבן.

כ׳האָב זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער אָט דער שטאָט אָן יידן און גע־

טראַכט: „מיטוואָס פֿאַר אַ רעכט אײגנטלעך בין איך געבליבן לעבן, אויב אַלע זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן?"

ס׳איז געווען אַ וווּנדערלעכער פֿרילינג. די קאַשטאַנבײמער האָבן געבליט אויף די קראָקעווער פּלאַנטן. די גאַסן זענען געווען פֿאַרגאָסן מיט זונשײַן, מיט לעבנס־לוסטיקײט. די שטאָט האָט געשטראַלט מיט איר ספּעציפֿישן מיטלאַלטערלעכן צויבער ווי אַמאָל, ווי תּמיד... נאָר איך האָב גאָרנישט נישט געפֿילט, כ׳בין געווען אָפּגעשטאָרבן פֿאַר דער דאָזיקער שײנקײט.

כ׳האָב אַפֿילו נישט געקאָנט גײן אינמיטן טראָטואַר. האָב זיך געשליכט ווי אַ בעטלער בײַ די ווענט. בין געגאַנגען פֿון אָרט־צו־אָרט און געזוכט פּעליען. אַזאַ מין שטות, ווי די וועלט איז גרויס... כ׳האָב זי געוואָלט טרעפֿן צווישן די פֿאַרבײַגײיענדיקע מענטשן... כ׳פֿלעג גײן אומעטום און אַרײַנקוקן מענטשן אין די אויגן. צײַטנווײַז נאָכגײן גאַנצע שעהן אַ װעלכן מײדל און מורא האָבן זי איבערצויאָגן און פֿאַרקוקן זיך אין איר פּנים — כּדי כ׳זאָל זיך נאָכאַמאָל נישט אַנטוישן... טײלמאָל פֿלעג איך האָבן אומאָנגענעמלעכקײטן מצד פֿרויען, וועלכע כ׳בין נאָכגעגאַנגען. און פֿונדעסטוועגן האָב איך ווײַטער געזוכט. אַנדערש נישט געקאָנט. זיך געפֿונען אין אַ שרעקלעכער נערוון־געשפּאַנטקײט, אין אַ צושטאַנד פֿון אומענדלעכער דערוואַרטונג...

אין אײנעם אַ פֿרימאָרגן האָט מיך אויפֿגעוועקט אַ קלונג. אַן אָרדינערער, אומגעדולדיקער קלונג. כ׳האָב זיך היציק אַ ריס געטאָן פֿון געלעגער אַראָפּ, און בין מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געלאָפֿן עפֿענען די טיר. אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַ הויכע, קנאָכיקע מויד, אין שטיוול מיט כאָליעוועס, מיט אַ מאַנצביליש פּנים און אַ פּויעריש טיכל אויפֿן קאָפּ.

— איז עס לאהלע? האָט זי אַ פֿרעג געטאָן. און, נישט וואַרטנדיק אויף קײן ענטפֿער, אַריבערגעטראָטן מיט אירע לאַנגע פֿיס די שוועל אין קאָרידאָר אַרײַן — צי ווײסטו שוין אַלץ וועגן פּעליען? — האָט זי אַ פֿרעג געטאָן מיט אַ גראָבער, פּויערישער שטים.

כ׳בין נישט אימשטאַנד געווען גאָרנישט איר צו ענטפֿערן, האָב זיך געמוזט אָנשפּאַרן אין דער טיר, כּדי נישט אַנידערצופֿאַלן. מײַן גאַסט האָט עס אַפֿילו נישט באַמערקט, און זיך געלאָזט גלײַך אין צימער אַרײַן. האָט זיך ברײט אַנידערגעזעצט אויף אַ באַקוועמען פֿאָטעל און געזאָגט:

— דו ווײסט אוודאי ווער איך בין. כ׳בין חנה סקאָבעל פֿון

די „שפּילקעס". געדענקסט, מיר האָבן געהאַט אַ שענק. ביי אונדז פלעגן טרינקען פּויערים פון אַלע דערפער אַרום.

אַך, „חנה־כלאַפּ", — האָב איך זיך דערמאָנט. זייער שענק האָט אַזוי געהייסן „אונטער די שפּילקעס". קיין יידיש מיידל פלעגט זיך מיט איר אין גאַס נישט ווייזן. זי איז לחלוטין נישט ענלעך געווען צו קיין יידישקע (און אדאנק דעם אוודאי האָט זי זיך געראַטעוועט). איז בכלל נישט ענלעך געווען צו קיין פרוי. עפּעס אַן אויסטערליש געמיש פון אַ מיידל און אַ פּויער. זי פלעגט אַליין אַרויסוואַרפן פון שענק די שיכורים אין רינשטאָק אַריין. איז אָט די מויד ברענגט מיר ערשט אַ ידיעה וועגן פעליען! וואָס וועל איך באַלד פון אָט דעם מויל דערהערן?

כ'בין געשטאַנען קעגן חנהן אָנגעלענט אין דער טיר, און מיינע ציין האָבן געקלאַפּט איינע אין די אַנדערע.

— פעליע, פעליע, — האָב איך געמורמלט — האָסט זי אפשר געזען? איך האַלט כסדר אין איין זוכן זי...

— צי כ'האָ' זי געזען? — האָט זי זיך צעלאַכט אויף אַ קול — כ'האָ' זי געזען אַזוי, ווי כ'זע דיך. בין געזעסן מיט איר אַזוי, ווי כ'זיץ מיט דיר. כ'אָלט פריער געוועזן געקומען דיר זאָגן, נאָר כ'האָ' געמוזט אַרומפליען צוליבן שענק. האָסט אוודאי געהערט, אַז אָט דער שיכור פּיוועצקי, וואָס האָט געהאַט אויפן מאַרק אַ סטראַגאַן פון פאַרפוילטע גרינוואַרג, האָט ביי מיר צוגענומען דעם שענק. אַז נישט דערלעבן וועט ער עס, זי זאָל ביי אים בלייבן... טאַקע וועגן דער דאָזיקער ספּראַווע בין איך ערשט געקומען. כ'דאַרף האָבן פּראָטעקציע, און פראַניע איז אפּנים אַ גרויסע קאָמיסאַר־קע היינט. ווייל ס'איז שוין די זעכסטע צייט, אַז אַזעלכע גנבים און שיכו־רים זאָלן פוילן אין קרימינאַל... אָבער איצטער רעד איך נישט וועגן דעם. כ'בין ערשט געקומען פאַר דיר עדות זאָגן.

— עדות זאָגן? וועגן וואָס עדות זאָגן? — האָב איך געפרעגט, פי־בערנדיק אינגאַנצן.

— ס'הייסט וועגן וואָס? וועגן דעם ווי די פּיעקאַרסקיס אין פּרושקאָוו האָבן זי אַרויסגעגעבן דער געסטאַפּאָ... אויב דו ווילסט, קאָן איך דיר אפילו שווערן דערויף און זאָגן אַלע קלייניקייטן. איך קאָן זיי דאָך זייער גוט, סיי דעם אַלטן שיכור פּיעקאַרסקי, סיי די שליוכע, וואָס האָט געמאַכט אַן אָנשטעל אַז זי איז זיין ווייב. אָבער כ'זאָג דיר פאָרויס, אַז אויב דו מיט דיין וואַזשנער פראַניען וועלן די דאָזיקע שליוכע נישט אויפהענגען אויפן

העכסטן לאָמטערן, — איז טפו אויף אײער גאַנצער „טילעגענציע" און אויף אײַך אַלע!

שוואַרצע רעדער האָבן זיך מיר אָנגעהויבן דרייען פאַר די אויגן. אויף אײן מאָמענט איז פון פאַר מײַנע אויגן פאַרשווּנדן „חנה־כלאָפּ", און שטאָט איר איז דאָרט געווען בלויז אַ גרויסער שוואַרצער פלעק... דערנאָך זענען ווידער אַראָפּגעשווומען פון דאָזיקן פלעק קלײנע, בײזע אײגעלעך, אַ לאַנגע רויטע נאָז און גרויסע קנאָכיקע הענט.

— כ'האָ' געדינט אין דאָרף לעבן פּרושקאָוו, — האָט זי ווײטער דער־ציילט — בין געווען אַ פאַראַבקע בײַ אַ כלאָפּ. אָבער כ'פלעג פאָרן האַנדלען קײן פּרושקאָוו. כ'על לעבן פון די עטלעכע קאָרטאָפליעס מיט וואַסער, וואָס ד'ער כלאָפּ גיט מיר פאַר דער אַרבעט? זאָל ער זיך נאָך היינט מיט זײַ דערוואָרגן, ווו ער איז! — האָט זי אַ שפּײַ געטאָן — האָב איך בגנבה געהאַנדלט מיטוואָס ס'האָט זיך געמאַכט. כ'האָב געהאַט פון דער היים עטלעכע קופּאָנען שטאָף, און טאָקע אײנעם פון זײ האָב איך געבראַכט פע־ליען צו פאַרקויפן. זי האָט געהאַט אַ סך באַקענטע, האָב איך איר געבעטן זי זאָל אים מיר פאַרקויפן. ווײסט דאָך אַז די דײַטשן האָבן זי באַפרייט פון פּרושקאָווער לאַגער, און כאָטש זי איז געווען אַזאַ גרויסע „רעוואָלו־ציאָנערקע", האָט זי באַקומען אַרבעט און אַרבעטסאָמט.

איר אומגליק איז געוואָרן די וווינונג פאַר איר. ד'ער אַרבעטסאַמט האָט איר צוגעטײלט אַ צימער בײַ די דאָזיקע פּיעקאַרסקיס. מיר זענען זײ גלײַך פון אָנהײב אָן נישט געפעלן געוואָרן, האָב איך עס געזאָגט פע־ליען. זי האָט דאָך אָבער געמוזט זײַן קלוגער פון דער גאַנצער וועלט! ד'איז געווען צופיל זיכער אין זיך. און איך האָ'זיך גלײַך דערקאָנט אויף זײ: זי — אַ שליוכע פון פאַך מיט גנבהשע אויגן, און ער — דער מאַן קלאָמפּערשט — אַ הויקער, אַ גנב, אַ שיכור און אַן אַלפאָנס.

— כ'שווער דיר, — האָט זיך „חנה־כלאָפּ" געשלאָגן אין האַרץ אַרײַן מיט די גרויסע, רויטע קולאַקעס — כ'שווער דיר, אַז כ'האָב פעליען געוואָרנט, איר געזאָגט: — דו קוק באַר אָן אָט די טרייפענע מאָרד'עס, אײ־רע פאַלשע אײגעלעך... גלײב זײ נישט... איך פאַרשטײ זיך אויף אַזעלכע לײַט... ער וועט דאָך פאַר אַ ליטער ספּירט זײַן אײגענע מאַמע פאַרקויפן. אָבער פעליע האָט דאָך געמוזט זײַן אַ „טיליגענטקע", אַלץ ווײסט זי בע־סער... „דו פאַר מיר זאָרג נישט, האָט זי מיר געזאָגט, איכל שוין מײַן שטעטל אַלײן באַשטײן". נו, האָב איך זיך געטראַכט: אַז זי זאָגט, זאָגט זי...

און כ׳האָב איר איבערגעלאָזט מאָנטיק דעם קופּאָן אויף צו פאַרקויפן, און איך האָ׳ באַדאַרפט קומען מיטוואָך נאָכן געלט.

— מיטוואָך בין איך געקומען. ווי נאָר כ׳האָב אריבערגעטרעטן די שוועל, אַז די שליוכע טוט זיך עס נישט אַ וואָרף אויף מיר מיט אַ פּיסק:

— און וואָס טוט איר דאָ? צו דער דאָזיקער פאַרשיוווניצע? די געסטאַפּאָ האָט זי נעכטן צוגענומען, זי האָט געמיינט, אַז זי וועט באַלעבאָסטעווען ביי אונדז אין שטוב. דאָס פעלט מיר נאָך, אַ זשידוווקע אין שטוב האַלטן!

„און וואָס איז מיט מיין קופּאָן, וואָס כ׳האָב איר איבערגעלאָזט צום פאַר־קויפן? כ׳האָ׳ דאָך נישט געוווּסט, אַז זי איז אַ יידישקע... איך דאַרף ליידן היזק, וואָס? ער איז דאָך איבערגעבליבן. גיט מיר אים אָפּ״.

— דעמלט האָבן זיך ערשטביידע אויף מיר אַ וואָרף געטאָן מיט פּיסקעס: — אויב איר האָט געמאַכט מיט איר שאַכער־מאַכער, וועלן מיר עס אויך מעלדן אין געסטאַפּאָ. און גייט אייך אָפּנעמען אייער קופּאָן אין געסטאַפּאָ. געגאַנגען!

— און ז׳האָבן הינטער מיר פאַרהאַקט די טיר. ז׳האָבן שוין גאָר־נישט באַדאַרפט פאַרהאַקן, ווייל כ׳בין אַליין געלאָפן, ווי אַ ווילד אייזל...

— נו, איצט זעסטו שוין, ווייסט שוין, ווער ס׳האָט זי געמסרט? זיי האָבן זי געמסרט, פּיעקאַרסקי מיטן ווייב. מ׳האָט אים באַצאָלט צוויי קילאָ צוקער. דעם צוקער האָט ער פאַרטוישט אויף „בימבער״ (נישט ־געלייטערטער בראָנפן) און דעם אייגענעם אָוונט אויסגעזשליאָקעט. און שיכורערהייט אַלץ אויסדערציילט. די גאַנצע שטאָט האָט זיך עס דערוווּסט.

— אָט האָסטו זייער אַדרעס. הוצדעם האָבן זיי אויך אַ געוועלב אויפן מאַרק, אויך אַוועקגערויבט ביי אַ יידן. פאָר אַהין און גיב זיי איבער. האָסט דאָך פראַנקעך, קאָנסטו זיי פאַר אַלץ באַצאָלן. און איך, ווי כ׳האָ׳ דיר צוגעזאָגט, וועל אויף אַלץ עדות זאָגן. און אַז דו ווילסט, ׳על׳ך אפילו אַ שבועה געבן דערויף, אַז זיי האָבן זי אַרויסגעגעבן.

— ווען איז עס געשען?

— דערין טאַקע שטעקט די גאַנצע נבלה פון די דאָזיקע גוים. ז׳האָבן זי אַרויסגעגעבן דריי טעג פאַרן אָנקומען פון די סאָוועטן. סאַמע פאַר דער באַפרייונג...

איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער שטול און בין נישט געווען אימ־שטאַנד צו רעדן.

— זיי מיר מוחל, חנה, — האָב איך קוים אַרויסגערעדט מיט די

לעצטע כוחות — כ׳פיל זיך נישט גוט. אפשר װעסטו קומען אַן אַנדערס מאָל...

— כ׳קאָן גײן, אַז דו פאַרלאַנגסט עס, — האָט זיך חנה לחלוטין נישט באַלײדיקט — כ׳על קומען װען פראַנקע װעט זײן. כ׳דאַרף האָבן אַ באַשטע־טיקונג אויפן שענק. און װאָס כ׳האָ צוגעזאָגט, האָב איך צוגעזאָגט. אַז ׳עסט װעלן, על׳ך דיר צו יעדער צייט עדות זאָגן, כ׳על אפילו שװערן אין גע־ריכט.

חנה איז אַװעק. כ׳בין געבליבן אַלײן. כ׳האָב געהאַט פאַר זיך אַ גאַנ־צנקן טאָג. אַ גאַנצן און לײדיקן טאָג! און אַזעלכע טעג זענען פאַרגעשטאַנען אַ סך, אַ סך... סאַר אַ קאָשמאַר! כ׳האָב זיך צוריקגעלײגט אין בעט אַרײן. ס׳האָט זיך מיר נישט געגלוסט, נישט עסן, נישט זיך אָנטאָן. בין איך אַזױ געלעגן דעם גאַנצן טאָג פאַרקוקט אין סופיט אַרײן.

דעם גאַנצן טאָג האָב איך געזען פעליען... זי געזען אין איר יעדער באַװעגונג באַזונדער, אין יעדן קאָליר באַזונדער. געהערט אירע טריט, װען זי איז געגאַנגען איבער די פּרושקאָװער גאַסן מיט די זשאַנדאַרן פון געס־טאַפּאָ... געזען די גרויליקע קעלערן פון דער געסטאַפּאָ, זײערע טאָר־טורן־מכשירים... געזען װי די קאָלירן אויף איר פּנים װערן אַלץ מער פאַרשװונדן, װי אירע ליפּן װערן אַלץ בלאָער, װי אירע אויגן בלאָנדזשען און זוכן הילף, און דער גוף װאַרפט זיך אין די לעצטע װײען. כ׳האָב דורכגעלעבט אירע לעצטע רגעס. געפילט דאָס פײער פון איר װײטיק אין אײגענעם לײב, געהערט איר געשרײ, איר פאַרצװײפלונג און איר רוף צום לעבן.

כ׳האָב זיך דערמאָנט אירע װערטער אין טויער אויף נײװועלט: „און איך גאַר אַזױ צו לעבן... כ׳האָב ליב דאָס לעבן און די מענטשן און װיל אַזױ דערלעבן די צייט נאָך דער מלחמה"... פעליע, פעליע! פאַרװאָס לעב איך, און דו נישט? פאַרװאָס, פאַרװאָס?!

ס׳זענען אַריבער שעהען. די זון האָט זיך שוין גענומען זעצן, אויס־לעשן. לאַנגע שאָטנס זענען געקראָכן איבערן סופיט, איבער די טונקעלע װינקלען, איבער דעם אומבאַװעגלעכן, שטומען מעבל.

אין שופלעדל פון טיש, אויף דער צװײטער זײט פון ברײטן בעט, האָב איך געהאַט ליגן סם. נישט דעם װײלטױענדיקן ציאַנקאַלי, פון װעלכן מ׳שטאַרבט תיכף־ומיד, נאָר צװײ טובעס װעראָנאַל, צו װעלכע מ׳דאַרף נאָך צוטרינקען עטלעכע פלעשער װאַסער און פאַװאָליע־פאַװאָליע דרימלט מען

איין... כ׳וועל איינשלאָפן ווי אָט דער פרילינג־טאָג, האָב איך געטראַכט, צוזאַמען מיט זיין שיינען און שאַטנס, אין מחשבות וועגן פעליען... כ׳וועל זיין פריי פון ווייען, און ס׳וועט מיר זיין גוט...

אָבער ס׳האָט זיך מיר נישט געגלוסט אַראָפּגיין פון געלעגער, זיך צו טאָן אַ מינדסטן ריר, צו גיין נעמען וואַסער... כ׳בין געווען פולשטענדיק פאַרשטייפט, אָן ווילן. האָב נישט געקאָנט עפענען די אויגן. מיין גוף האָט נישט געוואָלט פאָלגן די באַפעלן פונעם ווילן. ער איז געלעגן פאַרגליווערט, פאַרשטיינערט. אַלציינס, האָב איך געטראַכט, וועט זיין שפּעטער אַ ביסל...

און אַזוי בין איך פאַרזונקען אין אַ שווערן שלאָף.

ס׳האָט מיך אויפגעוועקט דער גרילץ פון אַ שליסל וואָס דרייט זיך איבער אין שלאָס און דער שאַרפער בליאַסק פון עלעקטריש ליכט. אין דער טיר איז געשטאַנען פראַניע.

— אַזוי פרי האָסטו זיך געלייגט שלאָפן? — האָט זי אַ פרעג געטאָן — ס׳איז נאָכנישט ניין אַזייגער. כ׳האָב דיר געבראַכט אַ גאַסט. טרעף ווער ס׳וואַרט אויף דיר אין צווייטן צימער?

כ׳האָב זיך אַ ריס געטאָן פון בעט. אָן באַוווּסטזיין, ווי אַ טרינקענדיקער פון וואַסער־געווירבל:

— ווער וואַרט אויף מיר? ווער? זאָג, פראַניע, שנעלער! אפשר פעליע? אפשר איז דאָס געווען בלויז אַ קאָשמאַר, וואָס כ׳האָב היינט איבערגעלעבט?

— אָבער לענע, — האָט זיך פראַניע דערשראָקן — ווי דו זעסט אויס, די אויגן זענען דיר אינגאַנצן געשוואָלן. וואָס איז מיט דיר געשען? אייל זיך נישט אַזוי. ס׳איז בלויז דיין שול־חברטע טאָליע מעל. כ׳האָב זי באַגעגנט אין גאַס און אַהערגעבראַכט. געמיינט, ס׳וועט דיר זיין אָנגענעם זי צו זען. אָבער טו זיך אָן ווי ס׳געהער צו זיין, ווייל ס׳איז דאָ מיט איר אַ מאַנצפּאַרשוין. אַ פּאָליאַק, וועלכער האָט זי געראַטעוועט. ער האָט, ווייזט אויס, גענומען מיט איר אַ קאַטוילישע חופּה און באַטראַכט זיך פאַר איר מאַן. און דערווייל האָט זיך איר יידישער מאַן אומגעקערט און וויל זי נישט אָפּטרעטן. האָט זי איצטער צוויי מענער און גייט מיט זיי ביידע אומעטום.

— וואָס? אויך אַהער איז זי געקומען מיט אירע ביידע מענער?

— גיין, בלויז מיטן פּאַליאַק. אייגנטלעך איז זי געקומען צו דיר, דיר עפּעס דערציילן.

— כ׳ווייס, זי ברענגט ידיעות וועגן פּעליען.

— פון וואַנען ווייסטו? — האָט פראַניע אויפגעציטערט.

— זיך דערוווּסט. ס׳איז היינט אַ טאָג, אין וועלכן זי באַזוכט מיך...

פראַניע האָט אויף מיר אַ בליק געטאָן באַזאָרגט און איז אַרויסגעגאַנגען אין קיך, צוגרייטן טיי פאַר די געסט. און איך האָב זיך אָנגעטאָן און בין אַריינגעגאַנגען צו זיי.

ביים טיש איז געזעסן אַ יונגע פיין־געבויטע פרוי. לעבן איר — אַ פּאָמאַדירטער פראַנט מיט אַ שראַם אויף אַ באַק.

— וואָס מאַכסטו, לאהלע? — האָט זיך טאָליע געוואָרפן אין מיינע אָרעמס מיט פּלוצימדיקער ליבע — דערלויב דיר פאָרצושטעלן קאַראַלעקן, מיין פריינט און אַפּיעקון.

— מיין מאַן, קעצעלע, — האָט ער אויסגעבעסערט אין אַ האַרציקן טאָן.

— יאָ, נאַטירלעך, מיין מאַן, — האָט זיך טאָליע אָנגעצונדן — אפשר ווייסטו, אַז קאַראָלעק האָט געראַטעוועט סיי מיך, סיי מיין מעכטערל, געניען. אים צו פאַרדאַנקען לעבן מיר היינט.

— און אַדאַנק מיינע פריינדינס, קעצעלע... וועלכע אַכטן מיך און שעצן. וועלכע האָבן מיך ליב און פאָלגן... זיי האָבן דיך, קעצעלע, אויסבאַהאַלטן.

— יאָ, ס׳איז ריכטיק. קאַראָלעקס פריינדינס האָבן מיך געהאַלטן די גאַנצע צייט ביי זיך אין לאָדזש, לויט קאַראָלעקס באַפעל. און כאָטש אַ סך יידישקעס און יידן, באַהאַלטענע ביי זיי, האָבן זיי אויסגעגעבן, נישט געקוקט וואָס זיי האָבן באַקומען גוט באַצאָלט, האָבן זיי מיך מיט מיין געניען געראַטעוועט... אַלץ צוליב זייער סימפּאַטיע פאַר קאַראָלעקן.

— אַדאַנק ליבע, דער ליבע, קעצעלע, ביי מיר עקזיסטירט בלויז ליבע. מיינע פריינדינס האָבן מ י ך ליב, איך ווידער — ד י ך...

דערווייל איז פראַניע אַריינגעקומען אין צימער מיט טיי און קיכעלעך. טאָליע האָט צערעמאָניאַל באַדאַנקט און צוגעטראָגן די קיכעלעך צום מויל מיט אַ באַזונדערע איידלקייט, אויפהייבנדיק דערביי הויך דאָס קליינע פינגערל. פאַן קאַראָלעק האָט געכליעפּטשעט זיין טיי אויף אַ קול. איך האָב נישט געקאָנט עסן און נישט טרינקען. האָט געוואָרט געשפּאַנט אויף דער רגע ווען מ׳וועט נעמען רעדן וועגן פּעליען.

מיטאַמאָל האָט זיך טאָליע אַ ווענד געטאָן צו מיר:

— הער, לאהלע, דיין פעליע איז געווען אין פּרושקאָוו?

— יאָ, אַזוי האָט מיר דערציילט חנה כלאַפּ.

— ווייל, זעסטו, לענע, די זאַך איז אַזוי: קאַראָלעקס אַ פריינדין, די ביי וועלכער כ׳בין געווען די לעצטע צייט באַהאַלטן אין לאָדזש, האָט געהאַט אַ חברטע אין פּרושקאָוו. איינמאָל איז זי געקומען קיין לאָדזש און דערציילט, אַז ביי זיי האָט געוווינט אַ קליינע, רויטלעכע יידישקע. די דאָזיקע יידישקע, האָט איר מאַן איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ. זי זאָל האָבן אים געבעטן ער זאָל עס נישט טאָן, אָבער ער איז געווען שיכור און האָט געוואָלט באַקומען ספּירט... שפּעטער האָט מיר ווער נאָך דערציילט, אַז פעליע איז געווען אין פּרושקאָוו. איז ווייס איך אַליין נישט, און בין געקומען דיר פרעגן צי פעליע לעבט. צי איז עס געווען זי, אָדער נישט זי?

— ווי האָט זי געהייסן די „געערטע פּאַני״ פון פּרושקאָוו? האָב איך אַ פרעג געטאָן פאַרחלשט.

— ווי האָט זי געהייסן, קאַראָלעק? — האָט זיך טאָליע געוואָנדן צו איר „מאַן״.

— אַך, די אַלטע זונה פון פּרושקאָוו, וואָס האָט לעצטנס געוווינט אין פּרושקאָוו מיטן הויקערדיקן פּיעקאַרסקי? אויך אַ פּאַרעלע! דאָס איז דאָך געווען די „רויטע פעלקע״! — האָט ער זיך צעלאַכט אויף אַ קול.

כ׳האָב אַריינגעקוקט אין צעטעלע, וווּ כ׳האָב פאַרשריבן דעם אַדרעס, וואָס חנה האָט מיר געגעבן. ס׳איז געווען פאַרשריבן „פּיעקאַרסקי״.

כ׳האָב ווי אין חלשות אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפן האַרץ. טאָליע האָט פאַרשטאַנען די לאַגע.

— קום, קאַראָלעק, — האָט זי אים אַ זאָג געטאָן — לאָמיר שוין גיין. מיין פריינדין פילט זיך נישט גוט.

ווען די טיר האָט זיך הינטער זיי פאַרמאַכט, איז מיין שוואַכקייט אַריבער. כ׳האָב זיך געזעצט לעבן פראַניען און איר דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון אָנהייב אָן.

— מ׳דאַרף מיט די מענטשן אַ סוף מאַכן, — האָב איך פאַרענדיקט — מיר האָבן זייער פאַמיליענאָמען, דעם אַדרעס, עדות. מ׳דאַרף פאָרן קיין פּרושקאָוו און זיי איבערגעבן אין די הענט פון זיכערהייטסאַמט. דו האָסט פאַרבינדונגען, קאָנסטו די זאַך אונטערראַיילן.

פראַניע איז געזעסן, דער קאָפּ אָנגעלענט אויף די האַנטפלאַכן, און זיך נישט אָפּגערופן. לסוף האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— וואָס וועט דאָס העלפֿן? מיר וועלן זי דערמיט לעבעדיק מאַכן?

כ׳בין פֿאַרגליווערט געוואָרן. פֿאַרוואָס רעדט זי אויף אַ קול דאָס, וואָס איך וואָג נישט צו טראַכטן?

— לאָמיר נקמה נעמען! — האָב איך פֿאַרצווייפֿלט אַ געשריי געטאָן

— נקמה נעמען פֿאַר איר און פֿאַר אונדזער קריוודע!

— נישט מיט נקמה, נאָר מיט קאָנסטרוקטיווער אַרבעט דאַרף מען בויען דאָס נייע לעבן.

— אָבער ווי קאָן אונדזער אַרבעט זיין אַ קאָנסטרוקטיווע, — האָב איך געצאָרנט — אויב אַזעלכע לייז, אַזעלכע גנידעס שטעקן נאָך אין דער געזעלשאַפֿט? אַזעלכע דאַרף מען אויסראָמען, פֿאַרטיליקן!

— שרעק זיך נישט, מירן קומען דערצו. דאָס איז פֿאַראַן אין אונדזער פּראָגראַם. מיר וועלן אויסראָמען די אַלע פּלאָגן.

— איז וואָס, — האָב איך אַ פֿרעג געטאָן — פֿאַרסטו מאָרגן קיין פּרושקאָוו, צי ניין?

— כ׳קאָן נישט, — האָט זי געענטפֿערט — כ׳האָב אַ דרינגענדיקע דינסטלעכע נסיעה.

כ׳האָב געשוויגן און בין צוריקגעגאַנגען אין שלאָפֿצימער. אַ גאַליקע ביטערניש האָט זיך אין מיר צעגאָסן. — זי קאָן, נאָר וויל נישט, — האָב איך געזאָגט צו זיך אַליין.

כ׳בין געלעגן אַ פּאַריאַושטע: איז אפֿילו דאָס טאָרן מיר נישט?

אָבער גלייכצייטיק האָב איך געפֿילט, אַז כ׳ווער באַהערשט פֿון אַ נייער כוואַליע פֿון אומבאַהאָלפֿנקייט. „וואָס וועט דאָס העלפֿן? וועלן מיר זי דערמיט לעבעדיק מאַכן?“, האָב איך איבערגעחזרט פּראַניעס ווערטער.

## מיטן שליאַך פֿון דער וויסנשאַפֿט

פֿונדעסטוועגן בין איך געפֿאָרן קיין פּרושקאָוו. כ׳האָב געוואָלט זען מיט מײַנע אייגענע אויגן דעם פֿאַרשווין וואָס האָט פֿאַרקויפֿט מיין שוועסטערס בלוט און איר לעבעדיק לייב פֿאַר אַ ליטער ספּירט. כ׳האָב געזוכט די פּיעקאַרסקיס לויטן אַדרעס וואָס חנה האָט מיר געגעבן, נאָר זיי דאָרט נישט דערוויסט. געזוכט זייער געוועלב אויפֿן מאַרק, און נישט געקאָנט געפֿינען. געפֿרעגט ביי אַ סך מענטשן, אָבער קיינער האָט מיר וועגן זיי

גאָרנישט נישט געזאָגט. און אפשר האָבן זיי מיר נישט געוואָלט זאָגן וועגן זיי, ווייל זיי האָבן אָנגעקוקט מיין פּנים?

כ׳האָב אָריינגעטראָגן אַן אָנקלאַגע אין געריכט. ס׳האָט זי געגומען ביי מיר אַ קליינער, אויסגעטריקנטער באַאַמטער און אַריינגעשטופּט גלייכ־גילטיק אין אַ שופלאָד צווישן אַ סך אַנדערע אָנקלאַגעס. אַ פאַרצווייפלטע האָב איך זיך געוואָנדן צו דעם עפנטלעכן זיכערהייטסאַמט אין פּרוש־קאָוו. זיי אַליין דערציילט. אָנגעגעבן עדות, אַדרעסן, באַוויזן. געפרעגט צי זענען פאַרבליבן וועלכע דאָקומענטן פון דער געסטאַפּאָ אין פּרושקאָוו? אפשר וועלכע שפורן נאָך די אומגעקומענע? אפשר זענען נישט אַלע אומ־געבראַכט געוואָרן? אפשר האָט מען זיי אַרויסגעפירט קיין דייטשלאַנד? אַנדערע זענען דאָך אַרעסטירט געוואָרן אין די לעצטע מינוטן... און אפשר ווייסט דער פּיעקאַרסקי וואָס איז איר געשען? זאָל מען אים אויפזוכן. כ׳פאַרלאַנג שוין נישט זיין טויט, כ׳זוך בלויז די שפורן פון מיין שוועס־טער. כ׳בין געגאַנגען פון צימער צו צימער, פון באַאַמטן צו באַאַמטן. האָב געבעטן, געוויינט, אויפגעקלערט. און אומעטום געזען די זעלבע פּני־מער, וואָס דריקן אויס געמאַכטן מיטגעפיל. נאָך ערגער — כ׳האָב געזען אפילו ביי אַן אמת מיטפילנדיקן, זיין אומבאַהאָלפנקייט קעגן דער וויר־קלעכקייט. האָב זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן האָבן נישט איבערגעלאָזן קיין שום דאָקומענטן. האָבן באַוויזן צו פאַרניכטן און פאַרברענען אַלץ. האָבן זיי דאָס אויך באַוויזן צו טאָן מיט די לעבעדיקע מענטשן?

כ׳האָב זיך אומגעקערט פון פּרושקאָוו אַ גאָך מער צעבראָכענע, ווי פאַרן פאָרן אַהין. געהאַט אַ פאַרבאַרגענעם כעס אויף פראַניען. ווען זי, ווי אַן אַמטלעכע פּערזאָן, וואָלט געווען פאָרן מיט מיר, וואָלט אַלץ אַנ־דערש אַרויסגעקומען. אָבער זיי, די קאָמוניסטן, איז דאָך נישט דערלויבט צו האָבן משפּחהדיקע געפילן...

כ׳האָב אָנגעהויבן אַנטלויפן פון שטוב. האָב נישט געקאָנט קוקן אויף דעם פּאָטעל, אויף וועלכן ס׳איז געזעסן חנה־כלאָפּ, אויפן טיש, ביי וועלכן ס׳איז געזעסן טאָליע מיט איר קאַראָלעקן... ס׳האָט מיך עפּעס גע־טריבן פון שטוב. כ׳האָב זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער שטאָט פון איינ־דערפרי ביז שפּעט ביינאַכט. פאַרגעסן די צייט פון עסן און שלאָפן. פאַרלוירן דאָס געפיל פאַר צייט און ציל. בין אָפט שטיינגעבליבן אויף אַ ראָג גאַס און האָב נישט געוווּסט וווּהין איך גיי און צוליב וואָס... כ׳האָב פאַרגעסן וועגן דער עקזיסטענץ פון פראַניען און פון אַלע. ס׳האָט מיך געטריבן אויף

אַלץ װײַטע װעגן װאָס האָבן נישט קײן סוף. ביז די פּיס פלעגן מער נישט װעלן מיך פֿאָלגן, און כ׳האָב שױן נישט געקאָנט גײן. בין איך געבליבן ליגן אין שטוב, אַ גלײַכגילטיקע צו אַלץ.

פּראַניע האָט גענומען קוקן אױף מיר מיט אַלץ אַ גרעסערן אומרו. האָט פּרובירט װעקן אין מיר דעם פֿאַרשטאַנד:

— זעסטו, איך האָב דיך גלײַך געראָטן זיך נעמען צו פּראָדוקטיװער אַרבעט, װעלכע זאָל דיך אינגאַנצן אײַנשלינגען. װאָלסטו נישט געװען דערגאַנגען צו אַזאַ צושטאַנד, װי איצטער.

כ׳האָב געשװיגן.

— דו מוזט זיך אומקערן צו אַרבעט, צום לעבן. אױב װעסט כסדר טראַכטן װעגן פּעליען, װעסטו נישט פּעיק זײַן אָנצוהײבן אַ נײַ לעבן.

— איז מײנסטו, — האָב איך זיך פּאַװאָליע אױפגעהױבן פון געלעגער און אָנגעהױבן צו אַטאַקירן — אַז מיר אַלע, װעלכע האָבן איבערגעלעבט די מלחמה, דאַרפן אַ צװײט מאָל דערמאָרדן אונדזערע דערמאָרדעטע ברידער ?

— װאָס הײסט, דערמאָרדן די דערמאָרדעטע ? — האָט פּראַניע נישט פֿאַרשטאַנען.

— יאָ, דערמאָרדן, דערמאָרדן ! — האָב איך זיך געװאָרפן אױפן בעט — דערמאָרדן אין זיך זײער געדעכעניש, הײסט דערמאָרדן אַלץ װאָס ס׳איז פון זײ געבליבן ! װײל קײן מצבות אױף זײ זענען נישטאָ, און זײער אַש איז נישטאָ, און זײערע קינדער זענען נישטאָ, און אפילו זײערע שאָפונגען זענען נישטאָ. געבליבן זענען נאָר מיר, די צעקרימטע און צעקאַלעטשעטע רעשטלעך. מיר זענען ערשט די אײנציקע, װעלכע טראָגן אין זיך זײערע געדעכענישן. איז װילסטו איצטער, אַז אױך דאָס געדעכעניש זאָל פֿאַרשװינדן, דער שאָטן פון זײער שאָטן... צי הײסט דאָס נישט ענדגילטיק דער־מאָרדן די אומשולדיק דערמאָרדעטע ?

— ביסט מגזם. שטעלסט די זאַך אױף דער שאַרף פון מעסער... נאָר אַז דו טוסט שױן אַזױ, װעל איך דיר אױך ענטפערן שאַרף: אַזױ איז עס. מ׳דאַרף פֿאַרגעסן, מ׳מוז פֿאַרגעסן. אױב דו װילסט לעבן, האָסטו נישט קײן אַנדער אױסװעג. מוזט אױסװײלן אָדער דעם װעג פון לעבן, אָדער דעם װעג פון טױט. קײן מיטלװעג עקזיסטירט נישט.

נישט געקוקט אױף מײַן עמאָציאָנעלער קעגנערשאַפט צו פּראַניעס אָנשװיונגען און שנײַדיקן סטיל פון „דו מוזט" און „ס׳איז דײַן פליכט", —

איז אין מיר עפּעס פאַרבליבן נאָך אָט דעם שמועס: דאָס אַוועקשטעלן די פראַגע אויף דער שאַרף פון מעסער — „לעבן, אָדער שטאַרבן". ווייל דאָס לעבן האָט געפאָדערט אומבאַדינגט צו פאַרגעסן וועגן דעם טויט. אין צווייטן פאַל וואָלט דער מענטש נישט מסוגל געווען צו לעבן. איז דאַרף מען זיך שנעל באַשליסן: אַהער, אָדער אַהין; יעדער אַנדער וועג איז נישט מער ווי אַן אילוזיע.

און שטייענדיק פּנים־אל־פּנים קעגן דאָזיקן נאַקעטן אמת, אָן פאַרהילונג און פאַרנעפּלונג, האָב איך באַשלאָסן אַ לעצט מאָל נאָך צו פאַרזוכן דאָס לעבן.

אין איינעם אַן אַפּריל־פרימאָרגן האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט צום פּע־דאַגאָגישן סטודיום פונעם יאַגעלאָנער אוניווערסיטעט, אויף סטראַשעווסקי־גאַס. בין אַריינגעגאַנגען אין דעם מיר באַקאַנטן, טונקעלן און שמאָלן וואַרט־צימער און האָב געוואַרט אויפן פּראָפעסאָר. ס'האָט דאָ געווימלט פון סטו־דענטן און סטודענטקעס, אָבער כ'האָב קיינעם פון זיי נישט דערקענט. פון מאָל־צו־מאָל האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אויף וועלכן פּנים דערקען איך באַקאַנטע שטריכן... אָבער ווי געענדערט ס'האָט זיך דער אויסדרוק פון אָט דעם פּנים. ווי פאַרוועלקט און פאַרענדערט. די סטודענטקעס האָבן געטראָגן גראָבע שיך מיט הילצערנע זוילן, און זייערע הענט — רויטע, אָפּ־געפרוירענע. אַ שווערע דעפּרעסיע און האָפענונגסלאָזיקייט איז געלעגן אויף זייערע אַלעמענס פּנימער. כ'האָב זיך דערמאָנט אין דער פאַרמלחמה־צייט... וויפל לעבן, וויפל געלעכטער און פרייד האָבן פול געמאַכט אָט דאָס וואַרטצימער. דער אַלטער שולוועכטער וואַלערי פלעגט אַריינברענגען אויף אַ טאַץ, טיי מיט קרעם־טאָרטלעך, און בעת טיי־טרינקען פלעגן געשלאָסן ווערן באַקאַנטשאַפטן, פלעגן פאַלן געפעפערטע וויצן און „אָפּשאַצונגען" איבער די פּראָפעסאָרן... נאָכן סעמינאַר פלעגט געווייינלעך אונדזער גאַנצע חבריא אַריינפאַלן אין דעם היסטאָרישן „גרוב" פון מיכאַליקן, וואָס אויף פלאָריאַנסקי־גאַס, און דאָרט, אין דער דאָזיקער פינצטערער הייל, די באַ־צירטע מיט די סאַמע בעסטע פּרעסקעס פון פוילישע מאָלער, ממשיך זיין אונדזערע דיסקוסיעס, פאַרענדיקן דעם רעשט פון אונדזער אינטעלעק־טועלער אוניווערסיטעט־סעודה... ווי מיזער און בלאַס האָבן אויסגעקוקט די נאָכמלחמהדיקע סטודענטן אין ליכט פון די דאָזיקע זכרונות.

ס'איז ענדלעך געקומען מיין ריי. פּראָפעסאָר שומאַן האָט געעפנט די טיר און מיך אַריינגעבעטן. ער איז געווען אַ נידעריק־וווקסיקער און

געהאַט צעשויבערטע האָר איבערן גרויסן בולטן שטערן. אין מויל — די פּייקע, מיט וועלכער ער האָט זיך קיינמאָל נישט צעשיידט.

— כ׳ווייס נישט, צי דער הער פּראָפעסאָר געדענקט מיך, — האָב איך אָנגעהויבן מיט אַן אומדרייסטקייט, ביז ווייטיק — איך הייס לענע רע־ליטש. כ׳האָב געשריבן פאַרן פּראָפעסאָר אַן אַרבעט וועגן דער אַנטוויקלונג פון שפּראַך־אינטעליגענץ ביי שול־קינדער. דאָס האָט געזאָלט זיין מיין די־סערטאַציע צום ענדגילטיקן פּאַרטיידיקן, אָבער ס׳האָט אויסגעבראָכן די מלחמה... איך בין אַ יידישקע, — האָב איך פאַרענדיקט מיט אַ ציטער אין דער שטים.

דער פּראָפעסאָר האָט אַרויסגענומען די פּייקע פון מויל און אויף מיר וואַרעם אַ קוק געטאָן. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט, געמאַכט אַ קרייז אַרום גרויסן שרייבטיש און מיר אויסגעשטרעקט די האַנט.

— ווי זאָל איך אייך נישט געדענקען, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שטי־לער, וואַרעמער שטים — כ׳געדענק אויסגעצייכנט. כ׳האָב זיך שוין נאָכ־געפרעגט אויף אייך. און כ׳געדענק אויך אַלע אַרבעטן. אַ רייכער מאַטע־ריאַל, נישט קיין שלעכטע באַאַרבעטונג, אָריגינעלע געדאַנקען ...אַ שאָד דאָס אַלץ איז פאַרלוירנגעגאַנגען. די דייטשן האָבן אַלץ אַרויסגעפירט. אויסגעליידיקט די ביבליאָטעקן און אַרכיוון. צוגענומען ביי מיר אַלץ, וואָס כ׳האָב געהאַט אין מיין שרייבטיש, אַלע כתב־ידן. אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד! אָבער פאַרפאַלן. דער עיקר, וואָס מיר זענען לעבן געבליבן. איצט וועלן מיר זיך נעמען אויפסניי צו דער אַרבעט. כ׳אַרבעט ערשט איבער אַן ענ־ציקלאָפּעדיע פאַר פּסיכאָלאָגיע. און איר וועט מיר זיין אומבאַדינגט ניי־טיק.

— איז עס ווירקלעך אַזוי? צי מיינט דער הער פּראָפעסאָר, אַז איך קאָן נאָך בוצלעך זיין פאַר וועלכער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט? צייטנווייז ד׳אַכט זיך מיר, אַז כ׳בין אַן אויסגעליידיקטע אינגאַנצן...

— עך, דאָס איז בלויז אַ סוביעקטיוו געפיל, ווי אַ אויסגאַנג פון דער נערוון־געשפּאַנטקייט אין דער מלחמה־צייט. דאָס וועט איבערגיין אין דער אַרבעט... אויך איך האָב נישט ווייניק איבערגעלעבט. דעם זעקסטן נאָוועמ־בער האָט מען אונדז פאַרנומען גלייך פון זאַל. הונדערט זיבעציק פּראָפע־סאָרן און דאָצענטן פון אונדזער אוניווערסיטעט, קיין דאַכאַו. קוים הונ־דערט האָבן איבערגעלעבט. אויך איך האָב באַקומען מיין חלק — קורץ, אָבער שאַרף. יאָ, שאַרף. נאָר אייך, יידן — שוין לחלוטין אוממענטשלעך...

גלייכער נישט צו רעדן וועגן דעם. דער עיקר, וואָס דאָס אַלץ איז שוין אַריבער. איצט דאַרף מען אָניאָגן די פאַרלוירנגעגאַנגענע צייט און זיך נעמען צו דער אַרבעט. באַלד, באַלד, — דאָ האָט ער גענומען איבערמישן די בלעטלעך פונעם קאַלענדאַר — וואָסער טאָג האָבן מיר היינט? אָט, פרייטיק. כ׳וואָלט וועלן איך זען ביי זיך גלייך נאָך זונטיק. כ׳וועל צוגרייטן פאַר איך געוויסע טעזן... כ׳וואָלט וועלן איר זאָלט באַאַרבעטן די טעמע „די אַנטוויקלונג פון קאָנסטרוקטיווע פעיקייטן ביי קינדער פון זייערע ערשטע יאָרן”. איר וועט קאָנען באַקומען אייער טיטול פאַר דער דאָזיקער אַרבעט. כ׳וואָלט וועלן איר זאָלט אַריבערשפּרינגען די „אייזלקלאָדקע”, ווי דאָס הייסט ביי אייך. איך בין שוין אַלט און דאַרף האָבן ווער ס׳זאָל ממשיך זיין מיין אַרבעט... היינט דאַרף מען זאָרגן, מער ווי פריער, פאַר דעם המשך פון דעם וויסנשאַפטלעכן געדאַנק...

דער פּראָפעסאָר האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און געקוקט אויף מיר מיט גוטע, גרויע אויגן, און ביי מיר אין האַרצן ווידער, האָט זיך אַלץ צעשמאָלצן... כ׳האָב געוואָלט אים עפּעס ענטפערן, אָפּדאַנקען, און נישט געקאָנט. האָב קוים עטלעכע ווערטער פון זיך אויסגעדריקט:

— כ׳וועל קומען, הער פּראָפעסאָר... כ׳וועל זיכער קומען.

ווען כ׳בין אַרויסגעקומען פון סטודיום, בין איך געגאַנגען פּאַמעלעך און געהיט. האָב אויסגעמיטן מענטשן, ווי אַ גנב וואָס טראָגט אַוועק אַן אומשאצבאַרן אוצר. האָב זיך געשראָקן צו רעדן מיט וועמען עס איז, מ׳זאָל פון מיר נישט אַוועקבלאָזן מיין ניי, נאָך שוואַך און קרישלדיק גלויבן אין דעם מענטשן...

פון דעם טאָג אָן האָב איך אָנגעהויבן מיין אַרבעט. אויסער איר איז מיך גאָרנישט נישט אָנגעגאַנגען. מיין ביוראָ־טיש איז געשטאַנען לעבן דער וועראַנדע, אין פּרעכטיקן סאַלאָניק, און מ׳האָט געקאָנט זען פון דעם אָרט די גרינע סטעזשקעס פון די פּלאַנטן און די באַוועגונג פון די דאַראָזשקעס און די פּיסגייער. אָבער איך האָב עס איבערגערוקט און געאַרבעט מיטן פּנים געוואָנדן צו דער וואַנט. האָב געאַרבעט איבער דעם שווערן פאָרוואָרט צו מיין אַרבעט — איבער דעם פּראָבלעם, ווי ס׳ווערט ביים קינד געשאַפן דער באַגריף, חלל. ס׳איז מיר נישט לייכט געווען צו אַרבעטן. מיין געדאַנק איז מיד געוואָרן און — האָט זיך איבערגעריסן. כ׳האָב געמוזט פון צייט־צו־צייט זיך אָפּרוען, שלאָפן אפילו. אָבער כ׳האָב נישט נאָכגעגעבן, און אין מאַי איז אַ גרויסער טייל פון מיין אַרבעט געווען פאַרטיק.

דער פּראָפעסאָר האָט געוואָלט, איך זאָל דעם אַריינפּיר פון דער אַר־בעט פאַרלייענען פאַר די פּראָפעסאָרן, אַסיסטענטן און אַבסאָלווענטן פון דער סטודיע. כ׳האָב בכלל נישט געקאָנט זיך פאַרשטעלן, אַז כ׳וועל זיין אימשטאַנד דאָס צו טאָן. האָב פאַר שרעק פאַרלוירן דאָס באַוווסטזיין. מיין שטים האָט געציטערט. אָבער ביסלעכווייז האָט מיך די טעמע אַריינגעצויגן און האָב פאַרגעסן אין די צוהערער. ווען כ׳האָב פאַרענדיקט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבעדיקע וויסנשאַפטלעכע דיסקוסיע. כ׳בין געווען זיכער, אַז כ׳וועל מוזן ענטפערן אויף טענות. אָבער שטאָט דעם האָב איך גאָר גע־הערט אַ סך דערמוטערנדיקע ווערטער. פאַר מיין אַוועקגיין איז דער פּראָפעסאָר צוגעקומען צו מיר און געזאָגט:

— זייער אַ גוטע אַרבעט און אַן אויסגעצייכנטער באַווייז פון אייערע מעגלעכקייטן... איר וועט זיין אַזוי פריינטליך און פון מאָנטיק אָן אָנהויבן אונדזער אַרבעט אין סטודיום. כ׳דאַרף האָבן אַן אַסיסטענטין. ס׳זענען פאַראַן אַ סך אַרבעטן פון סטודענטן, וועלכע מ׳דאַרף דורכקוקן און קאָרעגירן. דער לוין וועט, וואָס אַן אמת, זיין נישט קיין גרויסער, אָבער דאָס איז אַ וועג צו אַ וויסנשאַפטלעכער קאַריערע.

ווען כ׳בין יענעם טאָג געגאַנגען אַהיים, איז שוין געווען אמתער אָוונט. די ביימערשפּיצן האָבן זיך מילד צוזאַמענגעשלאָסן איבער מיין קאָפּ. ס׳האָט זיך געטראָגן פון זיי פרילינגדיקע, דופטנדיקע פייכקייט. דאָס איז געווען אַ לעבעדיקע פייכטקייט. זי האָט זיך אַריינגעזאַפּט אין בלוט, עס געקילט און אָפּגעפרישט. כ׳האָב זיך געפילט אינגאַנצן אַ באַרויקטע. יענעם אָוונט זענען אַלע מיינע באַוועגונגען געווען גלייכגעוויכטיקע און מנוחה־דיקע. כ׳האָב זיך נישט געאיילט, זיך נישט באַמרויקט און פאַר גאָרנישט זיך נישט געשראָקן. האָב זיך געלייגט אין בעט און בין באַלד איינגעשלאָפן.

*

אויף מאָרגן בין איך אויפגעשטאַנען מיטן געדאַנק וועגן מיין נעכטיקן רעפעראַט, און ס׳איז מיר געוואָרן ליכטיק אויף דער נשמה. כ׳האָב ברייט צעעפנט דאָס פענצטער. אַ פריילעכער פייגעלעך־געצוויטשער האָט זיך אַריינגעריסן אין צימער. כ׳האָב באַשלאָסן אַריינזאַפּן אין זיך די העלקייט פון דעם טאָג. האָב געבראַכט אין אָרדענונג דאָס צימער און בין אַרויס אין שטאָט אַריין.

כ׳בין געגאַנגען מיט די באַליבטע פלאַנטן, צווישן די בליענדיקע

קאַשטנביימער און טומלענדיקע קינדער וואָס שפּילן זיך. בין געגאַנגען אַ לייכ־טע, האָבנדיק פאַרגעניגן שוין פונעם בלויזן גיין, פון צוריקגעווינען די וועלט, ווי אַ קינד וואָס האָט אַ לאַנגע צייט געקרענקט און פאַרגעסן צו גיין, און ערשט שאַפט זיך עס איין די קענטעניש אויפסניי.

כ׳האָב זיך דערמאָנט ווי כ׳בין געגאַנגען אויף די דאָזיקע גאַסן מיט פעליען, אַ צעזונגענע, אַ פולע מיט לעבן און פרייד, אין אוניווערסיטעט. און כ׳האָב זי ווידער געזען: אַ קליינע, אַ פלינקע, מיט אַ פאַררייסן נעזל, מיט אַ וואָלקן האָר פון קאַשטנקאָליר איבער אַן עקשנותדיקן שטערן, מיט אויגן וואָס פינקלען מיט יוגנט, מיט אַ ברייט מויל, וואָס איז פול מיט שמייכלען דער וועלט אַנטקעגן... און אָט האָב איך זי דערפילט גיין האַרט לעבן מיר. מיר רירן זיך אָן אײנאַנדער. האָב זי דערזען ממש אַ לעבעדיקע. דערשפּירט דעם אַראָמאַט פון איר לייב, האָב דערזען ווי אַ לאָק פון אירע האָר איז איר געפאַלן אויפן שטערן און האָט אויך געגלעט מיין הויט...

און כ׳האָב דערהערט ווי זי האָט מיר אַ זאָג געטאָן:

— זאָלסט מיך מער נישט זוכן. פון היינט אָן בין איך אין דיר, אײ־בעוויניק אין דיר.

כ׳בין ערשט געגאַנגען פאַמעלעך־פאַמעלעך אין דער פולער זונשיין. פון מיינע אויגן זענען געפלאָסן טרערן, אָבער כ׳האָב זיך נישט געשעמט מיט זיי, זיי נישט אָפּגעווישט. זיי זענען אַראָפּגעפלאָסן שטיל און רויק און אַראָפּגעפאַלן אויף אָט דעם וועג, אויף וועלכן כ׳בין אַמאָל געגאַנגען מיט מיין קליינער שוועסטער.

# צווייטער טייל

## הונגעריקע קינדער

מיט אויגן פולע מיט טרערן האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים. כ׳בין געגאַנגען מיט דער דלוגע־גאַס, די לאַנגע און פינצטערע גאַס. תמיד, ביז היינט, פלעג איך אויסמיידן דאָרט פאַרבייצוגיין. כ׳האָב גוט געוווּסט פאַרוואָס... דאָרט ווו די גאַס פאַרדרייט זיך, קעגנאיבער דעם טראַמוויי־אָפּשטעל, שטייט אַ שרעקלעך הויז. דאָס הויז פון יידישן קאָמיטעט אין קראָקע. דערין רוישט פון אינדערפרי ביז ביינאַכט אַ מיל, וועלכע מאָלט די פיין פון די ר׳עשטלעך יידן נאָך דער מלחמה. כ׳פלעג אויסמיידן דאָס דאָזיקע הויז אויף וויפל כ׳האָב געקאָנט. כ׳בין נישט אימשטאַנד געווען זיך גאָכאַמאָל אומצוקערן אויפן דאָזיקן קאָשמאַר־יאַריד פון פיין. האָב נישט געקאָנט אַריינגעמען אין זיך אַזויפיל ווייִ און אומגליק, וויפל דאָס הויז האָט אין זיך אָנגעזאַמלט.

אָבער איצט האָט זיך עפּעס געענדערט אין מיין נשמה, און איך בין יאָ געגאַנגען דאָרט אַרום...

שוין פונוויטנס האָט מען געקאָנט זען און הערן וואָס דאָרט קומט פאָר. יידן האָבן זיך געדרייט אַרום דעם הויז, ווי אין אַ מוראַשניק. זענען אַריינגעגאַנגען און אַרויסגעגאַנגען פונעם טויער, האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין הייס דיסקוטירנדיקע רעדלעך, זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט און זיך אויפסניי פלוצים צונויפגעזאַמלט אין אויפגערעגטקייט און איילעניש.

אויפן סאַמע ראַנד פון טראָטואַר איז געשטאַנען אַ הויכער, דאַרער ייד, אָנגעטאָן אין דעם אַשוויִענטשימער „פּאַסן־גאַרניטער" מיט אַ גרויסן ציפער אָנגענייט אויף די פּלייצעס. ער איז געשטאַנען איינזאַם און שווייגנדיק, אָפּגעזונדערט פון דער אַלגעמיינער אויפגערעגטקייט, פאַרזונקען אין עפּעס אַ וועלט, וואָס איז נאָר אים אַליין באַוווּסט... אַ שרעקלעך דיקע און צעגאָסענע פרוי, אין אַ דין קליידל אַ קורצס ביז די קני, איז איבערגעלאָפן פון איין רעדל צום צווייטן, אַ ריס טוענדיק דאָ איינעם, דאָ אַ צווייטן פאַרן מלבוש אָדער פאַר אַ האַנט, און האָט עקשנותדיק געפּאָדערט עפּעס אַן ענטפער, וואָס קיינער האָט איר נישט געקאָנט געבן... אַ יונג בחורל אין שטיוול מיט הויכע כאַליעוועס איז געשטאַנען לעבן איינעם אַ רעדל און האָט געפאָכעט מיטביידע הענט, דראָענדיק עמעצן מיט אַ פויסט...

פלוצים האָט זיך געמאַכט אַ באַוועגונג פאַרן טויער. עמעץ איז האַס־טיק אַרויסגעלאָפן, שרייענדיק עפּעס אויף אַ קול, איבערלויפנדיק פון איין גרופּע צו דער צווייטער. צווישן עולם איז אַנשטאַנען אַ טומל. אַלע האָבן גע־נומען שרייען פאַראַמאָל און אַריינלויפן אין טויער. איך האָב אויפגע־כאַפּט בלויז איין וואָרט: „רשימות".

עמעצער האָט זיך באַוויזן אין פענצטער פון ערשטן שטאָק און גע־נומען שרייען אויף קולי־קולות:

— ס'זענען אָנגעקומען רשימות! נייע רשימות פון בוכענוואַלד און מאַטהאַוזען!

ערשט איז אַנטשטאַנען אַן אמת צעמישעניש. אַלע האָבן זיך גענומען שטופּן צוזאַמען אין טויער אַריין. אויך איך בין צוגעגאַנגען נענטער. דורך דעם רויש און געשריי האָט זיך דערהערט אַ געוויין פון אַ קינד. פריער שוואַך, דערנאָך שטאַרקער. שפּעטער האָבן זיך דערהערט געוויינען פון עטלעכע קינדער, און ווי אַ דין קינדעריש קולעכל וואָלט געשריגן: דער פּוס!

באַלד האָב איך זיך אַריינגעשטופּט אינעווייניק, זוכנדיק די ווייגענ־דיקע קינדער. האָב זיי דערזען אין דער נישע פון טויער, כמעט ביים דורכגאַנג. זיי זענען געווען פיר, אַלע ייִנגלעך. דריי פון דער זעלבער הייך, אַ דריי־פּיריעריקע, און איינס אַ יונגערס איז געלעגן אויף דעם שטיינער־נעם ברוק אין אַ קאָלוזשע השתנה. זייערע קעפּלעך זענען געווען אָפּ־געגאָלט ביז צו דער הויט. זיי האָבן זיך צוגעהאַלטן פאַר די דורכגענעצטע העמדלעך און צוזאַמען געוויינט. איינס פון זיי, אַ שוואַרצס מיט אַן אויס־דרוק פון ווילדקייט אין די אויגן, האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ פּיסל און געשריגן אויף קולי־קולות:

— אוי, ס'טוט וויי, ס'טוט שטאַרק וויי, ס'טוט מיר שטאַרק וויי!

זייער אויסזען איז געווען שרעקלעך. זיי האָבן געהאַט אייטערנדיקע געשווירן אויף די קעפּלעך, הענטלעך־און־פּיסלעך ווי טרוקענע שפּענ־דלעך, געשוואָלענע בייכלעך. זייערע פּנימלעך האָט מען נישט געקאָנט רעכט זען, מחמת טרערן און גרינלעכן ראָץ פון די נעזלעך. די מענטשן וואָס זע־נען אַריינגעפאַלן אין טויער האָבן זיי כסדר געשטויסן, אָנגעטרעטן אויף די פּיסלעך, אָבער זיי האָבן זיך פון אָרט נישט אָוועקגערירט. זענען גע־שטאַנען אויף איין אָרט, ווי פלעקלעך, און נישט אויפגעהערט וויינען,

פאַרכלינעט זיך מיטן געוויין, און אויב עמעצער איז צו זיי צוגעגאַנגען און געפרעגט פאַרוואָס זיי וויינען, האָט ער קיין ענטפער ניט באַקומען.

כ׳בין צוגעגאַנגען צו איינער אַ פרוי אין אַ פאַטשיילע און געפרעגט:

— ווער זענען עס די קינדער?

— כ׳ווייס ניט, — האָט זי געענטפערט — שטייען דאָ און לאָזן זיך ניט פון אָרט רירן. כ׳האָב געוואָלט זיי אַריינפירן אין קאָמיטעט, האָבן זיי אויפגעהויבן אַזעלכע קולות, ווי כ׳וואָלט זיי געשטופּט אין אויוון אַריין...

— ס׳האָט זיי עמעצער אונטערגעוואָרפן, — האָט זיך אָנגערופן אַ פאַרבייגייענדיקער ייד — כ׳האָב אַליין געזען, ס׳איז געווען עמעצער פון אַ קלויסטער. האָט זיי צוגעפירט צום טויער און איז אַנטלאָפן.

— מ׳האָט זיי דאָרט אין קלויסטער פיין צורעכט געמאַכט — האָט זיך אָנגערופן דאָס בחורל אין די הויכע שטיוול — אמתע „מוזולמאַנען". נאָך אַ ביסל, און די נשמה וועט זיי אַרויס.

כ׳האָב אויפגעהערט זיך צוהאָרכן צו די דערוואַקסענע און לייכט אָנגערירט דאָס ייִנגל וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַרן פּוס און געשריגן „ס׳טוט וויי".

— וווּ טוט דיר וויי? האָב איך אים לייכט אַ פרעג געטאָן. דערויף האָט דאָס ייִנגל אויסגעבראָכן מיט אַזאַ גרויליק געוויין, אַז כ׳האָב זיך גלייך אַ ציי געטאָן אויף צוריק. דאָס בחורל אין די שטיוול האָט אָנגעהויבן הויך צו לאַכן. די פרוי אין דער פאַטשיילע האָט זיך אויף אים צעלאָזט:

— וואָס לאַכסטו? דאָס זענען דאָך יידישע קינדער, מ׳האָט זיי אַוודאי געשלאָגן אין יענעם קלויסטער, און דערפאַר שרעקן זיי זיך איצטער פאַר יעדן איינעם. מ׳דאַרף מודיע זיין עמעצן אין קאָמיטעט, מ׳זאָל זיי פונדאַנען צונעמען.

— זיי האָבן זיי אַ סך צו געבן דאָרט אין קאָמיטעט — האָט זיך אָנגערופן דער ייד אין דעם אָשוויענטשימער „פּאַסן־גאַרניטער", וועלכער האָט ביז איצט געשוויגן.

— ווייל זיי דאַרפן אַלץ אַליין אויפפרעסן — האָט זיך אָנגערופן מיט שנאה דער יונגער בחור — ס׳איז דאָך עפּעס דאָ אַ פרעזעס מיט באַאַמטע.

דערווייל האָב איך אַרויסגענומען פון קעשענע אַ טאָרבעלע מיט צוקערקעס, אויסגעקליבן צווישן זיי איינע די סאַמע רויטסטע, געהאַלטן זי צווישן צוויי פינגער, אַראָפּגעזעצט זיך אויף די קני פאַר די קינדער און געזאָגט צו זיי:

— אָ, טוט נאָר אַ קוק וואָס פאַר אַ גוטע זאַך איך האָב פאַר אייך, אַזאַ שיינע, רויטע צוקערקע, פאַר יעדן פון אייך האָב איך איינע.

אָבער די יינגלעך האָבן נישט איבערגעריסן זייער געוויין און גע־קוקט אויף דער צוקערקע אין מיין האַנט, ווי זיי וואָלטן נישט וויסן וואָס דאָס איז.

— אָ, דאָס איז אַ מחיה גוט! — האָב איך גענומען זיי איבער־רעדן און געלייגט די צוקערקע אויפן אייגענעם צונג, צמאָקענדיק אויף אַ קול און זיך גלעטנדיק דעם בויך — דאָס איז מחיהדיק, זיסער פון צוקער, בעסער פון ברויט מיט זופּ, אַ־אַ, ווי געשמאַק דאָס איז!

די קינד־ער האָבן גענומען מאַכן הפסקות אין זייער געוויין און זיך צוקוקן צו די באַוועגונגען פון מיין צונג. אין אַ ווייל אַרום האָט זיך דער דרייסטער פון זיי, דער וואָס דער פוס האָט איו ווייגעטאָן, שנעל אַ רוק געטאָן פאָרויס און געוואָלט מיט אַ פּלוצימדיקן כאַפּ אַרויסנעמען די צו־קערקע פון מיין מויל.

— אָט אַזאַ־אָ ביסטו, דו קליינער לאָבוז! ס׳וועט זיך דיר נישט איינ־געבן. די צוקערקע וועל איך דיר נישט געבן. זי איז מיינע נישט דיינע. אָבער כ׳האָב פונדיינעטוועגן אַן אַנדערע, וואָס כ׳האָב נאָך אין מויל נישט געהאַלטן. אָט האָסטו זי.

כ׳האָב אַרויסגענומען פון שקאַרמיצל אַ צוקערקע און אים געגעבן. דאָס יינגל האָט זי האַסטיק אַ כאַפּ געטאָן און אַריינגעכאַפּט אין מויל, זיך געטאָן אַ דריי אַוועק פון מיר און אַנטלאָפן צו דער וואַנט. ס׳האָט אויס־געזען ווי ער וואָלט זיך געשראָקן, טאָמער נעם איך זי ביי אים צוריק.

ערשט האָבן זיך די אַנדערע צוויי יינגלעך גענומען שטופן צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך און געשריי:

— מיר אויך! איך וויל אויך! פאַרוואָס האָט אַנטעק?

און נאָר דער יינגסטער צווישן זיי איז געזעסן אַ גלייכגילטיקער אויף דרערד מיט ברייט צעשפּרייטע פיסלעך און האָט שטיל געהעשעט. כ׳האָב יעדן פון זיי געגעבן אַ צוקערקע און זיי געפרעגט:

— ווי הייסט איר, יינגלעך?

— איך בין סטאַשעק, — האָט איינער אַ זאָג געטאָן. — און איך בין וולאַדעק, — האָט געענטפערט אַ צווייטער.

— און דו ביסט אוודאי אַנטעק, — האָב איך געפרעגט דעם יינגל, וועלכער איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביי דער וואַנט. אָבער דאָס יינגל האָט זיך אינגאַנצן נישט אָפּגערופן, בלויז געקוקט אין דער ריכטונג פון מיין

קעשענע, און וועלכער כ׳האָב אַריינגעלייגט דאָס שקאָרמיצל מיט די צו־קערקעס.

— יאָ, ער איז אַנטעק, און דאָס איז פּעלוש, — האָט מיר געזאָגט דער העלאָוויגיקער וולאַדעק, טייטלענדיק מיטן פינגער אויפן קינד וואָס ליגט אויף דרערד.

— קום אַהער צו מיר, פּעלוש, — האָב איך אויסגעשטרעקט די האַנט צום אומגליקלעכן קינד. אָבער ס׳האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן.

— ווייל ער קאָן נישט גיין, — האָט מיר צו פאַרשטיין געגעבן וולאַ־דעק, אויסשטרעקנדיק דאָס הענטל אויף נאָך אַ צוקערקע, ווי פאַרלאַנגענ־דיק באַצאָלונג.

כ׳האָב אויפגעהויבן דאָס שמוציקע, נאַסע קינד פון שטיינערנעם ברוק. ס׳איז געווען קאַלט און דורכגענעצט, ווי אַ שטיק אייז, און אַזוי מאָגער, ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זיין נאַס העמדל איז די גאַנצע וואָג זיינע. זיינע פיסלעך זענען געווען איינגאַנצן אויסגעדרייט פון דער „ענגלישער קרענק״, ראַכיט. ס׳האָט נישט געקאָנט האַלטן רעכט דאָס קעפל אויפן האַלדז. ס׳איז געפאַלן אויף מיין אַקסל אָן באַוועגונג. שימל פון קעלערס און ריח פון צואה האָט אויף מיר אַ ווייע געטאָן פון אים. די צוואַנג פון ווייטיק האָט מיך אַ קלעם געטאָן מיטן גאַנצן כוח. כ׳האָב געפילט, אַז מיטן דאָזיקן אומגליקלעכן קינד האָב איך אַרויפגעלייגט אויף מיין האַרץ אַ שטיין, וואָס נישט שנעל וועל איך אים פון זיך אַראָפּוואַרפן.

אָבער כ׳האָב נישט געטאָרט זיך אונטערגעבן דער אויפרעגונג. כ׳האָב דאָך געוואָלט העלפן די דאָזיקע קינדער. טראָגנדיק דאָס קינד אויף די הענט, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו די אַנדערע:

— קומט מיט מיר, וועל איך אייך געבן נאָך צוקערקעס, כ׳האָב נאָך.

די קינדער זענען מיר נאָכגעגאַנגען אָן ווידערשטאַנד, האַלטנדיק זיך איינער פאַרן אַנדערנס נאַסן העמדל. מיר זענען אַריינגעקומען אויפן הויף פון קאָמיטעט. ער איז פול געווען מיט מענטשן און געשרייען. מ׳האָט אין דעם מאָמענט ביי אַ פענצטערל געטיילט זופּ־פּאָרציעס, און מענטשן זענען געשטאַנען אין דער ריי מיט כלים אין די הענט.

— אַז די כאָליערע זאָל זיי נעמען מיט אַזאַ־אַ זופּ! — האָט געשאָלטן איינע אַ פרוי אויפן קול — הוילע וואַסער. ערגער ווי אין לאַגער!

כ׳האָב זיך מיט מי געמאַכט אַ וועג צווישן עולם.

— איר ווייסט נישט ווו ס׳געפינט זיך דאָ דער פּרעזעס, אָדער דער סעקרעטאַר? — האָב איך אַ פרעג געטאָן ביים עולם.

— מאַכט זיך נישט צום געלעכטער — האָט אויף מיר אַ קוק גע־טאָן פון אויבן אַראָפּ אַ יונג מיידל — זיי וועלן אייך נישט אויפנעמען. צו זיי קומט מען אָן נאָר מיט פּראָטעקציע. פאַר אַלע אַנדערע איז תמיד „אַ זיצונג".

— אָבער ווו גייט מען דאָ אַריין אין ביוראָ?

— דאָרט רעכטס — האָט מען מיר אָנגעוויזן. כ'בין אַרויפגעגאַנגען מיט פינצטערע שטיגן אויף דער רעכטער זייט הויף. אויף די שטיגן איז פול געווען מיט מענטשן. יעדע רגע האָב איך געמוזט בעטן, מ'זאָל מאַכן אַ וועג פאַר די קינדער.

— מ'האָט אונדז צוגעזאָגט קאָצן און אָנטועכץ — האָט מען געשריגן — מיר וואַרטן שוין פון פינף אינדערפרי.

— ערשט איז די מיטאָג־הפסקה — האָט געשריגן אַ לאַנגער יונג ביי דער טיר — און שפּעטער אַ זיצונג.

— פון אינדערפרי אָן, זיצונגען, — האָט געקרעכצט אַ פרוי, אַ מאָ־גערע ווי אַ סקעלעט — מיר גייען דאָ הויל־נאַקעט, און זיי מאַכן זיצונגען.

— הער שווייצער, — האָב איך אַ רוף געטאָן איבער די קעפּ פון עולם — איך מוז זיך זען מיטן פּרעזעס. כ'האָב דאָ פיר קליינע קינדער.

— דער פּרעזעס איז ערשט נישטאָ, — האָט ער צוריקגעשריגן. — די קינדער זענען דאָרט אויבן, — האָט ער געטייטלט אויף די שטיגן וואָס פירן אַהין.

האָב איך זיך געלאָזט מיט די קינדער אַרויף אַהין. די קינדער האָבן ווידער גענומען וויינען. די דאָזיקע שטיגן זענען שוין געווען פרייער, אָבער נאַס און גליטשיק, מסתם פון פאַרגאָסענע עסנס. כ'האָב געמוזט גוט אַכטונג געבן, זיך נישט אויסצוגליטשן מיט פעלושן אויף די הענט. כ'בין אַריינגעקומען אין אַ קאָרידאָר, אַ פינצטערניש און אַ שטיקעניש. כ'האָב נישט געוווּסט, וווהין זיך צו קערן. פון הינטער איינער אַ טיר האָב איך דערהערט גוואַלדן און געוויינערייען פון קינדער. האָב איך געעפנט די טיר און געבליבן אין איר שטיין.

אין אַ גרויס, אָבער פינצטער צימער, לעבן אַ פענצטער אין אַ ווינקל, איז געשטאַנען אַ פרוי איבער אַ קעסל און געקראַצט אין אים מיט אַ שעפּ־לעפל. אַרום איר האָבן זיך געשטופּט קינדער מיט טעפּעלעך. צענויפגע־דריקטע קינדערישע קעפּלעך און אויסגעשטרעקטע הענטלעך.

— איך! איך נאָך! — האָבן זיי געשריגן.

— איך האָ׳ גאָרנישט ניט געהאַט! ער האָט מיך אַ שטויס געטאָן און אַלײן אויסגעגאָסן — האָט געװײנט אַ קלײן מײדעלע.

— איך האָב געקריגן אַ ביסינקע, ס׳האָט זיך גלײך אויסגעלאָזט, — האָט געװײנט אַ צװײטע.

— פֿרוי בעלע, איך האָב אַרײַנגעװאָרפֿן אַ מויז אין דער־אָ זופּ, װען כ׳האָב זי אַרויפֿגעטראָגן, — האָט פֿאַרביסן געשריגן אַ קורצװײקסיק ײנגל מיט אַ העלער װאָלענער טשופּרינע, האַקנדיק מיט אַלע כּוחות מיט אַ לעפֿל אין בלעכענעם װענטל פֿון לײדיקן קעסל.

— די רגע זאָל װערן שטיל! — האָט די פֿרוי אַ ריטשע געטאָן — ס׳איז שוין מער ניטאָ קײן זופּ. געענדיקט! דאָס רעשט מוז זײַן פֿאַר מיר, — און זאָגנדיק דאָס, האָט זי אײַנגעבויגן דעם קעסל און אַרײַנגעגאָסן די רעשט זופּ אין איר טעפּל. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ הויך געװײן פֿון אַלע קינדער:

— איך בין נאָך הונגעריק! — די ײנגלעך האָבן מיך אַװעקגעשטופּט, איך האָב ניט באַקומען! — מיר האָבן ניט געהאַט קײן טעפּלעך!

— װעט װערן שטיל, צי ניט? — האָט די פֿרוי אַ זעץ געטאָן מיטן שעפּלעפּל אין טיש — אַפֿילו דאָס ביסל זופּ קאָן איך ניט אָפּעסן במנוחה, — און זי האָט זיך אַנידערגעזעצט עסן.

— זאָל די פֿרוי עסן, און זאָל זיך די פֿרוי דערװאָרגן מיט דער זופּ!

— האָט געשריגן דאָס ײנגל מיט דער בלאָנדער טשופּרינע.

אין דעם מאָמענט האָט די פֿרוי אַ קוק געטאָן צו דער טיר, דערזען מיך מיט די פֿיר קינדער און אויף אַן אמת אָנגעהויבן זיך װאָרגן מיט דער זופּ. איר פּנים איז געװאָרן פֿאָנס־רויט. זי האָט זיך געשטיקט און שטאַרק געהוסט. די איבערגעשראָקענע קינדער זענען שטיל געװאָרן און האָבן גענומען קוקן דאָ אויף מיר, דאָ אויף איר. נאָר דאָס בלאָנדע ײנגל האָט ניט פֿאַרלױרן דעם שׂכל, איז צוגעלאָפֿן צו דער דערציִערין און אָנגעהויבן איר קלאַפּן מיט אַלע כּוחות איבערן געניק. די דערציִערין האָט זיך אָװעקגעדרײט, אויסגעשפּיגן אַ שטיקל קאַרטאָפֿליע, און ס׳איז איר לײַכטער געװאָרן.

— אָ, איר זעט, קינדער? דאָס האָב איך געראַטעװעט פֿון טויט די פֿרוי בעלע. װען ניט איך, װאָלט זי דערשטיקט געװאָרן...

— איך אַנטשולדיק זיך זײער, — האָב איך אים איבערגעריסן — צי איר זענט די דערציִערין פֿון דעם קינדער־אַנשטאַלט?

— וואָסער אַנשטאַלט? — האָט זי זיך צעלאָזט מיט צאָרן — איר זעט דאָך און הערט וואָס דאָ טוט זיך, אַ גיהנום איז דאָ, נישט קיין אַנשטאַלט. דאָ זענען דורכויס באַנדיטן, האָבן מיך שיער נישט דערמאָרדעט ערשט.

— איך האָב דאָך אייך געראַטעוועט — האָט איר אַריינגעשריגן אין פּנים דאָס ייִנגל.

— און ווער האָט מיר געזאָגט „זאָל זיך די פרוי דערוואַרגן" האָסט געזאָגט, צי נישט?

— אָבער דערנאָך האָב איך אייך געראַטעוועט.

— כ'בעט אייך, — האָב איך איבערגעריסן זייער וויכוח — דאָ זענען פיר קליינע קינדער, געבראַכטע פון אַ קלויסטער און אונטערגעוואָרפן דעם קאָמיטעט. זיי זענען הונגעריק, פאַרשטאַרט פון קעלט. מ'דאַרף זיך פאַרנעמען מיט זיי. באַזונדערס אָט מיט דעם ייִנגסטן, ס'קאָן נישט גיין. דאָס זענען זיכער ייִדישע קינדער.

— איז וואָס, אַז ייִדישע קינדער? איז וואָס זאָל איך זיי געבן? וואָסער פונעם קראַן זיי אָנגיסן? אַ שטיק פלייש פון זיך אַליין אָפּשניידן? ווען איך גיי אין קיך אַריין נאָך זופּ, ווער איך פון אַלעמען באַפאַלן. זיי ווילן מיך דערהרגענען, גלייך איך אַליין וועל דעם קעסל זופּ אויסכליעפּטשען. און דערנאָך אַז כ'הייב אָן פאַנאַנדערטיילן — קלעקט אפילו נישט פאַר מיר. און מ'שעלט מיר נאָך, איך זאָל זיך דערוואַרגן... דאָס האָט מיר שוין פון לאַנג דערעסן. קיין עסן איז נישטאָ, קיין אָנטועכץ איז נישטאָ, קיין שטרויזעק איז נישטאָ. די קינדער שלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע און אויף די טרעפּ. גייען אין שטאָט אַריין גנבענען און בעטלען. די פּיצלעך ווידער, ווו זיי זיצן, דאָרט מאַכן זיי. גאַנצע נעכט וויינען זיי. כ'האָב נישט, נישט קיין טאָג, נישט קיין נאַכט. דאָ איז נאָך ערגער ווי אין לאַגער. און דאָ קומט איר נאָך מיט אייערע פּרעטענסיעס: מ'דאַרף זיך פאַרנעמען מיט זיי „פאַרנעמען" — האָט זי איבערגעשפּעט פאַרביסן — ס'איז יעדערן לייכט צו רעדן און רחמנות צו האָבן. דאָס קאָסט נישט גאָרנישט! פאַרנעמט זיך מיט זיי אַליין, אַז איר זענט אַזאַ גוטע! איך האָב דאָס אַלץ שוין געננוג! — און אַזוי רעדנדיק, האָט זי געטאָן אַ זעץ דעם שעפּלעפּל אין דער פּאָדלאָגע, אַ כאַפּ דאָס טעפּל זופּ, איז אַרויס פון צימער און מיט אַלע כוחות פאַרקנאַקט די טיר.

כ'בין געבליבן אַליין מיט אַלע קינדער. זיי זענען געווען אַ פּופּציק, און אפשר מער. מ'האָט זיי דען געקאָנט איבערציילן? זענען אַרומגעלאָפן

איבערן צימער, ווי דולע. האָבן זיך קעגנזייטיק געשטויסן, געשלאָגן, געריסן פאַר די האָר. דערנאָך זענען זיי געלאָפן אין די ווינקעלעך זיך באַהאַלטן, כאָטש איך האָב דאָרט נישט געזען גאָרנישט, הינטער וועלכן מ׳זאָל זיך קאָנען פאַרשטעקן. אין צימער איז נישט געווען קיין שום מעבל, אויסער דעם לאַנגן, שווערן טיש מיט די בענקלעך וואָס האַלטן זיך אין איין איבערקערן, און עטלעכע הינקענדיקע שטולן. אין איין ווינקל איז געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע עטלעכע אויסגעריבענע קאָצן, און טאַקע אין זיי, האָבן זיך די קינדער באַהאַלטן, ווי אין די הויפּנס שמאַטעס פאַר דער סעלעקציע אין לאַגער...

ערשט האָבן די קינדער מיך אַרומגערינגלט מיט אויסגעשטרעקטע הענט און ווילדע הונגעריקע אויגן און געשריגן: „עסן! גיב זופּ!” אַ קליין מיידעלע האָט מיר געגראַבלט אין די קני אונטערן קליידל, געגראַבלט, געשלעפּט פאַרן קליידל און געשריגן „גיב מיר זופּ!”. אַן עלטער ייִנגל האָט זיך גענומען בודק זיין מיינע קעשענעס, ציענדיק אַראָפּ מיין מאַנטל מיט אַלע כוחות. כ׳האָב געוואָלט אַראָפּלייגן פון די הענט דאָס אומבאַוועגלעכע קינד אויף עפּעס־וואָס, אָבער נישט געקאָנט מאַכן קיין טראָט פאָרויס, אַזוי האָבן מיך די קינדער אַרומגענומען. געפּאָכעט פאַר מיין פּנים מיט זייערע טעפּלעך, געקלאַפּט אין זיי און געשריגן מיטן גאַנצן כוח: „זופּ! זופּ!”.

צוויי ייִנגלעך האָבן אַראָפּגעשטעלט דעם גרויסן קעסל פון דער באַנק אויף דרערד, אים איבערגעקערט און גענומען אים אויסלעקן. איינער פון זיי איז אינגאַנצן אין אים אַריינגעקראָכן, און אַ צווייטער האָט אים פאַר די פיס אַרויסגעשלעפּט... אַן עלטער ייִנגל, בלינד אויף איין אויג, מיט אַ צעריסן אויער און אַ האַנט אָן עטלעכע פינגער, איז בעת־מעשה אַרומגעגאַנגען איבערן צימער מיט אַ שטעקן אין האַנט און האָט געשלאָגן די קינדער.

נישט קאָנענדיק רעדן אַ וואָרט אין דאָזיקן געיאָמער, בין איך געשטאַנען אַ צעטומלטע און באַטראַכט די קינדער. זיי זענען כמעט אַלע געווען אָנגעטאָן אין שמאַטעס, די מערהייט באָרוועס, די פּנימער שמוציק, און זיי קראַצן זיך כסדר, שרייען און העשען: „עסן! עסן!”.

כ׳האָב מער נישט געקאָנט דאָס הערן, צוקוקן עס. דאָס איז געווען איבער די כוחות פון אַ מענטשן. דאָס האָט אַריינגעדרונגען ביזן מאַרך פון די ביינער. אָט די אויסגעשטרעקטע, דאַרע הענט, פונוואַנען נעמען זיך עס צו קינדער אַזעלכע לאַנגע הענט?! אַזעלכע אויגן, פולע שרעק און הונגער.

און די דאָזיקע קליינע און מאָגערע גופימלעך, די טרוקענע ביינער, אָ, גאָט „צי וועלן אויפלעבן די דאָזיקע ביינער?" — האָב איך געטראַכט אין האַרצן. און אפשר איז דאָס די מיסיע וואָס איז אויף מיר אַרויפגעלייגט געוואָרן, אַרויפצוציען לייב אויף די דאָזיקע טרוקענע ביינער און פאַר־וועבן מיט אַ נייע הויט, זיי אויפצולעבן און אומקערן זיי דעם פאָלק, זיך אַליין?

*

פאַמעלעך און נישט געאיילט, גלעטנדיק זייערע קעפּלעך, באַדעקטע מיט געשווירן, האָב איך זיך דורכגעשטופּט מיט מיין פעלושן אין אַ ווינקל און אים אַנידערגעלייגט אויף אַ קאָץ. דערנאָך האָב איך זיך געוואָנדן צו די קינדער און געזאָגט: „קומט אַהער, קינדער, מירן מאַכן אַ ראָד. מירן זיך שפּילן". אָבער קיין איינציק קינד האָט נישט אויסגעשטרעקט צו מיר קיין האַנט. ...די קינדער האָבן נישט געוווּסט, וואָס איך פאַרלאַנג פון זיי. האָבן נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס הייסט שפּילן זיך... „איז לאָמיר זיך אויסזעצן צוזאַמען אויף די קאָצן, און כ'וועל אייך דערציילן אַ מעשהלע. „איינמאָל איז געווען אַ גרויסער מלך..." אָבער די קינדער האָבן זיך נישט איינגעהערכט.

— עסן! עסן! — האָבן זיי מיר איבערגעריסן די רייד — גיב אונדז ברויט! זופּ! זופּ!

## ערשטע הילף

ס'האָט קיין צוועק נישט געהאַט מיין וועלן זיך שפּילן מיט די קינ־דער. זיי זענען געווען הונגעריק. האָבן פאַרשטאַנען בלויז איין זאַך: הונ־גער! מ'האָט זיי געדאַרפט אָנהאָדעווען פאַר יעדער פּרייז, קריגן פונזייערט־וועגן עסן.

כ'בין אַראָפּגעלאָפן פון די שטיגן און געקומען אויפן הויף, ווו ס'איז געווען די קיך. זי איז שוין געווען געשלאָסן. כ'האָב אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן אין דער טיר. אָבער די מענטשן וואָס זענען געשטאַנען דאָלעבן האָבן געלאַכט פון מיר:

— אויב איר האָט זיך פאַרשפּעטיקט, מוזט איר זיך געזעגענען מיט דער זופּ. ס'וועט אייך גאָרנישט עלפן. ערשט פרעסן זיי אַליין.

כ׳האָב זיך אַרויפֿבאַקומען אויפֿן פֿונדאַמענט אונטערן פֿענצטער און אַרײַנגעקוקט דורך אַ שויב אין קיך. בײַ אַ גרויסן קיכטיש זענען געזעסן דרײַ קעכינס און האָבן געגעסן פֿון פֿולע טעלערס. בײַ דער קראַנשיסל זענען געשטאַנען צװײ אַנדערע און געשײַערט ריזיקע קעסלען.

ניט איך אַלײן האָב אַרײַנגעקוקט אין קיך.

— אַז דערװאַרגן זאָלט איר זיך מיט אַט דער זופּ! — האָב איך דערהערט שוין צום צװײטן מאָל הײַנט די דאָזיקע קללה. אָבער די קעכינס זענען געװען װײַניקער פֿילעװדיק אויף די דאָזיקע פֿרומע װוּנטשן װי די פּרוי בעלע, װײַל קײן אײנע פֿון זײ האָט זיך ניט גענומען װאַרגן, נאָר זײ האָבן רויִק געגעסן, ניט געבנדיק אַפֿילו קײן קוק צו די פֿענצטער מיט די מענטשלעכע פּנימער.

אַ רגע איז מיר דורכגעלאָפֿן אַ געדאַנק זיך אומצוקערן אין דער הײך צו די קינדער און אַראָפּטראָגן דעם לײדיקן קעסל צו דער קיך, װעלן זײ מיר דעמלט גלײבן אַז איך פֿאַרלאַנג ניט פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר די קינדער. אָבער גלײך האָב איך זיך אָפּגעזאָגט פֿון דעם פּלאַן. אַ שאָד די צײַט, האָב איך געטראַכט, זײ האָבן שוין סײַװי גאָרניט אין קיך. און זײ קאָנען מיך ניט אויך. כ׳האָב זיך דורכגעשטופּט דורכן עולם און גענומען מיט אַלע כּוחות לויפֿן אַהײם. כ׳בין נאָך קײנמאָל אַזױ גיך ניט געלאָפֿן, זינט איך האָב געװוינט אין קראָקע; געװײנלעך פֿלעג איך זיך שלעפּן װי אַ זקנה. אין אַ קלײן געװעלבל, ניט װײַט פֿון שטוב, האָב איך געקויפֿט עטלעכע לעבלעך ברויט „אויף לינק". זײ אַװעקגעטראָגן אין שטוב און גענומען צעשנײַדן אויף רעפֿטלעך. דערנאָך איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ פּראַניעס גאַנצע שפּײַז־קאַמער. האָב אַרויסגענומען פֿון איר אַלץ װאָס נאָר מ׳קאָן עסן, און געשמילצן: פּוטער, קאָנפֿיטור, חזיר־פֿעטס מיט גריװן (װאָס כ׳האָב נאָך געבראַכט פֿון אָלכאָװעק פֿאַר פֿעליען) און גענומען באַשמירן דאָס ברויט. האָב געאַרבעט מיט אַזאַ פֿאַסיע, אַז בלעזלעך זענען מיר אַרויס אויף די פֿינגער. האָב אַראָפּגענומען פֿון די פּאָליצעס די פּושקעלעך און שקאָרמיצלעך און אַרויסגענומען פֿון זײ אַלץ — ביסקװיטן, צוקערלעך און מאַרמעלאַדקעס. כ׳האָב אַלץ אַרײַנגעפּאַקט אין גרויסן סאַקװאָיאַזש, מיט װעלכן פּראַניע פֿלעגט פֿאָרן אויף אירע רײַזעס.

באַלאָדן מיט דעם אַלעם און געהאַלטן שוין בײַם אַרויסגײן, איז מיר אײַנגעפֿאַלן: כ׳װעל נאָך נעמען עטלעכע האַנטיכער און זײף. האָב געמאַכט נאָך אַ פּעקל און בין אַרויס פֿון שטוב. מיט אַ ביסל אָנשטרענגונג

האָב איך דאָס אַלץ אַוועקגעטראָגן אין יידישן קאָמיטעט (צום מזל איז דער וועג נישט געווען קיין ווייטער).

ווי גאָר כ׳בין אַריינגעקומען, האָט זיך פאַר מיינע אויגן ווידער אַנט־פּלעקט דער מישמאַש און דער שמוץ, און די זעלבע קולות און געשרייען האָבן פאַרטויבט די אויערן. ס׳האָט זיך מיר נישט געגלייבט, ס׳זאָל זיך מיר איינגעבן גובר צו זיין די דאָזיקע מהומה. אָבער גלייך איז מיר גע־קומען אויפן זינען די צויבער־קראַפּט וואָס געפינט זיך אין מיין באַגאַזש.

— קינדער! — האָב איך אַ רוף געטאָן אויף אַ קול — כ׳האָב אייך געבראַכט ברויט.

די קינדער האָבן אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אומצוטרוי. אָבער באַלד זענען עטלעכע, דרייסטערע שוין צוגעקומען צו מיר און גענומען אַרומ־טאַפּן. כ׳האָב אַרויסגעשטעלט דעם סאַקוואַיאַזש, אים געעפנט און געוויזן וואָס ס׳איז דאָ אין אים. אין דעם מאָמענט האָבן אַלע קינדער גענומען זיך יאָגן אַרומשטעלן אַרום מיר, שטופּן זיך.

— ווער ס׳וועט זיך זעצן אויפן קאָפּ רויק, וועט באַקומען דער ערש־טער, — האָב איך אַ זאָג געטאָן. די קינדער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן קאָפּ. כ׳האָב באַפוילן, ס׳זאָל זיין שטיל. האָב אויסגעקליבן צוויי על־טערע מיידלעך מיר צו העלפן, און מיר האָבן גענומען צעטיילן דאָס ברויט צווישן די קינדער. מיט וואָס פאַר אַ זשעדנעקייט די קינדער האָבן געגעסן, אין איין אויגנבליק זענען פאַרשוווּנדן די רעפטלעך ברויט. אַנדערע האָבן באַהאַלטן אַ טייל פון זייערע רעפטלעך און געשריגן: — איך האָב נאָכ־נישט באַקומען!

— פרוי, ער האָט מיר אַרויסגעכאַפּט דאָס נישט־דערעסענע שטיקל ברויט פון מויל, — האָט זיך פאַרקלאָגט אַ מיידעלע.

— ס׳איז דאָ נאָך ברויט פאַר אַלע קינדער, — האָב איך זיי באַרויקט — יעדערער וועט באַקומען נאָך אַ מאָל. און דערנאָך האָב איך נאָך פאַר אייך זיסוואַרג! אַנשטאָט צו עסן אַזוי שנעל, קוקט זיך בעסער צו מיט וואָס דאָס ברויט איז באַשמירט.

די קינדער האָבן גלייך גענומען צעעפענען די רעפטלעך ברויט און אַריינקוקן אינעווייניק:

— אָ, איך האָב אַ זיסענקע מעו־מעלאַדע!

— און איך האָב ווייסע פּוטער!

— און איך האָב געלע פּוטער מיט ברעקעלעך (דאָס חזיר־פעטס מיט גריוון).

— גיב מיר איין ברעקעלע, וועל איך דיר לאָזן אַ לעק טאָן מיין מער־מעלאַדע, — האָט זיך אָנגעהויבן אַ האַנדל.

— זאָל יעדעס קינד עסן זיין ברויט און נישט אָנרירן דעם צווייטנס. און וואָסער קינד ס׳וועט זיך אויפפירן לייטיש, דער וועט קאָנען זיך אויסקלייבן אַ צווייט שטיקל ברויט.

די קינדער האָבן זיך באַמיט צו זיין „לייטיש". דאָס אויסקלייבן זיך איז געווען אַ וויכטיקער ענין. ס׳איז טיילמאָל שווער געווען אָנצונעמען דעם באַשלוס. ענדלעך האָט זיך געענדיקט דאָס עסן און אָנגעהויבן דאָס צעטיילן דאָס זיסוואַרג. די קינדער האָבן זיך אַ ביסל באַרויקט, געהאַלטן זייערע צוקערקעס אין די מיילער און במנוחה געסמאַקעט, פאַמעלעך, ס׳זאָל לענגער דויערן. אַנדערע האָבן פון מאָל־צו־מאָל ארויסגענומען די צוקער־לעך פון מויל און זיי באַטראַכט קעגן דער שיין.

בעת־מעשה האָב איך די קלענערע קינדער גענומען אויף די קני און זיי אָנגעהאַדעוועט. דאָסזעלבע האָבן געטאָן די צוהעלפּעריננס. דעם ערשטן האָב איך, פאַרשטענדלעך, אָנגעהאַדעוועט פּעלושן.

ערשט וואָלט מען אומבאַדינגט דאַרפן וואַשן די קינדער און אַ ביסל אויפרוימען דאָס צימער, האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אין ווינקל צימער איז געווען דער קראַן מיט דער שיסל. כ׳האָב אַהין צוגערוקט אַ באַנק. אַרויסגענומען מיינע האַנטעכער און זייף.

— ווער פון די עלטערע מיידלעך וועט מיר העלפן וואַשן די קינדער ?

— האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— איך. — האָט זיך געמאָלדן אַ קליין מיידעלע.

— אָבער דו ביסט נאָך אַ קלייניקע, וועסט נישט קאָנען. וויפל ביסטו אַלט ?

— אַכט יאָר, — האָט דאָס מיידעלע געענטפערט — אָבער איר׳ וועט, פרוי, זען, אַז איך קאָן. איך העלף שטענדיק צו דער פרוי בעלע.

— איך קאָן אויך צוהעלפן, — האָט זיך אָנגערופן נישט דרייסט אַן עלטער מיידל מיט אויפגעשוואָלענע, רויטע הענט. כ׳האָב אויף זיי אַ קוק געטאָן און געוואָלט איר אָפּזאָגן, אָבער זי האָט מיר אויסגעכאַפּט און אַ זאָג געטאָן :

— מיט די דאָזיקע הענט פלעג איך מאַכן אַ גרויסע וועש ביי מיין פאַני און וואַשן אַלע פּאַדלאָגעס. דאָס איז גאָרנישט וואָס זיי זענען רויט, זענען מיר אַמאָל אָפּגעפרוירן געוואָרן. ס׳טוט שוין לאַנג נישט וויי.

— ווי רופט מען איך, מיידעלעך?

— איך הייס האַנקע פּעדער, — האָט געזאָגט דאָס ייִנגערע מיידעלע.

— און איך מאַריאַ קאָוואַלסקאַ, — האָט געזאָגט די עלטערע.

— איז דאָס דייַן אמתער נאָמען?

— יאָ, כ׳האָב אפילו באַקומען אַ מעטריקע פונעם גלח.

— אָבער דאָ דאַרף מען קיין מעטריקע פונעם גלח נישט האָבן. דאָ דראָט דיר גישט קיין שום סכנה, אויב דו וועסט זאָגן ווי דו הייסט באמת.

— אָבער איך קאָן נישט.

— פאַרוואָס?

— כ׳ווייס נישט...

— גו, גוט. איצט וועלן מיר פּרוּוון עפּעס טאָן, לאָמיר אָנערשט נעמען די ייִנגערע קינדער.

— דאָ באַהאַלט פּרוּוי בעלע דאָס קעמל, — האָט געזאָגט די קליי־נע האַנקע.

— פאַר אַלע קינדער האָט איר איין קעמל?

— יאָ.

מיר האָבן אָנגעהויבן די אַרבעט. אויסגעטאָן די קינדער און זיי גע־וואַשן אונטערן לויפיקן וואַסער פון קראַן, דערנאָך שנעל אָפּגעווישט מיט די האַנטעכער, אויסגעקעמט (צום באַדויערן מיט איינעם קעמל) און צו־ריק אָנגעטאָן (צום באַדויערן די זעלביקע שמוציקע שמאַטעס). ערשט איצט האָב איך דערזען דאָס נעבעכדיקייט פון די קינדער אין דער גאַנצער נאַ־קעטקייט. זיי האָבן אויסגעזען שרעקלעך. אויסגעצערט ביזן לעצטן. ממש הויט־און־ביין. אַלע ביינער האָבן זיי אַרויסגעשטאַרצט, און צווישן די ריפּן גלייך ווי ס׳וואָלט קיין לייב נישט געווען. בלויז דער בויך האָט זיך אַרויס־געהויבן אַ גרויסער און אויפגערוישטער, ווי אַ באַלאָן. דאָס לייב איז גע־ווען פול מיט סיניאַקעס און שראַמען פון קלעפּ און שמיץ. די דלאָניעס און די פינגער אין גרעסטן טייל אָפּגעפרוירן. די הויט טרוקן, געפּלאַצט, פול מיט קרעלן און געשווירן. אויפן קאָפּ מכות, לייז און פאַרך... אַ סך פון זיי זענען געווען דעפאָרמירט און צעקאַליטשעט, האָבן געהאַט צעבראָכענע און שלעכט אריינגעשטעלטע הענט און ריפּן, ווי אַ רעזולטאַט פון די דייַ־טשע און אוקראַינישע פּיין, אָדער וואָס זיי זענען אַרויסגעשפרונגען פון די אויטאָס, וועלכע האָבן זיי געפירט צום אומקום. ביי אַ סך איז עס וואַר־שיינלעך געקומען פון אָנטצינדונגען, וואָס די קינדער האָבן דורכגעמאַכט

אין דער מלחמה־צײַט. אַ סך קינדער האָבן געהאַט טיפֿע װוּנדן אין די שאַרבנס — אָט די אומגליקלעכע שאַרבנס, װעלכע זענען געװען אַזעלכע באַליבטע צילן פֿאַר די אכזריותן פֿון די אוקראַינער.

כ׳האָב געװאַשן אָט די פֿאַרװוּנדעטע קערפּערלעך, און אין מײַן האַרץ האָט אַלץ געװאַקסן דער װײטיק. האָב געאַרבעט מיט אַ פֿאַרקלעמט מויל און געשלונגען די טרערן צוזאַמען מיטן שװײס װאָס איז מיר גערונען פֿון שטערן.

װי האָט דאָס געקאָנט געשען? װי האָבן עס מענטשן געקאָנט דערפֿירן קינדער צו אַזאַ צושטאַנד? מיט װאָס פֿאַר אַ רעכט האָט מען זיך אַזוי גרױליק געאַיזדיעקעװעט איבער זײ? און פֿאַרװאָס האָט זיך קײנער אין דער װעלט פֿאַר זײ נישט אָנגענומען? צי דערפֿאַר װאָס זײ זענען געבױרן געװאָרן ײדן, האָט מען געמעגט באַגײן קעגן זײ אַזאַ־אַ פֿאַרברעכן?

אין מײַן זכרון זענען אױפֿגעגאַנגען סצענעס פֿון דער נישט לאַנג פֿאַר־גאַנגענער צײַט, פֿון אָלכאָװעק — קרישיעס געשרײען בײ יעדן מאָל װאַשן. װען זי פֿלעגט אױף איר שײנעם ראָזעװון לײבעלע באַמערקן אַ ליאַדע צײכן, פֿלעגט זי גלײך מאַכן גװאַלדן און נישט לאָזן זיך װאַשן: „מאַמע, פֿרײלין לענע האָט מיר צעקראַצט די װוּנד!". און דאָ איז קאַלטע װאַסער מיט זײף גערונען איבער אָפֿענע װוּנדן, דאָס קעמל האָט געריסן פֿאַרקאָלטנטע האָר — און די קינדער האָבן גאָרנישט נישט געזאָגט. אפֿי־לו נישט געװײנט. געװאַשן זיך, און געקוקט אױפֿן גרױסן סאָקװאַיאַזש, װעלכער איז נאָכנישט געװען אױסגעלײדיקט אינגאַנצן.

די קלײנע האַנקע האָט געאַרבעט געשיקט און שנעל, צום באַװוּנדערן. „מאַריאַ" האָט גלײך באַקומען אַן אײנפֿלוס אױף די קינדער.

— כ׳האָב געדינט בײ אַ דײטשיש קינד, — האָט זי מיר אױפֿגעקלערט.

— גאָט מײנער, גאָט מײנער! — האָב איך שטיל געבעטן אין האַרצן — העלף מיר, איך זאָל קאָנען העלפֿן די דאָזיקע קינדער. העלף מיר, כ׳זאָל זײ אומקערן צום לעבן און צום געזונט. כ׳זאָל קאָנען באַ־זאָרגן זײ מיט אַלעס נײטיקן: מיט מעדיקאַמענטן, דערנערונג, הלבשה, מיט דער הײם װאָס זײ האָבן אָנגעװוירן. זײ זאָלן װידער זײן קינדער, װי אַלע קינדער. העלף מיר, כ׳זאָל זײ װערן אַ מאַמע און אַ טאַטע. אַז אַנ־שטאָט דעם אײנעם מײדעלע װאָס איז מיר אַװעקגענומען געװאָרן — זאָל איך זײן אַ מאַמע פֿאַר הונדערט קינדער. גאָט מײנער, גאָט מײנער, שענק מיר דעם דאָזיקן זכות, דאָס דאָזיקע גליק!

כ׳האָב געאַרבעט ווי אין טראַנס. ...האָב שוין באַצייטנס געזען די דאָ־זיקע קינדער אין ווייסע בעטלעך, שפּרינגען פרײלעכע איבער די ספּרו־זשינע־מאַטראַצן און שרייען צו מיר: „קום מאַמע, כ׳על דיר אַ קוש טאָן פאַרן שלאָפנגיין...״

וואָס איז דאָס? צי בין איך ביים זינען? — האָב איך זיך אָפּגעטרייסלט פון מיינע דמיונות — פאַר הונדערט קינדער וועל איך היינטיקע צייטן איינשאַפן ווייסע בעטלעך, מעדיקאַמענטן, שפּייז, אַ הויז? ווען ס׳איז נאָך אפילו קיין שוואַרץ ברויט נישטאָ? ביי הונדערט קינדער וועט זיך מיר איינגעבן צו געווינען זייערע הערצער? ווו וועל איך כוחות נעמען צו אַר־בעטן טאָג־און נאַכט? איך בין דאָך איינע אַליין?

— כ׳וועל אַלץ איינשאַפן! — האָט אין מיר געענטפערט אַ שטאַרקע שטים — כ׳וועל געפינען כוחות. די קינדער וועלן זיי מיר געבן, און אויך די מיסיע וואָס איך וויל אויף זיך נעמען.

כ׳האָב זיך דערשראָקן פאַר זיך אַליין, און פון איצט אָן געאַרבעט שטילשווייגנדיק, אין פולשטענדיקער קאָנצענטרירטער געגירטקייט.

דערווייל איז אַריינגעקומען פרוי בעלע און האָט מיט איין בליק אָפּ־געשאַצט די סיטואַציע: עמעצער שטופּט איר אַרויס פון דער אַרבעט, דאָס איז קלאָר, ווי אויף דער האַנט. און זי, די שוטה, האָט זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענטקע. אָבער אָט באַלד וועט זי אַ באַווייז טאָן אירע נעגל.

— פונוואַנען אַזויפיל בלאַטע און וואַסער דאָ? — האָט זי אַ פרעג געטאָן, ווי זי וואָלט גאַרנישט געזען, אַז איך וואַש די קינדער, אַז דאָס רוב קינדער איז שוין אָפּגעוואַשן און אויסגעקעמט — ס׳איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי שמוציק אין דאָזיקן צימער, — האָט זי ווייטער פּראָוואָצירט.

זי קאָן נאָך מאַכן דאָ אַ סקאַנדאַל, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, מ׳דאַרף זי ווי־ס׳איז ווייכער מאַכן און געווינען.

— כ׳האָב געקויפט פאַר די קינדער עסן פאַר מיין אייגן געלט, — האָב איך אָנגעהויבן זייער באַשיידן — און איצטער וואַש איך זיי און קעם, ווייל כ׳האָב זיך איבערצייגט, אַז איר זענט גערעכט געווען, ווען איר האָט גע־זאָגט: רחמנות האָבן איז לייכט...

פרוי בעלע האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. האָט אַ קוק געטאָן אויף מיין עלעגאַנטן סאַקוואָיאַזש און באַקומען אַ ביסל רעספּעקט. אויב איך האָב געהאַט אַזויפיל געלט צו קויפן פאַר אַלע קינדער עסן — איז ווער ווייסט ווער איך בין. פונדעסטוועגן האָט זי נאָך דאָס געוואָר נישט אָוועקגעלייגט.

— איך בין דאָ די לייטערין — האָט זי געזאָגט — און קיינער חוץ דעם פּרעזעס האָט דאָ גאָרנישט וואָס צו זאָגן... און ווען איר וואָלט זיך אַזוי געוואָרגן מיט אַ קאַרטאָפליע ווי איך, וואָלט איר אויך דערנאָך גע־גאַנגען זיך אָפּרוען אַ ביסל...

— כ׳וואָלט בלתי־ספק אַזוי געטאָן — האָב איך געענטפערט זיך אונ־טערגעבנדיק.

ערשט האָט פרוי בעלאַ אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט חשד. האָט מורא געהאַט צופיל צו ריידן, נישט געוווּסט ווער איך בין...

— גלייך אַראָפּגיין פון דער באַנק! — האָט זי אויסגעלאָזן דעם צאָרן צו די קינדער.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן — האָב איך געזאָגט רויִק אָבער אַנט־שלאָסן — דאָס האָב איך זיי געהייסן זיך זעצן אויף דער באַנק און וואַרטן אויפן וואַשן. ס׳זענען נאָך דאָ עטלעכע קינדער נישט געוואַשענע. איך מיין, אַז איר וואַשט די קינדער... אפשר וועט איר וואַשן צוזאַמען מיט מיר? וועט עס גיין שנעלער.

— איך מוז ערשט אַראָפּגיין אין קיך נאָך עסן פאַר די קינדער. ווייל אויף שפּעטער וועט מען פאַר זיי נישט איבערלאָזן.

„אָט דאָס האָט איר אויפגעוועקט פון איר נאָכמיטיק־שלאָף" האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

פרוי בעלאַ איז אַרויסגעגאַנגען פון צימער, מיטנעמענדיק מיט זיך צוויי עלטערע יינגלעך, וועלכע האָבן זיך נאָרוואָס אומגעקערט פון שטאָט (אויך מסתם צום עסן), זיי זאָלן איר העלפן הייבן דעם קעסל. אַזויווי זי איז לאַנג נישט צוריקגעקומען האָב איך פאַר דער צייט באַוויזן אָפּ־צוּוואַשן די איבעריקע קינדער און אָפּרייבן די פּאָדלאָגע. ווען זי איז צו־ריקגעקומען, איז דאָס צימער געווען פאַרהעלטניסמעסיק ריין און אין אָרדענונג, און בלויז די נייע קינדער וואָס כ׳האָב געבראַכט, האָבן פון צייט־צו־צייט אַ ביסל אונטערגעוויינט.

פרוי בעלאַ האָט זיך אַרומגעקוקט און גאָרנישט נישט געזאָגט.

— זיך אויסשעלן נאָך דער זופּ! — האָט זי אַ געשריי געטאָן מיט אַ שאַרפער, אומאָנגענעמער שטים.

— איכל פאַנאַנדערטראָגן, — האָט זיך אונטערגעחנפעט בראָנעק, מיט דער העלער טשופּרינע — איך האָב אייך געראַטעוועט פון וואָרגן זיך.

— מ׳דאַרף נישט! — האָט זי אַ ריטשע געטאָן. — קום דו, — האָט

זי זיך געוואָנדן צו אַ הויך יינגל אין רוסישע אויסגעריבענע וווּיליקעס, וועלכער איז גראָד אָנגעקומען פון שטאָט, און הינטער אים אַ גאַנצע חברה עלטערע יינגלעך, פערצן־פופצן־יעריקע.

— גיט מיר די ערשטע זופּ, די פונעם דנאָ, מיט קאַרטאָפּליעס און פלייש־ברעקלעך, וועל איך גיין, — אָט געענטפערט דער הויכער יונג.

— יאָ, זיגמונט איז גערעכט, — האָבן אין זיין טאָן אונטערגעכאַפּט די יינגלעך — אונדז, די עלטערע, קומט די פּאַרהאַנט, אונדז קומט די ערשטע זופּ.

— איר׳ט מיר דאָ מאַכן סקאַנדאַלן און דראָען ? — האָט פרוי בעלע גענומען זיך אויסטענהן.

— שרעקט אייך נישט — האָט זיגמונט געזאָגט — מיר ווילן דאָ סייווי נישט איבערבלייבן. מיר גייען נאָך צוריק. אַז איר וועט אונדז געבן די זופּ, וועלן מיר אייך לאָזן צורו.

— און דערנאָך וועט מיר דער פּרעזעס פּירהאַלטן, אַז איך דערלויב אייך גיין אין שטאָט אַריין בעטלען און גנבענען ?!

— דער פּרעזעס איז איצט נישטאָ אין קאָמיטעט. מיר האָבן שוין געמאַכט אַ בדיקה. און חוץ דעם...

זיגמונט האָט ארויסגעשלעפּט פון דער כאַליעווע אַ גרויסן לעפל, אַ ווינק געטאָן מיטן פינגער צו די יינגלעך, און די גאַנצע חברה איז צו צום קעסל און אים אַרומגערינגלט. פרוי בעלע האָט זיך אין פּאַנישער שרעק גענומען צושטופּן צום קעסל. די קינדער האָבן אָנגעהויבן וויינען. ס׳האָט גאָרנישט נישט געהאָלפן. די עלטערע האָבן געגעסן די ערשטע. די קליינע זענען שוין געווען געוווינט דערצו, פּונקט ווי די גרויסע — צו עסן בעת די קליינע וויינען. מיין אַריינמישן זיך וואָלט נישט געבראַכט קיינע רע־זולטאַטן. ערשט ווען די עלטערע האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעסן, האָבן די יינגערע באַקומען זופּ. נאָר אַזויווי זיי זענען היינט נישט געווען אַזוי הונ־געריק ווי אַלע טעג, איז היינטיקס מאָל אַריבער דאָס עסן אָן באַזונדערע אַוואַנטורעס. די עלטערע זענען אַרויסגעגאַנגען פון צימער, און די יינגע־רע האָט פרוי בעלע געהייסן גיין שלאָפן. צום שלאָפן האָבן געדינט נאָך דריי קלענערע צימערן. אַלע אַלציינס פינצטערע און שמוציקע. די קינדער זע־נען געשלאָפן אויף שטרוייזעק אויף דרערד, אָן ליילעכער און וועש. האָבן זיך צוגעדעקט מיט שמוציקע און פּאַרלויזטע קאָצן. זענען געשלאָפן אין די זעלבע נאַסע און ברודנע לאַכעס, וואָס זיי האָבן געטראָגן בייטאָג. צו

צווײ, צו דרײ אויף אײן שטרויזאַק. אײן קינד האָט באַנעצט דאָס אַנדערע, אײנס האָט אָנגעשטעקט דאָס אַנדערע מיט זײַנע ווונדן... אַ פֿאַרצווייפלונג האָט אַרומגעכאַפּט צו קוקן דערויף.

— זעט איר שוין, זעט איר שוין סאַראַ אַרבעט דאָס איז, — האָט פּרוי בעלע געטופּעט מיט די פֿיס פֿאַר כּעס — טויזנט מאָל ערגער ווי אין לאַגער! דאָרט איז נישט געווען אַזוי שמוציק. ווער ס'האָט געהאַט קרעצלעך, יענער איז געגאַנגען אין אויוון אַרײַן. און דאָ האַלט מען די קינדער אַזוי און מ'טוט זײ גאָרנישט. די לײַז פֿרעסן זײ אויף לעבעדי־קערהײט. און דערנאָך האָט מען פּרעטענציעס צו מיר, פֿאַרוואָס די קינ־דער אַנטלויפֿן פֿון אַנשטאַלט. זײ זענען גערעכט וואָס זײ אַנטלויפֿן. איך אַלײן וואָלט פֿונדאַנען אַנטלאָפֿן, ווען כ'וואָלט האָבן ווו־הין. דאָ בלײַבן אײ־בער די שוואַכסטע, וואָס די פּיסלעך דינען זײ שוין נישט מחמת זיצן יאָרן אין די באַהעלטענישן, אָדער שרעקן זיך אַרויסצוגײן... און די איבע־ריקע קומען אַהער בלויז עסן און שלאָפֿן. אָט קוקט אָן די דאָזיקע קינדער. אפֿילו אָנרירן זײ טאָר מען נישט! (די האָבן טאַקע נישט געלאָזט זיך וואַשן). ווי נאָר מ'גײט צו צו זײ, הײבן זײ זיך אָן צו טרײסלען... זיצן די גאַנצע צײַט אויף אײן אָרט, מאַכן אונטער זיך, כאָטש זענען שוין אַלט פֿיר אָדער פֿינף יאָר. זענען געווען „פֿאַרמויערט" אין פֿינצטערע קעלערס, קאָ־נען זײ זיך הײנט צו גאָרנישט צוגעוווינען... איר מײנט אַז מיר איז אַזוי לײַכט? די גאַנצע צײַט אַרויסטראָגן זײער צואה און די שטרויזעק טרי־קענען. דערנאָך קומט דער פּרעזעס און די אַלערלײ „אינספּעקטאָרקעס" (דאָ האָט זי זײַטיק אַ בליק געטאָן אויף מיר) און טײַטלען מיר מיטן פֿינ־גער: דאָס איז נישט גוט און יענץ איז נישט גוט! און פֿאַרוואָס קראַצן זיך די קינדער? און פֿאַרוואָס ליגן זײ אין ריטשקעס? פֿאַרוואָס װײנען זײ? פֿאַרוואָס גײ איך נישט אַרויס מיט זײ אויף אַ שפּאַציר? אַז ווי קאָן איך אַרויסגײן מיט זײ אויף אַ שפּאַציר, אַז זײ האָבן נישט, נישט קײן קלײ־דונג, נישט קײן שיך? ווײַזן פֿאַר לײַטן זײערע הוילע ווײַסטמענעסן? און ווער וואָלט זיך עס אײַנגעשטעלט מיט אַזעלכע קינדער אַרויסגײן אין גאַס? אין די לאַכעס און געשווירן אַלײן וועלן אַלע דערקענען, אַז דאָס זענען יידישע קינדער. מ'וועט דאָך אונדז שטײנער נאָכוואַרפֿן. מיר איז נאָך טײַער דאָס לעבן. נישט צוליב דעם האָב איך איבערגעלעבט אַזוי־פֿיל לאַגערן, מ'זאָל מיר איצט דערהרגענען.

כ׳האָב אויסגעהערט פרוי בעלעס שטראָם רייד, און דער תהום פון דער יידישער פּיין האָט זיך פאַר מיר צעעפנט אַלץ מער און מער.

און איך האָב זיך געוואָלט איזאָלירן פון די אַלע יידן? פאַרמאַכן די אויגן נישט צו זען זיי, זיי פאַרבייגיין? מיט וואָס פאַר אַ רעכט? אין וואָס פאַר אַ זכות?

די קינדער האָבן זיך שוין געלייגט שלאָפן. פרוי בעלע און איך האָבן זיך גראָד פאַרהאַלטן לעבן דער גרופּע יינגסטע קינדער, פון דריי יאָר ביז פינף. אַ פּיצעלע מיידעלע, אַ בלייכס און שרעקלעך דאַרס איז אַראָפּגעשטופּט געוואָרן פונעם שטרויזאַק אויף דער פּאָדלאָגע. איז עס געלעגן צווישן צוויי שטרויזעק מיט אַ פאַרקוועטשט פויסטל ביים מויל, מיט פיסלעך פאַרהויבענע אַרויף אַזש ביזן סאַמע העלדזל. איר פּנימל איז געווען איינגעשרומפּן און געקנייטשט, ווי ביי אַן אַלטער פרוי, און דאָס גאַנצע קערפּערל צונויפגעקוועטשט און דאַר, ווי אַן עמבריאָן...
כ׳האָב אויפגעהויבן דאָס מיידעלע, צוגעדריקט צו דער ברוסט און גענו־מען עס גלעטן. דאָס מיידעלע האָט אַנידערגעלייגט דאָס קעפּל אויף מיין אַקסל מיט צוטרוי. דאָס געשפּאַנטקייט פון איר פּנימל איז ביסלעכווייז שוואַכער געוואָרן. כ׳האָב אָנגעהויבן זינגען שטילערהייט אַן אַלט וויגלידל, וואָס מיין מאַמע פלעגט מיר זינגען אין מיינע קינדעריאָרן. דאָס קינד האָט נישט אויפגעעפנט די אייגעלעך, אָבער די קנייטשלעך אַרום זיי האָבן זיך אַ ביסל אויסגעגלעט. כ׳האָב עס געהיט צוריק אַוועקגעלייגט אויפן שטרויזאַק. עס איינגעוויקלט אין קאָץ און בין געזעסן לעבן דעם ביז כ׳האָב געהערט איר רויק און ריטמיש אָטעמען. דעמלט האָב איך זיך אויפגע־שטעלט און שטיל צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך.

כ׳האָב שוין מער קיין חשק נישט געהאַט אויסצוהערן די פרוי בעלע. געוואָלט בלייבן אַליין. אַ ווייסער נעפּל האָט זיך געלייגט אויף דער ערד, ווען כ׳האָב זיך דורך דלוגע־גאַס אומגעקערט אַהיים. צווישן די ביימער האָט גערוט שטילקייט און בלויז זייערע שפּיצן האָבן שטיל גערוישט. דאַמאָלט האָט אויך אין מיין האַרצן זיך באַזעצט מנוחה. נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן איז מיין האַרץ נישט געווען אַזוי רויק און שטיל...

# איר האָט נישט קיין רעכט

אויפן צווייטן טאָג האָב איך זיך אויפגעכאַפּט שפּעט. פראַניע איז שוין נישט געווען אין שטוב. כ׳האָב געפונען אַ צעטל אויפן טיש, אַז זי איז דאָ געווען, געשלאָפן און אַוועקגעגאַנגען. ס׳איז אַזוי געווען שוין דריי טעג: כ׳האָב נישט געהערט ווען זי איז אַריין אין שטוב און ווען אַוועקגעגאַנגען. כ׳מוז תיכף־ומיד זיך זען מיט איר, האָב איך באַשלאָסן. האָב זיך גלייך אָנגעטאָן און בין געפאָרן צו איר מיטן טראַמוואַי.

ס׳האָט געדויערט אַ היפּשע ווייל ביז מ׳האָט מיך אַריינגעלאָזט צו איר. די שומרים האָבן מיך פאַרהאַלטן, כאָטש זיי האָבן מיך געקאָנט, ביזן באַקומען אַ בפירושן באַפעל טעלעפאָניש. פראַניע האָט אויפגעשיינט פון פאַרגעניגן.

— זעסט, — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו זאַלעווסקין, איר פריינט — מ׳האָט זיי גוט אויסגעלערנט. זענען דיסציפּלינירט און פאָלגן אויס אַ באַפעל: אָן אַ דערלויבעניש גייט מען נישט אַריין... נישט דו, נישט מיין קוזינע.

איך אַליין בין געווען ווייניקער באַגליקט פון זייער דערגרייכונג. האָב צופיל צייט פאַרלוירן. אָבער זיך געפרייט וואָס האָב געטראָפן פראַניען ביי דער אַרבעט. זי האָט דאָך געקאָנט זיין ערגעץ אַרויסגעפאָרן.

כ׳האָב געבעטן ביי פראַניען אַ ביסל צייט פאַר מיר. שוין עטלעכע וואָכן ווי מיר האָבן קיין וואָרט נישט פאַרביטן.

— הער, פראַניע, — האָב איך אָנגעהויבן, זעצנדיק זיך אויף אַ פאָטעל — כ׳בין נעכטן געווען אין יידישן קאָמיטעט אויף דלוגע־גאַס...

— אַהאַ! — האָט זי זיך אָריענטירט — אָפּגעזוכט זיך אַן ערטעלע!

— כ׳בין דאָרט געווען און האָב צוגעזען אַ ביסל וואָס ס׳טוט זיך דאָרטן. געזען די רייען נאָך זופּ, דאָס שטופּעניש און די קללות, דעם דלות און די פאַרצווייפלונג פון די יידן...

— נו, גוט, — האָט מיר זאַלעווסקי איבערגעריסן — אָבער מיטוואָס קאָנען מיר דאָ העלפן? די מאַכט־אינסטאַנצן טוען פאַר זיי אַלץ וואָס זיי קאָנען.

— אַזוי? — האָב איך געזאָגט, קוקנדיק אויף אים איראָניש — דאָס איז באמת אַ לייכטער אופן פון באַהאַנדלען דעם ענין. פון איין זייט דער

ווייטער באַגריף „די מאַכט״, און פון דער צווייטער זייט — „זיי״, און ווו איז דאָס וואָרט „איך״?

— נו, נעמט זיך נישט אַרומרייסן, — האָט זיך פּראַניע אַריינגע־מישט — זאָג גלייך, וואָס פאַרלאַנגסטו פון אונדז?

— עסן פאַר די קינדער. האָסט נישט קיין באַגריף, ווי די קינדער הונגערן דאָרט. ווי זיי שלאָפן, אין וואָס פאַר אַ שמאַטעס זיי גייען. די לייז און קראַנקהייטן פרעסן זיי אויף. דער קאָמיטעט האָט נישט גאָרנישט פאַרזייערטוועגן.

— כ׳פאַרשטיי נישט, — האָט פּראַניע פאַרביסן די ליפּן — זיי באַקומען דאָך די זעלבע סובסידיעס און צוטיילונגען, וואָס די פּוילישע אינסטי־טוציעס.

דאָס בלוט האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין.

— צי דו פאַרשטייסט באמת נישט, פּראַניע, דעם אונטערשייד צווישן אַ יידישער אינסטיטוציע און אַ נישט־יידישער? צי זעסטו נישט אויף וויפל דאָס יידישע קינד איז אומגליקלעכער פון דעם פּוילישן? דאַרף מען דיר ערשט דערציילן וואָס די דייטשן האָבן געטאָן די יידישע קינדער אין דער מלחמה־צייט? ווייסטו נישט, אַז אפילו איין יידיש קינד האָט נישט געהאַט דאָס רעכט צו לעבן? נאָך מערער: אפילו נישט געהאַט דאָס רעכט מענטשלעך צו שטאַרבן. די דייטשן האָבן געקאַרגט קוילן און גאַז פאַרן יידישן קינד... נישט געשאָסן אין זיי, נאָר לעבעדיקערהייט צעריסן. גע־נומען זיי פאַר די פיסלעך און צעזעצט דעם שאַרבן אין אַ וואַנט. נישט דערשטיקט מיט גאַז, נאָר לעבעדיקערהייט באַגראָבן... צי ווייסטו, אַז זיי האָבן געוואָרפן פון לאַסטאויטאָס לעבעדיקע קינדער אין גריבער מיט ברע־נענדיקע סמאָלע?... מיין נישט אַז דאָס זענען בלויז גוזמאס... ס׳זענען דאָ דערויף טויזנטער עדות... נישט־יידן. ס׳זענען פאַרבליבן שפּורן... אָבער אויב דו גלייבסט מיר אַלץ נישט — ענטפער מיר, ווו זענען די יידישע קינדער פון פּוילן, אונגאַרן, סלאָוואַקיי, טשעכיען, פראַנקרייך, בעלגיע א.א.וו.? אַ מיליאָן זענען זיי געוועזן פאַר דער מלחמה, אוודאי מער — ווו זענען זיי אַלע? ביז היינט האָט זיך נאָכנישט אָפּגעזוכט אפילו קיין האַלבער פּראָצענט! און די לעבנגעבליבענע זענען ענלעכער צו טויטע איידער צו לעבעדיקע, און דאַרפן האָבן מעדיקאַמענטן, לעבנסמיטלען, מלבושים, מ׳זאָל זיך לאַנג און איבערגעגעבן פאַרנעמען מיט זיי...

פראַניע איז געגאַנגען היין און צוריק איבערן צימער אַ דענערווירטע. דערנאָך האָט זי צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— וואָס ווילסטו כ'זאָל טאָן פאַר דיר?

— כ'וואָלט וועלן זאָלסט מיר העלפן צו באַקומען דערנערונג פאַר די דאָזיקע אָפּגעראַטעוועטע קינדער.

— אויף וואָס פאַר אַן אופן?

— מען דאַרף דערלאַנגען אַ ביטע וועגן אַ צוטיילונג דעם נאַטשאַל־ניק פון דער אפּראָוויזאַציע, — האָט זאַכלעך געעצהט זאַלעווסקי.

— דאָס איז דער ריכטיקער וועג, — האָט פראַניע מסכים געווען — אָבער מיר קאָנען עס נישט טאָן, נאָר אַן אינסטיטוציע אַ באַרעכטיקטע דערצו. אין איצטיקן פאַל — דער יידישער קאָמיטעט.

— דעמלט וועט עס בלייבן ביים אַלטן, — האָב איך אַ זאָג געטאָן — און די קינדער וועלן ווייטער הונגערן.

— מיר קאָנען אונטערשטיצן די דאָזיקע ביטע. — האָט פראַניע גע־זאָגט.

— דאָס איז שוין עפּעס, — האָב איך געזאָגט מיט פרייד — און איך וועל אַליין גיין מיט דער ביטע און זען צי מ'וועט קאָנען מיר אָפּזאָגן.

די אַטמאָספער איז געוואָרן אַ לייכטערע. פראַניע האָט זיך צעלאַכט:

— און ערשט וועסטו אונדז שוין דערלויבן זיך אומקערן צו דער אַר־בעט?

— ניין, נאַכנישט, פראַניע. כ'האָב דאָך נאָכנישט די ביטע.

— איז גיי אין קאָמיטעט און נעם ביי זיי.

— כ'בין שוין געווען דאָרט, און מ'לאָזט מיך נישט צו צום פּרעזעס. דאָרט ביי זיי שטייט אויך אַ דיסציפּלינירטער יונג...

פראַניע און זאַלעסקי האָבן גענומען לאַכן אויפן קול.

— דערצו איז דאָ אַן עצה, — האָט זיך אָנגערופן זאַלעסקי — לאָ־מיר צוזאַמען פאָרן אַהין. ווען זיי וועלן דערזען אַ מונדיר, וועט די טיר זיך גלייך אויפפּראַלן.

— פאַר דו אַליין, יאַנעק, — איז פראַניע געווען נישט גערן — ס'איז דאָך אַ קלייניקייט, און איך האָב דאָ אַ סך אַרבעט.

— ניין, אויב מירן פאָרן אָן דיר, וועט עס נישט האָבן קיין אָנזען. דו האָסט דאָך דעם ראַנג און די פּאָזיציע. מירן נעמען אַ מיליטערישן אויטאָ, און די זאַך וועט זיך איינאָרדענען איינס־צוויי...

פראַניע האָט זיך נישט זייער גערן גענומען אָנטאָן. זאַלעסקי איז

אַוועק קלינגען וועגן אַן אויטאָ. אומגעקערט זיך, איז ער געווען אין אַ פּרעכטיקער אָפיצירישער פּעלעריַנע, אין הויכע לאַקירטע שטיוול מיט שפּאָרן און אין שפּאָגל־נייע הענטשקעס... פראַניע האָט ערשט אויסגעזען ווי זײַנער אַ שאָטן.

אין אַ רגע אַרום זענען מיר געזעסן אין אַן אָפענעם אויטאָ. מיר זענען געפאָרן שנעל איבער די בונטע גאַסן פון שטאָט און האָבן זיך פאַרהאַלטן מיט אַ שרייענדיק טרובערייַ פאַרן קאָמיטעט. זאַלעסקי איז אַרויסגעשטיגן, האָט פאַרוואָרפן נאָנשאַלאַנט די פּעלערינע איבערן אַקסל און אַ פרעג געטאָן ביי די שטייענדיקע יידן פאַר טויער:

— ווו איז דאָ אייער פּרעזוס?

גלייך זענען צו אונדז צוגעלאָפן עטלעכע מענטשן.

— דאָ, דאָ, דאָ, ביטע, חברים, קומט מיט אונדז. — האָט הויך געזאָגט איינער אַ מאָגערער ייד, לויפנדיק עטלעכע טריט פאַר אונדז.

אַלע שטייענדיקע פאַרן טויער האָבן מיט רעספּעקט געמאַכט אַ דורכגאַנג. אַנדערע האָבן זיך צוריקגעצויגן, ווי זיי וואָלטן זיך דערמאָנען די דייטשישע מונדירן... פראַניע און איך האָבן נאָכגעאיילט זאַלעסקין. דער וועכטער ביי דער טיר האָט זיך אויסגעצויגן, ווי אַ סטרונע, און ברייט צעעפנט פאַר אונדז די טיר.

אין סעקרעטאַריאַט איז וואָרשיינלעך געווען אַ זיצונג, ווייל אַלע זענען געזעסן אַרום טיש. אָבער דער פּרעזוס האָט זי גלייך איבערגעריסן און איז אונדז אַנטקעגנגעקומען. ער האָט געהאַט צעוואָרפענע ווייסע האָר און גוטע בלויע אויגן. האָט זיך אַנטשולדיקט, אַז ער קאָן אונדז נישט אויפנעמען אין אַ באַזונדערן קאַבינעט, ווייל אַזעלכעס איז דאָ נישט פאַראַן.

— נישט וויכטיק, — האָט פראַניע אַ זאָג געטאָן, — מיר קאָנען זיצן ווו ס׳זאָל נישט זיין.

אָבער זאַלעסקי האָט נישט קיין חשק געהאַט זיך צו זעצן ווו ס׳זאָל נישט זיין, און בכלל נישט געוואָלט מוותר זיין אויפן צערעמאָניאַל פון קעגנזייטיקן פאָרשטעלן.

— דאָס איז די חברטע פראַנטשישקאַ עליאַשעווּנאַ האָניג, מאַיאָר פון פּוילישן מיליטער, אונטערקאָמענדאַנט פון דער שטאָט. און די חברטע איז מאַגיסטער לעאָנטינאַ רעליטש, אַסיסטענטין פון יאַגעלאָנער אוניווערסיטעט. איך ווידער בין דער לייטער פון אַרבעטסאַמט ביי דער שטאָט־קאָמענדאַטור.

דער פּרעזעס האָט זיך לײַכט פֿאַררויטלט, און די באַאַמטע האָבן אי־בערגעריסן זײערע שמועסן. דער פּרעזעס האָט זײ געבעטן פֿאַרלאָזן די קאַנצעלאַריע און אונדז פֿאַרבעטן זיך זעצן.

— וואָס האָב איך צו פֿאַרדאַנקען דעם כּבֿוד פֿון אײַער באַזוך, חשובֿע חבֿרים? — האָט ער העפֿלעך געפֿרעגט.

— מײַן קוזינקע האָט נעכטן באַזוכט דאָ דעם יתומים־אַנשטאַלט, — האָט פֿראַניע געזאָגט — און איז געריררט געוואָרן פֿון דעם צושטאַנד פֿון די קינדער. זי וואָלט וועלן אײַך העלפֿן, — האָט זי קורץ פֿאַרענדיקט.

— ס׳קאָן גאָר בעסער נישט זײַן. — האָט דער דערפֿרײטער פּרעזעס אויסגערופֿן — איך באַגריס אײַך פֿון גאַנצן האַרצן.

— די זאַך איז נישט אַזוי פּשוט. — האָב איך זיך אָנגערופֿן — כ׳בין נעכטן געווען אַ האַלבן טאָג מיט די קינדער, האָב זיך באַקאַנט מיט אײַער פֿרוי בעלע... האָב צוגעזען דעם שרעקלעכן הונגער פֿון די קינדער, זײערע ווונדן, דעם שמוץ און די לײַז... די השגחה איבער זײ, און די באַציִונגען צווישן די קינדער... און איך טראַכט, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט איר נישט קײן רעכט צו האַלטן די קינדער.

דעם פּרעזעס פּנים איז געוואָרן פֿאָנס־רויט. ער האָט מיטאַמאָל פֿאַר־געסן די גאַנצע העפֿלעכקייט און די אַכטונג פֿאַר די מילעטערלײַט, זיך אַ ריס געטאָן פֿון דער שטול, ווי אַן אָפּגעבריטער און גענומען שרײַען:

— וואָס הייסט מיר האָבן נישט קײן רעכט? — האָט ער גענומען אַרומלויפֿן איבערן צימער — נאָר וואָס דען האָבן מיר צו טאָן מיט די דאָ־זיקע קינדער, וועלכע מ׳שיקט אונדז אַהער און וואַרפֿט אונטער טאָגטע־גלעך. ווען די כּראַבינע פּאָטאָצקאַ, די פּרעזעסין פֿון סאָציאַלער הילף, אין קראָקאָווער פֿאַרשטאָט, האָט באַקומען אַ טראַנספּאָרט קינדער פֿון אָש־וויענטשים נאָך דער מלחמה, איז די ערשטע זאַך וואָס זי האָט געהאַלטן פֿאַר רעכט צו טאָן, געווען — פֿאַנאַנדערצושיידן די ייִדישע קינדער פֿון די פּוילישע. די פּוילישע קינדער האָט זי געגעבן הלבשה, קאָצן און שיך, און פֿאַנאַדערגעשיקט איבער די פּוילישע יתומים־הײַזער, אָבער די ייִדישע קינדער האָט זי גאָרנישט נישט געגעבן און אָפּגעשיקט נאַקעטע און באָר־וועסע צו אונדזער קאָמיטעט... און אַז אַ פּאָליאַק ברענגט צו פֿירן אַ ייִדיש קינד אין קאָמיטעט, ציט ער פֿריער אַראָפּ דערפֿון די שיך און דאָס אָנ־טועכץ. אין בלויזן העמדל לאָזט מען אונדז איבער די קינדער. די ייִדן, זאָגן זײ, האָבן גענוג, וועלן זײ געבן. און וואָס קאָן איך זײ געבן, די דאָ־

זיקע קינדער ? אַז איך האָב נישט גאָרנישט. מ׳האָט מיר צוגעזאָגט בעט־לעך, שטרויזעק, וועש, שוכוואַרג, און מ׳גיט נישט גאָרנישט. כ׳האָב קוים געקריגן אַ טראַנספּאָרט פאַרפוילטע קאָצן פאַר זיי. נאָך די שפּייז־צעטיי־לונגען שטייען מיינע מענטשן אָפּ גאַנצע וואָכן אין אפּראָוויזאַציע־אַמט, און קומען צוריק מיט ליידיקע הענט. קיין הלבשה האָבן מיר נישט, קיין שפּייז האָבן מיר נישט, קיין מעדיקאַמענטן האָבן מיר נישט. דעם אַמעריקאַנער „דזשאָינט" דערלויבט נישט די רעגירונג צו געבן הילף די יידן. קיין איין פּרוטה איז נאָך צו אונדז נישט דערגאַנגען. און דערווייל פאָדערן פון אונדז הילף אַלע מערער לאַגערניקעס. אַלע לעבנגעבליבענע אין אויסשוויץ קומען צו אונדז. אַלע יידן פון אונגאַרן, סלאָוואַקיי גייען דורך דורך אונדזער קאָמיטעט. מיר זענען די נאָענטסטע פון אויסשוויץ־לאַגער. זיי באַלאַגערן אונדז, קלאָגן, שעלטן, שטאַרבן דאָ... און מיר קאָנען נישט העלפן. פון די עטלעכע טויזנט יידישע הייזער, וועלכע זענען פאַרבליבן אָן אייגנטי־מער אין קראָקע, האָט אונדז די רעגירונג אָפּגעגעבן דאָס־אָ איינאיינציקע הויז אויף דלוגע־גאַס. ערשט היינט איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה, אַז מ׳וועט אונדז נאָך צוטיילן דאָס יידישע אַלטע אַקאַדעמיקער־הויז אויף פּשעמיסקע־גאַס און אַ הויז אויף דיטל־גאַס. אָבער דערווייל מוזן מיר אַלץ האָבן דאָ : די ביוראָ, די קיך, דעם מושב־זקנים, דעם שפּיטאָל, דעם יתומים־הויז און דאָס מתים־שטיבל... ביטע, אויב איר ווינטש זיך, קאָן איך אייך פירן איבערן גאַנצן קאָמיטעט... וועט איר זען אַלץ... נישט נאָר ביי די קינדער איז פאַראַן שמוץ, לייז און קראַנקהייטן. אויף אַנדערע מקומות איז די לאַגע נאָך ערגער. קומט מיט מיר, וועט איר זען דעם המשך פון אוישוויץ...

דער פּרעזעס האָט געשפּריזט איבערן צימער פון איין עק צום אַנ־דערן און נישט געקאָנט זיך באַרויקן. פון זיין שטים אַרויס האָט זיך גע־הערט אמתע פאַרצווייפלונג. פראַניע האָט פאַרשטאָכן דעם בליק אין דער פּאָדלאָגע, און זאַלעסקי האָט פאַרגעסן זיין מיליטערישן שטעל, די פּע־לערינע און די שפּאָרן, און איז געזעסן איינגעאַנצן אַ געבויגענער. און איך האָב אָנגעהויבן שפּירן אַן אמתע סימפּאַטיע צום דאָזיקן מענטשן מיט די ווייסע האָר און הייסן האַרץ. ס׳איז מיר געוועזן אומאַנגענעם, וואָס איך האָב אים געטראָפן מיט מיינע ווערטער, אָבער פון דער צווייטער זייט בין איך געוועזן צופרידן דערפון וואָס פראַניע און זאַלעסקי הערן עטלעכע ווערטער פון אמת.

— קינדער! — האָט דער פּרעזעס אומדערוואַרט אַ געשריי געטאָן — אויך איך האָב געהאַט אַ קינד... וואָס רעד איך אַ „קינד״? אַ מענטש האָב איך געהאַט, אַ חבר אין לעבן, אַ פרײַנט, אַ ברודער. זעכצן יאָר איז ער אַלט געווען. ער איז געווען דער פּעיקסטער שילער אין גימנאַזיע, דער בעסטער ספּאָרטסמאַן אין שטאָט, אַ פּאָעט, אַ פּיאַניסט, דער ליבלינג פון די חברים און די לערער. מ׳האָט אים פאַרגעזאָגט די הערלעכסטע צו־קונפט. פון דעם ײנגל, האָבן זיי געזאָגט, וועט אויסוואַקסן אַ גאון. און ער האָט מיך געטרייסט נאָכן פאַרלירן דאָס ווייב. און ווי גוט ער האָט מיך פאַרשטאַנען. האָט יעדן פאַרשטאַנען, יעדן געהאָלפן, אָנגעפילט מיט האָ־פענונג מענטשלעכע הערצער אין די שווערסטע מאָמענטן. דאָס דאָזיקע ײנגל האָבן פּאָליאַקן איבערגעגעבן צו געסטאַפּאָווצעס. די דײַטשן האָבן פון אים געמאַכט אַ מאַסאַקרע פון פליש־און־בלוט... פאַר מיר אין די אויגן.

דער פּרעזעס האָט זיך אײַנגעאַנצן אײַנגעבראָכן. זיך געזעצט ביים גרויסן קאָנפערענץ־טיש און גענומען ספּאַזמאַטיש וויינען. זײַנע אַקסלען האָבן זיך אָן אויפהער געהויבן אַרויף און אַראָפּ.

פראַניע איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און געשטאַנען דאָרט אומ־באַוועגלעך. זאַלעסקי האָט „געשניפּט״ מיט דער נאָז און „אָפּגעשטויבט״ דעם לאַץ פון זײַן מיליטערישן מאַנטל. און איך בין צוגעגאַנגען צום פּרע־זעס, האָב געלייגט די האַנט אויף זײַן אַקסל און געזאָגט אינדערשטיל:

— איך בעט אײַך, ווײַנט נישט. איר טוט דאָ אַ גרויסע זאַך. באמת אַ גרויסע. איר פילט אָן מענטשלעכע הערצער מיט האָפענונג, פּונקט אַזוי ווי אייער זון וואָלט עס געטאָן. איר פאַרטרעט אים. איך וועל אײַך העלפן. כ׳וועל אַליין גיין אין אַפּראָוויזאַציע־אַמט. און איך בין זיכער, אַז איך וועל באַקומען לעבנסמיטל פאַר די קינדער. דער שטאָט־קאָמענדאַנט וועט אונטערשטיצן די דאָזיקע ביטע.

דער פּרעזעס האָט זיך אויפגעהויבן פון זײַן שטול און אָפּגעווישט די טרערן פון פּנים. אַ קוק געטאָן אויף מיר און געפרעגט:

— ווי הייסט איר?

— לענע, האָב איך געענטפערט איבערראַשט.

— פרײַלין לענע, — האָט ער געזאָגט פאַמעלעך און גענומען מײַן האַנט אין זײַנער — נישט נאָר ברויט דאַרפן מיר. קודם־כל דאַרפן מיר אַ מענטשן. לענע, — האָט ער געזאָגט מיט געפיל און אַרײַנגעקוקט מיר טיפער אין די אויגן — נעם די קינדער אונטער דײַן שוץ. זיי צו זיי אַ מאַמע. שאַף פאַר זיי אַ היים.

דורך מיין גאַנצן קערפּער איז אַדורך אַ ציטער. מיין גורל האָט זיך צו מיר דערנענטערט מיט גרויסע שפּרייזן. ער האָט גערעדט צו מיר דורכן געוויין פון די קינדער און דורכן געוויין פון דאָזיקן אַלטן מענטשן. דער דאָזיקער מענטש, געפירט דורך אַ וווּנדערלעכן איסטינקט, האָט באַרירט די טיפסטע סטרונע פון מיין נשמה. פונדעסטוועגן האָב איך נאָכנישט געוואָלט זיך אונטערגעבן מיין גורל. כ׳האָב געוווּסט, אַז אויב כ׳וועל זיך איבערגעבן די קינדער — וועל איך געצוווּנגען זיין צו פאַרגעסן אין זיך, רעזיגנירן פון מיין פּערזענלעכן לעבן, פון מיין פּערזענלעכן גליק און מיין לערע. איך האָב נישט ליב צו טאָן קיין האַלבע זאַכן. די דאָזיקע קינדער דאַרף מען זיך אָפּגעבן אינגאַנצן.

כ׳האָב זיך געוואָנדן צום פּרעזעס מיט אַן איינגעהאַלטענער שטים:

— איך מיין, אַז איר וועט מיר געבן אַ ביסל צייט זיך צו באַטראַכטן און נישט פאָדערן איך זאָל גלייך אָננעמען אַ באַשלוס. און דערווייל, אויב איר ווילט אַזוי גוט זיין, וועל איך אייך בעטן אָנשרייבן אַ ביטע וועגן אַ שפּייז־צוטיילונג, און איך וועל מאָרגן גיין מיט איר צום אַפּראָוויזאַציע־נאַטשאַלניק.

— אַלץ וועט באַלד זיין גרייט, — האָט דער פּרעזעס אַ זאָג געטאָן און גלייך צוגערופן די סעקרעטאַרין צו דיקטירן איר די ביטע.

אין אַ קורצער וויל אַרום האָט ער זי מיר דערלאַנגט און ווידער אונדז גענומען באַדאַנקען מיט אַן אַ שיעור העפלעכקייט. ווען ער האָט אונדז באַגלייט צום אַרויסגיין, האָט אים זאַלעסקי פריינטלעך גענומען אונטערן אָרעם. פּראַניע און איך זענען געגאַנגען אין פולשטענדיקן שווייגן. בעתן געזעגענען זיך האָב איך אים געבעטן, ער זאָל דערוויַיל שיקן צו פאַרנעמען זיך מיט די קינדער עמעצן וואָס איז פּאַסיקער און פאַראַנטוואָרטלעכער פון „פּרוי בעלע״, און ער האָט עס מיר הייליק צוגעזאָגט.

דערנאָך זענען מיר שוין מיט קלענערע פּאָמפּע און אָן טרובעריי... אָפּגעפאָרן צוריק צו פּראַניעס ביורא.

## אַ צוקער־צוטיילונג

אויף מאָרגן בין איך זייער פרי אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, כדי צו זיין איינע פון די ערשטע ביים אַפּראָוויזאַציע־נאַטשאַלניק. ס׳איז געווען אַ וווּנדערלעכער פרימאָרגן. די גאַסן און פּלאַנטן האָבן זיך געבאָדן אין

זונשײַן. די קאָלירטע ספּודניצעס פֿון די פּויערטעס האָבן פֿאַרשאַפֿט פֿאַרגע־ניגן די אויגן און דאָס האַרץ. די אָפּיצירן־שפּאָרן האָבן צוגעקלינגלט. די זײגערס פֿון די קאָשציאָלן האָבן רויק אויסגעשלאָגן די שעהען. כ׳בין געגאַנ־גען מיט לײַכטע טריט דורך די גאַסן און מיט גחת אַרײַנגעאָטעמט די פֿרישע פּרימאָרגנדיקע לופֿט.

אין אַ שטיקל צײַט אַרום בין איך צוגעקומען צום גרויסן בנין פֿון אָפּראָוויזאַציע־אַמט. דאָס איז געווען אַן אַלטער בנין, אַן אומגעפּאַרעמטער און ווי אַ צוגעקלעפּטער צו אַן אַנדערער מיטלאַלטער־לעכער אַלטער מויער. ער איז געווען קאַלט, ס׳איז געשטאַנען אין אים אַ ריח פֿון שימל, די פֿײַכט־קייט האָט אַרײַנגעדרונגען אין די בײנער. אָבער ס׳איז נישט קיין צײַט געווען זיך אָפּצוגעבן מיט אײַנדרוקן. כ׳האָב זיך געאײַלט אָפּצוזוכן די טיר פֿון נאַטשאַלניקס ביוראָ. כ׳בין זיכער געווען, אַז איך וועל דאָרט זײַן די ערשטע. נאָר ווען כ׳האָב געטראָפֿן די טיר, זי געעפֿנט און אַרײַנגע־גאַנגען, בין איך שטײנגעבליבן ווי פֿאַרשטאַרט... נישט געקוקט אויף דער פֿריער צײַט, איז דאָס וואַרטצימער געווען פֿול געפּאַקט מיט מענטשן. און אַלע אין מונדירן. ס׳איז דאָרט נישט געווען אפילו קיין איין ציווילער. אויך די פֿרויען זענען געווען אין מונדירן.

כ׳האָב זיך געזעצט אויף דער ערשטער נאָענטסטער שטול (ריכטי־קער, בלויז אויף איר ברעג) און בין געווען פֿולשטענדיק צעבראָכן. אויף אַזאַ מפּלה האָב איך זיך נישט געריכט. און דאָס דאָזיקע געפֿיל האָט זיך אין מיר נאָך פֿאַרשטאַרקט, ווען כ׳האָב באַנומען ווער עס זענען די דאָ־זיקע מונדורירטע לײַט: דעלעגאַטן פֿון די וויכטיקע און אײַנפֿלוסרײַכע פּראָ־פֿעסיאָנעלע פֿאַרײַנען, פּאָליטישע פּאַרטײען, ווי פּפּ״ר (פּוילישע אַרבע־טער פּאַרטײ), פּפּ״ס (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטײ), או. אַ. ב. (זי־כערהײטס־אַמט, ס׳הײסט געהײמע פּאָליצײ), מיליץ, מיליטער, פֿאַרײַן פֿון געוועזענע פּאָליטישע אַרעסטירטע אא״וו. קעגן דער דאָזיקער גאַנצער קראַפֿט וואָס פֿאַר אַ באַדײַט האָט דאָס ביסל יידישע יתומים מײַנע, צי אפילו דער קאָמיטעט אינגאַנצן? וואָס פֿאַר אַ שאַנסן קאָן איך האָבן? כ׳בין געזעסן אַ דערשלאָגענע אויפֿן ראַנד פֿון מײַן שטול, און ס׳האָט זיך מיר אפילו נישט געגלוסט דעם קאָפּ אויפֿצוהייבן. אומזיסט אַלע מײַנע אָנשטרענ־גונגען. כ׳וועל דאָ וואַרטן גאָט ווײסט ווי לאַנג, און דער רעזולטאַט וועט נישט זײַן קײן בעסערער ווי בײַ די אַנדערע קאָמיטעט־לײַט. ערשט פֿאַרשטײ איך שוין די טענות פֿון פּרעזעס און זײַנע פֿאַראיבלען.

די צייט איז אַריבער. אין צימער פון נאַטשאַלניק איז קיינער נישט אַריינגעגאַנגען און פון דאָרט נישט אַרויסגעגאַנגען. כ׳האָב געפרעגט מיין שכן אין וועלכער שעה דער נאַטשאַלניק הייבט אָן אויפנעמען.

— ער נעמט שוין אויף, — האָט ער געענטפערט — נאָר איז אַרויס אויף אַ וויילע.

— איך דאַנק אייך פאַר דער אינפאָרמאַציע, — האָב איך געזאָגט מיין שכן, און פולשטענדיק רויק, מיט אַ נאַטירלעכער און געוויינלעכער באַוועגונג זיך אויפגעהויבן פון דער שטול און בין אַריינגעגאַנגען אין צימער פון נאַטשאַלניק.

אין צימער איז קיינער נישט געווען. כ׳אָב זיך געזעצט אויף אַ שטול לעבן גרויסן ביוראָ־טיש, און דאָס האַרץ האָט מיר אָנגעהויבן שטאַרק צו קלאַפּן. ער וועט מיך זיכער, האָב איך געטראַכט, באַלד אַרויסבעטן, אָבער פאַרפאַלן, כ׳האָב נישט קיין אַנדער ברירה.

ס׳זענען אַריבער עטלעכע מינוט. אין צימער האָט זיך שטיל אַריינגעשלייכט אַ נידעריק און דאַר מענטשל, אין אויסגעריבענעם אָנטועכץ, דער שטערן אַרומגעבונדן מיט אַ ווייס טיכל, מיט אַ שטויס פּאַפּירן אונטערן אָרעם. כ׳בין געזעסן שטיל, ווי אַ מייזל אין זיין לאָך, און זיך געשראָקן אַ ריר צו טאָן. זאָל דער עס זיין דער באַרימטער נאַטשאַלניק?

אין צימער איז געשטאַנען אַ שטילקייט. נישט קיין באַוועגונג, נישט קיין וואָרט. ס׳האָט זיך געהערט בלויז דאָס שאָרכען פון איבערוואָרפן אַקטן־טעטשקעס און דאָס פען־סקריפּען אויפן פּאַפּיר. איצט קאָן איך ערשט זיצן ביז אין דער אייביקייט אַריין, האָב איך זיך געטראַכט, ער קוקט אפילו נישט אין מיין זייט. ווי כ׳וואָלט בכלל נישט עקזיסטירט.

כ׳האָב זיך אויפגעהויבן פון דער שטול און גענומען רעדן:

— חבר נאַטשאַלניק! אַנטשולדיקט מיר פאַר מיין אַריינגנבענען זיך אַהער. כ׳האָב עס געמוזט טאָן. קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט. כ׳בין זיכער, אַז איר אויף מיין אָרט וואָלט געטאָן פונקט דאָס זעלבע. כ׳בין געקומען צו אייך אין נאָמען פון דער גרעסטער נויט וואָס קאָן נאָר עקזיסטירן אויף דער וועלט. אין נאָמען פון קינדער, וואָס גייען אויס פון הונגער.

— וועגן וועלכע קינדער רעדט איר, חברטע?

— וועגן די יידישע קינדער. וועגן די יעניקע קינדער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די דייטשישע קרעמאַטאָריעס. און היינט, אין דע־

מאָקראַטישן פּוילן, שטאַרבן זיי פון הונגער. זיי שלעפּן זיך אַרום איבער די גאַסן, שלאָפן אין קאָרידאָרן און אויף שטיגן און האָבן נישט קיין העמד און הויזן צו פאַרדעקן זייער נאַקעט לייב.

— פאַרוואָס־זשע, חברטע, זאַמלט איר זיי נישט צונויף און פאַר־נעמט זיך נישט מיט זיי?

— ווייל כ׳האָב נישט וואָס זיי צו געבן עסן.

— אין וואָס נייטיקט איר זיך, חברטע?

— אין אַלץ. מיר האָבן נישט גאָרנישט. אָבער אין דער ערשטער ריי — אין שפּייז.

— צי האָט איר חברטע, עפּעס אויף דער האַנט, אַוועלכע ביטע, אַוועלכע באַפולמעכטיקונג? און בכלל אין וועמעס נאָמען קומט איר, חברטע?

— אין נאָמען פון יידישן קאָמיטעט.

— אַך, פונעם קאָמיטעט — האָט ער זיך מיטאַמאָל דערמאָנט — ריכטיק, זיי זענען שוין געווען ביי מיר. ס׳ליגט דאָ אפילו ערגעץ זייערס אַ ביטע. אָבער כ׳האָב נישט קיין סך געהאַט פונזייערטוועגן. אַנדערע האָבן זיי אויסגעכאַפּט... כ׳האָב געמוזט פריער געבן אונדזערע חברים, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן, אין קאַמף —דער מיליץ, די געוועזע־נע אַרעסטירטע, דער פּאַרטיי. ס׳איז מיר כמעט גאָרנישט נישט געבליבן. און די וואָס וואַרטן זענען אַ סך, — דאָ האָט ער מיט אַ האַפענונגלאָזער באַוועגונג אַ מאַך געטאָן צו דער טיר און זיך אָנגענומען פאַרן ווייטו־ענדיקן קאָפּ.

— איך האָב דאָ אַ רעקאָמענדאַציע פון קאָמענדאַנט פון דער שטאָט קראָקע.

— ווייס איך וואָס, — האָט ער אַוועגעמאַכט מיט דער האַנט — אַז ס׳איז נישטאָ קיין שפּייז, וועט גאָרנישט העלפן.

— חבר, — האָב איך אַ זאָג געטאָן כמעט מיט טרערן — איר מוזט מיר העלפן. כ׳קאָן זיך נישט אומקערן צו די דאָזיקע קינדער מיט ליי־דיקע הענט. כל־זמן כ׳האָב נישט געזען זייער נויט מיט די אייגענע אויגן, האָב איך נאָך געקאָנט לעבן ווי־עס־איז... אָבער פון דעם מאָמענט אָן וואָס כ׳האָב דאָס אַלץ געזען, וועל איך שוין פון קיין רו נישט וויסן, ביז איך וועל העלפן...

דער נאַטשאַלניק האָט אַוועקגערוקט די פּאַפּירן און אַ קוק געטאָן אויף מיר. כ׳בין געשטאַנען פאַר אים מיט פאַרפלאַמטע באַקן און אויגן גלאַנצנ־

דיקע פון טרערן. ער האָט נאָכאַמאָל איבערגעפירט די האַנט איבער זיין געקנייטשטן שטערן און גענומען שפּאַנען דענערווירט איבערן צימער.

— ווי קאָן איך העלפן? ווי קאָן איך צעטיילן? אַלע פאָדערן, אַלע וויינען, האָבן טענות... יעדער האָט פּאַרדינסטן, יעדן קומט... און דאָ איז דער מאַגאַזין ליידיק!

פּלוצים איז ער שטיין געבליבן און געפרעגט:

— ווי לאַנג אַרבעט איר, חברטע, אין דעם קאָמיטעט?

— פון... פון... אייערנעכטן. דעם אמת געזאָגט אַרבעט איך נאָך בכלל נישט... כ׳אַרבעט אויפן אוניווערסיטעט... ווען איך וואָלט באַקומען צו־טיילונגען פאַר די קינדער, וואָלט איך געקאָנט אָנהייבן אַרבעטן אין קאָ־מיטעט... אָבער כל־זמן ס׳איז אַפילו קיין ברויט נישטאָ, קאָן קיין רייד נישט זיין וועגן דערציערישער אַרבעט... קיין הונגעריק קינד קאָן מען נישט דערציען. מען מוז עס פריער אָנהאָדעווען.

דער נאַטשאַלניק האָט ווידער גענומען וואַנדערן איבערן צימער. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין ווייטועגדיקן שטערן און אויס־געשריגן:

— כ׳האָב אַ באַשייד! יאָ, יאָ, יאָ, דאָס וועט זיין אַ באַשייד. זעט איר, חברטע, — האָט ער זיך געוואָנדן צו מיר — קיין מעל קאָן איך אייך נישט געבן, ווייל איך האָב נישט. קיין קאַשעס אויך נישט. קיין פעטס אויך נישט. קיין קאַרטאָפל האָבן די פּויערים נישט געבראַכט. קיין קאָנסערוועז איז נישטאָ, קיין מאַרמעלאַד איז נישטאָ... באמת, ס׳איז גאָר־נישטאָ. אָבער כ׳וועל אייך געבן אַן אַנדער זאַך, כ׳וועל אייך געבן צוקער פאַר די קינדער... יאָ, יאָ, — האָט ער ערשט געמורמלט ווי צו זיך אַליין — כ׳וועל געבן די קינדער צוקער, וועל זיי געבן אַ סך צוקער, זאָלן די קינדער עסן צוקער...

ער האָט זיך געזעצט צום טיש און אויסגעשריבן אַ צוטיילונג. דערנאָך געלייגט די זיגלען און מיר דערלאַנגט.

— איך דאַנק אייך, חבר, פון גאַנצן האַרצן. כ׳האָב פּשוט נישט קיין ווערטער אויסצודריקן מיין דאַנקבאַרקייט. ערשט וועל איך שנעל לויפן צו די קינדער, ווייל כ׳האָב שוין מיט וואָס... ס׳וועט זיין אַ גרויסע שמחה אין קאָמיטעט.

כ׳האָב געוואָלט זיך אויפהייבן און גלייך גיין, אָבער גראָד ערשט האָט זיך דעם נאַטשאַלניק ווי פּאַרגלוסט שמועסן. האָט זיך געזעצט נענטער צו

מיר און אָנגעהויבן אויספרעגן אויספירלעך וועגן צושטאַנד פון די קינ־דער, וועגן דער טעטיקייט פונעם קאָמיטעט, וועגן מײַן „פאַרגאַנגענהייט" און מײַנע פּלענער אויף דער צוקונפט. כ'האָב אים געענטפערט אַ ביסל פאַרנעפּלט, ווײַל כ'האָב נאָכנישט געהעריק געקאַנט די טעטיקייט פון קאָ־מיטעט, און מײַן צוקונפט איז דאָך מיר געווען נאָך פאַרנעפּלטער. אָבער דער נאַטשאַלניק האָט זיך נישט איבערגענומען צוליב דער אומקלאָרקייט פון מײַנע ענטפערס. אדרבא, ר'איז אַלץ לעבעדיקער געוואָרן, פריילע־כער און האָט אפילו פאַרגעסן צו רײַבן דעם ווייטיקן קאָפּ. ווען דער שמועס האָט זיך פאַרצויגן, האָט מען גענומען קלאַפּן אין טיר.

כ'בין געזעסן ווי אויף שפּילקעס.

— ס'מאַכט נישט אויס, — האָט ער געענטפערט אָן זאָרג — זאָלן זיי וואַרטן. כ'האָב סײַווי נישט קיין פּראָדוקטן פאַר זיי. ס'איז נישט קיין שום אונטערשייד ווו זיי זיצן, דאָ אָדער דאָרט.

כ'האָב אויף אים אַ קוק געטאָן אויפמערקזאַמער, און באַקומען רחמנות אויף אים. ס'איז קענטיק געווען, אַז ער איז אַ גוטער מענטש. מ'האָט אים געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַפּראָוויזאַציע פון אַ גאַנצן קרײַז און נישט געגעבן קיין שום מעגלעכקייט צו דערפילן די דאָזיקע אויפ־גאַבע. מ'האָט אים געריסן פון אַלע זײַטן, אַלע זענען געווען וויכטיק און יחסנים, און די מאַגאַזינען — ליידיק. איז עס קיין וווּנדער נישט, וואָס דער קאָפּ האָט אים די גאַנצע צײַט ווײי געטאָן...

— צום באַדויערן מוז איך שוין גיין, — האָב איך אַ זאָג געטאָן און זיך אויפגעהויבן.

— נו, איז גייט־זשע, גייט צו אײַערע קינדער. גריסט זיי אין מײַן נאָמען. און אַז איר וועט נאָך עפּעס דאַרפן פונדזייערטוועגן, קאָנט איר דרייסט קומען צו מיר. איר האָט נישט וואָס זיך צו קרעמפּירן. קומט גלײַך צו מיר, און זאָל דער קאָמיטעט נישט שיקן קיין אַנדערן מענטשן.

— נאָכאַמאָל דאַנק איך אײַך, נאַטשאַלניק.

— נישט נייטיק, נישט נייטיק, — האָט ער אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, באַגלייטנדיק מיך צו דער טיר — און אַז איר וועט שוין האָבן עפּעס אַ הויז פאַר קינדער, פאַרבעט מיך צו זיי. כ'וועל קומען אין אַ זונטיק־טאָג.

— מיטן גאַנצן האַרצן וועלן מיר אײַך אויפנעמען, חבר נאַטשאַלניק.

כ'בין אַרויסגעקומען פון זײַן קאַנצעלאַריע און האָב גענומען מיט

אַלע כוחות לויפן צום קאָמיטעט. אויפן וועג האָב איך פונדעסטוועגן אַרויס־גענומען דעם שיין און אים באַטראַכט, „2000 קילאָ צוקער", האָב איך איי־בערגעלייענט אַ דערשטוינטע. דאָס איז נישט מעגלעך! דאָס איז דאָך עפּעס אַ ציפער, אַזש דער קאָפּ דרייט זיך... כ'האָב געהערט זאָגן, אַז מ'טיילט צו צען, אָדער צוואַנציק, אָדער עטלעכע צענטליק קילאָ. דאָס איז זיכער אַ טעות. אפשר האָט ער געוואָלט שרייבן „200 קילאָ" און אַ טעות געהאַט. ניין, כ'וועל זיך צו אים נישט אומקערן. וואָס פאַר אַ זין האָט עס? כ'וועל בעסער פריער לויפן אין קאָמיטעט, זאָלן זיי באַשיידן דאָס דאָזיקע רע־טעניש... זיי האָבן שוין באַקומען צוטיילונגען און פאַרשטייען זיך בע־סער אויף אָט די ענינים.

אין שטאַרקער אויפרעגונג האָב איך דורכגעמאַכט דעם וועג און מיט אומגעדולד זיך דורכגעשטופּט דורך די מענטשן וואָס וואַרטן פאַר דער טיר פונעם סעקרעטאַריאַט. דער טיר־וועכטער האָט נישט באַוויזן מיך צו פאַרהאַלטן.

— הער פּרעזעס, — האָב איך אָנגעהויבן רעדן שוין פון דער שוועל — כ'האָב באַקומען אַ צוטיילונג פון צוקער פאַר די קינדער, אָבער כ'ווייס אַליין נישט וויפל ס'איז דאָ אָנגעשריבן אין דאָזיקן שיין. אפשר וועט איר אַזוי גוט זיין קאָנטראָלירן וואָסער ציפער דאָס איז?

די סעקרעטאַרין, אַ יונגע און שיינע פרוי, האָט גענומען לייענען.

— אומגלייבלעך! — האָט זי איבערגעווישט די אויגן — 2.000 קילאָ צוקער! און דאָ אויף דער צווייטער זייט איז נאָך צוגעשריבן מיט ווערטער: צוויי טויזנט קילאָ צוקער!

אַלע אין צימער, דער פּרעזעס און די באַאַמטע, האָבן אַרומגעשטעלט די סעקרעטאַרין און אַריינגעשטאָכן די אויגן אין פּאַפּירל.

— פרוי ערנאָ! — האָט הויך אַ זאָג געטאָן דער פּרעזעס — נעמט נאָר אַרויס די אַלטע צוטיילונגען פון שופלאָד און פאַרגלייכט. ס'איז אַלץ אין אָרדענונג.

— איך וואָלט געעצהט, — האָט זיך אָפּגערופן איינער אַ יונגער באַ־אַמטער — מ'זאָל נאָך היינט שיקן פינקוסן אָפּצונעמען דעם צוקער פון די אַפּראָוויזאַציע־מאַגאַזינען. זיי קאָנען זיך נאָך באַדענקען... ס'קאָן זיך נאָך אַרויסווייזן, אַ ס'איז פאַרגעקומען אַ טעות... יעדנפאַלס איז בעסער, מ'ר זאָלן האָבן דעם צוקער ביי זיך... צוקער איז דאָך היינט אַן אוצר! פאַר צוקער קאָן מען היינט באַקומען אַלץ: מעל, פעטס און אפילו קליידונג

און שיך. דער דאָזיקער צוקער קאָן שטעלן דעם קאָמיטעט אויף די פיס...

— איר װעט מיר אַנטשולדיקן, — האָב איך זיך אַרײַנגעמישט — אָבער דער צוקער איז באַשטימט געװאָרן פאַר די קינדער, און נישט פאַר אַנדערע צװעקן.

— מיר װעלן דורכקומען, — האָט דער פּרעזעס אײליק אַ זאָג געטאָן — כ׳בין זיכער, אַז איר װעט דערלויבן צוטײלן אַ ביסל פון דעם צוקער אויך פאַר די אומגליקלעכע לאַגערניקעס. אמת, פּרוי לענע? אָבער אין פּרינציפּ װעלן מיר באַטראַכטן דעם צוקער װי די מאַטעריעלע באַזע פאַר דער צוקונפטיקער קינדער־היים.

— גוט, — האָב איך מסכים געװען.

— איז אויסגעצײכנט! — האָט דער פּרעזעס געריבן די הענט פון נחת־רוח — ס׳האָט זיך אונדז אײנגעגעבן! אָ, איר זעט, — האָט ער מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן אויף אַ קול מיט שטאָלץ, אָנװײַזנדיק מיט אַ פינגער אויף מיר — איך פאַרשטײ זיך צוצוקלײבן מענטשן צו דער אַרבעט. איך פאַרשטײ זיך אויף מענטשן.

איך האָב אַרײַנגעשמײכלט אין זיך און אַ זאָג געטאָן צו אים:

— אויב איר טראַכט ערנסט װעגן שאַפן אַ קינדער־היים, װאָלט מען דאַרפן װעגן דעם געהעריק אַ שמועס טאָן.

— זאָל מען מאַכן אַ זיצונג? — האָט ער אַ פרעג געטאָן קװענקלענדיק.

— יאָ, אַ זיצונג — האָב איך אַ מאַך געטאָן.

אין דעם מאָמענט איז אין סעקרעטאַריאַט אַרײַנגעקומען אַ נידעריקער, ברײטפּלײציקער מענטש מיט אַ פּליך אויפן קאָפּ.

— פאַן מעצענאַס שטײנמאַן, געװעזענער בירגערמײסטער פון קאָלאָמיי, מיטגליד פון קאָמיטעט און אונדזער קאַסיר, — האָט אים דער פּרעזעס פאָרגעשטעלט.

— און דאָס איז, אַנטשולדיקט װאָס כ׳האָב פאַרגעסן פאָרצושטעלן, פּרוי ערנאַ ליאַסקאָװסקאַ, אונדזער סעקרעטאַרין, און דאָס איז הער מאַלינסקי, אויך אַ קאָמיטעט־מיטגליד.

— זײער אָנגענעם, — האָב איך העפלעך פאַרנײגט דעם קאָפּ.

— מיר האָבן נאָר װאָס געשמועסט מיט פּרוי רעליטש, — האָט דער פּרעזעס אָנגעהויבן — װעגן אויפשטעלן אַ קינדער־היים.

— איר רעדט שוין װעגן אויפשטעלן אַ קינדער־היים, — האָט אים

דער קאַסיר מיט איראָניע איבערגעשלאָגן — און פּאַרוואָס פרעגט איר נישט, צי ס׳איז אין דער קאַסע דאָ דאָס נייטיקע געלט אויף דער מאָרגנ־דיקער זופּ פאַר די לאַגערניקעס?

— באמת, איך וואונדער זיך אויף אייך זייער, — האָט אים אונטערגעע־האַלטן הער מאַלינסקי. — איר זענט דאָך פון פּראָפעסיע אַ יוריסט, איז ווי קאָנט איר אַזוי אומפּראַקטיש טראַכטן? איר פליט פשוט אין די הי־מלען און ווילט נאָך אויך אַנדערע מיט זיך מיטשלעפּן. מיר האָבן דאָך נישט קיין שום בודזשעט אויף אַ קינדערהיים, האָבן נישט קיין מעבל, האָבן נישט קיין בגדים פאַר די קינדער, האָבן נישט קיין מעדיקאַמענטן און האָבן נישט קיין שפּייז. וועט אונדז דען אָט דער צוקער, וואָס האָט אונדז ערשט געבראַכט פרוי רעליטש, קלעקן פאַר אַלע באַדערפעענישן פון די קינדער און דעם קאָמיטעט? זאָגט אונדז קלאָר און קאָנקרעט, וואָס פאַר אַ ממשותדיקע באַזע האָבן מיר אויף אויפצושטעלן אַ קינדערהיים? סתם רייד אויפן ווינט!

— וואָס אַנבאַלאַנגט אַ הויז, — האָט זיך דער פּרעזעס פּאַרטיידיקט — וואָלט מיר קאָנען דינגען. טאַקע היינט האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון מיינעם אַ פריינט אין זאַקאָפּאַנע, אַז אַ סך ווילעס שטייען דאָרט ליידיק. און מ׳קאָן דינגען איינע פאַר די קינדער.

— פאַר אַזאַ דירה דאַרף מען באַצאָלן שכירות צומווייניקסטן פאַר דריי יאָר פאָרויס און זיין געבונדן מיט אַן אָפּמאַך, — האָט זאַכלעך באַ־מערקט פרוי ערנאַ.

— מ׳קאָן האָפן, אַז דער „דזשאָינט" וועט אונדז העלפן מיט פינאַנסן, — האָט געזאָגט דער פּרעזעס.

— אַ קאַץ איז געפלויגן, — האָט זיך דער קאַסיר דענערווירט — אין קאַסע איז נישטאָ גאָרנישט. די צאָל און באַדערפעענישן פון די יידן וואָס שטראָמען צום קאָמיטעט ווערן אַלעמאָל מערער. און וועגן הילף פון „דזשוינט" קאָן מען אפילו נישט חלומען. איך קאָן בעסער די באַציונ־גען אין די מאַכט־אינסטאַנצן. די פּוילישע רעגירונג און דער יידישער צענ־טראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע (וועלכער איז באַזעצט מיט קאָמוניסטן און בונדיסטן) זענען נישט מסכים אויף דירעקטע הילף פון „דזשוינט" פאַר די יידן. העכסטנס וועלן זיי מסכים זיין מ׳זאָל שיקן דירעקט אַלטע לאַכעס. זיי פאָדערן אַז יעדער דאָלאַר זאָל אַריין אין זייער קאַסע און דורכגיין זייע־רע הענט. און זיי געבן דעם „דזשוינט" קוים אַ זעקסטל טייל פון דעם

פאַקטישן װערט פון דאָלאַר. דערויף װיל דער „דזשױנט" נישט אײַנגײן און גיט בכלל נישט קײן געלט.

— אוודאי, — האָט מיט אים אײַנגעשטימט הער מאַלינסקי — דאָס איז קלאָר און פאַרשטענדלעך. אויב די אַמעריקאַנער יידן געבן געלט, פאַר־לאַנגען זיי אַז דאָס געלט זאָל אָנקומען צו די יידן, די נאַצישע קרבנות, און נישט רײַך מאַכן די קאַסע פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

— און דערװײַל שטאַרבן די־אָ קרבנות פון הונגער, — האָב איך באַמערקט.

— און איך זאָג אײַך, — איז דער פּרעזעס אויפגעשפּרונגען פון אָרט — אויב מיר װעלן נישט אויפשטעלן קײן קינדערהײמס, האָט דער גאַנצער קאָמיטעט נישט קײן עקזיסטענץ־רעכט. װאָס טוט זיך דאָ? — האָט ער שוין געשריגן אויף אַ קול, נישט קוקנדיק אויף קײנעם — צי צוליב דער אײנער זופּ אַ טאָג און רעגיסטרירן די געראַטעװעטע האָבן מיר אַלע דאָס רעכט צו זיצן דאָ, צו האַלטן באַאַמטע און אַ קאַסע און טאָגטעגלעך אָפּ־האַלטן זיצונגען? מיר מוזן שאַפן עפּעסװאָס! אַז די רעגירונג און דער „דזשױנט" װעלן זען, אַז מיר האָבן אויפגעבויט אַ היים פאַר קינדער, װעלן זיי אונדז העלפן.

— און איך האָב די זעלבע מיינונג װאָס דער פּרעזעס, — האָב איך זיך אַרײַנגעמישט אין דער דיסקוסיע — די קינדער קאָנען נישט מער זיך אַרומװאַלגערן און הונגערן. די קינדער מוזן זײַן די ערשטע, פאַר װעלכע מ'זאָל זאָרגן און טאָן!

## דער יידישער קאָמיטעט

פון דעם מאָמענט אָן האָב איך שוין װי־ס'איז געהערט צום קאָמי־טעט, און דער פּרעזעס האָט מיך גענומען אין „זײַן באַזיץ", דאָס הייסט: ער איז געזעסן צוזאַמען מיט מיר ביים לאַנגן זיצונגס־טיש אין סעקרע־טאַריאַט און צוזאַמענגעשטעלט מיט מיר „רשימות". רשימות פון די זאַכן װאָס זענען נייטיק פאַר דער קומענדיקער קינדערהײמס. װען כ'פּלעג זיך בונטעװען קעגן דעם און געװאָלט זײַן „אויבן" לעבן די קינדער, פּלעגט ער מיך בײַקומען מיט מײַנע אײגענע אַרגומענטן, אַז דערציערישע אַר־בעט ביי אַזעלכע באַדינגונגען, װי די קינדער האָבן אויף דלוגע־גאַס, קאָן

נישט געבן קיין שום פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. און דערפאַר איז אָנשטאָט צו פאַרלירן צייט און כוחות אומזיסט, בין איך גיכער מחויב צו אָרגאַני־זירן די נייע היים פאַר די קינדער.

— קודם־כל דאַרף מען זיי איזאָלירן פון דער גאַנצער קאָמיטעט־גאַנ־גרענע, — האָט ער געטענהט אַ דענערווירטער — איר ווייסט נאָכנישט וואָס ס׳טוט זיך דאָ ביי אונדז.

ער איז מיט מיר אַראָפּגעגאַנגען אונטן אין אַ גרויסער סאַלע לעבן דעם טויער אין פּאַרטער, וועגן וועלכן איך האָב גאָרנישט געוווּסט, און האָט געדעדט הייס פון האַרצן:

— איר זעט די דאָזיקע סאַלע? דאָ איז דער צענטער פון דעם גאָרן־בייז אין קאָמיטעט, דער קוואַל פון אַלע קראַנקהייטן און דער גאַנצער דע־מאָראַליזאַציע. דאָ נעמלעך איז דער המשך פון די לאַגערן, וועגן וועלכן כ׳האָב גערעדט. אַהער קומען אַלע וואָס זענען נישט אומגעבראַכט גע־וואָרן, אָבער זענען „מאָרגנדיקע בר־מינַנס”. דאָ ליגן אַלע צוזאַמען, גע־זונטע און קראַנקע, שטאַרבנדיקע זקנים און יונגע מיידלעך, קינדער און דערוואַקסענע... אַזוי־אָ ליגן זיי, אויף דער פּאָדלאָגע, אָדער אויף שמוּ־ציקע בענקלעך, אין ריטשקעס השתנה און צואה, וואָס זיי געבן אָפּ און פילן עס נישט. אַהער וויל קיין שום פּוילישער דאָקטאָר נישט אַריינ־גיין, און די יידישע דאָקטוירים האָט מען אַריינגעשליידערט אין די אויוונס. איר זעט די דאָזיקע פרוי, אַן אויסגעטרוקנטע ווי אַ סקעלעט? זי גייט אויס פון שווינדזוכט. האָט שוין אינגאַנצן נישט קיין לונג. און פונ־דעסטוועגן קאָן מען נישט אַוועקרייסן פון איר דאָס אַכטיעריקע טעכטערל. שלאָפט מיט איר אויף איין בענקל, אָטעמט אויף איר, שפּייט אַרום איר, דערמאָרדעט דאָס קינד! די מוטער בעט זיך ביים מיידעלע זי זאָל אַרויפ־גיין אויבן צומווייניקסטן צו עסן זופּ מיט די קינדער, און זי וויל נישט. זי שרעקט זיך, ווייל מ׳האָט זי שוין צוויי מאָל געפירט צום אויוון אין אָשוויענטשים. נאָר זי האָט זיך געראַטעוועט, באַהאַלטנדיק זיך צווישן די קליידער פון די געפירטע צו די גאַזקאַמערן. דערנאָך האָט זי זיך אויסבאַהאַלטן אונטער דער מאַמעס שלאָפבאַנק, אויף וועלכע די מוטער פלעגט זיצן בעת די רעוויזיעס. און זי האָט זיך אַזוי צוגעוווינט צו זיין תמיד מיט איר צוזאַמען, אַז זי וויל זי נישט פאַרלאָזן אפילו אויף קיין רגע. זי שרעקט זיך, מ׳זאָל זי נישט נאָכאַמאָל פירן פאַרברענען.

אין איינעם אַ ווינקל אין סאַלע האָב איך געזען אַ קליין שיין יינגעלע,

פון אַ יאָר פינף, ס'איז אַריבערגעשפּרונגען איבער די געלעגערס פון די קראַנקע און זיי פאַרטשעפּעט פאַר די הענט און די פיס, ביז עס האָט זיך לסוף אַנידערגעזעצט לעבן דריי יונגעלייט, וואָס זענען געזעסן אויף די קני און געשפּילט אין קאָרטן.

— ווער איז דאָס ייִנגעלע און פאַרוואָס געפינט עס זיך נישט צווישן די קינדער אויבן? האָב איך געפרעגט דעם פּרעזעס.

— דאָס איז דאָס קינד פון אַ געוועזענעם „אָדמאַן" (אָרדענונגס־דינסט, ס'הייסט: אַ יידישער פּאָליציימאַן אין געטאָ), אַדאַנק דעם וואָס ער האָט ערלעך געדינט די דייטשן האָט זיך אים איינגעגעבן ראַטעווען דאָס קינד. דערנאָך ווען די דייטשן האָבן אים ליקווידירט, האָט דאָס קינד דורך אַ נס אויסגעמיטן דעם טויט. מיר האָבן שוין אַ סך, אַ סך מאָל גענומען עס צו די קינדער, אָבער יעדעס מאָל קערט עס זיך אום אַהער צוריק. איך ווייס נישט פאַרוואָס עס וויל נישט זיין מיט די קינדער, נאָר דווקא מיט די דערוואַקסענע. אפשר האָט עס זיך אָפּגעוויינט פון קינדער־געזעלשאַפט. דער טאַטע פלעגט עס אפנים תמיד מיטנעמען מיט זיך אומעטום, כדי אויף דעם אַכטונג צו געבן. אויך איצט, לאָזט עס זיך צו צו עמעצן, פאַרלאָזט עס אים נישט אויף קיין רגע. איר קאָנט דאָ זען פאַרשיידענע און משונהדיקע זאַכן, זאַכן וואָס שטייגן איבער יעדע פאַנטאַזיע. איר וועט דאָ זען אַ ייִנגל, וואָס האָט זיך אין משך פון יאָרן פאַרשטעלט פאַר אַ מיידל. ווייל אַ מיידל האָט מען נישט לייכט געקאָנט דערוויזן אַז אירע אַרישע פּאַפּירן זענען פאַלשע, אָבער אַ ייִנגל איז לייכט געווען צו דערוויזן זיין יידישקייט... ביז היינט צו טאָג קאָן ער זיך נישט צוגעוווינען צו מענער־הויזן, רעדט מיט אַ דין שטימעלע, כאָטש ער איז שוין אַ דרייצניעריקער, באַגריסט ער זיך און באַוועגט זיך ווי אַ מיידל, מאַכט קליינע טריטעלעך, האָט ליב קאָלירטע זאַכן, סטענגעס און ליאַלקעס...

— ביטע, קוקט זיך איין אין די צוויי בלאַסע מיידלעך, וואָס זיצן דאָרט ביי דער וואַנט. שוועסטער. איינע איז אַלט עלף יאָר, און די צווייטע אַ יאָר צוועלף. זענען געווען אפשר אין צען לאַגערן. האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר דערוואַקסענע, ס'הייסט: פלעגן אויספירן יעדע אַרבעט, וואָס מ'האָט געפאָדערט פון די דערוואַקסענע. חוצדעם פלעגן זיי זיך אָנטאָן ווי דערוואַקסענע — זיך געמאַכט קינסטלעכע ברוסטן און אַ פּאַסיקע פריזור. מיט עטלעכע טעג צוריק זענען זיי געקומען פון בערלין כמעט צופוס. איינע פון זיי איז נאָך אַ טיפוס, בייטיקט זיך אין ספּעציעלער השגחה, און

די צווייטע איז כמעט אינגאַנצן אַ קינד. און פונדעסטוועגן איז בשום־אופן נישט מעגלעך זיי אַרויסצושלעפּן און ברענגען אַרויף צו די קינדער. זענען שוין געווען דאָרט, און אַנטלאָפן. שרעקן זיך, ווייל זיי זענען שוין אַמאָל געווען אין אַ „קינד׳ערהיים״ אין פּלאַשאָווער לאַגער און האָבן געזען ווי מ׳האָט אַלע קינדער אַרויסגעפירט מיט אויטאָס צום טויט. בלויז זיי ביידע זענען געבליבן, ווייל זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין לעכער פון דעם אַלגעמיינעם קלאָזעט... פון דעמלט אָן האָבן זיי אַ פּאַנישע שרעק פאַר אַלערליי קינדער־אַנשטאַלטן. האָבן נישט קיין שום קרוב, קיינעם נישט אָפּגעפונען. און אַזוי זיצן זיי מיט פרעמדע מענטשן אין דער דאָזיקער סאַלע. זענען נישט קיין קינדער און נישט קיין דערוואַקסענע. פרוי לענע, ס׳וואַרט אויף איר אַ גרויסע אַרבעט, אַ מעכטיקע אַרבעט. אַזעלכע דערציִונגס־פּראָבלעמען האָבן זיך נאָכנישט געטראָפן אין קיין צייט און ביי קיין שום פאָלק.

כ׳וויים נישט פאַרוואָס מיר זענען די גאַנצע צייט געשטאַנען אין דער טיר פון דער סאַלע, און בלויז פון דער שוועל האָט מיר דער פּרעזעס אויף אַלץ אָנגעוויזן מיטן פינגער. ווי ער וואָלט זיך נישט דערוועגט אַריינצוגיין אינעווייניק אין דאָזיקן יאָמערטאָל. פּלוצים האָט די פרוי וואָס גייט אויס פון שווינדזוכט, אויף אים אַ קוק געטאָן, און זיך געוואָנדן צו אים מיט אַ שטרענגער טענה:

— הער פּרעזעס, און ווען וועט מען מיך איבערפירן אין שפּיטאָל? ביזוואַנען וועל איך ליגן דאָ אינעם געשטאַנק און אויף דער פּאָדלאָגע? ביזוואַנען וועל איך זיך דאָ שטיקן און הוסטן אָן הילף און אָן רפואות? ביינאַכט קאָן מען דאָך דאָ בכלל נישט שלאָפן. מענטשן טרעטן אויף די קראַנקע, ווי מ׳טרעט אויף מיסט. און היינט ביינאַכט איז איינער אַראָפּ פון זינען און האָט געשריגן אַז ער וועט אונדז אַלע שעכטן. איך קאָן זיך דאָך נישט פאַרטיידיקן, אַפילו נישט אויפהייבן זיך און אַנטלויפן... מיר קומט מילך און ריינע לופט צום אָטעמען, איך זאָל קאָנען געזונט ווערן. ס׳קומט מיר, ס׳קומט מיר! — האָט זי אויסגעלאָזט מיט אַ פאַדערנדיקער שטים און אויפגעהויבן דראָענדיקע, קנאָכיקע פויסטן.

— מיר קומט אויך, מיר אויך! — האָט זיך אויפגעהויבן אַ געשריי אַרום.

— איך האָב מער געליטן פון איר... מיך האָט מען שוין צוויי מאָל אויפגעהאַנגען...

— איך בין געווען אין דער „זאַנדערקאָמאַנדאָ".
— איך בין אַרויסגעקראָכן פון קבר מיט אַ דורכגעשאָסענער באַק...
— איז אָט זעט איר, אָט הערט איר. — האָט דער פּרעזעס געוויינט, זיך געכאַפּט מיט די הענט פאַרן קאָפּ און איז אַנטלאָפן פון דער סאַלע — צי קאָן אַ מענטש, וואָס טראָגט אַ פּילנדיק האַרץ אין ברוסט, דאָס אַלץ איבערטראָגן? דאָס אַלץ צוזען, אויסהאָרכן? און איר ווייסט וועמען מ׳באַשולדיקט אין די אַלע צרות? מיך! מיך באַפאַלט מען, אויף מיר צאַרנט מען, מיך וויל מען שלאָגן. און איך קלינג צענטליקער מאָל אין שפּיטאָל פון הייליקן לאַזאַר און בעט זיך: נעמט צו ביי מיר די שווערע קראַנקע. נעמט צו לכל־הפּחות די אָנשטעקנדיקע... גיט אונדז עטלעכע ערטער אין שפּיטאָל פאַר לונגען־קראַנקע... שיקט אונדז דאָקטוירים. זאָלן זיי קומען און זען מיט די אייגענע אויגן וואָס דאָ טוט זיך. סעגרעגירט אַליין, אויב איר גלייבט נישט אונדז. ווי קאָן מען איבערלאָזן אויסגייענדיקע מענטשן אָן הילף? דעם ערגסטן שונא דערלאַנגט מען דאָך הילף, ווען ער איז פאַרווונ־דעט... און איר מיינט, אַז עמעצער האָט זיך דערבאַרעמט, אַז עמעצער איז געקומען? די פּאָליאַקן רוקן זיך אַוועק פון אונדז, ווי פון פאַרעיפּושטע, ווי פון צרעת. אונדזערע יידישע דאָקטוירים, אַליין קראַנקע, נאָך אין די לאַגער־גאַרניטערן, געבן השגחה אויף די קראַנקע. אָבער וואָס קאָנען זיי העלפן אין אַזעלכע באַדינגונגען? קיין מעדיקאַמענטן האָבן מיר נישט, קיין שפּייז האָבן מיר נישט, קיין היגיענישע מיטלען האָבן מיר נישט, קיין ערטער אין שפּיטאָל האָבן מיר נישט. ווען מ׳וואָלט כאָטש ווען אונדז אָפּגעבן דעם פאַרמלחמהדיקן יידישן שפּיטאָל. יידן האָבן אים דאָך אויפ־געבויט פאַר זייער געלט, צענטליקער יאָרן האָט מען זיך אויף אים באַשטייערט. און דאָס הויז שטייט, אַלץ דערין איז געבליבן, און פונדעסט־וועגן וויל מען עס אונדז נישט אָפּגעבן. מ׳וויל, מיר זאָלן דאָ אויף דלוגע־גאַס אין דעם גיהנום אומגעקומען ביזן לעצטן.

דער פּרעזעס האָט געהאַלטן ביי איינברעכן זיך און איז, ראַנגלענדיק זיך מיט טרערן וואָס האָבן אים געשטיקט, געלאָפן מיט אַלע כוחות אַרויף צום סעקרעטאַריאַט. אָבער אויף די שטיגן האָבן אַ סך מענטשן אים פאַרשפּאַרט דעם וועג און נישט געלאָזן פאַרבייגיין. עמעץ האָט אַריינגע־וואָרפן צווישן עולם דאָס וואָרט „דער פּרעזעס" און גלייך האָט מען אים אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט געוויינען און געשרייען:

— פאַרוואָס באַקום איך שוין נישט קיין צעטל אויף זופּ? וואָס איז? איך דאַרף שוין מער נישט עסן?

— הער פּרעזעס, איך דאַרף האָבן אַ באַשטעטיקונג פון קאָמיטעט אָפּצונעמען מײַן דירה.

— איך דאַרף בלויז אַן אונטערשריפט אויף אַ קאָץ, — האָט אים עמעצער אַ גלעט געטאָן איבער דער האַנט און דערלאַנגט אַ שטיקל פּאַפּיר — בלויז אַן אונטערשריפט, אַן אונטערשריפט.

— איך דאַרף וויסן וואָס זיי האָבן געטאָן מיט מײַן קינד. אויב דער הער פּרעזעס וועט שרייבן קיין דייטשלאַנד, וועלן זיי אים ענטפערן.

דער פּרעזעס האָט געענטפערט, אונטערגעשריבן, דערמוטיקט, גע־טרייסט. אָבער צו דעם אַלץ האָט קיין סוף נישט גענומען.

מיטאַמאָל איז אונטערגעקומען אַ גרופּע רוסישע יונגע זעלנער, האָבן אַרומגעשטופּט דעם עולם און אַרומגערינגלט דעם פּרעזעס:

— זענט איר דער פּרעזעס פון דאָזיקן קאָמיטעט?

— איך.

— איז גיט אונדז גלייך ציווילע קליידונג, שטיוול און אַרבעט. מ׳האָט אונדז באַפרייט פון דער רויטער אַרמיי.

— אָבער, חברים, — האָט דער פּרעזעס גענומען זיך פאַרטיידיקן — פון וואַנען זאָלן מיר נעמען פאַר אייך ציווילע קליידונג און שטיוול? איר זעט דאָך וואָס דאָ טוט זיך! מיר האָבן אַליין גאָרנישט. ווענדט זיך צו די פּוילישע מאַכט־אינסטאַנצן. איר וועט זיכער באַקומען!

— איז אַזאַ הינטישער זון ביסטו עס? — האָט זיך איינער פון זיי גענומען שטופּן צו אים דראָענדיק — מיר האָבן געקעמפט פאַר אייך אַלע, מיר האָבן אייך אַלע באַפרייט, און איר וועט אונדז נישט באַלוינען דער־פאַר אפילו מיט קיין ציווילע קליידונג? מיר זענען „יעווריען" האָט מען אונדז געהייסן גיין צו די „יעווריען". און איר נעמט אונדז אויף אַזוי־אָ? אָדער דו גיסט אונדז דאָ קליידונג, אָדער מיר וועלן דיר דאָס גאַנצע הויז חרוב מאַכן!

דער פּרעזעס האָט געוואָלט אים אויסמיידן און אַרויפגיין, אָבער דער זעלנער האָט אַרויסגעצויגן אַ מעסער פון קעשענע און עס געטאָן אַ הייב אין דער הייך. איבערגעשראָקענע מענטשן האָבן גענומען אַנטלויפן. דער פּרעזעס איז בלאַס געוואָרן ווי אַ בר־מינן. די זעלנער האָבן אים אַרויפגעפירט מיט דער דאָזיקער „באַגלייטונג" אין סעקרעטאַריאַט. אין קאַנצעלאַריע איז גלייך אַנטשטאַנען אַ בהלה. די וואָס זענען דאָ געווען האָבן זיך אויך אָפּגעטראָגן. דער פּרעזעס איז געשטאַנען אינמיטן און האָט

נישט געקאָנט זיך פון אָרט רירן. אומזיסט האָט פינקוס זיך געמאַטערט צו רעדן צו זיי אויף רוסיש, כדי זיי װײכער צו מאַכן, ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. בלויז דער סעקרעטאַרינס, פרוי ערנאַס, קאַלטבלוטיקייט האָט געראַטעװעט די לאַגע.

— חברים, — האָט זי געזאָגט, שנעל זיך אָריענטירנדיק אין דער לאַגע — לאָמיר אַלץ דערלײדיקן אויף אַ פרידלעכן אופן. זעצט זיך אָט דאָ, לייגט אַוועק, ביטע, דאָס „מעסערל", און מיר וועלן שמועסן שטיל און געלאַסן. זאָגט אונדז קלאָר, וואָס פאַרלאַנגט איר?

— ציווילע קליידונג, שטיוול, וווינונגען און אַרבעט, — האָבן זיי געענטפערט אין כאָר, קליפ און קלאָר.

— באַלד, באַלד — האָט זי געפרווט דאָס קלאָר מאַכן מיט די הענט — לאָמיר באַטראַכטן יעדע זאַך באַזונדער... וואָס אַנבאַלאַנגט קליידונג — וועלן מיר אינגיכן האָבן הלבשה פון אַמעריקע... מיר האָבן שוין אַן איבערווייז פונעם „דזשוינט".

— וואָס גייט אונדז אָן אַן איבערווייז, — האָט זיך איינער פון זיי אַ ריס געטאָן האַסטיק — כ׳האָב שוין דריי חדשים נישט אַראָפּגענומען דאָס העמד פון לייב. מיין גאַנצע מאַרינאַרקע איז צעלעכערט פון קוילן.. ס׳האָט מיר אַ האַנט אָפּגעריסן. וועט איר מיר איצטער האָדעווען מיט אַן איבער־ווייז? און אַז די הלבשה וועט אָנקומען, וועט איר זי אַליין צעראַבעווען... אָדער איר גיט אונדז דאָ וואָס מיר פאָדערן, אָדער קיינער וועט פון דעם צימער קיין לעבעדיקער נישט ארויסגיין.

— חברים, — רעדט פרוי ערנאַ רויק — מיר פילן אייך שטאַרק מיט. אָבער איר מוזט זיך באַרויקן. מיר זענען דאָך אַלע יידן. האָבן אונדז די דייטשן נאָך ווייניק אויסגעמאָרדעט, מיר דאַרפן זיך איצטער קעגנ־זייטיק אויסמאָרדן? איך, חברים, לייג אייך פאָר אָט וואָס: די קומענ־דיקע וואָך וועלן זיכער אָנקומען די קאַסטנס פון „דזשוינט". מיר דאַרפן טאַקע האָבן אַ מענטשן צום עפענען די קאַסטנס. מיר וועלן איינעם פון אייך צונעמען צו דער אַרבעט. קלייבט איר אים אויס אַליין און זאָגט אונדז זיין נאָמען. און דער דאָזיקער מענטש וועט אויסקלייבן פון טראַנספּאָרט, אַלץ, אין וואָס איר נייטיקט זיך. איך וועל שוין איצט אויסשרייבן אַ צעטעלע, און דער פּרעזעס וועט עס אונטערשרייבן, און ווער פון אייך ס׳וועט קומען מיטן דאָזיקן צעטעלע, וועט צוגענומען ווערן צו דער אַרבעט.

פרוי ערנאַ סקריפּעט מיט דער פּען אויף פּאַפּיר. דער פּרעזעס לייגט

אַוועק דעם זיגל. דאָס צעטל וואַנדערט פון האַנט צו האַנט. פונדעסט־וועגן ווילן זיי נאָכנישט אַוועקגיין.

— און וואָס איז וועגן עסן?

— אָט האָט איר צעטעלעך אויף זופּ פאַר אייך אַלע.

— מיר האָבן נישט ווו צו שלאָפן.

— מיר האָבן אַ שוצאָרט אונטן (די סאַלע ביים טויער!!).

ענדלעך נאָך אַ סך בקשות, איבעררייַדענישן, צוזאָגן און ליגנס, — גיט זיך איין פּטור צו ווערן פון זיי פון סעקרעטאַריאַט אַרויס.

מיר נעמען זיך ווידער צום שרייבן רשימות.

## צו וואָס זאָלסטו צוריקגיין צו די יידן?

ווען כ׳האָב זיך יענעם אָוונט צוריקגעקערט אין מיין אַהיים, האָט מיך אָפּגעוואַרט אַ ווונדערלעכע ידיעה: ס׳זענען צוריקגעקומען די מיעלעצקיס. אַלע האָבן זיך געראַטעוועט. זענען ווידער אויף זייער גוט אין איצווו, לעבן קראָקע.

פּראַניע האָט עס מיר געבראַכט די ידיעה. זי האָט זיך צופעליק באַגעגנט מיט הענריקן אויף אַ צוג. ער האָט באַוויזן איר אַלץ צו דער־ציילן. און זי האָט אים איבערגעגעבן וועגן מיר און פאַרבעטן קומען צו אונדז.

זיי זענען געקומען צומאָרגנס פאַרנאַכט, הענריק האָט געטראָגן אין האַנט אַ ריזיקן „בעזעם" בלומען, און אַננע — אַן עלעגאַנטע באָמ־באָניערע.

— אַננע! הענריק! — האָב איך זיך אַ וואָרף געטאָן זיי אַרומ־צונעמען. מיין פרייד איז געווען זייער גרויס.

— אַך, דו ווילדע לענע! דו תמיד אומגעצוימטע! ווער נעמט עס אויף מיט אַזאַ ווילדקייט חשובע געסט? און באַזונדערס, אַז דו אַליין ביסט שוין אַ חשובער מענטש... מיר האָבן געהערט, אַז דו ביסט אַן אַסיסטענטין ביי דיין פּראָפעסאָר...

— לאָז צורו די אַסיסטענטור... וויכטיקער דערפון איז דאָך דער פאַקט וואָס איר לעבט און זענט געזונט, און מיר באַגעגענען זיך ווידער...

— אויך מיר פרייען זיך מיט דיר, לענע... און אויך דערמיט וואָס

ענדלעך האָסטו אַן אייגן ווינקעלע אין לעבן... און אַזאַ שיין ווינקעלע... זע, הענריק, — האָט אַגנע גענומען באַקוקן די גאַנצע וווינונג! דריי צימערן, צוויי וועראַנדעס, צוויי פּאָדערצימערן, און אפילו אַ באַזונדער צימער פאַר אַ באַדינערין! און גיב נאָר אַ קוק אויף דער דאָזיקער גראַנד־פּיאַנאָ! אַן אמתער בעכשטיין... און טייערע בילדער אויף די ווענט...

— כ׳האָב אפילו גראַווורן פון מאַטעיקאָ, — האָב איך זיך באַרימט.

— האָסט נישט קיין באַגריף, לענע, ווי איך פריי זיך וואָס דו האָסט אַזאַ שיינע וווינונג. וועסטו ענדלעך אַ סוף מאַכן מיט דיין ציגיינערישן לעבנסשטייגער. וועסט ווערן געשטעלטער. קומען אין אַ פּאַסיקע געזעל־שאַפט... אין אַזאַ וווינונג, ווי די, וועסטו קענען אויפנעמען די בעסטע אינטעלעקטועלע געזעלשאַפט פון קראָקע... דערצו נאָך האָסטו זיך דער־וואָרבן, אַזוי מיטאַמאָל, אַזאַ פּאָזיציע אין אוניווערסיטעט... כ׳גראַטוליר דיר פון גאַנצן האַרצן...

מיר האָבן זיך געזעצט אויף דער קאַשעטע און גענומען שמועסן.

— וואָס פאַר אַ פּאָרשריט מאַכסטו אין דיין אַרבעט, לענע? פּראַניע האָט מיר געזאָגט, אַז דו ענדיקסט שוין און אינגיכן וועסטו באַקומען דעם טיטול...

— ריכטיק, ס׳איז מיר שוין נישט קיין סך געבליבן צו טאָן, נאָר זעסטו, די לעצטע טעג...

— וואָס די לעצטע טעג?

— נישט וויכטיק... דערצייל מיר בעסער וואָס הערט זיך ביי אייך? וואָס מאַכט די באַבע? וואָס מאַכן די קינדער? און בכלל ווי פילט איר זיך ווידער ביי זיך אין שטוב?

— כ׳בין נישט אימשטאַנד אפילו צו שילדערן דיר וואָס פאַר אַן איבערלעבעניש דאָס איז — נאָך אַזויפיל יאָרן שפּילן זיך מיטן טויט, ווידער אַריינצוקומען אין דער אייגענער היים... וועסט נישט גלייבן, די באַבע האָט געקושט די ווענט, דאָס מעבל. באַגאָסן מיט טרערן יעדעס בייטל אין גאָרטן... די קינדער זענען געווען משוגע פון פרייד... גלייך דעם ערשטן טאָג זענען זיי אינגאַנצן פאַרשווונדן פון שטוב, אַרומגעשפּרונגען איבער די לאָנקעס, פעלדער, אונדזערע מאָלערישע בערגלעך... און שטעל זיך פאָר, מיר האָבן געטראָפן אונדזער הויז אין אַ גוטן צושטאַנד... געמאַליעוועט און אָפּגעפּרישט... דייטשן האָבן דערין געוווינט, דערפאַר איז עס געבליבן ריין. זיי האָבן אויך נישט באַוויזן אַרויסצופירן די

מאַשינען פון אונדזער פאַבריק, חוץ די טראַנסמיסיע־פאַסן. יאָ, אונדזער מאַטעריעלע לאַגע איז זייער אַ גוטע...

— איז דאָך טאַקע באמת גוט! איר האָט זיך געגוג אָנגעליטן אין דער מלחמה־צייט. און וואָס הערט זיך מיט העגריקס מאַמע און שוועסטער?

— זאָלסט גאָרנישט פרעגן... כ׳בין נישט בכוח וועגן דעם רויק צו רעדן. חוץ דעם שרעק איך זיך, הענריק קאָן אַ ליאַדע רגע אַריינקומען (ער איז געווען אין נאָענטן צימער). כ׳וועל דיר זאָגן מיט איין וואָרט: זיין מאַמע און שוועסטער לעבן נישט.

— וואָס הייסט? זיין שוועסטער האָט דאָך חתונה געהאַט מיט אַ דייטשישן כראביע! און די מאַמע איז נאָך אויך נישט אַלט געווען... אַ שטאַלטנע, אַ שיינע...

— יאָ, יאָ. זענען ביידע געווען אַזוי שיין, אַז זיי האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרבייגיין רויק די גאַס... נאָר זעסטו, די מאַמע האָט געהאַט ווייסע האָר... נישט געפאַרבט זיי... און געמאַכט אַ פעלער... ווען מ׳האָט אַרויסגעפירט די זקנים אויף אומקום — האָט מען אויך זי מיטגענומען... טערעזע (הענריקס שוועסטער) האָט זי נישט געוואָלט פאַרלאָזן און איז געגאַנגען צוזאַמען מיט איר. איינער אַ דייטשישער אָפיציר האָט זי געוואָלט ראַטעווען, האָט ער געזאָגט צו איר: — דו ביסט נאָך יונג, קאָנסט פאַר אונדז אַרבעטן. דעמלט האָט זיך טערעזע שטאָלץ אויסגעגלייכט און צו זיי אַ זאָג געטאָן אויפן ריינסטן דייטש: „איר נבזהדיקע קנעכט! איר פאַרפלעקט דעם נאָמען פון דייטשלאַנד אויף אייביק! פון היינטיקע צייטן אָן וועט זיין אַ שאַנד זיך אָנצורופן דייטש! דאָס דייטשישע פאָלק וועט שוין קיינמאָל נישט קאָנען אָפּווישן פון זיין שטערן די היטלערישע חרפה! און איצטער שיסט!“, און ער האָט געמוזט זי שיסן, ווייל אַלע אַרום האָבן געהערט אירע ווערטער, סיי די מערדער, סיי די וואָס האָבן געדאַרפט דערמאָרדעט ווערן... די לעגענדע וועגן טערעזעס טויט האָט זיך פאַרשפרייט איבער דער גאַנצער סביבה אונדזערער...

— צי ווייסטו, אַננע, אַז אויך מיין פעליע איז נישטאָ?

— כ׳ווייס.

— אויך איך בין שוין געווען אויפן ראַנד פון לעבן... כ׳האָב נישט געוואָלט לעבן אָן איר... פראַניע האָט מיך קעגן מיין ווילן אַריינגעצויגן אין לעבן... פעליעס טויט האָט זיך מיר באַוויזן אין חלום... דער חלום איז איבערגעשפרונגען מרחקים, האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך דער צייט...

און דער עיקר — ער האָט גערעדט צו מיר דורך הענריקס מויל... אַ לאַנגע צייט האָב איך געטראַכט, אַז הענריק איז דער איינציקער מענטש, וועלכער ווייסט עפּעס וועגן איר... און דערפאַר האָב איך אייך אַזוי עקשנותדיק געזוכט...

— מיר האָבן וועגן איר גאָרנישט נישט געוווּסט... אָבער איצטער, לענע, לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן. זאָל צומווייניקסטן דער היינטיקער טאָג פון אונדזער באַזוך ביי דיר זיין נישט אַ טאָג פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר פון דער צוקונפט. לאָמיר זיך באַמיען צו פאַרגעסן עטלעכע שעה דאָס אַלץ וואָס ס'איז געווען...

אין דעם מאָמענט איז צו אונדז צוגעקומען הענריק, וואָס איז די גאַנצע צייט פון אונדזער שמועס געווען אין צווייטן צימער און דאָרט עפּעס איבערגעשטעלט און איבערגערוקט פון איין אָרט אויפן צווייטן...

— איך בעט אייך, — האָט ער אַ זאָג געטאָן — צי וואָלט איר נישט וועלן אַריינגיין אויף אַ ווייל אין סאַלאָן?

מיר זענען אַריינגעגאַנגען.

— גאָט מיינער! — האָב איך אויסגעשריגן אַ פאַרוווּנדערטע — וואָס האָסטו דאָ געמאַכט? ביסט דאָך אַן אמתער מכשף! אין משך פון עטלעכע מינוט האָסטו מיר פאַרענדערט דאָס צימער... ערשט איז עס ווירקלעך שיין, ס'איז דאָ דערין סטיל...

— אָט דאָס איז עס, לענע, — האָט הענריק אונטערגעכאַפּט — דער עיקר איז סטיל. וואָרן ביז איצט האָסטו טאַקע געהאַט שיין מעבל אין צימער, אָבער אויסגעשטעלט איז עס געווען, אַנטשולדיק מיר, אין אמתן דייטשישן גוסט, ס'הייסט אָן געשמאַק.

— ריכטיק, — האָב איך מודה געווען — ביז היינט האָב איך דאָ גאָרנישט געענדערט. וועגן דעם לחלוטין נישט געטראַכט.

— פאַרוואָס האָסטו נישט געטראַכט, לענע? דאָס וועט דאָך זיין דיין היים, דאָ וועסטו וווינען, אַרבעטן. איז עס פּאַסיק ס'זאָל דאָ זיין עפּעס פון דיין געמיט. זעסט דעם־אָ ביוראָ־טיש? כ'האָב אים געשטעלט אין אַ זייט, זאָלסט האָבן אַן אויסקוק אויף די קאַשטנביימער אין דער אַליי. און אונטער אים דער וואַרעמער טעפּעך. און אויף דער וואַנט אַ קעגן — אַ שטימונגספול ווינטער־בילד, ווי וועסטו זיך פילן, לענע, אין דאָזיקן ווינקעלע?

— ביסט וווּנדערבאַר, הענריק! אַננע, דיין מאַן האָט זיך נישט

צוגעקליבן די ריכטיקע פּראָפעסיע. ער וואָלט דאַרפן זיין אַן אינזשענער־אַר־כיטעקטאָר. ער איז אַ קינסטלער. ער האָט מיר געשאַפן אַ שטימונג־אַטמאָספער אין צימער. האָט אפילו אָפּגעפּילט, אַז איך האָב ליב אָט די דאָזיקע ווינטערדיקע נאַקעטע לאַנדשאַפטן און זי איבערגעטראָגן אַהער, ווו כ׳זיץ און אַרבעט...

— ביסט גערעכט, לענע. ער דערשפּירט אַלץ דורך דער הויט... האָט אַן אויסטערלישן אינסטינקט, ווי די בעלי־חיים... אַזאַ איז ער, מיין הענריק, — האָט זי אויף אים אַ קוק געטאָן מיט ליבשאַפט און שטאָלץ.

— נו, און איצט, אַז דו האָסט זיך פאַרדינט דיין ברויט, קומט דיר האָנאָראַר. וואָס וועט איר טרינקען, אַננע?

— אַלץ... נאָר געווינטשענער איז קאָניאַק. אין דער מלחמה־צייט האָב איך זיך אויסגעלערנט טרינקען ווי אַ פורמאַן.

— גוט — האָב איך געזאָגט און דערלאַנגט משקה — פאַר אייער געזונט!

— און פאַר דיינעם, לענע, זאָלסט ווערן צומוויי־ניקסטן אַ רעקטאָר פון אַן אוניווערסיטעט.

— נישט מער? — האָב איך געלאַכט.

— און איצט זאָג אונדז דעם אמת, — האָט הענריק לייכט באַרירט מיין האַנט — צי טראַקטירסט ערנסט דיין וויסנשאַפטלעכע קאַריערע?

כ׳האָב פאַרהאַלטן מיין גלעזל אין מיטן וועג.

— דו האָסט באַמת אַ חוש־הריח, הענריק, — האָב איך געזאָגט מיט אַ געענדערט קול.

— וואָס איז מיט דיר ,לענע? — האָט זיך אַננע דערשראָקן.

כ׳האָב זיי דערציילט וואָס כ׳האָב געזען אין יידישן קאָמיטעט, און דעם פּרעזעס פאָרשלאָג, כ׳זאָל אָננעמען די אַרבעט מיט די קינדער.

אַננע האָט נישט געקאָנט באַהערשן איר אויפרעגונג.

— אין קיין פאַל דאַרפסטו נישט אָננעמען די דאָזיקע אַרבעט! — האָט זי כמעט געשריגן — דו הערסט? פאַר קיין געלט אין דער וועלט! אפילו מ׳זאָל שיקן צו דיר דעלעגאַציעס, מ׳זאָל דיר אפילו צוזאָגן כ׳ווייס נישט וואָס. (גלייך דער קאָמיטעט זאָל האָבן וואָס דאָ צו זאָגן). דאָס איז נישט קיין אַרבעט פאַר דיר. דיך דערוואַרט אַ וויסנשאַפטלעכע קאַריערע און שעפערישע אַרבעט... האָסט אַזאַ פּרעכטיקע וווינונג... און אַ פּאָזיציע. וועסטו זיך ערשט פאַרדרייען אַ קאָפּ מיט די יידן?... ווידער יידן און

ייִדישע קינדער? צוואָס טויג דאָס דיר אַלץ? שוין גענוג. גענוג שוין די דאָזיקע קללה. ייִדישקייט — דאָס איז אַ וווּנד וואָס וועט זיך קיינמאָל נישט אויסהיילן. ווּעסט דאָ גאָרנישט העלפֿן, בלויז דײַן אייגן לעבן מקריב זײַן. האָסט שוין דײַן חוב געדעקט אין דער צײַט פֿון דער מלחמה. און מיר אַלע! ערשט דאַרף מען זיך דערוווּיטערן פֿון די דאָזיקע פּראָבלעמען און זיך פֿאַרגינען אַ ביסל פּשוט מענטשלעכע מנוחה. ווילסט אַרײַנגיין אין דאָזיקן ייִדישן גיהנום? לענע, כ'הייב אָן חושד זײַן, אַז בײַ דיר אין די געהירן איז עפּעס נישט כשורה...

— אויף וויפֿל מיר איז באַקאַנט — האָט זיך הענריק אָנגערופֿן פֿון דער טיף פֿון פּאָטעל — האָסטו שוין צוויי מאָל געמאַכט דײַן דאָקטאָר־אַרבעט. און ערשט, הער איך, האָלטסטו שוין בײַם פֿאַרענדיקן זי...

— יאָ, — האָב איך געענטפֿערט נישט קלאָר — נאָך אַ חודש, צוויי חדשים...

— איז זעסטו, — האָט הענריק ווײַטער געצויגן — איך וואָלט נישט געפּרוּווט עפּעס אַרויפֿצוצווינגען אויף דיר... ווּעסט סיווי גיין נאָך דײַנע אינערלעכע אימפּולסן... אָבער איינס וואָלט איך דיר ראַטן: ענדיק פֿריער אויס דײַן אַרבעט און באַקום דעם טיטול דאָקטאָר. דערנאָך ווּעסטו גיין צו די דאָזיקע קינדער. אפֿילו אויב ווּעסט שפּעטער וועלן אַרויספֿאָרן קיין אויסלאַנד, האָט דער דאָקטאָר־טיטול אַ ווערט. באַזונדערס ווי אַ צוגאָב צו אַ פֿאַך.

— אָבער, הענריק — האָב איך אים איבערגעריסן אומגעדולדיק — פֿון ווען אָן זאָרג איך עס וועגן טיטולן?

— דאָס איז טאַקע זייער שלעכט, — האָט הענריק באַמערקט — האָסט נישט קיין פּאָזיציע אין לעבן. קאָנסט נישט וועקן קיין רעספּעקט צו זיך. שטייסט שטענדיק פֿאַר מענטשן מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט — אַ גרייטע זיי צו דינען... דערגייסט ביז מאַכן פֿון זיך גאָרנישט... מענטשן וועלן דיך תמיד אויסנוצן, ווּעסט נישט האָבן קיין לײַכט לעבן...

געטראָפֿן פֿון די דאָזיקע ווערטער ווי פֿון אַ שמיץ מיט אַ בײַטש, האָב איך זיך אַוועקגערוקט פֿון מײַנע געסט, בין צוגעגאַנגען צום פֿענצטער און צוגעלייגט מײַן הייסן שטערן צו דער קאַלטער שויב. גראָד אין דעם מאָמענט האָט מען אָנגעצונדן די גאַזלאָמפּן אין דער אַליי. אַן אומגעזעענער מענטש איז געגאַנגען אין דער פֿינצטערניש מיט אַ הויכן שטורקאַץ אין האַנט און האָט אָנגעצונדן אַ לאָמפּ נאָך אַ לאָמפּ. יעדע רגע האָט אויפֿגעפֿינקלט אַ

ניי ליכט אין דער פינצטערניש. אָבער אין מיין נשמה האָבן זיך די ליכטער אַלץ מער אויסגעלאָשן. ס׳האָט זיך אויסגעלאָשן די האָפענונג אויף רו און מנוחה, אויף וויסנשאַפטלעכע אַרבעט און באַרימטקייט, אויף אַ וואַרע־מער היים, אויף ליבע צו אַ מאַן און אַ אייגן קינד. אַלץ האָט זיך אויס־געלאָשן... ס׳איז געבליבן בלויז דאָס האַדעווען הונגעריקע קינדער...

מיט פאַרוויינטע אויגן האָב איך זיך געוואָנדן צו אַננען און הענריקן און געזאָגט:

— אַ דאַנק אייך פאַר אייער זאָרג פאַר מיר, כ׳ווייס, איר שיצט מיך קעגן זיך גופא. אָבער ענטפערט מיר אויף איין פראַגע: ווי קאָן מען זיצן דאָ רויק ביים דאַזיקן שיינעם ביוראָ־טיש און זיך פאַרטיפן אין קאַנטס „קריטיק פון ריינעם פאַרשטאַנד״, אין די פּראָבלעמען פון באַגריפן שטח און רוים — אויב אַ פּאָר הונדערט מעטער פון דאַנען ליגן הונדערטער מענטשן אויף אַ שטח פון עטלעכע קוואַדראַט־מעטער, אין שמוץ און געשטאַנק, אַ סך ערגער פון קי אין שטאַל. און צווישן זיי קליינע קינדער, אויסגעייענדיקע מאַמעס, יונגע קראַנקע מיידלעך און עובר־בטלדיקע זקנים... און אין קינדער־צימער קומען פאַר דאַנטישע גיהנום־סצענעס צוליב הונ־גער, און ס׳איז נישטאָ קיינער ווער ס׳זאָל זיי העלפן. צי קאָן מען, צוזעענדיק אַזאַ בויט, זיך אומקערן אַהיים און איינשפּאַנען זיך אין וויסנ־שאַפטלעכע אַרבעט? איך קאָן עס נישט. זינט איך האָב זיך פון דאָרט אומגעקערט, זע איך שוין נישט קיין אותיות אין די ביכער, נאָר אויגן פון הונגעריקע קינדער. ס׳איז שוין נישטאָ פאַר מיר קיין וועג אויף צוריק... כ׳מוז גיין צו זיי, כ׳מוז!

— זי איז ווידעראַמאָל דורכגעפאַלן, — האָט אַננע היציק אַ זאָג געטאָן און פאַרייכערט אַ פרישן פּאַפּיראָס.

— נו־נו, נעמט נאָר נישט אַלץ אַזוי טראַגיש, — האָט אונדז הענריק באַרויקט — איך זע שוין לענען, ווי זי פאָרט מיט איר אַרבעטס־וואַר־שטאַט, ס׳הייסט טאַקע, מיט אירע צענטליקער אָדער הונדערטער קינדער קיין פּאַלעסטינע. איר וועט זיך דערמאָנען וואָס כ׳האָב אייך געזאָגט. — האָט ער פאַרענדיקט שפּאַסיק — אָבער ערשט איז שוין די העכסטע צייט, זאָלסט אונדז דערלאַנגען עסן. האָסט דאָך נישט בדעה אונדז אויסצוהונגערן ביי דיר. אויב דו וועסט אַזוי טראַקטירן דיינע קינדער אין קינדערהיים — בין איך זיי לחלוטין נישט מקנא...

— שוין, שוין, כ׳לויף שוין אין קיך אַריין.

# דינאַמיט

אינצווישנצייט האָט די אומאָרגאַניזירטע קינדער־געזעלשאַפט געקאָכט און געברויזט, ווי דער ים אין אַ שטורעם. קינדער זענען צוגעקומען און אַוועקגעגאַנגען. ס'איז נישט מעגלעך געווען פעסטצושטעלן זייער צאָל, צו פירן אַ וועלכע־ס'איז עווידענץ. מ'האָט נישט געוווּסט ווּהין זיי גייען, וואָס זיי טוען. זיי האָבן גאָרנישט נישט אויסגעזאָגט.

ס'איז נישט געווען קיין שווערע זאַך אַרויסצובאַקומען זיך פונעם אַנשטאַלט אויף דלוגע־גאַס. די קינדער האָבן זיך געפונען אין איין צימער מיט די דערוואַקסענע, מיט מאַסן מענטשן. דאָס הויז איז געווען תמיד אָפן. די מענטשן־כוואַליע האָט זיך פון דעם אַריבערגעגאָסן אַזש אויפן ברוק ביזן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר. דאָס הויז האָט זיך געפונען אין שטאָט־צענטער, נאָענט צום מאַרק, אַנטקעגנאיבער דעם טראַמוויי־אָפּשטעל. מיט איין שפּרונג האָט מען געקאָנט זיך אַריינכאַפּן אין טראַמוויי, פאַר־שווינדן און פאַרשלונגען ווערן אין דעם עולם און דער שטאָט. און אַזוי האָבן טאַקע די ייִנגלעך און אייניקע מיידלעך געטאָן. ס'איז די קינדער שווער געווען זיך צוצוגעוווינען „איינצוזיצן" אין שטוב. אַ סך פון זיי, מיט אַרישן אויסזען, זענען געווען קינדער פון גאַס, געוווינט געווען זעלבשטענדיק זיך לייגן אַ וועג אין לעבן פון מסחר, גנבה, בעטלערײַ, צו אַנטלויפן פאַר דער פּאָליצײַ אין פאַל פון אַ סכנה... די דאָזיקע קינדער האָבן נישט געפונען אויף דלוגע־גאַס קיין שום זאַך וואָס זאָל זיי פאַראינ־טערעסירן, און ס'איז נישט קיין וווּנדער וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין איין אומקערן זיך צו דער גאַס.

ס'זענען געווען צוועלף־דרייצניעריקע קינדער־פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געהאַט געקעמפט מיט די דייטשן אין די וועלדער; פלעגן רייטן אויף פערד, זיך באַנוצן מיט אַ ביקס, און שיסן אויפן שונא, אָדער אויף פויערים, וואָס האָבן זיי נישט געגעבן קיין עסן. די דאָזיקע קינדער האָבן זיך שוין נישט געפילט פאַר קיין קינדער, נישט אָנערקענט קיין שום רעגו־לאַמין און נישט קיין שום דערציערישע השגחה. האָבן טעראָריזירט סיי דערוואַקסענע, סיי קינדער. בדרך־כלל האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט אַזוי, אַז זיי פלעגן קומען בלויז אָפּעסן (דאָס עסן ביי די קינדער איז פאָרט געווען בעסער ווי ביי די דערוואַקסענע), אַמאָל — שלאָפן, און אויך ווען מ'האָט עפּעס צוגעטיילט... פון קיין זאַך האָבן זיי זיך נישט אָפּגעזאָגט. אַ העמד,

אַ שטיקל זייף, אַ צייגבערשטל, — אַלץ האָבן זיי גענומען און דערנאָך פֿאַרקויפֿט אויפֿן מאַרק און זיך געקויפֿט אייזקרעם, אָדער געגאַנגען אין קינאָ.

סטאַבילע אײַנוווינער פֿון אַנשטאַלט זענען געווען בלויז די קליינע און קראַנקע קינדער, ווי אויך אַזעלכע וואָס זענען גאַנצע יאָרן געווען אָפּגעשלאָסן אין פֿאַרשידענע באַהעלטענישן: קעלערס, ביידעמער, צווישן ווענט פֿאַרמויערטע. אויך די ייִנגלעך און, דער עיקר, די מיידלעך געקו־מענע פֿון די קאָשציאָלן, פֿלעגן נישט גערן אַרויסגיין אין גאַס. מעגלעך, אַז ס׳האָט דאָ געווירקט די דערציונג אין אָפּגעשלאָסנקייט פֿון פֿריער און אפֿשר איז עס געווען די שרעק, מ׳וועט זיי דערקענען ווי ייִדן...

בכלל האָבן זיך אַלע קינדער געשראָקן פֿאַרן וואָרט „זשיד" ווי פֿאַר פֿייער (חוץ די פֿאַרטיזאַנער). דאָס דאָזיקע וואָרט איז אין משך פֿון אַלע מלחמה־יאָרן געוואָרן פֿאַר זיי אַ סינאָנים פֿון גרויסן אומגליק, אַ באַגריף וואָס איז פֿאַרבונדן מיט אַ געפֿיל פֿון שולד, פֿון פֿאַרברעכן כמעט, און פֿון שרעק. און דערפֿאַר האָבן זיי אויך נאָך דער מלחמה נישט געוואָלט אויסזאָגן, נישט זייערע נעמען, נישט זייער אָפּשטאַם. האָבן זיך ווייטער פֿאַרשטעלט פֿאַר פּאָליאַקן. נישט געהאַט צו אונדז קיין צוטרוי, נישט געוואָלט זאָגן דעם אמת. ביז היינט פֿלעגט זיי דער אמת ברענגען אומקום, און דער ליגן און דאָס אויסבאַהאַלטן זיך — רעטונג. האָבן זיי נישט געוואָלט אַוועקלייגן דאָס דאָזיקע געווער. פֿאַר אָט די קינדער איז די מלחמה נאָכנישט געווען פֿאַרענדיקט. זיי האָבן נאָכנישט געפֿילט די גרענעץ צווישן מלחמה און שלום. און באַזונדערס, האָט קיין זאַך אויף דלוגע־גאַס דערויף נישט אָנגעוויזן.

ס׳איז נאָכנישט געווען צווישן זיי קיין שום געפֿיל פֿון אייניקייט. די שטאַרקערע האָבן געקריוודעט די שוואַכערע. צוגענומען ביי זיי דאָס עסן, שפּילצייג, זיי געשלאָגן. דאָס איינשטעלן זיך פֿאַרן שוואַכן, דאָס אַכטונג געבן פֿון אַ גרעסערן אויף אַ קלענערן, פֿריינדשאַפֿט — פֿלעגט זיך טרעפֿן אַמאָל, אָבער זייער זעלטן, נאָר צווישן יחידים. פֿון מאָל־צו־מאָל פֿלעגן אויסברעכן צווישן זיי אַזעלכע געשלעגן, אַז ביים וועלן זיי איינשטילן איז דער „דערציער" געווען איינגעשטעלט צו ווערן אַ קאַלעקע (אויף אַזאַ אופֿן האָט מען שוין „משלח" געווען איינעם אַ דערציער, וועלכער איז דאָ געווען פֿאַר בעלען).

אָט איז איינע אַ סצענע פֿון דעם לעבן פֿון די קינדער אין יענער

צײַט אויף דלוגע־גאַס: נאָכן מיטאָג. די קינדער זענען „פּאַרהעלטנישמע־סיק" זאַט... זײ באַקומען הײַנט אויסער דער זופּ אויך אַ צװײטע שפּײַז, ס׳הײסט: אַ ביסל קאַרטאָפל, בוראַקעס, אָדער אפילו אַ ביסל קאַשע. חוצדעם עסן זײ הײַנט אַ נאָכמיטאָג־צובײס: ברויט מיט מאַרמעלאַד און טײ מיט צוקער. דאָס עסן טײלט הײַנט פֿאַנאַדער די נײַצוגעקומענע באַלעבאָסטע, אַ זײער ליבלעכע און גוטע צו די קינדער, װעלכע זאָרגט אַז קײנער זאָל נישט געקריװדעט װערן. אין צימער איז אַ ביסל רײנער װי ביז הײַנט. מ׳װאַשט אַלע טאָג די פּאָדלאָגע. אַרום טיש שטײען בענק, אויך בײַ דער װאַנט שטײען בענק, מיט אונטערגעזעצטע פּיס פֿאַר ײנגערע קינדער (צום באַדויערן האָבן זײ געהאַט אַ פֿאַטאַלע נײגונג זיך איבער־צוקערן גלײַך װי עטלעכע קינדער זעצן זיך אויף זײ).

בײַ דעם קלײנװאַרג אַרבעט הײַנט אַ נײַער „כּוח", פּרײלין האַנקע. דאָס איז אַ מײדל פֿון נײַנצן יאָר, אַן „אַביטוריענטין" פֿון אוישװיץ. זי איז אַזאַ דאַרע און קלײנע, אַז זי זעט אויס העכסטנס פֿון אַ יאָר פֿופֿצן. מיר האָבן זי צוגענומען, דער פּרעזעס און איך, װײַל זי האָט אונדז געזאָגט — כ׳בין נישט געקומען בעטן עסן אָדער הלבשה. קײן זאַך נישט. כ׳װאָלט װעלן אויף אַלץ פֿאַרדינען. כ׳װיל אַרבעטן מיט די קינדער. כ׳האָב ליב קינדער. האָב געהאַט זעקס קלײנע ברידערלעך און שװעסטערלעך, און װען כ׳בין צוריקגעקומען פֿון אויסשװיץ, קײנעם נישט דערװישט. כ׳װאָלט נישט װעלן זיך איזאָלירן פֿון מענטשן צוליב מײַן אומגליק. די אַרבעט מיט די קינדער װעט מיך באַפֿרײַען פֿון מײַן עלנט און דערנענ־טערן צו מענטשן.

איצטער זיצט פּרײלין האַנקע מיט די פּיצלעך אין אַ װינקל פֿון צימער און באַמיט זיך צו שפּילן מיט זײ, אָבער פֿון מאָל־צו־מאָל איז זי געצװוּנגען איבערצורײַסן דאָס שפּילן — אָפּצװישן אַ קינד דאָס נעזל, פֿונאַנדער־צושפּיליען די הײזלעך (זײ האָבן שױן הײזלעך, אָבער צוליב אומגע־װױנטקײט... טרעפֿן זיך פֿון צײַט צו צײַט „אומגליקן") און שלום צו מאַכן צװישן יענע װאָס רײַסן זיך אַרום...

לעבן פֿענצטער, אין אַן אלכסונדיקן זײַל פֿון פֿאַרשטויבטער שײַן (דאָס װאַשן די פֿענצטער געהער נאָך צו די לוקסוס־זאַכן, װעלכע זענען אומפֿאַרשטענדלעך דער רוימערין) — שטײט אַ צונויפֿגעדרענגטע גרופּע ײנגלעך, װעלכע קריגן און רײַסן זיך אַרום װעגן עפּעס. דער אָנפֿירער צװישן זײ איז אַ הויך, דאַר בחורל אין אַ זעלנערישן שינעל, מיט האָר

איבער די אויגן, און אַ שפּיצרוט אין האַנט. זיין אויסזען וועקט אין מיר חשד. איז עס מעגלעך, אַז דער פּרעזעס האָט צוגענומען אָן מיין וויסן אַ נייעם דערציער פאַר די יינגלעך? כ׳קוק זיך צו צו זיינע הערשערישע באַוועגונגען, הער זיין באַפעלערישע שטים און די שמיץ פון דער שפּיצ־רוט אין דער לופט — און מיינע חשדים פאַרשטאַרקן זיך.

און דערווייל ווערן די קריגערייען און געשרייען לעבן פּענצטער העכערע. „רויק!" הער איך די באַפעלערישע שטים פון דעם יונגן בחורל, „ס׳זאָל שוין ווערן שטיל!", און די גרופּע ווערט שטיל אויף אַ רגע.

— בראָנעק, וואָס רייסטו זיך? — ווענדט ער זיך צו אַ קליינעם, קרעמפּן בחורל, אַ בלאָנדין מיט אַ פלאַקסענער טשופּרינע, וועלכן כ׳קאָן גוט פון דער צייט פון דער „פרוי בעלע".

— פאַרוואָס ווילסטו צונעמען ביי מיר דאָס מעסערל, — שרייט בראָנעק אין צאָרן — ס׳איז מיינס! כ׳האָב עס געפונען, אויסגערייניקט, פאַריכט, אָנגעשאַרפט. ס׳איז אינגאַנצן נישט ענלעך געווען צו אַ מעסערל.

און בראָנעק הייבט אויף אין דער הייך אַ בלישטשענדיק מעסערל, און אַלע בליקן קוקן דערויף מיט גלוסטעניש.

— דאָס איז נישט זיין מעסערל, נאָר מיינס! — שטופּט זיך שטאָלץ אַריין אַ שוואַרץ בחורל מיט אַ צעקרעלטן אויער און איין אויג — דאָס איז שוין פונלאַנג מיין מעסערל. כ׳האָב דערויף אַ סימן. ס׳איז מיר נעכטן אַרויסגעפאַלן פון מיין געלעכערטער קעשענע. און בראָנעק האָט עס געפונען און נישט אויסגעזאָגט. ערשט האָב איך עס דערקאָנט. אויב וועסטו מיר נישט אָפּגעבן דאָס מעסערל, — ווענדט ער זיך צו בראָנעקן — וועל איך דיר פאַר אַלעמען אין די אויגן אַזוי צעהרגענען די זייטן, אַז וועסט די ריפּן נישט קאָנען איבערציילן!

— פּרוּוו נאָר, דו בלינדע הון! דו גאָטס־געדעכעניש איינער! כ׳בין שטאַרקער פון דיר!

— וואָס׳טו געזאָגט אויף מיר? חזר עס נאָר איבער!

— דאָס איז שאולס מעסערל. שאולס און לאָנעקס בשותפות, — נעמען זיך אָן פאַר אים די יינגלעך — האָב נישט מורא, שאול, רייס אַרויס ביי אים דאָס מעסערל! ביסט שטאַרקער פון אים. מירן דיר העלפן.

— בראָנעק, אין דער רגע גיב אָפּ דאָס מעסערל, — טוט דער הויכער בחור אַ זעץ מיט דער שפּיצרוט אין דער פּאָדלאָגע — וואָרן אויב נישט, וועסטו באַלד עפּעס לייזן פון מיר.

— נאַט אייך, כאָליערעס, דאָס מעסערל! — טוט בראָנעק אַ וואָרף מיט צאָרן דאָס אָפענע מעסערל אינמיטן צימער און לויפט צו דער טיר. אַ נס וואָס קיין קינד איז דאָרט נישט געשטאַנען. נאָר איך האָב אָבער געמוזט בליציק שנעל זיך אַוועקדרייען, און דאָס מעסערל איז אַריין מיטן שפּיץ אין דער פּאָדלאָגע. אָבער קיינער פון די קינדער האָט זיך דערויף נישט אומגעקוקט אפילו.

— צי זענט איר דאָ אַ דערציער? — ווענד איך מיך צום הויכן בחור — קאָן מען וויסן ווער ס'האָט אייך צוגענומען אויף דער אַרבעט?

— ניין, — לאַכט ער — כ'בין נישט קיין דערציער, כ'בין אַ קינד. דער פּרעזעס האָט מיך נעכטן צוגענומען אין אינטערנאַט. כ'בין נאָך קיין פערצן יאָר נישט אַלט. כ'קאָן גוט בראָנעקן. די גאַנצע צייט פון דער מלחמה זענען מיר געווען צוזאַמען, און זיך געמאַכט פאַר ברידער...

— זענט „איר" באמת נאָך קיין פערצן יאָר נישט אַלט? — זאָג איך מיט אַ טאָן פון אומגלייבן, טראַכטנדיק, אַז ער חוזקט פשוט פון מיר, און ס'איז מיר שווער אים צו זאָגן „דו".

— כ'בין טאַקע נישט אַלט נאָך! — ענטפערט ער מיר פאַרריסן און טוט אַ קלאַפּ מיט דער שפּיצרוט אין כאָליעווע. — כ'בין אַ יינגל פון וואַלד. האָב געהאַט אַן אייגן פערד און אַ ביקס, און רייטנדיק געשאָסן פאַראַמאָל פון צוויי רעוואָלווערן, האַלטנדיק די לייצעס אין די ציין... אָט אַזוי. — דאָ זעצט ער זיך רייטנדיק אויף דער איינציקער שטול אין צימער און טוט אַ כאַפּ אָן איר פאָרענטש מיט די צוויי שורות פּרעכטיקע ווייסע ציין, ווייזנדיק ווי ער האָט געהאַלטן די לייצעס.

— כ'האָב געהרגעט דייטשן אַזויווי הינט (ער באַשליסט מיר צו אימפּאָנירן), געוואָרפן גראַנאַטן, געשאָסן פון אַ גאַנאַן — פּוף־פּאַף! און כ'האָב אים שוין אַוועקגעלייגט דעם דייטש, דעם הינטישן זון... גענומען נקמה פאַר מיין ברודער און דער מאַמען... און אַז מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז ס'דאַרף פאַרבייגיין אַ דייטשישער צוג מיט די דאָזיקע מנוולים, האָבן מיר צענומען די רעלסן אויף אונדזער אָפּשניט. אָט מיט אַזאַ מין ספּעציעלן שליסל, אייך רעלס אין איין זייט, דעם צווייטן אויף דער צווייטער זייט, און דער צוג האָט געמוזט אַראָפּ פון די רעלסן און זיך איבערקערן... אָדער מיר האָבן אַוועקגעלייגט דינאַמיט... דאָס איז געווען צום שענסטן! דאָס פלעגט געטאָן ווערן ביינאַכט... אין דער פינצטער, טאַפּנדיק מיט די הענט, פלעגן מיר זיך אונטערגנבענען צום אָנשיט און דורכציען אַ שנור...

דערנאָך זענען אַלע אַנטלאָפֿן אין די קוסטעס אַריין. די פערד זענען געשטאַנען גרייט צום אַנטלויפֿן נישט ווייט פֿון דאָרטן, און איינער פֿון אונדז איז איבערגעבליבן אָנצוצינדן דעם שנור. איך פֿלעג תמיד בעטן אַז דאָס זאָל מען לאָזן מיך... אָבער נישט תמיד האָט מען מיך געלאָזן... וואָרן וואָס? מע ליגט און קוקט, מע הערט זיך איין צי דער צוג דערנענטערט זיך... און אַז ער קומט שוין אָן, ווי אַ פֿייערדיקע שלאַנג, זיינע אויגן בלישטשען, און ער דערנענטערט זיך שוין, שווער סאַפּענדיק ווי אַן אַלטע באָבע: אוף! אוף! קוק איך מיר אַזוי אויף אים און זאָג: — קום נאָך נענטער! האָב קיין מורא נישט, פּיפּערנאָטער. דו מיינסט, וועסט מיך אויפֿפרעסן, פֿאַרזעעניש, האָסט אַ טעות! איך וועל דיך מאַכן אַרויפֿפֿליען אין פֿאַרכמורעטן הימל אַליין! איין סעקונדע און דער שנור טליעט שוין. און איך — אַ שפּרונג אויף צוריק אין די קוסטעס אַריין. און דער לאָקאָמאָטיוו שטייט שוין דיבאָם, די וואַגאָנען אַנטלויפֿן פֿון די רעלסן איינער נאָכן אַנדערן און טורעמען זיך איינער אויפֿן אַנדערן, אַז ס'איז אַ נחת צו קוקן. זעסטו שוין, דו שוואַבישער פּיפּערנאָטער, אַז איך האָב דיך באַזיגט, און נישט דו מיך!

דער בחור האָט זיך צעהיצט און דערציילט ווי אַן אַקטיאָר. דאָס קליינוואַרג האָט פֿאַרלאָזן האַנקען און אים אַרומגערינגלט אין אַ ראָד, נישט צו פֿאַרלירן קיין איינציק וואָרט זיינס.

אינצווישנצייט האָט שוין דער פּלאַקסענער בראָנעק באַוויזן זיך איבערצובעטן און איז צוריקגעקומען צו די יינגלעך. דער דערציילער האָט אים גלייך באַמערקט און מיטן גאַנצן כוח אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע.

— און דו, בראָנעק, געדענקסט ווי כ'האָב דיך אַראָפּגעשלעפּט פֿאַר דיינע חזירישע האָר פֿון אָנשיט? ס'וואָלט פֿון דיר געוואָרן אַ „מאַמעליגע", ווי פֿון שאולקן, — דאָ האָט ער אַ טייטל געטאָן אויפֿן בחורל מיט איין אויג — ווייל אָט דער בראָנעק איז אַ „משה־קאַפּויער", אַלץ וואָס מ'הייסט אים, טוט ער תמיד קאַפּויער, און וואָס מ'הייסט אים נישט טאָן, טוט ער עס דווקא יאָ. פֿריער האָט ער זיך איינגעשפּאַרט, אַז קיין שום אַנדערער, נאָר ער מוז זיין דער אָנצינדער. און דערנאָך האָט ער נישט געוווסט, ווי מ'טוט עס. דער קאָמענדאַנט מאַקסים האָט אים בפֿירוש געזאָגט: נאָך דעם ווי דו וועסט אָנצינדן, מיין טייערער, זאָלסטו נישט גלאָצן אין הימל אַריין, נאָר אַנטלויפֿן גלייך אַהין, ווו דער פּעפּער וואַקסט! און ער שטייט זיך, אָט דער פֿאַרשטאָפּטער קאָפּ, אויף דער ליניע און

ריִרט זיך נישט פֿון אָרט. װען איך װאָלט נישט געװען טאָן אַ שפּרונג צו און אַ כאַפּ אָן אים פֿאַר דער טשופּרינע, װאָלט ער שוין געװען אױף יענער װעלט!

— װײַל דער פּוס איז מיר אַרײַן צװישן די רעלסן, — האָט זיך בראָנעק צעשריגן מיט אַזאַ צעקאָכטקײט, װי דאָס גאַנצע געשעעניש װאָלט פֿאַר־געקומען איצט, און נישט חדשים פֿריִער.

— שלעפּט מען אַרױס דעם פּוס פֿון שטיװל און מ׳שטײט נישט און מ׳װאַרט ביז דער צוג װעט אָנקומען! אָבער אַ פֿאַרשטאָפּטער קאָפּ בלײַבט שטענדיק אַ פֿאַרשטאָפּטער קאָפּ!

— פֿאַרשטאָפּטער קאָפּ! פֿאַרשטאָפּטער קאָפּ! — האָבן די קינדער גענומען זיך רײַצן מיט אים.

— שטילער ראָצערס! האָט בראָנעק זײ אָנגעשראָקן — װאָרן אַז כ׳װעל אײנעם, אַ צװײטן אַ כאַפּ טאָן, װעל איך אים אױפֿהענגען אין װאַלד מיט די פּיס אַרױף און קאָפּ אַראָפּ!

— פֿרײלין האַנקע! פֿרײלין האַנקע! — האָבן די קינדער זיך גענומען שרעקן — בראָנעק שרעקט אָן, אַז ער װעט אונדז אױפֿהענגען אין װאַלד.

— קינדער, די מעשה האָט זיך שוין געענדיקט, — האָב איך געזאָגט צו זײ — ערשט װעלן די קלײנינקע גײן שלאָפֿן, און די עלטערע װעלן רוען.

— בראָנעק, גײסט אין שטאָט אַרײַן? — האָט אים דער דערצײלער װידער אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלײצע.

— װאַרט, מיר גײען אױך מיט דיר. — האָבן אַ זאָג געטאָן די ייִנגלען, װעלכע האָבן שוין געשלאָסן שלום צװישן זיך.

# אַ כנופֿיה

אין יענע צײַטן פֿלעגן פּאָליאַקן אױסנוצן ייִדישע קינדער צו די פֿאַר־שידנסטע צװעקן.

אײנמאָל איז צו אונדז געקומען אַ בלאַס ייִנגל פֿון אַ יאָר דרײַצן מיט זײַן פּױלישער אַפּיעקונקע. ס׳איז קענטיק געװען, אַז נישט זי האָט אים געבראַכט צו פֿירן, נאָר ער זי, הגם זי איז געװען גענוג יונג. דאָס ייִנגל

האָט גלייך אָנגעהויבן וויינען און דערציילט מיט אַ האַרצרייסנדיקער שטים ווי די אָפּיעקונקע זיינע האָט אים געראַטעוועט דאָס לעבן, אָפּגעהיט און געהאָדעוועט, איינגעשטעלט דאָס לעבן פֿאַר אים און אַליין געהונגערט, כּדי ער זאָל עסן צו דער זעט... דאָס יינגל האָט געהייסן מילעק מיטלבערג און געשטאַמט פֿון קראָקע. קיינער פֿון זיין משפּחה איז נישט לעבן געבליבן.

גערירט פֿון דעם יינגלס דערציילונג, האָבן מיר באַשלאָסן צו טאָן עפּעס פֿאַר זיין אָפּיעקונקע. דאָס יינגל האָט געבעטן מיר זאָלן איר געבן געלט, ווייל זי לעבט אין דער גרעסטער נויט. (בשעת דעם גאַנצן באַזוך האָט די אָפּיעקונקע געשוויגן). נישט געקוקט דערויף וואָס אין דער קאָמיטעט־קאַסע איז קיין געלט נישט געווען, האָבן מיר זיך גערעכנט מיט זיין ביטע און געגעבן דער אָפּיעקונקע אַ קליינע געלט־שטיצע. פֿאַר דער דאָזיקער הילף האָט מען זי געבעטן איבערצולאָזן דאָס יינגל אין אַנשטאַלט, ווייל ער האָט אויסגעזען ווי אַן אמתער טובערקולאָזער. זיי האָבן ביידע דערויף מסכּים געווען. מילעק האָט גלייך געזאָלט דאָ איבער־בלייבן. ער האָט בלויז געבעטן אַ דערלויבעניש צו באַגלייטן זיין אָפּיע־קונקע אַהיים, ווייל זי איז נאָך אַ שווערער קראַנקהייט און זי קאָן נישט גיין אַליין.

מילעק איז אַוועק מיט איר און האָט זיך דעם טאָג מער נישט אומ־געקערט. איז אויך אויף מאָרגן נישט געקומען, און נישט אין משך פֿון דער גאַנצער וואָך. אין אַ וואָך אַרום איז ער געקומען אַליין און גלייך אַריינגעגאַנגען צום פּרעזעס (ער איז געווען דער וויכהאַרציקסטער פֿון אונדז אַלע). ער האָט אונדז דערציילט, אַז זיין אָפּיעקונקע איז ווידעראַמאָל קראַנק געוואָרן, און געמוזט מיט איר זיך פֿאַרנעמען די גאַנצע צייט. איצטער איז זי שוין געזונט, אָבער דער דאָקטער האָט איר געהייסן זיך גוט דערנערן, און זי האָט נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה. האָט אַלץ אויסגעגעבן אין דער מלחמה־צייט. און ער, מילעק, איז מחוייב איר צו העלפֿן, אומבאַדינגט מחוייב! זי האָט צופֿיל געטאָן פֿאַר מיר... און וואָס אָנבאַלאַנגט זיין צוזאָג צו קומען און זיין אין אַנשטאַלט, איז קיין ספק נישט דערין. ער וויל און וועט קומען. זאָל נאָר זיין אָפּיעקונקע פֿולשטענ־דיק געזונט ווערן!

ערשט איז אונדז אויפֿגעקומען אַ חשד, און פֿרוי ערנאַ האָט געזאָגט אַז מיר האָבן נישט קיין געלט. נאָר ווייל דאָס יינגל האָט לאַנג און

עקשנותדיק געבעטן און איז נישט אָפּגעטראָטן, האָט מען אים געגעבן אַ ביסל צוקער און אַנדערע לעבנסמיטל פאַר זיין ווױלטוערין.

ס׳זענען אַריבער זיבן טעג. מילעק איז ווידער געקומען בעטן געלט און לעבנסמיטל... ווייל מיר האָבן אים מער גאָרנישט געוואָלט געבן, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט ביים טיש, לעבן פּרעזעס, און אַ גאַנצן טאָג עקשנות־דיק געוויינט. האָט נישט געוואָלט גיין צו די קינדער און נישט צוריקגיין צו דער אָפּיעקונקע אָן געלט. מיר האָבן געמוזט דעם גאַנצן טאָג דערליי־דיקן אַלע לויפנדיקע ענינים אין דער באַגלייטונג פון זיין אומאויפהער־לעכן וויינען. איז קיין אַנדער ברירה נישט געווען: מ׳האָט ווידער געמוזט אים עפּעס געבן.

אויף מאָרגן איז מילעק ווידער געזעסן אין קאָמיטעט און געוויינט. לשם שינוי האָט ער זיך דאָס מאָל אַנידערגעזעצט לעבן דער פרוי ערנאַ און נישט אָפּגעטראָטן פון איר ביז אין אָוונט. מיר האָבן געשיקט עמעצן צו דער אָפּיעקונקע אַהיים אויפצוקלערן, און האָבן זיך דערוווּסט, אַז זי איז די לעצטע צייט נישט קראַנק געווען און אַז זי איז נישטאָ אין דער היים, ווייל זי פאָרט אַרום צוליב מסחר און שמוגל... מ׳האָט אונדז אויך געזאָגט, אַז זי שיקט מילעקן אין גאַס אַריין אויף פאַרדינסטן. אויף וועלכע פאַרדינסטן האָבן מיר נישט געקאָנט פעסטשטעלן.

ווען מיר האָבן אויף מאָרגן געזאָגט מילעקן, אַז מיר האָבן אויפגעדעקט זיינע שקרים און אַז דאָס וויינען וועט אים נישט העלפן, האָט ער געענ־דערט זיין טאַקטיק: אויפגעהערט וויינען, אָבער יעדן פון אונדז דער־ציילט וועגן דער גוטהאַרציקייט פון זיין אָפּיעקונקע מיט אַזאַ ענטוזיאַזם און ברען, אַז אין אונדז איז אויפגעקומען דער איינדרוק: זיין באַציונג צו זיין אָפּיעקונקע איז געבונדן מיט עראָטישע איבערלעבענישן...

די זאַך האָט זיך געענדיקט אַזוי, אַז מילעק האָט ווילנדיק־נישט־ווילנדיק זיך געמוזט אַריבערטראָגן אין אַנשטאַלט אויף דלוגע־גאַס. אפנים, אַז זינט ער האָט אויפגעהערט איר ברענגען געלט און לעבנסמיטל, האָט זי אים אַרויסגעטריבן פון שטוב, און ער האָט נישט געהאַט וווּהין זיך צו ווענדן. נאָר פון צייט צו צייט פלעגט ער נעלם ווערן, און מיר האָבן נישט געוווּסט וווּהין: צי ער איז צוריקגעגאַנגען צו דער אָפּיעקונקע, אָדער זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן.

עטלעכע טעג נאָכדעם ווי מילעק איז געקומען, איז געשען עפּעס, וואָס האָט אויפגעטרייסלט נישט נאָר די קינדער, נאָר דעם גאַנצן קאָמיטעט

און אַלע דערוואַקסענע: דער קלײנער צוועלפיעריקער שעיה, מיט די ראָזע בעקלעך, דער גוטהערציקער און שטענדיק צעשמייכלטער, האָט געוואָלט באַגיין זעלבסטמאָרד דורך אַראָפּשפּרינגען פון אַ פענצטער אויפן דריטן שטאָק אויף דער גאַס... אין לעצטן מאָמענט, ממש אין לעצטן, ווען ער האָט שוין גענומען פליען און פאַלן, האָט אים דער אייגאויגיקער שאול אַ כאַפּ־אָן געטאָן ביי דער מאַרינאַרקע... ער האָט געהאַט גליק, וואָס די מאַרי־נאַרקע האָט געהאַט זיך פאַרטשעפּעט ביי אַ טשוואָק פון פענצטער, ווען נישט, וואָלט שאול נישט געווען באַוויזן אים אָנצוכאַפּן און ראַטעווען: מיט גרויס מי און מיט דער מיטהילף פון אַנדערע ייִנגלעך האָט ער אים אַרייַנגעצויגן צוריק אין צימער אַרייַן.

אָן אויפגעציטערטע בין איך שנעל געלאָפן אַרויף (בין גראָד אָנגע־קומען פון שטאָט). שעיה איז געלעגן אַ בלאַסער ווי לײם אויפן בעט אין איזאָליר־צימער, און לעבן אים די גוטע דאָקטאָרין.

— דאַכט זיך, אַז ער האָט אַ מוח־דערשיטערונג, — האָט זי מיר שטיל אַ זאָג געטאָן — ער האָט באַקומען אַ הויכע טעמפּעראַטור און פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין. מ׳דאַרף אים לאָזן צורו.

כ׳האָב באַטראַכט דעם אומגליקלעכן שעיה. זיינע ליפּן זענען געווען טרוקן, די אויגן האָבן באַוווּסטלאָז אַרומגעבלאָנדזשעט איבערן סופיט, די פינגער האָבן געריסן די קאָלדערע און דאָס העמד.

— כ׳וויל צו דער באַנדע... באַנדע... — האָט ער געמרוטשעט — נעכטן האָט מיר סטעפאַן געזאָגט... כ׳וויל אויך גיין אין קינאָ... האָסט מיר צוגעזאָגט... כ׳וועל נישט שטענדיק היטן... מילעק, אַנטלויף! שנעלער, שנעלער! האַלט מיך נישט צו! שנעלער, כ׳וויל אַראָפּ אונטן, האַלט מיך נישט צו!

פּלוצים איז שעיה באַוווסטלאָז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און ווידער געוואָלט לויפן צום פענצטער. מיר זענען געווען געצוווּנגען, די דאָקטאָרין און איך, אים פעסט צוצוהאַלטן, היטן אים די גאַנצע צייט.

כ׳בין געווען אויפגעטרייסלט ביז אין דער טיף פון מיין נשמה. האָב זיך געזעצט אויפן קראַנקנס בעט קעגנאיבער דער דאָקטאָרין און איר געזאָגט מיט אַ געבראָכענער שטים:

— קאָן זיין, אַז ס׳איז מיין שולד. איך דאַרף נישט אַרומלויפן אין שטאָט דעם גאַנצן טאָג. כ׳האָב געדאַרפט זיין דאָ און אַכטונג געבן אויף די קינדער.

אָבער די דאָקטאָרין האָט זיך צעבייזערט אויף מיר:

— ווי קאָנט איר גאָר אַזעלכעס זאָגן? איר לויפט דאָך אַרום אין שטאָט בלויז צוליב די קינדער, פאַר זייער אינטערעס. אָן דעם וועט איר דאָך קיינמאָל נישט קאָנען אַרויסשלעפּן זיי פונדאַנען. אין זאַקאָפּאַנע וועט איר שוין האָבן אַ ביסל רו. איר וועט די גאַנצע צייט זיין מיט זיי צוזאַמען. חוץ דעם טראַכט איך איבער, אַז די דאָזיקע קראַנקהייט איז נישט קיין רעזולטאַט פון זיין וועלן באַגיין זעלבסטמאָרד, נאָר זיין סיבה... ס'איז נאָך שווער פעסטצושטעלן. דאָס קינד, האָב איך געהערט, האָט דורכגעמאַכט אויסטערליש שרעקלעכע זאַכן. זיין פאַמיליע האָט אים, מיט געליימטע פיס פון זיצן לאַנג אין באַהעלטעניש, אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן בעת די אוקראַאינער האָבן געמאַכט אַ פּאָגראָם... די אוקראַאינער האָבן געוואָלט אים אויסשטעכן די אויגן, נאָר אין דער לעצטער מינוט איז געקומען אַ פּאָלקע, האָט געזאָגט, אַז ס'איז איר קינד און אים געראַטעוועט. דערנאָך האָט מען אים אַריינגעגעבן אין אַ שפּיטאָל פון גייסטיק־קראַנקע... יענע פּאָלקע האָט געזאָגט, אַז ער איז גייסטיק פולשטענדיק געזונט, אָבער ס'איז קיין פּלאַץ נישט געווען אין אַן אַנדער אָפּטיילונג, האָט מען אים צייטווייליק אַריינגעלייגט אַהין. מ'האָט אים געהיילט די הענט און די פיס, אָבער ער איז געבליבן פּסיכיש אָנגערירט... כ'וועל אים געבן אַ באַרויקונגס־מיטל. זאָל ער שלאָפן.

שעיה האָט געגומען איינדרימלען. די דאָקטאָרין האָט געזאָגט אַז זי האָט צייט צו זיצן און אים היטן. כ'בין אַרויסגעגאַנגען אויף אַ רגע אין קאָרידאָר. צווישן די קינדער איז געווען אַן אויפרודער, ווי אין אַ בינשטאָק. מ'האָט נישט גערעדט וועגן קיין שום אַנדער זאַך, נאָר וועגן שעיהס וועלן באַגיין זעלבסטמאָרד. אומעטום זענען געשטאַנען קופּקעלעך קינדער, מיט רויטע פּלעקן אויף די באַקן, און זיי האָבן געשמועסט וועגן דער פּאַסירונג.

— אַלץ צוליב אָט דעם נייעם מילעקן, — האָב איך געהערט איזיעס שטים, אַ קרעמפּער, שוואַרצער יינגל, וועלכער האָט מלחמה־צייט געדינט ווי אַ פּאַראָבעק ביי אַ פּויער — ער איז אין אַלץ שולדיק. פון זינט ער איז געקומען ליידן אַלע.

— אַז ער וועט נאָכאַמאָל קומען אַהער, וועל איך אים הענט־און־פיס צעברעכן, — האָט געדראָט שאול.

— נישט ריכטיק, — האָט זיך אַריינגעמישט אין שמועס די ספּריטנע,

שוואַרצאויגיקע מאַרישע (וועלכע האָט מיר געהאָלפֿן וואַשן די קינדער) — מילעק איז לחלוטין נישט שולדיק. ער האָט זיך בכלל נישט געמישט אין שעיהס געשעפֿטן... סטעפֿאַן און בראָנעק זענען שולדיק. זיי האָבן נישט געוואָלט אַריינגעמען אים אין דער באַנדע.

— דו מיש זיך בעסער נישט אַריין, — האָט איר געראָטן דער הויכער און שיינער לאָנעק — מ׳וועט דיך אויך אָנהרגענען און נישט לאָזן תפילה טאָן צו דיין גאָטס־מאַמע.

כ׳בין צוגעגאַנגען צו דער גרופּע שמועסנדיקע קינדער, וועלנדיק זיי אויספֿרעגן וועגן די איינצלהייטן פֿון דעם געשעעניש. אָבער זיי זענען זיך מאָמענטאַל פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. כ׳האָב נישט געהאַט צו וועמען צו רעדן. בין צוגעגאַנגען צו פֿרוי האַנקע און איר געפֿרעגט צי זי ווייסט עפּעס, וועגן שעיהס פֿאַרצווייפֿלטן אַקט.

— ניין, כ׳ווייס נישט גאָרנישט — האָט די איבערגעשראָקענע האַנקע געענטפֿערט — ער האָט געגעסן מיט אונדז דאָס מיטאָג, איז געווען רויק און פֿריילעך, ווי געוויינלעך...

— זענען געווען קריגערייען צווישן די קינדער ?

— ניין, איך האָב גאָרנישט נישט באַמערקט. סיידן צווישן די עלטערע קינדער... ביי זיי טוט זיך עפּעס שטענדיק... זיי האָבן אַ באַנדע, און אַלע קינדער האָבן פֿאַר זיי מורא. אָבער שעיה האָט דווקא געלעבט מיט זיי בשלום... זיי האָבן אים געשיקט אומעטום און מיטגענומען מיט זיך. ער האָט זיך כסדר אַרומגעדרייט מיט זיי. כ׳ווייס באמת נישט, וואָס איז אים פּלוצים געשען...

כ׳האָב פֿאַרהאַלטן שאולן אויפֿן קאָרידאָר.

— שאול, — האָב איך אים גלייך אַ פֿרעג געטאָן — פֿאַרוואָס האָט זיך שעיה געוואָרפֿן פֿון פֿענצטער ?

— כ׳ווייס נישט, — האָט ער געענטפֿערט — איך געהער נישט צו דער באַנדע. כ׳האָב געזען ווי ער קריכט אַרויף אויפֿן פֿענצטער. אָנהייב האָב איך געמיינט, ס׳איז גלאַט אַזוי, ער שפּילט זיך. אָבער דערנאָך איז עס מיר נישט געפֿעלן געוואָרן, האָב איך אויף אים אָנגעשריגן ער זאָל גלייך אַראָפּקריכן, האָט ער מיך נישט געוואָלט פֿאָלגן. האָב איך זיך אויפֿגערעגט און בין צוגעגאַנגען צו אים אים שלאָגן... איז ער שוין געפֿלויגן פֿון פֿענצטער... כ׳האָב אים אָנגעכאַפּט פֿאַר דער מאַרינאַרקע ווען ער איז שוין געווען אינגאַנצן פֿון יענער זייט פֿענצטער. כ׳האָב אים

קויִם אַרויפגעשלעפּט. כ׳האָב זיך געשראָקן, טאָמער וועט זיך די מאַרי־נאַרקע צערייסן... לאַנעק און בראָנעק האָבן מיר געמוזט העלפן, ווייל ער האָט זיך אויף מיר אַ וואָרף געטאָן ווי אַ משוגענער. כ׳האָב זיך אַליין געוווּנדערט, וואָס ער איז געוואָרן אַזעלכער...

— סטעפאַן און בראָנעק ווייסן אויך נישט פאַרוואָס ער איז געשפּרונגען פון פענצטער? און אפשר ווייסט עפּעס מילעק? ווו זענען זיי אַלע איצטער?

— איך בין נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיי, — האָט שאול געצויגן מיט די אַקסל — און דעם מילעקן וועל איך נאָך אַלע ביינער צעברעכן.

— פאַרוואָס?

— ער ווייסט שוין, האָט שאול פאַרענדיקט דעם שמועס מיט מיר, און כ׳האָב מער נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען פון אים.

*

פאַרנאַכט האָט זיך שעיהס צושטאַנד פאַרערגערט. די טעמפּעראַטור איז געשטיגן. שעיה האָט געברענט ווי פייער. יעדע טעלעכצע רגעס אויפגע־ריסן זיך פון שלאָף און שרעקלעך געשריגן: „ריווטשע, ריווטשע! לאָז מיך נישט איבער, זיי גייען שוין! ריווטשע, איך קאָן נישט גיין! זיי שטעכן מיך, שטעכן מיך!" שפּעטער האָט ער איינגעדרימלט און ווי זיך באַרויקט. פּלוצים האָט ער גענומען וויינען ווי אַ קינד: „פאַרוואָס האָט איר מיר צוגעזאָגט, אַז איר וועט מיך נעמען אין קינאָ? איך וויל צו דער באַנדע... צו דער באַנדע... כ׳האָב דיר געגעבן צוויי זלאָטעס... אין מיסטקאַסטן געהאַט...

צום אָוונטברויט זענען פון שטאָט צוריקגעקומען סטעפאַן און בראָנעק, מילעק איז נישט געווען, די איבעריקע קינדער זענען שוין געזעסן ביים טיש. אין צימער איז געווען אומגעוויינלעך שטיל. די קינדער האָבן אויסגעמיטן צו האָבן צו טאָן מיט סטעפאַנען און בראָנעקן. בלויז שאול האָט זיך מיט זיי שטילערהייט געשושקעט, האָט זיי אפּנים דערציילט וואָס ס׳איז געשען.

נאָכן אָוונטברויט האָבן מיר פאַרבעטן נאָך אַ דאָקטאָר (אויך פון די לאַגערניקעס). אויך ער האָט געהאַט אַ חשד, ווי אונדזער דאָקטאָרין, דאָקטאָר מיראָן, אַז ס׳איז אַ מוח־אָנטצינדונג, און געראָטן מ׳זאָל דאָס יינגל אַריבערפירן אין אַ שפּיטאָל. אָבער פאַרשטענדלעך, אַז פריער האָט מען

געדאַרפט באַקומען אַן אָרט פונזיינעטוועגן. דערווייל האָבן מיר באַשלאָסן, איך און די דאָקטאָרין מיראַן, צו וואַרטעווען ביים קראַנקנס בעט און זיך פאַרנעמען מיט אים.

ווען כ׳בין געגאַנגען צום איזאָליר־צימער, איז צו מיר צוגעקומען סטעפאַן. (ער האָט זיך די גאַנצע צייט אַרומגעדרייט מיט בראָנעקן נאָענט ביי דער טיר).

— כ׳בעט איך, פרוי לייטערין, — האָט ער געפרעגט מיט אַ ציטערנ־דיקער שטים — שעיה וועט בלייבן לעבן?

— כ׳ווייס נישט, — האָב איך געענטפערט — מיר טוען אַלץ וואָס מיר קאָנען.

כ׳האָב געוואָלט אים פאַרבייגיין, אָבער ער האָט מיר פאַרשטעלט דעם וועג.

— כ׳בעט אייך, לייטערין, כ׳בעט אייך, — האָט ער געמורמלט זייער אויפגערעגט — איך האָב קיין באַזונדערע זאַך נישט געטאָן... אפילו מיט אַ פינגער אים נישט אָנגערירט... איך בין נישט שולדיק... די אַנדערע האָבן אויך נישט געוואָלט אים אַריינעמען אין דער באַנדע... נישט נאָר איך... ער טויג נישט צו גאָרנישט... און אַז מ׳דאַרף אַנטלויפן, קאָן ער אפילו נישט לויפן...

— האָסט אים צוגעזאָגט אַריינצונעמען אין דער באַנדע, אָדער נישט?

— צוגעזאָגט, אָבער גלאַט־אַזוי... ס׳איז מיר אַפילו אויפן זינען נישט געקומען... האָב געוואָלט פון אים פטור ווערן, ווייל ער איז מיר כסדר נאָכגעקראָכן...

— נו זעסטו, האָסט צוגעזאָגט און נישט געהאַלטן וואָרט... דאָס איז באמת דזשענטלמעניש... דאָס איז איינס. און צווייטנס, צו וואָסער צוועק האָט איר געשאַפן די באַנדע? וואָס טוט איר גאַנצע טעג אין שטאָט? פעלט אייך היינט עסן דאָ? איר קריגט נישט קיין הלבשה? מ׳האָט דאָ נישט געעפנט פאַר אייך לעקציעס פאַר לייענען און שרייבן? יינגלעך פון פערצן יאָר, און בלויז אייניקע פון אייך קאָנען לייענען און שרייבן... און דריטנס, וואָס פאַר אַן אויפגאַבע אין אייער באַנדע האָט מילעק?

— מילעק איז אַ שווינדלער! — האָט סטעפאַן אַ זאָג געטאָן מיט פאַראַכטונג, ענטפערנדיק, נישט אויף דער ערשטער, נישט אויף דער צווייטער פראַגע — ער האָט אונדז געדאַרפט אָפּגעבן דאָס געלט און געוויזן אַ „גרויסע פייג״.

— וואָס פאַר אַ געלט איז דאָס? וויאַזוי האָט מען עס באַקומען?

— נו, דאָס וואָס ער האָט געוווּנען... אין דער שפּיל „טשומטשאַ־רומטשאַ" אין די אַלייען... מיר האָבן דאָך אים אונטערגעהאַלטן דאָס קליינע טישל מיט די קאָרטן... צוויי זענען געשטאַנען אויף דער וואַך, און די איבעריקע האָבן געמאַכט אַן אָנשטעל אַז זיי געווינען ביי מילעקן, כדי צוצוציען „קונדן"... און אַז דער פּאָליציאַנט האָט זיך דערנענטערט, האָב איך געכאַפּט דעם טיש, מילעק די קאָרטן און דאָס געלט. דערנאָך האָבן מיר זיך באַגעגנט און אָנגעהויבן דאָס עסק אויף אַ צווייטן אָרט. פאַר דער דאָזיקער הילף האָט זיך מילעק געדאַרפט טיילן מיט אונדז גלייך אויף גלייך. איך פלעג צעטיילן, און דערנאָך זענען מיר געגאַנגען אין קינאָ.

— פונוואַנען קאָן מילעק די שפּיל „טשומטשאַ־רומטשאַ"?

— עך, — האָט סטעפאַן געשמייכלט — מילעק איז אַ פאַכמאַן פון דער ערשטער מדרגה. פאַר די דייטשן האָט מען געמעגט שפּילן דערין. ער שפּילט שוין אַזוי דריי יאָר, און קיינעם האָט זיך נאָכנישט איינגעגעבן צו געפינען אַ פאַלשע קאָרט... ער „אַרבעט" קלאַסיש. ער האָט „געאַרבעט" מלחמה־צייט פאַר יענער „גויקע" און אירע געליבטע... נאָר היינט איז דאָס געשעפט קאַליע געוואָרן. די פּאָליציאַנטן יאָגן און טרייבן... און מילעק מוז אָנקומען צו דער הילף פון אונדזער באַנדע... אָבער נאָך די לעצטע קלעפּ האָט זיך שוין ממילא אַלץ געענדיקט...

— ווער האָט וועמען געשלאָגן?

— פאַרשטענדלעך, אַז מיר אים...

— פאַרוואָס?

— ווייל ער האָט געוואָלט אָפּנאַרן אונדז אַלע און אַוועקגעבן דאָס געלט יענער „גויה", און מיר האָבן געהאַרעוועט דערויף פּונקט ווי ער... חוצדעם האָבן מיר דאָך געהאַט אַן אָפּמאַך... אָבער ער איז אַ מיאוסע לויז, שטענדיק, נאָר ער לעקט דעם הינטן פון יענער פרוי...

— און שעיהן האָט איר אויך אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט?

— אַז ער האָט זיך געבעטן, געחלשט... מיר האָבן אים אינגאַנצן נישט געוואָלט, ווייל ער טויג זיך נישט. אַ לאָ־יצלח און אַ קריכער... אַ פחדן און אַן אַנטלויפער... בלויז איין מאָל איז ער געשטאַנען אויף דער וואַך, טאָמער וועט קומען אַ פּאָליציאַנט... און איין מאָל איז ער געשטאַנען הינטער דער טיר אין קינאָ, ווייל דאָס געלט האָט נישט געקלעקט אויף אַ בילעט פאַר אים... אויסער דעם איז זיין אַרבעט סיווויסיי גאָרנישט

ווערט געווען. און גלייך נאָך דעם איז דער גולם געגאַנגען אַרויסשפּרינגען פון פענצטער... מיין ערנוואָרט, אַז כ׳האָב אים צוגעזאָגט, דאָס קומענדיקע מאָל צו נעמען אין קינאָ... אמת, בראָנעק? — האָט ער זיך געעדותט מיטן חבר, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען הינטער אים און געשוויגן.

— ריכטיק, — האָט בראָנעק אַ מרוטשע געטאָן, נישט אויפהייבנדיק די אויגן.

— אַזוי, — האָב איך טיף אָפּגעאָטעמט — ווייס איך שוין איצט אַלץ... אַ סך... אַפילו צופיל... איר האָט אַ באַנדע, גנבעט, שווינדלט, נעמען אַרויס געלט ביי מענטשן דורך אָפּנאַרעריי... און פאַרן דאָזיקן געלט גייט מען דערנאָך אין קינאָ... אַלע קינדער ווילן צושטיין צו אייער באַנדע... און דו, סטעפאַן, ביסט דער ראש פון דער באַנדע, אמת? אויב אַזוי, — האָב איך אים אין מיין אויפרעגונג אָנגעכאַפּט פאַר אַ לאָץ פון זיין מאַרי־נאַרקע — קום איצטער אַריין אין דאָזיקן צימער, וועסטו מיט דיינע אייגענע אויגן זען די רעזולטאַטן פון דיין באַנדע!

שעיה איז געלעגן אויפן בעט אָן אָפּגעדעקטער, די הענט און פיס צעוואָרפן, די אויגן אַריינגעזעצט אין זייערע היילן:

— האָסט מיר צוגעזאָגט... צוגעזאָגט... כ׳וויל צו דער באַנדע... ריוווטשע, כ׳האָב מורא... ריוווטשע, זיי שטעכן מיר אויס די אויגן מיט אייזן...

סטעפאַן און בראָנעק האָבן אַ ווייל געקוקט אויף אים און זיך צוריק־געצויגן. אָן אַ וואָרט צו זאָגן, האָבן זיי פאַרלאָזט דאָס איזאָלאַציע־צימער.



די לבנה אין הימל איז שוין בלאַסער געוואָרן, ווען כ׳האָב זיך אומגע־קערט אַהיים. די גאַנצע נאַכט איז שעיה געווען אָן באַוווסטזיין, און איך האָב געוואַכט לעבן אים. ערשט בין איך געגאַנגען אַהיים זיך אַרומוואַשן און כאַפּן אַ דרימל, ווייל כ׳האָב באַלד געדאַרפט זיך אומקערן צוריק צו דער אַרבעט. ס׳איז געווען די קילסטע שעה פאַרן באַגינען... און אַלע ביימער און בלומען האָבן זיך ווי אַריינגעטוליעט אין זיך, צו שיצן זיך קעגן דער קעלט... אויך איך האָב געציטערט פון קעלט און פאַר אָט דער שטילקייט וואָס לויערט און וואַרט אויף דעם פרימאָרגן־ליכט. נישט געקוקט אויף

דער קעלט און דעם ציטערן האָב איך אָפּגעפּילט דעם צויבער פון דעם אָנקומענדיקן זונאויפגאַנג...

אויף מאָרגן אינדערפרי האָב איך געהאַט אַ „פּעדאַגאָגישן שמועס" מיטן פּרעזעס. ס'הייסט דער פּרעזעס האָט אַרומגעשפּרייזט איבער דער קאַנצעלאַריע און געברויזט פון צאָרן:

— און צוליב אַזעלכע גנבים, שווינדלער און באַנדיטן דאַרפן מיר זיך פּייניקן! פאַר זיי דאַרפן מיר גיין בעטלען, אויסשטעלן זיך אויף אַנטי־סעמיטישע אַטאַקעס! ניין, כ'וועל נישט מסכים זיין זיי איבערצולאָזן אין אַנשטאַלט (ער האָט זיי דאָך אַליין צוגענומען). זיי זענען קאַפּאַבל נאָך צו דערמאָרדן אַנדערע קינדער. זיי דעמאָראַליזירן זיי... זיי ברענגען שאַנד אויף דעם גאַנצן יידישן פאָלק... קיינמאָל זענען נישט געווען צווישן אונדז קיין גנבים און באַנדיטן... ניין, מיר קאָנען נישט זיין פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר זיי! זאָלן זיי גלייך פאַרלאָזן דאָס הויז! צונעמען ביי זיי אַלץ, וואָס זיי האָבן ביי אונדז באַקומען!

כ'האָב אַ ביסל אונטערגעוואַרט, ביז ער וועט זיך אָפּקילן און דערנאָך גענומען רעדן:

— הער פּרעזעס, — האָב איך געזאָגט — צי האָט איר קיינמאָל נישט קיין טראַכט געטאָן, אַז צוליב די מידות, אין וועלכע איר באַשולדיקט זיי, האָבן זיי איבערגעהאַלטן די מלחמה? דווקא צוליב דעם. דווקא מיט דער הילף פון שקרים, שווינדל, גנבה און גזילה. זיי האָבן געמוזט זיך אויסלערנען זאָגן ליגן, כדי צו ראַטעווען זייער לעבן, כדי איבערצוהאַלטן... און היינט, צי קאָנען זיי אַוועקלייגן אָט דאָס טייערע געווער? דאָס געווער, וועלכן זיי זענען שולדיק אַ דאַנק פאַר זייער לעבן? צי איז דאָס זייער שולד, וואָס זיי זענען געצוווּנגען געווען צו זיין אַ ז ע ל כ ע, כדי צו קאָנען לעבן?

— איז וואָס? — האָט דער פּרעזעס געפאָכעט מיט די הענט — איז אפשר דאַרפן מיר זיי גאָר געבן אַ פּריז? זיי זענען נישט מחויב צו טראָגן קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זייערע מעשים? איר ווילט זיי אפילו נישט באַשטראָפן? און זיי וועלן ווייטער מעגן גנבענען, אָפּשווינדלען, באַפאַלן שוואַכע?

— קיין שטראָף וועט דאָ גאָרנישט העלפן. זי וועט נאָר פאַרשטאַרקן אין זיי דאָס געפיל, אַז מ'האָט זיי באַעוולט און וועקן אין זיי נאָך אַ שטאַרקערן ווידערשטאַנד. פאַרגעסט נישט, אַז דאָס זענען מלחמה־קינדער.

די מלחמה האָט זיי געלערנט אַן אַנדער מאָראַל ווי די וואָס איז אָנגענומען אין שלום־צייט. זיי געלערנט דאָס געזעץ פון דעם שטאַרקערן, אכזריות־דיקערן און פון דורכגעטריבענע. דאָס וועט איר נישט אויסוואָרצלען מיט קיין שום שטראָף. דער איינציקער וועג צו זיי איז דער וועג פון דערציִען: ליבשאַפט, געדולד, פאַרשטענדעניש און אַ סך אַרבעט — ביז ס'וועט זיך אויפוועקן אין זיי דער „מאָראַלישער איך" און ער וועט זיין זייער ריכטער.

— איך בעט אייך זייער, איך בין נישט, נישט קיין פילאָזאָף און נישט קיין פסיכאָלאָג. איך בין אַ יוריסט און מיין מיינונג איז, אַז די שולדיקע דארפן באַשטראָפט ווערן, דינען ווי אַ לערע פאַר אַנדערע.

— וואָס פאַר אַ שטראָף לייגט איר פאָר?

— אויסשליסן זיי פון אַנשטאַלט. נישט מיטנעמען קיין זאַקאַפּאַנע.

— און וווּהין זאָלן זיי גיין? האָבן זיי וווּהין זיך צו ווענדן? האָבן זיי אַ היים, עלטערן, קרובים? וועט זיי אַריינגעמען אַ וועלכער פּוילישער אַנשטאַלט? אדרבה, זיי וועלן אַוועק אין גאַס און ווערן אמתע פאַרברעכער. חוצדעם זע איך נישט דאָס אַלץ אין אַזאַ טראַגיש ליכט. יעדער פּעדאַגאָג מוז זיין אַ מאַמין און ליב האָבן. ווען מיר וועלן ענדערן די לעבנס־באַדינגונגען פון די קינדער, וועלן אויך זיי זיך ענדערן. אַז זיי וועלן זיך מער נישט נייטיקן אין שקר און שווינדל כדי זיך צו קאָנען דערהאַלטן ביים לעבן, וועלן זיי עס אַליין פאַרוואַרפן. איך האָף, אַז אין זאַקאָפּאַנע וועט זיך אַ סך ענדערן צום בעסערן.

דעמזעלבן טאָג, ווען כ'בין ווידער געגאַנגען וואַכן ביי שעיהס בעט, איז צו מיר צוגעקומען אַ דעלעגאַציע, צוזאַמענגעשטעלט פון די עלטערע קינדער, און מיך געבעטן, כ'זאָל זיי דערלויבן מיך צו פאַרטרעטן ביים קראַנקן. כ'האָב וועגן דעם איבערגעשמועסט מיט דער דאָקטאָרין — און מיר האָבן דערויף מסכים געווען.

— ווער וויל וואַכן דער ערשטער? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— מיר ביידע, — האָבן זיך אַרויסגערוקט סטעפאַן און בראָנעק — מיר האָבן אים אפילו געבראַכט צוויי מאַראַנצן.

— אויב דאָס איז די פרוכט פון אייער „ארבעט" אין שטאָט, — האָב איך געזאָגט — בין איך נישט מסכים, איר זאָלט זיי אים אַריינטראָגן.

— ניין, — האָט זיך אָנגערופן סטעפאַן — מיר האָבן זיי געקויפט

פאַר אונדזער צוניפגעלייגט געלט. מיר גייען שוין נישט מער אויף אַזאַ „אַרבעט״... ביז שעיה וועט געזונט ווערן...

— חוצדעם, — האָט בראָנעק אַ מרוטשע געטאָן — האָב איך פאַר שעיהן אַ מעסערל מיט פיר קלינגלעך... שעיה וועט עס קאָנען נוצן צו אלצדינג. כ׳האָב עס אויסגעפּרוווט...

— גוט, האָב איך אַריינגעשמייכלט אין זיך — איר קאָנט אַריינגיין צו אים, אָבער מוזט טאָן אַלץ ווי די דאָקטאָרין האָט געהייסן. דאָס איז וויכטיק פאַר זיין געזונט ווערן.

— אַלץ וועט געטאָן ווערן ווי ס׳דאַרף צו זיין, — האָט מיר סטעפאַן ערנסט פאַרזיכערט.

ווען דער פּרעזעס איז אין עטלעכע שעה אַרום געקומען מבקר־חולה זיין שעיהן, וואָס זיין טעמפּעראַטור האָט גענומען ביסלעכווייז אַראָפּפאַלן, האָט ער אין זיין צימער געטראָפן בראָנעקן ווי ער פאַרריכט דאָס קישן אונטער דעם קראַנקנס קאָפּ, „ס׳זאָל אים נישט קוועטשן״, טווישט דאָס איז אויף זיין שטערן, און סטעפאַן האָט דערווייל אָנגעגאָסן די רפואה צו דערלאַנגען דעם קראַנקן. און ביידע זענען זיי אַרומגעגאַנגען אין צימער באָרוועס, אין די בלויזע וויקלערס.

— ווו זענען אַייערע שיך, וואָס איר האָט ערשט נישט לאַנג באַקומען פון קאָמיטעט? — האָט זיך דער פּרעזעס גלייך אויפגעקאָכט. ער האָט זיי חושד געווען אַז זיי האָבן פאַרקויפט זייערע שיך אויפן מאַרק.

— מיר האָבן זיי אַוועקגעשטעלט דאָ אין ווינקל, כדי ס׳זאָל נישט קלאַפּן לעבן קראַנקן, — האָבן די יינגלעך געענטפערט.

## מירעלע

אין קאָמיטעט זענען נאָך די לאַגערניקעס געשטאַרבן פון אויסגעשעפּטקייט און הונגער. ס׳זענען נאָך כסדר אויסגעבראָכן געשלעגן אין דער ריי נאָך אַ זופּ — און די שרעקלעכע סאַלע ביים טויער איז נאָכנישט ליקווידירט געוואָרן. דאָרט איז נאָך קיין זאַך נישט געווען, נישט קיין מעדיקאַמענטן, נישט קיין שפּייזן, נישט קיין מלבושים און נישט קיין געלט, — און איבער דער גאַנצער שטאָט האָט זיך שוין צעטראָגן אַ קלאַנג וועגן די גוזמאָדיקע רייכטימער פון די יידן, וועגן דעם, אַז די

ייִדן האָבן אַלץ, סײַ געלט, סײַ בריליאַנטן, סײַ שפּײַזן אַזויפֿיל, אין דער צײַט וואָס די פּאָליאַקן שטאַרבן פֿון הונגער.

איז אויב אַזוי, דאַרף מען געפֿינען עצות צוצונעמען בײַ די ייִדן די דאָזיקע רײַכטימער — האָבן געטראַכט יענע פּאָליאַקן וואָס האָבן זיך צוגעוווינט מלחמה־צײַט זיך צו פֿיטערן אויף די ייִדישע אומגליקן.

און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן איינס פֿון די סאַמע טרויעריקסטע קאַפּיטלען אין דעם נאָכמלחמהדיקן פּוילן, נעמלעך, דער האַנדל מיט מענטש־לעכע לעבנס. ס׳איז צוריקגעשטעלט געוואָרן דער, פֿאַר די דײַטשן, אַזוי לווינבאַרער האַנדל מיט „קעפּלעך". נאָר איצט איז ער אַרויסגעקומען אין אַ נײַער פֿאָרעם — ווי אַ האַנדל מיט ייִדישע קינדער.

אין אָנהייב האָט מען זיך נאָכנישט געגנוג אָריענטירט. ס׳איז נישט דערשאַצט געוואָרן די קאָמערציעלע זײַט פֿון דעם פּראָבלעם. און גלײַכ־צײַטיק מיטן פֿאַרענדיקן די מלחמה האָט מען די ייִדישע קינדער פּשוט אַרויסגעוואָרפֿן אויף דער גאַס. אָדער אין בעסטן פֿאַל אָפּגעפֿירט אין קאָמיטעט, פֿאַרשטענדלעך — נאַקעטע און באָרוועסע. מ׳האָט געוואָלט פּטור ווערן פֿון אַ לאַסט, אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך אַ פֿרעמדן קערפּער. מ׳האָט נישט געוואָלט, אַז ייִדישע קינדער זאָלן עסן „פּויליש ברויט".

אַזוי איז עס פֿאָרגעקומען אין אַ סך אינסטיטוציעס און קלויסטערס, ווו ס׳האָט דעמלסט געהערשט אַ שטאַרקער הונגער. און אַזוי איז עס פֿאָרגעקומען מיט אַ סך פּריוואַטע מענטשן; ווען זיי האָבן געזען אַז קיינער קומט נישט נאָך דער מלחמה נאָכן קינד, האָבן זיי עס אַרויסגעטריבן פֿון שטוב, ס׳זאָל גיין צו די ייִדן.

אָבער שנעל איז געקומען די אויסניכטערונג.

— ס׳הייסט? — האָט מען גענומען טענהן — מירן אָפּגעבן די ייִדן דאָס קינד אומזיסט? די ייִדן האָבן געלט, זאָלן זיי באַצאָלן!

און אַזוי איז אַנשטאַנען אַ קינדער־בערזע. די פּרײַזן אויף דער־אָ בערזע האָבן געהאַלטן אין איין שטײַגן. באַזונדערס ווען ס׳האָט זיך אינגיכן אַרויסגעוויזן ווי ווייניק ייִדישע קינדער זענען לעבנגעבליבן, און ס׳האָבן זיך אָפּגערופֿן זייערע קרובים פֿון אויסלאַנד, אין ישׂראל אָדער אין אַמעריקע. ערשט דעמלט האָט מען זיך געכאַפּט וואָס פֿאַר אַ טײַערע סחורה די דאָזיקע קינדער זענען. און מ׳האָט אָנגעהויבן פֿאָדערן פֿאַר זיי אַזעלכע אַבסורדאַלע פּרײַזן, אַז אַפֿילו „אויסלאַנד" האָט עס נישט געקאָנט באַווײַזן. און די קינדער זענען פֿאַרבליבן בײַ זייערע „אַפּיטרופּוסים".

אין יידישן קאָמיטעט האָט זיך עס אָנגעהויבן מיט אַ שורשען פון אַן אָנגעקראָכמאַליעטער, קראָקעווער ספּודניצע. געשען איז עס אין אַ רוישיקן מאָנטיקדיקן פרימאָרגן, ווען די פּויערים און פּויערטעס קומען צו פאָרן מיט די וועגענער קיין קראָקע אויפן יאַריד.

דורך דעם עולם־געדיכטעניש אין קאָמיטעט האָט זיך דורכגעשטופּט אַ ברייטע, פולע פּאַרשוינטע אין אַ בינטל קראָקעווער ספּודניצעס און רויטע קרעלן. הינטער איר איז נאָכגעקראָכן אַ קליין, מאָגער מיידעלע פון אַ יאָר פיר־פינף מיט העלע, אָפּגעשאָסענע האָר און פאַרוויינטע אויגן. פון אירע שמאָלינקע און דאַרע אָקסעלעך איז אַראָפּגעהאנגען אַ לאַנג, דין קליידעלע, וואָס האָט זיך איר געפּלאָנטערט צווישן די באָרוועסע פּיסלעך. דאָס פּנימל איז געווען זייער בלאַס און קליין, ווי אַ מטבע, די בלויע ליפּלעך צונויפגעלייגט אין אַ יסורימדיקער גרימאַסע פון געוויין.

— לאָזט מיך דורכגיין! — האָט זי געשריגן אויף אַ קול צום עולם, דורכשלאָגנדיק זיך אַ וועג מיט די פויסטן — אַ יידיש קינד פיר איך...

דער עולם האָט זיך פאַר איר פאַנאַנדערגערוקט, און פּנחס, אַ באַהאַוונטער אין די קאָמיטעט־ענינים, האָט גלייך געעפנט פאַר איר די טיר אין סעקרע־טאַריאַט אַריין.

זי איז אַריין מיט אַ טראַסק אין דער ביוראָ, שלעפּנדיק נאָך זיך דאָס מיידעלע, וואָס האָט זיך צוריקגעריסן, און איז גלייך צו צום פּרעזעס (זיינע צעשויבערטע ווייסע האָר האָבן אים תיכף אויסגעטיילט פון אַלע אַנדערע און צוגעגעבן חשיבות).

— ס'איז אַ יידיש קינד — האָט זי גענומען געוואַלדעווען — אַ יידיש, און נישט קיין קאָטוילישׂ. זי האָט צוגעטופּעט מיט די פיס, ווי אויף להכעיס דעם קינד, וואָס האָט ביי די דאָזיקע ווערטער אָנגעהויבן ספּאַזמאַטיש צו וויינען און קאָנוולסיוו צו כאַפּן זיך פאַר איר ספּודניצע.

— איך האָב דאָ אַלץ אויף אַ פּאַפּירל אָנגעשריבן. סיי איר אמתן נאָמען, סיי ווען זי איז געבוירן געוואָרן — האָט זי ווייטער גערעדט, אַרויסציענדיק פון איר שפּעדיקן ביוסט אַ צעקנייטשט און שמוציק פּאַפּירל, איינגעוויקלט אין אַ שמאַטקע.

נישט ווילנדיק האָב איך אויסגעשטרעקט די האַנט צו נעמען דאָס פּאַפּירל און איבערלייענען דעם יידישן נאָמען. אָבער די פרוי איז אָפּגע־שפּרונגען פון מיר, ווי אַן אָפּגעבריטע און האָט גלייך צוריקגעצויגן איר האַנט.

— אָהאָ! — האָט זי אַ געשריי געטאָן — איך קאָן זיך שוין אויף אייערע יידישע קונצן. איר ווערט צוכאַפּן דאָס פּאַפּירל און נישט באַצאָלן פאַרן קינד. נישט דערויף האָב איך עס צוויי יאָר געכאָוועט. נישט דערויף האָב איך דאָס פּאַפּירל געהיטן, איך זאָל עס אייך ערשט אַוועקגעבן אָט גלאַט אַזוי. מיר קומט פאַר איר הונדערט טויזנט זלאָטעס און אַ קאָמעניצע אויפן מאַרקפּלאַץ. ווי דען אַנדערש וואָלט איך אַ יידיש קינד אויסגעהאַלטן? ס'איז דאָך אַ שאַנד פאַרן דאָרף און אַ זינד פאַר גאָט! נאָר איר מאַמע האָט מיר צוגעזאָגט, אַז נאָך דער מלחמה וועט זי קומען, דאָס מיידעלע צונעמען און אַ קאָמעניצע אויפן קראָקעווער מאַרק מיר אָפּשרייבן. און דאָ איז שוין באַלד פיר חדשים נאָך דער מלחמה און זי קומט נישט. מיר האָט שוין דאָס האַלטן זי דערעסן. האָב איך זיך דערוווּסט אַז דאָ ווױנען יידן און זאַמלען אויף יידישע קינדער, ברענג איך אייך דאָס מיידעלע. אָבער קודם לייגט מיר אַנידער דאָס געלט אויפן טיש, און אַ קאָמעניצע שרייבט מיר אָפּ!

דאָס מיידעלע, וואָס האָט דערווייל ביז איצט אונטערגעכליפּעט אין דער אָפּיעקונקעס ספּודניצע אַריין, האָט דערהערנדיק איר לעצטן באַשלוס, זי אָפּצוגעבן, אָנגעהויבן ספּאַזמאַטיש זי אָנצוכאַפּן פאַר אירע הענט און פיס, שרייענדיק:

— מאַמע, מאַמע, כ'בעט דיך, גיב מיך נישט אָפּ! לאָז מיך איבער ביי זיך! איך האָ' מורא, כ'האָ מורא...

— רוק זיך אָפּ, דו שלאַק איינער! — האָט זי איר אַ ריס געטאָן — וועסט נישט אָפּטרעטן פון מיין געפּרעסטער יופּקע?

די קליינע האָט נאָך העכער און יאָמערלעכער אָנגעהויבן צו וויינען, נישט זייענדיק אימשטאַנד „אָפּצוטרעטן" פון דער לעצטער שוץ, וואָס די „געפּרעסטע" קראָקעווער ספּודניצע איז פאַר איר געווען...

כ'האָב אַ קוק געטאָן אויף דער פון געזונטקייט „פּלאַצנדיקער", רויטער און פוכלער אָפּיעקונקע און — דעם בלאַסן, דורכזעעוודיקן פּנימל פונעם קינד, די טיף אַרומגעקרייזטע אויגן, איינגעפאַלענע בעקלעך און פאַרטריקנטע ליפּלעך. כ'האָב זיך איינגעקוקט אין דער אָפּיעקונקעס געבלימטע, קאָליריקע און רוישנדיקע ספּודניצעס, און איר רויטן סאַמעטענעם סערדאַק, וואָס איז אויסגענייט מיט קרעלן און פּאַטשערקעס, אירע מיט קאָלירטע קרעלן פלאַטערנדיקע סטענגעס און הויכע געשנורעוועטע באָטינקעס, און — אויפן קינדס דינינקן סיצענעם קליידעלע, דעם צעפליקטן און אָפּגעשאָ־

סענעם, אויף אירע באַרוועסע פּיסלעך, צעקאָלטנטע האָר און שמוציקע שטרײפן פון טרערן אויף איר אומגעוואַשן פּנימל...

כ׳האָב דאָס אַלץ באַטראַכט — און פאַרקלעמט די צײן פון צאָרן...

און נישט געקוקט אויף דעם אַלעס, האָט זיך נאָך די קלײנע געטוליעט צו דער דאָזיקער פרוי, באַהאַלטן אין די פאַלדן פון איר ספּודניצע איר װײטיק און געזוכט אַנטרינונג בײ איר. טאַקע פון איר אַלײן, פון איר באַרבאַרישער האַנדלונג, אויסגעשטרעקט צו איר די הענטלעך בעטנדיק און געדופן: מאַמע! מאַמע! מאַמע!

און זי האָט איר געשאַרפּעט און מיטן פויסט פון זיך אָפּגעשטויסן פאַר אונדז אַלע אין די אויגן. איז װי האָט עס שוין געדאַרפט אויסזען אין דער הײם! װי שטאַרק האָט זיך עס געמוזט נײטיקן אין ליבע דאָס־אָ אָרעמע קינד! װי שטאַרק האָט געמוזט בענקען און לעכצן נאָך אַ מאַמען!

און מיטאַמאָל, כ׳װײס נישט פאַרװאָס, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס דאָזיקע קינד איז אינגאַנצן אַנדערש פון אַלע קינדער װאָס איך האָב געקאָנט ביז הײנט. װי ס׳װאָלט פול זײן מיט ליבשאַפט און צוטרוי אָן אַ גרענעץ. װי ס׳װאָלט זײן זױבער, אומשולדיק און נישט באַפלעקט פון קײן שום איבערגעלעבטן בײז. װי איר גוטסקײט און זױבערקײט װאָלטן זײן שטאַרקער פון דעם גאַנצן שלעכטס אויף דער װעלט.

די אַנדערע קינדער זענען געװען װי פאַרװונדעט פון דער מלחמה, אויסגעקרימט און ס׳איז נײטיק לאַנגע יאָרן אַרבעט, זײ זאָלן זיך אויס־גלײכן, געזונט װערן. אָבער דאָס קינד האָט זיך מיר געדאַכט צו זײן אומבאַרירט און גאַנץ, נישט געקוקט אויף די קראַנקהײטן פון קערפּער. און פּלוצים איז אויפגעקומען אין מיר אַ שטאַרקער באַגער אָפּצונעמען דאָס דאָזיקע קינד בײ דער פרוי און געװינען איר ליבע פאַר זיך. געבן דעם אַן אמתע מאַמע, אַזעלכע װי עס דאַרף האָבן, און נישט קײן ברוטאַלן באַרג ספּודניצעס און פלײש...

דערװײל האָט דער פּרעזעס — אַ רױטער װי אַ ראַק, מיט אָנגע־שװאָלענע אָדערן אויפן שטערן, אָנגעהויבן רעדן אין אײן אָטעם:

— מיר האָבן נישט קײן געלט. מיר אַלײן דאַרפן הילף. מיר אַלײן גײען נאָך אַרום בעטלען. מיר האָבן פון אויסשװײץ קײן געלט נישט געבראַכט...

— טרײלע־רײלע־טרײקע! — האָט די פרוי צוריקגעשריגן — װאָס טרײלעקעט איר מיר דאָ... די זשידעס האָבן שטענדיק געציגײנערט, זינט די װעלט שטײט. איר האָט אויפגעװיס יאָ, נאָר װילט נישט געבן.

ביים פּרעזעס האָט אָנגעהויבן צוקן די אונטערשטע ליפּ. ער האָט פאַרקוועטשט די פויסטן... און איך האָב האַסטיק געטאָן אַ לויף אַרויס פון הינטערן טיש און פאַרשטעלט איר דעם וועג:

— וואָס ווילט איר טאָן מיט דעם קינד? — האָב איך אַ פרעג געטאָן מיט קוים באַהערשטן צאָרן.

— זאָל זי מיר ווייטער פּאַשען די קי! פאַר די עטלעכע קאַרטאָפל מיט וואַסער לוינט זיך נאָך צו וואַרטן אויף איר פאַמיליע...

— איר זעט דאָך אַז ווייניק קערן זיך אום. איר ווייסט דאָך אַז די דייטשן האָבן פאַרברענט די יידישע פאַמיליעס. דאָס קינד איז אַ שוואַכס. ס׳טויג זיך נישט צום פּאַשען קי, ביי אַזעלכע קעסט. גיט עס בעסער אָפּ אונדז. אויב עמעץ וועט זיך אומקערן צו דעם, וועלן מיר אייך מודיע זיין...

— כ׳על נישט אָפּגעבן! — האָט זי אַ טופּע געטאָן מיט אַ פוס — ס׳הייסט?! פאַר אַ פּאָר רינגעלעך און זייגערלעך ׳עלעך קנאַפּע צוויי יאָר צייט האָדעווען אַ זשידאָווסקע מוידוכע, זאָל מען מיר פריער געבן אַ קאַמעניצע און הונדערט טויזנט זלאָטעס, און אַז נישט, זאָל עס פאַרבלייבן ביי מיר און מיר פאַר אַלץ אָפּאַרבעטן.

כ׳האָב אַ וואָרף געטאָן נאָך אַ בליק אויף אָט־אָ דעם קינד, וואָס האָט „אָפּצואַרבעטן" פאַר איר אָפּיעקונקע גאַנצע הונדערט טויזנט זלאָטעס מיט אַ קאַמעניצע אויפן מאַרק, און איך בין אויפגעקאָכט געוואָרן:

— פּנחס!!! — האָב איך אַ געשריי געטאָן מיט אַלע כוחות אַזוי, אַז אַלע האָבן זיך אַ דריי אויס געטאָן צו מיר — שיקט תיכף־ומיד נאָך אַ דאָקטאָר. מירן גלייך אָנשרייבן אַ פּראָטאָקאָל צו דער פּאָליציי. זאָל דער דאָקטאָר שוין די רגע קומען און באַטראַכטן דאָס קינד. זאָל ער אָנשרייבן אין וואָס פאַר אַ מצב עס געפינט זיך אָט דאָס קינד, פאַר וועלכן איר פאָדערט אַ קאַמעניצע אויפן מאַרקפּלאַץ און געלט דערצו. איר וועט דאָ באַלד אָפּגעבן אַ חשבון פאַר די אַלע יאָרן, וואָס איר האָט דאָס קינד געפּייניקט, געשלאָגן און אויסגעהונגערט. אַ בלינדער אפילו קאָן דערזען אַז דאָס קינד האָט די סוכאָטע... און אויב ס׳זאָל זיך ערשט אומקערן צו אייך, וועט איר דאָך עס שוין אײנגאַנצן „אויסענדיקן"!

די פויערטע האָט אַ שוידער געטאָן און אָנגעהויבן לויפן מיטן קינד צו דער אַרויסגאַנג־טיר. אָבער דער הויכער פּנחס אָט איר פאַרצוימט דעם וועג. זי אָט זיך גענומען רייסן פון אים. ס׳איז אַנטשטאַנען אַן אומ־באַשרייבלעכער טומל און אַ בהלה.

— ראַטעוועט! די זשידעס שלאָגן מיך! — האָט זי גענומען ליאַרעמען. אויך דאָס קינד האָט זיך צעוויינט אויף אַ קול.

אינמיטן דער אַנטשטאַנענער פּאַניק האָב איך קודם־כּל געוואָלט באַרויִקן דאָס קינד. כ׳בין צוגעגאַנגען, זיך איינגעבויגן איבער דעם און גענומען עס צאַרט גלעטן איבערן פּיינעם קעפּעלע און די פֿון טרערן נאַסע בעקלעך.

— וויין נישט, קינדעלע! — האָב איך געזאָגט— וויין נישט טאָכטערשי. וויין נישט! שרעק זיך נישט, כ׳האָב דיך ליב... כ׳וועל דיך תּמיד ליב האָבן.

און כ׳ווייס ווידער נישט, פֿאַרוואָס כ׳האָב צו איר וועגן דעם גערעדט. פֿאַרוואָס נישט דערלאַנגט איר קיין צוקערלעך, שאָקאָלאַדקעס, שפּילצייג, ווי אַלע אַנדערע קינדער, נאָר גלייך וועגן מיין ליבע איר געזאָגט. פֿאַרוואָס איר גערופֿן „טאָכטערשי״.

און עפּעס האָט זיך עס מיר אַזוי אויסגעדאַכט, אַז דאָס קינד האָט מיין ליבע אָנגענומען. ווי ס׳וואָלט אויף איר איינגעגאָסן און מיר געטרויט, ווייל די טרערן אין אירע שיינע, בלאָע אויגן האָבן אויסגעטריקנט, און זי האָט אַזוי צוטרוילעך אַ קוק געטאָן אויף מיר...

אינצווישן האָט די פּראַקטישע פרוי ערנאַ גענומען אונטערהאַנדלען מיט דער פֿויערטע:

— אויב איר וועט אונדז איבערלאָזן דאָס קינד — האָט זי געזאָגט — און זאָגן ווי עס הייסט, וועלן מיר דאָ זוכן איר פֿאַמיליע. איר ווייסט דאָך אַז מיר האָבן פֿאַרשידענע וועגן. צו אונדז קומען אָן פֿון אַלע לאַגערן בריוו פֿון די לעבנסגעבליבענע, מיר פֿאַררעגיסטרירן זיי. און אויב עמעץ פֿון דעם קינדס פֿאַמיליע וועט זיך אָפּגעפֿינען, וועט ער אויפֿגעוויס דערפֿילן דעם צוזאָג. מיר דאָ האָבן נישט קיין רעכט אויף קיין שום יידישער קאָמעניצע. אַלץ האַלט אין איר רשות די רעגירונג. איר זעט דאָך ווי מיר אַליין מאַטערן זיך. קיין געלט האָבן מיר אויך נישט. אָבער מיר וועלן אייך געבן אַ ביסל צוקער. און אַז איר וועט קומען צו אונדז אין אַ חודש אַרום, וועלן מיר אייך ווידער עפּעס געבן.

די פֿויערטע האָט אויפֿגעהערט ליאַרעמען און גענומען עפּעס חשבונען אויף די פֿינגער. אינצווישן האָט דאָס מיידעלע שוין געוואָרפֿן אויף מיר בליקן פֿון הינטער איר ספּודניצע...

— סיוּוי וועט שוין דאָס קינד נישט אימשטאַנד זיין צו פּאַשען אייך די קי — האָב איך זיך אַריינגעמישט אינעם מסחר — מ׳וועט עס מוזן שיקן אין אַ שפּיטאָל.

מעגלעך, אַז דער דאָזיקער לעצטער אַרגומענט (צום באַדויערן אַלץ אין בייזיין פֿונעם קינד) האָט געווירקט אויף איר צום שטאַרקסטן, ווייל זי איז ווייכער געוואָרן און האָט אָנגעהויבן נוטה זיין אָנצונעמען פּרוי ערנאַס באַדינגונגען.

נאָך לאַנגע דינגענישן האָט די פּויערטע מסכּים געווען אָפּצוגעבן דאָס קינד פּאַר צוואָנציק קילאָ צוקער און דרייסיק טויזנט זלאָטעס, וואָס דער קאָמיטעט איז זיך מתחייב איר אויסצוצאָלן אין משך פֿון דריי חדשים. און ווי אַן „אַקאָנטאָ״ האָט זי באַדאַרפֿט באַקומען אויפֿן אָרט פֿינף קילאָ צוקער. פּרוי ערנאַ האָט איר אָנגעשריבן אַ צעטל אין מאַגאַזין, און די פּויערטע האָט זיך שוין געלאָזט גיין דערמיט צו דער טיר, נישט אומ־קוקנדיק זיך אויפֿן קינד. ביי דער טיר האָט זי זיך פּלוצים עפּעס דערמאָנט... האָט זיך אומגעקערט, איז צוגעגאַנגען צום קינד און דעם געהייסן אַראָפּציִען פֿון זיך דאָס קליידעלע. דאָס מיידעלע האָט אָנגעהויבן וויינען און שרייען: — ניין! ניין! — אָבער די פּויערטע האָט, נישט לייגנדיק דערויף קיין אַכט, אַראָפּגעריסן דאָס קליידעלע אַריבער איר קעפּל. מיר האָבן זיך אַלע צוגעקוקט צו דער דאָזיקער סצענע מיט אימה...

ערשט איז דאָס מיידעלע געשטאַנען אַ נאַקעטע אין דעם סאַמע מיטן פֿון דער קאַנצעלאַריע. זי האָט זיך איינגעשרומפּן און פֿאַרדעקט מיט די הענטלעך... געציטערט פֿון קעלט און שעמעוודיקייט... כ׳בין שנעל צוגעלאָפֿן צו איר און האָב זי גענומען אויף די הענט. זי אַרומגעוויקלט מיט מיין מאַנטל און צוגעדריקט צו זיך.

פּרוי ערנאַ האָט געהאַלטן אין האַנט אַ צעקנייטשט שטיקל פּאַפּיר און געלייענט אויף אַ קול: „מירע מאַוזנער — געבוירן אין לעמבערג״ דעם צוואָנציקסטן אויגוסט אין יאָר טויזנט ניין הונדערט פֿערציק. די נעמען פֿון די עלטערן זענען נישט געווען אָנגעגעבן.

...„דעם צוואָנציקסטן אויגוסט״? איז דאָס נישט די דאַטע ווען מיין אייגן טעכטערל איז געבוירן געוואָרן? איך האָב זי דאָך געבוירן אין אַ סאַנאַטאָריע אין לעמבערג און זי אַ נאָמען געגעבן מרים... גרויסער גאָט! צי איז דאָס נישט געווען אַ באַשערטקייט פֿון גורל? סיי די ליבע

וואָס כ׳האָב דערשפּירט צו דעם־אָ קינד... סײַ דאָס יאָר, סײַ דאָס געשלעכט, סײַ דאָס אָרט, סײַ דער נאָמען... אַלץ שטימט, שטימט... בלויז דאָס אײנע שטימט נישט, וואָס מײַן קינד לעבט נישט...

פּלוצים האָב איך אָנגעהויבן ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער. דאָס גאַנצע צימער מיט די באַאַמטע, מיט דער פרוי ערנאַ, מיטן פּרעזעס און פּנחסן האָט געגומען שווינדלען פאַר מײַנע אויגן. כ׳בין געבליבן אַלײן, אַלײן, מיטן אײנעם קינד בלויז אויף די הענט, וואָס כ׳האָב עס געוויגט, געוויגט...

מיט אַ שטאַרקער אָנשטרענגונג פון ווילן האָב איך זיך באַהערשט און בין מיטן קינד אויף די הענט אַרויסגעגאַנגען פון דער קאַנצעלאַריע. כ׳האָב עס געטראָגן אין דער הײך צו די קינדער.

דאָס מײדעלע איז צוטרוילעך געלעגן אין מײַנע אָרעמס און האָט שוין מער נישט געוויינט. פּלוצים האָט זי מיט אירע מאָגערע הענטעלעך געטאָן אַ נעם אַרום מײַן האַלדז און זיך צוגעטוליעט צו מיר.

— מאַמע! — האָט זי שטיל אַרויסגעשעפּטשעט — מאַמע!

כ׳בין שטײנגעבליבן מיט איר אויף אַ האַלבן שטאָק און האָב, אַ שוואַך־געוואָרענע פון געריריטקײט, זיך צוגעזעצט אויפן פּאַראַפּעט פון נידעריקן פענצטער.

— טאָכטערשי, — האָב איך גערעדט צו איר דורך טרערן — מײַן טײַערסטע, געליבטע טאָכטערקע, מײַן אײנאונאײנציקע מירעלע!

און מיטאַמאָל איז אין מיר אויפגעגאַנגען אַ שאַרפער, ברענענדי־קער באַגער... זיך גלײַך אויסדרײען מיט איר פון אָט־די שוואַרצע, אַווערנדיקע שטיגן... זיך אויסדרײען מיט איר און אַוועקגײן פון דאַנען. זי אַוועקנעמען צו זיך, אין דעם אײגענעם הויז אַרײַנגײן מיט איר אין ווײַסן וואַנע־צימער, זי אויסבאָדן. און דערנאָך איר אָנטאָן אַ שניי־ווײַס העמדעלע פאַרוקן די פירהענגלעך, און זי אַרײַנלײגן אין מײַן אײגענעם בעט אויפן שנייווײַסן בעטצײַג. זיך זעצן לעבן איר, קושן זי און אײַנטוליען אין די אָרעמס, און דערנאָך שלאָפן מיט איר, שלאָפן ווי מיט אַן אײגן קינד.

און אויף מאָרגן עפענען די אָנטציקטע אויגן און קוקן אויף איר דורך די פאַרמרוזשעטע ברעמען... און זען ווי זי וואַכט אויף אַ פאַרחידושטע, ווי פון אַ פאַרכישופטן שלאָף. ווי זי באַטראַכט אַלצדינג, ווי זי בלאָנדזשעט אַרום מיטן בליק, און אָט־אָ זעט זי מיך אין די העלע שטראַלן פונעם פרימאָרגן... און לויפט צו אַ גליקלעכע צו מיר און שרײַט נאָכאַמאָל, און הונדערט מאָל: — מאַמע! מאַמע!

און קאָנען זי אַזוי זען יעדן טאָג אין דער שיין פון זוניקן פרימאָרגן. קאָנען זען ווי איר קערפּערל ווערט ראָזער, ווי עס פּילט זיך אָן, ווי עס בליט אויף מיט לעבן... ווי אירע קאָרנבלימלעך־אויגן ווערן שענער און בלישטשען מיט פרייד. ווי די זגראַבנע פּיסלעך מאַכן קאָזשאָלקעס, ווי זיי לויפן אָן זאָרג איבערן מאַרק, און דאָס אַלץ, — אונטער דער באַגלייטונג פון איין אומענדלעכע סימפּאָניע, פון איין וואָרט בלויז — מאַמע!...

מירעלע האָט ווי אָפּגעפּילט וואָס ס׳קומט פאַר אין מיין נשמה, ווייל זי האָט זיך אַ באַוועג געטאָן אין מיינע אָרעמס און נאָך אַ מאָל אַ שעפּטשע געטאָן:

— מאַמע, וועסט בלייבן מיט מיר? וועסט נישט אַוועקגיין?

— ניין, כ׳וועל נישט אַוועקגיין, מירעלע. מיין אָפּגעפּונענע טאָכטערקע. כ׳וועל דיך קיינמאָל נישט פאַרלאָזן. כ׳וועל בלייבן מיט דיר שוין אויף אייביק. וועסט זיין מיין איינאונאיינציקע, טאָכטערקע...

*

און דאָך בין איך פון איר אַוועקגעגאַנגען. און כ׳האָב נישט מקיים געווען דאָס איר צוגעזאָגטע וואָרט. נישט איך בין געבליבן איר איינציקע מאַמע, נישט זי מיין איינציקע טאָכטער...

כ׳האָב זי נישט אַריינגעפירט אין מיין שיינעם שלאָפצימער און נישט געלייגט זי דאָרט שלאָפן. כ׳האָב באַהערשט די גערירטקייט, אָפּגעווישט די טרערן — און געגאַנגען ווייטער אין דער הייך און זי געלייגט צוזאַמען מיט די אַנדערע קינדער אויף אַ שמוציקן שטרויזאַק, אויף דרערד. זי צוגעדעקט פּונקט מיט אַזאַ דעק, ווי אַלע אַנדערע קינדער, אין דעם שוואַרצן, פאַרשטויבטן קאָמיטעט־הויז.

און כ׳האָב אפילו נישט געקאָנט זי צערטלען, ווי כ׳האָב עס באַגערט, ווייל אַנדערע קינדער זענען געלעגן לעבן איר און געקוקט אויף מיר מיט הונגעריקע, קנאהדיקע אויגן, וואָס באַגערן אויך דאָס צערטלען פון אַ מאַמען... ווי שטאַרק איך האָב באַגערט מירעלען פאַר זיך! ווי איך וואָלט עס איר דעמלט געקאָנט געבן אַלץ, וואָס אַ קינד דאַרף האָבן פאַר זיין אַנטוויקלונג: און פונדעסטוועגן... איך האָב דאָס נישט געטאָרט טאָן. כ׳וואָלט געמוזט צוליב דער פּרעכטיקער סובטעלער מירעלען מקריב זיין אָט די אַלע הונגעריקע און פאַרוואָרלאָזטע קינדער. אָט די ווילדע יינגלעך, די בייזע, פאַרריסענע מיידלעך, אָט די אומבאַוועגלעכע, פאַרקריפּלטע

קינדער. כ׳וואָלט מוזן פֿאַרלאָזן זײ, אויפֿהערן זאָרגן פֿאַר זײ אַלע, און זאָרגן בלויז פֿאַר מירעלען אַליין, וועגן איר און מײַן גליק...

און זײ האָבן געהאַט די זעלבע רעכט אויף ליבע ווי מירעלע! און זײ אַלע איז נייטיק געווען ליבע, כדי זײ זאָלן קאָנען זיך אומקערן צום לעבן... אָט דערפֿאַר האָב איך מירעלען נישט אַרײַנגענומען צו זיך אין שטוב. נישט יענעם טאָג און נישט אין קיין שום אַנדערן טאָג.

כ׳האָב נאָר אַרײַנגענומען אַ יאָמער אין האַרץ, וועלכער איז דערין פֿאַרבליבן ביזן הײַנטיקן טאָג...

## אַ יידיש נפש

שוין אין יענער צייט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז מײַן גרויסע פּערזענלעכע טראַגעדיע וואָס איך האָב נישט גענוג פֿרײַע צייט צו זײַן צוזאַמען מיט די קינדער. כ׳האָב געמוזט גאַנצע טעג אַרומלויפֿן איבער דער שטאָט, בײַגן דעם קאָפּ פֿאַר די שווייצערס פֿון די עלעגאַנטע ביוראָען, פֿלירטעווען מיט באַאַמטע, זוכן פּראָטעקציע צו נאַטשאַלניקעס — כדי אַרויסצובאַקומען פֿאַר די קינדער מעל, צוקער, פֿעטס, מעדיקאַ־מענטן, זייף אדגל. אָן דעם איז נישט מעגלעך צו פֿירן קיין שום קינדער־הויז, און באַזונדערס אין אַ פּראָווינץ־שטאָט, ווו ס׳איז נישט מעגלעך צו באַקומען געוויסע צוטיילונגען פֿאַראַמאָל.

צו מײַן גרויסן אומגליק האָב איך געהאַט גרויסע הצלחה אין דער מלאָכה פֿון בעטלען. איך ווייס נישט פֿונוואַנען ס׳האָבן זיך פּלוצים גענומען צו מיר אָט די דאָזיקע פֿעיִקייטן, ווײַל נישט פֿריער און נישט שפּעטער האָבן זײ זיך אין מיר נישט אַנטפּלעקט. כ׳פֿלעג אַרויסבאַקומען פֿאַר די קינדער לעבנסמיטלען פֿון אַזעלכע קוועלן, „וועגן וועלכע פֿילאָזאָפֿן האָבן נישט געחלומט“. אויך דער נאַטשאַלניק פֿונעם אַפּראָוויזאַציע־אַמט פֿלעגט צוליב עפּעס־וואָס צוטיילן גאַנץ ספּעציעלע קוואַנטומס פּראָדוקטן פֿאַר מיר. דער זכרון פֿלעגט אים עפּעס דינען בעסער ווען איך פֿלעג קומען, און ער פֿלעגט זיך תמיד דערמאָנען, אַז ער האָט נאָך עפּעס אין מאַגאַזין... דער קאָמיטעט האָט זיך, פֿאַרשטענדלעך, דערקענט דערויף און פֿלעגט נישט וועלן שיקן נאָך די צעטיילונגען נאָר מיך.

דערפֿון פֿלעגן לײַדן די קינדער און אויך איך. אָבער כ׳פֿלעג זיך

טרייסטן, אַז נאָך דעם ווי איך וועל באַקומען אַלץ וואָס נייטיק איז (גלייך ס׳וואָלט זיי אַ סוף דערצו), וועל איך שוין זיין בלויז מיט די קינדער. וועל זיך זיי אָפּגעבן אינגאַנצן. מירן זיין צוזאַמען, אין איין הויז — אין אַ קינדערהויז. אַ ליכטיקס און זויבערס, אין וועלכן יעדעס קינד וועט האָבן זיין באַזונדער בעטל, מיט ווייס בעטצייג... און אַן אייגענעם האַנטעך און זייף... אַ צאָנבערשטל... אַ פּיזשאַמע... און דעמלט וועלן די פאָדערונגען פון ריינקייט קומען נישט פון מויל פון די דערציערינס, אויך נישט צוליב באַשטראָפונג און פּריזן, נאָר מחמת דער זאַכלעכער לאַגע: פון דעם ווייסן און זויבערן וואַנע־צימער, פון דער ריינקייט פון די שויבן, פון דעם בלאַנקן טישטעך אויפן טיש... יאָ, דאָס איז דעמלט געווען מיין העכסטער טרוים. אַ קאָפּ־שווינדלענדיקער טרוים, צו וועלכן כ׳האָב געשטרעבט מיט גאָר מײַנע כוחות. כ׳האָב געוואָלט שאַפן אַ הויז, וואָס זאָל זיין פאַר די קינדער נישט בלויז אַ שוצאָרט, נישט נאָר אַ לעבנסראַם, נאָר זאָל זיי געבן אַ נייע אַטמאָספער אַ נייעם לעבנס־סטיל... דאָס וואַרעמקייט פון אַ פאַמיליע־הויז, דאָס געפיל פון אָנגעהעריקייט, ברידערשאַפט און ליבשאַפט. אַזאַ־אָ חלום האָט דעמלט אויסגעפילט מיין נשמה, און מיט אים פלעג איך זיך טרייסטן אין די לאַנגע שעהען וואַרטעניש אין די וואַרט־צימערן פון די נאַטשאַלניקעס.

דערווייל איז די לאַגע פון קאָמיטעט געוואָרן אַלץ ערגער. די קאַסע פון הער מעצענאַס שטיינמאַן איז געווען לחלוטין לער. דער קאָמיטעט האָט נישט פאַרמאָגט קיין געלט אַפילו אויף אויסצוקויפן די צוטיילונגען, כדי אויסצוטיילן די לאַגערניקעס די איינציקע זופּ אַ טאָג.

און גראָד דעמלט האָט דער פּרעזעס דערהאַלטן אַ בריוו פון זאַקאָפּאַנע, ווי אַ תשובה אויף זיין אָנפראַגע, צי ס׳איז פאַראַן צו דינגען דאָרט אַ ווילע פאַר אַ קינדער־הויז. זיין פריינט, ד״ר שארי, דער איינציקער געראַטע־וועטער ייד אין זאַקאָפּאַנע, האָט געשריבן, אַז ער האָט געפונען אַ פּרעכ־טיקע, רחבותדיקע און זוניקע ווילע, אין וועלכער ס׳איז דאָ פּלאַץ פאַר הונדערט פופציק קינדער. די הויז־אייגנטימערין איז מסכים (צוליב אַלטער פריינטשאַפט) זי צו פאַרדינגען דעם קאָמיטעט. דאָס איז אַן אויסערגע־וויינלעכע געלעגנהייט, ווייל אויסער איר וואָלט קיינער פון די ווילעס־אייגנטימער נישט מסכים געווען (כאָטש די ווילעס שטייען ליידיק) צו פאַרדינגען אַ ווילע צו אַ יידן... אָבער זי פאָדערט אַן אָפּמאַך אויף דריי יאָר און באַצאָלן דירה־געלט לכל־הפּחות פאַר אַ יאָר...

דער פּרעזעס האָט געטראָגן דעם בריוו אין קעשענע, און ס׳איז נישט געווען קיין איין מענטש אין קאָמיטעט, פאַר וועלכן ער זאָל נישט האָבן אים איבערגעלייענט. דעם גאַנצן טאָג האָט ער נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן אים. ער האָט זיך מיט אים אויסגעהיט בלויז פאַרן מעצענאַס הער שטיינמאַן, דעם געוועזענעם בירגערמייסטער פון קאָלאָמיי און היינטיקן קאַסירער פון קאָמיטעט... ווייל דער הער קאַסירער, ווי נאָר מ׳פלעגט אים דערמאָנען דאָס קינדערהויז, פלעגט ער האַלטן ביי באַקומען אַן אַפּאָפּלעקציע... „אומפאַראַנטוואָרטלעכע לייט״ — פלעגט ער זיך צעשרייען — „משוגעים״ (אָנוויינזנדיק אויפן פּרעזעס), „ראָצערס״ (טייטלענדיק אויף מיר). „זיי מאַכן פּלענער, און איך מוז באַצאָלן!״ און די דאָזיקע לעצטע ווערטער פלעגט ער פאַרענדיקן ביי דער טיר און, אַרויסגייענדיק אַ באַליידיקטער, זי מיט אַ הילך פאַרקלאַפּן.

און אין יענער צייט האָט מיט מיר פּאַסירט אַזאַ פאַל: כ׳האָב זיך אומגעקערט פון איינעם אַן אַמט. דאַסמאָל איז עס נישט געווען דער אַפּראָוויזאַציע־אַמט, נאָר דאָס קולטור־מיניסטעריום, וווּ מיר האָבן שוין חדשים אומזיסט זיך באַמיט צו באַקומען פון דער מאַכט דעם בנין פון דער העברעיִשער גימנאַזיע אויף בזשאָזאָווע־גאַס 6 (די זעלבע גימנאַזיע, וווּהין איך פלעג מיידלווייז פאַרן יעדן טאָג). דער דאָזיקער בנין איז אויפגעשטעלט געוואָרן דורך יידן, פון באַשטייערונגען געזאַמלטע אין משך פון אַ סך יאָרן. דאָס איז געווען אַ רחבותדיק און באַקוועם הויז און האָט געקאָנט פולשטענדיק לייזן די פראַגע פון דערציִען די יידישע יוגנט פון נאָך דער מלחמה. אָבער די מאַכט האָט אונז בשום־אופן נישט געוואָלט אומקערן דעם בנין. אַלע אונדזערע באַמיונגען האָבן זיך אָנגעשלאָגן אין אַ מויערוואַנט. זיי האָבן נישט געוואָלט אָנערקענען די ספּעציפישקייט פון אונדזערע באַדערפענישן נאָך דער מלחמה. האָבן בכלל נישט אָנערקענט אונדזער גייסטיקע געברויכן.

פול מיט ביטערע געדאַנקען האָב איך זיך אומגעקערט פון דאָזיקן באַזוך צום קאָמיטעט. כ׳האָב זיך געטראַכט: מיט וואָס־זשע איז אַנדערש די שטעלונג פון דער מאַכט פון דער שטעלונג פון דער פּוילישער געזעלשאַפט? ביידע אָנערקענען אונדז נישט. נישט מער וואָס די פּוילישע געזעלשאַפט אָנערקענט נישט אונדזער פיזיש זיין, אויב מ׳קאָן זיך אַזוי אויסדרוקן, (אַ סך פּאָליאַקן האָבן אָפן זיך אויסגעדריקט: „אַ שאָד וואָס די אויוונס אין אוישוויץ האָבן נישט געאַרבעט נאָך אַ יאָר און נישט אויסגעענדיקט

דאָס רעשטל יידן״), און די מאַכט וויל נישט אָנערקענען אונדזער גייסטיק זיין. און די צוויי נעגאַציעס, ווען זיי פאַראייניקן זיך, קאָנען זיי געבן איין רעזולטאַט, נעמלעך: די פיזישע און גייסטיקע ליקווידאַציע פון די יידן אין פוילן.

ווער עס גייט מיט אַזעלכע געדאַנקען איבער דעם קראָקעווער מאַרק, איז נישט מעגלעך ער זאָל זיך נישט אָנשלאָגן אין די שפּיציקע שטיינער פון ברוק. בין איך טאָקע שיער נישט אַנידערגעפאַלן. אָבער עמעץ האָט מיך אונטערגעכאַפּט פון הינטן און דערביי אַ שעפּטשע געטאָן:

— איך קויף... פאַרקויף... דאָלאַרן... בריליאַנטן... גאָלד...

כ׳האָב אויסגעדרייט צו אים דאָס פּנים און דערזען אַ באַקאַנטן ייד.

— אַ דאַנק אייך, — האָב איך אַ זאָג געטאָן און זיך באַמיט צו דערמאָנען ווער דאָס איז — איך קאָן אייך פון ערגעץ.

— איך בין פון אַ דאָרף לעבן וועליטשקע, פון גדאָוו.

— אַך, יאָ. דאָס דאָזיקע דאָרף איז מיר באַקאַנט. מיין טאַטע האָט דאָרט געהאַט קרובים. די פאַמיליע אייזנער.

— ס׳הייסט, איך ווייס נישט? מיר זענען דאָך כמעט קרובים. מיין ווייב איז געווען אייזנערס אַ שוועגערין. ער איז געווען אַן אייער־סוחר.

— ווי האָט ער פאַרענדיקט?

— ווי ס׳האָבן פאַרענדיקט אַלע. איר ווייסט נישט?

— יאָ, יאָ. אָבער וואָס טוט איר דאָ? איר האָט גאָרנישט קיין מורא צו שטיין דאָ עפנטלעך אין מאַרק און האַנדלען מיט אויסלענדישער וואַלוטע? דאָס הייסט „ספּעקולאַציע״, מ׳קריגט דאָך דערפאַר יאָרן...

— וואָס דען אַנדערש קאָן איך טאָן? — האָט ער געצויגן מיט די אַקסל — פון וואָס וועל איך לעבן? אפשר דאַרף איך צוריקפאָרן קיין גדאָוו, מ׳זאָל מיך דאָרט דערהרגענען? היינט קאָן קיין שום ייד זיך נישט אומקערן אין דאָרף, ווייל ער איז נישט זיכער, אַז מ׳וועט אים ביינאַכט נישט דערמאָרדן... מיר מוזן זיך אויפהאַלטן אין די גרויסע שטעט, צוליב זיכערקייט... חוצדעם, וואָס וועל איך דאָרט טאָן איינער אַליין אין דאָרף?

— און אייער ווייב? אייערע קינדער?

— מיין ווייב? מיינע קינדער? זענען אַוועק מיטן רויך אין הימל אַריין. לאָמיר בעסער נישט רעדן וועגן דעם. דאָס עלטסטע מיידל וואָלט שוין אַלט געווען צוועלף יאָר, ווען זי וואָלט געלעבט... זי איז אפילו געווען אַביסל ענלעך צו אייך, ווען איר זענט געווען אַ קליינע... כ׳געדענק

זײַער גוט, װי איר זענט געקומען מיט אײַער טאַטן קײן גדאַװו... און איר װײסט, אומעטום װוּ איך זע אַזאַ מײדעלע, אין דעם עלטער, קוק איך איר נאָך... ס׳דאַכט זיך מיר תּמיד, אַז ס׳איז זי... מײַן רחלע... און כאָטש איך װײס זײַער גוט דעם סוף אירן, קוק איך שטענדיק נאָך יעדעס מײדעלע פֿון איר עלטער, ס׳דאַכט זיך מיר — אָט װעל איך זי באַגעגענען, מײַן רחלען... און דערפֿאַר טאַקע גײ איך איצטער חתונה האָבן. דעם קומענדיקן זונטיק שטעלן מיר אַ חופּה, אין אַ יידישער קהילה. כ׳האָב חתונה מיט אײנער אַ באַקאַנטער, װעלכע האָט זיך געראַטעװעט פֿון לאַגער — זי מיט אַ צעניעריק טעכטערל. װעל איך ערשט האָבן אַ הײם און אַ טעכטערל. און דערנאָך, אַז דער אײבערשטער װעט באַװיליקן, װעלן מיר האָבן אַ בשותּפֿותדיק קינד... זעט איר, איך האָב נישט געקוקט אויף גאָרנישט. נישט אויף געלט, און נישט אויף ליבע, און נישט אויף קײן לײטישער משפּחה... װי לײטן זאָגן: יחוס אויפֿן בית־הקברות... ס׳איז מיר אַלצאײנס, אַבי כ׳זאָל נישט זײַן עלנט... כ׳פֿאַרדין גוט, קאָן אויס־האַלטן אַ װײַב מיט קינדער. און אַזוי, װאָס האָב איך פֿון מײַן געלט? פֿאַר װעמעס װעגן האָב איך אײַנצושטעלן דאָס לעבן? און צו װעמען האָב איך אַהײמצוקומען זיך דורכשמועסן? און װעמען ברענגען די פּאַרדינסטן? איז איצט װעל איך, אַ דאַנק דעם אײבערשטן, האָבן אַ הײם מיט קינדער... איך נעם זײַער אַן אָרעמע פֿרוי, אַן אויסגעצערטע פֿון לאַגער, אָבער איך װעל נישט זײַן עלנט. ס׳װעט זײַן אַן אמתע יידישע חתונה. דעם קומענ־דיקן זונטיק, דרײַ אַזײגער, אין דער קהילה. איך בעט אײַך זײַער קומט אומבאַדינגט.

— אַ דאַנק, — האָב איך געענטפֿערט אַ צעמישטע — אָבער איך קאָן נישט קומען, האָב נישט קײן צײַט, איך אַרבעט.

— זונטיק? און בײַ װאָס אַרבעט איר, צי קאָן מען װיסן? אויך דאָ אויפֿן מאַרק? — האָט ער מיט די אויגן אַ װײַז געטאָן אויפֿן פּלאַץ, װוּ מ׳פֿלעגט האַנדלען מיט אַלטװאַרג געבראַכט פֿון דײַטשלאַנד?

— נײן, — האָב איך געענטפֿערט — דאָס איז אינגאַנצן אַן אַנדערע אַרבעט. כ׳אַרבעט אין קאָמיטעט.

— אַך, אין קאָמיטעט — האָט זיך זײַן פּנים פֿאַרקרימט פֿון פֿאַר־אַכטונג — איך בין דאָרט געװען בלויז אײן מאָל, און אַװעקגעגאַנגען. איך דאַרף פֿון זײ גאָרנישט נישט האָבן...

— ס׳איז דאָרט אַ גרויסער הונגער און אַ שרעקלעכע נויט.

— יאָ, יאָ, — האָט ער געזאָגט — די מוזולמענער. אויב עמעצער פון זיי לייגט זיך אַוועק, איז ער שוין אַ פאַרפאַלענער. איך בין אויך געוועזן אין לאַגער, אָבער איך גיב זיך נישט אונטער...

— אָבער דאָ צו שטיין איז דאָך אַ ריזיקע... מ׳מאַכט דאָך אַבלאַוועס... מ׳פאַרשיקט אויף סיביר...

— ׳ייס איך וואָס, — האָט ער געטאָן אַ מאַך אַוועק מיט דער האַנט — מ׳קויפט זיך אויס. מיר האָבן דערויף אַ פאָנד. אַלץ לאָזט זיך מאַכן. גאַנץ רוסלאַנד איז איין „פאַסעק און ספעקולאַציע״ פון לענינגראַד ביז בערלין...

— און אין אונדזער קאָמיטעט האָבן מיר נישט קיין געלט צו קויפן ברויט פאַר די קינדער. זיי הונגערן ווידער, ווי זיי האָבן פריער געהונגערט... און איך מאַטער זיך און לויף זיך אָן ביז מ׳טיילט עפּעס צו די קינדער...

— וואָסערע קינדער?

— נו, אונדזערע יידישע קינדער... די וואָס זענען געראַטעוועט געוואָרן פון די לאַגערן, פון די מאָנאַסטירן און פון די וועלדער... די רעשטלעך... אָן עלטערן...

— וואָס? ס׳איז נישטאָ קיין ברויט פאַר די דאָזיקע קינדער? די רעגירונג האָט נישט קיין ברויט פונזייערטוועגן? פאַר אַזעלכע קינדער? מילא אַז זיי רייסן אונדז אַרויס די ציין און שלאָגן אונדז אין די תפיסות ביז פאַלן אין חלשות, ביז מיר געבן זיי אַוועק דאָס גאַנצע געלט, רעד איך שוין נישט דערפון — מיר זענען דאָך „ספעקולאַנטן״, אָבער די דאָזיקע קינדער פאַרוואָס פייניקן זיי? אויך פאַר אַזעלכע קינדער איז נישטאָ קיין ברויט?

ער איז אַ רגע שטיל געוואָרן, ווי זיך עפּעס איבערלייגנדיק, און האָט גענומען ווייטער שטיל רעדן:

— גייט שנעל אַריין אין יענעם טויער. נישט דאָרט, דאָ, דאָ, אין דעם גרויסן, דעם טונקעלן... און דאָרט וואַרט צו אויף מיר. איכל באַלד קומען אַהין... און דערווייל וועל איך צונויפזאַמלען אַ ביסל געלט פאַר די קינדער... נו, גייט, גייט שוין, און וואַרט דאָרט אויף מיר... זאָל זיך נאָר עמעצער דערוועגן נישט צו געבן... זאָל זיך זיי דאַכטן, אַז מ׳דאַרף געבן פאַר דער פאָליציי...

ער האָט מיך איבערגעלאָזן און גענומען שנעל זיך אַרומדרייען צווישן פאַרשידענע מענטשן אויפן מאַרקפּלאַץ. ער איז זיי פאַרבייגעגאַנגען, זיי ווי

דורך־אגב אַ צי געטאָן און עפּעס אײנגערוימט אין אויער. דערנאָך איז ער פֿאַרשווונדן פֿון מײנע אויגן. כ׳בין אַרײנגעגאַנגען אין טויער אַרײן און גענומען וואַרטן. ס׳איז אַריבער אַ האַלבע שעה, און כ׳האָב גענומען טראַכטן, אַז ער האָט מיך פּשוט „אָנגעצויגן”. מיטאַמאָל האָט ער זיך זיך באַוויזן לעבן מיר און אַ שעפּטשע געטאָן:

— אָט האָט איר דאָ פּופציק טויזנט זלאָטעס, און ווערט, זײט אַזוי גוט, נעלם פֿונדאַנען. דאָ איז אַ סכנה צו שטײן מיט געלט...

— אָבער, — האָב איך גענומען שטאַמלען אַ צעטומלטע — כ׳קאָן דאָך נישט נעמען אַזאַ גרויסן סכום גלאַט־אַזוי. איך וויל אײך געבן אַ קבלה.

— כ׳דאַרף נישט קײן שום קבלות. חוצדעם טאָר איך בײ זיך קײן שום קבלה נישט האַלטן. וואָס האָט איר מורא צו נעמען, אויב איך האָב נישט קײן מורא צו געבן? איך קאָן דאָך אײך.

— נישט דערין גײט עס. איך וויל אַז דער קאָמיטעט זאָל כאָטש וויסן, פֿון וועמען ער האָט דאָס געלט באַקומען. איך בעט אײך, קומט מיט מיר אין קאָמיטעט און גיט אַלײן איבער דאָס געלט.

— המם, ס׳וואָלט געזונטער זײן פֿאַר אײך, איר זאָלט נישט וויסן, וואָס פֿאַר אַ מין געלט דאָס איז — האָט זיך דער ספּעקוליאַנט צעשמײכלט — נאָר מילא, גײט איר פֿאַרויס מיטן געלט, און דרײט זיך נישט אויס אַ קוק צו טאָן אויף מיר, און איך וועל שוין קומען אַהין. און אַז ס׳וועט אײך ווידער אויספֿעלן, ביטע זײער, קומט נאָכאַמאָל אויפֿן זעלביקן אָרט. אויב נאָר איך וועל נישט „זיצן”, בין איך שטענדיק אויף דעם אָרט...

איך בין געגאַנגען פֿאַר אים מיט אַ געמיש פֿון אויסטערלישע געפֿילן אין דער נשמה. כ׳בין געווען אינגאַנצן צעמישט פֿון די רייד און דער האַנדלונג פֿון דאָזיקן מענטשן. האַנדל מיט דאָלאַרן און פֿאַרבאָטענע וואַלוטע — און הילף פֿאַר הונגעריקע קינדער; געפֿאַר יעדער רגע אַרעסטירט צו ווערן — און חתונה צוליב פֿאַמיליע, היים און טאָכטער... אויף פֿאַרשידענע אופֿנים ווילן די מענטשן בויען זײער לעבן אויף דאָס נײ.

אַ מאָדנע פּנים האָט הײנט באַקומען דער פּרעזעס, ווען כ׳האָב אים פֿאָרגעשטעלט מײן נײעם באַקאַנטן. כ׳האָב בלויז באַדויערט, וואָס כ׳האָב נישט געקאָנט זען די מינע אויפֿן פּנים פֿון אונדזער קאַסירער, אונדזער בירגערמײסטער, ווען ער האָט אַרײנגעשריבן די דאָזיקע סומע אין די ביכער.

## מיט די קינדער

יענעם טאָג בין איך שוין מער אינערגעץ נישט געגאַנגען. האָב זיך געמאַכט „פּייערהאַנט" און בין געגאַנגען צו די קינדער. אינאָנהייב בין איך אַרײַנגעגאַנגען אין צימער פון דעם קראַנקן שעיה. אַ דאַנק גאָט, ער קערט זיך אַלץ מער אום צום געזונט. די קינדער האָבן לעבן אים דיזשור־רירט ווי ס'דאַרף צו זײַן. די דאָקטאָרין איז געווען פון זיי דורכויס צופרידן. ביי די פּיצלעך איז געווען רויק; אַ טייל איז געשלאָפן, און די אַנדערע האָבן זיך געשפּילט אויף די שעניקעס. כ'האָב זיך אײַנגעקוקט אין מירעלען, וועלכע איז געלעגן מיט אַ צווייט מיידעלע אויפן שעניק אין אַ ווינקל, מיט ברייט צעעפנטע אויגן... דאָס האַרץ האָט אין מיר אַ צאַפּל געטאָן. כ'האָב מורא געהאַט צוצוגיין צו איר... מירעלע האָט מיך נישט באַמערקט. כ'בין צוגעגאַנגען צו פרוי האַנקע און איר געפרעגט, וואָס איז מיטן נייעם מיידעלע.

— מיט מירעלען? זי איז זייער אַ שטילינקע... וויינט נישט, שרייט נישט... נאָר פון צייט־צו־צייט טוט זי אַ קוק צו דער טיר, ווי זי וואָלט אויסקוקן עמעצן...

כ'האָב באַהערשט די קלעמעניש אין האַרצן און געפרעגט מיט אַ צוגעשטיקטער שטים:

— און ווי פאַרהאַלט זי זיך דאָרט מיט דער צווייטער קליינער אויפן בשותפותדיקן שעניק?

— וואָס אָנבאַלאַנגט דעם, איז נישט שייך צו רעדן... זי האָט זיך גלייך גענומען מטפל זײַן מיט זאָשקען, ווי זי וואָלט זײַן די מאַמע, כאָטש זאָשקע איז עלטער פון איר... כ'האָב געהערט ווי זי האָט איר געזאָגט: „כ'וועל דיר געבן אַ שטיקל פון מיין דעק, ס'זאָל דיר נישט זײַן קאַלט..." זי האָט איר גלייך ליב באַקומען. זי האָט, בכלל, ליב אַלע קינדער. זי איז אויך צו מיר צוגעלאָזן. נאָר זי איז זייער אומעטיק. ווי אַלע קינדער דאָ, — האָט זי צוגעגעבן מיט אַן אומעטיקן מאַך מיט דער האַנט.

ערשט איצט האָב איך זיך דערוועגט צו איר צוצוגיין. „דערקענסט מיך, מירעלע? — האָב איך געשמייכלט צו איר און זיך געזעצט אויפן ברעג פון איר שעניק. אירע ברעמען האָבן אַ פינטל געטאָן. ס'האָבן אויף מיר אַ קוק געטאָן צוויי וווּנדערלעכע בלויע אויגן. „מאַמע!" האָט זי אַ מורמל געטאָן, זיך צוטוליענדיק צו מיר. כ'האָב בגנבה אַ קוק געטאָן אויף

דער ראַכיטישער זאָשקען לעבן איר. זעענדיק מירעלעס באַוועגונג, האָט זי זיך אויך צוגערוקט צו מיר. איך האָב זיי בײדע געצערטלט אין דער זעלביקער מאָס.

— איר האָט זיך ליב? — האָב איך זיי געפרעגט.

יאָ, מאַמע. זאָשקע האָט מיר הײַנט געגעבן קלעצלעך, און איך האָב איר געגעבן בילדלעך. האָסט געזען מײַנע בילדלעך? פרוי האַנקע האָט זיי מיר געגעבן. איך האָב אַן אמת מלאכל, מיט פליגעלעך און גאָלדענע האָר.

— וווּנדערבאַר, וווּנדערבאַר, מירעלע. אויך דײַנס איז זייער שײן, זאָשקע. אָבער איצטער שלאָפט, קינדער. איר זעט, די אַנדערע קינדער שלאָפן שוין. אַז איר וועט זיך אויסשלאָפן, וועל איך קומען צו אײַך נאָכאַמאָל, און מיר וועלן זיך שפּילן מיט די בילדלעך. איך וועל הײַנט בלײַבן מיט אײַך...

— די מאַמע וועט בלײַבן מיט אונדז! די מאַמע וועט בלײַבן מיט אונדז! — האָט מירעלע איבערגעחזרט מיט פרייד.

— די מאַמע וועט בלײַבן מיט אונדז! — האָבן מירעלעס ווערטער אונטערגעכאַפּט זאָשקע און אַנדערע קינדער.

דאָס ערשטע מאָל האָבן מיך גערופן „מאַמע" אויך די אַנדערע קינדער...

*

כ'בין אַרײַנגעגאַנגען אין צימער פון די עלטערע מײדלעך. זיי זענען געווען אַ גאַנצע גרופּע, כמעט אַלע געקומענע פון דער אַרישער זײַט און פון די מאָנאַסטירן. די אָנפירערקע איז געווען אַ הויך, דאַר מײדל, מיט דינע ליפּן און ענערגישע אויגן. איר נאָמען איז געווען עמילקע. זיי האָבן מיך אַרײַנגעלאָזט אין צימער און גענומען איבערדרייען דעם שליסל צו פאַרשליסן די טיר.

— פאַרוואָס פאַרשליסט איר זיך, מײדלעך?

— ווייל די ייִנגלעך רײַסן זיך אַרײַן צו אונדז.

— צוליב וואָס? — האָב איך אַ פרעג געטאָן. זיי האָבן נישט געענטפערט.

— מיטוואָס שטערן זיי אײַך, די ייִנגלעך?

— מיר ווילן זיי דאָ נישט האָבן, — האָט זיך אָנגערופן אַ קלײן און

מיאוס מיידל, מיט גלאַטע, שוואַרצע האָר און אויגן פון אַן אומבאַשטימטן קאָליר — דאָס איז אונדזער צימער, — האָט זי אַ טופּע געטאָן מיטן פוס אויף דער פּאָדלאָגע.

— אַנדערע קינדער לאָזט איר אויך נישט אַרייִנגיין אין צימער?

— נייִן, דאָס איז בלויז אונדזער צימער, — האָבן אונטערגעכאַפּט אַנדערע מיידלעך.

— און איר גייט אויך נישט אַרייִן אין די צימערן פון אַנדערע קינדער?

— מיר גייען נאָר אין עס־צימער עסן, — האָט זיך עמילקע שטאָלץ אויסגעגלייכט.

— און אויסער דעם זיצט איר דעם גאַנצן טאָג אָפּגעשלאָסענע אין צימער? וואָס טוט איר אַליין אַזאַ לאַנגן טאָג?

זיי האָבן נישט געענטפערט.

— צי וואָלט איר נישט האָבן קיין חשק אַרויסצוגיין אַ ביסל שפּאַצירן אויף די פּלאַנטן? ס'איז זייער שיין אינדרויסן.

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט און געזאָגט:

— נייִן, ס'גלוסט זיך אונדז נישט.

— פאַרוואָס?

פאַרקוועטשטע ליפּן. בייזע אויגן.

—און ווי גייט עס ביי אייך מיט די לימודים? איר גייט אויף די לעקציעס?

— וואָס פאַר אַ ווערט האָבן עס אָט די קורסן, אין מאָנאַסטיר האָבן מיר געלערנט הונדערט מאָל אַזויפיל.

— ס'קאָן זיין, — האָב איך געענטפערט פאַרזיכטיק — מירן זיך באַמיען צו אָרגאַניזירן פאַר אייך קורסן אויף אַ העכערן ניוואָ.

— ביטע, — רוקט זיך אַרויס אַ שוואַרץ מיידל, מיט אַ כמאַרע האָר אויפן שטערן — מיר דאַרפן דאָ נישט האָבן קיין שום לימודים, און מיר ווילן נישט, די ייִנגלעך זאָלן אונדז אַראָפּרייסן די צלימלעך פון האַלדז.

— ווער האָט אייך אַראָפּגעריסן די צלימלעך? רופט זיי אָן ביי די נעמען.

— מיר קאָנען זיי נישט... זיי אַלע... אַלע עלטערע ייִנגלעך...

און דאָ ציט זי אַרויס פון קעשענע אַ צעריסן קייטעלע מיט אַ שוואַרצן צלם, און הייבט אָן וויינען.

— גוט, — זאָג איך — כ׳װעל זיך באַמיען די זאַך אײנצואָרדענען מיט די ייִנגלעך. װי הײסטו?

— סטאַשאַ זיעלינסקאַ.

— צי קאָנסטו, סטאַשאַ אױסבאַרגן מיר דעם דאָזיקן צלם? כ׳װאָלט װעלן װײַזן אים די קינדער װי דעם אַזױ גערופענעם „קאָרפּוס־דעליקטי״, דאָס הײסט: אַ באַװײַז.

סטאַשאַ האָט זיך אַ רוק אַװעק געטאָן פֿון מיר מיט שרעק. װי זי װאָלט באַרירט עפּעס אַן אומרײנע זאַך. אײליק באַהאַלט זי דעם צלם.

— נײן, נײן! — שרײַט זי — דאָס איז מײַן צלם, מײַנער, מײַנער, מײַנער...

איך גײ צו די עלטערע ייִנגלעך. סטעפֿאַן און בראָנעק זענען נישטאָ. זענען בײַם קראַנקן. די איבעריקע ייִנגלעך דרײען זיך אומעטום אַרום און לאַנגװײליקן זיך.

— װאָס הערט זיך, ייִנגלעך?

— אָט, גאָרנישט, פּאַרעװע, — ענטפֿערט אַ דרײסט ייִנגל פֿון לאָגער, אַליעק.

— ס׳איז אײַך לאַנגװײליק?

— מיר זענען אַרײַנגעפֿאַלן... סטעפֿאַן האָט אונדז אײנגעאָרדנט... װײַל ער האָט אײַך צוגעזאָגט, אַז מיר װעלן נישט גײן אין שטאָט, ביז שעיה װעט געזונט װערן.

— און װאָס האָט איר צו די מײדלעך, װאָס איר רײַסט זײ אַראָפּ די צלימלעך פֿון האַלדז?

פֿון װינקל צימער שפּרינגט אַרױס שאול אַ בײזער און אױפֿגעקאָכטער און קומט צו צו מיר:

— איך בעט אײַך, פּרױ ליטערין, אַזעלכע מײדלעך דאַרפֿן בכלל נישט זײַן בײַ אונדז. ...מ׳דאַרף זײ קײן עסן נישט געבן! זײ שפּײען אױס װען זײ הערן דעם נאָמען ייִד. ...זאָלן זײ זיך פּאַרנעמען פֿונדאַנען, זאָלן זײ זיך אומקערן אין זײערע מאָנאַסטירן צו זײערע גלחים! איך, אַז איך װעל פּאַקן אײנע פֿון זײ, און זען נאָכאַמאָל װי זײ שפּײען — װעל איך זײ הרגענען אױפֿן אָרט...

ס׳װערט מיר ענג, דערשטיקט צו װערן... כ׳גײ צו צום פֿענצטער און טו עס ברײט אַ צעעפֿן.

— שאול, — װענד איך זיך צו אים — דו האָסט עס אַראָפּגעריסן בײַ סטאַשען דעם צלם פֿון האַלדז?

— איך! — ענטפערט שאול, שטייענדיק אין מיטן צימער, ווי גרייט זיך אַ וואָרף צו טאָן.

— האָט זי דיר עפּעס געטאָן, דיך פאַרטשעפּעט, אָדער אויף דיר אַ שפּיי געטאָן, ווי דו זאָגסט?

— אַלצייינס.

— ס׳איז נישט אַלצייינס, — הייב איך אויף העכער די שטים — זאָג דעם אמת!

— זי האָט נישט געשפּיגן.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו ביי איר אַראָפּגעריסן דעם צלם?

— ווייל איך קאָן עס שוין מער נישט פאַרטראָגן. איך קאָן נישט — שיסט ער אויס פאַראַמאָל — האָבן מיר זיך דערויף געפּייניקט אין וואַלד, געהונגערט, געקעמפט און אומגעקומען, אַז אַזעלכע מיידלעך זאָלן קומען אַהער און פאַראַכטן די יידן? זיי, זיי דאַרף מען פאַראַכטן! און מיר וועלן זיי נאָך אַלע וויזן!

— שאול, — ווענד איך זיך צו אים צערטלעך — דו האָסט ליב, אַז עמעצער זאָל דיך צווינגען צו עפּעס?

— ניין, איך האָב עס נישט ליב. און כ׳וועל נישט דערלאָזן, מ׳זאָל מיך צו עפּעס צווינגען.

— איך האָב נישט בדעה דיך צו קיין שום זאַך צו צווינגען. כ׳האָב נאָר איין ביטע צו דיר: צווינג דו אויך נישט קיין אַנדערע צו קיין שום זאַך.

— וועמען צווינג איך צו עפּעס־וואָס? — טוט ער זיך אַ שטעל קריגעריש, ווי אַ האָן.

— דו צווינגסט די מיידלעך, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון דעם גלויבן, וואָס איז ערשט פאַר זיי אַלץ, דער גרעסטער אוצר... דאָס גלויבן, וואָס זיי גלייבן, אַז דאָס האָט זיי געראַטעוועט. דו רייסט זיי אַראָפּ דעם צלם פון האַרצן. דו גייסט מיט כוח, מיט געוואַלט...

— איז וואָס? — ווערט שאול אַלץ צאָרנדיקער — מיר דאַרפן שטיין און רויק צוקוקן ווי זיי מאָדליען זיך אַלע טאָג און פאַראַכטן די יידן אין אַ יידיש הויז?

— צו אונדזער באַדויערן, יאָ... וואָס מער דו וועסט זיי צווינגען, אַלץ גרעסער וועט זיין זייער ווידערשטאַנד. מ׳דאַרף זיי צורו לאָזן... די זאַכן וועלן זיך פון זיך אַליין איינשטעלן.

*

פרוי האַנקע קומט אַרײַן אין צימער.

— דאָס קלײנװאַרג שלאָפט נאָך?

— זײ שטײען שױן אױף. ס׳װעט באַלד זײַן דער פֿאַר־אָװנטברױט. אונדזער װירטשאַפֿטערין האָט הײַנט פֿרײַ. און איך אײַל זיך, כּדי כ׳זאָל אַלץ באַװײַזן.

— כ׳װעל אײַך באַלד צוהעלפֿן.

איך העלף דער פֿרײַלין האַנקע אָפּװאַשן און אָנטאָן דאָס קלײנװאַרג. ברעקלעך פֿון קיך ברױט מיט פּאָװידלע מיט טײ. די קינדער האָבן זײער ליב טײ.

— נאָר זי איז נישט גענוג זיס, — קלאָגט זיך האַנקע.

— כ׳װעל אַרױסקריגן פֿון ערגעץ אַ גרױסע פּושקע צוקערלעך, װעט זײַן װאָס צוצוגעבן צו דער טײ.

— אױך די פּאָװידלע איז פֿולשטענדיק זױער...

— ששש, רעדט שטיל, פֿרײַלין האַנקע. די קינדער װעלן דערהערן װעלן זײ עס אַלע נאָכזאָגן...

מ׳האָט געענדיקט דאָס עסן.

— ס׳איז הײַנט אַזאַ שײנער טאָג, — הײב איך אָן באַהיטעװדיק — אױף די פּלאַנטן איז דאָ אַזױפֿיל גרינס, אומעטום בליט דער בעז און דער יאַסמין... נישט װײַט פֿון אוניװערסיטעט איז דאָ אַ קלײנע סאַזשלקע מיט אַ בריקל, און אונטער דעם שװימען שװאַנען... פֿרײַלין האַנקע, אפֿשר זאָלן מיר גײן מיט די קינדער אױף אַ שפּאַציר? די קינדער האָבן דאָך שױן שיך און אַ ביסל אָנטועכץ...

פֿרײַלין האַנקע קוקט אױף מיר מיט צשראָקענע אױגן, ברײט צעעפֿנטע. פּלוצים הײבט זי אָן שטאַמלען:

— איך שרעק זיך נישט... נײן... אָבער מיר דאַרפֿן זײַן גרײט דערױף, אַז אַ װעלכעס קינד קאָן באַקומען אַ שטײן אין קאָפּ...

— װאָס קאָן מען טאָן דערצו, מ׳זאָל זײ דערפֿון אױסהיטן? קלינגען אין דער פּאָליצײ? בעטן אַ קאָנװאָי?

— מירן גײן אין דער באַגלײטונג פֿון אַ קאָנװאָי באַטראַכטן די שװאַנען? אַ שפּאַציר פֿון ײדישע קינדער אונטער דער װאַך פֿון פּאָליצײ!?

— װוּנדערט זיך פֿרײַלין האַנקע און רעדט מיט לײַכט־באַהאַלטענעם

שפּאַט — אויסערדעם קאָנען אַ סך קינדער אַבסאָלוט פון אָרט זיך נישט רירן. באַזונדערס די לעצטנס געבראַכטע פון באַהעלטענישן. צומביישפּיל אַט דער יעקעלע. ער איז געזעסן אין אַ קוילן־קאַסטן צוויי יאָר. און מילוסיע איז געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער... די דאָזיקע קינדער פירן זיך אויף, גלייך זיי וואָלטן נאָר וואָס געבוירן געוואָרן. קיין שום זאַך ווייסן זיי נישט. ווייסן נישט וואָס איז אַ באַנק, אַ טיש, אַ לעפל און אַ גאָפּל... שרעקן זיך פאַר אַלצדינג. און דער עיקר, זיי האָבן זייער שוואַכע פיסלעך. די דאָקטאָרין מיראַן האָט געזאָגט, אַז אויב זיי שרעקן זיך, דאַרף מען זיי צו קיין זאַך נישט צווינגען.

— נו, פּאַרפאַלן — זאָג איך מיט צער.

די עלטערע ייִנגלעך האָבן געהערט עפּעס פון אונדזער שמועס. קומט צו צו מיר סטעפאַן און זאָגט:

— איך האָב אַ פּלאַן, — מירן גיין מיט דער פריילין האַנקע און מיטן קליינוואַרג אויפן שפּאַציר... מירן שוין אַכטונג געבן אויף זיי... מ׳דאַרף אונדז גאָרנישט באַצאָלן דערפאַר...

— זאָל נאָר עמעצער זיך דערוועגן אויפצוהייבן אַ שטיין! — זאָגט בראָנעק — וועל איך אים שוין פּאַקן!

— מירן גיין אַ גאַנצע חברה, — גיט צו שטאָלץ מילעק, וועלכער האָט שוין באַוויזן צו שליסן שלום מיט די ייִנגלעך און זיך פעסט באַזעצט אויף דלוגע־גאַס.

— אַ דאַנק אייך ייִנגלעך, אפשר וועלן מיר דאַרפן האָבן אייער הילף. אָבער פריער מוז איך איבערשמועסן די זאַך מיט דער דאָקטאָרין.

*

ס׳איז שוין געוואָרן פינצטער, ווען כ׳בין צוריק אַראָפּגעגאַנגען פון דעם קינדער־צימער. נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, פּראָבלעמען, מחלות און די אַנדערע פּלאָגן, בין איך געגאַנגען מיט אַ לייכטן און רויקן טראָט... כ׳האָב זיך געפרייט. דאָס איז געווען עפּעס אַן אויסטערלישע און אומפאַרשטענדלעכע פרייד. האָב נישט געהאַט קיין סיבות פאַר איר. האָב זיך פּשוט געפרייט וואָס איך גיי פון די קינדער, וואָס כ׳וועל זיך אומקערן צו די קינדער, וואָס כ׳וועל זיין מיט די קינדער. האָב זיך געפרייט אפילו צוליב דעם קלענסטן ניצחון אין דער אַרבעט מיט זיי, ווי דער רגעדיקער, שוואַכער און אומזיכערער ניצחון ביי די ייִנגלעך... האָב

געשפּירט אַז איך װעל האָבן אַ סך אַזעלכע נצחונות, אַז איך װעל באַקומען אַ השפּעה אויף די קינדער און אַז די דאָזיקע השפּעה װעט מיר דינען פֿאַר אַ גרויסן דערציִערישן שװוּנג פֿאַר אָט די קינדער, אַלס אַ שפּרינג־ברעט פֿאַר דער צוקונפֿט — פֿאַר זײער צוקונפֿט.

## די ניאַניע

פֿאַרשטענדלעך, אַז מיר זענען נישט געגאַנגען מיט די קינדער אויף אַ שפּאַציר צו די שװאַנען... דער פּרעזעס און די קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן זיך צעלאָזט אויף מיר:

— מיר האָבן נישט קיין רעכט צו שטעלן די קינדער אין אַ סכּנה. ס׳איז הײַנט נישט קיין צײַט אויף קיין שפּאַצירן!

אויך פֿרײַלין האַנקע און די דאָקטאָרין האָבן זיך נישט שטאַרק אַנטציקט מיטן דאָזיקן פּלאַן... ס׳האָט דערײַבער די קינדער נישט געהאָלפֿן די „אַנגרײַ־פֿעריש־פֿאַרטײדיקנדיקע" שטעלונג פֿון די בראַװע ייִנגלעך און דערצו נאָך: „מ׳דאַרף אונדז גאָרנישט באַצאָלן דערפֿאַר", ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפֿן מײַן ראָמאַנטיק, מיר זענען געבליבן אינדערהיים. אַלץ איז געבליבן װי געװען. די עלטערע ייִנגלעך האָבן זיך װײַטער געלאָנגװײַליקט. אַמאָל האָבן זײ צו שטאַרק צעפּיעשטשעט דאָס קלײנװאַרג, און אַמאָל טעראָרי־זירט. „זײ פֿאַרקירצן מיר די יאָרן" האָט געזאָגט פֿרײַלין האַנקע און זיך זיכער דערמאָנט מיט בענקשאַפֿט אין דער צײַט װען די ייִנגלעך פֿלעגן אַרויסגײן אין שטאָט צו זײערע „געשעפֿטן".

די מײדלעך פֿון די מאָנאַסטירן פֿלעגן זיך װײַטער אָפּשליסן פֿאַר די ייִדן... כאָטש די ייִנגלעך האָבן באַשלאָסן בכלל נישט צו האָבן מיט זײ צו טאָן. „מירן אפֿילו נישט קוקן אויף זײ!" האָט געמאָלדן סטעפֿאַן, און ער איז דאָך געװען אַן אויטאָריטעט בײַ די ייִנגלעך. די קינדער װאָס זענען געקומען פֿון באַהעלטעניש זענען װײַטער געלעגן אין זײערע פֿינצטערע װינקלען, זיך שרעקנדיק פֿאַר דער קלענסטער ענדערונג אין די אָרומיקע באַדינגונגען.

אָבער דערפֿאַר איז פֿאַר אונדז געװאַקסן אַ נײַ הויז, אַ ליכטיקס, װײַט־װײַט פֿונדאַנען, פֿון דעם קאָמיטעטישן הויז און זײַנע פֿינצטערע צימערן, אין דעם װוּנדערלעכן זוניקן, זאַקאָפּאַנע, צופֿיסנס פֿון די טאַטרן, װאָס

זיינע מיט שניי־באַדעקטע שפּיצן, שפּאַרן אונטער דעם הימל. ס׳איז שוין געווען באַצאָלט דירה־געלט פאַר דער ווילע פּאַר אַ גאַנץ יאָר, און מ׳האָט שוין געקאָכט, געפּאַרבט און גערעמאָנטירט... דעם פּלאַן פון דעם הויז האָב איך תמיד געהאַט ביי זיך אין מיין קעשענע... און ווען כ׳פלעג זיצן אַ וואָרטנדיקע אין די וואָרט־צימערן פון די נאַטשאַלניקעס, און אפילו ווען כ׳פלעג שטיין אויף דער פּלאַטפאָרמע פון טראַמוויי, פלעג איך אים אַרויסנעמען און אים שטודירן, שטודירן און שטודירן... און מיינע מחשבות פלעגן פליסן צו יענעם הויז, ווי מוזיק־כוואַליעס, בלאָע און לוסטיקע.

מען האָט באַדאַרפט אייליק פאַרענדיקן די צוגרייטונגען. צונעמען מענטשן צו דער אַרבעט, סעגרעגירן קינדער, צוקויפן די זאַכן וואָס פעלן נאָך אויס. מ׳האָט געדאַרפט זיך אונטעראיילן, נישט פאַרלירן קיין צייט, אָנשטרענגען אַלע כוחות, ווייל יעדע איבעריקע שעה וואָס די קינדער האַלטן זיך אויף אין קאָמיטעט איז אַ פאַרברעכן.

און דאָ האָט זיך נאָך אַלץ די קייט פון מענטשלעכע טראַגעדיעס נישט פאַרענדיקט... כ׳דערמאָן זיך, איך בין איינמאָל געווען איינע אַליין אין דער ביוראָ. דאָס איז געווען נאָך די אַרבעט־שעהן. אויף די קאָרידאָרן האָט געהערשט אַ פאַרהעלטנישמעסיקע שטילקייט, די ביטע־דערלאַנגער זענען זיך צעגאַנגען, מ׳האָט גאָרנישט נישט געטיילט, און ס׳איז נישט געווען נאָך וואָס צו שטיין. איך האָב אָנגעצונדן אַ קליין לעמפּל אויף אַ זייטיק טישל און אַרויסגענומען פון שופלאָד חשבונות, כדי אונטערצופירן אַ סך־הכל. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שטיל אָנקלאַפּן אין טיר.

— ביטע, קומט אַריין. האָב איך אַ זאָג געטאָן פון אָרט.

ס׳איז אַריינגעקומען אַ נישט הויכע פרוי אין שוואַרצער קליידונג, פירנדיק פאַרן הענטל אַ יינגעלע, וואָס זיינע האָר האָבן געשימערט מיט גאָלד. זיי זענען געגאַנגען אַזוי באַהיטעוודיק און אומדרייסט, ווי זיי וואָלטן זיך שרעקן צו מאַכן אַ פולן טראָט. ווען איך האָב אָנגעצונדן דעם אייבערשטן לאָמפּ, האָב איך דערזען ווי זייער אָרעם זיי זענען געקליידט.

איך בין צוגעגאַנגען צו זיי און זיי דעליקאַט געבעטן זיך זעצן.

— מיט וואָס קאָן איך אייך דינען? — האָב איך געפרעגט העפלעך, שטיל און איידל, ווי איך וואָלט זיך שרעקן אָנצורירן עפּעס ווייטיקלעכס אין זיי — זעצט זיך.

— אַ דאַנק, מיר קאָנען שטיין... און אפשר שטערן מיר? — האָט די פרוי געוואָלט זיך צוריקציען — איך ווייס אַז איצט אַמטירט מען נישט...

אָבער איך אַרבעט ביי פרעמדע מענטשן, און זיי באַפרייען מיך נישט פריער...

— ניין, ניין, איר שטערט נישט. ביטע, זעצט זיך, — האָב איך זיי דערמוטיקט מיט אַ האַרציקן טאָן און וואַרעמער שטימונג, וואָס האָט ביי מיר אַרויסגערופן איר ברייט, צעאָקערט פּנים.

— מיין נאָמען איז סטאַניסלאַוואַ מאַק, — האָט די פרוי אָנגעהויבן — און איך בין מילוסיעס ניאַניע. כ'האָב געדינט ביי זיינע עלטערן אין באַכניע. האָב אים אויפגעהאָדעוועט מיט מיינע אייגענע הענט, אָט דאָס טייערע זונדעלע מיינס... (און דאָ האָט זי דאָס קינד צוגעדריקט צום האַרצן). ווען די דייטשן האָבן צוגענומען זיין טאַטע־מאַמע, בין איך אַנטלאָפן מיטן קינד פון דער היים און האָב זיך זייער לאַנג אַרומגעוואַלגערט מיט אים... אָבער דאָס איז גאָרנישט... כ'האָב געמיינט, אַז איך וועל קאָנען כאָטש די מאַמע זיינע ראַטעווען... אָבער ס'האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן. זיין טאַטן האָבן די דייטשן געלאָזט אויסגיין פון הונגער, נישט דערלאָזט מיר אים ברענגען עסן. און וועגן זיין מאַמען קאָן איך אפילו נישט דערציילן, ווייל ס'האַרץ טוט צופיל וויי. מיין אומגליקלעכע באַלעבאָסטע. אַ דייטש האָט איר געפּלעטט דעם קאָפּ מיט אַ קאָלבע, אַז די גאַנצע געהירן האָבן זיך צעשפּריצט. אוי, דו, מיין אומגליקלעכער יתומל — האָט זי אים אַרומגעהאַלדזט מיטביידע הענט — ווערסט שוין מער דיינע טייערע טאַטע־מאַמע נישט זען. גאָט זאָל דיר באַצאָלן פאַר די אַלע יסורים פון דיינע עלטערן און דיינע אייגענע מיט כל־דאָס גוטס. זאָלסט אויסוואַקסן און שיינען ווי די זון און הימל, אַ ליכטיקער און גוטער, דיין ניאַניע זאָל דיך זען אַ געזונטן און גליקלעכן...

דאָס יינגל איז געשטאַנען לעבן זיין ניאַניע א בלייכענקער און דורכ־זעעוודיקער, אָן איין טרער אין די גרויסע, בלאָע אויגן — אַן אויסטער־ליש אויסגעצייטיקטער אין זיין ווייטיק.

ער טראָגט אַריבער זיינע ליידן, — האָב איך געטראַכט — ווי ער זואָלט זיין אַ זיבעצניעריקער, און נישט קיין זיבניעריקער. גאָט אין הימל, וויפל אומגליק און צרות האָט דאָס יינגל געמוזט איבערטראָגן און באַנעמען, ביז ער איז געקומען צו זיין דאָזיקער פאַרשטענדעניש אין זיין זיבעטן לעבנסיאָר... ווו איז פאַרלוירנגעגאַנגען זיין תמימות און לעבנספרייד?

מיטן גאַנצן האַרצן האָב איך געוואָלט ווי עס איז זיי העלפן, זיי פאַרלייכטערן. האָב איך אַ שמייכל געטאָן צום קינד און געזאָגט:

— סאַראַ גוטע ניאַניע דו האָסט, אמת?

אָבער דאָס יינגל האָט גאָרנישט נישט געענטפערט, זיך בלויז שטאַרקער צוגעדריקט צו דער ניאַניע און געקוקט אויף מיר פונדערווייטנס.

— שרעק זיך נישט, מילעק, שרעק זיך נישט — האָט אים די ניאַניע אויפגעמונטערט — די דאָזיקע פרוי איז אַ גוטע, זי וועט דיר קיין שלעכטס נישט טאָן... און איך וועל אויך קומען אַהער צו דיר...

און מיטאַמאָל האָט זי זיך צעוויינט אויף אַ קול.

— כ׳האָב געמיינט, אַז ער וועט מיר זיין אַ טרייסט אויף דער עלטער... אַז כ׳וועל זוכה זיין צו ניאַנטשען זיינע קינדער... אַז כ׳וועל האָבן ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן... כ׳בין אַן אַלטע דינסט... האָב נישט גאָרנישט... וואַלגער זיך אַרום איבער פרעמדע הייזער... און אָט מוז איך אים אָוועקגעבן... וואָס ער איז מיר אַן איינאונאיינציקער אויף דער וועלט פאַרבליבן.

זי האָט אַרויסגענומען אַ גרויס טיכל פון קעשענע און גענומען אָפּווישן אירע שווערע, גרויסע טרערן. דאָס יינגל האָט אויף איר אַ קוק געטאָן און זיך ווי אויסגעטשוכעט. גענו׳מען דאָס טיכל פון איר האַנט און אָנגעהויבן אָפּווישן דערמיט איר פּנים.

— זאָל די ניאַניע נישט וויינען, — האָט ער גערעדט צו איר — די ניאַניע וועט זען, אַז ס׳וועט מיר דאָ גוט זיין, כ׳וועל שרייבן בריוו צו דער ניאַניע אַלע טאָג...

מילעק האָט זיך איבערגעבויגן איבער זיין זיצנדיקער ניאַניע און געוואַרט זי זאָל זיך באַרויקן. און זי האָט זיך טאַקע באַרויקט.

— ער איז אַ גוט קינד — האָט זי זיך ווידער געוואָנדן צו מיר — אַ פאָלגעוודיקער, פעיקער און דאַנקבאַרער... לייענען און שרייבן האָט ער זיך אויסגעלערנט אַליין, ווייל מ׳האָט אים אין שול נישט געקאָנט שיקן. אַ קאָפּ צו די לימודים האָט ער, ווי דער טאַטע און זיידע זיינער... ווייל אין זיין משפּחה זענען אַלע געווען בלויז דאָקטוירים און רבנים, — האָט זי געזאָגט מיט שטאָלץ — נאָר קיין איינער פון זיי איז נישט געבליבן... בלויז איין פעטער, געדענק איך, האָט ער אין פּאַלעסטינע... און אפשר וועט דער פאַן יעזוס העלפן, אַז מילעק זאָל אַמאָל קאָנען פאָרן צו אים... נו, ווייז נאָר דער פרוי דיין העפט, — האָט זי זיך פלוצים דערמאָנט — ווייז און שעם זיך נישט. ער שרייבט שוין אַליין אפילו בריוו...

מילעק האָט אַרויסגענומען פון העמד־עפענונג אַ העפט, אַ שיין

פאַרהילטן אין אַ צייטונג, און אים אָן ווערטער אַנידערגעלייגט אויפן טיש.
די ניאַניע האָט אָנגעטאָן ברילן און גענומען לייענען פּאַמעלעך:
— „איך בין געזונט, און זאָל זיך די ניאַניע וועגן מיר נישט זאָרגן.
און זאָל די ניאַניע אַכטונג געבן אויף איר געזונט". אָט דאָס האָט ער מיר געשריבן ווען ער איז געווען און האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין דאָרף... תמיד טראַכט ער נאָר וועגן מיר. ער האָט תמיד נישט דערעסן און געבראַכט מיר. קוילן און האָלץ האָט ער געמוזט פון קעלער טראָגן, גיין צום ברונעם נאָך וואַסער, האָט זיך צווישן פרעמדע מענטשן אַרומגעוואַלגערט, אַבי זיך צו ראַטעווען. ער איז צוויי מאָל אויף לונגען־אָנטצינדונג קראַנק געווען, און דערפאַר האָב איך אים ערשט אַהערגעבראַכט... ווייל וואָס קאָן איך אים געבן, אָט דעם אויסגעצערטן, אַז איך אַליין האָב נישט גאָרנישט... און ווו איך דיך, זשאַלעוועט מען מיר דאָס שטיקל ברויט... און ער איז אַזוי בלאַס... און הוסט אַלץ מער און מער...

זי האָט ווידער אָפּגעווישט די טרערן מיטן גרויסן טיכל און שוין מער נישט געקאָנט רעדן.

מיט וואָס קאָן איך זיי ביידע העלפן, האָב איך געטראַכט מיט היץ, מיט וואָס זיי דערמוטיקן, מיט וואָס באַלוינען די אַלטע? „באַלוינען?", האָט אַ שטים אין מיר איראָניזירט. „עקזיסטירט דען אַ באַלוינונג פאַר אַזאַ ליבשאַפט און געטריישאַפט? איז דען פאַראַן אַ פּרייז דערויף?"

— זעסטו, מילעק, — האָב איך אָנגעהויבן אומגעשיקט — דיין ניאַניע וועט קומען דאָ אַהער צו דיר און באַקומען הילף פון קאָמיטעט...
ערגער זיך נישט, מיין קינד... און דו וועסט דאָ לערנען און זיך אויסהיילן, און דערנאָך וועלן מיר פאָרן אין די בערג, אויף ריינער לופט, אין אַ שיין הויז...

אָבער דאָ האָב איך איבערגעריסן, כדי נישט צו פאַרשאַפן קיין צער דעם קינד צוליב זיין שיידן זיך מיט זיין ניאַניע, וועלכע וועט בלייבן אין שטאָט.

— און וואָס טוט איר איצטער, פון וואָס לעבט איר? — האָב איך געפרעגט — און ווו וווינט איר?

— אויף אַלע מיינע שונאים געזאָגט געוואָרן אַזאַ מעמד, ווי מיינער. גאָט זאָל אָפּהיטן — האָט זי געזאָגט דורך געוויין — איך דין דאָ אין קראָקע בלויז פאַרן שטיקל ברויט, קיין גראָשן ווילן זיי מיר נישט צאָלן... אַן אַנדערער

ווידער וועט מיך נישט צונעמען, ווייל כ׳האָב געראַטעוועט אַ יידיש קינד. „די יידישע מומע״ רופן זיי מיך...

און אפשר וואָלט זיך מיר איינגעגעבן זיי נישט צו צעשיידן, האָב איך געטראַכט פיבערנדיק, און מיטנעמען די ניאַניע מיטן יינגל צוזאַמען קיין זאַקאָפּאַנע... אפשר וועט זיך עס מיר איינגעבן...

— הערט, פרוי, — האָב איך איר געזאָגט — איך וויל אייך זייער העלפן. איר פאַרדינט זיך דערויף זייער און זייער. אפשר וועט זיך מיר איינגעבן צו דערפירן דערצו, איר זאָלט בלייבן צוזאַמען מיטן קינד... איך מיין, מילעק, אַז דו וואָלסט דערויף מסכים געווען, ניין? — האָב איך אַ שפּאַס געטאָן מיט אַ יסורימדיקן שמייכל.

אין דעם מאָמענט איז אין דעם יינגל ווי אַ נייע נשמה אַריין. זיינע בלאַסע באַקן האָבן זיך פאַררויטלט, די אויגן אָנגעצונדן זיך מיט פרייד און ער איז, פאַרגעסנדיק אַלץ, געפאַלן דער ניאַניען אין די אָרעמס...

און ווידער בין איך יענעם אָוונט, ווי געווײנלעך, אַהיימגעגאַנגען מיטן די פלאַנטן. אַן אָוונט־ווינטעלע האָט עפּעס געשאָרכט אין די שפּיצן ביימער, קליינע בלעטעלעך זענען אַראָפּגעפאַלן ווייך אויף דער ערד, ענלעך צו די טעג פון לעבן, וואָס זענען איינער נאָכן אַנדערן אַראָפּגעפאַלן אין דער פאַרגאַנגענהייט.

## געשמאַקע מטעמים

צו יענער צייט האָט דער קאָמיטעט באַקומען געלט, און חוץ דער ווילע אין זאַקאָפּאַנע פאַרן קינדערהויז, איז געדונגען געוואָרן פאַר די קינדער נאָך אַ ווילע אין ראַבקע.

זאַקאָפּאַנע איז געווען די שענסטע געגנט פאַר קלימאַטישער היילונג אין פּוילן. „דער פּערל פון די פּוילישע קורערטער״, ווי מ׳האָט זי גערופן. זי געפינט זיך אין אַ גרויסן טאָל אויף אַ הייך פון 850 ביז 1000 מעטער, אַרומגערינגלט מיט די טאַטרן־בערג וואָס רייסן זיך צום הימל, באַדעקטע מיט אייביקע שנייען, ווייסקייט און גלאַנץ. איר לופט איז ריין און לויטער, און זי איינגאַנצן איז פאַרפלייצט מיט זון אין אַלע צייטן פון יאָר. אַדאַנק איר טרוקענע, אין בראָם און אין אולטראַ־פיאָלעטע שטראַלן רייכע אין

לופט, איז זי אַן אידעאַל אָרט פאַר היילן אויסגעשעפּטע און צו שווינדזיכט גענייגטע קינדער ווי אונדזערע.

אָבער ראַבקע איז אַ סך אַנדערש. איר לאַנדשאַפט איז אַ ווייכערע, אַ כוואַליעדיקע און פּיעשטשענדיקע. די שיפּועים פון אירע היגלען זענען תמיד פאַרגאָסן מיט זון, זי איז בלויז 500 מעטער די הייך, און ס׳זענען פאַראַן אין איר וואַסערקוואַלן, רייכע אין יאָד און בראָם. זי איז אַ באַוווּסט קוראָרט אין פּוילן פאַר קינדער וואָס ליידן אויף די דריזן, אָטעמונגס־וועגן, אויף האַלדז און נאָז.

אין די צוויי אויסגעצייכנטע קורערטער זענען ערשט צוגעגרייט געוואָרן וואַרעמע היימען פאַר אונדזערע קינדער. קיין זאַקאָפּאַנע האָבן גע־זאָלט אַרויסגעשיקט ווערן צומוויניקסטן הונדערט קינדער, און קיין ראַבקע פופציק ביז זיבעציק. דערווייל איז די דאָזיקע אַלגעמיינע צאָל, הונדערט זיבעציק, געווען די צאָל פון אַלע יידישע קינדער וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אין קליין־פּוילן.

*

אין איינעם אַ שיינעם פרילינג־פרימאָרגן האָבן די דאָקטאָרין און די שוועסטער (מיר האָבן שוין געהאַט אַ שוועסטער) באַשלאָסן אונטערצו־זוכן און סעגרעגירן די קינדער — ווער קיין זאַקאָפּאַנע און ווער קיין ראַבקע. דער פרילינג איז געגאַנגען פאָרויס, מ׳האָט געדאַרפט אונטעראיילן, ס׳איז אַ שאָד געווען יעדער טאָג וואָס די קינדער האָבן פאַרבראַכט אין דער פאַרסמטער אַטמאָספער, וואָס איז פול מיט ליידן, געשרייען און קללות, אין דעם קאָמיטעט אויף דלוגע־גאַס. און וועלנדיק אונטעראיילן דעם טעמפּאָ פון דער אַרבעט, האָט די דאָקטאָרין באַפוילן די קינדער זיך אויסצושטעלן אין אַ ריי פאַר דער טיר פון איזאָלאַציע־צימער און איינער נאָכן אַנדערן אַריינגיין צו דער אונטערזוכונג. מ׳האָט אָנגעהויבן פון די סאַמע יינגסטע. מיט זיי איז אַריינגעגאַנגען פריילין האַנקע, און אַלץ איז געגאַנגען כשורה. אָבער ווען ס׳איז געקומען די ריי פון די עלטערע — האָט מען נישט געקאָנט געפינען אפילו קיין איינעם פון זיי. זיי האָבן זיך ערגעצוווּ אויסבאַהאַלטן, אָדער זיך אויסגעמישט מיט די דערוואַקסענע, אָדער אַנטלאָפן אין שטאָט, — אין דער ערשטער רגע איז שווער געווען דאָס פעסטצושטעלן. די דאָקטאָרין איז געזעסן אַליין אין ליידיקן איזאָ־לאַציע־צימער און האָט נישט געהאַט וועמען צו אונטערזוכן. די שוועסטער

האָט זיי געזוכט אין אַלע ווינקעלעך און קײנעם נישט געפֿונען. מ׳האָט מיך צוריקגערופֿן פֿון שטאָט. כ׳בין געקומען צו לויפֿן אַ פֿאַרסאַפּעטע, אַ דערשראָקענע... אין די צימערן איז שטיל, לער... אויסער דעם געפּלוידער פֿון די פּיצלעך הערט מען נישט קיין שום שטים איבערן גאַנצן שטאָק... נישט קיין קריגערייען, נישט קיין געזאַנג, נישט קיין געשלעגן. איך בין צוגעגאַנגען צו דער „פּאַסטושקע״ דער זעקסיעריקער, אַ מיידעלע וואָס צו פֿיר יאָר האָט זי געפּאַשעט די קי און ציגן פֿון אַן אוקראַיִנישער פּויערטע, און נאָך דער מלחמה האָבן זי יידן, זעענדיק ווי די אוקראַיִנערין שלאָגט זי אכזריותדיק, צוגענומען. כ׳האָב זי געפֿרעגט:

— ביסט געווען ביי דער דאָקטאָרין, לוסיע?

— ביי דער פֿרוי מיטן ווייסן פֿאַרטעך?

— יאָ.

— ניין, כ׳בין נישט געווען. איך שרעק זיך פֿאַר דער דאָזיקער פֿרוי... זי קאָן מיר עפּעס טאָן...

— נישט ריכטיק, לוסיע. זי איז אַ זייער גוטע פֿרוי. זי וועט דיך געזונט מאַכן. זי וועט דיך שיקן אין אַ ווייס און שיין הויז, אין וועלכן די זון שיינט דעם גאַנצן טאָג, און וועסט דאָרט עסן ווייסע זעמעלעך.

— אָבער איך וויל נישט קיין שום הויז. כ׳וויל זיך אומקערן צו מיין באַלעבאָסטע, צו מיינע ציגן. דער באַלעבאָס האָט מיר געזאָגט, אַז די יידן וועלן מיך אַוועקשיקן קיין פּאַלעסטינע, און דאָרט וועט מען מיר מיט אַ מעסער אויסשטעכן די אויגן...

ס׳האָבן מיר פֿאַרשפּאַרט דעם אָטעם די דאָזיקע ווערטער, וואָס דערוואַקסענע מענטשן האָבן אַריינגעלייגט אין מויל פֿון דאָזיקן תמימות־דיקן מיידעלע מיט די בלאָע אויגן, וועלכע זענען ערשט געווען פֿאַרנעפּלט מחמת שרעק. מיט אַ ציטערנדיקער האַנט האָב איך זי געגלעט איבערן קעפּל און געזאָגט:

— שרעק זיך נישט, ליבענקע לוסיע. מיר אַלע האָבן דיך ליב און וועלן דיר קיין שלעכטס נישט טאָן. ס׳וועט דיר זיין גוט, וועסט זען, און אַז דו וועסט פֿאַרלאַנגען, וועסטו האָבן ציגן אויך אין דעם ווייסן און שיינעם הויז.

כ׳בין צוגעגאַנגען צו מילעקן.

— און דו ביסט שוין געווען ביי דער דאָקטאָרין?

— יאָ, כ׳בין געווען. איך שרעק זיך נישט ווי די אַנדערע קינדער.

— און פאַרוואָס שרעקן זיי זיך, מילעק?
— כ'ווייס אַליין נישט. זיי האָבן מורא און שוין...
— ווהין האָט מען דיך פאַרשריבן, מילעק?
— קיין זאַקאָפּאַנע.
— דאָס איז אויסגעצייכנט. מירן זיין צוזאַמען. און וואָס הערט זיך מיט דיין ניאַניע? זי וועט קאָנען פאָרן מיט אונדז קיין זאַקאָפּאַנע?
— די ניאַניע איז היינט געווען און האָט געוויינט. זי האָט געזאָגט אַז מ'לאָזט זי נישט אָפּ פון דער אַרבעט. זיי ווילן זי זאָל אָפּאַרבעטן פאַר דעם וואָס זיי האָבן מיך אַ שטיקל צייט געהאַלטן ביי זיך. וועט די ניאַניע מוזן דאָרט אַרבעטן און נישט קאָנען פאָרן מיט מיר.
דעם גאָלדהאָריקן מילעקס ווונדערלעכע אויגן זענען פול געווען מיט טרערן.
— מילעק, — האָב איך אים געזאָגט — זאָג דער ניאַניע, זי זאָל זיך נישט שעמען און קומען אין קאָמיטעט, צו מיר, זי וועט קריגן פון קאָמיטעט אַ ביסל געלט, זיי צו באַצאָלן. און זי וועט קאָנען פאָרן מיט דיר.
מילעק האָט געוואָלט (לויטן פּוילישן שטייגער) מיר קושן די האַנט אויס דאַנקבאַרקייט. אָבער ער האָט נישט באַוויזן, כ'האָב אים אויסגעכאַפּט, אַרומגעהאַלדזט און אים געקושט אויף ביידע באַקן.

*

כ'בין אַריינגעגאַנגען צו פרייליין האַנקע אין צימער. כ'האָב איר געפרעגט, וואָס זי טראַכט וועגן דעם אַנטלויפן פון די קינדער? פאַרוואָס האָבן זיי זיך אַזוי דערשראָקן? די דאָקטאָרין האָט דאָך זיי שוין נישט איין מאָל אונטערזוכט, און זיי קענען זי דאָך?
— צי ווייס איך, — האָט האַנקע געטראַכט אויפן קול — אפשר דערפאַר ווייל די אונטערזוכונג איז געמאַכט געוואָרן מיטאַמאָל, אַלע צוזאַ־מען, און דאָס שטיין אין דער ריי. אַזוי פלעגט מען דאָך בדרך־כלל אונטער־זוכן אין די לאַגערן... און אפשר דערפאַר וואָס זיי האָבן געהערט, אַז מ'גייט זיי אונטערזוכן פאַרן אַרויסשיקן...
— אָך, מיין גאָט! — האָב איך זיך געכאַפּט — ווי האָבן מיר געקאָנט באַגיין אַזאַ פעלער? אַזאַ גראָבן און אָפענעם פעלער? זיי זענען דאָך קינדער פון געטאָס, לאַגערן און באַהעלטענישן, וואָס די אַלע יאָרן פון דער מלחמה האָט זיי געדראָט דער טויט... סעלעקציע, סעגרעגאַציע,

אַרויסשיקונג, טראַנספּאָרט — די אַלע ווערטער האָבן געהאַט בלויז איין פּירוש: טויט. איז וואָס איז דאָס וואונדער, וואָס די דאָזיקע ווערטער האָבן איצט דערוועקט אין זיי שרעק צו אַנטלויפן? ערשט וועט זיך פאָדערן אַ סך מי און אַ גרויסער אָנשטרענג צו פאַרריכטן דעם דאָזיקן פעלער און צוריק געווינען דעם צוטרוי פון די קינדער.

פריילין האַנקע האָט איינגעשטימט מיט מיין דיאַגנאָזע... דאָסגלייכן די דאָקטאָרין און די שוועסטער. מיר האָבן באַשלאָסן אָפּצולייגן אויף אַ שטיקל צייט די אונטערזוכונג. דערווייל בכלל נישט דערמאָנען וועגן דעם אַרויספאָרן פונדאַנען, נישט דורכפירן קיין עפנטלעכע אונטערזוכונג! נאָר אונטערזוכן יעדן באַזונדער, פּאָרזיכטיק, ווי געמאַכט ביז היינט. סיי די דאָקטאָרין, סיי די שוועסטער האָבן די זאַך דורכגעפירט אויפן בעסטן אופן. אָבער די דאָטע פון אונדזער אַרויספאָר האָט זיך צוליב דעם פאַרשפּעטיקט. כ׳האָב באַשלאָסן אויסצונוצן די דאָזיקע צייט אויף צו זוכן אַ פּאַסיקן פּערסאָנאַל. און דאָס איז געווען דאָס שווערסטע. אין יענער צייט זענען נישט געווען צווישן די יידן, נישט קיין מענטשן פּאַסיקע פאַר דערציערישער אַרבעט, נישט קיין דאָקטוירים. ביזן לעצטן מאָמענט פון זייער הערשאַפט האָבן די דייטשן נישט אויפגעהערט צו שיקן די יידישע לערער און דערציער מיט די קינדער, און אויך די דאָקטוירים מיט זייערע קראַנקע — צו די קרעמאַטאָריעס און גאַז־אויוונס. ס׳האָט זיך בכלל געדאַכט, אַז צווישן די יידן איז נישטאָ קיין איינער וואָס זאָל זיין קערפּערלעך און גייסטיק געזונט... אויסערדעם האָט קיינער נישט געהאַט קיין חשק צו אַרבעטן פּעדאַגאָגיש מיט קינדער. אַלע האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף אַרבעט אין אַ מאַגאַזין, ביי איינקויפונגען, אין קיך... יעדער האָט געוואָלט אַרבעטן ביי עפּעס וואָס ממשותדיקס: לעבנסמיטלען, הלבשה, געלט... די דאָזיקע זאַכן האָבן ביי זיי געהאַט אַ סך אַ גרעסערן ווערט ווי דאָס לעבן פון קינדער, ווי דאָס לעבן פון מענטשן בכלל. דאָס מענטשלעכע לעבן איז נאָך דעמלט געווען ביליק.

און צו דעם אַלץ האָט מיר נאָך דער פּרעזעס „אָפּגעטאָן אַ שטיקל". ער האָט מיר פּשוט מיטגעטיילט, אַז אַלע אָנגעשטעלטע, די דאָקטאָרין און די שוועסטער אַרייַנגערעכנט, מיט די דערציער און קינדער פאָרן קיין ראַבקע און נישט קיין זאַקאָפּאַנע. ווען ער האָט עס מיר געזאָגט, האָב איך געמיינט אַז די גאַנצע וועלט פאַלט מיר איין איבערן קאָפּ.

— נישט קיין שלעכטער וויץ — האָב איך אים געזאָגט — איך אַליין מיט אַ הונדערט קינדער אין אַ מדבר?

— ס'איז נישט קיין וויץ, פרוי לענע — האָט געזאָגט דער פּרעזעס — איך מיין עס ערנסט. אין ראַבקע איז נישטאָ קיין פירנדיקע האַנט, און ס'פאָרן אַהין די קלענערע און קראַנקע קינדער. אַהין מוז איך שיקן אַלע „כוחות", וואָס מיר פאַרמאָגן. און איר וועט זיך שוין דאָרט צוקלייבן אַ פּערסאָנאַל. און אין אַ קורצער צייט אים צוגרייטן צו דערציִערישער אַרבעט... דאָס באַווייזט וואָס פאַר אַ גרויסן צוטרוי מיר האָבן צו אייך, פרוי לענע... איך ווייס, אַז מ'קאָן זיך אויף אייך פאַרלאָזן און אייך איבער־געבן אַלע קינדער... וואָס גאַנץ אַנדערש איז עס אין ראַבקע...

דעם פּרעזעס ווייכע רייד האָבן מיך לגמרי נישט איבערצייגט אַז ער איז גערעכט. אָבער יאָ איבערצייגט האָט מיך דאָס, אַז כ'האָב קיין ברירה נישט און מוז מיר „צוקלייבן" אַ פּערסאָנאַל, אויב איך וויל נישט אַרויס־פאָרן מיט די קינדער אַליין. און אָט די אויפגאַבע האָט מיר אויסגעזען די שווערסטע אויף דער גאָרער וועלט.

*

אין איינעם אַן אָוונט איז אין מיין וווינונג אַריינגעקומען אַן אומדערוואַרטער גאַסט, פרוי בראָניע פישער — מיינע אַ בת־עיר, אַ וויעליטש־קער, וואָס האָט זיך נאָרוואָס צוריקגעקערט פון אויסשוויץ. פרוי פישער האָט זיך מיט מיר צעקושט און גלייך אָנגעהויבן דערציילן וועגן איר לעבן אין לאַגער (ס'איז נישט געווען קיין לאַגערניק וואָס זאָל נישט מוזן דערציילן פון דאָרטן) און וועגן איר מאַן, וועלכער האָט נישט „אויסגעהאַלטן" און איז דאָרט געשטאָרבן. „דאָס איז געווען נישט קיין מענטש — האָט זי געזאָגט — נאָר אַ זייד, דערפאַר האָט ער נישט איבערגע־האַלטן. ערשט האָב איך שוין נישט צוליב וואָס צו לעבן. ער איז געווען דאָס גאַנצע לעבן מיינס, מיין ליכטיקע זון. און איך לעב נאָך אויף דער וועלט בלויז ווייל איך האָב אַ זון..."

נישט געקוקט אויף די דאָזיקע רירנדיקע רייד, האָט בראָניע נישט געהאַט דעם אויסזען פון אַ מענטשן וואָס האָט זיך שוין מיאש געווען פון לעבן. אירע פולע ליפּן זענען געווען רויט, און די אויגן פול מיט לעבן. זי האָט טאַקע ווייטער גערעדט און באַוויזן, אַז זי האָט בדעה צו קעמפן פאַרן לעבן מיט דער גאַנצער דערפאַרונג וואָס זי האָט זיך איינגעשאַפן אין לאַגער.

— פרוי לענע, — האָט זי געזאָגט — איך בין געקומען צו אייך

מיט אַ ביטע. איך וואָלט וועלן איר זאָלט מיך צונעמען פאַר אַ באַלעבאָסטע, ס׳הייסט פאַר דער הויפּט־קעכין אין דעם קינדער־היים אין זאַקאָפּאַנע. איר ווייסט דאָך, איך בין אַן אויסגעצייכנטע קעכין. און איך וועל פאַר אייך צוגרייטן ספּעציעלע מאכלים און אַריינשיקן אין אייער צימער. איר וועט זען, ווי איך וועל אייך שנעל שטעלן אויף די פיס. איר וועט זיין פון מיר צופרידן...

און פרוי בראַניע האָט מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן מיט צוטרוי און גוטן ווילן. זי האָט נישט געשפּירט קיין שום אומטאַקטישקייט אין איר פּראָפּאָזיציע. אַזוי האָט מען זיך דאָך געפירט אין לאַגער... די קעכין פלעגט שיקן די ערשטע זופּ צו דער בלאָק־עלטסטער, און יענע פלעגט איר דערפאַר דערלויבן אַראָפּצוגנבענען אַ טייל פון די לעבנסמיטלען...

איך האָב מיט שרעק אַ טראַכט געטאָן: די דאָזיקע פרוי קאָן מיר פאַרוואַנדלען מיין קינדערהיים אין אַ נייעם לאַגער... אָבער כ׳האָב קיין ברירה נישט געהאַט. קיין אַנדער מענטשן־מאַטעריאַל, אויסער דעם וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פון די לאַגערן, איז דעמלט נישט געווען בנמצא. איך האָב איר געזאָגט:

— פרוי בראַניע, איך געדענק אייך פון וויעליטשקע. איר פלעגט דאָרט יעדעס פאַרביגייענדיק קינד אַ קניפּ טאָן אין בעקל און דעם אַריינשטופּן גאַשוואַרג אין מויל... זענען מיינע יתומים נישט ווערט אַזאַ ליבשאַפט?

— פאַרשטענדלעך. איך וועל קאָכן פאַר די קינדער צומבעסטן ווי איך קאָן נאָר. אָבער אין דער ערשטער ריי וויל איך אייך שטעלן אויף די פיס...

— אויב איר ווילט מיך שטעלן אויף די פיס, קאָנט איר עס מאַכן נאָר דורך שטעלן אויף די פיס אַלע מיינע קינדער. ווייל איך וועל נישט עסן קיין שום אַנדערע זאַך, נאָר דאָס וואָס די קינדער. דאָס וועט זיין אַ היים פאַר קינדער, און נישט פאַר דערוואַקסענע. איר פאַרשטייט, פרוי בראַניע? און דערפאַר קאָן אייער פּראָפּאָזיציע אַרויסרופן ביי מיר בלויז ווידערווילן צו אייך...

— פאַרוואָס? איך האָב דאָך געהאַט די בעסטע כוונה... איך וואָלט דערביי, חלילה, די קינדער נישט געקריוודעט. אויך איך האָב אַ קינד... און אויב איר ווינטשט זיך אַנדערש, וועל איך זיך צופּאַסן צו אייער פאַרלאַנג...

זייער אַ שווערן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער דאָזיקער וויזיט. אָבער נאָך אַ שווערערע איבערלעבעניש האָב איך געהאַט מיט אַ צווייטער פרוי. יענע האָט מיך פאַרהאַלטן ביים טויער פון קאָמיטעט, אַוועקגעצויגן אין פינצטערן ווינקל און מיט אַ פּלוצימדיקער באַוועגונג געטאָן אַן עפן אויף איר פאַרטוך און מיר געוויזן איר נאַקעטן, געלבלעכן און זייער אויסגעצערטן קערפּער.

— און ערשט וועל איך אייך זאָגן ווער איך בין — האָט זי ווייטער־געצויגן, נישט לאָזנדיק מיר זיך אָפּקילן פונעם איינדרוק — איך בין אַ דאָקטאָר פון פאַרמאַצעווטיק. אייגנטלעך האָב איך צוויי דאָקטאָראַטן. פאַר דער מלחמה האָב איך געהאַט אַ פאַרמאַצעווטיש געשעפט. אין אויסשוויץ האָב איך זיך געראַטעוועט מיטן קינד אַ דאַנק דעם, וואָס איך האָב געאַרבעט אין אַ דייטשישער לאַבאָראַטאָריע. און איצטער הונגער איך ערגער ווי אין אויסשוויץ.

— איך פיל אייך זייער מיט, — האָב איך געזאָגט — אָבער מיטוואָס וואָלט איך אייך קאָנען העלפן? איך פאַרנעם זיך נישט מיט קיין דער־וואַקסענע, נאָר מיט קינדער.

— איך פאַרלאַנג, — האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט אַ הויך און גרילצנדיק קול — איר זאָלט מיך מיטן קינד צונעמען אין קינדערהויז אין זאַקאָפּאַנע.

— אָבער איך האָב נישט פאַר אייך קיין שום אַרבעט. אין קינדער־הויז וועט נישט זיין קיין לאַבאָראַטאָריע.

— אויב אַזוי, וועל איך טאָן יעדע פיזישע אַרבעט וואָס ס׳וועט זיך פון מיר פאָדערן.

— איר וועט טאָן יעדע פיזישע אַרבעט? — האָב איך מיט פאַרוווּנ־דערונג אַ קוק געטאָן אויף אירע ביידע קאַליעדיקע פיס, אויף איר ערד־קאָליריק פּנים און אויסגעטריקנטער הויט, וואָס האַלט זיך קוים אַרום אירע קנאָכן.

— יאָ, יעדע פיזישע אַרבעט, — האָט זי אַקצענטירט — איר גלייבט נישט? איר קוקט אויף מיינע פיס? דאָס איז פון אַ קינדער־פּאַראַליז. אַלע קינדער פון אונדזער קוואַרטאַל, וואָס זענען קראַנק געווען אויף דער מחלה, זענען געשטאָרבן, און איך האָב איבערגעלעבט. מיט די דאָזיקע פיס פלעג איך גיין עטלעכע קילאָמעטער אַ טאָג, פון בזשעזשינקי קיין

אוישוויץ און צוריק, דריי יאָר נאָכאַנאַנד, און כ׳האָב אויסגעהאַלטן, און נאָך געראַטעוועט דאָס קינד.

— אָבער איך קאָן אייך בשום־אופן נישט צונעמען מיטן קינד. די אַנדערע קינדער האָבן נישט קיין מאַמעס, און אייער קינד האָט אַ מאַמע. דאָס וועט אַרויסרופן קנאה און אַ געפיל פון געקריוודעטקייט ביי די קינדער.

— איז דערפאַר, — האָט זי נאָך העכער אויפגעהויבן די שטים — וואָס איך האָב מיין קינד אַ האַלב טויטס אויפגעגראָבן פון אַ קבר און עס צוריק צום לעבן געבראַכט — דאַרפן מיר איצט ביידע שטאַרבן פון הונגער ?

— כ׳וועל זיך באַמיען איר זאָלט באַקומען אַ צוטיילונג פאַר זיך און דעם קינד. איר זאָלט באַקומען הלבשה און שפייז.

— אָבער איך פאַרלאַנג, אַז מיין קינד זאָל האָבן די זעלבע רעכט אויף אַ ריין הויז, דערציונג און בילדונג, וואָס אַנדערע קינדער, קיילעכיקע יתומים. כ׳וועל באַצאָלן דערפאַר מיט מיין אַרבעט.

פרוי דאָקטאָר מענליך (אַזוי איז געווען איר נאָמען) האָט געפועלט וואָס זי האָט פאַרלאַנגט. כ׳האָב זי צוגענומען, בין געווען צו שוואַך, האָב נישט געקאָנט צוקוקן איר צער, און איר נישט העלפן. און פאַר דער דאָזיקער רגע פון רחמנות איז מיר אויסגעקומען שווער צו באַצאָלן אין די קומענדיקע יאָרן. ווייל ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי איך האָב דאָס פאָרויסגעזען, אַז ס׳איז נישט מעגלעך אין איין און דעמזעלבן הויז צו לייזן סיי די פּראָבלעמען פון קינדער וואָס האָבן נישט קיינעם, און סיי די פּראָבלעמען פון קינדער וואָס האָבן לעבן זיך די מאַמעס. פונדעסטוועגן האָט דער דאָזיקער איינער פאַל נישט געלייגט זיין שטעמפּל אויף אונדזער הויז. ווייל ס׳האָט זיך מיר איינגעגעבן צו געפינען אַזעלכע פרויען (דווקא צווישן די געקומענע פון די לאַגערן), וועלכע האָבן, אמת, פאַרלוירן זייער מאַן און קינדער, אָבער נישט זייער הייסע ליבע צו קינדער. די דאָזיקע פרויען האָבן צוגעטוליעט צו זייערע הערצער די קינדער־יתומים און געוואָרן פאַר זיי מאַמעס. אויף אַזאַ אופן איז געשאַפן געוואָרן דער משפחה־טיפּ פון נאָך דער מלחמה — אַ משפחה וואָס איר פאַרבינדונג איז נישט שוואַכער פון דער בלוט־פאַרבינדונג.

# איך װאַרף אַ באָמבע!

סטעפאַן און בראָנעק זענען געקומען מיר אָפּגעבן אַ באַריכט פון זייערע דיזשורן לעבן שעיהן און װעגן זיין געזונטצושטאַנד.

— ער עסט שוין און טרינקט שוין אַלץ, — האָט סטעפאַן געזאָגט, בעת בראָנעק איז געשטאַנען הינטער אים און זיך געפּאָרעט מיט עפּעס אַ זאַך אין דער האַנט. — ער האָט אויסגעפּרובירט בראָנקעס מעסערל אויף אַלע זאַכן אין איזאָלאַציע־צימערל... ס'איז נישט אמת, אַז בראָנעק האָט געוואָלט עס ביי אים צוריק אָפּנעמען... ער האָט בלויז געמאַכט אַ שפּאַס... אָבער ער איז געוואָרן אינגאַנצן אַן אַנדערער ווי ער איז פריער געווען... עפּעס אַזאַ טריבער... נעמט ביי אונדז צו אַלץ, ווי ס'וואָלט אים געקומען... טוט אַ קוק, פּרובירט אויס — און פאַרגעסט... דאַכט זיך, אַז ער הערט וואָס מ'רעדט צו אים, און קוקט גאָר אינגאַנצן ערגעץ־אַנדערש... און אַז מיר דערציילן אים עפּעס קאָמישס, קוקט ער אויף אונדז, ווי ער וואָלט גאָרנישט פאַרשטאַנען. ער האָט קיין איין מאָל קיין לאַך נישט געטאָן... איך וויל אייך בעטן, איר זאָלט מיך באַפרייען פון דאָזיקן דיזשור און פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט. כ'האָב עס שוין גענוג.

— פאַרשטייט זיך, כ'וועל דיך גערן באַפרייען דערפון. שעיה דאַרף סיווי דורכמאַכן אַ ספּעציעלע קוראַציע, נאָר מיר וואַרטן אויף אַ פּלאַץ אין שפּיטאָל. זעסטו, דאָס איז ביי שעיהן אַ רעזולטאַט פון אַ מוח־אָנטצינדונג... דאָס לאָזט זיך נישט אַזוי לייכט באַזייטיקן... מ'דאַרף האָבן אַ סך געדולד... דו האָסט זייער פיין דערפילט דיין פליכט בנוגע אים, און דאַרפסט זיך נישט מאַכן אין קיין שום זאַך קיין פאַרוואורפן.

— פאַרוואָסזשע שמועסן אַלע קינדער, אַז איך בין שולדיק, וואָס שעיה איז אַזוי „גולמדיק"? בין איך דען געווען אין דער באַנדע דער איינציקער צונעמער? קאָן איך דען האָבן אַלעמען אויפן קאָפּ, פאַר יעדן זיין פאַראַנט־וואָרטלעך? ס'איז שוין גענוג פאַר מיר בראָנעק אַליין, מיט וועלכן איך פאַרנעם זיך ווי מיט אַ ברודער... איך קאָן נישט נאָך נעמען אויף זיך דעם גולמדיקן שעיהן... ער איז נאָך פריער געווען אַ גולם... און אַלע מיידלעך מיט אַלע יינגלעך הערן נישט אויף מיר צו זאָגן: דו ביסט שולדיק, דו און נאָר דו! איך האָב דאָס שוין אַלץ גענוג... און בין נישט קיין ניאַנקע ביי קינדער. כ'וויל אַוועקפאָרן פונדאַנען... מיין קאָמענדאַנט מאַקסים, דער

פון וואַלד, האָט מיר געזאָגט: „דו ביסט אַ יונג אַ כוואַט. ס׳קומט דיר אַ מעדאַל. דו האָסט די דייטשן גוט אַריינגעבראָכט״... כ׳וויל אַוועק פונדאַנען. כ׳על פאָרן קיין רוסלאַנד, אויפזוכן מיין קאָמענדאַנט און גיין מיט אים אויף אַקציעס... דער קאָמענדאַנט האָט מיר צוגעזאָגט אַז נאָך דער מלחמה וועט ער אויסאַרבעטן פאַר מיר אַ מעדאַל...

— סטעפאַן, — האָב איך אים אויפגעקלערט — דו זאָגסט, אַז דו ביסט נישט קיין קינד, און רעדסט ווי אַ קינד. ווייסט דאָך זייער גוט, אַז די מלחמה איז שוין לאַנג פאַרענדיקט, אַז די אַקציעס האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט. ערשט דאַרף מען זיך נעמען צום לערנען, צו אַרבעט... און קיין רוסלאַנד קאָן מען דאָך נישט פאָרן. ווייסט עס דען נישט?

— אָבער איך קאָן דאָ נישט זיצן מיט די קינדער, — האָט זיך סטעפאַן אַ קאָך געטאָן — איך טויג זיך נישט פאַר קינדער. איך בין אַ יינגל פון וואַלד. איך וועל נישט שטיין און בעטן אַ טעלער זופּ און אַ פּאָר שיך. איך בין גערנער אַלץ אַליין זיך איינצושאַפן. איך וויל זיך לאָזן אין דער וועלט אַריין.

— און וואָס וועט זיין מיט בראָנעקן, אַז דו וועסט אַוועק?

— איז וואָס איז בראָנעק? ביז ווי לאַנג דאַרף איך אים נאָך ניאַנטשען? גענוג אַז איך האָב אים געטראָגן אויף די פּלייצעס די גאַנצע צייט פון דער מלחמה און אים אַרויסגעשלעפּט פון די דייטשישע און אוקראַינישע לאַפּעס. איצט איז ער שוין אַ דערוואָקסענער. ער פאַרשטייט שוין אַלץ צו טאָן, ווי איך.

— און אַז ס׳וועט קומען עמעצער פון דיין פאַמיליע?

— מיר וועט מען שוין נישט פאַרדרייען קיין קאָפּ מיט דער פאַמיליע. כ׳בין נישט אַזאַ נאַר ווי די אַנדערע דאָ, וועלכע יאָגן זיך נאָך די ליסטעס און מיינען אַז אַזוי־אַרום וועלן זיך די פאַמיליעס אומקערן פון די אויוונס. אַמאָל בין איך אויך געווען אַזאַ שוטה... און אַז די רוסן האָבן מיר אין וואַלד געגעבן בראָנפן צו טרינקען, פלעג איך דערנאָך שטענדיק וויינען און שרייען: „מאַמע״ און דער קאָמענדאַנט מאַקסים פלעגט רעדן צו מיר: „דו, „קינד״, טרינק בעסער נישט. מאַכסט בלויז קאַליע די משקה״. הייַנט קאָן איך שוין סיי טרינקען, סיי רייכערן, און וויין שוין נישט נאָך קיין שום מאַמע. וואָס וועל איך דאָ טאָן צווישן די קינדער?

— סטעפאַן, — האָב איך געזאָגט — אין עטלעכע טעג אַרום פאָרן מיר אַרויס אין דער וואונדערלעכער בערגיקער זאַקאָפּאַנע. אפשר וועסטו

גאָך פּרוּוון פאָרן מיט אונדז. האָסט דאָך אפילו נישט דעם אַדרעס פון דיין מאַקסימען און ווייסט נישט צי ער לעבט... וווהין ווּעסטו גיין. וואָס ווּעסטו טאָן?

— ס׳איז מיר אַלציינס, — האָט ער זיך איינגעעקשנט — איך וועל דאָ לענגער נישט זיין.

איך בין מער צו אים נישט צוגעשטאַנען, ווייל ס׳וואָלט זיין אומזיסט. כ׳האָב באַשלאָסן איבערוואַרטן אַ ביסל, און לאָזן די געשעענישן גיין מיט זייער אייגענעם וועג. כ׳בין געווען זיכער, אַז סטעפאַן וועט נאָך וועלן פרוּוון פאָרן קיין זאַקאָפּאַנע.

ס׳איז געווען די ערשטע טייל יוני. מיינע אַלע צוגרייטונגען זענען שוין, גאָט צו דאַנקען, געווען געמאַכט. כ׳האָב שוין געהאַט צוגענומען דעם דערציערישן און מעדיצינישן פּערסאָנאַל. פאַרשטענדלעך, כ׳האָב נאָכנישט געוווּסט, וויאַזוי ער וועט זיך אַרויסווייזן אין דער אַרבעט. האָב בלויז געוואַרט, אַז הער שומני, דער אינטענדענט פון קאָמיטעט, זאָל צוריקקומען פון זאַקאָפּאַנע, וווהין ער איז אייערנעכטן געפאָרן צו ברענגען אַהין שפּייז, געפעס און אַ ביסל מעבל. גלייך ווי ער וועט צוריקקומען, דאַרף איך פאַרנעמען די רעשט זאַכן און אַרויספאָרן אַהין מיט אַלע קינדער און די אָנגעשטעלטע.

---

דערווייל איז אין קאָמיטעט געשען עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט געמאַכט אויפשוידערן ביז אין די טיפענישן, אַזוי די יידן וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, ווי אויך אין שטאָט, און האָט פולשטענדיק צעשטערט זייער געפיל פון זיכערקייט אין פּוילן. אָבער דאָס דאָזיקע געשעעניש, וואָס האָט צוגענומען דאָס גייסטיקע גלייכגעוויכט און דעם לעבנסמוט ביי די יידן פון קאָמיטעט און פון שטאָט, האָט צוריקגעקערט דאָס גלייכגעוויכט סטעפאַנען... און געשען איז אָט וואָס:

אַ טאָג פאַר אונדזער אַרויספאָר, אין איינעם אַ זונטיק פאַרמיטאָג, אין דער צייט בערך ווען דער קריסטלעכער עולם איז אַרויסגעקומען פון די פיל קאָשציאָלן, און פאַר דעם טויער פון קאָמיטעט איז געשטאַנען אַ געדיכט צוזאַמענגעדרענגטער יידישער עולם, האָט זיך אָנגעהויבן עפּעס אַ נישט געוויינלעכע באַוועגונג און אַ טומל דאָ פאַרן טויער. אַלע יידן וואָס זענען געשטאַנען אינדרויסן האָבן אָנגעהויבן אין פאַנישער שרעק

אַריינלויפן אין טויער, און טייל מיט געשרייען: „אַ פּאָגראָם! אַ פּאָגראָם!" אין איין רגע איז דער הויף און אַלע קאָרידאָרן פול געוואָרן מיט צעשראָ־קענע מענטשן, וועלכע, לויפן, שרייען און שטופּן זיך. אַנדערע האָבן זיך אַריינגעריסן אין ביוראָ, געטומען רייסן דעם פּרעזעס און די סעקרעטאַרין ביי די אַרבל און שרייען: „קלינגט! קלינגט גלייך אין דער פּאָליציי, אין דער זיכערהייטס־פּאָליציי... זיי גייען אונדז מאָרדן... רייסן זיך אַריין אין קאָמיטעט... רייסן אויף דעם טויער... ראַטעוועט, ראַטעוועט!"

דער פּרעזעס און די באַאַמטע האָבן ווירקלעך געקלונגען אין אַלע ערטער, און איך בין גלייך אַרויסגעלאָפן צו די קינדער. אויף די שטיגן האָב איך געזען, דורכן פענצטער, ווי די מענער אונטן שפּאַרן אונטער די טיר פון טויער מיט אייזנשטאַבעס און שטעלן אַוועק אַ באַריקאַדע פון קאַסטנס, פעסער, אַלטע קעסלען און פון אַלץ וואָס קומט אונטער דער האַנט. אַנדערע אָבער לויפן אַרום אַהין און אַהער, זוכנדיק אין יעדן ווינקל באַהעלטעניש, און זייערע פּנימער זענען ווייס, ווי ביי בר־מינַנס.

מיטאַמאָל האָב איך דערהערט אַ געלויפעריי און שפּרינגעריי אויף די שטיגן, פון אויבן, פון דעם קינדער־שטאָק. די עלטערע קינדער זענען געשפּרונגען פון דאָרט, איבער צוויי־דריי שטיגן מיטאַמאָל, טראָגנדיק מיט זיך שטולן (אונדזערע נעבעכדיקע שטולן), דעם קעסל פון זופּ, און לסוף אַ באַנק. כ׳האָב קוים באַוויזן זיך צו טאָן אַ רוק אָפּ און בין געלאָפן נאָך זיי. אויך די מיידלעך האָבן גענומען אַראָפּלויפן בראש מיט מאַרישען, וועלכע פלעגט תמיד צושטיין צו די יינגלעך.

דערווייל האָבן זיך דערהערט פון דרויסן קלעפּ אין דער טיר פון טויער. דער המון האָט געקלאַפּט מיט שטעקנס, מיט אייזנס, מיט שטיינער און מ׳האָט דאָרט גענומען צוגרייטן פון דרענגער „הייבערס" אויפצו־ברעכן דעם טויער. די טיר פון טויער איז געווען פון אַלט און שוואַך האָלץ, אויך די זאַוויעסעס און ריגלען זענען געווען פאַרזשאַווערטע. אַלץ האָט אָנגעהויבן טרעשטשען און זיך שאָקלען. און מ׳האָט שוין דערהערט דראָענדיקע קולות פון דרויסן: „גיט אָפּ דאָס פּוילישע מיידעלע! זיי האָבן געכאַפּט אַ קאַטוילישע מיידעלע און דערמאָרדן עס אויף מצות! אויסהרגענען דאַרף מען זיי! קיין איינציקן נישט איבערלאָזן!"

די יינגלעך זענען אָנגעלאָפן פון דער קיך און געבראַכט נאָך זאַכן צו דער באַריקאַדע: אַלע גרויסע קעסלען. אָבער דער דרוק פון דרויסן איז פון רגע־צו־רגע שטאַרקער געוואָרן, און די דערוואַקסענע האָבן זיך

שוין גענומען צוריקציִען פון טויער צו זוכן זיך אַ באַהעלטעניש אויפן הויף...

— אויב איר וועט אויסברעכן דעם טויער, וועלן מיר שיסן אויף אײַך! — האָט מיט אַלע כּוחות אַ געשריי געטאָן סטעפּאַן.

— מיר האָבן באָמבעס און גראַנאַטן! — האָט געשריִיגן בראָנעק אינגאַנצן אַ הייזעריקער, שלעפּנדיק הינטער זיך אַ ריזיקן קעסל און געקלאַפּט אין אים מיט אַן אײַזן. אָבער די אַלע געשרייען האָבן נישט געהאָלפן גאָרנישט, דער המון אינדרויסן האָט ווײַטער געדריקט אויפן טויער.

פּלוצים האָט סטעפּאַן געטאָן אַ שפּרונג אָפּ פון טויער, אויפגעהויבן פון דער ערד אַ פּושקע פון קאָנסערוון וואָס איז דאָרט געלעגן, און איז ארויפגעלאָפן מיט איר, פּייל־און־בויגן, אויפן צווייטן שטאָק, צום פראָנט פון הויז. מיט איין זעץ מיט דער פּויסט האָט ער אויפגעהאַקט דאָס פענצטער און, שטעלנדיק זיך אויפן פאַראַפּעט פון פענצטער, אַ געשריי געטאָן מיט אַלע כּוחות צום המון וואָס רײַסט זיך אין טויער אַרײַן:

— אַנטלויפט, ווײַל איך וואַרף אַ באָמבע!

— אַ באָמבע, אַ באָמבע! — האָבן זיך דערהערט קולות פון דעם המון פונאַונטן — די יידן האָבן אַ באָמבע!

און זעט דאָס וווּנדער, די העלדן האָבן גענומען אַנטלויפן, פאַרלאָזט דעם טויער, זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. די לאַגערניקעס וואָס אויפן הויף זענען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן, האָבן זיך שוין דערוועגט אַרויסצוקוקן אין דרויסן דורך די שפּאַלטן אין טויער. די גאַס האָט זיך אָפּגעליידיקט, די סכּנה איז אַריבער.

באַלד האָט מען זיך דערוווּסט, ווער ס׳איז געווען דער רעטער; די קינדער האָבן אַרומגערינגלט סטעפּאַנען מיט פאַרערונג און התפּעלות און זענען נישט מיד געוואָרן אויסצוהערן די איינצלהייטן פון דעם וווּנדער... און באַלד זענען די עלטערע יינגלעך... און באַזונדער, סטעפּאַן, געוואָרן די העלדן פון טאָג אין קאָמיטעט. און ווי ס׳פּאַסט פאַר אמתע העלדן — האָבן זיי זיך נישט באַרימט מיט זייער העלדישקייט. בלויז דאָס, וואָס איצט האָט סטעפּאַן נאָך לעבעדיקער גענומען דערציילן וועגן זײַן קאָמענדאַנט מאַקסים.

— ער האָט געהאַט נאָך בעסערע אײַנפאַלן — האָט ער געזאָגט — ער האָט געקאָנט, ער איינער אַליין, איבערשרעקן אַ גאַנצע דײַטשישע אָפּטיילונג.

— נאָך בעסער וואָלט געווען, ווען מיר וואָלטן דאָ האָבן, אַזויווי אין געטאָ, מאַלאָטאָוו־פּלעשער, — האָט געזאָגט די קליינע אָלגע פּאָדגור־סקאָ, איינע פון די צוויי שוועסטער, וואָס האָבן בשום־אופן נישט מסכים געווען איבערצוגיין פון גרויסן זאַל אַרויף צו די קינדער.

— אַ גרויסע חכמה צו מאַכן מאַלאָטאָוו־פּלעשער, איך קאָן דיך גלייך אויסלערנען, — האָט זיך אָנגערופן בראָנעק — ס'וואָלט כדאַי געווען צו מאַכן אַ קליינע לאַבאָראַטאָריע... מיר זאָלן האָבן אויף אַ צווייט מאָל...

פון דעם זונטיק אָן האָט סטעפאַן אויפגעהערט צו רעדן וועגן זיין רייזע קיין רוסלאַנד, און בראָנעק פלעגט אַרומגיין שטענדיק מיט עפּעס אַ פלאַש אין האַנט און יעדע רגע זי אַ שאָקל טאָן און צוטראָגן צום אויער, צו הערן צי זי צישעט שוין...

## דער רויטער ייד

ערשט נאָכדעם ווי דער שטורעם פון שרעק איבערן קאָמיטעט איז אַריבער, און די פּאָליציי האָט אָפּגעטאָן וואָס זי האָט באַדאַרפט, האָט מען זיך דערוווסט, וואָס איז געווען די סיבה פונעם איבערפאַל אויפן קאָמיטעט. די סיבה איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען לייבוש בוכמאַן און זיין צעניעריק מיידעלע לאה. ער איז ערשט געזעסן ביי אונדז אין סעקרעטאַריאַט, אינמיטן צימער, מיט אַ צעריסן און צעפליקט העמד, אָן אַ מאַרינאַרקע, אָן אַ היטל, און זיינע רויטלעכע, צוזאַמענגעקלעפּטע האָר זענען אים אַראָפּגעהאנגען איבערן פּנים, וואָס איז אָפּגעגאַנגען מיט שווייס. נישט ווייט פון אים איז געשטאַנען זיין טעכטערל, אײנגאַנצן ענלעך צו אים, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שרייענדיק רויט מאַנטעלע און נייע געלע שיכלעך, אירע האָר זענען געווען פייערדיק רויטע, ווי ביי איר טאַטן, דאָס פּנימל אין זומער־שפּרענקעלעך. די ליפּעלעך פאַרביסן און בייז. זי האָט געקוקט אויפן טאַטן מיט האַס און אויף אונדז אַלע מיט שרעק.

— איר ווייסט נאָכנישט, — האָט דער טאַטע געמורמלט, ווי גערעדט צו זיך אַליין — איר ווייסט נישט גאָרנישט... דער דאָזיקער איבערפאַל און דאָס נאָכיאָגן מיך איז נאָך גאָרנישט... גאָרנישט...

— אַ שיינער גאָרנישט, — האָט אַ בורטשע געטאָן פרוי ערנאַ — ס'האָט אונדז מער גאָרנישט געפעלט, נאָר דער דאָזיקער איבערפאַל... איצט וועט מען ווידער דאַרפן געפינען אַ פּאַנד אויף צו האַלטן אַ באַוואָפנטע וואַך פאַרן קאָמיטעט־טויער...

— פרוי ערנאַ, — האָט זיך אויפגעקאָכט דער פּרעזעס — לאָמיר אים לאָזן רעדן עטלעכע ווערטער. איר זעט דאָך, ווי דער ייד זעט אויס... איר קאָנט רעדן, הער בוכמאַן, — האָט ער זיך צו אים געוואָנדן — רעדט אָפן, שרעקט אייך נישט, איר געפינט זיך צווישן אייגענע.

— איך שרעק זיך?! — האָט ער זיך אויסגעגלייכט פון זיין געבויגנ־קייט — איך? איך? אויף אַלע פראָנטן האָב איך געקעמפט און זיך נישט געשראָקן. איך האָב זיך געשלאָגן היינטער סטאַלינגראַד און באַקומען זיבעצן וווּנדן. אָט, ביטע, גיט אָט דאָ־אָ אַ קוק, אויף מיין ברוסט און אויף מיינע הענט, אָט האָב איך נאָך דאָ שראַמען וואָס האָבן זיך נאָכנישט אינגאַנצן פאַרהיילט... כ'האָב דערפאַר באַקומען אַ מעדאַל — וועל איך זיך שרעקן?

מיר האָבן אַלע שטילשווייגנדיק געקוקט אויף זיינע שראַמען. דער ייד אָבער האָט געקוקט אויף זיין טעכטערל. זי איז געשטאַנען צו אים אויסגעדרייט מיט די פּלייצעלעך, צוגעדריקט צו דער טיר. דאָס רויטע מאַנטעלע איז איר אַראָפּגעהאָנגען פון איין אַקסל, די האָר זענען געווען צעשויבערט, צעקאָלטנט, די פוסטלעך ספּאַזמאַטיש פאַרקוועטשט...

— דאָס אַלץ איז צוליב איר, צוליב איר! — האָט ער געטייטלט אויפן קינד מיט אַ פינגער — דער גאַנצער איבערפאַל און אַלע מיינע פּלאָגן. דער אייבערשטער האָט מיך שווער באַשטראָפט פאַר אַלע יידישע זינד. האָט מיר געגעבן אַ שלעכט קינד, וואָס פאַרקירצט מיר די יאָרן... ערשט בין איך שוין אַ פאַרענדיקטער מענטש, אַ פאַרענדיקטער. איך האָב שוין מער גאָרנישט אויף דער וועלט...

— נו, באַרויקט אייך, באַרויקט אייך, — האָט אים דער פּרעזעס אַ גלעט געטאָן איבער דער פּלייצע — דערציילט אונדז אַלץ, וועט אייך לייכטער ווערן. אפשר וועלן מיר אייך קענען העלפן...

— מיר וועט שוין קיינער נישט העלפן, — האָט דער ייד פאַרצווייפלט אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — דאָס קינד וועט מיך שוין אַריינ־טרייבן אין קבר אַריין...

— אָבער דערציילט אונדז וואָס איז געשען, — איז צו אים צוגע־

שטאַנען פרוי ערנא — פאַרוואָס האָט מען אייך נאָכגעיאָגט? פאַרוואָס האָט איר זיך דווקא אום זונטיק אַרומגעדרייט מיטן קינד לעבן קאָשציאָל? זיי וואָלטן דאָך געקאָנט אונדז אַלע אויסמאָרדן צוליב אייך. מ'קאָן נאָך ביז איצט נישט באַרויקן די קראַנקע אויבן אין שפּיטאָל־צימער (אין צווישנצייט האָט מען געשאַפן אַ קליין שפּיטאָלעכל פאַר קראַנקע אויפן זעלבן שטאָק ווו די קינדער זענען געווען, און מ'האָט אָפּגעצוימט דעם טייל קאָרידאָר מיט אַ טיר).

— פרוי ערנאָ, פרוי ערנאַ, לאָזט זיי צורו — האָט פון הינטער זיין פּלייצע דער פּרעזעס אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

אָבער ס'האָט אויסגעזען אַז דער ייד הערט לחלוטין נישט וואָס מ'רעדט צו אים, ווי ער רעדט צו זיך אַליין.

— איר ווייסט נישט... קיינער קאָן נישט וויסן וואָס איך האָב איבערגעלעבט... ווען איך בין נאָך געווען אין רוסלאַנד, — ער האָט זיך פאַרשטעלט דאָס מויל מיט דער האַנט, ווי אַנטפּלעקנדיק אַ טיפן סוד — כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך האָב די סאָוועטן קיינמאָל נישט אָנגעהויבן צו גלייבן אין גאָרנישט... ווען זיי האָבן דערציילט וועגן די דייטשן און וועגן אַלץ וואָס זיי האָבן געטאָן די יידן. כ'האָב זיך געטראַכט: רוסישע פּראָפּאַגאַנדע... און גלייך נאָך דער מלחמה בין איך אַהיימגעפאָרן, אין אונדזער שטעטל, קיין ווישעגראָד. כ'האָב דאָך דאָרט איבערגעלאָזט מיין ווייב, רבקהן, און פיר פּיצלעך קינדער. יאַנקעלע, דאָס יינגסטע, איז נאָך געווען ביי דער ברוסט, און די עלטסטע, לאהלע — אָט די וואָס איר זעט דאָ — איז דעמלט אַלט געווען פינף יאָר... כ' האָב זיך געטראַכט, איצטער, נאָך דער מלחמה, וועט נעמען אַ סוף צו מיינע צרות, כ'וועל זיך אומקערן צו מיין ווייב און קינדער, וועל ווייטער האַנדלען מיט אייער, ווי פאַר דער מלחמה... כאָטש מ'האָט מיך אויסגעהונגערט און פאַרוואונדעט, כאָטש איך פאַרמאָג שוין נישט די כוחות פון אַמאָל (פאַר דער מלחמה האָב איך דאָך געקאָנט אויפהייבן אַ הונדערט־קילאָדיקן זאַק מעל אויף די פּלייצעס, גלייך ווי גאָרנישט), אָבער פאַר מיין ווייב און קינדער וועל איך נאָך אויף יעדן אופן פאַרדינען...

— און אָט קום איך סוף־כל־סוף קיין ווישעגראָד, און דערוויש דאָרט אַ חורבן, ערגער ווי דער חורבן־ירושלים... נישטאָ קיין איין ייד אין שטעטל, די יידישע הייזער זענען אויסגערויבט, אין די יידישע געוועלבער זיצן גויים... איך פרעג אויף מיין ווייב און קינדער, און זיי קוקן אויף מיר ווי אויף אַ

משוגענעם... וואָס! זאָגן אַלע, איר ווייסט נישט?! מ'האָט זיי אַלע פאַרזאַמלט אין בית־מדרש און פאַרברענט לעבעדיקערהייט... זיי האָבן נישט געקאָנט אַנטלויפן, ווייל די דייטשן זענען געשטאַנען אַרום און געשאָסן יעדן וואָס האָט געפּרוווט אַנטרינען... „אָבער מיין ווייב, מיין רבקה, האָב איך אָנגע־הויבן שרייען, און מיינע קינדער ווו זענען?" און זיי אַלע, אַז זיי האָבן געהערט מיינע געשרייען, האָבן געהויבן די אַקסל און זענען זיך צעגאַנגען... וואָס האָב איך געהאַט צו טאָן? כ'בין געפאָרן צו אייגעם אַ יידן, מיינעם אַ באַקאַנטן, וועלכער איז לעבנגעבליבן, ווייל ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער, און בין געזעסן ביי אים שבעה נאָך יעדן איינעם פון מיינע קינדער און נאָך מיין ווייב, מיין רבקה...

— און אַז איך האָב זיך אויפגעהויבן פון דעם שבעה־זיצן, האָב איך אַ טראַכט געטאָן: כ'וועל אַוועק פונדאַנען, וווהין די פיס וועלן מיך טראָגן... און דאָס דאָזיקע שטעטל, מיין ווישעגראָד, זאָל זיך עס איבערקערן ווי סדום ועמורה מיט אַלע אירע איינוווינער... פאַר דעם אַלץ וואָס זיי האָבן מיר געטאָן, פאַר דעם אַלץ וואָס זיי האָבן געטאָן אַלע יידן... פאַר דעם וואָס די פּאָליאַקן האָבן געהאָלפן מאָרדן די יידן, פאַר דעם וואָס זיי האָבן אָנגעטייטלט מיט אַ פינגער: „אָט דאָ האָט זיך באַהאַלטן נאָך אַ ייד".

— און דערמיט וואָלט זיך אַלץ געווען געענדיקט. אָבער ווען איך האָב שוין געהאַט באַשלאָסן צו פאָרן קיין קראָקע, איז צוגעקומען צו מיר אַ יידיש יינגל, וואָס האָט זיך געראַטעוועט אין אַ לאַגער, מיינעם אַ שכנס אַ זון, און מיר געזאָגט: „לייבוש, כ'האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען, ווי דיין לאהלע איז דעמלט אַנטלאָפן, ווען די דייטשן האָבן זיי גענומען אין בית־מדרש אַריין. איך זאָג דיר אַז זי לעבט. ווּעסט זען. די פּאָליאַקן האָבן זי אַריינגענומען אין אַ מאָנאַסטיר... איך זאָג דיר, זאָלסט זי זוכן..." וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען, פון דער רגע אָן האָט שוין מיין האַרץ נישט געוווּסט פון קיין רו. ס'הייסט, מיין קינד לעבט, און איכל עס נישט אָפּגעפינען? און כ'האָב גענומען גיין פון איין מאָנאַסטיר אין צווייטן. כ'האָב באַקומען אַ ספּעציעל דערלויבעניש פונעם קאָמענדאַנט, כ'בין דאָך געגאַנגען זוכן מיין אייגן קינד... אָבער מ'האָט מיר נישט געוואָלט ווייזן די קינדער. מ'האָט אָנגערייצט אויף מיר די הינט, כאָטש איך האָב געהאַט אַ דערלויבעניש. אָבער איך האָב נישט נאָכגעגעבן. איך פלעג שטיין הינטער די פאַרקאַנעס, אַריינקוקן דורך שפּאַרעס, ווען די קינדער פלעגן אַרויסגיין

אויף אַ שפּאַציר. כ׳האָב דאָך געוווּסט, אַז אויב כ׳וועל דערזען מיין קינד, ליב פון מיין לייב, וועל איך עס תיכף־ומיד דערקענען.

— וואָס זאָל איך אייך ברייען און וואָס וועט מיך דאָס ברייען העלפן. כ׳האָב שוין מער קיין כוח נישט געהאַט צו גיין אויף די פיס, און מיין מיידעלע נישט געפונען. כ׳האָב שוין געטראַכט, אַז דאָס יינגל האָט מיך אָפּגענאַרט, ווייל אויך זיין טאַטע פלעגט ליב האָבן זאָגן ליגן.

— און אָט דאָ — אין קראָקע האָבן איך זי אָפּגעפונען אין אַ מאָנאַסטיר אין קשעמיאָנקע... ווייל כאָטש איך האָב זיך שוין געהאַט מיאש געווען, האָב איך נישט אויפגעהערט זי צו זוכן... כ׳האָב זי פּשוט דערזען אין גאַס, ווען זי איז געגאַנגען מיט אַנדערע קינדער און מיט צוויי מאָנאַכינס אין מאָנאַסטיר אַריין... זי איז געגאַנגען אין דער ערשטער שורה, און כ׳האָב זי גלייך דערקענט.

— דאָס גאַנצע בלוט איז מיר אַוועק פון פּנים, ווען כ׳האָב זי דערזען, די פיס זענען מיר ווי איינגעוואַקסן אין דער ערד, און האָב נישט געקאָנט אַ וואָרט פון מויל אַרויסברענגען... אָבער כ׳האָב געוווּסט, אַז פון דעם שטיין וועט גאָרנישט אַרויסקומען, אַז איך מוז לויפן, צואיילן זיך און אָפּנעמען מיין מיידעלע. בין איך קודם געוואָר געוואָרן אויף קלאָר ווו זי געפינט זיך, דערנאָך האָב איך גענומען די דערלויבעניש און מיין מעדאַל, בין אַוועק אין מאָנאַסטיר און האָב געפאָדערט אַ זעונג מיט זייער „מוטער״ אַליין.

— מ׳האָט מיך אַריינגעפירט עפּעס אין אַ טונקעלן זאַל, מיט אַ גרויסן צלם אויף דער וואַנט. ס׳האָט אויסגעזען ווי אין אַ קאַשציאָל... און דאָ האָט מען מיך געהייסן וואַרטן. און ווי איך האָב אַזוי געוואַרט אויפן לייב־פון־מיין־לייב און בלוט־פון־מיין־בלוט, און נאָכאַמאָל זיך דערמאָנט מיין גאַנץ אומגליק, מיין ווייב מיט די דריי קינדער, וואָס די דייטשן האָבן פאַרברענט, בעת איך האָב געקעמפט פאַר דער פרייהייט, האָט מיך אָנגעכאַפּט אַזאַ צאָרן, אַז איך קאָן אייך נישט אויסמשלען... כ׳האָב זיך געטראַכט: ווו ביסטו ערגעץ, גאָט אין הימל? און ווי קאָנסטו צוקוקן די גרויסע עולה וואָס ווערט אונדז אָפּגעטאָן? וואָס פאַר אַ גאָט ביסטו, אויב דו קוקסט זיך צו פון אויבן אויף דעם אַלץ — און טוסט נישט גאָרנישט צו באַשטראָפן די שולדיקע? פאַרוואָס נעמסטו נישט די דאָזיקע גאַנצע וועלט און דערטרינקסט זי נישט מיט אַלע אירע תּלינים? פאַרוואָס האָסטו אַמאָל געקאָנט אַזוי באַשטראָפן, און היינט ביסטו אַזאַ שוואַכער?

— און ווי איך בין אַזוי געשטאַנען אין מאָנאַסטיר אין דער טונקלקייט און האָב געטראַכט וועגן דעם אַלץ, האָט זיך געעפנט די טיר, און ס'האָט זיך אין איר באַוויזן די עלטסטע „מוטער" מיט אַזעלכע שוואַרצע פליגל אויפן קאָפּ, און לעבן איר מיין מיידעלע...

— לאהלע! — האָב איך הויך אַ געשריי געטאָן — מיין איינציק מיידעלע, דאָס גאַנצע לעבן מיינס! צי דערקענסטו דעם טאַטן דיינעם?"

— כ'האָב געזען, אַז זי האָט מיך גלייך דערקאַנט, וואָרן זי האָט געטאָן אַ ציטער מיטן גאַנצן קערפּערל און אַ קוק אויף מיר אַזוי, ווי זי וואָלט זיך וועלן אַ לאָז טאָן צו מיר, אָבער גלייך האָט זי זיך אַ צי געטאָן אויף צוריק און געזאָגט מיט אַ טרוקן, הילצערן קול: „איך קען אייך נישט; איר זענט נישט מיין טאַטע, איך בין אַ קריסטין...". איך זאָג אייך, אַז מיין האַרץ האָט דעמלט פון ווייטיק נישט געפּלאַצט, איז עס אַ האַרץ פון אייזן, און נישט קיין לעבעדיק האַרץ פון אַ מענטש...

דער רויטער ייד האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַרץ, ווי ער וואָלט וועלן זען, צי האָט זיך אים באמת דאָס האַרץ נישט אויסגעטווישט אויף קיין אייזערנס... דער פּרעזעס האָט אָפּגעווישט די אויגן, וואָס זענען אים אַלץ רויטער געוואָרן. פרוי ערנאַ האָט אויטאָמאַטיש געדרייט די פעדער אין האַנט, און איך האָב געקוקט אויפן מיידעלע. זי איז ערשט געשטאַנען אין אַ ווינקל, לעבן דער טיר, פאַרטייעט ווי אַ חיהלע, וואָס וויל אַנטלויפן פון שטייג... האָט קיין איין קוק נישט געטאָן אויפן טאַטן. אירע אויגן האָבן געקוקט אויף דער טיר וואָס איז געווען פאַרשלאָסן אויפן שליסל... דערווייל האָט דער רויטער ייד ווייטער גערעדט:

— פונדעסטוועגן האָט מיר געקלעקט כוח צו זאָגן דער „מוטער":

„דאָס איז מיין קינד. איך האָב אַ דערלויבעניש זי צו נעמען מיט זיך, און כ'וועל אָן איר נישט אַוועקגיין". די מנישקע האָט געזאָגט: „זי איז שוין געקריסטיקט און האָט אַן אַנדערן נאָמען". איך האָב איר געזאָגט: „זי האָט נאָר איין נאָמען, דעם פאַמיליע־נאָמען פון איר טאַטן". האָט די מנישקע געזאָגט: „זי איז געהייליקט יעזוס קריסטוסן, און וויל נישט צוריקגיין צו די יידן". דערויף האָב איך זיך אָנגערופן: „זי האָט אַ לעבעדיקן טאַטן, און מוז זיך אומקערן צום טאַטן, צום יידישן פאָלק און צו דער רעליגיע פון אירע אָבות". דאָ האָט די מנישקע עפּעס אַ שושקע געטאָן לאהלען אין אויער, און מיין לאהלע האָט נאָכאַמאָל אַ זאָג געטאָן: „איך קען אייך נישט און וועל פונדאַנען נישט אַוועקגיין. איך בין אַ קריסטין".

האָב איך שוין געזען וואָס ווײַטער וועט זײַן, איך האָב שוין מער נישט געבריִעט און זי געטאָן אַ כאַפּ מיטן גאַנצן כוח און געזאָגט: „דו מוזט גײן מיט מיר, איך בין דײַן טאַטע!" — און זי מיט געוואַלד צוגענומען פֿון מאָנאַסטיר.

— אָבער מײַנט נישט, אַז דאָס איז שוין געווען דער סוף פֿון מײַן אומגליק, אָ, נײן. ערשט דערנאָך האָט זיך עס אַלץ אָנגעהויבן. איר זעט, ווי זי שטייט זיך דאָרט אין ווינקעלע און ברענגט קײן וואָרט נישט אַרויס פֿון מויל? זי רעדט שוין נישט אַזוי צו מיר אַ גאַנצן חודש, ווי זי וואָלט, גאָט באַהיט, געווען שטום. זי איז דאָך בייז אויף מיר, פֿאַרוואָס כ'האָב זי אַרויסגענומען פֿון מאָנאַסטיר. וואָס האָב איך שוין אַלץ נישט געטאָן, אַז דאָס קינד זאָל ווייכער ווערן. האָב איר געקויפֿט זעמעלעך מיט וווּרשט (ווען האָט זי דאָס אין מאָנאַסטיר פֿאַר די אויגן געזען?) געקויפֿט אַ רויט מאַנטעלע מיט אַ האַנטבײַטל, נײַע שיך איר געקויפֿט... אַליין גיי איך מיט צעריסענע שיך, און פֿאַר איר האָב איך אַלצדינג... אַנדערע האַנדלען, פֿאַרדינען, פֿאַרמאָגן — און איך גאָרנישט, האָב נאָר צו טאָן מיטן קינד. וואָס איך האָב שוין אַלץ נישט ארײַנגערעדט אין איר, געוויינט פֿאַר איר: „געדענקסטו נישט, לאהלע, ווי דו האָסט געטראָגן דעם קליינעם משהלע אויף די הענט און אים געגעבן חלה מיט מילך אין מיילכל אַרײַן? און דערמאָנסטו זיך נישט דעם זיידן מיט דער באָבע, ווי זיי האָבן דיך געבענטשט אום ערב־יום־כיפּור פֿאַר כל־נדרי? און ווי מ'האָט מיך גענומען אין מיליטער... געדענקסט ווי דו האָסט געוויינט? ווי דו האָסט געשריגן „טאַטע גיי נישט אַוועק!" ?" — זי געדענקט אַלץ זייער גוט. איך דערקאָן עס אין אירע אויגן. אָבער זי וויל נישט דערקענען. זיי האָבן איר אַ כישוף אָנגעטאָן. שטאָט אַ האַרץ, אַ שטיין אַרײַנגעלייגט אין ברוסט...

— און אַזוי שלעפּט זיך עס שוין דעם צווייטן חודש... און הײַנט בין איך אַרויסגעגאַנגען מיט איר אויפֿן מאַרק, צו קויפֿן איר קרעלן, זי זאָל נישט זײַן אַזוי בייז... גאָט איז מײַן עדות, אַז כ'האָב, חלילה, נישט געמיינט קײן שום שלעכטס. כ'האָב אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז הײַנט איז זונטיק... חוץ דעם ברענגען די רוסן אַלץ צו פֿאַרקויפֿן נאָר אום זונטיק... גיי איך מיט איר דורכן מאַרק, ווי מיטאַמאָל גייען אַרויס צוויי מנישקעס פֿון אַ מאָנאַסטיר. ווי נאָר מײַן טאָכטערל האָט זיי דערזען פֿונווייטנס, האָט זי זיך געטאָן אַ ריס אַרויס פֿון מײַן האַנט, זיך געלאָזט לויפֿן צו די מנישקעס און געשריגן: „שוועסטער, ראַטעוועט מיך! נעמט מיך צו פֿון

דאָזיקן רויטן ייִד, װעלכער האָט מיך געכאַפּט און זאָגט אַז ער איז מײַן טאַטע!״

— די שװעסטער האָבן זי גלײַך גענומען צו זיך און אָנגעהויבן גלעטן. און איך האָב געזען װאָס דאָ פּאַרקאָכט זיך, און אַז אַלץ מער מענטשן קומען אַרויס פֿון מאָנאַסטיר, האָב איך זי אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר דער האַנט און גענומען מיט איר אַנטלויפֿן צום קאָמיטעט... מענטשן האָבן גענומען זיך יאָגן נאָך מיר, װאַרפֿן שטײנער און שרײַען: „דער רויטער ייִד האָט אַװעקגעכאַפּט אַ קריסטלעך קינד!״ קוים אַ לעבעדיקער בין איך אַהער דערלאָפֿן, אָבער דאָס קינד האָב איך פֿון דער האַנט נישט אַרויסגעלאָזן...

— און איצטער זאָגט מיר װאָס האָב איך צו טאָן מיט דעם קינד װאָס װיל זיך נישט לאָזן דערקענען, נישט צו מיר, נישט צו איר מאַמען, װאָס איז אומגעקומען װי אַ קדושה, און נישט צו אירע שװעסטער און ברידער, װעלכע מ׳האָט פֿאַרברענט לעבעדיקערהייט? האָב איך זי אפֿשר געדאַרפֿט איבערלאָזן בײַ די מנישקעס, װעלכע האָבן זי געלערנט אַזוי פֿײַנט צו האָבן איר טאַטע־מאַמע? צי האָב איך זיך אַזױפֿיל געפּלאָגט און געליטן אין דער דאָזיקער מלחמה, איך זאָל איצטער צוקוקן װי מײַן אײגן פֿלייש און בלוט, מײַן אײגן קינד, אַ קינד װאָס אירע אָבות און אָבות־אָבותינו זענען געװען ייִדן, װערט דערצויגן פֿײַנט צו האָבן אונדזער פֿאָלק װי דער ערגסטער אַנטיסעמיט?

דער רויטער ייִד איז צוגעגאַנגען און אויסגעדרייט צו אונדז (װידער ביגװאַלט) דעם מײדעלעס קלײנע, בײזע און פֿאַרביסענע פּנימל. ס׳איז געװאָרן שטיל. פֿון אונטן האָבן זיך נאָך געהערט די פֿרײלעכע שטימעלעך פֿון די קינדער, װעלכע האָבן נאָך אַלץ געשמועסט װעגן דעם איבערפֿאַל אויפֿן קאָמיטעט, װעלכער איז מיט הצלחה אָפּגעשטויסן געװאָרן.

— װײסט איר װאָס? — האָב איך איבערגעריסן די שטילקייט — לאָזט איבער דאָס קינד בײַ אונדז. מיר פֿאָרן אינגיכן קײן זאַקאָפּאַנע. מיר האָבן דאָרט אַ שײן הויז. װעל איך אויך אײַער טעכטערל מיטנעמען. מיר האָבן נאָך מײדעלעך אַזעלכע װי זי... אָבער איך שטעל אײַן באַדינג, אין משך פֿון דרײַ חדשים זאָלט איר נישט קומען זען דאָס קינד.

— איך זאָל דרײַ חדשים נישט זען דאָס קינד? — האָט דער אומגליקלעכער טאַטע צעשפּרייט די הענט.

— אַזוי איז עס, — האָב איך אַ זאָג געטאָן אַנטשלאָסן — אויב איר װעט אַזוי נישט טאָן, װעט איר עס פֿאַרלירן לחלוטין. ביז הײַנט האָט

איר געטאָן אַלצדינג וואָס איר האָט דערוועקט אין איר נאָר האָס. איר האָט געוואָלט איר צווינגען זי זאָל טוישן איר גלויבן... איר צווינגען, זי זאָל אייך ליב האָבן... און דערנאָך האָט איר זי געוואָלט איבערקויפן. איז אָט זענען די רעזולטאַטן. מ׳דאַרף איר געבן די פולשטענדיקע גלויבנס־פרייהייט.

— דאָס אייגענע האָט מיר געזאָגט דער רב, — האָט אָפּגעזיפצט דער אומגליקלעכער טאַטע און, ווי זיך אונטערגעבנדיק, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

# זאַקאָפּאַנע

הער שומני און זיין געהילף הער טשאַפּניק זענען צוריקגעקומען פון זאַקאָפּאַנע נישט אין קיין געהויבענער שטימונג. כ׳האָב דאָס גלייך באַמערקט, און ס׳האָט מיך באומרויקט. פונדעסטוועגן בין איך געווען אַנטשלאָסן, נישט צו לאָזן זיך פון קיין שום זאַך אָפּשרעקן.

— איז ווי איז עס דאָרט געווען אין זאַקאָפּאַנע, הער שומני ? — האָב איך אים געפרעגט.

— נו, אַזוי זיך, ווי אַלץ וואָלט זיין אין אָרדענונג, פרוי לייטערין (צו יענער צייט האָבן מיר שוין די דערוואַקסענע צוגעטשעפּעט דעם דאָזיקן טיטול, און די קינדער האָבן אים פון זיי איבערגענומען ; און דער פּרעזעס פלעגט זיך וויצלען איבער מיר און זאָגן — נאָך גוט וואָס מ׳רופט אייך נישט פרוי „דירעקטאָרין״).

— וואָס באַטייט עס דיין „ווי אַלץ״ ? — האָב איך אים געפרעגט, אַן אויפגערעגטע.

— איך זאָג „ווי״, ווייל נישט אַלץ איז כשורה, ווי עס דאַרף צו זיין...

— וואָס איז נישט כשורה ? וואָס איז נישט ווי ס׳דאַרף צו זיין ? זייט אַזוי גוט און רעדט נישט מיט קיין רמזים. כ׳פאָר דאָך שוין אַהין צוזאַמען מיט די קינדער און מוז וויסן וואָס דאָרט טוט זיך.

— נו, טאָן טוט זיך דאָרט גאָרנישט... אָבער איר דאַרפט נישט טראַכטן, אַז ס׳איז די זעלביקע זאַקאָפּאַנע וואָס איז געווען אַמאָל...

— זאַקאָפּאַנע איז שטענדיק געווען אַנטיסעמיטיש...

— ריכטיק. אָבער אין דער צווישנצייט זענען דאָרט געווען די דייטשן...

און האָבן געמאַכט פֿון די גוראַלן אַ דײַטשישע ראַסע — גוראַלן־פֿאָלק, און אַלע ײדן אין זאַקאָפּאַנע האָבן זײ אויסגעהרגעט...

— דאָס אַלץ איז באַוווּסט, ה׳ שומני, און ס׳איז נישט נײטיק עס איבערצוחזרן. איך פֿרעג, וואָס פֿאַר אַ געמײנזאַמס האָט עס מיט אונדז? איך קום דאָך אַהין צו פֿאָרן מיט הונדערט יתומים, אויסגעהונגערטע, קאַליעקעס... ווּעמען ווּעלן די קינדער שטערן? זאַקאָפּאַנע איז אַ קור־אָרט. די אָרטיקע מענטשן לעבן פֿון די קורגעסט. קוקן זײ אויס. הײנט, נאָך דער מלחמה, זאַקאָפּאַנע איז רויִנירט געוואָרן דורך די דײַטשן, פּאַרוואַרלאָזט... און איך וועל דאָרט האָבן אַ גאַנץ יאָר אַ הויז מיט אַ הונדערט פּופּציק קינדער. וועל קויפֿן בײ זײ פּראָדוקטן, גרינצווײג, פֿלײש, מילכוואַרג. זיך באַמיִען אײנצושטעלן גוטע באַציִונגען מיט זײ. פֿאַרוואָס זאָלן זײ אונדז שלעכט אויפֿנעמען? ס׳ליגט דאָך אין זײער אינטערעס, זײ זאָלן זיך צו אונדז גוט באַציִען. און חוצדעם, איז דאָך נאָך בײ מענטשן פֿאַראַן אַ ביסל מיטגעפֿיל צו קלײנע קראַנקע קינדער, יתומים.

— מילא, מיך האָט איר שוין אינגאַנצן איבערגעצײגט, — האָט שומני איראָניזירט — ס׳בלײבט אײך איבער בלויז אויך זײ דאָרט צו איבערצײגן...

— און ווי זעט אויס דאָס הויז? — האָב איך אָפּגעווענדט דעם שמועס פֿון דער ווײטיקלעכער טעמע — זענען די צימערן געמאָליעוועט אין העלע קאָלירן, ווי איך האָב געבעטן? פֿונקציאָנירן קלאָזעטן און וואַנע־צימערן ווי ס׳דאַרף צו זײן? און די פֿאַרב פֿון די טירן־פֿענצטער איז שוין טרוקן?

— דאָס ווײסן מיר נישט, — האָט זיך טשאַפּניק אַרײנגעמישט אין שמועס — אויף דעם גיט אַכטונג דער דאָקטאָר שאַרי... ער קומט יעדן טאָג און פֿאַרנעמט זיך מיט די אַרבעטער. און מיר האָבן בלויז געדאַרפֿט אָפּפֿירן אַהין די זאַפּאַסן און זײ מאַגאַזינירן... און דאָס האָבן מיר געטאָן. מיר זענען, גאָט צו דאַנקען, דערפֿאָרן אַהין בשלום און אַלץ אַראָפּגעלאָדנט. אָט איז דאָ די באַשטעטיקונג פֿון דאָקטאָר, אַז ער האָט אַלץ באַקומען... איר קאָנט קאָנטראָלירן...

— גוט, גוט, הער טשאַפּניק, ס׳איז נישט נײטיק. און איך דאַנק אײך פֿאַר אַלץ... הײסט עס, אַז קײן שום זאַך שטערט שוין איצט נישט, איך זאָל אַרויספֿאָרן מיט די קינדער.

שומני און טשאַפּניק האָבן זיך אײליק איבערגעקוקט.

פֿרוי לײטערין — האָט זיך ווידער שומני געקווענקלט און באַמיט

נישט צו קוקן אין מיין זייט — איך אויף אייער אָרט וואָלט נישט געפאָרן אַהין מיט די קינדער...

— פאַרוואָס, הער שומני ?

— איר וועט זיך דאָרט קיין עצה נישט געבן...

— מיט וועמען ? מיט וואָס ?

— מיט אַלץ... זיי האָבן דאָרט געדונגען אַ גרויסן אָביעקט.. אַ ריזיק הויז.. אינגאַנצן אָן אָפּנס און באַגלאָזטס... אפילו קיין פּאַרקאַן איז נישטאָ אַרום הויז... איר וועט זיך געפינען צווישן סאַמע שונאים... איך ווייס... כ׳האָב געהערט וואָס זיי האָבן גערעדט... איך בין נישט געפאָרן אַהין ווי אַ ייד, און אויך נישט טשאַפּניק... אויף אונדזער מזל האָבן מיר אַ „גוט" אויסזען... ווי וועט איר זיך דאָרט אָן עצה טאָן, אַ פרוי אַליין ? אפילו אַ געזונטער און שטאַרקער מאַנצפּאַרשוין וואָלט זיך קיין עצה נישט געגעבן...

— הער שומני, און דאָ אין קראָקע זענען מיר נישט צווישן שונאים ? צי האָט איר נישט געהערט וועגן דעם נעכטיקן איבערפאַל ?

— ריכטיק. אָבער דאָ איז אינגאַנצן אַנדערש. דאָ זענען מיר אין אַ שטאָט און אַלע צוזאַמען, און מיר קאָנען זיך פאַרטיידיקן. מ׳קאָן אַלאַרמירן די פּאָליציי. ס׳זענען דאָ אַ סך מאַנצביל. און דאָרט וואָס איז ? עלנט... איר וועט זיין אַליין מיט הונדערט קינדער און די אַרבעטערינס... וויפל מאַנצביל האָט איר אין פּערסאָנאַל ?

— בלויז איינער, דער דאָקטאָר... אָבער דאָס איז נישט וויכטיק. ווען ס׳וואָלט דערצו דערגאַנגען, וואָלטן מיר זיך פאַרטיידיקט ווי מאַנצבילן... אונדזערע ייִנגלעך האָבן שוין באַוויזן בעתן איבערפאַל נעכטן אויפן קאָמיטעט, אַז זיי וועלן נישט זיצן מיט קיין פאַרלייגטע הענט. אָבער נישט דאָס איז דער עיקר, הער שומני. מיר פאָרן נישט קיין זאַקאָפּאַנע פירן קיין מלחמה. מיר פאָרן אַהין צוליב די קינדער, זיי זאָלן קומען צום געזונט... מיר וועלן טאָן אַלץ וואָס מיר זענען אימשטאַנד, כדי איינצושטעלן פריינטלעכע באַציונגען מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג. און איך גלייב, אַז מיר וועלן געפינען צווישן די פּאָליאַקן פריינט, וואָס וועלן אונדז העלפן.

— נו, איך האָב נאָך נישט געזען יענעם פּאָליאַק, וועלכער זאָל ליב האָבן אַ יידן, — האָט שומני אַ וואָרטשע געטאָן איראָניש.

— הער שומני, איר האָט נישט וואָס צו איראָניזירן. מיר האָבן נישט קיין אַנדערן אויסוועג. אויב די קינדער וועלן איבערבלייבן אין קאָמיטעט אויף דלוגע־גאַס, וועלן זיי זיכער גיין צו גרונט. מיר פאָרן נישט אַהין צוליב פאַרגעניגן, נאָר מחמת נויטווענדיקייט.

שומני און טשאַפּניק זענען נישט געווען איבערצייגט, אָבער האָבן אויפגעהערט מיך איבערשפּאַרן.

— וואָס פאַר אַן אויטאָ ראָט איר מיר צו דינגען אויף אריבערצופאָרן קיין זאַקאָפּאַנע? — האָב איך זאַכלעך אַ פרעג געטאָן טשאַפּניקן.

— אויטאָס? — האָט ער געזאָגט מיט פאַרוווּנדערונג — איך מיין נישט מיר זאָלן קאָנען דינגען עטלעכע אויטאָס, ס׳זאָלן זיך געפינען שאָפערן וואָס זאָלן וועלן פאָרן מיט אונדז. מ׳דאַרף דינגען איין גרויסן לאַסטאויטאָ, געדעקט מיט ברעזענט. איך האָב איינעם אַ באַקאַנטן פּאָליאַק, וועלכער האָט אַזאַ גרויסן אויטאָ, און אפשר וועט ער מסכים זיין צו פירן יידן... דאָס וועט קאָסטן אַ ביסל טייערער, אָבער ער וועט פאָרן... די קינדער וועלן זיצן אינעווייניק הינטערן ברעזענט, און אויפן הינטערשטן טייל וועלן מיר אויפלאָדענען די בעטן און אַנדערע זאַכן...

— און די קינדער וועלן בכלל נישט קאָנען זען דעם וועג קיין זאַקאָפּאַנע? און זיין געצווונגען צו זיצן די גאַנצע צייט אין שטיקעניש אונטערן ברעזענט? — האָב איך געפרעגט אַן אַנטוישטע.

— נו, אויב איר ווילט ריזיקירן מיט די קינדער...

— גוט, גוט, זאָל זיין אַזוי... וועלן מיר פאָרן אונטערן ברעזענט. ביטע, דינגט דעם דאָזיקן אויטאָ און רעדט זיך אָפּ ער זאָל קומען פינף אינדערפרי.

— יאָ ס׳איז בעסער צו פאָרן וואָס פריער, ווען ס׳זענען דאָ וואָס ווייניקער מענטשן אין גאַס...

*

בין איך שוין, הייסט עס, געווען אַ טאָג פאַרן אַרויספאָרן קיין זאַקאָפּאַנע. ווען דאָס איז מיר אַרויף אויפן זינען, האָט מיך אַדורכגענומען אַ פיבער.

כ׳האָב באַדאַרפט אַלץ איבערלאָזן, אַלץ. מיין באַקוועמע דירה מיט די בילדער, מיין גלאַטן שרייבטיש מיט די באַליבטע ביכער... כ׳האָב געוווּסט, אַז דאָס לעבן וואָס איך גיי איצטער פירן וועט מיר נישט איבערלאָזן קיין פרייע צייט אויף ביכער. דאָס גרויסע רוישיקע הויז, די זאָרג פאַר די צוטיילונגען — וואָס וועט ווייטער זיין דער קאַמף פאַר דער הוילער טאָגטעגלעכער עקזיסטענץ. ניין, אין דער דאָזיקער וועלט וועט נישט זיין, נישט קיין פּלאַץ, נישט קיין צייט פאַר אַ וויסנשאַפטלעך בוך.

אָך, אפילו מיין מירעלען האָט מען מיר נישט געגעבן! די דאָקטאָרין האָט זי געשיקט קיין ראַבקע, און נישט קיין זאַקאָפּאַנע. זי האָט געזאָגט: דאָס איז אַ קינד וואָס ליידט אויף די דריזן. פאַר אַזאַ קינד איז די אַקאָפּאַנער לופט צו שאַרף. פאַר איר איז ראַבקע דאָס אויסגעצייכנטסטע אָרט.

איך האָב אָנגעשטרענגט זיך געראַנגלט פאַר מיין גליק. זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. געטענהט צו איר: דאָס איז אַן עמפּינדלעך קינד. ס׳האָט זיך צו מיר צוגעבונדן... די צעשיידונג מיט מיר קאָן שלעכט ווירקן אויף איר.

— עך, — האָט די דאָקטאָרין אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — א קינד בלייבט אַ קינד, זי וועט זיך צובינדן צו נייע מענטשן. און ראַבקע איז פאַר איר אומבאַדינגט בעסער איידער זאַקאָפּאַנע. איר וועט האָבן גענוג קינדער. איך גיב אייך הונדערט שטיפערס, איז ווייניק פאַר אייך?

יאָ, יאָ, כ׳וועל האָבן הונדערט קינדער... אָבער איין קינד וועל איך נישט האָבן... מיין זיסע מירעלע. ווי איך באַדויער דיך, מירעלע, און זיך אַליין.

*

איך האָב באַדאַרפט גיין צום פּראָפעסאָר זיך געזעגענען מיט אים. אים אויפקלערן די סיבות און די מאָטיוון וואָס האָבן מיך באַוויגן צו פאַרלאָזן די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. אָבער כ׳האָב באַשלאָסן נישט צו גיין, נאָר אַ בריוו אים שרייבן. ס׳האָט מיר נישט געסטייעט קיין דרייסטקייט אויפצו־דעקן פאַר אים די העסלעכע ווירקלעכקייט פון דער דערציונג ביי די יידישע קינדער אין פּוילן נאָך דער מלחמה. כ׳בין זיכער געווען, אַז ער וועט מיר נישט קאָנען גלייבן. ער איז דאָך געזעסן הינטער די דיקע ווענט פון דעם יאַגעלאָנישן מיטלאַלטערלעכן אוניווערסיטעט, וועלכע האָבן פאַר אים פארשטעלט די נייע ווירקלעכקייט. און ער איז מיר אויך אַ שאָד געווען, מיין אַלטער לערער, דער טייערער און תמימותדיקער פּראָפעסאָר.

איך בין אַריבערגעפאָרן פון מיין שיינער וווינונג אין קאָמיטעט אויף דלוגע־גאַס. בין די נאַכט געשלאָפן אויף אַ שמוציקן שעניק צוזאַמען מיט די קינדער. נאָר נישט געקוקט דערויף בין איך אויף מאָרגן אויפגעשטאַנען אַ פרישע, מיט שטראַלנדיקער פרייד אין האַרצן, מיט פלאַמען אין בלוט: אָט פיר איך אַרויס די בעלי־מומימדיקע קינדער אין דער וועלט אַריין, אין אַ לאַנד פון הויכע בערג. אין אַ העלער און שיינענדיקער לעגענדע. אָט גייען זיי שוין אַרויס פון די קעלערס, פון די באַהעלטעגישן, פון די קאַסטנס

און די מאָנאַסטירן־ווענט צו דער פֿרײַהײט! מיר גײען אַרױס אין דער ברײטער װעלט זיך אָנצונעמען מיט געזונט, פֿרײד, צו אַ נײ לעבן! מיר פֿאָרן צו אונדזער אײגן, רײן און ליכטיק הױז.

אָבער די אומגליקלעכע קינדער, געקומענע פֿון היטלערס קנעכטשאַפֿט, האָבן נאָכנישט פֿאַרשטאַנען װאָס דאָס איז פֿרײַהײט און װאָס איז די פֿרײד פֿון פֿרײַהײט. נישט פֿאַרשטאַנען װאָס הײסט עס רחבות, און האָבן זיך געשראָקן אַרױסצוגײן פֿון די פֿינצטערע װינקעלעך...

— ניך, איך װיל נישט, כ׳װעל נישט פֿאָרן מיט קײן לאָסטאױטאָ.

— האָט געװײנט אַ קלײן שװאַרץ ײנגעלע פֿון אױשװיץ־לאַגער. — מײן טאַטע האָט מען אױך גענומען אין אַ לאָסטאױטאָ אַרײן, און דערנאָך האָט מען אים פֿאַרברענט...

— כ׳האָב מורא, — האָט היסטעריש געשריגן די קלײנע, לונגען־קראַנקע עװוניע, װעלכע מ׳האָט צו אונדז געשיקט פֿון אַ מאָנאַסטיר — איך װיל נישט צו די ײדן...

— איך האָב מורא, מ׳װעט מיך אַרױסװאַרפֿן פֿונעם אױטאָ, — האָט זיך אונדז אַרױסגעריסן פֿון די הענט אַ מײדעלע מיט אַן אױסגעקרימטן חוט־השדרה, װעלכע איז געראַטעװעט געװאָרן אַדאַנק דעם, װאָס זי איז אַרױסגעפֿאַלן פֿו דעם דײטשישן אױטאָ, װאָס האָט געפֿירט ײדן צום טױט.

— די ײדן װעלן מיך הרגענען אין זאַקאָפּאַנע, — האָט געהאַלטן אין אײן איבערחזרן ליזיע די פּאַסטושקע — כ׳װיל צו מײן באַלעבאָסטע, צו מײנע ציגן...

ס׳האָבן נישט געהאָלפֿן די װײכסטע רײד, נישט די אײנרעדענישן, נישט דאָס זיסװאַרג און די מתנות. די קינדער האָבן זיך געשראָקן, נישט געװאָלט פֿאָרן. און װאָס איז דאָס װוּנדער ?...

ס׳איז געװען פֿאַרפֿאַלן. מ׳האָט געמוזט נעמען די קינדער מיט געװאַלט. די עלטערע קינדער האָבן גענומען אױף זיך די דאָזיקע אַרבעט און אַרױסגעשלעפּט די װײנענדיקע, מיט די פֿיסלעך װאַרפֿנדיקע, זיך דראַפּענ־דיקע קינדער פֿון אונטער די בעטן און טישן, פֿון אַלע װינקעלעך אַרױס, זײ געטראָגן מיט בײדע הענט אין דער הײך און זײ אַראָפּגעװאָרפֿן אױף די מאַטראַצן און שעניקעס, מיט װעלכע ס׳איז געװען אױסגעבעט די דעק פֿון אױטאָ.

— אָט האָסטו נאָך אַ װײנער, — האָט שאול אהינדערלאַנגט דעם הױכן סטעפֿאַנען, אַנטעקן, װעלכער שרײַט אױף קולי־קולות.

— זע נאַר, ווי ער האָט מיר אַ ביס געטאָן דעם פינגער אָט דער שוואַרצער שמאָדער, — האָט דער גרויסער מילעק געוויזן ליאָנעקן זיין בלוטנדיקע האַנט — ווען נישט די לייטערין, וואָלט איך אים געווען אַריינגעפּיצקעט אין הינטן אַריין ווי ס׳דאַרף צו זיין.

— ווער פון אייך, מיידלעך, וועט קומען צו לויפן די ערשטע צום אויטאָ? — האָט אויסגערופן די פּיפּיקע מאַרישע צו אַ גרופּע מיידלעך, וועלכע זענען געשטאַנען אין אַ זייט און זיך געקווענקלט — דער וועל איך געבן אַ פּריז: אַ בילדל מיט אַ ליאַלקעלע!

— פּרוי לייטערין, איך וויל פאָרן דעם גאַנצן וועג מיט לילין אויף די הענט, — האָט געבעטן די צעניעריקע האַנקע, וועלכע האָט מיר אַזוי פלייסיק געהאָלפן ביים וואַשן די קינדער דעם ערשטן טאָג אין קאָמיטעט — זי איז אַזאַ זיסע, איך האָב זי אַזוי ליב... אמת, אַז מיט מיר האָסטו נישט קיין מורא? וועסט זען, איך וועל דיך קיינעם נישט אָפּגעבן...

— דער, וואָס צומווייניקסטן רעדט, ניי־בע ניי־מע — האָט יצחק דער שוואַרצער געחוזקט, טראַגנדיק אַ ווייסלייביק, אומבאַוועגלעך יינגל, וועלכן מ׳האָט געבראַכט ערשט די לעצטע טעג. ער איז געווען אַ בלאַסער, ווייל ער איז גאַנצע דריי יאָר געזעסן אין אַ קעלער.

*

צו מיין גליק זענען ביי דעם אַלעם נישט געווען דער פּרעזעס און נישט קיין אַנדערער „חשובער" מענטש פון קאָמיטעט. ס׳וואָלט דעמלט געווען נאָך אַ גרעסערער געפּילדער ביים אויפלאָדענען די קינדער. אַזוי האָבן זיך די אָנגעשטעלטע מיט דער הילף פון די עלטערע קינדער אויסגעצייכנט אַן עצה געטאָן. מ׳האָט מיטגענומען מיט זיך אין וועג די נאַכטטעפּלעך פאַר די יינגערע און שוואַכערע קינדער, ווייל דער שאָפער האָט אויסגענומען פאָרויס, אַז ער וועט זיך נישט אָפּשטעלן אינמיטן וועג און פאַרהאַלטן צוליב יעדן קינד. לסוף זענען מיר אַרויסגעפאָרן. און נישט געקוקט אויף אַלע שרעקענישן און געוויינען, האָט זיך אין אויטאָ איינגע־שטעלט אַ פריידיקע שטימונג. די עלטערע יינגלעך האָבן געטריבן שפּאַס פון די קינדער וואָס האָבן זיך געשראָקן, נאָכגעמאַכט זייערע באַוועגונגען, זייער וועלן אַנטלויפן, זייערע געוויינען. די יינגלעך האָבן אפילו געהאַט חשק זיך צו לאָזן הערן מיט געזאַנג, אָבער דער שאָפער, אַ פּאָליאַק, האָט זיי דאָס נישט דערלויבט. מיר האָבן געדאַרפט פאָרן ווי צום שטילסטן.

נישט האָבנדיק וואָס עפּעס אַנדערש צו טאָן, האָבן מיר זיך גענומען פּאָרען אַרום דעם עסן. פרוי בראָניע האָט גלייך אָנגעטאָן אַ זויבער־ווייס פאַרטעך, אַנידערגעשטעלט לעבן זיך אַ גרויסן קאָרב פול מיט עסנוואַרג און גענומען אָנקאָרמענען די קינדער. (די דאָזיקע אַרבעט האָט זיך געצויגן כמעט דעם גאַנצן וועג ביז זאַקאָפּאַנע, און דאָרט האָט דאָך געוואַרט אויף זיי אַ מיטאָג כיד המלך) איינס נאָך ס'אַנדערע האָט זי גענומען דאָס פּיצל־וואַרג און אַנידערגעזעצט אויף אירע קני און זיי געקאָרמעט ווי עופעלעך, און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי קאָן אויך דערציילן קאָמישע מעשהלעך, ביז די קינדער זענען אַראָפּ פון אירע קני זאַטע און פריילעכע, און ערשט זענען זיי אַריבער אין רשות פון דער שוועסטער, כדי זיי „אַנידערצוזעצן"...

די עלטערע ייִנגלעך האָבן אַרויסגעשלעפּט פון פרוי בראָניעס קאָרב די גרעסטע סענדוויטשן, זיך איינגעאָרדנט אויפן הינטערשטן טייל פון אויטאָ, אויף די קעסטלעך און פּעקלעך, אַ באַזונדער עסצימער, ווי אויך אַן אָבסערוואַטאָריע סיי לגבי דעם אויטאָ אינעווייניק, סיי בנוגע דער דרויסנדיקער וועלט, דורך אַ לעכל אין דעם ברעזענט... די עלטערע מיידלעך האָבן זיך געהאַלטן אָנגעצויגן. אַז זיי האָבן באַקומען דאָס עסן, האָבן זיי געזאָגט „אַ שיינעם דאַנק", און מיטן דאָזיקן „דאַנק" זיך אָפּגעטיילט פון אַלעם איבעריקן...

מיר זענען שוין געווען אַרויסגעפאָרן פון שטאָט. צום לעצטן מאָל האָבן פאַר אונדזערע אויגן אַ פינקל געטאָן די גרינע קופּאָלן פון דער קאַטעדראַלע פון וואַוועל און די פאַרריסענע שפּיצן פון די קאַשציאָלן. צום לעצטן מאָל האָט זיך געלאָזט הערכן דאָס קלינגעריי פון די גלעקער און דער ווייטער גערויש פון שטאָט. מיר געפונען זיך שוין אויפן ווייסן שאָסיי, טראָגנדיק זיך אַלץ ווייטער און העכער צו די בערג...

די קליינע קינדער האָבן אָנגעהויבן איינס נאָך ס'אַנדערע איינצו־שלאָפן. דאָס פרירערע אויפשטיין היינט אינדערפרי, דאָס פאַרשיכורטקייט פון דער לופט, דאָס אָנעסן זיך צו דער זעט און דאָס טרייסלעניש פונעם אויטאָ האָבן געטאָן זייערס. די גרעסערע אָבער האָבן אַרויסגעקוקט אינדרויסן פון הינטערן ברעזענט און געמאַכט באַמערקונגען:

— אָט, אָט! דו זעסט דאָרט, חיים, אויף דער לאָנקע דעם באָטשאַן? ער שטייט אויף איין פוס, אָבער ער שטייט בעסער איידער דו אויף ביידע. און ער שטייט אין אַזאַ געמויזעכץ, אַז דו וואָלסט דערפון נישט אַרויס... און ווי נאָר ס'וועט זיך באַווייזן עפּעס אַ זשאַבע — גלייך טוט ער זי אַ פּאַק מיטן שנאָבל און האָט שוין אַ געשמאַקן בעפשטיק...

— נישט בעפשטיק, בעפשטי, — האָט זיך אַריינגעמישט אין די רייד פון ראובנען, פון די „מיטלמעסיקע״, מילעק, דער שטאָטישער, דער „גרויסער״, דער אַלצווייסער — האָסט שוין אַמאָל געזען פאַר דיין לעבן אַ בעפשטיק?

און דאָ איז דער שמועס אַוועק וועגן פאַרשידענע שפּייזן און מאכלים אָפּטע און זעלטענע און וואָס איז בעסער פון וועלכן, ביז מ׳האָט זיך ווידער דערמאָנט אַרויסצוקוקן אינדרויסן און באַטראַכטן די שיינקייט פונעם וועג.

*

נאָך אַ נסיעה פון פיר שעה האָט דער אויטאָ פאַרפּאַמעלעכט זיין גאַנג און אָנגעהויבן שטייגן אַרויף. אויפן האָריזאָנט האָבן זיך באַוויזן די בערג, נאָר זענען נאָך געווען ווייט. זענען איינגאַנצן ענלעך געווען צו וואָלקנס אָנגעהויפטע איינער אויפן אַנדערן. און ס׳איז באמת שווער געווען אונטערצושיידן צווישן זיי און וואָלקנס.

— טוט אַ קוק, קינדער, זעט! אָט די־אָ וואָלקנס אויבן, דאָרט אויפן האָריזאָנט זענען בערג, די שענסטע און די העכסטע בערג אין פוילן — טאַטרן... לעבן זייער צופוסנס שטייט אונדזער הויז...

אָבער פאַר די קינדער האָט דאָס גאָרנישט באַדייט. אַ נאָמען בלויז. און עפּעסוואָס פאַרנעפּלטס אויפן הימל... קיינער פון זיי איז נאָכנישט געווען אין די בערג... אָבער פאַר מיר — גאָט מיינער! וואָס פאַר אַ וווּנדער, וואָס פאַר אַ זכרונות... די וווּנדער פון אַ פרילינגס־נאַכט אין טאָל ראָסטאָקי, וואָס באַצויבערט מיט זיין שיינקייט, מיט דער לבנה אויפן האָריזאָנט... דער צויבער פון שמעקנדיקע פעלדער און בערג? לאָנקעס וואָס דופטן מיט גרינס... וואַנדערנדיקע וואָלקנס דורך די בערגשפּאַלטן, אָפּהילך פון אַראָפּגע־פאַלענע שניי־פּלאַסטן... פאַר מיר איז דאָס געווען אַ צויבער־מעשהלע, וואָס האָט אַרומגעוועבט מיינע קינדעריאָרן און מיין יוגנט־צייט. און אָט קום איך ווידער צו די טאַטרן. אָבער שוין נישט קיין קינד, נישט קיין מיידל, נאָר אַ מאַמע — אַ מאַמע פון הונדערט קינדער, העלפט מיר אומקערן זיי צו זייער לעבן, אַ, איר ריזן, וואָס שטראַלן מיט גבורה און הערלעכקייט!

*

דער וועג האָט אַלץ געשטיגן העכער אַרויף. די בערג האָבן זיך ביסלעכ־ווייז דערנענטערט צו אונדז און אויסגעוואַקסן. כ׳האָב נישט געקענט אוועק־

רייסן פון זיי די אויגן. מיר האָבן גענומען זיך דערנענטערן צו זאַקאָפּאַנע. אַ דאַנק גאָט, אַלץ איז אַריבער בשלום. שומני, וועלכער איז געזעסן די גאַנצע צייט אין דער שאָפערקע לעבן שאָפער, האָט אים ערשט גענומען אויסמשלן ווו ס׳געפינט זיך אונדזער הויז און אויף וועלכן אָרט ער דאַרף זיך אַראָפּלאָזן פונעם שאָסיי און פאַרקערעווען אויף אַ פעלד־וועג.

אָבער דער שאָפער איז געווען צוליב עפּעסוואָס בייז, ווי ער וואָלט זיך פאַר עפּעס געשראָקן. ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער אַלץ אַראָפּלאָדעווען און גלייך זיך אומקערן קיין קראָקע. ס׳איז אים נישט געווען צום האַרצן איבערצונעכטיקן אין זאַקאָפּאַנע נאָכדעם ווי ער האָט געבראַכט אַהער יידן... האָט ער אָנגעהויבן וואָרטשען, אַז ער באַקומט צו ווייניק באַצאָלט. „איר וועט מוזן עפּעס דערלייגן", האָט ער געטענהט צו שומנין, און יענער האָט אים צוגעזאָגט, אַז ער וועט אים נישט קריוודען.

מיטאַמאָל האָט זיך דער אויטאָ צעשאָקלט, און מיר האָבן זיך אַראָפּ־געלאָזט פונעם שאָסיי אויף אַ זייטיקן וועג, אַ זאַמדיקן. כ׳האָב געטאָן אַ קוק אַרויס פון אויטאָ און דערזען, אַז ער פאָרט שוין אַריין אין אַ ברייטן און האַלב־צעשטערטן טויער, אָבער אויף דער לינקער זייט שטייט אונדזער שיינע ווילע מיט אַן אויפשריפט אויף איר: „וואַלד־וווינונג".... דער אויטאָ איז שטיין געבליבן. כ׳בין אַראָפּגעשפּרונגען און האָב אַ קוק געטאָן אויף אונדזער הויז. ס׳האָט אויסגעזען הערלעך. זיינע שויבן האָבן געבלאַנקט מיטן זונגאָלד, און אַרום אים האָט געשיינט דאָס גרינס פון די סאָסנעביימער. און אויבן, איבערן הויז און איבער אונדז אַלע, האָט זיך שטאָלץ געהויבן דער רוקן פונעם אַלטן ריז, דעם גיעוואָנט...

אויף דער וועראַנדע ביים אַריינגאַנג האָט אונדז מקבל־פּנים געווען אַ ליבער מענטש, אַ גרוילעכער, אין אַ ספּאָרט־אַנצוג. דאָס איז געווען אונדזער ד"ר שאַרי. לעבן אים איז געשטאַנען די נייע אינטענדענטין, פּרוי סטעלאַ, און דער סטרוזש קלימעק, וועלכן ס׳האָט צוגענומען שארי — ער מיט זיין הונט.

נאָך דער האַרציקער באַגעגעניש האָבן מיר אָנגעהויבן אַראָפּנעמען פון אויטאָ און אַריינטראָגן אינעווייניק די שלאָפנדיקע קינדער. דער שאָפער, קלימעק און שומני האָבן דערוויל אַראָפּגעלאָדעוועט די זעק, די בעטן און שעניקעס און אַריינגעטראָגן אין הויז.

דער שאָפער איז געווען צופרידן, נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען אַ הוספה און אויך אַ פלעשל בראָנפן. פרוי בראָניע האָט פאַר אים און שומנין

דערלאַנגט אַ היפּשע סעודה, און זיי האָבן זיך גלייך אומגעקערט קיין קראָקע.

די שוועסטער און די אָנגעשטעלטע האָבן שוין געוואַשן די קינדער און פרוי בראָניע מיט פרוי סטעלאַ האָבן צוזאַמען צוגעגרייט דאָס מיטאָג. אין אַנדערטהאַלבן שעה אַרום האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פון גלאָק, און די קינדער זענען אַריינגעקומען מיט די דערציִערינס אין עסזאַל.

כ'וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס דאָזיקע ערשטע מיטאָג אין זאַקאָפּאַנע. כ'וועל נישט פאַרגעסן דאָס אַריינקומען אין זאַל, די בליקן פון די קינדער, וועלכע זענען פול פאַרוווּנדערונג אויפן גרויסן, ליכטיקן זאַל, וואָס איז פול מיט פענצטער, און ס'קוקן אַריין אין אים די בערג, דער הימל און דאָס גרינס אַרום... די באַהיטעוודיקע באַוועגונגען פון די קינדער, זיי זענען געגאַנגען ווי אין אַ חלום, שרעקנדיק זיך צו טרעטן אויפן גלאַטן און בלאַנקענדיקן פּאַרקעט... דאָר ערשטע מאָל אין זייער לעבן האָבן זיי זיך געזעצט הינטער טישן געדעקטע מיט שניי־ווייסע טישטעכער, און מיט פאַרבאָרגענעם ציטער באַרירט די קילע פאָרצעלייענע טעלער, די שימערירנדיקע און קלינגענדיקע מעסער און גאָפּל. מיט פאַרחידושטע אויגן האָבן זיי געקוקט צו די קעלנערינס מיט די ווייסע טשעפּקעס אויף די קעפּ, זיך געוווּנדערט אויף דער העפלעכער פראַגע: „צי קאָן מען דערלאַנגען די זופּ?" און ווי זיי וואָלטן דערזען אַ כישופדיק טועכץ — האָבן זיי מיטאַמאָל אַריינגעשטאַכן די אויגן אין דעם וואָס איז געווען די טייערסטע באַגערטע זאַך פאַר דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה: אין די הויכע הויפנס רעפטלעך ברויט, וועלכע זענען געלעגן אָנגעהויפנט אויף עטלעכע ערטער אויפן טיש. דאָס דאָזיקע ברויט איז דאָ געלעגן „פריי", מ'האָט עס קיינעם נישט צוגעטיילט, יעדער האָט געקאָנט נעמען דערפון וויפל ס'האָט זיך אים נאָך געגלוסט — ביז פולער זעט. נאָר איין זאַך האָט זיי געשטערט... די ליכט אין עסזאַל איז געווען צו־שטאַרקע. ווייל ס'האָט דאָך אָנגעכאַפּט אַזאַ גרויסער חשק... צו פאַרשטעקן עטלעכע רעפטלעך פון דאָזיקן ברויט אונטערן העמד, באַהאַלטן אונטער דער פּאָלע, אָדער קעשענע... ווייל ווער ווייסט, אפשר איז עס געגעבן געוואָרן מיט אַזאַ שפע בלויז דאָס איינע מאָל, בלויז צו דער ערשטער סעודה, צום קבלת־פּנים. אָבער שפּעטער — וועט ווידער נישט זיין קיין ברויט אין אַזאַ גענוגנדיקער מאָס... ווער ווייסט?

# שאול

אונדזער נײַ הויז אין זאַקאָפּאַנע, וואָס האָט געטראָגן דעם קלינגענדיקן נאָמען „וואַלד־ווינונג", איז געשטאַנען אין אַ פּלײניקער געגנט, נאָענט צו אַ וועג (צו אונדזער גליק — אַ זײטיקער וועג) און האָט זיך געצויגן גישט אַרויף אין דער הייך, נאָר אין דער ברייט, און איז פול געווען מיט וועראַנדעס און פענצטערס. זײַן נאָענטער אַרום איז נישט געווען באַזונדערס שיין, קיין פּאַרקאַן אָדער סאָד, האָבן אים נישט אַרומגערינגלט, אַ נאַקעטער און נישט־גלײכער שטח, וואָס האָט באין־ברירה געדינט אַלס שפּילפּלאַץ פאַר די קינדער. די גאָרע שײנקייט האָט אַראָפּגעפּלאָסן אויף די קינדער פון אויבן, פון די טאַטרן, וועלכע האָבן געבליאַסקעט מיטן שלל פון זייערע פאַרבן, וועלכע טוישן זיך טאָג און נאַכט. און שיין איז געווען אויך אין הויז אינעווייניק — רחבות, ריינקייט, זויבערקייט.

מײַן חלום וועגן אַ „ווייס הויז" איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. די קינדער האָבן געהאַט הערלעכע מיט זון באַלויכטענע שלאָפצימערן, און דאַלעבן רחבותדיקע וועראַנדעס; געהאַט ווייסע בעטלעך, און יעדער זײַן אייגענעם האַנטעך און אייגן פאַכל אין אַלמער. אויף יעדן שטאָק זענען געווען „ענגלישע" קלאָזעטן, וואַנעצימערן און טושן מיט וואַרעם און קאַלט וואַסער. די קיך איז געווען אין אַ סוטערינע, זייער אַ באַקוועמע און רחבותדיקע. פון דער קיך איז געגאַנגען אַ ווינדע צום עסצימער. דאָס עסצימער אַליין איז געווען אַ ווונדער, פול געווען מיט זונליכט, וואָס איז אַרײַנגעפלאָסן דורך די בלאַנקענדיקע שויבן און האָט זיך צעשפּרייט אויפן ווייס פון די טישטעכער און די פינקלענדיקע געפעסן. אין דער באַגלאָזטער נישע פון עסצימער איז אויף אַ פּאָדיום געשטאַנען אַ פּיאַנינע, אין שאָטן פון אַן עקזאָטישער פּאַלמע. לעבן דעם עסצימער האָבן זיך געפונען די צימערן וואָס מיר האָבן זיי גערופן „שולקלאַסן". אינדעראמתן אָבער האָבן מיר אין דער דאָזיקער „שול" געהאַט ווייניק פּלאַץ. און בײַ דער אַרײַנגאַנגסטיר, וואָס איז אויך געווען אַ געגלאָזטע, האָט זיך געפונען דאָס דאָקטאָר־צימער און די קאַנצעלאַריע.

ס'איז דרײַ פערטל זיבן אינדערפרי. די זון איז שוין לאַנג אויפגעגאַנגען, און איר ראָזלעכע שײַן איז שוין איבערגעגאַנגען אין גאָלדיקייט, אין וועלכער ס'באָדן זיך די שפּיצן בערג. אַרום הויז איז שטיל. דער וועג בײַם הויז האָט זיך נאָכנישט אויפגעכאַפּט. די ווייניקע ביימער בײַם וועג־

ראַנד ווישן נישט, כדי אים נישט אויפצוועקן. אין הויז שימערירט מיט ריינקייט. די הילצערנע פּאָדלאָגעס בליאַסקען. דער טיש אין עסצימער ווייס געדעקט, איז שוין געגרייט. צוויי קעלנערינס אין ווייסן (זיי זענען גלייכצייטיק די צימער־רוימערינס) פאַרענדיקן דאָס אויסשטעלן די טעלערס. געדעמפּטע שטימען פון קינדער דערגרייכן אַהער פון די אייבערשטע שטאָקן. די טיר פון דער קאַנצעלאַריע איז אָפן, אָבער קיינער איז דאָרט נישטאָ. איך בין אונטן אין קיך. דאָ „פּאַזשאַנדקעוועט" פון פיר אַזייגער אָן, פרוי בראָניע, און לעבן איר, איר „גענעראַל שטאַב", פרוי וואַלענטאָוואַ און זאָשקע.

— פרוי וואַלענטאָוואַ, איז די קאַקאַאָ גענוג זיס ? פאַרזוכט נאָר, ווייל איך האָב שוין אַזויפילמאָל פאַרזוכט, אַז איך שפּיר שוין נישט.

— דאַכט זיך מיר, באַלעבאָסטע, אַז ס׳איז שוין גענוג זיס. גענוג.

— איז גוט. איצט פירט אַרויף מיט דער ווינדע דאָס ברויט מיט פּוטער אין עסזאַל. און דו, סטעפּציע, ברענג אַרויף די פּאַזיאָמקעס מיט דער סמעטענע. אָבער שנעל, ווייל ס׳וועט ווערן שפּעט. איך דאַרף שוין צוגרייטן די אייערשפּייזן... אָ, אָט גייט די לייטערין ! גוט מאָרגן אייך, זאָל זיך די לייטערין נישט דענערווירן (נישט איך בין דענערווירט, נאָר זי), אַלץ וועט אַרויסקומען צו דער צייט. אָט ליגט דער זייגער דאָ אויפן טיש... דריי פערטל זיבן... אמת, צוגרייטן פאַר הונדערט פּופּציק פאַרשוין אייערשפּייז איז נישט קיין קליין שטיקל אַרבעט, אָבער ביז האַלב אַכט וועל איך נאָך אַרויסקומען.

— אוודאי וועט איר אַרויסקומען, — האַלט איך אונטער — אויב אַזוי, קאָן מען שוין אפשר געבן דעם ערשטן קלונג צום אויפשטיין.

מיטן ערשטן קלונג פון גלאָק וועקט זיך פריילעך אויף דאָס גאַנצע הויז. באָרוועסע פּיסלעך לויפן איבערן קאָרידאָר. פון די וואַנעצימערן הערט זיך דאָס פּליעסקען פון וואַסער. די דערציערינס פאַרקנעפּלען קנעפּלעך, העלפן דעם קליינוואַרג זיך אָנטאָן. מ׳פאַרקעמט זיך, פלעכט איין סטענגעס אין די צעפּלעך. אַ לויפעניש, פריידיקע און לוסטיקע שטימעלעך, שמחה און געלעכטער... די עלטערע מיידלעך, נישט נאָר וואָס זיי האָבן שוין באַוויזן זיך אַרומצוואַשן און אָנטאָן, נאָר אויך „אין אָרדענונג צו ברענגען" זייערע צימערן (וואָס דאַרף געטאָן ווערן ערשט נאָכן פרישטיק), און די צימערן שפּיגלען ווי גאָלד. ווי אַזוי האָבן זיי דאָס באַוויזן צו טאָן ? דאָס איז שוין

זייער סוד. דער קלײנער עדעק פון דער „מיטעלער" גרופּע, אַ פּיפּיקער און געשײטער, שטעקט זײ אַרויס די צונג... ער טענהט, אַז זײ הײבן זיך אויף בײנאַכט און רוימען־אויף די צימערן אין דער פֿינצטער, דערנאָך גײען זײ אויף די שפּיץ פֿינגער און װאַשן זיך, פּאַרקעמען און טוען זיך אָן, און אין גאַנצן אָנגעטועכץ לײגן זײ זיך אויף די פּאַרבעטע געלעגערס... און אַז ס'דערהערט זיך דער גלאָק, — טוען זײ בלויז אַ גלײך אויס און פּאַרגלעט זײערע בעטן, און אויף אַזאַ אופן זענען זײ די ערשטע אין גאַנצן הויז.

— אַלץ אויף צו להכעיס די ייִנגלעך! — זאָגט ראובן, אויך פון די מיטעלע.

האַלב אַכט אַזײגער דערהערט זיך דער קלונג צום פֿרישטיק. די קינדער קומען אַרײַן און דערזעען פון דער טיר נאָך די טעלער פּאָזיאָמקעס מיט סמעטענע. די הונגעריקע אויגן צינדן זיך אָן. אַ סך קינדער פֿרעגן: „װאָס איז דאָס אַזוינס?" האָבן נאָך ביז הײַנט קײן פּאָזיאָמקעס נישט געזען... און דערצו נאָך ברויט מיט פּוטער, און קאַקאַאָ! און בראָניע טראָגט נאָך צו, זי אַלײן, און דערלאַנגט יעדן אַן אײַערשפּײַז... אַזאַ פֿרישטיק איז דאָך אַ חלום! אַזאַ פֿרישטיק איז אימשטאַנד צו פֿאַרווישן אַ סך מלחמה־זכרונות... כ'גײ צו צום קלײנעם אַנטעק און פֿרעג: „עס שמעקט דיר?"

— אוודאי! — ענטפֿערט ער מיט אַ פֿול מויל פּאָזיאָמקעס — װען כ'װעל זײַן אַ גביר, װעל איך עסן פֿון אינדערפֿרי ביז בײַנאַכט נאָר פּאָזיאָמקעס...

די קינדער גײען אַרויס פֿון עסזאַל, האַלטנדיק אין אײן שמועסן, צעשמײכלטע.

— האָסט געזען װי מיכאל האָט „געשאַרט" פֿון טיש? — זאָגט ליאָנעק.

— ער האָט געמײנט, אַז ער שאַרט הײ אין סטאָדאָלע אַרײַן, — ענטפֿערט דערויף מילעק (דער גרויסער).

— און די „מאַנאַסטירניצעס" האָבן געגעסן אַזוי פּאַמעלעכל, מיט אײן פֿינגערל בלויז, װי די פּאָזיאָמקעס װאָלטן זײ גאָרנישט אָנגעגאַנגען... אָבער װען זײ װאָלטן געװען אַלײן, װאָלטן זײ אײנע בײַ דער אַנדערער אַרויסגעריסן...

— נישטאָ װאָס צו רעדן, צום פֿרעסן איז דאָ גענוג, — שטעלט פֿעסט סטעפֿאַן.

— נישט מער, מ׳קאָן נישט וויסן ווילאַנג ס׳וועט דויערן, — זאָגט דער דערפאַרענער בראָנעק.

— וועלן מיר אָפּציען אויף אַ צווייט אָרט, — ענטפערט סטעפאַן.

*

נאָכן פרישטיק גייען די פאַרבעטענע קינדער צום דאָקטאָר. דער ערשטער גייט דער הויכער און דאַרער אנדזשעי. אנדזשעי שלאָפט דערווייל אין איזאָלאַציע־צימער, ווייל זיין גאַנצער קערפּער און דאָס פּנים זענען באַדעקט מיט געשווירן. אַנדזשעי איז אַרויס פון די לאַגערן. צוליב זיין הויכער וווקס איז אים געלונגען נישט צו גיין אין אויוון אַריין; ווייל ער האָט איבערגעשטיגן די מאָס פון „טויטנברעטל", האָט ער זיך אַרויס־געשלייכט. ער איז העכער אַ יאָר געווען אין אָשוויענטשים, שפּעטער אין לאַגערן אָן אַ צאָל, און האָט זיך איינגעשאַפן אַ סך לאַגער־חכמה. האָט זיך אויסגעלערנט „אָרגאַניזירן" (גנבענען), האַנדלען, טוישן ברויט אויף פּאַפּיראָסן און פאַרקערט. איז געווען אַ „ספּעץ" פון אַרויסבאַקומען אַ צווייטע זופּ, הגם נישט איין מאָל האָט ער באַקומען דערפאַר „די אמתע פּאַרציע". מיט איין וואָרט, ער האָט פאַרשטאַנען ווי זיך איינצואָרדענען אין לאַגער. און זיין לאַגע וואָלט געווען נישט קיין שלעכטע, ווען נישט דאָס וואָס ער האָט באַקומען אייטערנדיקע קרעץ. ער איז, פאַרשטענדלעך, נישט געגאַנגען צום לאַגער־דאָקטאָר, ווייל יענער וואָלט אים געשיקט אין אויוון אַריין. איז ער אַרומגעגאַנגען מיט די קרעץ, ביז ס׳איז אים אויך אַרויס אויפן האַלדז און פּנים. ווען די מלחמה וואָלט זיך נישט געענדיקט, וואָלט ער אומגעקומען. איצטער גייט אנדזשעי מיט די דאָזיקע קרעץ צום דאָקטאָר, און זיצט אָפּ ביי אים זייער לאַנג. אויפן קאָרידאָר דרייט זיך אַרום שאול, דער צווייטער אין דער ריי, און איז אומגעדולדיק און דענערווירט. ווען אַנדזשעי גייט ענדלעך אַרויס, איז אים שווער צו דערקענען. ער איז אינגאַנצן אַרומגעקלעפּט מיט פלאַסטערס, באַשמירט און פאַרבאַנדאַזשירט, אַז ס׳קוקן אַרויס בלויז די אויגן זיינע.

— איר האָט געזען אַנדזשעי דעם קאַצעטניק? — לאַכן די קינדער.

— ער איז געוואָרן אַן עגיפּטישע מומיע, — זאָגט מונדעק פון דער עלטערער גרופּע (ער האָט געלערנט אויף קורסן אין געטאָ).

— — ניין, ער זעט אויס ווי אַ שויב פאַר אַ לופט־אָנגריף, וועלכע איז באַקלעפּט מיט פּאַסן — זאָגט עדעק דער אַלצווייסער.

דערווײַל איז געקומען שאולס רײ. שאול טרעט נישט גערן איבער די שוועל אין דאָקטאָר־צימער. עטלעכע מינוט הערשט דאָרט אַ שטילקײט. דערנאָך דערהערט זיך אַ שטילער שמועס צווישן דעם דאָקטאָר און דער שוועסטער. אַן אָפּקלאַנג פֿון טריט, אַ קלאַפּן פֿון אינסטרומענטן. און פּלוצים אַ פּלאַצערײַ פֿון אַן אַראָפּגעוואָרפֿענע זאַך אויף דער פּאָדלאָגע, אַ קלאַנג פֿון געפּלאַצט גלאָז, אַ טומל און אַ געשרײַ... אַ שטויס אין דער טיר, און שאול פֿליט אַרויס פֿון אויפֿנעם־צימער. זײַן העמד איז נישט פֿאַרקנעפּלט, זײַן בלינד אויג איז אָן דעם בענדל, און ער שפּרינגט אײַליק איבער די שטיגן ווי אַ דולער, זײַן אויסזען איז שרעקלעך, ווער ס׳זעט אים, רוקט זיך אָפּ פֿון וועג.

איך לויף אַרײַן אַן איבערגעשראָקענע צום דאָקטאָר:

— הער דאָקטאָר, וואָס איז אים געשען, שאולן?

— פֿרעגט בעסער, וואָס איז אונדז געשען — ענטפֿערט דער דאָקטאָר אין כעס.

איך דערזע שערבלעך פֿון אַ גרויסן גלאָז־שפּריץ, וואָס די שוועסטער קלײַבט צונויף פֿון דער פּאָדלאָגע. כ׳בײג זיך אײַן, העלף איר צונויפֿקלײַבן און פֿרעג:

— וואָס האָט דאָ פּאַסירט, שוועסטער?

— דער אומגליק איז דער, — ענטפֿערט דער דאָקטאָר — וואָס מיר האָבן דאָ צו טאָן נישט מיט קײן קינדער, נאָר מיט רויבער. מ׳דאַרף זיך פּשוט היטן פֿאַרן לעבן. מיר ווילן אים הײלן, און ער וואַרפֿט זיך אויף אונדז מיט די קולאַקעס... ביטע, זעט וואָס ער האָט געטאָן דער שוועסטער...

— ער האָט איך דערלאַנגט?

— נײן, ער האָט מיך בלויז אַ שטויס געטאָן מיט אַזאַ קראַפֿט, אַז כ׳בין צוגעפֿאַלן צו דער וואַנט, און מיר דעם שפּריץ אַרויסגעוואָרפֿן פֿון האַנט...

— יאָ, דערויף האָט ער כּוח, — האָט צוגעוואָרפֿן דער דאָקטאָר.

— אָבער ווי איז עס געקומען דערצו?

— נאָך שטײענדיק אין דער טיר האָט ער געקוקט אויף אונדז ווי אַ באַנדיט, — זאָגט די שוועסטער. — דער דאָקטאָר האָט אים געהײסן זיך אויסטאָן צו דער אונטערזוכונג, האָט ער גענומען בורטשען און נישט געוואָלט אויסטאָן דאָס העמד, האָב איך געמוזט העלפֿן. דערנאָך האָט ער נישט געלאָזט דעם דאָקטאָר אָנרירן די ווונדן וואָס ער האָט אויף דער

ברוטש... און ווען דער דאָקטאָר האָט מיך געהייסן אָנשרייבן, אַז אויפן איבערשטן טייל קערפּער האָט ער זיבעצן שראַמען, האָט ער אַ זאָג געטאָן, אַז ער וויל נישט מ׳זאָל ציילן די לעכער אויף זיין קערפּער, און אַז דאָס איז זיין געשעפט, נישט זייערס... האָט איר שוין געהערט אַמאָל, לייטעריך, אַזאַן ענטפער פון אַ קינד? פונדעסטוועגן זענען מיר געווען געדולדיק, און דער דאָקטאָר האָט אים באַטראַכט די אויגן. איר ווייסט דאָך, אַז אַן אויגנהייל אָן דעם אויג אייטערט זייער שטאַרק. און אויך דאָס איינציקע אויג זיינס איז זייער שוואַך. האָט אים דער דאָקטאָר אַריינגעשפּריצט טראָפּנס אין די אויגן. שאול האָט גאָרנישט געזאָגט, האָבן מיר געמיינט, אַז ער האָט זיך שוין באַרויקט. דער דאָקטאָר האָט צו מיר געזאָגט: „מ׳וועט אים דאַרפן געבן אַ סעריע וויטאַמין־איינשפּריצונגען. גרייט שוין צו". כ׳האָב צוגעגרייט דעם שפּריץ און בין צוגעגאַנגען צו אים, גאָרנישט חושד זייענדיק, צו מאַכן אים די איינשפּריצונג. האָט ער זיך פּלוצים געוואָרפן אויף מיר און מיך אַ שטויס געטאָן מיט אַזאַ כוח, אַז כ׳האָב זיך שיעור נישט איבערגעקערט. מיין מזל, וואָס דער שפּריץ האָט מיר קיין שטאָך נישט געטאָן, נאָר איז אַרויסגעפאַלן פון האַנט און זיך צעבראָכן דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן אַ פויסט, זייענדיק גרייט צו שלאָגן דעם דאָקטאָר... צו אונדזער גליק האָט ער זיך די לעצטע רגע באַדענקט, נישט דערלאַנגט, נאָר מיט צאָרן אַ בריקע געטאָן אין דער טיר און איז אַנטלאָפן. דער דאָקטאָר קאָן זיך ביז איצט נישט באַרויקן...

כ׳האָב געוואָרפן אַ בליק צום דאָקטאָר, ער האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט נאָך נישט געקומען צום גלייכגעוויכט. איך האָב זיך צו אים געוואָנדן:

— כ׳באַדויער זייער דעם דאָזיקן שלעכטן אָנהייב אין דער אַרבעט. איך האָף, אַז איר, הער דאָקטאָר, וואָס זענט אַליין געווען אין לאַגער און אַ סך דאָרט דורכגעמאַכט, וועט פאַרשטיין אָט דעם יינגלס אומגליק און זיך נישט איבערגעמען מיטן געשעענעם. איך וועל נאָך היינט רעדן מיט שאולן און זיך באַמיען אייך בייהילפיק צו זיין אין אייער אַרבעט מיט אים.

דער דאָקטאָר האָט גאָרנישט געענטפערט, און אַריינגערופן דעם נאָענטסטן אין דער ריי.

*

נאָכן מיטאָג האָב איך געהאַט אַ שמועס מיט שאולן. כ׳האָב אים נישט פאַרבעטן צו זיך, ווייל ער וואָלט נישט געקומען, נאָר בין אַרויפגעגאַנגען צו אים אין דער הייך, ווען ער איז געווען אַליין אין צימער.

— שאול, איך האָב דיר געבראַכט דאָס פּאַסיקל צום אויג, — האָב איך געזאָגט, כדי ווי עס איז צו דערקלערן מײַן וויזיט בײַ אים.

שאול האָט בייז אַ קוק געטאָן אויפן שוואַרצן פּאַסיקל און גאָרנישט געזאָגט.

— אויב דו ווילסט, וועל איך עס דיר צובינדן, — האָב איך געזאָגט, אָנטוענדיק אים דאָס פּאַסיקל איבער דעם לערן אויג. ער איז געזעסן אומבאַוועגלעך אויפן בעט און זיך קיין ריר נישט געטאָן.

און דאָ האָב איך דיר געבראַכט אַ שפּיגעלע, זאָלסט קאָנען יעדן טאָג אַליין זיך אַרײַנלאָזן די טראָפּן אין די אויגן, אײַנדערפּרי און בײַנאַכט.

שאול האָט פון זיך אַלץ אָוועקגערוקט און אַ זאָג געטאָן:

— כ׳דאַרף נישט גאָרנישט.

כ׳האָב זיך געזעצט לעבן אים אויף זײַן בעט.

— ווי פילסטו זיך אין דעם צימער, שאול? האָסט זיך צוגעקליבן גוטע חברים?

— פאַרוואָס נישט? — האָט ער געצויגן מיט די אַקסל.

— האָסטו עמעצן פון זיי געקאָנט נאָך אין דער מלחמה־צײַט?

— וויאַזוי? ווען? — האָט ער זיך געוווּנדערט — כ׳בין תמיד געווען אַליין... זינט מ׳האָט בײַ מיר צוגענומען די עלטערן און מײַן ברודער...

— און ווי איז עס פאַרגעקומען מיט דיר?

— ווי מיט אַלע... מ׳האָט געפירט צום טויט... נאָר כ׳בין אַרויסגע־שפּרונגען פון אויטאָ.

— וויפל ביסטו דעמלט אַלט געווען?

— נײַן יאָר.

— און האָסט נישט מורא געהאַט, טאָמער וועט מען דיך דערשיסן?

— און אַזוי האָט מען דען נישט געשאָסן?

— מ׳האָט נאָך דעמלט נישט געוווּסט אַלץ, ווי מ׳ווייסט עס הײַנט...

— ס׳איז גענוג געווען דאָס, וואָס מ׳האָט שוין געוווּסט... חוצדעם, איז מיר שוין געווען אַלצאיינס... כ׳האָב נישט געהאַט וואָס אָנצוּווערן...

— האָט מען עס דיך דעמלט אַזוי שווער פאַרוווּנדעט, ווען ביסט אַנטלאָפן?

— ווייס איך וואָס... קיין האָר פון קאָפּ איז מיר דעמלט נישט אַראָפּגעפאַלן...

— און ווען ביסטו פאַרווונדעט געוואָרן?

— כ׳בין אַנטלאָפן און געגאַנגען אַרבעטן צו אַ פּויער. כ׳האָב אָבער נישט געהאַט קיין פּאַפּירן און געוווּסט אַז כ׳וועל זיך נישט דערהאַלטן. בין איך געגאַנגען זוכן פּאַרטיזאַנער אין וואַלד... דאָס איז נישט לייכט געווען. אָבער כ׳האָב זיי אויפגעזוכט. זיי האָבן מיך צוגענומען און מיר געגעבן אַ פערדל, ס׳זאָל זיין מיין אייגנס. און זיי האָבן זיך צו מיר באַצויגן גוט. ביינאַכט פלעג איך דאָס פערדל גוט אָנקאַרמענען מיט היי און געבן טרינקען, און עס פלעגט מיך דערוואַרעמען און שטיל צוהירזשען... ביז איינמאָל ביינאַכט האָבן אונדז די דייטשן אַרומגערינגלט, ווייל מיר פלעגן זיי די גאַנצע צייט אויפרייסן באַנען. און מיר זענען געבליבן דריי טעג אָן ברויט. דעמלט האָבן מיר, איך און סעריאָזשאַ, אַ ביסל אַן עלטערער פון מיר, זיך פרייוויליק אונטערגענומען דורכצורייסן זיך אין דאָרף אַריין... און מיר זענען שוין אָט־אָט געווען ביים ראַנד וואַלד, ווי מיטאַמאָל — אַ קנאַל, און עפּעס האָט מיך פאַרטויבט און אַ שליידער געטאָן אויף צוריק... דערנאָך האָב איך שוין גאַרנישט געוווּסט וואָס מיט מיר איז געשען... נאָר איך געדענק אַז כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט און דערפילט אַז כ׳בין זייער נאַס, מיינע פּנים און הענט זענען נאַס און קלעפּיק... און כ׳האָב דערזען אויף זיך עפּעס אַ פוס... אָבער דאָס איז נישט געווען מיין פוס, נאָר אַ צווייטנס... כ׳האָב דערקאָנט סעריאָזשעס אַ שטיוול... און דערנאָך ווייס איך שוין נישט וואָס מיט מיר איז פאַרגעקומען. כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט ערשט אין אַ סאָוועטישן שפּיטאָל.

— ווי לאַנג ביסטו דאָרט געווען?

— כ׳ווייס נישט. כ׳ווייס בלויז אַז מ׳האָט מיר געהאַלטן אין איין אָפּערירן. מ׳האָט כסדר געגנישטערט אין מיר. אָבער גענוג צום עסן האָט מען מיר נישט געגעבן, ביז איך בין איינמאָל אַנטלאָפן פון שפּיטאָל, ווייל כ׳בין געווען הונגעריק... דערנאָך בין איך געקומען צו פאָרן מיט די יידן קיין קראָקע.

— און איצטער זאָג מיר, שאול, פאַרוואָס ביסטו אַזוי אין כעס געוואָרן היינט אויף אונדזער דאָקטאָר און אויף דער שוועסטער?

— ווייל זיי האָבן מיר געוואָלט מאַכן אַן איינשפּריצונג.

— וואָס הייסט עס, פאַר די דייטשן האָסטו זיך נישט געשראָקן, מיט דינאַמיט אין האַנט ביסטו געגאַנגען, און פאַר אַ נאַרישן שטאָך האָסטו זיך דערשראָקן?

— כ׳שרעק זיך נישט פאַר קײנע שום שטאָכן, — האָט זיך שאול אַ ריס געטאָן צעקאָכט פון אָרט — כ׳שרעק זיך נישט אפילו פאַר אַ שטאָך מיט אַ מעסער.

— פאַרוואָסזשע ביסטו הײנט אײנדערפרי אַנטלאָפן פון דאָקטאָר־צימער?

— ווײל איך דאַרף נישט, אַז אַזאַ דאָקטאָר װי ער זאָל מיך אָנרירן...

— אָבער, גאָט מײַנער, וואָס פאַר אַ שלעכטס האָט דיר אונדזער דאָקטאָר געטאָן?

— זאָל ער נאָר פּרוּװן טאָן מיר עפּעס שלעכטס... איך וועל אים אַלע צײן... איך... װעל אים, — האָט ער בײז געמרוקעט דורך די צײן — אפשר טראַכט ער זיך, אַז איך מוז, אַזױװי יענע אין לאַגער... אַז ער וועט מיר מאַכן „יענע" אײַנשפּריצונגען פון לאַגער...

— אָבער באַדענק זיך, שאול, ווי קאָנסטו פאַרגלײַכן אונדזער הויז מיטן לאַגער און אונדזער דאָקטאָר מיטן דײַטשישן דאָקטאָר? צי זעסטו נישט, אַז דו געפינסט זיך נישט מער צווישן שונאים, נאָר צווישן אײגענע, צווישן מענטשן וואָס באַגערן נאָר דײַן גוטס...

— איך דאַרף נישט קײנעמס רחמנות... איכל נישט פאַרלוירנגײן אויך אָן אײער הילף... און זאָל מיך דער דאָקטאָר בעסער צורו לאָזן מיט זײַנע אײַנשפּריצונגען...

— און איך סאָוועטישן שפּיטאָל האָט מען דיר נישט געמאַכט קײן אײַנשפּריצונגען?

— דאָרט האָב איך נישט געקאָנט זיך פון אָרט רירן... חוצדעם, האַלטן נישט די סאָוועטן קײן לאַגער־דאָקטוירים...

און בײ די ווערטער האָט ער זיך האַסטיק א הײב געטאָן פון אָרט, זיך אַוועקגעדרײט פון מיר און איז אַרויס פון צימער.

כ׳בין געבליבן זיצן ווי צוגעשמידט צום אָרט. דערנאָך בין איך שנעל אַראָפּגעגאַנגען. כ׳האָב אין דעם מאָמענט געמוזט זײן מיט זיך אַלײן. אָבער אויך אונטן, אין מײן קאַנצעלאַריע, האָב איך זיך נישט געקאָנט באַרויקן. האָב אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער ווי אַ דולע און געטראַכט ווי אין פיבער. איך, און די אַלע וואָס אַרבעטן דאָ מיט מיר טוען אַלץ וואָס מיר זענען אימשטאַנד, כדי צו געבן די קינדער אַלץ, מיר זאָלן זײ פאַרטרעטן טאַטע־מאַמע, אומקערן צום געזונט, געבן זײ גליק... און אָט קומט אַזאַ ייִנגל און באַשולדיקט אונדז, אַז מיר ווילן אים דערמאָרדן... אַזוי ווי אין לאַגער.

וויאַזוי קאָן מען איבערצייגן אַזאַ יינגל ווי שאול, אַז מיר ווילן אים קיין בייז נישט טאָן? וויאַזוי קאָנען מיר אים אומקערן דאָס אָנגעווווירענע גלויבן אין מענטשן? און צי קאָן דאָס בכלל דערגרייכט ווערן?

כ׳בין געווען פאַרצווייפלט אינגאַנצן, ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַלץ האָט זיך איבער־געריסן אין דעם לעבן פון די דאָזיקע קינדער און וועט זיך שוין מער נישט צוזאַמענבינדן און קיינמאָל נישט פאַרהיילן. און אַלע אונדזערע אָנשטרענגונגען זענען נישט ווערט מער פון די אָנשטרענגונגען פון אַ מוראַשקע אויף דער ערד, יעדער שטיוול קאָן זי צעטרעטן.

אָבער אין אַ רגע אַרום האָבן זיך מיינע מחשבות צוריקגעקערט צו שאולן. וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך צו כעסן זיך אויף אים? האָב איך געפרעגט זיך אַליין — וואָס אַזוינס האָב איך עס ביז היינט געטאָן פאַר אים? צי האָט ער נישט דאָס פולע רעכט צו באַשולדיקן די מענטשן? וויפל שלעכטס זיי האָבן אים געטאָן: זיין טאַטע־מאַמע געהרגעט. זיין היים חרוב געמאַכט. צוגענומען ביי אים זיין קינדהייט. געמאַכט אים פאַר אַ בעל־מום, אים פאַרוווּנדעט, צוגערויבט ביי אים אַן אויג. און נאָך שטאַרקער זענען די וווּנדן אין זיין נשמה. צי איז נאָך דעם אַלעמען זיך צו וווּנדערן, וואָס ער האָט נישט קיין גלויבן אין מענטשן? צי איז עס נישט פולשטענדיק פאַרשטענדלעך, אַז ער דאַרף ערשט פאַרטיידיקן מיט אַלע כוחות זיינע פיזישע און גייסטיקע רעשטלעך, וואָס זענען אים נאָך איבערגעבליבן, און נישט דערלויבן קיינעם זיי אָנצורירן? זיין אַגרעסיוויקייט איז דערום בלויז אַ באַשטימטער אופן פון פערזענלעכער פאַרטיידיקונג...

די זון האָט זיך שוין לאַנג געזעצט הינטער די בערג, און דער גלאָק האָט גערופן אַלע מענטשן פונעם הויז צום נאַכטעסן. און איך בין נאָך אַלץ געזעסן אַ פאַרשטאַרטע, טראַכטנדיק וועגן די געמיט־געהיימענישן פון אָט די קינדער. כ׳האָב גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס פּראָבלעם איז נישט בלויז שאולס.

*

נאָכן אָוונטברויט האָב איך זיך דורכגעשמועסט מיטן דאָקטאָר און מיט דער שוועסטער און זיי אויפגעקלערט מיין אָנשויונג וועגן דאָזיקן פּראָבלעם. איך האָב געזאָגט: מיר מוזן האָבן אַ סך געדולד פאַר די דאָזיקע

קינדער... און אַ סך מיטגעפֿיל פֿאַר זײערע לײדן... און אויך ליבע. מיר טאָרן זיך נישט פֿילן באַלײדיקט פֿון זײ. מיר דאַרפֿן פֿאַרשטײן זײער געמיט. שאול איז נישט קײן שלעכטער, נאָר אַן אומגליקלעכער.

דער דאָקטאָר און די שװעסטער האָבן מיך אױסגעהאָרכט העפֿלעך, אָבער קאַלט.

— דאָס אַלץ איז זײער שײן אין דער טעאָריע, — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר — אָבער אין דער פּראַקטיק לאָזט זיך עס נישט פֿאַרװירקלעכן. אויב שאול װעט נישט קומען צו מיר און אויפֿפֿירן זיך װי אַ מענטש, װעל איך אים נישט קאָנען היילן. — ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט, װי מיר צו געבן אָנצוהערן, אַז ער האַלט דאָס ממשיך זײן דעם שמועס אין דער־אָ ריכטונג פֿאַר צװעקלאָז.

איך װײס נישט פֿאַרװאָס, אָבער עפּעס אַן אומדערקלערלעכער צאָרן האָט מיך אין דער רגע אַדורכגענומען קעגן אים. כ׳האָב זיך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט און געשטעלט קעגן אים:

— איז װאָס װעט זײן מיט שאולן? — האָב איך געפֿרעגט מיט אַ ציטערדיקער שטים.

— דאָס גײט מיך נישט אָן, — האָט ער געענטפֿערט קאַלט.

— דאָס גײט אײך נישט אָן? — האָב איך כמעט אַ געשרײ געטאָן — אויב אַזױ, איז צוליב װאָס געפֿינט איר זיך בכלל דאָ, אויב אַזעלכע קינדער װי שאול גײען אײך נישט אָן? צוליב װאָס געפֿינען מיר זיך דאָ אַלע, אויב מיר קאָנען נישט העלפֿן?

דער דאָקטאָר האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר, און זײן פּנים איז בלאַס געװאָרן, װי לײם. זײנע הענט האָבן געציטערט. ער האָט געזאָגט:

— אויב איר מײנט, פּרוי ליטערין, אַז איך דערפֿיל נישט מײנע פֿליכטן, קאָנט איר זיך זוכן אַן אַנדערן דאָקטאָר, װעלכער װעט מיט הצלחה היילן אַזעלכע פּאַציענטן װי שאול... היילן אַ קראַנקן, װעלכער קומט נישט צו אים זיך היילן...

דערװײל איז מיר דער כעס אַריבער, און כ׳האָב געטראַכט בלויז װעגן אײן זאַך: װי קאָן מען באמת היילן שאולן אין די דאָזיקע באַדינגונגען? און דעם דאָקטאָרס לעצטע װערטער האָבן אין מיר געװעקט אַ געװיסן געדאַנק.

— הער דאָקטאָר, — האָב איך געפֿרעגט, שוין אָן כעס — װאָס פֿאַר אַ באַלדיקע היילונג װאָלט מען דאַרפֿן געבן שאולן שוין איצטער, עס זאָל דערנאָך נישט זײן צו שפּעט?

— ס׳איז נישטאָ פאַר אים קיין שום באַלדיקע היילונג, — האָט דער דאָקטאָר געענטפערט נישט גערן — מ׳קאָן אים נישט אַריינשטעלן קיין קינסטלעך אויג, כל־זמן די אויג־הייל איטערט. דאָסזעלבע איז אויך מיט די ציין. די פינגער זענען שוין סיווי נישט געהעריק באַהעפט. און מ׳וועט זיי נישט נעמען איצט ברעכן, זיי אויסצוגלייכן. קודם־כל מוז ער פּטור ווערן פון דעם אייטער און זיך אויסהיילן פון דער לונגען־שווינד־זוכט, און דערצו מוז מען האָבן איינשפּריצונגען.

— זענען די איינשפּריצונגען דער איינציקער וועג צו דער דאָזיקער היילונג?

— מ׳קאָן אים איינגעבן וויטאַמינען דורכן מויל, אָבער דאָס ווירקט אַ סך פּאַמעלעכער, און די ווירקונג איז אַ סך שוואַכער.

— איז פאַרפאַלן. מירן אים נישט צווינגען צו באַקומען איינשפּרי־צונגען. ער איז ערשט קראַנק נישט נאָר קערפּערלעך, נאָר אויך גייסטיק. מיר מוזן היילן אויך זיין גייסט.

דער דאָקטאָר האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— חוצדעם, — האָב איך ווייטער גערעדט — לייג איך אויך האָפענונג אויף דער זון, די בערג, דער גוטער לופט, דער רו, אויף דער גוטער דערנערונג, — אַז זיי וועלן טאָן זייערס.

— פאַרשטענדלעך, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט איראָניש — דאָס זענען אַלץ אויסגעצייכנטע זאַכן, נישט נאָר פאַר שאולן, נאָר פאַר אונדז אַלע נאָך די לאַגערן.

— זייער ריכטיק, — האָב איך געענטפערט רויק — אָבער אין דאָזיקן הויז דאַרף מען קודם־כל זאָרגן פאַר די קינדער.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דער שמועס.

## צוליב אַ פּאָר שיך

ס׳איז שווער זיך צו פרייען אפילו מיט דער העלסטער זון, אָדער מיט דער גרעסטער, אין וואַלד געפונענער שישקע, מיטן בעסטן פּיילנבויגן, וואָס דיר האָט אָפּגעגליקט צו מאַכן, — אויב די גאַנצע הויט האַלט דיך אין איין בייסן און צווישן די פינגער זיצן דיר קליינע רויטע קרעצעלעך, און אין די האָר, — שוין גלייכער וועגן דעם גאָרנישט צו רעדן. דערפאַר

איז נישט געװען קײן אַנדער עצה װי צו דערקלערן אַ מלחמה די קרעץ און די כינים. אַלע קינדער האָבן עס פֿאַרשטאַנען און דערויף מסכים געװען. בלויז די מײדלעך פֿון די מאַנאַסטירן האָבן זיך קעגנגעשטעלט:

— מיר זענען ריין, — האָבן זײ געטענהט — די פּרוי לײטערין קאָן קאָנטראָלירן אונדזערע האָר. אַפֿילו הינטער די אויערן האָבן מיר נישט קײן גנידעס. נאָר „יענע" קינדער זענען שמוציק.

— בײ אונדז זענען נישט פֿאַראַן קײן „יענע" קינדער און „די" קינדער. מיר זענען אַלע גלײך. מיר װוינען צוזאַמען... מ׳קאָן אַמאָל דורך אַ טעות פֿאַרטוישן אַ האַנטעך — און די פּלאָג האָט זיך שוין אַריבער־געטראָגן... דערפֿאַר װעלן נישט נאָר די קינדער, נאָר אויך די עלטערע זיך אײנשמירן מיטן גראָען זאַלב אין משך פֿון דרײ טעג, באַשיטן דעם קאָפּ מיט אַ פּולװער און אָפּגעבן די זאַכן אויף דעזינפֿעקציע. דערנאָך װעט געמאַכט װערן אַן אַלגעמײנע באָד, און מיר װעלן ענדלעך זײן אַלע ריין.

זענען מיר דערום אַלע אַרומגעגאַנגען אין משך פֿון דרײ טעג אויסגעשמירטע און ארומגעבונדענע, און ס׳האָט נישט געהאָלפֿן קײן שום אויסלאַכן און אָפּשפּעטן, װײל אַלע האָבן געהאַט דאָס זעלבע פּנים.

— װײסט װאָס? — האָט דער קלײנער, אַרומשמײענדיקער אַדעק געזאָגט צו סטעפֿאַנען — דו װאָלסט קאָנען זײן אַקוראַט אַן אינדישער מאַהאַראַדזשאַ. װאַרט נאָר צו אַ רגע. כ׳װעל אויסזוכן פֿונדײנעטװעגן אַ פֿעדערל און עס אַרײנשטעקן אין דײן טורבאַן, ס׳זאָל זיך שאָקלען...

— היט זיך נאָר, דו הינטל אײנס, אַז מײן שטעקל זאָל זיך נישט קײן שאָקל טאָן איבער דיר.

אָבער אַדעק איז שוין געװען פֿאַרשװוּנדן. ער האָט אַ פּאָר אַראָפּ געטאָן מיטן פֿאַרענטש אויפֿן צװײטן שטאָק צו די מײדלעך.

— װער פֿון אײך האָט דעם שענסטן טורבאַן אויפֿן קאָפּ? דער טערקישער סולטאַן האָט אויסגערופֿן אַ קאָנקורס, ס׳זענען פֿאַראַן אַ סך פּלעצער אין זײן האַרעם!

— װעסט זיך אָפּטראָגן פֿונדאַנען, ראָצער אײנער! װאָרן מ׳ירן דיך באַלד מיט אַ בעזעם אַרויסטרײבן! אָדער אַרײנרופֿן די שװעסטער...

— די שװעסטער װעט אײך נאָך צוגעבן אַ ביסל מאַשטש! — האָט ער שוין געשריגן צו זײ פֿון הינטער דער טיר און זיך װײטער אַראָפּגע־גליטשט צום קלײנװאַרג.

די נישט־איינגענעמע טעג זענען אַריבער, און אינגיכן איז אין גאַנצן הויז געוואָרן רוישיק און פריילעך. אין די וואַנעצימערן האָט געפּליעסקעט דאָס וואַסער פון אינדערפרי ביז ביינאַכט, אַזש אַ הייסע פּאַרע האָט געזעצט דורך דער טיר... דער אויוון פון דער צענטראַלער באַהייצונג איז געווען אָנגעגליט ביז רויט און געזעצט פון זיך אַ פלאַם אָן אויפהער. די קינדער האָבן זיך געיאָגט איבער די קאָרידאָרן מיט האַנטעכער און ליילעכער אין די הענט. די דערציערינס האָבן געטראָגן אויף די פּלייצעס דאָס קליינ־וואַרג, זיי זאָלן זיך נישט פאַרקילן נאָך דער הייסער באָד. אַלע האָבן זיך געוואַשן, זענען געשטאַנען אונטערן טוש, זיך געווישט, געקעמט. די פּאָדלאָגעס זענען געווען פאַרכליאַפּעט, די שויבן פאַרצויגן מיט פּאַרע. די געלעגערס צעוואָרפן, די צימערן „איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף״. מיט איין וואָרט: אַ ווירוואַר.

ביז מ׳האָט ענדלעך אויפגעהערט אונטערצוּוואַרפן קוילן אין די אויוונס אין די סוטערינעס. מ׳האָט צעעפנט די פענצטער אין די וואַנע־צימערן און קאָרידאָרן. די זון האָט גענומען וואַרעמען. די פּאָדלאָגעס האָבן זיך אויסגעטריקנט. מ׳האָט געשמירט די פּאַרקעטן און זיי אויפסניי אויסגע־גלאַנצט.

היינט פלעגט מען באַשמירן די קינדער בלויז מיט ווייסע און געלבלעכע זאַלבן. אָבער אינגיכן זענען שוין אויך די דאָזיקע געווען איבעריק, ווייל די זון און דער ווינט האָבן זיך פאַרנומען מיט זיי הענטלעך און פּיסלעך פון די קינדער און זיי גענומען ברוינען און גאָלדיקן, און פאַרטרייבן די לעצטע שפּורן פון די קרעץ, קראַנקהייטן און כינים. די קינדער האָבן אויפגעהערט זיך צו קראַצן. די מלחמה מיט די קרעץ און כינים האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ פולשטענדיקן נצחון.

*

נאָך דער דאָזיקער מלחמה האָבן מיר אָנגעהויבן אַ צווייטע. אָבער די איז געווען אַ סך שווערער צו געווינען. דאָס איז געווען די מלחמה מיטן אַנאַלפאַבעטיזם פון די קינדער, אַ מלחמה פאַר דעם ליכט פון בילדונג און וויסן.

ווי באַוווּסט, איז איינער פון היטלערס ערשטע יידן־געזעצן אין די אָקופּירטע געביטן געווען דער פאַרבאָט פון לערנען ביי די יידן. דער דאָזיקער צורר האָט געוווּסט וואָס פאַר אַ קלאַפּ ער דערלאַנגט מיטן דאָזיקן

פֿאַרבאָט דעם „עם־הספר״. און דערפֿאַר האָבן די ײדן געטאָן אַלץ כּדי אַרומצוגײן אים. אונטער דער געפֿאַר פֿון טויטשטראָף, און אפֿילו אַ טאָג פֿאַרן טויט, האָט מען נאָך אַלץ געלערנט, אין די געטאָס. און זײער אָפּט איז דאָס לערנען געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ. אָבער נישט אַלע קינדער האָבן געקאָנט געניסן פֿון דעם לערנען. די מערהײט קינדער זענען צו יענער צײט געוואָרן די שפּײזערס פֿון פֿאַמיליעס. צום בײשפּיל אַלגע פּאָדגורסקאַ פֿון אונדזער הויז. אַלט זײענדיק זיבן יאָר, פֿלעגט זי אַפּער־קריכן דורך דעם שטעכעדיקן דראָט פֿון קראָקעווער געטאָ, אַריבערגײן אויף דער אַרישער זײט און האַנדלען מיטן פֿאַרבאָטענעם סאַכאַרין, און פֿאַרנאַכט פֿלעגט זי צוריקקומען אין געטאָ און ברענגען דער פֿאַמיליע (צוועלף נפֿשות!) אַ ביסל ברויט מיט קאַרטאָפֿל. אַזעלכע קינדער ווי אַלגע, ווי אויך יענע וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין קעלערס, אָדער זײ האָבן שווער געפּראַצעוועט בײ פּויערים אין דאָרף, אָדער געקעמפֿט מיט די דײטשן אין וואַלד, ווי אויך די קינדער פֿון די לאַגערן — האָבן אין משך פֿון זיבן יאָר נישט געהאַט די מעגלעכקײט צו לערנען. די עלטער'ע צווישן זײ, פֿערצניערִיקע, האָבן פֿאַר דער מלחמה געענדיקט נישט מער ווי אײן קלאַס, און אויך דאָס וואָס זײ האָבן אין דעם קלאַס געלערנט האָבן זײ פֿאַרגעסן. איז וואָס איז דאָס וווּנדער וואָס דער ניוואָ פֿון זײערע ידיעות איז געווען זײער אַ נידעריקער אַזש צום פֿאַרצווײפֿלען. אַזאַ סטעפֿאַן, למשל, דער עלטסטער און קלוגסטער צווישן די קינדער, אַן אויטאָריטעט אין אַלע לעבנספֿראַגן, אַ באַהאַוונטער אין אַלע מינים געווער, האָט נישט געקאָנט נישט לײענען און נישט שרײבן. און אַזוי האָבן אויך נישט געקאָנט די אַנדערע פֿון זײן עלטער. פֿון די זײער יונגע איז שוין אָפּגערעדט. יענע האָבן נישט געקאָנט אפֿילו רעכט רעדן. צום בײשפּיל אַבראַמעק, אַ פֿינפֿיעריק ײנגעלע, אַ שטיפֿס און אַ זיס, מיט אַ װײסע הויט, װײסע האָר און אפֿילו װײסע אויגן, — װײל דרײ מיט אַ האַלב יאָר פֿון זײנע פֿינף לעבנסיאָרן איז ער אָפּגעזעסן אין דער פֿינצטער! ער פֿלעגט זיך בלויז רײבן אין מײנע קני, ווי אַ קעצל, און זיך בעטן מיט די אויגן כ'זאָל אים שענקען אַ גלעט, אָבער גערעדט האָט דאָס גאָרנישט.

פֿאַרשטענדלעך, ס'זענען געווען אויך אויסנאַמען, ווי למשל, דער קלײנער מילעק, וועלכער האָט זיך אַלײן אויסגעלערנט לײענען און שרײבן, און כּסדר געפֿירט אַ בריוו־אויסטויש מיט זײן ניאַניע, וועלכע האָט נישט געקאָנט קומען צו אונדז צופֿאָרן. אָדער אַן אַנדער ײנגל,

דער צוועלפיעריקער מאיר, אַ לונגענקראַנקער, אַ דאַרער און אויסגעטרוקנטער ווי אַ שטעקן. דאָס האָזיקע ייִנגל, כאָטש ער איז געווען געדריקט און פאַרפּאָלגט בייטאָג און ביינאַכט אין משך פון אַלע מלחמה־יאָרן און האָט אזוי געהונגערט, אַז זיין מאָגן איז נישט געווען מסוגל אויפצונעמען קיין שום זאַך אויסער גראָז, — ער האָט אַלץ געלערנט, אַלץ פאַרגעדענקט, געלייענט צייטונגען און זיך אָריענטירט אין אַלץ. און נאָך דער מלחמה האָט ער געלערנט לייענען איינער אַן אַלטער אוקראַינערין, וועלכע האָט אים אויסבאַהאַלטן פאַרן סוף פון דער מלחמה, אין אַ היניטיש ביידל. אַזוי אויך רישעק, אונדזער דאָקטאָר מענליק׳ס ייִנגל, כאָטש ער איז געווען אין אוישוויץ, האָט געקענט לייענען (ער איז בכלל געווען זייער פעיק), און אויך די מיידלעך פון די מאָנאַסטירן. אָבער די אַלע זענען געווען אויסנאַמען.

דער כלל קינדער האָט נישט געקאָנט לייענען. זיי האָבן אָנגעוווירן די בעסטע זיבן יאָר פאַר לימודים. און דערפאַר האָט מען געדאַרפט שנעל אָנהייבן דאָס וואָס פעלט, אַרבעטן אינטענסיוו, נישט צעפּטרן קיין איין טאָג, קיין איין שעה.

די קינדער האָבן דאָס זייער אָפּגעפּילט, און מ׳האָט זיי גאָרנישט געדאַרפט אויפקלערן און צוגעבן חשק. אַלע האָבן זיך אַ נעם געטאָן צום לערנען, אפילו איבער זייערע פיזישע מעגלעכקייטן (אויסער עטלעכע אויסנאַמען, ווי: סטעפאַן, בראָנעק, אַנדזשעי דער קאַצעטניק, דער גרויסער מילעק, וועלכע זענען געווען פאַרטאָן אין אַנדערע ענינים). די קינדער האָבן געשפּירט, אַז אין דעם ים פון עוולות וואָס די דייטשן האָבן זיי אָפּגעטאָן איז אָט דאָס, וואָס זיי האָבן נישט געקאָנט לערנען, ווי אַלע קינדער אויף דער וועלט, געווען די ערגסטע עוולה.

דערפאַר האָבן מיר אָנגעהויבן דאָס לערנען באַלד אויפן צוויטן טאָג פון אונדזער קומען קיין זאַקאָפּאַנע (נאָך איידער ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן די מעדיציניש אונטערזוכונג). די קינדער האָבן געלערנט אין צוויי קלאַסן, וואָס זענען פאַר דעם ספּעציעל באַשטימט געוואָרן אויפן פאַרטער. און ווען ס׳איז נויטווענדיק געווען, פלעגן מיר באַפרייען פאַר די לימודים אויך דעם עסזאַל (און דאָס איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך). חוצדעם איז איין צימער באַשטימט געוואָרן פאַר אַ קינדערגאָרטן, כאָטש מיר האָבן נישט געהאַט פאַר דעם דאָס געהעריקע מעבל. מיר האָבן געהאַט צוויי לערערינס קוואַליפיצירטע און איין פּרעבליסטין, וועלכער ס׳איז באַהילפיק געווען פרוי

האַנקע (די אײנציקע װאָס איך האָב אָפּגעראַטעװעט פֿאַר זיך פֿון אַלע מיטאַרבעטער אױף דלוגע־גאַס). דערצו האָב אױך איך אַלײן געלערנט, מיט גרויס מי, אין די װײניקע פֿרײַע שעהען, דער עיקר העברעיש.

פֿון דעם מאָמענט װי ס׳האָט זיך געעפֿנט די שול האָט קײן שום קינד נישט געהאַט קײן איבעריקע פֿרײַע צײַט. יעדער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט די העפֿטן און דעם בלײַפֿעדער און געחזרט די לעקציע. די לימודים האָבן זיך געצויגן פֿון אַכט אינדערפֿרי ביז אײנס מיטאָגצײַט. נאָך מיטאָג האָט מען גערוט, זענען פֿאָרגעקומען שפּאַצירן, שפּילן, און מ׳האָט צוגעגרײט די לעקציעס.

דאָס גאַנצע לעבן אין הויז — דאָס אױפֿשטײן, דאָס לײגן זיך שלאָפֿן און די עס־שעהן (װעלכע זענען געװען נישט װײניק) — האָט געמוזט געפֿירט װערן מיט אַ באַזונדער פּינקטלעכקײט, כדי נישט איבערצופֿירן דעם טאָג־אָרדענונג פֿון לערנען. און דאָס איז נישט געװען קײן לײַכטע זאַך, נישט פֿאַר די אָנגעשטעלטע און נישט פֿאַר די קינדער, װעלכע האָבן פֿאַר דער מלחמה־צײַט לחלוטין נישט געװוּסט װאָס דאָס הײסט אַזױנס טאָג־אָרדענונג און לעבנס־אָרדענונג. אָבער פּאַמעלעכן האָט עס אָנגעהױבן אַרײַנגײן זײ אין בלוט. צום שװערסטן איז עס, װאָרשײַנלעך, אָנגעקומען דער פֿרוי בראָניע, דער ערשטער קעכין. זי פֿלעגט האַלטן אין אײן קוקן אױפֿן זײגערל און זיך דענערװירן. פֿיר אַזײגער אינדערפֿרי פֿלעגט זי אױפֿשטײן צו דער אַרבעט און כסדר אַרומפּלאָנטערן, טאָמער װעט זי נישט באַװײַזן. איר פֿולע גוטע שטימונג פֿלעגט זיך איר אומקערן ערשט דעמלט, װען זי פֿלעגט אױסטײלן די לעצטע פּאָרציע דעם לעצטן קינד. דעמלט פֿלעגט זי זיך אַנידערשטעלן אינמיטן עסזאַל מיט אַ פּוסטן טאָפּ אין האַנט און אַ פֿרעג טאָן מיט אַ קלינגעװודיקן אַלט:

— ס׳האָט אײַך געשמעקט, קינדער, מײַן פֿרישטיק?

— יאָ, פֿרוי בראָניע, ס׳האָט געשמעקט.

— און װאָס האָט אײַך צום בעסטן געשמעקט?

— די קליסקעס מיט מילך. יצחק האָט אױפֿגעגעסן דרײַ טעלער. און לילי אַפֿילו נישט קײן אײנעם.

— װאָס? לילי האָט נאָכנישט פֿאַרענדיקט? — און אין אײן רגע האָט פֿרוי בראָניע געטאָן אַ שטעל אַװעק דעם לײדיקן טאָפּ און איז גלײַך צוגעשפּרונגען צו לילי — אָרעם קינד, האָט קײן אַפּעטיט נישט... זעט נאָר װי דאָס קינד זעט נעבעך אױס (לילי האָט בעקלעך װי פֿערישקעס און אַ

פּול, קיילעכיק פּנימל ווי אַן עפּל) אפילו צו עסן האָט עס נישט קיין כוח...

און פרוי בראַניע זעצט זי אַנידער צו זיך אויף די קני און נעמט זי האָדעווען מיטן לעפל, ווי אַ פּיצל קינד. פרוי האַנקע איז אומצופרידן דער־מיט: „מ'טאָר נישט מאַכן קיין אויסנאַמען צווישן קינדער", אָבער פרוי בראַניעס ליידנדיקע האַרץ בענקט דווקא נאָך אַזאַ אויסנאַם... דערפאַר זעט זי נישט און הערט נישט גאָרנישט, נאָר קושט און דריקט צום האַרצן ליאַלין מיט די פּערישקעס־בעקלעך... און פאַרגעסט לחלוטין, אַז ערשט האָט זי דאָס רעכט אויף איין שעה אָפּרו, אויף אַ קורצער פּויזע אין דעם לאַנגן אַרבעטס־טאָג, וועלכער דויערט זעכצן שעה.

און דערווייל, נישט געקוקט אויף פרוי בראַניעס געשמאַקע קליסקעלעך, נישט געקוקט אויף דער שול און דער היילנדיקער זון ביים צופוסנס פון אַלטן גיעוואָנט און די „רויטע בערגשפּיצן", — האָט דאָס לעבן פון די קינדער געשטראָמט נישט נאָר מיט דער קאָריטע פון דעם אָפענעם טאָג־רעגולאַמין, נאָר אויך מיט פיל טיפערע אונטערערדישע אָדערן, וואָס זייערע וואָרצלען שטעקן נאָך אין די פאַרנעפּלטע מלחמה־איבערלעבענישן.

אַזוי, למשל, האָט איינמאָל פּאַסירט, אַז פראַנקע דער פאַרטיזאַנערינס הויכע און תמיד אָפּגעגלאַנצטע שיך זענען אין איינעם אַ טאָג געפונען געוואָרן צעשניטענע דורך אַ בייזוויליקער האַנט, און ס'זענען פון זיי איבערגעבליבן בלויז די פּאָדעשוועס. אַ גרויסע פאַרביטערונג האָט אַרומ־געכאַפּט דאָס גאַנצע הויז. אַלע קינדער זענען געגאַנגען באַטראַכטן די צעשניטענע שיך. פראַנקעס פּנים איז געווען אויפגעבלאָזן פון געוויין. די שיך זענען געווען איר גאַנצער פאַרמעגן, איר פרייד און שטאָלץ. קיין שום אַנדערע שיך וואָלטן זיי נישט געקאָנט פאַרבייטן. און חוצדעם איז מיר נישט לייכט געווען צו געבן איר אַוועלכע אַנדערע שיך. נאָך אַ „פּאַכמעניש" באַטראַכטן דאָס שטיקל אַרבעט דורך געהעריקע אויטאָריטעטן, ווי סטעפּאַן, דער גרויסער מילעק, וולאַדעק, אַנדזשעי און אַנדערע, איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן די מיינונג, אַז דאָס איז אַ נקמה־אַקט. נישט קיין גנבה, נישט קיין גזילה, נישט קיין צופאַל. גאָרנישט פון דעם, נאָר נקמה. נאָר ווער איז געווען דער טויט־שונא פון פראַנקען און אירע הויכע שיך מיט די כאַליעווקעס? ווען איז זי אַזוי פאַרהאַסט געוואָרן, אַז ער האָט צוגעטראַכט אַזאַ אכזריותדיקע נקמה?

דעמלט האָבן זיך די עלטערע מיידלעך דערמאָנט אין דער לעצטער קריגערײַ וואָס זיי האָבן געהאַט מיט מאַרילקע קאָוואַלסקאַ, דאָס מיידל פון

דלוגע־גאַס, וואָס האָט געהאַט אָפּגעפּרוירענע, רויטע פינגער, וועלכע האָט מיר געהאָלפן ביים וואַשן די קינדער דעם ערשטן טאָג און נישט געוואָלט מיר אויסזאָגן איר יידישן נאָמען. מאַרילקע האָט געוווינט אין איין צימער מיט די שוועסטער אָלגאַ און גענקע פּאָדגורסקאַ, מיט שרהן, רחלען און אַליען, אָבער פון ערשטן מאָמענט אָן נישט באַפריינדעט זיך מיט זיי. ווייל אָלגע, גענקע און שרה האָבן אָן אויפהער גערעדט וועגן אָשוויענטשים, וועגן געטאָ און וועגן דעם, אַז אָלגע פלעגט אונטערקויפן די פּאָליציאַנטן און גיין אין דער צענטראַלע פון דער געסטאַפּאָ צו באַקומען דעם זיגל אויפן ברודערס אַרבעט־שיין. גענקע ווידער פלעגט דערציילן ווי זי פלעגט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ דערוואַקסענע, און פראַנקע, רחל און אַליע, די פאַרטיזאַנקעס, פלעגן אַ סך רעדן וועגן דעם, אַז זיי וועלן אַנטלויפן קיין ארץ־ישראל. מארילקע האָט זיך צווישן זיי געפילט לגמרי אַ פרעמדע, האָט נישט געהאַט וואָס מיט זיי צו רעדן. זי האָט זיך, נישט באַוווסט פאַרוואָס, געפילט פאַר העכער פון זיי, און דאָס דאָזיקע געפיל אויך נישט אויסבאַהאַלטן פאַר זיי. דערפאַר האָבן זיי זי נישט ליב געהאַט און פלעגן זיך אָפּט אַרומקריגן מיט איר. בשעת דער לעצטער קריגעריי האָבן זיי זיך אַלע געוואָרפן אויף איר און אַזוי געזאָגט:

— דו העסלעכע מאַלפּע איינע! דו פאַלשע שלאַנג! דו אונטערלעקערקע איינע! (ווייל מאַרילקע פלעגט גיין צו די דערציערינס און זיי העלפן אין דער אַרבעט ביי דעם קליינוואַרג).

און מער פון זיי אַלע האָט קעגן איר געטופּעט מיט אירע גלאַנצנדיקע שיך טאָקע פראַנקע. און זי האָט עס איר אַרויסגעשטופּט פון צימער און געזאָגט:

— אַרויס פון אונדזער צימער, גיי אַהין פונוואַנען ביסט געקומען! גיי דינען ביי די דייטשן!

מאַרילקע האָט זיך דעמלט אויפגעפירט זייער מאָדנע (אַזוי האָבן פעסטגעשטעלט אַלע מיידלעך פּה־אחד). האָט נישט צוריקגעגעבן קיין קלעפּ, נישט געענטפערט אויף די זידלערייען, נאָר שטאָלץ פאַרביסן דאָס מויל און אַרויסגעשטעלט איר גרויסן ביוסט (צוליבן דאָזיקן ביוסט האָבן די מיידלעך געטענהט, אַז זי איז בכלל נישט אַלט קיין פערצן יאָר, ווי זי האָט געזאָגט, נאָר זעכצן־זיבעצן. אָבער זי איז נישט געווען די איינציקע וואָס האָט אָנגעגעבן אַ נישט ריכטיקע עלטער. קיין שום מיידל פון די לאַגערן האָט נישט אָנגעגעבן איר ריכטיקע עלטער. נישט מחמת אַ באַדערפעניש

ליגן צו זאָגן, נאָר צוליב פּאַרזיכטיקייט. אין לאַגער האָבן זיי געמוזט זיך אָנגעבן פּאַר עלטער, ווען נישט וואָלטן זיי געגאַנגען אין אויוון אַריין; אין קאָמיטעט ווידער האָבן זיי געמוזט אָנגעבן יונגערע יאָרן, ווייל אַנדערש וואָלט מען זיי נישט אָנגענומען אין קינדער־אַנשטאַלט. איז וואָס וואָלטן זיי געטאָן? וווּהין וואָלטן זיי געקאָנט גיין? וואָס שייך דער צוקונפט, קאָן מען דאָך נישט וויסן וואָס פּאַר אַ סיטואַציע ס'וועט זיך שאַפן...).

מאַרילקע האָט געזאָגט בלויז עטלעכע ווערטער: „איך דאַרף אייך נישט האָבן!“ זיך אויסגעדרייט צו זיי מיטן רוקן און אַוועקגעגאַנגען. ווי זיי האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט איז זי געגאַנגען שלאָפן צו די „מיטעלע“.

גלייך אויפן צווייטן טאָג איז געשען דער שרעקלעכער פּאַרפאַל מיט פראַנקעס שיך. דערפאַר האָבן אַלע מיידלעך פון יענעם צימער נישט געהאַט קיין שום ספק, אַז דאָס איז געווען מאַרילקעס שטיקל אַרבעט. און נאָך דעמזעלביקן טאָג, ווען מאַרילקע איז נאָך עפּעס וואָס אַריינגעקומען אין צימער, האָבן זיך אַלע געוואָרפן אויף איר מיט די פויסטן און איר אַריינ־געלייגט מיט אַלע כוחות. ווידער, האָט מאַרילקע נישט צוריקגעענטפערט און נישט צוריקגעשלאָגן. וואָס וואָלט עס איר דען געהאָלפן ביי אַזאַן איבערוואָג פון שונאים? מאַרילקע האָט זיך אפילו פאַר קיינעם נישט פאַרקלאָגט. נאָר אויך יענע נאַכט איז זי נישט געקומען שלאָפן אין צימער מיט די עלטערע מיידלעך, זיי האָבן זיך אויך נישט געוווּנדערט, ווייל זיי האָבן געמיינט, אַז זי איז ווידער געגאַנגען שלאָפן צו די „מיטעלע“. אָבער אויף מאָרגן איז זי נישט געקומען נישט צום פרישטיק, נישט אין שול און נישט צום מיטיק. מ'האָט גענומען זוכן זי איבערן הויז און נישט געפונען. מיר האָבן געטראַכט, אפשר איז זי אַוועק אָן אַ דערלויבעניש אין שטאָט און געהאָפט, אַז זי וועט צוריקקומען צום אָוונטברויט. אָבער זי איז נישט צוריקגעקומען. דער גלאָק האָט גערופן צום שלאָפן, און מאַרילקע איז אַלץ נישטאָ. מיר האָבן גענומען זיך שטאַרק באַאומרויקן, אויסגעפאָרשט די מיידלעך. דעמלט האָבן זיי זיך אין אַלץ מודה געווען: „מיר האָבן זי אַרויסגעיאָגט, ווייל זי האָט צעשניטן פראַנקעס שיך“. — „האָט איר מיט די אייגענע אויגן געזען, אַז זי האָט זיי צעשניטן?“ — „ניין, אָבער דאָס איז מער ווי זיכער, קיין שום אַנדערער וואָלט עס נישט געקאָנט טאָן. און זי — יאָ, ווייל זי איז אַ פאַרביסענע“.

כ'האָב צוזאַמענגערופן אַ דרינגענדיקע פּעדאַגאָגישע באַראַטונג וועגן ענין מאַרילקע. כ'האָב געזאָגט: איך זע נישט קיין אַנדער אויסוועג, ווי זיך

צו װענדן צו דער פּאָליצײַ זי זאָל אונדז העלפֿן זוכן דאָס מײדל, װײל איך שרעק זיך פֿאַר איר לעבן. אָבער די אָנגעשטעלטע זענען געװען קעגן: מ׳קאָן עס נישט טאָן, װײל דאָס װעט שאַדענען דעם גוטן נאָמען פֿון אַנשטאַלט. איך האָב געזאָגט: דאָס לעבן פֿון דעם קינד איז מיר װיכטיקער פֿון אַלץ.

— אָבער זי איז שױן נישט קײן קינד, — האָט האַרב אַ זאָג געטאָן פּרוי מעגליך — מ׳זעט עס אָן לױט איר פֿיזישער אַנטװיקלונג. ס׳קאָן זײַן אַז זי איז געװױנט צו פֿאַרברענגען די נעכט אױסערן הױז.

אַ שױדער האָט מיך דורכגענומען, װען כ׳האָב דערהערט די דאָזיקע װערטער. כ׳האָב זיך געװאָנדן צו פּרוי מענליך און געזאָגט: פֿאַר מיר זענען זײ אַלע קינדער, אומגליקלעכע, פֿאַרבלאָנדזשעטע קינדער. און קײן שום מענטש האָט נישט קײן רעכט זײ צו באַשולדיקן.

— איך באַשולדיק נישט קײנעם — האָט זיך פּרוי מענליך באַהיטעװדיק צוריקגעצױגן — אָבער דאָס זוכן אַ ײדיש מײדל דורך דער פּאָליצײַ קאָן אונדז אַ סך שאָדן ברענגען. דאָס װעט זײַן אַ גוטער מאַטעריאַל פֿאַר די אַנטיסעמיטן. זײ װעלן פֿאַרשפּרײטן אַ קלאַנג, אַז מיר האָבן דאָ אַ זאַקאָפּאַנע געשאַפֿן אַ צענטער פֿאַר בלאַטע יונגען, פּראָסטיטוטקעס און פֿאַרברעכערס. און װאָס װעט זײַן אױב די פּאָליצײַ װעט זי װירקלעך פּאַקן בײַ עפּעס ענלעכס?

— איך גלײב נישט דערין און כ׳װעל קײנמאָל נישט גלײבן, — האָב איך געזאָגט מיט פֿאַרדרוס — איך גלײב אפֿילו נישט, זי זאָל האָבן צעשניטן פּראַנקעס שיך.

אַלע מיטאַרבעטער האָבן אױף מיר אַ קוק געטאָן מיט חידוש. בלױז פּרוי אידאַ און האַנקע האָבן זיך געשטעלט אױף מאַרילקעס צד:

— איך קאָן מאַרילקען פֿון דלוגע־גאַס, — האָט האַנקע געזאָגט — זי פֿלעגט דאָרט תּמיד גערנװיליק צוהעלפֿן.

— אױך איך און מײַנע קינדער האָבן זי זײער ליב, — האָט געזאָגט פּרוי אידאַ, װעלכע אָט דערצױגן אַ גרופּע קינדער פֿון מיטעלן עלטער.

— אױב אַזױ, — האָבן לסוף אַלע זיך אַרױסגעזאָגט — דאַרף מען אװדאי נישט קלינגען אין דער פּאָליצײַ, אױך פֿאַר איר װעט עס זײַן נישט אָנגענעם.

— גוט, — האָב איך מסכּים געװען — מיר װעלן זי זוכן מיט אײגענע כּוחות.

און דערױף האָט זיך פֿאַרענדיקט די דיסקוסיע. אַלע זענען זיך צעגאַנגען

אין זייערע צימערן, און איך האָב גענומען זוכן מארילקען. גענומען אַן עלעקטריש לעמפּל און זי געזוכט איבערן גאַנצן הויז, אויך אין די סוטערינעס, מאַגאַזינען און אין קעלער. דערנאָך בין איך אַרויף אויפן בוידעם. לסוף האָב איך אָנגעטאָן אַ מאַנטל און פעסטערע שיך און זיך אַרויסגעלאָזט אינדרויסן.

ס׳איז געווען אַ שטאַרק פינצטערע נאַכט. איבערן הויף האָט זיך אַרומגעדרייט אונדזער נאַכט־וועכטער, קלימעק, אין אַ שעפּסענעם פעלץ, און זיין הונט, אַמאַר, הינטער אים.

— האָט די פרוי לייטערין עפּעס פאַרלוירן ? — האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן הכנעהדיק־העפלעך, זעענדיק מיך אַרומגיין איבער די ווינקעלעך פון הויף און זיך צולייכטן מיטן עלעקטרישן לעמפּל.

— יאָ, אַ מיידל איז מיר פאַרלוירנגעגאַנגען, — האָב איך אים געענטפערט און געפילט ווי טרערן שטיקן מיך אין האַלדז. — מאַרילקע קאָוואַלסקא, אַ פערצניעריק מיידל, איז נעכטן פאַרשווונדן פון הויז, שוין אַ גאַנצער טאָג און צוויי נעכט ווי זי איז נישטאָ.

קלימעק האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין נאַקן.

— כ׳האָב קיינעם נישט געזען, — האָט ער געזאָגט — ווען זי וואָלט זיך דאָ געווען אַרויסגעכאַפּט, וואָלט איך זי געווען געזען. און אויך אַמאַר וואָלט זי גלייך געווען דערשפּירט, וואָרן ער איז זייער שפּירעוודיק.

אַז אַמאַר האָט דערהערט זיין נאָמען, איז ער צו אונדז צוגעלאָפן שפּרינגענדיק און האָט גענומען קלעטערן אויף קלימעקן, ביז ער איז געבליבן שטיין קעגן אים אויף צוויי פיס און געלעקט זיי פנים. קלימעק האָט אים ווי אָפּגעטריבן, אָבער ס׳איז קענטיק געווען, אַז דאָס איז אים אָנגענעם.

— ער איז אַזוי שפּירעוודיק, אַז גאָט זאָל אויסהיטן, — האָט קלימעק איבערגעחזרט, קוקנדיק אויפן הונט מיט ליבשאַפט.

— מיר זעט ער נישט אויס צו זיין אַזוי, — האָב איך אַ זאָג געטאָן ווי קווענקלענדיק — ער איז נאָך יונג, און די גאַנצע צייט געפינט ער זיך בלויז לעבן אייך און לויפט נישט אַרום קיין סך איבערן הויף.

— נו, ווייל איך טרעניר אים ערשט... און דערפאַר האַלט איך אים דעם גאַנצן טאָג ביי זיך אין שטוב... ווייל דאָ געפינען זיך אַ סך קינדער, און זיי רייצן זיך מיט אים. און שלאָפן דאָ בייטאָג קאָן ער נישט. דערפאַר שלאָפט ער ביי מיר אין שטוב און היט אָפּ בעסער ביינאַכט.

— אפשר וואָלט איר מיר געהאָלפן זוכן דאָס מיידל, — האָב איך איבערגעריסן זיין אויספירלעכע דערקלערונג — איר האָט דאָך אַ לעמפּל.

— אָ, אויב די לײטערין הײסט... כאָטש, דעם אמת געזאָגט, איז אַ שאָד צו פּטרן דערויף דאָס עלעקטרישע לעמפּל... סײדן די לײטערין װעט מיר אָפּקויפן אַ צװײטס...

מיר האָבן גענומען זוכן אין די קוסטעס װאָס פּאַרן װעלדל און געניש־טערט צװישן די צװײַגן און בלעטער. דערנאָך זענען מיר אַװעקגעגאַנגען הינטערן הויז און דעם מיסטקאַסטן. צום סוף זענען מיר אַרויסגעגאַנגען פונעם הויף אויפן װעג אַרויף. כ׳האָב זיך געבויגן איבער די ריװעס פון בײדע זײַטן װעג, נישט אויפגעהערט צו רופן כסדר: „מאַרילקע! מאַרילקע!" אָבער ס׳האָט מיר אָפּגעענטפערט בלויז דאָס שאָרכען פון בלעטער און דאָס בילן פון דעם הונט. פּלוצים איז מיר אײַנגעפאַלן אַ נאַאיװער געדאַנק, איך זאָל געבן אַמאָרן אַ שמעק צו טאָן מאַרילקעס עפּעס אַ זאַך, אַפשר װעט דאָס אים העלפן צו געפינען אירע שפּורן. קלימעק זאָגט דאָך אַז ער איז שפּירעװודיק, און ער טרענירט אים. בין איך גלײך אַװעקגעלאָפן אין הויז און געבראַכט פון דעם צימער פון די „מיטעלע" אַ טיכל װאָס מאַרילקע האָט דאָרט געלאָזן. כ׳האָב עס דערלאַנגט אַמאָרן צו באַשמעקן — און ער האָט עס אַ כאַפּ געטאָן מיט די צײן און גענומען לויפן דערמיט װי אַ דולער. אָבער זײַן לויפן איז נישט געװען אין אַ באַשטימטער ריכטונג. ער איז געלאָפן אין אַ קרײַז, אָדער הינטער אונדז. מיר האָבן נאָכאַמאָל אַרומגעקרײַזט לעבן זײַן בײדל און ער האָט נישט געװאָלט זיך אַװעקרירן פון אָרט. ס׳האָט נישט געהאָלפן קלימעקס רופן. דער הונט האָט געגראַבלט מיט די נעגל די ערד לעבן זײַן בײדל און געבילט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. פון מאָל־צו־מאָל האָט ער געפּרוּװט אַרײַנשטעקן דעם קאָפּ אין דער עפענונג פון בײדל, אָבער זיך מיט שרעק צוריקגעצויגן.

קלימעק האָט זיך אַראָפּגעזעצט בײַ דעם בײדל און אַ זאָג געטאָן:

— כ׳װעל אַרײַנלײַכטן מיטן לעמפּל און זען. אפשר איז אַװעלכע קאַץ אַהין אַרײַנגעקראָכן, אָדער אַן אַנדער באַשעפעניש.

און װירקלעך, ס׳איז דאָרט געװען אַן אַנדער באַשעפעניש. אין דער שײַן פון לעמפּל האָט קלימעק דערזען אין דער טיף פונעם בײדל אַ מײדל, אַ צוזאַמענגעדריקטע און געפרוירענע. דאָס איז געװען מאַרילקע. דאָ האָט זי זיך אויסבאַהאַלטן. ס׳איז איר אָנגענומער געװען צו זיצן אַן אײַנגע־בויגענע אין נידעריקן און פינצטערן בײדל, אײדער אין אונדזער הויכער העלער און ליכטיקער װילע, װאָס איז פול מיט קינדער...

מאַרילקע האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט װען כ׳האָב זי אַרויסגענומען

פון בײדל און אָפּגעפּירט אין הויז. כ׳האָב זי אַרײַנגענומען צו מיר אין צימער און געלײגט אין מײַן בעט. זי איז געווען קאַלט, ווי אײַז. כ׳בין גיך געלאָפן אין קיך אַרײַן און איר צוגעגרײט אַ וואַרעם עסן. כ׳האָב איר אויך אַרײַנגעבראַכט אַ פלאַש וואַסער צו דערוואַרעמען אירע פיס. מאַרילקע האָט געגעסן און גאָרנישט נישט געזאָגט. אויך איך האָב געשוויגן. האָב אַרײַנגענומען אירע אומגליקלעכע אָפּגעפרוירענע הענט אין מײַנע דלאָניעס און גענומען אײַנרײַבן זײ צו דערוואַרעמען.

ערשט דעמלט האָט מאַרילקע אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין. גענומען דערצײלן מיט אַ שטים, וואָס האָט זיך כסדר איבערגעריסן, ווי די דײַטשן זענען געקומען קײן לעמבערג צונעמען איר טאַטע־מאַמע... ווי זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון צווײטן שטאָק אויפן בריק, און אַזוי־אַרום זיך געראַטעוועט. „אָט זענען דאָ די צײכנס, בײדע פיס האָבן זיך מיר צעבראָכן בעת דעם שפּרונג״ — און מאַרילקע האָט מיר געוויזן צוויי היפּשע וואַלקעס לײב איבער בײדע קני. „כ׳בין געלעגן אַ יאָר אין שפּיטאָל, און דאָס האָט מיך געראַטעוועט. און ווען כ׳בין אַרויס פון שפּיטאָל, האָב איך שוין קײנעם נישט געהאַט, איך פלעג שלאָפן אין קאָשציאָל אונטער די בענק. ביז דער גלח האָט זיך אויף מיר דערבאַרעמט און מיך געקריסטיקט. דערנאָך האָט ער מיר געגעבן גוטע פּאַפּירן, און כ׳האָב שוין געקאָנט זיך באַוועגן פון אָרט־צו־אָרט. אָבער כ׳האָב נישט געהאַט וואָס צו עסן און געמוזט דינען בײַ דײַטשן, בײַ קינדער... און איצטער וואַרפן זײ עס מיר כסדר פאָר... אַלע האָבן זײ זיך גענומען אויף מיר... זײ האָבן מיר אַזוי געשלאָגן... אין פּנים, מיט די פויסטן אין די עלנבויגנס... אַלע אויף מיר אײנע... און קײנער האָט זיך פאַר מיר נישט אָנגענומען... איך האָב נישט אויף דער וועלט קײנעם... די גאַנצע וועלט איז קעגן מיר... נישטאָ ווער ס׳זאָל זאָגן פאַר מיר אַ גוט וואָרט... און אַלע מײנען אַז דאָס האָב איך צעשניטן פראַנקעס שיך... איך וויל מער נישט זײַן אין דאָזיקן הויז... מיט אַזעלכע מיידלעך... איך וויל אַוועק פונדאַנען...״.

כ׳בין געזעסן לעבן מאַרילקען און האָב נישט געוווּסט ווי אַזוי זי צו טרײסטן און באַרויקן. ווי אַזוי פאַרריכטן די עוולה וואָס מ׳האָט איר גורם געווען אין דאָזיקן הויז? ווי איר דערווײַזן, אַז זי איז נישט אַלײן, עלנט, אַז זי האָט פרײַנט, כדי זי זאָל וועלן בלײַבן מיט אונדז?

מאַרילקע איז געלעגן אין מײַן בעט און האָט אַרײַנגעהעשעט אין קישן. כ׳האָב איר געגלעט איבערן קאָפּ און געזאָגט:

— מאַרילקע, איך גלײב דיר פון גאַנצן האַרצן, אַז דו ביסט נישט שולדיק — און איך בעט פון דיר אַנטשולדיקונג אין נאָמען פון אַלע מײדלעך, דו ביסט לגמרי נישט עלנט.

— אָבער אַלע מײנען אַז איך האָב עס געטאָן. און אַלגע האָט מיר געזאָגט, איך זאָל זיך אָפּטראָגן פונדאַנען, און אַז איך בין די פאַרשיווע שאָף...

— צי דאָס וואָס אײן מײדל האָט דיר געזאָגט איז בײ דיר וויכטיקער פון דעם וואָס איך זאָג דיר?

— אָבער איך קאָן דאָ נישט בלײבן, אויב אַלע באַשולדיקן מיך. איך מוז אַוועק פונדאַנען.

— וועסט פונדאַנען אין ערגעץ נישט אַוועקגײן, — האָב איך איר געזאָגט אַנטשלאָסן — ווײל האָסט נישט ווהין צו גײן. דאָ איז דײן הײם, דו הערסט? און דו האָסט די זעלבע רעכט וואָס די אַנדערע קינדער. דאָ וועסטו בלײבן און זיך אויסלערנען לעבן מיט די אַנדערע קינדער, און זײ וועלן זיך אויסלערנען לעבן מיט דיר.

— אָבער איכל נישט צוריקגײן צו זײ אין צימער.

— וועסט ווײנען אין וועלכן צימער ס׳וועט זיך דיר גלוסטן.

— און כ׳וועל קײנמאָל נישט רעדן צו זײ.

— איך בין זיכער, אַז נאָך נישט אײן מאָל וועסטו רעדן מיט זײ. און זײ וועלן זיך איבערצײגן, אַז דו ביסט אומשולדיק.

— יאָ, אָבער ערשט וועלן אַלע לאַכן פון מיר, וואָס כ׳בין געשלאָפן אין הונטס בײדל...

— קײנער וועט אפילו נישט וויסן וועגן דעם. דאָס וועט בלײבן אַ סוד צווישן מיר, דיר און קלימעקן מיט אַמאָרן. אָפּגערעדט?

מאַרילקע האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן דורך טרערן, און טײלמאָל זיך צוגעדריקט צו מיר מיט איר גאַנצן קערפּער.

*

אין משך פון אַ גאַנצן יאָר איז נישט אויפגעדעקט געוואָרן דער סוד, ווער ס׳האָט צעשניטן אויף פּאַסן פראַנקעס שיך. און כמעט אַלע האָבן בײ זיך אין האַרצן צוגעשריבן די שולד מארילקען. ערשט אין אַנדערטהאַלבן יאָר אַרום, ווען מיר זענען שוין געווען אין פראַנקרײך, און פראַנקע איז שוין לאַנג נישט געווען מיט אונדז, איז אײנמאָל דער קלײנער אַנטעק אין כעס געוואָרן אויף האַנקען און האָט אין זײן צאָרן אַ געשרײ געטאָן:

— אַז איר וועט מיר נישט געבן דעם דאָזיקן רעוואָלווער, וועל איך אײך צעשנײדן די שיך, ווי כ׳האָב צעשניטן פראַנקעס.

לענאַ קיכלער־זילבערמאַן

# ראָזע פּיזשאַמעס

ס׳איז אַריבער אַ חודש אין זאַקאָפּאַנע. די קינדער איז גוט געגאַנגען. האָבן זיך געהײלט, געלערנט, געװײלט. דער װינט און די זון האָבן אָגעברױנט זײער הויט, און די גוטע מאכלים, װאָס פרוי בראָניע האָט פּאַר זײ געגרײט „האָט זײ געשטעלט אויף די פיס״. צום סוף חודש, װען מיר האָבן געװױגן און געמאָסטן די קינדער, און פאַרגלײכט מיט די פאָריקע ציפערן, האָבן מיר נישט געגלײבט די אײגענע אויגן. אײניקע קינדער האָבן צובאַקומען אין משך פון חודש פופצן קילאָגראַם, און אײניקע נאָך מער. צו אָט די האָט געהערט יאַקוב, אַ דרײצניעריק ײנגל װעלכער איז דרײ יאָר געזעסן אין אַ בוידעם־שטיבל. זײן װוילטוערין האָט אים אין משך פון דער גאַנצער צײט געגעבן אײנאײנציק בוך צום לײענען — דעם נײעם טעסטאַמענט, ער האָט אים פלײסיק געלײענט און געקאָנט אויף אויסנװײניק און אַזױ שטאַרק געגלײבט אין אַלץ װאָס אין אים איז געשריבן, אַז ער האָט באַשלאָסן צו װערן אַ גלח. אָבער זײן װוילטוערין האָט, װײזט אויס, געזאָרגט, דער עיקר, פאַר זײן גײסטיקער שפּײז, װײל ער איז צו אונדז אָנגעקומען מאָגער װי אַ סקעלעט. אַז ער האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן אַ „סטויג״ ברויט, פלעגט ער פאַרצערן דעם גאַנצן סטויג נאָך אײדער מ׳האָט דערלאַנגט דאָס ערשטע געריכט... און מ׳האָט זיך געדאַרפט אײלן צו ברענגען אַ נײעם סטויג ברויט, אַז אויך די אַנדערע ײנגלעך זאָלן האָבן װאָס צו עסן. בעת דער פויזע צװישן אײן געריכט און צװײטן האָט יאַקוב װידער „אַראָפּגעלאָזט״ אַ גאַנצן סטויג ברויט, דעריבער האָט מען געמוזט ספּעציעל זיך אַרומפאָרען בײ יאַקובס טיש. פאַרשטענדלעך, אַז דער באַזונדערער אַפּעטיט צום ברויט האָט אים נישט געשטערט אויפצועסן ביזן דנאָ אַלע געקאָכטע געריכטן.

יאַקוב האָט דערגרײכט דעם רעקאָרד אין צונעמען אויף דער װאָג. אין משך פון צװײ װאָכן איז אים צוגעקומען זעכצן קילאָגראַם אויף דער װאָג, אַזױ אַז דער דאָקטאָר האָט געעצהט מ׳זאָל אַ ביסל אָפּקילן זײן ברען צו דער אכילה. אָבער נישט בלויז ער, נאָר אַלע קינדער, איז מער װײניקער, צוגעקומען צו דער װאָג. דאָס איז געװען אָפּהענגיק פון דעם גראַד אָפּגעצערטקײט און, פאַרשטענדלעך, אויך פון אַנדערע פאַקטאָרן. אַזױ, צום בײשפּיל, פלעגן די געקומענע פון די לאַגערן, װעלכע זענען אָפּגעמאָגערט

געוואָרן ביזן לעצטן, צובאַקומען אויף דער וואָג אמגיכסטן און האָבן אפילו אַרויסגעוויזן אַ נייגונג פּעט צו ווערן. דאָס איז געווען די ברכה פֿאַר די קינדער, ווייל צוזאַמען מיט די אויסגעקיילעכיקטע פּנימער און אויסגעפּילטע הענט־און־פֿיס, האָבן אויך אויפגעגלאַנצט די אויגן. די שרעק און דאָס טשאַטעווען אין זיי, האָבן אָנגעהויבן פֿאַרשווינדן, און זייערע פּולע ליפּן פֿלעגן זיך אָפטער צעשפּעטן אויף אַ שמייכל. ס'זענען פֿאַרשוונדן די קאַטאַרן, די הוסטן, דאָס שווערע אָטעמען און די בלאָע ליפּן. ס'זענען אַלץ וויניקער געוואָרן די שקראָפֿלס און די געהעכערטע טעמפּעראַטורן. די פֿאַר־וועלקטע מוסקולן האָבן זיך אויפסניי אָנגעשפּאַנט צום לעבן און אָנגענומען מיט כוחות. די קינדער האָבן געגומען לויפֿן, און שפּרינגען אפילו, לייכטער און פֿלינקער. פֿאַר אַ ביישפּיל זאָל דינען דאָס פֿאָרעלע דוד און זיין קליין שוועסטערל רחל. ווען זיי זענען אָנגעקומען צו אונדז, האָבן זיי בכלל נישט געקאָנט גיין. מ'פֿלעגט זיי אַריינטראָגן דאָס עסן אין איזאָלאַציע־צימער. די שטיגן זענען פֿאַר זיי געווען אַ שטערונג נישט בייצוקומען. זיי זענען דריי יאָר געזעסן אין אַ בונקער אונטער דער ערד, די פֿיס אַרונטערגעבויגן אונטער זיך, און האָבן נישט געקאָנט אויסגלייכן נישט די פֿיס און נישט די אַקסל. דערפֿאַר ווען זיי זענען נאָך דער מלחמה אַרויס פֿון בונקער, האָבן זיי נישט געקאָנט שטעלן קיין איינציקן טראָט, און מ'האָט זיי געמוזט שיקן אין אַ שפּיטאָל. מ'האָט זיי דאָרט געהיילט עטלעכע חדשים, דערנאָך זענען זיי אָנגעקומען צו אונדז, אָבער זייערע פֿיס און פֿלייצעס האָבן נאָך אונטערגעציטערט. און אָט, נאָך איין חודש בלויז, האָבן זיי באַקומען אַזאַ זעלבסטשטענדיקייט, אַז זיי זענען געשפּרונגען איבער צוויי שטיגן פֿאַראַמאָל און געגאַנגען אין אַ לויף־געוועט איבערן הויף.

דוד איז געווען יאַקובס שכן ביים טיש, און ביידע האָבן זיך אויסגע־טיילט מיט אַן אויסגעצייכנטן אַפּעטיט. אָבער זיין געשיכטע איז געווען דורכויס אַן אַנדערע איידער יאַקובס. ער האָט געשטאַמט פֿון אַ קליין חסידיש שטעטל אין פּוילן, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַן אייגענעם רבין. און צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער באַפֿעלקערונג פֿון שטעטל איז ער געגאַנגען, דוד, צום טויט. די דייטשן האָבן געשטויסן און געשטופּט, געיאָגט ווי בייזע הינט, אָבער די יידן זענען געגאַנגען רויק. אַלע זענען געווען אָנגעטאָן שבתדיק, אין בעסטן און שענסטן. די מאַנצביל אין אטלעסענע שוואַרצע בעקעשעס, אין סאַמעטענע היטלען, און די ווייבער אין ווייסע קופּקעס פֿון אַטלעס און זייד. די קינדער זענען געווען אָפּגעוואַשן, פֿאַרקעמט און אויך

אין די שבתדיקע מלבושימלעך. פאַרויס פון דער מחנה איז געגאַנגען דער רבי מיט אַ ספר־תורה אויף דער האַנט, אין שענסטן „העמדל״, און ער האָט זי געטראָגן, ווי אַ טאַטע זיין געליבטע בת־יחידה. הינטער אים זענען געגאַנגען די חסידים און די גאַנצע שטאָט: חסידים און נישט־חסידים, פרומע און נישט־פרומע, ווייבער און קינדער. אָן געוויין, ערנסט און דרייסט — זענען זיי געגאַנגען קעגן טויט. מאַמעס האָבן געטראָגן די עופעלעך אויף די הענט, ווי דער רבי האָט געטראָגן די תורה, כדי מיט זיי צוזאַמען אַריינצופאַלן אין גרוב...

נאָכדעם ווי דודס זיידע, זיין ברודער און מאַמע זענען דערשאָסן געוואָרן און אַריינגעפאַלן אין גרוב, האָט אים עמעצער אַרויסגעשטופט פון דער שורה און איינגערוימט: אַנטלויף! — איז ער אַנטלאָפן און איינער אַליין אַרומגעבלאָנדזשעט, ביז מ'האָט אים אַריינגענומען אין אַ בונקער, ווו ער האָט געפונען זיין שוועסטערל.

דריי יאָר איז דוד געזעסן אין דעם בונקער און האָט געהאַט גענוג צייט אַ סך צו טראַכטן. נישט געקוקט דערויף וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צו לייענען און לערנען אין ספרים, האָט ער באַנומען און פאַרשטאַנען מיט זיין יונגן מוח די גרויסקייט פון דעם יידישן פאָלק, פאַרשטאַנען דעם זין פון זיין לאַנגן וועג פון פיין און דאָס שליחות, וואָס איז אויפן פאָלק אַרויפגעלייגט געוואָרן — צו דינען גאָט, צו זיין אַ ליכט פאַר פעלקער, צו לערנען זיי גערעכטיקייט און יושר, געזעץ און שלום. ער האָט אויך פאַרשטאַנען פאַרוואָס היטלער האָט געמוזט אויסראָטן די יידן: ווייל ער איז געווען די פאַרקערפערונג פון אַלץ וואָס איז אין קעגנזאַץ צו דער מיסיע פון די יידן — פון גאָר דעם בייז אויף דער וועלט: מלחמה אכזריות, רויב און אומרעכט... און די יידן האָבן אים געשטערט שוין מיט זייער בלויזער עקזיסטענץ.

אַלע קינדער האָבן גערופן דודן „רבי״, און נישט נאָר דערפאַר וואָס ער פלעגט אַ סך דערציילן וועגן טויט פון רבין אין זיין שטעטל, נאָר אויך ווייל ער אַליין איז געווען ווי אַ מין צדיק און הייליקער... אַ שטילער, אַ גוט־האַרציקער, אַ געדולדיקער און פאַר אַלץ — אַן ערלעכער. אין די קריגערייען פון די קינדער האָט ער קיין אָנטייל נישט גענומען. ער האָט געשוויגן. אָבער ווען זיי פלעגן קומען צו אים זיך משפטן וועגן אוועלכן ענין, האָט ער תמיד פאַרשטאַנען אַרויסצוטראָגן אַ יושרדיקן אורטייל.

דאָקעגן איז יאַקוב פול געווען מיט עוואַנגעלישער חכמה, ווי דער ים

מיט װאַסער. ער פֿלעגט תּמיד רעדן מיט ציטאַטן פֿון די אַפּאָסטאָלישע ספרים. אין דער מלחמה־צײַט, אין זײַן בוידעם־שטיבל, האָט ער איבער־געליטן נישט נאָר דעם פּײַן פֿון די ייִדן פֿון זײַן צײַט, נאָר אויך די יסורים און פּײַן פֿון ישו הנוצרי אַלײן. ער האָט געהאַלטן אַז די צרות פֿון די ייִדן זענען געקומען אויף זײ דערפֿאַר װאָס זײ האָבן נישט אָנערקענט ישו׳ן. אויך יאַקוב איז געװען אַ גוט קינד און האָט רחמנות געהאַט אויף די ייִדן, געװאָלט זײ העלפֿן, אָבער געזען דערצו בלויז אײן װעג — זײער איבערגײן צום אמתן גלויבן, ס׳הײסט צום קריסטנטום. יאַקוב איז געװען גערן צו געבן זײַן צושטײער דער דאָזיקער זאַך און האָט דערפֿאַר געװאָלט װערן אַ גלח און באַקערן די ייִדן צום קריסטנטום. באַזונדערס זענען אים אַ שאָד געװען די אומגעקומענע ייִדן װאָס זענען געשטאָרבן אין זינד און נישט געװאָלט ראַטעװען זײערע נשמות. דערפֿאַר איז ער געװאָרן אַלץ פֿרומער און פֿרומער און האָט מיט ברען מתפּלל געװען פֿאַר זײַן זײדן און די עלטערן, אַז דער אײבערשטער זאָל זײ מוחל זײַן.

גלח־יאַקוב און רבי־דוד האָבן געװױנט אין אײן צימער. בײדע זענען געװען שטילע און מילדע. אָבער װען זײ פֿלעגן אָנהײבן דיספּוטירן, פֿלעגן די קינדער מוזן זײ פֿונאַנדערשײדן מיט אַן אײַזערן בעטל. יעדנפֿאַלס אין אײן הינזיכט זענען זײ געװען ענלעך צו אײנאַנדער — בײדע זענען געװען אויסגעצערט און אויסגעשעפּט, און דערפֿאַר זײער הונגער צו ברויט.

אונדזער קינדערהױז פֿלעגט פֿאַרברויכן גרויסע קװאַנטומס לעבנס־מיטלען: אַ הונדערט קילאָגראַם ברויט יעדן טאָג; הונדערט פּופֿציק קילאָגראַם קאַרטאָפֿל; אַ גרויסן קװאַנטום פֿאַרשידענע פֿעטסן, מילך, אײער, און דעס־גלײַכן. מײַן קאַסע האָט זיך אָפּט אויסגעלײדיקט מיט איבערראַשנדיקער שנעלקײט און אַזױ אויך די פּראָדוקטן־מאַגאַזינען. פּרוי מענליך, װעלכע האָט פֿאַרװאַלטעט מיט די מאַגאַזינען, פֿלעגט פֿון מאָל־צו־מאָל אַרײַנקומען צו מיר אַ גרינע און זױערע:

— פּרוי לײטערין, כ׳האָב הײַנט אַרויסגעגעבן דאָס לעצטע פּושקעלע מאַרמעלאַדע. אויך דער צוקער ענדיקט זיך שױן, און קײן קאַשע איז נישטאָ, און די מעל װערט אַלץ װײניקער... פּרוי בראָניע פֿאַרנוצט פּשוט צופֿיל... מ׳דאַרף אײַנשטעלן באַגרענעצונגען...

אָבער איך האָב זיך כּסדר געװערט:

— זאָלן די קינדער עסן צו דער זעט. איך פֿאַרטראָג נישט קײן באַגרענעצונגען. זעט איר, פּרוי מענליך, דאָס זענען מײַנע אײנציקע

מעדיקאַמענטן פאַר די קינדער, דאָס איז אונדזער פּסיכאָטעראַפּיע פאַר זיי נאָך יאָרן פון הונגער. כ׳וועל פאָרן, באַקומען און ברענגען נאָך לעבנס־מיטלען. און די באַגרענעצונגען וועלן מיר איינפירן, ווען מיר וועלן שוין קיין שום ברירה נישט האָבן.

און די קינדער האָבן געגעסן און הנאה געהאַט, געטרונקען די באַרגלופט און די זונשיין, רוענדיק אויף די ליגשטולן אויף די רחבותדיקע וועראַנדעס, שפּילנדיק זיך אויפן הויף. אפילו אונדזער שול האָבן מיר אַריבערגעפירט אויף די וועראַנדעס, אויף דער שיין, אויף דער לופט. און כמעט אַלע האָבן זיך אומגעקערט צום געזונט. יעדעסמאָל וואָס איך פלעג אַרייַנגיין אין די איזאָלאַציע־צימערן און זיי דערוויַשן ליידיקע, פלעגט מיך אַרומכאַפּן אַ ברוויזנדיקע פרייד, נישט צו שילדערן זי. ס׳פלעגט זיך מיר אויסדאַכטן, אַז כ׳האָב שוין געוווּנען די מלחמה, אַז כ׳האָב פון איר דערוויַטערט די קינדער אויף הונדערט, אויף טויזנט יאָר... כ׳האָב שוין מער נישט געוואָלט זיך אומקוקן אויף צוריק, נישט געוואָלט אַז די קינדער זאָלן קוקן אויף צוריק. האָב געוואָלט פאַר זיי אַלע אָפּשליסן די פאַרגאַנגענהייט, ווי מ׳שליסט אָפּ אַ פינצטערן און שימלענדיקן קעלער... געוואָלט זיי געבן אַ שיינעם איצט, וואָס איז פול מיט פרייד און זון, זיי זאָלן לחלוטין פאַרגעסן, אַז ס׳איז אַמאָל געווען אַנדערש — און כ׳האָב זיך איינגעשמועסט, אַז דאָס וועט זיך מיר איינגעבן...

און אין אָוונט, ווען די שימערן פון טאָג האָבן זיך אויסגעלאָשן, און די קינדער זענען נאָך אַ רוישיק פאַרבראַכטן טאָג געגאַנגען שלאָפן, פלעג איך עפענען די טיר פון מיין קאַנצעלאַריע, און צווישן איין חשבון און צווייטן, צווישן דער זאָרג וועגן ברויט, קאַרטאָפל און קוילן, זיך איינהאָרכן צום אָטעמען פון דעם הויז, צום אָטעמען פון די קינדער אויף אַלע שטאָקן. עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף מיר, דאָס אָטעמען, ווי אַ וווּנדערלעכע מוזיק, וואָס דרינגט אַדורך די ווענט פון אַלע צימערן און גיסט אין מיר אַריין איר באַזונדערן ריטם — און אין יענעם מאָמענט פלעג איך פילן, אַז עפּעס־וואָס נייעס איז פאַרגעקומען אין דאָזיקן הויז. עפּעס־וואָס האָט זיך אויפגעוועקט צו אַ ניי לעבן, און עס הייבט זיך אַרויף, וואַקסט און בליט.

און ווען ס׳פלעגט זיך דערהערן דער קלונג פון זייגער איינס אָדער צוויי בייַנאַכט, און דאָס לעצטע בינטל דורכגעקאָנטראָלירטע חשבונות איז אַריינ־געלייגט געוואָרן אין טעקע, פלעג איך זיך אויפהייבן פון שרייבטיש, אָנטאָן די וויכע פילצענע שיך, מיינע טריט זאָלן זיך נישט לאָזן הערן, און זיך

דערלויבן אַ שעה פון פּאָעזיע, פון פאַרגעניגן: כ׳פלעג אַרויפגיין צו מיינע קינדער. שטיל־שטיל פלעג איך עפענען די טירן אין די קינדער־צימערן אַריין און זיך בייגן איבער די בעטלעך. כ׳האָב צוגעדעקט הענט, וואָס האָבן זיך אַרויסגעשטרעקט פון אונטער דער קאָלדרע (אין זאַקאָפּאַנע זענען די נעכט קאַלטע), אַרויפגעהויבן אַ פּיסל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון בעטל, אַוועקגערוקט אַ ווייך קינדעריש קעפּל פון האַרטן בעטל־ראַנד, אויפגעהויבן פון דער פּאָדלאָגע אַן אַראָפּגעגליטשטע קאָלדרע, געזעצט אַ דורכגעפרוירן מיידעלע אויפן טעפּל. און ווען כ׳האָב געזען ווי די זילבערנע לבנה גנבעט זיך אונטער און גייט נאָך מיינע טריט, האָב איך געעפנט אַ ביסל די פענצטער, אַז אויך זי זאָל זען די שמעקעדיקע פּנימלעך פון די שלאָפנדיקע קינדער. איז זי די זילבערנע לבנה געשוווּמען פּאַמעלעך נאָך מיר פון צימער צו צימער. האָט זיך אַריינגעשפּאַרט דורך אַ שמאָלער שפּאַרונע אין פענצטער און געקושט די בלאַסע פּנימלעך און קליינע הענטלעך, געקושט זיי אַזויווי איך, אָן קלאַנג, אָן באַוועגונג, נישט אָנריירנדיק אפילו... צום סוף האָט אויך זי זיך איינגעמידט, אַזויווי איך, און ווען כ׳בין שוין געשטאַנען ביי דער טיר פון מיין צימער, האָט זי זיך פון מיר דערווייטערט, ווייט ווייט. די לבנה איז געשטאַנען הויך אין הימל איבער דעם פאַרקלענערטן שפּיץ פון דעם גיעוואָנט...

*

אָבער נישט תמיד זענען אונדזערע נעכט געווען אַזעלכע. צייטנווייז פלעגן זיי זיך אָנציגנדן מיט אַן אומגעריכטער ליידנשאַפט און באַגער. נישט קיין סעקסועלע — גאָט באַהיט! דערויף איז נאָך די צייט נישט געקומען... ס׳האָט זיך נאָכנישט אומגעקערט צו די פרויען „די צייט“ נאָכן פאַרלירן זי אין די לאַגערן... און זיי האָבן דערווייל באַקומען, בסוד, איינשפּריצונגען פון האָרמאָנען, וועלכע זענען אונדז, צו אונדזער גליק, געשיקט געוואָרן דורכן דזשאָינט. דאָס איז געווען אַן אַנדער באַגער, אַ מער אַקטועלער — אַ שטרע־בונג און בענקשאַפט צו זאַכן, וועלכע האָבן אויסגעפעלט די גאַנצע צייט פון דער מלחמה. איך אַליין, ווייל כ׳בין נישט געווען אין לאַגער, האָב זיך נישט קלאָר געמאַכט וואָס פאַר אַ ווערט עס קאָנען באַקומען פאַר מענטשן די פּשוטסטע זאַכן פון טאָגטעגלעכן לעבן בלויז דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַ לאַנגע צייט אויסגעפעלט. ביז איינמאָל אין אַ טאָג האָב איך זיך אויסגעלערנט דאָס צו פאַרשטיין.

צו יענער צייט האָב איך באַקומען אַ גרויסן קוואַנטום ראָזע פלאַנעלע (וואָס דאָס איז דעמלט געווען אַ יקר־המציאות). צוליב דעם וואָס די נעכט אין זאַקאָפּאַנע זענען קאַלטע, און די קינדער פלעגן זיך אָן אויפהער אָפּדעקן, האָב איך געגעבן אַ פאַראָרדענונג אונדזער שניידערין אין אנשטאַלט, פרוי בערטאַ, אויפצונייען פאַר יעדן עלטערן קינד אַ פלאַנעלענע פּיזשאַמע. פרוי בערטאַ האָט גענייט די פּיזשאַמעס אַ שפּאַרע צייט, אָבער ענדלעך האָט זיך דאָס נייען פאַרענדיקט, און די פּיזשאַמעס זענען צוגעטיילט געוואָרן אַלעמען.

יענעם טאָג האָב איך געהאַט אַ סך אַרבעט אין קאַנצעלאַריע. כ׳האָב באַדאַרפט „אָפּשליסן" דעם חשבון פון חודש, צוגרייטן אויסצאָלונגס־ליסטעס פאַר די אָנגעשטעלטע, שרייבן אַ סך ביטעס וועגן נייע שפּייז־צוטיילונגען, — ס׳האָט מיר נישט געפעלט נישט קיין אַרבעט און נישט קיין זאָרגן. ס׳איז שוין געווען צען אזייגער, ס׳הייסט: אַ גאַנצע שעה נאָכן גלאָק.

פלוצים האָב איך דערהערט אַ שטילע באַוועגונג אין הויז. האָב איך איבערגעריסן דאָס שרייבן און זיך איינגעהאָרכט. ס׳איז געקומען פון די קינדערישע שטאָקן. ס׳האָבן זיך געהערט פון דאָרטן אומקלאָרע געשפּרעכן, דאָס גיין מיט באָרוועסע פיס אויף דער פּאָדלאָגע, איינגעהאַלטענע געלעכטערלעך. אַלע קינדער האָבן שוין געדאַרפט פון לאַנג שלאָפן — און דאָ וואַכט גאָר דאָס גאַנצע הויז...

כ׳האָב איבערגעלאָזט מיינע רעכענונגען, פאַרשלאָסן דעם שופלאָד און בין געגאַנגען זען וואָס דאָרט קומט פאָר. בין אַרויפגעגאַנגען אויפן ערשטן שטאָק, ווו ס׳וווינען די קליינע. אָבער דאָ איז געווען רויק. דער טומל איז געקומען פון דריטן שטאָק, ווו ס׳האָבן געוווינט די מיידלעך. דער רויש איז געקומען פון עקסטן צימער, ווו ס׳געפינען זיך די מיטעלע. בין שטיל פאַרבייגעגאַנגען דעם גאַנצן קאָרידאָר, צוגעגאַנגען צו דער טיר און זי אַ ביסל אָפּגעלענט. אין צימער איז קיין עלעקטרישע ליכט נישט געווען, אָבער ס׳האָט געשימערט מיט עפּעס אַן אַנדער ליכט, ווייס און ראָז... באַוועגלעך און גלאַנצנדיק... ס׳איז געקומען פון צענטליקער פינקלענדיקע אויגן און באַוועגלעכע ראָזע פּיזשאַמעס... אַ דרייסיק מיידלעך, עלטערע און מיטעלע, אין ראָזע פּיזשאַמעס, האָבן זיך געפונען אין דאָזיקן גרויסן צימער, און אַלע האָבן זיך באַוויגן אין אַן אויסטערלישן טאַנץ, ווי לונאַטיקערינס, די האָר צעלאָזט און צעפלאָטערט, און די הענט אויסגעשטרעקטע. זיי הוליען

גרופּעסוויַיז, אָדער איינציקוויַיז, אײנע שפּרינגט אַרויף אויפֿן טיש, און אַ צווייטע אויף אַ בעט, איינע שטייט אויף די הענט מיט די פֿיס אַרויף, און אַ צווייטע טאַנצט אַ באַלעט. אַלע פּנימער זענען צעפֿלאַמט און ווילד פֿון פֿרייד צוליב דעם נייעם מלבוש, דער נייער פּיזשאַמע...

און אָט האָבן זיי מיך באַמערקט. — די לייטערין! די לייטערין! — האָט זיך דערהערט זייער געשריי (ווי האָב איך עס דעמלט באַדויערט, וואָס די דאָזיקע לייטערין בין איך!), און גלייך, ווי דורך אַ כּישוף־שטעקעלע, האָט זיך דער טאַנץ איבערגעריסן. ראָזע שאָטנס האָבן פֿאַרביי מיר דורכ־געשליכט און זענען פֿאַרשווּנדן דורכן קאָרידאָר אין די צימערן. און אין אַ וויַיל אַרום איז דאָס גאַנצע הויז געווען „פֿאַרזונקען אין שלאָף", גלייך ווי גאָרנישט וואָלט נישט פּאַסירט. יעדעס מיידל איז געלעגן ביי זיך אין בעט און האָט געכראָפּעט...

איין זאַך האָט מיך געוווּנדערט: ווי געפֿינען זיך איצט די דערציערינס? צי האָבן זיי גאָרנישט נישט געהערט? כ'האָב זיך געלאָזט צו זייער צימער וואָס געפֿינט זיך לעבן צימער פֿון די מיטעלע. דאָרטן האָבן געוווינט פֿרוי אידזשע און די לערערין פֿרוי שטערן. כ'האָב לייכט אָנגעקלאַפּט אין טיר, אָבער מ'האָט מיר נישט געענטפֿערט. כ'האָב אָבער געהאָרכט דורך דער טיר אַ באַוועגונג אין צימער, האָב איך שטאַרקער אָנגעקלאַפּט, אָבער מ'האָט מיר ווידער נישט געענטפֿערט. האָב איך אַ דריק געטאָן אויף דער קליאַמקע און בין אַריינגעגאַנגען אין צימער.

אויף צוויי צוזאַמענגערוקטע טאַבורעטן זענען געשטאַנען דריי דאַמען (שוין גאָרנישט קיין מאָגערע) אין נייע ראָזע פּיזשאַמעס און האָבן זיך אַלע דריי באַמיט צו באַטראַכטן זיך אין דעם קליינעם שפּיגעלע, וואָס הענגט אויף דער וואַנט. יעדע איינע האָט זיך באַמיט אַראָפּצושטופּן די צווייטע פֿון דעם טאַבורעט, כּדי בעסער זיך צו באַטראַכטן, און דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט אַזעלכע געלעכטערן און אַזאַ פֿריילעכקייט, אַז זיי האָבן נישט געהערט דעם טומל פֿון די קינדער און אפֿילו נישט מיין קלאַפּן אין דער טיר.

היינט, נאָך אַ סך יאָרן, האָט מיר איינע פֿון די דאָזיקע פֿרויען געזאָגט: „איך האָב נאָך ביז היינטיקן טאָג די ערשטע פּיזשאַמע, וואָס מ'האָט מיר אויפֿגענייט אין זאַקאָפּאַנע. כ'האָב איינגעהיט אַ סענטימענט צו דעם אַלץ וואָס איך האָב באַקומען דאָרט אין קינדערהויז. יאָ, אין זאַקאָפּאַנע האָט מען געהאָט דאָס געפֿיל פֿון אַן אמת פֿאַמיליע־הויז".

אַ שאָד, וואָס איך האָב דעמלט פֿאַרגעסן צו באַשטעלן אַ פּיזשאַמע אויך

פֿאַר זיך. איך וואָלט זי ערשט אַרויסגענומען פֿון קאָמאָדע, אויסגעשפּרייט איבערן בעט און זי געגלעט מיט ליבשאַפֿט. און אַלע דערינערונגען פֿון יענער צייט וואָלטן געוואָרן, ווי יענע פּלאַנעלע — ווייכע, ראָזע און וואַרעמע.

## דאָס מיידעלע פֿון דער שאַפֿע

אין דער צווייטער העלפֿט פֿון חודש יוני איז קיין זאַקאָפּאַנע געקומען דער פּרעזעס פֿון קאָמיטעט. האָט מיר געבראַכט געלט אויף די נאָענטסטע צוויי וואָכן (דאָס איז געווען אַ גרויסע זאַך) און געוואָלט באַטראַכטן דאָס הויז. ס'איז געווען צען אַזייגער אינדערפֿרי, און איך האָב געהאַט אַ סך אַרבעט. דער אינסטאַלאַטאָר איז געקומען פֿאַרריכטן די צענטראַלע באַהייצונג, דער צושטעלער פֿון קאַרטאָפֿל האָט געוואַרט מ'זאָל אים באַצאָלן, פֿרוי בראָניע איז „געשטאַנען אויף הייסע קוילן" און געפּאָדערט אַ צוגאָב מאַרגאַרין צום קאָכן, וואָס זי האָט פֿאַרגעסן אָנצוגעבן אין דער רשימה, און פֿרוי מענליך וויל איר נישט אַרויסגעבן אָן אַ צעטעלע פֿון מיר, דער דאָקטאָר האָט געהאַט עפּעס אָן ענין צו מיר, — בקיצור, כ'האָב זיך בשום־אופֿן נישט געקאָנט באַפֿרייען, אים צו באַווייזן דאָס הויז. אויסער דעם, דעם אמת געזאָגט, האָב איך נישט ליב געהאַט אָט דאָס דאָזיקע „באַווייזן", און כ'בין זיכער געווען אַז אויך די קינדער האָבן נישט ליב „באַוויזן" צו ווערן. דערפֿאַר האָב איך געזאָגט דעם פּרעזעס: — איר זענט ביי זיך אינדערהיים... ביטע, גייט און באַקוקט אַלץ אַליין. אַלע דאָ קאָנען און האָבן אייך ליב. און איך מיין אַז איר וועט זיך נישט פֿילן איינזאַם. — דער פּרעזעס האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן אַ ביסל אַנטוישט און פֿאַרוווּנדערט: וואָס הייסט? איך וועל אים גאָרנישט דערקלערן, שילדערן? אָבער ער האָט איינגעזען, אַז איך בין ערשט נישט פֿריי, און ער האָט אײַנגאַנצן געבערנט שוין גלייך צו באַטראַכטן דאָס הויז, די קאָרידאָרן וואָס בלאַנקען פֿון זויבערקייט, די אָנגעטוענע און שיין אויסגעקעמטע קינדער, און בכלל — אַלץ! האָט ער זיך דעריבער צוגעאײַלט צו פֿאַרלאָזן די קאַנצעלאַריע און גיין אַלץ באַטראַכטן אַליין, — און מיר איז פֿאַרבליבן פֿון אים בלויז די שיין פֿון זיינע ווייסע האָר, פּלאַטערנדיקע אין פֿרימאָרגן־ווינט... ער איז פֿאַרשווונדן אויף אַ היפּשער וויילע.

שפּעטער האָט מען מיר דערציילט, אַז ער איז געלאָפֿן, ווי אַ פֿלינק

ייִנגל, פֿון שטאָק אויף שטאָק; אַרײַנגעגאַנגען אין די קינדער־צימערן (װעלכע זענען דעמאָלט געװען לײדיק), האָט באַטראַכט די שײן צונױפֿ־געלײגטע פּיזשאַמעס אונטער די קישנס, די פֿײן־צוגעדעקטע בעטן, די מיט סערװעטקעס פֿאַרשפּרײטע טאַבורעטן... איז אַרײַנגעגאַנגען אין די װאַנע־צימערן, בלאַנקענדיקע פֿון װײַסקײט, האָט געכאַפּט אַ קוק אויף די האַנטעכער און צײנבערשטלעך, יעדעס אויף זײַן אָרט... דערנאָך איז ער אַראָפּגעגאַנגען אין קיך, האָט פֿאַרזוכט די הײמישע טערטלעך פֿון פֿרוי בראָניעס אײגענעם געבעק (זי האָט אים נישט אַזױ שנעל אַרױסגעלאָזט פֿון קיך)... געכאַפּט אַ בליק אין די קלאַסן־צימערן, און װײַל ער האָט נישט געװאָלט שטערן אין דעם לערנען, — האָט ער זיך דערנאָך געשטעלט אויף די שפּיץ פֿינגער הינטערן פֿענצטער און אײַנגעהאָרכט... דערנאָך זיך אַנידערגעזעצט מיטן קלײנװאַרג אויף דרערד און זײ צוגעהאָלפֿן פֿאַרריכטן זײערע שפּילצײַגן, אַרומגעיאָגט זיך מיט זײ און געשפּילט אין „כאַפּערלעך”, און דאָס קלײנװאַרג האָט אים געצויגן בײַ די צעפּלאָנטערטע האָר... און װען דאָס קלײנװאַרג איז געגאַנגען זיך װאַשן פֿאַרן מיטאָג, איז ער געגאַנגען צוהעלפֿן די קעלנערינס צוגרײטן דעם טיש און האָט אַלײן צוגעטראָגן די גרעסטע הױפֿנט ברױט צו יאַקובס און דודס טישן. צו מיר אין קאַנצעלאַריע איז ער צוריקגעקומען ערשט עטלעכע מינוט פֿאַרן קלונג פֿון גלאָק, װאָס רופֿט צום מיטאָג. ער איז געװען רױט, צעפּלאָמט, פֿאַרמאַטערט — אָבער אָן אַ שיעור גליקלעך.

— פֿרוי לענע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן שױן פֿון דער שװעל — זאָגט מיר דעם אמת, װי האָט איר דאָס אַלץ געמאַכט? ס׳איז דאָך ממש נישט צו גלײבן, װאָס איר האָט געמאַכט פֿון די דאָזיקע קינדער! איך קאָן זײ דאָך זײער גוט... כ׳האָב נישט װײניק געהאַט מיט זײ צו טאָן אויף דלוגע־גאַס... האָב צוגעזען זײער אױפֿפֿירונג... לאָמיר בעסער װעגן דעם נישט רעדן,,, און דאָ זיצן זײ אַלע אין שול װי די ניונקעלעך... אפֿילו אַזאַ סטעפּאַן אָדער בראָנעק... נו, און אפֿילו דער קאָרטנשפּילער מילעק, װעלכער פֿלעגט אויסװײַנען געלט פֿאַר זײַן יענער־אָ... דאָס איז דאָך גאָרנישט צו באַנעמען! װען כ׳װאָלט עס נישט געזען מיט די אײגענע אויגן, װאָלט איך עס נישט געגלײבט! און די זױבערקײט, די אָרדענונג! װער פֿון זײ איז געװען געװױגט צו דעם אַלץ? און די באַלעבאָסטע, פֿרוי בראָניע, אַ טאָפּעלער װײַסער פֿאַרטעך, אָן אַ מינדסטן פֿלעק, און דער קיך־טיש, װי מ׳װאָלט אויף אים הײַנט קײן אַרבעט נישט געמאַכט... און די טערטעלעך!... און די קינדער לאַנגװײַלן זיך נישט, גײען נישט אַרום לײדיק, אַלע זענען אין שול, יעדער איז באַשעפֿטיקט און צופֿרידן...

ער האָט אויף אַ רגע איבערגעריסן, מחמת צופיל אָנשטרענגונג ביים מאַכן די אויסרופן פון אַנטציקונג, און דערנאָך ווייטער גערעדט:

— מיר לייגן דאָך אויך אין ראבקע אַריין אַ סך געלט. אפשר נאָך מער ווי אין דעם הויז. ווייל אונדזער סעקרעטאַרין, פרוי ערנאַ, האָט אַ ספּעציעלן אינטערעס אין יענעם אַנשטאַלט... דאָרט געפינען זיך די קינדער פון די קאָמיטעט־אַנגעשטעלטע — איר פֿאַרשטייט... און פונדעסטוועגן האָב איך דאָרט קיין שום אַזעלכע זאַכן נישט געזען. די אַנגעשטעלטע דאָרט זענען, אַדרבה, גוטע... געבן אַוועק די קינדער אַלע זייערע כוחות... אָבער צווישן זיך אַליין — שטענדיקע מחלוקתן... נו, און קיין שום אָרדענונג נישט... מ׳איז אפילו נישט מקפיד אויפן שעהן־פּלאַן... ווייל כ׳האָב געהערט ווי איינע אַן אַנגעשטעלטע האָט געזאָגט צו די קינדער אינדערפרי: „שטייט אויף, קינדער, ווייל דער מילכיקער איז שוין געקומען, און ס׳איז שוין אוודאי זיבן אזייגער...". און דאָ איז אַזאַ פּינקטלעכקייט און אַזאַ אָרדענונג... פרוי לענע, איך בעט אייך, ווי אַזוי האָט איר דאָס אַלץ אויפגעטאָן?

דער פּרעזעס איז געשטאַנען מיר אַנטקעגן און געקוקט אויף מיר מיט אַ פּנים וואָס דריקט אויס אָנשטרענגונג און ווייטיק, ווי ער וואָלט וועלן געפינען ביי מיר דעם שליסל צו אַ נייער וועלט־אָרדענונג, די פֿאַרבאָרגענע ספּרוזשינע, וועלכע באַוועגט פון איר פֿאַרבאָרגעניש אַרויס אַלץ, וואָס טוט זיך אויף דער וועלט. דער דאָזיקער בליק, אַ פולער מיט בקשה און התפעלות, האָט מיך צעטומלט, און כ׳האָב אין דעם מאָמענט נישט געפונען קיין ווערטער אים צו ענטפערן. נאָר אָט האָט זיך דערהערט דער גלאָק, און מיר האָבן זיך געלאָזט צום עסזאַל, וווהין די קינדער זענען שוין פריילעך געלאָפן.

אין עסזאַל האָב איך זיך דאָס מאָל נישט געזעצט, ווי געוויינלעך, צוזאַמען מיט די קינדער, נאָר אויפן ערנפּלאַץ וואָס איז באַשטימט פאַר געסט, נאָענט צו דער פּיאַנינע אין שאָטן פון דער פּאַלמע. פון דאָזיקן העכערן פּלאַץ איז צו זען דעם גאַנצן זאַל מיט די קינדער.

דער פּרעזעס האָט זיך געזעצט לעבן מיר און אַרומגענומען מיט אַ לאַנגן וואַרעמען בליק די קינדער, די טישן און דעם זאַל. די קינדער זענען געזעסן לויט זייערע גרופּעס, און מיט זיי די דערציערינס און לערערינס. די קעלנערינס, אין ווייסע פֿאַרטעכער, האָבן דערלאַנגט די געריכטן. פרוי ראָזע האָט געבעטן אירע „מיטעלע", נישט צו האַלטן די עלנבויגנס אויפן טיש... די מיידלעך האָבן זיך אַזוי פיין און פלינק באַנוצט מיט די גאָפּל־מעסער,

אַז די ייִנגלעך זאָלן פּלאַצן פון קנאה. די ייִנגלעך האָבן זיך געשטויסן מיט די קני אונטערן טיש, פונדעסטוועגן האָט זיך די שטילקייט איינגעהיט, און מ'האָט וועגן דעם נישט געדאַרפט מאַכן קיין באַמערקונג. ס'האָבן זיך געהערט בלויז אַ געשטיקטער מורמל און דאָס אונטערקלינגען פון דעם געפעס.

פרוי בראָגיע האָט היינט געגעבן אויסגעצייכנט געבראָטן רינדערנס (וואָס איז נישט געווען קיין אָפטע זאַך) מיט קאַרטאָפל און סאַלאַט. און דער פרעזעס האָט באַקומען נישט קיין שלעכטע פּאַרציע... אָבער ער האָט זיך עפּעס נישט גענומען צום עסן, נאָך די גאַנצע צייט געקוקט אויפן זאַל און גאָרנישט נישט געזאָגט. אפשר האָט ער אין דעם מאָמענט געמאַכט אַ פאַרגלייך צווישן דאָס וואָס ער זעט ערשט דאָ אויפן זאַל, מיט דער זופּ-„סעודה" אין דער ריי אויף דלוגע־גאַס? אָדער ס'האָבן זיך אים דערמאָנט נאָך פריערע און ערגערע צייטן, נאָך פאַר דער זופּ פון קעסל — די מלחמה־צייט? זיין פּנים האָט אויסגעקוקט טרויעריק, ווי נאָענט צו וויינען. די יויך אין זיין טעלער האָט זיך שוין לאַנג אויסגעקילט, אויך דאָס פליייש איז שוין נישט וואַרעם געווען, און ער האָט נאָך אַלץ נישט געגעסן און גאָרנישט נישט געזאָגט. האָט אפילו נישט באַמערקט, אַז עס שטייט אַ געריכט פאַר אים. כ'האָב געקוקט אויף אים און אויף זיין טעלער, און נישט געוווסט וואָס צו טאָן: מאַכן אים אַ באַמערקונג אָדער נישט?

מיטאַמאָל האָט זיך עפּעס אַ באַוועג געטאָן אין זיין האַלדז, ווי ס'וואָלט אים דאָרט עפּעס געריצט, ער איז זיך פאַרגאַנגען אין הוסטן, פאַרקייכט זיך און פאַרשטעלט די אויגן מיט די האַנטפלאַך. דערנאָך אויף אַ רגע אַוועקגענומען די האַנט, פאַרצווייפלט אַ קוק געטאָן אויפן געבראָטנס און גענומען שטאַמלען:

— פרוי לענע, איר וועט מיר אַנטשולדיקן... כ'וועל באַלד צוריקקומען... און דערנאָך פאַרענדיקן דאָס מיטאָג... (ער האָט אים בכלל נישט אָנגעהויבן) — און, איינהאַלטנדיק זיך העלדיש נישט אויסצוברעכן מיט אַ געוויין פאַר די קינדער, איז ער פאַרבייגעגאַנגען די גאַנצע לענג פון זאַל און אַנטרונען אין דער קאַנצעלאַריע. כ'האָב אים צו וויסן געטאָן דורך אַ קעלנערין, אַז כ'וועל אים שיקן דאָס מיטאָג אין קאַנצעלאַריע, און זאָל ער זיך נישט באַמיען אַרויפצוקומען אַ צווייט מאָל.

ווען איך האָב זיך אין אַ שעה אַרום אומגעקערט אין קאַנצעלאַריע צו מיין אַרבעט, האָט מיך דער פרעזעס שוין מער נישט געפרעגט „ווי האָט איר עס געמאַכט?", נאָר גענומען אויפמערקזאַם זיך צוקוקן צו אַלץ וואָס

כ׳טו. ער האָט גענומען אין האַנט אַריין יעדעס שטיקל פּאַפּיר און געפרעגט: וואָס איז עס? צוליב וואָס טוט איר עס? — און איך האָב אים אַלץ געדולדיק דערקלערט. מיטאַמאָל האָט ער דערזען צוויי רייען פּאַפּיר־פּאַסן, איינע אַ בלאָלעכע און איינע אַ ווייסע. „און צו וואָס דאַרפט איר די דאָזיקע פּאַסן?" — האָט ער געפרעגט. כ׳האָב אים דערקלערט: אויף אָט די פּאַפּיר־פּאַסן פאַרשרייב איך אַלע טאָג די זאַכן, אין וועלכע דאָס הויז נייטיקט זיך.

— וועלכע זאַכן?

— זעט איר, — האָב איך גענומען אים אויספירלעכער דערקלערן — ווען איך מאַך אַ וויזיט איבערן הויז, איז מיר באַקוועמער מיטצונעמען מיט זיך אַזעלכע באַזונדערע פּאַסן... און איך פאַרשרייב אין זיי אַלץ וואָס ס׳איז נישט אין אָרדענונג, אַלץ וואָס מ׳דאַרף פאַרריכטן, קויפן, איינאָרדענען, און אויך די פאַרלאַנגען און טענות פון די קינדער און אָנגעשטעלטע... אויסערדעם פאַרשרייב איך מיינע באַאָבאַכטונגען וואָס אָנבאַלאַנגט דער אויפפירונג פון די קינדער, פּראָבלעמען וואָס קומען אויף און דעסגלייכן... און דאָ העלפן מיר אַרויס די צוויי קאָלירן פון די פּאַסן: אויפן ווייסן פּאַפּיר פאַרשרייב איך די אַדמיניסטראַציע־ענינים, און אויף די בלאָלעכע — די דערציערישע און פּסיכאָלאָגישע ענינים... פאַרשטענדלעך, אַז שפּעטער נעם איך צוזאַמען די דאָזיקע באַמערקונגען און באַהאַלט זיי, קוק אין זיי אַריין פון צייט צו צייט, און זיי קומען מיר זייער צונוץ.

דער פּרעזעס האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט און נישט אַוועק־גענומען קיין אויג פון די פּאַפּיר־פּאַסן. גענומען זיי אין האַנט, אויסגעגלייכט און געגלעט ווי לעבעדיקע באַשעפענישן.

— יאָ, יאָ, — האָט ער אונטערגעברומט — ערשט פאַרשטיי איך שוין... אַ וויזיט איבערן הויז, פאַרנאָטירונגען, נומעראַציעס, פונאַנדערטיילונג פון די ענינים... ווייסע און בלאָלעכע פּאַפּיר־פּאַסן... פאַרשטענדלעך, אָן ספק, דאָס ברענגט אַריין אָרדענונג... זיי דאָרטן, אין קאָמיטעט, האָבן קיין באַגריף נישט אין דעם אַלעם... און דערפון דער תוהו־ובוהו... יעדער טוט לויט זיין ווילן און פאַרשטאַנד... קיינער פאַרשרייבט נישט וואָס ס׳איז שוין אָפּגעטאָן געוואָרן און וואָס מ׳דאַרף ערשט טאָן... נו, ערשט וועל איך שוין דאָרט איינשטעלן אָן אָרדענונג... איר וועט אוודאי נישט זיין דאַקעגן, — האָט ער זיך מיטאַמאָל געוואָנדן צו מיר, און זיין פּנים האָט מיר אויסגעזען יונגער און מיט אַ סך ענערגיע. — אַז כ׳וועל מיטנעמען מיט זיך אַ ביסל פון די דאָזיקע קאָלירטע פּאַפּיר־פּאַסן קיין קראָקע?

כ׳האָב גלײַך צוגעשטימט, כדי אויסצובאַהאַלטן די שמייכלעך, וואָס האָבן געפינקלט אין מײַנע אויגן. אָבער דער פּרעזעס האָט סײַווי גאָרנישט נישט געזען. איז געווען באַשעפטיקט מיטן צונויפלייגן פּינקטלעך און באַהאַלטן טיף־טיף אין קעשענע אַ שפּאַר ביסל ווײַסע און בלאָע פּאַפּיר־פּאַסן, גלײַך ווי זיי וואָלטן זײַן אימשטאַנד פון זיך אַליין אַרײַנצוברענגען אָרדענונג און פּינקטלעכקייט אין דעם יידישן קאָמיטעט אין קראָקע.

*

אָבער דעם פּרעזעס איז נישט באַשערט געווען יענעם טאָג אַ סך זיך צו פרייען מיט די ראָזע בעקלעך פון די קינדער, און נישט מיט די קאָלירטע פּאַפּיר־פּאַסן, וועלכע קאָנען אַרײַנברענגען אָרדענונג און סיסטע־מאַטישקייט אין דער אַרבעט... ס׳איז זיך פּלוצים פּאַרלאָפן אַ זאַך, וואָס האָט קאַליע געמאַכט די רויקע אַטמאָספער אויף אַ לאַנגע צײַט און אויפ־געוועקט ביים פּרעזעס דאָס געפיל פון דער אַמאָליקער פּאַרצווייפלונג.

די קינדער האָבן געגעסן דעם פּאַר־אָונטברויט, און איך האָב געוואָלט, זייענדיק אין אַן אידילישער שטימונג, אַרײַנגיין צו זיי מיטן פּרעזעס, ווי פּלוצים איז אַ לאַסט־אויטאָ אַרײַנגעפאָרן אין אונדזער הויף און האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דעם באַגלאָזטן פראָנט פון הויז. דער שאָפער האָט אויסגעלאָשן דעם מאָטאָר, און געעפנט דאָס הינטערשטע ווענטל פון אויטאָ. פון דער פּלאַטפאָרמע האָבן גענומען אַרויסשפּרינגען קינדער. ווען די מערהייט קינדער איז שוין געשטאַנען אונטן, איז באַהיטעווודיק אויסגעשטיגן אַ יונגע דאַמע אין אַן עלעגאַנטן טונקעלן קאָסטיום. זי האָט אויסגעגלײַכט אויף זיך די געפּאַסטע יופּקע און זיך געלאָזט גראַציעז אונדז אַנטקעגן.

— זענט איר די לייטערין פון דאָזיקן הויז? — האָט זי, צוקומענדיק צו מיר, מיך אַ פרעג געטאָן. — איך האָב געבראַכט די גרופּע קינדער, וועגן וועלכע ס׳האָט אײַך מיטגעטיילט דער צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע, קינדער פון לאָדזש און פון וואַרשע. אייניקע פון די קינדער זענען אויס־דערוויילטע, — האָט זי אַקצענטירט — און זענען געקומען בלויז אויף די וואַקאַציעס, דערנאָך וועלן זיי צוריקפאָרן צו זייערע אַפּיעקונעס...

— אַ דאַנק, — האָב איך אייליק געענטפערט — מירן רעדן וועגן דעם שפּעטער. קודם־כל וויל איך זיך פאַרנעמען מיט די קינדער, זיי זעען אויס זייער אויסגעמאַטערט.

דאָס אויסזען פון די קינדער איז געווען שרעקלעך. גראָ פון שטויב

און שמוציק. די אויגן קוקן אַרויס פון בלאַסע און איינגעפאַלענע פּנימלעך. אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע. אונדזערע קינדער, פאַרברוינטע און זויבערע, האָבן זיי אַרומגערינגלט, אָנגעקוקט פאַרוואונדערט (ווי זיי וואָלטן שוין לחלוטין פאַרגעסן ווי זיי אַליין האָבן אויסגעזען מיט אַ שטיקל צייט פריער) און אויסגעדריקט אויף אַ קול זייער מיטגעפיל צו זיי...

— קום נאָר אַהער, גענקע! — האָט אַלגע, די וואָס האָט נישט קיין טבע צוצוקלייבן קיין ווערטער, אַ געשריי געטאָן הייזעריק צו איר שוועסטער — קום שנעלער! טו נאָר אַ קוק אויף די דאָזיקע בר־מינגדלעך! קוק, און וועסט זען זיך אַליין אין דער צייט פון פאַר זאַקאָפּאַנע...

אַלע קינדער זענען געווען אָן היטלען און אָן מאַנטלען, כאָטש זיי זענען געפאָרן אַ טאָג מיט אַ נאַכט אין אַן אויטאָ, אין וועלכן דער ווינט בלאָזט אַריין פון אַלע זייטן. אויף די פיס האָבן זיי געהאַט בלויז צעפליקטע שיך, אָן זאָקן און שקאַרפּעטן. זייער גאַנץ אָנטועכץ איז באַשטאַנען פון אַ לייכט אייבערשט קליידל, אָדער בלוזע מיט צעריסענע הויזן. אָן אויסנאַם איז געווען אַ רויטהאָריק מיידעלע, וואָס איר גאַנץ פּנימל, די הענט און די פיס זענען געווען באַשאָטן מיט זומערשפּרענקעלעך. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ מין סאַמעטענער, גרינער, ברייטער מאַנטיליע (אוודאי פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה) און צוויי נעבעכדיקע ראָזע סטענגעס זענען איר אַראָפּגעהאָנגען פון אירע צעשויבערטע האָר. חוץ איר, האָט געוועקט צו זיך אויפמערקזאַמקייט אַ נישט הויך שוואַרץ בחורל, מיט אַ פּנים וואָס דריקט אויס ענערגיע. ער האָט געטראָגן אַן אַלטע אויסגעריבענע לעדערנע קורטקע איבער צעפליקטע הויזן. אָבער מער פון אַלע האָט זיך אַרויסגעזען אַ יונגער, הויכער און עלעגאַנטער בחור, אין אַ שוואַרצן אָנצוג, מיט אַ קאָקעטישן שניפּס און מיט אַ לאַרנעטקע, וואָס הענגט אים אַראָפּ אויף אַ פאַסעקל פון די אַקסל. די קינדער האָבן אים באַטראַכט פון אַלע זייטן, ווי מ׳קוקט אָן עפּעס אַ וווּנדער. ער האָט אויסגעזען צומוויניקסטן פון אַ יאָר אַכצן (און ביי אונדז זענען געווען קינדער בלויז ביז פערצן). זיכער איינער פון די אויסדערוויילטע, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן — פון יענע, וואָס זענען געקומען אויף וואַקאַציעס. איך פאַרשטיי באמת נישט, מיט וואָס פאַר אַ רעכט שיקט מען צו אונדז אַזעלכע „קינדער", נישט פאַר־שטענדיקנדיק זיך פריער מיט מיר.

קעגן דאָזיקן בחור, דעם פיין געקליידטן, האָט זיך נאָך מער בולט געזען דאָס אָרעמע אָנטועכץ פון די איבעריקע קינדער. ווי האָבן זיי געקאָנט

אונדז שיקן די קינדער אין אַזאַ מעמד? — האָב איך זיך געפרעגט מיט איינגעהאַלטענעם צאָרן. אָבער כ׳בין געשטאַנען צווישן די קינדער, און האָב זיך באַהערשט, גאָרנישט צו זאָגן. דאַקעגן דער פרעזעס איז נישט אימשטאַנד געווען צו שווייגן. ס׳זענען אים גלייך אַרויס רויטע פלעקן אויף די באַקן, און ער האָט אַ געשריי געטאָן:

— דאָס האָט עס דער צענטראַל־קאָמיטעט אין אַזעלכע לאַכעס און אין אַזעלכע באַדינגונגען אַרויסגעשיקט קינדער אין אַזאַ לאַנגן וועג?

דאָס פרייליין האָט געצויגן מיט די אַקסל:

— וואָס ווייס איך? איך בין נישט מער ווי אַ באַאַמטין. מ׳האָט מיר געהייסן אָפּפירן די קינדער, האָב איך אָפּגעפירט.

— און פאַרוואָס זענט איר נישט אַראָפּגעפאָרן קיין קראָקע, זיי זאָלן זיך דאָרט אויסרוען און אויסשלאָפן אַ ביסל?

— איך בין טאַקע אַראָפּגעפאָרן, — האָט זיך די באַגלייטערין אָנגעבלאָזן — נאָר מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז דער פרעזעס איז נישטאָ און כ׳זאָל פאָרן גלייך קיין זאַקאָפּאַנע.

— ווער האָט אייך געזאָגט?

— עפּעס אַ פרוי.

— און אַליין האָט איר קיין פאַרשטאַנד נישט, — האָט דער פרעזעס גענומען ציטערן פון אויפרעגונג — אַז אַזעלכע אויסגעשעפּטע קינדער דאַרפן האָבן אָפּרו?

כ׳האָב אים אָנגעכאַפּט פאַרן אָרעם, ווייל אַרום זענען געשטאַנען קינדער און האָבן זיך צוגעהערט צום שמועס. כ׳האָב אים געבעטן אַריינגיין אין קאַנצעלאַריע. אָבער אין דעם מאָמענט האָט דער שאָפער אַראָפּגענומען פון אויטאָ דאָס לעצטע קינד. אַ פיריעריק מיידעלע. אינדעראמתן האָב איך אין ערשטן מאָמענט נישט געוווּסט צי ס׳איז אַ מיידעלע אָדער אַ יינגעלע, ווייל איר קעפּל איז געווען אָפּגעגאָלט ביז צו דער הויט, און קעגן דער בלענדנדיקער זון פון אַרומיקן געבערג, האָבן אויף דער דאָזיקער הויט געגלאַנצט קיילעכיקע, בלוט־רויטע פלעקלעך. איר נעזל איז געווען אַ לאַנגס, און די אויגן, געווען אפשר אַמאָל בלאָ, זענען ערשט געווען אַזוי וואַסעריק, אַז זיי האָבן פאַרלוירן יעדן קאָליר. אויך איר פּנים האָט נישט געהאַט קיין באַשטימטן קאָליר, ענלעך צו שטייענדיק, בלאַטיק וואַסער, צוגעדעקט מיט שטויב און גרינעם שליים. דאָס קינד איז געווען באָרוועס און נאַקעט און אָנגעטאָן בלויז אין אַ לאַנגער מאַנצבילשער ווינטערדיקער קורטקע. די

גראָבע אַרבל־ראַנדן און די לאַנגע פּאָלעס פון דער דאָזיקער קורטקע האָבן זיך איר נאָכגעשלעפּט אויף דרערד. די שווערע, מיט וואַטע געבעטע, אַקסל זענען אומבאַהאָלפן אַראָפּגעהאָנגען פון איר און אַראָפּגעצויגן איר שוואַך קערפּערל צו דער ערד.

דאָס מיידעלע, וואָס איז פּלוצים געוואָרן אַרויסגענומען פון דער פינצטערניש אין אויטאָ אויף דער העלער שיין און אַנידערגעשטעלט פון אַ שטאַרקער האַנט אויף דער ערד, האָט געקוקט פאַר זיך ווי אַן באַוווסטזיין. און אַז זי האָט דערזען פאַר זיך אַזויפיל פרעמדע געזיכטער און איבער זיי אַזאַ גרויסע רחבות און אַזאַ ברייטן הימל האָט זי מיטאַמאָל אַרויסגעלאָזט אַ געשריי און גענומען אַנטלויפן. אָבער די שווערע קורטקע האָט זי פאַרהאַלטן, צוגעשמידט צו דער ערד. זי האָט אומזיסט זיך באַמיט פון איר זיך צו באַפרייען און צולויפן צו דער נאָענטער וואַנט, דאָרט שוץ צו געפינען. ביי די ערשטע עטלעכע טריט, איז זי אומגעפאַלן, האָט זיך צעשלאָגן דאָס פּנים אויף די שטיינער, און ס'האָט אַ שפּריץ געטאָן בלוט.

פון אונדזערע מיילער האָט זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי פון אימה. קינדער האָבן אָנגעהויבן וויינען. דער פּרעזעס האָט זיך צו איר אַ לאָז געטאָן מיט אַן איבערגעשראָקן פּנים זי צו ראַטעווען. אָבער די שוועסטער און איך האָבן אים איבערגעיאָגט, אויפגעהויבן דאָס מיידעלע און אַריינגעטראָגן אין איזאָלאַציע־צימער. די קינדער זענען אונדז נאָכגעגאַנגען אין הויז אַריין, און מיט זיי אויך די נייע קינדער. מיר האָבן אַוועקגעלייגט די קליינע אויף אַ בעט און זי ארומגעבאַנדאַזשירט. דער דאָקטאָר איז גראָד נישט געווען. מיר האָבן ביי איר נישט געפונען קיין ערנסטע ווונדן, דאָס בלוט איז געקומען פון דער נאָז און אַ געשפּאָלטענער ליפּ. אָבער ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דער נערוון־שאָק האָט אויף איר געווירקט ערגער ווי דער פיזישער קלאַפּ. איך האָב זי איבערגעלאָזן אין צימער אונטער דער אויפזיכט פון דער שוועסטער און בין געגאַנגען צו די אַנדערע קינדער. זיי האָבן זיך שוין געוואַשן און געקעמט, און פרוי בראַניע האָט זיי שוין געבראַכט וואַרעמע מילך און ברויט מיט פּוטער. איך האָב געהייסן איינקוואַרטירן זיי דערווייל אין די איזאָלאַציע־צימערן (ביז אַ מעדיצינישער אונטערזוכונג) און בין אַראָפּגעגאַנגען אין קאַנצעלאַריע.

דאָ האָב איך געטראָפן דעם פּרעזעס זיצן אין אַ פאָטעל, דאָס פּנים פאַרשטעקט אין די האַנטפלאַכן, און העשען. ווען כ'האָב זיך געוואָנדן צו אים, האָט ער מיר נישט געענטפערט. נאָר ווען אין קאַנצעלאַריע איז

אַריינגעקומען די יונגע באַאַמטין פון צענטראַל־קאָמיטעט, איבערצוגעבן מיר די רשימה פון די געבראַכטע קינדער, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אַ לאָז געטאָן אויף איר, ווי אַ פאַרווונדעטע חיה:

— דאָס איז אַ געמיינקייט! דאָס איז אַ נידערטרעכטיקייט און אַ פאַרברעכן! ווי דערוועגט איר זיך צו שיקן אונדז אַזעלכע קינדער? דאָס זענען דאָך לעבעדיקע סקעלעטן! זיבן חדשים נאָך דער באַפרייונג האָט איר נישט געפונען קיין שמאַטעס זיי אָנצוטאָן? און קיין ברויט צו דער זעט? געלט צו באַקעמפן די ציוניסטן האָט איר, און פאַר אָט די קינדער נישט! פאָליטישע רעדל־פירערס, וועלכע פאַראַזיטעווען אויפן חשבון פון דער שרעקלעכסטער אָרעמקייט פון קינדער! דאָס איז אַ חרפה פאַר אונדזער גאַנץ פאָלק. אַזאַ געשפּענסט אין אַ קורטקע שיקט איר צו אונדז? און ווען דאָס מיידעלע וואָלט אין וועג געשטאָרבן, ווער וואָלט געטראָגן די אחריות דערפאַר? ווער?! — האָט ער געפאָכעט מיט דער האַנט צו דער באַאַמטין פאַר דער נאָז — צי נישט איר צופעליק?

די יונגע באַאַמטין איז געווען פולשטענדיק מבולבל און בלאַס פאַר שרעק. זי איז נישט אימשטאַנד געווען אַרויסצוברענגען פון זיך קיין וואָרט. איך ווידער האָב פאַרמאַכט די טיר און פענצטער פון דער קאַנצעלאַריע.

— איך בעט אייך, — האָב איך זיך געוואָנדן צו איר — אפשר קאָנט איר מיר זאָגן, וואָס איז אייך באַוווּסט וועגן דעם מיידעלע?

— יאָ, — האָט די באַאַמטין צוריקבאַקומען דאָס לשון — איך האָב אַלע פּרטים וועגן איר, פאַרשריבן. איך ווייס אפילו איר אמתן נאָמען און פאַמיליענאָמען. די קליינע הייסט זאָשע פּיער און שטאַמט פון אַן אַריסטאָ־קראַטישער פאַמיליע אין וואַרשע. ווען אירע עלטערן האָבן זיך דערוווּסט וועגן אַן אַקציע אין געטאָ, האָבן זיי זי אָוועקגעגעבן צו זייער אַמאָליקער הויזוועכטערין, אויף דער אַרישער זייט (זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע קאַמעניצע אין וואַרשע). די הויזוועכטערין האָט געוווינט אין אַ קליין צימער, אין אַ וועכטערהייזל ביים טויער. די טיר פון וועכטערהייזל איז געווען אַ באַגלאָזטע. ווער ס'איז אַריין אָדער אַרויסגעגאַנגען פון הויז האָט געזען אַלץ אין צימער. און אַלע האָבן דערקאָנט דאָס מיידעלע פון די אַמאָליקע יידישע הויזאייגנטימער. וואָסזשע האָט די פרוי געקאָנט טאָן? ווו האָט זי געקאָנט באַהאַלטן דאָס מיידעלע פאַר מענטשנס אויגן? האָט זי איר פאַרשלאָסן אין דער שאַפע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל. דאָס מיידעלע איז דעמלט אַלט געווען אַ צוויי יאָר. די הויזוועכטערין האָט געמוזט זי

אויסדרעסירן, זי זאָל זיך נישט דערוועגן קיין ריר צו טאָן אין שאַפע און נישט לאָזן הערן פון זיך קיין אָטעם. ווייזט אויס, אַז די דאָזיקע דרעסור האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן, ווייל פון דעמלט אָן איז דאָס מיידעלע געזעסן אין שאַפע, נישט אַרויסגייענדיק פון איר, האָט נישט גערעדט, נישט געוויינט, ווי זי וואָלט זיין טויט פאַרן לעבן... נאָר ביינאַכט פלעגט די וועכטערין אויפעפענען די שאַפע אויף אַ קורצער וויל און איר געבן עפּעס צו דערהאַלטן דאָס חיות. אָבער דאָס גרעסטע אומגליק האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן מיידעלע אין די ערשטע טעג פאַר דעם קאַמף אין וואַרשע. אין אַ געוויסן טאָג איז די וועכטערין אַרויסגעגאַנגען פון הויז, האָט פאַרשלאָסן די טיר אויף אַ שלאָס, און איז נישט צוריקגעקומען. דאָס איז געווען אינדערצייט פון דעם אויפשטאַנד, און זי איז וואַרשיינלעך געפאַלן אין גאַס פון אַ קויל. דאָס קינד איז פאַרבליבן אין שאַפע, אין צימער ווו ס'איז שוין קיינער נישט געווען. די שאַפע וואָלט געוואָרן איר מתים־ארון, ווען נישט אַ געוויסע פרוי וועלכע איז טעטיק געווען אין דער אונטערערדישער באַוועגונג און געוווּסט וועגן דעם קינד. די דאָזיקע פרוי האָט זיך איינגעגעבן צו עפענען דאָס צימער און האָט אַרויסגעגנבעט דאָס קינד. דערנאָך האָט זיך מיט דעם פאַרנומען די „סאָציאַלע הילף", און שפּעטער האָט מען עס אָפּגעשיקט צום יידישן צענטראַל־קאָמיטעט.

— און איצט, אויב דער פּרעזעס שטעלט זיך פאַר — האָט זי זיך געוואָנדן צו אים — אַז מיר האָבן באַקומען דאָס מיידעלע אין אַזאַ צושטאַנד, ווי מיר האָבן זי געשיקט אַהער, האָט ער אַ גרויסן טעות. זי האָט דאָך נישט געקאָנט באַוועגן מיט קיין פיסל און נישט אַרויסרעדן קיין וואָרט. און היינט קאָן זי שוין אפילו לויפן.

— יאָ, — האָב איך געזאָגט מיט ביטערער איראָניע — דאָס איז באמת פּראָגרעס! ביז היינט האָט זי זיך פאַרטיידיקט קעגן מענטשן מיט אומבאַוועגלעכקייט און שוויגן, ווי אַ בר־מנן, און היינט קאָן זי שוין אפילו אַנטלויפן פאַר מענטשן.

## אַ קינד וואָס האָט אַ טאַטן

דאָס קומען פון די נייע קינדער פון וואַרשע און לאָדזש האָט אַריינגעבראַכט אַ פערמענט אין לעבן פון הויז. די נייע קינדער האָבן מיטגעבראַכט נייע קראַנקהייטן און קאָמפּלעקסן.

אָט למשל, די אומגליקלעכע זאַשע פון דער שאַפּע. זי האָט געהאַט לונגען־שווינדזוכט (נישט קיין אָפענע), אַ שווערע אַוויטאַמינאָזע פון טיפ ב׳, אַן אַנטצינדונג פון די אויגן־הייטלעך, אַ מאָגן־ און קישקעס־קראַנקהייט, שטערונגען אין אורין־פּענכער און עפּעס אַ קראַנקהייט פון חוט־השדרה, אָדער פון די געלענקען, וואָס איז נאָכנישט פעסטגעשטעלט געוואָרן, — וואָס האָט, פאַרשטענדלעך, געווירקט אויף אירע הענט־און־פיס. דאָס אַלץ בנוגע דער פיזישער זייט. וואָס אָנבעלאַנגט דער גייסטיקער, אי זשווער געווען פעסטצושטעלן די שטופּע פון איר אינטעלעקטועלער אַנטוויקלונג, ווייל איבער אַלץ האָט אין איר געוועלטיקט די שרעק. שרעק פאַר אָפענעם חלל, שרעק פאַר באַוועגונג, און קודם־כל שרעק פאַר מענטשן און פאַר יעדע לעבעדיקע זאַך וואָס באַוועגט זיך... ווען עמעצער פון אונדז פלעגט זיך דערנענטערן צו איר, פלעגט זי אָנהייבן ציטערן אינגאַנצן. מ׳האָט זי נישט געטאָרט אָנרירן. זי פלעגט זיך פילן גוט נאָר ווען זי איז געזעסן אין אַ טונקל ווינקל פון צימער, דאָס פּנים צו דער וואַנט, אין האַנט אַ פאָדעם אָדער אַ שוועבעלע, וועלכע זי פלעגט ריטמיש באַוועגן. אפילו ליגן אין בעט האָט זי נישט געקאָנט. ס׳איז נישט געווען קיין ברירה, מ׳האָט געמוזט זי צורו לאָזן און דערווייל צוגעוווינען צו איין מענטש, און דערנאָך ביסלעכווייז צו אַנדערע מענטשן. ווען כ׳פלעג קוקן אויף זאָשען, פלעגט מיר דאָס האַרץ פאַרקלעמען פון ווייטיק. זי איז געווען דאָס אומגליקלעכסטע מיידעלע ביי אונדז אין הויז. אָבער פּאַמעלעך־פּאַמעלעך האָט זי גענומען זיך באַפרייען פון דאָזיקן שרעקלעכן מצב.

גאָר אַ שווערן טיפּ קינד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער וואַרשעווער עלפיעריקער באָלעק פיגאַ. זיין קערפּערבוי איז געווען ווי פון אַ זעקסיעריקן, אָבער זיין פּנים און „פאַרשטאַנד" — ווי פון אַ זעקסאונדרייסיקיעריקן. די קינדער האָבן אים געגעבן אַ צונאָמען „פּלוי", ווייל ער איז ווירקלעך ענלעך געווען צו אַ פלוי. זיינע הענט־און־פיס — מאָגערע און שוואַרצע, און אַזוי זיין גאַנצער קערפּער. דאַקעגן זיין קאָפּ — אַ גרויסער, די אויגן — שוואַרצע און גלאַנציקע, גרויסע „יידישע" אויגן, וואָס פאַרנעמען שפּאָר פלאַץ אויפן פּנים. באָלעק איז געווען אַ גאַסן־קינד. ער האָט דערציילט, אַז זיינע עלטערן האָבן באַצאָלט איינעם אַ פּוילישן קאָנדוקטאָר, און יענער האָט אים אויסבאַהאַלטן אין אַ הינערשטייג. אָבער ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז אַלע יידן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ, און קיינער וועט נישט קומען פאָדערן פון אים דאָס יינגל, האָט ער אים אַרויסגעטריבן

אין גאַס. באַלעק איז דעמלט אַלט געווען אַכט יאָר, און אויסגעזען האָט ער ווי אַ פינפיעריקער, און... געהאַט גרויסע „יידישע" אויגן. ער האָט אָבער באַשלאָסן צו לעבן. האָט זיך אויסגעלערנט הונגערן, עסן פון די מיסטקאַסטנס, שלאָפן אונטער בריקן, אויף דאַכשטיבלעך און אין די טראַמוויי־רעמיזעס. צום סוף האָט ער זיך אויסגעלערנט האַנדלען און פאַרדינען. איז צוגעשטאַנען צו די גאַסן־באַנדעס פון די פוילישע קינדער, וועלכע האָבן פאַרקויפט צייטונגען, שוועבעלעך און פאָרנאָגראַפישע זשורנאַלן. די דאָזיקע קינדער האָבן אים, פאַרשטענדלעך גלייך „דעמאַסקירט" און דערקענט אַז ער איז אַ ייד. פלעגן זיי אים אויסנוצן, שלאָגן און גלייכצייטיק פאַרטיידיקן קעגן די דערוואַקסענע און פיינטלעכע באַנדעס. מ׳האָט זיך געוואָרפן מיט אים, ווי מיט אַ פוסבאַלעם. איין באַנדע פלעגט אים אויסשפּילן, קעגן דער צווייטער. אָבער באַלעק האָט געקאָנט פאַרבלייבן געטריי. האָט ער זיך איינגעשאַפן פריינט, איז אַזוי־אַרום ניצל געוואָרן.

באַלעק האָט זיך שנעל צוגעפּאַסט צום לעבן אין הויז. ער איז געווען, ווי מ׳רופט עס, חבריש און געזעלשאַפטלעך. חוצדעם האָט ער געהאַט מיט וואָס צו אימפּאָנירן די קינדער. ער האָט מיט זיך געבראַכט פון דער וואַרשעווער גאַס אַ ווערטערבוך פון אָרדינערע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס אונדזער אויער האָט זינט מיר לעבן נישט געהערט. און אַ שטים האָט ער געהאַט, וואָס אן אמת, אַ זייער דינע, אָבער אַזאַ הויכע, אַז זי האָט זיך געהערט איבער אַלע שטאָקן ביז אַראָפּ. באַלעק פלעגט שווייגן נאָר אין פאַל, ווען ס׳פלעגט אים באַפאַלן אַ מיגרענע. דעמלט פלעגט אים קיין שום זאַך נישט העלפן. ער פלעגט מוזן ליגן דריי טעג נאָכאַנאַנד אין אַ פינצטער צימער, זיך דערנערן בלויז מיט טיי, — און ס׳האָבן אים נישט געהאָלפן נישט די פּראָשקעס און נישט די קאָמפּרעסן.

גאָר אַנדערע טיפּן האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די קינדער פון די חשובע באַאַמטע אין וואַרשע („די אויסדערוויילטע קינדער"). די קינדער פון הויז האָבן זיך שוין פון אָנהייב אָן באַצויגן צו זיי מיט חשד און פאַרזיכטיקייט. אָט צום ביישפּיל, צו אַזאַ עדוואַרדן מיט דער לאָרנעטקע (וועלכער איז געווען אַ קרוב פון אַ „היפשן העכט" אין וואַרשע). נישט דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ פאַליאַק, דאָס האָט אַ טייל קינדער אפילו אימפּאָנירט. נאָר ווייל ס׳איז נישט געווען קיין שום געמיינזאַמס צווישן אים און די קינדער פון הויז. ער איז געקומען בלויז אויף אַ קורצער צייט, לערנען האָט ער נישט געוואָלט, און געהאַט אַ סך געלט און אַ לאָרנעטקע.

ער האָט אפילו געפּרוּווט אויסבאָרגן די לאָרנעטקע די קינדער פּאַר באַצאָלט, אָבער דאָס געשעפט איז נישט געגאַנגען: ערשטנס האָבן די קינדער נישט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן, און צווייטנס, פלעגן די דערציִערינס נאָכשפּירן און אַכטונג געבן אויף אַלע זײַנע מעשׂים. עדוואַרד האָט אין הויז נישט געהאַט וואָס צו טאָן און פלעגט אָפּזיצן גאַנצע טעג אין שטאָט. פלעגט קומען נאָר צום עסן, ווי אין אַ רעסטאָראַן. צו אונדזער גליק, האָט ער אונדז שנעל פאַרלאָזט.

די רויטהאָריקע אַמעלקע, מיט די פיל זומער־שפּרענקעלעך, אין דער סאַמעטענער גרינער מאַנטיליע האָט זיך אויפגעהאַלטן אַ ביסל לענגער — ביזן סוף וואַקאַציעס. די קינדער האָבן זי געקרוינט מיט אַ לאַנגן צונאָמען „די אַמבאַסאַדאָרין פון די דרײַ מומעס”. ווײַל זי האָט געהאַט דרײַ מומעס, וועלכע האָבן „אויסגעטרייסלט פון ארבל” דרײַ מיניסטעריומס אין וואַרשע... אײנע פון זײ איז געווען הויפּט דאָקטאָר־פּסיכאָלאָגיע אין בילדונגס־מיניס־טעריום; די צווייטע, דאָקטאָר־פּעדאַגאָגיע און הויפּט־אינספּעקטאָרין פון די יידישע קינדער־אַנשטאַלטן אין פּוילן און די דריטע, די הויפּט־מעדיקערין פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע. די דאָזיקע דרײַ חשובֿע מומעס (אַלע יידישקעס) פלעגן מיך אָן אויפהער פּייניקן מיט זייערע בריוו און באַוואָרפן מיט פראַגעס איבער פראַגעס, גלײַך ווי דאָס הויז אין זאַקאָפּאַנע איז געקומען אויף דער וועלט נאָר כּדי צו באַדינען אמעלקען און דערפילן אירע באַגערן „צי האָט אַמעלקע רעליגיע־פרייהייט בײַ אונדז אין הויז? צי האָט זי גוטע באַדינגונגען צו מאָדליען זיך אינדערפרי און אין אָוונט צו דער הייליקער מוטער? צי האָט אמעלקע אַפּעטיט? צי האָט זי פינקטלעך שטולגאַנג יעדן טאָג? וואָס פאַר אַ באַציונג האָט אמעלקע צו איר „איך”? און צו איר אויסערלעכן אויסזען? צי זיצט זי לאַנג פאַרן שפּיגל? (בײַ אונדז זענען בכלל נישט געווען קיין שפּיגלען). וואָס פאַר אַ באַציונג האָט זי צום צווייטן געשלעכט? אויף וואָס פאַר אָן אופן ווײַזט זי דאָס אַרויס?” און נאָך ענלעכע פראַגעס. פאַרשטענדלעך, אַז איך האָב אויף די דאָזיקע בריוו נישט געענטפערט, און וועגן אמעלקען האָב איך געוווּסט (וואָס ס׳האָבן געוווּסט אַלע קינדער), אַז זי איז אַ שמוצערין, וואָס קײַע ערגערע גיבט נישט, און אַ פוילערין, אַז זי קומט צום טיש אַ נישט־פאַרקעמטע, ווײַל נישט פאַרבעטן איר געלעגער, ווײַל אויך נישט לערנען אין שול, הגם פרוי שטערן האָט פעסטגעשטעלט אַז זי איז אַ פעיקע און אינטעליגענטע.

ס׳זענען געווען נאָך קינדער פון די וואַרשעווער, וועלכע מיר האָבן נענטער דערקענט ערשט אין אַ שטיקל צייט אַרום. למשל, די דרייצניעריקע באַלעטשקע, זייער אַ בלאַסע, אַ טאָכטער פון איינעם פון די הויפּט־באַאַמטע אין יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, וועלכע פלעגט די גאַנצע צייט אַרומגיין אַן אומגליקלעכע, מיט פאַרוויינטע אויגן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איר טאַטע האָט אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט, און דערפאַר וויל זי נישט צו אים זיך צוריקקערן. זי האָט בכלל גאָרנישט נישט געוואָלט, נאָר בלייבן מיר איר פוילישער ניאַניע, וועלכע האָט זי געראַטעוועט. באַלעטשקע איז געבליבן מיט אונדז, און איך האָב איר געבראַכט איר ניאַניע פון וואַרשע. צום באַדויערן איז זי נישט אַרויסגעפאָרן מיט אונדז פון פוילן. און דאָס אַלץ, ווייל זי האָט געהאַט אַ טאַטן...

בכלל האָבן די קינדער פון אונדזער הויז נישט ליב געהאַט קיין קינדער וואָס האָבן געהאַט אַ טאַטן, אָדער אַ מאַמען. „צום גליק" זענען אַזעלכע נישט געווען קיין סך. און אַזעלכע וואָס האָבן סיי אַ טאַטן, סיי אַ מאַמען — זענען בכלל נישט געווען, אפילו נישט קיין איינס. זיי האָבן אויך נישט ליב געהאַט קיין קינדער וואָס האָבן געהאַט אַזעלכע אָפּיעקונעס מחוץ פונעם קינדערהויז. אונדזער הויז איז נישט באַשטימט געווען פאַר אַזעלכע קינדער. די קינדער פון אונדזער הויז זענען אין זייער גרויסער מערהייט געווען שטאָלצע, אומאָפּהענגיקע, וועלכע זענען קיינעם קיין דאַנק נישט שולדיק. אַזעלכע זענען געווען סטעפאַן, בראָנעק, שאול, באַלעק, אָלגע, מארילקע און אַנדערע. טייל פון די קינדער האָבן שוין געהאַט זייערע שטרעבונגען. צו די האָבן געהערט, דער עיקר, די געוועזענע פּאַרטיזאַנער ווי אהרון, ליאָנעק, יצחק, פראַנקע, חיה און אָליע. די דאָזיקע קינדער האָבן פלייסיק געלערנט העברעיש אויף די לעקציעס וואָס איך האָב געפירט, און געחלומט וועגן עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אַזוי ווי אין דער מלחמה־צייט, האָבן זיי אויך איצט אויסגעוויילט דעם וועג פון קאַמף: דעמלט צוליבן פערזענלעכן לעבן, היינט צוליבן לעבן פון יידישן פאָלק.

די מערהייט פון אונדזערע ייִנגערע קינדער האָבן נישט געהאַט קיין קרובים, אַפילו נישט קיין מעטריקעס, און נישט קיין אמתע נעמען און פאַמיליענעמען. און ס׳איז אַ פאַרשטענדלעכע זאַך, אַז קודם־כל האָט דאָס הויז געהערט צו זיי; דאָס איז געווען „זייער" הויז, ווייל קיין אַנדערס האָבן זיי נישט געהאַט. אָבער יענע קינדער, וועלכע האָבן געהאַט נאָך אַן אַנדער הויז און אויסגענוצט און גענאָסן פון אונדזערן, זענען מצד

אונדזערע קינדער באַטראַכט געוואָרן פאַר פרעמדע. אַזאַ באַציונג איז געווען צו די קינדער פון וואַרשע. און ווייל מ׳האָט זיי נאָכנישט געקאָנט און זיי חושד געווען, אַז זיי זענען אַלע „פּראָטעקציאָניסטן", האָט מען פּלאַנירט אַן אָנפאַל אויף זיי. אהרון, יצחק און מאשקע האָבן אָפּגעהאַלטן אַ מלחמה־באַראַטונג. יצחק האָט געזאָגט:

— מיר קאָנען נישט מסכים זיין, אַז די וואַרשעווער פּירציקעס זאָלן זיך צעפּריצעווען אין דאָזיקן הויז. זאָלן זיי צוריקפאָרן צו זייער טאַטעליו און מאַמעליו. מירן זיי „אויסרייכערן" פונדאַנען! דער אין די שוואַרצע הויזן זאָגט, אַז ער הייסט וויטאָלד קאַגאַנסקי און אַז ער איז אַ פּאָליאַק. ער הייסט אוודאי וואָלף קאָגאַן, אָדער כהן, נאָר וויל נישט מודה זיין אַז ער איז אַ ייד...

— מירן אים שוין אַרויסשלאָגן פון קאָפּ דעם פּוילישן וויטאָלד, — האָט אַ זאָג געטאָן מאשקע, טוענדיק אַ פּאָך מיטן שטעקן אינדערלופטן.

— אָט דער וויקטאָר אין דער לעדערנער קורטקע זעט מיר אויך אויס עפּעס אַ גאַנצער קנאַקער, — האָט צוגעגעבן שאול, וועלכער איז צוגע־שטאַנען צו דער באַראַטונג. — סטעפאַן, בראָנעק, איר שטייט צו צו אונדזער שטיקל אַרבעט? — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו זיינע שווייגנדיקע חברים.

— מ׳קאָן צושטיין, — האָט סטעפאַן געענטפערט פלעגמאַטיש.

— און וואָס טוען מיר מיט יענעם פּאָליאַק מיט דער לאָרנעטקע? — האָט בראָנעק געפרעגט.

— ווייס איך, — האָט סטעפאַן אָוועקגעמאַכט ביטולדיק מיט דער האַנט — נישט כדאי מיט אים די הענט איינפּאַטשקען. ס׳וועלן זיין צרות מיט דער לייטערין, ווייל ער איז אַ פּאָליאַק. און ווידער, מירן נאָך זען. אויב ער וועט נישט וועלן אויסבאָרגן אונדז די לאָרנעטקע, וועלן מיר זיך נעמען צו אים דעמלט. אָדער, כ׳וועל אייך זאָגן עפּעס בעסערס, מירן שיקן צו אים מילעקן מיט די קאָרטן...

— און פונוואַנען וועלן מיר נעמען קאָרטן?

— כ׳פאַרזיכער אייך, אַז אין מילעקס מאַטראַץ וועלן מיר געפינען... ער קאָן אָן קאָרטן נישט שלאָפן.

— איז וואָס? גייען מיר זוכן די קאָרטן?

— ניין, — האָט זיך אהרון אומגעקערט צום פריערדיקן — מיר דאַרפן קודם פאַרענדיקן מיט די יחסנישע קינדערלעך.

*

יענע נאַכט איז פאַרגעקומען אַ געשלעג. די יידישע קאַמפּסגרופּע פון „וואַלד־ווייגונג״, באַוואָפנט מיט שטעקנס און אַנגעטאָן אין ליילעכער ביז איבער די קעפּ, מ׳זאָל זיי נישט דערקענען, האָט זיך אַ שעה צייט נאָכן גלאָק צום שלאָפנגיין, אַריינגעגנבעט אין צימער ווו די וואַרשעווער זענען געשלאָפן, און גענומען זיי אַריינלייגן מיט די שטעקנס. אויף דער צווייטער זייט טיר איז, פאַרשטייט זיך, געשטאַנען אַ וואַך, וועלכע זאָל וואָרענען פריציייטיק די איבערפאַלער וועגן אַ סכנה וואָס דראָט זיי מצד דעם פּערסאָנאַל. אָבער ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די וואַרשעווער פריצימלעך זענען לגמרי נישט קיין פחדנים. הגם זיי זענען געווען אין דער מינדערהייט און אין אַן ערגערער סטראַטעגישער לאַגע, האָבן זיי זיך נישט אונטערגעגעבן, נאָר זיך פאַרטיידיקט מיט די הענט און פיס און קניען. און וואָס נאָך וויכטיקער, נישט געמאַכט קיין טומל. נישט געשריגן, קיין שום קלאַנג נישט אַרויס־געלאָזט; שטיל און שאַ... אויך נאָך אַלעמען זענען זיי נישט געגאַנגען זיך פאַרקלאָגן. די זאַך איז נישט אַרויס אויסער די ווענט פון צימער און האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ דזשענטלמענישן וואָפנשטילשטאַנד. אמת, אויך שפּעטער זענען זיי נישט אָנגענומען געוואָרן אין דער אַלטער „באַנדע״ (און יענע האָבן זיך בכלל נישט באַמיט וועגן דעם), אָבער מ׳האָט זיי צורו געלאָזן און רעספּעקטירט.

די אַלטע באַנדע האָט זיך געזוכט קרבנות, און ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי דאָס לעבן אין זאַקאָפּאַנע האָט זיי דאָס צוגעשטעלט. ס׳האָט פּאַסירט, אַז דער יונגער לאַגער־דאָקטאָר, יענער וואָס שאול האָט זיך צעבוגן־טעוועט קעגן אים, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין פּאָסטן.

— וואָס זענען עס די סיבות, וואָס איר פאַרלאָזט אַזוי אומדערוואַרט?

— האָב איך אים געפרעגט.

— כ׳פאַרלאָז פּוילן און פאָר קיין מערב־דייטשלאַנד, — האָט ער געענטפערט קורץ.

— אָבער איר וועט דאָך פאַרבלייבן ביי אונדז נאָך פערצן טעג, דעם אָנגענומענעם טערמין אין פאַל פון אָפּזאָגן זיך פון דער אַרבעט?

— ניין, — האָט ער געענטפערט — איך פאָר מאָרגן אינדערפרי.

— איר האָט דאָך זיכער באַשלאָסן וועגן דעם מיט אַ שטיקל צייט

פריער, — האָב איך געפרעגט מיט תרעומות — פאַרוואָס האָט איר מיר נישט מיטגעטײלט פריער אַ ביסל, כ׳זאָל קאָנען געפינען אַ צװײטן דאָקטאָר אויף אײער אָרט? װי קאָן איך בלײַבן מיט הונדערט קינדער, און צװישן זײ קראַנקע, אָן אַ דאָקטאָר?

דער דאָקטאָר האָט געצויגן מיט די אַקסל, װי ס׳װאָלט אים נישט אָנגעגאַנגען.

— כ׳װעל זיך נישט קאַליע מאַכן מײַנע שאַנסן אין לעבן צוליב די דאָזיקע קינדער, — האָט ער געזאָגט — ס׳האָט זיך מיר געמאַכט אַ געלעגנהײט צו פאָרן, פאָר איך.

נאָכן מיטאָג איז מיט דערזעלבער געשיכטע געקומען די שװעסטער (זײ האָבן זיך געקליבן אַרויסצופאָרן צוזאַמען). און קײנע שום ביטעס און אַרגומענטן פון מײן זײַט האָבן נישט געהאָלפן. אויף מאָרגן אינדערפרי האָב איך זײ געזען בײדע, פאַראײניקטע דורך „דעם דערהויבענעם אידעאַל פון זײער געמײנזאַמער צוקונפט״, פאַרלאָזן דאָס הויז מיט די קינדער.

כ׳בין דעמלסט געזעסן אין באַגלאָזטן עס־זאַל, און אַ שטאַרקער צאָרן האָט מיך דורכגענומען, טראַכטנדיק: אָט אַ נײַער מין פאַרברעכער, אויפ־געהאָדעװעט פון דער מלחמה. װען כ׳װאָלט קענען, װאָלט איך זײ פאַרהאַלטן דורך פּאָליצײ. געקומען זענען זײ צו אונדז אויסגעשעפּטע און נעבעכדיקע... האָבן פאַרריכט זײער געזונט מיט עסן און טרינקען, זיך אויסגערוט נאָכן לאַגער, זיך פײַן אויסגעקלײדט, אויך מזומן געלט זיך אָפּגעשפּאָרט, און ערשט דאַרפן זײ שוין אונדז נישט... װאָס גײט עס זײ אָן, װאָס די קלײנע העלוניע האָט 39,8 גראַד טעמפּעראַטור און שטיקט זיך מיטן הוסט, װאָס די קלײנע זאָשע ליגט שוין דעם דריטן טאָג מיט פאַראײטערטע אײגלעך און קאָן זײ נישט עפענען, און דער קלײנער מילעק האָט אַן אַנגינע? זײ װעלן זיך נישט קאַליע מאַכן זײערע „שאַנסן אין לעבן״!

בין איך געבליבן מיט אַלע קינדער אָן אַ דאָקטאָר. האָט געפּרוּװט רופן די אָרטיקע פּױלישע דאָקטוירים צו אונדזערע קינדער, אָבער קײנער פון זײ האָט נישט מסכים געװען צו קומען אין ײדישן קינדער־הויז. די לאַגע איז געװען זײער אַ שלעכטע. פון אינדערפרי ביז אין אָװנט האָב איך געהאַלטן אין אײן שטורעמען דעם ײדישן קאָמיטעט, מ׳זאָל מיר שיקן אַ דאָקטאָר און אַ שװעסטער פון קראָקע. אָבער ס׳איז זײ, משמעות, נישט לײַכט געװען זײ צו געפינען. אין אַ װאָך אַרום האָב איך באַקומען אַ מיטטײלונג, אַז דער נײַער דאָקטאָר געפינט זיך שוין אין װעג. מײַן פרײד האָט קײן

גרענעץ נישט געהאַט. נאָך אַ סך שלאָפלאָזע נעכט בין איך היינט צום ערשטן מאָל רויק איינגעשלאָפן.

צומאָרגנס אינדערפרי האָב איך זיך אָנגעטאָן פינקטלעכער, כ׳האָב דאָך געדאַרפט מקבל־פנים זיין דעם נייעם דאָקטאָר. מלא־שמחה בין איך אַראָפּגעגאַנגען פון די שטיגן. פאַר דער טיר פון דער קאַנצעלאַריע האָט זיך אַרומגעדרייט עפּעס אַ פרעמדער מענטש מיט אַ ייִנגל. זיין פנים האָב איך נישט געזען. איך טראַכט: ווידער עפּעס אַ טאַטע מיט אַ קינד. ווידער וועל איך האָבן אַ קאַמף מיט עמעצן; איך קאָן דאָך נישט אַריינגעמען אין אַנשטאַלט קינדער וואָס האָבן עלטערן! כ׳וועל דאָך מוזן אים צוריק אָפּשיקן צום קאָמיטעט.

און אָט איז דער מענטש צוגעקומען צום עק קאָרידאָר, אַז כ׳האָב דערזען זיין פנים — האָב איך זיך, מחמת פאַרוווּנדערונג צוריקגעצויגן. פאַר מיר איז געשטאַנען מיין גוטער באַקאַנטער פון פאַר דער מלחמה, דאָקטאָר ראַפּעל, מיט זיין דרייצניעריקן זון, מאַריאַן.

— וואָס טוט איר דאָ? — האָב איך פאַרוווּנדערט אַ געשריי געטאָן.

— וואָס הייסט, וואָס איך טו דאָ? — האָט זיך דער דאָקטאָר אַ ביסל באַליידיקט — אַזוי באַגריסט מען עס אַ דאָקטאָר אין זאַקאָפּאַנע?

— איר וועט זיין אונדזער דאָקטאָר? — האָב איך נישט געקאָנט זיך באַפרייען פון דער פאַרוווּנדערונג — כ׳האָב דאָך געהערט, אַז מ׳האָט אייך אומגעקערט אייער הויז מיטן אויפנעם־צימער אין קראָקע?

— און אויך מיין וווינונג אין ציעשין, — האָט צוגעגעבן דאָקטאָר ראַפּעל — דאָך, זעט איר, בין איך געקומען אַהער... געשיקט פונעם קאָמיטעט... כ׳האָב פאַרלאָזט מיין פריוואַטע אַרבעט אין די ביידע ערטער, כדי אַרבעטן דאָ פאַר די קינדער. האָב געהערט, אַז איר געפינט זיך דאָ אין אַ זייער שווערער לאַגע.

— אַזוי איז עס, אין אַ זייער שווערער לאַגע. שוין די צווייטע וואָך ווי מיר זענען אָן אַ דאָקטאָר און אָן אַ שוועסטער, אין אַזאַ גרויס הויז...

— נו, איך וועל אייך זיין אַ שוועסטער אויך, — האָט זיך דער דאָקטאָר צעלאַכט — און ווייל איך האָב געענדיקט אויך דענטיסטיק, וועט איר האָבן נחת פון מיר.

— מיינט איר עס טאַקע ערנסט, הער דאָקטאָר?

— מיטן פולן ערנסט. נאָר כ׳וואָלט אייך בעטן, איר זאָלט מיך

אַרײַנפֿירן אין אַוועלכן צימער, כ׳זאָל קאָנען זיך זעצן. כ׳וואָלט וועלן מיט אײַך וועגן עפּעס שמועסן.

— פֿאַרשטענדלעך, הער דאָקטאָר. אַנטשולדיקט מיר, וואָס כ׳האָב אײַך גלײַך נישט פֿאַרבעטן. קומט אַרײַן אין מײַן קאַנצעלאַריע. ס׳וועט באַלד זײַן פֿרישטיק.

— אַ דאַנק אײַך. גײט פֿאָרויס...

—און דו, מאַריאַן, — האָט ער זיך געוואָנדן צום ייִנגל — שפּאַציר דאָ אַרום אַ ביסל... באַטראַכט דאָס הויז. מיר וועלן דיך באַלד אַרײַנבעטן.

מאַריאַן איז גלײַכגילטיק אַוועקגעגאַנגען, און דער דאָקטאָר האָט זיך שווער אַרײַנגעזעצט אין אַ פֿאָטעל, דער אויסדרוק פֿון זײַן פּנים האָט זיך געענדערט.

— זעט איר, — האָט ער אָנגעהויבן רעדן, קנײטשנדיק עפּעס אַ פּאַפּירל צווישן די פֿינגער — כ׳בין געקומען אַהער, אין תּוך פֿון דער זאַך, מיט אַ ביטע צו אײַך...

— הייסט עס, נישט ווי אַ דאָקטאָר? — האָב איך זיך דערשראָקן.

— יאָ, דאָס אויך, — האָט ער געטאָן אַ מאַך אַוועק מיט דער האַנט, ווי דאָס וואָלט זײַן צומווײַניקסטן וויכטיק — אָבער איך האָב נאָך אַן ענין, אַ פּערזענלעכן.

— וועגן וואָס האַנדלט זיך? — האָב איך אומרויִק אַ פֿרעג געטאָן.

— איר געדענקט אַוודאי מײַן וויזיט בײַ אײַך מיט אַ צײַט צוריק...

— מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק, — האָב איך זיך צעלאַכט — פֿאַר דרײַ חדשים סך־הכּל.

— ריכטיק, אָבער אין דער נאָכמלחמה־צײַט איז עס מער פֿון דרײַ יאָר... און וואָס פֿאַר אַ באַדײַטונג די דרײַ חדשים האָבן געהאָט פֿאַר מיר! איר האָט געזען אין וואָס פֿאַר אַ שרעקלעכן צושטאַנד איך האָב זיך דעמלט געפֿונען אין ייִדישן קאָמיטעט, ווען איר האָט מיך דאָס ערשטע מאָל געזען, — דעם דאָקטאָרס שטים האָט געציטערט פֿון אויפֿרעגונג — דאָס איז דאָך געווען גלײַך ווי כ׳בין צוריקגעקומען פֿון לאַגער, האָב איך געזוכט... מײַן פֿרוי, מײַן ברודער, מײַן שוועסטער, מײַן משפּחה... די אַלע וואָס זענען שוין נישטאָ... כ׳בין געווען אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן קליידונג, אָן לעבנסמיטלען... אָן מנוחה... און איר זענט געווען די ערשטע, וואָס איז מיר צו הילף געקומען. איר האָט מיך אַרײַנגענומען צו זיך אין וווינונג צוזאַמען מיט מאַריאַנען. מיר געגעבן אַ באַזונדער צימער,

פּאַרשאַפּט לעבנסמיטלען. און מאַריאַן איז נישט געווען קיין לייכט קינד, אָ, נייִן, און אַדאַנק אייך האָב איך זיך געשטעלט אויף די פּיס... זיך אומגעקערט צו די כוחות, צו מיין פריערדיקער ענערגיע. צוריקבאַקומען מיין הויז מיטן קאַבינעט און זיך צוריק גענומען צו דער אַרבעט, אַלץ אַדאַנק אייך!

— אָבער הער דאָקטאָר, — האָב איך געזאָגט אין פאַרלעגנהייט — איר זענט דאָך געווען מיין גאַסט נישט מער ווי צוויי וואָכן. כ׳האָב פאַר אייך געטאָן נישט מער ווי פאַר אַנדערע מענטשן. איך האָב געהאַט אַ רחבותדיקע וווינונג, און די גרעאַטעוועטע פון די לאַגערן האָבן אינגאַנצן נישט געהאַט קיין דאַך איבערן קאָפּ. און אויסער דעם, דערמאָן איך זיך, האָב איך אייך זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט געשענקט. כ׳בין דעמלט געווען גייסטיק צעבראָכן און דערשלאָגן, נאָכן דערוויסן זיך, אַז מיין שוועסטער איז אומגעקומען. איר וועט מיר איצט אַנטשולדיקן דערפאַר.

— און נישט געקוקט דערויף, האָט איר דאָך געפונען צייט און געהאַט האַרץ מיך צו דערמוטיקן, מיר העלפן. דערמאָנט איר זיך אונדזערן אַ שמועס אין אַ בין־השמשות?

יאָ, כ׳האָב געדענקט יענעם שמועס, הגם קיין איין מאָל נישט געטראַכט וועגן אים שפּעטער. ער איז געקומען ווי פון דער טונקלקייט און צוריק אין איר פאַרזונקען. האָט נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג אין מיין נשמה, וואָס איז פול געווען מיט צער און ווי צוליב פּעליעס טויט. און ווי דורך דער טונקלקייט האָב איך געהערט די דערציילונג פון דעם מענטשן, וועלכער איז געזעסן קעגן מיר אין פאָטעל אין אַ פינצטערן ווינקל... ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין פרוי, וועגן זיין אומגליקלעכן חתונה האָבן. ער האָט נישט ליב געהאַט זיין ווייב. האָט ליב געהאַט אַן אַנדערע, נאָר יענע האָט אים נישט געוואָלט. ער האָט חתונה געהאַט מיט זיין ווייב אויס נויט, און זי האָט וועגן דעם געוווּסט. פונדעסטוועגן האָט זי אים ליב געהאַט און געבוירן אַ זון, מאַריאַנען, וועלכן ער האָט נישט ליב געהאַט און באַציוגן זיך צו אים גלייכגילטיק. אַט דאָס קינד האָט זיי פאַרקנופּט מיט אַ טראַגישן קנופּ. אַזוי ווי ער האָט נישט ליב געהאַט זיין ווייב און נישט געזאָרגט פאַר איר פּריער (זי האָט געהאַט אַ פאַך און זיך אַליין אויס־געהאַלטן), אַזוי האָט ער אויך נישט געזאָרגט פאַר איר אין דער מלחמה־צייט. זי איז פאַרנומען געוואָרן אין אַ לאַגער מיטן זון. אין אַ קורצער צייט אַרום איז אויך ער אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער. — איך האָב זיך דעמלט געפונען אין אוישוויץ, —— האָט ער ווייטער דערציילט אין

יענעם בין־השמשות — ווען כ׳האָב זיך דערוווּסט, אַז ס׳איז געבראַכט געוואָרן אַ פרישער טראַנספּאָרט קינדער, און צווישן זיי אויך מײַן ייִנגל. דאָס איז געווען אין דער צײַט, ווען די טראַנספּאָרטן פֿלעגן אָנקומען נאָכאַנאַנד איינער נאָכן אַנדערן. די אויוונס האָבן געריכערט טאָג און נאַכט. און דעמלט, אין אָנגעזיכט פֿון די רײכערנדיקע אויוונס, אין אָנגעזיכט פֿון טויט, וואָס האָט מיר געדראָט יעדע רגע, איז געקומען דער איבערברוך. כ׳האָב באַשלאָסן אַרויסצורײַסן מײַן קינד פֿון די פֿלאַמען, אַפֿילו מיר זאָל אויסקומען אַליין אין זיי אַרײַנצוגיין. ס׳איז מיר איצטער שווער איבערצוחזרן און דערציילן, מיט וואָס פֿאַר אַן אופֿנים כ׳האָב געראַטעוועט דאָס קינד. איך ווייס אַליין נישט. כ׳ווייס נאָר אַז פֿון דעם מאָמענט אָן האָב איך אויפֿגעהערט זאָרגן וועגן זיך און געטראַכט נאָר וועגן ראַטעווען דאָס קינד. און ווירקלעך, כ׳האָב עס געראַטעוועט פֿון צענטליקער סעלעקציעס. נאָר נישט געקוקט דערויף האָב איך עס נישט געראַטעוועט פֿאַר זיך. גלײַך ווי ער און זײַן מאַמע זענען מיך אַמאָל נישט אָנגעגאַנגען, אַזוי גיי איך אים נישט אָן היינט. אָט ווי איר זעט, איז עס אָפּגעשלאָסן אין זיך, גלײַך עס וואָלט קיין טאַטן נישט האָבן, גלײַך ווי עס קער זיך מיט מיר גאָרנישט נישט אָן... אָט אַזוי באַקום איך ערשט מײַן שטראָף פֿאַר נישט צוטיילן מײַן ליבע און זאָרג זײַן מאַמען. און איצט זאָגט מיר, פֿרוי לענע, וואָס פֿאַר אַ תּיקון קאָן איך האָבן, און וואָס פֿאַר אַ תּיקון קאָן האָבן דאָס דאָזיקע ייִנגל?

ס׳איז שוין געווען פֿולשטענדיק פֿינצטער אין צימער, ווען ער האָט איבערגעריסן זײַנע רייד און פֿאַרענדיקט מיט פֿאַרלאַנגען אַן ענטפֿער פֿון מיר. נישט אויפֿהייבנדיק צו אים דעם קאָפּ, האָב איך אים געזאָגט:

— פֿרווּט זוכן אַ צווייטע פֿרוי, אַ לעבעדיקע, ליידנדיקע און עלנטע און גיט איר אָוועק אײַער גאַנצע ליבע, וואָס איר קאָנט שוין מער נישט געבן אײַער טויטע פֿרוי. אפֿשר וועט דעמלט אויך אײַער קינד געפֿינען אין דער דאָזיקער פֿרוי אַ מאַמע, און עס וועט זיך אויסהיילן פֿון זײַן עלנט.

*

אַ קורצע צײַט נאָכן שמועס האָט זיך דאָקטאָר ראַפֿעל אַרויסגעצויגן פֿון מײַן וווינונג, און איך האָב זיך ווײַטער פֿאַרנומען מיט די קינדער. פֿון דעמלט אָן איז ער מיר פֿאַרשוווּנדן פֿון די אויגן. און אָט איז דער דאָזיקער מענטש ווידער געזעסן פֿאַר מיר און דערמאָנט זײַן צער און אומגליק. אָבער איך האָב ערשט נישט געהאַט קיין האַרץ פֿאַר די אומגליקן פֿון די אומגע־

קומענע און צו דערציילונגען וועגן זיי. אַלע מיינע געדאַנקען און געפילן זענען געווען מיט די לעבן־פאַרבליבענע —— מיט אונדזערע קינדער און זייער גויט.

דאָקטאָר ראַפאַעל האָט דערפילט מיין רעאַגירן.

— כ׳בין נישט געקומען צו אייך רעדן וועגן מיין פאַרגאַנגענהייט, — האָט ער געזאָגט, — כ׳וויל רעדן וועגן מיין צוקונפט. און די דאָזיקע צוקונפט איז פאַר מיר מיין זון. צום באַדויערן האָט ער זיך נישט קיין סך געענדערט פון זינט מיר זענען אַרויס פון לאַגער. מיר האָבן נישט קיין בשותפותדיקע שפּראַך. ער איז קאַלט ווי אַ שטיין. האָט נישט פאַר מיר אפילו דאָס געפיל, ווי אַ מענטש פאַר אַ הונט. וואָס איך זאָל נישט פאַר אים טאָן, האָט עס נישט פאַר אים קיין ווערט. כ׳ווייס אַליין נישט, ווער ס׳איז דאָ דער שולדיקער. צי איך האָב נישט קיין צוגאַנג צו אים, צי דאָס איז דערפאַר ווייל ער איז דערצויגן געוואָרן אָן אַ טאַטן, צי האָט דער לאַגער אַזוי געווירקט אויף אים, אָדער אפשר ליגט עס אין זיין כאַראַקטער. יעדנפאַלס איז מיר איין זאַך קלאָר, אַז אויב עס וועט אויך ווייטער אַזוי גיין, וועלן מיר ביידע זיין פאַרלוירענע. און דערפאַר בין איך געקומען צו אייך, פרוי לענע, איר זאָלט אונדז ראַטעווען.

— אָבער, הער דאָקטאָר, — האָב איך אינגאַנצן אויפגעציטערט — איר טאָרט נישט אַזוי אַוועקשטעלן דאָס פּראָבלעם. דאָס איז נישט קיין זאַך, וואָס איז אָפּהענגיק פון איין מענטשן.

— איך ווייס, כ׳פאַרשטיי, — האָט זיך דאָקטאָר ראַפאַעל פאַרענטפערט — אָבער איר ווייסט אַליין נישט, איר פילט נישט, וויפל איר קאָנט אויפטאָן פאַר מיר... פאַר מיין קינד, — האָט ער זיך פאַרריכט — איך ווייס עס אויף זיכער. איך פיל עס !... ווען נישט, וואָלט איך נישט געווען פאַרלאָזן מיין פּראַקטיק אין שטאָט און נישט געקומען צו פאָרן אַהער. איך אַליין וועל אויך טאָן אַלץ וואָס איך בין אימשטאַנד. כ׳וועל היילן די אַלע אומגליקלעכע יתומים און דעם פּערסאָנאַל, און ברענגען אין אָרדענונג זייערע ציין. און איך וועל אייך העלפן אָן שום געצאָלט.

— אָבער איר ווייסט דאָך, הער דאָקטאָר, אַז דאָס דאָזיקע הויז איז באַשטימט פאַר יתומים בלויז. און אָט די יתומים וועלן מקנא זיין אַ קינד וואָס האָט אַ טאַטן.

— איך ווייס. אָבער איר ווייסט גוט, אַז מיין מאַריאַן געפינט זיך אין אַן ערגערן מצב פון די יתומים, און ער נייטיקט זיך אין אייער הילף מער פון די קינדער וואָס האָבן נישט, נישט קיין טאַטן און נישט קיין מאַמען.

צי דאַרף אַזאַ קינד זיין באַרויבט פון הילף און השגחה מצד דער געזעלשאַפט נאָר דערפאַר וואָס זיין טאַטע איז, צו זיין אומגליק, לעבן געבליבן נאָך דער דאָזיקער מלחמה?

## דאָס אויפהענגען מאַריאַנען

מאַריאַן איז געוואָרן צוגענומען צו אונדז אין הויז און איינגעקוואַרטירט צוזאַמען מיט קינדער פון זיין עלטער. זיין טאַטע ווידער האָט זיך גענומען מיט ברען צו זיין אַרבעט ווי אַלס דאָקטאָר פון אַנשטאַלט. צו אונדזער באַדויערן אָבער, האָט זיין ברען נישט לאַנג געדויערט. שוין אין עטלעכע טעג אַרום נאָך זיין קומען האָט דאָקטאָר ראַפּעל אויסגענוצט זיין בלייבן איינמאָל מיט מיר אַליין און זיך מיר דערקלערט אין ליבע. ער האָט עס געמאַכט אויפן פּאַרצייטישן שטייגער און אַביסל קאָמיש, ווייל ער האָט בשום־אופן נישט געוואָלט זיך אויפהייבן פון זיין קניען אויף דער פּאָדלאָגע (הגם יעדע רגע האָט עמעץ געקאָנט אַריינקומען) און גערעדט מיט התפּעלות: „אויב איר וועט איינשטימען ווערן מיין פרוי — וועל איך אייך אויף די הענט טראָגן, און אייער לעבנסוועג וועט זיין געבעט מיט רויזן!" (וועגן די דערנער האָט ער גאָרנישט געזאָגט...). דערנאָך איז געקומען אַ ווייטערע סעריע ליבע־דערקלערענישן, אין וועלכע דער דאָקטאָר ראַפּעל האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט זיך פאַרליבט אין מיר „פון ערשטן בליק", נאָר ס'האָט אים אויסגעפּעלט דרייסטקייט דאָס אויפצודעקן, ווייל ער איז געווען אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, סיי מאָראַליש, סיי מאַטעריעל, און האָט נישט געהאַט וואָס מיר פאָרצולייגן. אָבער היינט — איז ער ווי אַ מענטש וואָס איז אויפגעשטאַנען תחית־המתים. ער האָט אַ זיכערע עקזיסטענץ און אַן איינגעאָרדנטע און שיינע וווינונג, און אַ צוקונפט... און כ'וועל נישט מוזן זיך פּייניקן מיט אַזאַ כאַליאַסטרע קינדער... און קאָנען לעבן ווי אַ דאַמע... נו, און איך מוז אים, נאַטירלעך, מוחל זיין די ליגנס פון זיינע פריערדיקע רייד, אַז ער איז געקומען אַהער צוליב אידעאַליסטישע סטימולן און צו ראַטעווען זיין זון... ניין, ניין, נישט די קינדער די יתומים, און נישט אפילו זיין זון, נאָר איך אַליין בין געווען די סיבה און דער סטימול פון זיין קומען אַהער... ווייל די ליבע איז העכער פון אַלץ! און איך אַליין האָב

דאָך אים אַנגעוווּנקען אויפֿן דאָזיקן וועג, ווען איך האָב אים געזאָגט: „פּרוּווט זוכן אַ צווייטע פֿרוי... און גיט איר אָוועק אייער גאַנצע ליבע, וואָס איר קאָנט שוין מער נישט געבן אייער טויטער פֿרוי...״ און דעמלט האָט ער גלייך פֿאַרשטאַנען, ווער עס איז די דאָזיקע לעבעדיקע פֿרוי און צו וועמען עס געהער זיין ליבע...

מיין ערשט רעאַגירן אויף די דאָזיקע דערקלערונגען איז געווען — שרעק... אַ שרעק, די קינדער זאָלן ווידער נישט פֿאַרבלייבן אָן אַ דאָקטאָר. דערנאָך האָט זיך אין מיר געוועקט פֿאַרדרוס און אומצוטרוי צו אים, פֿאַרוואָס ער האָט מיך אָפּגענאַרט, אַרויסגעשטעלט זיך אין אַן אידעאַל ליכט ווי אַ דאָקטאָר, וועלכער זאָגט זיך אָפּ פֿון אויסגעצייכנטער פּראַקטיק אין צוויי שטעט און פֿון אַ באַקוועמע און זיכערע עקזיסטענץ, כדי צו אַרבעטן אומזיסט פֿאַר די יתומים, און ווי אַ טאַטע, וואָס איז גרייט אַלץ צו טאָן פֿאַר זיין זון... אויב ער איז געווען מסוגל צו ליגנערן אין אַזעלכע ענינים, קאָן מען אים דאָך בכלל נישט גלייבן! און אויך נישט זיינע גוזמאדיקע ליבע־דערקלערונגען. דאָס אַליין באַשולדיקט אים דאָך. איצט זיין באַציונג צו זיין פֿרוי...

אָבער ווען אפֿילו דאָקטאָר ראַפּעל וואָלט געווען אַן אַנדערער מענטש, ווי ער איז געווען, ווען ער וואָלט געווען אַן אויסדערוויילטער מענטש, וואָלט איך נאָך אים נישט געגאַנגען, כ׳וואָלט נישט מפקיר געווען די קינדער און נישט פֿאַרלאָזט דאָס דאָזיקע הויז. די קינדער זענען מיר געווען טייערער פֿון בעסטן מאַן. און דערפֿאַר האָב איך באַטראַכט דאָס וואָס דאָקטאָר ראַפּעל האָט געטאָן פֿאַר אַ מיאוסע זאַך. מיר איז געווען קלאָר, אַז דאָקטאָר ראַפּעל האָט זיך אַריינגעריסן אין אונדזער הויז, עס חרוב צו מאַכן. צורייבן מיך פֿון אַט די אומגליקלעכע קינדער — און צונעמען פֿון דעם הויז די מאַמע.

אָבער די קינדער האָבן נישט געטאָרט בלייבן אָן קיין דאָקטאָר. און קיין אַנדערן דאָקטאָר האָב איך נישט געהאַט. בין איך דערפֿאַר געווען געצוווּנגען מסכים צו זיין, ער זאָל פֿאַרבלייבן אין אַנשטאַלט. ביז אין איינעם אַ טאָג איז אין הויז געשען אַ זאַך, וואָס האָט מיט איר גרויל איבער־געשטיגן אַלע פֿריערדיקע געשעענישן.

דאָס איז געווען אין דער צייט פֿון נאָכמיטאָג־רו, צווישן צוויי און פֿיר. די לערערין, פֿרוי שטערן, וואָס האָט דעמלט געהאַט דיזשור אין הויז, האָט דערהערט פֿון דעם צימער פֿון די ייִנגלעך עפּעס פֿאַרדעכטיקע קולות.

באַומרויקט פון אַ פּאַראַגראַפיל אַז עס קומט פּאַר עפּעס שלעכטס אין דאָזיקן צימער, אין וועלכן ס׳וווינען די גרעסטע שלעגערס, בראָנעק, סטעפאַן, אַנטאָן און אַנדערע, איז זי גלייך צוגעגאַנגען צו דער טיר און גענומען אונטערהערן. זי האָט געהערט צוגעשטיקטע קרעכצן, אַ גערויש פון ראַנגלען זיך, איינגעהאַלטענע שעפּטשערייען און אַ רויש פון איבערגערוקטן מעבל. זי האָט לאַנג נישט געטראַכט און אַ דריק געטאָן אויף דער קליאַמקע. די טיר האָט זיך שווער געעפנט, ווייל זי איז פאַרשטעלט געווען מיט אַן אייזערן בעט, און דאָס בעט האָט אונטערגעשפּאַרט באַלעק „פּלוי״ פון וואַרשע. דאָס ערשטע וואָס זי האָט דערזען, זענען געווען באַלעקס אויגן. די דאָזיקע אויגן האָבן געקוקט אויף איר מיט אַן אויסדרוק פון אַזאַ גרויסער אימה, אַז פון זיי אַליין האָט זי שוין אַרויסגעלייענט דעם ריזיקן פּאַרנעם פון דעם אומגליק. ערשט אין צווייטן אויגנבליק האָט זי דערזען אונטערן סופיט אַ קערפּער... דער קערפּער איז געהאָנגען אויף דעם קרין פון לאָמפּ אינמיטן סופיט — און ממש אין דעם מאָמענט האָבן די ייִנגלעך געזאָלט אַרויסרוקן פון אונטער דעם געהאָנגענעמס פיס דעם טאַבורעט, וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש... אָבער זי האָט זיך אויף זיי אַ וואָרף געטאָן, ווי אַ לייבעכע, און אָנגעהויבן זיי שלאָגן מיט די פויסטן און געשריגן מיט אַזאַ שרעקלעך קול, אַז אין איין רגע זענען זיי זיך צעלאָפן... און מיט דער הילף פון באַלעקן און אַנדערע קינדער, און עטלעכע מיטאַרבעטער, אָנגעלאָפענע אויף די געשרייען, איז זי אַרויף אויפן טיש, זיך געשטעלט אויף אַ צווייטן טאַבורעט און אָפּגעבונדן דעם שטריק פון מאַריאַנס האַלדז. אויך זיינע הענט און פיס זענען געווען פאַרקרעמפּעוועט מיט שטריק, און דאָס מויל איז אים געווען פאַרשטאָפּט מיט אַ שמאַטע. ער האָט שווער געאָטעמט און איז געווען אינגאַנצן בלאָ. מ׳האָט אים אַנידערגעלייגט אויפן בעט און געגעבן אַ רפואה צו שטאַרקן. נאָך דעם איז מאַריאַן איינגעשלאָפן.

זיין טאַטע איז יענעם טאָג נישט געווען אין זאַקאָפּאַנע. ר׳איז געפאָרן קיין קראָקע נאָך דענטיסטישע מאַטעריאַלן און האָט געדאַרפט צוריקקומען ערשט אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי. דאָס איז געווען מיין גליק.

*

אין אָוונט דעם זעלביקן טאָג זענען סטעפאַן, בראָנעק, שאול און אַנטאָן געזעסן ביי מיר אין קאַנצעלאַריע אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. אויף

דער זעלבער באַנק איז אויך געזעסן מאַריאַן מיט אַ בוך אונטערן אָרעם... לעבן פענצטער, אין שאָטן, איז געשטאַנען פּרוי שטערן. קיין איינער פון די ייִנגלעך האָט נישט אויסגעזען צו זיין „צעבראָכן און דערשלאָגן". אַפילו דער קלענער באַלעק האָט צוריקגעוואונען זיין גייסטיקע רו, קוקנדיק אויף די חברים... מאַריאַן ווידער איז געזעסן אַזוי גלייכגילטיק, ווי דער גאַנצער ענין וואָלט נישט געהאַט קיין שייכות מיט אים... פּרוי שטערן האָט געשילדערט די גאַנצע זאַך און פאַרענדיקט דעם באַשולדיקונגס־אַקט. נאָך איר רעדע האָב איך זיך געווענדט צו די ייִנגלעך און געפרעגט, וואָס זיי קאָנען זאָגן פאַר זייער פאַרטיידיקונג. אָבער אָנשטאָט זיך צו פאַרטיידיקן, האָט יעדער פון זיי געגומען באַשולדיקן מאַריאַנען... סטעפאַן האָט געזאָגט:

— דאָס איז אַן אמתע „מענדעוועשקע", אַזוי רופן אים אַלע. מיר פערזענלעך איז נישט וואָרעם און נישט קאַלט פון דעם „טאַטוליע" זיינעם. אָבער זאָל ער אַליין לפּחות זיין אַ מענטש, און נישט פאַררייסן די נאָז ווי אַ פּירשט, מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ תּם... די לייטערין מעג אונדז גלייבן, אַז ער האָט זיך אונדז שוין אַזוי ווייט דערעסן, אַז מיר האָבן שוין אַנדערש נישט געקאָנט... דאָס איז אַ מענדעוועשקע, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט. חוץ די ביכלעך גייט אים גאָרנישט נישט אָן... מ׳זאָל אַפילו פאַר אים אין די אויגן קוילענען זיין טאַטן — וועט ער זיך פון ביכל נישט אָפּרירן. זאָל מיר די לייטערין גלייבן, אַזוי ווי מיר, האָט אים נאָך קיינער נישט דערקענט...

סטעפאַן האָט זיך אַנידערגעזעצט. האָט דאַן אַנדזשעי זיך אָנגערופן:

— גאַנצע טעג איז ער געלעגן מיטן הינטן אַרויף און געלייענט זיינע „ראָמאַנדלעך"... יאָ, פּרוי שטערן אַליין האָט געזאָגט, אַז די ביכער וואָס ער לייענט זענען „ראָמאַנדלעך". איך בין היינטיקע וואָך געווען דער דיזשורנע אין אונדזער צימער, האָב איך אים געבעטן מיט גוטן: מאַריאַן פאַרבעט דיין בעט, שטעל אַריין דיינע שיך אין שאַפע, נעם צו דיין האַנטעך פון טיש, באַלד וועט זיין אַן אינספּעקציע אין צימער... און די לייטערין וועט ווידער זאָגן, אַז אונדזער צימער איז דאָס סאַמע ברודיקסטע... און ער גאָרנישט. רק ער וואָרטשעט און בילט ווי אַ הונט: — כ׳וויל נישט! דיר אויף צו להכעיס וועל איך זיך נישט אויפהייבן! טשעפּע זיך אָפּ פון מיר! וואָרן ׳עסט קריגן פון מיר אין דער מאָרדע! אַנו, פּרווו נאָר, דו וועסט מיט כח מיך נישט קאָנען נייטן... און אַז כ׳האָב אים גענומען מיט כח, האָט ער זיך געוואָרפן אויף מיר און געביסן ווי אַ הונט... איך פרעג אייך זאָך: צי

דערפאַר וואָס ער האָט אַ טאַטן אַ דאָקטאָר, און מיר נישט — מעג ער אונדז בייסן ווי אַ הונט? און קיינמאָל נישט זיין קיין דיזשורנע און קיינעם נישט געהאָרכן? אָדער מיטוואָס פאַר אַ רעכט זאָגט ער צו אונדז אַלע: „קושט מיך, איך פאַראַכט אייך אַלע?” ביי אונדז אין לאַגער, אויב עמעץ האָט זיך דערוועגט אַזוי צו זאָגן — האָבן אים די „העפטלינגס” (די אַרעסטירטע) אַרויפגעוואָרפן אויף די עלעקטרישע דראָטן...

— ביי אונדז אין וואַלד פלעגט מען אַזעלכע ייִנגלעך ווי ער אויפהענגען אויף אַ בוים מיט די פיס אַרויף.

— און אויך ביי אונדז אין לאַגער פלעגט מען הענגען — האָט צוגעגעבן פון זיינע דערפאַרונגען אַנטאָן — און מיר האָבן געמוזט שטיין און צוקוקן.

— ביי אונדז, אויב עמעץ האָט נישט געפאָלגט דעם קאָמענדאַנט, פלעגט מען אים גלייך אַוועקלייגן. — האָט בראָנעק ממשיך געווען — און מ'האָט געדאַרפט מיט דער מענדעווושקע נאָך אַ סך פריער פאַרענדיקן, וואָלטן מיר ערשט געהאָט מנוחה. און נישט טרומייטערן צו אים טאָג און נאַכט, ווי סטעפאַן... איך האָב אים גלייך געזאָגט, אַז מיט גוטן וועט מען ביי אים גאָרנישט אויספירן. אים דאַכט זיך, אַז אויב ער האָט אויף זייט די לייטערין און דעם טאַטן, וועט ער זיין שטאַרקער פון אונדז... נו, האָבן מיר אים געוויזן, ווער ס'איז שטאַרקער.

האָט זיך אָנגערופן שאול:

— ער איז געווען אַ פאַרעטער אין דעם הויז. און ער האָט געוווּסט, אַז מירן אים אויפהענגען... ווייל פאַרעטער הענגט מען אויף. ער פלעגט תמיד זאָגן: „אפילו אַז איר וועט מיך אויפהענגען, וועל איך זיך נישט אונטערגעבן”.

— מיטוואָס איז ער אַ פאַרעטער? — האָב איך געפרעגט.

— דערמיט וואָס ער איז אַהערגעקומען, כדי זיין טאַטע זאָל חתונה האָבן מיט דער לייטערין און זי צונעמען פון אונדז... איך האָב אים איינמאָל געזאָגט אַזוי: דו און דיין טאַטע האָבן שוין איין הויז אין קראָקע. אָבער דאָס איז פאַר אייך ווייניק. איר ווילט צונעמען אויך אונדזער הויז. און צונעמען פון דאַנען די לייטערין, אַז מיר קינדער זאָלן גאָרנישט נישט האָבן. דאָס וועט זיך אייך נישט איינגעבן! און ער האָט דערויף געענטפערט: „איך שפיי אויף אייך אַלע, צוזאַמען מיטן טאַטן און דער לייטערין”. און איך צו אים: שוין די רגע צי צוריק די ווערטער! דו וועסט נישט שפייען

אויף אונדז אַלע און אויף אונדזער לייטערין! זאָגט ער: „כ׳וועל נישט צוריק־ציען!" זאָג איך צו אים: אויב דו וועסט נישט צוריקציען, ביסטו אַ פֿאַרעטער, און מיר וועלן דיך אויפהענגען! זאָגט ער: „איז נעמט און הענגט, איך שרעק זיך נישט פֿאַר אייך!". ער האָט געמיינט, אַז מיר וועלן זיך שרעקן און אים נישט אויפהענגען. האָבן מיר אים געוויזן, אַז מיר זענען נישט קיין פּחדנים, ער האָט געדאַרפֿט פֿאַר אונדז זיך שרעקן.

— אָבער, — האָט זיך מאַריאַן אַריינגעמישט אין די רייד — כ׳האָב זיך טאַקע פֿאַר אייך נישט געשראָקן און נישט געבעטן קיין רחמנות.

— ווייל דו האָסט נישט געגלייבט, אַז מירן אויספֿירן דעם אורטייל, און דערנאָך איז שוין געווען שפּעט... דו ווידער, האָסט דאָך די גאַנצע צייט געשריגן, אַז דו שרעקסט זיך נישט, האָט דיר נישט געפּאַסט צו בעטן רחמנות!

— לחלוטין נישט דערפֿאַר, ווייל ס׳האָט מיר נישט געפּאַסט, נאָר ווייל כ׳האָב נישט געוואָלט. און איך דאַרף נישט אייער רחמנות... אָט זעט איר טאַקע, כאָטש איר זענט תליינים, האָט זיך אייך נישט איינגעגעבן מיך אויפצוהענגען...

— פּרוי לייטערין, — האָט זיך אַריינגעמישט באָלעק — איר זעט אַליין, ווי ער רייצט זיך מיט אונדז. און אַזוי תמיד מיט אונדז אַלע, אפֿילו מיט די „מיטעלע". מאַריאַנען דאַכט זיך, אַז ער איז דער קלוגסטער מענטש אויף דער גאַנצער וועלט... ווייל ער לייענט כסדר ביכער. און ווייל זיין טאַטע גיט אים תמיד געלט אויף אַלץ וואָס ער וויל. און ווייל ער לויפֿט נאָכאַנאַנד צו זיין טאַטעליו זיך פֿאַרקלאָגן. דאָ פֿאַרבעט ער נישט דאָס בעט, ווייל ער קאָן נישט... אפֿילו די שיך פֿאַרשנורעווען ווי ס׳דאַרף צו זיין קאָן ער נישט. אָט, זאָל די פּרוי לייטערין אַ קוק טאָן, ווער זי זען!

און ווירקלעך פֿון מאַריאַנס שיך זענען אַראָפּגעהאָנגען שמוציקע בענדלעך, נישט פֿאַרבונדענע. אָבער ער האָט נישט באַוויליקט אַ קוק צו טאָן אויף זיי. כ׳האָב זיך געוואָנדן צו אים:

— איז דאָס אַלץ, וואָס די יינגלעך האָבן געזאָגט אויף דיר, אמת?

— יאָ, — האָט ער געענטפֿערט — נאָר איין זאַך איז נישט אמת, אַז איך לויף צום טאַטן זיך פֿאַרקלאָגן... מיין טאַטע ווייסט גאָרנישט וועגן דעם... איך מסר נישט... און נעם נישט קיין שום געלט, בלויז אויף צו נעמען ביכער פֿון דער ביבליאָטעק אין שטאָט.

— און פֿאַרוואָס האָסטו קיינמאָל נישט געוואָלט אין אָרדענונג ברענגען

דײַנע זאַכן, און נישט געוואָלט זיך צופּאַסן צו די געזעצן, צו וועלכע אַלע קינדער אין הויז האָבן זיך צוגעפּאַסט ?

— ווײַל איך האָב נישט ליב איבערצורײַסן דאָס לייענען אַ בוך. און אַז איך הייב אָן לייענען אַ בוך, מוז איך עס פאַרענדיקן.

— און פאַרוואָס האָסטו נישט געלעבט מיט די קאָלעגן אַזויווי אַנדערע, און האָסט זיך באַצויגן צו זיי פאַרריסן און מיט פאַראַכטונג ? פאַרוואָס האָסטו זיך געריצט מיט זיי און פּראָוואָצירט ?

— נישט איך מיט זיי, נאָר זיי האָבן זיך מיט מיר געריצט און שטענדיק דערקוטשעט מיטן טאַטן און זײַנע אינטערעסן... זיי האָבן געמיינט, אַז מיך גייט אָן דער טאַטע... מיך גייט נישט אָן דער טאַטע, קיינער נישט. איך דאַרף קיינעם נישט האָבן... איך קאָן זיך באַגיין אָן אַלע... און אוודאי אָן אַזעלכע קאָלעגן און זייערע נאַרישע המצאותן...

— האָבן דיך די ייִנגלעך פריער געדראָט מיט אויפהענגען ?

— יאָ.

— פאַרוואָס האָסטו דאָס נישט דערציילט קיינעם פון די דערוואַקסענע ?

— ווײַל כ׳האָב נישט געוואָלט מסרן.

— ווער האָט דער ערשטער אַנגעהויבן רעדן וועגן הענגען — דו, צי די ייִנגלעך ?

— איך האָב נאָר געזאָגט : אַפילו איר וועט מיך אויפהענגען, וועל איך זיך נישט אונטערגעבן, און האָב געהאַלטן מײַן וואָרט. האָב זיך נישט אונטערגעגעבן און נישט געשראָקן, און אויך נישט געבעטן קיין רחמנות. האָב זיך געראַנגלט מיט זיי און געביסן, ווען זיי האָבן מיך געוואָלט בינדן מיט שטריק. אָבער זיי זענען געווען שטאַרקער פון מיר, זיי זענען דאָך געווען אַ סך, וואָס האָב איך געקאָנט טאָן...

— ווער האָט דער ערשטער פאָרגעלייגט דעם פּלאַן אויפצוהענגען מאַריאַנען ?

די ייִנגלעך האָבן געשוויגן.

— ווער פון אייך האָט אויסגעפירט דעם אורטייל ?

— מיר אַלע, — האָבן זיי געענטפערט צוזאַמען.

— באַלעק אויך ?

— עך, באַלעק דאַרטן — האָט בראָנעק אַ זאָג געטאָן מיט שפּאָט — ער איז אַ ראָצער. ער געהער נישט צו אונדז. ער איז צופעליק אַרײַנגעקומען, און מיר האָבן נישט באַוויזן אים אַרויסצוּוואַרפן.

— ווער פון אייך איז געווען קעגן דעם אורטייל?

די יינגלעך האָבן זיך איבערגעקוקט און געשוויגן. באַלעקן האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון מויל:

— איך האָב געהערט ווי סטעפאַן האָט געזאָגט צו אַלע: „ס׳איז נישט כדאי זיך צו עסקן מיט אים!‟

— ס׳איז אמת, סטעפאַן?

סטעפאַן האָט געשוויגן.

— האָסטו, סטעפאַן, באמת נישט געקאָנט אָפּהאַלטן דיינע קאַלעגן פון באַגיין אַזאַ שרעקלעך פאַרברעכן?

סטעפאַן האָט אַוועקגעדרייט פון מיר זיין בליק און געקוקט אין פענצטער. לסוף האָט ער געזאָגט:

— כ׳האָב געטאָן דאָס אייגענע וואָס אַלע האָבן געטאָן.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף סטעפאַנס פאַרנעפּלט פנים און דערפילט אין האַרצן אַ חלשות־שוואַכקייט. געטראַכט: וואָס וואָלט געווען, ווען פּרוי שטערן וואָלט אַריינגעגאַנגען אין צימער מיט איין מינוט שפּעטער? וואָס וואָלט איך געווען געענטפערט דעם טאַטן פון דאָזיקן קינד, וועלכער האָט אים געראַטעוועט פון צענטליקער סעלעקציעס אין די לאַגערן און געבראַכט אַהער, ער זאָל ווערן מער „געזעלשאַפטלעכער‟, איך זאָל אים „ראַטעווען‟... און דערווייל האָבן מיינע דערציִיגלינגען דאָ, אין דאָזיקן קינדערהיים, אונטער מיין נאָז זיך געשפּילט אין דייטשן — און אים אויפגעהאַנגען...

ווער איז דאָ באמת דער שולדיקער? צי די יינגלעך, וואָס זיצן דאָ פאַר מיר? אָדער אפשר איך אַליין? אָדער דעם יינגלס טאַטע? אָדער אפשר די גאַנצע געזעלשאַפט? צי וואָלטן אָט די יינגלעך געקאָנט אויספירן אַזאַ זאַך, ווען זיי וואָלטן נישט געזען אַזעלכע ביישפּילן אין די לאַגערן, וועלדער, געטאָס? ווען זיי וואָלטן נישט געווען לערנען ביי די דייטשן פאַראַכטן שוואַכע און דעם קולט פון צוואַנג און ברוטאַלן כח?

מיטאַמאָל האָב איך פאַרלוירן דעם חשק ווייטער צו שטעלן פראַגן... כ׳האָב פאַרלוירן דעם ווילן צו אַלץ בכלל. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך וואָלט גערן געווען ווייט פון דאָזיקן הויז און די דאָזיקע קינדער... אַראָפּצוואַרפן פון זיך דאָס אחריות פאַר אַזעלכע מעשים... פאַרן גורל פון אַנדערע... און זיך באַגרענעצן מיט דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט בלויז פאַרן אייגענעם גורל, גלייך ווי די אַנדערע מענטשן...

פונדעסטוועגן האָב איך זיך ווידעראַמאָל גובר געווען, אָנגענומען מיט אַלע כוחות און געפרעגט:

— ייִנגלעך, זאָגט מיר דעם אמת... אפשר איז דאָס געווען בלויז אַ מיאוסער שפּאַס פון אייער זייט... אפשר האָט איר בלויז געוואָלט אים אויספּרוּוון? און אין לעצטן מאָמענט וואָלט איר אים אָפּגעבונדן...

— ניין, — האָט בראָנעק געענטפערט האַרב — מיר זענען באמת גרייט געווען אים אויפצוהענגען. מיר האָבן געוואָלט פון אים פּטור ווערן.

— און אַז מען וויל פון עמעצן פּטור ווערן, איז שוין נישטאָ קיין אַנדער אופן, נאָר אים אויפהענגען? איר האָט נישט געקאָנט קומען מיט אייערע טענות צו מיר, צו פּרוּוו שטערן, צו וועמען עס איז, מ'זאָל געפינען אַן אויסוועג?

— מיר זענען נישט קיין מוסרים, — האָט בראָנעק איבערגעחזרט.

— און פאַרוואָס זענט איר נישט געקומען מיט דעם ענין צום חברים־געריכט? מיר האָבן דאָ געשאַפן אַ חברים־געריכט.

— ווייס איך וואָס, ס'האָט עפּעס ווערט אַזאַ געריכט מיט מיידלעך, — האָט שאול אַ צי געטאָן די אַקסלען מיט פאַראַכטונג — דאָס איז אַ מאַנצבילשער ענין... אַן ענין צווישן זיך אַליין.

כ'האָב אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ מיט די דלאָניעס און אויפגעהערט פרעגן. האָב בכלל אויפגעהערט טראַכטן. ס'האָט מיך אַדורכגענומען אַזאַ ווייטיק, אַז כ'האָב נישט געקאָנט אויפהייבן דעם קאָפּ. כ'האָב זיך געטראַכט: קיינער איז דערין נישט שולדיק מער ווי איך אַליין... דאָס בין איך דאָך געווען די סיבה פון דער געשעענעם. געקעמפט האָבן זיי לטובת מיר — און אויפן קינד אויסגעגאָסן דעם צאָרן... פאַרוואָס מאַך איך זיי אַן אויספאָרשונג און נישט זיי מיר?

מיטאַמאָל האָט זיך איינגעשטעלט אַ שטילקייט. קיינער האָט שוין מער נישט געפרעגט, קיינער אָט נישט גערעדט. אין דער דאָזיקער שטילקייט האָבן די ייִנגלעך גענומען קוקן דאָ אויף מיר, דאָ איינער אויפן אַנדערן... און סטעפאַן, וועלכער האָט שוין מער נישט געקאָנט איבערטראָגן אָט די שטילקייט, האָט זיך ראַפּטעם געטאָן אַ הייב אויף און איז צוגעגאַנגען צום פענצטער. שאול האָט געקלאַפּט מיטן שטעקן אין דער פאַדלאָגע, בראָנעק האָט אומרויִק געקוקט אויף סטעפאַנען. און דער קלענער באַלעק האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר...

בלויז מאַריאַן איז געבליבן זיצן רויִק און גלייכגילטיק. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט חשק צו עפענען דאָס ביכל און נעמען לייענען...

פרוי שטערן האָט געוואָרפֿן אויף מיר אַן אומרויִקן בליק:

— אפשר לייגן מיר אָפּ דאָס געריכט און דעם אורטייל אויף אַ צווייט מאָל? — האָט זי פֿאָרגעשלאָגן.

— מיר האָבן נישט וואָס אָפּצולייגן, — האָב איך אַ זאָג געטאָן דערשלאָגן — איך קאָן נישט אַרויסטראָגן קיין שום אורטייל אויף די יינגלעך, נאָר בלויז אויף זיך אַליין... די עיקר שולד פֿאַלט אויף מיר. און איך מוז זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם וואָס איז געשען.

אין דעם מאָמענט האָט שאול אַ געשריי געטאָן:

— נישט אמת, דאָס האָב איך אַליין...

אָבער סטעפֿאַן איז שוין געשטאַנען לעבן מיר.

— נישט שאול, נאָר איך בין דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער, און נאָר מיך דאַרף מען באַשולדיקן אַנשטאָט אַלע.

מיין וויטיק האָט גענומען זיך פֿאַנאַנדערגיין. כ'האָב געמוזט גובר זיין די טרערן וואָס האָבן מיר גענומען שטיקן. כ'האָב געזאָגט:

— יינגלעך, ס'איז דאָ נישט וויכטיק ווער עס וועט נעמען די שולד אויף זיך. מיר אַלע האָבן נאָך אין אונדזערע אָדערן דעם היטלערישן גיפֿט. און דער דאָזיקער גיפֿט וועט אונדז דערשטיקן, אויב מיר וועלן אים נישט פּריצייטיק אַרויסשפּייען פֿון זיך. איר זענט נאָך יונג — און קאָנט זיך ראַטעווען... איר האָט געזען אין מלחמה־צייט ווי די דייטשן הענגען מענטשן, צעטרעטן זיי, צעברעכן זיי די ביינער — און אייך דאַכט זיך אַז מ'מעג טאָן אַזעלכע זאַכן קעגן שוואַכע. דאָס וואָס איר האָט געזען קינדווייז איז אייך אַריין אין בלוט... און איר ווייסט נישט, גיט זיך נישט אָפּ קיין דין־וחשבון אַז ווען איר הענגט אויף אַ צווייטן — טוט איר אַרויף דאָס שטריקל אויפֿן אייגענעם האַלדז... ווען ס'וואָלט זיך אייך היינט געווען איינגעגעבן אויפֿהענגען מאַריאַנען, וואָלט איר דערמיט געווען פֿאַראורטיילט צום טויט נישט נאָר זיין טאַטן און מיך, נאָר אויך זיך אַליין.

## קינדער פֿאָרן אַרויס, קינדער בלייבן איבער

ווען דאָקטאָר ראַפּעל איז אויפֿן צווייטן טאָג צוריקגעקומען, האָט ער דאָ קיין שום באַזונדערס נישט באַמערקט. דאָס לעבן דאָ איז זיך געגאַנגען מיט זיין שטענדיקן סדר, ווי טאָג־טעגלעך... אַ קלונג צום אויפֿשטיין, צום עסן, צום שלאָפֿן... די שול, אַ טומל, אַ געלויף איבער די שטיגן — אַלץ

ווי געוויינלעך. נישט מער וואָס די עלטערע ייִנגלעך זענען נישט געווען אין געוויינלעכן צושטאַנד... צו שאולן איז געווען נישט צוצוטרעטן, ער איז ביז געווען ווי אַ הונט. אויך סטעפאַן האָט נישט געוואָלט מאַכן קיין „מילעכל" מיטן קליינוואַרג און נישט „נעמען זיי אויף די הערנער"... אויך די מיידלעך האָבן זיך געשושקעט אין די ווינקלען מער ווי געוויינלעך, און די „מיטעלע" זענען געשטאַנען כסדר אַרום באָלעקן און געשטעלט אים די פאַרשידנסטע פראַגן. און ער — זעט, ס'אַראַ ווונדער! — ער האָט זיך דערמיט לגמרי נישט איבערגענומען און אויך נישט געאײַלט זיך צו ענטפערן...

אָבער אַזעלכע קלייניקייטן האָבן דעם דאָקטאָר ראַפּעל נישט אינטערעסירט. די איינציקע זאַך וואָס האָט אַרויסגערופן זיין אויפמערק־זאַמקייט איז געווען מיין דערשלאָגנקייט, דאָס האָט אים געקרענקט. און ער האָט געוואָלט מיך באַפרייען פון איר, באַזונדערס צוליב דעם וואָס ער אַליין האָט זיך אומגעקערט פון קראָקע אין אַן אויסגעצייכנטער שטימונג, ווייל ער האָט פאַר גראָשנס איינגעקויפט דענטיסטישע מאַטעריאַלן פאַרן הויז.

אויך מאַריאַן האָט זיך באַגריסט מיטן טאַטן ווי געוויינלעך, ס'הייסט — גלייכגילטיק... און נישט דערמאָנט מיט קיין איין וואָרט וואָס מיט אים איז געשען. אַזוי אַז דאָקטאָר ראַפּעל האָט לחלוטין נישט געוווּסט, וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען. און דערווייל איז אין מיר דאָס צעטומלעניש געשטיגן אַלץ העכער און העכער. מען מוז דאָך אים דערציילן, און געפינען אַ באַשייד פאַר דעם פּראָבלעם — זיינעם און זיין זונס.

ס'זענען אַריבער עטלעכע טעג. דאָקטאָר ראַפּעל האָט געוווּנען די פריינטשאַפט פון עטלעכע פרויען פון פּערסאָנאַל, און באַזונדערס פון פרוי בראָניע און איר פריינדין סטעלאַ די אינטענדענטין, האָבן זיי אים אין איינעם אַ טאָג דערציילט אַלצדינג וואָס איז געווען. דאָקטאָר ראַפּעל איז יענעם טאָג געקומען צו מיר אין קאַנצעלאַריע אַ גראָער, ווי אַש. און גלייך ווי ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, האָב איך געזען, אַז ער ווייסט שוין אַלץ. כ'האָב געקוקט אויף זיין איינגעבויגענעם רוקן, און בין נישט אימשטאַנד געווען דאָס מויל צו עפענען. ער האָט גענומען רעדן דער ערשטער:

— יאָ, איך ווייס שוין, איך ווייס, און באַשולדיק נישט קיינעם. איך צומווייניקסטן. איר וועט תמיד זיין פאַר מיר אַ מלאך... און ס'איז קיינעמס נישט שולד, נאָר אויסשליסלעך מיינע, וואָס מאַריאַן איז אַזעלכער... איך האָב נישט גאָרנישט אפילו צו די ייִנגלעך. די מלחמה האָט זיי פאַרחיהשט.

און מאַריאַן קאָן אַרויספירן מענטשן פון די כלים... איך האָב וועגן דעם עפּעסוואָס צו דערציילן... פּונדעסטוועגן, ווען איר וואָלט זיך אָפּגעגעבן מיטן דאָזיקן קינד, ווען איר וואָלט איינגעשטימט צו ווערן אים אַ מאַמע און מיר אַ פרוי — וואָלט איר נישט געווען געצווונגען אים צו האַלטן און אָט דעם שרעקלעכן קאָלעקטיוו... און מיר וואָלטן אַלע געקאָנט זיין גליקלעך.

ווי ווייט כ׳האָב נישט געוואָלט וויי טאָן דעם דאָזיקן מענטשן, בין איך פונדעסטוועגן געווען געצווונגען צו ענטפערן אים מיט קלאָרע און האַרבע ווערטער:

— דאָקטאָר! רעכט אויף גליק האָבן נישט בלויז אויסדערוויילטע יחידים, ווי איר, אָדער מאַריאַן... אויך אַלע אַנדערע קינדער דאָ האָבן דאָס רעכט אויף גליק. און דאָס איז נישט זייער שולד, וואָס זיי בילדן „אָט דעם שרעקלעכן קאָלעקטיוו". יעדער איינער פון זיי וואָלט וועלן זיין אַ קינד פון אַ פאַמיליע און האָבן טאַטע־מאַמע. אָבער די מלחמה האָט צעשטערט זייערע פאַמיליעס, און דערפאַר זענען מיר ערשט מחויב צו זאָרגן פאַר דעם, אַז דער דאָזיקער ערב־רב פון קראַנקע נשמות זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין איין פאַמיליע.

— אָבער פרוי לענע! — האָט דער דאָקטאָר אויסגעשאָסן — יעדנס פליכט איז קודם־כל לגבי זיך, און ערשט דערנאָך לגבי אַנדערע, און באַזונדערס היינט נאָך דער מלחמה...

— טייל מענטשן דערפילן זייער חוב לגבי זיך דערמיט וואָס זיי דינען אַנדערע.

אונדזער שמועס איז נישט דערפירט געוואָרן צו קיין סוף, און דאָס פּראָבלעם איז געבליבן אָן אַ באַשייד. מיר זענען ביידע געשטאַנען אויף קעגנגעזעצטע פּאָליוסן. אָבער פון דעם טאָג אָן האָט דאָקטאָר ראַפּעל גענומען טאָן אַלץ וואָס ער איז אימשטאַנד, די צוויי פּאָליוסן צו דערנענטערן — און דערמיט באַקומען מיך פאַר זיין פרוי. ער האָט איינגעשטימט מיט מיר, אַז מאַריאַן איז נישט מסוגל זיך איינצולעבן אין אַזאַ גרויסער גרופּע, און אַז ער נייטיקט זיך אין אינדיווידועלער השגחה און פּסיכאָטעראַפּיע, ער זאָל אין אַ צייט אַרום פעיק זיין צו אַ געזעלשאַפטלעך לעבן. און ער האָט באַשלאָסן אָוועקצופירן מאַריאַן צו זיין ברודער אין קראָקע, וועלכער האָט אים זייער ליב געהאַט און געהאַט צו אים אַ בעסערן צוגאַנג. ער אַליין איז געבליבן ביי אונדז אין הויז און האָט זיך באמת אָפּצוגעבן זיך מיט

די קינדער בלב־ונפש. „ווי איר אַליין טוט עס!" — האָט ער געזאָגט מיט התלהבות.

און ווירקלעך, ער איז געווען אין הויז דער דאָקטאָר, דער דענטיסט און די שוועסטער. האָט זיך אָפּגעגעבן מיט די ייִנגלעך און באַזונדערס מיט שאולן, מיט ספּעציעלער איבערגעגעבנקייט. ס'האָט זיך צווישן זיי פֿאַרבונדן אַ פֿריינטשאַפֿט, וואָס האָט מיך ממש פֿאַרוווּנדערט. ווייל מיר איז שווער געווען צו באַנעמען, וואָס ס'איז איר הינטערגרונט, באַזונדערס ביי שאולן, וועלכער האָט נישט פֿאַרטראָגן קיין דאָקטוירים און ספּעציעל געקומענע פֿון לאַגערן. אַזוי ווייט, אַז ער איז גרייט געווען צו שלאָגן דעם פֿריערדיקן דאָקטאָר, און ער האָט דאָך דאָס אַרויסגעשלאָגן דעם שפּריץ פֿון דער שוועסטערס האַנט און אים צעבראָכן... און ער איז דאָך דאָס דער, ער, נישט קיין אַנדערער, וועלכער האָט אַרומגעבונדן דעם שטריק אַרום מאַר־יאַנס האַלדז! און אָט איז ער מיטאַמאָל געוואָרן פֿול מיט צוטרוי צו דאָקטאָר ראַפּעל, אַזש ער גייט צו אים יעדן טאָג אויף אונטערזוכונג, שטייט אָפּ שעהענווייז הינטער דער טיר און איז אים טריי ווי אַ הונט...

די רעזולטאַטן פֿון דער־אָ פֿריינטשאַפֿט האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר שאולן ווי אַ ברכה. ס'איז נישט אַוועק קיין לאַנגע צייט, ווי זיינע אויגן האָבן אויפֿגעהערט צו אייטערן, און די וווּנדן האָבן זיך פֿאַרצויגן. און אָט איז איינמאָל דאָקטאָר ראַפּעל אַוועקגעפֿאָרן מיט שאולן קיין קראָקע אויף צוויי טעג, און ווען זיי זענען צוריקגעקומען, איז זיי נישט געווען צו דערקענען. שאולן — ווייל ער איז געקומען מיט צוויי אויגן (מ'האָט אים אַריינגעשטעלט אַ קינסטלעך אויג), און ער איז געוואָרן אַ שיינער בחור; און דאָקטאָר ראַפּעל — ווייל ער האָט אינגאַנצן געשיינט פֿון גליק, ממש ווי ער אַליין וואָלט צוריקבאַקומען אַן אויג.

אַנדערש איז עס פֿאַרגעקומען מיט סטעפֿאַנען און בראָנעקן. זיי האָבן זיך נאָכן פֿאַל מיט מאַריאַנען קיין אָרט נישט געפֿונען אין הויז. האָבן שוין מער קיין געדולד נישט געהאַט צו זיצן אין שול, האָבן אויפֿגעהערט זיך צו באַטייליקן אין דעם לעבן פֿונעם הויז. באַזונדערס דער עמפּינדלעכער און אַמביציעזער סטעפֿאַן. ער האָט נישט געקאָנט זיך אומקערן צום גייסטיקן גלייכגעוויכט, און האָט געליטן ווי אַ מחוץ־למחנהניק. און דעמלט האָט זיך אין אים ווידער דערוועקט דער שטענדיקער חשק צו אַנטלויפֿן... דאָס מאָל איז שוין נישט מעגלעך געווען אים אָפּצוהאַלטן. איך האָב זיך דערויף געריכט און נישט געוווּנדערט, ווען ער איז אין איינעם אַ טאָג

אַריינגעקומען צו מיר אין קאַנצעלאַריע צוזאַמען מיט בראָנעקן. נאָר היינט האָט זיך בראָנעק נישט באַהאַלטן אין זיין שאָטן, נאָר איז געגאַנגען פאָרויס, האַלטנדיק אין האַנט עפּעס אַ צעקנייטשטן בריוו.

— מיר זענען געקומען בעטן ביי דער לייטערין — האָט בראָנעק אָנגעהויבן — איר זאָלט אונדז באַפרייען.

— פון וואָס באַפרייען?

— נו, פון דעם־אָ הויז... ס׳הייסט, מיר זאָלן קאָנען אַוועקפאָרן פונדאַנען.

— וווהין?

— קיין קראָקע.

— וועט איך אין קראָקע אויף דלוגע־גאַס זיין בעסער?

— פרוי לייטערין, — האָט סטעפאַן גענומען אויפקלערן — מיר ווילן נישט בלייבן אויף דלוגע־גאַס. נאָר בראָנעק האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון אַ פעטער אין קראָקע. זיין פעטער איז אַ מאַיאָר אין פּוילישן מיליטער און וויל אים נעמען אונטער זיין השגחה. ער האָט בראָנעקן געזוכט איבער גאַנץ פּוילן, ביז ער האָט אים אויפגעזוכט דורכן קאָמיטעט.

— דאָס הייסט, אַז די קינדערהייזער האָבן אייך דערעסן און איר ווילט ווערן געהאָרכזאַמע פּלימעניקלעך...

— אַזוי איז עס, — האָט סטעפאַן מסכים געווען אויף מיין דיאַגנאָז — די קינדערהייזער האָבן מיך שוין זייער דערעסן... נאָך אויף דלוגע־גאַס האָב איך דער לייטערין געזאָגט, אַז איך קען זיך נישט צופּאַסן צו די קינדער. כ׳זאָל אפילו העלן זיין צומבעסטן, וועט עס תמיד אַרויסקומען קאַפּויער... איך האָב דער ערשטער געזאָגט: ס׳איז נישט כדאי זיך צו עסקן מיט דער „מענדעוועשקע". און ערשט וואָס זאָגט מען? סטעפאַן איז אין אַלץ שולדיק... סטעפאַן האָט אויפגעהאַנגען. כ׳האָב עס שוין גענוג. כ׳וויל בעסער עסן גראָז — און זיין פריי.

— און דאָ ביסטו דען באַגרענעצט אין דיין פרייהייט?

— איך קאָן נישט איינזיצן נישט אין הויז, נישט אין שול... איך וויל אַרויס אויף דער וועלט! כ׳וועל פאָרן אָדער קיין רוסלאַנד, אָדער קיין פּאַלעסטינע... איך וויל פאָרן איבער ימים, זען די וועלט...

— ווילסט פאָרן אין דער וועלט אַריין אָן אַ שום צוגרייטונג, אָן אַ פאַך, נישט קאָנענדיק אפילו לייענען און שרייבן?

— כ׳וועל זיך שוין אַלץ אויסלערנען אויף דער וועלט.

— און ביסט זיכער, אַז דער פעטער וועט אײַך נישט שיקן אין קיין שום שול, אָדער זיך אויסלערנען אַ פאַך?

— מיר האָבן שוין וועגן דעם פריער געשמועסט, — האָט בראָנעק אַ זאָג געטאָן פאַרריסן — אויב דער פעטער וועט וועלן אונדז שיקן אין אַ שול, וועלן מיר אויך פון אים אָפּציען, און אויב ער וועט אונדז שיקן ערגעץ, ווו אונדז וועט נישט געפעלן ווערן, וועט פעטער בלײַבן פעטער, און מירן זיך טאָן אונדזערס... מיר ווערן שוין לאַנג נישט נתפּעל פון אַלערלײ פעטערס און מומעס. נאָר דער גולם מילעק מײנט, אַז דאָס איז פאַר אונדז אַ גאַנצער צימעס...

*

אויך אַנטאָן קאַצעטניק האָט אונדז פאַרלאָזט. עפּעס אַ פרישגעבאַקענע מומע, אַ לאַנגע און דאַרע ווי ער אַלײן, איז געקומען צו פאָרן אים נעמען. אין אָנהײב האָט אַנטאָן נישט געוואָלט פאָרן צו איר, געזאָגט, אַז ער וויל זי אפילו נישט אָנקוקן; אַז ער וועט נישט זײַן קיין משרת בײ אַן אַלטער מומען; אַז ס'איז נישטאָ קײן בעסער לעבן, ווי צווישן קאָלעגן. און פונדעסטוועגן איז ער אָוועקגעפאָרן מיט איר. און כאָטש ער פלעגט חוזק מאַכן פון איר און פראַווען העוויות הינטער אירע פּלײצעס, פלעגט ער אָבער איר אין די אויגן שמײכלען און זאָגן „ביטע, מומע" און „אַ דאַנק, מומע"... אַזויאַרום האָט אויך ער פאַראַטן דעם האָנאָר פון די אומאָפּהענגיקע ייִנגלעך פון דער אַמאָליקער „באַנדע".

און נאָך אַן אָוועקפאָר איז פאָרגעקומען אין יענער צײַט, פון אָט דעם מײדעלע, וואָס איר שטים האָט מען ביז הײַנט נישט געהערט אין הויז — די קלײנע לאה, דעם רויטן לײבושעס טעכטערל. דאָס דאָזיקע מײדעלע האָט, משמעות, איר גאַנצן צאָרן אויסגעלײדיקט פון זיך שוין אויף לעולם־ועד יענעם טאָג אין קאָמיטעט... ווײל פון יענעם טאָג אָן איז זי געווען בײ אונדז רויקער פון אַלע אַנדערע מײדעלעך. כ'האָב איר קײנמאָל נישט געהערט הויך רעדן. עפּעס אַנדערש איז, אַז ווי נאָר זי פלעגט מיך דערזען, פלעגט זי גלײך שטיל ווערן, און האָט נישט געוואָלט אפילו קוקן אין מײַן זײט... ווי זי וואָלט נישט קענען פאַרטראָגן דעם בליק פון אַ מענטשן, וואָס איז געווען אַן עדות פון דער סצענע ווי זי האָט זיך צעשײדט מיט איר טאַטן... די מײדלעך פון איר גרופּע (די „מיטעלע") האָבן זי ליב געהאַט. זײ פלעגן זאָגן: „זי איז בעסער פון אַנדערע, נישט קיין

רויטע...". און די דערציערין ראָזע האָט געזאָגט: „זי איז די זויבערסטע און דיסציפּלינירסטע אינעם צימער, נאָר אַ פאַרשלאָסענע אין זיך. שרעקט זיך צו רעדן. שרעקט זיך בכלל פאַר עפּעסוואָס סודותדיקס... זי האָרכט זיך תמיד איין, און אפילו ביינאַכט הייבט זי זיך אַמאָל אויף פון געלעגער און קוקט אַרויס פון פענצטער, צי עמעץ קומט נישט נאָך איר...".

אַזוי איז מיט איר פאָרגעקומען, ביז אויפן האָריזאָנט פון איר לעבן האָט זיך באַוויזן עמילקע... אויך עמילקע איז געקומען פון וואַרשע און איז געווען אויסגעהונגערט און אָפּגעלאָזן ווי אַלע אַנדערע. פונדעסטוועגן איז אין איר געווען עפּעס אַזוינס, וואָס אַנדערע קינדער האָבן עס נישט פאַרמאָגט. זי איז געווען אַ באַדענקטע און רייפע ווי אַ דערוואָקסענע (אָבער ענערגישער און קאָנסעקווענטער פון דערוואָקסענע), און צוליב דעם האָט זי גלייך באַקומען אַ גרויסן איינפלוס אויף די מיידלעך (און אויך אויף די יינגלעך, ווי ס'האָבן דאָס שפּעטער דערוויזן די וואַלן צו דער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די קינדער), און ספּעציעל אויף די מיידלעך פון די מאָנאַסטירן, צו וועלכע ס'האָט געהערט לאה. זי אַליין האָט געהאַט אַ גרויסע מאָנאַס־טירישע דערפאַרונג. אַ דריי יאָר האָט זי זיך אויפגעהאַלטן אין מאָנאַסטירן און געוווּסט וואָס ס'איז גלויבן, דיסציפּלין, הונגער... די מיידלעך, וועלכע פלעגן זיך מאָדליען, האָבן אין איר געפונען אַן אַפּיעקונקע און איר געפאָלגט אין אַלץ. אפילו די בונטאָווניטשקעס, ווי אַנטאָנינע און יאַשקע האָבן זיך נישט דערוועגט איר קעגנצושטעלן. דאָס זעלבע איז געווען אויך מיט דער פוילער און שמוציקער אַמעלקען. עמילקע האָט צו איר געזאָגט: „אויב דו וועסט נישט שוין, באותו־רגע, אויסקעמען דיינע קאָלטענעס און נישט צונעמען פון בעט דיינע לאַכעס, וועל איך דיר אַלץ אַרויסוואַרפן אויפן מיסט! און ס'וועלן דיר נישט העלפן אפילו קיין פולע פור מיט מומעס!" מיט דעם איינציקן ווערטעלע האָט עמילקע אָפּגעקויפט אַלע „מיטעלע", וואָס קיינע פון זיי האָט אפילו קיין איין מומע נישט געהאַט...

און מיט לאהן האָט זיך עמילקע אָפּגעגעבן ספּעציעל, טאָקע דערפאַר, ווייל זי איז געווען אַזאַ שטילינקע און שרעקעוודיקע. די קליינע איז איר אַ שאָד געווען. זי האָט פאַרגעפילט, אַז זי טראָגט עפּעס אַ פאַרבאָרגענעם ווייטיק אין הערצל. און ווען עמילקע איז צום סוף פון די וואַקאַציעס אויסגעוויילט געוואָרן פאַרן פאָרזיצער פון דער זעלבסטפאַרוואַלטונג (וואָס פאַר אַ נצחון פאַר די מיידלעך!), האָט זי פאָרגעלייגט, מ'זאָל לאהן אויסוויילן פאַר דער קאַסירערין, ווייל זי האָט אויסגעצייכנט געקאָנט

חשבונען און איז געווען אַ זויבערע און שפּאָרזאַמע. אַזויאַרום האָט לאה באַקומען מער חשיבות, ווײַל אַלעמאָל זענען געקומען צו איר קינדער נעמען געלט אויף קאָלירט פּאַפּיר פאַר די פאָרשטעלונגען, אויף בילדער, אָדער אויף צו באַצאָלן אין ביבליאָטעק.

און גראָד אין דער צײַט איז געשען דאָס, פאַר וועלכן זי האָט זיך צומשטאַרקסטן געשראָקן — ס׳איז געקומען נאָך איר דער טאַטע. ער איז אַרײַנגעקומען אין קאַנצעלאַריע אַ רויטער און צעפּלאָמטער, און אין דעם מאָמענט ווי כ׳האָב אים דערזען, האָב איך שוין געוווּסט, אַז ער האָט זיך אויף קיין האָר נישט געענדערט פון זינט מ׳איז צוליב אים איבערגעפאַלן דעם קאָמיטעט.

— כ׳בין געקומען צו פאָרן נאָך מײַן קינד, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, שווער סאָפּענדיק — ווײַל כ׳פאָר אַרויס פונדאַנען און וויל האָבן דאָס קינד מיט זיך.

— וווּהין פאָרט איר?

— און וואָס איז די נפקא־מינה וווּהין? ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן. קיין דײַטשלאַנד, קיין עסטרײַך און דערנאָך ווײַטער — קיין ארץ־ישראל, אָדער קיין אַמעריקע, אָדער קיין אויסטראַליע... אַבי וואָס ווײַטער פונדאַנען... אַבי נישט צו זען די דאָזיקע מענטשן און נישט טרעטן אויף דער דאָזיקער פאַרשאָלטענער ערד, וואָס האָט פאַרשלונגען מײַן פרוי און מײַנע אומגליקלעכע קלײנע עופעלעך... סײַווי־סײַ וועט זיך מיר דאָ קיין זאַך נישט אײַנגעבן. נישט קיין האַנדל און נישט קיין שום אַנדערע אַרבעט. דאָ איז שוין מער נישטאָ קיין לעבן פאַר ייִדן...

— און אפשר וועט איר מסכּים זײַן איבערצולאָזן זי בײַ אונדז נאָך אַ ביסל? ס׳פעלט איר דאָ גאָרנישט. האָט עסן און טרינקען איבערן האַלדז. האָט אַ פּעדאַגאָגישע השגחה. איז אויסגעווײלט געוואָרן פאַר דער קאַסירערין פון דער קינדער־זעלבסטפאַרוואַלטונג, — ערשט איצטער האָט זי זיך אָנגעהויבן פילן גוט צווישן די קינדער.

— איך בין אַ טאַטע, — האָט דער רויטער ייִד אַ בליץ געטאָן מיט די אויגן ווי דראָענדיק — אַט האָב איך דאָ אַ דערלויבעניש פון ייִדישן קאָמיטעט אָפּצונעמען דאָס קינד. און מיליטערישע דאָקומענטן האָב איך אויך. און — אַ מעדאַל פון הינטער סטאַלינגראַד... און קײנער האָט מיר נישט קיין דעה צו זאָגן! דאָס איז מײַן קינד! מײַן בלוט!

כ׳בין אַרויסגעגאַנגען פון קאַנצעלאַריע אָן אַ וואָרט צו זאָגן. כ׳בין

געגאַנגען אַרויף נאָכן קינד. אין גאַנג האָב איך געטראַכט: אומגליקלעך קינד, עס האָט נאָרוואָס אָנגעהויבן גייסטיק זיך אויסגלייכן אויפהייבן דעם קאָפּ — און עס באַקומט ווידער אַ זעץ איבער דעם שאַרבן. און פון וועמעס האַנט? פון אייגענעם טאַטנס. ווער ווייסט ווי ס'וועט ערשט אַדורכגיין דאָס באַגעגעניש...

לאהקע איז ערשט געזעסן ביים טיש און געריסעוועט רויטע און שוואַרצע ליניעס אין איר קאַסע־העפט. ווען זי האָט מיך דערזען אומגעריכט, איז איר די ווירע מיטן בלייפעדער אַרויסגעפאַלן פון האַנט. כ'האָב זיך געשטעלט לעבן איר, און געצייטערט נישט ווייניקער פון איר, און איר געגלעט די רויטע גלאַטע האָר: „קום מיט מיר, לאהלע" — האָב איך איר געזאָגט האַרציק. דאָס מיידעלע האָט גענומען ציטערן מיט אַלע אברים. כ'האָב זי אַרומגענומען און געזאָגט: „שרעק זיך נישט... אַ גאַסט איז צו דיר געקומען... און טאָן וועסטו ווי דו וועסט וועלן. קיינער וועט דיך אין דעם הויז נישט צווינגען צו גאָרנישט..."

לאָה האָט זיך אויפגעהויבן און איז מיט מיר אַראָפּגעגאַנגען אין קאַנצעלאַריע. ווען זי איז אַריינגעקומען, האָט זיך איר טאַטע געטאָן שווער אַ הייב אויף פון שטול און זי אַרומגענומען מיט זיינע אָרעמס.

— מיין טייערע לאהלע! — האָט ער אַ געשריי געטאָן ווי אַן באַוווסטזיין — איינציק קינד מיינס, ראַטעווע מיך! איך בין קראַנק. איך ווייס, אַז דיר איז דאָ גוט... אָבער מיר איז אָן דיר שלעכט. קער זיך אום צו מיר. אָן דיר וועל איך שטאַרבן!

דאָס קינד האָט אַ קוק געטאָן אויפן טאַטן און גענומען העשען. ווען ער האָט זי פריי געלאָזט, האָב איך זי צאַרט צוגעטוליעט צו זיך און געזאָגט:

— לאהלע, דו מוזט נישט איצט ענטפערן גאָרנישט... גיי צוריק אין צימער אַריין. דיין טאַטע האָט געדולד. ער וועט בלייבן דאָ און וואַרטן אויף דיין ענטפער. ער וועט דיך נישט צווינגען.

דער רויטער ייד האָט זיך געטאָן אַ זעץ אַוועק אויף דער שטול, אָן ווילן, ווי אַ שווערער זאַק. און איך האָב אַרויסגעפירט דאָס וויינענדיקע מיידעלע פון קאַנצעלאַריע.

אין אָוונט פון יענעם טאָג האָב איך לאַנג געשמועסט מיט עמילקען און איר געשילדערט די טראַגעדיע פון אומגליקלעכן טאַטע. לסוף האָב איך געזאָגט: „אויב לאה פילט זיך באמת פאַר אַ קריסטין, האָט זי דאָך איצטער

דאָס מעגלעכקייט צו טאָן דעם בעסטן אַקט אין איר לעבן — ראַטעווען איר טאַטן...". עמילקע האָט מיר צוגעזאָגט צו ווירקן אויף איר.

אין צוויי טעג אַרום איז לאה געקומען אין קאַנצעלאַריע און מיר געזאָגט, נאָך אַלץ אַ ציטערנדיקע:

— אויב דער טאַטע וועט מיר דערלויבן זיך מאָדליען יעדן טאָג — וועל איך גיין מיט אים...

כ'האָב גערופן בוכמאַנען און אין משך פון שעהן אים דערקלערט, ווי ער דאַרף זיך אויפפירן מיטן קינד, כדי עס נישט ווידער שטעלן קעגן זיך. דער ייד האָט אויף אַלץ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. האָט מיר אַלץ צוגעזאָגט. און דערנאָך האָט ער נאָכאַמאָל אַלץ באַשטעטיקט אָפיציעל פאַר מיר און פאַרן קינד, און זיי האָבן זאַלבעצווייט פאַרלאָזט דאָס הויז.

לאה איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן אין די אויגן פון די קינדער ווי אַ העלדין. „זי האָט זיך מקריב געווען פאַרן טאַטן", האָבן זיי געזאָגט. פונדעסטוועגן האָט זיך איר נאָענטע חברטע (אַ פאַנאַטישע קאַטאָליטשקע), אַנטאָניניע, אָנגערופן אויף אַ קול:

— וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז, וואָס איך האָב נישט קיין טאַטן.

*

נאָכן אַוועקגיין פון די אַלע קינדער, האָט זיך אַ ביסל געענדערט די אַטמאָספער אין הויז. ס'האָבן זיך איינגעשטילט די קריגערייען, אויפגעהערט די אַוואַנטורעס, ס'האָט אַ סוף גענומען צו די נאַכט־שפּאַצירן און צו די געשלעגן אין די צימערן נאָכן קלונג צום שלאָפנגיין. ס'האָבן געפעלט די הויפּט־איניציאַטאָרן — סטעפאַן און בראַנעק. ס'האָבן גענומען קומען צום וואָרט אַנדערע קינדער, און בכלל — דאָס קאָלעקטיווע לעבן פון די קינדער איז אַריין אין אַ נייער, אַ קולטורעלער פאַזע. די שול, די קינדער־זעלבסטפאַרוואַלטונג, פאַרשידענערליי קולטור־קרייזלעך, קאָמיסיעס און אימפּרעזעס, — די אַלע זאַכן האָבן אָנגעהויבן באַווירקן די קינדער צום גוטן.

איינער פון די אַקטיווסטע קרייזן איז געווען אונדזער דראַמקרייז, וואָס ס'האָט געשאַפן פרוי שטערן — אַליין אַ פעיקע רעזשיסאָרין. זי האָט אויסגעקליבן פון די קינדער אַ גרופּע טאַלענטירטע און געגרינדעט אין אונדזער הויז אַ טעאַטער, וואָס געהאַט גרויס דערפאָלג, ווייל ס'זענען

געשטעלט געוואָרן „וואָגיקע ספּעקטאַקלען", און ס׳האָבן אין אים געשפּילט „אמתע טאַלענטן".

איינע פון זיי איז געווען קאַשיע קוויאַטקאָווסקאַ. אַ ראַצערין, וואָס אַן אמת, סך־הכל פון די „מיטעלע" און פונדעסטוועגן האָט זי געשפּילט אויף דער בינע ממש ווי אַן אַרטיסטין, פּשוט געלעבט אויף דער סצענע. ווי נאָר זי פלעגט זיך באַווייזן אויף דער סצענע — האָבן אַלע קינדער מיטגעלעבט מיט איר, געוויינט און געלאַכט מיט איר צוזאַמען. אַזוי ווייט האָט זי געקאָנט אַלע פאַרכישופן. אָבער אויך דער קליינער באַלעק פיגאַ איז געווען נישט קיין ליאַדע אַרטיסט. ווי נאָר ער איז אַרויף אויף דער בינע, פלעגן אים די קינדער אַפּלאָדירן, ווייל זיי האָבן געוווסט, אַז נאָך אין אַ רגע אַרום וועלן זיי קייכן פאַר געלעכטער... אַזוי קאָמיש פלעגט באַלעק זיין אין יעדן וואָרט, אין יעדער באַוועגונג און אין יעדן טאָן...

פרוי שטערן פלעגט אַליין פאַרפאַסן די „פּיעסן" און אַליין זיי רעזשיסירן. און מ׳דאַרף מודה זיין, אַז יעדע זאַך פלעגט ביי איר אַרויסקומען אויסגעצייכנט. אַט למשל, דער ספּעקטאַקל „אַ חלום אין אַ זומערנאַכט"; אמת, ער איז נישט געשאַפן געוואָרן דורך פרוי שטערן, „אָבער פונדעסטוועגן אַ גוטער ספּעקטאַקל"... אין דעם ספּעקטאַקל האָט זיך באַלעק פיגאַ פאַרשטעלט פאַר אַן אייזל, און די קינדער זענען געווען אַזוי באַגייסטערט, אַז נאָכן פאַרענדיקן די פאַרשטעלונג האָט ער געמוזט נאָכאַמאָל אַרויפגיין אויף דער בינע קלאַפּן מיט זיין איזלשן קינבאַק, ווייל אַנדערש האָט דאָס קליינוואַרג בשום־אופן נישט געוואָלט גיין שלאָפן...

אויסער דעם טעאַטער האָט מען אויך געשאַפן אַ וואַנטצייטונג, וועלכע האָט געדאַרפט דערשיינען יעדע וואָך און האָט געהייסן אויף עברית „קדימה" — הגם זי איז לעת־עתה געשריבן געוואָרן אינגאַנצן אויף פּויליש. אין אָנהייב האָט די וואַנטצייטונג, צום באַדויערן, נישט געהאַט קיין דערפאָלג. קודם צוליב דעם, וואָס קיינער האָט נישט געוואָלט פאַר איר שרייבן. און מ׳קאָן דאָך נישט אופהענגען אויף דער וואַנט אַ צייטונג וואָס פאַרמאָגט בלויז אַ רעדאַקציע־אַרטיקל מיטן שיין באַצירטן טיטל „קדימה". און דערפאַר פלעגט מאַרילקע, וועלכע איז געווען די אומגליקלעכע רעדאַקטאָרין, אָפּט קומען צו מיר און פרוי שטערן מיט פאַריבלען: וויקטאָר לאַכט אויס די צייטונג און וויל נישט שרייבן פאַר איר; עמילקע פאַרענטפערט זיך, אַז זי האָט נישט קיין שרייבערישן טאַלאַנט; מאָטעק זאָגט, אַז ער ווייסט נישט וועגן וואָס צו שרייבן; און באַלעטשקע זאָגט, אַז זי שעמט זיך, און אַזוי ווייטער...

ביז אין איינעם אַ פֿרימאָרגן איז געקומען צו פֿאָרן צו אונדז מיט אַ וויזיט דער באַרימטער פּוילישער דיכטער וולאַדיסלאַוו בראָניעווסקי. ער איז געווען זייער גערירט, באַטראַכטנדיק אונדזערע קינדער, האָט זיי באַוויינט (די קינדער האָבן נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס) און געלייענט פֿאַר זיי מיט אַ געשטיקטער שטים פֿון טרערן זיינע לידער. ווען ער איז אַוועקגעפֿאָרן, האָט מאַרילקע געשריבן אין צייטונג „קדימה" אַן אַרטיקל פֿול באַגייסטערונג וועגן דעם דיכטער, וועגן זיין גרויסער ליבע צו יידישע קינדער, וועגן די טרערן און בלומען, וועגן די לידער און דער באַגייסטערונג פֿון אַן אמתן דיכטער... דאָס דאָזיקע אַרטיקל איז געווען געשריבן אין אַ זייער פּאַטעטישער שפּראַך און דורכגענומען מיט געפֿיל. נאָר ווייל די קינדער זענען נישט געווען עמפּפֿינדלעך אויף פּאָעזיע, האָבן זיך וויקטאָר און יאַנוש אַוועקגעשטעלט ביי דער וואַנטצייטונג און געלייענט דאָס אַרטיקל אויף אַ קול, צוגעבנדיק פֿאַרשיידענע קאָמישע קאָמענטאַרן און געפּלאַצט פֿאַר געלעכטער. און אויב דאָס איז נאָך ווייניק געווען, האָבן זיי ביי מיר אויסגענאַרט אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר און געשאַפֿן אַן אייגענע נייע וואַנטצייטונג... דער טיטל איז געווען „וואַלד־נאָדלען" (לויטן באַרימטן פּוילישן זשורנאַל „שפּילקעס") און דער סימבאָל פֿון דאָזיקן נאָמען זענען געווען צוויי בינטלעך סאָסנע־נאָדלען, אָנגעריסעוועטע אויף די אייבערשטע ווינקלען פֿון דעם בויגן פּאַפּיר. וויקטאָרס און יאַנושעס צייטונג האָט אויסגעלאַכט און געוויזן אין אַ קרומען שפּיגל פֿאַרשידענע זאַכן אינעם הויז און אָפּגעחוזקט פֿון די פּאַטעטישע אַרטיקלען אין „קדימה". די ערשטע אַטאַקע איז געווען אויף מאַרילקעס אַרטיקל וועגן דעם דיכטער און זיין בוך. וויקטאָר האָט אַרויסגעוויזן אין זיינער אַ צייכנונג שאַרפֿזיניקייט און מוט, און יאַנוש האָט צו איר צוגעגעבן ווערטער: ער האָט געוויזן דעם דיכטער אין אַ קאַריקאַטור, ווי ער ליגט אונטערן טיש אין אַ קנייפּע און גיסט מיט טרערן, און לעבן אים אַ צעבראָכן פֿלעשל מיט אַן עטיקעט פֿון אַ פּוילישן ספּירט־מאָנאָפּאָל... און אונטער דער צייכנונג: „בראָנפֿן און טרערן — דער קוואַל פֿון באַגייסטערונג פֿון דעם אמתן דיכטער".

נאָך אָט דעם ערשטן נומער „וואַלד־נאָדלען" האָט מאַרילקע געמאָלדן, אַז זי וועט מער נישט רעדן מיט וויקטאָרן און יאַנושן... דאָקעגן האָט זיך וויקטאָר שטאַרק פֿאַראינטערעסירט מיט מאַרילקען און געזאָגט: „זי פֿאַרדינט זיך אויף קריטיק"... יעדנפֿאַלס, איין זאַך איז זיכער: פֿון דער פּאָסירונג אָן האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבעדיקע באַוועגונג אַרום די וואַנט־צייטונגען, און ס'האָבן זיך געמערט סיי לייענער, סיי שרייבער.

*

דערווייל האָבן זיך די וואַקאַציעס דערנענטערט צום סוף, און די וואַרשעווער קינדער, וועלכע זענען צו אונדז געקומען בלויז אויף אָפּרו און פּלעגע, האָבן געדאַרפט צוריקפאָרן קיין וואַרשע. אָבער ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויסער דער „רויטער" אַמעלקען (עדוואַרד מיט דער לאַרנעטקע איז נאָך פריער אַוועקגעפאָרן), וויל אונדז קיין קינד נישט פאַרלאָזן. נישט עמילקע און זאָשקע, נישט באַלעטשקע, וויקטאָר און יאַנוש, און נישט באַלעק און אַנדערע. אַלע האָבן געוואָלט בלייבן ביי אונדז אין זאַקאָפּאַנע.

צום אינטערעסאַנטסטן איז געווען די געשיכטע מיט וויקטאָרן, ווייל ער איז געווען אַ ייִנגל מיט פעסטע איבערצייגונגען. און איינע פון אָט די איבערצייגונגען איז געווען, אַז די קינדער־אַנשטאַלטן זענען דאָס ערגסטע בייז. „אַ קינדער־אַנשטאַלט איז פאַר מיר דאָס אייגענע וואָס אַ תּפיסה!" — האָט ער אַ זאָג געטאָן גלייך דעם ערשטן טאָג ווי ער איז געקומען צו אונדז.

— צו וואָס־זשע ביסטו געקומען דאָ אַהער צו פאָרן? — האָט אים פולשטענדיק לאָגיש אַ פרעג געטאָן אהרון, וועלכער איז געווען אַ גרויסער אַנהענגער פון אַ קאָלעקטיוו לעבן און האָט געטרוימט נישט נאָר וועגן פאָרן קיין ארץ־ישׂראל, נאָר אויך וועגן לעבן דאָרט אין אַ קיבוץ.

— איך בין אַהער געקומען נאָר אויף די וואַקאַציעס, ווייל מ׳האָט פעסטגעשטעלט, אַז איך בין אויסגעשעפּט. כ׳וועל דאָ נישט זיין קיין איין טאָג לענגער!

— און וואָס וועסטו טאָן נאָך די וואַקאַציעס?

— עך, זאָרג נישט דערפאַר, ברודער! כ׳בין נישט אומגעקומען אין אויפשטאַנד, אין תּפיסה און אין אַ סך לאַגערן, וועל איך אויך נישט אומקומען נאָך די וואַקאַציעס אין וואַרשע.

און אָט פאַרן אַוועקפאָרן איז ער געקומען צו מיר און געפרעגט:

— וואָלט די פרוי לייטערין מסכּים געווען איך זאָל דאָ בלייבן אויף שטענדיק?

— וואָס האָט דיך באַוויגן צו אַזאַ דעציזיע?

— כ׳האָב געמיינט, אַז איך וועל זיין קרעמפּירט אין אַנשטאַלט, און מ׳וועט ביי מיר צונעמען די פרייהייט. אָבער איך שפּיר עס נישט. איך קאָן

אפילו זאָגן, אַז איך פֿיל זיך דאָ גאָרנישט שלעכט... אָבער דאָס איז נאָכנישט קיין באַשלוס בײַ מיר. וואָרן אויב איך וואָלט דאַרפֿן זײַן דאָ עמעצן צו לאַסט, וועל איך זיך באַגיין אָן דעם...

איך האָב געשמייכלט און אים געזאָגט:

— זעסטו, וויקטאָר, אַן אַנשטאַלט האָט די מעלה, וואָס אין אים קאָן קיין קינד נישט זײַן קיינעם צו לאַסט. פּונקט קאַפּויער! אין אַנשטאַלט האָבן די דערוואַקסענע צו פֿאַרדאַנקען זייער ברויט און פֿאַרדינסט די קינדער. וואָרן ווען ס׳וואָלטן נישט זײַן די קינדער אין אַנשטאַלט, וואָלטן זיי זײַן איבעריק. קיינער אין אַנשטאַלט קאָן נישט זאָגן צו אַ קינד: איך דערנער דיך, איך אַרבעט פֿאַר דיר, און דו ביסט מיר נישט דאַנקבאַר. אויב ס׳אַנטוויקלט זיך בײַ אַ קינד אין אַנשטאַלט דאַנקבאַרקייט צו די דערציער, קומט עס פֿון זיך אַליין, פֿליסט אַרויס פֿון ליבשאַפֿט, און נישט צוליב מאַטעריעלע טעמים. האָסט פֿאַרשטאַנען?

— יעדעס וואָרט... דאָס הייסט פּשוט, אַז איך בין נישט קיינעם צו לאַסט און וועל נישט מוזן קיינעם דאַנקבאַר זײַן...

— אויב דו וועסט זיך אַליין נישט דערפֿילן...

— פֿאַרשטענדלעך. אויב אַזוי וועל איך בעטן איבערצולאָזן אין זאַקאָפּאַנע אויך מײַן קאָלעגע יאַנוש. ער איז אַ ביסל נישט דרייסט אַליין צו קומען אַהער בעטן...

— גוט, איך בין מסכים. אָבער אויב איר בלײַבט, מוזט איר זיך פֿעסט אַ נעם טאָן צו די לימודים, איר זאָלט קאָנען זיך עקזאַמינירן אָנצוקומען אין גימנאַזיע.

— מירן זיך באַמיען. — האָט וויקטאָר געענטפֿערט קורץ.

*

אַזוי איז געשען, אַז געוויסע קינדער זענען פֿון אונדז אַוועקגעפֿאָרן, און אַנדערע זענען געקומען און פֿאַרבליבן. ס׳איז פֿאָרגעקומען אַ געוויסע נאַטירלכע סעלעקציע. יענע קינדער וועלכע האָבן זיך געפֿילט בײַ אונדז גוט און נישט געהאַט קיין קרובים, זענען פֿאַרבליבן און האָבן געשאַפֿן דעם קערן פֿון אונדזער נײַעם קאָלעקטיוו.

# דער אינספּעקטאָר איגנאַץ זאַרובאַ

דערווייל איז אַוועק דער אויגוסט, ס'האָט זיך אינגיכן געדאַרפט אָנהייבן דאָס נייע שוליאָר. די קינדער האָבן פלייסיק געלערנט און נישט אויפגעהערט צורעדן וועגן די עקזאַמענס און וועגן אַן „אמתער שול".

אין איינעם אַ טאָג בין איך געגאַנגען צום שול־דירעקטאָר פון דער „מלוכהשער מיידלשול" אין זאַקאָפּאַנע, צו באַשטימען מיט אים דעם ענין פון די עקזאַמענס פון אונדזערע קינדער, וואָס זאָל זיי געבן די מעגלעכקייט אָנצוקומען אין דער שטאַטישער שול. כ'האָב אים געזאָגט: אונדזערע קינדער האָבן פאַרלוירן זיבן שול־יאָרן, און איך האָף אַז היינט נאָך דער מלחמה, וועט די געזעלשאַפט דעקן דעם חוב, וואָס איז זיי שולדיק, און פאַרלייכטערן זיי דעם וועג צו דער בילדונג. מיר פון אונדזער זייט האָבן געטאָן אַלץ וואָס מיר זענען אימשטאַנד געווען. האָבן געלערנט די קינדער פון ערשטן מאָמענט, ווען זיי האָבן זיך געפונען אונטער אונדזער השגחה. און די קינדער אַליין האָבן געטאָן נאָך מערער, ווייל נישט געקוקט אויף זייערע קראַנקהייטן האָבן זיי געלערנט פלייסיק דעם גאַנצן זומער. דאַרפט איר ערשט באַשטימען דעם טערמין פון די עקזאַמענס, כדי זיי צו קוואַליפיצירן אין די פּאַסיקע קלאַסן.

דער דירעקטאָר, אַן עלטערער מענטש, מיט אַן אומבאַשטימט פּנים, און אַ שטאַרק פאַרפעטעטן וועסטל, איז די גאַנצע צייט געזעסן צו מיר מיט דער זייט און האָט אויף אַלע מיינע רייד צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. נישט מער, כ'האָב נישט געוווּסט, צי אויף יאָ, צי אויף ניין. נאָר ווען ס'איז געקומען צו אַן ענטפער, האָט ער זיך גענומען אַרויסדרייען:

— מיר האָבן נישט קיין אָרט אין די קלאַסן אויפצונעמען אַזויפיל קינדער פּאַראַמאָל.

— סיידוי וועל איך אייך נישט שיקן אין שול די אַלע קינדער, וועלכע וועלן עקזאַמינירט ווערן, — האָב איך געפּרווּווט אים באַרויקן — אַ סך פון זיי זענען קראַנק און נישט אימשטאַנד צו גיין אַזוי ווייט אין שול אַריין. מיר וועלן ווייטער מוזן זיי לערנען אין הויז.

— מיר האָבן נישט מיט וואָס צו דערנערן די דאָזיקע קינדער בעת דער גרויסער הפסקה... מיר באַקומען נישט גענוג מילך פאַר אונדזערע קינדער.

— אונדזערע קינדער וועלן מיטברענגען מיט זיך פרישטיק פון הויז.

און װעגן אַ מילך־צוגאָב פֿאַר דער שול װעל איך זיך אַלײן באַמיען, — האָב איך אים צוגעזאָגט.

— די לערער זענען נאָך אױף װאַקאַציעס, און כ׳קאָן זײ נישט אַרױסרופֿן אױף ספּעציעלע עקזאַמענס פֿאַר די דאָזיקע קינדער.

— קאָן מען אפֿשר אײַנאָרדענען די עקזאַמענס דעם ערשטן, אָדער צװײטן טאָג סעפּטעמבער, װען ס׳װערן נאָכנישט געפֿירט אַלע לימודים. איך בין אַלײן אַ לאַנגיעריקע לערערין און װײס װי דאָס װערט געמאַכט.

— אָבער כ׳בין נישט פֿולשטענדיק זיכער, צי די לערער װעלן בכלל װעלן עקזאַמענירן אַזעלכע קינדער, — האָט זיך אױפֿגעקאָכט דער דירעקטאָר.

— „אַזעלכע קינדער״?! — האָב איך זיך געטאָן אַ קאָך אױף — װאָס פֿאַר אַ שלעכטס האָבן די דאָזיקע קינדער געטאָן די לערער? צי שטעלט איר זיך אַלע פֿאָר, אַז אױך הײַנט, נאָך דער מלחמה, װעט איר װײַטער אָנגײן מיט די נאַציסטישע מעטאָדן און נישט דערלאָזן קײן ייִדיש קינד אין שול? דאָס ייִדישע קינד האָט די זעלבע רעכט אױף לעבן און בילדונג, װי יעדעס אַנדערע קינד.

דער דירעקטאָר האָט זיך אױפֿגעשטעלט און געזאָגט:

— איך אַלײן באַשליס נישט אין דעם ענין. כ׳מוז זיך פֿאַרשטענדיקן מיט די לערער. אין עטלעכע טעג אַרום װעל איך אײַך געבן אַ שריפֿטלעכן ענטפֿער.

אין צװײ טעג אַרום האָב איך באַקומען אַ שריפֿטלעכע תשובה בזה הלשון: „צוליב דעם װאָס ס׳זענען נישט פֿאַראַן קײן אַנדערע קאַנדידאַטן אױף עקזאַמענס אין דער מלוכהשער מײדל־שול אױסער די קינדער פֿון „װאַלד־װױנונג (ער איז נישט דרײסט געװען צו שרײַבן „ייִדישע״), זאָגט זיך אָפּ דער לערער־פּערסאָנאַל פֿון דער מלוכהשער מײדל־שול אײַנצו־אָרדענען ספּעציעלע עקזאַמענס פֿאַר די דערמאָנטע קינדער״.

האָב איך זיך געװאָנדן צו אַ צװײטער שול אין זאַקאָפּאַנע, די מלוכהשע ײנגל־שול. דער דירעקטאָר איז געװען אַ יונגער מענטש, אַ רירעװודיקער און העפֿלעכער. ער האָט מיך העפֿלעך אױפֿגענומען און מיר אױפֿגעקלערט, אַז די שילער פֿון זײַן שול זענען אַזױ װײַט אַנטיסעמיטיש געשטימט, אַז ער ראָט מיר נישט צו שיקן אונדזערע קינדער אַהין. ער האָט געזאָגט: „אױף דער „סקאַלנע פּאָדהאַלע״ (ס׳הײסט אין דער גאַנצער בערגיקער געגנט) האָבן די דײַטשן געפֿירט אַ ספּעציעלע פּראָפּאַגאַנדע, און ס׳האָט זיך זײ אײַנגעגעבן איבערצוצײַגן די גוראַלעס, אַז זײ זענען בכלל נישט קײן

פּאָליאַקן, נאָר שטאַמען אָפּ פון אַן אַלטן דייטשישן שבט „גוראַלן־פּאָלק“. אויפן דאָזיקן גרונט האָבן זיי אַפּילו באַקומען די רעכט פון „פּאָלקסדייטשן“. און גלייכצייטיק האָבן די דייטשן פאַרזייט און איינגעוואָרצלט צווישן די באַרגלייט אַזאַ שטאַרקן אַנטיסעמיטיזם, אַז זיי האָבן געגרינדעט אין דער דאָזיקער געגנט, אין ראַבקע און מאַקאָוו ספּעציעלע „שולן“ פאַר לאַגער־היטער, אין וועלכע זיי האָבן געלערנט די יונגע גוראַלן ווי זיך צו באַגיין אכזריותדיק און סאַדיסטיש מיט די יידן.

ס'איז שווער צו זאָגן, אַז אָט די אינפאָרמאַציע מצד אַ דירעקטאָר, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַן אָביעקטיווער מענטש, האָט מיר צוגעגעבן מוט. פונדעסטוועגן האָב איך באַשלאָסן זיך נישט אונטערצוגעבן און ווייטער קעמפן פאַר די רעכט פון מיינע קינדער אויף אַ שול. איך האָב געוווּסט אַז דאָס איז פאַר אונדזערע קינדער אַ פּרינציפּיעלער ענין, אַ לעבנס־פראַגע, פון וועלכן ס'איז אָפּהענגיק זייער צוקונפט. האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן צום אינספּעקטאָר פון גאַנצן קרייז, קיין נאָווי־טאַרג. אמת, איך בין זיכער געווען פונפאָרויס אין אַ דורכפאַל. ערשטנס, ווייל כ'האָב שוין געוווּסט וועגן דער לאַגע אין די שולן און פאַרשטאַנען, אַז דאָס לאָזט זיך נישט איינס־צוויי ענדערן, צווייטנס, האָב איך נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די העכערע שול־אינסטאַנצן. כ'האָב געהאַט פאַר זיך דעם ביישפּיל פון קראָקע־ווער אינספּעקטאָר, וועלכער האָט אונדז נישט געוואָלט צוריקגעבן דעם בנין פון דער יידישער שול. כ'האָב אויך געדענקט (אויף מיין אייגענער הויט) די יאָריערלעכע איבערפאַלן פון די פּוילישע סטודענטן אויף די יידישע אין די אוניווערסיטעטן, נאָך פאַר היטלערן. האָב איך דערום געטראַכט: וואָס העכער — אַלץ ערגער.

כ'בין געקומען אין דער קרייז־שטאָט, נאָווי־טאַרג, ניין אַזייגער אינדער־פרי. דער אינספּעקטאָר איז שוין געווען אין ביורא. אָבער זיין סעקרעטאַרין האָט מיר געזאָגט: „מ'קאָן מיט אים היינט נישט רעדן, ס'איז אָנהייב שול־יאָר, און מ'האָט פּשוט נישט דעם קאָפּ אויף די פּלייצעס. איין קאָנפערענץ נאָך דער צווייטער“. אָבער איך האָב נישט פאַרלוירן דאָס געדולד. האָב געוואַרט. לסוף האָב איך אויפגעפּאַסט אַ מאָמענט צווישן איין זיצונג און דער צווייטער, אויסגענוצט דאָס געלעגנהייט וואָס די סעקרעטאַרין איז אַרויס אויף אַ וויילע, און זיך אַריינגעשלייכט אין זיין ביוראָ.

אָן באַזונדערע הקדמות האָב איך אים פאָרגעשטעלט דעם גאַנצן ענין. בעוויזן אים דעם בריוו פון דעם דירעקטאָר פון דער מיידל־שול אין

זאַקאָפּאַנע און אויך נישט פאַרגעסן צו ווײַזן אים מײַנע דיפּלאָמען פון אוניווערסיטעט און די דאָקומענטן פון מײַן אַרבעט, סײַ די וויסנשאַפטלעכע און סײַ די פּראַקטישע.

— ס'איז אַ שאַנד און אַ בזיון, — האָב איך פאַרענדיקט מײַנע רייד — אַז הײַנט אין דעם דעמאָקראַטישן פּוילן זאָל אַ ייִדיש קינד, אַ יתום, נישט האָבן קײן צוטריט אין אַ מלוכהשער שול. אַז די דירעקטאָרן זאָלן זיך אָפּזאָגן זײ אָנצונעמען, די לערער — זײ צו לערנען, און די שילער — צו לערנען צוזאַמען מיט זײ. מיט וועלכן־זשע וועט די הײַנטיקע דעמאָקראַטישע אָרדענונג זיך אונטערשיידן פון דער פריערדיקער, דער פאַשיסטישער? פאַרוואָס האָב איך געקאָנט לערנען פויערישע קינדער אין אַ פאַרוואָרפן, פינצטער דאָרף און קעמפן דאָרט קעגן דער פינצטערניש? פאַרוואָס האָב איך נישט געשפּירט קײן שום עקל צו יענע קינדער, נאָר פאַרקערט, זיך צוגעבונדן צו זײ און זײ ליב באַקומען? צי איז די פּוילישע געזעלשאַפט נישט מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס די דאָזיקע קינדער זענען פאַרקריפּלט געוואָרן גײַסטיק און קערפּערלעך? צי דאַרף מען צו דעם בײַז צוגעבן נאָך ביח? צי וואָלט אַוועלכע־ס'איז לערערשאַפט אויף דער וועלט אַזוי געהאַנדלט?

איך ווײס נישט וואָס ס'האָט געווירקט אויפן אינספּעקטאָר: צי מײַנע רייד, וועלכע האָבן אַנטהאַלטן אין זיך דעם אמת; צי איז ער געווען אײנער פון יענע ווײניקע מענטשן, וועלכע האָבן ריכטיק באַנומען דעם ענין דעמאָקראַטיע, און דעם ענין פון דערציונג ווי אַ געזעלשאַפטלעכע מיסיע; אָדער ער איז פשוט געווען אַ גוטער און ערלעכער מענטש... דער עיקר, זײַן רעאַקציע אויף מײַנע רייד איז געווען אַ פולשטענדיקע איבעררעשונג פאַר מיר. ער האָט זיך געטאָן האַסטיק אַ שטעל אויף און געזאָגט:

— חברטע! איר זענט פולשטענדיק גערעכט! און מ'מוז אײן מאָל פאַר אַלעמאָל אַ סוף מאַכן צו דעם אַלץ! איך בין גרייט גלײַך צו פאָרן מיט אײַך קײן זאַקאָפּאַנע און צווינגען די דירעקטאָרן און די לערער אײַנצו־אָרדענען די עקזאַמענעס און אויך אָנצונעמען די ייִדישע קינדער אין די צוויי שולן. — פּרוי סטאַשיאַ! — האָט ער אַ געשריי געטאָן דורך דער טיר צו דער סעקרעטאַרקע — ביטע אַלץ אַרײַנלייגן צו מיר אין שופלאָד, איך נעם הײַנט מער נישט אויף. איך פאָר אויפן געביט... אָבער וואַרט, וואַרט, — האָט ער זיך אַ קראַץ געטאָן אין נאַקן — פּרוי סטאַשיאַ, ווו איז די פינפּנקילאָגראַמיקע פּושקע צוקערלעך, וואָס מיר האָבן באַקומען פאַר די

קינדער? כ׳נעם זי צו. איך קאָן דערמיט נישט טאָן קיין פּאַסיקערע זאַך, ווי זי אָוועקצוגעבן יענע יתומים, — האָט ער געמורמלט צו זיך אַליין — און וואָס אַנבאַלאַנגט יענע לערער, די דירעקטאָרן און די איבעריקע פּאַרשוינען, — האָט ער זיך ווידער געוואָנדן צו מיר — זאָלט איר זיך נישט זאָרגן. מירן די דאָזיקע חברה אַ נעם טאָן פאַרן קאָפּ. זיי בריקען מיט די קאַפּיטעס — זאָלן זיי בריקען! איכל זיי שוין צוימען!...

דער דירעקטאָר האָט גענומען אין האַנט די טעקע און אין דער צווייטער די גרויסע פּושקע צוקערלעך און זיך געלאָזט מיט מיר אין וועג. ער איז פלינק געגאַנגען פאָרויס און זיך אונטערגעזונגען.

— מירן גלייך פאַרפאָרן צו דער מיידל־שול, — האָט ער געזאָגט — דאָרט קומט ערשט פאָר אַ לערער־קאָנפערענץ. מירן זיי אַלע פאַרהאַלטן און דערליידיקן דעם ענין.

— איך דאַנק אייך, הער אינספּעקטאָר, האַרציק, — האָב איך געזאָגט אַ געריכטע — איך וויל אויפריכטיק מודה זיין, אַז כ׳האָב נישט געהאָפט, די זאַך זאָל אַזוי שנעל דערליידיקט ווערן. איך בין אינגאַנצן דערשלאָגן געווען נאָך די שמועסן מיט די שול־דירעקטאָרן.

— דאָס איז אַ מיאוסע חברה, — האָט ער איבערגעחזרט — דאָס זענען דאָך לערער, וואָס זענען איבערגעבליבן אין די שולן פאַר דער צייט פון די דייטשן... און ווער ס׳האָט ביי זיי געלערנט איז דאָך באַוווּסט... איך, צום ביישפּיל, בין גלייך פון שול אַנטלאָפן... בין געווען אין דער פּאַרטיזאַנקע, אין די פּויערים־באַטאַליאָנען...

— פאַרוואָס־זשע באַזייטיקט מען נישט אָט די לערער? — האָב איך זיך געוווּנדערט — זיי פאַרסמן דאָך די נשמות פון די קינדער.

— מיר ווייסן... מיר ווייסן... האָבן אָבער נישט קיין ברירה. מיר האָבן נאָכנישט קיין אייגענע לערער־קאַדרען... און ביז מיר וועלן אַזעלכע אויסשולן, מוזן מיר זיך האַלטן ביי די אַלטע... אָבער מיר וועלן זיי אַ ביסל צוימען... זיי וועלן מוזן טאַנצן אַזוי, ווי מיר וועלן זיי שפּילן. אָבער איר, חברטע, — איז ער מיטאַמאָל אַריבער אויף אַן אַנדער ענין — זענט אַ היפּשער העכט! אַזאַ אַרבעט! אַזעלכע דיפּלאָמען! אויף אַכטונג דאַרף מען שטיין פאַר אייך.

— דער הער אינספּעקטאָר טרייבט שפּאַס.

— וואָס פאַלט אייך איין! מיטן גאַנצן ערנסט! מ׳זוכט ערשט אַזעלכע

מענטשן. און איר, חברטע, האָט זיך דאָ אַרײַנגעלאָזט אין אַזאַ אַרבעט, מיט אָט די אומגליקלעכע יתומים...

— הער אינספּעקטאָר, — האָב איך אים געזאָגט מיט געפיל — ווי אַזוי קאָן איך נישט בלײַבן מיט זײ, אויב איך האָב זײ ליב, ווי זײ וואָלטן זײַן מײַנע אײגענע קינדער... ווען איר וואָלט געזען ווי אָרעם און אומגליקלעך זײ זענען... און גלײַכצײַטיק אַזעלכע פּעיקע...

— כ׳פאַרשטײ, כ׳פאַרשטײ... איך האָב אויך אַ קינד, אַ מײדעלע... כאָטש, דעם אמת געזאָגט, קײן טאַטע אין מיר האָט זי נישט... כ׳בין תמיד, בײטאָג און בײנאַכט, אויף רײזעס... ווען איך קום צו פאָרן, שלאָפט זי. אויך מײַן פרוי האָט נישט קײן נחת פון מיר, — דער שטערן האָט זיך אים פאַרוואָלקנט — אָבער איר, חברטע, האָט אוודאי אויך נישט װײניק דורכ־געמאַכט אין דער מלחמה־צײַט.

—אַז אַ דערוואַקסענער לײַדט, איז עס נישט דאָסזעלבע וואָס אַ קינד לײַדט... דאָס קינד פאַרשטײט נישט פאַרוואָס עס לײַדט און ס׳איז שוצלאָז... און מ׳דאַרף זײַן דער אמתער פאַרברעכער צו קאָנען באַעוולען אַ קינד.

— נו, לאָמיר דאָס נישט דערמאָנען... און אויף צו טרײסטן זיך, ביטע — נאָט אײַך אַ צוקערל... און ווי רופן זײ אײַך דאָרט אין „וואַלד־וווינונג״ ?

— פאַרשידן : מאַמע, לײטערין. מײַן נאָמען איז לענע.

— און מײַן נאָמען איז איגנאַץ. מײַן פרוי הײסט סטעפאַניע, און אונדזער טעכטערל יאַגושע. נו, און מיר ווילן זײַן פאַרבעטן אויף אַזעלכן זונטיק קײן „וואַלד־וווינונג״.

„דער אײבערשטער פאַרלאָזט נישט קײן יתומים און שיקט זײ תמיד הילף און העלפער״, האָט זיך מיר דערמאָנט אײנס פון מײַן מאַמעס ווערטלעך. כ׳האָב זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן, אים עס נישט צו זאָגן. ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט גערירטע בליקן און בלויז פאַרצויגן די נאָז :

— נו, נו...

*

אין שול איז אַלץ פאַרגעקומען מיט אַזאַ שנעלן טעמפּאָ, אַז איך האָב קוים געקאָנט נאָכאײַלן די געשעענישן. מיר זענען אַרײַנגעקומען אין לערערצימער פונקט צום סוף פון דער קאָנפערענץ. דער אינספּעקטאָר האָט אַלע פאַרהאַלטן און קודם־כל מיך פאָרגעשטעלט, אויסרעכענענדיק מײַנע

דיפּלאָמען און פריערדיקע און היינטיקע פאַרדינסטן. (מ׳דאַרף מודה זיין, אַז ער האָט געהאַט נישט קיין שלעכטן זכרון... אָבער מיר וואָלט נישט געווען איינגעפאַלן אים אַלץ צו דערציילן, ווען כ׳וואָלט געווען וויסן אַז ער איז אַן ערלעכער און גוטגינציקער מענטש). דערנאָך האָט ער מיט־געטיילט, אַז מאָרגן האַלב ניין אַזייגער וועלן פאַרקומען עקזאַמענעס פון פינף און זעכציק קינדער פון „וואַלד־וווינונג״, און אַלע לערער ווערן אויפגעפאָדערט צו עקזאַמענירן די קינדער. קיין צוגאָב־לוין וועלן זיי דערפאַר נישט באַקומען, ווייל די דאָזיקע קינדער זענען יתומים און פּטור פון באַצאָלן; בראָש פון דער עקזאַמעניר־קאָמיסיע וועט שטיין ער אַליין, און זיין פאַרטרעטערין וועל איך זיין און האָבן דאָס רעכט בייצוזיין די עקזאַמענעס, אַז די קינדער זאָלן נישט געקריוודעט ווערן... שוין דעם זעלבן טאָג נאָך מיטאָג דאַרף פאָרקומען די קוואַליפיקאַציע־קאָנפערענץ.

אַלע לערער, דער דירעקטאָר און איך אַליין זענען געשטאַנען דערשטוינטע. איינע אַן אַלטע פריילין, אַ הויכע און דינע ווי אַ פלאָקן, האָט באַוועגט מיט די ליפּן, ווי אַ פיש אויף דער טריקעניש... אויך מיר איז שווער געווען זיך צוגעוווינען צו דער נייער סיטואַציע. רגעוויז האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ שרעק, און איך האָב געהאַט חשק אים אַ צי טאָן ביים אַרבל: „גענוג! איר האָט שוין גענוג געטאָן פאַר אונדז! גענוג פאַר אונדז!״. אָבער דער אינספּעקטאָר האָט נישט געוואַרט אויף ווער־עס־איז רעאַגירן. ער האָט אויסגערעכנט אַלץ וואָס מ׳דאַרף טאָן און געשלאָסן די קאָנפערענץ. דערנאָך האָבן אַלע פאַרלאָזט דעם זאַל אָן אַ וואָרט צו זאָגן. דער אינספּעקטאָר איז אַרויסגעגאַנגען צוזאַמען מיט מיר.

— נו, מיר האָבן זיך אַ ביסל אָנגעאַרבעט, — האָט ער זיך געריבן די הענט — ערשט קומט אונדז אַ מיטאָג.

— אפשר וועט איר, הער אינספּעקטאָר, באַוויליקן אַריינגיין צו אונדז אויף מיטאָג? — האָב איך פאָרגעשלאָגן. — איר וועט זיך באַקענען אַ ביסל מיט אונדזערע קינדער.

— מיט פאַרגעניגן, מיט פאַרגעניגן.

דער אינספּעקטאָר האָט ווירקלעך מיט גרויס פאַרגעניגן געגעסן ביי אונדז מיטאָג, און מיט פאַרגעניגן באַטראַכט די זויבערע און ליבע קינדער. כ׳האָב געבעטן ביידע לערערינס, זיי זאָלן נאָכן מיטאָג אַ ביסל עקזאַמינירן די קינדער אין זיין בייזיין. דער אינספּעקטאָר האָט זיך צוגעהערט צו די ענטפערס פון די קינדער און געזאָגט אַז דער ניוואָ פון די לימודים ביי

אונדז איז אַ העכערער ווי אין אַ געוויינלעכער פֿאָלקסשול. און חוץ אייניקע אויסנאַמען (כ׳האָב געוווּסט וועגן זיי) וועלן זיך זיכער איינגעבן די עקזאַמענס און די קינדער וועלן אָנקומען אין די קלאַסן וואָס אַנטשפּרעכן זייער עלטער.

כ׳האָב זיך זייער געפֿרייט דערמיט און וואַרעם געדריקט זיין האַנט. דער אינספּעקטאָר האָט מיר אַרייַנגעקוקט אין די אויגן, אויפֿגעהויבן מיין האַנט־פֿלאַך און זי אַ קוש געטאָן לויטן אַלטן פּוילישן שטייגער.

# די עקזאַמענס

הגם די קינדער האָבן זיך אַ לענגערע צייט צוגעגרייט צו די עקזאַמענס און געהעריק איינגעחזרט דעם מאַטעריאַל, האָט זיי דער אומגעריכטער, באַלדיקער טערמין איבערראַשט... ס׳האָט זיי אַרומגעכאַפּט דער עקזאַמען־פֿיבער... מ׳האָט גענומען אייליק איבערחזרן נעמען, דאַטעס און ציפֿערן, און כאָטש אָט די קינדער האָבן נישט געהאַט די טראַדיציע פֿון אַ שול, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳זענען זיי באַקאַנט די אַלע מיטלען, כשרע און נישט־כשרע, וועלכע העלפֿן אַרויס די עקזאַמינירטע אין אַ שווערן מאָמענט... ווער ס׳האָט זיך פֿאַרגעבּרייט אַן אונטערזאָגער, און ווער פֿאַרצייכענונגען און קאָנספּעקטן.

— איך באַשטעל זיך אַן אָרט לעבן דיר, — האָט באַלעק געזאָגט צום קליינעם מילעק, וועלכער איז געווען דער ערשטער אין די לימודים אין זיין קלאַס, האָט אַלץ געקאַנט און געוווּסט, כאָטש ער האָט נאָך אַלץ אויסגעזען ווי אַ „זיבעלע״, געווען קרענקלעך, קליין און מאָגער.

— און דו, ראובן, וועסט אונדז דערלאַנגען פֿון אונטער דער באַנק די ענטפֿערס אויף חשבון, געדענק!

— און איך האָב זיך שוין אויסגעשריבן אַלע „כללים״ אויף דער האַנטפֿלאַך... אָט זעסטו? כ׳דאַרף גאָרנישט געדענקען... כ׳טו נאָר אַן עפֿן די האַנט, און פֿאַרטיק...

— שרייב מיר אויך אָן... און מיר! און מיר!

אסתּר, אַ צוועלפֿיעריק מיידל, וועלכע האָט געדאַרפֿט זיך עקזאַמענירן אָנצוקומען בלויז אין דריטן קלאַס, האָט געוויינט פֿאַר פּרוי שטערן:

— כ׳האָב פֿאַרגעסן אַלץ וואָס כ׳האָב געלערנט... אַלץ איז מיר פֿון

קאָפּ אַרויסגעפלויגן... וואָס וועל איך איצטער טאָן? ווי וועל איך זיך עקזאַמענירן? פאַרוואָס האָב איך אַזאַ קאָפּ, אַז איך לערן עפּעס היינט, פאַרגעס איך עס גלייך אויפן צווייטן טאָג? כ׳געדענק אפילו נישט ווען כ׳בין געבוירן געוואָרן...

*

ווירקלעך, מיט די געבורט־דאַטעס, געבורט־ערטער, פאַמיליענעמען און אפילו מיט די פּערזענלעכע נעמען פון די קינדער איז געווען אַ גרויסער קלאַפּאַט. ביי אַ סך קינדער האָבן געפעלט די דאָזיקע פּרטים. און איך האָב געדאַרפט געבן דעם שול־דירעקטאָר אַ פּינקטלעכע רשימה, אין וועלכער ס׳זאָלן זיין אָנגעגעבן אויספירלעך אַלע פּרטים. אויב נישט, וועט ער שפּעטער נישט אויפשרייבן די צייגענישן. האָב איך אינאָנהייב געפּרוּווט אַרויסבאַקומען עפּעס פונעם זכרון פון די קינדער. כ׳האָב, למשל, צוגערופן שמוליקן, אַ קאַנדידאַט פאַרן ערשטן קלאַס.

— ווי הייסטו?

— שמוליק.

— און אפשר געדענקסטו דיין פאַמיליענאָמען?

— יאָ, שמוליק.

— זעסטו, דאָס איז דיין אייגענער נאָמען. יעדער מענטש האָט נאָך אויך אַ פאַמיליענאָמען. צומביישפּיל באַלעק פיגאַ. באַלעק איז זיין אייגענער נאָמען, און פיגאַ איז אַ פאַמיליענאָמען. איז אפשר געדענקסטו ווי מ׳האָט דיך נאָך גערופן, חוץ „שמוליק״?

— אַלע האָבן געזאָגט שמוליק.

— און אפשר געדענקסטו ווי דיין טאַטע האָט געהייסן?

— כ׳געדענק נישט דעם טאַטן.

— און די מאַמע?

— מיין מאַמע האָט געזאָגט, אַז איך טאָר נישט רעדן, אַז איך דאַרף זיצן שטיל.

שמוליק איז געווען אויסבאַהאַלטן אין אַ קליין קעלער־קעמערל ביי אַ פּויערטע. די דאָזיקע פּויערטע האָט אין אַ פרימאָרגן געפונען דאָס קינד אונטערגעוואָרפן הינטער דער טיר. ווייל דאָס קינד איז געווען אַ געמלטס — אַ יידישס, האָט זי עס אַ נאָמען געגעבן שמוליק.

כ׳האָב איינגעזען, אַז אומזיסט פּייניקן מיר דאָס קינד מיט פראַגעס,

ווייל ער געדענקט נישט גאָרנישט. זיין מאַמע איז גאָר די פּויערטע, וואָס האָט אים אויסבאַהאַלטן. איז וואָסזשע זאָל איך איצטער טאָן? וואָס פאַר אַ פאַמיליענאָמען זאָל איך אים געבן, שמוליקן? און וואָסער עלטער? דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז זיין פיזישע אַנטוויקלונג אַנטשפּרעכט אַ זיבניעריק קינד. אויך די ציין זאָגן דערויף עדות. אָבער די גייסטיקע אַנטוויקלונג איז אַ סך נידעריקער.

וועל איך אים פאַרשרייבן זיבן יאָר. מ׳האָט אים געפונען נאָענט צו קראָקע, וועלן מיר שרייבן: געבוירנאָרט — קראָקע. און די געבוירן־דאַטע? און דער פאַמיליענאָמען? אַלץ וועט זיין געפעלשט? מעג מען אַזוי? און וואָס וועט זיין, אַז שפּעטער וועט זיך אָפּגעפינען די מאַמע, אָדער ווער־ס׳איז פון דער פאַמיליע, און זיי וועלן אים זוכן לויטן אמתן נאָמען? וועלן זיי דאָך אים קיינמאָל נישט אָפּגעפינען! און דאָס וועט זיין צוליב מיין שולד.

איז וואָס? איינגאַנצן אים נישט געבן קיין פאַמיליענאָמען? איבערלאָזן אים בלויז זיין „שמוליק", ווען עלכער איז אפשר אויך נישט קיין אמתער? איבערלאָזן אים דעם חותם פון אַ יתום און אַן אונטערגעוואָרפן קינד אויפן גאַנצן לעבן? אַלע קינדער וועלן האָבן נעמען און פאַמיליענעמען, און ער נישט? אַלע קינדער וועל פייערן זייער געבוירנטאָג, און ער איינער נישט? מ׳וועט אים רופן שמוליק דער אונטערגעוואָרפענער... מ׳וועט פון אים חוזק מאַכן... ניין, ניין! אַזעלכעס טאָר נישט געשען! דעם קינד טאָר נישט געטאָן ווערן אַזאַ גרויסע עוולה! מ׳טאָר אים נישט באַשווערן דאָס לעבן, ער זאָל ליידן ווייטערע יסורים. טויזנט פעלשונגען, אַבי דאָס קינד זאָל מער נישט ליידן!

און שמוליק באַקומט אַ שיינעם נאָמען און פאַמיליענאָמען: שמואל אַלבין, געבוירן אין יאָר 1938 אין קראָקע.

שמוליק ווייסט נישט גאָרנישט פון די דאָזיקע אַלע מיינע דאגות. ער שפּילט זיך מיטן טינטער אויפן שרייבטיש. דערנאָך קומט ער פון אונטערן טיש און קריכט אַרויף אויף מיינע קני. איך גלעט זיינע גלאַטע זיידענע הערעלעך און קוש אים. שמוליק איז גליקלעך.

— אָבער, מאַמע, איכל אויך גיין אין שול...

— פאַרשטייט זיך אַז וועסט גיין. נאָר איצטער גיס נישט אויס דעם טינט פון טינטער...

— אמת, מאַמע, אַז איכל קריגן טינט אין שול אַריין?

— אַז די לערערין אין שול וועט הייסן.

— איך ווייס אויפגעוויס, אַז זי וועט הייסן, — זאָגט שמוליק און קוקט ווי אַ פאַרכישופטער אויף דער גרויסער פלאַש טינט אויף מיין שרייבטיש...

*

ס׳איז געקומען צו מיר אַ שיינינק, שוואַרץ מיידעלע, מיט גלאַטע האָר און רעגולערע געזיכטשטריכן. זי זעט אויס פון אַ יאָר גיין.

— ווי הייסטו?

— אַניעלאַ.

—און ווי נאָך?

— קאַזיאַל.

— צי געדענקסטו, אַניעלאַ קאַזיאַל, ווען ביסט געבוירן געוואָרן?

— ניין.

— און פון וועלכער שטאָט שטאַמסטו?

—כ׳ווייס נישט.

כ׳קוק אַריין אין דער קאַרטאָטעקע. ס׳איז אין איר ווירקלעך נישטאָ נישט דער טאָג און נישט דאָס אָרט פון געבוירן. דערפאַר אָבער איז לעבן דעם נאָמען און פאַמיליענאָמען, וואָס דאָס מיידל האָט געזאָגט, צוגעשריבן נאָך אַ נאָמען און אַ פאַמיליענאָמען: קריסטינאַ פשעטאָצקאַ. איך קוק אויפן מיידעלע מיט פאַרווונדערונג:

— און ווער איז עס קריסטינאַ פשעטאָצקאַ?

— דאָס בין איך.

— טאָ זאָג זשע מיר דעם אמת, אָבער דעם אמתן אמת, ווי הייסטו?

— קריסטינאַ פשעטאָצקאַ.

— און אַניעלאַ קאַזיאַל?

—אויכעט.

—און ווי האָט מען דיך גערופן פאַר דער מלחמה?

— אַניעלאַ.

און ווי האָט דיך גערופן די מאַמע?

— איין מאַמע האָט מיך גערופן אַניעלאַ. און איין מאַמע, אַזאַ גראָבע, האָט מיך גערופן אַלינאַ טאָצקאַ.

— און ווי רופן דיך די קינדער ביי אונדז אין הויז?

— אַניעלאַ.

— גוט, אַניעלאַ. גיי צוריק אין קלאַס.

כ׳בין מיד. צופֿיל פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט דריקט אויף מיר. איך דענק נאָך, פֿאַרוואָס דאַרף איך נעמען אַזויפֿיל אחריות אויף זיך אַליין? איך בין דאָך נישט קיין אײנגאָונײנציקע אין דאָזיקן הויז! ס׳זענען דאָ די לערערינס, ס׳איז דאָ פּרוי מענליך, דער דאָקטאָר. זאָלן זיי צוהעלפֿן מיט עפּעס אַן עצה. און איך רוף צוזאַמען אַ ספּעציעלע זיצונג וועגן דאָזיקן ענין.

אָבער אַלע זענען אויף דער זיצונג דענערווירט צוליב די עקזאַמענעס, די לערערינס איילן זיך, זיי ווילן נאָך אַ ביסל צוגרייטן די שוואַכערע קינדער... די דערציערינס בעטן נישט קיין וואָרט... די פֿאָרשלאָגן זענען צופֿעליקע, נישט דורכגעטראַכטע. די וואָס מאַכן די פֿאָרשלאָגן פֿילן עס אַליין. דערום נעמט אַ וואָרט פּרוי שטערן אין נאָמען פֿון אַלע:

— איך לייג פֿאָר, מ׳זאָל דעם ענין איבערגעבן צו אַנטשיידן דער לייטערין. קיינער פֿון אונדז וועט דאָ נישט אויסטראַכטן קיין שום געניאַלן באַשייד פֿאַרן דאָזיקן פּראָבלעם. און די לייטערין וועט אַנטשיידן ווי ס׳איז גינסטיק פֿאַר די קינדער.

שטיי איך, הייסט עס, אויפֿן זעלבן פּונקט ווו כ׳בין פֿריער געשטאַנען. אפֿשר, טראַכט איך, וועלן די נאַכט און די שטילקייט באַהילפֿיק זיין. אפֿשר וועט, נאָך אַ ביסל אויסרוען זיך, מיין געדאַנק באַקומען די אויסגע־צייטיקטקייט און זיכערקייט, וואָס עס פֿאָדערט זיך צו באַשיידן אַזעלכע שווערע פּראָבלעמען.

אויפֿן צווייטן טאָג שטיי איך אויף פֿיר אַזייגער באַגין און גרייט צו אין דער טיפֿסטער שטילקייט פֿון דעם גאַנצן שלאָפֿנדיקן הויז אַ לאַנגע רשימה פֿון די קינדער מיט זייערע אייגענע נעמען און פֿאַמיליענעמען, געבוירן־דאַטעס און געבוירן־ערטער — און מיט דעם אַלץ וואָס אַ קינד דאַרף האָבן, בכדי צו קאָנען פֿאַרנעמען זיין אָרט אין דער געזעלשאַפֿט. אכט אַזייגער אינדערפֿרי איז שוין אַלץ גרייט און פֿאַרטיק, און מיר גייען צו די עקזאַמענעס.

די קינדער זענען שוין אָנגעטאָן יומטובדיק. זיי גייען פֿאָרוייס, מיט אַן אויסדרוק פֿון קאָנצענטרירטקייט און ערנסטקייט אויף זייערע פּנימער, דריקנדיק הינטער די אָרעמס די טעקעס, ביכער און העפֿטן. אַזוי לאָזן זיי זיך אויף דער ערשטער באַגעגעניש מיטן נייעם לעבן נאָך דער מלחמה...

צוויי און זעכציק זענען זיי. צוועלף וועלן אָפּגעבן עקזאַמען אַנצוקומען אין גימנאַזיע. עטלעכע זענען געבליבן אינדערהיים מחמת קראַנקהייט,

און איייניקע טרעטן נישט צו צום עקזאַמען, ווייל זיי קאָנען ווייניק די פּוילישע שפּראַך. די איבעריקע זענען קליינוואַרג.

מיר גייען אַריין אין בנין. אין קאָרידאָר איז אַ שטיקנדיקע לופט, ווי אין אַן אָרט, וואָס איז לאַנג נישט געלופטערט געוואָרן. די גרויסעביימער, וואָס רינגלען אַרום דעם אַלטן הילצערנעם שול־בנין (אַ געשניצטער אין זאַקאָפּאַנער סטיל) דערלאָזן נישט די זון און די שיין אין די קלאַסן אַריין. דאָס איז נישט אונדזער „וואַלד־וווינונג", מיט אירע וועראַנדעס און פענצטער וועלכע טרינקען די זון בשפע.

די שטימונג ווערט אַ נאָך ערגערע, ווען מיר זעען, אַז קיינער קומט אונדז נישט מקבל־פּנים זיין, קיינער זעט אונדז נישט און הערט נישט, כאָטש מיר זענען אַלע אין שול. איך לאָז איבער די קינדער אין קאָרידאָר און גיי אַריין אין קאַנצעלאַריע. דער דירעקטאָר זיצט מיטן רוקן צו דער טיר. ער מאַכט זיך נישט הערנדיק און דרייט זיך נישט אויס צו מיר. איך פרעג אויף אַ קול:

— אין וועלכן קלאַס דאַרפן די קינדער אַריינגיין?

דער דירעקטאָר באַוועגט זיך פאַמעלעך אויף דער שטול און רופט דעם שולדינער, ער זאָל עפענען די קלאַסן. די קינדער זיצן שוין אויף די בענק, און איך דערלאַנג דעם דירעקטאָר די קינדער־רשימה. מיר וואַרטן אַ שפּאָרע צייט. דערנאָך קומען אַריין די לערער מיט די לערערינס און רופן אויס די קינדער ביי די נעמען לויט די רשימות, נעמען זיי מיט זיך און גייען אַוועק אין די אַנדערע קלאַסן. זיי לאַדן נישט איין, נישט מיך און נישט די לערערינס. מיר זענען אין אַ שווערער לאַגע. די קינדער זענען צעטיילט אין זעקס קלאַסן, און מיר זענען נאָר דריי. מיר מוזן לאַווירן צווישן די קלאַסן, אַריינגיין אַמאָל אין דעם, אַמאָל אין יענעם. די לערער געבן אונדז צו פילן זייער אומצופרידנקייט מיט אונדזער בייזיין, אָבער די קינדער גיט עס צו זעלבסטזיכערקייט.

מער פון אַלע דערעסט די אַלטע, אויסגעטריקנטע לערערין פון האַנט־אַרבעט. זי האָט פאַנאַנדערגעזעצט די קינדער אַזש אין דריי קלאַסן און זיי אויפגעגעבן אויסצופירן אַרבעטן פון סטאָלעריי און שלאָסעריי, וועגן וועלכע זיי האָבן קיין באַגריף נישט און וועלכע גייען נישט אַריין אין פּראָגראַם פון דער פאָלקסשול (ביזן פערצנטן יאָר), סיידן אפשר אין דעם עכסטן קלאַס פון ייִנגלעך, אויף וויפל ס'זענען דאָ פאַסיקע וואַרשטאַטן אין שול. אין זאַקאָפּאַנע, אמת, איז נישט שווער צו האָבן אַזעלכע וואַרשטאַטן,

ווייל דאָס רוב גוראַלעס באַשעפטיקן זיך מיט סטאָלעריי און שניצעריי אין האָלץ און מעטאַל. אָבער אונדזערע קינדער האָבן אפילו נישט געקאָנט זיך באַנוצן מיט די אַרבעט־מכשירים, ווייל מיר האָבן אין הויז נישט געהאַט קיין וואַרשטאַטן. אויסערדעם זענען זייערע הענט נאָך שוואַך געווען, נישט געוווינט צו אַרבעט. די לערערין זעט עס און זידלט די קינדער:

— דו, לאַ־יצלח איינער! דו דאַרמאַיעדניק איינער! דו פּאַראַזיט יידישער! אָט ווי מ׳דערציט יידישע קינדער! אַזוי איז עס תמיד — דער פּאָליאַק זאָל אַרבעטן פאַר זיי!

פּרוי פּאַלעק, אונדזער לערערין פון האַנטאַרבעט, קומט צולויפן צו מיר איינגאַנצן אַ צעשראָקענע:

— פּרוי לייטערין! זי וועט נישט אַדורכלאָזן אפילו קיין איינציק קינד... זי וויל נישט פרעגן וועגן דעם וואָס די קינדער וויסן, נאָר פּייניקט זיי ביזוויליק, דער קליינער מילעק זיצט און וויינט.

איך גיי צו צו איר, זיך באַהערשנדיק מיט אַלע כוחות נישט אַרויס־צוברויזן, און זאָג:

— איר ווייסט אוודאי פונוואַנען די דאָזיקע קינדער קומען... פון די טויט־לאַגערן און פון קעלערס... דאָרט האָט מען זיי קיין האַנטאַרבעט נישט געלערנט. און זיי היבן ערשט אָן אויסצוגלייכן די קראַנקע, שוואַכע הענט... צו שווערע אַרבעטן זענען זיי נאָכנישט מסוגל... זיי קאָנען אַ סך לייכטערע אַרבעטן, פון קאַרטאָן און איינבינדעריי... איך ראָט אייך איר זאָלט נישט שפּאָטן פון די קינדער און זיי נישט רופן מיט קיין צונעמען... ווייל דאָס וועט אייך נישט העלפן... פאַרקערט, עס קאָן אייך פאַרשאַטן...

אויך אַנדערע לערער און לערערינס שטעלן די פראַגן אַזוי, אַז די קינדער זאָלן וואָס ווייניקער קאָנען ענטפערן. זוכן אויס נעמען פון קליינע שטעט און טייכן, וואָס אפילו דערוואַקסענע געדענקען זיי נישט. פרעגן וועגן פּרטים פון דעם לעבן פון פייגל און חיות, וועגן געוויקסן, ירקות און בלומען, וועלכע די קינדער האָבן נאָך פאַר די אויגן נישט געזען. פונוואַנען זאָלן עס די קינדער וויסן, אויב אין געטאָ און אין לאַגער האָבן זיי נישט קיין בלימל, נישט קיין בוים און נישט קיין חיה נישט געזען? ווי קאָנען זיי דאָס אַלץ פאַרגעדענקען בלויז פון ביכל אַרויס?

— אמתע איזלקעפּ! פּוסטע שאַרבנס! — קוואַליפיצירט זיי דער לערער פון נאַטור.

— איך בעט אייך זייער, — זאָג איך צו אים — די דאָזיקע קינדער

איז פאַרבאָטן געווען די שיין פון דער זון און דאָס גרינס פון פעלד. פיל פון זיי זענען אויסגעוואָקסן אָפּגעשלאָסענע אין אַן ענגען צימער אָדער קעלער. צי קאָנט איר דאָס נישט נעמען אין באַטראַכט?

— דאָס אַלץ אינטערעסירט מיך נישט. איך בין מחויב צו פאָדערן מיינס. די פוילישע קינדער וויסן דאָס אַלץ.

און פונדעסטוועגן איז די פויליש־לערערין געווען געצווונגען מודה צו זיין, אַז אונדזערע קינדער קאָנען אויסגעצייכנט די שפּראַך, האָבן אַ גוטן אַקצענט (וואָס איז דאָס וווּנדער, אַז דער גוטער אַקצענט האָט זיי דאָך געראַטעוועט פון טויט!), זיי קאָנען נישט־שלעכט לייענען און שרייבן און האָבן אַ סך ידיעות (וועלכע זיי האָבן זיך איינגעשאַפּן נישט דווקא אין שול).

די מאַטעמאַטיק־עקזאַמענעס גייען אויסגעצייכנט. ראובן און באַלעק באַשיידן די שווערסטע אויפגאַבעס אויף אויסנווייניק. דער לערער באַוויזט זיי קוים נאָכצוגיין. אויך מיט געשיכטע גייט עס גוט. דערין צייכענען זיך אויס די מיידלעך און דויד. אַניעלאַ, קובא און אַ גאַנצע שורה קינדער צייכענען זייער שיין. אַלע „מיטעלע" אָריענטירן זיך אויסגעצייכנט אין דעם אַטלאַס, און אַ סך מאַפּעס קאָנען זיי צייכענען לויטן זכרון. מיר גופא ווערט קלאָר ערשט אויף די עקזאַמענעס, אַז אַ סך קינדער זענען זייער פעיק. צו אַזעלכע געהער דער צוועלפיעריקער מאיר; מ׳גיט אים לייענען צום ערשטן מאָל אַוועלכן טעקסט און ער חזרט אים איבער אויף אויסנווייניק וואָרט ביי וואָרט אָן איין גרייז. דער קליינער מילעק ווייסט אַלץ וואָס מ׳פרעגט אים; חוץ אָט דער אומגליקלעכער סטאָלעריי... אַלץ געדענקט ער.

רובין איז אַלט ניין יאָר, אָבער ער קאָן מאַטעמאַטיק ווי אַ זיבנקלאַסניק. יאַשאַ דעקלאַמירט ווי אַן אַרטיסטין. ערשט היינט באַנעם איך, ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך געווען, אַז די דאָזיקע קינדער האָבן באַוויזן אין משך פון צוויי מיט אַ האַלבן חודש אָנצויאָגן דאָ, וואָס האָט זיי געפעלט (נישט אַלץ פאַרשטייט זיך): פשוט, זיי זענען זייער באַגאַבטע.

און נישט געקוקט דערויף, ווען די לערער קומען זיך צוזאַמען נאָך מיטאָג צו קוואַליפיצירן די קינדער, הערט מען נישט קיין לויבוואָרט אפילו פאַר איין קינד. ווי זיי וואָלטן זיך אַלע אָפּגערעדט, נעמען אָן אַ פול מויל וואַסער — און שווייגן. בלויז די אַלטע, אויסגעטריקנטע מויד לאָזט הערן איר שטים. און די שטים קלינגט ווי דאָס צישען פון אַ גיפטיקער שלאַנג:

— דאָס זענען אַזעלכע טויגעניכטסן, אַז די וועלט האָט נאָך אַזעלכע נישט געזען! קיין איינס פון זיי ווייסט נישט ווי אַ מכשיר אין האַנט צו האַלטן! אויף „האַנדי־האַנדי!" דאַרף מען זיי שיקן, נישט אין קיין פּוילישער שול!

דער אינספּעקטאָר באַוועגט זיך אומצופרידן און קלאַפּט מיט דער בלייפעדער אין טיש:

— איר וועט דערלויבן מיר צו באַשטימען ווער עס זאָל גיין אין דער פּוילישער שול. איר האָט, דאַכט מיר, געלערנט אין דער דאָזיקער שול מלחמה־צייט די דייטשישע שפּראַך. נישט אַזוי? — פרעגט ער, גלייך ער וואָלט עס נישט געוווּסט — אייער נאָמען איז גרין, נישט אַזוי?

דער אינספּעקטאָר קוקט גלייך אויף איר און וואַרט אויף אַן ענטפער.

— הער אינספּעקטאָר, — זאָגט זי און באַלעקט די טרוקענע ליפּן — איך לערן שוין אין דער שול אַכט און דרייסיק יאָר...

— אויב אַזוי פאַרדינט איר זיך נאָך מערער אויף עמעריטור.

די לערער קוקן אויף איר בייז, ווי זיי וואָלטן זאָגן: „וואָס פּלאַפּלסטו, שוטה? דו זעסט דאָך, אַז ער זוכט זיך בלויז אַ סיבה צו „געבן אונדז דעם וועג" פון דער אַרבעט! ס׳באַלעבאַטעווען ווידער די יידן!". און איך קוק אויף די אַלע שלעכטע און פיינטלעכע פּנימער (מיטן אויסנאָם אפשר פון דער לערערין פון פּויליש און געשיכטע) און טראַכט זיך: אָט סאַראַ עקל־האַפטע ווערעם, וועלכע וועלן שוין קיינמאָל נישט אַרויסקריכן פון זייער אָווערדיקער הויט ביז אין טויט אַריין. מיט קיין רייד וועסטו זיי שוין נישט ענדערן. זיי פאַרשטייען בלויז די שפּראַך, מיט וועלכער ס׳רעדט ערשט צו זיי דער אינספּעקטאָר.

די זיצונג קומט שוין ווייטער פאָר „רויק": קיינער מאַכט מער נישט קיין באַמערקונגען. די לערער שטעלן די מיינונגען אויף אַ נאָנשאַלאַנטן אופן, כלאחר־יד, אונטערשטרייכנדיק דערמיט זייער גלייכגילטיקייט און פּאַסיוון ווידערשטאַנד קעגן דעם וואָס מ׳האָט זיי געצוווּנגען צו עקזאַמענירן יידישע קינדער.

ענדלעך קומט די זיצונג צו איר סוף. דער אינספּעקטאָר פאָרט אַוועק. איך גיי צוריק אַהיים אַן אויסגעמאַטערטע.

אין צוויי טעג אַרום דערהאַלט איך די צייגענישן. דאָס זענען גרויסע, גלאַנציקע און שטייפע בלאַנקעטן (נאָך פון פאַר דער מלחמה) מיט אַ סך אונטערשריפטן און זיגלען (בלויז איך דאַרף נאָר צוגעבן מיין אונטערשריפט).

גאָר פון אויבן איז אויסגעשריבן דער פולער נאָמען און פאַמיליענאָמען פון יעדן קינד, די דאַטע און דאָס אָרט פון געבוירן, און אין וועלכן קלאַס עס גייט אַריבער... דערנאָך אַ לאַנגע שורה פון די לימודים, אויף וועלכע ס׳איז עקזאַמענירט געוואָרן, און די מיינונגען. איך נעם די צייגענישן אין האַנט און ס׳נעמט מיך אַדורך אַ געריירטקייט. מיט וויפל מי און געראַנגל איז עס אָנגעקומען אָט דער ערשטער דאָקומענט פון אַ יידיש קינד נאָך דער מלחמה.

## זשיד, זשיד!

די שיינע, גלאַנצנדיקע צייגענישן האָבן געמאַכט אויף די קינדער אַ שטאַרקן רושם.

— דאָס איז אַ דאָקומענט אויף טויט און לעבן! — האָט געמאָלדן דער קליינער קובאַ פון דער מיטעלער גרופּע.

— נישט ריכטיק, דאָס איז אַ דאָקומענט נאָר אויף לעבן... און אויפן טויט דאַרף מען אַן אַנדערן דאָקומענט! — האָט אים קאָרעגירט דער „פּינקטלעכער" ראובן.

יאָ, דאָס איז אַ צייגעניש מיט אַ „מענטריקע" צוזאַמען, — האָט זיך אין שמועס אַריינגעמישט דער גרויסער מאַניעק — און דערפאַר איז עס געמאַכט פון אַזאַ פּאַפּיר, וואָס מ׳קאָן עס נישט פאַרטיליקן...

— פונוואַנען ווייסטו, אַז דאָס איז אַזאַ פּאַפּיר? — האָט קובאַ געפרעגט.

— קום, וועסטו זען וואָס פאַר אַ צייכנס ס׳זענען דערויף דאָ, אַז מ׳לייגט עס צו צו דער שויב.

— דאָס איז גאָרנישט. דאָס זענען וואַסערצייכנס, — זאָגט מילעק דער קליינער — אָבער דאָס איז פּאַפּיר ווי יעדעס פּאַפּיר און עס ברענט...

— אָבער אַז דו וועסט גוט קוקן, וועסטו אפילו פונעם פאַרברענטן פּאַפּיר קאָנען אַראָפּלייענען די צייכנס, — זאָגט באַלעק.

— אויב דאָס פּאַפּיר איז פאַרברענט, וויאַזוי קאָן מען עס לייענען?

— אָט וועל איך דיר באַלד ווייזן. האָסט שוועבעלעך?

*

און מאַניעקס צײַגעניש װאָלט אַװעק מיטן פֿײַער, צוליבן הײליקן ציל פֿון אַ װיסנשאַפֿטלעכן עקספּערימענט. װען פֿינקטלעך אין דעם מאָמענט װאָלט נישט געװען אָנגעקומען פּרוי ראָזע און אַרױסגענומען זי פֿון איר אײגנטימערס האַנט, װעלכער האָט זי „דערפֿאַר״ געמוזט אָפּגעבן אין קאַנצעלאַריע.

דערװײַל האָב איך שױן געהאַט אין קאַנצעלאַריע אַ סך אַזעלכע צײַגענישן. װײַל די קינדער פֿלעגן אַרומגײן פֿון אינדערפֿרי ביז בײַנאַכט מיט די צײַגענישן הינטער די אָרעמס. קומען מיט זײ אין עס־זאַל, לײגן זיך שלאָפֿן און שטײען אויף מיט זײ... זײ האָבן זײ צענדליקער מאָל געלײענט אויף אַ קול און געװיזן יעדן אײנעם. פֿלעגן גײן מיט זײ אויך אין קיך אַרײַן (װוּהין ס׳איז פֿאַרבאָטן געװען צו גײן) און זײ לײענען פֿאַר די קעכינס. אַזױ אַז מחמת צופֿיל ליבשאַפֿט און צאַצקען זיך מיט זײ זענען אַ סך צײַגענישן פֿאַרלױרנגעגאַנגען (און דערפֿאַר האָבן זײ זיך געפֿונען בײַ מיר אין קאַנצעלאַריע) — און דעמלט האָבן מיר פֿאַרגעלײגט אַלע קינדער, זײ זאָלן אָפּגעבן זײערע צײַגענישן אויף אָפּצוהיטן אין דער קאַנצעלאַריע. נאָך לאַנגע באַדענקענישן און קװענקלענישן און שטעלן פֿאַרשידענע באַדינגונגען: „אָבער איך װעל זי באַקומען צוריק״, „אָבער זי איז זיכער מײַנע״ און „אָבער די מאַמע װעט זי גוט באַהאַלטן!״ האָבן זײ לסוף מסכּים געװען... און ס׳איז שטיל געװאָרן מיט די צײַגענישן.

ערשט האָט זיך אָנגעהױבן אַ װיכטיקערער און עיקרדיקער ענין, אײדער דאָס באַזיצן דעם פּאַפּירענעם דאָקומענט. ס׳איז געשטאַנען די פֿראַגע, צי דאַרפֿן מיר, נישט געקוקט אויפֿן אויסגעשפּילטן קאַמף פֿאַר די צײַגענישן, שיקן אונדזערע קינדער אין דער דאָזיקער שול... צי מעגן מיר זײ װידער שטעלן קעגן פֿאַרפֿאָלגונגען און שנאה, פֿון װעלכן מיר האָבן זײ אַ ביסל איזאָלירט? צי װעלן נישט די נײַע לײדן, װאָס דערװאַרטן זײ דאָרט, אויפֿװעקן אין זײ די װײ־טוענדיקע זכרונות און צונישט מאַכן אונדזער אַרבעט און מי פֿאַר זײ ביז הײַנט? פֿון דער צװײטער זײַט איז אויך נישט געװען געװוּנטשן צי איזאָלירן די קינדער אַ צו לאַנגע צײַט, צו דערציִען זײ אונטער „אַ גלעזערנעם קלאָש״. זײ דאַרפֿן באַקענען דאָס לעבן! זיך צופּאַסן צו דעם און צו דער װירקלעכקײט!

און די קינדער האָבן זיך װירקלעך געריסן דערצו. האָבן געװאָלט

אומבאַדינגט „גיין אין שול". מיר האָבן געטראַכט: אָט די קינדער פאַרמאָגן זייער אייגענעם כוח אויסצוקעמפן פאַר זיך זייער וועג און אָרט. בלויז צוליב אָט דעם כוח אַליין האָט זיך זיי איינגעגעבן צו קעמפן פאַר זייער לעבן און עס אָפּראַטעווען. איז ווי מעגן מיר צונעמען ביי זיי זייער גרעסט פאַרמעגן, זייער צופּאַסונגס־פעיקייט און וויטאַלע קראַפט, און זיי פאַרשליסן צווישן די ווענט פון אונדזער אַנשטאַלט? און באַזונדערס ווען די שול אין דאָזיקן אַנשטאַלט איז נישט קיין אמתע שול. קודם־כל האָבן מיר פאַר איר קיין פּלאַץ נישט געהאַט. פאַקטיש האָבן מיר געהאַט בלויז איין זאַל, דער צווייטער איז געווען דער עס־זאַל, און מ'האָט תמיד געמוזט זיך איילן צו פאַרענדיקן דאָס עסן און אָוועקרוימען דאָס געפעס, דערנאָך איבערשטעלן די טישן און שטולן, כדי אָנצוהייבן צו דער צייט דאָס לערנען. און אַזוי פיר מאָל אין טאָג. אויסערדעם האָבן מיר נישט געהאַט קיין מכשירים צו די לימודים: נישט פאַר פיזיק, כעמיע, געאָמעטריע און אויך נישט קיין מאַפּעס און אַ גלאָבוס, שוין אָפּגערעדט פון פאַרשידענע מכשירים פאַר האַנטאַרבעט און אַלץ וואָס איז נייטיק פאַר אַ גימנאַסטיק־שול. און כ'האָב נישט געהאַט קיין אויסזיכט, אַז כ'וועל דאָס אַלץ קאָנען קויפן, צוליב מאַנגל אין געלט. גראָד דעמלט האָט זיך ביי אונדז אָנגעהויבן אַ שווערע צייט, אַלץ האָט אָנגעהויבן אויספעלן — כ'האָב אפילו נישט געהאַט קיין געלט צו באַצאָלן די לערערינס. האָב זיי אָבער געמוזט ווייטער האַלטן, ווייל אַ גרויסער טייל פון די קינדער איז געצווונגען געווען צו לערנען אינדערהיים, צוליב שלעכטן געזונטצושטאַנד.

און ווייל די צייט איז שוין געווען קורץ, און מ'האָט געדאַרפט דעם ענין דערליידיקן באַלד, האָב איך וועגן מיינע שוועריקייטן דערציילט דעם אינספּעקטאָר, און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן זיין פריינטשאַפט, גאָרנישט אָפּצושאַצן.

— כ'פאַרשטיי נישט, צו וואָס, חברטע, איר ברעכט זיך דעם קאָפּ, באמת, ס'איז אַ שאָד. די זאַך איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג! אָט וועלן מיר דאָ אין אַנשטאַלט פאַרלייגן פאַר די קראַנקע קינדער אַ סאַנאַטאָריום־שול מיט פולע רעכט. און די מדינה וועט זי אויסהאַלטן, נישט איר. און קודם־כל וועל איך דערליידיקן אַן עטאַט פאַר איך, ווי די לייטערין פון דער דאָזיקער שול, צורעכענענדיק אייער סטאַזש פון פאַר דער מלחמה און פון דער מלחמה־צייט, וועלכע ווערן באַצאָלט טאָפּלט. וואָרן וואָס, — האָט ער זיך אַ בייזער געטאָן — איך זע דען נישט, אַז די אַלע קינדער ליגן אויף אייער

קאַרק, און איר זאָרגט פאַר זייער דערנערונג און קליידונג... און האַלט צוזאַמען די גאַנצע חברה...

— און וואָס וועט זיין מיט אונדזערע לערעריגס? — האָב איך אַ פרעג געטאָן, כדי אָפּצוציען זיין אויפמערקזאַמקייט פון מיר.

— וואָס האָט צו זיין? — האָט ער זיך ווייטער פריינטלעך געבייזערט — כ'וועל אויך זיי צאָלן פענסיע. וואָס, זיי לערנען נישט? צי אָט יענער גרין קומט גיכער?

אַזויאַרום האָב איך זיך אַרויסגעדרייט פון די פינאַנסיעלע שוועריקייטן. דער אינספּעקטאָר האָט געצאָלט דריי פּענסיעס און באַזאָרגט אונדזער שול מיט לערן־מכשירים. אונדזער שול האָט דעם קאָמיטעט גאָרנישט געקאָסט. און איצטער, אַז מיר האָבן שוין געהאַט אַ געזיכערטן „הינטערלאַנד”, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט צו שיקן אונדזער „מיליטער” אויפן „פראָנט”. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז די עלטערע און געזונטע קינדער, וועלכע קאָנען פּויליש, זאָלן גיין אין דער מלוכהשער שול. די יינגערע אָבער, די קרענקלעכע, די מיט די פאַרשידענע פעלערן און נישט אַנטוויקלטע לויט זייערע יאָרן, זאָלן בלייבן אין אונדזער סאַנאַטאָריום־שול.

אויסער אונדזערע קאַנדידאַטן אין דער פאָלקסשול זענען נאָך געווען ביי אונדז צוועלף קאַנדידאַטן אין גימנאַזיע. זיי זענען אַלע געווען פעיקע קינדער, ווי מאָניעק, וויקטאָר, רישעק מענליך, מאַרילקע, עמילקע, עדנא, באַלעטשקע און אַנדערע. מיט זייערע איינטריטס־עקזאַמענס איז נישט געווען קיין שום שוועריקייטן. זיי זענען געגאַנגען אַליין און עקזאַמענירט געוואָרן. איך האָב זיי בלויז געגעבן אויף איינטריט־אָפּצאָל. און אויך שפּעטער האָבן זיי זיך אַליין אויסגעלייגט זייער וועג אין קלאַס און אין שול, יעדער לויט זיין כוח און מעגלעכקייט. און ס'איז טשעקאַווע: הגם דאָס רוב מיידלעך זענען געווען פייערדיקע קאַטאָליטשקעס און פּאָלקעס, האָבן זיי זיך אין שול אַריין פאַרשריבן פאַר יידישקעס... בלויז דריי פון זיי פלעגן איבערבלייבן אין קלאַס אויף די לעקציעס פון דער קאַטוילישער רעליגיע: מאַרילקע, עמילקע און יאשקאַ. די איבעריקע פלעגן אַרויסגיין, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די רעליגיע־לעקציע. וויקטאָר האָט אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגן דעם ענין:

— מיר איז אַלציינס אויף וועלכע לעקציע פון רעליגיע איך זיץ. אָבער כדי זיי זאָלן נישט מיינען אַז איך שעם זיך מיט מיין יידישקייט און אַז איך גיי אויף די לעקציעס פון זייער רעליגיע בכדי זיי צו חנפנען, איז מיר ליבערשטער אַרויסצוגיין פון דער לעקציע...

בלויז מאַרילקע האָט זיך פאַרשריבן פאַר אַ פוילישע און אַ קאַטאָליטשקע. און זי פלעגט מיך פייניקן מיט כסדרדיקע דערמאָנונגען איך זאָל זיך נישט, גאָט באַהיט, פאַרראַטן אַרויסכאַפּנדיק זיך, אַז זי איז אַ יידישקע... פונדעסטוועגן פלעגן די מיידלעך דערציילן, אַז די „אויטענטישע" פּאָלקעס אין קלאַס האָבן זי נישט ליב. און אַז גראָד מיט עדנען און באַלעטשקען לעבן זיי זייער גוט. ערשט צום האַלבן לערניאָר, ס'הייסט, אום יאַנואַר, ווען מאַרילקע האָט באַקומען דעם ערשטן פּריז אין שול פאַר דעם שענסטן פּוילישן געדיכט, און אַ גרויסע מעלדונג וועגן דעם איז געווען אַרויסגעהאָנגען אויף דעם מעלדונגס־טאָוול אין קאָרידאָר, — ערשט דעמלט האָט זי באַדויערט פאַרוואָס זי האָט נישט באַקומען דעם פּריז ווי אַ יידישקע.

— מיין סאַטיספאַקציע וואָלט געווען טויזנט מאָל אַ גרעסערע, — האָט זי געזאָגט — ווען זיי וואָלטן געווען געמוזט פאַרעפנטלעכן, אַז איך, אַ יידישקע, בין די בעסטע פּאָלאָניסטין אין דער גאַנצער שול.

אַנדערש ווידער איז געווען די לאַגע פון אַ גרופּע קינדער, וועלכע מ'האָט גערופן די „פאַרטיזאַנקע" (הגם ס'זענען געווען עטלעכע פאַרטיזאַנער צווישן די קינדער אויסער דער דאָזיקער גרופּע). צו איר האָבן געהערט שאול, אהרון, יצחק, ליאָנעק, מאַשקע, פראַנקע, אָליאַ, חיה, רחל און אַנדערע. זיי זענען נישט געגאַנגען זיך עקזאַמענירן אין דער פוילישער שול און האָבן מיר אַזוי געזאָגט: — אונדז גייט נישט אָן נישט די פוילישע שול און נישט די פוילישע שפּראַך, ווייל סיווי וועלן מיר דאָ נישט בלייבן. מיר ווילן פאָרן קיין ארץ־ישראל. איך האָב זיי געענטפערט: — דער דאָזיקער ציל ציט מיך אויך. הלוואי מיר זאָלן אַלע קאָנען פאָרן אַהין. אָבער איר זעט דאָך אַליין, אַז דערווייל איז נישטאָ קיין שום מעגלעכקייט פאַר דעם, און לערנען מוז מען, ווייל איר ווייסט נישט גאָרנישט. איר האָט דאָך נישט געלערנט. ענטפערן זיי מיר: — אָבער פויליש לערנען ווילן מיר נישט. מיר וועלן עס נישט דאַרפן האָבן. מיין תשובה: — אין שול לערנט מען נישט בלויז די פוילישע שפּראַך, נאָר אויך מאַטעמאַטיק און געאָמעטריע, געאָגראַפיע און נאַטור און אַלגעמיינע געשיכטע. זייער ענטפער: — אָבער מיר ווילן בעסער לערנען תנ"ך, פּאַלעסטינאָגראַפיע און יידישע געשיכטע. דאַן זאָג איך זיי: גוט, מירן אַ טראַכט טאָן וועגן דעם. די שווערקייט באַשטייט דערין, וואָס ביי אונדז אין הויז קאָן נישט קיינער לערנען העברעיש אויסער מיר, און איך האָב פאַר דעם נישט קיין צייט. און נאָך אַ זאַך... איר ווייסט דאָך, אַז מ'טאָר דאָ נישט לערנען קיין העברעיש, אַלץ וואָס איז נוגע ארץ־ישראל איז

דאָ פאַרוועדט צו לערנען, וועלן מיר האָבן שטאַרקע אומאָנגענעמלעכקייטן, אויב עמעצער פונדרויסן וועט זיך וועגן דעם דערוויסן. זאָלט איר דאָס האַלטן בסוד... חוץ דעם ראָט איך אײַך אַלע צו באַזוכן לכל־הפחות די שול אין אַנשטאַלט. זײַט זיכער, אַז אויך דאָרט, אין ארץ־ישראל לערנען קינדער מאַטעמאַטיק און געאָגראַפיע, אַלגעמיינע געשיכטע און נאַטור, און אויך געזאַנג און צייכענען.

זיי האָבן מיט מיר מסכים געווען און גענומען באַזוכן געוויסע לעקציעס אין אונדזער שול. און איך האָב נאָך מער צונויפגעקוועטשט מײַן צײַט און אויסגעשניטן אַ שעה פאַר זייערטוועגן אויף אַ צוגאָב־לעקציע העברעיש.

אַזוי האָב איך דערוויַיל געלייזט דאָס פּראָבלעם פון לערנען אַלע מײַנע קינדער. אין פלוג — אויפן בעסטן אופן. און צוליב „פולשטענדיקער זיכערקייט" האָט נאָך דער אינספּעקטאָר געשיקט אָפיציעלע בריוו צו די דירעקטאָרן פון ביידע שולן און געמאכט זיי פערזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך „פאַר דער זיכערקייט פון די יידישע קינדער אין די מלוכהשע שולן און פאַר אַ געהעריקער באַציונג צו זיי". און פונדעסטוועגן בין איך נאָך אַלץ נישט געווען זיכער און רויק.

עס זענען אַריבער עטלעכע וואָכן. די קינדער זענען געגאַנגען אין שול. און אָט איז איינמאָל געקומען צו מיר פריילין ראָזע אַ פאַרסאַפּעטע און מיר דערציילט, אַז וואצלאוו מאַטיקא איז ווידעראַמאָל אַנטלאָפן פון שול.

— וואצלאוו האָט נישט ליב צו לערנען, — האָב איך געזאָגט — ס'איז גישט ביי אים קיין זעלטענע זאַך צו צעפּטרן אַ שעה־צוויי פון די לימודים און זיך גיין שפּאַצירן אָדער לויפן אַהיים.

— יאָ, אָבער היינט זעט עס אויס אַנדערש, — האָט פריילין ראָזע געטענהט אַ צעשראָקענע — ער איז צוריקגעקומען מיט אַ צעריסענע מאַרינאַרקע און האָט אויפן וועג פאַרלוירן דאָס היטל און די לערן־מכשירים פון טעקע... נו, און ער איז נישט געגאַנגען אין שטאָט אַריין „שפּאַצירן" ווי געוויינלעך, נאָר גלייך געקומען צו לויפן אַהיים.

— און וואָס איז מיט די אַנדערע ייִנגלעך ? — האָב איך געפרעגט — זיי לערנען דאָך זאַלבע פינף אין יענעם קלאַס. זענען זיי אויך געקומען פריער ?

— ניין. אָט דאָס טאַקע באַאומרויקט מיך. ווייל מאַטיקא האָט עפּעס געשטאַמלט, אַז די קריסטלעכע ייִנגלעך האָבן זיך „צוזאמענגערעדט" קעגן זיי, אים האָבן זיי נאָכגעיאָגט און נאָכגעוואָרפן שטיינער... ער איז אַזוי איבערגעשראָקן, אַז מ'קאָן נישט פאַרשטיין וואָס ער רעדט.

— פריילין ראָזע, — האָב איך באַשלאָסן זי צו באַרויקן — דענערווירט זיך נאָר נישט פריצייטיק... לאָמיר צוװאַרטן נאָך אַ שעה, ביז זיי קומען געווינלעך אַהיים. איר ווייסט דאָך ווי דאָס קומט פאָר ביי יינגלעך... תמיד געשלעגערייען. און מאָטיקאַ האָט נישט ליב צו בלייבן עמעצן שולדיק, ער קאָן אויך גאַנץ שיין פאַרטשעפּען אַנדערע...

— פריילין ראָזע איז אַרויס פון קאַנצעלאַריע. אָבער איך האָב שוין נישט געקאָנט ווייטער אַרבעטן. האָב געוואָלט זיך פאַרבינדן טעלעפאָניש מיט דער יינגל־שול, אָבער די שול האָט קיין טעלעפאָן נישט געהאַט. אַהין צולויפן אין שול, ווי ס'האָט מיך גערופן מיין פלאַטערנדיק האַרץ, האָט מיר אויסגעזען צו זיין איבערגעאיילט. זיי וועלן גלייך זאָגן: צוליב אַ ליאַדע קלייניקייט מאַכן די יידן אַ פּאַניק! מאַלע וואָס יינגלעך שלאָגן זיך צווישן זיך!... בעסער וועל איך צוואַרטן מיט געדולד אָט די פערציק מינוט. ס'איז דאָך נישט קיין אייביקייט. נאָך דרייסיק מינוט, נאָך צוואַנציק, שוין בלויז נאָך צען... און אפשר האָבן זיי עפּעס פאַרטראַכט ספּעציעל קעגן מאָטיקאָן? און אפשר האָט יענע „באַבע״, די לייטערין פון זייער יתומים־הויז, אָנגעהעצט קעגן אים די יינגלעך?

און דאָ האָב איך זיך דערמאָנט די געשיכטע פון וואַצלאַוו מאָטיקאַ, ווי אַזוי ער איז געקומען צו אונדז. מאָטיקאַ איז געווען אַ שיין און פריילעך ניינעריק בחורל. ער איז אינגאַנצן נישט ענלעך געווען צו אַ יידיש יינגל. ביז מיט אַ קורצער צייט צוריק, האָט ער זיך געפונען אין אַ פּוילישן אַנשטאַלט פאַר יינגלעך אויף קאָשטשעליסקאַ־גאַס אין זאַקאָפּאַנע. מיר האָבן זיך נישט דערוווּסט, וויאַזוי ער איז אַהין אָנגעקומען. וואָרשיינלעך האָט אים אַהין געשיקט די סאָציאַלע הילף פון אַוועלכער גרעסערער שטאָט. מאָטיקאַ האָט זיך גוט צוזאַמענגעלעבט מיט די יינגלעך אין אַנשטאַלט, און זיין לאַגע איז נישט געווען אַנדערש פון דער לאַגע פון אַנדערע יינגלעך. ער איז געווען אַ שטאַרקער, אַ פלינקער, פעיק צו פאַרשידענע אַרבעטן און מלאכה. קיין באַזונדערע אינטעליגענץ און גייסטיקע פעיקייטן האָט ער נישט אַרויסגעוויזן. אַזוי אַז ער האָט זיך מיט גאָרנישט אויסגעטיילט פון מיטלמעסיקייט. און ווייל ער איז אויך געווען אַ חברישער, האָבן אים די קאָלעגן ליב געהאַט.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט און ס'זענען אַריין די סאָוועטן, האָט מאָטיקאַ געטאָן אַ מאָדנע זאַך: ר'איז באַלד געגאַנגען צו דער לייטערין פון אַנשטאַלט און זיך איר מודה געווען, אַז ער איז אַ ייד. און פון דעם

מאָמענט אָן האָבן זיך פאַרענדיקט זײַנע גוטע צײַטן... אַלע ייִנגלעך האָבן גענומען אים שלאָגן, די לײַטערין האָט נישט אויפגעהערט אים פאַרצוואָרפן פאַרוואָס ער האָט איר אין משך פון צוויי יאָר אָפּגענאַרט, פאַרוואָס זי האָט געמוזט האַלטן אין הויז אַ ייִד און אים דערנערן. די פּײַניקונגען און די קלעפּ, וואָס דאָס ייִנגל האָט באַקומען זענען באַוווּסט געוואָרן אין זאַקאָפּאַנע, אונדזער פּױלישע געהילף־קעכין האָט עס מיר דערציילט. בין איך גלײַך אַוועק אין דעם אַנשטאַלט אויף קאָשטשעליסקאַ־גאַס און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון דער לײַטערין. כ׳האָב זיך פאָרגעשטעלט און געזאָגט: — כ׳האָב געהערט, אַז איר האָט דאָ אַ ייִדיש ייִנגל צווישן די קינדער. ווײַל מיר איז באַקאַנט ווי שווער עס איז הײַנט צו באַקומען לעבנסמיטלען — בין איך גרייט אײַך צו באַפרײַען פון דער לאַסט און נעמען דאָס ייִנגל צו אונדז אין הויז.

פאַר מיר איז געזעסן אַ יונגע פרוי, אַ גוט דערנערטע, מיט געזונטע רויטע באַקן און גרויסע, מיאוסע הענט.

— אָ, יאָ, — האָט זי לעבעדיק אַ זאָג געטאָן — מיר האָבן אַ ייִד... און גאַנצע צוויי יאָר האָבן מיר וועגן דעם נישט געוווּסט. ווי ער האָט עס געקאָנט זיך אויסבאַהאַלטן און אונדז אַלע אָפּנאַרן... און הײַנט האָבן מיר נישט, נישט קיין מעל און נישט קיין סלאָנינע, נישט קיין קאַרטאָפל און נישט קיין מילך... בין איך נאָך מחויב צו האָדעווען דאָ אַ ייִד?

— איז אויב אַזוי, — האָב איך העפלעך געזאָגט — קאָן איך אים צונעמען אפילו שוין. וועט איר האָבן ווייניקער אַ מויל צום עסן.

— ביטע, ביטע, — האָט זי זיך געאײַלט פּטור צו ווערן פונעם ייִנגל — איר קאָנט אים נעמען. מיר האָבן אים שוין אַזוי אויך גענוג געקאָרמעט, און ווען כ׳וואָלט געוווּסט וויסן, אַז ער איז אַ ייִד, וואָלט איך אים נישט געוווען געהאַלטן.

אונדזער שמועס איז געווען געענדיקט. כ׳האָב זיך אונטערגעשריבן אַז כ׳האָב צוגענומען דאָס ייִנגל און אין פינף מינוט אַרום איז אים אַוועקגעפירט, אָן איבערגעשראָקענעם, אַ שמוציקן, נאָר אַ צופרידענעם. בײַ אונדז אין הויז האָט ער זיך תיכף־ומיד דערפילט ווי אינדערהיים. מ׳האָט אים אַרומגעוואַשן, אַנטלויזט, פאַרבאַנדאַזשירט זײַנע וווּנדן, אים געגעבן גוט אָפּצועסן, און אָט האָט זיך אין עטלעכע טעג אַרום אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ שיין און ליב ייִנגל, נישט מער, ער איז אַ פוילער, האָט קיין שום חשק נישט צום לערנען און צו עפּעס זיך אָנצושטרענגען.

אין דריי וואָכן אַרום, ווען דאָס ייִנגל האָט שוין באַוויזן צו פאַרגעסן די קלעפּ וואָס ער האָט באַקומען אויף קאָשטשעליסקאַ־גאַס (ער פלעגט אין אַלץ שנעל פאַרגעסן, און אפשר צוליב דעם איז ער געווען אַ מזג־טוב), האָט זיך צו מיר אַריינגעיאָוועט זיין געוועזענע לייטערין. זי איז געקומען אַ צעכעסטע און חוצפּהדיקע.

— וואָס הייסט עס? — האָט זי געשריגן שוין פון דער שוועל — איך האָב געהאַלטן ביי זיך אַ ייִד צוויי יאָר, און ערשט האָט איר אים צוגענומען אָן גאָרנישט?

— פאַרוואָס אָן גאָרנישט? — כ'האָב אים אָפּגענומען מיט כינים, מיט ווונדן, מיט סימנים פון קלעפּ. דאָס הייסט ביי אייך, פרוי, אָן גאָרנישט.

— אַלע אונדזערע קינדער האָבן כינים, ווייל מיר האָבן נישט קיין זייף... די ייִדן האָבן אַלץ! סיי זייף, סיי ברויט, סיי צוקער און געלט! און די פּאָליאַקן אין זייער אייגענעם לאַנד מוזן הונגערן! אָט, למשל, איך! צוויי יאָר האָב איך געהאָדעוועט ביי זיך אַ ייִד און אים פון טויט געראַטעוועט, און ערשט האָט איר אים פון מיר אַרויסגענאַרט און גאָרנישט געגעבן פאַר אים.

כ'האָב אַ קוק געטאָן אויף איר רויט, פעט פּנים מיט די קליינע בייזע אייגעלעך און געזאָגט:

— נו, קיין גאָר גרויסן הונגער איז אויף אייער פּנים נישט צו זען... נאָר וואָס שייך די קינדער אין אייער אַנשטאַלט, דאָס איז שוין אַן אַנדער זאַך, אָבער ווען איר וואָלט געפּרוווט, פרוי, זיך אַ ביסל פייניקן, נישט שלאָפן קיין נעכט און פאָרן זיך באַמיען און בעטן צוטיילונגען, וואָלטן אייערע קינדער נישט געמוזט האָבן קיין כינים און אַרומגיין הונגעריקע... און וואָס שייך דאָס ראַטעווען אַ ייִדיש קינד, האָט דאָך עס נישט קיין אַנדערער ווי איר אַליין מיר געזאָגט, אַז ווען איר זאָלט געווען וויסן אַז ס'איז אַ ייִד, וואָלט איר אים נישט געווען צוגענומען און געהאַלטן. און איר מיינט, אַז מענטשן ווייסן נישט וויפל איר האָט זיך איזדיעקעוועט איבער דעם ייִנגל און אים געקאַטעוועט זינט איר האָט זיך דערוווסט, אַז ער איז אַ ייִד?

— די קינדער האָבן אים געשלאָגן, נישט איך.

— און איר האָט בלויז מיט פאַרגעניגן זיך צוגעקוקט?

— וואָס דרייט איר מיר דאָ אַ ספּאָדיק? — האָט זי זיך מיטאַמאָל צעשריגן — איר וועט מיר באַצאָלן פאַרן ייִנגל, צי נישט?

— אפילו נישט קיין גראָשן. פאַרן פּייניקן דאָס יינגל קומט אייך אַן אַנדער באַצאָלונג.

— איר וועט נאָך דאָ הערן פון מיר ! — האָט זי מיר אַ דראָע געטאָן מיט אַ פינגער און זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר, די דערציערין פון די פוילישע יתומים.

דער דאָזיקער וויזיט האָט אין מיר געוועקט, נאָכן מאָמענטאַלן אויפברויז, אַ געפיל פון גרויס באַדויערונג און ווייטיק, וואָס אין די הענט פון דער דאָזיקער פרוי געפינען זיך קליינע, הילפלאָזע יתומים. ווייל ס'איז דאָך מיר געווען קלאָר, אַז דאָס אומרעכט וואָס איז געשען דעם יידישן קינד איז אַ שרייענדיקער אויסדרוק פון דעם אומרעכט וואָס ווערט באַגאַנגען קעגן אַלע קינדער אין דאָזיקן אַנשטאַלט. כ'האָב אפילו אַ טראַכט געטאָן, וויאַזוי וואָלט איך קאָנען אויסהיטן יענע קינדער פון דער דאָזיקער „דערציערין" און ווי זיי העלפן, זיי זאָלן באַקומען גרעסערע צוטיילונגען. כ'האָב געוואָלט רעדן וועגן זיי מיטן נאַטשאַלניק פון אַפּראָ־וויזאַציע און דעם אינספּעקטאָר. נאָר ווייזט אויס אַז די דאָזיקע פרוי איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג מיט איר נקמה.

די אַלע דערינערונגען זענען מיר דורכגעגאַנגען דורכן זינען אין משך פון דער קורצער צייט, וואָס כ'האָב געוואַרט אויפן צוריקקומען פון די איבעריקע קינדער פון דער שול.

דערווייל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיינע איבערטראַכטענישן זענען דערווייל געווען אומזיסטיקע. אַלע קינדער זענען דעם טאָג צוריקגעקומען פון שול בשלום.

נאָכן מיטאָג־עסן בין איך אַריינגעגאַנגען אין צימער פון די „מיטעלע" אויפצוקלערן, וואָס ס'איז געווען די סיבה פון מאָטיקאָס אַנטלויפן פון שול און ווי זעען אויס בכלל די באַציונגען צווישן די לערער און די שילער. אַלע קינדער זענען געווען אָנגעכמורעט און נישט גערן צו שמועסן. (נישט ווי זייער שטייגער תמיד). פריילין ראָזע האָט הינטער זייערע פּלייצעס געהויבן אומבאַהאָלפן די קאָסל, אַז זי קאָן אויך נישט פון זיי עפּעס אַרויסבאַקומען.

— יינגלעך, ווי גייט עס אייך אין שול ? — האָב איך אָנגעהויבן מיט אַן אַלגעמיינער פראַגע.

— אַזוי זיך, — האָבן זיי אַוועקגעמאַכט מיט די הענט, נישט קוקנדיק אויף מיר.

— זענען די לערער גוט צו אייך ? — האָב איך זיך אַ ווענד געטאָן

צו סאַלושן, אַ שיין און דעליקאַט יינגל מיט אויגן וואָס פינקלען ווי שטערן.

— זיי זאָגן אונדז נישט קיין שום בייז. שרייען נישט אויף אונדז, — האָט ער געענטפערט.

— פרעגט מען אייך אָפּט אויס ?

— ס׳ווענדט זיך ווען, — האָט געענטפערט ראובן — איך רייס זיך, אָבער דער לערער וויל מיך נישט פרעגן. און מאַטיקאַ הייבט אינגאַנצן נישט די פינגער, פרעגט אים דער לערער יעדעס מאָל.

— דאָס איז אינגאַנצן פאַרשטענדלעך, — האָב איך דערקלערט — אַ שלעכטן שילער דאַרף מען פרעגן אָפטערער איידער אַ גוטן, כדי ער זאָל זיך אויסלערנען.

מאַטיקאַ איז געזעסן אין אַ ווינקל און האָט עפּעס געמייסטערט מיט אַ טשוואָק און אַ בענדל, און זיך נישט שטאַרק איבערגענומען מיט מיין באַמערקונג וועגן אים. האָב איך זיך אויסגעדרייט צו אים און אַ פרעג געטאָן :

— און פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפן פון שול ?

— ווייל די יינגלעך האָבן מיך געוואָלט שלאָגן, — האָט ער געענטפערט, נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ פון דער אַרבעט.

— יאָ, — האָט עס מיר קלאָרער אויפגעקלערט ראובן — די יינגלעך אין שול האָבן מאַטיקאַן „דערקאָנט״, דערפאַר ווילן זיי אים שלאָגן.

מ׳וועט דאַרפן אים איבערפירן אין אונדזער שול, האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

— און ווי איז מיט אייך ? אייך שלאָגט מען אויך ?

אינאָנהייב האָבן די יינגלעך נישט געענטפערט. דערנאָך האָט ווידער אָנגעהויבן דער דרייסטער ראובן :

— אַמאָל נישט, אַמאָל יאָ... אַמאָל רופן זיי בלויז מיט צונעמען... און אַמאָל שלאָגן זיי... אָבער מיר שרעקן זיך נישט... צום ערגסטן איז ווען מ׳גייט אַרויס פון שול. דעמלט באַפאַלן זיי אונדז און שלאָגן...

נאָכן דאָזיקן שמועס האָב איך מיט פריילין ראָזע באַשטימט, אַז מיר וועלן יעדן טאָג גיין אָפּנעמען די קינדער פון שול. פאַרשטענדלעך, אַז מירן זיי וועגן דעם נישט זאָגן, ווייל זיי וועלן נישט מסכים זיין. און מאַטיקאַ וועט אַריבער אין אונדזער שול. אָבער ווען מאַטיקאַ האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, איז ער געקומען מיך בעטן, איך זאָל אים אויך אויף ווייטער דערלויבן צו גיין אין דער מלוכהשער שול מיט אַלע יינגלעך. איך האָב זיך געטראַכט,

אַז די דאָזיקע ביטע איז פונדעסטוועגן נישט קיין שלעכטער שטריך פון זײַן כאַראַקטער, און באַשלאָסן נאָך אַ מאָל צו ריזיקירן. אין ערגסטן פאַל, האָב איך געטראַכט, וועט ער ווידער פון זיי אַנטלויפן.

אויף מאָרגן איז געפאַלן דער ערשטער שניי אין זאַקאָפּאַנע. די בערג זענען ווייס געוואָרן איבער נאַכט. די גלעקלעך אויף די העלדזער פון געשפּאַנטע פערד אין שליטן האָבן זיך געלאָזט הערן. אַ פרישער זויבערער שניי איז געלעגן אויף דער ערד, די פּלויטן און אויף די ביימער... אומעטום לוסטיקע אויסגעשרייען, קנאַלן פון בײַטשן אין דער לופט, געקאָוועטע שטיוול קלאַפּן פון זיך דעם שניי... אין הויז האָט גענומען הערשן אַ פרייד נישט אויסצומאָלן זיך. די קינדער האָבן ממש געווילדעוועט, מ׳האָט זיי נישט געקאָנט אײַנהאַלטן אין הויז. אַלעמאָל האָבן זיי זיך אַרויסגעכאַפּט פון די קלאַסן צום כישופדיקן שניי, און נישט געקאָנט זיך זאַט אָנקוקן. מיר האָבן געמוזט ענדיקן די לימודים פריער, ווײַל די קינדער האָבן סיוויי נישט געהאַט קיין קאָפּ פאַר זיי. מ׳האָט זיי אָנגעטאָן אין וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט, און הײַדאַ אויפן שניי.

דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע פאַרווײַלונג. די קינדער האָבן גלײַך געמאַכט אַ שניימענטש, הגם קיין סך שניי איז נאָכנישט געווען. געפירט מלחמה מיט שנייקוילן און איבערגעקערט אײנער דעם צווייטן „צו מאַכן אַ מענטש" אויפן שניי. די זון, האָט אויפגעשײַנט, דער שניי האָט אויף אַ ווײַל אויפגעהערט. די וועלט איז נאָך שענער געוואָרן, נאָר פריידיקער.

צוועלף אזייגער האָב איך דערמאָנט פריילין ראָזע, אַז מ׳דאַרף גיין אין שול אָפּנעמען די קינדער. זי איז גלײַך אַרויסגעלאָפן, הגם זי האָט נישט געהאַט קיין געהעריקע שיך צו גיין אינעם שניי.

ס׳האָט זיך דערנענטערט די צײַט פונעם קלונג צום מיטאָג, און די דערציערינס האָבן מיט גרויס מי צוזאַמענגענומען די קינדער פון פאַרשנייטן פעלד. פון אונטער די הענט זענען זיי אַנטלאָפן, כדי נאָך אַ ביסל אַרומשפּרינגען אויפן שניי־טעפּעך. אָט האָט זיך שוין דערהערט דער קלונג און פריילין ראָזע מיט די קינדער זענען נאָך אַלץ נישט געקומען. אַ באַאומרויִקטע האָב איך זיך אַלע ווײַל אויפגעהויבן פונעם טיש און אַרויסגעקוקט אין דרויסן; צי מ׳זעט זיי שוין גיין. לסוף האָב איך איבערגעלאָזן דעם מיטאָג און אַרויסגעלאָפן אינדרויסן. דער שניי האָט שוין היפּש פאַרדעקט די וועגן. ס׳איז מיר שווער געווען צו גיין. אַ שטיקל צײַט האָב איך געבלאָנדזשעט, ביז כ׳האָב דערזען פונווײַטן די רויטלעכע שול אויפן ווײַסן

בערגל. מיט גרויס מי בין איך אַרויסגעגאַנגען און האָב געוואָלט אַריינגיין אין שול. אָבער דער בנין איז געווען געשלאָסן, מ׳האָט קיינעם נישט געזען. כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. ס׳איז שוין געווען צוויי. גאָט מיינער! — האָט מיין האַרץ געקלאַפּט פון שרעק — ווו זענען זיי אַלע? זאָלן זיי האָבן פאַרבלאָנדזשעט? זיי גייען דאָך מיט דעם וועג טאָגטעגלעך!

מיטאַמאָל האָב איך דערזען אויף דער צווייטער זייט שול עפּעס טונקעלע פלעקן, וועלכע לאָזן זיך אַראָפּ. ס׳האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַן אומאַנגענעם געפיל. כ׳האָב זיך געלאָזט גיין נאָך די שפּורן פון אָט די פלעקן. און ביים סאַמע סוף, ווייט צופוסנס פון באַרג, האָב איך דערזען די קליינע גרופּע קינדער, וואָס באַוועגט זיך מיט אַ סך מי.

כ׳האָב גענומען לויפן מיט אַ מטורפדיקן פּענד. און ערשט דעמלט האָב איך זיי אַלע דערזען קלאָר: פאָרויס איז געגאַנגען פריילין ראָזע, וויינענדיק אויף אַ קול. מיט איין האַנט האָט זי געהאַלטן מאַטיקאָן, וואָס פון זיין נאָז און איין האַנט איז געראָנען בלוט און געלאָזט פלעקן אויפן שניי, און מיט דער צווייטער האַנט געצויגן מיט אַלע כוחות סאַלושן, וואָס האָט זיך איינגעעקשנט און בכלל נישט געוואָלט גיין... די פּראָצעסיע האָבן געשלאָסן ראובן, דער קליינער מילעק און באַלעק. אַלע זענען געווען צעדראַפּעט און צעקרעלט, מיט סיניאַקעס אויף די פּנימער, און דאָס אָנטועכץ באַשמוצט מיט שניי און בלאָטע. זייערע טעקעס און היטלען האָבן זיי נישט געהאַט. אָבער זענען געגאַנגען גלייך אויסגעשטרעקטע...

אַן אַ וואָרט צו רעדן בין איך צו זיי צוגעגאַנגען, האָב אַרויסגענומען אַ נאָזטיכל, עס איינגעוועטשט אין שניי און גענומען אָפּוואַשן מאַטיקאָן דאָס פּנים מיט די הענט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אַ ווונד אויפן קאָפּ, דאָס פּנים צעשראַמט און דריי אַרויסגעהאַקטע ציין. צומשטאָרקסטן האָט געטריפט דאָס בלוט פון דער האַנט. כ׳האָב זי אַרומגעבונדן און זי פאַרהאַנגען אויף אַ הענג־באַנד, וואָס כ׳האָב געמאַכט פון מיין שאַליק. דערנאָך האָב איך זיך אָנגעבייזערט אויף סאַלושן און אים געשלעפּט אויף כוח (ווייל ער האָט זיך געלייגט אויפן שניי און נישט געוואָלט גיין) און מיר האָבן זיך איילי־קער געלאָזט אַהיים. פאַרן אַריינגיין אין קינדערהויז האָבן די פאַרוווּנדעטע אויפגעהערט וויינען, און נישט פילנדיק דאָס — אויסגעשטרעקט זיך גלייך. אַזוי זענען מיר אַריינגעגאַנגען אין הויז.

*

און אָט וואָס ס׳איז פאָרגעקומען יענעם טאָג אין שול: ווען אונדזערע

ייִנגלעך זענען אינדערפֿרי געקומען, האָבן שוין זײערע קלאַס־קאָלעגן אויף זײ געוואַרט. האָבן נישט גערעדט צו זײ, אויך נישט געשלאָגן, נאָר זײ אַרומגערינגלט ווי אַ לעבעדיקע וואַנט. וווהין אונדזערס אַ ייִנגל האָט געוואָלט זיך אַ ווענד טאָן, האָט ער נישט געקאָנט. ווײַל אומעטום האָט ער געהאַט פֿאַר זיך די לעבעדיקע וואַנט... ווען ס׳האָט זיך באַוויזן פֿונוויטנס אַ לערער, האָט זיך די וואַנט אויף אַ ווײַל פֿאַנאַנדערגעשפּרייט, און דערנאָך זיך צוריק צוזאַמענגעקומען. אַזוי איז עס געווען ביז ס׳האָט זיך דערהערט דער קלונג צום אָנצוהייבן די לעקציעס. בעת די לעקציעס, ווי נאָר דער לערער האָט זיך אויסגעדרייט צום טאָוול, האָבן זיך אַלע ייִנגלעך איבער־געבויגן איבער די שולבענק און שטיל אַ זאָג געטאָן בלויז איין וואָרט: זשיד! און נאָכאַמאָל: זשיד! און דער לערער האָט ווי גאָרנישט נישט געהערט.

— בעת דער הפסקה זענען זײ נישט אַרויסגעגאַנגען, מורא האָבנדיק, אַז מ׳וועט זײ ווידער אַרומרינגלען. אָבער אויך זײערע פֿאַרפֿאָלגער זענען פֿאַרבליבן אין קלאַס... האָבן בײ זײ צוגענומען דעם פֿרישטיק, זײ געשטויסן, געוואָרפֿן אויף זײ שטיקלעך עסנוואַרג און געשריגן אין כאָר: זשיד! זשיד!

אינאָנהייב פֿון דער קומענדיקער לעקציע האָט זיך ראובן אויפֿגעשטעלט און געזאָגט דעם לערער, אַז די ייִנגלעך האָבן צוגענומען בײ אים דעם פֿרישטיק און זײ רופֿן אים און זײַנע קאָלעגן „זשיד". דער לערער האָט קאָנטראָלירט ראובנס טעקע און שופֿלאָד — און זעט דאָס וווּנדער! ער האָט דאָרט געפֿונען זײַן פֿרישטיק אַ נישט גערירטן!... האָט ער אים דערפֿאַר פֿאַרגעוואָרפֿן, אַז ער איז אַ מוסר און אַ ליגנער. און וואָס ס׳איז שייך דעם צונאָמען זשיד — האָט ער געזאָגט: „האָסטו זיך נישט וואָס צו באַליידיקן, וואָרן וועסט דאָך נישט לייקענען אַז דו ביסט אַ ייִד. ס׳איז גלייך ווי איך וואָלט זיך באַליידיקט אויב עמעצער וואָלט מיר געזאָגט — פּאָליאַק!"

נאָכן דאָזיקן ענטפֿער האָבן זיך שוין מער די ייִנגלעך נישט פֿאַרקלאָגט. די צווייטע, דריטע און פֿערטע לעקציע זענען אַריבער ווי די ערשטע, מיט דעם אונטערשיד בלויז וואָס איצטער האָבן שוין אַלע אויף אַ קול געשריגן: זשיד!

נאָך דער פֿערטער לעקציע האָט מען אַלע קינדער אומגעריכט באַפֿרײַט פֿון שול. אַלע זענען מיט פֿרייד אַרויסגעלאָפֿן אינדרויסן און זיך גענומען באַוואַרפֿן מיט שנייקוילן. בלויז אונדזערע קינדער האָבן געוואָלט

וואָס פֿריער זיין אינדערהיים. אָבער די פּוילישע שילער האָבן זיי נישט געלאָזן גיין בשלום, זיי אַרומגערינגלט און אַראָפּגעשטופּט צו דער הינטער־שטער זייט פון בערגל, וווּהין קיינער פון די לערער קומט נישט. זיי האָבן זיי דאָרט אָפּגעשלאָסן צווישן צוויי שורות און גענומען שלאָגן מיט זייערע פולע טעקעס מיט ביכער, מיט הילצערנע געצייג־קעסטלעך, מיט שטעקנס, און זיי געבריקעט מיט זייערע, מיט טשוועקעס, געקאָוועטע שטיוול. אין קאָפּ, אין רוקן, אין פּנים — און ווי נאָר זיי האָבן געטראָפן. יינגלעך פון עלטערע קלאַסן האָבן צוגעגעבן חשק און געגעבן באַפעלן: „גיב אים מיט אַ שטיין אין פּרצוף! נישט צוזאַמען! שלאָגן יעדן באַזונדער! מיטן אָפּצאַס אין ברוסט! זעץ אים אין קאָפּ! פּעסט אין הינטן אַריין! האַק אים איבער די פּיס!“. און מאַטיקאַן האָבן זיי געשלאָגן מער פון אַלע. אַנידערגעוואָרפן אים אויף דרערד און געטרעטן מיט די געקאָוועטע שטיוול. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען פריילין ראָזע. אַז זי האָט געזען וואָס דאָ קומט פאָר, האָט זי גענומען שרייען אויף קולי־קולות. אָבער זיי האָבן אויף איר גענומען וואַרפן שטיינער. האָט זי זיך גלייך פאַרקערעוועט און געלאָפן אַרויף, כדי צו רופן עמעצן צו הילף. און ווען זי איז צוריקגעקומען אויפן אָרט, איז שוין קיינער פון די אָנפאַלער נישט געווען. זי האָט געטראָפן מאַטיקאַן אָפּגעגאָסן מיט בלוט, און סאַלוש ליגט און וויל זיך נישט אויפהייבן פון אָרט.

*

פאַרנאַכט ווען כ'בין געקומען זען, וואָס ס'מאַכן די צעשלאָגענע קינדער, האָב איך געטראָפן פריילין ראָזע האַלטן אויף די הענט דעם נייניעריקן סאַלושן און אים פאַרוויגן ווי אַ קינד. און ער העשעט און העשעט און האַלט אין איין איבערחזרן איין פראַגע:

— פאַרוואָס האָבן זיי דערהרגעט מיין טאַטן מיט מיין מאַמען?

נאָך דער דאָזיקער געשעעניש האָב איך אַרויסגענומען אַלע קינדער פון דער מלוכהשער יינגל־שול...

## ווידער אַ קאַמף פאַר עקזיסטענץ

ס'האָט זיך דערנענטערט דער ווינטער און מיט אים הונגער און אַ כסדר וואַקסנדיקער אַנטיסעמיטיזם. אונדזערע מאַגאַזינען און קעלערס האָבן זיך ביסלעכווייז אויסגעליידיקט. פריער זענען פאַרשוווּנדן די פעטסן, דערנאָך די מעל און די קאַשעס, און צום סוף דער צוקער. ס'איז אונדז

געבליבן נישט מער ווי אַ ביסל קוקורוזע־מעל, קאָנסערוון און מאַרמעלאַדע. כ׳האָב נישט געהאַט קיין געלט איינצוקויפן קאַרטאָפל, קוילן און האָלץ אויף ווינטער. כ׳בין דערום געווען געצוווּנגען צו קויפן ביסלעכווייז, טאָג אויף טאָג, און צוליב דעם צאָלן אַ סך טייערער. ס׳איז שוין נישט געווען מער קיין וואַרעמע וואַסער צום באָדן זיך. ס׳איז נישט געווען מיטוואָס צו באַהייצן דאָס הויז. אין די צימערן איז געוואָרן אַלץ קעלטער. די קינדער האָבן נישט געהאַט קיין וואַרעמע וועש און מלבושים אויף ווינטער, און נישט קיין שיך אויפן שניי אַרויס. נאָך אַלץ געטראָגן דיזעלבע אָנצוגן, די באַקומענע נאָך אויף דלוגע־גאַס. דאָס זענען געווען געפּאַרבטע מונדירן פון אַמעריקאַנישן מיליטער, אָפּגענוצטע און געלאַטעטע, צו גרויסע פּאַר די קינדער. דאָס ערגסטע אין זיי איז געווען וואָס אָט די **מונדירן** האָבן געגעבן די קינדער אַ קאַזאַרמע־כאַראַקטער, געלייגט אויף זיי דעם חותם פון אַ יתומים־הויז... און נאָך אַ חותם, אַ מער געפערלעכער: אַ יידישער... ווייל יעדער האָט באַלד דערקענט, אַז דאָס „מונדירטע" איז פון די „וואַלד־וווינונג"־קינדער, און יעדן טאָג וואַרפן אין דעם אַ שטיין.

צוליב דער ווינטער־קעלט, שלעכטער דערנערונג און דעם זיצן אין שטוב, האָבן די קינדער ווידער גענומען קרענקען. פאַרצויגענע ווונדן האָבן זיך אויפסניי געעפנט.

אַלע מיינע בריוו און טעלעפאָנען צום קאָמיטעט אין קראָקע וועגן הילף זענען געבליבן אָן אַן ענטפער. דער קאָמיטעט האָט קיין געלט נישט געהאַט. דער קאַסיר, אַדוואָקאַט שטיינמאַן, האָט שוין פון לאַנג געפאָדערט מ׳זאָל שליסן די צוויי אַנשטאַלטן, אין ראַבקע און זאַקאָפּאַנע, ס׳פעלן אויס מיטלען זיי אויסצוהאַלטן. און וואָס וואָלט אין דעם פאַל געשען מיט די קינדער? צו וועמען וואָלטן זיי געגאַנגען? קיין פאַמיליעס האָבן זיי נישט געהאַט. צי וואָלטן די פּוילישע אַנשטאַלטן זיי צוגענומען? און ווען אפילו יאָ, וואָלטן זיי אויך דאָרט געליטן הונגער.

האָב איך דעמלט ווידער איבערגעלאָזן מיין דערציערישע אַרבעט און גענומען אַרומפאָרן. דאָס איז געווען נישט קיין לייכטער מאָמענט אין מיין לעבן, ווען איך האָב זיך קלאָר געמאַכט, אַז כ׳וועל מער נישט קאָנען פאַרברענגען מיינע טעג און אָוונטן מיט דער זיסער לילי מיט די ראָזע בעקלעך, מיט דער איידעלער בלאָסער זאָשע, מיטן שטיפער אָנטעק; אַז כ׳וועל זיין געצוווּנגען איבערצורייסן מיינע לעקציעס פון העברעיש און תורה מיט דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע, אַז כ׳וועל נישט קאָנען פירן קיין

שמועסן מיט דער קלוגער עמילקען, נאָר פאַרן גאַנצע נעכט אין שמוציקע באַנען, פולע מיט שמוגלער און גנבים, אין ענגשאַפט און שטיקעניש, וואָס איז איבער די מענטשלעכע כוחות. און דאָס אין דער צייט ווען מ׳האָט שוין גענומען אַרויסוואַרפן יידן פון די לויפנדיקע צוגן דורך די פענצטער! אָבער קיין אַנדערן אויסוועג האָב איך נישט געהאַט. ווייל אויב נישט, וואָלט איך געמוזט שליסן דאָס הויז, אַרויסטרייבן די קינדער אינדרויסן אויפן פראָסט און שניי, אויף הונגער און אונטערגאַנג.

מיין ערשטער וועג איז געווען געווייינלעך קיין קראָקע צום קאָמיטעט (זיבן־אַכט שעה רייזע מיט דער באַן). ווי נאָר דער פרעזעס האָט מיך דערזען — האָט אים אַלץ גענומען פאַלן פון די הענט.

— כ׳ווייס, כ׳ווייס אַלץ, — האָט ער געזאָגט — כ׳געדענק אויסגעצייכנט. אַלע אייערע בריוו האָב איך אין קעשענע... נאָר וואָס קאָן איך טאָן? מיר האָבן איצט גאָרנישט. און דאָס אַלץ צוליב די באַנדיטן פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע... זיי טעראָריזירן דעם דזשוינט. ווילן, אַז דער דזשוינט זאָל זיי געבן דאָס גאַנצע געלט פאַר זייערע פּאָליטישע צילן, אויף צו באַקעמפן די ציוניסטן. דערפאַר האַלט זיך דער דזשוינט אָפּ פון שטיצן. אָבער דאָס וועט שוין לאַנג נישט דויערן... איך האָב אַ פּאַרטרוילעכע ידיעה... אפשר וועט זיך איך איינגעבן דערווייל ביי עמעצן צו לייען?

צום קאַסיר האָב איך זיך אַריינגעשלייכט באַהיטעוודיק, דורך דער האַלב־אָפּגעלענטער טיר. און דער פרעזעס איז דערווייל פאַרשוווּנדן פון די אויגן.

— אַך, דאָס זענט איר, פרוי רעליטש! — האָט מיך דער קאַסיר אויפגענומען מיט העפלעכער איראָניע — איר זענט אוודאי געקומען פאָדערן געלט? ביטע... ביטע זיצט... איר געדענקט זיכער, אַז איך האָב געוואָרנט נישט צו גרינדן קיין קינדער־היזער. ערשט מוזט איר אַליין אויסהאַלטן די קינדער אייערע! מיין קאַסע איז ליידיק!

דערנאָך בין איך ווידער געגאַנגען אין דעם קאָמיטעטישן מאַגאַזין פון לעבנסמיטל און קליידונג. און אַז די אַלע פּרווון האָבן גאָרנישט געגעבן — האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן דער צווייטער עטאַפּ פון וואָגלענישן, אַ סך אַ שווערערער.

איך בין געפאָרן קיין וואַרשע. און די קאָמוניקאַציע מיט וואַרשע איז דעמלט געווען נישט פון די גרינגע זאַכן. מ׳איז געפאָרן אין אַ צוג אָן טירן־פענצטער (אום ווינטער!), אַזאַ אָנגעפראָפּטער, אַז מ׳איז געזעסן אין

קאָרידאָר אויף דער פּאָדלאָגע, אויפן דאַך, און אויך געשטאַנען אויף די שטיגן אינדרויסן. און אין אַזעלכע באַדינגונגען איז מען געפאָרן פון צוועלף אזייגער ביינאַכט ביז צוועלף מיטאָגצייט. און נאָך לענגער אויך, ווייל מערסטנטייל האָט זיך דער צוג פאַרשפּעטיקט.

אין צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע פלעגט מען דאַרפן וואַרטן אויף געלט עטלעכע טעג; און שלאָפן אין קעלערס און פאַרשידענע חורבות, ווייל וואַרשע איז געווען חרוב־ומוחרב. און לסוף — האָט מען קיין געלט נישט באַקומען. ס׳איז נישט געווען. האָב איך דעמלט גענומען זוכן אַנדערע קוועלן. אָרגאַניזירן געלט־זאַמלונגען און אפילו פאַרווילונגס־אָוונטן... בעטן געשאַנקען ביי די ברזע־לייט.

איך בין אויך געגאַנגען אין אַמט פון עפנטלעכער זיכערקייט. אַמאָל האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען אַ ביסל הלבשה פאַר די קינדער. אויב אָבער ביי יענעם טיש איז געזעסן אַ ייד (פאַרשטענדלעך אויף ארישע פאַפּירן) האָט ער נישט געוואָלט (אָדער זיך געשראָקן) אונטערשטיצן יידישע קינדער.

אין די אַלע עטאַפּן פון מיינע שווערע נסיונות און וואַנדערונגען פלעג איך אָפּעטעמען און זיך גוט פילן ווען איך בין געקומען צוריק אַהיים.

איך פלעג געוויינלעך צוריקקומען אינדערפרי, ווייל געפאָרן בין איך מיט נאַכט־צוגן. (ס׳איז מיר אַ שאָד געווען אָנצוווערן אַ טאָג אַרבעט צוליב דער רייזע). פון וואָקזאַל געגאַנגען צופוס (ס׳איז נישט ווייט געווען) און געטראָגן אין גרויסן רוקזאַק (דער פון דלוגע־גאַס נאָך), פול מיט מתנות פאַר די קינדער. געפּרוווט שטילערהייט זיך אַריינגנבענען אין הויז, כדי נישט אַרויסצורופן קיין טומלעניש. די קינדער פלעגן מיך באַמערקן דורך די פענצטער נאָך פון ווייטנס, נאָך איידער כ׳האָב געעפנט די פורטקע פון דעם נישט־עקזיסטירנדיקן פּאַרקאַן. מאָמענטאַל איז אַנטשטאַנען אין הויז אַ ווירוואַר, קולות און טומל, ווי ס׳וואָלט זיין אַן ערדציטערניש. די קינדער פלעגן זיך אַראָפּלאָזן מיט אַ געלויף פון די איבערשטע שטאָקן, אַראָפּגליטשן זיך פון די פאַרענטשעס, ווי אַ שניי־לאַווע פון די בערג אַראָפּ. ס׳איז נישט מעגלעך געווען זיי צו פאַרהאַלטן. ווו עמעץ איז געשטאַנען, געזעסן אָדער געלעגן — צי אין וואַן־צימער, צי אין שול, צי מיט אַ טעפּעלע קאַווע אין האַנט, צי אַ בעזעם צו פאַרקערן, — האָט ער אַלץ איבערגעלאָזט און איז מיט אַלע כוחות געלאָפן מיר אַנטקעגן.

— די מאַמע איז געקומען צו פאָרן! — האָט געשריגן דאָס קליינוואַרג.

— די לייטערין איז צוריקגעקומען! — האָבן געשריגן די „מיטעלע״ און די גרויסע. און די קולות און אויסרופן האָבן זיך געטראָגן איבערן הויז, אַזש די בערג האָבן געענטפערט מיט אַן עכאָ.

הונדערט קינדער האָבן מיך באַגעגנט מיט פרייד־אויסגעשרייען. מיינע הונדערט קינדער זענען מיר אַנטקעגנגעלאָפן מיט אויסגעשטרעקטע הענט, מיט גלאַנצנדיקע אויגן. און הינטער זיי דער צעשמייכלטער, דערפרייטער פערסאָנאַל; פרוי בראַניע אינעם טאָפּעלן ווייסן פאַרטעך, די ברייטע וואַלענטאַוואַ מיטן וואַלגערהאָלץ אין האַנט, פריילין האַנקע אין געיעג נאָך אַ יאַטל אים די הייזלעך צו פאַרשפּיליען, פרוי מענליך שלעפּנדיק שווער די פיס, נו, און דער דאָקטאָר, וואָס קוקט אַרויס פון הינטער דעם פאַרהאַנג...

— ווער וועט זיין דער ערשטער לעבן דער מאַמען? — זענען די קינדער געגאַנגען אין געוועט. און זיי האָבן געטאָן אַ לויף אַן אויף מיר מיט אימפּעט און מיך שיר נישט איבערגעקערט. האָבן צוגענומען ביי מיר די טעקע, די פּעקעלעך. אַראָפּגעצויגן פון מיר דאָס מאַנטל, דאָס היטל, די שאַל, און זיך אויפגעהאַנגען אויף מיינע אָרעמס, אויף די אַרבל (ס׳אַראַ שאָד, וואָס איך פאַרמאָג נישט מער ווי איין פּאָר הענט!) און מיך אַריינגעפירט מיט טריומף אין הויז — ווי אַ טראָפעע.

— מיר ווילן אויך אַ ביסל די מאַמע! — האָבן געפאָדערט די סאַמע קלענסטע. דעמלט פלעג איך בעטן ביי די זיגער אַ קליינעם אורלויב, פון אַ רגע, אַ האַלבע רגע... און די דאָזיקע רגע פלעגן די קליינע אויסנוצן און מיך שוין מער נישט פריילאָזן... ס׳האָט די עלטערע און די „מיטעלע״ נישט געהאָלפן קיין שום פאָדערונגען און דראָונגען, יענע האָבן שוין די מאַמע נישט אָפּגעלאָזן, זי איז שוין געבליבן מיט זיי, געבליבן בלויז זייערע.

צוליב אַזאַ קבלת־פּנים אין הויז איז כדאי געווען זיך צו מאַטערן און ליידן, בעטלען און זיך דערנידעריקן. דאָס איז שוין געווען מיין הויז און מיינע קינדער.

*

פאַר יענער צייט איז אין אַן אוונט געשען צוויי פאַרפאַלן: איינער אַ שווערער און דערדריקנדיקער, ווייל דאָס איז געווען אַן אָנהייב פאַר אַ גאַנצער שורה אַזעלכע פאַרפאַלן; און איינער אַ דערפרייענדיקער און

דערמונטערנדיקער — אָבער צום באַדויערן, אַן אײנציקער, וואָס אַזעלכער האָט זיך בײַ אונדז נישט איבערגעחזרט.

דער ערשטער פֿאַרפֿאַל איז געווען אַן אַנטיסעמיטישער רויב־אָנפֿאַל אויף מיר. דאָס איז געווען אין זאַקאָפּאַנע, אויפֿן וועג אַהײם, בין־השמשות־צײַט. כ'האָב זיך אומגעקערט פֿון שטאָט, נאָכן באַצאָלן די דרינגענדיקסטע חובֿות אין די געוועלבער. צו מײַן גליק האָב איך קײן סך געלט נישט געהאַט בײַ זיך, ווײַל די גרעסטע טײל געלט האָב איך געהאַט אויסגעצאָלט. פֿון אַ שמאָלן וועג־פֿאַרדרײ, ווײַט פֿון הײַזער, זענען פּלוצים אַרויסגעשפּרונגען צווײ פֿאַרשוינען מיט עפּעס אין די דלאָניעס. אײנער פֿון זײ האָט מיר מיט אַ טעמפּן מכשיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ פֿונהינטן און מיך געוואָרפֿן אויף דרערד. דער צווײטער האָט בײַ מיר אַרויסגעכאַפּט די טאָרבע, אַראָפּגעפּריסן דאָס זײגערל פֿון האַנט און וואָרשײנלעך מיר אויך אַ בריקע געטאָן. אָבער איך האָב גאָרנישט נישט געשפּירט, ווײַל איך האָב גלײַך פֿאַרלוירן דאָס באַוווסטזײַן.

איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט אין עטלעכע שעה אַרום. איך בין געלעגן אין אַ ראָוו בײַם וועג־ראַנד אין בלאָטע און בלוט, און קוים זיך דערשלעפּט אַהײם. צו מײַן גליק איז שוין דאָס גאַנצע הויז געשלאָפֿן. בלויז קלימעק האָט זיך אַרומגעדרײט מיטן הונט איבערן הויף. אַז ער האָט מיך דערזען, האָט ער זיך עטלעכע מאָל איבערגעצלמט, ווי ער וואָלט דערזען אַ בר־מינן אויפֿשטײן פֿון קבֿר. כ'האָב אים נישט געלאָזט מאַכן קײן גערודער. ער האָט בלויז אויפֿגעוועקט די שוועסטער, זי זאָל מיר געבן די ערשטע הילף. דער דאָקטאָר איז נישט געווען אין הויז. די שוועסטער האָט געפֿונען נישט קײן טיפֿע לאָך אין שאַרבן, אַ סך קרעלן און סיניאַקעס. זי האָט מיר געמאַכט אַן אײַנשפּריצונג (קעגן פֿאַרגיפֿטונג) און געהײסן מיר זיך גלײַך לײגן.

אָבער מיר האָט זיך נישט געגלוסט שלאָפֿן. כ'האָב געוואָלט אויספּרובירן מײַן פֿעיִקײט צו טראַכטן, ווײַל כ'האָב זיך געשראָקן טאָמער האָט מען מיך פֿאַרוווּנדערט אין אַזעלכן צענטער פֿון די געהירן. דערום בין איך געבליבן אין קאַנצעלאַריע און זיך באַמיט סומירן ציפֿערן פֿון די חשבונות. און טאַקע דעמלט איז געשען דער צווײטער פֿאַרפֿאַל.

עמעץ האָט פּלוצים אָנגעקלאַפּט אין דער פֿאָדער־טיר. און ווײַל קלימעק איז נישט געווען (ער איז קײנמאָל נישט געווען, ווען ער איז נײטיק געווען), בין איך אַלײן געגאַנגען עפֿענען די טיר. ווען כ'בין צו איר צוגעגאַנגען — בין איך אַזש פֿאַרשטאַרט געוואָרן פֿון שרעק: פֿאַר דער טיר (אַ געגלאָזטע)

איז געשטאַנען אַ הויכגעוויקסיקער און ברייטפּלייציקער מאַן, מיט אַ באָרד וואָס איז שוין וואָכן נישט געגאָלט געוואָרן, אַ רוקזאַק אויף די פּלייצעס, אַ שטעקן אין האַנט און מיט אַן אויסדרוק אויפן פּנים (ווי ס׳האָט זיך מיר דעמלסט אויסגעדאַכט) פון אַן אמתן באַנדיט. איצט פאַרשטיי איך שוין — האָב איך פיבערדיק אַ טראַכט געטאָן — פאַרוואָס קלימעק איז צו אים נישט צוגעגאַנגען: ער האָט אים דערזען און זיך באַהאַלטן. דאָס איז אוודאי איינער פון יענע באַנדיטן, וואָס זענען מיך באַפאַלן אויפן וועג... ער האָט מיר נאָכגעשפּירט און נאָכגעגאַנגען ביזן הויז, כדי צו פאַרענדיקן וואָס זיי האָבן אויפן וועג אָנגעהויבן... פונדעסטוועגן האָט מיך אַן אינערלעכער באַפעל נישט דערלאָזן זיך צוריקציען פון דער טיר... און אפשר חלום איך פון היץ, כ׳האָב דאָך באַקומען אַ זעץ אין קאָפּ! אפשר איז דאָס אַן אָרנטלעכער מענטש...

שטייענדיק אַזוי עטלעכע טריט ווייט פון דער טיר, האָב איך אַ פרעג געטאָן אויף אַ קול (אַ ביסל אַ צו הויכס, איינצושטילן דעם פּחד):

— ווער איז עס דאָרט?

— יוסף מענליך, — האָב איך דערהערט אַ תשובה — דער מאַן פון שפרה מענליך, וועלכע דאַרף זיך געפינען אין דעם הויז.

אַ כוואַליע פרייד האָט אין מיר אַ זעץ געטאָן. כ׳האָב גלייך פאַרגעסן מיין ווייטיק, די לאַך אין קאָפּ, דאָס אָנגעוואוירענע געלט...

— הער מענליך! הער מענליך! — האָב איך אויסגעשריגן, איבער־דרייענדיק דעם שליסל אין שלאָס אַ צחושטע — איר לעבט? איר זענט דאָ? איר האָט זיך אומגעקערט פון די לאַגערן? אייער פרוי האָט עס געפילט, זי האָט נישט אויפגעהערט אייך צו זוכן! קומט מיט מיר, אַהין אַרויף! צו אייער פרוי, צו אייער קינד!

און פול מיט ניי־באַקומענע כוחות, בין איך געלאָפן פאַר אים אויף די שטיגן צו ווייזן אים דעם וועג. איך בין צוגעקומען צו דער גוט באַקאַנטער טיר און האָב אָנגעקלאַפּט. און גלייך זיך צוריקגעצויגן, כדי פרוי מענליך, ביים עפענען, זאָל זי דערזען נישט מיך, נאָר איר מאַן.

און דערנאָך בין איך אַ רויקע אַוועקגעגאַנגען שלאָפן.

# דער איבערפֿאַל אין ראַבקע

דער איבערפֿאַל אויף מיר איז נישט געווען קיין איינציקער. אין עטלעכע טעג שפּעטער איז צו מיר געקומען צו לויפֿן אַ פֿאַרסאַפּעטער אַ גוראַליש ייִנגל מיט אַ געשריי:

— לויפֿט גיכער צו דער שטיינהאַקערײַ, וואָרן די ייִנגלעך ווילן אַראָפּ־וואַרפֿן איינעם פֿון אייערע אין טײַך! זיי שטופּן אים פֿון דער בריק אין טײַך אַרײַן... דאָס וואַסער פֿלייצט און די בריק איז הויך...

כ׳האָב אים געבעטן ער זאָל מיר ווײַזן דעם וועג, אָבער ער האָט זיך געשראָקן און איז אַנטלאָפֿן.

כ׳האָב גענומען, ווי אין פֿיבער, קאָנטראָלירן ווער ס׳פֿעלט אין הויז, און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ס׳פֿעלט רישעק מענליך. זײַן מאַמע האָט אים דערלויבט גיין אין שטאָט טוישן אַ ביכל. אין איין רגע האָב איך אָרגאַניזירט אַ גרופּע פֿון עלטערע ייִנגלעך, און גענומען לויפֿן מיט זיי דורך דער שטאָט צו דער בריק לעבן דער שטיינהאַקערײַ. אויך הער מענליך איז געלאָפֿן מיט עטלעכע ייִנגלעך צו דער בריק מיט אַן אַנדער וועג, וואָס האָט זיי אויסגעזען צו זײַן קירצער. אויפֿן וועג האָב איך געהערט ווי שאול זאָגט צו אהרונען:

— ווען דאָס וואָלט געווען עמעץ אַן אַנדערער, נישט רישעק, וואָלט ער זיך נישט אונטערגעגעבן... וואָלט זיך פֿאַרטיידיקט, און מיר וואָלטן נאָך באַוויזן יענע צו פּאַקן און מאַכן זיי די אמתע באָד...

— אָבער אונדזער רישעק מענליך איז אַ פּחדן. אָדער ער איז שוין אין וואַסער, אָדער באַהאַלט זיך אויס צווישן די קוסטעס...

זיי האָבן אים נישט ליב, טראַכט איך זיך, ווי זיי האָבן נישט ליב געהאַט מאַריאַנען... און ווירקלעך, ער איז אַן ענלעכער טיפּ... אַ ביכער־וואָרעם און נישט קיין חברישער, נאָר מיט אַ כאַראַקטער אַ בעסערן. ווען נישט די געשיכטע מיט מאַריאַנען, וואָלט ער געהאַט בײַ אונדז אַ שווערער לעבן... אמת, ער האָט איצט אַ טאָפּעלע פֿאַרטיידיקונג, האָט דעם טאַטן מיט דער מאַמען, אָבער דערפֿאַר איז אויך די שנאה אַ טאָפּעלע. פֿונדעסטוועגן לויפֿן זיי... דרייסטע, געשיקטע און סאָלידאַרע.

מיר זענען געקומען אויפֿן אָרט. האָבן דערזען אַ הויכע בריק איבערן טײַך, נישט זייער קיין טיפֿע, אָבער אַ פֿלייציקע. מ׳איז נישט אַזוי זיכער

מיטן לעבן אַראָפּפאַלנדיק פון דער בריק אין וואַסער אַריין, — האָב איך געטראַכט. קוקנדיק אין דער פינצטערער טיף, איז מיר אַ קעלט פאַרבייגעלאָפן אין די ביינער. און אָט איז מיט דעם צווייטן וועג אָנגעלאָפן אויך דער טאַטע — נאָר צו וואָס ?...

מיר האָבן גענומען זיך אַרומקוקן, נאָר קיינעם נישט געזען. אויך דאָס וואַסער האָט אונדז גאָרנישט נישט אָנטפּלעקט, שאַ־שטיל. מ׳זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש... אונדזערע ייִנגלעך האָבן זיך ארומגעקוקט אומבאַהאָלפן און ראַטלאָז.

— אפשר זאָלן מיר זיך צעטיילן אויף צוויי גרופּעס און גיין אים זוכן ? — האָט שאול אַ פרעג געטאָן אויפן קול.

אין דעם מאָמענט האָט זיך עפּעס אַ ריר געטאָן צווישן די קוסטעס, לעבן ברעג, און ס׳האָט זיך באַוויזן רישעקס צעשויבערטער און צעשראָקענער קאָפּ. די ייִנגלעך האָבן גענומען לאַכן און אים אַרויסגעשלעפּט פון דאָרט. ער איז געווען נישט באַשעדיקט, אָבער זייער איבערגעשראָקן און בלאַס ; אָן אַ ביכל און אָן אַ היטל. דאָס אָנטועכץ צעפליקט און דאָס פּנים צעדראַפּעט, פול מיט סיניאַקעס. ער האָט אונדז דערציילט, אַז אין דער לעצטער מינוט, ווען די ייִנגלעך האָבן אים שוין גענומען אַריבער־וואָרפן איבער דער פאָרענטש פון דער בריק, איז אָנגעפאָרן אַ גוראַל אין אַ שליטל און האָט זיי צעטריבן מיט דער בייטש. אַדאַנק אים האָט ער זיך געראַטעוועט.

*

דאָס איז געשען אום דאַנערשטיק. זונטיק אינדערפרי זענען געקומען צו מיר דריי ייִנגלעך, וויקטאָר, יאַנוש און מילעק „דער גרויסער״, איך זאָל זיי דערלויבן גיין אויף אַ פרימאָרגן־סעאַנס אין קינאָ. מ׳גיט, זאָגן זיי, אַן אויסגעצייכנטן פילם פונעם פאַרטיזאַנער־לעבן מיטן נאָמען „דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָם״. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אויב ס׳וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דער פילם איז באמת אַ גוטער, וואָלטן מיר אַלע צוזאַמען מיט די קינדער געקאָנט גיין אין קינאָ. מיר זענען נאָך קיין איין מאָל נישט געווען אין זאקאָפּאַנע אין קינאָ. האָב איך זיי געזאָגט :

— גוט, כ׳בין מסכים... גייט ווי מבינות־זאָגער. דערנאָך וועלן מיר גיין אַלע. אָבער קומט רעכטצייטיק צום מיטאָג.

— פאַרשטענדלעך — האָבן זיי געענטפערט — דער פילם ענדיקט זיך צוועלף אַזייגער.

*

כ׳האָב געהאַלטן ביי אַריינגיין אויף דער העברעיִש־לעקציע, האָט געטאָן אַ לויף אַריין מילעק, בלאָס ווי דער טויט.

— וואָס איז דיר געשען ? — האָב איך אַ פרעג געטאָן — ביסט נישט געגאַנגען אין קינאָ ?

— כ׳בין געגאַנגען, אָבער אַנטלאָפן, — האָט ער געציטערט אינגאַנצן.

— פונוואַנען ביסטו אַנטלאָפן ?

— פון קינאָ... דער פילם האָט זיך אָקאָרשט אָנגעהויבן דערשפּיר איך פּלוצים עפּעס קאַלטס אויפן האַלדז... האָב געוואָלט זען וואָס דאָס איז, דערהער איך אַ צישען : „אַז דו וועסט אַ פּיפּס טאָן איין וואָרט, זשידלאַק, וועל איך דיר אריינהאַקן דאָס מעסערל אין האַלדז" — און ער האָט גענומען עס אַריינשטעכן. אָט־אָ־דאָ, — האָט מילעק געוויזן אַ רויטן קרעל אויפן געניק.

כ׳האָב געזען אַז מילעק האַלט זיך קוים אויף די פיס און ווערט אַלץ בלאַסער. האָב אים אַנידערגעזעצט אויף אַ שטול און דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער.

— וויאַזוי ביסטו אַנטלאָפן ? — האָב איך געפרעגט.

— ווען ס׳איז געוואָרן ליכטיק...

— און וואָס איז מיט די אַנדערע יינגלעך ? — האָב איך גענומען ציטערן — האָט מען אויך זיי אַריינגעשטאָכן מעסערלעך אין האַלדז ?

— כ׳ווייס נישט... דאַכט זיך מיר, אַז אויך זיי...

— פאַרוואָס־זשע זענען אויך זיי נישט אַנטלאָפן ?

— כ׳ווייס נישט... איך ווייס נישט, — האָט מילעק געוויינט ווי אַ קינד.

כ׳האָב שנעל אַריינגערופן צו אים דעם דאָקטאָר און בין אַרויסגעלאָפן ווי אַ מטורפדיקע. אויפן וועג האָב איך באַגעגנט פרוי סטעלע, וועלכע איז צוריקגעגאַנגען פון שטאָט. האָב זי מיטגענומען מיט מיר. כ׳בין גלייך אַריינגעגאַנגען צום קינאָ־דירעקטאָר און אים דערציילט וועגן דעם געשעעניש. האָב אים געבעטן ער זאָל אויף אַ מאָמענט איבעררייסן דעם פילם, כדי צו קאָנען ראַטעווען די קינדער, ווייל זיי זענען אויסגעשטעלט אויף דער סכנה דערמאָרדעט צו ווערן. זיי זענען אַליין צווישן הונדערטער צעווילדע־וועטע יוגנטלעכע...

דער דירעקטאָר האָט דערויף נישט מסכים געווען. האָב איך רעאַגירט : „כ׳וועל גלייך אַלאַרמירן די פּאָליציי !". דעמלט האָט ער דערלויבט אַריינ־

צולאָזן אין זאַל מיך מיט פרוי סטעלע, נאָר נישט מאַכן ליכטיק. כ׳בין פאַרבייגעלאָפן צווישן די בענק און שטילערהייט גערופן: „יאַנוש!? וויקטאָר!? און דער צווייטער זייט האָט דאָס זעלבע געטאָן סטעלע. מענטשן האָבן געקוקט אויף אונדז מיט כעס און שטיל זיך געבייזערט: שאַ, שטיל! נישט שטערן!״. אָבער נישט יאַנוש און נישט וויקטאָר האָבן זיך נישט אָפּגערופן. כ׳בין געווען פאַרצווייפלט. נישט געוווסט וואָס צו טאָן, צי גיין נאָכאַמאָל צום דירעקטאָר, אָדער בלייבן אין זאַל.

מיטאַמאָל איז געוואָרן ליכטיק. דער פילם האָט זיך געענדיקט. אַלע האָבן גענומען זיך שטופּן מיט געשרייען, פייפערייען און שטויסן מיט די עלנבויגנס צום אַרויסגאַנג, און אויך אונדז מיטגעשלעפּט מיט זיך. כ׳האָב זיך באַמיט צו בלייבן אויפן אָרט, געשטעלט זיך אויף די פינגערשפּיצן, כ׳זאָל קאָנען דערזען צווישן עולם יאַנושן מיט וויקטאָרן. אָבער אויך אויף די פינגערשפּיצן בין איך נאָך געווען גענוג קליין... ערשט איז שוין אויך פרוי סטעלע פאַרשוווּנדן פון מיינע אויגן... דערווייל זענען אַלע בענק געוואָרן ליידיק.

כ׳בין אַרויסגעגאַנגען אינדרויסן. האָב זיך געשטעלט ביים אַרויסגאַנג און אַריינגעשטאַכן די בליקן אינעם עולם. לסוף האָב איך זיי דערזען. דעם ערשטן יאַנושן. ער איז געווען אויסטערליש בלייך. לעבן אים וויקטאָר. די הענט אין די קעשענעס, שטייף אויסגעשטרעקט...

— ס׳איז אייך עפּעס געשען? — האָב איך זיי אָנגעיאָגט.

— גאָרנישט. זיי האָבן געפּרוּווט... אָבער ווער שרעקט זיך פאַר זיי!

— האָט וויקטאָר אויסגעשפּיגן מיט פאַראַכטונג.

— ווער זענען זיי? ווייזט זיי מיר אָן! איך וויל צורופן אַ פּאָליציאַנט.

— וויס איך וואָס — האָט וויקטאָר אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — צופיל זענען זיי. די גאַנצע ריי, וואָס איז געזעסן הינטער אונדז. און אויך פון דער זייט און פאַר אונדז. מיט איין וואָרט — אַלע... זיי האָבן געמיינט, מירן זיך דערשרעקן... אָבער מיר האָבן אויך זיי געוויזן אונדזערע מעסערלעך, האָבן זיי זיך אַ ביסל באַרויקט. מאַכן דעם אָנשטעל פון העלדן, ווייל זיי זענען אַ גאַנצע באַנדע, און מיר בלויז צוויי... אַזאַ פּעבל דאַרף מען אַרויסווייזן קאַלטבלוטיקייט... זיי זאָלן נישט מיינען, זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף ראַצערס...

— און וואָס איז געשען מיט מילעקן?

— מילעק איז אַ פּחדן... ער האָט נישט אויסגעהאַלטן די געשפּאַנטקייט און איז אַנטלאָפן. יאַנוש איז געבליבן.

אין דעם מאָמענט זענען אונדז פאַרבייגעלאָפן עטלעכע יאַטלעך אין קאַפּעליושן „אַ לאַ פאַלקסדייטש".

— אַט־אַ, איר זעט די טיפּן? זיי זענען דאָס די העלדן! פאַר אַן אָפענעם קאַמף בייטאָג שרעקן זיי זיך, און נאָר אין דער פינצטער, אין קינאָ, גרייפן זיי אָן... שטופּן די מעסערלעך אין רוקן... אָבער ערשט וועט אַזעלכער זיך נישט דערוועגן צוגיין צו מיר, ווייל ער וואָלט פון מיר געקריגן אַ דזבענק, אַז די יוכע וואָלט אים באַגאָסן...

אין דער רגע האָט אונדז אָפּגעזוכט פּרוי סטעלע, אַ צעהיצטע און פאַרסאָפּעטע:

— כ׳האָב אייך געזוכט אומעטום... וואָס איז דאָ געשען?

— נישט כדאי וועגן דעם צו רעדן — האָט וויקטאָר געענטפערט.

*

נאָך אָט דער פּאַסירונג האָט דאָס גאַנצע הויז געברויזט, ווי אַ בינשטאָק. מילעק איז צוויי טעג געלעגן אין איזאָלאַציע־צימער, ווייל ער האָט זיך געשעמט וויזן פאַר די ייִנגלעך. אויפן דריטן טאָג איז ער געקומען צו מיר און געזאָגט:

— כ׳וואָלט וועלן פאָרן קיין קראָקע באַזוכן מיין אָפּיעקונקע, זי איז קראַנק.

— פונוואַנען ווייסטו עס?

— כ׳האָב באַקומען אַ בריוו.

— ווייז מיר אים.

— כ׳האָב אים אַוועקגעוואָרפן...

— ענטפער דיין אָפּיעקונקע, אַז איך פאַרבעט זי קיין זאַקאָפּאַנע. זאָל זי זיך ביי אונדז אויסרוען נאָך דער קראַנקהייט. און כ׳וועל איר אויך אומקערן העלפט הוצאות.

מילעק האָט נישט געוווּסט וואָס מיר צו ענטפערן. ער האָט נישט דערוואַרט עס זאָל קומען אַזאַ פאַרבעטונג.

— פאַרוואָס ווונדערסטו זיך אַזוי, — האָב איך זיך געמאַכט נאַיוו — דו ווייסט דאָך זייער גוט, אַז אויך באַלעטשקעס ניאַניע איז דאָ פאַראַן. און זי

אַרבעט אפילו... אויך דעם קליינעם מילעקס ניאַניע האָב איך פאַרבעטן, נאָר ס׳איז איר שווער צו קומען.
— גוט, — האָט ער אַ זיפץ געטאָן — כ׳וועל איר שרייבן.

*

דער אַנטיסעמיטיזם האָט זיך צו אונדז אַלץ דערנענטערט און אָנגענומען דראָענדיקע פאָרמען.
אין איינעם אַ טאָג איז געקומען צו פאָרן צו אונדז פרוי ערנאַ, די סעקרעטאַרין פון קראָקעווער קאָמיטעט. דאָס איז געווען איר ערשטער וויזיט אין זאַקאָפּאַנע. כ׳בין געווען זיכער, אַז זי וועט וועלן באַטראַכטן דאָס הויז, די קינדער, די צימערן, די קיך, די מאַגאַזינען... אָבער פרוי ערנאַ איז נישט געווען להוט נאָך דעם אַלץ. זי איז געזעסן לעבן מיר און געשוויגן. האָט זיך אפילו נישט גוט צוגעהערט צו דעם וואָס איך רעד צו איר. וואָס איז איר געשען? — האָב איך זיך געוווּנדערט — זי איז דאָך תמיד אַזאַ לעבעדיקע, שאַרפזיניקע, איראָניזירנדיקע, און היינט איז זי אַזוי דערשלאָגן... איך האָב געהאַט עטלעכע לויפנדיקע ענינים איינצו־אָרדענען, האָבן אָבער זיי אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, כדי צו זיין פריי פאַר פרוי ערנאַ. און צום סוף, ווען מיר זענען געבליבן אַליין, האָט זי מיר געזאָגט:
— כ׳בין געקומען וועגן דעם ענין־ראַבקע... צי איז איך באַוווּסט וואָס דאָרט קומט פאָר?
— איך ווייס נישט, — האָב איך געזאָגט און אַנטשוויגן געוואָרן. כ׳בין זיכער געווען אַז פרוי ערנאַ וועט ווידער אַרויסטרעטן מיטן פּראָיעקט, איך זאָל „איבערנעמען" ראַבקע, ווי ס׳האָבן עס שוין אַמאָל פאָרגעלייגט דער פּרעזעס און דער וויצעפּרעזעס. אָט די פאָרשלאָגן האָבן מיך שוין דענערווירט. כ׳האָב זיי שוין עטלעכע מאָל דערקלערט, אַז די זאַך איז אַן אוממעגלעכע, ווייל איך האָב גענוג אַרבעט אין זאַקאָפּאַנע אַליין, און ראַבקע איז ווייט פון זאַקאָפּאַנע איין און צוואַנציק קילאָמעטער, און איך וועל נישט קאָנען פירן ביידע אַנשטאַלטן. דערויף האָט מיר דער וויצע־פּרעזעס געענטפערט, אַז לויט זיין מיינונג בין איך מסוגל צו פירן נישט בלויז צווי קינדער־אַנשטאַלטן, נאָר אפילו מער פון צען, און ס׳וואָלט גענוג געווען איך זאָל יעדן טאָג אויפהייבן דאָס טעלעפאָן־רערל... נאָך אַזאַן ענטפער איז מיר שוין צוגענומען געוואָרן דער חשק ווייטער צו דיסקוטירן

אויף דער דאָזיקער טעמע. זיי אַליין זענען געווען באַאַמטע און האָבן געמיינט אַז מ׳קאָן דערציִען קינדער דורכן טעלעפאָן.

אָבער פרוי ערנאַ האָט גאָרנישט אָנגעהויבן וועגן דעם ענין, נאָר אַ זאָג געטאָן בקיצור:

— אין ראַבקע איז געווען אַן אַנטיסעמיטישער איבערפאַל איבער די קינדער.

— פאַרוואָס רופסטו עס אַנטיסעמיטישער איבערפאַל? אונדזערע קינדער באַפאַלט מען אויך.

— ניין, ס׳איז נישט דאָס אייגענע... דאָרט איז פאָרגעקומען אַ באַוואָפנטער איבערפאַל אויף אונדזערע דריי קינדערהייזער, מ׳האָט געשאָסן אין די הייזער און געוואָרפן האַנטגראַנאַטן אין די קינדערצימערן.

— האָט מען פאַרווונדעט אַוועלכעס קינד?

— יאָ, אַ קראַנק מיידעלע, וואָס איז געלעגן אין איזאָלאַציע־צימער. מ׳האָט אַהין אַריינגעוואָרפן אַ האַנטגראַנאַט.

— צי איז אייך באַוווּסט, ווער ס׳האָט עס געטאָן?

— די מאַכט־אָרגאַנען זאָגן, אַז דאָס איז נ.ס.ז. (נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע כוחות, וואָס קעמפן קעגן דער רעגירונג). איך בין גראָד יענע נאַכט דאָרט געשלאָפן. געקומען באַזוכן מיין טעכטערל. דאָס איז געווען פרייטיקצונאַכט, צוועלף אַזייגער. כ׳האָב דערהערט פון שלאָף אַרויס עטלעכע שאָסן, און בין גלייך אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט. די שאָסן האָבן זיך געהערט אַלעמאָל נענטער. כ׳האָב גלייך אַלאַרמירט אַלע דריי הייזער, מיר האָבן גענומען אַרויסטראָגן די קינדער פון די צימערן אויפן קאָרידאָר. פרוי דאָקטאָר מיראַן האָט געשריגן, מיר זאָלן נישט שטעלן די קינדער אין סכנה זיך צו פאַרקילן... און זי איז גערעכט געווען, ס׳איז דאָך עפּעס ווינטער אויף דער וועלט! דערנאָך האָבן זיך די איבערפאַלער דערנענטערט צום הויז און געוואָרפן האַנטגראַנאַטן... איינער האָט אויפגעריסן אין איזאָלאַציע־צימער, און איינער אין קיך.

— אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד איז דאָס פאַרווונדעטע קינד?

— מיר האָפן, אַז ס׳וועט בלייבן לעבן. צום גליק איז דאָס מיידעלע געלעגן אונטערן בעט, און נישט אינעווייניק. ס׳איז אַליין אַהין אַרונטער־געקראָכן מחמת שרעק. דער גאַנצער איבערפאַל האָט געדויערט אַ האַלבע שעה, דערנאָך זענען זיי אַוועק. צי איז דאָס צו באַגרייפן מיטן שכל־הישר — אַ באַוואָפנטער איבערפאַל פון די „נאַציאָנאַלע כוחות" אויף אַ סאַנאַטאָריע פון קראַנקע קינדער, זיבן חדשים נאָכן סוף פון דער מלחמה?

פרוי ערנאַ איז געזעסן פאַר מיר אינגאַנצן אַן איינגעבראָכענע. אויך איך האָב עס נישט געקאָנט באַנעמען מיט שכל. עפּעס אַנדערש איז אַן איבערפאַל מחמת רויב־צוועקן, און עפּעס אַנדערש אַן אָנגריף פון באַוואָפנטע מיליטערישע כוחות, וואָס קעמפן קעגן דער רעגירונג אויפן חשבון פון יידישע קינדער... אָבער ס׳איז ערשט נישט געווען די צייט פאַר טראַכטענישן, מ׳האָט געדאַרפט תיכף־ומיד עפּעס טאָן!

— צי האָט איר געמאָלדן וועגן דעם איבערפאַל אין דער אָרטיקער מיליץ?

— נאַטירלעך. גלייך אינדערפרי זענען זיי געקומען צו פאָרן. האָבן געפאָרשט די שפּורן און דערקלערט, אַז דאָס איז די אַרבעט פון נ.ס.ז. מ׳טראַכט, אַז זיי האָבן גרעסערע כוחות, וועלכע באַהאַלטן זיך אויס אין די וועלדער פון דער געגנט.

— האָבן זיי אייך צוגעזאָגט הילף?

— ווייס איך וואָס! ס׳איז נישטאָ וואָס אויף זיי אויסצושטעלן. איך טראַכט איבער, צי זיי שטייען נישט אפילו אין פאַרבינדונג מיט זיי.

— אויב אַזוי דאַרף מען גלייך פאָרן קיין קראָקע צום זיכערהייטס־אַמט.

— איר דאַרפט זיך נישט דענערווירן — האָט זי געזאָגט מיט אַ שאָטן פון איראָניע — כ׳האָב שוין באַוויזן אויך דאָרט צו זיין...

— נו, און וואָס?

— נו, און גאָרנישט... מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז מיר מוזן פאַר יעדער פּרייז איינהאַלטן דעם פּאָסטן.

— פאַר יעדער פּרייז? פאַר דעם פּרייז פונעם לעבן פון די קינדער? פון אָט־די קינדער?

— אַזוי האָט מען אונדז געזאָגט. מיר טאָרן נישט ליקווידירן דעם אַנשטאַלט, נישט געקוקט אויף דער מורא פאַר ווייטערע איבערפאַלן... און מ׳האָט אונדז געמאַכט פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך...

— און וואָס האָט איר באַשלאָסן?

— דערווייל גאָרנישט. יעדנפאַלס, יענע קינדער וועלכע האָבן עמעצן אַן אייגענעם האָט מען פון דאָרט צוגענומען.

— אָבער ווי קאָן מען עס אַזוי? און וואָס וועט זיין מיט די קינדער, וועלכע האָבן נישט קיינעם? זיי דאַרפן אומקומען?

— אָבער וואָס קאָן איך טאָן? איך טו אַלץ וואָס איך בין אימשטאַנד. כ׳האָב געדונגען מענטשן צו פאַרטיידיקן די הייזער... אָבער מיר האָבן

באַקומען אַ באַפעל, און מיר קאָנען אַנדערש נישט האַנדלען... ערשט בין איך געקומען אַהער, איך צו וואַרענען. אויך דאָ קאָן זיך מאַכן אַן איבער־פאַל... ס׳איז דאָך די זעלבע געגנט — סקאַלנע פּאָדהאַלע.

— אַז נישט דערלעבן זאָלן זיי עס, די קינדערמערדער! — האָט זיך אַרויסגעריסן אַ קללה פון מײַן מויל — איך וועל בעסער געבן געווער יעדן קינד און זיי לערנען שיסן, איידער זיך אונטערצוגעבן די דאָזיקע רויבער!

פרוי ערנאַ האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן, צי בין איך נישט אַמאָל פון זינען אַראָפּ.

— די קינדער וועלן שיסן? — האָט זי געפרעגט מיט גרויס פאַרוווּנדערונג — דערנאָך וועט עס הייסן, אַז יידישע ייִנגלעך האָבן געשאָסן אויף רויקע בירגער אין זאַקאָפּאַנע...

— זאָל עס הייסן, ווי ס׳וועט הייסן! מיך גייט עס נישט אָן! מירן זיך נישט לאָזן!

נאָך יענעם אָוונט בין איך געפאָרן צו דער זיכערהייטס־מאַכט אין קראָקע, צו אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג פון דעם הויז. צו מײַן באַדויערן האָב איך נישט געהאַט קיין אַנדערע קאָמוניקאַציע, נאָר די באַן. און די באַן האָט זיך געשלעפּט אומרחמנותדיק פּאַמעלעך. כ׳האָב נישט געקאָנט איינזיצן אויף מײַן אָרט. ס׳האָט מיך אָנגענומען אַ חשק אים אונטערשטופּן מיט די אייגענע הענט, אַז די רעדער זאָלן זיך שנעלער דרייען! אָבער די רעדער האָבן נישט געוואָלט זיך צופּאַסן צום קלאַפּן פון מײַן האַרץ, האָב געמוזט צופּאַסן מײַן האַרץ־קלאַפּן צום פּאַמעלעכן גאַנג פון די רעדער... כ׳האָב געמוזט פאַרזינקען אין אַ מין שיכרות־שלאָף, כדי גובר צו זיין די לאַנגע שעהען.

ענדלעך בין איך אָנגעקומען קיין קראָקע. כ׳האָב זיך נישט אַרומגעוואַשן בין אפילו נישט אוועק אין מײַן וווינונג, נאָר גלייך אַוועקגעפאָרן צו דער צענטראַלע פונעם זיכערהייטס־אַמט. ס׳איז נישט לייכט געווען צו קומען אַהין. אָבער כ׳האָב געוווּסט, אַז איצט וועל איך זיך דערשלאָגן אומעטום. האָב זיך דערמאָנט אַוועלכן פאַמיליע־נאָמען, אים אָנגעגעבן דעם וועכטער, און מ׳האָט מיר באַלד אַרויסגעשיקט אַ פּאַסירשיין.

איך בין געשטאַנען פאַר אַ מאַיאָר פון זיכערהייטס־אַמט. האָב אים פאַרגעשטעלט די גאַנצע ערנסטקייט פון דער לאַגע: — איך בין זיכער, אַז ס׳ווערט ערשט צוגעגרייט אַן איבערפאַל איבער אונדז. דאָס איז די זעלבע

געגנט און די זעלבע קינדער! אָט איז איינער פון די דראָונגס־בריוו, וואָס איך דערהאַלט היינט טאָגטעגלעך.

דער מאַיאָר האָט אַויסגעשטרעקט די האַנט. אין זיין האַנט־פלאַך איז ערשט געלעגן אַ צעקנייטשט שטיקל פּאַקפּאַפּיר, אויף וועלכע ס'זענען געווען צוגעקלעפּט קליינע אותיות, אויסגעשניטענע פון אַ צייטונג, און ס'האָט זיך געלייענט: „זשידקעס! איר האָט פאַראַווערט זאַקאָפּאַנע! טראָגט זיך אָפּ פונדאַנען — ווייל מירן אייך פאַרברענען!"

דער מאַיאָר האָט טשעקאַווע באַטראַכט דאָס פּאַפּירל, עס באַקוקט קעגן דער שיין, דערנאָך אַרויסגענומען פון שופלאָד אַ פאַרגרעסערגלאָז און באַטראַכט יעדעס אות באַזונדער...

— יאָ, דאָס איז „זייער" מעטאָד, — האָט ער געזאָגט — זיי שרייבן נישט, דרוקן נישט אויף קיין מאַשינקע, נאָר באַנוצן זיך מיטן ערגסטן פּאַפּיר און דרוק־אותיות פון אַ צייטונג... אָבער דאָס איז גאָרנישט! — דער מאַיאָר האָט זיך אויפגעשטעלט פון אָרט — מיר וועלן זיי אויסכאַפּן אַלע! און ערשט, חברטע, דאַרף מען אויסדויערן! מ'דאַרף איינהאַלטן דעם פּאָסטן!

— אויסדויערן? אויף וואָס פאַר אַן אופן? איך האָב דאָרט אין הויז הונדערט קראַנקע קינדער פון דריי יאָר אַלט ביז פערצן. צווישן די אַנגעשטעלטע איז דאָ בלויז איין מאַנצביל און אַ נאַכטוועכטער אַ פּחדן מיט אַ הונט. דאָס הויז איז דורכויס באַגלאָזט, די וועראַנדעס זענען אָפענע. די איינגאַנג־טיר אַ באַגלאָזטע. דער פּאַרקן אַ צעשטערטער... אין גאַנצן הויז האָבן מיר נישט אפילו קיין איין רעוואָלווער. זיי קאָנען דאָך אונדז אויסדישען, ווי בלינדע הינטלעך!

— חברטע! כ'האָב אייך שוין איין מאָל געזאָגט, — האָט דער מאַיאָר איבערגעחזרט אַקצענטירנדיק — מ'מוז אויסדויערן! אויך אונדזערע מענטשן פאַלן אויף זייערע פּאָסטנס...

— אָבער מיר זענען נישט קיין באַוואָפנטע זעלנער... מיר האָבן קליינע, קראַנקע קינדער... גיט אונדז מענטשן זיי צו פאַרטיידיקן! צי האָבן זיך די דאָזיקע קינדער געפּייניקט פאַר די דייטשן דערויף, זיי זאָלן איצט אומקומען? זענען זיי נאָך ווייניק אומגעקומען?

דער מאַיאָר האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר מיטן גאַנצן פּנים.

— חברטע! מיר האָבן נישט קיין מענטשן! און מיר קאָנען נישט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן לעבן פון די דאָזיקע קינדער...

— איז גיט אונדז צום װײניקסטן געװער! גיט אונדז געװער פֿאַר די אָנגעשטעלטע און עלטערע קינדער. כ׳װעל זוכן מענטשן! מ׳ירן זיך פֿאַרטײדיקן!

— גוט, — האָט אײנגעשטימט דער מאַיאָר. האָט אַרײנגערופֿן דעם סעקרעטאַר און אים דיקטירט: „איך באַשטים פֿאַר דער פֿאַרטײדיקונג פֿון דעם קינדערהױז אין זאַקאָפּאַנע: 1 צעקאַעם (שװערע מאַשין־געװער), 6 ביקסן און 6 רעװאָלװערן, 2 טוץ האַנטגראַנאַטן און קוילן. מיטטײלן די אָפּטײלונג פֿון זיכערהײטס־אַמט און דער מיליץ אין זאַקאָפּאַנע".

דער שמועס איז געװען פֿאַרענדיקט.

כ׳האָב זיך אומגעקערט צו דער באַן צופֿוס, כדי צו קאָנען איבערחזרן דאָס אַלץ װאָס כ׳האָב געהערט און װי־עס־איז ברענגען עס צו אָרדנונג בײ מיר אין מוח. איך זאָל נישט צעמישט װערן פֿולשטענדיק... איז װאָס? פֿון אײן זײט האָט ער געזאָגט, אַז מיר מוזן אױסדױערן און ראַטעװען דעם דאָזיקן פּאָסטן, און פֿון דער צװײטער זײט האָט ער געזאָגט, אַז ער נעמט נישט אויף זיך די פֿאַראַנטװאָרטלעכקײט פֿאַרן לעבן פֿון די דאָזיקע קינדער... װי קאָן מען די בײדע זאַכן צוזאַמענשטימען? און, גאָט מײנער, װאָס דרײנגט דערפֿון אַרױס? און װאָס זענען זײנע מאָטיװן? „מיר האָבן נישט קײן מענטשן! איך אונדזערע מענטשן פֿאַלן אויף זײערע פּאָסטנס!" אָבער װי שיקט זיך עס, אַז די פּױלישע רעגירונג איז נישט בכוח צו פֿאַרטײדיקן אַ הײפֿעלע ײדישע קינדער קעגן באַנדיטן? עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג. האָב איך זיך געטראַכט, אָדער עפּעס װאָס איך בין נישט אימשטאַנד צו פֿאַרשטײן... אָבער אײן זאַך איז קלאָר — אַז איך דאַרף זיך פֿאַרטײדיקן, און רעכענען נאָר אויף זיך אַלײן. אַנישט, זענען מיר פֿאַרלוירן.

כ׳בין צוריקגעקומען קײן זאַקאָפּאַנע און גלײך זיך געלאָזט אין דער מיליץ. האָב פֿאַרלאַנגט אַ זעונג מיטן מיליץ־קאָמענדאַנט און זי באַקומען. דאָס איז געװען אַ מאַן פֿון נישט הױכער װוקס, אַ מאָגערער, מיט ברילן אויף דער נאָז און מיט הענט פֿון אַן אינטעליגענט. ער איז געװען רויק און אויפֿמערקזאַם. נאָכן אויסהערן מײן באַריכט האָט ער געזאָגט:

— אַ טעלעפֿאָן פֿון דער צענטראַלע האָבן מיר טאַקע דערהאַלטן. אָבער גלײבט מיר, חברטע, אַז מיר האָבן דאָ נישט, נישט קײן געװער אין אַ גענוגנדיקער מאָס און נישט קײן מענטשן... זעט איר, חברטע, איך האָב דאָ באַקומען אײנעם פֿון די שװערסטע געביטן אין פּױלן — סקאַלנע פּאָדהאַלע.

אין די היגע וועלדער און בערג באַהאַלטן זיך אויס אַן אַ שיעור באַנדעס, און די אַרומיקע באַפעלקערונג גיט זיי הילף און שוץ. זיי באַפאַלן און טעראָריזירן אַלע. איך האָב דאָ פאַרן קאַמף מיט זיי בלויז אַ צוויי צענטליק מיליציאָנערן — שלעכט געקליידטע, שלעכט דערנערטע, שלעכט באַלוינטע און אין צעריסענע שיך... הוצדעם רעקרוטירן זיי זיך פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וועלכע איז צו אונדז פיינטלעך געשטימט, און כ׳בין נישט זיכער אין זייער געטריישאַפט... ווען כ׳וואָלט כאָטש האָבן וואָס זיי צו געבן! ווען כ׳וואָלט צום ווייניקסטן האָבן לעדער אויף שטיוול פון זייערט־וועגן! אָדער אַ ביסל פעטס, אָדער צוקער... וואָלט איך זיי אפשר געקאָנט ווי־עס־איז דערציען. אָבער מיר באַקומען אַבסאָלוט גאָרנישט...

דער קאָמענדאַנט, אַן אינטעליגענטנער מענטש, האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ לאַנגן שמועס מיט מיר. מיר דערציילט וועגן זיינע זאָרגן. האָט גערעדט נישט ווי אַ פּאָליציאַנט, נאָר ווי אַ דערציִער. דאָס איז מיר געפעלן. כ׳בין זיכער געווען, אַז כ׳וועל געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט אים. כ׳האָב אים געזאָגט: כ׳וועל אייך גערן באַהילפיק זיין מיט מיינע איינפלוסן צו באַקומען צוטיילונגען, אָבער ערשט דאַרפט איר אונדז אַרויסהעלפן פון דער קלעם. נישט נאָר וואָפן דאַרפן מיר, נאָר אויך מענטשן. איך קאָן נישט שיקן די קינדער אין קאַמף מיט רויבער און באַנדיטן.

— פאַרשטענדלעך, — איז דער קאָמענדאַנט געווען מיט מיר איינשטימיק — איך האָב אויך קינדער... דאָס גאַנצע פּראָבלעם באַשטייט דערין, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג, ווען איך האָב אָבער אַזוי ווייניק מענטשן? וואָס קאָן איך אייך געבן? העכסטנס צוויי מענטשן... דאָס הייסט, איך גיב אייך זעקס, ווייל מ׳דאַרף רעכענען דריי שיכטן אין מעת־לעת. גלייבט מיר, חברטע, אַז דאָס איז איבער אונדזערע כוחות.

— גוט, — האָב איך געזאָגט — אַ דאַנק אייך. מיר האָבן אויך אַ נאַכטוועכטער, און איך אַליין קאָן שטיין אויף דער וואַך. אויך די עלטערע קינדער וועלן אונדז העלפן. אָבער וואָס וועט זיין אין פאַל פון אַ באַוואָפנטן איבערפאַל, ווי אין ראַבקע? צי וועט מען קאָנען צוריקשטויסן אַזאַ איבערפאַל מיט אַזוי ווייניק מענטשן?

— דאָס איז שוין אַן אַנדער ענין, — האָט ער געענטפערט — אויף אַזאַ פאַל דאַרף מען אויסאַרבעטן אַ ספּעציעלן פּלאַן. איר דאַרפט אינסטאַלירן אויפן דאַך אַ סירענע מיט אַ רעפלעקטאָר. איר וועט באַקומען ראַקעטן־וואַרפער מיט רויטע און ווייסע ראַקעטעס. ווען אייערע וועכטער וועלן

באַמערקן דעם זיך דערנענטערנדיקן שונא — וועט איר לאָזן אין גאַנג די סירענע מיטן ראַקעטעס־וואַרפער, און איך וועל אײַך שיקן אַן אויטאָ מיט מיליציאָנערן צו הילף. אויסערדעם וועל איך אײַך שיקן דאָס געווער, וואָס די צענטראַלע האָט פאַר אײַך באַשטימט. איר דאַרפט בלויז געפינען אַ גוטע מאַסקירונג פאַרן צעקאָעם, און איך מוז אײַך געבן אַ ספּעציעלן מענטש אים צו באַדינען.

אַלץ איז געווען אַזוי פּשוט אין מויל פון דאָזיקן מענטשן. אין איין רגע האָט ער פאַר מיר אָנגעצייכנט אַ פּלאַן פון פאַרטיידיקונג. ער גיט געווער, און אַפילו מענטשן, כאָטש די צענטראַלע האָט עס אָפּגעזאָגט (אפשר האָט ער וועגן דעם נישט געוווסט), און אַן אויטאָ מיט מיליציאָנערן וועט ער שיקן, ווען ס׳וועט נייטיק זײַן, אפילו אַ מענטשן פאַרן צעקאָעם... אָבער צי קאָן מען זיך דערויף פאַרלאָזן? ער אַליין זאָגט דאָך, אַז ער איז נישט זיכער אין דער געטריישאַפט פון די מענטשן... אָבער — צי האָב איך דען אַן אַנדערן אויסוועג? איין אויסוועג איז דאָ — אַליין זיך לערנען די טעכניק פון פאַרטיידיקונג.

ביים געזעגענען זיך האָב איך אים געזאָגט: הער קאָמענדאַנט, איר האָט אַ שווערן שטיין אַראָפּגענומען פון מײַן האַרצן. ערשט פיל איך זיך שוין אַ סך רויקער. ערשט וועלן מיר אָפּוואַרטן דעם שונא, צוגעגרייטע און באַוואָפנטע. איך דאַנק אײַך. אין היינטיקע ביטערע צייטן אַז מ׳באַגעגנט אַ גינציקן מענטשן — איז שוין אַ סך לייכטער צו לעבן, און אפילו צו שטאַרבן...

— נו איך האָף, אַז איר וועט נישט שטאַרבן — האָט ער זיך אַ וויצל געטאָן — אָבער באמת, איך פאַרשטיי גוט אייער לאַגע, און כ׳וועל אײַך העלפן צו טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער זיכערקייט פון די קינדער אין „וואַלד־וווינונג“.

ווען כ׳בין געקומען צוריק אַהיים, האָב איך זיך ווירקלעך געפילט אַ סך רויקער. ס׳האָט מיך נאָר געקרענקט דער ענין־ראַבקע. אמת, אויך פאַר זיי האָט דער קאָמיטעט באַקומען אַ צוזאָג צו פאַרטיידיקן, אָבער עפּעס בין איך פאַר זיי געווען אומרויק. און וועגן נאָך אַ זאַך האָב איך געטראַכט: פאַרוואָס האָט מיר דער מאַיאָר פון או.בע.*, פון אָפּשטאַם אַ ייד, אָפּגעזאָגט בייהילפיק צו זײַן מיט מענטשן און מיר קאַלטבלוטיק דערקלערט, אַז מיר דאַרפן שיצן דעם פּאָסטן ביזן טויט, און דאָס דאָזיקע קליינע און באַשיידענע אָפיצירל, בלתי פּסק אַ פּאָליאַק — האָט זיך מיט אונדזערע ענינים פאַרנומען מיט אַזויפיל ענערגיע, נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן?

* אַמט פאַר עפנטלעכער זיכערקייט.

# „איך האָב עס גענומען אויף זיך"

אויף דער וועראַנדע ביי דעם קליינוואַרג איז געשטאַנען דער צעקאָעם, פאַרדעקט מיט אַ ברעזענט, וואָס איז נישט דורכדרינגלעך פאַר וואַסער, פאַרשטעלט מיט איינלייגשטולן. דאָס קליינוואַרג איז געווען דערמיט שטאַרק פאַראינטערעסירט:

— וואָס איז עס אַזוינס? — האָט דער קליינער סטאַשעק צוגעשטעקט דאָס נעזל דורכן ברעזענט צו דער לופּע פון דער ביקס און פון אַלע זייטן אַרומגעטאַפּט דעם שווערן, אומבאַוועגלעכן חפץ.

— ריר נישט אָן, מ׳טאָר נישט! פרוי האַנקע האָט געזאָגט, אַז מ׳טאָר זיך נישט דערנענטערן דערצו, — האָט לילי געזאָגט.

— יאָ, ער דאַרף זיך אַזוי שטיין אַליין אין ווינקל... און מוז שטיין שטיל, שטיל, מ׳זאָל אים נישט דערהערן, — האָט גערעדט צו זיך אַליין זאָשע, געדענקענדיק ווי זי פלעגט זיצן אין שאַפע.

אין דער טיר פון דער וועראַנדע האָבן זיך באַוויזן עטלעכע פון די „מיטליאַריקע" מיט די הענט אין די קעשענעס.

— דאָס איז אַ צוועלפקאַליבערדיקער צעקאָעם, — האָט ראובן פאַכמעניש דערקלערט, מעסטנדיק דעם דיאַמעטער דורך דער פלאַכטע.

— ווי וויט איז זיין שיס־שטרעקע?

— אָהאָ, אויך מיר אַ שיס־שטרעקע! איר וואָלט געדאַרפט הערן ווי ס׳שיסן די רוסישע קאַטיושעס! — האָט קוויטשיק גערעדט באַלעק.

נאָר אָט האָט זיך באַוויזן פרוי האַנקע און אַוועקגעיאָגט די „מיטל־יעריקע", זיי זאָלן מער נישט אויפקלערן דעם קליינוואַרג און זיי נישט איבערשרעקן.

*

העכער אַ וואָך האָט געדויערט דאָס איינסטאַלירן די סירענע און דעם ראַקעטן־וואַרפער און די אַנדערע צוגרייטונגען צו דער פאַרטיידיקונג. די קינדער האָבן זיך צו אַלץ צוגעקוקט מיט אָנוואַקסנדיקער נייגעריקייט. צום סוף וואָך איז אונדזער הויז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קליינעם פאָרט, און פונעם וועג שוין האָט מען געקאָנט באַמערקן צוויי מיליציאָנערן (אין

פּולער באַוואָפּענונג) זיך אַרומדרייען פאַרן הויז. די ספּאָרטלער און די קור־געסט וואָס האָבן זיך געפונען אין זאַקאָפּאַנע, ווען זיי פלעגן פאַרבייגיין מיטן וועג, פלעגן זיך וווּנדערן:

— וואָס איז עס דאָ פאַראַן אין דאָזיקן הויז, וועלכע אוצרות, וואָס מ'היט עס אַזוי? — פלעגן זיי פרעגן, אויפהייבנדיק די אויגן צו די פענצטער, פון וועלכע די קינדער האָבן אַרויסגעקוקט.

*

דערווייל האָט מיך געפּייניקט די זאָרג וועגן ראַבקע. ווי האָבן זיי זיך דאָרט אַן עצה געטאָן? צי איז מען זיי נאָכאַמאָל איבערגעפאַלן? וואָס מאַכן די קינדער? און וואָס מאַכט מירעלע? כ'האָב נישט געקאָנט זיך אַרויסדרירן פון שטוב, ווייל דער קאָמענדאַנט האָט אַלע מאָל געשיקט צו מיר פאַרשיידענע מענטשן צו דער אַרבעט ביי דער אינסטאַלאַציע. כ'האָב געפּרוּווט זיך פאַרבינדן מיט זיי טעלעפאָניש, אָבער ס'האָט זיך מיר עפּעס נישט איינגעגעבן. פון קראָקע ווידער האָט מען מיר מיטגעטיילט, אַז מ'האָט זיי געשיקט געווער און מענטשן צום פאַרטיידיקן זיך. פונדעסטוועגן האָב איך זיך נישט באַרויקט. און כ'האָב שוין געהאַלטן ביים פאָרן צו זיי, ווי דאָ איז פּלוצים אַריינגעפאָרן אויף אונדזער הויף אַ לאַסטאויטאָ און אין אים אַ דרייסיק קינדער פון ראַבקע.

אַלע קינדער און די אָנגעשטעלטע זענען אַרויסגעלאָפן זיי אַנטקעגן. האָבן זיי געהאָלפן אויסשטייגן פון אויטאָ, אויסטאָן זיך און דערוואַרעמען... ס'איז געווען אַ זייער קאַלטער פרימאָרגן. אָבער די קינדער זענען געווען גוט אָנגעטאָן און אַרומגעוויקלט ביזן האַלדז. מיט זיי זענען געקומען אַ דאָקטאָרין און אַ שוועסטער.

פאַרויס דער פּראָצעסיע איז געגאַנגען אַ העל, הויך ייִנגל פון אַ יאָר אַכט. ער האָט נישט געוואָלט געבן דער שוועסטער די האַנט. „איך קאָן גיין אַליין!" — האָט ער געזאָגט, אַרומקוקנדיק זיך טשעקאַווע. און זעענדיק אַ לאַנגע שורה אויגן, וואָס קוקן אים אָן נייגעריק, האָט ער זיך דערפילט פאַר אַ העלד און אָנגעהויבן אַ פּאָליטישן שמועס:

— צי ווייסט איר, קינדער — האָט ער אַ זאָג געטאָן (ווי ער אַליין וואָלט שוין קיין קינד נישט געווען) — ביי אונדז האָבן די דייטשן פאַרנומען גאַנץ ראַבקע. און דערפאַר האָט די שוועסטער אונדז געהייסן אינדערפרי זיך אָנטאָן און פאָרן קיין זאַקאָפּאַנע.

— אָבער דאָס זענען נישט קיין דייטשן, נאָר פּאָליאַקן — האָט זיך אָנגערופן אַן עלטער מיידל, וואָס איז געגאַנגען הינטער אים.

— דו פאַרשטייסט נישט גאָרנישט, ווייל דו ביסט אַ מיידל — האָט האָט ער זיך געוואָנדן צו איר מיט פאַרדרוס — איך האָב דאָך גערעדט מיטן סערזשאַנט אַליין, דער וואָס האָט אונדז פאַרטיידיקט... ער האָט מיר געזאָגט, אַז זיי האָבן געשאָסן צו אונדז אַ צוויי הונדערט פערציק קוילן... פאַרשטייסט? לעבן מיר איז פאַרבייגעפלויגן אַ קויל, נאָר זי האָט מיך נישט געטראָפן.

— אמת, שוועסטער, אַז אַ קויל איז לעבן מיר פאַרבייגעפלויגן? — האָט ער זיך געוואָנדן צו דער שוועסטער.

— האָסט דאָך מיר נישט געוואָלט פאָלגן און זיך באַהאַלטן אונטערן בעט.

— ווייל איך האָב בכלל נישט קיין מורא פאַר קיין קוילן, פאַר באָמבעס! איך שרעק זיך גיכער פאַר דונערס... אָהאָ! נישט אַזעלכע קוילן זענען געווען אין וואַרשע... ס'זענען געפלויגן באָמבעס פון צוויי טאָן... און אויך דעמלט האָב איך זיך נישט געשראָקן... ווער ס'איז געווען אין וואַרשע, שרעקט זיך אויך שוין נישט אין ראבקע.

— נאָר איר דאָ זענט פחדנים! — האָט ער זיך געוואָנדן צו די קינדער אַרום.

— אויך מיר אַ העלד, איז אַנטלאָפן פונעם שלאַכטפעלד! — האָט זיך באַלעק צעלאַכט.

— איך בין לגמרי נישט אַנטלאָפן, — האָט זיך דאָס יינגל פאַרטיידיקט — און האָב נישט געוואָלט אַרונטערקריכן אונטערן בעט... נאָר די שוועסטער און די דאָקטאָרין האָבן געשריגן...

— און איר האָט אינגאַנצן נישט קיין מאַשין־געווער, קיין סירענעס, און קיין רעפלעקטאָרן! — האָט זיך מיט אים גערייצט מאַטיקא.

— מיר האָבן שוין גראָד יאָ געהאַט, און נישט איין ביקס, נאָר הונדערט... אָבער די דייטשן זענען געזעסן אין בונקערס, און מ'האָט זיי נישט געקאָנט טרעפן... — האָט דאָס יינגל אויפסניי אָנגעהויבן.

— און אויף די ביימער אויך! — האָט צוגעגעבן מיט זעלבסט־זיכערקייט אַ קליין מיידעלע אין אַ פוטערן מאַנטעלע.

— קינדער, גענוג שוין דאָס רעדן וועגן די שיסערייען — האָט אַ זאָג געטאָן די שוועסטער — טוט זיך אויס און נעמט אַראָפּ די היטלען. און

דו, עלי, דאַרפסט ערשט אײַנגעמען די רפואה, ווײַל האָסט זי נישט אײַנ־געגומען אײַנדערפרי.

— תמיד נאָר רפואות און רפואות... — האָט אונדזער העלד אָנגעהויבן וויינען.

— זעסטו, — האָט אים זײַן קאָלעזשאַנקע געפּעפּערט די גאַל — פּאַר באָמבעס שרעקסטו זיך נישט, און פּאַר רפואות יאָ...

— איך שרעק זיך שוין דווקא נישט... און איכל דיר באַלד ווײַזן, דו פּלוידערזעקל — און ער האָט געטאָן אַ פאַרשטעק זיך די נאָזלעכער און אָראָפּגעשלונגען דעם גרויסן לעפל מיט דער רפואה.

— אוי, ווי נישט געשמאַק דאָס איז! — האָט ער זיך שרעקלעך פאַרקרימט — אמת, שוועסטער, אַז נעכע איז אַ פּלוידערזעקל?

— ס'איז נישט שיין צו רופן זיך מיט צונעמענישן, — האָט געזאָגט די שוועסטער, צובינדנדיק די קינדער די שיך.

— טאָ זאָל זי זיך נישט טשעפּען צו מיר, דאָס־אָ פּלוידערזעקל!

*

די פרוי דאָקטאָר מיראַן האָט מיר דערקלערט, פאַרוואָס זי האָט אַרויסגעפירט די קינדער פון ראַבקע:

— נאָכן ערשטן איבערפאַל, — האָט זי געזאָגט — האָט מען נאָך צוויי מאָל באַשאָסן די הײַזער. און שטענדיק — בײַנאַכט, ווען די קינדער שלאָפן. מיר האָבן געמוזט אַרויסטראָגן די שלאָפנדיקע, דערוואָרעמטע קינדער אין די קאַלטע קאָרידאָרן און קעלערן. אַ סך קינדער האָבן זיך פאַרקילט, באַקומען בראָנכיטן, לונגען־אַנטצינדונגען, גריפּעס, אַנגינעס. בײַ אַ סך קינדער, קראַנקע אויף בײַנער־שווינדזוכט, האָבן זיך אויפגעסיי געעפנט די וווּנדן. בײַ די „דריזנדיקע" האָט זיך געהויבן די טעמפּעראַטור, יעדער פאַל פון אַנטצינדונג האָט זיך פאַרשאַרפט. מיר האָבן נישט געקאָנט אַרויסגיין פון הויז, ווײַל מיר זענען געווען אַרומגערינגלט מיט שונאים. אַ קויל פון אַ פאַרבאָרגענעם שונא האָט אונדז געקאָנט טרעפן אפילו אינמיטן העלן טאָג. די פּוילישע אָנגעשטעלטע האָבן אונדז פאַרלאָזן. ס'האָט אויס־געפעלט עסן אין הויז. און בײַ אַזאַ צושטאַנד האָבן מיר דערהאַלטן אַ טעלעפאָן פון קראָקע, מיר זאָלן אײַנהאַלטן דאָס הויז און איבערלאָזן די קינדער אין ראַבקע. און איך, איך בעט אײַך זייער, — האָט זי דאָ אויפגעהויבן די שטים — פאַרשטײט זיך נישט אויף פּאָליטיק. איך בין בלויז אַ דאָקטאָרין,

און מיר האָט מען אַנגעטרויט דאָס געזונט און דאָס לעבן פון די קינדער. און מיין געוויסן, ווי פון אַ מענטשן און אַ דאָקטאָרין, קאָן נישט מסכים זיין דערויף, אַז די קינדער זאָלן בלייבן אין ראַבקע ווי אַ ציל פאַר די קוילן פון די אַנטיסעמיטן. איך קאָן אויך נישט מסכים זיין דערויף, זיי זאָלן דאָרט אויסגיין פון הונגער און קראַנקהייטן. דעריבער האָב איך דאָס געטאָן אויף אייגענער אחריות און אָן אַ דערלויבעניש זיי אַרויסגעפירט פון ראַבקע. די שווערערע קראַנקע האָב איך אָפּגעשיקט אין אונדזער שפּיטאָל אין קראָקע. און אַהער בין איך געקומען מיט אַ גרופּע קינדער, וועלכע מעגן זיך געפינען צווישן אַנדערע קינדער, נישט שאָדנדיק זייער געזונט. זיי זענען אַלע קיילעכיקע יתומים, האָבן נישט לחלוטין קיין שום נאָענטן. וואָרן צו יענע קינדער, וועלכע האָבן קרובים, זענען די קרובים געקומען און זיי צוגענומען. צי קאָנט איר צונעמען די דאָזיקע קינדער ?

אַ גערירטע האָב איך איר געענטפערט, אַז איך בין גרייט צוצונעמען נישט נאָר די קינדער, נאָר אויך די דאָקטאָרין און די שוועסטער, וואָס זענען געקומען מיט זיי.

— אַ האַרציקן דאַנק — האָט די דאָקטאָרין געענטפערט — נאָר איך קאָן אייער איינלאַדונג נישט אויסנוצן. מיין מאַן און מיין הויז וואַרטן אויף מיר אין קראָקע. אָבער די שוועסטער וועט גערן בלייבן. זי איז זייער צוגעבונדן צו די קינדער.

— סאַראַ שאָד — האָב איך געזאָגט מיט באַדויער — און אפשר וועט אייער מאַן דאָך מסכים זיין אייך „אויסצובאָרגן” אונדז אויף אַ שטיקל צייט ?

— צום באַדויערן לאָזט זיך דאָ גאָרנישט מאַכן. כ׳האָב שוין צוגעזאָגט אויף זיכער. האָב נאָך פריער געדאַרפט פאָרן צו זיי, אָבער נישט געקאָנט איבערלאָזן די קינדער אין אַזאַ צושטאַנד. איצטער גיב איך זיי איבער אין גוטע הענט.

— אַ גרויסער שאָד, אַ גרויסער שאָד, — האָב איך געזאָגט און גענומען איינטענהן :

— אויב אַזוי וועל איך דאָ בלייבן אַ וואָך, צוויי... מער קאָן איך באמת נישט, כ׳בין אויך זייער מיד. אָט די לעצטע געשעענישן האָבן מיך שטאַרק אויסגעשעפּט.

— נו, וועל איך אַרויפגיין אין דער הייך צוגרייטן די בעסטע צימערן

פאַר אַט די קראַנקע קינדער, — האָב איך געזאָגט — מירן זיך אַ ביסל ענגער מאַכן... ס׳איז דאָך װינטער, װעט אונדז זײן װאַרעמער... און איר, פּרוי דאָקטאָר, װעט טאָן צום בעסטן, אויב איר װעט זיך אַ ביסל צושפּאַרן אויף דער סאָפע אין דאָקטאָרס אויפנעם־צימער. ביזן מיטאָג איז נאָך העכער אַ שעה.

כ׳האָב אַרײנגעפירט די באַומרויקטע און מידע דאָקטאָרין אין אויפנעם־צימער און געשטעלט פאַר דער טיר אַ „װאַך״ (באַלעקן און דעם קלײנעם מילעקן — פּרײװיליקע), אַז קײנער זאָל נישט אַרײנגײן און נישט שטערן. און בין געגאַנגען צו די נײַע קינדער.

כ׳האָב נאָך מירעלע נישט געזען... נישט באַמערקט זי צװישן די קינדער. איז זי נישט צװישן די געקומענע? זאָל זי זײן פון די שװערע קראַנקע, װעלכע מ׳האָט אָפּגעשיקט קײן קראָקע אין שפּיטאָל? איך האָב באמת נישט געװוּסט, פאַרװאָס כ׳האָב נישט געפרעגט אויף איר בײ דער דאָקטאָרין... פאַרװאָס איז מיר תמיד שװער געװען צו פרעגן װעגן איר... טראַכטן װעגן איר... זי דערמאָנען... װען כ׳פלעג װעלן רעדן װעגן איר, פלעגט מיר באַפאַלן אַ שװאַכקײט און אַ צעמישטקײט, טרערן האָבן געגומען דריקן אין קעל...

כ׳בין אַרײנגעקומען אין דעם גרױסן איזאָלאַציע־צימער, װוּ ס׳איז געװען די מערהײט ראַבקער קינדער. דאָס זענען געװען קינדער פון פיר יאָר ביז נײַן, און בלויז עטלעכע עלטערע אַ ביסל. זײ זענען געזעסן אויף די בעטן און טאַבורעטן, אויסגעטאָענע פון די שאַלן און דעקן, און ערשט איצט האָט זיך אָנגעזען זײער נעבעכדיקײט — בלאַסע, מיט טונקעלע רינגען אונטער די אויגן און מיט בלאָע ליפּן. כמעט אַלע האָבן געהוסט און געהאַט קאַטאַרן. דאָס האַרץ האָט מיר פאַרקלעמט. כ׳האָב אַ טראַכט געטאָן: װאָס פאַר געמײנהײט דאָס איז צו טרײבן „פּאָליטיק״ אויפן חשבון פון די דאָזיקע קינדער!

די שװעסטער האָט זיך אַרומגעדרײט צװישן די קינדער און געװען זײער דענערװירט.

— דו זאָלסט שוין גײן די רגע אין בעט אַרײן! — האָט זי געשריגן אויף אײנעם פון די קינדער — די טעמפּעראַטור האָט זיך בײ דיר װידער געהויבן! און דו, מירע, קריך שוין אַרויס פון הינטער מײן פאַרטעך! קײנער װעט דיך דאָ נישט אויפעסן, טו זיך אויס און אין בעט אַרײן! מירעס פּנים האָט זיך באַװיזן פון אינטער דער שװעסטערס װײסן פאַרטעך, װאָס

ס׳האָט זיך נישט אונטערשיידט פון דער פּאַרטעך־ווייסקייט. כ׳האָב זי דערזען, ס׳האָט מיך פאַרקלעמט ביים האַרץ... זי האָט אויסגעזען ווי דעמלט, ווען כ׳האָב זי דערזען דאָס ערשטע מאָל אין קאָמיטעט. אַ קליין פּנימל, מאָגער און דין ווי אַ שטרייפעלע, די אויגן פול מיט טרערן און שרעק, בלאָע רינגען אונטער די אויגן...

— איך קאָן זיך בכלל מיט איר קיין עצה נישט געבן, — האָט זיך די שוועסטער געוואָנדן צו מיר — עסט נישט, שלאָפט נישט, שרעקט זיך צו בלייבן אַ רגע אַליין, גייט מיר אומעטום נאָך. צוליב איר קאָן איך זיך נישט אַ רגע פריי באַוועגן. האַלט מיך קאָנוולסיוו ביים קליידל... און ס׳איז דאָך שוין געווען אַזוי פיין מיט איר! זי האָט זיך צוגעפּילנעוועט אין ראבקע. ס׳איז איר צוגעקומען אַ ביסל אויף דער וואָג, זי האָט באַקומען קאָלירן אין די בעקלעך און איז אפילו לוסטיקער געוואָרן. און איצטער, זינט די איבערפאַלן, איז ווידער אַלץ קאַליע געוואָרן. אָט דאָס קינד גייט מיר ממש אויס פאַר די אויגן... איך מוז איר ביגוואַלד אַריינלייגן דאָס עסן אין מויל... זינט איך לעב האָב איך נישט געזען אַזאַ סענסיטיוו קינד.

מירעלע האָט מיך דערזען און פאַרשטעקט דאָס קעפּל הינטערן פאַרטעך.

— מירעלע! — האָב איך אַ שעפּטשע געטאָן — דערקענסט מיך נישט?

— מאַמע! האָט זי אַ זאָג געטאָן דורך טרערן פון פאַרטעך־אַרויס.

— מירעלע! — האָב איך זי אָנגעכאַפּט דורכן פאַרטעך פאַרן נאַסן נעזל — זאָלסט מיר שוין וויזן דאָס מיילכל! — וואָרן אַז נישט, וועט די מאַמע דיר נישט אָפּלאָזן דאָס נעזל און אויפעסן אַ שטיקל צום מיטאָג.

מירעלע האָט גענומען זיך אַרומדרייען צווישן די שוועסטערס פאַרטעך און קליידל, די שוועסטער האָט גענומען זיך צוריקציען, און איך זיך דערנענטערן, ביז פון הינטערן פאַרטעך האָט זיך באַוויזן דאָס גאַנצע קליינע געשטאַלטל.

מירעלע האָט זיך מיט מיר איבערגעבעטן און געקוקט אויף מיר דורך טרערן און שמייכל. די שוועסטער האָט איר געגלעט מיט ליבשאַפט איבער אירע העלע זיידענע האָר און געזאָגט:

— אָט אַזוי, אַז דו שמייכלסט, האָב איך דיך ליב.

— און אויך איך האָב דיך ליב, מיין מירעלע, — האָב איך געזאָגט — און פון היינט אָן וועלן מיר שוין זיין צוזאַמען. הערסט, מירעלע? און וועסט האָבן גאָר אַ סך קינדער זיך צו שפּילן.

— מאַמע, — האָט מירעלע געפרעגט — און פאַרוואָס האָט מען מיר געזאָגט, אַז מיר פאָרן קײן זאַקאָפּאַנע? *)

— מיר זענען דאָך אין זאַקאָפּאַנע, נאַרעלע! — האָט זיך די שװעסטער אָנגערופן.

— אָבער װוּ איז עס, דאָס דאָזיקע זאַקאָפּאַנע?

— אָט דאָ, אין צימער און אין קאָרידאָר, און הינטערן פענצטער און אױפן הויף. דאָס אַלצדינג אַרום, די גאַנצע שטאָט און די גאַנצע געגנט צוזאַמען הייסט זאַקאָפּאַנע.

— און די דײטשן װעלן שױן מער נישט קומען און אונדז נישט באַגראָבן? — האָט זי געפרעגט מיט פּחד אין די אויגן.

— דאָ שרעקן מיר זיך פאַר זײ אינגאַנצן נישט. מיר האָבן דאָ אַזאַ־אָ גרויסע ביקס! און מיר װעלן פון איר אַזוי פיל שיסן, אַז זײ װעלן אַלע אַנטלויפן. זײ װעלן אפילו גאָר מורא האָבן צו קומען אַהער... מיר שרעקן זיך נישט פאַר זײ אפילו אַזאַ־אָ פּיצעלע, — האָב איך איר געװיזן אױף שפּיץ פון איר קלײן פינגערל.

מירעלע האָט געקוקט אויף איר קלײן פינגערל און עפּעס נאָכגעטראַכט. דערנאָך האָט זי פאַרקװעטשט איר הענטל מיט יענעם פינגערל (אַנטשלאָסן, אפּנים, צו װײזן עס אַנדערע קינדער, װי אַ באַװײז) און אומגעריכט אַ זאָג געטאָן צו דער שװעסטער:

— שװעסטער, דאָס איז די מאַמע מײנע!

*

די קינדער װאָס זענען געקומען פון ראַבקע האָבן מיטגעבראַכט אַ שלל קראַנקהײטן קײן זאַקאָפּאַנע. דער פּרעכטיקער עלי האָט געהאַט אַ שװערע בײנער־שװינדזוכט. ער האָט שױן געהאַט הינטער זיך ניין פונקציעס און דרײ אָפּעראַציעס. בעת דעם אױפשטאַנד אין געטאָ (ער האָט געלעבט מיט זײן מאַמען אױף אַרישע פּאַפּירן) האָט אים געטראָפן אַ שפּליטער פון אַ באָמבע אין בויך, װאָס האָט אים גורם געװען ערנסטע קראַנקהײטן, און בעת די באָמבאַרדירונגען איז ער אינגאַנצן פאַרשאָטן געװאָרן מיט

---

*) אױף פּויליש באַדײט דאָס װאָרט: אַ באַהאַלטענע זאַך, אַ באַגראָבענע אין דער ערד.

גרוז און שטיקלעך גלאָז. די מאַמע האָט אים אויסגעקעמט מיט אַ געדיכט קעמל דאָס גלאָז פון די האָר. איצט האָט אים ווידער געדראָט אַן אָפּעראַציע: דאָס אויסשניידן אים איין אָדער צוויי ריפּן.

— אַז ער דערנערט זיך גוט, ליגט רויק און געניסט די בערג־ און די זון־לופט, לעשט זיך איין דער גלי פון דער קראַנקהייט... און אַז די־אָ באַדינגונגען פעלן אויס — ווערט די קראַנקהייט ווידער טעטיקער, — האָט מיר דערציילט די שוועסטער, וועלכע האָט געקאָנט די געשיכטע פון די קראַנקהייטן פון די קינדער אויף אויסנווייניק.

עליס אַ חברטע האָט אַמאָל געהאַט אַ שווערע פלעגמאָנע און איז געווען געשוואָלן פון הונגער. זי האָט זיך פון איר אויסגעהיילט, ס׳איז איר אָבער געבליבן אַ געשוואָלן פּנים און גרויסע דעפאָרמירטע ליפּן. אויסער דעם איז זי געווען דורכויס באַדעקט מיט שראַמען. די קליינע שרהלע האָט געהאַט אָנגערירטע בראָנכעס און איז געווען גייסטיק אָפּגעשטאַנען. דער גרויסער מיכאל — אַ געבוירענער אין ראַבקע, דער איינאונאיינציקער געראַטעוועטער פון שטעטל — האָט געהאַט פאַרגרעסערטע לונגען־דריזן און תמיד געפיבערט. בכלל האָבן אַלע קינדער, וואָס זענען געקומען פון ראַבקע, געפיבערט צוליב אָט־די דריזן. אַלע האָבן געהוסט און געווען זייער שוואַך.

די דאָזיקע קינדער האָבן זיך גיכער געפּאַסט פאַר אַ סאַנאַטאָריע, און בישט פאַר אונדזער „וואַלד־וווינונג", אין וועלכער ס׳זענען שוין געווען אַ סך קינדער וואָס זייער צושטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט, און וועלכער איך האָב אומבאַדינגט געוואָלט צוגעבן דעם כאַראַקטער פון אַ נאָרמאַלן, דערציערישן קינדערהויז. שטאָט דעם איז געשען אַזוי, אַז פון זינט ס׳זענען געקומען צו פאָרן צו אונדז די קינדער פון ראַבקע, האָבן אויך אונדזערע אָנגעהויבן אַ סך מער צו קרענקען.

קודם־כל איז ערגער געוואָרן העלעס צושטאַנד. דאָס איז געווען אַ זעקסיעריק מיידעלע — אַ טעכטערל פון אַ אוניווערסיטעטס־פּראָפעסאָר. איר טאַטע איז געווען איינער פון די גרעסטע מאַטעמאַטיקער, און איר מאַמע זיין אַסיסטענטין. ווען די דייטשן זענען אַריין קיין לעמבערג, איז ער געווען איינער פון זייערע ערשטע קרבנות, סיי ווי אַ געלערנטער, סיי ווי אַ ייד. די מאַמע האָט זיך נאָך אַ שטיקל צייט אויסבאַהאַלטן מיטן קינד... צום ערגסטן איז געווען בעת די אַקציעס: איין מאָל איז זי געשטאַנען מיטן קינד אויף די הענט אַ גאַנצע וואָך אין דער קאַנאַליזאַציע. ווען זי

איז אַרויס פון דאָזיקן קאַנאַל, האָט זי דאָס קינד אַריינגעגעבן אין אַ שפּיטאָל, ווייל ס׳האָט געהאַט אַ לונגען־אָנטצינדונג און אַן אורינבלאָז־אָנטצינדונג. אַליין איז זי שוין גיכט געקומען אָפּנעמען דאָס קינד, ווייל די דייטשן האָבן זי דערמאָרדעט. פון דעמלט אָן איז דאָס מיידעלע איבער־געגאַנגען פון איין שפּיטאָל אין צווייטן, פון איין מאָנאַסטיר אין צווייטן, און אינצווישנצייט איז זי דורכגעגאַנגען אַ שורה קראַנקהייטן. מ׳האָט איר געמאַכט עטלעכע שווערע לונגען־אָפּעראַציעס, אויסשניידנדיק איר דערביי דריי ריפּלעך. דאָס פעלן פון די דאָזיקע ריפּלעך האָט אויסגעקרימט איר קליין פיגורל. אין זאַקאָפּאַנע האָט זי כסדר געפיבערט און איז געלעגן צו בעט. דער רענטגען האָט געוויזן אַ גרויסע טאָווערנע אין דעם לינקן שפּיץ לונג. מאַכן אַן אָפּעראַציע אויף דער לונג איז געווען אַ סכנה. איז זי נעבעך געלעגן, העלוניע, האָט געפיבערט און פלעגט באַקומען שווערע הוסט־אַטאַקעס, בעת וועלכע זי פלעגט נישט קאָנען כאַפּן דעם אָטעם. און אין די לייכטערע מינוטן פלעגט זי צייכענען אָדער חשבונען, פון זכרון פאַרשיידענע זאַכן (ווייל זי איז געווען אויסגעצייכנט אויף מאַטעמאַטיק און האָט געהאַט אַ פּרעכטיקן זכרון), אָדער זי פלעגט האָרכן די מעשהלעך, וואָס די שוועסטער אָדער די דערציערין פלעגן איר דערציילן. אָבער אָט די מעשהלעך פלעגט מען דאַרפן צוקלייבן זייער פאָרזיכטיק, ווייל העלע האָט געהאַט אַ זייער אַנטוויקלטן חוש פאַר קריטיק (און גלייכצייטיק אַ חוש פאַר הומאָר), זי פלעגט יעדן כאַפּן אויף אומפּינקטלעכקייטן):

— אויב דער וואָלף האָט זיי איינגעשלונגען, ווי האָבן זיי געקאָנט דערנאָך לעבן? ער האָט זיי דאָך פריער צעגריזשעט מיט די ציין אויף שטיקלעך!... אַ נאַרישע מעשה!

— ווער פליט עס אויף אַ טעפּעך? און אויף וואָס האַלט ער זיך אָט דער טעפּעך? ווען מ׳וואָלט דערציילט, אַז דער טעפּעך איז געווען אין אַן עראָפּלאַן — איז עס עפּעס אַנדערש!

דער דערפאַרנסטער לונגען־דאָקטאָר אין זאַקאָפּאַנע, דאָקטאָר טראַווסקי, דער איינציקער צווישן די פּוילישע דאָקטוירים, וואָס האָט מסכים געווען אויפצונעמען ביי זיך אין הויז אונדזערע קינדער, צו וועלכן מיר האָבן זיי געבראַכט אויף אַן אונטערזוכונג, האָט געראָטן, מ׳זאָל גאָרנישט טאָן.

— גוט דערנערן, האַלטן אויף דער לופט, און אַכטונג געבן זי זאָל נישט כאַפּן קיין אַנדערע קראַנקהייט. איך וואָלט נישט ראָטן צו אָפּערירן. אפשר וועט זיך די טאָווערנע מיט דער צייט „אויספּילן".

לעבן העלען אין איזאָלאַציע־צימער איז געלעגן די דרייצניעריקע ערנא. זי איז פּלוצים קראַנק געוואָרן. זי איז דאָך שוין געווען אַ גימנאַזיסטקע און יעדן טאָג געגאַנגען אין שול. זי האָט זייער גוט געלערנט, און איז באַליבט געווען אפילו ביי די פּאָלקעס. און אָט האָבן זיך ביי איר פּלוצים באַוויזן עטלעכע ווונדן, וואָס טיילן אויס אייטער אין דער געגנט פון דער זעקסטער רעכטער ריפּ. איר טעמפּעראַטור איז געשטיגן און געפאַלן, זיך געפילט זייער שלעכט און געמוזט ליגן. ווען כ׳בין געקומען זי באַזוכן, האָט זי זיך פּלוצים צעוויינט:

— וואָס וועט איצטער זיין מיט מיר? וואָס וועט זיין מיט מיינע לימודים? איז עס אַן ערנסטע זאַך עפּעס? כ׳וועל מוזן גיין אין שפּיטאָל אַריין?

איך האָב זי באַרויקט: — איך מיין נישט, די זאַך זאָל זיין ערנסט. די טעמפּעראַטור וועט פאַלן, וועסטו ליגן אויף אַ ליגשטול אויף דער ווערצאַנדע אַ גאַנצן טאָג אויף דער זון. וועסט דאַרפן פאָדערן אַכט מאָל אין טאָג, מ׳זאָל דיר געבן עסן... זעסטו דאָך, אַז דאָס איז נישט אַזאַ שטרענגע דיעטע... און לערנען וועסטו אויך קענען, מער נאָך ווי פריער, ווייל איך וועל דיך לערנען עברית, און דיר אויך אויסבאָרגן מיין אויס־געצייכנט בוך צו לערנען ענגליש אָן הילף פון אַ לערער, און חוצדעם וועט דיר האַנקע אָפּגעבן יעדן טאָג אַ גענויען באַריכט וועגן די לעקציעס אין שול, און איר וועט קאָנען צוגרייטן די לעקציעס צוזאַמען...

*

האָבן מיר שוין הייסט עס געהאַט דעם צווייטן פאַל פון ביינער־שווינד־זוכט. אויסערדעם זענען געווען אַ סך פאַלן פון לונגען־שווינדזוכט (נישט קיין אָפענע). שאול איז נאָכנישט געווען פולשטענדיק אויסגעהיילט. וויטאָלד, וויקטאָרס קאָלעגע, האָט געהאַט אָנגערירטע איבערשטע בראָנכן און געפיבערט. דער צוועלפיעריקער מאיר, אַ פעיקער, גוטהאַרציקער און ביי אַלעמען באַליבטער, האָט געהאַט לונגען־שווינדזוכט. ער איז געווען אַזוי אויסגעהונגערט און אָפּגעצערט, אז אַפילו אין זאקאָפּאַנע האָט ער נישט קיין סך צוגענומען אויף דער וואָג.

לונגען־שווינדזוכט האָט אויך געהאַט די צוועלפיעריקע אסתרקע. פרוי דאָקטאָר מיראָן האָט זי מיר איבערגעגעבן נאָך אין קראָקע, זאָגנדיק:

„איצטער פײניקט איר זיך מיט איר אַ ביסל! מיר האָט זי שױן נישט אײן טעלער געװאָרפֿן אין פּנים אַרײַן...". אסתּרקע איז געװען זײער װילד. צוליב עפּעס אַ לײַכטע סיבּה (אָדער גאָר אָן שום סיבּה) פֿלעגט זי באַקומען אַטאַקן פֿון שרעק און צאָרן, און זיך קלאַפּן דעמלט קאָפּ אין װאַנט, געװײנלעך נאָענט צו מײַן קאַנצעלאַריע, אַז איך זאָל עס גוט זען... פֿרוי שטערן, אונדזער לערערין, האָט זי אײנמאָל מיטגענומען אױף אַן אױספֿלוג, האָט זיך אסתּרקע אַנידערגעזעצט אינמיטן שאָסײ װוּ ס'איז געװען אַ שטאַרקע ראָד־באַװעגונג און בשום־אופֿן נישט געװאָלט רירן זיך פֿון אָרט. אין הױז האָט זי נישט געװאָלט עסן בײַם טיש, נאָר פֿלעגט זיך אַרײַנגנבֿענען אין קיך און כאַפּן פֿרעמדע פּאָרציעס. אונטער איר קישן פֿלעגט מען תּמיד קאָנען געפֿינען שירײַם פֿון עסנװאַרג און קרישקעס. אין שול האָט מען זי אָנגענומען אין צװײטן קלאַס, און געמוטשט צוריקשיקן אין ערשטן, װײַל זי האָט בכלל נישט געקאָנט באַנעמען דאָס לײענען און שרײַבן. פֿרוי מיראַן האָט געראָטן זי אָפּצוגעבן אין אַ „ספּעציעלן אַנשטאַלט"...

— הײלט זי אױס פֿון דער לונגען־קראַנקהײט און שיקט זי אָפּ פֿונדאַנען.

אָבער איך האָב געהאַט אַ האָפֿענונג, אַז דאָס מײדעלע װעט זיך בײַ אונדז אױסהײלן נישט נאָר פֿון דער לונגען־קראַנקהײט. צופֿעליק איז מיר זײער גוט באַקאַנט געװאָרן איר לעבנסגעשיכטע, װײַל אײנמאָל נאָך אַן אַטאַק, בײַנאַכט, איז זי געקומען צו מיר אין צימער אין בעט אַרײַן און האָט מיר אַלץ אױסדערצײלט דורך געװײן.

זי איז געװען אַן עדות פֿון מאַקאַברישע סצענעס אין װאַלד. האָט געזען װי איר טאַטע האָט פֿאַרלאָזט די מאַמע, כּדי זיך צו ראַטעװען. שפּעטער האָט זי געזען, װי איר מאַמע איז געװען געצװוּנגען מסכּים צו זײַן, אַז די ײדן װאָס זיצן צוזאַמען מיט זײ אין בונקער זאָלן הרגענען איר קלײן ברודערל, װײַל ער איז געװען קראַנק און האָט געװײנט, און דערמיט געקאָנט אַנטפּלעקן פֿאַר די דײַטשן זײער באַהעלטעניש. זײ האָבן אים דערשטיקט, געזונטיק אים אָן אױפֿהער װאַסער אין מױל אַרײַן. און פֿון אסתּרקען האָט מען געפֿאָדערט, זי זאָל אים צוהאַלטן בײַ די פֿיס... צום סוף פֿון דער מלחמה איז זי עטלעכע נעכט געשלאָפֿן מיט דער מאַמען, נישט װיסנדיק, אַז די מאַמע לעבט שױן נישט!...

יאָ, אסתּרקע האָט געהאַט גענוג סיבּות דערצו, זי זאָל באַקומען אַטאַקעס פֿון שרעק און אין אַלעם איבעריקן פֿאַרגעסן. ס'איז נאָר צום באַדױערן, װאָס זי האָט נישט געקאָנט פֿאַרגעסן יענע געשעענישן װאָס זי האָט צוגעזען אַלס קלײן מײדעלע. זי האָט פֿאַרגעסן בלױז אַלץ װאָס זי האָט געלערנט אין שול...

לענאַ קיכלער־זילבערמאַן

# דער איבערפאַל פון די „נאַציאָנאלע באַוואָפנטע כוחות"

די שווערקייטן זענען אָנגעוואַקסן. ערשט איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף פאַרן לעבן פון פאַרשידענע זייטן: אַ קאַמף פאַר ברויט, אַ קאַמף מיט די קראַנקהייטן און אַ קאַמף מיט די אַנטיסעמיטישע באַנדעס פאַרן נאַקעטן לעבן.

די איבערפאַלן אויף די קינדער האָבן זיך געמערט. די קינדער האָבן נישט געקאָנט גיין אין שטאָט אַריין, נישט איינציקערווייז און נישט גרופּעס־ווייז, ווייל מ׳האָט געוואָרפן אויף זיי שטיינער. אָבער די־אַ שטיינער פלעגן טרעפן אין זיי אויך אין הויז, נישט געקוקט אויף דער שמירה. ס׳איז געווען אַ סכנה צו עסן אין באַגלאָזטן עס־זאַל, מיטן פראָנט צום שאָסיי. די סילועטן פון די באַוואָפנטע וועכטער פלעגן גיין הין און צוריק פאַר אונדזערע פענצטער און שאַפן אין אונדז דאָס געפיל, אַז מיר זענען אָפּגעשלאָסן, אַרעסטירט, אויסגעשטעלט אויף אַ כסדרדיקער סכנה.

אין איינעם אַ טאָג איז צו אונדז געקומען אַ גרופּע אויסטערלישע מענטשן צוזאַמען מיטן פרעזעס און זיין פאַרטרעטער מאַלינסקי. זיי זענען געווען דריי געקליידטע אין שוואַרצן, און האָבן נישט אויסגעטאָן די היטלען. בעת זייער אַריינקום האָבן אויף מיר באַלד אַ ווייע געטאָן אומ־אנגענעמע און ווייטע זכרונות פון די קינדער־יאָרן. פונוואַנען קאָן איך זיי?

— האָב איך געטראַכט — אויך דער פּרעזעס און מאַלינסקי האָבן דאָס מאָל אויסגעזען אַנדערש ווי תמיד, ווי זיי וואָלטן וועלן זיך צופּאַסן מיט זייער אויסזען צו די דריי. דער פּרעזעס האָט אַ זאָג געטאָן צו די געסט:

— זעצט זיך צו אַ ביסל. רוט זיך אָפּ פון וועג. איר וועט פריער עפּעס צובייסן.

— ניין, — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די דריי — מיר מוזן וואָס שנעלער פאָרן ווייטער און דערפילן אונדזער חוב.

חוב? וואָסער חוב? — האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

— זיי זענען גערעכט, — האָט זיי ה׳ מאַלינסקי אונטערגעהאַלטן — מיר האָבן נישט קיין צייט צו זיצן און עסן. מיר מוזן ווייטער פאָרן.

— וווהין פאָרט איר? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— קיין נאָווי־טאַרג.

— קײן נאָווי־טאַרג דורך זאַקאָפּאַנע? ס'איז דאָך פֿאַראַן אַ דירעקטע פֿאַרבינדונג פֿון קראָקע קײן נאָווי־טאַרג, אַ סך נענטערע!

— מיר האָבן געמוזט אָנלײגן װעג, — האָט דערקלערט דער פּרעזעס — צוליב זיכערקײט.

מיר האָבן דאָס די לײטישע זיכערקײט אין זאַקאָפּאַנע, — האָב איך אין זין געהאַט און געפֿרעגט: „װאָס האָט פּאַסירט אין נאָווי־טאַרג?"

— איר װײסט נישט? — האָט זיך דער פּרעזעס געװוּנדערט — ס'איז דאָך אַזױ נאָענט צו אײַך!

— כ'װײס נישט, — האָב איך געענטפֿערט — איך זיץ דאָ אָפּגעשלאָסן מיט די קינדער, װי אין אַ פֿעסטונג. ס'דערגײען נישט אַהער קײן אָפּקלאַנגען פֿון דעם װאָס קומט פֿאָר אױסערן הױז.

דער פּרעזעס מיט מאַלינסקין האָבן זיך איבערגעקוקט.

— אין נאָווי־טאַרג האָט מען דערמאָרדעט דעם פּרעזעס פֿונעם אָרטיקן קאָמיטעט און פֿינף יונגע ײדישע בחורימלעך, װאָס האָבן זיך אומגעקערט אין זײער געבױרן־שטאָט. מיר פֿאָרן ערשט ברענגען זײ צו קבר־ישׂראל.

— װיאַזױ איז דאָס געשען? — האָב איך געפֿרעגט אַן אױפֿגעציטערטע.

— פּשוט, — האָט געזאָגט מאַלינסקי מיט ביטער'ער איראָניע — מ'האָט דערמאָרדעט אַלע ײדן װאָס זענען לעבן געבליבן אין נאָווי־טאַרג. דאָס גײט דאָך אַרײַן אין זײער פּראָגראַם — צו פֿאַרענדיקן היטלערט װערק!

— װער?

— איר װײסט נאָך נישט? די אײגענע מענטשן, װאָס װאַרפֿן האַנט־גראַנאַטן אױף קינדער — „די נאַציאָנאַלע באַװאָפֿנטע כּוחות".

— דער אומגליקלעכער קלינגער, — האָט זיפֿצנדיק געזאָגט אונדזער פּרעזעס — אַזאַן אָרנטלעכער און גוטער מענטש! ערשט יענעם פֿרײַטיק איז ער געװען בײַ מיר און זיך באַראָטן, װאָס פֿאַר אַ דענקמאָל צו שטעלן פֿאַר די ײדישע קרבנות אין נאָווי־טאַרג... אומגליקלעכער, ער האָט זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ אַ דענקמאָל! האָט נישט געהאַט װעמען צו דינען אַלס פּרעזעס צװישן די לעבעדיקע, האָט ער געװאָלט זײַן אַ פּרעזעס פֿאַר די טױטע. נו, איצטער װעט ער פּרעזידירן אױפֿן בית־עלמין.

— כ'האָב געהערט, אַז ער האָט באַקומען עפּעס אַ דראָאונג־בריװ, — האָט אים איבערגעריסן מאַלינסקי.

— יאָ, ער האָט מיר אים אַפֿילו געװיזן. אַ געװײנלעך שטיקל פּאַק־פּאַפּיר, אױף װעלכן עפּעס אַנאַלפֿאַבעט האָט אָנגעשריבן מיט גראָבע

אָרטאָגראַפּישע גרייזן: „זשיד, טראָג זיך אָפּ, אַנישט וועסטו באַדויערן!". אָבער ווער האָט עס גענומען ערנסט? ס'האָט אויסגעזען ווי אַ דראָונג פון עפּעס אַ דאָסער! (צוליב פאַרביטערונג און צאָרן האָט זיך אים אַרויסגעכאַפּט דאָס אומפּאַסיקע וואָרט). און דאָ קומט צו מיר צופאָרן זונטיק אינדערפרי דער פויער, ביי וועלכן קלינגער האָט געוווינט: „האַרעלע, — זאָגט ער דורך געוויין — זיי האָבן אים דערמאָרדעט, די כאָליערעס! און פאַרוואָס? ער איז דאָך געווען אַזאַ גוטער... אַ האַרציקער... האָט קיינעם קיין שלעכט וואָרט נישט געזאָגט... האָט זיך מיט יעדן מיט אַלץ געטיילט... כאָטש אַ ייד, איז ער בעסער געווען פון אַ קאַטאָליק... די גאַנצע צייט פון דער מלחמה האָב איך אים אויסבאַהאַלטן... דאָס ווייב האָט מען אים דערמאָרדעט, די קינדער דערמאָרדעט, איז געבליבן איינער אַליין אויף דער וועלט, האָבן זיי נאָך צו אים אַליין אויך געטראָפן, אים צו דערהרגענען... רויבער אַזעלכע! רוצחים! אַז זיי זאָלן קיינמאָל פון ברענענדיקן גיהנום נישט אַרויס! דערצו נאָך האָבן זיי מיינע לעצטע בגדים פון קופערט צוגענומען!" — און ווי איז דאָס געשען, באַלעבאָס? — האָב איך אים געפרעגט. — „אָט אַזוי, אַרום האַלבע נאַכט שבת, ווען מיר האָבן זיך אַלע געלייגט שלאָפן, זענען אַריין אין דער כאַטע דריי שוואַרצע שדים מיט אַרומגעבונדענע געמבעס. און זיי האָבן גלייך געגעבן אַ באַפעל: „זיך אַנידערלייגן!" דערנאָך אונדז אַלע געבונדן מיט שטריק און גענומען אַלץ אַרויסטראָגן פון קופערט, פון דער כאַטע... און געפרעגט איינעם דעם צווייטן: „אָנבויקערן אים?" דער אַנדערער, אודאי אַן עלטסטער, זאָגט: „ענדיקט אויס דעם זשיד!". איך הייב אָן בעטן רחמים: „לאָזט אים לעבן, פּאַנאָוויע! ער איז אַזאַ ערלעכער ייד און אַן עלטערער מענטש! שענקט אים דאָס לעבן!" אַז זיי טוען עס אַ הוקע אויף מיר: „פאַרמאַך דעם פרעס, דו כאָם איינער! ווייל מירן דיך אויך אָוועקלייגן, דערפאַר וואָס האָסט אויסגעהאַלטן אַ ייד!" בין איך אַנטשוויגן געוואָרן. און זיי האָבן אַזש דריי מאָל געשאָסן אין אים. ער האָט אפילו נישט קיין פּיפּס אַרויסגעלאָזן, דער בידנער...

די זעלבע נאַכט האָבן זיי דערמאָרדעט אין נאָווי־טאַרג אויך פינף יונגע יידישע בחורימלעך, וועלכע זענען געווען אין אַ לאַגער און מיט אַ קורצער צייט צוריק זיך אומגעקערט „אַהיים". משמעות אַז אויך זיי האָבן פריער באַקומען אַזעלכע דראָונגס־בריוו. און מ'האָט זיי אין די בריוו באַשטימט אַ טערמין, זיי זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט ביז פיר און צוואָנציק שעה. אָבער געשאָסן אויף זיי שוין נאָך צען שעה...



די באשנייטע טאטרן־בערג אין זאקאפאנע — די סביבה ארום דעם קינדערהיים



12—13 יעריקע קינדער גרייט אפצושטויסן דעם שונא...

דער פּרעזעס און מאַלינסקי זענען געווען פולשטענדיק דערשיטערט, נישט אימשטאַנד געווען איינצוזיצן אויף אָן אָרט. דאַקעגן די דריי אין שוואַרצן געקליידעטע מאַנצבילן האָבן זיך געהאַלטן אַזוי, ווי די דאָזיקע זאַכן גייען זיי נישט אָן. זענען געווען אינגאַנצן רויק.

— ווער זענען די־אָ יידן! — האָב איך שטיל אַ פרעג געטאָן מאַלינסקין.

— דאָס זענען חברה־קדישא־לייט. זיי פאָרן מיט אונדז ברענגען די קרבנות צו קבר־ישראל.

— צי שטעלט איר נישט אין סכנה אייער לעבן? — האָב איך געפרעגט.

— וואָס ס'איז באַשערט, איז באַשערט! — האָבן זיי מיר געענטפערט.

און נישט נעמענדיק גאָרנישט אין מויל אַריין, זיך געלאָזט אין זייער אָבלדיקן וועג.

*

דער וויזיט האָט געמאַכט אויף מיר אַ דערשלאָגנדיקן רושם. דאָס געשעעניש אין נאָווי־טאַרג איז געווען נישט צו באַגרייפן. קלינגער איז דאָך באמת געווען אַ גוטער און טייערער מענטש, באַקאַנט אין שטאָט און אין דער גאַנצער געגנט מיט זיין ערלעכקייט און פיינקייט און אויך אָנגעזען צווישן די פּאָליאַקן. און פונדעסטוועגן האָט מען אים דערמאָרדעט.

פאַרשטענדלעך, אַז אויך מיר האָבן נישט געהאַט קיין גוטס צו דער־וואַרטן. און באַזונדערס ווען מ'האָט שוין אָנגעהויבן מאָרדן אויך און זאַקאָפּאַנע. מ'האָט דערמאָרדעט אַן עלטערן און חשובן מענטש, אַ באַוווּסטן באָטאַניקער, וועלכער איז באַרימט מיט זיינע פאָרשונגען איבער דער פלאָרע פון די טאַטרן. מ'האָט אים געפונען דערמאָרדעט אין זיין וווינונג מיט אַ צעטעלע צוגעשפּיליעט צו זיין מאַרינאַרקע, אַז ער איז פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט דורך די נ.ס.ז. („די נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע כוחות״), ווייל ער איז פון ידישער אָפּשטאַמונג. קיינער האָט וועגן דעם נישט געוווּסט, אפילו די דייטשן האָבן עס נישט אויסגעפונען, און אים געלאָזן ביים לעבן. אָבער די באַנדעס פון נ.ס.ז. האָבן איינגעפונען, אַז ס'קומט אים טויטשטראָף...

די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן פאַרוואַנדלט זיין **לוויה אין אַ מין** מאַניפעסטאַציע קעגן דער שוואַרצער רעאַקציע.

אויך דאָקטאָר שאַרי, וועלכער האָט געדונגען פאַר אונדז די „וואַלד־וווינונג״ און איז געווען אַ ייד פון זאַקאָפּאַנע, האָט נישט אויפגעהערט צו באַקומען אַנאָנימע בריוו, אין וועלכע מ'האָט אים מיטגעטיילט, אַז

ס׳דערוואַרט אים דער טויט דערפאַר וואָס ער אָט ווידער אַריינגעבראַכט די זשידעס קיין זאַקאָפּאַנע. אונדזער פּרעזעס און אויך זיינע קאָלעגן האָבן אים געראָטן אומבאַדינגט צו פאַרלאָזן זאַקאָפּאַנע, הגם ער האָט דאָ געהאַט אַ הויז און נחלאות.

יעדן איינעם האָט מען געראָטן צו פאַרלאָזן די באַדראָטע מקומות, צו ראַטעווען דאָס לעבן (און יידן האָבן טאַקע אַזוי געטאָן: פאַרלאָזט די קלענערע שטעט און זיך קאָנצענטרירט אין די גרויסע). און נאָר איך מיט מיינע קינדער אין „וואַלד־וווינונג" האָבן געמוזט בלייבן אויפן אָרט... מיר האָבן נישט געטאָרט אַנטלויפן... אונדז האָט מען באַפוילן איבערצוהאַלטן, אויסצושטעלן דאָס לעבן אויף סכנה. צוליב וואָס? צוליב וועמען? צי איז געווען אַ וועלכער־ס׳איז ציל אין אונדזער קאַמף? וואָרן אויב דער ציל איז געווען בלויז דאָס איינהיטן דאָס לעבן, וואָלטן מיר עס דאָך געקאָנט דערגרייכן אויפן זעלביקן אופן ווי די אַנדערע — דורך אַנטלויפן...

ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן פאַרלירן דאָס גייסטיקע גלייכגעוויכט. דאָס אָפּגעשלאָסנקייט, די קראַנקהייטן, די „גוטע בשורות", די שרעקלעכע נערוון־געשפּאַנטקייט און דער צווייפל וואָס האָט גענאָגט דאָס האַרץ, ווי אַ וואָרעם — דאָס אַלץ האָט געטאָן זיינס. איך בין גאַנצע נעכט נישט געשלאָפן. בין אַרומגעגאַנגען מיטן רעוואָלווער אין קעשענע, צוזאַמען מיט די וועכטער, מיט קלימעקן און דעם הונט — אָן געהיטן דאָס הויז.

אין יענע פינצטערע נעכט פלעג איך רעדן מיט זיך אַליין... האָב געקעמפט מיט אַלע און געקעמפט מיטן שונא... אים אויסגעקוקט... אים אַרויסגעפאָדערט. האָב אים געזאָגט: „אויב ס׳איז נגזר געוואָרן אויף אונדז, דו זאָלסט קומען, רויבער און קינדער־מערדער, טאָ קום־זשע שוין בעסער באַלד! כ׳זאָל דיר אויסדראַפּען דיינע געשפּענסטיקע אויגן! זאָלסט נישט קענען זען ווי צו מאָרדן קליינע קינדער!"

איך האָב נישט געטאָרט פאַרלירן דעם שכל. האָב געמוזט געדענקען וועגן אַלץ. מ׳האָט געדאַרפט אָרגאַניזירן די אָנגעשטעלטע און די קינדער און זיי אינסטרואירן ווי זיך צו באַגיין אין פאַל פון אַן אַטאַק, ס׳זאָל נישט אַנטשטיין קיין כאַאָס און קיין פּאַניק אַזוי ווי אין ראַבקע... האָב איך דערום רעכטצייטיק פאַנאַנדערגעטיילט דאָס געווער און די פונקציעס צווישן די אָנגעשטעלטע און געצומען מאַכן אַלאַרמען סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט, בעת וועלכע מ׳פלעגט אַראָפּטראָגן די קינדער אין די קעלערס, וווּ ס׳איז שוין פאַרגעברייט געווען וואַסער, מעדיקאַמענטן, שפּייז, מאַטראַצן און

קאָלדרעס, זעק מיט זאַמד און כלים צו לעשן אַ שרפה. די קלײנע פענצטערלעך פון די קעלערס האָבן מיר פאַרמויערט. הער מענליך האָט געדאַרפט האָבן די השגחה איבער די עלטערע קינדער, און די שוועסטער — איבער די ייִנגסטע. אַחוץ דעם האָט יעדע דערציִערין געהאַט השגחה איבער די קינדער פון איר גרופּע.

דערווײל האָבן נישט אױסגעפעלט אױך אַנדערע קלאָפּאָטן. ס׳האָט זיך אַרױסגעװיזן אַז אױף אונדזערע װעכטער פון דער מיליץ קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן, אַז זײ היטן אונדז נישט. נאָך ערגער! זײ גײען אַרום בײנאַכט איבערן הױז, שלעפּן אַװעק זאַכן בײ די קינדער, עפענען מיט נאָכשליסלען די טירן פון די מאַגאַזינען און נעמען פון דאָרט אַרױס װאָס נאָר ס׳לאָזט זיך, עסן אױף און לײגן אין די קעשענעס פון די פּראָדוקטן װאָס זענען צוגעגרײט געװאָרן פאַר די קינדער צום פרישטיק (הגם זײ האָבן פון אונדז באַקומען עסן צו דער זעט). פרוי בראָניע פלעגט קומען צו מיר יעדן טאָג מיט אױגן געשװאָלענע פון װײנען:

— כ׳האָב נישט װאָס צו געבן די קינדער אױף פרישטיק, — דערבײ מיר געװיזן אײנמאָל דאָס שלעסל, װאָס איז אַראָפּגעריסן געװאָרן פונעם קרעדענס.

פרוי מענליך האָט געזאָגט:

— פאַר די־אָ שומרים אונדזערע דאַרפן מיר זיך שרעקן מערער װי פאַר די איבערפאַלער! און כ׳האָב זײ װירקלעך חושד געװען אין פאַראַט, אַז זײ האָבן אַ קאָנטאַקט מיט די באַנדעס אין װאַלד. דער „קלײנער קאָמענדאַנט״, װעלכן כ׳האָב אַרױסגעזאָגט מײן דאָזיקע השערה, האָט נישט אױסגעשלאָסן אַזאַן עװענטואַליטעט. אָבער ער האָט געדאַרפט האָבן באַװײזן. און איך האָב נישט געװאָלט עקספּערימענטירן אין אַן ענין װאָס איז נוגע דעם לעבן פון די קינדער. אױסער דעם פלעגט ער טאָן אַלץ װאָס ער איז נאָר אימשטאַנד געװען. פלעגט זײ טױשן פון צײט צו צײט, און עטלעכע האָט ער אפילו באַשטראָפט מיט אַרעסט, אָבער דאָס אַלץ האָט נישט קײן סך געהאָלפן. לסוף האָב איך באַשלאָסן פון זײ צו רעזיגנירן און ברענגען פון קראָקע ײדישע װעכטער, הגם מיר זענען געװען איצט געצװוּנגען פאַרשטענדלעך, זײ צו צאָלן און אױסהאַלטן. דאָס זענען געװען פינף זעלנער, באַפרײטע פון פּױלישן מיליטער מיטן סערזשאַנט מילער בראש.

אױך אונדזערע ײנגלעך זענען פול געװען מיט ברען זיך צו פאַרטײדיקן.

— מירן זיך אַלײן פאַרטײדיקן! — האָט שאול געזאָגט — מיר דאַרפן

נישט, אַז פרעמדע זאָלן פאַר אונדז קעמפן. זאָל אונדז נאָר די לייטערין געבן געווער...

אָבער איך האָב קיין געווער נישט געגעבן. דאָס איז נישט געווען אַזאַ פשוטע זאַך, געבן געווער אין די הענט פון קינדער! די עלטסטע פון זיי זענען ערשט אַלט געווען פערצן יאָר. אָבער נישט בלויז זייער עלטער האָט מיך אָפּגעהאַלטן דערפון. כ׳האָב פשוט געציטערט פאַר זייער לעבן, ווי יעדע מאַמע. האָב זיך געשראָקן, טאָמער וועט ווער פון זיי ווערן פאַרוווּנדעט, אָדער פאַלן אין שלאַכט... פאַרוואָס מוז איך מאַכן מיינע קינדער פאַר העלדן? — האָב איך זיך געבונטעוועט אין געמיט — צי דערפאַר וואָס די קינדער האָבן נישט קיין עלטערן, איז זייער לעבן ביליקער? צי וואָלט איך אויך מיין קינד, מיין בלוט און פלייש, געשיקט אין שלאַכט קעגן פאַגראָמטשיקעס? און צי זענען מיר די דאָזיקע קינדער וויניקער טייער? יעדעס פון זיי איז אַן איינאונאיינציקס, אַ לעצט איבערבלייבעניש פון זיין משפחה. און אויב איינס וועט אומקומען, וועט דאָך נישט בלייבן קיין שפור און זכר פון זיין גאַנצער משפחה, וועט איר נאָמען פאַרשווונדן פון יידישן פאָלק... יאָ, זיי זענען די קינדער פונעם יידישן פאָלק — האָב איך דעמלט אַ טראַכט געטאָן צום ערשטן מאָל — אַ קליין הייפעלע געראַטעוועטע... מיר איז אָנגעטרויט געוואָרן דער דאָזיקער אוצר, און איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אים... און אפשר בין איך באמת צוליב דעם געבליבן לעבן — פלעגט מיין געדאַנק אַוועק אויף מיסטישע וועגן, ווען כ׳פלעג שטיין אויף דער וואַך אין די פינצטערע נעכט, כדי איינצוהיטן דעם פונק לעבן ביי דעם־אָ הייפעלע קינדער...

דערפאַר האָב איך נישט געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן קעמפן. אָבער די קינדער זענען אומגעגאַנגען מיין פאַרבאָט און האָבן זיך געניט אונטער דער אָנפירונג פון אונדזערע נייע וועכטער אין שיסן אין ציל און וואַרפן האַנטגראַנאַטן, באַזונדערס אהרון, ליאָנעק און שאול. זיי זענען נישט אָפּגעטראָטן פון די וועכטער אפילו אויף קיין ווייל.

אין איינער אַ פינצטערער און רעגנדיקער נאָוועמבער־נאַכט, ווען הימל און ערד האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין שוואַרצן תהום, און אין די קוסטעס האָט געוואָיעט דער ווינט, האָבן מיר פלוצים דערהערט עפּעס אַנדערש פון דעם יאָמער און געוואָי פונעם ווינט... כ׳בין פאַרגליווערט געוואָרן אויף מיין אָרט און האָב געגומען זיך איינהאָרכן. און מער ווי ס׳האָבן געהאָרכט מיינע אויערן האָט אויפגעכאַפּט מיין געמיט — עפּעסוואָס

האָט זיך געטראָגן אין פינצטערן חלל פון דער וועלט. כ׳בין גלײַך צו צו מילערן און געפרעגט: „צי באַמערקט איר עפּעסוואָס פאַרדעכטיקס?״ מילער האָט נישט געענטפערט. נאָר איז מיט מיר אַריבערגעגאַנגען אויף דער לינקער זײַט, נענטער צו די קוסטעס, און אָנגעשפּיצט די אויערן. אויף די איבעריקע וועכטער זענען געשטאַנען שוויגנדיק און זיך אײַנגע־האָרכט. איינער פון זיי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און צוגעלייגט אַן אויער צו דער נאַסער ערד. אין דער געשפּאַנטער שטילקייט האָט יעדער איינער פון אונדז אויפגענומען דאָס קלאַפּן פון אייגענעם האַרצן. נישט מער. נישט דאָס אויג, נישט דאָס אויער האָבן גאָרנישט אויפגעכאַפּט. און פונדעסטוועגן האָט יעדער געשפּירט, מיט אַ מין פאַרבאָרגענעם חוש, אַז די סכנה איז זייער נאָענט.

— פאַרלעשן דאָס ליכט אין הויז און לאָזן אין גאַנג דעם רעפלעקטאָר — האָט מיר מילער אײַנגערוימט.

כ׳בין גלײַך געלאָפן אין הויז אַרײַן און האָב אויסגעלאָשן דאָס ליכט אין די קאָרידאָרן. איינער פון די וועכטער האָט זיך געשטעלט בײַם רעפלעקטאָר. און איינער האָט אַראָפּגענומען די פּלאַכטע פון דעם מאַשין־געווער.

כ׳האָב אויפגעוועקט מענליכן, די שוועסטער און די דערציערין. אין פולשטענדיקער שטילקייט האָבן מיר גענומען אַראָפּטראָגן די קינדער, אײַנגעהילטע אין קאָלדרעס, אין די קעלערן. די עלטערע ייִנגלעך און מיידלעך זענען שוין געווען וואַך און געגאַנגען אַרום אונדז, גרייטע צו העלפן. און ווירקלעך, זיי האָבן אונדז געהאָלפן אַראָפּטראָגן די קינדער, שטיל, געהיט, און אויסליידיקן די צימערן. די קינדער זענען שוין געווען געוווינט צו דעם און האָבן נישט געוויינט.

דערווייל האָבן זיך אין דרויסן געפונען ווייניק מענטשן. כ׳האָב באַמערקט, אַז מילער איז שטאַרק דענערווירט.

— קלימעק איז נעלם געוואָרן צוזאַמען מיט דער ביקס, — האָט ער מיר געזאָגט.

דאָס בלוט האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַרײַן. כ׳בין געלאָפן אים זוכן הינטערן הויז, ער איז אויפן הויף נישט געווען. כ׳האָב געכאַפּט אַ קוק אין דעם טונקעלן, האַלב אָפענעם קאָרידאָר, וואָס האָט געפירט אין דער קיך. ער איז דאָ געשטאַנען, הינטער דער טיר, און לעבן אים זײַן הונט אַמאָר, וועלכער האָט געלעקט זײַנע ציטערנדיקע הענט. ווען

כ׳בין אַריינגעקומען אין קאָרידאָר, האָב איך זיך געשטרויכלט איבער דער ביקס, וואָס איז געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע.

— וואָס הייסט עס? איר האָט זיך אָפּגעזוכט אַ זיכער ערטעלע זיך אויסצובאַהאַלטן? — האָב איך אים אַ זאָג געטאָן אין צאָרן — שוין די רגע גיט מיר אָפּ די ביקס און אַלע קוילן!

קלימעק האָט זיך פון אָרט נישט גערירט ס׳האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן.

— אָדער איר גיט מיר שוין אָפּ אַלצדינג, אָדער איך רוף אַריין אַהער מילערן! — האָב איך זיך צעשריגן.

קלימעק האָט נישט גערן אָפּגעבונדן דעם פּאַס מיט די קוילן. זיין ביקס איז שוין סייווי געווען אין מיין האַנט.

— און איצט טראָגט זיך אָפּ פונדאַנען! — האָב איך אים אַרויס־געשטופּט פון קאָרידאָר, פאַרשלאָסן די טיר און אַריינגעלייגט דעם שליסל אין קעשענע.

מענליך איז אַרויסגעקומען אויפן הויף און גענומען קלימעקס ביקס. נאָך אים האָבן גענומען אַרויסשלייכן פון הויז די יינגלעך. כ׳האָב באַמערקט וויקטאָרן, ליאָנעקן און אהרונען לעבן די וועכטער. און דודן, מאָטקען און יצחקן לעבן מענליכן. דאָס האַרץ האָט אין מיר אויפגעציטערט.

— גיט אויף זיי אַכטונג, — האָב איך אַ זאָג געטאָן צו מענליכן.

— איר קאָנט זיך, פרוי לייטערין, אויף מיר פאַרלאָזן, — האָט ער מיר וואַרעם אַ זאָג געטאָן.

כ׳בין צוגעגאַנגען צו מילערן און אים געזאָגט:

— מיר האָבן נישט מער וואָס צו וואַרטן. כ׳וועל לאָזן אין גאַנג די סירענע און די רויטע ראַקעטעס. שאול, אהרון, קומט מיט מיר!

כ׳האָב זיי געגעבן דעם ראַקעטנוואַרפער און די ראַקעטעס, און בין אַליין געלאָפן אין קאַנצעלאַריע אָנקלינגען צו דער מיליץ. האָב געקלונגען און געקלונגען — קיינער האָט מיר נישט געענטפערט. כ׳האָב זיך פאַרבונדן מיט דער טעלעפאָן־צענטראַלע און דורך זיי געקלונגען צו דער מיליץ. ענדלעך האָט מיר געענפערט עפּעס אַ פאַרשלאָפענע שטים:

— וואָס? אַן איבערפאַל אויף „וואַלד־וווינונג״?...

און די פאַרבינדונג האָט זיך איבערגעריסן. כ׳האָב מער נישט געקאָנט רעדן, קיינער האָט מיר נישט געענטפערט.

כ׳בין אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף. די קוילן זענען שוין געפאַלן אין

די קוסטעס. מיר האָבן געזען ווי די קוסטעס באַוועגן זיך און די אָפּגעריסענע בלעטלעך האָבן געראַשט. אַלע שאָסן זענען געקומען פון דער רעכטער זייט, פונעם קליינעם וועלד. דער רעפלעקטאָר האָט אַהין אָן אויפהער געשיקט סנאָפּעס שטראַלן, אָבער נישט געקאָנט אַ סך באַלייכטן, ווייל דער באָדן איז דאָרט נישט געווען קיין גלייכער. מ'האָט אויך באַדאַרפט היטן די הינטערשטע זייט פונעם הויז, ווייל מ'וואָלט געקאָנט אומגעריכט הינטער־קומען פון יענער זייט.

כ'האָב געזען ווי מילער טיילט פאַנאַנדער געווער די ייִנגלעך און שטעלט זיי אַוועק אויף פּאָסטנס. דאָס האַרץ האָט אין מיר געגומען זעצן. די סירענע האָט אָן אויפהער געוואָיעט, פון די קעלערס האָט זיך געהערט דאָס געוויין פון די קינדער. די קוילן זענען שוין געפלויגן אין הויף.

— פאַרוואָס קומט מען אונדז נישט צו הילף? — האָב איך געטראַכט אין פאַרצווייפלונג — ס'איז שוין העכער אַ פערטל שעה, אַז מיר אַלאַרמירן. זאָל דאָ זיין אַ פּאַראַט?

פלוצים האָב איך דערזען לעבן זיך מילערן.

— מיר שיסן, — האָט ער אַ זאָג געטאָן — אָט אַהין, אין דער ריכטונג פון יענע קוסטעס און דעם וועלדל.

מיר האָבן אַ לאָז געטאָן די ערשטע סעריע פון דעם לאַנגן און קורצן געווער. דער צעקאָעם האָט זיך מעכטיק צעקנאַלט — טאַ־טאַ־טאַ, באַשיטנדיק דעם גאַנצן שטח מיט קוילן.

מיין שטימונג האָט זיך געענדערט נישט צום דערקענען. „מיר קעמפן! קעמפן!" האָט עס עפּעס געשריגן אין מיר. „נאָך אַזאַ לאַנגער שטומער אונטערטעניקייט — שיסן מיר! מירן זיך שוין מער נישט לאָזן פירן פון אונדזער שונא ווי שאָף צו דער שחיטה! מירן זיך נישט אונטערגעבן, כאָטש מיר זענען דאָ פרויען און קינדער!" איך האָב שוין מער נישט פאַרבאָטן די קינדער אַרויסצוגיין פון הויז און זיך באַטייליקן אין דעם קאַמף. האָב זיי געזען שטיין, ליגן אָדער קניען אויף זייערע פּאָסטנס, מיט די אויסגעשטרעקטע ביקסן און שיסן צום שונא. מיין האַרץ האָט זיך אָנגעפילט מיט שטאָלץ: „דאָס זענען אונדזערע קינדער — פלינקע און דרייסטע!" דער אונטערשיד אין די יאָרן צווישן אונדז און די קינדער זענען אין דעם מאָמענט אינגאַנצן פאַרווישט געוואָרן. מיר האָבן אַלע צוזאַמען געקעמפט מיטן שונא צו פאַרטיידיקן אונדזער לעבן.

דאָס געשיסעריי פון יענער זייט איז אָנטשוויגן געוואָרן. די פינצטערניש

פון דער נאַכט האָט אָנגעהויבן ווערן שיטערער. מיר האָבן באַמערקט אומקלאָרע שאָטנס זיך דורכגנבענען פון די ביימער צו די קוסטעס.

— נישט גוט, — האָב איך פּלוצים דערהערט היגטער זיך מילערס געשעפּטש — זיי זענען אַ סך. זיי גנבענען זיך אונטער און דערנענטערן פון אַלע זייטן. מ׳דאַרף זיך צוריקציען און שיסן פון הויז. אויב די מיליץ וועט אונדז נישט קומען צו הילף, זענען מיר פאַרלוירן.

אָנשטאָט אַן ענטפער האָב איך אַ פרעג געטאָן:

— האָט מען אויך די קינדער צוגעטיילט האַנטגראַנאַטן?

— יאָ, — האָט מילער געענטפערט.

— דאָס איז פאַר זיי זייער געפערלעך.

— זיי האָבן זיך געניט אין וואַרפן, — האָט ער געזאָגט.

— פאַרנעמען פּאָסטנס נענטער צום הויז! — האָט ער געגעבן אַ באַפעל.

איך בין געשטאַנען אין ווינקל אונטער די שטיגן וואָס פירן צום פאָדערשטן אַריינגאַנג און האָב געשאָסן אין דער ריכטונג פון די קוסטעס און דעם וואַלד. אין דעם מאָמענט האָב איך באַמערקט צוויי מאָגערע געשטאַלטן, צוגעפּאַלענע צו דער זייטיקער וואַנט פון די שטיגן.

— ווער איז עס? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— דאָס בין איך! אָלגע, מאַרילקע! — האָבן זיי מיר געענטפערט.

— גייט צוריק אין הויז אַריין, — האָב איך געזאָגט — אויך מיר וועלן באַלד אַריינגיין און פון דאָרט זיך פאַרטיידיקן.

— אָבער מיר ווילן כאָטש איין מאָל אויסשיסן פון אַ רעוואָלווער...

— איר קענט דאָך אָבער נישט! אַ שאָד די קוילן... ס׳איז ערשט נישט קיין צייט זיך צו פאַרווילן...

— מיר האָבן זיך געניט צוזאַמען מיט די יינגלעך! — האָבן זיי געזאָגט — זיי האָבן געווער, פאַרוואָס זאָלן מיר נישט האָבן?

— מיר האָבן נישט גענוג געווער.

— באָרגט אונדז אויס אייער רעוואָלווער אויף אַ ווייל!

— אָט האָט איר, יעדע איינע אויף איין שאָס... און דערנאָך אין הויז אַריין!

זיי האָבן געשאָסן, דערנאָך זענען זיי געקראָכן לענגאויס דער וואַנט פון די שטיגן און אַריינגעגאַנגען מיט מיר אין הויז.

כ׳האָב געפּרוּווט קלינגען נאָכאַמאָל אין דער מיליץ. אָבער די ליניע איז געווען איבערגעריסן. כ׳בין אַרויס אין דרויסן צונויפנעמען די קינדער.

ערשט איצט האָב איך געזען ווי זיי זענען באַוואָפנט. בלויז אהרון און ליאָנעק האָבן געהאַט ביקסן. וויקטאָר און שאול האָבן געהאַט איין רעוואָלווער בשותפות. דעסטגלייכן יצחק און משה. עטלעכע פון די עלטערע ייִנגלעך האָבן געהאַט האַנטגראַנאַטן. די איבעריקע קינדער — שטיינער, שטעקנס, אייזנשטאַבעס... צווישן זיי זענען געווען אפילו מיטליעריקע.

מענליך איז צוגעקומען צו מיר און געזאָגט:

— לויט מיין מיינונג דאַרף זיך שוין קיין קינד נישט געפינען אין דרויסן. און אויך איר דאַרפט אַריינגיין. מיר די מאַנצביל וועלן בלייבן.

כ׳האָב גענומען צונויפנעמען די קינדער, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט אַריינגיין. מיט גרויס מי האָט זיך מיר איינגעגעבן אַ טייל אַריינצופירן אין הויז. יענע וואָס האָבן געהאַט געווער זענען געבליבן מיט די מאַנצביל.

דערווייל איז דאָס פייער געוואָרן אַלץ שטאַרקער. די קוילן האָבן שוין אָפּגעקלאַפּט דעם טינק פון די ווענט. כ׳האָב גענומען האַנטגראַנאַטן אין קעשענע אַריין און בין אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן. כמעט אַלע אונדזערע פּאַרטיידיקער זענען געווען קאָנצענטרירט ביי דער אַריינגאַנג־טיר.

— שנעלער פאַרשליסן די פראָנט־טיר און צוקריכן צו אונדז! — האָט זיך צעשריגן אויף מיר מילער אַ דענערווירטער.

אין דעם מאָמענט איז אַ קויל פאַרבייגעלאָפן לעבן מיין אויער, און אַ פעסטע האַנט האָט מיך אַ וואָרף געטאָן צו דרערד. כ׳האָב געמיינט, אַז דאָס איז אַ שונא און אויסגעדרייט צו אים דעם רעוואָלווער, אָבער די זעלבע האַנט האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן אָרעם, און מילערס נידעריקער און איבערגעגעבענער געהילף האָט אַ זאָג געטאָן:

— דאָס בין איך, שלום! כ׳האָב אייך אַ שטויס געטאָן און אומגעוואָרפן, ווייל די קויל וואָלט אייך געווען געטראָפן. כ׳מיין כ׳האָב אייך נישט געשאָדנט.

— ניין, גאָרנישט... אָבער וואָס איז דאָס? איר הערט? ווי עפּעס וואָלט אָנגעפאָרן און קומט נענטער... און אפשר איז עס די מיליץ? אפשר קומען זיי אונדז פאָרט צו הילף?

— רויק! נישט אויפהייבן זיך! פון אָרט זיך נישט רירן! — האָט גערופן מילער, און אַליין איז ער געלעגן, די אויערן פאַרשטעקט אין דער ערד.

— עמעצער איז פריער געפאָרן, — האָט ער געזאָגט — און איצט איז ווידער שטיל.

דער טינק האָט געזומען פאַלן אויף אונדזערע קעפּ אַלץ מער און מער. די שאָסן זענען געוואָרן אַלץ געדיכטער. די שטימונג פון די פּאַרטיזאַנער איז ערגער געוואָרן. מיר זענען פאַרלוירן, האָב איך געטראַכט מיט שוידער, אין אַ ווייל אַרום וועלן מיר אַלע מוזן אַריינגיין אין הויז. די אָנגרייפער וועלן צוקומען נענטער, וואַרפן האַנטגראַנאַטן, שיסן אין די צימערן... לייכט זיך אַריינבאַקומען אין הויז, פון אַלע זייטן, דורך די פענצטער און די וועראַנדעס...

אין דעם מאָמענט האָב איך באַמערקט קריכנדיקע געשטאַלטן אויפן הויף. גאָט אין הימל! ווער זענען זיי דאָס? דער שונא, אָדער פריינד? אָבער אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז דאָס איז די מיליץ. זיי זענען געקראָכן שנעל און האָבן אין איין רגע פאַרנומען אַ שורה פּאָסטנס אויפן הויף אין הויז. מיט זיי איז געווען דער קליינער קאָמענדאַנט און האָט קאָמאַנדירט. ער האָט זייער גוט געקאָנט דעם שטח אונדזערן.

ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעגולערע שלאַכט. די לופט איז געוואָרן געדיכטער. פון מאָל־צו־מאָל האָבן פייערדיקע קוילן דורכגעשניטן די לופט. קיינער האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. ווי ס׳וואָלט אַ שאָד געווען אַן איינציקע רגע. צום צעקאָעם איז צוגעגאַנגען אַ מיליציאָנט און האָט פון אים געזייט אַן אויפהער אַרום...

— זיי ווערן שוואַכער! — האָט מיר אַריינגערוימט וויקטאָר, וואָס האָט זיך געפונען לעבן מיר — האָבן זיך נישט געריכט, מיר זאָלן זיך אַזוי פאַרטיידיקן.

און דער שונא איז ווירקלעך געוואָרן אָפּגעשטויסן. דער קליינער קאָמענדאַנט האָט געשיקט אָנגעפירט מיט דעם קעגנאָנגריף. אַלץ איז פאַרגעקומען מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ. די קוילן פון שונא זענען געפאַלן וואָס ווייטער אַלץ שיטערער. דער קאָמענדאַנט איז צוגעקומען צו מיר:

— זיי ציען אָפּ, ווי די האָזן! — האָט ער געזאָגט — אַ שאָד וואָס איך האָב נישט גענוג פאַרלאָזלעכע מענטשן, איך וואָלט זיי נאָכגעיאָגט. מיר האָבן זיך פאַרשפּעטיקט, ווייל דער מיליציאָנט ביים טעלעפאָן האָט פאַראַטן, מיר נישט צו וויסן געטאָן. ערשט אין דער היים האָב איך דערזען

די ראַקעטעס. אײגנטלעך, נישט איך, װײל איך בין געשלאָפן, נאָר מײן װײב. זי האָט מיך אױפגעװעקט. אָבער איר האָט זיך געהאַלטן בראַװו!

— אײער לעקציע איז נישט געגאַנגען אין גיװעץ, — האָב איך אים געמאַכט אַ קאָמפּלימענט.

— אַ דאַנק... אָבער ערשט װעל איך אײך בעטן אַלע אַרײנגײן אין הױז, װײל מיר דאַרפן אױספּאַרשן דעם שטח.

— גוט, — האָב איך געזאָגט, מיר זענען אַרײנגעגאַנגען אין הױז.

כ׳בין אַראָפּגעגאַנגען אין קעלער צו די קינדער. אַלע קלײנע זענען װאַך געװען און געװײנט.

— אױף מיר איז שױן אַמאָל געפלױגן אַ באָמבע, — האָט אַרײנ־געװײנט אין דער קאָלדרע דער קלײנער זיגוש דער רױטער — און דערנאָך איז די מאַמע געװען געשטאָרבן, און דער טאַטע איז געװען געשטאָרבן... און אַלע זענען געװען געשטאָרבן...

— אױף מיר זענען שױן אױך אַמאָל געפלױגן ציגל, — האָט געהעשעט מישע.

— דו טיפּש! דאָס זענען נישט קײן ציגל — גראַנאַטן זענען דאָס װאָס פליען און זשומען זזזז... און גראָבן אױס אַ טיפן קבר, — האָט זיך אָנגערופן דער שטאַרקער און געזונטער אַנטעק.

— שװעסטער! איך האָב מורא פאַר דעם קבר, — האָט לילי ביטער געװײנט — אַנטעק שרעקט אונדז כסדר מיטן קבר.

— אַנטעק, שטיל! שרעק נישט! קײנער טאָר איצטער נישט רעדן און זיך פון אָרט נישט רירן!

אין דעם מאָמענט האָט אַ מעכטיקער קנאַל אױפגעטרײסלט דאָס גאַנצע הױז.

— כ׳האָב געזאָגט, מ׳זאָל זיך פון אָרט נישט רירן! — האָט אַ געשרײ געטאָן די שװעסטער דענערװירט. ס׳האָט זיך אײנגעשטעלט אַ שטילקײט, װאָס איז איבערגעריסן געװאָרן דורך זיגושעס געװײן.

פּלוצים האָט די קלײנע העלע אָנגעהױבן שטאַרק צו הוסטן. דער הוסט איז געװאָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. העלע האָט באַקומען אַן אַטאַק און גענומען זיך שטיקן.

— שװעסטער! שװעסטער! איך שטיק זיך שױן װידער! — האָט דאָס מײדעלע גערופן פאַרצװײפלט.

די שוועסטער אָט געעפנט די טיר אין קאָרידאָר אַריין, זי אויפגעזעצט און איר גענומען מאַכן אַ קינסטלעך אָטעמען.

— נו, שוין, נו שוין, וויין נישט קליינינקע! — האָט זי איר געגלעט איבער די פּיכטע האָר. איצט טרינק אויס אַ ביסל זיסן סיראָפּ, און ס׳וועט דיר באַלד בעסער ווערן.

די קליינע האָבן מיט פלאַטער געקוקט, אויף דער קראַנקער העלען. בלויז די ראַבקער קינדער האָבן זיך נישט פאַרלוירן.

— ביי אונדז אין ראַבקע זענען געווען דריי איבערפאַלן, און נישט איינער, — האָט שטאָלץ מיטגעטיילט דער שוואַרצער יורעק, דער קראַסאַ־וויעץ — און מיר האָבן זיך נישט געשראָקן. און דאָ זענען בלויז דאָ אַלטע באָבעס, נאָר זיי וויינען.

— און ביי אונדז אין וואַרשע זענען געווען מער פון טויזנט אַנגריפן, — האָט געזאָגט עלי — און קיינער האָט זיך נישט געשראָקן. און אַז איינמאָל איז אַריינגעקומען צו אונדז אין שטוב אַ דייטש, האָט אים די מומע מאַרישע געגעבן אין פּיסק אַריין.

— און בעתן אויפשטאַנד, ווען חברה האָבן אַנטוואָפנט די דייטשן, האָט מען זיי געגעבן טויזנט מאָל אין פּיסק אַריין, — האָט באַליעק געשריגן אויף אַ קול.

— קינדער, מיר האָבן אָפּגעשלאָגן די אַטאַקע! — האָט איך געזאָגט אַריינקומענדיק — די פּאָליציי איז אונדז געקומען צו הילף און שיסט אויפן שונא.

די קינדער האָבן אָנגעהויבן זיך פרייען אויף קולי־קולות.

— אָבער כ׳האָב אייך געזאָגט, — האָט מיט ברען געשריגן דער קליינער אַנטעק — אַז ווי נאָר די דייטשן וועלן דערזען אונדזער מאַשין־געווער אויף דער וועראַנדע, וועלן זיי זיך דערשרעקן און מאַכן ויברח.

— מאַמע, און פאַרוואָס האָט עס אַזוי הויך געדונערט? — האָט געפרעגט מירעלע.

— דאָס האָט אונדזער מאַשין־געווער געקנאַקט צום שונא, דערפאַר האָט אַלץ אַזוי געציטערט. איצטער איז שוין גאָרנישט וואָס זיך צו שרעקן, און איר קאָנט רויק גיין שלאָפן. אַז איר וועט זיך גוט אויסשלאָפן, וועל איך אייך מאָרגן צום פרישטיק דערציילן ווי אַזוי מיר האָבן אַריינגעלייגט אין די דייטשן.

— מירן די דייטשן געשלאָגן, זיי וואָיען און קלאָגן, — האָט אונטער־

געזונגען מאַטיקאַ. אַלע קינדער איז געפעלן געוואָרן דאָס נייַע לידל, זיי האָבן עס גענומען איבערחזרן!

*

כ׳בין צוריק אַרויפגעגאַנגען. דער קאָמענדאַנט האָט זיך שוין געקליבן אָפּצופאָרן.

— מיר האָבן זיי לײַטיש אַרײַנגעפּיצקעט! — האָט ער געזאָגט — כ׳מיין, אַז זיי וועלן שוין נאָכאַמאָל נישט קומען. נאָר אויף יעדן פאַל וועל איך אייך איבערלאָזן אַ שטאַרקערע וואַך. און טאָמער עפּעס־וואָס פאַרדעכטיקט, איז ביטע גלייך נאָכאַמאָל צו אַלאַרמירן.

כ׳האָב אים מיט דאַנקבאַרקייט געדריקט די האַנט:

— הער קאָמענדאַנט, איר האָט געראַטעוועט אונדזער לעבן. כ׳האָב קיין ווערטער נישט אויסצודריקן אונדזער דאַנק.

— דאָס איז געווען מיין פליכט, — האָט ער געזאָגט באַשיידן.

זיי זענען אַוועקגעפאָרן. און מיר, מיט די איבערגעבליבענע מיליציאַנטן, האָבן געוואַרטעוועט ביז אינדערפרי. ווען איך האָב באַגינען צונויפגענומען מיינע דורכגעפרוירענע און נישט אויסגעשלאָפענע קעמפער פון הויף אין הויז אַרייַן, האָב איך געהערט אַזאַ מין שמועס צווישן וויקטאָרן און שאולן:

— כ׳האָב שוין געזען פאַרשידן פאַרטיזאַניש מיליטער, — האָט געזאָגט שאול — אָבער אַזעלכע פּחדנים האָב איך נאָך נישט געזען. זיי האָבן געהאַט אַן אויסגעצייכנטע פּאָזיציע, דעם וואַל און די קוסטעס. דאָס הויז שטייט אָפן צו אַלע זייטן. זיי זענען אַוודאי געווען צוויי מאָל מער פון אונדז מיט די פּאָליציאַנטן צוזאַמענגענומען... און פונדעסטוועגן האָבן זיי אָפּגעטרעטן.

— ווייל זיי זענען געקומען אויף צו מאַכן אַ שחיטה, און נישט אויף צו קעמפן, — האָט אים מיט פולשטענדיקער זעלבסטזיכערקייט געענטפערט וויקטאָר —— זיי האָבן געטראַכט צו צעשמעטערן קינדערישע קעפּלעך ווי די דייטשן.

— זיי זענען ערגער פון די דייטשן.

—עך, זיי זענען אַלע פון איין שניט, — האָט וויקטאָר אַ זאָג געטאָן מיט עקל.

לענאַ קיכלער־זילבערמאַן

# אַ וואַנט

נאָך דעם צוריקגעשטויסענעם איבערפֿאַל האָט אין דעם הויז געהערשט פרייד און שטאָלץ.

— מיר האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן! מיר האָבן זיי גוט אָנגעלערנט!

— פלעגן די קינדער נאָכרעדן די דערוואַקסענע.

די פרייד וואָלט געווען געקאָנט זיין אַ פולע, ווייל ס'זענען נישט געווען אפילו קיין פאַרוווּנדעטע. בלויז אויף די ווענט זענען געווען צייכנס פון די קוילן, אַ סך שויבן זענען געווען אויסגעהאַקט און אַ סך הילזן פון קוילן זענען געווען צעוואָרפן אַרום הויז און צווישן די קוסטעס.

די הילזן זענען גלייך געוואָרן אַ גרויס פאַרמעגן פאַר די קינדער. זיי האָבן זיי צונויפגעקליבן (כאָטש ס'איז געווען פאַרווערט), באַהאַלטן און געפירט צווישן זיך אַ טויש מיט זיי.

— וויפל שטיק האָסטו? — האָט געפרעגט יורעק פון דער ראַבקער גרופע.

— איך האָב צוועלף, — האָט געענטפערט אַנטעק.

— איך האָב דערווייל בלויז פיר. ווייל אונדזער „מאַמושע" לאָזט אונדז אינגאַנצן נישט אַרויס, און מיר קאָנען נישט זוכן. אייער פריילין האַנקע איז אַ בעסערע, מאַכט זיך נישט זעענדיק ווען איר גייט אַרויס זיי אויפקלייבן. וויסטו וואָס? אַז דו וועסט מיר געבן זעקס הילזן, וועל איך דיר געבן אַן אמתן בויגן מיט דריי פיילן. מאַניעק האָט עס מיר אויסגעפאַרטיקט.

— כ'וויל נישט. מאַטיקאַ האָט מיר צוגעזאָגט אַ פיניש מעסערל.

— מאַטיקאַ איז אַ שווינדלער. האָט אינגאַנצן נישט קיין פיניש מעסערל נאָר אַ הילצערנס!

— ער האָט שוין דווקא יאָ. און ער וועט עס מיר געבן!

— נו, וועסט שוין זען!

ביי די מיטליעריקע ווידער איז נאָך דער קאַמף נישט געווען פאַרענדיקט. האָבן ווייטער אַטאַקירט און גענומען אין געפאַנגענשאַפט...

ביי די עלטערע קינדער זענען געווען ערנסטערע שטימונגען. זיי האָבן מיט צאָרן פאַראורטיילט קלימעקס פחדנות. באַטראַכט אים פאַר אַ פאַרעטער.

— איך האָב שוין פונלאַנג געשפּירט, אַז ער איז אַ פאַרעטער, — האָט געזאָגט שאול — איך וואָלט אים גלייך אָוועגעפּטרט, נישט געשענקט דאָס לעבן, ווי אונדזער לייטערין האָט עס געטאָן.

האָט זיך דערויף אָנגערופן אהרון:

— יעדער פּאָליאַק איז גרייט צו פאַראַטן אַ יידן. ווען נישט די פּאָליאַקן, וואָלטן מיינע עלטערן און שוועסטער געלעבט ביז היינט. זיי האָבן געהאַט אַן אויסגעצייכנטן בונקער. די פּאָליאַקן האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט און איבערגעגעבן די דייטשן.

— און מיך האָבן דווקא די פּאָליאַקן געראַטעוועט, — האָט געזאָגט מילעק „דער גרויסער" — ווען נישט מיין אָפּיעקונקע, וואָלט איך שוין היינט נישט געלעבט.

דער סקעפּטישער יאַנוש רופט זיך אָן:

— און איך זאָג אייך, אַז די פּאָליאַקן האָבן נישט געטראַכט צו דערמאָרדן קיינעם פון אונדז. דער גאַנצער אָנגריף איז געמאַכט געוואָרן בלויז צו פאַריאָגן אונדז פונדאַנען... זיי ווילן נישט האָבן קיין יידן אין זאַקאָפּאַנע...

אַלע ייִנגלעך האָבן זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אים מיט טענות פון אַלע זייטן:

— און וואָס איז געווען אין ראַבקע? און פאַרוואָס האָבן זיי שווער פאַרוווּנדעט רוזשען? און ווער האָט דערמאָרדעט די יידן אין נאָווי־טאַרג? און דיך אַליין האָבן זיי נישט געשטאָכן מיט אַ מעסערל אין גניק?

נאָך ווייטיקלעכערע פּראָבלעמען האָבן געהאַט די מיידלעך, געקומענע פון די מאָנאַסטירן.

— איך פיל זיך דאָך ווי אַ קאַטאָליקין. פאַרוואָס באַפאַלן זיי אונדז?

— האָט געטענהט אַנטאָנינע.

— זיי שטויסן אונדז אַליין צו די יידן, — האָט געזאָגט עמילקע — אויב אַזוי פירן זיך אויף קריסטן, שעם איך זיך צו זיין אַ קריסטין.

וועגן מיר אַליין האָבן די קינדער דערציילט נישט געשטויגענע מעשות:

— זי איז אַ מאַיאָר פון פוילישן מיליטער! — האָט איינגעטענהט ליאָנעק — ווען נישט, ווי וואָלט זי געקאָנט אָנפירן מיט דער פאַרטיידיקונג פון דער „וואַלד־וווינונג"?

— נישט די לייטערין אַליין האָט אָנגעפירט, נאָר אויך מילער האָט געגעבן באַפעלן, אויך ה' מענליך איז געווען, — האָט געזאָגט אהרון, וועלכער איז געווען ה' מענליכס אַ הייסער אָנהענגער, ווייל ער איז איצט געווען דער לערער פון העברעיש.

— אָבער זיי אַלע זענען געקומען שוין צום גרייטן... און די לייטערין האָט וועגן אַלץ געטראַכט, געמאַכט אַלע צוגרייטונגען, אַלץ אינסטאַלירט, און זי האָט געבראַכט די פּאָליציי...

דאָס האָבן די קינדער אַזוי געמאַכט, מ׳זאָל מיר אַנטאָן דעם אָרעאָל פון אַ זיגער און מיר צושרייבן דעם גאַנצן רום פון דער פּאַרטיידיקונג פונעם הויז.

— וואָס איז דאָס וווּנדער, — האָט פּרוי מענליך געזאָגט מיט אַ געניגנוג זויערן טאָן — ווער ס׳האָט פּאַרבינדונגען ווי זי, קאָן אַלצדינג אָרגאַניזירן...

אָבער דער גורל האָט נישט דערלאָזט די קינדער זאָלן זיך לאַנג פרייען מיטן אָפּגעהאַלטענעם נצחון, ווייל די הויפּטהעלדן פון דער פּאַרטיידיקונג זענען קראַנק געוואָרן אויף מאָזלען. און ווייל זיי האָבן כמעט אַלע געהאַט אַ נייגונג צו לונגען־קראַנקהייטן, האָט זיך די מאָזלען־קראַנקהייט גענומען קאָמפּליצירן און אַקטיוויזירן פאַרבאָרגענע טובערקולאָז־פּראָצעסן.

צום שטאַרקסטן האָבן אָט די קראַנקהייטן פאַרכאַפּט די עלטערע קינדער. אַזוי האָט, למשל, יאַנוש באַקומען אַ לונגען־אַנטצינדונג אויףביידע זייטן און איז געווען אַזוי שווער קראַנק, אַז ער האָט פולשטענדיק פאַרלוירן דאָס לשון. דעסגלייכן מאיר איז אַזוי שטאַרק אָפּגעצערט און שוואַרץ געוואָרן, אַז ער איז געלעגן ווי אַן אָפּגעזענקט שטיק האָלץ. קוקנדיק אויף אים, האָב איך זיך דערמאָנט וואָס מיין מאַמע פלעגט דערציילן וועגן פעליען, אַז זי האָט נישט געקאָנט צוגיין צו איר פון גרויס האַרצווייטיק. און בלויז רעגינע, די אַלטע ניאַניע, האָט זיך נישט מיאש געווען און געפּאָרעט זיך אַרום איר, ביז זי האָט פון איר אָוועקגענומען די עין הרע... ווי גוט וואָלט עס ערשט געווען, ווען אָט פאַר די אומגליקלעכע קינדער וואָלטן זיך אָפּגעפונען אַזעלכע ליבנדיקע ניאַניעס, וואָס זענען אימשטאַנד צו פאַרטרייבן דעם טויט פון די קינדער...

אויך אסתּר איז קראַנק געוואָרן. ס׳האָט געטראָפן, אַז זי פלעגט פאַרלירן דאָס באַוווּסטזיין און האָט געשריגן: „גייט אַוועק, כ׳וועל אייך נישט זאָגן ווו ס׳איז מיין מאַמע! גייט אַוועק!"

אויך שאול האָט באַקומען געהעכערטע טעמפּעראַטור און נישט געוואָלט זיך לייגן אין בעט אַריין. ביי עדזשען האָט זיך געעפנט אַ אַלטער געשוויר אויף דער לינקער זייט. אויך עלי איז געלעגן, און אַ סך פון דעם קליי־נוואַרג זענען קראַנק געוואָרן אויף מאָזלען (הגם אין אַ לייכטערן פאָרעם). אָבער

די קינדער פון ראבקע, הגם זײער טעמפּעראַטור האָט זיך געהויבן און זײ האָבן געהוסט, זענען אויף מאָזלען נישט קראַנק געוואָרן... אפשר דערפאַר וואָס זײ האָבן שוין די קראַנקהײט דורכגעמאַכט פריער, און אפשר װײל די „מאַמושע" האָט נישט צוגעלאָזט צו זײ די קראַנקהײט... „מאַמושע" איז געװען זײער נײַע דערציערין, װײל די שװעסטער איז נישט אימשטאַנד געװען זיך צו פאַרנעמען מיט זײ ספּעציעל און דערצו נאָך מיט אַלע קראַנקע קינדער אין גאַנצן הויז. איך האָב זי אָנגענומען אַ קורצע צײַט פאַרן איבערפאַל. זי האָט געהײסן העלענע שפּענגלער און איז אַלט געװען אַ יאָר דרײַסיק, אָבער קײנער האָט נישט געקענט איר נאָמען. אַלע האָבן זי גערופן „מאַמושע", סײ די קינדער, סײ די דערװאַקסענע. זי איז געקומען צו אונדז, װײל זי האָט קײן אַנדערע יידן אין זאקאָפּאַנע נישט געטראָפן. זי האָט דאָרט געהאַט אַ גרויסע פאַמיליע, װאָס אירע מיטגלידער זענען לאַנגע דורות געװען זאַקאָפּאַנער אײַנװוינער. פּוילישע פרײַנד האָבן איר געראָטן, נישט צו קומען מיט קײן שום טענות־ומענות װעגן איר אַמאָליקן פאַרמעגן און אויך נישט צו װוינען אין קײן שום פּריװאַטן הויז. ס׳איז גלײַכער פאַר איר זי זאָל זיך האַלטן בײַם קינדערהויז, װײל דאָרט איז דאָ געװער און אַ פאַרטײדיקונגס־פּלאַן. אָבער פרוי העלענע האָט סיװוי נישט בדעה געהאַט צו פאָדערן צוריק, נישט איר הויז און נישט איר פאַרמעגן — זי האָט בלויז געזוכט מיט עקשנות איר בת־יחידקע. זי איז געװען זיכער אַז זי לעבט, װײל זי האָט דאָס קינד אַלײן אַװעקגעגעבן צו אַ פּוילישער פאַמיליע, נאָר די פאַמיליע איז ערגעץ װוהין אַרויסגעפאָרן, און זי האָט זי נישט געקענט אָפּגעפינען.

זי איז אַרײַנגעקומען צו מיר אין קאַנצעלאַריע בעת איך בין געװען שטאַרק פאַרנומען, אָבער זי האָט געהאַט אין זיך אַזױפיל פײַנקײט, אומעט און באַשײדנקײט, אַז זי האָט מיך שנעל גענומען. „איך װיל אַרבעטן מיט די קינדער", האָט זי מיר אַזױ פראָסט־פּשוט אַ זאָג געטאָן. אַזױװי כ׳האָב טאַקע גראָד געזוכט אַ דערציערין פאַר די ראַבקער קינדער, האָב איך זי אַ פרעג געטאָן: צי האָט איר אַװעלכע קװאַליפיקאַציעס צו אַרבעטן מיט קינדער? זי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן אומעטיק און געזאָגט: „צום באַדויערן האָב איך נישט קײנע, בלויז דאָס אײנע, װאָס כ׳האָב אַלײן געכאָװעט מײַן קינד ביז דרײַ יאָר". כ׳האָב איר געזאָגט, אַז בײַ אונדז זענען די קינדער עלטער פון דרײַ יאָר און איך דאַרף האָבן אַ דערציערין פאַר אַ היפּשער גרופּע קינדער אין עלטער פון זיבן ביז נײַן, און זײ זענען

מערסטנסטייל קרענקלעכע קינדער, די אַרבעט מיט זיי פֿאָדערט סיי קענטעניש, סיי אַ סך איבערגעגעבנקייט. „ווען איר נעמט מיך אויף אַ פּראָבע, וואָלט איך געפּרוּווט מײַנע כּוחות", האָט זי מיר געענטפֿערט באַשיידן. „איך בין זייער גערן צו אַרבעטן מיט קינדער, און ס'שרעקט מיך נישט אָפּ קיין שווערע אַרבעט... און וואָס אַנבאַלאַנגט איבערגעגעבנקייט, הלוואי וואָלט איך געהאַט וועמען צו זיין איבערגעגעבן! הלוואי וואָלט איך געהאַט לעבן זיך מיין טעכטערל!". כ'האָב זי געפֿרעגט, צי ס'איז שוין לאַנג, אַז זי האָט זי פֿאַרלוירן. „זי איז כּלל נישט פֿאַרלוירן געגאַנגען!" — האָט זי מיר העפֿטיק פֿאַרריכט. „מיין טעכטערל איז נישט פֿאַרלוירנגעגאַנגען! זי איז נישט דערמאָרדעט געוואָרן! איך אַליין האָב זי איבערגעגעבן צו מענטשן, צו וועלכע איך האָב דעם שטאַרקסטן צוטרוי, אַ פּוילישע פֿאַמיליע, אמתע פֿריינד! כ'האָב זיי באַצאָלט... און זיי האָבן מיר געשוווירן, אַז זיי וועלן אומקערן דאָס מיידעלע נאָך דער מלחמה... מיין איינאונאיינציק מיידעלע. נאָר די דאָזיקע פֿאַמיליע האָט פֿאַרלאָזט זאַקאָפּאַנע, און קיינער ווייסט נישט ווו זיי געפֿינען זיך... צי אין פּוילן, צי אין דייטשלאַנד... משמעות, זיי האָבן געענדערט זייער פֿאַמיליענאָמען און זענען אַרויסגעפֿאָרן... כ'האָב זיי שוין געזוכט אומעטום, איבער גאַנץ פּוילן... שוין ניין חדשים זוך איך, און אָן רעזולטאַט... און יעדע נאַכט חלומט זיך מיר וועגן דעם... און תּמיד ביינאַכט ווייס איך אַלץ, דעם נייעם פֿאַמיליענאָמען, דעם נאָמען פֿון דער שטאָט און דעם נאָמען פֿון דער גאַס, און אפֿילו דעם נומער פֿונעם הויז... און איך גיי צו זיי... און איך בין שוין ממש ביי זייער הויז... מיטאַמאָל לאָזט זיך אַלץ אויס, און כ'פֿאַרגעס אַלץ... אָבער דאָס איז גאָרנישט... כ'ווייס אַז כ'וועל זיי געפֿינען, און אַז דאָס מיידעלע וועט צוריק זיין ביי מיר. כ'ווייס עס מיט פֿולשטענדיקער זיכערקייט... כ'קאָן שווערן דערויף... די מלחמה האָט זיך נאָר־וואָס געענדיקט, און ס'איז שווער עמעצן אָפּצוגעפֿינען... אָבער שפּעטער וועט זיך אַלץ אויפֿקלערן... און דערווייל, טראַכט איך זיך, וועל איך אַרבעטן מיט אַנדערע קינדער, וואָס האָבן נישט קיינעם אויף דער וועלט... דאָס מאַכט נישט אויס וואָס די גרופּע איז אַ גרויסע און די קינדער קרענקלעכע... איך וויל אַרבעטן מיט זיי... כ'וועל אַרבעטן מיט חשק... כ'שרעק זיך נישט פֿאַר שווערער אַרבעט... כ'בין גערן אַזאַ אַרבעט".

„מאַמושע" האָט אָנגעהויבן אַרבעטן שוין דעם זעלבן טאָג. און גלייך איז זי אַריין אין דער אַרבעט אַזוי, ווי דאָס וואָלטן זיין אירע אייגענע קינדער. ווי זי וואָלט זיי נישט לאַנג צוריק איבערגעלאָזט, און אָט האָט

זי זיך צו זיי אומגעקערט. זי האָט זיי איינגעאָרדנט די זאַכן, אויספּאַריכט און אויסגעלאַטעט די וועש, אויסגעפּוצט דאָס צימער מיט פיינע בילדער, וואָס זי האָט זיך ערגעץ־ווו איינגעשאַפט; האָט אַכטונג געגעבן, אַז יעדעס קינד זאָל עסן און טרינקען ווי ס׳געהער צו זיין, איינגענומען די רפואה צו דער צייט און צוגרייטן די לעקציעס. דעם קליינוואַרג פלעגט זי דערציילן מעשהלעך פאַרן איינשלאָפן און זינגען לידלעך. און זאָל גאָט אויסהיטן, אַז עמעצער פון די מיטליעריקע זאָל קומען פאַרפירן אַ געקריג אָדער אַ געשלעג מיט די ראַבקער קינדער... די „מאַמושע" האָט זיך גלייך געשטעלט צום קאַמף פאַר אירע ליבלינגען. דעסגלייכן האָט זי נישט פאַרטראָגן קיין שום קריטישע רייד וועגן אירע קינדער מצד די דערציערס. אירע קינדער זענען פאַר איר געווען די בעסטע און די שענסטע אינגאַנצן הויז. און מער פון אַלץ האָט זי געהיט זייער געזונט. און ווען אין הויז האָט אויסגעבראָכן די מאָזלען־קראַנקהייט, האָט זי אַ זאָג געטאָן קורץ: איך וועל די מאָזלען צו מיינע קינדער נישט דערלאָזן! זי האָט אָפּגעשלאָסן די טיר אין צימער אַריין און נישט אַריינגעלאָזט קיין שום קינד פון די אַנדערע גרופּעס. האָט זיי אַליין אַריינגעטראָגן דאָס עסן און טרינקען, אַליין געוואַשן פאַר זיי. און אפילו זייערע נאַכט־טעפּלעך פלעגט זי אַרויסטראָגן, כדי זיי זאָלן נישט דאַרפן פאַרבייגן דעם קאָרידאָר. זי פלעגט זיך אַליין אָפּטער דעזינפיצירן, כדי נישט איבערטראָגן די קראַנקהייט אויף די קינדער — און ווירקלעך, קיין איינס פון די ראַבקער קינדער איז נישט קראַנק געוואָרן אויף מאָזלען!

אָבער שווערער פון אַלע איז קראַנק געווען העלע. זי איז פאַרשלאָפט געוואָרן סיי אויף מאָזלען, סיי אויף לונגען־אָנצינדונג אויףביידע זייטן און סיי אויף קאָקליוש, און וויל זי האָט געהאַט די מיסטישע טאַווערנע אין די לונגען, האָבן די אַלע זאַכן געשטעלט איר לעבן אין סכנה. דאָקטאָר ראַפּעל האָט מיר געזאָגט, אַז העלע גייט אויס. מיר האָבן פאַרבעטן אויף אַ קאָנסוליום דעם לונגען־ספּעציאַליסט דאָקטאָר טראַווסקי, און ער האָט געזאָגט:

— איך קאָן איר גאָרנישט העלפן. בלויז פּעניצילין קאָן זי ראַטעווען! אָבער דער דאָזיקער מעדיקאַמענט איז נישטאָ אין זאַקאָפּאַנע. אפשר וועט איר קאָנען באַקומען דעם דאָזיקן נייעם מעדיקאַמענט אין געזונטהייטס־אַמט אין וואַרשע, כאָטש כ׳צווייפל דערין. און אויב איר וועט דעם מעדיקאַמענט נישט באַקומען, איז דאָס קינד פאַרלוירן.

נאָך דעם זעלבן אָוונט בין איך געלאָפן קיין וואַרשע. כ׳האָב זיך אַזוי

געאײַלט, אַז כ׳האָב אפילו נישט מיטגענומען עפּעס אויפן קאָפּ, מיט די שיך מיט כאַליעוועס איז באַלעטשקע געקומען צולויפן אויפן וואָקזאַל און גענומען מײַנע אַהיים, ווײַל כ׳האָב ממש נישט געהאַט קיין צײַט אַרויפ־צוגיין צו איר אין דער הייך זיי נעמען. (כ׳האָב נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין אייגענע שטיוועלעך). בײַנאַכט, זיצנדיק אין צוג, האָב איך געטראַכט: כ׳מוז נאָך היינט זיך אומקערן אַהיים מיט פּעניצילין, ס׳זאָל נאָר נישט זײַן צו שפּעט. אָבער איך מוז פונדעסטוועגן אויך אַנדערע זאַכן באַזאָרגן. כ׳בין ווידער געבליבן אָן אַ גראָשן... און כ׳האָב דאָך איצט נאָך דרײַסיק קינדער פון ראַבקע, פינף וועכטער, און מיר שיקן יעדן טאָג מיטאָגן פאַר די צוואָנציק לונגען־קראַנקע, וועלכע ליגן אין דער מלוכהשער סאַנאַטאָריע אין זאַקאָפּאַנע — זיי האָבן דאָרטן נישט גענוג דערנערונג. שווינדזיכטיקע, וואָס מ׳האָט געבראַכט פון די לאַגערן, און דער דזשוינט האָט צוגעזאָגט זיי צו העלפן, נאָר דערווײַל... חוצדעם האָבן נישט די קינדער גענוג וואַרעמע קליידונג אויף ווינטער. אפשר טאָקע צוליב דעם ווערן זיי פאַרשלאָפט. זיי דאַרפן האָבן גוטע פוטערס, וואַרעמע שטיוול... ווי וועל איך באַווײַזן דאָס אַלץ צו באַזאָרגן אין משך פון נישט קיין גאַנצן טאָג? כ׳וועל דאָך נישט קענען בקרוב נאָכאַמאָל זיך אַרויסכאַפּן פון הויז! היינט, אין דער צײַט פון די איבערפאַלן, איז עס נישט קיין לײַכטע זאַך איבערצולאָזן די קינדער און דאָס הויז און אַוועקפאָרן. און הלוואי זאָל זיך דער צוג אַמווייניקסטן נישט פאַרשפּעטיקן... כ׳זאָל אַלע פרימאָרגן־שעהען אויסנוצן, ווײַל נאָכן מיטאָג צעלויפן זיך אַלע פון די ביוראָס.

צו מײַן גליק האָט דער צוג פאַרשפּעטיקט ווייניקער ווי געוויינלעך. צען אַזייגער פאַר מיטאָג בין איך שוין געווען אין וואַרשע און געלאָפן מיט אַ טעקסי אויף פּראַגע צום יידישן צענטראַל־קאָמיטעט. כ׳וועל קודם גיין צו דער הויפּט־דאָקטערין, האָב איך באַשלאָסן, דאָס איז דאָס וויכטיקסטע. דערפון הענגט אָפּ דאָס לעבן פון דער קליינער העלען. און ערשט שפּעטער וועל איך גיין קלאַפּאָטשען וועגן געלט און קליידונג.

די שטיגן זענען געווען ווי געוויינלעך געפּאַקט. אַן עולם איז געזעסן אויף די חורבות אַרום קאָמיטעט. אין קאָמיטעט איז אַלץ געווען חושך און שמוציק, טומל און באַוועגונג, געלויפערײַ און געוויין, די קאַסעס — באַלאַגערט. צווישן די שטייענדיקע האָב איך באַמערקט די לייטערינס פון אָטוואָצק, העלענעוועק, בענדין. נאָר מיך איז דאָס דערווײַל נישט אָנגעגאַנגען. כ׳האָב פיבערדיק אַרומגעזוכט די דאָקטערין.

פלוצים האָט זיך געטאָן אַן עפן די טיר פון סעקרעטאַריאַט, און ס׳האָט זיך באַוויזן דער פוקסישער פּראָפיל פון דעם אַלמעכטיקן קאָמיטעט־סעקרעטאַר, שעראַדזקי. כ׳האָב געוואָלט זיך צוריקציען, אָבער ס׳איז שוין געווען שפּעט. דער חבר סעקרעטאַר האָט אויסגעשטרעקט צו מיר זײַן לאַנגע קנאָכיקע האַנט. כ׳האָב געמוזט אַרײַנגיין. האָב אויף אים אַ קוק געטאָן, און ס׳איז מיך באַלד באַפאַלן אַ נערוועזקייט. כ׳האָב אים פּשוט נישט פאַרטראָגן. האָב זיך דערמאָנט מײַן לעצטן צוזאַמענשטויס מיט אים — און דאָס איז שוין פאַר מיר געווען גענוג.

דאָס איז פאָרגעקומען אויף אַ קאָנפערענץ פון אַלע לייטערס און לייטערינס פון די קינדערהײַזער, וואָס אונטערליגן דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין פּוילן, מיט דער באַטייליקונג פון מלוכה־פאַרשטייער, פון קולטור־מיניסטעריום, פּסיכאָלאָגן און לערער. כ׳האָב געבעטן אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע און האָב, רעדנדיק וועגן דעם געמיט־צושטאַנד פון דעם יידישן קינד נאָך דער מלחמה, אויך אַרײַנגעוואָרפן אַ וואָרט וועגן דער נויטווענדיקייט צו לערנען די דאָזיקע קינדער העברעיש און אָפּצוהיטן די יידישע מנהגים און טראַדיציע אין די קינדערהײַזער. מײַנע ווערטער האָבן באַקומען אַ שטאַרקע צושטימונג מצד אַנדערע. אָבער נאָך מײַן ענדיקן רעדן האָב איך באַקומען אַ צעטעלע פונעם סעקרעטאַר, איך זאָל זיך תיכף־ומיד מעלדן צו אים. כ׳האָב אים דעמלסט געזען דאָס ערשטע מאָל. דאָס איז געווען אַ נידעריק־וווקסיקער פאַרשוין, אַ דאַרער, מיט אויסגעצויגענע געזיכט־שטריכן און אַ לאַנגע שאַרפע נאָז, ווי אַ שנאָבל פון אַ פויגל. דער חבר סעקרעטאַר האָט דעמלסט אָנגענומען אַ זייער שאַרפן טאָן:

— ווי האָט איר געוואַגט, חברטע? העברעיש — דאָס הייסט צוריקגאַנג צום פאַשיזם, צום נאַציאָנאַליזם, צום קאַפּיטאַליזם, איך וועל אײַך גלײַך באַפרײַען פון דער אַרבעט! כ׳וועל אײַך שטעלן פאַרן דיסציפּלינאַר געריכט!

כ׳בין געזעסן פאַר אים ווי אַ פאַרטויבטע. האָב נישט פאַרשטאַנען מיטוואָס כ׳האָב זיך פאַרזינדיקט. איך האָב קיינמאָל זיך נישט קיין סך אָריענטירט אין פּאָליטיק און בין נישט קלאָר געווען אין אירע פּרטים. העברעיש האָב איך ליב געהאַט פון מײַנע קינדעריאָרן. און יעדעס יידיש קינד, האָב איך געוווּסט, האָט פאַר דער מלחמה געלערנט תנ״ך, און קיינעם איז נישט אײַנגעפאַלן צו זען דערין עפּעס בייז. און פּלוצים מעלדעט מיר דער חבר סעקרעטאַר, אַז דאָס איז פאַשיזם, אַ פאַרברעכן... איך האָב אים געענטפערט קאַלטבלוטיק: חבר סעקרעטאַר, איר קאָנט מיר נישט טאָן

קיין בעסערע טובה, ווי מיך „באַפרייען פון דער אַרבעט". כ'האָב מיר די דאָזיקע אַרבעט גענומען נישט פאַר מיין פאַרגעניגן וועגן, נאָר ווי אַ שווערע לאַסט, און נישט צוליבן קאָמיטעט און זיינע באַאַמטע, נאָר צוליב די קינדער!

דער חבר סעקרעטאַר האָט זיך געזען געצוווּנגען צו ענדערן אַ ביסל זיין טאָן, אויף אַ מער פאָטערלעכן און מוסר־זאָגנדיקן... אָבער פון דעמלט אָן האָב איך באַקומען צו אים אַ ווידערגעפיל. און אָט האָב איך ווידעראַמאָל דערזען זיין פּרצוף.

אָבער היינט איז זיין פּנים געווען פולשטענדיק אַנדערש! זיין האַנט איז געווען אויסגעשטרעקט צו מיר מיט אויסערגעוויינלעכער פריינדלעכקייט און אויף זיינע ליפּן האָט שימערירט אַ צויבערנדיק שמייכעלע!

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָט ער אויסגעשריגן און געדריקט מיין האַנט — איר האָט זיך אויסגעצייכנט ווי אַן אמתע העלדין! איר האָט געראַטעוועט דעם וויכטיקסטן פּאָסטן! ווי באַוווּסט איז סקאַלנע פּאָדהאַלע, די סביבה פון זאַקאָפּאַנע, די פעסטונג פון דעם שונא פונעם פּראָלעטאַריאַט! נאָר זעט, האַלט אויך ווייטער איין דעם פּאָסטן! און איר וועט, חברטע, גיין העכער און העכער! מ'האָט שוין אפילו גערעדט וועגן אייך אין דער פּאַרטיי... און מ'האָט פאָרגעשלאָגן... ניין, דאָס האָב איך אַליין טאַקע פאָרגעשלאָגן, מ'זאָל אייך באַשענקען מיט אַ מעדאַל פאַר דער דערפאָלגרייכער פאַרטיידיקונג פון אַ וויכטיקער פּאָזיציע...

ער איז ערשט געשטאַנען פאַר מיר מיט אַן אויסדרוק פון טריומף, ווי אַ קאָמאַנדיר וואָס האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון אויפן שלאַכטפעלד, און געקוקט אויף מיר, וואָס פאַר אַן איינדרוק זיינע ווערטער האָבן געמאַכט אויף מיר. מיך האָט אָבער ווידעראַמאָל אַדורכגענומען דאָס געפיל פון ווידערווילן, פאַראַכטונג און עקל. כ'האָב מורא געהאַט אויפצוהייבן די אויגן, ער זאָל עס דורך זיי נישט אַרויספילן. אָבער דער סעקרעטאַר האָט אָנגענומען מיין האַלטונג פאַר באַשיידנקייט.

— איר האָט נישט וואָס זיך צו שעמען, — האָט ער מיר געזאָגט — אונדזער דעמאָקראַטיע קאָן זיך אויף מענטשן און פאַרשטייט אַרויסצוהייבן יענע וואָס פאַרדינען זיך דערויף. ...מ'וואָלט אייך דאַרפן אָנטרויען אויך דאָס קינדערהויז אין ראַבקע! און נישט צו ליקווידירן דעם דאָזיקן פּאָסטן... אייער פּרעזעס אין קראָקע וועט נאָך טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן דאָזיקן פעלער! אָבער דאָס איז שוין אַן אַנדער ענין... פאַר אייך איז

אױפֿן דער װעג צו אַ קאַריערע! — און דער סעקרעטאַר האָט זיך אַנידער־געזעצט, גרײט צו פֿאַרפֿירן מיט מיר אַ שמועס, װי אַ גלײַכער מיט אַ גלײַכן.

— חבר סעקרעטאַר, — האָב איך אָנגעהױבן געלאַסן — נאָך דעם דאָזיקן איבערפֿאַל געפֿינען מיר זיך אין זײער אַ שװערער לאַגע. כמעט אַלע קינדער זענען קראַנק. אײן קינד איז נאָענט צום שטאַרבן. כ׳בין געקומען צו פֿאָרן אָהער נאָך פּעניצילין. און מיר פֿאַרמאָגן נישט קײן גראָשן. די קינדער האָבן נישט קײן װאַרעם אָנטועכץ. און ס׳איז דאָך זאָקאָפּאַנע אין װינטער! דאָרט איז אַ סך קעלטער אײדער דאָ, אין װאַרשע.

דער סעקרעטאַר האָט זיך אױפֿגעשטעלט, און זײַן פּנים האָט זיך פֿאַרקרימט מיט װידערװילן:

— איך רעד דאָ װעגן אױסצײכענען אײַך, װעגן אַ מעדאַל פֿון אינערן־מיניסטעריום, און איר קרעכצט פֿאַר מיר, װי אַלע אַנדערע דאָרטן, — האָט ער אָנגעװיזן מיט דער האַנט צו דער טיר און אַװעקגעקערט דאָס פּנים פֿון מיר.

כ׳האָב אַ קוק געטאָן אױף זײַנע מאָגערע, דאַרע פּלײצעס, אױף די שפּי־ציקע און זיך באַװעגנדיקע אַקסלען, און מיטאַמאָל איז אױסגערונען מײַן גאַנ־צער װידערװילן װאָס כ׳האָב געהאַט צום דאָזיקן מענטשן. זײַנע פּלײצעס האָבן אױפֿגעהערט צו זײַן פּלײצעס פֿון אײן מענטש, זענען געװאָרן די פּלײצעס פֿון אַ סך, אַ סך מענטשן... אַ גאַנצע װאַנט פֿון פּלײצעס פֿון מענטשן ברוטאַלע, עקשנותדיקע, װאָס רעכענען זיך נישט מיט קײן שום מענטש און מיט קײן שום זאַך, נאָר שטרעבן צו זײער פּאָליטישן ציל אָן רחמנות — אַ װאַנט פֿון אָנשױונגען און מײנונגען, װאָס טײלט פֿאַנאַנדער צװישן די מענטשן און י ע נ ע...

און אין דעם מאָמענט האָב איך זיך דערפֿילט אַזױ אומבאַהאָלפֿן און פֿאַרלױרן מיט מײַן ביסל קינדער, אַזױ עלנט און שװאַך הינטער די דאָזיקע פּלײצעס, אַז ס׳איז מיר געבליבן נישט מער צו טאָן װי זיך אױסצװױינען...

דער סעקרעטאַר האָט זיך אױסגעדרײט צו מיר און דערזען טרערן אין מײַנע אױגן. אַ רגע איז ער געבליבן שטײן צעמישט און נישט געװוּסט װאָס צו טאָן (צי אַנערקענט דער פּראָגראַם פֿון דער פּאַרטײ אַזעלכע טרערן, אָדער נישט?), דערנאָך האָט ער קענטיק באַשלאָסן צו גײן אױף אַ פּשרה:

— גוט! — האָט ער געזאָגט — גײט אַרײַן צו דער הױפּטדאַקטאָרין און זאָגט איר אין מײַן נאָמען, זי זאָל אײַך געבן דעם מעדיקאַמענט פֿאַרן קינד. און װאָס אָנבאַלאַנגט געלט — מוזט איר נאָך צװואַרטן אַ ביסל, אױסדױערן...

געפּטרט ביי אים העכער אַ האַלבע שעה און דערצו האָבן זיך מיר די נערוון אינגאַנצן צעשרויפט. כ׳האָב זיך געמוזט נעמען אין די הענט און לויפן צו דער דאָקטאָרין. צוליב דעם וואָס איך האָב זיך נאָכנישט געהאַט באַפרייט פון מיין דאָזיקן געמיטצושטאַנד, האָב איך איר דערציילט וועגן די קראַנקהייטן פון אונדזערע קינדער מיט גרויס אויפרעגונג. און דאָס האָט אויף איר געמאַכט אַן איינדרוק. זי האָט מיר געזאָגט:

— ביי מיר איז דאָ בלויז אַ קליינער קוואַנטום פּעניצילין, וואָס איז פונעם געזונטהייטס־אַמט באַשטימט געוואָרן פאַר אַלע קינדער פון קליינ־פוילן. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז אַ נאָנסענס. ווייל אויב ער זאָל אַזוי צעטיילט ווערן, וועט עס קיינעם קיין הילף נישט געבן. אַזאַ איז אָבער דער באַפעל. באמת, כ׳ווייס אַליין נישט ווי צו האַנדלען...

— וויפל פאָדערט זיך פאַר העלען, זי צו ראַטעווען?

— דער גאַנצער קוואַנטום וואָס איך פאַרמאָג.

— ווי־זשע האָט מען עס געקאָנט צוטיילן אין מעדיקאַמענט־דאָזע פאַר די קראַנקע קינדער פון גאַנץ קליינפוילן?

די דאָקטאָרין האָט דערויף זיך נישט אָפּגערופן, דאָקעגן אַ פרעג געטאָן:

—— צי וויסט שעראַדזקי, אַז איר זענט געקומען צו פאָרן נאָך פּעניצילין?

— יאָ, ער האָט מיר אפילו געזאָגט, כ׳זאָל זיך פאַררופן אויף אים.

— אויב אַזוי, בין איך געדעקט. מיר גייט גאָרנישט אָן, וואָס איר וועט טאָן מיט דעם פּעניצילין. איך גיב אים אייך ווי אַ פאַרשטייערין פון אַלע יידישע קינדער אין קליינפוילן. איר שרייבט מיר בלויז אונטער אַ קבלה, און איר זענט פאַר אים פאַראַנטוואָרטלעך...

כ׳בין פון איר אַרויסגעגאַנגען האַלב צעדולט. ווידער האָט מען אויף מיר אַרויפגעוואַליעט אַ לאַסט... אָבער העלעס לעבן איז שוין איצט געווען אין מ יי נ ע הענט!

און ערשט דאַרף מען טאָן עפּעס וועגן געלט! דער קאַסירער פון קאָמיטעט איז געווען אַ גוטער, הייסער ייד. דרייסט, אָן מורא דערקלערט זיך אַלס ציוניסט. ווען איך זאָל זיך נאָר דערשלאָגן צו אים, האָב איך געטראַכט, וועל איך שוין עפּעס פון אים אַרויסבאַקומען, פריער פון אַנדערע... אָבער ער האָט זיך, צום באַדויערן, אָפּגעשלאָסן ווי אין אַ פעסטונג. כ׳האָב ערגעץ אין אַ ווינקל געכאַפּט זיין סעקרעטאַרקע.

— ווי זעט עס אויס ביי ראַקאָווערן? פאַראַן עפּעס אין פאַנצער־קאַסע?

די סעקרעטאַרין האָט געוווּסט, אַז ראַקאָווער איז צו מיר פרײַנדלעך. זי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און געזאָגט:

— פּרוּווט אפילו נישט. ס׳קומען פֿאַר אַוואַנטורעס מיט שעראַדזקין. ראַקאָווער וויל דעמיסיאָנירן פֿון דער אַרבעט. שעראַדזקי דראָט אים מיט אַרעסט. דער דזשוינט וויל נישט געבן דעם קאָמיטעט קיין גראָשן אפילו. איז דערוויַיל נישטאָ וואָס צו רעדן וועגן געלט.

ערשט האָב איך שוין געוווּסט אַלץ, און כ׳האָב באַשלאָסן, נישט פּטרן מער קיין צייט אין קאָמיטעט. ס׳איז געווען אַרום צוועלף אַזייגער פֿאַר מיטאָג. כ׳וועל נאָך באַוויזן צוצופֿאָרן אין דזשאָינט, האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אַרומגעקוקט זיך, צי קיינער שפּירט מיר נישט נאָך, האָב איך אָפּגעצויגן. שנעלער, שנעלער, כ׳זאָל נאָך באַוויזן פֿאַר איינס אַזייגער!

מײַן קאָנטאַקט מיטן דזשוינט איז געווען זייער אַ קאָמפּליצירטער ענין און האָט מיך געקאָסט אַ סך געזונט. אַלץ האָט געמוזט געמאַכט ווערן אין געהיים, און נישט בלויז צוליב מיר.

מיט צוויי חדשים צוריק, ווען קיין זאַקאָפּאַנע אין „וואַלד־וווינונג״ זענען געקומען צוויי דירעקטאָרן פֿון דזשוינט, ד״ר ש., דירעקטאָר פֿון דזשוינט אין אייראָפּע און הער ג., דרעקטאָר פֿון דזשוינט אין פּוילן, האָב איך נאָכנישט געהאַט קיין באַגריף וועגן זיי זענען און אפילו נישט געוווּסט וואָס דער דזשוינט איז בכלל. ס׳איז געקומען צו אונדז עפּעס אַ דעלעגאַציע פֿון וואַרשע. עטלעכע ציווילע מענטשן, עטלעכע אין מונדירן פֿון פּוילישן מיליטער און דער פּרעזעס פֿון קראָקע. זיי האָבן באַזוכט די צימערן פֿון די קינדער, די קיך, די מאַגאַזינען, דאָס דאָקטאָר־צימער. איינער אַ הויך־געוויקסיקער הער מיט אַ זייער פֿיינער האַלטונג (ווי כ׳האָב זיך שפּעטער דערוווּסט — דער דירעקטאָר פֿון דזשוינט אין אייראָפּע) האָט מיך דעמלט געפֿרעגט, וואָס עס זענען די דרינגנדיקסטע באַדערפֿענישן פֿון די קינדער? כ׳האָב אים געוואָלט ענטפֿערן דערויף, אָבער די דעלעגאַטן פֿון וואַרשע האָבן מיך פּראָסט־פּשוט נישט געלאָזן אויסרעדן קיין וואָרט. זיי האָבן גענומען באַשולדיקן דעם דזשוינט, אַז ער שיקט פֿאַרפֿוילטע קליידונג. האָבן מיך אפילו געהייסן אַראָפּגיין אין די מאַגאַזינען און באַוויזן די באַלן מיט די אַלטע שמאַטעס. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ שאַרפֿע פּאָליטישע קריגערייַ. כ׳האָב נישט געהאַט ווען צו רעדן וועגן די באַדערפֿענישן פֿון די קינדער. דער הויכוווקסיקער הער האָט, אמת, זיך געוואָנדן צו מיר עטלעכע מאָל, אָבער יעדעס מאָל איז מען מיר אַרײַן אין די רייד און נישט געלאָזט

אים ענטפערן. מ׳האָט מיך פּשוט פאַררוקט אויפן לעצטן פּלאַן, און כ׳בין געווען אויסערגעוויינלעך אויפגערעגט פאַר אַזאַ טראַקטירן מיך און די אינטערעסן פון די קינדער.

איז אָט, ווען איך בין אַראָפּגעגאַנגען מיט דער דעלעגאַציע מיט די טונקעלע שטיגן אין קיך און די מאַגאַזינען, איז צו מיר צוגעקומען אַ נידעריקער און שטילער מענטש, וועלכער האָט באַגלייט דעם הויכגעוויקסיקן פון אויסלאַנד און מיר איינגערוימט אין אויער:

— אויב איר וועט זיך געפינען אין אַ שווערער לאַגע, און די קינדער וועלן ליידן נויט, קומט, ביטע, צו מיר קיין וואַרשע. אָבער, חלילה, אַז עמעצער פון קאָמיטעט זאָל וויסן וועגן דעם! אָט איז מיין וויזיט־קאַרטל.
— און דאָ האָט ער עס מיר אַריינגעשטעקט אין האַנט.

נאָך זייער אַוועקפאָרן האָב איך איבערגעלייענט דעם נאָמען: מ. ג. דירעקטאָר פון דזשוינט אין פוילן, וואַרשע; און דער אַדרעס פון דער ביוראָ. איך האָב דאָס דאָזיקע וויזיט־קאַרטל קיינעם נישט געוויזן. האָב געפילט, אַז איך האָב אין האַנט עפּעס אַ זייער ווערטפולע זאַך. פון דעמלט אָן האָב איך געגומען אויסנוצן די דאָזיקע קאַנטשאַפט. דירעקטאָר ג. האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אויסערגעוויינלעך גוטן מענטשן, אַ באַהאַרצטער און פילבאַרער צו די ליידן פון די קינדער, און האָט זיי אַרויסגעוויזן אמתע פאָטערלעכע געפילן. ער האָט אונדז, וואָס אַן אמת, געהאָלפן מיט נישט קיין באַזונדערס גרויסע סומעס, אָבער זיי פלעגן תמיד קומען אין אַ צייט פון נויט. פון די דאָזיקע געלטער פלעג איך אָפּגעבן רעכענונג נאָך דעם דזשוינט, און קיין שום מענטש האָט וועגן דעם נישט געטאָרט וויסן, — דאָס איז געווען דער באַדינגג זיי צו באַקומען. און כ׳פלעג מוזן אַריינקומען אין דזשוינט אַזוי אַז קיינער פונעם קאָמיטעט זאָל מיך נישט באַמערקן, חס־וחלילה. דאָס אַלץ איז מיר נישט געווען ניחא און ס׳האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט פאַר פאַרשידענע חשדים. אָבער כ׳האָב קיין ברירה נישט געהאַט.

ווען כ׳בין ערשט געקומען אין דזשוינט, איז דער קאָרידאָר שוואַרץ געווען פון מענטשן, וואָס זענען געקומען מיט בקשות. פיל פון זיי האָבן איבערנעכטיקט אין קאָרידאָר, כדי די ערשטע אָנצוקומען צום דירעקטאָר. אין זייער מערהייט זענען דאָס געווען יידישע זעלנער דעמאָביליזירטע פון דער רוסישער אַרמיי, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין ציוויל אָנטועכץ, נישט קיין דאַך איבערן קאָפּ, נישט קיין אַרבעט און נישט קיין ברויט. זיי

פלעגן טעראָריזירן די באַאַמטע און נישט לאָזן זיי אַרבעטן. מ׳האָט געשמועסט, אַז זיי האָבן אָפּגעשלאָסן דעם דירעקטאָר ג. אין זיין ביוראָ און אים נישט געלאָזט אַרויסגיין.

וועגן די אַלע עניינים האָב איך געוווּסט נאָך פון קראָקע, און גלייך איינגעזען, אַז די סיטואַציע איז זייער אַ ביטערע. איבערנעכטיקן אין וואַרשע האָב איך נישט געקענט, הע׳לעס צושטאַנד האָט עס מיר נישט דערלויבט. פאָרן צוריק אַהיים אָן געלט האָב איך אויך נישט געקאָנט, ווייל ס׳איז אונדז שוין נישט געבליבן קיין געלט ממש אויף ברויט, און כ׳האָב נישט געוווּסט, ווען כ׳וועל נאָכאַמאָל קאָנען פאָרן קיין וואַרשע.

כ׳בין געשטאַנען אין אַ פינצטערן ווינקל אין קאָרידאָר, האָב געטראַכט וועגן דעם אַלץ און זיך געפילט אומגליקלעך, פאַרמאַטערט, שמוציק, נישט אויסגעשלאָפן און נישט אויסגערוט — ווי איינער פון די דאָזיקע זעלנער, וואָס האָט שוין נישט געטוישט דאָס העמד גאַנצע חדשים. ווי קאָן זיך בכלל אַ פרוי אין אַזאַ צושטאַנד באַווייזן פאַר אַ מאַנצפּאַרשוין און פון אים עפּעס פאַרלאַנגען? מיין גאַנצע דערדריקטע ווייבלעכקייט האָט זיך מיטאַמאָל צעבונטעוועט. וואָלט דאָ וויינקסטנס זיין אָן אָרט, ווו מ׳זאָל קאָנען זיך אַרומוואַשן דאָס פּנים און די הענט און זיך פאַרקעמען, האָב איך געטראַכט, כאָטש באַנעצן די מידע, נישט־אויסגעשלאָפענע אויגן!

כ׳האָב אַ פרעג געטאָן ביי אַ פאַרבייגייענדיקע באַאַמטין, ווו ס׳איז דאָ פאַראַן אַ וואַסערקראַן. זי האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ קליינעם וואַש־צימער פון די באַאַמטינס און אפילו אַ האַנטעך מיר געגעבן. כ׳האָב געטאָן אַ טרונק וואַסער, אַרומגעוואַשן דאָס פּנים און זיך אָפּגעפרישט. כ׳האָב זיך ווידער אָנגענומען מיט מוט... האָב איר דערציילט וועגן מיינע זאָרגן. איר געבעטן, זי זאָל וועגן מיר צו וויסן טאָן דעם דירעקטאָר און מיר העלפן אָנקומען צו אים. זי האָט מיר צוגעזאָגט, אויב די בלאָקאַדע פון די געוועזענע זעלנער וועט אַראָפּגענומען ווערן, און מיר געראָטן שטיין נאָענט צו דעם דירעקטאָרס טיר.

כ׳בין געשטאַנען און געשטאַנען ביי אָט דער טיר. האָב געהערט פון אינעווייניק געשרייען און געוואַלדן, ס׳איז שטיל געוואָרן, און ווידער און אָבער־אַמאָל דאָסזעלבע. אָן איינגעדרימלטע, אַ צוגעשפּאַרטע צו דער טיר, האָט זיך אין מיר אַלץ צוזאַמענגעגאָסן און געוואָרן פאַרנעפּלט... מיין מיד באַוווּסטזיין איז פאַרזונקען אין אַ נעפּל פון אומווירקלעכקייט... נאָך אַ ביסל, און דער שלאָף וואָלט מיך אַדורכגענומען.

אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר האָט מיך אויפגעוועקט. אַ חברה זעלנער, שרייענדיקע, זשעסטיקולירנדיק האָבן צעפּראַלט די טירן... הינטער זיי איז אַרויסגעקומען און געבליבן שטיין די קליינע פיגור פון דירעקטאָר ג. אויף די באַקן ציגלרויטע פלעקן. ער האָט מיך נישט באַמערקט. אַלע וואַרטנדיקע האָבן זיך געריסן צו אים מיט כוח. ער האָט געגומען זיך פאַרטיידיקן. געוואָלט פאַרמאַכן די טיר און נישט געקאָנט. ער האָט זיי געזאָגט:

— אויב איר וועט נישט אַוועקגיין פון גוטן ווילן, וועל איך היינט מער קיינעם נישט אויפנעמען.

אָבער די שטופּעניש איז נישט אָפּגעטראָטן. מיטאַמאָל האָט ער מיך דערזען.

— יידן! — האָט ער אַ רוף געטאָן — איך בעט אייך זייער, לאָזט דער דאָזיקער פרוי אַריינגיין צו מיר שוין איצט! זי איז נישט בלויז אַין פרוי וואָס וואַרט דאָ אויף מיר, נאָר הונדערט און צוואָנציק יידישע יתומים, הונגעריקע, וואַרטן אויף ברויט!

די זעלנער און דער עולם האָבן מיר געמאַכט אַ וועג און מיך דורכ־געלאָזט צו אים. און ווידער זענען מיר דעם טאָג אָנגעלאָפן טרערן אין די אויגן. פונדעסטוועגן, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, איז די וואַנט וואָס טיילט פאַנאַנדער די מענטשן נישט אַזאַ שטאַרקע. מ׳קאָן זיך דורך איר דורכשלאָגן!

## האַלאָוועשקעס און אַש

העלעס צושטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט. די מאָזלען־עפּידעמיע האָט זיך ביסלעכווייז איינגעלאָשן. געבליבן איז דער געוויינלעכער, גראָער טאָג, נאָר אַסך אַן אומעטיקערער ווי געוויינלעך, ווייל מיר זענען געווען אָפּגעשלאָסן אין „וואַלד־ווױינונג", ווי אין אַ תפיסה.

דאָקטאָר ראַפּעל איז געקומען צו מיר אויף אַ לעצטן שמועס (אַזעלכע „לעצטע שמועסן" זענען שוין פריער געווען עטלעכע).

— כ׳וואָלט וועלן אייך מיטטיילן, אַז איך פאָר אַוועק.

איך האָב געשוויגן, ויסנדיק ווייל, וואָס ס׳וועט קומען אין אַ רגע אַרום.

— איך לאָז איבער אַלץ נאָך זיך אין פולער אָרדענונג. די קאַרטאָטעקע איז אויסגעפילט ביזן לעצטן טאָג. אַלע קינדער זענען רעגולער אונטער־זוכט געוואָרן. די מאָזלען־עפּידעמיע איז פולשטענדיק פאַריבער. אין איצ־טיקן מאָמענט איז העלע מער נישט אין קיין געפאַר. בײַ די אַנדערע קינדער זענען די פּראָצעסן לאַנגטערמיניקע, כראָנישע... איך האָב אַלע באַדינט געטרײַ ביזן לעצטן טאָג. „דער נעגער האָט זײַנס געטאָן, דער נעגער קאָן שוין גײן״ — האָט ער פאַרענדיקט אין אַ מעלאָדראַמאַטישן טאָן.

כ׳האָב דאָס אַלץ אויסגעהערט מיט ביטערניש. צום באַדויערן — כ׳האָב גאָרנישט געהאַט וואָס אים צו זאָגן. דאָקטאָר ראַפאַעל האָט עס געוווסט (הגם ס׳האָט נאָך געטליעט בײַ אים אַ האָפענונג) און אַנטשלאָסן זיך אויסגעדרייט צו דער טיר, איבערצוטראָגן זײַן גורל „ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ מאַנצפּאַרשוין״... אָבער בײַ דער טיר האָט ער זיך, ווי געווײנלעך, פאַרהאַלטן.

— צי האָט איר באמת קײן האַרץ נישט, פרוי לענע?

— הלוואי וואָלט איך טאַקע נישט געהאַט.

— הייסט עס, אַז בלויז לגבי מיר זענט איר אַזוי... בלויז איך בין דער קרבן... דער קרבן פון דאָזיקן הויז! איך האַס עס, איך האַס עס!

— האָט ער אַ געשריי געטאָן היסטעריש.

— ה׳ דאָקטאָר, נישט דאָס הויז, נאָר איך אַנטשייד.

— הייסט עס, אַז איר ליבט אַ צווייטן!

— איך ליב נישט קײנעם, אויסער די קינדער.

— נײן! דאָס וועט קײן שום מאַנצפּאַרשוין נישט פאַרשטײן און נישט אָננעמען! יעדע פרוי גאַרט נאָך גליק מיט אַ מאַן און אַן אײגן קינד. דאָס איז די נאַטירלעכע באַשטימונג פון דער פרוי.

— די מלחמה ענדערט צײַטנווײַז די באַשטימונג פון דער פרוי. אויך מײַנע האָט זיך געענדערט. מיר האָבן שוין גערעדט וועגן דעם נישט אײן מאָל. לאָמיר עס צורו לאָזן. לאָמיר זיך געזעגענען ווי פרײַנד.

— ס׳איז אַ קנאַפּע טרייסט פאַר מיר.

כ׳האָב ווידער גענומען זוכן אַ דאָקטאָר. אַ גליק נאָך, וואָס ס׳איז איצט געווען בײַ אונדז אַן אויסגעצייכנטע, גוטע, צו די קינדער איבערגעגעבענע שוועסטער. כ׳האָב זיך מיט איר באַראָטן. זי האָט זיך די זאַך שטאַרק צום האַרצן גענומען, און איז אין אַ געוויסן טאָג געקומען צו מיר מיט אַ פּראָפּאָזיציע.

— איר ווייסט, פרוי לײטערין, — האָט זי געזאָגט — ווען דאָקטאָר

טראַווסקי איז לעצטנס געווען ביי אונדז אויף דעם קאָנסוליום ביי העלען, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ סך פּאַראינטערעסירונג און זיך באַצויגן צו אונדז מיט סימפּאַטיע. ער גייט אָן פאַר איינעם פון די גרויסע ספּעציאַליסטן אויף לונגען־קראַנקהייטן אין גאַנץ פּוילן און איז אַ וויסנשאַפטלער און פאָרשער. אפשר וואָלטן מיר געפּרווּוט אונדזער מזל און אים געבעטן, ער זאָל אונדז ווידמען עטלעכע שעה יעדן טאָג? ער מוז דאָך נישט זיין ביי אונדז פון אינדערפרי ביז ביינאַכט, ווי די דאָקטוירים ביז היינט, ס'וועט גענוג זיין, ער זאָל אַרבעטן ביי אונדז ביז מיטאָג, און אין אַ נויטפאַל וועלן מיר קענען אים אַרויסרופן טעלעפאָניש...

— איך וואָלט, פאַרשטענדלעך, גערן מסכים זיין דערויף, נאָר צי וועט ער מסכים זיין? צי וועט ער וועלן ריזיקירן צו ליידן אומאָנגענעמלעכקייטן מצד זיינע שטאָטלייט און גיין אַרבעטן אין „וואָלד־וווינונג״?

— וואָס האָבן מיר דאָ אָנצווווערן? — האָט די שוועסטער געזאָגט — העכסטנס וועט ער אונדז אָפּזאָגן.

מיר האָבן באמת נישט געהאַט וואָס אָנצווווערן. זענען מיר געגאַנגען. זיין וווינונג איז געווען זייער אַ באַשיידענע, הגם אין צענטער פון זאַקאָפּאַנע. מיר זענען אַריינגעקומען אין אַ טונקעלן, מיט מעבל באַשטעלטן קאָרידאָר, און פון דאָרט גלייך אין זיין צימער. זיין אַרבעט־צימער, פול מיט שטויסן ביכער, מאַנוסקריפּטן, מעדיצינישע מכשירים און פּרווּו־גלעזלעך, דאָ האָב איך מיטאַמאָל ווידער דערשפּירט די מיר אַזוי באַקאַנטע אוניווערסיטעט אַטמאָספער פון וויסנשאַפטלעכער אַרבעט און פאָרשערישן געדאַנק, וועלכע איז ווייט פון די ליידנשאַפטן פון דעם פאַרביילויפנדיקן מאָמענט...

מיט אַ ציטערנדיקער שטים האָב איך אים דערציילט וועגן אונדזער לאַגע און אויסגעדריקט אונדזער ביטע. דאָקטאָר טראַווסקי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט די, פון לייענען, פאַרמאַטערטע אויגן און געזאָגט:

— כ'ביך גערן מסכים אויף דער דאָזיקער פּראָפּאָזיציע. כ'וועל זיך באַמיען אויסשניידן פון מיין צייט אָן ערך דריי ביז פיר שעה אַ טאָג. שפּעטער וועט אפשר גענוג זיין וויניקער. דאָס קאָן אויך וויכטיק זיין פאַר מיינע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען... די ווירקונג פון הונגער אויף דער אַנטוויקלונג פון טובערקולאָז ביי קינדער... טובערקולאָז ווי אַ פּועל־יוצא פון דעם הונגער און די ליידן אין די לאַגערן, דער אָפּגעשלאָסנקייט, דעם מאַנגל פון באַוועגונג און ליכט...

— יאָ, אָבער ס'איז פאַראַן אַ סכנה אין אָט דער אַרבעט ביי אונדז...

צי שרעקט נישט אָפּ דעם ה׳ דאָקטאָר די אומאָנגענעמע רעזולטאַטן צוליב דער אַרבעט אַרום יידישע קינדער?

— אָך, כ׳בעט אייך זייער, פּרוי! — האָט דאָקטאָר טראַווסקי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ — האָט מען דען מיין קאָלעגע, דאָקטאָר שעדלעצקי, דעם באָטאַניקער, נישט דערמאָרדעט אין זיין וויסנשאַפטלעכער לאַבאָראַטאָריע, כאָטש ער האָט קיינמאָל צו אייך נישט אַריינגעשמעקט? (דער דאָזיקער וויסנשאַפטלער, פאַרשער פון דער טאַטרן־פלאָרע, איז דערמאָרדעט געוואָרן אין זאַקאָפּאַנע). דאָס זענען פּאָליטישע ראָצערס! זיי פאַרשוועכן דעם נאָמען פון פּוילן! איך בין אַ צו גוטער פּאָליאַק כ׳זאָל זיך אָפּשרעקן פאַר זיי...

מיר האָבן זיך אומגעקערט באַגליקטע. און פון דער צייט איז כמעט אַוועק פון מיר די זאָרג וועגן דעם געזונט פון די קינדער. כ׳האָב געהאַט אויף וועמען זיך צו פאַרלאָזן. די קינדער האָבן באַקומען אין דאָקטאָר טראַווסקי אַזאַ דאָקטאָר, וואָס אַזעלכן האָבן זיי נישט געהאַט פריער און נישט שפּעטער. און ווען מיר זענען אין עטלעכע חדשים אַרום געווען געצוווּנגען צו פאַרנעמען אַלע קינדער און אָנגעשטעלטע און אַנטלויפן פון פּוילן קיין אויסלאַנד, איז דאָקטאָר טראַווסקי געווען דער איינציקער, וואָס מיר האָבן באַדויערט פאַרוואָס ער פאָרט נישט מיט אונדז צוזאַמען...

דאָקטאָר טראַווסקי איז געווען אַ גלענצנדיקער דיאַגנאָסטיקער. ער פלעגט דעמאַסקירן יעדע קראַנקהייט אין איר אָנהייב, אַרויסברענגען זי פון דער פאַרבאָרגעניש אויף דער טאָגשיין און זי באַקעמפן, פאַרפאָלגן מיט עקשנות, ביז ער האָט זי פאַרטיליקט. ווען ער פלעגט מיר מיט זיין געמאָסטענער און רויקער שטים דערקלערן דעם פאַרלויף פון אַ קראַנקהייט, אירע סיבות און רעזולטאַטן, פלעגט אין מיר אויפגיין עפּעס אַזאַ קלאָרקייט און צוזאַמען מיט איר די האָפענונג אין מיין האַרצן, אַז אויך דעם דאָזיקן שונא — די מחלות, וועלן מיר מיט דער צייט בייקומען.

אָבער דעם מענטשנס לעבן איז שוין אַזוי איינגעשטעלט, אַז דאָס שלעכטס רוט גאָר־גאָר נאָענט לעבן דעם גוטן. און ווען אַ מענטש, אַ פאַרמאַטערטער פון דער אומאויפהערלעכער מלחמה, וואָלט וועלן אויף אַ ווייל אויפהערן זיין וואַכזאַם און געשפּאַנט, פאַרמאַכן די אויגן און זיך זאָגן: „כ׳וועל זיך אָפּרוען אַ ווייל, ס׳זענען דאָך דאָ גוטע מענטשן אויף דער וועלט״ — וועלן אים גראָד דעמלט אָניאָגן די בייזע, די רשעים און אים

צעטרעטן. ווייל זיי זענען אַ האָרדע, אַ לעגיאָן! די גוטע אָבער — זענען נישט מער ווי יחידים...

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ביי אונדז פּאַסירט אַ קליין געשעעניש. דער קליינער, געלער זיגוש איז קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערער דיזענטעריע. דאָקטאָר טראַווסקי, אַ געהיטער ווי תמיד, האָט אים געשיקט אין שטאָטישן שפּיטאָל אויף אונטערזוכונגען. ער איז דאָרט געלעגן זיבן טעג אין איזאָלאַציע, און ווייל די אונטערזוכונגען האָבן גאָרנישט אַרויס־געוויזן, און זיין צושטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט, האָט מען אים אָפּגעשיקט אַהיים מיט דער זעלבער דיאַגנאָזע, מיט וועלכער דאָקטאָר טראַווסקי האָט אים געשיקט אין שפּיטאָל...

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך זיין צוריקקומען פון שפּיטאָל האָב איך געהאַט דעם כבוד אויפצונעמען ביי אונדז אין הויז „אַ חשובע שטאָטישע דעלעגאַציע", אין וועלכער ס׳האָבן זיך באַטייליקט דער ראַיאָן־דאָקטאָר און צוויי פון זיינע געהילפן. זיי זענען געקומען נאָכמיטאָגצייט, ווען דאָקטאָר טראַווסקי איז נישט געווען. צוליב דעם האָב איך און די שוועסטער זיי אויפגענומען. כ׳האָב זיי געוואָלט פירן איבערן הויז, דערלאַנגען זיי דורכ־צוקוקן די מעדיצינישע קאַרטאָטעקע, ווייזן זיי די קראַנקע קינדער... האָב זיי אפילו פאָרגעלייגט אָנצוקלינגען צו דאָקטאָר טראַווסקי... אָבער אונדזערע חשובע דאָקטוירים האָבן נישט געלייגט דעם מינדסטן אַכט אויף מיינע פּראָפּאָזיציעס, און אויף אונדזער גאָרער העפלעכקייט האָבן זיי זיך לחלוטין נישט אומגעקוקט.

— מיר וועלן אַליין טרעפן דעם וועג! — האָט אַ זאָג געטאָן דער דיקער הויפּטדאָקטאָר — מיר זענען געקומען אין אָן אָפיציעלן וויזיט. די שטאָט ווינטשט זיך נישט אָט די דאָזיקע נעסט פון קראַנקהייטן אייערע. איר פאַרשפּרייט טיפוס איבער דער גאַנצער געגנט! אין נאָמען פון שטאָטראַט וועלן מיר שליסן דעם דאָזיקן אַנשטאַלט!

איך בין אינגאַנצן רויט געוואָרן, ווי עמעץ וואָלט מיך מיט אָקריפּ אָפּגעגאָסן.

— דאָס איז אַ געמיינער בילבול! — האָב איך אַ געשריי געטאָן.

אָבער דער ראַיאָן־דאָקטאָר און זיינע געהילפן האָבן זיך נישט געמאַכט פון מיין געשריי; זענען געלאָפן מיט אַלע כוחות — נישט אַרויף צו די קינדער, נאָר צו די הינטערשטע טונקעלע שטיגן, וואָס האָבן געפירט צו די קעלערן, מאַגאַזינען און דער קיך. דער ה׳ הויפּט־דאָקטאָר האָט איינ־

גענעצט אין שפּייעכץ אַ גראָבן, רויטן פינגער און אים אַרײַנגעשטעקט אין דעם קויל־שטויב, וואָס איז געלעגן אויף די קראַטקעס פון די קליינע קעלער־פענצטערלעך... זיי זענען אַרומגעלאָפן ווי געיעג־הינט, האָבן געניוכעט, גענישטערט — אומבאַדינגט געוואָלט געפינען לייז און אומפּלייט, שמוץ און טיפוס, כדי צו קענען באַלייגן אַ ראַפּאָרט, וואָס זאָל צופרידנשטעלן דעם שטאָטראַט... איך האָב זיי איבערגעלאָזט און בין געגאַנגען צוריק אין מײַן קאַנצעלאַריע. אויך דער שוועסטער האָב איך געהייסן, נישט גיין מיט זיי און גאָרנישט נישט ווייזן. כ'האָב אפילו נישט געוווּסט, צי זיי זענען אַרויפגעגאַנגען און געזען די קינדער־צימערן...

לסוף איז דער ה׳ הויפּט־דאָקטאָר אַרײַן מיט שטורעם אין מײַן קאַנצעלאַריע, איז געקומען זוכן דעם שטעקן וואָס ער האָט דאָ געלאָזן. איך האָב מײַן אַרבעט נישט איבערגעריסן. דער שטעקן האָט זיך אָפּגעפונען, און אָן אַ געזעגענונג־וואָרט איז ער אַנטלאָפן. זײַנע צוויי מאָגערע געהילפן האָבן שוין געוואַרט אויף אים פון יענער זייט טויער.

פון דעם־אָ וויזיט, וואָס איז אַוועק ווי אַ בייזער חלום, איז אין מײַן זכרון פאַרבליבן בלויז דעם ראַיאָן־דאָקטאָרס גרויסער בויך, וועלכן ער האָט קוים דורכגעשטופּט דורך דעם שמאָלן שטיגן־קאָרידאָר צו דער קיך, און דעם, מיט שפּייעכץ באַנעצטן פינגער, וועלכן ער האָט אַרײַנגעשטעקט אין שטויב. זײַן ראַפּאָרט האָב איך קיינמאָל נישט געלייענט.

דער ראַיאָן־דאָקטאָר פון זאַקאָפּאַנע איז נישט געווען דער איינציקער, וועלכער האָט זיך געטשעפּעט צו אונדז. אויך דער אַפּראָוויזאַציע־אַמט האָט נישט געוואָלט אונדז צוטיילן קיין שום לעבנסמיטל. אַלע קינדער־אַנשטאַלטן פלעגן באַקומען מילך, אָבער אונדזערע קינדער — גאָרנישט. מיר זענען געווען געצוווּנגען צו קויפן זי אויפן „שוואַרצן מאַרק". איך בין נישט געווען אימשטאַנד צו שרייבן אַזויפיל אָנקלאַגעס וויפל עוולות ס'זענען אונדז אָפּגעטאָן געוואָרן טאָגטעגלעך... בין נישט געווען אימשטאַנד אַזוי שנעל אַרײַנשטעלן שויבן אין די פענצטער, ווי שנעל מ'האָט זיי אַרויס־געשלאָגן... מיר האָבן אויפגעהערט צו עסן אין דעם באַגלאָזטן עס־זאָל. מיר האָבן די שול איבערגעפירט אויבן, אין די קינדערס שלאָפצימערן. אונדזערע מיידלעך און גימנאַזיסטן האָבן געמוזט יעדן טאָג גיין אין שול באַגלייט פון אַ וואך, ווייל מ'האָט געוואָרפן אויף זיי שטיינער. אויך די קינדער וואָס האָבן זיך געשפּילט אויפן הויף, האָבן געמוזט האָבן אַ וואַך. ווו זיי האָבן נאָר פאַרבראַכט, האָבן זיי געזען אַרום זיך באַוואָפנטע שומרים.

דאָס האָט נישט געקאָנט נישט ווירקן אויף זייער גייסטיקן צושטאַנד. זיי זענען געוואָרן אומעטיק און דערשלאָגן, דענערווירט און אויפגערעגט. קיין שמייכל האָט זיך נישט באַוויזן אויף זייערע פּנימער. דאָס געזאַנג האָט אײַנגעאַנצן אויפגעהערט אין הויז. דאָס קליינוואַרג האָט ווידער גענומען נעצן, און זיך אויפכאַפּן מיט אַ געשריי פון שלאָף. די מיידלעך האָבן געהאַלטן אין איין אַרומקריגן זיך, די ייִנגלעך — אין איין שלאָגן זיך. שאול האָט זיך ווידער באַוויזן מיטן שטעקן. סאַלוש דער נייניעריקער, פון דער מיטל־יעריקער גרופּע, האָט ווידער פאַרלאַנגט, אַז פרײַדין אידזשע זאָל אים אײַנשלעפן, ווי אַן איינציעריק קינד... אָבער דאָס ערגסטע איז געווען דאָס, וואָס די קראַנקהייטן האָבן זיך קאָנסערווירט און ווידער באַוויזן. דאָקטאָר טראַווסקי האָט אומבאַהאָלפן צענומען די הענט:

— דאָס זענען רעצידיוון, וואָס ווערן פאַראורזאַכט צוליב דער זיך פאַרשפּרייטנדיקער פּסיכישער דעפּרעסיע. די מעדיצין ווייסט פון אַזעלכע פאַלן... ווען ס׳וואָלט זיך כאָטש אַ ביסל אויסלייטערן, — האָט ער געוויזן מיט דער האַנט אויפן פאַרוואָלקנטן הימל — ווען די קינדער זאָלן קאָנען אַרויסגיין אַ ביסל אויף דער פרייער לופט, זיך שליטלען אויפן ציכטיקן שניי, וואָלטן מיר אוודאי נישט געהאַט אַזויפיל אַרבעט!

— אויף דער פרייער לופט, — האָב איך געטראַכט פאַרבענקט — ווי גייט מען דאָ אַרויס אויף דער פריי?

אין איינעם פון יענע טעג זענען צו מיר געקומען עטלעכע פון די עלטערע קינדער, פאַרלאַנגענדיק צו רעדן מיט מיר הינטער אַ פאַרמאַכטער טיר. צווישן זיי זענען געווען שאול, אהרון, ליאָנעק, יצחק, מאיר, מאַשקע און, אויך די מיידלעך, פראַנקע, חיה, פעליע, רחל, אוליע און אַנדערע. זיי זענען אַלע געווען מײַנע פלײַסיקסטע שילער אויף די העברעישע לעקציעס. היינט האָבן זיי געלערנט ביי מענליכן, וועלכער האָט איבערגענומען פון מיר די לעקציעס, ווייל ער איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער לערער פון העברעיש.

דער ערשטער האָט געבעטן אַ וואָרט דער קליינער ענערגישער אהרון. ער האָט געזאָגט:

— מיר זענען געקומען צו אײַך, איר זאָלט אונדז העלפן אַרויספאָרן קיין ארץ־ישראל. מיר ווילן לענגער דאָ נישט בלײַבן.

איך האָב אַ טראַכט געטאָן: זע, דורכן מויל פון די קינדער רעדט צו מיר דער גורל... אָט איז דאָס איינציקע אָרט, וווּ עס קאָן זײַן פאַר אונדז

פרייהייט. אָבער ווי קומט מען אַהין? ווי העלפט מען זיי און זיך אַליין? איך האָב זיי געזאָגט:

— צי ווייסט איר וויפל גרענעצן טיילן אייך אָפּ פון ארץ־ישראל און ווי וועט איר אַריבער אָט די געפערלעכסטע גרענעץ — די פּוילישע?

— מירן גיין דורך די בערג, אומלעגאַל, — האָט געזאָגט אהרון.

— ניין. דאָס איז דער ערגסטער וועג. כמעט אַלע יידן, וואָס גייען דורך די בערג — ווערן דערמאָרדעט.

— מיר שרעקן זיך נישט! — איז אַרויסגעשפּרונגען שאול — מיר קאָנען אויך שיסן! מירן זיך פאַרטיידיקן, אַזויווי אין „וואַלד־וווינונג״!

— דאָרט וועט איר זיין אין אַ סך אַן ערגערער לאַגע. איר קענט נישט די בערג. איר וועט דאַרפן גיין מיט אַ שמאָל שטעגל, און די מערדער לאָקערן פון אויבן, אויף די פעלדזן־שפּיצן. זיי קאָנען שיסן אויף אייך פון זייערע באַהעלטענישן, איר זאָלט זיי נישט זען. אויך די וועגווייזער, וועלכע פירן מענטשן פאַר אַ גרויסן לוין, קאָן מען נישט געטרויען... זיי נעמען באַצאָלט פון ביידע זייטן...

— איז וואָס זאָלן מיר טאָן? — האָט אהרון צענומען די הענט אומ־באַהאָלפן — ווי קאָנען מיר אַרויס פונדאַנען? דאָ קאָנען מיר לענגער נישט בלייבן... מיר קאָנען נישט. אונדזער גאַנץ לעבן דאָ איז קיין גראָשן נישט ווערט... אפילו אונדזער קאַמף אין „וואַלד־וווינונג״, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אונדזער נצחון, איז גאָרנישט נישט ווערט... וואָרן צוליב וואָס פירן מיר דעם קאַמף? צוליבן שטיקל ברויט? דאָרט אין ארץ־ישראל וועלן מיר קעמפן פאַר אונדזער כבוד און זעלבסטשטענדיקייט, און דאָ האָבן מיר נישט פאַרוואָס צו קעמפן.

אהרון האָט גערעדט נישט ווי קיין קינד, נאָר ווי אַ דערוואקסענער מענטש, אַ זון פון אַן אַלט און פילליידנדיק פאָלק. איך האָב באַוווּנדערט דעם אמת וואָס שטעקט אין די רייד פון דאָזיקן יינגל, און געזאָגט:

— ביסט גערעכט, אהרון, און איר אַלע. איכל זיך באַמיען אייך צו העלפן. אָבער אין איצטיקן מאָמענט קאָן איך אייך נישט זאָגן וויאַזוי. איך דאַרף פריער זיך פאַרשטענדיקן מיט פאַסיקע מענטשן, אָרגאַניזאַציעס. אפשר וועט מען געפינען אַן אויסוועג. און דערווייל דאַרפט איר זיך באַוואָפענען מיט געדולד.

די יינגלעך און מיידלעך זענען אַוועקגעגאַנגען אַ ביסל אַנטוישט. מיינע ווערטער האָבן זיי נישט צוגעגעבן קיין געדולד, זיי זענען אויך נישט

זיכער געווען, אַז אונטער דעם באַרג אינטערעסן און זאָרגן וואָס שווערט אויף מיר וועל איך געפינען צייט און מעגלעכקייט זיך צו פֿאַרנעמען מיט דעם פּראָבלעם, מיט דעם אַזוי שווערן פּראָבלעם... אָבער איך האָב נישט פֿאַרגעסן און גענומען אויסוועבן אַ פּלאַן פֿון האַנדלונגען און פּאַרטלען, זיי זאָלן קאָנען אַרויס פֿון פּוילן אַן שוועריקייטן און זיך דערשלאָגן קיין אויסלאַנד.

איך האָב זיך פֿאַרשטענדיקט מיט אַ געוויסן באַקאַנטן מײַנעם פֿון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין קראָקע; ער האָט מיר „צוגעשטעלט" אויסגעטראַכטע קרובים פֿאַר די־אַ קינדער, און יענע האָבן זיך געוואָנדן צום קאָמיטעט (פֿאַרשטענדלעך — יעדער באַזונדער), און אויסגעדריקט זייער ווילן צוצונעמען די קינדער. שפּעטער האָט מען די קינדער צוזאַמענ־געפֿירט קיין ביטאָם, און די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אויף זיך גענומען די אויפֿגאַבע אַרויסצופֿירן זיי קיין אויסלאַנד אין די נאָענטסטע טעג און ביי די זיכערסטע באַדינגונגען, וואָס זענען מעגלעך געווען צו יענער צייט. כ'האָב דעמלסט אַרויסגעשיקט אַ גרופּע פֿון צוועלף ייִנגלעך און מיידלעך, וועלכע האָבן עס צום שטאַרקסטן געפֿאָדערט. נאָר אויף שאָולס אַרויספֿאָר האָב איך נישט מסכים געווען, ווייל ער איז נאָכנישט געווען געזונט — און מ'האָט געדאַרפֿט אַריבערגיין די גרענעץ צופֿוס, טיילמאָל צוואָנציק קילאָמעטער, ביי שווערע באַדינגונגען.

אַזוי איז פֿאַרשווונדן פֿון אונדזער קינדערהויז אַ גרופּע פֿאַרטיזאַנער, איינע פֿון די, מיין האַרצן, נאָענטסטע און ליבסטע. אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין צייט אַפילו וועגן דעם אַ סך צו טראַכטן, ווייל ס'איז מיר געבליבן די זאָרג פֿאַר די אַנדערע קינדער, קינדער ייִנגערע און קראַנקע.

האָב איך באַשלאָסן צו פֿאָרן קיין וואַרשע און זוכן, מיט דער הילף פֿונעם קאָמיטעט, אַ לייזונג פֿאַר אונדזער פּראָבלעם. סוף־כּל־סוף זענען זיי דאָך, דאָרט אין די שפּיצן, — די פֿאָרזיצערס, די סעקרעטאַרן, די קאַסירער און די אַלע איבעריקע — אויך עלטערן, אויך זיי האָבן קינדער. זיי וועלן דאָך נישט זיצן במנוחה און זיך צוקוקן ווי אונדזערע קינדער גייען איין און קומען אום!

אין קאָמיטעט האָט מיך אויפֿגענומען דער קאָמיטעט־מיטגליד דונקל. דאָס איז געווען אַ מאַן אַ הויכגעוואַקסיקער און ברייטפּלייציקער, מיט אַ גרויס און פֿליישיק פּנים, וואָס דריקט אויס גוטהאַרציקייט. איך האָב גלייך באַקומען צו אים צוטרוי און אים דערציילט אַלע מײַנע זאָרגן און צרות

— ווי די מאַכט־אינסטאַנצן פאַרפאַלגן אונדז, וועגן די שטיינער וואָס מ׳האַרפּט אונדז אין די פענצטער, די דראָונגס־בריוו וואָס מיר באַקומען. דונקל האָט אַלץ אויסגעהערט מיט געדולד און די גאַנצע צייט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ איינשטימענדיק. נאָר ווען כ׳האָב געענדיקט, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— גו, איז מיט וואָס קאָנען מיר אייך דען העלפן אין דעם אַלעם?

— איז וואָס? — האָב איך געפרעגט — דאַרפן מיר שלום מאַכן דערמיט, וואָס מיר האָבן אַריינגעזעצט אונדזערע קינדער אין אַ תפיסה? צי ווייסט איר ווי אונדזערע קינדער רופן היינט אונדזער הויז? נישט „וואַלד־וווינונג״, נאָר „וואַלד־קבר״! די קינדער שטיקן זיך אין אים ווי אין אַ קבר! און חוצדעם וואַקסט דערין די סכנה פון טאָג אויף טאָג. איר ווייסט דאָך אַז אין ראַבקע איז פאָרגעקומען נישט איין איבערפאַל, נאָר דריי...

— איז קאָנען מיר אייך געבן נאָך צוויי וועכטער צו פאַרטיידיקן זיך. געווער און אַפּראָוויזאַציע האָט איר דאָך.

— אָבער דאָס איז לחלוטין נישט קיין לייזונג פאַר דעם פּראָבלעם! מ׳דאַרף אים לייזן ראַדיקאַל. ס׳האַנדלט זיך דאָך וועגן די רעכט פון אונדזערע קינדער אויף לעבן און פרייהייט!

— איז וואָס ראָט איר?

— אפשר זאָלן מיר אונדזער קינדערהויז אַריבערפירן אויף אַ צווייט אָרט, אַ רויקערס און זיכערערס?

— ס׳זענען היינט נישטאָ אין פּוילן קיין רויקע און זיכערע ערטער, — האָט דונקל געענטפערט נישט גערן — ס׳איז אומעטום דאָסזעלבע. אָט ליגט דאָס פאַר מיר אַ שטויס בריוו, וואָס איך באַקום יעדן טאָג כּמעט פון די לייטערס פון אונדזערע קינדערהייזער, חוץ וואָס זיי דערציילן מיר מינדלעך. אָט זענען בריוו פון העלענוועק, פון אָטוואָצק, פון בענדין. אַלע שרייבן ווערטלעך דאָס וואָס כ׳האָב ערשט געהערט פון אייך.

— אויב אַזוי, לאָמיר אַרויספירן אונדזערע קינדער קיין אויסלאַנד, — האָב איך אַ זאָג געטאָן האַסטיק — און אַזויאַרום זיי ראַטעווען פון אומקום!

ביז איצט האָט צווישן מיר און דעם קאָמיטעט־מיטגליד, דונקל, געהערשט אַ גייסט פון פריינדלעכקייט. דונקל האָט זיך אַ ביסל געערגערט, אַ ביסל געעצהט און אַ ביסל אפילו מיטגעפילט מיר פּערזענלעך. אָבער ווי נאָר ער האָט דערהערט מיינע לעצטע ווערטער, האָט ער זיך צעיושעט ווי אַ ביק:

— ווער דאַרף פאָרן קיין אויסלאַנד? — האָט ער זיך צעשריגן אויף

אַ קול — וואָס פּאַר אַ נאַרישע וויצן דערציילט איר מיר דאָ, חברטע? ווער האָט עס דאָס רעכט צו אַנטלויפן פון דעם דעמאָקראַטישן פּוילן? ווען איז נאָך אַזוי גוט, ווי די קינדער אין פּוילן? וואָס פעלט זיי, וואָס? — האָט ער געשריגן ווי אַ מטורף — וואָס, זיי האָבן נישט וואָס צו עסן? זיי האָבן נישט קיין השגחה? ס׳פעלט זיי הלבשה? מיר געבן זיי דען נישט אַלץ וואָס זיי דאַרפן האָבן? ווו ערגעץ אויף דער וועלט קאָן קינדער זיין בעסער איידער ביי אונדז? איך זאָל נאָכאַמאָל אַזעלכע רייד פון אייך נישט הערן.

אַלע אָדערן אויפן האַלדז זענען אים אויפגעשוואָלן געוואָרן פון צאָרן און פאַרדראָס. און איך בין געזעסן און געשוויגן, ווייל כ׳האָב געפילט, אַז איך האָב זיך אַליין פאַרשאָטן...

אייגנטלעך בין איך דאָך נישט געקומען צו דונקלען מיטן דאָזיקן פּלאַן. ער איז אַרויסגעדרונגען ווי אַ לאָגישער פּועל־יוצא דערפון וואָס דונקל אַליין האָט מיר געזאָגט. מיט איין וואָרט — דונקל אַליין האָט מיר אים אונטער־געררוקט, און זיין שאַרפע רעאַקציע האָט מיך איבערצייגט און באַפעסטיקט מיין זיכערקייט, אַז נאָר דאָס פאַרלאָזן פּוילן קאָן ברענגען פאַר אַלע מיינע קינדער די אמתע לייזונג. איבעריקנס, דאָס איז נישט געווען בלויז קיין אויספיר פון אַ לאָגיש־אַבסטראַקטן געדאַנק. דאָס איז אויך געווען אַן אויספיר פון דעם אַלגעמיינעם גייסט, וואָס האָט צו יענער צייט באַהערשט דעם גאַנצן יידישן כלל. אומעטום האָב איך אַרום מיר געהערט און געזען, אַז יידן אַנטלויפן פון פּוילן. אַלע האָבן גערעדט וועגן אַנטלויפן, וועגן אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד. סיבות דערצו זענען געווען אַ סך. אַלע האָבן געפילט און געוווּסט, אַז דאָ, אין פּוילן, וועט זיך אַראָפּלאָזן דער אייזערנער פאָרהאַנג, וועלכער וועט פאַנאַנדערטיילן מענטשן פון מענטשן. אַז שפּעטער וועט נישט זיין קיין קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער מערבדיקער וועלט. אַז מ׳וועט זיין אָפּגעשלאָסן, אפשר אויפן גאַנצן לעבן. און קיינער האָט זיך אַזעלכעס נישט געוווּנטשן. יעדער האָט געוואָלט אַנטלויפן, כל־זמן דער פאָרהאַנג האָט זיך נאָכנישט אַראָפּגעלאָזן אינגאַנצן.

נאָר נאָך שטאַרקער פון דער פּאָליטישער איז געווען די פּסיכאָלאָגישע סיבה. די אַנטוישונג נאָך דער מלחמה איז געווען זייער אַ גרויסע און אַן אַלגעמיינע. ס׳האָט זי דורכגעמאַכט יעדער איינער אין לאַנד, אָבער גאָר ווייטיקלעך איז געווען די אַנטוישונג פון די יידן. די גאַנצע צייט פון דער מלחמה האָט מען געטרוימט וועגן פרייהייט, וועגן גלייכע רעכט צום לעבן. און וואָס פאַר אַ פּנים האָט זי געהאַט, אָט די אויסגעבענקטע פרייהייט?

דערווײַל האָבן זיך איבער איר געטראָגן נישט מער ווי כוואַליעס שוים, וועלכע האָבן אַרויפגעבראַכט שמוציקע וואַסער פון ערגסטן מין! קיינער האָט אָט דעם ריח נישט געקאָנט פאַרטראָגן!

און ווי תמיד אין דער געשיכטע, זענען די קרבנות פון דער אַלגעמײַנער אַנטוישונג געוועזן די יידן. „די יידן זענען שולדיק אין אַלץ!" — די דאָזיקע לאָזונג האָבן אַלע פאַרשטאַנען... דער פאַקט, אַז פון די יידן איז פאַרבליבן ווייניקער ווי איין פּראָצענט נאָך היטלערס מאַסן־שחיטה — האָט קיין שום באַדײַטונג נישט געהאַט. „כּל־זמן ס'איז דאָ איין ייד אין פּוילן — קאָן דאָ נישט זײַן גוט!" — די דאָזיקע לאָזונג האָט באַלויכטן דעם וועג פון די נאַציאָנאַליס־טישע, קעמפנדיקע באַנדעס אין פּוילן. זיי זענען געווען דער אויספּיר־אָרגאַן, וועלכער פאַרווירקלעכט דעם אורטייל אויף די יידן, וואָס ס'האָט אַרויסגעגעבן דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק. אויסער יחידים, אויסנאַמען — האָט דאָס גאַנצע פּוילישע פאָלק געקוקט מיט אַ בייז אויג אויף יעדן ייד וואָס איז ביים לעבן געבליבן.

אויך אין דעם געמיט פון די יידן אַליין איז פאַרגעקומען אַ זייער קאָמפּליצירטער גייסטיקער פּראָצעס, וועלכער האָט אין זײַן סך־הכּל געקאָנט דערפירן בלויז צו איינס, — אַנטלויפן! ווייל נישט נאָר די שנאה־בליקן פון די פּאָליאַקן און די קוילן פון די באַנדעס האָבן געטריבן די יידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די קרעמאַטאָריעס. ס'האָבן זיי געטריבן די גרויל־וויזיעס, וואָס זייער כּוח איז נאָך שטאַרקער געווען. ס'האָבן זיי געטריבן די גאַסן פון די שטעט און שטעטלעך, ווו ס'האָבן געטראָטן זייערע מאַמעס און קינדער, און הײַנט בלאָזן אין זיי ווינטן פון אימה, חורבן און שנאה... דער באָדן, אויף וועלכן זיי האָבן געטראָטן, האָט געבריט זייערע פּיסזוילן. יעדע פּיר איילן פון דער דאָזיקער ערד איז געווען פאַר זיי ווי אַ קבר, יעדע גרודקע ערד — אַש פון די קערפּערס פון זייערע לייבלעכע. קיין שום הבטחות און אידעאַלן פון דער נייער רעגירונג זענען נישט אימ־שטאַנד געווען צו פאַרווישן די דאָזיקע קאָשמאַרע וויזיעס פון זייער נשמה. אדרבה, יעדער איבעריקער טאָג לעבן אין פּוילן האָט נאָך פאַרשטאַרקט די דאָזיקע גרוילן. דערפאַר איז פון פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט נישט געווען פאַר זיי קיין אַנדערער אויסוועג, ווי נאָר אַנטלויפן פון די דאָזיקע מקומות, ווו ס'זענען יידן פון דער גאַרער וועלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש... פון גאַנצן יידישן לעבן אין פּוילן איז פאַרבליבן נישט מער ווי אַש.

דערפאַר האָבן די יידן געמוזט אַנטלויפן פון פּוילן.

זיי האָבן איבערגעלאָזט זייערע הייזער, זייערע, אין דער ערד באַגראָבענע פאַרמעגנס, זייערע זאַכן, זייערע ערד־פאַרצעלעס — און זיך געלאָזן מיט די רוקזעק אויף די פלייצעס צו די גרינע גרענעצן, הגם דאָרט, צווישן די בערג, האָבן געלאָקערט אויף זיי די באַנדעס. אויך דאָס איז נישט געווען בכוח צו פאַרהאַלטן דעם כוואַליעדיקן שטראָם פון די אַנטלויפנדיקע.

די קינדער און איך האָבן זיך היינט געפונען אויף אַ זייטן־וועג פון דעם יידישן לעבן. פאַרטאָן אין דעם קאַמף פאַרן לעבן און אין די זאָרגן פאַר דער עקזיסטענץ פון די קינדער, האָב איך אַרויסגעלאָזן פון אויג דאָס אַלגעמיינע בילד פון כלל. אָבער די לעצטע געשעענישן אין זאַקאָפּאַנע האָבן מיר צוריקגעגעבן דאָס באַוווסטזיין, אַז דער גורל פון די קינדער איז געבונדן מיטן גורל פון אַלע יידן אין פוילן, און מיר קאָנען זיך נישט פון אים איזאָלירן.

ווער ס׳האָט נאָר געקאָנט, איז אַנטלאָפן פון פוילן. יעדער האָט זיך באַמיט צו ראַטעווען זיין אייגענעם קאָפּ. און נאָר די קעפּלעך פון די אומבאַהאָלפענע קינדער — זענען באַשטימט געוואָרן נאָך אַ מאָל צעשלאָגן צו ווערן. אויפן חשבון פון די דאָזיקע קליינע קעפּלעך האָט די פוילישע מאַכט געוואָלט קעמפן קעגן דער אָפּאָזיציע.

פּאַמעלעך, פּאַמעלעך האָבן זיך אויסגעפּילט די בלויזן אין מיין דענקען. די לאַגע איז מיר געוואָרן קלאָר. און ס׳איז מיר אויך קלאָר געוואָרן, אַז איך קאָן שוין מער נישט שטיין מן־הצד פון דעם אַלץ וואָס קומט פאָר, נאָר מוז פאַרנעמען אַ קלאָרע שטעלונג, אין נאָמען פון די אַלע יתומים, וואָס זענען געוואָרן אַ טייל פון מיין לעבן.

## באַגינען אויף די חורבות פון וואַרשע

ווען כ׳בין אַרויסגעגאַנגען פון דונקלען און געבלאָנדזשעט איבער דעם צעשטערטן וואַרשע, אָפּצוקילן מיינע הייסע געדאַנקען מיט אַ קאַלט ווינטל, איז אין מיר אויפגעקומען אַן אויסטערלישער פאַרלאַנג צו אַנטלויפן אויף אַ ווייל פון דער ווירקלעכקייט, פון אַלע שווערע פּראָבלעמען, פון דעם מוז אָנצונעמען אַנטשיידנדיקע באַשלוסן, פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט־לאַסט, און אָפּרוען אַ ביסל. כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז מיט אַ שטיקל צייט

צוריק האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פֿון אירענען, װעלכע איז אַריבער־געפֿאָרן פֿון אַלכוועק קײן װאַרשע און האָט מיר אָנגעגעבן איר נײַעם אַדרעס. ס׳האָט זיך מיר פֿאַרגלוסט זי זען נאָכאַמאָל און װידער צודריקן צום האַרצן די זוניקע גאַגאַ, צו גלעטן די העלע קרויזן פֿון דער פּרעכטיקער, קאַפּריזנער קרישע. כ׳װעל פֿאָרן צו זײ, האָב איך געטראַכט, און זײ זען נאָך דאָס אײנע מאָל! כ׳האָב דאָך אַזוי פֿיל פֿון מײַן לעבן בײַ זײ געלאָזן... און אײנגיכן װעט דאָך צװישן אונדז שטײן אַן אײַזערנע װאַנט, און װער װײסט, צי מיר װעלן זיך נאָך אַמאָל זען. סײַװי װעל איך הײַנט נישט באַװײַזן צו קומען אַהײם. די עטלעכע שעה, אָדער אפֿשר די גאַנצע נאַכט, װעל איך פֿאַראַטן מײַנע קינדער...

כ׳האָב זיך געמוזט צװײַלן, דער װינטער־טאָג איז אַ קורצער, מײַן װעג אַ װײַטער. און כ׳האָב אױך נישט געװאָלט קומען צו זײ מיט ליידיקע הענט. אין אײַלעניש האָב איך אײַנגעקױפֿט מתנות פֿאַר אירענען, לודוויקן און די מײדלעך.

די קאָמוניקאַציע איז געװען מיט אַ לאַסט־מאַשין. די רײַזנדע זענען געשטאַנען, און בײַ יעדן קער־און־װענד האָבן מיר זיך צעטרײסלט. אױך איך בין אַלעמאָל אַ פֿאַל געטאָן מיט דער מענטשן־געדיכטעניש, אָבער דאָס אַלץ האָט נישט פֿאַרהאַלטן דעם שטראָם זכרונות, װאָס האָבן זיך געװעקט אין מיר...

אָט בין איך אין אַלכוועק... ס׳נעמט מיך אַרום דער צויבער־פֿרימאָרגן, װאָס ציטערט מיט זילבערנעם טױ... איבער מיר איז פֿאַרשפּרײט דער בלאָער הימל... ס׳רױשן די ראָזע זײַד־בענדלעך אין קרישעס העלע קרױזן... גאַגאַ שרײַט: עיאַ! מײַן עיאַ! קרישע טומלט: ריר זיך נישט צו, דאָס זענען דער באָבעס בלומען! די הױכע געשטאַלט פֿון דער גוטבאַזיצערין אין שאָטן פֿון די טונקעלע װילדע טרױבן... און אין דער אײַנטיפֿונג פֿון דער סאַמעטענער קאַנאַפּע — פּאַװעלס ברענענדיקער פּאַפּיראָס...

די מאַשין האָט זיך פֿאַרהאַלטן. װײַטער פֿאָרט זי נישט. פֿון דער הױכער פּלאַטפֿאָרעם שפּרינגען אַראָפּ פּרוּװען מיט זײערע פּעקלעך, נישט אַרױסלאָזנדיק זײ אױף אַ רגע פֿון די הענט. מ׳גנבעט שרעקלעך! אַ דריבנע אַלטיטשקע, אין שװאַרצער קלײדונג, העשעט ספּאַזמאַטיש: „אַ, יעזו! אַ, יעזו! מ׳האָט אַרױסגעגנבעט מײַן זײגער, פֿון בײַטל אַרױסגעשלעפּט! אַ, יעזו!״ בלױז געצײלטע פֿון די רײַזנדע פֿאַרהאַלטן זיך לעבן איר. דאָס איז אַ צו אָפֿטע דערשײַנונג. און סײַװי קאָן איר קײנער נישט העלפֿן. די גנבים זענען אַ סך, און זײ שפּרינגען אַראָפּ פֿון מאַשין אין איר גאַנג.

כ׳נעם מײַן טעקע אין האַנט און לאָז זיך גײן. ס׳איז נאָך אַ שטיק װעג. מ׳זעט נישט קײן אײן גאַנץ הויז. אומעטום בלויז חורבות. איבער די אומבאַװעגלעכע, אין שװײַגן גליװערנדיקע ציגל און בעטאָן־שטיקער, װאַיעט שרעקלעך דער װינט. איך גײ צװישן די חורבות און טראַכט: פֿאַרװאָס איז דאָס לעבן אַזױ אכזריותדיק? פֿאַרװאָס בין איך אַלײן געװאָרן אַזאַן אכזריותדיקע? פֿאַרװאָס פֿרעג איך זיך אינגאַנצן נישט נאָך װאָס ס׳איז געשען מיט דיר, טאַשיע, ליטװישע שליאַכטשאַנקע? װוּ געפֿינסטו זיך און װי לעבט זיך דיר, און װי זעט אױס דײַן לעבן, גוטע, ענערגישע פּילאַשע? פֿאַרװאָס זענט איר אַלע געבליבן מחוץ מײַן לעבן? איר אַלע, װאָס כ׳האָב אײַך ליב געהאַט, און איר זענט געװען אַ טײל פֿון מײַן לעבן? פֿאַרװאָס איז יעדער אָפּשניט פֿונעם מענטשנס לעבן אַן אײנזאַם אינדזל פֿאַר זיך, צו װעלכן מ׳קומט נישט צוריק, און ס׳בלײַבט דערפֿון נישט מער װי אַ װײַסער נעפּל פֿון זכרונות?

ס׳איז נאָך אַלץ אַ שטיק װעג. די טעקע איז אַ שװערע. און אין בײדע זײַטן װעג — אַלץ גרוזן און גרוזן. כ׳װעל זיך אָפּשטעלן אַ ביסל, זיך אָנגעמען מיט כּוח.

ענדלעך קום איך צו צו אַ האַלב צעשטערט הויז. כ׳גײ אַרײַן װוּ ס׳װױנען מענטשן. פֿרעג אויף דער פֿאַמיליע גרושינסקי. מ׳װײַזט מיר אויף פֿינצטערע שטיגן װאָס פֿירן צום בוידעם. כ׳קריך אַרויף מיט מײַן שװערער טעקע. ס׳איז מיר הייס. כ׳צעשפּיליע דעם מאַנטל. ערשט זוך איך די טיר. כ׳זוך זי אָפּ גיכער מיט דער האַנט אידער מיט די אויגן און קלאַפּ אָן.

דורך אַ זעצנדיקער הייסער פּאַרע פֿון געװעש־װאַסער, זע איך אינמיטן דעם קלײנעם צימערל אַ גרויסע באַליע, און איבער איר אַ רויט, שװיצנדיק פּנים פֿון אַ פֿרוי, אײַנגעבויגענע אַקסל, װאָס באַװעגן זיך ריטמיש. די אַקסל און דאָס פּנים הייבן זיך אויף — און ס׳קוקן אַרויף צו מיר אירענעס אויגן.

— לענאַ! דו ביסט דאָ? — טוט זי פֿריידיק אַ געשריי.

— אירענע! אירענע! — בין איך צו איר צוגעלאָפֿן.

— גאַגאַ, דו דערקאָנסט מיך נישט? קרישע!

איך טו אויס דעם מאַנטל און שטײ קעגן דעם קלײנעם פֿענצטער װאָס איז פֿאַרנעפּלט פֿון דער פּאַרע. גאַגאַ און קרישע גײען צו מיר צו באַהיט. גאַגאַ מיט נײַגעריקײט און קרישע שעמעװדיק. איך לאָז זיך אַראָפּ אויף די קני און שטרעק אויס די הענט, טו אַ כאַפּ גאַגאַן, קוש אירע אײַנגעריכטע בעקלעך און דאָס נעזל, לײג צו צו מײַן האַלדז אירע דיקלעכע

העגטלעך. גאַגאַ הײבט אָן אַראָפּנעמען דאָס קרעלן־שנירל פון מײַן האַלדז. זאָל זי, אַבי זי זאָל זיך ווידער צוגעוווינען צו מיר! דערנאָך הײב איך אָן אַרויסנעמען די מתנות, וואָס כ׳האָב זײ געקויפט. די מײדעלעך קוקן אויף מיר פאַרכישופט. קרישע נעמט אַרום איר ליאַלקע און גײט אַוועק מיט איר אין דעם טונקלסטן ווינקל פון צימער. גאַגאַ שלעפּט איר בער פאַר אַן אויער.

— מיר וועלן באַלד עסן אַלע צוזאַמען! — זאָגט אירענע. זי נעמט אַראָפּ די באַליע פון די שטולן און שטעלט זי אַוועק אין אַ ווינקל, ליקווידירט דאָס געוועש און פאַרשפּרייט דעם טיש מיט אַ סערוועט.

— מאַמע, פרײלין לענא וועט איצט בלײַבן בײַ אונדז אויף שטענדיק?

— פרעגט קרישע פון איר ווינקעלע.

— כ׳ווײס נישט, טעכטערל... פרײלין לענא האָט הײַנט אַן אײגן הויז...

„אַן אײגן הויז״, טראַכט איך זיך, וועלכעס איז עס? צי דאָס וואָס אין קראָקע מיט די טעפּעכער און די בילדער? צי דאָס וואָס צווישן די ווײַסע בערג, וואָס איז פול מיט קראַנקע קינדער, וועלכע ווערן געהיט מיט געווער?

מיר האָבן זיך געזעצט צום טיש. גאַגאַ לעבן מיר, קרישע קעגנאיבער מיר, לעבן אירענען. אויפן טיש שטײט אַ טעלער טרוקענע קאַרטאָפל מיט קרויט. דערנאָך קומט קערנער־קאַווע און מײַנע מתנה־פּײַנקיכלעך. איך באַטראַכט די נעבעכדיקע וווינונג און פרעג, צי זי האָט נישט געקאָנט קריגן קײן בעסערע וווינונג פון דער דאָזיקער נאַרע אויפן בוידעם.

— נײן, — ענטפערט אירענע — כ׳האָב נאָך מזל וואָס כ׳האָב באַקומען די דאָזיקע וווינונג. דאָס איז די וווינונג פון ריכטער גרושינסקי מיט זײַן פרוי, וואָס איז על־פּי־נס געבליבן נאָך דער שרפה. מיר צאָלן דאָ גאָרנישט. דו ווײסט אוודאי, אַז מ׳האָט אונדז אַרויסגעטריבן פון אָלכוועק...

— ווי אַזוי איז דאָס געשען, וואָס מ׳האָט דיך אַרויסגעטריבן?

— ס׳איז געקומען אַ נײַער קאָמיסאַר אויפן אָרט פון דעם וואָס דו האָסט געקאָנט.

— און וואָס איז מיט דער שול?

— זי עקזיסטירט נאָך. קאַשע לערנט נאָך אַלץ דאָרט. אָבער איך צווײפל, צי דאָס וועט לאַנג דויערן.

— פאַרוואָס? די פּויערים ווילן נישט שיקן די קינדער אין שול?

— נײן, נישט דאָס. די קינדער קומען גראָד יאָ... דו ווײסט, זײ הערן נישט אויף רעדן וועגן דיר. פרעגן, ווען דו וועסט צוריק קומען... האָבן

אפילו געבעטן דיין אַדרעס, אָנצושרייבן דיר... אָבער כ׳האָב דיך נישט פאַראַטן... — האָט זי אויסגעלאָזט, און אַ שטיפעריש־בייז פּלעמעלע האָט אַ פינקל געטאָן אין אירע אויגן, אָבער איך האָב עס אומעטיק פאַרבייגעלאָזן...

— און וואָס איז מיטן גוט? האָט מען אים אָפּגעגעבן פאַר די באַדער־פּעניקשן פון דער שול?

— ווייס איך וואָס! ס׳איז שוין נישט געווען וואָס אָפּצוגעבן! בלויז די ווענט שטייען נאָך... די פויערים האָבן אַלץ צעטראָגן. האָבן אַרויסגעריסן טירן־פענצטער און אַלע האַלץ־ראַמען, צעלייגט דעם אויוון צוצונעמען די ציגל, און די האָלץ־בנינים צענומען אויף באַהייצונג... אַלע שטעגלעך זענען געוואָרן פאַרוואַקסן, די מאַלינע־ און אגרעס־קוסטעס צעטראָטן, פון די טרוסקאַווקעס קיין זכר נישט, אפילו די בעז־ און יאַסמין־קוסטעס הינטער די פענצטער, האָבן זיי אויסגעשניטן און צעבראָכן... וואָלסט אַלכוווּעק נישט דערקאָנט!

אירענע האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגעדרייט צום קליינעם פאַרטונקלטן פענצטערל פונעם דאַכשטיבל. אירע אַקסל האָבן געציקט פון דערשיטערונג. אירענע איז נישט געווען קיין סענטימענטאַלע און האָט קיינמאָל נישט געוויינט. זי פלעגט נעמען דאָס לעבן לייכט, גוט אויפגעלייגט און דרייסט. ס׳האָט איר היינט געמוזט זיין שוין זייער שלעכט, אויב זי האָט געוויינט. כ׳בין צוגעגאַנגען צו איר און געזאָגט:

— אירענע, האָסט געלעבט אין אַן ערגערער נויט, און זיך געהאַלטן. געדענקסט די כאַטע אַ פולע מיט רויך ביי יענעם פויער אום ווינטער?

— יאָ. אָבער דאָס איז פאַרט געווען אַלכוווּעק. און איצט האָט מען אונדז אַלע אַרויסגעטריבן ווי די הינט. מ׳האָט ביי אונדז צוגענומען, וואָס ס׳איז אונדז געווען צום טייערסטן.

די פינצטערניש האָט אָנגעהויבן פול מאַכן דאָס צימערל. אירענע האָט אָנגעצונדן אַ נאַפט־לאָמפּ. די שיין איז געפאַלן אויף די קעפּלעך פון די מיידעלעך, וואָס האָבן זיך געשפּילט. מיר האָבן זיך געזעצט אין ווינקל.

— אירענע, — האָב איך איר געזאָגט — איך האָב אַ שיינע דירה אין קראָקע. אינגיכן וועל איך אַרויספאָרן פון פוילן. וועל די דירה נישט דאַרפן האָבן... נעם זי פאַר זיך!

— ניין, כ׳וועל עס נישט טאָן. פון דאָרט איז צו ווייט קיין אַלכוווּעק. פונדאַנען גיב איך נאָך אַכטונג דערויף... אויך קאַשע איז דאָרט. איך ווייס, אַז מיר וועלן נאָך אַהין צוריקקומען... און אין קראָקע האָב איך קיינעם נישט און גאָרנישט... דאָ האָט לודוויק האַנדלס־פאַרבינדונגען, אפשר

וועט מען אים געבן סחורה אויף קרעדיט... אפשר וועלן מיר זיך דערשלאָגן צו עפּעס, צו אַ געוועלב, אָדער אַ קיאָסק... און אויב מירן אַרויספאָרן קיין קראָקע, פאַרלירן מיר אַלץ.

— אָבער וויאַזוי וועסטו אַלץ איבערהאַלטן? דעם שמוץ, די ענגשאַפט, דעם הונגער, די שווערע אַרבעט? וועסט נאָך קראַנק ווערן! און וואָס וועלן דעמלט טאָן די קינדער?

— ניין, כ׳וועל נישט קראַנק ווערן. כ׳בין פולשטענדיק געזונט, וועל אַלץ אויסהאַלטן. אַלע אין וואַרשע וווינען אַזוי און לעבן אַזוי...

— און וואָס מאַכן די מאַמע און פאַוועל?

— די מאַמע איז געבליבן אין שעדלעץ ביי פאַוועלען מיט זיין פרוי. זיי האָבן אַ קינד, און די מאַמע כאָוועט עס. מ׳האָט עס דען נישט געקאָנט פאַרויסזען? — האָט זי געזאָגט מיט וויטיק — זישקאַ, פאַוועלס ווייב, איז אַ כאַמישער נפש און ווייסט נישט וואָס הייסט טאַקט. אויף טריט־און־שריט גיט זי דער מאַמען צו פילן, אַז זי איז די באַלעבאָסטע, און נישט די מאַמע. די מאַמע פילט זיך ביי זיי אומגליקלעך.

— און וואָס זאָגט דערויף פאַוועל?

— פאַוועל שטייט, צו מיין באַדויערן, אויף דעם ווייבס זייט... איך באַדויער אים אַזוי. ער האָט זיך אַזוי אָפּגעלאָזן... ער איז וועגן אַ בעסער ווייב... געדענקסט ווי הערלעך ער האָט אויסגעזען יענעם אָוונט?

— יאָ, איך געדענק אַלץ...

— איך מוז שוין לייגן די מיידעלעך שלאָפן. לודוויק איז אָוועק־געפאָרן וועגן מסחר און וועט היינט צוריק נישט קומען.

כ׳האָב איר געהאָלפן אַרומוואַשן די מיידעלעך, און מיר האָבן זיי געלייגט שלאָפן. קרישע איז איינגעשלאָפן מיט דער ליאַלקע אין די הענט, און גאַגאַ האָט איינגעדרימלט מיטן בער צופיסנס. אירענע האָט געוואַשן דאָס געפעס און די פאַדלאָגע. מיר האָבן זיך געזעצט אויפן בעט און געשמועסט אומגעשטערט.

— געדענקסט מישען? — האָט אירענע געפרעגט פאַרחלומט.

— נאַטירלעך! ער האָט געהאַט אַן אויסזען פון אַן אומבאַהאָלפן קינד... איך האָב זיך תמיד געוווּנדערט, וואָס גראַד אים האָסטו אויסגעוויילט... האָסט געהאַט אַזאַ גרויסן אויסוואַל פון שיינע קאַוואַלערן...

— זעסטו, לענע, מישע האָט מיך באמת געליבט... און אויך איך האָב אים ליב געהאַט... און ער האָט צוגעזאָגט אַז נאָך דער מלחמה וועט ער

קומען צוריק צו מיר... ווען ער וואָלט נישט אומגעקומען, וואָלט ער זיך זיכער געיאָוועט! און איך ווייס נישט, צי איך וואָלט נישט צוליב אים פאַרלאָזט סיי דעם מאַן און סיי די מיידעלעך... צי פילסטו זיך אויך אַזוי אומגליקלעך צוליב קאָליעס טויט?

— ניין. כ׳האָב אים קיינמאָל נישט געליבט... און צווישן אונדז איז גאָרנישט נישט פאָרגעקומען. ער איז מיר אַ שאָד געווען, ווי יעדער אַנדער מענטש וואָס איז געפאַלן אין קריג...

— אַזוי... — האָט זיך אירענע צעלאַכט — כ׳דערמאָן זיך אייערע פילאָסאָפישע דיספוטן... איך האָב תמיד געלאַכט דערפון... אָבער דער עיקר, צי האָסטו שוין היינט עמעצן?

— ניין. כ׳האָב נישט און טראַכט נישט וועגן דעם. כ׳מוז איצטער ראַטעווען די קינדער און אַרויספאָרן פונדאַנען.

— וווהין וועסטו אַרויספאָרן?

— כ׳הייב נישט אָן צו וויסן. קיין פרעמדע שפראַכן קאָן איך נישט. קיין סך כוחות האָב איך נישט. איך ווייס נישט וואָס איך וועל טאָן... איך בין דאָך דאָ געבוירן געוואָרן. האָב זיך דורכגענומען מיט דער שפּראַך און קולטור... און ערשט טרייבט מען מיך אַרויס פונדאַנען. כ׳בין אַן איבעריקע... זעסטו, אירענע, דו האָסט צומוייניקסטן אַלכווועק און דעם חלום וועגן דעם, די האָפענונג זיך אומצוקערן אַהין. דאָס איז אייער ערד! אָבער מיר האָבן דאָ גאָרנישט, בלויז ווונדן אויפן קערפּער און דער נשמה... אויך מיר האָבן ערגעץ־ווו אַ לאַנד, ערד, אָבער זי איז וויסט שוין הונדערטער יאָרן, באַדעקט מיט זאַמדן, פעלדזן און זומפּן, און געהער צו פרעמדע... און מיר מוזן פריער די־אַ ערד אויסקויפן, אויסקויפן זי מיט בלוט — און מיר האָבן נאָכנישט דאָס נייטיקע בלוט דערצו, אונדזער גאַנץ בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן אין דער איצטיקער מלחמה...

אירענע האָט געשפּירט מיין אויפרעגונג. זי האָט געזאָגט:

— בעסער לאָמיר אויף דער טעמע נישט רעדן. דענערווירסט זיך בלויז. סיווי ביסטו נישט אימשטאַנד צו לייזן אַליין דאָס פּראָבלעם, אַ פּראָבלעם פון הונדערטער יאָרן...

— צי האָסטו זיך אַנגעשטויסן, אירענע, אַז איך בין אַ יידישקע?

— דעם אמת געזאָגט, נישט... ווען כ׳האָב דערהאַלטן יענעם אַנאָנימען בריוו, האָב איך דיך אַ ביסל חושד געווען...

— צי װײסטו הײנט, װער ס'האָט דיר דעם בריװ געשריבן?

— שטעל זיך פאָר, אַז איך װײס. דאָס איז די דענטיסטין דײנע!

— יענע װאָס האָט מיר שטאָט אײן קראַנקן צאָן אַרױסגעריסן דרײ געזונטע? זי האָט דאָך מיך פריער נישט געקענט?

— ריכטיק. זי איז טאַקע נישט זיכער געװען, אַז דו ביסט אַ ײדישקע. אָבער זי האָט געשריבן „גלאַט אַזױ", אױף יעדן פאַל. זי האָט זיך שפּעטער מודה געװען פאַר לודװיקן, אַז זי האָט עס געטאָן צוליב פרײנדשאַפט צו אונדז...

— און פּאַװעל? האָט ער מיך נישט חושד געװען, אַז איך בין אַ ײדישקע?

— ער האָט עס דערשפּירט מיטן אינסטינקט, און פלעגט זיך שפּאַרן מיט אונדז אַלע... אָבער שפּעטער האָט ער זיך איבערצײגט, אַז ער איז נישט גערעכט, און אפילו געװאָלט חתונה האָבן מיט דיר... נאָר דאָס װײסטו דאָך זיכער אַלײן.

— אירענע, קאָנסט זיך נישט פאָרשטעלן װי שװער מיר איז געװען אײך אַלע אָפּצונאַרן... און דערפאַר האָב איך באמת געװאָלט אַװעקגײן... כ'האָב געװוסט, אַז כ'טאָר נישט אױסזאָגן דעם אמת, נישט נאָר צוליב מײן זיכערקײט, נאָר אױך צוליב אײערער...

מיר האָבן געשמועסט ביז האַלבער נאַכט. דערנאָך האָט אירענע צוזאַמענגעשטעלט אַ פּאָר שטולן און געמאַכט אַ געלעגער פאַר מיר. אָבער איך האָב בשום־אופן נישט געקאָנט אײנשלאָפן. כ'האָב גערעדט די גאַנצע נאַכט — מיט די לײט פון אַלכּװועק... מיטן װאַלדװעכטער װאַלענטי... מיט דער שטאַלצער גוטבאַזיצערין... האָב געשפּירט װי די לופט פון אַלכּװועק רינגלט מיך אַרום.. בין געגאַנגען מיט די שטעגלעך פונעם פּאַרק און הינטער די שטאַלן — און דערזען דעם אַלטן ײדן אַרױסקריכן פון דעם זומפּ, פון דעם גנאָי... האָב געהערט פּאַװעלס שטים װי ער זאָגט מיר: „גײט נישט אַװעק! פאַרלאָזט מיך נישט!... און געהערט װי איך אַלײן ענטפער אים: „איך מוז אַװעקגײן, דאָס קינד װײנט אין צימער".

ערשט װען דאָס בלאַסע באַגינען־ליכט האָט זיך אױפגעהױבן איבער די שװאַרצע גרוזן און געבומען פּױזען איבער זײ װי אַ שלאַנג — האָב איך צוגעמאַכט מײנע מידע װיעס.

לענאַ קיכלער־זילבערמאַן

# די געהיימע דאַמע

ווען כ׳האָב זיך אומגעקערט פון וואַרשע קיין זאַקאָפּאַנע, איז שוין מיין באַשלוס געווען אַן אויסגעצייטיקטער. האָב שוין געוווּסט דעם איינציקן וועג וואָס קאָן ראַטעווען אָט די קינדער. און ווי געפערלעך ס׳איז דער דאָזיקער וועג, און מיט וויפל שוועריקייטן ער איז פאַרבונדן. האָב פאַרשטאַנען וואָס דאָס הייסט אַנטלויפן דורך דער „גרינער גרענעץ״ מיט הונדערט קליינע, קראַנקע קינדער, ווען דאָס איבערגיין פון אַ קליינער גרופּע יונגע און געזונטע לייט איז אַ געפערלעכע אונטערנעמונג... ס׳איז בכלל נישט באַקאַנט געווען ביז היינט, אַז אַזאַ גרויסע גרופּע קינדער ווי מיינע זאָל אַנטלויפן איבער דער גרענעץ! און פאַנאַנדערטיילן די קינדער האָב איך נישט געקאָנט און נישט געוואָלט! ווייל צו יענער צייט זענען מיר שוין געווען אַ פ אַ מ י ל י ע, און דאָס געפיל פון דעם ביסל זיכערקייט, וואָס מיר האָבן נאָך איינגעהיט, האָט אַרויסגעדרונגען בלויז פון אָט דער שותפות־דיקייט. חוצדעם, אויב מ׳זאָל נעמען פאַנאַנדערטיילן די קינדער, איז פאַראַן אַ מורא, מ׳זאָל אונדז נישט הייסן די קליינע און קראַנקע קינדער איבערלאָזן אין פּוילן, און דאָס וואָלט קיינער פון אונדז נישט געטאָן. דאָס וואָלט פאַר אונדז געווען דאָס זעלבע, ווי איבערלאָזן אַ פאַרווונדעטן זעלנער אויפן שלאַכטפעלד, אויפן שונאס באַראַט. דאָס וואָלט געווען פאַראַט!

— אָבער פאָרט — ווי קאָן מען פירן קראַנקע קינדער? און וואָס וועט זיין, אויב אַ קינד וועט צוליב די מאַטערנישן אין וועג ווערן ערנסט קראַנק? וואָס פאַר אַ שוועריקייטן! וואָס פאַר אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט! און ווידער — דאָס געפאַר וואָס דראָט אונדז מצד דעם קאָמיטעט, וואָס איך האָב זיך צוליב אומפאָרזיכטיקייט פאַראַטן פאַר זיין סעקרעטאַר, און מ׳איז מיך דאָרט שוין לאַנג חושד אין ציוניזם! זיי וועלן זיכער שיקן אַהער שפּיאָנען, וועלכע וועלן מיר נאָכשפּירן, איך זאָל נישט קאָנען אַנטלויפן מיט די קינדער... און אוב זיי וועלן מיך „פּאַקן״ — וועל איך שוין אין מיין לעבן די ליכטיקע שיין נישט אָנזען, און די קינדער וועלן שוין אויף אייביק פאַרבלייבן הינטער דער וואַנט...

הייסט עס, מ׳דאַרף אַנטלויפן מיט די הונדערט קינדער אַזוי אַז קיין מענטש זאָל וועגן דעם נישט וויסן... און אויך זיי אַליין נישט! וואָרן קינדער זענען קינדער, און קאָנען זיך מיט אַ וואָרט אַרויסכאַפּן.

און וואָס טוט מען מיט די אָנגעשטעלטע ? קײן שום אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אַריבערשמוגלען קינדער, וועט נישט וועלן נעמען אויף זיך אויך דאָס אַריבערשמוגלען די דערוואַקסענע מיט זיי. העכסטנס וועלן זיי מיטנעמען די לײַטערס און יונגע דערציִער, אָבער נישט קײן פרויען, דערצו נאָך עלטערע און קרענקלעכע (דערוואַקסענע פלעגט מען געוויינלעך „אַריבערוואַרפן" אינדיווידועל און דאָס פאַר אַ גוטן פרײַז).

אָבער דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס כ'האָב נישט געהאַט קײן שום קאָנטאַקטן מיט מענטשן, אָרגאַניזאַציעס, קאָמיטעטן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט אַרויסשמוגלען פון פוילן. דעריבער איז מײַן „דעציזיע" געווען אַ פאַנטאַסטישע, אַ געפערלעכע אַוואַנטורע, מער ווי אַ פּלאַן אַ זאַכלעכער.

פונדעסטוועגן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער מוח און דער דרוק פונעם לעבן איז שטאַרקער פון יעדער שרעק און סכנה. נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן האָב איך גענומען ביסלעכוויַז פאַרווירקלעכן מײַן פּלאַן. קודם־כל האָב איך באַשלאָסן זיך צו פאַרשטענדיקן מיט די מענטשן פון דער פועלי־ציוניסטישער פאַרטיי, וועלכע האָבן שוין אײנמאָל אַריבער־געפירט אונדזערע צוועלף קינדער. ווער ווייסט ? אפשר וועלן זיי אַריבער־פירן אַלע ? אפשר האָבן זיי מעגלעכקייטן אַריבערצופירן אונדז אַלע ווי אײן גאַנצקייט ? איך האָב געוווּסט אַז זייער ציל איז ארץ־ישראל און דאָס האָט מיר געטראָפן צום האַרצן.

*

ס'האָט געזיפט אַ גרויסער סקאָסער רעגן געמישט מיט שניי, ווען כ'האָב זיך געטראָגן מיטן נאַכטצוג קײן לאָדזש, צו די צענטראַלע פון דער פאַרטיי. דורך דעם אויסגעשלאָגענעם פענצטער פון וואַגאָן איז דער שניי אַרײַן אינעווייניק, איך האָב געשפּירט אויף די ליפּן זײַנע נאַסן פלעטלעך. בין געזעסן אַרײַנגעקוועטשט אין אַ ווינקל און נישט אויפגעהערט טראַכטן וועגן די קינדער... וועגן מײַנע קינדער און וועגן אַלע יידישע קינדער אין פוילן... וואָס געבן מיר זיי ? וואָס גיב איך מײַנע קינדער ? בלויז דאָס, וואָס עס גיט די פּשוטסטע אָרעמסטע מאַמע : אַ דאַך איבערן קאָפּ (נישט גאָר קײן זיכערן), ברויט, אַ מעדיצין, און ברעקלעך וויסן... און ווו זענען די עלעמענטן וואָס בילדן אויס די פּערזענלעכקייט פונעם קינד ? און ווו זענען די אַלע ווערטן און אידעאַלן פון דעם רײַף־ווערנדיקן קינד ? ווירקלעך, איך בין אַ זייער אָרעמע־אָרעמע מאַמע ! און אפשר, האָב איך אַ טראַכט

געטאָן, וועט צוליבן קאָנטאַקט מיט דער יוגנט־באַוועגונג באַרייכערט ווערן דאָס לעבן פון מיינע קינדער, וועלן אויסגעפילט ווערן די בלויזן אין וויסן און אָנשויונגען...

ווען איך בין גאָנצפרי אויסגעשטיגן פון צוג אין לאָדזש, האָט נאָך אַלץ געזיפּט דערזעלבער נאַסער און איינגעגעסענער שניי וואָס האָט געמאַכט טריב די לאָדזשער גאַסן, די פאַרבלאָטיקטע. אַ ווינט האָט אָנגעיאָגט עפּעס אַ לאָקערנדיקן פּחד...

כ׳האָב אויפגעזוכט דעם גויטיקן אַדרעס. אַן אַלט רחבותדיק הויז מיט שטאַרק אויסגעריבענע הילצערנע שטיגן. בין אַרויפגעקומען אויפן צווייטן שטאָק און געבעטן אויפגענומען צו ווערן אויף אַ שמועס מיט די פאַרטיי־פירערס. פון נאָענטן צימער, ווו אויף דער פּאָדלאָגע זענען געלעגן שטרוי־שעניקעס, איז צו מיר אַרויסגעקומען אַ יונג מיידל מיט אַ גלאַט פאַרקעמטע פריזור. נישט געווען קיין שפּור, נישט אין דער קליידונג און אויך נישט אין פּנים, פון פרויען־קאָקעטעריע. דאָס פּנים און די באַוועגונגען רויקע, די אויגן דורכדרינגענדיקע, ערנסטע... דאָס דאָזיקע פּנים און די האַלטונג האָבן געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק. כ׳האָב גלייך באַקומען צוטרוי צו דער באַוועגונג, וואָס אין איר שפּיץ שטייט אַזאַ פרוי. (שפּעטער איז מיר באַוווּסט געוואָרן, אַז דאָס איז אַ פּערזענלעכקייט, פון די געטאָ־קעמפּפערינס אין וואַרשע).

כ׳האָב זיך פאַר איר פאָרגעשטעלט: איך בין די לייטערין פון דעם יידישן קאָמיטעטישן קינדערהויז אין זאַקאָפּאַנע. לאה האָט אַראָפּגעשלונגען דעם דאָזיקן לאַנגן טיטל און נישט זייער קלאָר אַ זאָג געטאָן איר נאָמען (דאָרט האָט מען נישט ליב געהאַט קיין טיטלען, ווי לייטערין, און זיך נישט באַנוצט מיט פאַמיליענעמען: זיי פלעגן זיך דוצן און זיך רופן ביי די פערזענלעכע נעמען — וואָס זענען לרוב געווען פּסעוודאָנימען). כ׳האָב איר געזאָגט:

— מיט צוויי חדשים צוריק האָב איך צו אייך געשיקט דורך אַ פאַרבינדלער צוועלף קינדער. וואָס מאַכן זיי, די קינדער? ווען האָט איר זיי אַריבערגעפירט קיין אויסלאַנד?

— מיר האָבן זיי נאָכנישט אַריבערגעפירט... זיי געפינען זיך אין אונדזער קינדערהויז אין ביטאָם, — האָט זי געענטפערט רויק.

— באמת? — האָב איך זיך דענערווירט — איר האָט דאָך אונדז צוגעזאָגט זיי אַריבערצופירן גלייך... דאָס איז געווען אַ באַדינג.

— ס׳איז עפּעס דאָרט קאַליע געוואָרן אויף דער גרענעץ.

— און אויפן הויז אין ביטאָם, האָב איך געהערט, איז געווען אַן איבערפאַל, און אַ מיידעלע איז געהרגעט געוואָרן.

— צום באַדויערן האָט זי בעת דער שיסעריי אומפּאַרזיכטיק אַרויס־געשטעקט דאָס קעפּל פונעם פענצטער... אָבער היינט איז נישטאָ וואָס זיך צו שרעקן... מיר האָבן אייגענע וועכטער... זיי וועלן אַהין נישט קומען... די קינדער גייט נישט שלעכט — האָט זי ווייטער גערעדט — זיי האָבן גוטע דערציער, זיי לערנען... אייערע צוועלף קינדער זענען דאָרט פון די בעסטע...

הגם די לויבווערטער האָבן מיר געשמייכלט, האָב איך נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן מיין אַנטוישונג.

— און איך האָב געטראַכט, אַז מיר וועלן ערשט קאָנען אַריבערפירן דורך אייך אַלע מיינע הונדערט קינדער, צוזאַמען מיט די דערציער...

— מיר קאָנען היינט־צו־טאָג נישט נעמען אויף זיך די דאָזיקע זאַך, — האָט זי געזאָגט — מיר וואָלטן אייך דאַרפן צעטיילן אויף גרופּעס און זיי דורכפילטערן דורך דער גרענעץ... אויסערדעם קומען נישט קיין קליינע קינדער און דערוואַקסענע אין חשבון. נאָר בלויז יוגנט.

איך בין געזעסן אינגאַנצן אַ דערשלאָגענע.

— און ביי מיר זענען דאָס רוב קליינע קינדער, — האָב איך זיך אָנגערופן — און כ׳וועל זיי בשום־אופן נישט איבערלאָזן אויף סכנות, כדי צו אַנטלויפן מיט די געזונטערע און עלטערע.

אין דעם מאָמענט איז אין צימער אַריינגעקומען עפּעס אַ מאַנצפּאַרשוין. לאה האָט זיך געוואָנדן צו אים:

— צי וואָלטן מיר קאָנען מיטנעמען מיטן טראַנספּאָרט אויך קליינע קינדער?

— אין איצטיקן מאָמענט איז עס גאַנץ אויסגעשלאָסן, — האָט ער געענטפערט — אפשר שפּעטער, ווען מיר וועלן אָנבינדן קאָנטאַקטן... טאַקע וועגן דער דאָזיקער פראַגע בין איך צו דיר געקומען, לאה... עמעצער וואַרט אויף דיר אין צווייטן צימער.

— יעדנפאַלס האַלט אייך מיט אונדז דעם קאָנטאַקט, — האָט ער זיך געוואָנדן צו מיר — יעדע רגע קאָן זיך ענדערן די לאַגע.

— גוט, — האָב איך געזאָגט — מיר האָבן דאָך אַ פאַרבינדלער.

— אויב איר וועט פאַרשפּעטיקן צום צוג, — האָט מיר לאה אַ זאָג

געטאָן — קומט גלייך צוריק, און איר וועט דאָ איבערנעכטיקן. אין שטאָט איז אַ סכנה פאַר אַ ייד.

כ׳האָב גענומען מיט די מידע הענט דעם הוט, די טאָרבע — און בין אַוועקגעגאַנגען. אין טויער האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ הויך מיידל מיט אַן איידעלע פיגור, אין אַ בחורישער פריזור. זי האָט שפּאַצירט אַהין און צוריק פאַרן הויז מיט די הענט אין די קעשענעס פון מאַנטל. דאָס איז זייער וואָך, האָב איך געטראַכט, און נישט געקוקט אויף דער אַנטוישונג וואָס איך האָב איבערגעלעבט פריער אַ ווייל — בין איך פול געוואָרן מיט אַכטונג פאַר דער געוואַגטקייט, געמיטס־רויקייט און אינערלעכער דיסציפּלין פון די דאַזיקע מענטשן, וואָס האָבן געפונען זייער כאַראַק־טעריסטישן אויסדרוק אין לאהס פנים און אין די הענט פון דאַזיקן מיידל, וועלכע האַלטן אין די קעשענעס פון מאַנטל געוועזן צו פאַרטיידיקן.

*

ווען איך האָב, קומענדיק צוריק פון לאָדזש, געזאָגט די אָנגעשטעלטע, אַז אונדזערע צוועלף קינדער געפינען זיך נאָך אין ביטאָם (פאַרשטענדלעך, אַז אַלע יידישע אָנגעשטעלטע האָבן געוווּסט מיט וואָס פאַר אַ ציל די קינדער האָבן פאַרלאָזט דאָס הויז) האָט עס אַרויסגערופן אַלגעמיינעם פאַרדרוס און ערגערניש. פרוי בראַניע האָט זיך געערגערט, אַז מסתמא, האָבן זיי נישט וואָס צו עסן. פרוי מענליך האָט געטענהט, אַז ס׳וואָלט געווען זיכערער ווען זיי געפינען זיך ביי אונדז אין הויז, איידער אין קינדערהויז אין ביטאָם. און ה׳ מענליך האָט באַשלאָסן זיי צו באַזוכן אין ביטאָם (הגם ד״י רייזע איז געווען אַ סכנה פאַר יעדן ייד) און ברענגען מיר אַ פינקטלעכן באַריכט וועגן אַלץ.

איידער ה׳ מענליך איז אַרויסגעפאָרן קיין ביטאָם, האָב איך צונויפגע־גערופן אַלע יידישע אָנגעשטעלטע אויף אַ באַראַטונג. כ׳האָב זיי געוואָלט אויספרעגן וועגן זייערע פערזענלעכע פּלענער, און צי באַטראַכטן זיי זיך צו פאַרבונדן מיטן גורל פון די קינדער, אָדער נישט.

כמעט אַלע (אויסער פריילין ראָזע, וועלכע האָט זיך געקליבן אַוועקפאָרן פון אונדז און חתונה האָבן, און אויסער דער לערערין, פרוי פאַלק, וועלכע האָט געוואָרט אויף אירן אַ ברודער פון ראַטנפאַרבאַנד) האָבן אויסגעדריקט זייער ווילן צו פאַרבינדן זייער גורל מיטן גורל פון די קינדער. פרוי שטערן האָט עס אויסגעדריקט, ווי איר שטייגער, זייער קלאָר:

— איך פֿערזענלעך זע מײַן גורל געבונדן מיטן גורל פֿונעם גאַנצן הויז און דער לײטערין. און איך גלײב דורכויס, אַז דאָס וואָס זי וועט באַשליסן, וועט זײַן דאָס סאַמע בעסטע פֿאַר אונדז אַלע. איך דאַרף נישט קײן באַווײַזן דערויף, ווײל דאָס אַלץ וואָס זי האָט געטאָן ביז הײנט, זאָגט דערויף עדות.

אויך מאַמושע האָט גענומען אַ וואָרט:

— איך מײן, אַז פֿרוי שטערן האָט אויסגעדריקט אונדזער אַלעמענס מײנונג. מיר האָבן נישט וואָס צו דיסקוטירן, מירן טאָן אַזוי ווי די לײטערין וועט באַשליסן, און אַלע בלײבן מיט די קינדער. איך בין אַפֿילו זיכער, אַז די לײטערין איז שוין געקומען צו אונדז מיט אַ פֿאַרטיקן פּלאַן.

— דאָס איז ריכטיק נאָר אין אַ געוויסער מאָס, — האָב איך זיך אָנגערופֿן — קײן „גרײטן פּלאַן" האָב איך נישט, אָבער איך האָב אַ באַשלוס. כ'האָב אײך נישט געוואָלט זאָגן מײַן דאָזיקן באַשלוס אין אָנהײב פֿון דער זיצונג, כדי אײך נישט צו באַווירקן. אָבער ערשט, נאָך אײער אויסדריקן מיר צוטרוי, וועל איך אײך זאָגן: כ'בין געקומען צום אויספֿיר, אַז ס'איז נישטאָ קײן שום רעטונג פֿאַר אונדז, ווי נאָר אַנטלויפֿן מיט די קינדער קײן אויסלאַנד.

נאָך דער דאָזיקער דערקלערונג איז געקומען אַ געפּלעפּט שטילשווײַגעניש. מײַן דערקלערונג איז געווען פֿאַר זײ אַ גרויסע איבערראַשונג, נאָך אַ קלײנע פּויזע פֿון באַדענקען זיך, האָבן אַלע אויסגעדריקט זײער אײנשטימונג און גרײטקײט מיטצואַרבעטן מיט מיר און זוכן וועגן און קאָנטאַקטן. פֿאַרשטענדלעך, אַלץ אין פֿולשטענדיקער קאָנספּיראַציע.

*

אין אַ געוויסן טאָג, ווען איך בין געזעסן אין מײַן קאַנצעלאַריע, אַ דערשלאָגענע און מידע פֿון אַ סך זאָרגן און אַרבעט, איז געקומען צו לויפֿן צו מיר פֿרוי צעשיע און האָט מיר מיטגעטײלט מיט אַ צעשמײכלט פּנים, אַז זי האָט מיר צו זאָגן אַ וויכטיקע זאַך.

פֿרוי צעשיע איז געווען אַ יונגע מאַמע, וועלכע האָט געהאַט בײַ אונדז אין הויז צוויי קרענקלעכע קינדער, דעם נײַניעריקן משה און די זיבניעריקע רוטקע, פֿון די ראַבקער קינדער. אײנמאָל איז זי געקומען באַזוכן אירע קינדער און האָט שוין מער נישט געקאָנט אַוועקגײן פֿון אונדזער הויז (זי האָט אויך נישט געהאַט וווּהין צו גײן). זי האָט געבעטן בײַ מיר די שווערסטע

פיזישע אַרבעט אַבי נאָר זי זאָל קאָנען בלייבן ביי אונדז. כ׳האָב זי צוגענומען נאָך אַ סך קווענקלעניש און בלויז אויף אַ פּראָבע, זי האָט דאָך געהאַט ביי אונדז קינדער, און כ׳האָב זיך געשראָקן פאַר קאָמפּליקאַציעס בנוגע די אַנדערע קינדער. אָבער ס׳איז גאָרנישט נישט אַזעלכעס געשען. פאַרקערט, סיי די קינדער, סיי די אָנגעשטעלטע האָבן זי אַזוי ליב באַקומען, אַז ס׳האָט שוין גאָרנישט געקאָנט זיין קיין רייד, זי זאָל פאַרלאָזן דאָס הויז. סיי זי, סיי אַן אַנדערע מאַמע (די מאַמע פון עליען פון ראַבקע), וועלכע איז שפּעטער צוגענומען געוואָרן אַנשטאָט ראָזען, האָבן אַרויסגעוויזן אַזויפיל ליבשאַפט און גרויס פאַרשטענדעניש צו אַלע קינדער, אַז ס׳איז נישט געווען קיין רייד וועגן קנאה צו זייערע קינדער צוליב דער מאַמעשער באַציונג צו זיי.

— פרוי צעשיע האָט זיך איינגעבויגן צו מיר און געזאָגט שטילערהייט:

— ס׳איז געקומען קיין זאַקאָפּאַנע אַ געוויסע דאַמע פון אויסלאַנד, און זי וויל זייער רעדן מיט אייך.

— אַ דאַמע פון אויסלאַנד? ווער איז זי? און פונוואַנען ווייסט זי וועגן מיר?

— דאָס איז אַ גאַנצע מעשה, — האָט פרוי צעשיע געזאָגט — איך האָב באַקומען פון איר אַ ידיעה וועגן מיין מאַן אין שווייצאַריע.

— איר האָט אַ מאַן אין שווייצאַריע? — האָב איך זיך געוווּנדערט.

— יאָ. — איז פרוי צעשיע רויט געוואָרן — מיין מאַן איז געווען אין פּוילן, נאָר ער איז אַנטלאָפן. און פון דעמלט אָן האָב איך נישט געוווּסט, וואָס מיט אים איז געשען. אָבער מיין שוויגער, וועלכע איז דאָ געווען מיט אַ שטיקל צייט פריער, האָט מיר געבראַכט אַ גרוס פון אים...

אין דעם מאָמענט איז אַריינגעקומען פרוי מענליך און, האָט איר הערנדיק די לעצטע ווערטער, אונטערגעכאַפּט:

— יאָ־יאָ, פרוי צעשיע האָט אַ שוויגער אַן אויסערגעוויינלעכע פרוי. אין עלטער פון זיבעציק יאָר פאָרט זי מיט מיליטערישע אויטאָס ביז בערלין וועגן פאַרשידענע געשעפטן און ברענגט דער פרוי צעשיען די שענסטע מתנות...

— אַז איך פאַרלאַנג עס נישט פון איר אינגאַנצן, — האָט זי אָנגעהויבן שטאַמלען — איך בעט תמיד ביי דער שוויגער, זי זאָל זיצן רויק אויף איר אָרט... אָבער זי פאַרמאָגט אַזויפיל ענערגיע, אַז זי קאָן נישט איינזיצן מיט פאַרלייגטע הענט...

— זי איז יונגער פון אונדז אַלע, — האָט צוגעגעבן פרוי מענליך.

אין דעם מאָמענט האָט זיך מיר געשטעלט פאַר די אויגן אַ הויכע געשטאַלט (אפשר צוויי־מעטערדיקע) פון אַן אַלטער פרוי, וועלכע באַמיט זיך דורכצושטופּן דורך אונדזער שמאָלער אײַנגאַנס־טיר איר גרויסן רוקזאק... זי פלעגט קומען פון צײַט־צו־צײַט באַזוכן פרוי צעשיען. כ׳האָב אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז אײַער שוויגער איז שוין אַלט זיבעציק יאָר... זי זעט נישט אויס אויף אַזוי פיל.

— ווען איר זאָלט וויסן, — איז צעשיע אַ ביסל צו זיך געקומען — וויפל גוטס, די דאָזיקע פרוי האָט אויפגעטאָן אין דער מלחמה־צײַט! הגם זי איז אַליין אַ יידישע (מיט אַרישע פּאַפּירן) האָט זי בײַ זיך אויסבאַהאַלטן אַ סך יידן.

— און ערשט האָט זי זיך באַגעגנט אין קאַטאָוויץ מיט יענער דאַמע פון אויסלאַנד, וועלכע זאָגט, אַז זי האָט אַ מעגלעכקייט אונדז אַלע אַרויס־צופירן קיין אויסלאַנד אין פּרעכטיקע שלאָפוואַגאָנען, מיט אמתע פּאַספּאָרטן, און יעדן פון די אָנגעשטעלטע צאָלן דרײַ הונדערט דאָלאַר אַ חודש...

— מיט שלאָפוואַגאָנען קיין אויסלאַנד? און צאָלן דרײַ הונדערט דאָלאַר אַ חודש? — האָב איך אויסגערופן מיט חוזק — דאָס איז דאָך אַ גן־עדן אויף דער וועלט! ווו באַהאַלט זיך אויס די דאָזיקע צויבערנ־דיקע דאַמע?

— די דאָזיקע דאַמע וווינט אין פּענסיאָנאַט „אננא", נישט ווײַט פון אונדז, — האָט געזאָגט פרוי צעשיע — אָבער זי האָט מורא אַרויסצוגיין בײַטאָג אין גאַס... זי וויל זיך זען מיט אײַך אין אָוונט.

— אַ דאַמע, וואָס באַזיצט דעם צויבער צו באַזאָרגן מיט פּעסער הונדערטער מענטשן און געבן שלאָפוואַגאָנען און לוינען — שרעקט זיך אַרויסצוגיין אין גאַס? אַנטשולדיקט מיר, פרויען, ס׳האָט אוודאי עמעצער געטריבן שפּאַס פון אײַך!

פרוי צעשיע האָט מיט אַ פאַרדריסלעכן בליק אַ קוק געטאָן אויף פרוי מענליך און געזאָגט:

— איך ווייס נישט גאָרנישט וועגן קיין דאָלאַרן און שלאָפוואַגאָנען... און ווייס נישט פונוואַנען ס׳האָבן זיך גענומען די ידיעות צו פרוי מענליך...

— אייער שוויגער האָט דאָך בפירוש גערעדט וועגן דעם! — האָט איר פרוי מענליך פירגעהאַלטן.

— אָט, גלאַט גערעדט אין דער וועלט אַריין... — האָט פרוי צעשיע אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — מיין שוויגער האָט בלויז געזאָגט, אַז די דאָזיקע מענטשן האָבן גרויסע פינאַנסיעלע מעגלעכקייטן, און ווען זיי וואָלטן וועלן, וואָלטן זיי אַלץ געקאָנט...

— אָבער וואָס פאַר אַ מענטשן זענען זיי דאָס? — האָב איך געפרעגט.

— דאָס וועט איר זיך דערוויסן פון איר אַליין... איך קאָן אויך נישט די דאָזיקע דאַמע... פריער אַ ביסל האָב איך באַקומען אַ צעטעלע פון פּענסיאָנאַט „אַננאַ", אַז זי ברענגט מיר אַ גרוס פון מיין מאַן און מיין שוויגער און אַז זי וויל זיך זען מיט איך, מיט דער פאַרוואַלטערין פון דעם הויז.

— גוט, — האָב איך איבערגעריסן די דיסקוסיע — מיר וועלן הערן אין אָוונט.

דער אָוונט האָט געבראַכט מיט זיך אַ ווינט, כמאַרעס און נעפּלען פון די ווייטע בערג. די לופט איז געווען געדיכט, פול מיט פייכטקייט. מיינע אומבאַקאַנטע געסט האָבן אויסגענוצט די געדיכטע פינצטערקייט... און האָבן מיך באַזוכט אין אָוונט.

זיי האָבן זיך באמת אַריינגעשלייכט אויף אַ געהיימען אופן. די דאַמע איז געווען אין אַ וואָאַל, אַנגעטאָן אין שוואַרצן, און איר באַגלייטער מיטן הוט איבער די אויגן, וועלכן ער האָט נישט אויסגעטאָן אפילו נאָכן אַריינ־קומען. נאָכדעם ווי די געהיימע דאַמע האָט אויפגעהויבן איר געדיכטן וואָאַל, האָט זיך אַנטפּלעקט אַ יונג און זייער מילד פּנים. איר קאָפּ איז געווען אַרומגענומען מיט אַ באַנד ווי אַ טורבאַן, פון אונטער אים האָט נישט אַרויסגעקוקט קיין האָר־קרויז. אַ מאָדנע זאַך, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, פאַרוואָס באַהאַלט זי אַזוי אויס אירע האָר? און פאַרוואָס נעמט ער נישט אַראָפּ דעם הוט אין צימער? זענען זיי אפשר אָרטאָדאָקסישע מענטשן? האָט אויפגעבליצט אַ מחשבה אין מיין מוח. די פרעמדע דאַמע האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט:

— מיין נאָמען איז שאַפּירא. מיין וווינאָרט איז אין דער שווייץ, נאָר איך געדענק שוין נישט ווען איך בין געווען אינדערהיים... כ'האָב שוין אַ האַלב יאָר מיינע קינדער נישט געזען... כ'פאָר ערשט אַרום איבער אייראָפּע, און וווּ איך געפין זיך, דאָרט איז מיין היים. כ'בין געווען אין

ענגלאַנד, אין בעלגיע, אין פראַנקרײַך, אין שוועדן, אין דײַטשלאַנד און אין עסטרײַך... שוין אַ סך מאָל... און איצט בין איך געקומען קיין פּוילן... אָבער דאָ איז אַ ביסל ווייניקער אָנגענעם... בררר, שרעקלעך! מ׳קאָן פּשוט אין גאַס נישט אַרויסגיין. נאָכדעם ווי מירן דערליידיקן דעם ענין מיט דער דאַמע, — האָט זי געזאָגט צו איר באַגלייטער — וואָלט איך נישט וועלן דאָ נעכטיקן, נאָר גלייך צוריקפאָרן קיין קאַטאָוויץ. דאָ איז אַ שרעקלעך אָרט! דאָרט איז לכל הפחות דאָ ליכט... אַ שטאָט!

— ס׳איז נישט גוט צו פאָרן בײַנאַכט, — האָט געזאָגט דער מאַנצפאַרשוין — מאָרגן גאַנץ פרי וועלן מיר נעמען אַ טעקסי און פאָרן.

— כ׳בין געקומען קיין זאַקאָפּאַנע נאָר צוליב איך, — האָט זי זיך דערנענטערט צום ציל, די אַ ביסל באַרעדעוודיקע, אָבער זייער ליבלעכע מאַדאַם שאַפּיראָ — כ׳האָב געהערט, אַז איר ווילט אַרויספאָרן צוזאַמען מיט די קינדער קיין אויסלאַנד.

— איך וויל האָפן, אַז דאָס איז נאָך אַ סוד־זאַך, וואָרן אויב נישט, וועלן מיר שוין בכלל נישט קאָנען אַרויספאָרן.

— פאַרשטענדלעך! — האָט פאַרזיכערט מאַדאַם שאַפּיראָ — מיר זענען אומעטום טעטיק אין פולשטענדיקער קאָנספּיראַציע.

— זעט איר, — האָב איך אָנגעהויבן קווענקלענדיק — בײַ אונדז איז דאָס אַרויספאָרן אַ שווער פּראָבלעם. מיר האָבן דאָ צומיינסטנס קינדער קליינע און קראַנקע... און אַזעלכע, וואָס האָבן נישט קיינעם אויף דער וועלט, קיילעכיקע יתומים... איך קאָן דאָ נישט איבערלאָזן קיין איין קינד... מיט אַזעלכע קינדער קאָנען מיר נישט אַריבערשוואַרצן די גרענעץ צופוס דורך די בערג, זיי זענען אויך נישט אימשטאַנד זיך צו מאַטערן און ליידן הונגער. אַזעלכע קינדער מוזן האָבן באַקוועמע רייזע־באַדינגונגען, ווייל אויב נישט, וועלן זיך בײַ אַ סך פון זיי עפענען די פאַרצויגענע געשווירן... און איך בין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייער לעבן און געזונט.

— מאַדאַם רעליטש, — האָט מיר מאַדאַם שאַפּיראָ איבערגעריסן מיט גערירטקייט — דאָס איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדלעך, וואָס איר זאָגט. אַזעלכע קינדער פאַרדינען זיך אויף אַלץ! מירן טאָן פאַר זיי אַלץ, וואָס נאָר מיר זענען אימשטאַנד. מיר וועלן זיי געבן די באַקוועמסטע באַדינגונגען, וועלכע קאָנען נאָר זײַן. די דאָזיקע קינדער זענען אַ לעצטער איבערבלייב, אַלץ וואָס איז אונדז פאַרבליבן פון די מיליאָנען יידן אין פּוילן!

אין אירע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן. זי האָט אַרויסגענומען אַן עלעגאַנט נאָזטיכל און שנעל אָפּגעווישט די אויגן, און ממשיך געווען:

— איך קאָן זיך באַמיען וועגן פֿאַספּאָרטן פֿאַר די קינדער און פֿאַר אײַך... ביז דער גרענעץ וועט איר פֿאָרן מיטן צוג, אָדער כ'וועל אײַך שיקן עטלעכע באַקוועמע אויטאָס. און ווען איר וועט שוין האָבן אַריבער די גרענעץ — וועל איך זיך באַמיען איר זאָלט האָבן די באַקוועמסטע אויטאָבוסן, וועלכע זענען נאָר פֿאַראַנען. ערשט דאַרפֿט איר נאָר באַשליסן — וווהין איר ווילט אַרויספֿאָרן מיט די קינדער. ביים היינטיקן טאָג זענען פֿאַראַן צוויי וועגן: שוועדן, אָדער פֿראַנקרייך... שוועדן איז אַ הערלעך און זויבער לאַנד. אָבער איך האָב גערנער פֿראַנקרייך. די פֿראַנצויזן טאַקע, וואָס אַן אמת, פֿוילן זיך אונטער אַ ביסל, האָבן נישט ליב צו אַרבעטן, אָבער סאַראַ העפֿלעכע און ליבלעכע זיי זענען!

ווי לייכט ס'איז דער דאָזיקער פֿרוי צו רעדן וועגן פֿעלקער און לענדער, האָב איך געטראַכט. מיטוואָס פֿאַר אַ פֿרייקייט און לייכטקייט זי פֿאָרט עס איבער דער וועלט, בעת ביי אונדז איז אַ פּראָבלעם אַרויסצופֿאָרן פֿון שטאָט און צוריקצוקומען בשלום... צי איז דאָס אַלץ וואָס זי זאָגט אַ רעאַלע זאַך, צי ס'איז נישט־געשטויגן־נישט־געפֿלויגן? כ'האָב באַשלאָסן זיין פֿאָרזיכטיק. האָב איר אַ פֿרעג געטאָן:

— ווער האָט אײַך געזאָגט, אַז מיר ווילן אַרויספֿאָרן פֿונדאַנען?

— מאַדאַם לערנער (פֿרוי צעשיעס שוויגער), אין קאַטאָוויץ. כ'האָב איר געבראַכט אַ גרוס פֿון איר זון אין דער שווייץ.

— ווי איז דאָס מעגלעך, ער זאָל זיין אין דער שווייץ, און זיין פֿרוי געפֿינט זיך ביי אונדז מיט צוויי קינדער און האָט גאָרנישט נישט געוווסט וועגן דעם?

— ער איז אַנטלאָפֿן פֿון פּוילן, און מ'האָט אים אַרעסטירט אויף דער גרענעץ... אָבער איך האָב אים געהאָלפֿן אַרויס אויף דער פֿריי...

— אין וועמענס נאָמען זענט איר טעטיק?

— אין נאָמען פֿון אַ רעטונגס־קאָמיטעט אין דער שווייץ.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קאָמיטעט?

— ער איז געשאַפֿן געוואָרן אין ארץ־ישראל, און ס'באַטייליקן זיך אין אים פֿאָרשטייער פֿון דער יידישער אַגענץ אין ארץ־ישראל, די וויכטיקסטע רבנים און יידישע פּערזענלעכקייטן אויף דער גאַנצער וועלט. דער ציל פֿון דאָזיקן קאָמיטעט איז צו העלפֿן די איבערגעבליבענע רעשטלעך נאָך דער מלחמה און זיי ראַטעווען פֿון אונטערגאַנג... אַרויסנעמען זיי פֿון

די באַדראָטע ראַיאָנען, ווי פּוילן, אונגאַרן, רומעניע, סלאָוואַקיי, און זיי מעגלעך מאַכן דאָס ארויספאָרן קיין אויסלאַנד...

— צי האָט איר שוין וועמען געהאָלפן?

— מיר האָבן שוין געהאָלפן טויזנטער יידן און קינדער פון די לענדער וואָס איך האָב אויסגערעכנט... מיר גרייטן צו פאַר זיי פּאַספּאָרטן און דעקן זייערע רייזע־הוצאות. דערנאָך געבן מיר זיי אַ שוצאָרט אין אויסלאַנד און האַלטן זיי אויס.

— צי איז מיר דערלויבט צו וויסן אין נאָמען פון וועלכער פּאַרטיי איז טעטיק דער דאָזיקער קאָמיטעט?

— מיר ראַטעווען יידן פון אַלע פּאַרטייען... פאַר אונדז איז די פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט נישט וויכטיק. מיר מאַכן אויך נישט קיין אידעאָלאָגישן אָדער רעליגיעזן דרוק אויף די יידן וואָס מיר האָבן געראַטעוועט, הגם מיר זענען טעטיק דער עיקר מיט דער הילף פון די רעליגיעזע פּאַרטייען.

— איך בין דער סעקרעטאַר פון „מזרחי״, — האָט געזאָגט מאַדאַם שאַפּיראָס באַגלייטער — מיר אַרבעטן אויך מיט דער „אגודה״, אָבער מיר צווינגען קיינעם נישט צו רעליגיע.

— איך פרעג אויס אַזוי גענוי, — האָב איך זיך געווענדט צו מאַדאַם שאַפּיראָ — ווייל מיינע קינדער האָבן ביז היינט געהאַט פולשטענדיקע פרייהייט בנוגע רעליגיע און אַנדערע זאַכן. און איך וואָלט נישט אײַנגעגאַנגען דערויף מ׳זאָל זיי גלייך אַריינקוועטשן אין אַ רעליגיעזער ראַם. איך שטרעב נאָך דערצו, זיי זאָלן זיין זיכער, געזונט און גליקלעך. כ׳וויל זיי געבן בילדונג, העברעישע און אַלגעמיינע, און ביסלעכוויז דערנענטערן צו דער יידישער טראַדיציע. ווען זיי וועלן אויפוואַקסן, וועלן זיי אַליין זיך אויסוויילן דעם וועג מיט וועלכן צו גיין. איך נעגיר נישט די רעליגיע, נעגיר אָבער דאָס צווינגען קינדער זיך צו פירן לויט דער רעליגיע, גלייך ווי איך נעגיר פּאָליטישן צוואַנג.

— גוט, מיר נעמען אָן די דאָזיקע באַדינגונגען, — האָט געענטפערט קורץ מאַדאַם שאַפּיראָ — און ערשט בעט איך באַשליסן, אין וועלכן לאַנד איר ווילט אַרויספאָרן, ווייל איך דאַרף דערליידיקן די אנטשפּרעכנדיקע וויזעס.

— אין וועלכן לאַנד? צי קאָן מען זיך עס אַזוי לייכט דעצידירן? איר זאָגט, אַז אַלע לענדער זענען אַזוי שיין... צי מיינט איר, אַז פּוילן איז נישט קיין שיין לאַנד? און פונדעסטוועגן — וואָס האָט מען דאָ פון אונדז געמאַכט?

איך וויל חלילה נישט רעדן קיין שלעכטס אויף די שוועדן, אָדער די פראַנצויזן... זיי זענען זיכער פון די איידלסטע פעלקער... שוין דער פאַקט אַליין, וואָס זיי זענען גרייט צו געבן אונדז אַן אַנטרינונגס־אָרט — זאָגט דערויף עדות... אָבער צי וועלן מיר נישט אויך דאָרט זײַן פרעמד? צי איז נאָכנישט געקומען די צײַט, מיר זאָלן אויפהערן צו געניסן פון די חסדים און דעם רחמנות פון פרעמדע? איך וואָלט וועלן, אַז די דאָזיקע קינדער זאָלן וווינען אויף זייער אייגענער ערד — אפשר נישט אַזאַ גוטע און פרוכטבאַרע — אָבער אַן אייגענע... זיי זאָלן נישט זײַן קיינעם צו לאַסט...

מײַנע געסט זענען געזעסן צעטומלט פון דעם דאָזיקן ווערטער־אויסברוך.

— איר מיינט ארץ־ישראל? — האָט געפרעגט דער מאַנצפאַרשוין — אַהין קאָן מען לעת־עתה נישט פאָרן. די ענגלענדער געבן נישט קיין סערטיפיקאַטן.

מאַדאַם שאַפּיראָ האָט אים איבערגעריסן:

— מיר זענען נישט קיין קעגנער פון פאָרן קיין ארץ־ישראל, — האָט זי געזאָגט אייליק — מיר ווילן קודם־כל העלפן אַרויסגיין פונדאַנען, פון דער סכנה... פון פראַנקרײַך, אָדער פון שוועדן וועט איך זײַן אַ סך לײַכטער זיך צו דערשלאָגן קיין ארץ־ישראל. אָבער פונדאַנען מוז מען וואָס גיכער אַנטלויפן!

— זייער ריכטיק, — האָב איך איר געזאָגט, — דאָ קאָן מען אונדז אַלע אויסמאָרדן.

מאַדאַם שאַפּיראָ האָט אַ שוידער געטאָן.

— כ'האָב עס אייך געזאָגט, — האָט זיך אָנגערופן דער מזרחיסט — און איר האָט עס געהאַלטן פאַר אַ גוזמא.

— איך פאָר אַרויס פון פוילן שוין מאָרגן, — האָט מאַדאַם שאַפּיראָ זיך געאײַלט צו ענדיקן דעם שמועס — ה' בייטל וועט מיך דאָ פאַרטרעטן אין אַלע ענינים. איר וועט קאָנען זיך מיט אים פאַרשטענדיקן. און וואָס שייך דעם אויסוואַל — איך פערזענלעך ראָט צו פאָרן קיין פראַנקרײַך...

— גוט. כ'וועל עס באַהאַנדלען מיט דעם פּערסאָנאַל, און אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך געבן הער בייטל אַ תשובה.

— צי האָט איר בדעה מיטצונעמען מיט זיך אויך דעם פּערסאָנאַל?

— האָט ה' בייטל געפרעגט ווי אַנטוישט.

— פאַרשטענדלעך! — האָב איך געענטפערט — זיי האָבן אַוועקגעגעבן זייערע כוחות און זייער ליבע צו די דאָזיקע קינדער. ווי קאָן איך זיי איבערלאָזן?

— מיר נעמען נישט די אָנגעשטעלטע מיט די קינדער, — האָט ער געזאָגט — מיר קאָנען נעמען אײַך, װי די לײַטערין פֿון די קינדער. אַזױ האָבן מיר געטאָן אױך אין אַנדערע פֿאַלן. און אױב מ׳װעט דאַרפֿן אָנגעשטעלטע, װעלן מיר אײַך געבן אונדזערע מענטשן.

— אױב אַזױ, װעט איר מוזן רעזיגנירן אױך פֿון די קינדער און פֿון מיר, — האָב איך געזאָגט — און דער גאַנצער פּלאַן פֿאַלט אָפּ. מיר זענען אײן משפּחה, און מיר קאָנען אַרױספֿאָרן פֿונדאַנען נאָר װי אײן גאַנצקײט.

— דאָס איז באמת נישט װיכטיק, — האָט זיך מאַדאַם שאַפּיראָ געװאָנדן מיט בפֿירושער אומצופֿרידנקײט צו ה׳ בײטל — עטלעכע פּאַס־פֿאָרטן װײניקער, אָדער עטלעכע מער... אױב פֿאַר מאַדאַם רעליטש איז די זאַך אַזױ װיכטיק, קאָנען מיר דאָס מאָל מאַכן אַן אױסנאַם. איך פֿאַרזיכער אײַך, — האָט זי זיך אױסגעדרײט צו מיר — אַז כ׳װעל זיך באַמיען צו באַקומען פּאַספּאָרטן פֿאַר אײַך אַלע אָן אױסנאַם, סײ פֿאַר די קינדער, סײ פֿאַר די דערװאַקסענע. איר װעט געבן ה׳ בײטל אַ גענױע רשימה פֿון די נעמען מיט פֿאָטאָגראַפֿיעס. איך בעט, זײַט דאָס צו פֿאַרגעדענקען, ה׳ בײטל.

— גוט, — האָט ער געענטפֿערט. אָט איז מײַן אַדרעס אין לאָדזש, — האָט ער מיר דערלאַנגט אַן אַדרעס־קאַרטעלע.

— אפֿשר בלײַבט איר בײַ אונדז און װעט עסן עפּעס װאַרעמס? — האָב איך פֿאַרגעלײגט, זעענדיק, אַז זײ גרײטן זיך שױן אַװעקצוגײן.

— נײן, אַ דאַנק, — האָט זי געענטפֿערט — מיר האָבן נאָך בײַ זיך אין צימער בעלגישן כשרן װורשט, װעלן מיר עסן... און מאָרגן אינדערפֿרי פֿאָרן מיר אַרױס, ס׳איז גלײַכער נישט אַרױסצופֿאָרן גלײַך פֿון „װאַלד־װױנונג״...

זי האָט זיך פּעדאַנטיש װאַלירט. ה׳ בײטל האָט טיפֿער אַראָפּגערוקט דעם הוט און בײדע זענען אַװעקגעגאַנגען.

## קוליג*

מיר האָבן באַשלאָסן אַרױסצופֿאָרן קײן פֿראַנקרײַך און גענומען פּאַמעלעך זיך צוגרײטן, סיסטעמאַטיש און אין פֿולער קאָנספּיראַציע. די נאַטור אַלײן האָט אונדז דערין צוגעהאָלפֿן. נאָך נעפּלדיקע כמאַרע־טעג, נאָך שנײען און

* אַ װינטער־שפּאַציר אױף שליטלעך, אין אַ גרױסער חברותא.

ווינטן, זענען געקומען טעג פון שטילקייט, שטאַרקן פראָסט, ווייסער לויטערקייט... זוניקע טעג וואָס צעשיינען דעם שניי. אַ זויבערקייט האָט זיך אויסגעשפרייט איבער באַרג און טאָל. די נאַרטן־גליטשערס אין זייער גן־עדן פון שניי און זון, זענען זיך אָנגעפאָרן קיין זאַקאָפּאַנע אין לאַנגע שורות, צו די ווייסע, אומבארירטע בערג־לאַנקעס.

אין דעם קלינגען פון די שליטל־גלעקלעך, אין דעם געסווישטש פון די שניי־נאַרטן און, אין זכות פון מטבעות־געקלאַנג פון די קליענטן... האָבן די געשפּאַנטקייט, די אַנטיסעמיטישע אויסברוכן, אַ ביסל נאָכגעלאָזן.

ביסלעכווייז זענען מיר אַרויסגעגאַנגען פון אונדזער פאַרשפאַרטקייט. קודם־כל האָבן מיר אַרויסגענומען דאָס פּיצלוואַרג און די ראַבקער קינדער פון זייערע צימערן און אַריבערגעטראָגן אויף די רחבותדיקע, אָפענע ווערענדעס; דאָ זענען זיי געלעגן איינגעדעקט מיט פוטערס און וואַרעמע דעקעס (מתנות פון דזשוינט) און האָבן זיך געברענט אויף דער וווּנדערלעכער באַרג־זון פון חודש יאַנואַר. מיר האָבן אויך אַרויסגעטראָגן די בעטלעך פון די קראַנקע קינדער. דאָס איזאָלאַציע־צימער האָט זיך אויסגעליידיקט. ערנאַ און עליע האָבן זיך פאַרבעסערט אין געזונט. די ראַבקער קינדער האָבן אויפגעהערט הוסטן. מאיר, אַן אויסגעשעפּטער נאָך דער שווערער לונגען־אנטצינדונג, אַן אויסגעמאָגערטער — האָט אָגעהויבן צונעמען לייב און באַקומען אַ בעסערע שטימונג... ער האָט באַקומען אַ מתנה אַ פּאָר זון־ברילן, און פלעגט איצט לייענען גאַנצע טעג אויף דער ווערענדע די ווערק פון די קלאַסיקער. אויך וויטאָלד האָט שוין נישט אויסגעזען ווי אַ צוריקגעקומענער פון יענער וועלט. און אפילו העלע האָט אָנגעהויבן לאַכן און אויסגעטראַכט מאַטעמאַטישע רעטענישן, וואָס קיינער האָט זיי נישט געקאָנט לייזן...

*

אין דער נייער, מיט זון דורכגענומענער, אַטמאָספער זענען אַלע ענינים לייכטער דערליידיקט געוואָרן. קודם־כל די פראַגע פון פאָטאָגראַפיעס. צום באַדויערן האָבן מיר נישט געהאַט קיין געלט צו באַצאָלן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאָטאָגראַף און ס'איז נישט געווען געוואונטשן צו ברענגען אַ פאָטאָגראַף אין הויז צוליב אַ „גוט־אויג". זאַקאָפּאַנע איז געווען אַ קליין שטעטל. און יעדע „נייעס" האָט זיך דאָ פאַרשפּרייט מיט דער שנעלקייט פון אַ בליק. דערפאַר האָט זיך מאָמושע אונטערגענומען צו מאַכן פאָטאָגראַפיעס פאַר אַלע,

סײ פֿאַר די וואָס דאַרפֿן אַרויספֿאָרן, סײ פֿאַר די וואָס דאַרפֿן בלײַבן. מ׳האָט עס געמוזט אַזוי טאָן, כּדי קײנער זאָל זיך נישט אָנשטויסן צוליב וואָס פֿאַר אַ צוועק מיר מאַכן די פֿאָטאָגראַפֿיעס.. איך האָב דערום געמאָלדן אין הויז, אַז איך גרײט צו אַ נײַע קאַרטאָטעקע, און דערפֿאַר דאַרף איך האָבן אַלעמענס פֿאָטאָגראַפֿיעס...

שפּעטער איז געקומען אַ סך אַ ווײכטיקערער ענין: דער פֿרײַער באַשלוס פֿון יעדן קינד וועגן זײַן גורל (פֿאַרשטענדלעך, אויף ווײַפֿל די עלטער און די אינטעליגענץ פֿון דעם קינד האָט עס דערמעגלעכט). אין דער דאָזיקער פֿראַגע האָב איך געהאַט אַ געראַנגל מיט זיך אַליין. איך האָב זיך געפֿרעגט: וואָס פֿאַר אַ רעכט האָב איך צו באַשליסן וועגן דעם גורל פֿון יעדן קינד? פֿונוואַנען די זיכערקײט, אַז דאָס וואָס איך האַלט פֿאַר גוט פֿאַר אַ סך קינדער איז טאַקע באמת גוט פֿאַר זײ? און אויב אַ טײל קינדער ווילן נישט אַרויספֿאָרן, ווילן בלײַבן אין פּוילן? פֿון דער צווײטער זײַט, ווי קאָן איך שטעלן די קינדער אָט די פֿראַגע, אויב יעדער שמועס מיט די קינדער אויף דער טעמע קאָן ווערן פֿאַר אונדז אַ סכּנה און צעשטערן דעם גאַנצן פּלאַן? אַ דערוואַקסענעם איז שווער אָפּצוהיטן אַ סוד און שווײַגן, איז ווי שוין אַ קינד!

פֿונדעסטוועגן האָט אין מײַן האַרצן געזיגט דאָס געפֿיל פֿון אַכטונג צום קינד, און כ׳האָב באַשלאָסן זיך צו רעכענען מיט זײַן פֿרײַען באַשלוס וועגן זײַן גורל, הגם איך שטעל דערמיט אין סכּנה דעם גאַנצן פּלאַן. האָב באַשלאָסן רופֿן צו זיך אויף אָן אינדיווידועלן שמועס יעדעס קינד פֿון העכער נײַן יאָר (און אין אײניקע פֿאַלן אפֿילו ייִנגערע) און עס פֿרעגן, צי עס וויל אַרויספֿאָרן פֿון פּוילן קײן אויסלאַנד. פֿאַרשטענדלעך, כ׳האָב זיך פֿרײַער באַמיט צו געבן יעדעס קינד אַ פּאָרזיכטיקע און אָביעקטיווע אָפּשאַצונג פֿון דער לאַגע און זיך געהיט נישט צו באַווירקן עס פֿערזענלעך. דער דאָזיקער שמועס, נישט רעכענענדיק זיך מיט זײַן רעזולטאַט, האָט פֿאַרפֿליכטעט דעם געפֿרעגטן אויף ווײַטערדיקן אומבאַדינגטן שווײַגן וועגן דעם ענין.

איך האָב געהאַט אַ פּופּציק שמועסן אַזעלכע. און דאָס איז נישט געווען קײן שפּילעכל בײַ מײַן באַרג אַרבעט. אָבער די מי איז כּדאַי געווען. כ׳האָב בײַ דער געלעגנהײט דערקענט אונדזערע קינדער, ווי קײנמאָל נישט פֿריער. און האָב זיך איבערצײַגט, אַז זײ זענען פֿאַרשטענדיקע און קאָנען בײַשטײן אַ נסיון — קײנער פֿון זײ האָט נישט פֿאַראַטן די „שבועה

צו שווייגן". און וואָס אַנבאַלאַנגט די רעזולטאַטן — האָבן זיי פולשטענדיק באַרויקט מײַן געוויסן. אַלע, אַלע האָבן דערקלערט, אַז זיי ווילן אַרויספאָרן פון פוילן, אפילו די „אריערינס" און די דערציִיגלינגען פון די מאָנאַסטירן און דער פאַרביסענער „פּאָליאַק" — וויטאָלד. ס׳איז שפּעטער קלאָר געוואָרן, אַז אפילו יענע קינדער וואָס מיר האָבן נישט גערעכנט זיי זאָלן אַרויספאָרן, ווייל זיי האָבן געהאַט איינעם פון די עלטערן אָדער אַן אַפּיטרופּוס אויסערן הויז (זיי האָבן מיר נישט געקאָנט פרעגן, כדי נישט צו שטעלן אין סכנה דעם גאַנצן אַרויספאָר) — אויך יענע קינדער און זייערע אַפּיטרופּסים האָבן געגאַרט אַרויסצופאָרן און געהאַט אויף אונדז פאַריבל, פאַרוואָס מיר האָבן אויך נישט זיי מיטגענומען (שפּעטער האָט מען אַ טייל פון די־אָ קינדער געבראַכט איינציקווייז קיין אויסלאַנד).

ערשט האָט מען געדאַרפט אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, וואָס זאָל אונדז מעגלעך מאַכן אַרויסצופאָרן, נישט אַרויסרופנדיק קיין חשדים מצד דעם קאָמיטעט. מ׳האָט געדאַרפט צוגעוווינען די אַרומיקע מענטשן און אויך זיך אַליין צו געוויסע האַנדלונגען, כדי אונדזער יעדע באַוועגונג זאָל נישט אַרויסרופן קיין חשד. כ׳האָב דעריבער געשריבן צום צענטראַל קאָמיטעט אין וואַרשע אַן אויספירלעכן בריוו, אין וועלכן איך האָב מיטגעטיילט מיט דערלייכטערונג און גרויסער חרטה (צוליבן פריערדיקן בונט), אַז דער אַנטיסעמיטיזם אין זאַקאָפּאַנע איז אַ סך קלענערער ווי כ׳האָב געמיינט און אַז כ׳וויל רעאָרגאַניזירן דאָס הויז און בעט אַ צוטיילונג פאַר עטלעכע אינוועסטיציעס. צוםביישפּיל, גרינדן אַ קינדערגאָרטן פאַרן קליינוואַרג און אַ לייענזאַל פאַר די עלטערע קינדער. איך בעט אויך ספּאָרט־מכשירים פאַר די קינדער און אַ צוטיילונג אויף נאַרטן און שליטלעך, כדי צו קאָנען איינאָרדענען אויספלוגן.

כ׳האָב גוט געוווּסט, אַז ס׳וועט מיר נישט צוגעטיילט ווערן אפילו קיין צענטל פון דעם וואָס איך פאַרלאַנג, ווייל זיי האָבן מיט שוועריקייטן געגעבן געלט אויף באַשפּייזונג. אָבער כ׳האָב זיך דערביי געהאַט מײַן ציל, באַזונדערס וואָס אַנבאַלאַנגט די אויספלוגן. כ׳האָב געוואָלט, די קינדער זאָלן זיך צוגעוווינען אַרויסצוגיין פון הויז. און דערפאַר האָבן מיר צוערשט גענומען איינאָרדענען קורצע אויספלוגן — צום נאָענטן בערגל מיט קליינע שליטלעך, דערנאָך לענגערע — צו דער גאַבאַלוווקע, און צום סוף, נאָך ווייטער. און דער לעצטער אויספלוג איז געווען באַשטימט צו זײַן דער אויספלוג קיין אויסלאַנד... פאַרשטענדלעך, אַז דאָס אַלץ איז געווען געבונדן

מיט ריזיקע. און אפילו קיין הונדערט טריט אויסערן הויז האָב איך נישט געשיקט די קינדער אָן באַוואָפנטע שומרים, דאָס הייסט, אַ מענטשן אין ציווילע ספּאָרט־קליידונג, וואָס צו זיינע קעשענעס טאָר מען זיך נישט צורירן...

איינער פון די דאָזיקע אויספלוגן האָט זיך איינגעקריצט ביי אונדז אַלע אין זכרון ווי אַ העלער און וווּנדערלעכער חלום. דאָס איז געווען אַן אויספלוג אויף דער צירלע; און מיר האָבן אים גערופן „קוליג", ווייל אַלע זענען מיר געפאָרן, דאָס גאַנצע הויז (אויסער העלען) אויף צוועלף גרויסע שליטנס, צען קליינע שליטלעך און מיט נאַרטן...

אינאָנהייב זענען מיר אַלע געווען אָנגעפּעלצטע מיט פוטערס און מאַנטלען. די קינדער האָבן געטראָגן וואַרעמע היטלען מיט אויערנשיצערס, וואָלענע שאַליקעס און הענטשקעס, ווייל פון די טאָלן האָט נאָך געצויגן אַ קאַלטער ווינט. אָבער דערנאָך האָבן מיר גענומען שטייגן אַרויף, צו דער זון... און די זון איז אונדז אַקעגנגעגאַנגען. ס'איז געווען איבערנאַטירלעך שיין. ביי יעדער באַרג־ווענדונג האָט זיך געענדערט די וועלט! געענדערט האָט זיך דער קאָליר פון די וועלדער, מיט שניי באַשטויבטע, וואָס ציען זיך אונטער אונדז, און די זון באַלייכט זיי אַלעמאָל מיט אַן אַנדער קאָליר, ווי די רעפלעקטאָרן אין טעאַטער: גאָלדיק... פיאָלעט... רויטלעך... די אויגן האָבן זיך פאַרמאַכט פון די קאָלירקע פינקלענישן — אינדערלופט און אויפן שניי אונטער די פיס. און הייס איז געווען, אַזוי הייס, אַז מ'האָט געמוזט גלייך אויסטאָן די שאַליקעס, די היטלען, און די אויערנשיצערס... די קינדער האָבן זיך צעוואַרעמט, זיך אָנגעטרונקען מיט זון און בערג־לופט, ווי אַ שיכור מיט בראָנפן, און גענומען ליאַרעמען און זינגען אַ גוראַליש ליד:

העי!
אויף דער הויכער צירלע
שוואַרצט זיך עפּעס־וואָס
העי!
איז עס מיסט אַ הויפן?
מיין מאַרישעס נאָז?
העי! העי!

אפילו די בלאָסע זאָשע, די וועלכע איז געזעסן אין שאָפע, איז פריילעכער געוואָרן און האָט פון מאָל־צו־מאָל אַרויסגעלאָזט אַ לוסטיקן אויסגעשריי

„הי, הי!״, און דער באַנדיט אַנטעק, האָט ממש קיין רגע נישט גערוט, געמאַכט קאָזיאָלקעס איבער די פּעקלעך בגדים און די קינדער. דער לייכטער און פלינקער מילעק דער גרויסער, איז אַריבערגעשפּרונגען פון איין שליטל אויפן צווייטן, ווי ער וואָלט האָבן אַ „מיסיע״ צו פרעגן ביי יעדן איינעם, צי ס׳איז אים באַקוועם און ס׳פעלט אים גאָרנישט... שאול האָט אָנגעיאָגט דאָס פערד, וואָס האָט געשפּאַנט פאַרויס דעם גאַנצן „קוליג״. האָט איינגעבעטן דעם גאַזדע*), ער זאָל אים געבן די לייצעס, ווייל ער קאָן אָנטרייבן אַ פערד. איצטער איז ער געזעסן אויף דער קאָזלע, געשמיסן מיט דער בייטש די לופט און געשריגן: „וויאָ, מיין פערדל! וויאָ!״ נישט געהאַט קיין צייט צו באַזאָרגן דעם אָראָפּגעפאַלענעם שוואַרצן לאַק. ער פירט דאָך איצטער דעם גאַנצן „קוליג!״ די פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָט אָראָפּגעשיינט פון זיין שטערן, און אין די אויגן האָבן געבליצט פונקען פרייד. ס׳וואָלט קיינעם אפילו נישט איינגעפאַלן אַז ער איז אַ קאַליקע. ער איז געווען אינגאַנצן שמייכל, פרייד און לעבן!

פרוי מענליך, די שטענדיק אָנגעכמורעטע, איז געזעסן אין אַ שליטל מיט די גרעסטע „רוצחים״ און געזען „באַשיימפּערלעך״ ווי זיי „הרגענען איינס דאָס אַנדערע״, ווי זיי עסן שניי און בלאָזן אַריין שניי די מיידלעך אין די אויגן, און האָט גאָרנישט נישט געזאָגט... זי האָט בכלל פאַרגעסן צו באַמערקן די קינדער, ווייל זי האָט אָנגעשטעלט דאָס פּנים „ווערטיקאַל״ קעגן די זון־שטראַלן, און די שטראַלן האָבן צעשמאָלצן עפּעס אין איר נשמה.

אינמיטן וועג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף אָפּרו און געטרונקען שאָף־מילך. כ׳בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ גרויסן קרוג און געפרעגט: ווער וויל גלייך פון קרוג, און ווער פון אַ טעפּעלע? די ליבהאָבער פון טרינקען גלייך פונעם קרוג האָבן זיך געדאַרפט אַנידערלייגן אויפן שניי, עפענען דאָס מויל, און איך האָב באַהיטעוודיק אַריינגעגאָסן גלייך אין מויל אַריין... אָבער באַהיט גאָט, ס׳זאָל שטיין דערביי אָלגע... אַנשטאָט טרינקען וועט דאָס דאָרשטיקע יינגל זיך קייקלען איבערן שניי פון געלעכטער, און אויף אים וועלן פאַלן אַנדערע און זיך קייקלען מיט אים צוזאַמען.

מיטאָגצייט זענען מיר געווען אויף דער באַרגלאָנקע. די קינדער האָבן זיך אויסגעזעצט, ווי שפּערלעך, אויף דעם נידעריקן פּלויטל לעבן דעם טוריסטן־הויז, און איך האָב גענומען מיין גרויסן סאַקוואַיאַזש (וואָס טייל

---

*) אויף גוראַליש — באַלעבאָס.

קינדער האָבן אים געקענט נאָך פֿון קאָמיטעט אויף דלוגע־גאַס) און אָנגעהויבן אַרויסנעמען פֿון דאָרט דער פֿרוי בראַניעס סענדוויטשן. (פֿרוי בראַניע איז נעבעך פֿאַרבליבן אין הויז מיט העלען). כ׳האָב געוואָלט צעטיילן די פֿאַרשידענע סענדוויטשן יעדן לויטן געשמאַק (שוין געוווּסט דעם געשמאַק פֿון אַלע קינדער), ווי ס׳פֿלעגט עס טאָן פֿרוי בראַניע. אָבער ס׳איז אומזיסט געווען מײַן מי... די קינדער האָבן געכאַפּט וואָס נאָר ס׳איז זיי אונטער דער האַנט געקומען, נישט אַרײַנקוקנדיק וואָס ס׳טוט זיך אין די סענדוויטשן אינעווייניק... האָבן קיין צײַט נישט געהאַט...

מילעק דער גרויסער, האָט שוין געהאַלטן אין אַ האַנט אַ צילינדער (כ׳האָב נישט געוווּסט, פֿונוואַנען ער האָט אים באַקומען) און אַ בעזעם... וואַצעק מאַטיקאַ האָט געהאַט צוגעגרייט אַ שײנעם רויטן מײער, און מאַקס לערנער, שוואַרצע קוילן מיט אַ לאַנגער ליולקע. מיט בשותפֿותדיקע כּוחות האָט מען גענומען מאַכן אַ שניי־גולם. יאַנוש האָט געוואַרט ביז מ׳וועט אים אויסענדיקן, וועט ער אים מאַכן די שטריכן אויפֿן פּנים.

דאָס קליינוואַרג האָט דערווײַל אַרומגעוואַיוועט. זיי האָבן זיך געוואָרפֿן איינאַנדער שנייקוילן, זיך געשלאָגן, זיך געקײַקלט איבערן שניי, און אַנדערע האָבן גענומען איינער דעם אַנדערן „מקבר" זײַן אין שניי. דאָס „מקבר" זײַן האָט באַלד אַרומגעכאַפּט אַ סך קינדער, יעדער איינער האָט געוואָלט זײַן „באַגראָבן" אין שניי. מ׳געפֿינט זיך דאָך אין זאַקאָפּאַנע! אפֿילו די קלוגע און ערנסטע עדנאַ, וועלכע איז נישט לאַנג צוריק אויפֿגעשטאַנען פֿון קראַנקן־געלעגער, איז צוגעגאַנגען צו די עלטערע ייִנגלעך און זיי געבעטן, מ׳זאָל זי „מקבר" זײַן... יאַנוש און מילעק דער גרויסער האָבן זי „מקבר" געווען און אָנגעשאָטן אויף איר אַזויפֿיל שניי, אַז זי האָט זיך פּלוצים דערשראָקן און גענומען שרײַען רופֿנדיק צו הילף. ביז די שוועסטער האָט פֿאַרבאָטן די דאָזיקע שפּיל.

ס׳זענען אָבער געווען אַ סך אַנדערע שפּילערײַען: דאָס שליטלען זיך אויפֿן בויך, אויפֿן הינטן און אפֿילו אויפֿן קאָפּ!! און דאָס אמתע גליטשן זיך אויף די נאַרטן... די צוועלפֿיעריקע יאַשע, אַ געבוירענע זאַקאָפּאַנערין, וואָס אַן אַלטע און ליבע פּוילישע פֿרוי, האָט זי צוגעבראַכט צו אונדז, האָט זיך געגליטשט אויף די נאַרטן ווי אַ אמתער טייוול. (דאָס איינציקע, די נאַרטן, וואָס זי האָט געבראַכט צו אונדז אין הויז). אַלע קינדער האָבן געקוקט אויף איר ווי פֿאַרכישופֿטע... אַלע האָט זיך מיט איר תּיכּף־ומיד באַפֿרײַנדעט, און אַלע ייִנגלעך האָבן זיך אין איר פֿאַרליבט.

שאול האָט זיך אויסגעצויגן ווי לאַנג ער איז אויפֿן שניי און אָנגעשטעלט דאָס פּנים קעגן דער זון. אויף זיין פּנים האָט זיך איצטער געמאָלן שלווה, פרייד און גוטקייט צו דער גאַנצער וועלט... כדי אים נישט צו שטערן, בין איך אַוועקגעגאַנגען צו די מיטליעריקע. אָבער ווען איך בין אין עטלעכע מינוט צוריקגעקומען — האָב איך דערזען ממש אַן אומגלויבלעכע זאַך: די קליינע מירעלע איז געזעסן רייטנדיק אויף זיין רוקן, האָט אים געצויגן פֿאַר די האָר און געשריגן: „העטאָ־וויאָ, מיין פערדל!", און שאול (וועלכער פלעגט די ערשטע צייט שלאָגן דאָס קליינוואַרג) — איז געלאָפן אויף אַלע פיר איבערן שניי און געהירזשעט ווי אַן אמת פערד...

אַרום דריי אַזייגער נאָכמיטאָג האָב איך געגעבן אַ צייכן צוריק צו פאָרן. אַלע האָבן זיך אַריינגעזעצט אין די שליטלעך, און מיר האָבן גערירט. דער וועג אַראָפּ איז געווען אַ לייכטער און אַ שנעלער. ווי אויפן עקראַן אין אַ קינאָ זענען פאַרביי אונדז פאַרבייגעלאָפן די וווּנדערלעכע בילדער. דער הימל האָט זיך דורכגעזאַפּט מיט דער רויטקייט פון דער אונטערגייענדיקער זון. דער שניי איז געוואָרן פורפור־רויט... די וועלדער זענען געווען לילע... די בערג־שפּיצן האָבן געבליאַסקעט ווי צעשמאָלצענער מעטאַל...

ווידער האָט געגומען בלאָזן אַ קאַלטער ווינט פון די טאָלן. צו אונדזערע אויערן האָט דערגרייכט דאָס געהיימע פלוישן פון די בערג־שטראַמלעך... די דערהיצטע פערד האָבן אייליק, מיט אַ הייסער פאַרע געאָטעמט. די לאַכנדיקע, פריילעכע קינדער זענען אַ ביסל שטילער געוואָרן, און זייערע שטימעלעך זענען זיך צוזאַמענגעפאַלן מיט די שטימען פון דעם אָנקומענדיקן אָוונט.

אַ נעפּל האָט זיך שוין געשפּרייט איבער די פעלדער, ווען אַלע שליטנס זענען פאַרפאָרן פאַרן טויער פון „וואַלד־וווינונג". אַ וואַרעמער אָונטברויט איז שוין געווען צוגעגרייט אין עס־זאַל.

— זעט איר, ליטערין, — האָט זיך פרוי בראַניע פאַר מיר באַרימט תמימותדיק — ביי מיר ווערט אַלץ צוגעגרייט פּינקטלעך צו דער מינוט... נאָר זיך זעצן און עסן. העלע האָט אפילו שוין אָפּגעגעסן און שלאָפט שוין!

— קינדער! — ווענדט זי זיך צו די קינדער ביים טיש — ווער פון אייך האָט צומבעסטן ליב מיין באָרשט מיט קרעפּלעך?

— איך! איך! — האָבן אַלע גענומען ליאַרעמען פאַראַמאָל.

— ווי דערפירט מען עס די קינדער צו אַזאַ טומל? — האָט זיך צו

מיר געוואָנדן פֿרוי מענליך מיט אַ פֿאַרכמורעט פּנים — דאָס איז נישט פּעדאַגאָגיש!

— קיין בייז נישט, פֿרוי מענליך, נאָך אַזאַ הערלעכן אויספֿלוג מעגן זיך די קינדער פֿרייען און לאָזן וווילגיין מיט דער פֿרוי בראַניעס וווּנדערלעכע קרעפּלעך און בוראַקעס־באַרשט.

## אַ טאַנץ־אָוונט

דערווײַל האָט זאַקאָפּאַנע דורכגעמאַכט איר סעזאָן אין פּולן ברען — דער ערשטער סעזאָן נאָך דער מלחמה. ס׳האָט געשײַנט די זון, דער שניי איז געלעגן ווי פֿריער, אַ טיפֿער, ווײַסער און אומבאַפֿלעקטער. די לופֿט אַ לויטערע, און הויך־הויך איבער אונדז האָט געפֿלאַקערט, אין ליכט פֿון דער זון, דער פֿאַרשטאַרטער שפּיץ פֿון דעם גיעוואָנט: באַגינען פֿלעגט ער רויט ווערן פֿון דער אויפֿגײיענדיקער זון און פֿאַרנאַכט פֿלאַקערן אינעם שײַן פֿון דער אונטערגײיענדיקער זון.

לאַנגע שורות ספּאָרטלער האָבן אַרויפֿגעשטיגן מיט זייערע נאַרטן אויבן, אויף די שפּיץ בערג. אויף אַ הייך פֿון צוויי טויזנט מעטער איבערן ים, האָט מען געקאָנט אַרומגיין אין אַ באַדקאָסטיום און זיך אָפּברענען. נאָך אויפֿן וועג צו די שפּיצן בערג פֿלעגן די נאַרטן־גליטשער אויסטאָן די בלוזעס און זיי פֿאַרשטעקן אין פּאַסעק, שנײַדנדיק מיט די נאַרטן דעם שניי אויף די בערג־שיפּועים.

אין זאַקאָפּאַנע אוונטן האָט מען געטאַנצט. יעדן אָוונט זענען פֿאַרגעקומען פֿאַרווײַלונגען און דאַנסינגס אין די קאַפֿעהיזער: „מאַרסקע אָקאָ" און פֿון טשאַסקי. מ׳האָט געטאַנצט אַפֿילו פֿאַרמיטאָג און נאָכמיטאָג בעתן טײ־טרינקען. אין גערויש פֿון די פֿאַרווײַלונגען האָבן זיך די שטימען פֿון אַנטיסעמיטיזם אַ ביסל באַרויקט. מ׳האָט זיך נישט געוואָלט קאַליע מאַכן דעם סעזאָן מיט סקאַנדאַלן, פֿאַרטרײַבן די געסט. מ׳האָט עס אָפּגעלייגט אויף נאָכן סעזאָן.

אויך ביי אונדז האָבן זיך געיאַוועט אַ ביסל געסט. דאָס זענען געווען די ערשטע קורגעסט־יידן, וועלכע זענען געקומען קיין זאַקאָפּאַנע אונטער פֿרעמדע אַרישע נעמען, פֿאַרשטייט זיך, און האָבן געוווינט אין קריסטלעכע פּענסיאָנאַטן. פֿרוי בראַניע, די הייסבלוטיקע, האָט שוין נישט געקאָנט איינזיצן רויק אין הויז.

— נעכטן האָב איך געטאַנצט אין „מאַרסקע אָקאָ“, — האָט זי מיר דערציילט — ביז צוויי ביינאַכט, און היינט בין איך אויפגעשטאַנען פינף אַזייגער אינדערפרי, ווי געוויינלעך, און דעם פרישטיק צוגעגרייט צו דער באַשטימטער צייט, האַלב אַכט פינקטלעך, אויף אַ רגע נישט פאַרשפּעטיקט. איז דאָס אַן עוולה וואָס איך בין איינמאָל געגאַנגען טאַנצן?

כ׳האָב געקוקט אויף איר זויבערן פאַרטעך, אויף אירע פיין־פאַרקעמטע האָר, אויף אירע גלאַנצנדיקע אויגן, פולע מיט לעבן, און געטראַכט: ווי ווונדערלעך ס׳איז דאָס לעבן! ס׳איז נאָכנישט קיין גאַנץ יאָר זינט זי איז אַרויס פון אוישוויץ, און ווי שיין און פולבלוטיק זי איז, און דערביי אַן אויסגעצייכנטע אַרבעטערין.

— ניין, ס׳איז קיין עוולה נישט, — האָב איך געפסקנט.

— היינט אין אָוונט גייען מיר ווידער, ווייל ס׳איז געקומען צו פאָרן ה׳ מאַלינסקי פון קאָמיטעט און דער אינזשיניער ראַפּעל, אונדזער דאָקטאָר ראַפּעלס אַ ברודער. — האָט זי ווייטער גערעדט פריילעך — און אפשר וועט איר אויך גיין מיט אונדז? איר זענט דאָך נאָך אַזוי יונג, מ׳קאָן דאָך נישט זיין טאָג און נאַכט מיט די קינדער.

*

— אפשר וועט איר פאָרט גיין מיט אונדז אין „מאַרסקע אָקאָ“? — האָט מיך געבעטן אויך ה׳ מאַלינסקי. די לעצטע צייט פלעגט ער אָפט קומען פון קראָקע קיין זאַקאָפּאַנע וועגן זייער־פאַרשידענע ענינים. (אָדער אפשר וועגן קיין שום ענין נישט!), און די מערהייט צייט זיצן לעבן מיר אין קאַנצעלאַריע.

— איך דאַרף צוגרייטן די לוין־רשימות, כ׳האָב פאַרשידענע חשבונות צו מאַכן, — האָב איך זיך פאַרענטפערט.

— איך וועל אייך העלפן, איך בין אַן אויסגעצייכנטער בוכהאַלטער.

— כ׳קאָן נישט איבערלאָזן די קינדער אַליין אין הויז. ס׳איז נאָך נישטאָ קיין פולע זיכערקייט אין זאַקאָפּאַנע!

— אין הויז זענען דאָ פופצן אָנגעשטעלטע און אַן אויסגעצייכנטע וואַך.

— איך קאָן נישט טאַנצן. אין דער מלחמה־צייט האָב איך פאַרגעסן, — האָב איך אים געזאָגט.

— איר וועט טאַנצן מיט מיר, איך וועל אייך פירן. איר וועט דאַרפן בלויז גיין נאָך מיר צום טאַקט פון דער מוזיק.

— און וווּהין וועט איר מיך פירן? — האָב איך געפרעגט מיט געלעכטער — אַראָפּ פונעם דרך־הישר?

— איר טרייבט שפּאַס. איך פאַר שוין דאָס צענטע מאָל פון קראָקע קיין זאַקאָפּאַנע ספּעציעל צוליב אייך, און איר דרייט זיך אַלץ אַרויס.

— באַליידיקט זיך נישט, — האָב איך אים געטרייסט — איך גיי דאָך נישט מיט קיינעם...

פונדעסטוועגן האָב איך זיך נישט אַרויסגעדרייט פון די טענץ, ווייל אומדערוואַרט איז פון נאָווי־טאַרג געקומען צו פאָרן דער שול־אינספּעקטאָר, ה׳ זארובא. אינדערפרי האָט ער וויזיטירט אונדזער סאַנאַטאָריע־שול און פאַרנאַכט געקומען צו אונדז מיט זיין פרוי אויף אָוונטברויט, און אויך ער האָט מיך פאַרבעטן אין „מאַרסקע־אָקאָ״. כ׳האָב אים נישט געקאָנט אָפּזאָגן, ווייל מיר זענען אים אַלע געווען אַן אַ שיעור דאַנקבאַר — כ׳בין געגאַנגען.

אינדעראמתן האָב איך געקאָנט און אפילו זייער ליב געהאַט טאַנצן. פונדעסטוועגן, ווען איך האָב זיך יענעם אָוונט דאָס ערשטע מאָל דערווייטערט פון דעם קינדערהויז, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך רייס זיך אָפּ אויף אַ שעה פון דעם קוואַל פון מיין לעבן. כ׳בין געגאַנגען מיט דער געזעלשאַפט, האָב אָבער פון מאָל־צו־מאָל אויסגעדרייט דאָס פּנים און געקוקט הינטער זיך, צו די פענצטער פון די קינדער־צימערן, צו דער באַגלאָזטער אריינגאַנגס־טיר... ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז עפּעס אַ געהיימע קראַפט ציט מיך צוריק צום הויז און לאָזט מיך נישט זיך דערווייטערן, און דאָס האַרץ האָט מיר פאַרקלעמט פון ווייטיק. לעבן מיר זענען געגאַנגען מענטשן פול מיט פרייד, אַלע זענען גליקלעך געווען איבערצולאָזן דאָס הויז, די אַרבעט, אויסצונוצן אַ לייכטע שעה לעבן, פרייהייט. זיי האָבן זיך אַלע געאיילט, נישט צו פאַרלירן קיין רגע פון דער דאָזיקער שעה. נאָר איך איינע בין געגאַנגען ווי אַ טשערעפּאַכע וועלכע קריכט פּאַמעלעך, ווייל זי טראָגט אויף איר רוקן — דאָס הויז אירס... כ׳האָב עס קיינעם נישט געקאָנט זאָגן, זיך טיילן מיט מיינע איבערטראַכטענישן און אחריות פאַר די קינדער. קיינער וואָלט נישט פאַרשטאַנען מיין „איבעריקע זאָרג״ פאַר די קינדער — אַ זאָרג וואָס עס קאָן זי נאָר אַן אַמתע מאַמע...

ענדלעך בין איך געגאַנגען און האָב זיך געוויילט. געוויילט זיך, געטאַנצט און אויך געטרונקען. אַלע האָבן געטרונקען, די גאַנצע געזעלשאַפט איז געווען שיכור. הער מאַלינסקי און דער שולאינספּעקטאָר האָבן געטאַנצט

מיט מיר דעם גאַנצן אָוונט. מאלינסקי האָט זיך אויפגעפירט העפלעך און מיך מיט זייער אידעלע מאַניערן אָפּגעטראָטן לטובת דעם שולאינספּעקטאָר. דער שולאינספּעקטאָר ווידער האָט צעטיילט דעם טאַנץ אויף דער העלפט, האַלב פאַר מיר און האַלב פאַר דער פרוי. דער מאַלינסקי, האָב איך געטראַכט מיט איראָניע, איז אַן אמתער דזשענטלמען און אַ מענטש מיט מאַניערן. דער דאָקטאָר ראַפּעל וואָלט עס נישט געקאָנט מאַכן מיט אַזאַ פיינקייט. ס׳וואָלט גלייך געווען אַוואַנטורעס און אויפּערזוכט־סצענעס... פון דאָזיקן גאַנצן באַל־אָוונט איז מיר פאַרבליבן אין זכרון בלויז: דער הערלעכער קרישטאָלענער זשיראַנדאָל אונטערן סופיט פון „מאָרסקע אָקאָ״, וועלכער האָט זיך געדרייט מיט אונדז צוזאַמען אין דעם לאַנגן טאַנגאָ, דער טאַנצנ־דיקער פרוי בראָגיעס פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט צופרידנקייט דערפון וואָס אויך איך פאַרוויל זיך און טאַנץ, און מיין כסדרדיקע איבער־טראַכטעניש, טאָמער וועל איך פאַרשאַפן אומאָנגענעמלעכקייט דעם אינספּעקטאָרס ליבער פרוי, אַרויסרופן ביי איר אַ געפיל פון אייפערזוכט. ווען מיר האָבן זיך שפּעט ביינאַכט אומגעקערט אַהיים, האָבן אַלע געשמועסט שרייענדיק, און איך האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פאַרן אַריינגיין אויפן הויף נישט אַ זאָג צו טאָן: שטילער, די קינדער שלאָפן!

אָבער ס׳איז געווען נאָך עפּעס, וואָס איז מיר שטעקן געבליבן אין זכרון און האָט מיר קיין רו נישט געגעבן. געווען איז דאָס אַזוי: בעתן טאַנצן האָב איך גענומען דערציילן דעם שולאינספּעקטאָר, ווי מ׳האָט דעם קליינעם מאָטיקאַן געשלאָגן אין דעם אַנשטאַלט אויף קאָשטשעליקאַ־גאַס, ווי נאָר ער האָט זיך מודה געווען, אַז ער איז אַ ייד, און אויף וואָס פאַר אַן אופן כ׳האָב אים פון דאָרט אַרויסגענומען. איך האָב דערביי אַרויסגעזאָגט א השערה, אַז ס׳זענען זיכער פאַראַן נאָך אַ סך יידישע קינדער אין אַזעלכע אַנשטאַלטן, וועגן וועלכע מיר ווייסן נישט.

—ווירקלעך, — האָט מיר געענטפערט דער שולאינספּעקטאָר, וואַלסירנדיק מיט ברען — כ׳האָב געהערט, אַז ערגעץ־ווו אין דער סביבה פון זאַקאָפּאַנע זאָלן זיך געפינען יידישע קינדער. אַ יונגער דאָקטאָר, וואָס איז געפאָרן אַהין אויף אינספּעקציע, האָט מיר עס דערציילט...

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אַנשטאַלט, ה׳ אינספּעקטאָר? — האָב איך אַ פרעג געטאָן שטאַרק פאַראינטערעסירט.

— וואָס פאַר אַן אַנשטאַלט? וואָס פאַר אַן אַנשטאַלט? — האָט ער איבערגעחזרט נאָך מיר — כ׳דערמאָן זיך נישט. דאָס זענען זיכער קליינע

קינדער. באַלד, באַלד, — האָט ער זיך אָנגעשטרענגט זיך צו דערמאָנען, קוקנדיק סקאָס צו זײַ פּרוי, וואָס זיצט בײַ אַ קלײן קאַווע־טישל — דאָס איז עפּעס אַ מאָנאַסטיר אָדער אַן אַנשטאַלט פֿאַר קלײנע קינדער, נישט אין זאַקאָפּאַנע.

פֿילנדיק, אַז נאָך אין אַ רגע אַנטלויפֿט ער צום ווײַב, האָב איך אים נאָך בחיפּזון אַ פֿרעג געטאָן:

— צי די אַנשטאַלטן פֿון דעם שניט געפֿינען זיך אויך אונטער דער קאָנטראָל פֿון אינספּעקטאָראַט?

— ניין, נישט אינגאַנצן, — האָט ער גענומען שטאַמלען — איך ווײס דאָס צופֿעליק, פֿונעם דאָקטאָר. אָבער וואַרט נאָר צו אַ רגע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, פֿאַרהאַלטנדיק זיך פּלוצים אינמיטן זאַל — כ׳וויס שוין, דאָס איז דער מאָנאַסטיר אויפֿן נאָמען פֿונעם הײליקן באַבאָלאַ.

— באַבאָלאַ, באַבאָלאַ, — האָב איך איבערגעחזרט פֿאַר זיך אַלײן, גײענדיק צוריק צו מײַן טישל — כ׳דערמאָן זיך דעם דאָזיקן נאָמען! דאָס איז געווען אַ הײליקער אין דער עפּאָכע פֿונעם מיטלאַלטער*), כ׳האָב געלערנט זײַן פֿילאָזאָפֿיע אין אַן אַלטן לערנבוך פֿאַר פֿילאָזאָפֿיע פֿון שטעקעלן. ס׳שטײען מיר נאָך פֿאַר די אויגן די קלײנינקע אותיות פֿון יענעם בוך און דער טיטל: „די סכאָלאַסטיק פֿון דעם הײליקן אַנדרײ באַבאָלאַ״. איך מוז אויפֿזוכן דעם דאָזיקן מאָנאַסטיר, — האָב איך געטראַכט — כ׳וועל גײן צום דעקאַן פֿון דעם קאָשציאָל אין זאַקאָפּאַנע און אים פֿרעגן.

אויף מאָרגן האָב איך קײנעם אין הויז גאָרנישט געזאָגט און בין אַוועקגעגאַנגען אין קאָשציאָל. כ׳האָב דעם דעקאַן נישט דערווישט. בין איך אַוועק צו אים אַהײם. דער גלח־דעקאַן האָט מיך אויפֿגענומען שטײענדיק אויף דער שוועל: „מיר האָבן נישט אַזאַ אַנשטאַלט״, האָט ער אַ זאָג געטאָן אומצופֿרידן. ער וויל מיר אוודאי נישט אויסזאָגן, האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אמת, כ׳האָב אים מײַן נאָמען נישט געזאָגט, אויך נישט צוליב וואָס איך פֿרעג עס. אָבער ער האָט געקאָנט דערקענען אַז איך בין אַ ייִדישקע. בין איך אַוועק מיט גאָרנישט. כ׳האָב גענומען קלינגען קײן נאָווי־טאַרג צום שולאינספּעקטאָר. געוואָלט ער זאָל מיך קאָנטאַקטירן מיט יענעם דאָקטאָר. אָבער דער דאָקטאָר איז געהאַט אַרויסגעפֿאָרן אין אַן אומבאַשטימט אָרט.

---

* אַ קאַטוילישער גלח וואָס איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך רוסן.

— ער איז פֿאַרשוווּנדן ווי אַ שטיין אין וואַסער, — האָט דער אינס־פּעקטאָר אַריינגעשריגן אין טעלעפֿאָן־רערל — כ׳ווייס נישט ווו ער געפֿינט זיך. ער האָט געזאָלט פֿאָרן אין קעלצער קאַנט. כ׳האָב קאָנטראָלירט ביי זיך, ביי אונדז איז דער דאָזיקער אַנשטאַלט נישט פֿאַררעגיסטרירט. אפשר אין אַפּראָוויזאַציע־אַמט. כ׳בין געפֿאָרן קיין נאָווי־טאַרג צום אַפּראָוויזאַציע־אַמט. אָבער דאָרט איז געווען אַ פּולשטענדיקער באַלאַגאַן, דער באַאַמטער האָט געזוכט און געננישטערט אין די שטויסן פּאַפּירן און גאָרנישט אויפֿגעטאָן. און כ׳בין ווידער צוריקגעקומען מיט גאָרנישט.

כ׳בין געגאַנגען אין שטאָטראַט פֿון זאַקאָפּאַנע אין דעם אָפּטייל פֿאַר מילך־פֿאַרטיילונג. נאָר דאָרט האָב איך זיך באַגעגנט מיט מאַטיקאַס אַמאָליקער „דערציערין", און ווי נאָר זי האָט מיך דערזען, האָט זי מיר געמאַכט די אמתע אַוואַנטורע:

— די יידן האָבן אַלץ! — האָט זי געטומלט אויף קולי־קולות — און זיי קומען נאָך פֿאָדערן מילך! פּוילישע קינדער שטאַרבן פֿון הונגער, און די יידן לעבן אין קאָמפֿאָרט אין זאַקאָפּאַנע!

די באַאַמטע פֿון אַפּראָוויזאַציע־אַמט האָבן אָוועקגעלייגט זייער אַרבעט און זיך צוגעהערט צו אירע געשרייען מיט נישט באַהאַלטענער צופֿרידנקייט.

— די יידן האָבן די זעלבע רעכט צו לעבן ווי איר! — האָב אויך איך אַ געשריי געטאָן — און ווען איר אַליין זאָלט נישט האָבן אַזאַ גוטן אויסזען... וואָלטן אייערע קינדער נישט באַדאַרפֿט אויסגיין פֿון הונגער! — האָב דערויף אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר און בין „אַרויסגעפֿלויגן".

כ׳האָב זיך מיאוש געווען אויפֿצוזוכן די קינדער דורך די פּוילישע אַמטן און באַשלאָסן צו זוכן זיי מיט אייגענע כוחות.

ס׳האָט זיך געמאַכט אָן אַ שיעור אַרבעט. גראָד אין דער צייט איז געקו־מען צו פֿאָרן די פּעדאַגאָגישע אינספּעקטאָרין פֿון וואַרשע, פֿרוי פּעלינסקאַ, וועלכע האָט געדאַרפֿט ביי אונדז איינאָרדענען אַ מוסטערהאַפֿט לייען־צימער. אויך אַנדערע געסט האָבן געהאַלטן אין איין קומען. ס׳זענען פֿאַרגעזעצט געוואָרן די געהיימע שמועסן מיט די קינדער וועגן דעם אַרויספֿאָרן. דער קאָמיטעט פֿון קראָקע האָט מיר געשיקט אַ נייע באַאַמטין (דווקא מיט אַ קינד), פֿרוי דאָקטאָר פֿישער, וועלכע זאָל מיר צוהעלפֿן אין דער קאַנצעלאַריע־אַרבעט. צולב דעם וואָס איך האָב זי נישט געקענט אין קיין גענוגנדיקער מאָס, האָב איך איר נישט געקאָנט פֿאַרטרויען וועגן דעם אַרויספֿאָרן, און זי האָט מיר געשטערט אויף טריט־און־שריט. און דערווייל, די צייט שטייט

נישט, ס׳איז שוין אַריבער די ערשטע העלפט פעברואַר, מיר האָבן שוין איינגיכן באַדאַרפט אַרויספאָרן. און אין דער דאָזיקער מטורפדיקער איילעניש, דענערווירטער געשפּאַנטקייט און אָן אַ שיעור באַשעפטיקונג, האָב איך באַשלאָסן צו זוכן, אָפּגעפינען די דאָזיקע קינדער און זיי מיטנעמען מיט אונדז קיין אויסלאַנד.

כ׳האָב פאַררופן צו זיך אויף אַ באַראַטונג אונדזערע וועכטער, צוגעצויגן צו דעם שמועס אויך עטלעכע פון די עלטערע יינגלעך מיט אַן אַריש אויסזען. זיי דערציילט, אַז אין די מאָנאַסטירן הערשט איצט אַ שרעקלעכער הונגער, און די יידישע קינדער דאָרט ליידן מער ווי אַנדערע. פאַרוואָס זאָלן מיר איבערלאָזן די דאָזיקע קינדער? וואָס דערוואַרט זיי דאָרט? הונגער, נויט און זעלבסט־האַס. ווייל די דאָזיקע קינדער וועלן דערצויגן ווערן אין ספּעציעלער שנאה צו יידן, איינפלאַנצנדיק אין זיי דאָס שולד־געפיל וואָס זיי זענען געבוירן געוואָרן יידן. זיי וועלן קיינמאָל נישט קאָנען אָפּגעפינען זייערע עלטערן, ווייל די מאָנאַסטירן דערלאָזן נישט צו זיך קיין עלטערן. און אויב זיי וועלן זיי אפילו אָפּגעפינען, וועלן די קינדער אַליין זיך אויסדרייען צו זיי מיטן רוקן. זיי וועלן זיי פאַראַכטן און באַליידיקן אין די אויגן, ווי ס׳איז געשען מיטן רויטן יידן און זיין טעכטערל. פאַרוואָס זאָלן מיר נישט ראַטעווען און זיך נישט פאַרנעמען מיט די דאָזיקע קינדער, מיר זענען זייערע ברידער און די איינציקע פאַמיליע!

די וועכטער און די קינדער האָבן זיך אָנגעצונדן פאַר דעם דאָזיקן געדאַנק און באַשלאָסן זיך אַרויסצולאָזן אין דער געגנט צו זוכן דעם מאָנאַסטיר. דער שניי האָט באַדעקט אַלע וועגן, ס׳איז שווער געווען צו זוכן. פונדעסטוועגן זענען זיי געגאַנגען, געפאָרן און דורכגעמאַכט יעדן טאָג צענדליקער קילאָמעטער. צוויי טעג זענען אַריבער אָן רעזולטאַט און כ׳האָב זיך שוין געוואָלט ערגערן, וואָס איך שטעל אויס די קינדער אויף אַזאַן אַרומוואַלגערן זיך. ווי פּלוצים אומגעריכט...

אינמיטן סאַמע מיטאָג־עסן האָט געטאָן אַ לויף אַריין דער יינגסטער פון די וועכטער, שלום, איינגעאָנצן אַ באַדעקטער מיט שניי, דאָס פּנים רויט, און אַ צעשטראַלטער פון גליק און פרייד, אויסגערופן:

— פּרוי לייטערין, כ׳האָב געפונען!

— וואָס? וואָס? — האָבן די קינדער ראַש אויסגעדרייט צו אים די קעפּלעך — וואָס האָט ער געפונען? וואָסער אוצר?

— יאָ, יאָ, שלמה המלך׳ס אוצר! — האָט זיך געוויצלט דער באַלעזענער מילעק, דער גרויסער.

כ׳האָב געלאָזט שטיין די וואַרעמע יויך און בין אַריינגעגאַנגען מיט שלומען אין קאַנצעלאַריע. — נו, וואָס? — האָב איך געפרעגט — וואָס האָט איר געפונען?

— דאָס הייסט נישט „באַבאַלאַ" — האָט ער געזאָגט אַ צעוואָרעמטער — דאָס איז „קשענזשוווקאַ". אין וואַרשע האָבן זיי געהאַט אַן אַנשטאַלט מיטן נאָמען „באַבאַלאַ", אָבער נישט דאָ. קיין שום מענטש וואָלט נישט געקאָנט קומען אַהין, איך שווער אייך! — האָט ער זיך געקלאַפּט אין דער ברוסט — קיינער וואָלט זיי נישט אָפּגעזוכט, נאָר איך אַליין! קיינער וואָלט בכלל אַהין נישט געקומען, ווייל ס׳איז אַהין קיין וועג נישטאָ... זיי געפינען זיך הויך־הויך, אויף אַ שפּיץ־באַרג, וווהין ס׳קומט נישט קיין לעבעדיק נפש! זיי וווינען אין אַ גרויסער גוראַלישער הילצערנער כאַטע, די נויט איז דאָרט אַזוי גרויס, נישט אויסצומשלן. כ׳בין אַריינגעגאַנגען הינטנאַרום, דורך דער קיך. די קעכין האָט מיר געזאָגט, אַז ס׳זענען דאָרט דאָ אכציק קליינע קינדער אין עלטער ביז פינף יאָר, מ׳האָט זיי אַרויסגעטריבן פון וואַרשע. זי האָט געוויינט, אַז זיי האָבן נישט וואָס צו עסן...

— קיינער וואָלט אַהין נישט געטראָפן, — האָט ער איבערגעחזרט — נאָר איך, ווייל איך קאָן גוט די מקומות. איך בין דאָ אויפגעוואַקסן, דאָ, אין פּאָראָנין.

— נו, גוט, — האָב איך געזאָגט — נאָר צי איז דאָס טאַקע דער אַנשטאַלט, וואָס האָט פריער געהייסן אויפן נאָמען פון דעם הייליקן אַנדריי באָבאָלאָ?

— כ׳פאַרזיכער אייך אויף מיין ערנוואָרט, אַז דאָס איז ער...

— האָט איר געפרעגט, צי ס׳זענען דאָ ביי זיי יידישע קינדער?

— כ׳האָב נישט געפרעגט, ווייל כ׳האָב נישט געקאָנט. האָב נישט געוואָלט זיי זאָלן דערקענען אַז איך בין אַ ייד. אָבער מ׳דאַרף שוין נישט זוכן אין אַנדערע ערטער, כ׳בין זיכער אַז דאָס איז דאָרטן, דאָרט געפינען זיך די קינדער. אָבער דאָרט איז דאָ אַ גלח, וואָס אַלע האָבן פאַר אים מורא.

— דאָס וועל איך שוין איינאָרדענען, — האָב איך אים געזאָגט — נו. איר האָט זיך אָנגעהאָרעוועט, זיך אָנגעלאָפן... כ׳וואָלט וועלן אייך באַלוינען...

— פרוי לייטערין, — האָט ער זיך באַליידיקט — זאָל מיך גאָט שטראָפן, צי כ׳וועל פאַר אַזאַ זאַך נעמען אפילו אַ גראָשן. כ׳ווייס דען

נישט אין וואָס דאָ גייט? וואָלט איך דען אַזוי פיל אַרומגעלאָפן פאַר געלט?

— איז אַ האַרציקן דאַנק אייך אין נאָמען פון אונדז אַלע, — האָב איך געשטאַמלט — מירן גלייך פאָרן צו זיי מיט אַ שליטן, און איר וועט טראָגן דאָס קליינוואַרג אויף די הענט, מסכים?

— מסכים, — האָט ער אַ זאָג געטאָן און געכאַפּט אַ קוק אויף זיינע הענט און איז רויט געוואָרן.

— אָבער כ׳ווייס נישט צי איך וועל קאָנען טראָגן קינדער... איך בין נאָך אַ קאַוואַלער, צוליב דער מלחמה האָב איך נישט באַוויזן חתונה צו האָבן...

— איר וועט נאָך חתונה האָבן, איר זענט נאָך יונג, — האָב איך אים געטרייסט און אַ קלאַפּ געטאָן אויף דער פּלייצע מיט סימפּאַטיע.

— פרוי לייטערין, — רוקט זיך דער יונגערמאַן צו צו מיר און זאָגט שטיל — כ׳האָב שוין טאַקע פונלאַנג געוואָלט קומען צו אייך מיט אַ ביטע, נאָר כ׳האָב זיך געשעמט. מיר געפעלט דאָ איינע אַ מיידל פון די דערציערינס, נאָר כ׳ווייס נישט צי זי וועט מיך וועלן. איך האָב געענדיקט אַ שול... פאַר דער מלחמה בין איך געווען אַ בוכהאַלטער...

— ווער איז עס?

— די פון דעם קליינוואַרג.

— וואָס? די פריילין האַנקע?

— ניין, נישט זי, נאָר די צווייטע, וועלכע לערנט דאָס קליינוואַרג, פריילין פאַניע.

— אָ, פריילין פאַניע! גוט, — האָב איך אים צוגעזאָגט — כ׳וועל רעדן מיט איר.

— ווען כ׳וואָלט געקאָנט באַקומען צוזאַמען מיט איר אַ באַשטענדיקע באַשעפטיקונג אין דעם הויז — האָט ער געזאָגט אומדרייסט — וואָלטן מיר געקאָנט חתונה האָבן.

רבונו־של־העולם! אַ באַשטענדיקע באַשעפטיקונג, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, דערמאָנענדיק זיך וועגן אונדזער אַרויספאָר — ביי אונדז יידן אַ באַשטענדיקע באַשעפטיקונג!

— אָ, יאָ, אַלץ וועט זיך גוט איינאָרדענען, — האָב איך געזאָגט, קלאַפּנדיק אים אַ צוויי מאָל אויף דער פּלייצע — נאָר באַמיט זיך פריער צו געווינען דער פריילין פאַניעס סימפּאַטיע.

# דער מאָנאַסטיר אויפן שפּיץ־באַרג

גלייך נאָכן מיטאָג האָב איך אָנגעקלונגען און באַזאָרגט אַ שליטן: „אַ גרויסן שליטן מיט אַ פּאָר פערד צושיקן אין „וואַלד־היים!" האָב איך אַריינגעשריגן אין טעלעפאָן־רערל. כ'האָב געבעטן ביי פרוי פישער, די נייע באַאַמטין, צו פאַרבלייבן אין קאַנצעלאַריע און אַלץ צוהיטן.

שלום האָט שוין געוואַרט אויף מיר ביי דער טיר.

— דער שליטן איז שוין געקומען, — האָט ער מיר מיטגעטיילט.

— איך גיי, איך גיי, — האָב איך אים געענטפערט. אָבער פּלוצים איז מיר עפּעס אַרויף אויפן זינען און כ'האָב צוגעגעבן — וואַרט צו עטלעכע רגעס, איך גיי אַראָפּ אויף אַ ווייל צו פרוי מענליך אין מאַגאַזין.

— איר האָט נאָך אַ ביסל צוקערלעך? — האָב איך זי געפרעגט.

— ס'איז נאָך פאַרבליבן אַ קליין ביסל, — זאָגט פרוי מענליך קווענקלענדיק זיך — די שוועסטער נעמט ביי מיר כסדר פאַר די קראַנקע קינדער, אויסערדעם גיב איך אַרויס יעדן טאָג צוויי־הונדערט־פופציק גראַם פאַר די קינדער וואָס טרינקען פישאייל. ס'זענען דאָ אַזעלכע פערציק קינדער. פישאייל האָט מען אָנגעהויבן צו געבן פון אָנהייב יאַנואַר, איז עס צוזאַמען... — זי האָט זיך פאַרנומען אָפּצוגעבן אַ פּינקטלעכן און קאָמפּליצירטן דין־וחשבון.

אָבער איך האָב נישט קיין צייט געהאַט צו וואַרטן.

— כ'בעט אייך, — האָב איך איר געזאָגט — כ'דאַרף האָבן צוקערלעך פאַר אַכציק קינדער... ניין, ניין, פאַר הונדערט קינדער, — האָב איך פאַרריכט.

פרוי מענליך האָט אויסגעזען בפירוש צו זיין באַזאָרגט.

— איך האָב אָפּגעלייגט צוקערלעך אויף דער פורים־פאַרווײַלונג, ווי איר אַליין האָט מיר געהייסן טאָן, — האָט זי געזאָגט ווי באַליידיקט — מער איז נישטאָ. מיר וועלן אפילו נישט האָבן קיין ביסל צוקערלעך אויף דער ווייטער נסיעה...

— ס'מאַכט נישט אויס, — האָב איך זי אונטערגעאיילט — זייט אַזוי גוט און פּאַקט איין די־אַ צוקערלעך, ווייל דער שליטן וואַרט אויף מיר. און ערגערט אייך נישט, — האָב איך זי געטרייסט — ביז צו דער נסיעה

וועל איך באַקומען אַנדערע. און אפשר איז אין מאַגאַזין דאָ נאָך וואָס פאַר קינדער? אפשר קעיקס אָדער שאָקאָלאַד?

פרוי מענליך האָט זיך באַשיימפּערלעך באַליידיקט.

— מיר האָבן דאָך קיינמאָל נישט געהאַט קיין שום קעיקס, אָט איז די קאַרטאָטעקע. ס׳זענען דאָ עטלעכע טעוועלעך האַרטע שאָקאָלאַד, טראָפּי־קאַלישע, די אַמעריקאַנישע, מיר באַהאַלטן דאָס ווי אַ טייערן אוצר און רירן נישט, נאָר אין דרינגנדיקע פאַלן.

— ביטע, גיט מיר אַ העלפט פון אָט דעם שאָקאָלאַד, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, נישט קווענקלענדיק זיך — דאָס מאָל איז טאַקע אַ דרינגענ־דיקער פאַל. שפּעטער וועט אייך אַלץ קלאָר ווערן. און זאָרגט נישט, — האָב איך צוגעגעבן — וויפל מ׳זאָל נישט געבן אַנדערע, בלייבט נאָך אַלץ דעם געבער מער...

ס׳איז קענטיק געווען, אַז פרוי מענליך איז נישט איבערצייגט געוואָרן — איר קאַרטאָטעקע האָט נישט געשטימט מיט מיינע ווערטער. פונדעסט־וועגן האָט זי איינגעפּאַקט און מיר אַלץ דערלאַנגט.

*

דער שניי האָט געשאָטן אָן אויפהער, און דער פורמאַן האָט געמוזט זיך אָפּשטעלן עטלעכע מאָל, כדי די פערד זאָלן קאָנען אָפּדעכצן. מיר זענען געפאָרן קעגן ווינט, און דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער. כ׳האָב געזען, אַז דער פורמאַן איז נישט זיכער צי ער פאָרט ריכטיק, און זיך גענומען שרעקן, מיר זאָלן נישט פאַרבלאָנדזשען און נישט געפינען דעם מאָנאַסטיר. אָבער מיין מיטרייזנדער, שלום, איז געווען גוט אויפ־געלייגט און זעלבסטזיכער. ער האָט גערעדט מיטן פורמאַן אויפן גוראַלישן דיאַלעקט און אים צוגעגעבן מוט. לסוף איז ער אַריבערגעגאַנגען אויף דער קאָזלע און אים געגעבן אָנווייזונגען מיט אַ טאָן פון אַ באַהאַוונטן טאַטרן־גייער.

— אַהער פאָרט, אַ ביסל לינקס, אָ דאָ הינטערן וועלדל, און דאָרט נאָך אַ ביסל אַרויפצו צום בערגל.

לסוף האָט זיך אויפן האָריזאָנט, ביים ראַנד פון וואַלד, באַוויזן אַ ברייטער דרייקאַנטיקער דאַך, צוגעדריקט צום שיפּוע פונעם באַרג, אַן אַרויפגעזעצטער אויף אַ ברייטער הילצערנער גוראַלישער כאַטע, וועלכע איז ביז איצט דער העלפט פאַרזונקען אין שניי.

— ווי האָט איר, שלום, זיך אַהער דערקליבן אַליין, אַלע וועגן זענען דאָך פאַרשאָטן?

— אינדערפרי איז נאָכנישט געווען אַזאַ שניישטורעם, — האָט ער מיר געענטפערט — און ס׳האָט מיך מיטגענומען אַ גורל, וואָס איז גראָד געפאָרן אַהין נאָך האָלץ.

כ׳האָב אָפּגעטרייסלט דעם שניי פון מאַנטל און קאָפּצודעק, בין אַריינגעגאַנגען אין דעם גרויסן פינצטערן קאָרידאָר, און געבעטן, אַז כ׳וויל רעדן מיט דער הויפּט־מאַנאַכין. מיין באַגלייטער איז געבליבן אויפן שליטן.

ס׳איז צו מיר אַרויסגעקומען די שוועסטער די פאָרטיערין און האָט מיך געפירט אויפן העכערן שטאָק. אין אַ גרויס און פּראָסט צימער, אין סטיל פון די פויערן־גוראַלן. הינטער אַ שרייבטיש פון סאָסנע־האָלץ איז געזעסן די הויפּט־מאַנאַכין, די שטריכן אויף איר פנים — פּראָסטע און שטרענגע, די אויגן — גראָע.

— זאָל זיין געלויבט יעזוס קריסטוס — האָט מיך די מאַנאַכין באַגריסט.

— איך בין אַ ידישקע, — האָב איך איר דערויף געענטפערט.

די מאַנאַכין האָט נישט קיין פינטל געטאָן מיט די אויגן.

— איך בין די לייטערין פון אַן אַנשטאַלט פאַר ידישע קינדער אין זאַקאָפּאַנע. — האָב איך פאַרגעזעצט — כ׳האָב געהערט, אַז ס׳זענען דאָ פאַראַן ביי אייך ידישע קינדער. כ׳וואָלט וועלן זיי נעמען אונטער מיין השגחה.

די הויפּט־מאַנאַכין איז ווייטער געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט אויף דער ברוסט און גאָרנישט געענטפערט.

— איך ווייס אויף זיכער, אַז דאָ זענען פאַראַן ידישע קינדער, האָב איך ווייטער געזאָגט מיט אַ מער ענערגישן טאָן — כ׳האָב וועגן דעם געהערט פון דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט דאָ אונטערזוכט די קינדער. איך בין נישט קיין פּריוואַטע פּערזאָן, כ׳בין אַ פאָרשטייערין פון דעם ידישן קאָמיטעט, וועלכער פאַרנעמט זיך אויף אַ געזעצלעכן אופן מיט די ידישע קינדער. ביטע, אָט זענען מיינע דאָקומענטן, — און כ׳האָב זיי אַנידערגעלייגט אויפן שרייבטיש פאַר דער מאַנאַכין.

זי האָט נישט אַראָפּגענומען די פאַרלייגטע הענט אויף דער ברוסט. זי האָט אַ זאָג געטאָן פעסט:

— די דאָזיקע קינדער זענען שוין געטויפט. דער גלח האָט זײ שוין פונלאַנג געקריסטיקט, און וועט נישט מסכים זײן אַרויסגעבן זײ די ייִדן.

— מיר האָבן שוין געהאַט אַ סך אַזעלכע פאַלן, — האָב איך געענטפערט זעלבסטזיכער — און די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אונדז געגעבן דאָס דערלויבעניש אַרויסצונעמען די ייִדישע קינדער פון די מאָנאַסטירן, ווײל אַ סך ייִדן קערן זיך הײַנט צוריק פון רוסלאַנד, און זײ זוכן זײערע קינדער. מיר מוזן געבן די עלטערן דאָס מעגלעכקײט אָפּצוגעפינען זײערע קינדער, און די קינדער דאָס מעגלעכקײט צו געפינען זײערע עלטערן. די עלטערן האָבן נישט קײן צוטריט צו די מאָנאַסטירן, און מיר העלפן צו. אויף וויפל מיר זענען אימשטאַנד, פּאַראײניקן די ייִדישע פאַמיליעס. איז דען דאָס אין קעגנזאַץ צו יעזוסעס לערע, אויב מיר העלפן אַ קינד צו געפינען זײַנע עלטערן, עס זאָל אויפהערן צו זײַן אַ יתום?

— ריכטיק, — האָט די מאָנאַכין געענטפערט — אָבער די דאָזיקע קינדער זענען שוין קריסטן.

— אין מײַן קינדערהויז איז דאָ אַ היפּשע צאָל קינדער אַזעלכע, וועלכע זענען שוין געטויפט געוואָרן. זײ מאָדליען זיך יעדן טאָג, און קײנער שטערט זײ נישט. איך אַכט די רעליגיעזע געפילן פון די קינדער.

ס׳איז קענטיק געווען, אַז די מאָנאַכין ראַנגלט זיך מיט זיך אַלײן. זי האָט אַוועקגעלײגט בײדע הענט אויפן שרײַבטיש און גענומען עפּעס שרײַבן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. צום סוף האָט זי אים אויפגעהויבן און געזאָגט:

— איך קאָן וועגן דעם נישט באַשליסן. דאָ געפינט זיך דער גלח, וועלכער האָט זײ געקריסטיקט, זאָל ער אַנטשײדן, — זי האָט גלײך אָנגעקלונגען מיטן האַנטגלעקל צו דער שוועסטער דער פּאָרטיערין, איר געגעבן אַ קלײן צעטעלע און אײַנגערוימט עפּעס אין אויער.

— אויסערדעם וועל איך אײַך זאָגן, — האָט זי ממשיך געווען — זענען דאָס וואַרשעווער קינדער. מ׳האָט אונדז עוואַקויִרט אַהער פון וואַרשע, און מיר האָבן נישט קײן רעכט אַרויסצוגעבן קײן שום קינד פון אונדזערע קינדער אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון וואַרשעווער שטאָטראַט.

— גוט, כ׳נעם זיך אונטער דאָס צו דערלײדיקן, — האָב איך גלײך אײַנגעשטימט... — אָבער אַ רגע, אַ רגע, האָב איך זיך פּלוצים דערמאָנט — כ׳האָב דאָך געהאַט קאָנטאַקטן מיט קינדער־אַנשטאַלטן אין וואַרשע אין דער מלחמהצײַט, און פלעג זײ ברענגען די קינדער וואָס כ׳האָב אַרויסגעראַטעוועט פון געטאָ. אויב אַזוי...

— צי וואָלט נישט די שוועסטער אַזוי גוט געווען מיר צו זאָגן, פון וועלכן אַנשטאַלט קומען די דאָזיקע קינדער?

— פון פאַרשידענע אַנשטאַלטן, — האָט מיר געענטפערט די מאַנאַכין, שוין פרייער אַ ביסל — צומיינסטן זענען זיי פון דעם אַנשטאַלט פון גלח באַדוען.

— אַך! — האָב איך אויסגערופן מיט פרייד — דער לייטער פון דאָזיקן הויז, גלח באַדוען האָב איך איבערגעגעבן עטלעכע ייִנגלעך, וואָס כ'האָב געראַטעוועט פון געטאָ אין יאָר 1942. זיי זענען דעמלט אַלט געווען קוים אַ פּאָר חדשים. און אפשר געפינען זיי זיך צווישן די קינדער דאָ! וואָלט איך קאָנען זען די דאָזיקע קינדער?

אין דעם מאָמענט איז אַריינגעקומען די שוועסטער די פּאָרטיערין מיט אַ צעטעלע אין האַנט. די הויפּט־מאָנאַכין האָט אַ קוק געטאָן אין צעטעלע, און איר פּנים האָט זיך אָנגעכמורעט.

— דער גלח ווינטשט זיך נישט מיט אייך צו רעדן, — האָט זי מיר פּשוט אַ זאָג געטאָן. פאַרטראַכט זיך, און דערנאָך צוגעגעבן — ביטע זייער, אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון וואַרשעווער שטאָטראָט קאָנען מיר נישט אַרויסגעבן פונדאַנען אפילו קיין איינציק קינד.

— גוט, — האָב איך געזאָגט — כ'וועל מער אַהער נישט קומען אָן דער פאַרלאַנגטער דערלויבעניש. אָבער צי וואָלט איך נישט קאָנען איצט צומווייניקסטן זען די דאָזיקע קינדער? און צי איז מיר דערלויבט צו וויסן, וויפל זענען זיי דאָ פאַראַן?

— אַ סך קינדער זענען געשטאָרבן בעת דער עוואַקואַציע פון וואַרשע, — האָט זי געענטפערט ווי אויסמיידנדיק. — און די קינדער פון געטאָ כאָווען זיך שלעכט. ס'איז אויך נישטאָ מיט וואָס זיי צו דערנערן, — האָט זי אויסגעלאָזט מיט ביטערניש.

— ווירקלעך, ווירקלעך, — האָב איך אונטערגעכאַפּט — כ'וואָלט וועלן זיי צוטיילן אַ ביסל זיסוואַרג, וואָס אַנדערע קינדער האָבן זיי געשיקט. און אויב די שוועסטער וועט דערלויבן, וועל איך קאָנען, אומאָפּהענגיק פון דעם דערליידיקן דעם ענין אין וואַרשע, שיקן אייך דערווייל אַ זעקל קאָרנ־מעל און קוקורודזע־מעל. צופיל האָבן מיר נישט, אָבער מירן זיך טיילן.

דער מאָנאַכינס האַרץ איז ווייכער געוואָרן, און זי האָט איינגעשטימט מיך אַריינצופירן צו די קינדער, האָט אָבער באַמערקט, אַז דאָס מאָל וועט זי מיר נישט ווייזן די יידישע קינדער. — מירן זיי פריער אויסבאָדן און

זײ אָנקאָרמענען מיט די מעלן, וואָס איר וועט אונדז צושיקן — האָט זי געזאָגט האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט — שוין העכער אַ האַלב יאָר אַז די קינדער האָבן נישט פאַרזוכט דעם טעם פון ברויט.

— און פון וואָס לעבט איר דאָ? — האָב איך געפרעגט דערשראָקן.

— אויסשליסלעך פון אַרבעס, און אַמאָל פון גערשטענע פּלעצלעך, — האָט זי געענטפערט.

מיר זענען פּאַמעלעך אַרױפגעגאַנגען מיט די פּראָסטע הילצערנע שטיגן, און אַרײַנגעגאַנגען אין אַ גרויס צימער אין פּאַרטער, אַ באַפּוצטער מיט איקאָנעס פון הייליקע, וואָס הענגען הויך אונטערן סופיט. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ גרויסער שוואַרצער צלם. אין צימער איז שטאַרק קאַלט געווען. דורך די ברייטע שפּאַרונעס צווישן די בעלקעס פון די ווענט, האָט זיך אַרײַנגעריסן אַ ווינט און געבלאָזן איבער די קעפּלעך פון די קינדער. ווען כ'בין געשטאַנען אויף דער שוועל, האָט דער ווינט שיר נישט אַראָפּ־געריסן מײַן הוט פון קאָפּ.

אין צימער זענען געשטאַנען צוויי שורות הויכע און שמאָלע בענק מיט פּולפּיטן, ווי אין קאָשציאָל. אויף די דאָזיקע בענק זענען געזעסן די קינדער. אייגנטלעך האָט מען אַ סך פון די קינדער נישט אָנגעזען, ווייל זייערע קעפּלעך זענען געווען נידעריקער פון די פּולפּיטן. בלויז די קעפּלעך פון די מער עלטערע קינדער אויף די לעצטע בענק האָבן אַ ביסל אַרויסגעשטאַרצט. ווען כ'בין פאַרבײַגעגאַנגען דורך די שורות, האָב איך געזען, אַז די קינדער זיצן שטאַרק געדיכט און צונויפגעפּרעסט. ממש איינס צוגעקלעפּט צום צווייטן. זיי זענען געווען אין בלויזע העמדלעך, די מײַנסטע באָרוועס. אײניקע ייִנגלעך האָבן געהאַט אויף זיך צעריסענע הייזלעך. זיי האָבן געציטערט פון קעלט. זייערע נעזלעך און פּנימלעך זענען געווען רויט פון קעלט. די קעפּלעך אָנגעגאָלט, אפּנים צוליב דער מכה פון כינים. כ'האָב געזען אייטערנדיקע געשווירן אויף אַ סך קעפּלעך.

אַלע קינדער זענען געזעסן מיט פאַרלייגטע הענטלעך אַרונטער און געקוקט אין איין ריכטונג, צו דער מאָנאַכין וועלכע איז געשטאַנען פאַר זיי אָן אויסגעשטרעקטע אויף דער קאַטעדרע, אין איין האַנט אַ געבעט־בוך און אין דער צווייטער אַ שטעקל. ווען מיר זענען אַרײַנגעקומען, האָט די מאָנאַכין אויפגעהויבן דאָס שטעקל, און אַלע קינדער האָבן זיך אויפ־געשטעלט פון די ערטער. אין זאַל האָט געהערשט פולשטענדיקע שטילקייט, הגם ס'זענען אין אים געווען אַכציק קינדער. די מאָנאַכין האָט גערעדט

צו די קינדער אינגאַנצן שטיל, כמעט שעפּטשענדיק. קלאָר — די דיסציפּלין איז געווען אַ מוסטערהאַפטע.

כ'בין נאָכגעגאַנגען דער הויפּט־מאַנאַכין אין דער ריכטונג צו דער קאַטעדרע, און האָב געזען פון דער נאָענט די שמוציקע און דורכגענעצטע העמדלעך פון די קינדער. די פון קעלט געפּלאַצטע הענטלעך, נאַקעטע, פאַרוואונדעטע פיסלעך און דעם גרינעם ראָץ, וואָס רינט זיי פון די נעזלעך. דאָס שטיין פון די קינדער, מיט די אָפּגעגאָלטע קעפּלעך און אויף הינטן פאַרלייגטע הענטלעך, איז ענלעך געווען צום שטיין פון טורמעניקעס... זיי האָבן געקוקט אויף אונדז מיט שרעק און גלייכצייטיק געכאַפּט אַ בליק צום שטעקל פון דער מאַנאַכין־לערערין צו וויסן וואָס זיי האָבן צו טאָן, ווייטער שטיין, אָדער זיך אַנידערזעצן. די מאַנאַכין־לערערין האָט שפּאָר לאַנג גערעדט מיט דער הויפּט־מאַנאַכין, און די קינדער זענען דערווייל די גאַנצע צייט געשטאַנען, ביז זיי האָבן פאַרענדיקט דעם שמועס. און ווען זיי האָבן געענדיקט האָט זיך די לערערין געוואָנדן צו מיר:

— ביטע זייער, אויב איר ווילט, קאָנט איר אַליין צעטיילן דאָס זיסוואַרג צווישן די קינדער. זיי האָבן שוין לאַנג קיין שום זיסוואַרג אין מויל נישט געהאַט.

זי האָט מיך איבערגעלאָזט מיט די קינדער און איז געגאַנגען באַגלייטן די הויפּט־מאַנאַכין ביז צו דער טיר. דאָרט, אין צווייטן עק פון זאַל, זענען זיי ביידע געבליבן שטיין, מיט די רוקנס צו די קינדער און לעבעדיק גערעדט צווישן זיך. און איך האָב גענומען אויספּאַקעווען דאָס פּעקל וואָס כ'האָב מיטגעבראַכט און געטראַכט צוצוגיין צו יעדן קינד באַזונדער און דעם געבן אַ ביסל צוקערלעך אין הענטל אַריין, אָדער אַוועקלייגן פאַר דעם אויפן פולפּיט. כ'האָב געוואָלט זיי פריער זאָגן עטלעכע ווערטער, האָב אָבער נישט געקאָנט, דער צונג איז מיר צוגעפּאַלן צום גומען. די טרערן האָבן מיר געשטיקט אין האַלדז. כ'האָב קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון מויל. האָב זיך געשראָקן, כ'זאָל נישט אויסשיסן אַ געוויין פאַר די קינדער אין די אויגן. האָב איך באַשלאָסן צו צעטיילן צווישן זיי די צוקערלעך אָן אַ וואָרט צו זאָגן, דערלאַנגען יעדן איינעם זיין חלק אין הענטל אַריין...

און כ'האָב אַזוי אָנגעהויבן צו טאָן... אָבער פּלוצים איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס כ'האָב עס שפּעטער בשום־אופן נישט באַנומען. אין פאַרלויף פון וויניקע עטלעכע מינוט, אין איין הרף־עין... פּלוצים האָבן זיך אַלע

קינדער געטאָן אַ וואָרף אויף מיר, זענען מיר באַפאַלן. דערזעענדיק אין מיין האַנט אַ גאַנצע פּושקע צוקערלעך, האָבן זיי גלייך גענומען זיך אַרויסרוקן פון הינטער די בענק און לויפן צו מיר. די עלטערע קינדער זענען געשפּרונגען איבער די יינגערע, די יינגלעך האָבן אָוועקגעשטופּט די מיידלעך, וועלכע זענען שוואַכער פון זיי, זיי געשטויסן מיט די עלנבויגנס און געשלאָגן... קלענערע קינדער זענען אַראָפּגעפאַלן פון די בענק און געוויינט. די גאַנצע מאַסע עלטערע און שטאַרקערע קינדער האָט געשפּאַרט פאָרויס, האָבן מיר צוגעדריקט צו דער וואַנט, מיר געשלעפּט פאַרן קלייד און פאַרן מאַנטל, אָנגעכאַפּט מיר פאַר די הענט און די פיס, וועלנדיק מיך איינבייגן אָדער אַנידערוואַרפן, אַבי נאָר צו באַקומען די צוקערלעך... כ׳האָב געזען פאַר זיך צענדליקערליידיקע און הונגעריקע הענטלעך, און אַלע זענען אויסגעשטרעקט צו מיר, מיך צו שלעפּן, צו כאַפּן... כ׳האָב געזען קליינינקע פּויסטלעך געשטרעקט צו מיר דראָענדיק, געזען ווילדע אויגן פון קינדער, וואָס זענען אַראָפּ פון זינען צוליב הונגער... האָב געהערט, ווי דורך אַ נעפּל, דאָס געוויין פון די קינדער, וועלכע זענען געפאַלן, צעטרעטן און געשלאָגן געוואָרן... האָב געשפּירט דעם דרוק פון די קינדער אַלץ מער און מער, און ס׳האָט זיך געדאַכט — זיי שטופּן מיך אָוועק וויַיט־וויַיט. ס׳האָט זיך גענומען באַוועגן און וויגן פאַר מיר דער ים פון די אָפּגעגאָלטע, פאַרוווּנדעטע קעפּלעך... ס׳האָט זיך פּלוצים אַ טרייסל געטאָן צוזאַמען מיט מיר דער גאַנצער זאַל מיט די קינדער, מיט די איקאָנעס אויף די ווענט אַרום, דער גאַנצער סופיט האָט זיך אויף מיר אַראָפּגעבויגן, ס׳האָט זיך צעוויגט איבער מיר דער גרויסער און שווערער שוואַרצער צלם, מיך איינגעבויגן און צוגעדריקט צו דער ערד... אַ שוואַרצער נעפּל האָט מיך אַרומגענומען אינגאַנצן — כ׳בין אַנידערגעפאַלן.

ווען איך האָב צוריק געעפנט די אויגן, איז לעבן מיר געשטאַנען די מאַנאַכין־לערערין און האָט געשפּריצט אויף מיר פון אַ גלאָז קאַלטע וואַסער.

— פילט איר זיך שוין בעסער? — האָט זי מיך געפרעגט.

— יאָ, יאָ, — האָב איך געענטפערט — כ׳פיל זיך שוין גוט. וואָס איז דאָ געשען, שוועסטער?

— די קינדער זענען אַרויס פון צווישן די בענק אָן אַ דערלויבעניש, — האָט זי געענטפערט — און האָבן זיך גענומען שלאָגן. אויף אַ רגע טאָר מען זיי נישט איבערלאָזן אָן השגחה. כ׳בין איין רגע שטיין געבליבן ביי דער טיר צו שמועסן מיט דער הויפּט־שוועסטער, און זיי האָבן גלייך אויס־

געניצט דעם דאָזיקן מאָמענט צו מאַכן אַ סקאַנדאַל. וואָס אָן אמת, דאָס איז פאַר זיי אַ גרויסער נסיון די זיסע זאַכן, — האָט זי פאַרענדיקט ווי מיט פירהאַלט פאַר מיר.

כ׳האָב אַ קוק געטאָן איבערן זאַל. ס׳איז ווידער געשטאַנען אין אים אַ פולשטענדיקע שטילקייט. אייניקע קינדער זענען געשטאַנען קניענדיק מיט די פנימער צו דער וואַנט, אַדער געשטאַנען אין אַ ווינקל, די הענט פאַרהויבן אין דער הויך (ווי אַ שטראָף). עטלעכע קליינע מיידעלעך האָבן שטיל געכליפּעט אויף די בענק. צעוואָרפענע צוקערלעך זענען געלעגן אויפן טיש פון דער קאַטעדרע פאַר דער שוועסטער־לערערין. די קינדער האָבן געקוקט אויף זיי, און אַראָפּגעשלונגען שפּייעכץ.

— אפשר ווילט איר, פרוי, אַריינגיין אין צימער פון דער שוועסטער די פאַרטיערין? דאָרט איז דאָ אַ בעט, איר וועט קאָנען זיך אָפּרוען, — האָט די מאָנאַכין געזאָגט.

— ניין, אַ שיינעם דאַנק, — האָב איך אייליק געענטפערט און געפּרוּווט שטעלן אַ טראָט מיט די פיס, וועלכע האָבן נאָך אונטערגעציטערט. — די קאַלטע לופט און דער שניי וועלן מיר העלפן בעסער פון יעדער אַנדער זאַך.

כ׳בין אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן, שווער סאָפּענדיק. מיין באַגלייטער, וועלכער האָט מיך אַפּגעוואַרט ביים שליטן, האָט זיך דערשראָקן ווען ער האָט מיך דערזען.

— וואָס איז דאָרט געשען? האָט מען אייך דאָרט קיין שום בייז נישט געטאָן?

— נאַרישקייטן! — האָב איך געענטפערט — אַלע זענען געווען זייער העפלעך. כ׳האָב פּשוט געחלשט, כ׳בין ווייסט אויס קראַנק.

— וויקלט זיך נאָר גוט איין, — האָט שלום געזאָגט מיט זאָרג — וואָרן ס׳איז ערשט זייער קאַלט. און וואָס איז מיט די קינדער, זיי וועלן זיי אָפּגעבן?

— יאָ, פאַרשטענדלעך. אָבער מ׳וועט פריער פאָרן קיין וואַרשע און באַקומען אַ דערלויבעניש.

— אַך, וועגן דעם האָב איך שוין קיין זאָרג נישט, — האָט שלום געזאָגט מיט שטאָלץ — אונדזער לייטערין וועט באַקומען אַלץ וואָס מ׳דאַרף! גאַזדאַ, — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צום פורמאַן — ערשט פאָרן מיר צוריק אין „וואַלד־וווינונג״!

— ריכטיק, ס׳איז שוין שפּעט, — האָט דער גורל געזאָגט — ס׳פאַלט שוין צו די נאַכט.

# זכרונות

ווען כ׳בין יענעם אָונט געקומען אַהיים, האָט מיר ווײ־געטאָן דער קאָפּ, און כ׳האָב אינגאַנצן געפֿיבערט. בין נישט אַרײַנגעגאַנגען צו די קינדער און נישט אין קאַנצעלאַריע, ווי געוויינלעך, נאָר גלײַך צו זיך אין צימער, וווהין כ׳פֿלעג תמיד אַרײַנקומען נאָר צום שלאָפֿן.

דאָס ערשטע מאָל פֿאַר מײַן זײַן אין זאַקאָפּאַנע האָב איך געהאַט דעם ווילן צו בלײַבן אַליין, קײנעם נישט זען. כ׳האָב אַראָפּגעלאָזט די שטאָרן און זיך געלייגט אין בעט אַרײַן. פֿון אונטן האָט זיך צו מיר דערטראָגן דער אָפּקלאַנג פֿון די טעלער און דאָס געפּילדער פֿון די קינדער ביים אָונט־ברויט. אויבן איז קײנער נישט געווען. אַ דאַנק גאָט, האָב איך געטראַכט, קײנער וועט צו מיר נישט קומען. ס׳וועט זיי נישט אײַנפֿאַלן, אַז כ׳בין אין צימער.

דאָס פֿינצטערניש אין צימער איז אַלץ געדיכטער געוואָרן. הינטער די פֿענצטער האָט געראַשט און געוואָיעט דער ווינט און לײַכט באַוועגט די שטאָרן. אַנטקעגן מײַן בעט האָט געשימערט ווי אַ העלער פֿלעק די טיר. איבער מײַן קערפּער האָט זיך ביסלעכווײַז פֿאַרשפּרייט אַ ווייטיק און אַ שוואַכקייט. דער פֿיבער האָט מיך פֿון מינוט־צו־מינוט אַלץ שטאַרקער דורכ־גענומען, כ׳האָב זיך איבערגעגעבן דעם ווייטיק. און ער איז צו מיר צוריקגעקומען — מיט אַ לאַנגער כוואַליע — ווי פֿון לאַנגע פֿאַרלאָפֿענע יאָרן. ס׳איז צוריקגעקומען יענער ווייטיק פֿון אײנזאַמקייט, דער סאַמע פּערזענלעכסטער, דער טיפֿסטער — וועגן מײַן אייגן קינד...

ווידער האָט זיך אומגעקערט די פֿראַגע, וואָס האָט געשטעקט אין מיר, ווי אַ ווייטוענדיקער האַלצשפּליטער: פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס לעבט נישט מײַן אייגן קינד? ווער איז שולדיק דערין? ס׳איז געבוירן געוואָרן אַ שוואַכס און פֿריצײַטיק, ס׳האָט ווייניק געוווויגן. פֿון וואָס האָט אים געקאָנט צוקומען אויף דער וואָג? כ׳האָב נישט געטרונקען קיין אײן גלאָז מילך אין משך פֿונעם טראָגן, נישט געגעסן קיין אײן פּרוכט, און האָב שווער געאַרבעט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע יאָר פֿון דער מלחמה, פֿאַר דער הערשאַפֿט פֿון די סאָוועטן אין לעמבערג. ס׳איז געווען אַ הונגער, נויט און אַ שווערער ווינטער. כ׳פֿלעג גיין יעדן טאָג צו דער אַרבעט אין בלויזן קלייד, אַ שטרעקע פֿון עטלעכע קילאָמעטער. דאָס מיידעלע איז

געבוירן געוואָרן פריצייטיק, אין זיבעטן, אָדער אכטן חודש. כ׳האָב אַליין נישט געוווּסט גענוי, און אויך די דאָקטוירים האָבן נישט געוווּסט. און פונדעסטוועגן האָט עס געלעבט, און מ׳וואָלט עס געקאָנט דערהאַלטן ביים לעבן. נאָר ס׳איז נישט געווען ווער ס׳זאָל זאָרגן פאַר דעם. אין שפּיטאָל איז נישט געווען קיין וואַטע, נישט קיין מעדיקאַמענטן, און ס׳איז געווען קאַלט. איך בין געלעגן אָן באַוווּסטזיין און האָב גאָרנישט נישט געוווּסט. נישט געוווּסט, אַז ס׳גייט אָן אַ קאַמף פאַרן לעבן פון מיין מיידעלע. איך האָב געוואָלט זיך אַלץ לייכטער מאַכן — געוואָלט שטאַרבן. אָבער איך בין געזונט געוואָרן, און דאָס מיידעלע איז געשטאָרבן.

ווען כ׳בין צו זיך געקומען, איז שוין געווען צו שפּעט. די מילך פון מיין ברוסט האָט אַרויסגעשפּאַרט, אָבער כ׳האָב נישט געהאַט וועמען אָנצוזייגן. לעבן מיר האָבן מאַמעס אָנגעזויגן זייערע קינדער, און איך בין געלעגן אַליין, עלנט. די שוועסטער פלעגן אָפט אַ טעות האָבן: „וואָסער נומער האָט דיין קינד?״ — האָבן זיי געפרעגט. וואָסער נומער, ווען נומער? כ׳ווייס נישט. האָבן דען אויך טויטע קינדער נומערן?

און ער, אָט דער מאַן, האָט דאָס מיידעלע נישט געוואָלט, און געטראַכט נאָר וועגן זיך אַליין. די דייטשן וואָלטן עס סיווי דערמאָרדעט, האָט ער געזאָגט. ס׳איז געווען פאַר אים אַ לאַסט, כ׳האָב עס געוווּסט. אָבער נישט פאַר מיר, פאַר מיר נישט! וואָס איז געשען מיט מיין מיידעלע? האָב איך געפרעגט מיט געוויין. וואָס איז איר געשען? פאַרוואָס איז זי געשטאָרבן? איז זי געשטאָרבן פון הונגער, ווי די אַלע טויזנטער קינדער אין געטאָ? אָדער ווי יענע יתומים דאָרט אויבן, אין מאַנאַסטיר? פאַרוואָס שטאַרבן אַזויפיל קינדער פון הונגער?

מיין מיידעלע האָט געהונגערט נאָך זייענדיק אין מיר, אין מיין אינגעווייד. איך אַליין האָב דאָך גאָרנישט נישט געגעסן, חוץ די עקלהאַפטע זופּ פון קרויט יעדן טאָג. די קאָטלעטן מיט דער קאַשע און די אַנדערע בעסערע געקעכצן האָב איך טאָגטעגלעך אַוועקגעטראָגן פון רעסטאָראַן מיט די געפרוירענע הענט צום מאַן און מיין ברודער. — און דו, לענע? — פלעגט אַמאָל אַ פרעג טאָן דער ברודער. — איך האָב שוין געגעסן, — האָב איך געליגנט. און מיין מאַן — ער האָט בכלל נישט געפרעגט. פאַרוואָס האָב איך אַזוי געהאַנדלט? פאַרוואָס בין איך שטענדיק געווען צו אַנדערע בעסער איידער צו זיך אַליין? דערמיט האָב איך אויסגעהונגערט דאָס קינד אין זיך, און דאָס מיידעלע איז געבוירן געוואָרן אַזאַ שוואַכס, אַזאַ שלאַבעריקס.

װי גוט װאָלט געװען איצט נישט צו זײן, נישט צו לעבן, נישט צו לײדן. גיב מיר, גאָט, כּוח, צו פֿאַרגעסן דאָס אַלץ, פֿאַרגעסן, פֿאַרגעסן...

ביסלעכװײַז איז זיך דער װײטיק צעגאַנגען איבער מיר, פֿון קאָפּ צום האַרץ, און פֿון האַרץ צוריק אַרויף. ער איז זיך צעגאַנגען און געזעצט אין מיר מיט אַלץ שװערערע און מעכטיקערע האַמערס. אַ דאַנק דיר, גאָט אין הימל, האָבן געשעפּטשעט מײַנע ליפּן, װאָס דו האָסט אָנגעשיקט אויף מיר אָט דעם פֿיזישן װײטיק, אָט די־אָ שװאַכקײט און די פֿאַרגעסונג!

שטילער, שטילער, כ׳בין פֿאַרזונקען אין אַ טיפֿן שלאָף.

*

ס׳האָט מיך אויפֿגעװעקט דאָס געריוש פֿון אַ קלײד. לעבן מיר איז געשטאַנען די שװעסטער מיט אַ טערמאָמעטער אין האַנט.

— װי פֿילט איר זיך? — האָב איך דערהערט די פֿראַגע שוין צום צװײטן מאָל הײַנט.

— גוט, נאָר דער קאָפּ טוט אַ ביסל װײ.

— כ׳װעל באַלד שיקן רופֿן דעם דאָקטאָר, — האָט די שװעסטער געזאָגט — נאָר פֿריער אָפּמעסטן די טעמפּעראַטור.

— אין קײן פֿאַל נישט. כ׳בין נישט קראַנק. האָב זיך נאָר צופֿיל אויפֿגערעגט, און דערפֿאַר האָט מיר געכאַפּט אַ קאָפּװײטיק. אַ ביסל זיך אויסגעשלאָפֿן, איז מיר שוין בעסער. איך װיל זיך שוין אויפֿהײבן.

— אָ, דאָס װעל איך אײַך בשום־אופֿן נישט דערלויבן!... װער איז עס דאָ, מירע? — האָט זי זיך מיטאַמאָל אויסגעדרײט צום מײדעלע, װאָס האָט זיך אַרײַנגעגנבעט צו מיר אין צימער אינעם נאַכט־העמדל — װער האָט עס דיר דערלויבט אַרויפֿצוגײן פֿונעם שלאָפֿצימער און אין בלויזן העמדל דערצו?

— װײַל די מאַמע איז אַזוי קראַנק, — האָט מירעלע אַרײַנגעכליפּעט צו דער שװעסטער אין פֿאַרטעך — און איך האָב נישט געקאָנט אײַנשלאָפֿן.

— מירעלע, — האָב איך אויסגעשטרעקט צו איר די האַנט — קום צו מיר, טעכטערל, קום צו מיר אין בעט אַרײַן, װײַל די פֿיסלעך פֿרירן דיר. אָט דאָ, שטעק אַרונטער די פֿיסלעך אונטער דער קאָלדרע. װײן נישט, טאָכטערקע, כ׳בין אינגאַנצן נישט קראַנק. נאָר דער קאָפּ האָט מיר אַ ביסעלע װײ־געטאָן, אָט אַזאַ ביסעלע — האָב איך איר געװיזן אויפֿן שפּיץ פֿון מײַן קלײן פֿינגערל.

— און פאַרוואָס האָט זיך די מאַמע געלייגט אין בעט אַריין און נישט געגעסן מיט אונדז קיין אָוונטברויט, און אַלע קינדער האָבן געמיינט, אַז די מאַמע איז שוין געשטאָרבן?

— אַט זעסטו דאָך, מירעלע, אַז כ'בין נישט געשטאָרבן. און שרעק זיך נישט, איכל נישט שטאַרבן איידער איר וועט ווערן גרויסע־גרויסע, ביז צום סופיט, און איר אַליין וועט שוין האָבן קינדער...

— פאַרוואָס־זשע טומלען די גרויסע קינדער ווען די מאַמע שלאָפט און דער קאָפּ טוט איר וויי? אַז כ'האָב געזאָגט שאולן, די גרויסע זאָלן נישט טומלען, האָבן זיי מיר נישט געהאָרכט, — און זי האָט ווידער גענומען וויינען.

— וויין נישט, מירעלע, וויין נישט. צי ווייסטו, אַז די מאַמע וועט אייך ברענגען נייע קינדער, אָט אַזעלכע קליינע קינדער, און דו וועסט זיין זייער קליינע מאַמע? זעסטו, מירעלע, קיינער ווייסט נאָכנישט וועגן דעם. און דיר האָב איך דערציילט די ערשטע!

— נייע קינדער, נייע קינדער! — האָט זיך מירעלע צעיובלט און געשמייכלט דורך די טרערן.

— און איצטער, מירעלע, גיי שלאָפן צו זיך אין צימער, — האָט איר אַ זאָג געטאָן די שוועסטער און אָנגענומען פאַרן הענטל.

— יאָ, אָבער די מאַמע וועט אויפגעוויס ברענגען די נייע קינדער?

— אויפגעוויס. אויב נאָר דו וועסט גיין שוין שלאָפן.

די שוועסטער איז אַרויסגעגאַנגען מיט מירעלען, און איך האָב זיך אָנגעשטרענגט אויפצושטיין. ס'איז געווען ערשט ניין אַזייגער, כ'וואָלט נאָך קאָנען דערליידיקן אַ סך זאַכן היינטיקן אָוונט. נאָר אין דעם מאָמענט איז די שוועסטער צוריקגעקומען אין צימער און, דערזעענדיק אַז כ'טו זיך אָן, אַ זאָג געטאָן:

— פרוי לייטערין, איך דערלויב אייך בפירוש נישט זיך אויפצוהייבן פון בעט. איר זענט איבערגעמאַטערט און דאַרפט האָבן עטלעכע טעג אורלויב און רו.

— שוועסטער, — האָב איך איר געזאָגט — מיר וועלן זיך שוין אויסרוען אין אויסלאַנד. און ערשט דאַרף איך איינאָרדענען אַ דרינגענדיקע און זייער וויכטיקע זאַך, און אויב איר דערלויבט מיר נישט אַראָפּגיין אונטן, מוז איך צונויפרופן דעם פּערסאָנאַל אַהער צו זיך אין צימער.

אין אַ פערטל שעה אַרום זענען אַלע אָנגעשטעלטע געזסן אין מיין

צימער אויף די שטולן וואָס יעדער איינער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט. כ׳האָב זיי געשילדערט די גאַנצע זאַך קלאָר און בקיצור. האָב אויסגעדריקט מיין מיינונג, אַ נאָך היינט ביינאַכט דאַרף מען פאָרן קיין וואַרשע, כדי צו ברענגען יענע דערלויבעניש. איך בין גרייט געווען אַליין צו פאָרן, אָבער די שוועסטער און אַלע דערציערינס האָבן זיך אַנטשידן קעגנגעשטעלט. האָט זיך געשטעלט די פראַגע, ווער זאָל פאָרן שטאָט מיר. די פרויען האָבן זיך פרעגנדיק איבערגעקוקט. אין אַ וויַיל אַרום האָט זיך אויפגעשטעלט צעשיע און געזאָגט:

— איך בין גרייט צו פאָרן אַנשטאָט דער לייטערין. כ׳קאָן זיין גרייט אין אַ האַלבע שעה אַרום.

— אויסגעצייכנט, — האָב איך געזאָגט מיט פרייד — דער צוג גייט אַרויס ערשט עלף צוואַנציק. וועל איך דערוויַיל אָנשרייבן די נייטיקע בריוו און צוגרייטן די אַדרעסן און טעלעפאָן־נומערן, וואָס מ׳וועט זיי אפשר דאַרפן. איך בין זיכער, אַז איר וועט די זאַך דערליידיקן אויפן בעסטן אופן. קודם זאָלט איר גיין צום יידישן צענטראַל־קאָמיטעט. און אויב זיי וועלן עס נישט איינאָרדענען מיט דער געוווּנטשענער שנעלקייט, וועט איר גיין דירעקט צום מיניסטעריום פון סאָציאַלער הילף, צו פרוי שעראַדזקאַ, מיט אַ בריוו פון מיר. אויסערדעם זאָלט איר אַנקלינגען צו דער סעקרעטאַרין פון דעם קולטור־מיניסטער, דער מיניסטער איז מייַנער אַ אוניווערסיטעט־קאָלעגע. ס׳איז נישטאָ וואָס איבערצוטראַכטן, איר וועט אַלץ דערליידיקן.

כ׳בין פאַרבליבן אין צימער און נישט אַרויסגעגאַנגען דעם גאַנצן אָוונט. האָב געהאָרכט ווי אין הויז ווערט אַלץ רויקער און שטילער. האַלב עלף אַזייגער איז פרוי צעשיע געקומען נעמען די בריוו און אַנדערע אָנווייזונגען. אין אַ נעט פוטערל און קליין פיין פוטער־היטעלע אויפן קאָפּ האָט זי אויסגעזען ווי אַ יונג מיידל. מיט איר פאַרריסן נעזל, רויקע בלאָע אויגן און העלע האָר־לאָקן, וואָס שטאַרצן אַרויס פון אונטערן פוטער־היטעלע האָט זי אויסגעזען ווי אַן אמתע אַריערין. אין יענע צייטן איז אַזאַ אויסזען געווען אַ שוץ און פאַרזיכערונג פאַר יעדן וואָס פאָרט מיט דער באַן...

— איר זעט אויס זייער שיין, — האָב איך איר געזאָגט — ווי אַ שילערין, און נישט ווי אַ מאַמע פון צוויי קינדער.

— דאָס איז דאָס נייע פוטער, וואָס מיין שוויגער האָט מיר געבראַכט, — האָט זי זיך אַ דריי געטאָן אויפן קנאַפּל, איך זאָל עס באַטראַכטן — מיין שוויגער ווייסט וואָס אויסצוקלייבן, און געדענקט מיין מאָס אויף אויסנווייניק...

נאָך איר אַוועקגיין בין איך אַנדידערגעפאַלן אויף דעם קישן אַ פּאָר־מאָמענטן. כ׳האָב זיך געשראָקן, ס׳זאָל זיך צו מיר נישט אומקערן די פריערדיקע מחשבות און קאָשמאַרן. ס׳איז שוין געווען נאַכט, און איך בין געווען אָפּגעשלאָסן אין מיין צימער. כ׳האָב געוואָלט אויפשטיין, צוגיין צום פענצטער, אויפהייבן די שטאָרן, אָפּדעקן אַ שטיקל הימל, די שטערן. אָבער אַן אויסטערלישע שוואַכקייט האָט מיך צוגעבונדן צום געלעגער. כ׳האָב נישט געקאָנט אויפשטיין. האָב געשפּירט אַ טעמפּן דרוק אין די אויגן און אין פּנים. און אַז כ׳האָב פאַרמאַכט די אויגן, איז דער דרוק און דער ווייטיק גרעסער געוואָרן. איך האָב זיך אַ ווייל איבערגעגעבן דער דאָזיקער שוואַכקייט, און ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך זינק אַראָפּ צוזאַמען מיטן בעט טיף, טיף, נידעריקער, נידעריקער... כ׳האָב פעסט פאַרמאַכט די אויגן און אַריינגעקוועטשט דאָס פּנים אין דעם קישן — ביז כ׳בין איינגעשלאָפן.

צומאָרגנס איז געווען אַן אַרבעטסטאָג. פרוי פעלינסקאַ האָט זיך פון אינדערפרי אָן אַרומגעדרייט, ווי אַ פלייסיקע בין צווישן די קינדער. האָט געפּאָרשט זייער געמיט־צושטאַנד, געוואָלט דערלערנען זייער לעבן, זייער באַציִונג צו די דערוואַקסענע, צו דער אַרבעט, צו די לימודים, צו זיך אַליין. די דאָזיקע פרוי איז געווען פאַר מיר אַן אוצר, אַן אוצר פון וויסן. ווען די צייט וואָלט זיין אַ נאָרמאַלע, האָב איך געטראַכט, וואָס פאַר אַ פּרעכטיקע מיטאַרבעטערין איך וואָלט געקאָנט האָבן אין דער דאָזיקער רויקער און קלוגער פרוי מיט די גלאַט־פאַרקעמטע האָר. אַזוי אָבער בין איך געצוווּנגען אויסצובאַהאַלטן פאַר איר אַלץ און זי נאָך אָפּצונאַרן מיט מיין ביטע אַריינ־צוליינן אַרבעט אין דעם קולטור־צימער, וואָס וועט עקזיסטירן העכסטנס צען טעג.

נאָכן מיטאָג האָב איך זיך געגרייט צו האָבן אַ לאַנגן פּעדאַגאָגישן שמועס מיט פרוי פעלינסקאַ, אָבער אומגעריכט זענען געקומען צוויי געסט פון וואַרשע. איינע איז געווען פרוי דונקל, די פרוי פון דעם מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע, מיט איר יינגל, און די צווייטע — איר קאָלעגין פרוי בלאַס, די פרוי פון בונדישן פאָרשטייער אין קאָמיטעט, וואָס איר שטיפטאָכטער איז געווען אין אונדזער אַנשטאַלט. דער דאָזיקער באַזוך איז געווען פאַר מיר אַ שטאַרקער קלאַפּ, כ׳האָב זיך געשראָקן, טאָמער זענען זיי געשיקט געוואָרן אַהער אונדז נאָכצושפּירן. אויסערדעם איז פרוי דונקל געקומען ווי עמעץ וואָס קומט אין אַ פּענסיאָנאַט און האָט געפאָדערט

פאַר זיך מיט איר ייִנגל ספּעציעלע באַדינגונגען, וואָס איך האָב איר נישט געקאָנט אָנטקעגנקומען.

כ'האָב באַשלאָסן אָפּצוציִען זייער אויפמערקזאַמקייט אין אַן אַנדער ריכטונג און זיי פאַרגעשטעלט אַ פּלאַן פון וווּנדערלעכע אויספלוגן אין דער געגנט פון זאַקאָפּאַנע. הוצדעם האָב איך געבעטן פרוי בראָניע, זי זאָל זיי צורעדן צו גיין מיט איר אין די לאָקאַלן, אויף דאַנסינגען, כדי זיי זאָלן לענגער שלאָפן אינדערפרי און אונדז נישט פאַרדרייען קיין קאָפּ, מיר זאָלן קאָנען זיך צוגרייטן צום אַרויספאָר.

פונדעסטוועגן איז נאָך די חשובע דאַמען פאַרבליבן גענוג צייט אַלץ צו זען און אין אַלץ זיך אַריינמישן, וואָס האָט פאַרשאַפט דענערווירונג מיר און אַלע אָנגעשטעלטע. אויסער דעם האָט זיך פרוי בלאַס נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט איר שטיפטאָכטער, יועלכע איז געווען ביי מיר צוזאַמען מיט איר ניאַניע, אַ פּאָלקע, זי האָט ליב געהאַט נאָר די ניאַניע און נישט צוגעלאָזט צו זיך די שטיפמאַמע. פרוי בלאַס האָט מיך געבעטן, איך זאָל אינטערווענירן אין דעם ענין, כ'האָב איר נישט געקאָנט אָפּזאָגן דעריין, פאַרשטענדלעך. אַזוי האָבן זיך אין יענער צייט אָנגעהויפנט ענינים אויף ענינים.

ווען כ'האָב זיך ענדלעך אין אָוונט אַנידערגעזעצט מיט פרוי פּעלינסקאַ צו האָבן מיט איר אַן אינטערעסאַנטן שמועס, האָט פּלוצים גענומען קלינגען דער טעלעפאָן. „אַ צווישנשטאָטישער פון וואַרשע" — האָט געמאָלדן די טעלעפאָניסטן — „כ'בעט נישט פאַרשליסן!" — „לענאַ?" — האָב איך פּלוצים דערהערט אַ שטים אין טעלעפאָן — „לענאַ?".

כ'האָב נישט געענטפערט. נישט געקאָנט ענטפערן. שוין אַ סך יאָרן האָב איך נישט געהערט די דאָזיקע שטים. איז עס מעגלעך? איז עס באמת זיין שטים? ניין, דאָס איז נישט מעגלעך — כ'האָב געוואָלט אָפּטרייבן פון זיך דעם דאָזיקן קאָשמאַר — מ'האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז ער איז אומגעקומען בעת אַ באָמבאַרדירונג... ס'איז נישט מעגלעך, ס'איז נישט מעגלעך, אַז ער איז צוריקגעקומען... פון יענער וועלט?...

דערווייל האָט די שטים ווייטער גערעדט אין טעלעפאָן: „דאָס בין איך, אַלבערט. כ'בין צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד. האָב דאָרט געאַרבעט. כ'בין נישט צוריקגעקומען אַליין. מיט איר צוזאַמען. כ'וויל זיך זען מיט דיר".

— „יאָ. זיך זען" — האָב איך נאָכגעזאָגט ווי אַ ווידערקול, נישט טראַכטנדיק, אין רער אַריין — „זיך זען"...

אויף וואָס פאַר אַן אופן וואָלט איך געקאָנט זיך זען מיט דיר ?" — האָט די שטים געפרעגט מיט עקשנות.

— ביטע, זעצט זיך, — האָט מיר פרוי פעלינסקאַ אונטערגערוקט אַ שטול — איר פילט זיך נישט גוט, ווייזט אויס. איך וועל דערווייל אַרויסגיין.

„גוט" — האָב איך אַריינגערעדט אין טעלעפאָן — „איך בין אין זאַקאָפּאַנע, אין „וואַלד־ווינונג". האָב אַ סך אַרבעט, פאַר אינערגעץ נישט אַרויס".

„כ'וועל קומען מאָרגן אין אָונט" — האָט די שטים געזאָגט — „כ'האָב זיך נאָר־וואָס צוריקגעקערט פון דער אַרבעט אין דייטשלאַנד".

— מיר קאָנען פאַרזעצן אונדזער שמועס, — האָב איך געזאָגט צו פרוי פעלינסקאַ, געפינענדיק זי אין נייעם קולטור־צימער.

— און אפשר זאָלן מיר אָפּלייגן דעם שמועס אויף מאָרגן ? — האָט פרוי פעלינסקאַ געזאָגט, אַ קוק טוענדיק אויף מיר.

— ס'איז גלייכער מיר זאָלן פאַרזעצן היינט, — האָב איך געענטפערט — מאָרגן איז דאָ אַ סך נייע אַרבעטן, און איר ווילט צוריקפאָרן קיין וואַרשע.

— ריכטיק, — האָט זי געענטפערט — צום שפּעטסטן מוז איך איבער־מאָרגן אָנהייבן די אינספּעקציע אין אָטוואָצקער אַנשטאַלט, און כ'וואָלט נאָך וועלן פריער זיך אָראָפּכאַפּן אַהיים.

## די „באַבאַליאַקעס" קומען !

אויף מאָרגן אינדערפרי איז צוריקגעקומען פרוי צעשיע. זי איז געווען זייער פאַרמאַטערט, ווייל זי האָט פאַרבראַכט צוויי נעכט נאָכאַנאַנד אין צוג. און אין דעם טאָג צווישן די צוויי נעכט ווידער, איז זי אַרומגעלאָפן איבער וואַרשע, כדי איינצואָרדענען דעם ענין פון דער דערלויבעניש. פונדעסט־וועגן איז זי געווען אויפגעלעבט, צעשמייכלט און גליקלעך.

— איך האָב דאָס דערלויבעניש ! — האָט זי אַ געשריי געטאָן נאָך פון דער שוועל און מיר דערלאַנגט דעם צונויפגעלייגטן בויגן פּאַפּיר.

— ווונדערבאַר, אויסגעצייכנט ! — האָב איך זיך דערפרייט — פרוי צעשיע, איר זייט אַ בריה, אַ שיינעם דאַנק אייך ! — האָב איך איר גערדריקט

ביידע הענט — האָט איר דאָס אַלץ דערליידיקט דורכן צענטראַל־קאָמיטעט?

— ווייס איך וואָס, זיי האָבן זיך ערשט גענומען גרייטן עס צו דער־ליידיקן, אָבער דאָרט איילט מען זיך נישט, — האָט זי געזאָגט מיט שפּאָט — זיי האָבן צייט. און איך האָב זיי דאָך נישט געקאָנט דערציילן, פאַרשטייט זיך, פאַרוואָס מיר האָבן נישט קיין צייט צו וואַרטן... זיי האָבן מיר פאַר־געלייגט, כ׳זאָל אָנשרייבן אַ ביטע און זי איבערלאָזן ביי זיי. האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן אַ סך אַזעלכע ענינים, און די רעגירונג מאַכט אַלץ מער שוועריקייטן. בכלל איז דאָרט אַזאַ ביוראָקראַטיזם, אַ ליאַדע קלייניקייט — איז דאָקומענטן און פּאַפּירן. ווי ווייט דאָרט איז פון דער אָרדענונג ביי אונז אין הויז! — האָט זי געזאָגט מיט שטאָלץ — כ׳בין געווען גליקלעך, ווען כ׳בין פון דאָרט אַוועק.

— אויף וואָס־זשע פאַר אַן אופן האָט איר עס דערליידיקט?

— כ׳בין געגאַנגען צו פרוי שעראַדזקא אין מיניסטעריום פאַר סאָציאַלער הילף, מיטן בריוו וואָס איר האָט מיר געגעבן. און פרוי שעראַדזקאַ האָט עס דערליידיקט. כ׳בין געזעסן ביי איר אין ביוראָ, און זי האָט געשיקט דעם קוריער אומעטום ווו מ׳דאַרף. צי איז זי אַ יידישקע אויף אַרישע פּאַפּירן, די פרוי שעראַדזקאַ?

— ניין, — האָב איך איר געענטפערט — זי איז אַן אמתע פּאָלקע. כ׳האָב מיט איר געאַרבעט אין דער מלחמהצייט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. זי איז געווען אַ שוועסטער אין פּוילישן רויטן קרייץ, און האָט נישט איין יידיש קינד אַרויסגעפירט מיט איר אויטאָ פון געטאָ.

— אַך, אַזוי! — האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווי מ׳וואָלט איר פאַרענטפערט אַ רעטעניש.

— און ערשט גייט שלאָפן — האָב איך געזאָגט — ווייל גלייך נאָכ־מיטאָג וועלן מיר פאָרן נעמען די באַבאַליאַקעס (כ׳האָב צום ערשטן מאָל באַנוצט דאָס וואָרט, וואָס האָט זיך שפּעטער איינגעוואָרצלט אויף אַ לאַנגער צייט).

נאָכמיטאָג זענען מיר געפאָרן צום מאַגאַסטיר מיט אַ שליטן, אַ באַלאַ־דענעם מיט לעבנסמיטל. פרוי מענליך האָט דאָס מאָל אַרויסגעוויזן ברייט־האַרציקייט און אַן אָפענע האַנט: האָט מיר אַרויסגעגעבן אַ זאַק קאָרנמעל, צוויי קליינע זעקלעך קוקורודזע־מעל, אַ האַלבן זאַק צוקער, אַ ביסל בוימל אין בלעכענע פּושקעס און נאָך לעבנסמיטל. „כ׳וועל אַרויסגעבן ווייניקער פאַר דער קיך, — האָט זי דערקלערט — פרוי בראַניע מוז נישט פירן די

קיך מיט אַזאַ ברייטער האַנט״. כ׳האָב מיט זיך גענומען אויך אַ ביסל געלט — מיינע אייגענע צען טויזנט זלאָטעס (וועלכע כ׳האָב אָפּגעלייגט אויף צו קויפן זיך שיך מיט כאַליעוועס).

כ׳בין געפאָרן אַ גליקלעכע. ווען איך וואָלט געבליבן דאָ אין זאַקאָפּאַנע, האָב איך געטראַכט, וואָלט איך פשוט גענומען אויף זיך צו באַזאָרגן די דאָזיקע קינדער. איך וואָלט אַרויסבאַקומען פאַר זיי מער ווי בלויז אַרבעס...

ס׳איז געווען אַ זוניקער טאָג, וואָס האָט שימערירט מיטן ווייסן שניי. שלום און פרוי צעשיע זענען געפאָרן מיט מיר, מוטיקע און פריילעכע. מיר האָבן גענומען דעם גרעסטן שליטן, וואָס האָט זיך געפונען אין זאַקאָפּאַנע. שלום האָט געגעבן דעם פורמאַן אַנווייזונגען מיט אַ טאָן פון דערפאַרענעם פירער, וואָס אים איז באַקאַנט יעדעס שטעטל. דער גאַזדע האָט געוואָר־טשעט מיט אָנערקענונג — הממם־הממם. פרוי צעשיע האָט אַריינגעלאַכט אין דער מופטע אַריין.

— שלום האָט זיך נעכטן אין אָוונט דערקלערט דער פריילין פּאַניע, — האָט זי מיר אַריינגערוימט אין אויער — אָבער זי קאָן זיך נאָכנישט באַשליסן.

— ווען האָט איר באַוויזן אָנצוזאַמלען די דאָזיקע ידיעות? — האָב איך זי געפרעגט — איר האָט דאָך געדאַרפט ביזן מיטאָג שלאָפן.

— כ׳בין בכלל נישט געשלאָפן, — האָט זי געענטפערט — ביי אונדז אין צימער איז אַזאַ באַוועגונג, אַז בייטאָג איז דאָרט אוממעגלעך צו שלאָפן. אַלע גרייטן זיך צום אַרויספאָרן.

שמועסנדיק אַזוי וועגן די צוויי דאַמען־געסט פון וואַרשע, וואָס זייער אַנוועזנהייט שטערט אונדז אין די צוגרייטונגען, און וועגן דעם שיינעם וועטער, וואָס וועט זיך אפשר פאַרערגערן און פאַרטרייבן די־אָ דאַמען פון זאַקאָפּאַנע, — האָבן זיך די פאָרנדיקע פערד פאַרהאַלטן פאַרן מאָנאַסטיר, און דער פורמאַן האָט זיך איבערגעצלמט מיט גרויס יראת־הכבוד.

כ׳האָב געבעטן שלומען צו העלפן דעם פורמאַן אַראָפּנעמען די לעבנס־מיטל, און איך מיט פרוי צעשיע און דער שוועסטער דער פאָרטיערין זענען אַרויפגעגאַנגען אויבן.

— כ׳האָב אייך געבראַכט די דערלויבעניש, הויפּט־שוועסטער, — האָב איר געזאָגט נאָך דער באַגריסונג.

— אַזוי שנעל? — האָט זי זיך פאַרוווּנדערט.

— יאָ, פֿרוי צעשיע איז בײַנאַכט געפֿאָרן קײן װאַרשע און האָט די זאַך אײַנגעאָרדנט אין פֿאַרלױף פֿון אײן טאָג.

די מאַנאַכין האָט אױפֿמערקזאַם דורכגעלײענט דעם דאָקומענט.

— כ׳קום באַלד צוריק, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, אַרױסגײענדיק מיטן פּאַפּיר אין האַנט.

— איך װאָלט זיך געשראָקן צו פֿאָרן אַהער אַלײן, — האָט מיר פֿרוי צעשיע געזאָגט שטילערהײט — ס׳איז דאָ אַזױ אומעטיק, און די מאַנאַכין איז אַזױ שטרענג און אַנגעכמורעט.

— זי איז נישט אַזױ שרעקלעך, — האָב איך געזאָגט — זײ לעבן דאָ אין שרעקלעכער נױט, און נױט מאַכט אַנגעכמורעט. קוקט אײַך אַרום.

די שװעסטער איז אַ שפּאָרע צײַט נישט צוריקגעקומען. כ׳האָב גענומען זיך באַומרויקן. צעשיע איז געזעסן אַן איבערגעשראָקענע.

— זײ קאָנען נאָך צערײַסן דעם דאָקומענט, — האָט זי אַ זאָג געטאָן.

— איך גלײב אין זײער ערלעכקײט, — האָב איך געענטפֿערט.

ענדלעך האָט זיך די שװעסטער אומגעקערט מיט אַ בלאַס פּנים און פֿאַרפּרעסטע ליפּן.

— פֿאַרפֿאַלן, — אויב ס׳איז פֿאַראַן אַ דרוק און אַ באַפֿעל פֿון אויבן, קאָנען מיר קעגן דעם גאָרנישט טאָן. אָבער די דאָזיקע קינדער זענען שױן געװאָרן געקריסטיקט און דערצױגן אין קאַטױלישן גלױבן.

— װיפֿל זענען דאָ אַזעלכע קינדער? — האָב איך אַ פֿרעג געטאָן.

— דרײַ ײִנגלעך, — האָט זי געענטפֿערט.

— כ׳האָב נישט אױסבאַהאַלטן מײַן אַנטױשונג.

— איך װײס, אַז בײַם גלח באַדױען זענען געװען מער װי דרײַ ייִדישע קינדער, — האָב איך געזאָגט — און ס׳זענען אױך געװען מײדלעך.

— דער גלח באַדױען לעבט שױן נישט, — האָט זי געענטפֿערט שטרענג און קורץ — מיר האָבן אונדזער אײגענעם גלח. אַ סך קינדער זענען אומגעקומען. מיר האָבן אַ סך פּורעניותן דורכגעלעבט אין װאַרשע.

— שװעסטער, — האָב איך געזאָגט דעליקאַט — אױך איך האָב געלעבט אין װאַרשע, און פֿאַרשטײ אַלץ. און די פּורעניותן האָט איר נישט נאָר דורכגעלעבט, נאָר לעבט זײ נאָך איבער. דעריבער זײַט נישט ברוגז אויף מיר, װאָס כ׳האָב אײַך געבראַכט אַ ביסל לעבנסמיטל. דער פֿורמאַן און אײנער פֿון אונדזערע מענטשן נעמען זײ אַראָפּ פֿון שליטן, — האָב איך איר אָנגעװיזן דורכן פֿענצטער — די לײדן פֿון די קינדער האָבן מיך אַזױ גערירט, אַז אױפֿן צװײטן טאָג פֿון מײַן װיזיט בײַ אײַך בין איך

קראַנק געוואָרן. אַלע מיינע יאָרן בין איך געווען צווישן קינדער, געאַרבעט מיט קינדער, — האָב איך געשטאַמלט כדי צו געבן דער מאַנאַכין צייט גובר צו זיין איר אומווילן — איך האָב ליב קינדער און, באמת, ס׳איז מיר נישט קיין אונטערשיד צו וועלכער אמונה זיי געהערן און פון וועלכער נאַציע זיי שטאַמען. און אויך דאָס וואָלט איך וועלן שענקען פאַר די קינדער, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, אַרויסנעמענדיק די צען טויזנט זלאָטעס און אַנידערלייגנדיק אויפֿן טיש — און איך בעט אייך, איר זאָלט מיר נישט אָפּזאָגן, ווייל דאָס איז אַ מתנה פאַר הונגעריקע קינדער. כ׳וועל נאָך שיקן אַהער אַ ביסל הלבשה... מירן זיך טיילן מיט דעם וואָס מיר האָבן.

די מאַנאַכין איז געזעסן אויף איר אָרט אַ פאַרווונדערטע און צעמישטע. דער אויסדרוק פון איר פּנים איז ווייכער געוואָרן. צעשיע האָט געקוקט אויף איר און אויף מיר מיט טרערן אין די אויגן.

— אַ דאַנק, — האָט זי געענטפערט — צוליב דעם שווערן הונגער וועל איך נישט אָפּזאָגן. מיר האָבן נאָך דאָ צוויי מיידעלעך פון יידישער אָפּשטאַמונג,ביידע זייער שוואַכע, — האָט זי צוגעגעבן.

— אַ שיינעם דאַנק, שוועסטער. זענען דאָס שוין אַלע יידישע קינדער?

— יאָ, אַלע, — האָט זי געענטפערט, און כ׳האָב געזען, אַז זי זאָגט דעם אמת.

די שוועסטער האָט מיר אָנגעשריבן אַ קבלה אויפֿן געלט און איז מיט מיר אַראָפּגעגאַנגען אונטן. צעשיע איז געגאַנגען הינטער אונדז.

— צי וועל איך קאָנען נעמען די קינדער איצט? — האָב איך געפרעגט.

— נאַטירלעך, — האָט זי מיר געענטפערט — צוליב דעם טאָקע גיי איך אַראָפּ אונטן, איך זאָל הייסן זיי אַרומוואַשן און אָנטאָן.

— מ׳דאַרף נישט, מירן זיי איינוויקלען אין דעקעס און זיי נעמען אויף די קני.

— ניין, — האָט זי געענטפערט פעסט — מיר וועלן אָנטאָן די קינדער מיט דעם וואָס זיי האָבן. וואָס ס׳איז זייערס, וועלן זיי מיטנעמען מיט זיך.

— גוט, — האָב איך מסכּים געווען — מיר וועלן עס צוריקשיקן מיט דער אַנדערער הלבשה. צי זענען איך באַקאָנט די נעמען און פאַמיליע־נעמען פון די דאָזיקע קינדער?

— ניין, מיר ווייסן נישט, — האָט געענטפערט די שוועסטער — זיי האָבן נאָר די נעמען און פאַמיליענעמען, וואָס מ׳האָט זיי געגעבן בעתן קריסטיקן.

— און זײער עלטער װײסט איר?

— דאָס װײסן מיר אױך נישט, — האָט זי געענטפערט — דרײַ פון זײ זענען אַלט בערך צו דרײַ יאָר, און צװײ בערך צו פינף יאָר.

זי איז אַרײַנגעגאַנגען אין דער גרױסער סאַליע, און מיר האָבן געװאַרט בײַ די שטיגן אין קאָרידאָר. פרוי צעשיע האָט געװאָלט כאַפּן אַ קוק אינעװײניק, אָבער איך האָב זי אָפּגעהאַלטן.

— גלײַכער איר זאָלט נישט קוקן. ס׳האַרץ װעט אײַך צופּיל װײ טאָן דאָס אָנצוקוקן. מחמת געװױנהײט בין איך אַרױסגעגאַנגען אינדרױסן צו זען אױב אַלץ איז געהעריק אַראָפּגענומען געװאָרן. דער גורל האָט אַראָפּגענומען דעם לעצטן זאַק. װען כ׳האָב זיך פון דאָרט צוריקגעקערט מיט צעשיען — האָט די שװעסטער די דערציערין געפירט די קינדער. אַ קלײן שװאַרץ מײדעלע האָט זיך אײַנגעעקשנט און נישט געװאָלט גײן, נישט אױפגעהערט צו װײנען. אַ קלײן ײנגעלע מיט אַ ײדיש פּנימל האָט אױך אונטערגעכליפּעט און הױך געשנײַפּט מיטן נעזל. די איבעריקע קינדער האָבן געקוקט אױף אונדז מיט דערשראָקענע בליקן. די קינדער זענען געװען אײַנגעאַנצן אָנגעטאָן אין שװאַרצע שמאַטעס. ס׳האָט זײ אַלע גערונען פון די נעזלעך. די שװעסטער װאָס האָט זײ געפירט האָט אונדז נישט געקוקט אין די אױגן אַרײַן. דאָס שװאַרצע װײנענדיקע מײדעלע האָט איר נישט געװאָלט אָפּלאָזן.

כ׳האָב אַ רוף געטאָן שלומען און דעם גורל, און מיר האָבן גענומען די קינדער אױף די הענט. נאָר אײן „עלטער" ײנגל איז געגאַנגען פאָרױס אַ צופרידענער. די קלײנע האָבן אױסגעזען װי אָנדערהאַלבניעריקע און נישט װי דרײַ־יעריקע, און די „גרױסע" — װי דרײַ־יעריקע, און נישט װי פינפיעריקע. איך האָב גענומען אױף די הענט דאָס װײנענדיקע מײדעלע. כאָטש איר פּנימל איז געװען אַ גרױס און קײלעכיקס, איז איר גאַנץ קערפּערל געװען אַזױ דריבנע און אױסגעצערט, אַז מיר האָט זיך געדאַכט, כ׳טראָג אױף די הענט אַ קלײן סקעלעטל.

— װאָס שנעלער אַהײם! — האָב איך אַ געשרײ געטאָן צום גאַזדע, װי כ׳װאָלט זיך געשראָקן פאַר די קינדער, טאָמער שטאַרבט אָװעלכס אױפן װעג.

מיר זענען צוריקגעפאָרן אַהײם מיט די קינדער אױף די שױסן, גוט־גוט אײַנגעװיקלטע. די קינדער האָבן דעם גאַנצן װעג געװײנט. װען מיר זענען אַהײמגעקומען, איז געװען אַרום אַ שעה פאַרן אָװנטברױט. די ערשטע האָט אונדז דערזען דורכן פענצטער, פאַרשטײט זיך, מירעלע.

— די מאַמע ז׳געקומען, די מאַמע, די מאַמע! — האָט זי גענומען שרייען מיט אַלע כוחות — די מאַמע מיט די נייע קינדער! — און גלייך איז זי אַראָפּגעלאָפן און אַרויס אינדרויסן. אויך אַנדערע קינדער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך איר מיט פריידיקע געשרייען.

דערווייל זענען מיר שוין אַריינגעגאַנגען אין הויז מיט אונדזערע אומ־באַהאָלפענע „פעקלעך" אויף די הענט. די קינדער, צעמישטע און דער־שראָקענע פון דער דאָזיקער טרויעריקער פּראָצעסיע זענען גלייך שטיל געוואָרן. אויף די שפּיץ פינגער זענען זיי געגאַנגען הינטער אונדז אַרויף צום איזאָלאַציע־צימער.

— שטילער! — האָט מירעלע אַ שעפּטש געטאָן מיט טרערן אין די אויגן — די מאַמע טראָגט קראַנקע קינדער! מ׳טאָר נישט שרייען, ווייל זיי וועלן נישט געזונט ווערן!

ס׳איז געקומען די שוועסטער, און מיר האָבן גענומען אַרויסוויקלען די קינדער פון די דעקעס. כ׳האָב געזאָגט דער שוועסטער, אַז מ׳דאַרף זיי געבן אַ ביסל וואַרעמע מילך און חלה מיט פּוטער.

— אַנטשולדיקט, דערווייל גאָרנישט געבן, — האָט זי געזאָגט — אַזעלכע אויסגעהונגערטע און אָפּגעמאַטערטע קינדער מוז מען דערנערן פאָרזיכטיק און ביסלעכווייז, ווי אונדז נאָכן לאַגער. אַנישט, קאָנען זיי קראַנק ווערן און שטאַרבן. כ׳גיי אַראָפּ אונטן אָנטעלעפאָנירן צום דאָקטאָר און אים פרעגן וועגן דעם. דערווייל וועל איך זיי אַרויפשיקן אַ ביסל שוואַך געצוקערטע טיי מיט צעריבענע עפּל.

די שוועסטער איז אַראָפּגעגאַנגען, מירעלע און אַנדערע קינדער האָבן זיך אַריינגעשטופּט אין איזאָלאַציע־צימער. מירעלע איז צוריקגעלאָפן אין איר צימער און האָט געבראַכט צוויי צוקערלעך אין אַ שטיקל פּאַפּיר (זי האָט זיי באַקומען צום טרינקען דעם פּיש־הייל) און עס דערלאַנגט דעם איינציקן קינד, וואָס איז געשטאַנען אויף די פיסלעך. דאָס קינד האָט עס זשעדנע אַ כאַפּ געטאָן און גענומען נאָגן. דערווייל זענען געקומען אויך אַנדערע קינדער, יעדער מיט זיין מתנה אין האַנט. עליע פון דער ראַבקער גרופּע האָט געבראַכט זיין מיליטערישע פייפל מיטן גרינעם בענדעלע, סטאַשעק, דער „ראָצער" אַ מעסערל אָן קלינגלעך, זאָשע אַ קליינע ליאַלקע — איר ליאַלקע מיט דער בלאָער קאָקאַרדע אויפן קאָפּ, לילי האָט אַנידער־געלייגט אויפן בעט דאָס נעגערל מיטן צוגעקוועטשטן נעזל.

— מאַמע, די־אַ קינדער װעלן שױן בײַ אונדז בלײַבן שטענדיק? — האָט געפרעגט לושיע פֿון דער מיטליעריקער גרופּע.

— איר װילט, זײ זאָלן בלײַבן?

— אװדאי װילן מיר! האָט זי געענטפֿערט.

— מאַמע, איכל זי טראָגן אויף די הענט, — האָט געזאָגט ציפּורה, אַנװײַזנדיק אויף אײנע פֿון די מײדעלעך — װי הײסט זי?

— אלוסיא, — האָב איך געענטפֿערט.

— מאַמע, און פֿאַרװאָס זענען זײ אַזױ אױסגעמאָגערט און שװאַרץ? — האָט מירעלע געפֿרעגט מיט שרעק, זיך צודריקנדיק צו מיר.

— װײַל זײ האָבן נישט געהאַט װאָס צו עסן.

— און איצטער, קינדער, שױן גײט אַרױס פֿונדאַנען! — האָט הױך אַ זאָג געטאָן די שװעסטער, אַרײַנבריענגענדיק טײ מיט צעריבענע עפּל. — מ׳דאַרף ערשט אױסבאָדן די קינדער און אַרומבאַנדאַזשירן זײערע געשװירן.

— שװעסטער, איכל העלפֿן! — און איך! — און אויך איך — האָבן זיך אַלע קינדער געריסן.

— ס׳װעלן בלײַבן נאָר אַלגע און מאַרילקע פֿון די גרױסע מײדלעך.

— שװעסטער, נאָך מיך אײנע, — האָט זיך געבעטן ציפּורה פֿון די מיטליעריקע. די שװעסטער איז איר אַנטקעגנגעקומען:

— מסכים. אָבער קודם װאַשט גוט די הענט.

— זײ האָבן זײ גוט צו רעכט געמאַכט, אָט די גלהים, — האָב איך דערהערט באַליעקס הױכע שטים — נאָך אַ ביסל װאָלטן זײ די קינדער אַװעקגעשיקט אױפֿן עולם־האמת, צו די מלאָכים.

— מ׳האָט אויך מיך אין דער מלחמהצײַט געװאָלט אַרײַנגעבן אין אַ מאָנאַסטיר, — האָט זיך ראובן צו אים אָנגערופֿן — אָבער כ׳האָב געמאָלדן, אַז כ׳װעל אַנטלױפֿן, האָט מען מיך צורו געלאָזט. דאָס ערגסטע פֿון אַלץ איז אַ מאָנאַסטיר.

— און אָט די נאַרישע מײדלעך שליסן זיך נאָך אָפּ אין זײער צימער און מאָדליען זיך. — האָט געזאָגט באַליעק.

— מ׳װאָלט זײ געדאַרפֿט שיקן זיך אַ ביסל צוצופּילנעװען בײַ אָט דעם באַבאַלאַן — האָט אים ראובן געענטפֿערט — װאָלטן זײ זיך שױן אױס־געלערנט צו זײַן גוטע קריסטינס...

# ער

דעם זעלבן אָוונט האָט געזאָלט קומען צו פאָרן אַלבערט, מיין מאַן. דאָס איז געווען אַ פרייטיקצונאַכט אַ פייערלעכער. די קינדער האָבן ווידער געגעסן אין אונדזער שיינעם, באַגלאָזטן עס־זאַל. די טישן זענען געווען יומטובדיק געגרייט: ליכט, חלה, פיש. אַלע קינדער, אַרומגעוואַשענע און אויסגעקעמטע, שמעקן מיט זייער זויבערקייט. אַלץ איז אַרומגענומען מיט ווייסקייט, לויטערקייט און מנוחה... מ׳האָט געוואַרט בלויז אויף מיר.

אין די פרייטיקצונאַכט־אָוונטן, פאַר דער סעודה פלעג איך געוויינ־לעך דערציילן פאַר די קינדער אַ לעגענדע, אַ מעשהלע פון חומש, אָדער גלאַט עפּעס אַ צוגעטראַכטע זאַך. אַ זאַך פון שטימונג, וואָס איז אַרויסגע־פלאָסן פון אונדזער אַלעמענס שותפותדיקן געפיל, דאָס געפיל פון קעגנזיי־טיקער אָנגעהעריקייט פון מיר מיט די קינדער. די קינדער האָבן ליב געהאַט די דאָזיקע מאָמענטן, פלעגן וואַרטן אויף זיי. אין די־אַ מאָמענטן פלעגן זיי שפּירן מיין איבערגעגעבנקייט צו זיי, אונדזער פולשטענדיקע געמיינזאַמע פאַרייניקונג.

אויך יענעם אָוונט האָב איך געזאָלט קומען צו זיי, ווי געוויינטלעך, זיך געפינען צווישן זיי און עפּעס דערציילן, ווי געוויינטלעך... אָבער כ׳בין נישט געקומען, כ׳האָב נישט געקאָנט...

יענעם אָוונט האָט געזאָלט קומען מיין מאַן. דער וואָס האָט פאַראַטן מיין ליבע. וועלכער האָט מיך פאַרלאָזן אין אַן עת־צרה. דער פאָטער פון מיין טעכטערל, וואָס ער האָט עס נישט געוואָלט. ער האָט געזאָלט קומען, גלייך ווי צווישן אונדז איז גאָרנישט נישט געשען, ווי ס׳קומט אַ מאַן צו זיין ווייב, נאָכדעם ווי ער איז אַ שטיקל צייט נישט געווען... און מיר האָבן זיך דאָך צעשיידט אויף אייביק, יענעם טאָג ביי דער פאַמיליע פאַלסקי. צעשיידט זיך אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן. און אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט מען מיר געזאָגט, אַז ער איז אַוועק צו איינער אַ דייטשקע, כדי זיך צו ראַטעווען. צי האָט עס מיר דעמאָלט וויי געטאָן? ניין, כמעט גאָרנישט. כ׳האָב עס נישט באַטראַכט פאַר אַ פאַראַט. דער פאַראַט איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער האָט מיך פאַרלאָזט אין אַ מאָמענט, ווען כ׳האָב זיך געפונען אין נויט, הונגער, קראַנקהייט, סכנה, און מיר נישט געהאָלפן דערמיט וואָס ער איז אימשטאַנד

געווען מיר צו העלפֿן. און דעמלט, ווען מײַן אײַנגעווייד פּלעגט זיך קרעמפּן מחמת הונגער, האָט ער דאָס וואָס פּלעגט בלײַבן איבעריק, אַרויסגעוואָרפֿן אויפֿן מיסט. האָט נישט געזאָרגט וועגן מיר, קיין איין מאָל זיך נישט נאָכ־געפֿרעגט וואָס איך מאַך. נישט געוואָלט ראַטעווען, נישט מיך, קיינעם נישט אויסער זיך אַליין... דאָס קאָן מען נישט פֿאַרגעסן... טאָר מען נישט פֿאַר־געסן!...

פּרײַטיקצונאַכטס, אַ יומטובדיקער טיש, און די קינדער וואַרטן אויף מײַן קומען... און איך קאָן צו זיי נישט קומען, ווײַל איך וואַרט אויף מײַן מאַן. איך קאָן נישט רעדן צו זיי, ווײַל איך רעד אין געדאַנק די גאַנצע צײַט צו אים.

— — — — — — — — — — — — — —

— די לערערין פֿילט זיך נישט גוט, — האָט די שוועסטער דערקלערט אין זאַל אויף אַ קול — זי בעט זייער, איר זאָלט הײַנט עסן אָן איר. איר זאָלט לײַטיש אָפּעסן און לײַטיש גיין שלאָפֿן.

— ניין, ניין! — האָבן די קליינע געטופּעט מיט די פֿיסלעך — מיר ווילן נישט עסן אָן דער מאַמען, מיר ווילן עסן נאָר מיט דער מאַמען!

— שטילער! — האָט זיך שאול אויפֿגעשטעלט פֿון אָרט — אַז די לערערין איז נישט געזונט, דאַרף זײַן שטיל אין זאַל.

די קינדער ווערן שטיל. און פּלוצים הייבט אָן מירעלע צו וויינען.

אויך איך וויין. דאָס פּנים אין מײַנע דלאָניעס, כ׳זיץ אַליין אין קאַנצע־לאַריע און וויין. כ׳וויין אויף מײַן גורל, אויף מײַן גליק, וואָס דער דאָזיקער מענטש האָט צעשטערט, אויף מײַן גלויבן אין דעם מענטשן, וואָס דער דאָזי־קער האָט עס בײַ מיר צוגערויבט, און וויין דערויף וואָס ער איז ווידער געקו־מען צו מיר, צוצונעמען בײַ מיר דאָס גליק, וואָס איך האָב זיך איצט אַליין געשאַפֿן. אָ, ניין, אַלבערט! דאָס וועט זיך דיר אַ צווייט מאָל נישט אײַנגעבן! וועסט שוין אין מיר מער נישט געפֿינען די ליבנדיקע און אונטערטעניקע פֿרוי. כ׳בין שוין נישט מער יענע פֿרוי, וואָס דו האָסט אַמאָל געקענט — אַ פֿרוי ווי אַלע פֿרויען, אַ מאַמע פֿון אָן אייגן געבוירן קינד. הײַנט בין איך אַ מאַמע פֿון אַ סך קינדער, און כ׳וועל דיר נישט דערלויבן צו צעשטערן זייער גורל, ווי דו האָסט צעשטערט מײַן אייגענעם.

צוועלף אַזייגער בײַנאַכט קלינגט דאָס גלעקל בײַ דער אַרײַנגאַנג־טיר. כ׳הייב זיך שווער אויף פֿון אָרט און עפֿן די טיר. דאָס איז ער. ער קושט

מײַנע הענט, ער נעמט מיך אַרום. מײַן האַרץ קלאַפּט װי אַ גלאָק, װאָס אין נאָך אַ רגע װעט עס פּלאַצן. אַ שוידער לויפט פאַרבײַ מײַן לײַב, װען ער רירט מיך אָן. איך כאַפּ אַרום מיט איין בליק זײַנע מאַנצבילישע געזיכטשטריכן, פולע מיט ענערגיע, דעם שײנעם קאָפּ, װי אויסגעהאַקט פון מאַרמאָר, זײַן הויכע, מאָגערע פיגור, אַ נאָך שלאַנקערע װי פריער. פאַרװאָס, גאָט מײַנער, האָסטו באַשאַפן אין דאָזיקן מענטשן אַזאַ קאָנטראַסט פון שײנקייט און עגאָיזם גלײַכצײַטיק? פאַרװאָס נאַרסטו אָפּ, אַנטױשסט מענטשלעכע הערצער, דו, דער מקור פון אמת און האַרמאָניע?

אַלבערט זיצט אין קאַנצעלאַריע און דערציילט:

— כ'האָב זיך אומגעקערט פון דײַטשלאַנד. װוּנדערסט זיך אַוודאי, פאַרװאָס אַזוי שפּעט. װײַל די װעגן זענען נאָכנישט געװען קײן זיכערע. כ'האָב בעסער געװאָלט זײַן באַהיטעװדיק. נישט ריזיקירן. כ'בין געװען אין אַ דײַטשישן לאַגער. האָב געאַרבעט אַלס פּאָליאַק. ס'האָט מיר גאָרנישט נישט געדראָט, נאָר עסן איז געװען װייניק.

אַלבערט דערציילט אויספירלעך, מיט אַ צופרידענעם טאָן, װי אַ מאַן אַ װײַב. אָבער אַלץ װעגן זיך. װעגן מיר האָט ער נאָכנישט קײן פראַגע געטאָן (װי געװײנלעך!). כ'שלאָג אים איבער:

— אפשר ביסטו הונגעריק? כ'װעל אַראָפּגײן אונטן און עפּעס אָנװאָ־רעמען פאַר דיר. — אַלבערט קרעמפּירט זיך:

— נײן, אַ דאַנק דיר. כ'האָב געהאַט אַ ביסל געלט, װאָס איז מיר געבליבן פון דער רײַזע (פראַנקע האָט מיר געבאָרגט), בין איך אַרײַנגעגאַנגען אין באַן־רעסטאָראַן און האָב געקויפט װורשט מיט ביר. האָב געטראַכט, אַז דאָ איז אוודאי דאָס עסן אַ קינדערישס, קאַשעס און דעסגלײַכן...

— אָך, אַזוי... פאַרשטײ איך... איז אפשר װעסטו מיר דערלויבן אַרײַנגײן אין דאָקטאָר־צימער, דאָ דאַלעבן, און דיר אויסבעטן אַ געלעגער. דאָס איז בײַ אונדז אַ צימער פאַר געסט.

— אַזוי איז עס... — אַלבערט ציט אַרויף די ברעמען אַן אַנטױשטער, — ריכטיק, כ'האָב פאַרגעסן דיר צו זאָגן... אָבער פאַרשטײסט עס אַוודאי אַלײן... כ'בין נישט צוריקגעקומען פון דײַטשלאַנד אַלײן, נאָר מיט איר... כ'האָב אַנ־דערש נישט געקאָנט — פאַרענטפערט ער זיך — זי האָט דאָך מיך געראַטע־װעט... זי האָט איבערגעלאָזט איר שעפף, דעם דײַטש, איבערגעלאָזט די עלטערן און איז געפאָרן מיט מיר אין לאַגער אין דײַטשלאַנד. און איך מוז זיך נאָך פאַר דיר מתודה זײַן — און דאָ לאָזט ער אַראָפּ די שטים — אַז זי האָט מיר

דאָרט געבוירן אַ קינד. אָבער ס'איז געשטאָרבן, — אָטעמט ער אָפּ מיט פאַרלײַכטערונג — יאָ, ס'איז געשטאָרבן. און ערשט בין איך פרײַ. קאָן זיך אומקערן צו דיר.

אַלבערט האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיראָס און אים דענערווירט אָנגעצונדן.

— דו רייכערסט? — האָט ער זיך דערמאָנט אַ פרעג צו טאָן.

— אַ דאַנק דיר. דערווײַל — נישט.

אַ געדיכטער רויך פון אַ ביליקן פּאַפּיראָס קרײַזלט זיך איבערן צימער. אַלץ ווערט פאַרנעפּלט און פאַרטונקלט צוליבן דאָזיקן רויך. איך דריי אַוועק דעם קאָפּ צום פענצטער. איך זע דעם גרויסן און שווײַגנדיקן ריז — דעם גיעוואָנט. כ'קוק זיך אײַן אין דעם דאָזיקן פאַרשטײנערטן באַרג און בין אים מקנא — אויף זײַן אייביקן שווײַגן. ווען וועל אויך איך ענדלעך פאַרוואַנדלט ווערן אין שווײַגעניש, אין מנוחה? ווען וועל איך אויפהערן קעמפן און — בלוטיקן?

איך דריי זיך פּאַמעלעך אויס און ווענד זיך צו אַלבערטן.

— אַלבערט, — זאָג איך — דו געדענקסט ווי מיר זענען זיך צעגאַנגען ביי דער פאַמיליע פאַלסקי? גלײַך נאָך דעם ביסטו אַוועק צו אַ צווײַטער פרוי...

— כ'האָב קיין אַנדערן אויסוועג נישט געהאַט. דאָס איז געווען די ערגסטע צײַט פאַר די יידן וואָס האָבן געלעבט אויף אַרישע פּאַפּירן. כ'האָב זיך געמוזט ראַטעווען.

— דאָס איז געווען די ערגסטע צײַט אויך פאַר מיר... וועגן דעם האָסטו נישט געטראַכט. אָבער לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן. כ'האָב צו דיר גאָרנישט פאַר דײַן גיין צו אַ צווייטער פרוי. האָסט געהאַט דאָס רעכט זיך צו ראַטעווען...

— אויב דו האָסט צו מיר גאָרנישט צוליב דעם, — אָטעמט ער אָפּ מיט פאַרלײַכטערונג — שטייט דאָך אייגנטלעך צווישן אונדז גאָרנישט.

— האָסט אַ טעות. אַלץ שטייט איצטער צווישן אונדז. ווײַל דו האָסט מיך פאַראַטן אַ סך ערגער ווי דער פאַראַט פון אַ מאַן צו זײַן ווײַב. האָסט מיך פאַראַטן ווי אַ מענטש אַ מענטשן. האָסט מיך פאַרלאָזן אין אמתן הונגער, אין יאוש, אין סכנה... האָסט געוואָלט ראַטעווען בלויז זיך אַליין, און דערפאַר ביסטו אַנטלאָפן צו אַ צווייטער פרוי — און איצטער לאָזטו זי איבער פּונקט אַזוי, אָט די צווייטע... ס'איז דײַן פליכט זאָלסט זיך אומקערן

צו איר, מיט איר חתונה האָבן — און איצט איר העלפן, ווי זי האָט דיר געהאָלפן בעת דיר האָט געדראָט דער טויט.

— אָבער איך האָב זי נישט ליב, האָב זי קיינמאָל נישט ליב געהאַט. כ׳בין געגאַנגען צו איר מחמת נויט, און ווייל זי האָט מיך ליב געהאַט. דו ביסט מיין ווייב, און נישט זי. און נאָר דיך האָב איך ליב.

— האָסט מיך קיינמאָל נישט ליב געהאַט און האָסט מיך נישט ליב. האָסט ליב נאָר זיך אַליין.

אַלבערט האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז געווען בלאַס, אויפגערעגט, זיינע ליפּן האָבן געצוקט דענערווירט. איז צוגעגאַנגען צום קרוג און זיך אָנגעגאָסן אַ ביסל וואַסער. דערנאָך האָט ער טיף אָפּגעאָטעמט און געזאָגט:

— ווען דו וואָלסט זיין אַ מאַנצפּאַרשוין, וואָלט איך געוווּסט ווי מיט דיר זיך אָפּצורעכענען... אָבער כ׳ווייס, אַז פון דיר רעדן אַרויס בלויז דער באַליידיקטער כבוד און די ווייבערישע אייפערזוכט... דערפאַר לייג איך דיר פאָר וואָפנשטילשטאַנד. לאָמיר פאַרגעסן אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען מלחמה־צייט. לאָמיר אָנהייבן דאָס לעבן פונסניי. מינאַ איז אַ דייטשקע, און זי קאָן פון מיר גאָרנישט פאָדערן.

— איך האָב שוין מיין לעבן אָנגעהויבן... אָן דיר.

— מיט וועמען?

— אָט מיט די קינדער.

— דאָס איז לעכערלעך. פאַרוואָס דאַרף דיר דער דאָזיקער פאָסטן שטערן אין פאָרזעצן אונדזער פאַמיליע־לעבן?

— פאַר מיר איז דאָס נישט קיין פאָסטן! די דאָזיקע קינדער זענען מיינע קינדער, און איך בין זייערע. זיי פאַרלאַנגען מיך אינגאַנצן, מיין גאַנצע ליבע, אַן אומצעטיילטע — כדי זיי זאָלן קאָנען געזונט ווערן און זיך אומקערן צום לעבן. און קיין שום מענטש האָט נישט דאָס רעכט זיך צו שטעלן אין וועג צו זייער געזונט ווערן און אומקערן צום לעבן. און ווייניקער פון אַלע, דו — דער מאַן, ביי וועלכן צוויי קינדער, פון צוויי ווייבער, זענען ביי אים געשטאָרבן.

— אָבער לענע! — האָט זיך אַלבערט דערנענטערט צו מיר — פונוואַנען נעמען זיך צו דיר אַזעלכע אויסטערלישע געדאַנקען? און די דאָזיקע באַשולדיקונגען? דערמאָן זיך נאָר וויפל יאָרן מיר האָבן געלעבט צוזאַמען... האָסט מיך ליב געהאַט... און אויך איך האָב דיך תמיד ליב געהאַט. כ׳האָב געבענקט נאָך דיר אין דייטשלאַנד... פאַרוואָס זאָלן מיר נישט ווייטער לעבן ווי אַ מאַן און ווייב?

— ס׳איז שוין צו שפּעט פֿאַר ליבע און פֿאַמיליע־לעבן. דו האָסט אַלץ אָװעקגעהרגעט. כ׳האָב איצטער אַן אַנדערע ליבע אין מײַן לעבן, אַ װיכטי־קערע ליבע.

די טיר האָט לײַכט אַ סקריפּ געטאָן, אַלבערט איז געבליבן אַלײן.

## געסט און מוזיק

צו מײַן אומגליק איז אַלבערט געבליבן, און דאָס הױז האָט געהאַט אַ נײַע סענסאַציע. „דער לײטעריִנס מאַן איז געקומען צו פֿאָרן!״ האָט זיך פּלוצעם געלאָזט הערן דאָס נײַעס צװישן די קינדער און אָנגעשטעלטע. די פּאַראַלמנהטע װײַבער האָט אַרומגעכאַפּט אַ גײַסטיקע דערשיטערונג.

— װען מײַן מאַן װאָלט זיך אַזױ פּלוצעם אומגעקערט! — האָט די שײנע פֿרױ סטעלאַ געװײנט פֿאַר פֿרױ בראַניע — איך זאָג דיר, דאָס איז געװען נישט קײן מענטש, נאָר ממש אַ מלאך! אױף די הענט האָט ער מיך געטראָגן. כ׳האָב נישט געװוּסט, װאָס הײסט אַרבעט... און ערשט מוז איך די פֿיס פּטרן אױף די זאַקאָפּאַנער װעגן!

— שװײַג, דו נאַר אײנער! — האָט אױף איר פֿרױ בראַניע זיך געבײ־זערט — הער אױף װײנען! אַ פֿרױ מיט אַזאַ פֿיגור, פּנים און מאַניערן װי דײַנע, קאָן הײַנט מאַכן אַ הונדערט מאָל גרעסערע קאַריערע װי פֿאַר דער מלחמה... אָט דאַרף הײַנט קומען צופֿאָרן אינזשעניער ראַפּעל... זעסטו... אים, אָט דעם אינזשעניער, כאַפּ... ער האָט אַ פֿאַך און אַ טיטול, און אין נאָך אַ יאָר, צװײ װעט ער זײַן אַ רײַכער מענטש... איך קען זײ, די ראַפּעלס... האָבן אַ חוש פֿאַר געשעפֿטן... דאָס לעבן דאַרף מען כאַפּן מיט כוח מיט ענערגיע! װײַל אַז נישט, װעלן אַנדערע אַרױף אױבן, און דו אַראָפּ אונטן! מײנסט, אַז איך באַדױער נישט מײַן מאַן, מײַן עמילן? ער איז דאָך געװען לױטער זײַד... אַ לעגענדע, נישט קײן מענטש! נאָר װאָס װעט מיר העלפֿן דאָס װײנען? כ׳װעל אים צוריק לעבעדיק מאַכן? אָבער צוליב דעם װעל איך זיך נישט אָפּזאָגן פֿון לעבן און גליק! איך האָב מיר שױן מײַנעם אַ פּלאַן... װען מיר װעלן אַרױספֿאָרן פֿון לאַנד מיט דער באַן — װעל איך זיך אַראָפּכאַפּן קײן מינכען... דאָרט לעבט מײַנער אַן אַדוואָקאַט פֿון מיט פֿינף און צװאַנציק יאָר צוריק... און אױב ער װעט מיט מיר נישט חתונה

האָבן — איז מיין גאָמען נישט בראָניע! ב׳גוואַלט וועל איך אים שלעפּן צו דער חופּה! און די לייטערין איז אויך אַ טיפּשה, — האָט בראָניע ווייטער גערעדט מיט התלהבות — זי האָט אַזאַ דערפאַלג, און נוצט עס נישט אויס. כ׳האָב איר שוין אַזויפיל מאָל צו פאַרשטיין געגעבן, אַז דאָקטאָר ראַפּעל איז פאַר איר אַן אויסגעצייכנטע פּאַרטיי... ער האָט שוין געלט, און אין אַ יאָר און צוויי וועט ער האָבן נאָך מער... און ער איז דאָך פאַרקאָכט אין איר ביז משוגעת! און זי פאַרדרייט זיך גאָר אַ קאָפּ אָט מיט דעם מאַלינסקין... וואָס פאַר אַ מאַנצפּאַרשוין איז ער? ווייס איך וואָס, אַ פּאַר געפּרעסטע הויזן! און איצט אָט דער מאַן אירער... איך קען אים נישט אינגאַנצן. אָבער כ׳האָב געהערט, אַז ער איז געקומען הויל־נאַקעט... און קיין האָניק האָט זי ביי אים פריער אויך נישט געלעקט... דאָס איז פאַר מיר געגנוג, איך זאָל אים בכלל נישט אַריינגעמען אין חשבון...

— ער איז דאָך אַ זייער פיינער מאַנצפּאַרשוין... מיט פיינע מאַניערן... און זי טראַקטירט אים...

— אַזעלכע זאַכן דערצייל מיר נישט, סטעלאַ! איך פאַרשטיי זיך דערויף גוט... זי באַציט זיך צו אים טאַקע קאָרעקט, הונדערט פּראָצענט, אָבער דאָס איז שוין אַ ביסעלע צו פיל ווי צו אַ מאַן... דערפאַר טראַכט איך: פון דעם קאָרן וועט קיין ברויט נישט זיין... וועסט זעען וואָס דאָ וועט זיך נאָך טאָן ביי אונדז... ווייל אויך דאָקטאָר ראַפּעל וועט דאָ זיין, און אָט דער מאַן... און אויך מאַלינסקי קאָן אומגעריכט אַריינפאַלן...

ווען דאָס ריישעכץ צו דער זופּ וואָלט נישט געווען צוגעברענט ווערן, וואָלט נאָך פרוי בראָניע זיכער געווען ווייטער אויסגעלייגט אירע אָנשויונגען און נביאותן ביזן סוף.

*

אויך צווישן די קינדער האָט זיך געפילט אַן אומרויִקייט. די עלטערע האָבן געקאָנט וועגן דעם רעדן אָפן.

— וואָס וועט איצטער זיין מיט אונדז? מירן אַרויספאָרן פונדאַנען?

— האָט געפרעגט מאיר.

— מיך אינטערעסירט עס נישט, — האָט געבורטשעט שאול — דאָס מאָל וועל איך שוין נישט רעזיגנירן. אויב איר וועט פונדאַנען נישט אַרויס־פאָרן, וועל איך אַנטלויפן און פאָרן אַליין.

— אַז די לייטערין האָט געזאָגט, מירן פאָרן, וועלן מיר זיכער פאָרן, — האָט זיך אָנגערופן דער זעלבסטזיכערער וויקטאָר — איך פערזענלעך האַלט זי פאַר אַ מענטש מיט האָנאָר.

— די לייטערין באַציט זיך צו אונדז געפילסמעסיק ווי אַ מאַמע, — האָט זיך אָנגערופן דוד דער שוויגער.

— אַך, באַמי זיך נישט צו רעדן צו אונדז מיט אַזאַ הויכן סטיל, ווייל דו קאָנסט נאָך די ציין צעברעכן. איר האָט געהערט? „באַציט זיך געפילס־מעסיק״?!

די מיידלעך האָבן זיך העפטיק אַרומגעקריגט, און באַזונדערס אָלגע (די באַרעדעוודיקע) מיט דער שטאָלצער מאַרילקע:

— און איך זאָג דיר, אַז אַ מאַנצפּאַרשוין איז אַ מאַנצפּאַרשוין, כ׳וויס וואָס דאָס הייסט. ביי אונדז אין שטוב, אַז דער טאַטע האָט געזאָגט איין וואָרט, האָבן אַלע געמוזט אים געהאָרכן. די מאַמע איז אומגעקומען, ווייל זי האָט אים נישט געוואָלט פאָלגן. מיר זענען געבליבן לעבן, ווייל מיר האָבן אים געפאָלגט. דערפאַר, ווי די לייטערין זאָל אונדז נישט ליב האָבן, וועט זי נישט קאָנען בלייבן מיט אונדז. דער מאַן איז אויפן ערשטן אָרט.

— און איך זאָג דיר, אַז זי וועט בלייבן מיט אונדז, — האָט געזאָגט מאַרילקע.

— אָבער פאַרוואָס? פאַרוואָס? — איז איר אָלגאַ געשפּרונגען אין די אויגן אַריין.

— ווייל איך זאָג אַזוי...

— אָהאָ, וויכטיקע זאַכן, מאַרילקע זאָגט! — האָט זיך אָלגאַ געכעסט און צוגעווירצט מיט גראָבע רייד, ווי איר שטייגער איז געווען — די לייטע־רין וועט קומען מיט דיר זיך אַן עצה האַלטן...

— קריגט איך נישט אַרום, — האָט די געזעצטע לילקע געפּרוווט זיי באַרויקן — אַלץ וועט זיך אויפקלערן... און דו, אָלגאַ, וואָלסט געטאָן זייער גוט, ווען דו רוימסט אויף דיינע שמאַטעס פון בעט, ווייל ביי דיר איז דער מיסטקאַסטן אַ כראָנישער.

*

דער גלאָק האָט געקלונגען צום מיטאָג. די קינדער לויפן פון די שטיגן און שטעלן זיך ביים אַריינגאַנג אין עס־זאַל. אויך איך האָב זיך געלאָזט צום עס־זאַל... כ׳בין געגאַנגען פאַרביי די קינדער, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זייערע בליקן בויערן מיך דורך מיט זייערע פראַגן...

אין זאַל, אין דער גלעזערנער נישע, האָבן שוין געוואַרט אויף מיר

אַלבערט און אַנדערע געסט. און כ׳האָב געדאַרפט זיצן מיט זיי... און פאַרביי־גיין דעם גאַנצן עס־זאַל, כדי צו זיי צוצוקומען.

ס׳איז מיר שווער געווען אַפילו אַ שמייכל צו טאָן צו די קינדער. ערשט די סאַמע קלענסטע האָבן מיך באַוויזן דערזען. דאָרט, ביי זייער טיש איז עפּעס פאָרגעקומען: די קליינע לילי האָט אָנגענומען אַ פול מויל מיט עסן, און נישט געקאָנט עס אַראָפּשלינגען. האָט זי נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. אירע בעקלעך האָבן זיך אָנגעבלאָזן, און דאָס פּנימל איז רויט געוואָרן פון אָנשטרענגונג.

פרוי האַנקע איז אויף איר אין כעס געוואָרן:

— כ׳האָב דיר שוין הונדערט מאָל געזאָגט, זאָלסט נישט אָנשטופּן אין מויל אַריין צו פיל פאַראַמאָל! ערשט קום מיט מיר, וועסטו אַלץ אויסשפּייען און אַ צווייט מאָל זאָלסטו מיר נישט פאַרשאַפן אַזאַ בזיון! זאָלסט ביסלעכוויז קייען און פאַרשפּאָרן צו שפּייען!

דאָס קליינוואַרג האָט אויפגעכאַפּט דעם גראַם אין פרוי האַנקעס רייד און איבערגעחזרט אין כאָר: „זאָלסט ביסלעכוויז קייען און פאַרשפּאָרן צו שפּייען" — אַלע קינדער האָבן געלאַכט. אויך איך האָב מיטגעלאַכט מיט זיי, נישט ווילנדיק, כאָטש ס׳איז מיר אַ שאָד געווען די קליינע לילי.

און דערווייל האָט אַלבערט געוואַרט אויף מיר ביים טיש פון די געסט — אַ העפלעכער, מיט פיינע מאַניערן, נישט אַריינגעשטעקט דעם לעפל אין דער זופּ, כל־זמן איך האָב נישט אָנגעהויבן עסן. לעבן אים איז געזעסן באַלעטש־קעס שטיף־מאַמע, פרוי בלאַס, און איר פריינדין פרוי דונקל מיט איר קליין יינגל אויף די קני און אים אונטערגעקאָרמעט פאַר די קינדער אין די אויגן, מיט נאַשעריייען וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון שטאָט. נאָך דאָס האָט מיר געפעלט, האָב איך געטראַכט, זי זאָל שטאָפּן איר בן־יקיר מיט זיסוואַרג, אַזעלכעס האָבן בכלל נישט אונדזערע קינדער... ווען מירן אַוועקגייין פון טיש, וועל איך צוגיין צו איר און מאַכן ווענן דעם אַ באַמערקונג... ביים טיש זענען אויך געזעסן פרוי מאַרטאַ, אַ געוועזענע פּיאַניסטין, און איר שוועסטער וואַנדאַ.

כ׳האָב גענומען עסן אָן אַפּעטיט. אַלבערט האָט מיט דרך־ארץ צוגע־טראָגן דעם לעפל צום מויל. פּלוצים האָב איך באַמערקט אַ גרופּע מענטשן אַריינגייין אין טויער. ווידער געסט! — האָב איך פאַרפּרעסט די ליפּן — אַן אַריינפאָר־הויז ממש, מאַכט מען פון אונדזער קינדערהיים! נאָר אַ לויב דעם אייבערשטן, וואָס דאָס וועט שוין לאַנג נישט דויערן. אינגיכן וועל איך פּטור

ווערן פון די געסט און די שפּיאָנען, פון די ליבהאָבערס, פון מאַן... און פון די אַנטיסעמיטן אין זאַקאָפּאַנע און פוילן אינגאַנצן...

אַלבערט האָט זיך נאָכגעפרעגט מיט ווערסאַלער העפלעכקייט, ווי איך בין געשלאָפן און ווי איך פיל זיך... כ'האָב אים געענטפערט אויטאָמאַטיש, טראַכטנדיק בעת־מעשה וועגן עפּעס אַנדערש.

— ס'איז זייער שיין דאָ אין זאַקאָפּאַנע, — האָט ער געזאָגט — אַ וווּנ־דערבאַרע געגנט האָסטו זיך אויסגעקליבן פאַרן דאָזיקן אַנשטאַלט!

— יאָ, אַ שיינע געגנט, — האָב איך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — אָבער נישט קיין באַזונדערס זיכערע!

— פאַרוואָס? — האָט זיך אַלבערט באַאומרויִקט.

— ווייל דאָ גראַסירן באַנדעס, וואָס האָבן נישט ליב קיין יידן.

— איז מען דאָ אין הויז נישט זיכער? — האָט ער זיך אומרויִק אַרומ־געקוקט.

— פאַרשטענדלעך, — האָב איך אים געענטפערט פולשטענדיק רויִק — מיר האָבן דאָך דאָ געהאַט אַ באַוואָפנטן איבערפאַל.

— אַך, צוליב דעם שטייט דאָ אַ וואַך — האָט ער זיך געכאַפּט — אָבער הײַנט, מײַן איך, דראָט אײַך שוין נישט קיין שום געפאַר, — האָט ער זיך אַליין געוואָלט פאַרזיכערן — איר עסט דאָך דאָ אַזוי פריי אין דעם באַגלאָזטן עס־זאַל.

— דערווייל דויערט נאָך דער סעזאָן אין זאַקאָפּאַנע... און זיי ווילן זיך אים נישט קאַליע מאַכן... אָבער אינגיכן וועט זיך אָנהייבן „די שפּיל" אויפסניי! מ'שמועסט, אַז אום האַרבסט דאַרף זיך ערשט אָנהייבן דער אמתער קאַמף קעגן דער רעגירונג.

— די רעגירונג וועט זיך אַן עצה געבן מיט אַלע! — האָט פרוי דונקל געמאָלדן מיט פּאַטריאָטישער זיכערקייט. אָבער אַלבערט איז גלייך אַנט־שוויגן געוואָרן און האָט געגעסן זייער אײַליק.

מיטאַמאָל איז צו מיר צוגעלאָפן פרוי בראָניע:

— לייטערין, דאָקטאָר ראַפּעל איז געקומען, — האָט זי מיר אַרײַנגע־שושקעט אין אויער — צוזאַמען מיט זײַן ברודער דעם אינזשעניער... צי מעג איך גרייטן צום טיש פאַר נאָך צוויי מענטשן? כ'האָב גענוג פּאָרציעס... פאַר די קינדער וועט נישט אויספעלן.

און נישט וואַרטנדיק אויפן ענטפער, האָט זי זיך אַ ווענד געטאָן צו פרוי סטעלאַ:

— דו זיץ אויך דאָ! איך דאַרף דיך נישט האָבן צום צעטיילן די פּאַרציעס... כ׳וועל זיך אַליין אָן עצה טאָן.

בראָניע האָט דערלאַנגט באַשטעק פאַר די געסט און סטעלאַן לעבן אונדזער טיש. די ברידער ראַפּעל זענען אַריינגעקומען אין זאַל. דאָקטאָר ראַפּעל האָט מיך באַגריסט מיט זעלטענער העפלעכקייט. ער האָט זיך אויך אַליין פאָרגעשטעלט פאַר אַלבערטן, זיך טיף פאַרנייגט, צוקלאַפּנדיק מיט די פיס. אינזשיניער ראַפּעל האָט זיך געזעצט לעבן פרוי סטעלאַ.

— אַ סך ענדערונגען זענען דאָ פאָרגעקומען! — האָט אָנגעהויבן דאָקטאָר ראַפּעל מיט אַ ברייטן זשעסט פון זעלבסטזיכערקייט.

כ׳האָב גאָרנישט נישט געענטפערט. בלויז געטראַכט, ווי אַזוי גייט מען דאָ אַוועק פון טיש, נישט באַליידיקנדיק קיינעם... ווען דער טעלעפאָן וואָלט זיך איצט צעקלונגען...

— כ׳בין געקומען רעגולירן אַלע דענטיסטישע ענינים, — האָט געזאָגט דאָקטאָר ראַפּעל.

— מיר האָבן דאָך נאָך צייט דערויף, — האָב איך געענטפערט און אומריק געכאַפּט אַ קוק צו די פרויען דונקל און בלאַס. צי ווייסט ער עפּעס וועגן אונדזער אַרויספאָר?...

— יאָ, — האָט ער געענטפערט — אָבער מיר איז שווער צו פאַרלאָזן קראָקע, איך האָב דאָרט אַ סך פּראַקטיק, האָב אויסגענוצט אַ פרייען טאָג...

אַלבערט איז געזעסן אַ דערשלאָגענער, געבויגן איבער זיין טעלער. ער האָט אַוודאי געטראַכט, אַז ס׳לוינט זיך אים נישט דאָס געשמאַקע עסן, און נישט דאָס צוריק אויסשפּילן דאָס ווייב, אויב ער דאַרף זיך ווידער געפינען אויף אַן אָרט וואָס שטייט אין אַ געפאַר...

ביים צווייטן עק טיש זענען געזעסן פרוי מאַרטאַ, אונדזער פּיאַניסטין, סטעלאַ, און מאַרטאַס שוועסטער, וואַנדאַ, וועלכע איז געקומען זי באַזוכן. זיי האָבן לעבעדיק געשמועסט.

— ווייזט נאָר די פינגער! — האָט סטעלאַ געזאָגט — זיי זענען שוין עלאַסטיש? איר שולט זיי ווייטער?

— באמת, פרוי מאַרטאַ — האָב איך זיך אָנגעכאַפּט פאַר דער טעמע — דערציילט אונדז אַ ביסל וועגן אייער פאַרשריט אין שפּילן אויף דער פּיאַנינע. צי זענט איר שוין אינגאַנצן אין דער פאָרעם? פרוי מאַרטאַ איז אַ פּיאַניסטין, — האָב איך דערקלערט דער געזעלשאַפט — און אַדאַנק איר שיין שפּילן האָט זי געראַטעוועט איר לעבן אין לאַגער, ווייל זי האָט געשפּילט

פֿאַרן שרעקלעכן אָמאָן געט, דעם קאָמענדאַנט פֿון פּלאַשאָווער לאַגער (דער דאָזיקער פֿאַרשװין האָט, װי באַװוּסט, פֿארייניקט אין זײַן נאַטור דעם רוצחישן סאַדיזם מיט ליבשאַפֿט צו מוזיק, פּאָעזיע און קונסט). אָבער שפּעטער, אין אױשװיץ, האָט מען זי געשלאָגן און אַזױ אױסגעהונגערט, אַז אירע פֿינגער זענען פֿאַרשטײַפֿט געװאָרן. און הײַנט שפּילט זי װידער! — האָב איך אױסגעלאָזט מיט אַ טאָן פֿון נצחון.

— דאָס איז אַדאַנק אײַך און אַדאַנק דעם דאָזיקן הױז, — האָט פֿרױ מאַרטאַ פֿאַרנײגט דעם קאָפּ — דאָ, אױף דער דאָזיקער געפּלאַצטער פּיאַנינע האָב איך װידער צום ערשטן מאָל נאָכן לאַגער גענומען מאַכן אױס־שולונגען.

— אױב אַזױ, דאַרפֿט איר אָפּדאַנקען דער דאָזיקער געפּלאַצטער כּלי, װי זי האָט זיך פֿאַרדינט, און אומבאַדינגט עפּעס שפּילן פֿאַר אונדז.

— באמת, איך װײס נישט, װי ס׳װעט זיך מיר אײַנגעבן... די פֿינגער זענען מיר נאָך שװער, און כ׳האָב נישט קײן נאָטן...

—מאַרטאַ, שרעק זיך נישט, שפּיל דרײסט! — האָט צו איר גערופֿן די ענערגישע שװעסטער.

— אפֿשר שאָפּען? — האָב איך געבעטן — און דערנאָך עטלעכע ייִדישע מעלאָדיעס פֿאַר די קינדער.

— גוט, — האָט מאַרטאַ אײַנגעשטימט.

— קינדער, איר װילט אַז פֿרױ מאַרטאַ זאָל שפּילן עפּעס אַ שײנע זאַך?

— מיר װילן, מיר װילן! — האָבן אַלע געשריגן פֿאַראַמאָל (כּדי װאָס לענגער צו בלײַבן אין זאַל און נישט גײן רוען).

— אַנטעק, נישט שטערן! — האָט פֿרױ האַנקע אױפֿגעהױבן אַ װאָרענע־דיקן פֿינגער צו דער נאָז.

— פֿרױ האַנקע, דערלױבט מיר גײן אױף אַ רגעלע צו דער מאַמען, — האָט זיך מירעלע געבעטן.

— די מאַמע איז ערשט פֿאַרנומען... זעסט דאָך, האָט אַ סך געסט.

— אָבער איך װיל נאָר אױף אַ פּיצינקע סעקונדעלע... כ׳װיל נאָר דער מאַמען זאָגן עפּעס אַ װיכטיקע זאַך אױפֿן אױער...

— נו, גײ שױן. אָבער געדענק, בלױז אױף אַ קורץ רגעלע... און קום גלײַך צוריק.

— יאָ, יאָ! — האָט זיך מירעלע געלאָזט לױפֿן אַ גליקלעכע. אין אײן װײַל האָט זי זיך דורכגעשטופּט דורך אַלע מענטשן און איז אַרױס פֿון

אונטערן טיש צו מיר. זי איז מיר אַרויפגעקראָכן אויף די קני און האָט מיך אַזוי פעסט אַרומגעהאַלדזט, אַז כ׳האָב איר נישט געקאָנט פאַנאַנדערנעמען די הענטלעך. כ׳האָב געפילט, אַז איך דאַרף איר נישט דערלויבן דאָס בלייבן לעבן זיך. אַלע קינדער האָבן דאָך די זעלבע רעכט וואָס מירעלע... און אָט ערשט מיט אַ ווייל צוריק האָב איך זיך אין האַרצן געבייזערט אויף פרוי דונקל... צי בין איך דען בעסער פון איר?

אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט צו פאַרריכטן די עוולה. מאַרטאַ האָט געשפּילט שאָפּענס פּאָלאָנעז און צעשאָטן זיין וווּנדערבאַרן פּיאַניסימאָ ווי דראָבנינקע פּערעלעך... יעדער קלאַנג איז מיר געפאַלן אין געהער אַריין, זיך געטוליעט צו מיר מיט פרייד און געשפּאַרט הויך, נאָך העכער...

מאַרטאַ האָט געטאָן אַ הייב די הענט אינדערהייך, פעסט נאָכגעדריקט דעם שאָפּענישן פאָרטע, אָבער באַלד זיך צוריקגעקערט צו פּיאַנאָ און פּיאַני־סימאָ. אַלע אירע באַוועגונגען און קלאַנגען זענען צאַרט, גלעטן סובטעל און וואַרעם ווי מירעלעס וואַרעמע הענטלעך, וואָס האַלדזן אַרום און לאָזן נישט אָפּ... ווייל מירעלע איז צוגעפאַלן צו מיר, פאַרזונקען אינגאַנצן אין ליבשאַפט, אין מוזיק. און איך האָב זיך איר אונטערגעגעבן און פאַרגעסן אין אַלץ אויף דער וועלט...

די לעצטע אַקאָרדן פונעם פּאָלאָנעז זענען אַריבער. די אַפּלאָדיסמענטן האָבן פול געמאַכט דעם רוים פון זאַל. מירעלע האָט זיך אומגעקערט אויף איר אָרט. עפּעס, וואָס וועט מער נישט צוריקקומען — איז אַוועק און פאַר־שוווּנדן...

איצט האָבן אַלע קינדער געזונגען יידישע און העברעישע לידער, און מאַרטאַ האָט מיט מוזיק באַגלייט זייערע יונגע, העלע שטימעלעך.

*

אין עטלעכע שעה אַרום איז אַלבערט געקומען מיט מיר זיך געזעגענען. ער האָט געוואָלט פאַרן מיטן ביינאַכטיקן צוג. האָט מיר געזאָגט:

— פאַרפאַלן, איך רעזיגניר... דאָקטאָר ראַפּעל האָט מיר געזאָגט, אַז סיידן איבער זיין טויטן קערפּער וועל איך קאָנען צוריקקומען צו דיר... ער האָט מיך אַרויסגערופן אויף אַ דועל, ווי אין יענע גוטע צייטן... כ׳האָב נישט געוווּסט, אַז דו האָסט זיך אַרומגערינגלט מיט אַזעלכע ריטער, — האָט ער פאַרענדיקט מיט ביטערער איראָניע.

— איידער דו פאָרסט אַוועק פונדאַנען, וואָלט איך וועלן באַקומען פון דיר אַ גט, — האָב איך געזאָגט.

— אַזוי אײַליק איז עס דיר חתונה צו האָבן פּאַר אַ צווייטן? — האָט ער ביטער אַ פרעג געטאָן.

— איך אײַל זיך, — האָב איך אים געענטפערט קורץ.

— אָבער איך האָב נאָכנישט אַפילו קיין באַשטימט וווינאָרט... כ׳וואָגל אַרום. וואָלסט געדאַרפט כאָטש פון העפלעכקייט וועגן צוּוואַרטן, ביז איך וועל האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ.

— פונוואַנען וועל איך וויסן ווו דו געפינסט זיך?

— כ׳וועל דיר אָנשרייבן.

—גוט, —האָב איך איינגעשטימט — כ׳ווינטש דיר אַלדאָס גוטס איך דיין לעבן.

יענעם אָוונט איז צו מיר געקומען פרוי בראָניע.

— נשמה מיינע, געליבטע לייטערין! ערגערט אייך נישט... איר האָט גוט געטאָן... אויסגעצייכנט, דאָקטאָר ראַפּעל איז דאָך אַ חשובער מענטש, אַן ערנסטער... איר וועט דאָך זיין ביי אים אַ מלכה!

כ׳האָב זי אַ גלעט געטאָן אויף דער ראָזער באַק און געזאָגט:

— פרוי בראָניע, איר וויסט, אַז איך האָב אייך זייער ליב... טוט אַ טובה, און גיט צו פאַרשטיין ראַפּעלן, אַז איך קאָן קיין מאָן נישט האָבן, רעכענענדיק זיך מיט די קינדער... און זאָל ער מער צו מיר נישט קומען... ער איז מיר אַ שאָד...

## אַ פּורים-פאַרווײַלונג

איינגיכן איז ביי אונדז פאַרגעקומען אונדזער פּורים-פאַרוויילונג. שוין עטלעכע וואָכן פריער האָט זיך די גאַנצע פּעדאַגאָגישע אַרבעט אין אונדזער הויז באַזירט אויף דער דאַזיקער פאַרוויילונג. ס׳איז געגנוג געוועזן, צום ביישפּיל, אַז מאַמושע זאָל אויפהייבן איין ברעם און אַ זאָג טאָן צו עליען: אויב וועסט נישט איינעמען דעם גאַנצן לעפל פישאייל, מעגסטו פאַרגעסן, אַז ס׳עקזיסטירט אַ פּורים ביי יידן! — אַז עליע זאָל גלייך פאַרשטאָפּן די נאָז, פאַרמאַכן די אויגן און אַראָפּשלינגען דעם גאַנצן פישאייל, אַפילו אָן אַ צוקערל.

אין מיין קאַנצעלאַריע האָט זיך די טיר נישט פאַרמאַכט: צי מעג מען

אַראָפּנעמען פון די בעטן צען ליילעכער אויף קליידער (אַראַבישע)? צי מעג מען נעמען פון מאַגאַזין דריי אַלטע מאַנטלען אויף צו צעשניידן? זיי טויגן שוין צו גאָרנישט, זאָל פרוי מענליך אַליין זאָגן. און נאָך איינעם אַ רויטן שלאָפּראָק? אפשר האָט די לייטערין אַ טערקישן שאַל? מיר זוכן איבערן גאַנצן הויז — און ס'איז נישטאָ... און אפשר האָט איר אַזעלכע גרויסע קאָמען פאַר די יאַפּאַנערינס? אָדער כאָטש אַ שלאָפּראָק מיט אַ יאַפּאַנישן מוסטער? צי וועלן מיר האָבן פאַר וואָס צו קויפן גאָלד־ און זילבער־פּאַפּיר, פאַרבן, קאַרטאָנען, קאָלירט פּאַפּיר און סטאָלערישן קליי? צי קאָן די לייטערין געבן דער פרוי צעשיע אַ ביסל געלט צו קויפן זאַכן, וועגן וועלכע מיר טאָרן נישט דערציילן, צום באַדויערן... (אפילו דער לייטערין)?

דאָס קליינוואַרג האָט שוין עטלעכע נעכט פריער נישט געקאָנט שלאָפן מחמת גרויסער אויפרעגונג. לילי האָט ווידער אָנגעהויבן נעצן בייַנאַכט, און אַנטעק, וועלכער האָט זיך געגרייט צו זיין אַ פּיראַט, פּלעגט שרייען אין די נעכט: היי, היידאָ! שטיי, וואָרן איך שיס!

ענדלעך איז געקומען דער געגאַרטער טאָג. פון אינדערפרי אָן האָט מען דעקאָרירט דעם זאַל. שטייענדיק אויף אַ הויכן לייטער, האָט קאָמאַנדירט מאַרילקע. מ'האָט אויפגעהאָנגען יאַפּאַנישע לאַמפּיאָנען, קאָלירטע לאַמטערלעך, פּאַפּירענע קייטן און בונטקאָלירטע „שלאַנגען"... זי האָט מאָביליזירט צו דער דאָזיקער אַרבעט אַ גאַנצן שטאַב יינגלעך, און אַפילו אונדזערע וועכטער האָבן איר געהאָלפן און געבראַכט פאַר איר פון וואַלד די גרינע און שמעקנדיקסטע סאָסנע־צווייגן. שאול און חיים (אַ פערצניעריק יינגל, וואָס איז ערשט נישט־לאַנג־צוריק געקומען צו אונדז פון אַ פויערישער כאַטע) האָבן אינסטאַלירט עלעקטרע אין די קאָלירטע לאַמפּיאָנען. יאַנוש האָט געמאָלן דעקאָראַציעס. ראובן און מאָטיקאַ האָבן אַריינגעקלאַפּט טשוועקעס, באַליעק האָט געהאַלטן אין איין שרייען און געבן עצות, ס'זאָל הייסן, אַז ער טוט עפּעס... און מאַרילקע האָט אויף אַלץ געהאַט אַן אויג און מיט אַלץ אָנגעפירט.

זיבן אַזייגער אין אָוונט האָט זיך די פאַרוויילונג אָנגעהויבן מיט אַ פאָרשטעלונג. דאָס קליינוואַרג איז געזעסן אין דער ערשטער שורה — אויף ראַגאָזשעס, אויף דער פּאָדלאָגע. דערנאָך איז געקומען די צווייטע שורה — אויף איבערגעקערטע טאַבורעטקעס, ס'זאָל זיין נידעריקער. דערנאָך די דריטע שורה — אויף געוויינלעכע שטולן, און צום סוף די פערטע און פינפטע שורה — שטייענדיקע ערטער, אויף דער פּאָדלאָגע, אָדער אויף בענק נאָענט צו דער וואַנט.

איך בין געזעסן אין דער ערשטער שורה, אויף דער בלויזער פּאָדלאָגע, מיטן קליינוואָרג. און האָב זיך געפילט גוט, אויסגעצייכנט! נישט מער, וואָס דריי פון זיי, און צווישן זיי מירעלע, זענען מיר אַרויפגעקראָכן אויף די קני... דעמלט איז פרוי האַנקע בייז געוואָרן און אַ זאָג געטאָן: נישטאָ קיין אויסנאָמען! — מיר האָבן אַלע זיך געמוזט אונטערגעבן און זיצן לייטיש „אָן אויסנאָמען".

דער גרויסער מילעק האָט אויסגעשלאָסן די עלעקטרע, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן די פאָרשטעלונג. צוערשט איז דערשינען אַחשורוש, דער מלך פון פּרס, וואָס האָט געקיניגט פון הודו ביז כוש... און איז געוואָרן שיכור־לוט. די ראָל האָט געשפּילט קאַזיאָ פון די מיטליעריקע, זי האָט געהאַט אַ רויטע נאָז, אַ רויטן קעניגלעכן מאַנטל און אַ גרויסע קרוין אויפן קאָפּ. דער מלך אחשורוש האָט געטאַנצט מיט אַזעלכע משונהדיקע באַוועגונגען און אַזוי געפּעלשעוועט ביים זינגען, אַז די קינדער האָבן זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער.

דערנאָך איז אַרויף אויף דער סצענע המן הרשע. ער האָט זיך אונטער־געהנפּעט דעם מלך און חוזק געמאַכט פון אים הינטער די פּלייצעס, און דאָס איז די קינדער נישט געפעלן געוואָרן און אויך נישט דעם אַקטיאָר אַליין, באַליעקן. און נאָר מחמת ליבשאַפט צו דער רעזשיסערין, פרוי שטערן, האָט ער מסכים געווען אָנצונעמען די דאָזיקע שלעכטע ראָל.

דערנאָך איז אויפגעטרעטן די מלכה ושתי, און ווידער האָבן זיך די קינדער געטרייסלט פון געלעכטער. זינט זיי לעבן האָבן זיי נאָך אַזאַ מלכה נישט געזען! אירע זאָקן זענען געווען גרינע מיט רויטע פּינטעלעך, און דערצו נאָך איז איר נאָכאַנאַנד איין זאָק אַראָפּגעפאַלן... זי ציט אים אַרויף, און ער לאָזט זיך ווידער אַראָפּ... און אירע שיך זענען געווען אַזוי אויסגע־קרימט, אַז זי איז קוים אין זיי געגאַנגען... איר קלייד איז געווען איבער־געדרייט, דער הינטן פון פאָרנט און דער פאָרנט פון הינטן, און פון דעם דעקאָלטו אויפן רוקן האָבן זיך אַרויסגעזען זאַכן, וואָס מען דאַרף זיי נישט זען, די קינדער האָבן זיך גלעשעמט, און איינס האָט דאָס אַנדערע געשטופּט מיטן עלנבויגן... און ווער האָט עס געשפּילט די דאָזיקע ושתי? פּרוּווט זיך גאָר אָנשטויסן, איר וועט נישט טרעפן! די דאָזיקע ושתי איז געווען... וואַצעק מאַטיקאַ! איז וואָס איז דאָ דער חידוש, וואָס אַזאַ מלכה האָט נישט אויסגענומען ביי דעם מלך...

לסוף איז אַריינגעפירט געוואָרן פאַרן מלך די שיין־שיינע אסתר. דאָס

איז געווען לושיע, די אַמאָליקע פּאַסטושקע פון שאָף, פון די מיטליעריקע, זי האָט געהאַט צעלאָזטע בלאָנדע האָר און געפּאַרבטע באַקן און ליפּן... באַזונדערס האָט אַלע קינדער באַצויבערט דער גאָלדענער קראַנץ אַרום איר קאָפּ. די שיינע אסתר איז געווען זייער אַ שעמעוודקע... האָט נישט אַרויס־גערעדט קיין איינציק וואָרט, נאָר די גאַנצע צייט זיך געדרייט אויפן קנאָפּל אויף רעכטס און אויף לינקס... פרוי שטערן האָט איר בלויז אויסגעלערנט ווי צו גלעטן דעם מלך, ער זאָל נישט געהאָרכן המנס בייזן ראָט, נאָר די עצה פון דעם יידן מרדכי און אירע אייגענע.

דאָס לעצטע בילד האָבן זיי געזען אויף דער סצענע, ווי המן הרשע מוז לויפן פאַר דעם יידן מרדכי, וואָס רייט אויף אַ פערד, און אויסרופן פאַר אים: „אַזוי ווערט געטאָן צו דעם מאַן וואָס דער מלך וויל אים אָנטאָן כבוד". ערשט דערנאָך, ווען המן איז פאַרבליבן אויף דער סצענע איינער אַליין, האָבן זיך די קינדער געכאַפּט, אַז המן האָט אַ קליין וואָנצעלע, ווי היטלער, און אויפן קאָפּ אַן אַראָפּהענגענדיק האָרקרייזל, אַזויווי ביי היטלערן... האָבן זיי גענומען שרייען: אַוועק פונדאַנען, המן! פּאַשאָל פונדאַנען, היטלער! אָבער אין דעם מאָמענט האָט באַליעק אַראָפּגעריסן פון זיך די מאַסקע, זי געטראָטן מיט די פיס און אויסגעשריגן אויף אַ הויך קול: „דער כלב, איר הערט? ליגט שוין טיף אין דר'ערד!" און אַלע קינדער האָבן אַפּלאָדירט, אויך איך האָב אַפּלאָדירט און זיך געפרייט מיט אַלע קינדער צוליב דער גערעכטיקייט פון דער געשיכטע, וואָס די פאַרשאָלטענע הינט ליגן טיף אין דרערד באַגראָבן, אָבער די צדיקים פאָרן רייטנדיק אויף פערד...

אָבער ס'איז נישט געווען קיין סך צייט זיך צו פרייען. די דערציערינס האָבן צונויפגענומען זייערע קינדער, זיי איבערגעטאָן, פאַרטוישט יעדן אויף עמעצן אַנדערש, אויף אַ שענערן און בעסערן ווי ער איז אינדעראמתן... אַלע שטולן און טאַבורעטקעס אין זאַל זענען אַוועקגענומען געוואָרן. חיים, שאול, דער גרויסער מילעק און וויקטאָר האָבן געצויגן עלעקטרישע דראָטן איבערן זאַל און אַריינגעשטעקט קאָנטאַקטן אין פאַרשידענע ווינקעלעך. אויף אַ רגע איז איינגאַנצן זאַל געוואָרן פינצטער, דערנאָך האָט עפּעס אַ בליץ געטאָן און זיך אויסגעלאָשן, און לסוף האָט זיך אָנגעצונדן די עלעקטרע — און מיר געפינען זיך אין אַ צויבער־פּאַרק, וואָס איז פול מיט בלומען און גרינס, און איבער אונדז שמייכלט אַ גרינלעכע לבנה... אין דער טיף פון דאָזיקן פּאַרק, אין דער אויפגעהויבענער נישע, צווישן בלומען און פּאַלמעס, איז געזעסן אין אַן אָונטקלייד פרוי מאַרטאַ און האָט געשפּילט אויף דער פּיאַ־נינע.

מיטאַמאָל האָט אַ שפּריץ געטאָן אַ נייער פאַנטאָן ליכט. פון אַ פינצטער ווינקל האָט זיך דערהערט אַ שטים:

— אייזל! דערלאַנג דאָס געלע ליכט! פריער קומען די קאַטשאַרס!

אָנשטאָט אָן ענטפער — האָט אַ פליִיץ געטאָן אַ ציטרין־געלער ליכט־שטראַם, און אין מיטן זאַל האָט זיך באַוויזן אַ פּרעכטיקער קאַטשאַר... ער האָט גענומען קוואַקען אויף אַ קול: „קוואַ! קוואַ!", קלאַפּן מיט די פליגל און האָפּסלען מיט די קרומע פיסלעך אין אַ קרייז. הינטער אים איז געקומען די צנועותדיקע קאַטשקע, מיט זיבן קאַטשקעלעך, און זיי אַלע קוואַקען מיט זייערע געלע שנאָבלען: „קוואַ־קוואַ־קוואַ!" פרוי האַנקעס קאַטשקעס זענען באַשענקט געוואָרן מיט אַ שטורעם אַפּלאַדיסמענטן, און וויגנדיק זיך אַזוי חשיבותדיק, זענען זיי זיך אַוועקגעגאַנגען און פאַרשוווּנדן אין דעם נאָענטן גאָרדעראָב־צימער.

אין זאַל זענען אַריינגעקומען דער מאַמושעס קינדער, די ראַבקער. פאַרויס איז געגאַנגען אַנטעק, דער הויפּט פון די פּיראַטן, מיט אַ רויטן שראַם אויף די באַקן, אַ רויט טוך אויפן קאָפּ, פון זיין גרויסער מאַסקע האָבן אַרויסגע־קוקט גרויסע און שוואַרצע „אויגן", און אין זיין פּאַס — נישט ווייניקער פון צוויי רעוואָלווערן און אַ קרומע שווערד... אין האַנט האַלט ער אַ שפּיצרוט און אַ קייט, אויף דער קייט אַ שקלאַף, וואָס קריכט אויף אַלע פיר... פרוי מאַרטאַ האָט געשפּילט דעם „פּייער־טאַנץ" אין אַ שטורמישן ריטם, און אַנטעק האָט געשמיסן מיט זיין שפּיצרוט אינדערלופטן צום אַקט פון דער מוזיק און אַרויסגעלאָזט ווילדע שלאַכט־געשרייען... הינטער אים זענען געגאַנגען דריי פּיראַטן קלענערע פון אים, שלעפּנדיק שקלאַפן פאַר די קייטן. די מוזיק שטורעמט, די קייטן קלינגען מיט צאָרן, די בייטשן שמייסן די לופט מיט אַ געפּייף... אַלע יינגלעך נעמט דורך אַ שוידער...

ס׳קומט צו צו מיר ה׳ מענליך.

— צי מיינט איר, אַז דאָס איז אַ דערציִערישע סצענע?

— ניין, איך מיין נישט אַזוי. אָבער איך האָב צוגעזאָגט יעדער דער־ציִערין די פרייהייט צוצוטראַכטן וואָס זי וויל. די דאָזיקע סצענע האָט צוגעטראַכט מאַמושע, אפנים, אויף דער ביטע פון די קינדער...

— אָבער צי זענען מיר מחויב אונטערצוהאַלטן די באַנדיטישע אינ־סטינקטן פון אַזאַ אַנטעקן?

— דער ענטפער איז נישט אַזוי פּשוט... אַלע יינגלעך אויף דער וועלט שטרעבן צו האָבן אַ מעסערל אָן איינגס, אָדער אַ רעוואָלווער... זאָל זיין

כאָטש פֿון שאָקאָלאַד... דאָס איז אַ שטאַרקע ליידנשאַפֿט... צי האָט עס אַ צוועק זי צו באַקעמפֿן דורך אונטערדריקן זי — כ'ווייס נישט. פֿרויד מיינט אַנדערש... ס'איז געוווּנטשן זי אָפּצווענדן אין אַן אַנדער ריכטונג... צו צעברעכן די שווערדן אויף אַקערס... איך האָף, אַז אַנטעק וועט ביי אונדז נישט אויסוואַקסן קיין פּיראַט, גיכער — אַ לאַנדווירט...

— אונדזער געשפּרעך שטערט די מוזיק. אַלע צישען — ש.. ש.. ש.. זאָג איך צו מענליכן: זיי זענען גערעכט, לאָמיר בעסער קוקן און שווייגן.

ערשט גייט איין מיידעלע אַליין. זי איז אַ מאָגערע און באָרוועסע. אירע האָר זענען העלע און די אויגן פֿולע אויסדרוק. אויפֿן קעפּל האָט זי אַ בלומען־קרענצל. אויפֿן האַלדז און די הענט — בלומען און בלומען (פֿון פּאַפּיר)... דאָס איז די בלומען־פֿאַרקויפֿערין, מירעלע. זי שרייט מיט איר דין און אומעטיק קולכל; בלומען פֿאַר איין גראָשן! בלומען פֿאַר איין גראָשן! פֿאַר די הונגעריקע קינדער אין מאַנאַסטיר!

מירעלע באַקומט פֿון די דערוואַקסענע, גראָשנס, און אַ גליקלעכע טאַנצט זי מיט אירע בלומען און אירע גראָשנס. טראַכט איך: ה' מענליך האָט אַוודאי טענות אויף קעגן דער דאָזיקער סצענע. ערשטנס — מאַנאַסטיר, צווייטנס — געלט... פֿאַרשטענדלעך! סאַראַ בריות די פּעדאַגאָגן זענען אויסצולײדיקן דאָס לעבן פֿון זיין אינהאַלט.

דערנאָך ציט פֿאַרביי אַ לאַנגע שורה בילדער און געשטאַלטן: „דער פֿויער און דער דיכטער” אין דער באַגלייטונג פֿון מוזיק; דער קליינער מילעק שפּילט אויף דער מאַנדאָלינע וואָס הענגט אים אויף אַ גאָלדענער סטענגע; און די צווילי וויכטיקסטע געשטאַלטן אויף אָט דעם מאַסקן־באַל: באָליעק און מאַטיקאַ — ביידע זענען קלאָונען, זייער קליידונג איז „די העכסטע קונסט”. ווי נאָר זיי זענען אַריין אין זאַל, האָבן זיי זיך גלייך איבערגעקערט און געגאַנגען אויפֿן קאָפּ, אונטערגעשטעלט איינער דעם צווייטן אַ פֿוס, שליידערן איינער דעם אַנדערן, און מאַכן לאַכנדיק דעם גאַנצן עולם. די קינדער ווילן זיי נישט אַראָפּלאָזן פֿון דער סצענע און האַלטן אין איין שרייען; ביס! ביס! און די קלאָונען חזרן איבער די שפּיל און ברענגען געלעכטער צו די קליינע און גרויסע צוזאַמען.

שפּעטער קומען מאַסן־סצענעס: אַ גרופּע חסידים טאַנצט אַ דבקות־טאַנץ (ה' מענליך האָט דערין צוגעהאָלפֿן פֿרוי שטערן, דער רעזשיסערין) און אַ גרופּע חלוצים טאַנצט אַ פֿריילעכן הוראַ צו דער מוזיק פֿון דער פּיאַנינע. און נישט ווייניקער שיין פֿון די צווילי איז געווען דער טאַנץ פֿון די

גוראַלן. כמעט יעדעס קינד איז פאַרשטעלט (אויסער די סאַמע עלטסטע), און כמעט יעדעס קינד באַטייליקט זיך אין אַ וועלכער אויפטרעטנדיקער גרופּע.

נאָך אַ מאַרש פון די מאַסקעס קומט דער דריטער טייל פון אָוונט, די טענץ. דאָס ערשטע פּאָר — פרוי בראַניע מיטן קליינעם מישען; דאָס צווייטע פּאָר — מאַמושע מיטן פּינפּיעריקן פראַנעק, פון די באַבאַליאַקעס; דאָס דריטע פּאָר — ציפּורה מיט עליזהן, די קליינינקע פון די באַבאַליאַקעס, אַ פאַרשטעלטע פּאָר אַ קליינער ציגיינערקע. די אַנדערע דריי באַבאַליאַקעס האָבן זיך נאָך נישט אינגאַנצן פאַרהיימישט און נישט געלאָזן זיך אַריינציען. לעאָש האָט געצאָרנט, ווי אַ בייזער דערצערנטער קאָטער, און די מאַגע־רינקע יאַשע האָט געהאַט צו שוואַכע פיסלעך צו קאָנען טאַנצן.

זענען אַלע אַוועק אין אַ קאַהאַראַד. ס'האָבן געטאַנצט אַלע מאַסקעס, דער מלך אחשורוש, די מלכה אסתר און אַלע הויף־מענטשן, געטאַנצט האָבן די פּיראַטן מיט די געפאַנגענע שקלאַפן, דער קאַטשאַר מיט די קאַטשקע־לעך, דער פויער און דער דיכטער, די גוראַלן, די חסידים און די חלוצים. די פּיאַניסטין האָט געשפּילט מיט בראַוור, מיט לעבן, און פרוי בראַניע האָט צוגעקלאַפּט צום טאַקט. די קינדער זענען געווען צעטאַנצט, צעזונגען, צעיובלט, גליקלעך און צעפלאַמט, נישט ביי די געדאַנקען... דער גאַנצער זאַל האָט זיך מיטגעדרייט, מיטגעטאַנצט מיט זיי האָבן די לאָמפּן, די קאָליריקע לאַמפּיאָנען און די בונטפאַרביקע פאַפּירענע קייטן...

באַליעקן האָט געסמאַקעוועט זיין קלאָון־ראָלע, רק ער מאַכט קאָזיאָל־קעס פאַר די פיסלעך פון די קינדער, וואַרפט אום, שלעפּט מיט און דענער־ווירט — און דאָס קליינוואַרג טומלט: — באַליעק כאַפּט אונדז פאַר די פיס און קערט אונדז איבער.

איך גיי צו צו באַליעקן דעם קלאָון, פאַרנייג זיך זייער שטאַרק: — אַנט־שולדיקט, צי קאָן איך פאַרבעטן אויף אַ טאַנץ? — מיין טענצער באַנעמט נאָך־נישט וואָס איך מיין — צי קאָן איך פאַרבעטן דעם געערטן „פּאַן" אויף אַ וואַלס? — פרעג איך אים אַ צווייט מאָל. די קינדער לאַכן צו באַליעקן. מיין טענצער קוקט זיך אַרום און זוכט וווהין אַפּצוציען. אָבער איך האַלט אים שוין פאַרן אָרעם, און דריי זיך מיט אים אין ריטם פון אַ ווינער וואַלס. באַליעק האָט אַ חוש פאַר ריטם און טאַנצט מיט מיר. די קינדער פּאַטשן מיט די הענט; די מאַמע טאַנצט, די מאַמע טאַנצט! די לייטערין! און באַליעק באַקומט זעלבסטזיכערקייט, בלאָזט זיך אָן, ווי אַן אינדיק, וואָס ער

איז עס דער, וואָס מיט אים טאַנץ איך... דער קליינער פּראַנעק — דאָס מאַל־פעלע אין דער פּיראַטן־סצענע, איז צוגעשטאַנען צו אונדז, און מיר טאַנצן אינדרייען... דערנאָך ענדערט זיך די מוזיק און עס טאַנצן שוין אַ ראָד — פינף, צען, די גאַנצע הונדערט... אַ גרויס ראָד, אַ ראָד אין אַ ראָד... מ׳טאַנצט שנעלער, העפּטיקער, מיט אַלץ מער התלהבות, ביז מיר פאַלן אַלע אַוועק פאַרמאַטערטע אויף דער פּאָדלאָגע, מיט אויסגעשרייען פון פרייד און געלעכטערן.

נאָר מירעלע וויינט: בעתן טאַנצן האָט מען איר איבערגעקערט דאָס קיישל בלומען.

— מאַמע, וואָס וועל איך ברענגען די אָרעמע קינדער אין מאַנאַסטיר ?

— ערגער זיך נישט, מירעלע, וועסט פאָרן מיט דער מאַמע צו די קינדער אין מאַנאַסטיר און זיי ברענגען דיינע גראָשנס און צוקערלעך... און די מאַמע וועט זיי ברענגען ברויט און מעל... און זיי וועלן נישט זיין הונגעריק !

ערשט איז געקומען דער לעצטער טייל פון דער פאַרווילונג — דער גרויסער מאָמענט : דאָס צעטיילן שלח־מנות. דאָס איז איבערגעגעבן געוואָרן שאולן און וויקטאָרן. ס׳הייבן אָן פליען טאָרבעלעך. אין יעדן טאָרבעלע איז פאַראַן אַ פּעקעלע טראָפּישער שאָקאָלאַד (פאַרזיכטיק, מ׳קאָן די ציין צעברעכן), זיבן קאָלירטע צוקערלעך, דריי מאַנדלען, צוויי ניס, איין גרויסע פייג און איין המן־טאַש, וואָס פרוי בראָניע האָט אַליין געבאַקן.

אָבער אויסער די טאָרבעלעך באַקומט נאָך יעדער איינער... אַ סיורפּריז ! ס׳זענען דאָ משונהדיקע סיורפּריזן און זייער לעכערלעכע. באָליעק איז געווען פון די ערשטע (לויט באַקומענע נומערן) און האָט באַקומען... אַ בעזעם ! סטאַשע האָט באַקומען... אַ קליין צעבראָכן שפּיגעלע, ווייל מ׳האָט געוווּסט, אַז זי זיצטביים שפּיגל ווען נאָר זי האָט אַ פרייע צייט... און אַזוי האָט יעדער באַקומען וואָס ס׳איז פּאַסיק פאַר אים. אויך די דערוואַקסענע האָבן באַקומען יעדער איינער אַ סורפּריז, וואָס האָט אויסגעדריקט די באַציונג פון די קינדער צו זיי. אַזוי, למשל, האָט פרוי מענליך באַקומען זייער אַ שיין שאַכטעלע, אַרומגעבונדן מיט אַ זיידן שנירעלע. אַלע קינדער האָבן זיך געשטעלט אַרום איר צו זען, וואָס ס׳איז פאַרבאָרגן אין אַזאַ שיין שאַכטעלע. פרוי מענליך האָט געעפנט פּאַמעלעך־פּאַמעלעכינקע (ס׳איז אַ שאָד דאָס זיידענע שנירעלע), אָבער אין דאָזיקן שאַכטעלע איז געווען נאָך אַ קלענער שאַכטעלע... און דערין — נאָך אַ קלענער שאַכטעלע... פינף שאַכטעלעך

אײנס אין אַנדערן... און אַז זי איז געקומען צום לעצטן שאַכטעלע און האָט עס געוואָלט עפענען — האָט מענליך, איר מאַן, אויסגעשטרעקט די האַנט איר צו פאַרהאַלטן. אָבער ער האָט פאַרשפּעטיקט. עפּעס־וואָס איז אַרויס־געשפּרונגען פון שאַכטעלע, האָט געטאָן זיך אַ וואָרף, אַ פלי און אַראָפּגעפאַלן. די קינדער שרײַען: אַ מײַזל! אַ פליענדיק מײַזל! אַ פלעדערמויז! אַנטעק האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דעם מיטן רעוואָלווער און געשריגן: שטײ, וואָרן איך שיס! די עלטער קינדער האָבן גענומען מאַכן קולות, און ה׳ מענליך האָט געצאָרנט:

— ווער האָט דאָס געטאָן?

— לאָז צורו די קינדער — האָט פרוי מענליך אים אָנגענומען פאַרן אָרבל — ס׳איז דאָך הײַנט פּורים.

ס׳האָט זיך דערנענטערט האַלבנאַכט. און די קינדער האָט זיך נאָך אַלץ נישט געגלוסט גײן שלאָפן. אָבער די דערציִערינס האָבן באַשלאָסן, אַז ס׳איז שוין צײַט דערויף. האָבן זײ זיך אַלע אויסגעשטעלט אין אײן שורה און גענומען שײן זינגען אין כאָר:

אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט!
אַ גוטע נאַכט דעם גאַנצן הויז!
אײפן בוידעם — האָן און הון!
אינעם קעלער — קאַץ און מויז!

נאָך דעם דאָזיקן ליד האָבן שוין די קינדער געוווּסט, איז נישטאָ וואָס זיך אַנטקעגנצושטעלן... און אַלע האָבן זיך פאַראַמאָל גענומען שטופּן און זענען מיט יובל אַרויף אין דער הײך, אין די שלאָפצימערן. ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, און איבערן גאַנצן הויז האָט געהערשט שטילקײט. און נאָר אין דעם גרויסן, באַגלאָזטן זאַל זענען קענטיק געווען די שפּורן פון דער גרויסער פאַרווײַלונג — די אײנאונאײנציקע גרויסע פּורים־פאַרווײַלונג פון די ייִדישע קינדער אין פּוילן נאָך דער מלחמה.

## לעצטע ענינים

נאָך דער פּורים־פאַרווײַלונג זענען אַלע לעצטע ענינים דערלײדיקט געוואָרן זײער שנעל. ס׳איז שוין באמת געווען די העכסטע צײַט

אַ נײַע כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם האָט זיך אויפגעהויבן אין פּוילן און

פּאַרפּלייצט יעדעס אָרט, ווו ס׳האָט זיך נאָך אויפגעהאַלטן אַ יידישער ישוב. אין די קאַנטן פון קעלץ, מיעכוו און קראָקע איז געווען אַ שטימונג פון גרייטן זיך אויף אַ פּאָגראָם אויף יידן.

ס׳איז נישט געווען קיין שום סיבה, אַז אין זאַקאָפּאַנע זאָל זיין בעסער. דער סעזאָן האָט זיך געענדיקט, די געסט זענען זיך צעפאָרן, יעדע רגע קאָן געמאַכט ווערן אַן איבערפאַל. מ׳האָט זיך זייער און זייער געדאַרפט צואיילן, כדי מ׳זאָל אַרויס בשלום.

אינצווישן האָבן מיר ענדלעך באַקומען אונדזערע פּאַספּאָרטן. זיי האָבן אויסגעזען זייער קלאָגעדיק: גרויסע געלע בויגנס פון דעם פּוילישן רויטן קרייץ, אויף וועלכע ס׳האָט, וואָס אַן אמת, פיגורירט אַ פּראָנצויזישע אַריינ־פּאַר־וויזע, האָבן אָבער נישט געהאַט, נישט קיין אַרויספאָר־דערלויבעניש פון פּוילן און נישט קיין טראַנזיט־וויזעס פון אַנדערע לענדער. אויסערדעם זענען אויף זיי נישט געווען די נעמען פון אונדזערע קינדער, אפילו נישט די פאָטאָגראַפיעס פון אונדזערע קינדער, און נישט זייער עלטער נאָר עפּעס פרעמדע אונגאַרישע נעמען... לויט די אָנווייזונגען האָבן די קינדער געדאַרפט זיך אויסלערנען און פאַרגעדענקען די פרעמדע נעמען, ביז צו דער טשעכישער גרענעץ. און אַז ס׳האָט זיך אונדז שוין באַוויזן אויף אַ וועלכן בויגן דער נאָמען פון איינעם פון אונדזערע קינדער, ווי למשל, אַנטעק ווּרובעל, איז צו אים געווען צוגעקלעפּט אַ געשטעמפּלטע פאָטאָגראַפיע פון אַן אַלטן ייד, מיט אַ שיינער צוואָקסענער באָרד און פאות, געקרייזלטע ביז די אַקסל.

צוערשט האָבן מיר רעאַגירט אויף די דאָזיקע פּאַספּאָרטן מיט אַ הילכיק געלעכטער. פרוי בראַניע האָט געשריגן: מענטשן, האַלט מיך צו, וואָרן איך פּלאַץ פאַר געלעכטער! אָבער זייער שנעל איז אונדז אָפּגעפאַלן דער השק צו לאַכן... ס׳איז אַ צו ערנסטער ענין. ווייל אויב אַזוי הייבט זיך אָן די זאַך מיט יענעם רעטונגס־קאָמיטעט, איז וואָס וועט זיין ווייטער?

כ׳האָב באַשלאָסן די זאַך גלייך אויפצוקלערן און שטעלן זי אויפן שאַרף פון מעסער: אָדער זיי זענען מקיים זייערע פליכטן לגבי אונדז, אָדער מיר ציען זיך צוריק פון אַלץ און זוכן אַנדערע קאָנטאַקטן. אונדזערע קינדער קאָנען נישט זיין קיין קעגנשטאַנד פון עפּעס מאַכינאַציעס. דאָס איז פאַר זיי אַ לעבנספראַגע!

כ׳האָב גענומען עטלעכע פּאַספּאָרטן פאַר אַ מוסטער און בין געפאָרן אויפזוכן די געהיימע מאַדאַם שאַפּירא. כ׳האָב זי געפונען אין קאַטאָוויץ אין

אַ האָטעל, און אַנידערגעלייגט פאַר איר אויפֿן טיש די פּאַספּאָרטן. האָב איר געוויזן אַנטעקס אמתע פֿאָטאָגראַפֿיע צום פֿאַרגלײַכן מיט דער פֿאָטאָגראַפֿיע אויף זיין פּאַספּאָרט, און געפרעגט:

— ווי מיינט איר, איז דאָס אַ פּאַספּאָרט וואָס מאַכט מעגלעך דעם קינד אַרויסצופֿאָרן און אַריבערגיין אַוועלכע גרענעץ? ווי קאָן איך זיך מיט אַזעלכע פּאַספּאָרטן לאָזן מיט הונדערט קינדער און אַ פּערסאָנאַל אַנגעשטעלטע אין אַ וועג, פון וועלכן ס׳איז נישטאָ קיין צוריקקער?

אָבער מאַדאַם שאַפּיראָ האָט זיך נישט שטאַרק אויפגערעגט פון מיינע ווערטער. זי האָט מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט און געזאָגט:

— מיין טייערע, פאַרוואָס פאַרשטייט איר נישט, אַז דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַ פאַרמאַסקירונג. סיי די פּוילישע, סיי די טשעכישע גרענעץ־וואַך זענען איבערגעקויפט. קיינער וועט די פּאַספּאָרטן נישט קאָנטראָלירן און אַריינקוקן אין זיי. מ׳דאַרף נאָר געבן אַכטונג — די צאָל פון די קינ־דער זאָל שטימען מיט דער צאָל פּאַספּאָרטן, דאָס איז אַלץ! מיר האָבן אויף אַזאַ אופן אריבערגעפירט טויזנטער מענטשן, און קיינעם פון זיי איז צוליב דעם קיין בײז נישט געשען... איר קאָנט שלאָפן רויק. חוצדעם וועל איך אייך נאָך שיקן אַ וועגווייזער, וועלכער וועט אייך העלפן אין די אַלע זאַכן.

— איז לויט אייך — האָב איך געזאָגט — די גאַנצע זאַך אַ פראַגע פון צוטרוי צו אייך... נו, איז גוט... אָבער ביי אונדז שטימט אפילו נישט די צאָל פון די פּאַספּאָרטן!

— פאַרוואָס? כ׳האָב דאָך אייך געשיקט די צאָל פּאַספּאָרטן, וואָס איר האָט פאַרלאַנגט.

— יאָ, אָבער אינצווישנצייט האָב איך אַרויסגענומען פון מאָנאַסטיר פינף קליינע קינדער, און אויך זיי וויל איך מיטנעמען מיט זיך. — און דאָ האָב איך דערציילט דער מאַדאַם שאַפּיראָ בקיצור די מעשה מיט די באָבאָ־ליאַקעס.

איך האָב זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז די דאָזיקע פרוי זאָל אַזוי שטאַרק גערירט ווערן צוליב דעם. זי האָט געהאַלטן אין איין ווישן די אויגן, נישט געקאָנט זיך באַרויקן.

— זעט איר שוין, איר זעט! וואָס זיי טוען מיט אונדזערע קינדער! מ׳הונגערט זיי אויס און דערציט זיי פאַר שונאים פונעם יידנטום. שוין מיט דער איינער טאַט האָט איר זיך געקויפט עולם־הבא! נישטאָ קיין גרעסערע מצווה פון ראַטעווען אַ יידישן נפש. די דאָזיקע קינדער זענען אייערע קינדער.

גלייך איר וואָלט זיי געבוירן. אַלץ וואָס איך בין אימשטאַנד, וועל איך טאָן פאַר די דאָזיקע קינדער!

כ׳האָב אויסגעהערט אירע רייד מיט אַ ביסל חידוש. מיר איז אַפילו אויפן זינען נישט געקומען, אַז איך קויף זיך מיט מיינע האַנדלונגען עולם־הבא... די וועלט, ווי אַזוי זי איז, איז פאַר מיר געווען איבערגענוג... קיין שום רעליגיעזע מאָטיוון האָבן מיך נישט סטימולירט. איך האָב פשוט געפילט אַ באַדערפעניש צו העלפן קינדער, וועלכע איך האָב געזען אין נויט און יסורים.

פונדעסטוועגן בין איך געווען צופרידן דערפון וואָס נישט ווילנדיק האָב איך זי עמאָציאָנירט... און האָב באַשלאָסן גלייך עס אויסצונוצן:

— אונדזער קינדער האָבן נישט קיין רוקזעק און נישט קיין שיך אין וועג אַריין.

— כ׳וועל גלייך אַסיגנירן אַ סכום געלט וואָס וועט גענוג זיין אויף איינצוקויפן די זאַכן. שיקט מיר צו וויפל פאַר שיך איר דאַרפט האָבן, און אין דריי טעג אַרום וועלן זיי זיין ביי אייך.

— אַ שיינעם דאַנק. אָבער פאַרט וואָס וועט זיין מיט דעם ענין פון די פאַספּאָרטן? איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט זיי צו טוישן, זיי זאָלן שטימען מיט די קינדער? מיר אַלע זענען דענערווירט צוליב די דאָזיקע פאַספּאָרטן... און פאַרוואָס איז נישטאָ אויף זיי קיין אַרויספאָר־דערלויבעניש פון פוילן?

— מאַדאַם לענאַ! — האָט זי געזאָגט ווייך — דערין שטעקט דאָך די גאַנצע טראַגעדיע פון די יידן אין פוילן, וואָס די רעגירונג וויל זיי נישט געבן קיין אַרויספאָר־וויזעס, הגם מ׳באַליידיקט זיי און מ׳מאָרדעט זיי אומעטום. ווען די יידן וואָלטן באַקומען אַזעלכע וויזעס, וואָלט איך נישט באַדאַרפט זיצן דאָ און נישט געווען געצוווּנגען צו צאָלן טויזנטער דאָלאַרן שוחד... כ׳פאַרשטיי, אַז אין דעם מישמאַש און אין דער איילעניש האָבן די אונטערגעקויפטע באַאַמטע פאַרטוישט די פאָטאָגראַפיעס מיט די נעמען, אָבער דאָס האָט נישט קיין באַדייטונג, — האָט זי נאָכאַמאָל אונטערגעשטראָכן.

— און נאָך עפּעס: צי קאָנט איר מיך באַזאָרגן מיט פאַספּאָרטן אויך פאַר די פינף קינדער? אָט זענען די פאָטאָגראַפעס.

— כ׳וועל זיך באַמיען... אָבער כ׳בין נישט פולשטענדיק זיכער. אויב דאָס וועט זיך מיר נישט איינגעבן, וועט מען דאַרפן זיי באַהאַלטן ערגעץ־ווו צווישן די געפּעק...

אַזוי ווי אין געטאָ, — האָב איך זיך געטראַכט.

— אָבער די ווichטיקסטע זאַך האָט איר מיר נישט געזאָגט, — האָט זי זיך אָנגערופן — כ׳מײן די דאַטע פון דעם אַרויספאָר. מ׳האָט אים שוין צוויי מאָל אָפּגעלייגט...

— יאָ, כ׳ווייס. מיר זענען געווען געצוווּנגען. האָבן געהאַט אין הויז פרעמדע מענטשן, וועלכע מיר האָבן חושד געווען אין שפּיאָנאַזש. אָבער ערשט טאָרן מיר שוין נישט אָפּלייגן, מיר מוזן אַנטלויפן, דאָס וועט זײַן דעם פערצנטן מערץ.

— אין אַ גוטער שעה! — האָט אַ זאָג געטאָן מאַדאַם שאַפּיראָ — זאָל גאָט העלפן, איר זאָלט שוין אויסגעלייזט ווערן פון דאָזיקן ביטערן גלות! און איר זאָלט שוין געניסן פון רו און מנוחה.

ווען כ׳בין געקומען צוריק אַהיים, האָט מיך דערוואַרט אַ סיורפּריז. דאָס איז געווען אַ פרעמדער מענטש, וואָס האָט געוואַרט אויף מיר דעם גאַנצן טאָג אין מײַן קאַנצעלאַריע. פרוי מענליך איז מיר אַנטקעגנגעקומען מיט רויטע פלעקן אויפן פּנים און מיר מיטגעטיילט וועגן דאָזיקן גאַסט.

— ער וויל נישט זאָגן ווער ער איז, — האָט זי געזאָגט מיט אומרו.

גלײַך האָט מיר אָנגעהויבן קלאַפּן דאָס האַרץ. אפשר האָט עמעץ אויסגעגעבן אונדזער סוד? דער דאָזיקער גאַסט איז אוודאי פון דער וו. פּ. (געהיים־פּאָליציי) און וועט מיך גלײַך אַוועקפירן מיט זיך...

כ׳בין אַרײַנגעגאַנגען צו זיך אין קאַנצעלאַריע. פאַר מיר איז געזעסן אַ יונגער מענטש, וועלכן כ׳האָב שוין ערגעצוווּ געזען. נאָר ווו?

— דערקענט איר מיך נישט, חברטע? — האָט ער געפרעגט — איך בין פּיאָטער, לאהס חבר. איר זענט געווען בײַ אונדז אין לאָדזש.

— אַך! האָב איך זיך גלײַך באַרויִקט — וואָס הערט זיך בײַ אײַך? איר האָט אפשר ערשט אַ מעגלעכקייט אַריבערצופירן די קינדער?

— צו מײַן באַדויערן, נישט. אָבער כ׳האָב געהערט, אַז איר האָט אַזאַ מעגלעכקייט... וואָלט איך וועלן, איר זאָלט מיטנעמען מיט זיך אויך אונדזערע קינדער.

—וועלכע קינדער?

— נו, די צוועלף קינדער, וואָס איר האָט געשיקט צו אונדז אום נאָוועמבער...

— אָבער מיר האָבן נישט קיין פּאַספּאָרטן פאַר ווײַערטוועגן... און מיר האָבן שוין אַזוי אויך פינף קליינע קינדער מער, וואָס מיר וועלן דאַרפן זיי אויסבאַהאַלטן.

— איז וועט איר אויסבאַהאַלטן נאָך צוועלף...

— אין וואָס פאַר אַ רוקזאַק קאָן מען אַריינשטופּן אַ פערצניעריק יינגל?

— חברטע, אויב איר וועט וועלן, וועט איר קאָנען מאַכן אַלץ! איך קען די מענטשן, וואָס העלפן אייך. זיי האָבן אַ סך געלט — און זיי קאָנען איינאָרדענען אַלץ. מ׳דאַרף אויף זיי ווירקן.

— פאַרוואָס־זשע ווירקט איר אַליין נישט אויף זיי?

— מיר זענען פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און אין זייערע אויגן זענען מיר פסול, אַקוראַט ווי די קאָמוניסטן. און איר זענט אַ פּריוואַטע פּערזאָן.

— פאַרוואָס זענט איר נישט געקומען פריער, ווען כ׳האָב אָנגעגעבן די צאָל פון די קינדער?

— ווייל ערשט היינט האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דעם.

— כ׳ווייס נישט, צי ס׳וועט זיך לאָזן עפּעס מאַכן. איך קום טאַקע ערשט פון דאָרטן, און זיי האָבן מיר אָפּגעזאָגט צו געבן פּאַספּאָרטן פאַר קינדער, וועלכע זענען פאַר זיי, מחמת פאַרשידענע טעמים, זייער וויכטיק. און אויב כ׳וועל נישט באַקומען פאַר די צוועלף קינדער קיין פּאַספּאָרטן, וועל איך נישט קאָנען צוליב זיי ריזיקירן מיטן גאַנצן טראַנספּאָרט.

— כ׳דערלאָז זיך נישט דעם געדאַנק, איר זאָלט וועלן איבערלאָזן אין פּוילן מיט אַ ריין געוויסן אַ גרופּע פון אייערע בעסטע קינדער( איצט זענען זיי צוריק געוואָרן „מיינע״).

— כ׳האָב אייך שוין געזאָגט, חבר.

— און איך גלייב דאָך, אַז איר וועט די זאַך איינאָרדענען, און כ׳וועל אייך ברענגען די קינדער אַ טאָג פאַרן אַרויספאָר.

דער חבר פּיאָטר איז פאַרשוווּנדן, און מיר איז איבערגעבליבן אַ נייע זאָרג.

ערשט זענען איבערגעבליבן די אינעווייניקסטע ענינים פונעם הויז, וועלכע מ׳האָט ביז היינט נישט געקאָנט דערלייִדיקן צוליב די אומאויפהערלעכע וויזיטן פון די געסט, וועלכע מיר האָבן חושד געווען אין שפּיאָנאַזש. אויסערדעם איז גלאַט גלייכער געווען זיי אָפּצולייגן ביז דער לעצטער רגע.

קודם־כל דער ווייטיקלעכער פּאַקט פון אָפּרייסן זיך פון קינדער, וואָס האָבן געהאַט משפּחה, דערפאַר האָבן מיר זיי נישט געקאָנט מיטנעמען. יענע האָבן נאָר געמעגט וויסן, אַז מיר פאָרן אַרויס אויף אַ צווייטאָגיקן אויספלוג צו „מאָרסקע אָקאָ״. מיר האָבן זיי געקאָנט מיטטיילן וועגן דעם אויספלוג

בלויז אַ פּאָר שעה פאַרן אַרויספאָר און אויסגעפינען תירוצים, פאַרוואָס מיר לאָזן איבער געוויסע זעכצן קינדער... דאָס איז פאָר מיר געווען זייער שווער. באַזונדערס זענען מיר אַ שאָד געווען אייניקע קינדער, וועלכע זענען געווען אומגליקלעך צוליב דעם, וואָס זיי האָבן אָפּיעקונעס. צום ביישפּיל באַלעטשקע. אָבער זי איז דאָך געווען דאָס טעכטערל פון אַ העכט אין צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע.

דערפאַר אָבער האָב איך זיך געטרייסט דערמיט, וואָס אונדזערע כראָניש קראַנקע קינדער, ווי העליע, עדנאַ, מאיר און אַנדערע, זענען געווען אין אַן אויסגעצייכנטן צושטאַנד און מסוגל אַריבערצוטראָגן די שוועריקייטן פון דער נסיעה. אַזוי אַז מחמת קראַנקהייט איז קיין שום קינד נישט איבערגע־בליבן.

איצט ווידער אַ צווייטער קאָמפּליצירטער ענין: איך האָב געוואָלט לאָזן אַלץ נאָך זיך אין אַן אידעאַלער אָרדענונג. די קאַסע, די מאַגאַזינען, דעם אינווענטאַר און די חשבונות. מיר האָבן מיט זיך גאָרנישט נישט מיטגע־נומען, אויסער דער פּערזענלעכער קליידונג, שפּייז, אויף עטלעכע טעג און דעקעס אויפן וועג. פון די געלטער פון קאָמיטעט האָב איך נישט גענומען אויף קיין זאַך, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אונדזער אַרויספאָר. געהאַלט דעם פּערסאָנאַל האָב איך באַצאָלט בלויז ביזן טאָג פון אַרויספאָר. אַלץ האָט געדאַרפט זיין דערפירט צו אַ שלוס, איינגעאָרדנט, פאַרשלאָסן אין קאַסע און אין מאַגאַזין. אויף אַלץ זענען איבערגעבליבן דאָקומענטן.

אָבער כדי דאָס אַלץ אַדורכצופירן אַזוי, ווי איך האָב זיך עס אויסגע־פּלאַנירט, האָב איך געדאַרפט האָבן אַ מענטש איך זאָל אים דאָס אַלץ קאָנען איבערגעבן. און וואָס נאָך וויכטיקער — איך זאָל קאָנען אים איבערגעבן אויף צוויי טעג די איבערגעבליבענע קינדער און דאָס גאַנצע הויז. ווייל גאַנצע צוויי טעג האָבן געדאַרפט אַריבער פון דעם מאָמענט ווען מיר פאַר־לאָזן דאָס הויז ביז מ׳וועט זיך דערוויסן אין קאָמיטעט וועגן אונדזער אַנט־לויפן. די צוויי טעג זענען אונדז געווען נייטיק, כדי דער קאָמיטעט, אָדער די ווו. פּ. זאָל אונדז שוין נישט קאָנען דעריאָגן.

די דאָזיקע צוויי טעג זענען געווען אַ לערער חלל. אין די צוויי טעג האָט מען געקאָנט באַרויבן אַלץ, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט איינגעאָרדנט אויפן בעסטן אופן ווי געזעלשאַפטלעך פאַרמעגן. די־אַ צוויי טעג האָבן געקאָנט אויסנוצן אויך די זאַקאָפּאַנער אַנטיסעמיטן.

ווו־זשע זאָלן מיר נעמען אַזאַ מענטש, אַן אָרנטלעכן און פאַראַנטוואָרט־לעכן, אַ דרייסטן און קודם־כל אַן אונדז איבערגעגעבענעם? קיין איינער פון

די יידישע אָנגעשטעלטע האָט נישט געוואָלט ברענגען דעם קרבן נישט אַרויסצופאָרן מיט אונדז און בלייבן צוליב דער דאָזיקער אויפגאַבע. כ׳האָב עס אויך נישט געקאָנט פאָדערן פון זיי. ס׳איז איבערגעבליבן בלויז איין פרוי, וואָס דער קאָמיטעט האָט מיר געשיקט די לעצטע צייט, פרוי פישער, וועלכע האָט ביז היינט נישט געוווּסט וועגן דעם פּלאַן פון אונדזער אַרויס־פאָרן.

איך האָב איר דעריבער וועגן אַלץ דערציילט... און זי האָט זיך אויסער־געוויינלעך דערשראָקן. זי האָט לחלוטין נישט געוואָלט הערן וועגן דער ראָל, וואָס איך האָב פאַר איר באַשטימט. זי האָט זיך געשראָקן, טאָמער וועט איר דער קאָמיטעט חושד זיין, אַז זי איז געווען יד־אחת מיט אונדז, און זי בלייבט דאָך איבער אין פּוילן! האָב איך איר דעריבער געזאָגט:

— איז באַשטים איך נישט פאַר אייך קיין שום פונקציע... איר ווייסט גאָרנישט... איך פאַרשליס די קאַנצעלאַריע און די מאַגאַזינען אויף אַ שלאָס... די פּוילישע אָנגעשטעלטע, דער דאָקטאָר און איר אַרבעטן ווייטער... כ׳וועל אַרויסנעמען לעבנסמיטלען אויף צוויי טעג... און מיר אַלע פאָרן אַרויס אויף אַן אויספלוג. איך טייל אייך מיט, אַז מיר וועלן שלאָפן אין טוריסטן־הויז אין „מאָרסקע אָקאָ". ס׳איז נישטאָ קיין סיבה זיך צו באַוּמרויקן. אויפן צווייטן טאָג, אין אָוונט, דאַרפן מיר צוריקקומען פונעם אויספלוג. און דער אָוונטברויט פאַר אונדז דאַרף זיין צוגעגרייט... איר ווייסט בלויז דאָס, וואָס ס׳ווייסן אַלע אַנדערע אָנגעשטעלטע... איצט זאָגט מיר, וואָס וועט איר טאָן, אויב מיר וועלן זיך נישט אומקערן פונעם אויספלוג צום טערמין וואָס איך האָב אייך געזאָגט?

— כ׳וועל וועגן דעם צוויסן געבן דעם קאָמיטעט.

— כ׳בין פולשטענדיק מסכים. ס׳איז באמת אייער פליכט צוויסן צוגעבן וועגן דעם דעם קאָמיטעט. און דער קאָמיטעט וועט אייך זיין דאַנקבאַר דער־פאַר. און אויך איך וועל אייך זיין דאַנקבאַר... נאָר, פאַרשטענדלעך, מיט איין באַדינג, איר זאָלט נישט צוויסן געבן דעם קאָמיטעט אפילו מיט קיין איין רגע פריער פון ניין אַזייגער אין אָוונט דעם צווייטן טאָג פון אונדזער אַרויספאָרן. און אינצווישנצייט וועט איר אַכטונג געבן אויף דער אָרדענונג און זיכערקייט אין הויז, און די קאַנצעלאַריע מיט די מאַגאַזינען וועלן אויך אויף ווייטער בלייבן אָפּגעשלאָסן...

נאָך אַ סך שמועסן, אויפקלערונגען, צורעדענישן, האָט פרוי פישער מסכים געווען אויף איר ראָל. און פון דעם מאָמענט אָן איז מיר אַ שווערער שטיין אַראָפּגעפאַלן פון האַרצן...

זענען שוין די הויז־ענינים געווען נאָענט רעגולירט צו ווערן. ס׳איז נאָך פאַרבליבן אַ שמאָלער אָפּשניט פון מײַן פּריוואַטן לעבן, וועלכן מ׳האָט אויך געדאַרפט אָפּשליסן. כ׳האָב געמוזט אויך אויף דעם זיך נעמען צײַט...

— איז קודם־כּל — דאָס באַקומען אַ גט פון אַלבערטן. דער דאָזיקער פּונקט האָט מיר צום שטאַרקסטן ווײ געטאָן, ווי אַ נאָדל־שפּיץ טיף אין קערפּער. כ׳האָב אומבאַדינגט געמוזט אַרויסציען דעם דאָזיקן שפּיץ, כּדי דאָס בלוט אין קערפּער זאָל קאָנען שטראָמען אָן אַ שום שטערונג... און באַזונדערס ווען איך האָלט ביים אַרויספאָרן אין די לענדער פון פרײַהייט. אָבער ווו זאָל איך אים זוכן, אַז ער איז לחלוטין פאַרשוווּנדן פון האָריזאָנט און גיט וועגן זיך נישט צו וויסן? ער טוט עס מיט אַ כּוונה, כּדי איך זאָל אויך ווײַטער זײַן צו אים צוגעשמידט. אָבער ניין, ניין, ניין! איך גיב זיך אַ שבועה, אַז איך וועל דאָס אַזוי נישט לאָזן! כ׳וויל זײַן אַ פרײַע! כ׳האָב דאָס רעכט צו זײַן אַ פרײַע!

ווו קאָן ער זיך ערשט געפינען? ביי די מיעלעצקיס? ניין, ער איז זײ שוין גענוג געזעסן אויפן קאַרק. קיין קרובים האָט ער נישט. די פּאָלסקיס קענען אים צו־גוט... ער איז זיכער ביי יענער פרוי, ביי דער דייטשקע. כ׳האָב געהערט, אַז זי האָט עלטערן אין דאַנציק. וועל איך דאָרט אַהינפאָרן און געוואָר ווערן ווו ער איז.

פון זאַקאָפּאַנע קיין דאַנציק איז אויסגעוויס אַ שטרעקע פון טויזנט קילאָמעטער. און דאָס איז נישט געווען קיין שפּילכל אין די קאָמוניקאַציע־באַדינגונגען פון יענער צײַט. און כ׳בין דאָך אויך נישט זיכער געווען, אַז כ׳וועל אים דאָרט טרעפן. אָבער, נישט זעענדיק קיין אַנדערן אויסוועג, בין איך געפאָרן.

ביז וואַרשע איז נאָך געווען ווי־עס־איז. אָבער פון וואַרשע קיין דאַנציק בין איך געפאָרן מיט אַן אויטאָבוס אַ גאַנצע נאַכט. און איך געדענק נישט פאַרוואָס ס׳איז די רײַזנדיקע פאַרבאָטן געווען אַרויסצוגיין אויף די סטאַציעס. קאָן זײַן אַז דער וועג איז געווען נישט אינגאַנצן קיין זיכערער. כ׳געדענק בלויז, אַז די דאָזיקע רייזע איז געווען די שווערסטע אין מײַן לעבן. כ׳בין צוגעפרוירן געוואָרן צו מײַן פּלאַץ און געמיינט, אַ כ׳וועל זיך שוין נישט קאָנען אויפהייבן. אָבער אויך די צרה איז אַריבער.

אין מעלדונגס־אַמט האָב איך זיך דערוווּסט זייער אַדרעס. האָב אויך אים געטראָפן ביי זײַן „שווער" — אַן אַלטער דייטש, וועלכער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן אַזוי, ווי ער וואָלט מיך וועלן דערשטיקן. אָבער דאָס

מאָל האָב נישט איך זיך געשראָקן, נאָר אַלבערט. כ׳האָב באַקומען זיין הסכמה מיר צו געבן אַ גט. און אין משך פון עטלעכע טעג האָב איך דעם גט באַקומען. איך בין געוועזן אַ פרייער מענטש.

*

ערשט זענען נאָך איבערגעבליבן קלענערע ענינים, הגם יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט דאָס רעכט גערעכנט צו ווערן פאַר אַ וויכטיקן ענין. למשל, דער דזשוינט־דירעקטאָר, וועלכער האָט אַ סך טובות געטאָן אונדזערע קינדער, און באַזונדערס די קראַנקע, פאַר וועלכע ער האָט נישט וויייניק געלט געגעבן. כ׳האָב געוואָלט זיך געזעגענען מיט אים, דאַנקען, אָפּגעבן אַ לעצטן באַריכט. פון דעם אַלץ האָב איך געקאָנט טאָן בלויז איין זאַך — אָפּגעבן די חשבונות און דאָס געלט וואָס איז ביי מיר פאַרבליבן, אונטער עפּעס אַן אויסרייד, אָבער נישט, חלילה, אויסצוזאָגן דעם אמת... דאָס דערוויסן זיך וועגן אונדזער נאָענטן אַרויספאָר פון פוילן, וואָלט געווען אַ סכנה אויך פאַר אים אַליין...

כ׳האָב אים נישט דערווישט. מ׳האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַרויס־געפאָרן אויף אַ לאַנגער צייט. כ׳האָב באַדויערט וואָס כ׳האָב אים אפילו קיין דאַנק נישט געקאָנט זאָגן. מיינע חשבונות און דאָס פאַרבליבענע געלט איז אַריבערגעפירט געוואָרן צו דער בוכהאַלטעריע פון דעם דזשוינט.

געבליבן זענען נאָך פראַניע און די דירה אין קראָקע. כ׳האָב געזען פראַניע אין וואַרשע און איר נישט געקאָנט זאָגן וועגן דעם אַרויספאָר, ווייל ס׳וואָלט געווען איר הייליקער פליכט תיכף מיטצוטיילן וועגן דעם דער וו. פּ. כדי מ׳זאָל אונדז פאַרהאַלטן. דערפאַר האָב איך אויך נישט געקאָנט עמעצן איבערגעבן די דירה, אָדער עפּעסוואָס פון איר פאַרקויפן, כדי נישט צו וועקן די אויפמערקזאַמקייט פון פראַניען און אירע חברים, וועלכע פלעגן אָפט אַהין אַריינקומען.

כ׳האָב נישט מיטגענומען מיט זיך מיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, נישט געזעגנט זיך מיטן פּראָפעסאָר, וואָס איך האָב צום שטאַרקסטן באַדויערט. בלויז אין קאָפע זשעמיאַנסקאַ, טרינקענדיק אַ גלאָז קאַווע מיט די מיעלעצ־קיס, האָב איך אַ זאָג געטאָן צו הענריקן:

— דו ווייסט, הענריק, דיינע פּאַרויסזאָגונגען האַלטן ביים מקוים ווערן... איך בין ערב מיין אַרויספאָרן מיט מיין גאַנצן אַרבעטס־וואַרשטאַט, ס׳הייסט מיט דער מאה קינדער, קיין ארץ־ישראל.

— טרייב נישט קיין שפּאַס, — האָט אַנגע געזאָגט — הגם דער טייוול ווייסט דיך, האָסט שטענדיק געהאַט משונהדיקע איינפֿאַלן.

— אויף יעדן פֿאַל, קוש פֿאַר מיר גוט אויס די קינדער און די באָבע. און דו, הענריק, באַשטעל פֿאַר מיר נאָך אַ טשאַסטע מיט פּאַזיאַמקעס, כדי זאָלסט מיך גוט פֿאַרגעדענקען.

— מילא, וואָס קאָן מען טאָן. צוליב דיר איז אפילו צו באַנקראָטירן כדאי.

בין איך זיך אַזוי אַרויסגעפאָרן אַ לייכטע... אָן שום מאַטעריעלן באַלאַסט... און בין גרייט געווען אָנצוהייבן פונדאַסניי... ווי אַ סך מאָל פריער...

# וויקטאָרס קליין שוועסטערל

וויקטאָר איז געווען אַ יינגל, וואָס האָט נישט געטראַכט וועגן קיין אַנדער זאַך, נאָר וועגן רייזעס און נייע איבערלעבונגען. ער האָט שטענדיק געלעכצט נאָך נייע איינדרוקן, נייע מענטשן, פּרעכטיקע לאַנדשאַפטן און פרייהייט. געוועזן גיריק נאָך באַוועגונג, געוואָלט זיין אַ טייל פון איר, שטיין ביי איר רודער, ביים מאָטאָר, באַהערשן שטרעקעס פון דער יבשה, ים און לופט. דאָס איז געווען ביי אים נישט נאָר אַ נייגונג פון נאַטור און כאַראַקטער, נאָר ממש אַ וועלט-אָנשויונג. וויקטאָר האָט געגאַרט צו פליען איבער גרענעצן פון לענדער און מדינות, זיך טראָגן הויך איבער בערג און ימים — כדי צו דערפילן דעם אָטעם פון אמתער פרייהייט... האָט פיינט געהאַט גרענעצן, דעמאַרקאַציע-ליניעס... און געהאַסט פאַראורטיילן, גלויבונגען און אַלץ וואָס טיילט פאַנאַנדער איין מענטש פון אַנדערן. האָט געגלייבט אין דעם מענטשנס בירגערשאַפט אויף דער גאַנצער וועלט... אַזאַ איז געווען וויקטאָרס געפיל און אָנשויונג.

ה׳ מענליך, וואָס איז פון זינט ער איז צו אונדז געקומען, געווען נישט נאָר דער לערער פון העברעיש, נאָר אויך דער דערציער פון די עלטערע קינדער, פלעגט שטאַרק באַדויערן וויקטאָרן, זאָגנדיק: — דאָס איז אַ יינגל אָן אַ פליכטגעפיל. ער וויל נישט אָננעמען קיין שום פונקציע אין דער שילערישער זעלבסטפאַרוואַלטונג, הגם ער איז פעיק און וואָלט

קאָנען אַ סך אויפטאָן. ער וויל נישט לערנען קיין העברעיש (ביי מיר האָט ער געלערנט, אַליין געקומען זיך פאַרשרייבן). קיינער און גאָרנישט גייט אים נישט אָן. נישטאָ ביי אים די שטרעבונג צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. אַ יינגל אָן געפילן, אָן אידעאַלן. וואָס וועט פון אים אויסוואַקסן?

ה׳ מענליך האָט זיך געהאַלטן פאַר אַן אידעאַליסט. געווען געטריי דעם געדאַנק פון דער אויפלעבונג פון דעם יידישן פאָלק, אין גייסט פון סאָציאַלער גלייכהייט פון אַלע קלאַסן. אין דעם גייסט, האָט ער געשטרעבט, צו דערציען זיינע שילער. און אויב עמעץ האָט נישט אָנגענומען זיין פּראָגראַם, איז ער געווען געצייגט זיך פון אים מיאש צו זיין. וויקטאָר האָט נישט אָנגענומען ה׳ מענליכס פּראָגראַם, אַזוי ווי ער איז נישט געווען גרייט אָנצונעמען אַוועלכן ס׳איז אַנדערן פּראָגראַם. ער איז געווען אין אַ גרויסער מאָס זעלבסטשטענדיק אין זיין טראַכטן, געוואָלט זיך דערשלאָגן צו ברייטערע וועלט־שליאַכן מיט זיין אייגענעם וועג, און נישט מיט וועגן וואָס אַנדערע האָבן אים אָנגעוויזן. אָט די דאָזיקע עקשנותדיקע שטעלונג זיינע האָט אים גורם געווען אַ סך קלאָפּאָטן אין לעבן און איז געווען אַ סיבה פאַר סיכסוכים צווישן אים און זיינע דערציער.

צו מיר האָט זיך וויקטאָר נישט באַצויגן ווי צו אַלע אַנדערע — אָפּאָזיציאָנעל פון פאָרויס. אדרבה, ער האָט מיר אַרויסגעוויזן אַ סך רעספּעקט און לאָיאַליטעט, אָבער דאָך אַ ביסל דיסטאַנסירט: בעסער זיך נישט צו דערנענטערן צו פיל... כדי נישט צו ריזיקירן מיט דעם וואָס ער האָט באַטראַכט פאַר זיין פּריוואַט־אייגנטום — זיין אייגענעם „איך" — אַ פּרעמדער זאָל עס, חלילה, נישט אָנרירן. חוצדעם האָט ער געוואָלט אָפּווענדן פון זיך יעדן חשש פון חניפה און קריכעריי צו דער לייטונג, (ווי מאַרילקע). אויב ער האָט מיט מיר גערעדט, זענען זיינע ווערטער געווען געציילטע... דערפאַר האָב איך אים נישט קענען־געלערנט פון דער נאָענט, נישט זיינע רייכע איבערלעבענישן און נישט זיינע אַוואַנטוריסטישע פּלענער אויף דער צוקונפט. כ׳האָב אים דערקענט בלויז לויט זיינע טאָגטעגלעכע האַנדלונגען אין הויז.

מיין נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט אים איז געקומען ערשט בשעתן שמועס וועגן אונדזער אַרויספאָר פון פּוילן. כ׳האָב אים געפרעגט דאָסזעלבע וואָס אַנדערע: צי וויל ער אַרויספאָרן פון פּוילן קיין אויסלאַנד? זיינע אויגן האָבן זיך גלייך אָנגעצונדן:

— איך וויל זייער, — האָט ער געענטפערט אונטערשטרייכנדיק.

— צי שרעקסטו זיך נישט פֿאַר די שוועריקײטן אין וועג און די גרױסע ריזיקע, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט אונדזער אומלעגאַלן אַריבערגײן די גרענעץ?

ס׳האָט אױסגעזען ווי וויקטאָר זאָל זיך קווענקלען, ווײַל ער האָט נישט גלײַך געענטפֿערט. אינדערראַמתן איז ער געווען געגליכן צו אַ הונגעריקן בעטלער, וואָס זעט געבראָטענע קאָטלעטעס אין אױסשטעל־פֿענצטער, און פֿאַרמאַכט די אױגן מחמת זשעדנעקײט... און באַלד האָט זיך זײַן צונג צעבונדן:

— מיך, נישט נאָר וואָס די שוועריקײטן שרעקן מיך נישט, נאָר פֿאַרקערט, זײ ציִען מיך נאָך צו, — האָט ער געזאָגט אָפּנהאַרציק — איך בין שױן נישט אײן מאָל איבערגעגאַנגען די גרענעץ אומלעגאַל. דאָס ערשטע מאָל בין איך געגאַנגען מיט דער מאַמען, ווען כ׳בין אַלט געווען נײַן יאָר. מיר זענען דעמלסט אַריבער דעם טײַך בוג, אױף דער רוסישער זײַט. געקראָכן אױפֿן בױך צווישן די שטעכל־דראָטן פֿון דער גרענעץ, די רעפֿלעקטאָרן האָבן געבלענדט איבער אונדז, די וואַך־הינט האָבן געבילט — און מיר האָבן געבלאָנדזשעט... צום סוף האָט מען אונדז געכאַפּט און אַרײַנגעזעצט אין תּפֿיסה — אָבער דאָס איז נאָר געווען אַן איבערלעבעניש.

— אױך דו ביסט געזעסן אין תּפֿיסה?

— פֿאַרשטענדלעך! אָבער ס׳איז נישט געווען אַזױ שרעקלעך. כ׳האָב באַקומען עסן פֿון דער אָפֿיצירן־קיך און בין געגאַנגען יעדן טאָג שפּאַצירן (וואָס אמת, אין דער באַגלײטונג פֿון אַ באַוואָפֿנטן זעלנער). צום סוף האָט מען מיך אַרױסגעלאָזט, ווײַל כ׳האָב באַקומען אַן אױסשיט אױפֿן גאַנצן קערפּער — און די סאָוועטן פֿלעגן זיך דאָך באַרימען דערמיט, אַז זײ אַרעסטירן נישט קײן קינדער. כ׳האָב דעמלט געשריבן אַ בריוו צו חבר סטאַלין, און אין בריוו אים אױפֿגעקלערט, אַז כ׳בין קײן שום זינד באַגאַנגען, נאָר מיר האָבן פּשוט געוואָלט אַנטלױפֿן פֿון די דײַטשן צו די רוסן. כ׳האָב אים געשריבן, אַז איך בין אײנער אַלײן, און ס׳איז מיר שלעכט אָן דער מאַמען — און כ׳בעט אים זײער שטאַרק, ער זאָל באַפֿרײַען מײַן מאַמען פֿון תּפֿיסה.

— און וואָס האָט דיר חבר סטאַלין געענטפֿערט?

— ער האָט געענטפֿערט. נישט ער אַלײן, נאָר זײַנע סעקרעטאַרן. זײ האָבן מיר געראָטן זיך ווענדן צום פּראָקוראָטאָר פֿון טאַרנאָפּאָלער קרײַז.

און דערין איז באַשטאַנען דער גאַנצער טעות, װײַל די מאַמע איז אַרעס־טירט געװאָרן אין ביאַליסטאָקער קרײַז, און נישט אין טאַרנאָפּאָלער... זײ האָבן נישט ריכטיק פֿאַרשטאַנען מײַן בריװ... װײַל בלױז איך אַלײן האָב געװױנט אין טאַרנאָפּאָלער קרײַז בײַ מײַן פֿעטער... און נישט די מאַמע. דערפֿאַר איז מײַן גאַנצע באַמיִונג געװען אָן אומזיסטע. ביז די זאַך האָט זיך אױפֿגעקלערט, זענען אַריבער עטלעכע חדשים, ס׳האָט אױסגעבראָכן די רוסיש־דײַטשישע מלחמה. ערשט דעמלט איז די מאַמע באַפֿרײַט געװאָרן. דאָס צװײטע מאָל בין איך אַריבער די גרענעץ שױן אינגאַנצן אַלײן, װײַל כ׳האָב פֿאַרלױרן דעם קאָנטאַקט מיט דער מאַמען. כ׳בין געפֿאָרן פֿון רוסלאַנד קײן פּױלן זוכן דעם טאַטן, װעלכער איז געבליבן אין װאַרשעװער געטאָ.

— און ס׳האָט זיך דיר אײַנגעגעבן ?

— דאָס איז נישט געװען קײן לײַכטע זאַך. כ׳בין געפֿאָרן מיט אַ דײַטשישן צוג פֿון ציסטערנעס — אױף די בופֿאָרן און האָב געמוזט גוט אַכטונג געבן זיך קײן ריר נישט צו טאָן און נישט אַראָפּפֿאַלן אונטער די רעדער, װײַל די מענטשן האָבן זיך געשטופּט... אָבער כ׳בין דערפֿאָרן. נישט מער, אין װאַרשע האָט מיך געפּאַקט אַ פּױלישער פּאָליציאַנט. ער האָט געמײנט, אַז ער װעט פֿון מיר עפּעס אַרױסקװעטשן... אָבער איך בין געװען נישט מער װי אַ זעקל בײנער — און האָב אָפּגעצױגן פֿון אים.

— און דעם טאַטן האָסטו אױפֿגעזוכט ?

— אױפֿגעזוכט. אָבער איר װײסט דאָך, װאָס אין געטאָ האָט זיך אָפּגעטאָן. כ׳האָב אַרײַנגעטראָפֿן אין אַ זײער נישט גליקלעכער צײַט. אַ טראַנספּאָרט איז געגאַנגען נאָך אַ טראַנספּאָרט. מ׳האָט גענומען אַלע. איך אַלײן בין אַנטלאָפֿן פֿון טראַנספּאָרט און אַריבער אױף דער אַרישער זײַט, צו דער מומע צעלינע. אײגנטלעך איז זי קײן מומע נישט געװען, נאָר אַ דינסט בײַ אונדז, נאָר איך האָב זי גערופֿן מומע און געהאָלפֿן איר מאַן, װעלכער פֿלעגט ליקװידירן דײַטשן לױט אַ באַפֿעל פֿון דער אונטערערד. איך האָב זיך באַטײליקט מיט אים און דער מומע צעלינע אין דעם פּױלישן װאַרשעװער אױפֿשטאַנד, און מ׳האָט מיך אַװעקגעפֿירט, װי אַ פּאָליטישן אַרעסטירטן, קײן אױשװיץ.

— װיפֿל ביסטו דעמלט אַלט געװען, װען ביסט געװאָרן אַ פּאָליטישער אַרעסטירטער ?

— אַהאַ! שױן עלף יאָר! העכער אַ יאָר בין איך געזעסן אין אױשװיץ.

און דאָס זענען געווען שרעקלעכע פּיין, ווייל כ׳האָב זיך די גאַנצע צייט געשראָקן, טאָמער דעקט מען אויף אַז איך בין אַ ייד. און דעמאָלט וואָלט איך אויך פאַרשאָטן די מומע צעלינע. דאָס ערגסטע איז פאַר מיר געווען דאָס גיין אונטערן טוש צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן... אָבער מיין קאַלטבלוטיקייט האָט מיך געראַטעוועט. און אויך די מומע צעלינע איז אַרויס בשלום. כ׳האָב איר געהאָלפן וויפל כ׳האָב געקאָנט אין אוי־שוויץ... שפּעטער האָב איך געזען דאָס צעבאָמבאַרדירן בערלין, ווייל מ׳האָט אונדז געטריבן פון אוישוויץ קיין בערלין. דאָס איז געווען הערלעך! די ענגלענדער, די אַמעריקאַנער און די סאָוועטן האָבן אָן אויפהער באָמבאַר־דירט בערלין. פאַר יעדער באָמבאַרדירונג פלעגן זיי וואַרפן פּרעכטיקע קאָלירטע פייערווערק, און ערשט דערנאָך וואַרפן די באָמבעס. פון צייט־צו־צייט זענען אָנגעפלויגן עסקאַדרעס אַמעריקאַנישע עראָפּלאַנען. אין יעדער עסקאַדרע זענען געווען צוועלף עראָפּלאַנען, און הינטער זיי האָבן זיך געצויגן רויכקנוילן אויפן הימל וואָס פלעגן פאַרשטעלן די זון בייטאָג, און די נעכט זענען געווען העלע און ליכטיקע ווי דער טאָג צוליב די אָן אַ שיעור שרפות... מ׳פלעגט זיך ווערטלען, אַז די אַמעריקאַנער מאַכן פון טאָג נאַכט און פון נאַכט טאָג... דאָס איז געווען פאַנטאַסטיש!

וויקטאָר האָט זיך אַזוי אָנגעצונדן פון זיין דערציילן, אַז זיין גאַנץ פּנים האָט געפלאַמט. כ׳האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז אַזויפיל פייער איז פאַרבאָרגן אין דעם דאָזיקן באַהערשטן בחורל. כ׳וואָלט אים געגרן אויס־געהערט אַ לאַנגע צייט, אָבער צום באַדויערן האָבן מיר געהאַלטן פאַרן אַרויספאָרן, און איך האָב נאָך געמוזט שמועסן מיט פערציק קינדער. דעריבער האָב איך אים איבערגעריסן און געפרעגט:

— וואָלסטו איצטער וועלן ממשיך זיין די פריערדיקע איבערלעבענישן?

— יאָ, האָט ער גלייך געענטפערט — כ׳וואָלט זייער־זייער וועלן אַ פילפאַרביק לעבן... וואַנדערן... אַ סך זען... און מער פון אַלץ — פליען! ווען כ׳בין נאָך געווען אַ קליינינקער יאָטל האָב איך שוין געחלומט, אַז כ׳על זיין אַ פּילאָט אָדער צומוויניקסטן אַ שיפס־קאַפּיטאַן...

— „צומוויניקסטן אַ שיפס־קאַפּיטאַן״... — האָב איך איבערגעחזרט זיינע ווערטער — צי האָסטו אויך אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, אונטער וועלכער פאָן דיין שיף זאָל שווימען?

— אַמגערנסטן — אַן אינטערנאַציאָנאַלע... אָבער ס׳קאָן אויך זיין אַ יידישע פאָן. און מירן זיי ווייזן די אַנדערע פעלקער, אַז יידן קאָנען זיין פּילאָטן און מאַטראָזן נישט ערגערע ווי אַנדערע!

— ווי איך זע, פעלט נישט קיין סך צום פאַרווירקלעכן דיינע חלומות... מ׳דאַרף נאָר שאַפן אַ יידישע מדינה מיט אַן אייגענעם פלי־וועזן און אַן אייגענעם פלאַט...

— מיט פרייד וואָלט איך אין זיי געדינט, — האָט וויקטאָר אַ זאָג געטאָן פשוט.

— ווער ווייסט? — האָב איך געזאָגט — אפשר פון שטרעבונגען און חלומות פון אַזעלכע יינגלעך ווי דו, ווערן געשאַפן מדינות, אויפגעבויט פלאַטן... אָבער דערווייל איז עס נישט מער ווי אַ חלום... איז וואָס, קאָן איך דיך פאַרשרייבן אויף אַרויסצופאָרן פון פוילן?

— אַבסאָלוט יאָ, — האָט וויקטאָר אַקצעפּטירט. און מיר האָבן זיך געשיידט אין פולער איינשטימיקייט און פאַרשטענדעניש.

*

מיט דריי וואָכן שפּעטער, צוריקקומענדיק פון מיין לעצטער רייזע, און נישט באַווייזנדיק נאָך אויסצוטאָן דעם וועגמאַנטל, איז צו מיר צוגעשטאַנען מירעלע און הויך אַריינגעשעפּטשעט מיר אין אויער אַריין:

— מאַמע, וויקטאָר וואַרט שוין צוויי טעג אויף דער מאַמען... ער וויל עפּעס דער מאַמען זאָגן. ער האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַ שוועסטערל אין אַ מאָנאַסטיר...

— פונוואַנען ווייסטו דאָס, מירעלע? — האָב איך געפרעגט.

אָבער מירעלע האָט מיך שוין מער גאָרנישט געהערט. זי איז געלאָפן צו וויקטאָרן און האָט מיט אַ טאָן פון אַ דערציער אים געזאָגט:

— ערשט האָט די מאַמע נישט קיין צייט פאַר דיר. צווערשט מוז זי זיך אַרומוואַשן, עסן, זען די קינדער און דערנאָך רעדן מיט פרוי מענליך, און ערשט דאַן וועסטו גיין צו דער מאַמען!

וויקטאָר האָט ווירקלעך געוואַרט אויף מיר. ער האָט זיך אַרומגעדרייט הינטער טיר פון דער קאַנצעלאַריע און איז געווען אַזוי בלאַס און פאַרזונקען אין מחשבות, אַז כ׳האָב זיך שוין נישט פאַרנומען מיט דעם אַלץ וואָס מירעלע האָט פאַר מיר באַשטימט, נאָר זיך גלייך געוואַנדן צו אים:

— וואָס איז מיט דיר, וויקטאָר? — האָב איך געפרעגט — האָסטו מיר עפּעס מיטצוטיילן בנוגע אונדזער אַרויספאָר?

— יאָ, — האָט וויקטאָר געענטפערט — צו מיין באַדויערן, קאָן איך נישט אַרויספאָרן.

כ׳בין בלאָס געוואָרן, דאָס דערהערנדיק. אַזאַ וווּנדערלעך ייִנגל, און מיר זאָלן אים אָנווערן!

— וואָס איז די סיבה, וואָס דו ציסט זיך צוריק? — האָב איך געהערט ווי מײַן שטים ציטערט.

— נישט גערן צי איך זיך צוריק, — האָט וויקטאָר אָנגעהויבן באַהערשט און רעזערווירט — כ׳וואָלט גערן אַרויסגעפאָרן פון פּוילן... האָב וועגן דעם געחלומט די גאַנצע צײַט. האָב זיך אָבער דערוווּסט, אַז מײַן שוועסטערל גייט נישט גוט, און איך מוז בלײַבן דאָ, כדי מיט איר זיך צו פאַרנעמען.

— כ׳האָב גאָרנישט געוווּסט, אַז דו האָסט אַ שוועסטערל... האָסט קיינמאָל נישט גערעדט וועגן דעם... ווו געפינט זי זיך?

— אין אַ מאָנאַסטיר. מײַן מומע, אַ פּאָלקע, האָט זי אַהין אַרײַנגעגעבן. מיר האָבן געהאַט עטלעכע אַזעלכע מומעס, פּאָלקעס, אין דער משפחה... און כ׳האָב תמיד געטראַכט, אַז ס׳איז איר דאָרט גוט. באַזונדערס, אַז זי האָט מיר תמיד געשריבן זייער גוטע בריוו. און דערווײַל האָב איך זיך ערשט דערוווּסט, אַז מ׳גיט איר נישט דאָרט צו עסן... גייט אַרום אַ באָר־וועסע... און קיין מאַנטל האָט זי נישט. ס׳איז איר קאַלט... און מיר האָט זי גאָרנישט געזאָגט וועגן דעם.

— פונוואַן־זשע ווייסטו וועגן דעם?

— די מומע האָט מיר געשריבן.

— בײַ די הײַנטיקע באַדינגונגען, אין די מאָנאַסטירן, קאָן דאָס זײַן אמת, — האָב איך געזאָגט.

— טאַקע אמת, — האָט וויקטאָר אונטערגעכאַפּט מיט היץ — און דאָס ערגסטע איז, וואָס זי האָט מיך אַזוי אָפּגענאַרט... האָט מיר תמיד געשריבן, אַז ס׳איז איר גוט און אַז איך זאָל נישט זאָרגן וועגן איר... און דאָ...

— וויפל איז זי אַלט, די ליגנערין?

— זי ווערט אַלט צוועלף יאָר.

— אַזוי... אָבער זאָג מיר, וויקטאָר, אויף וואָס פאַר אַן אופן וואָלסטו איר קאָנען העלפן?

— דאָס ווייס איך נאָך אַליין נישט. כ׳וועל מוזן געפינען פאַר זיך אַזעלכע אַרבעט, כ׳זאָל קאָנען פאַרדינען און איר שיקן ברויט. יעדנפאַלס איז קלאָר, אַז איך קאָן נישט אַרויספאָרן פונדאַנען און זי איבערלאָזן. כ׳בין איר עלטערער ברודער און פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר.

כ׳בין געזעסן בײַם שרײַבטיש קעגן וויקטאָרן און נערוועז געדרייט

דעם בלייפעדער אין האַנט. האָב נישט געהאַט קיין השגה מיט וואָס איך קאָן העלפן דעם־אַ בחורל און זיין שוועסטערל. ס'איז מיר שרעקלעך אַ שאָד געווען אים איבערצולאָזן, אַ וועלט־בירגער, און גראָד ער וועט מוזן בלייבן!

לסוף האָב איך אויפגעהויבן די אויגן פון שרייבטיש און אים געזאָגט:

— און אפשר, וויקטאָר, וואָלסטו געפּרוווט פאָרן צו דיין שוועסטערל און זי ברענגען צו אונדז? אפשר וואָלט איר נאָך באַוויזן אַרויסצופאָרן צוזאַמען מיט אונדז?

וויקטאָר האָט אויפגעצייכנט פון די ווערטער.

— אָ, דאָס וואָלט געקאָנט זיין אַ באַשייד, — האָט ער געזאָגט — אָבער איך האָב נישט קיין געלט אויף הוצאות.

— וועגן דעם זאָרג נישט, — האָב איך אים געזאָגט חבריש — וועסט באַקומען וויפל וועסט באַדאַרפן האָבן. זאָג נאָר מיר, ווו געפינט זיך דיין שוועסטערל?

— אין צאָפּאָט.

— אין צאָפּאָט? גאָט אין הימל! צי גיסט זיך אָפּ אַ חשבון, ווי ווייט ס'איז אַהינצו? העכער טויזנט קילאָמעטער! עטלעכע צענטליק קילאָמעטער פון דאַנציק אויף צפון... און צי ווייסטו וואָס פאַר אַ שרעקלעכע קאָמוני־קאַציע ס'איז אַהינצו? איך קום דאָך נאָר־וואָס צוריק פון דאָרטן... באמת, וויקטאָר, ס'איז אַ שאָד, פאַרוואָס דו האָסט מיר וועגן דעם אַ סך פריער נישט געזאָגט... כ'בין דאָך געווען אין דאַנציק, און וואָלט געווען געקאָנט אַראָפּפאָרן און זי ברענגען אַהער...

— כ'צווייפל, צי ס'וואָלט זיך איך איינגעגעבן, — האָט וויקטאָר געזאָגט רעזערווירט — ווייל מיין מומע האָט זי אַריינגעגעבן אין מאָנאַסטיר, און אָן איר דערלויבעניש וואָלטן זיי זי נישט אַרויסגעגעבן. און אויסערדעם, רעניאַ אַליין וואָלט נישט געווען געגאַנגען. מ'האָט איר דאָרט אין מאָנאַסטיר אַריינגעבראַקט אַזעלכע פאַרשידענע שטותים אין קאָפּ, און זי איז ערשט אַ פאַנאַטישע קאַטאָליטשקע. זי וויל זיך נישט אומקערן צו די יידן.

— און צו דיר וואָלט זי צוריקגעגאַנגען?

— דערין בין איך אויך נישט זיכער. אָבער איך טראַכט, אַז גיכער יאָ... זי האָט שטענדיק געהאַט גרויס רעספּעקט פאַר מיר. כאָטש איך פלעג איר לייטיש אריינלייגן אין די קינדעריאָרן... אָבער מיר אַליין וועלן די

מאַנאַכינס אויך זי נישט געבן... כ׳וועל מוזן פאָרן אַהין מיט עמעצן פון דער פאַמיליע אין לאָדזש...

— איז מוזסטו נאָך אַראָפּפאָרן אויפן וועג קיין לאָדזש, — האָב איך אַ זיפץ געטאָן — און דערנאָך ערשט קיין דאַנציק און צאָפּאָט. און שפּעטער צוריק קיין זאַקאָפּאַנע... דאָס איז, לויט מיין מיינונג, לויט די היינטיקע קאָמוניקאַציע־באַדינגונגען, אַ רייזע פון צומווייניקסטן זיבן טעג, מיר פאָרן אַרויס נאָך אין דריי מיט אַ האַלבן טאָג... כ׳קאָן בשום־אופן נישט אָפּלייגן דעם טערמין פון דעם אַרויספאָר.

וויקטאָר האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר איז געזעסן פולשטענדיק דערשלאָגן. אויך מיין געמיט־צושטאַנד איז נישט געווען פיל בעסער. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעהויבן פון אָרט, אַ קוק געטאָן אויף מיר און געזאָגט:

— ווען איר וואָלט מיר באמת געגעבן געלט אויף הוצאות, וואָלט איך זיך אַנגעשטרענגט, נישט געקוקט אויף אַלץ און צוריקגעקומען מיט דער שוועסטער צו דער ריכטיקער צייט. כ׳וואָלט זייער וועלן אַרויספאָרן מיט איר צוזאַמען קיין אויסלאַנד.

— גוט, וויקטאָר, — האָב איך געזאָגט מיט אַ בלאַסער שטים — פּרווו אויס דיינע כוחות און באַמי זיך, מיר זאָלן דיך נישט פאַרלירן, — האָב איך מיט אַ ציטערנדיקער שטים אָפּגעהאַקט דעם שמועס.

וויקטאָר האָט באַקומען געלט און איז אַרויסגעפאָרן. און איך האָב געטראַכט: ווידער איז מיר באַשערט עמעצן צו פאַרלירן...

*

ס׳איז גוט געשען, וואָס כ׳האָב וועגן דעם קיין סך נישט געקאָנט טראַכטן, ווייל איך בין אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין דעם געווירבל פון די ענינים פון פאָרן אַרויספאָרן, וועלכע האָבן געמוזט פאַרענדיקט ווערן צום באַשטימטן טערמין. און ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין אַנדערע זאָרגן.

די שווערסטע זאָרג איז געווען וועגן די אויספעלנדיקע פּאַספּאָרטן. ווייל אויב פּיאָטר וועט מיר ברענגען די צוועלף קינדער (ער וועט זיי בלתי־ספק ברענגען), וועלן פעלן פופצן פּאַספּאָרטן... ס׳האָבן געפעלט זיבעצן, פאַר די פינף באַבאַליאַקעס און די צוועלף עלטערע, אָבער צוויי פּאַספּאָרטן זענען אומגעריכט פריי געוואָרן: ס׳זענען געקומען קרובים

פון סאַלושע און רוזשע, פון דער גרופּע עלטערע, און זיי צוגענומען. זיי האָבן געזאָגט: מיר נעמען צו די קינדער, ווייל מיר ווילן נישט, זיי זאָלן בלייבן אין פּוילן. מיר וועלן זיי שיקן קיין אויסלאַנד. און איך האָב זיי נישט געקאָנט זאָגן קיין איינציק וואָרט וועגן דעם, אַז מיר האַלטן אַלע ביים אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד, ווייל מיין מויל איז געווען געשלאָסן. האָב געמוזט שווייגן און די קינדער אָפּגעבן.

*

אַלץ אין הויז האָט געראַשט פון אַרבעט. מ׳האָט געמוזט פון די נעכט מאַכן טעג. און דערווייל האָט מיר דער אָונט־צוג געבראַכט ווידער געסט. איינער, אַן אַלטער ייד, אַ מאָגערער און אויסגעשעפּטער, איינגאַנצן מיר אומבאַקאַנט. דאַקעגן דער צווייטער, אַ גוטער באַקאַנטער פון וויעליטשקע, אונדזער שכן פון אין הויז. מ׳האָט אים גערופן גרשון. געווען פאַר דער מלחמה אַ רעליגיע־לערער אין אַ שכנותדיקן שטעטל. שפּעטער אַ באַאַמטער אין דער גמינע. וואָס איז אים פּלוצים איינגעפאַלן מיר צו באַזוכן — טראַכט איך — און צורייבן מיין טייערע צייט?

אָבער איך האָב ביידע העפלעך פאַרבעטן אין קאַנצעלאַריע. גרשון האָט זיך פאַרהאַלטן צו מיר זייער נאָענט און מיר גלייך געזאָגט, אַז ער וויל מיר איבערגעבן אַ וויכטיקע זאַך צווישן זיך אַליין. האָב איך דעריבער געוואָלט בעטן דעם צווייטן גאַסט, ער זאָל צוואַרטן אין נאָענטן צימער. אָבער אָט דער גאַסט האָט זיך עפּעס פון אָרט נישט גערירט... האָט זיך געדרייט אויף איין אָרט, געוואָרן רויט, בלאַס, גענומען עפּעס מורמלען — און קיין וואָרט נישט אַרויסגעברענגט... ער איז מיר עפּעס געוואָרן אַ שאָד. ער האָט אויסגעזען אַזוי נעבעכדיק און דערשלאָגן. האָב איך געזאָגט צו גרשונען:

— כ׳בעט איך איבער, כ׳וועל צוערשט דערליידיקן דעם ענין מיט אָט דעם יידן...

גרשון איז געווען אומצופרידן, אָבער האָט אונטערגעוואַרט. דערווייל האָט דער ייד פיבערדיק געזוכט אין די קעשענעס. לסוף האָט ער אַרויס־גענומען עפּעס אַ פּאַפּיר און מיר עס דערלאַנגט. כ׳האָב דערזען דעם זיגל פון דעם יידישן קאָמיטעט, און באַלד פאַרשטאַנען וועגן וואָס דאָס האַנדלט זיך: ער איז געקומען אָפּנעמען וועלכעס קינד... און אָט האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער:

— איך בין אַ טאַטע... פון צוויי קינדער... מאָטקע און רייזע... מ׳האָט מיר געזאָגט אין קאָמיטעט, אַז מ׳האָט זיי געפונען... געפונען אין אַ קאַרטאָ־טעקע... און זיי לעבן... מיינע קינדער לעבן... דאָ ביי אייך... איר האָט זיי גענומען צו זיך... איר האָט זיי געפונען... איך בין זייער טאַטע, איך... מ׳האָט מיר געזאָגט, איך זאָל גוט באַטראַכטן, ס׳זאָל נישט זיין קיין טעות... ווייבנבערג, איך הייס ווייבנבערג... מאָטעק הייסט מרדכי ווייבנבערג, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1932, און רייזע... רייזע, ווען זי איז געבוירן געוואָרן? אין יאָר 1935, דאַכט זיך... באַלד, באַלד, ס׳איז ביי מיר פאַר־שריבן... און איך האָב אַ פאָטאָגראַפיע... און אפשר געפינען זיי זיך נישט די דאָזיקע קינדער דאָ? — האָט ער אויסגעלאָזט מיט פלוצימדיקן פחד, און די אויגן זענען אים געקראָכן פון די היילן.

— איך בעט אייך זייער, — האָב איך אים געזאָגט — באַרויקט זיך. מאָטעק און רייזע געפינען זיך ביי אונדז. זענען געזונט, פיין, פעיק, — וווּנדערבאַר! איר האָט אָפּגעפונען אַ גרויסן אוצר! איר זענט אַ גליי־קלעכער מענטש! וואַרט צו אַ ווייל, און איך וועל גיין ברענגען די קינדער.

ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער אָרעמער ווייבנבערג איז נישט אימ־שטאַנד צו טראָגן די גרויסע משא גליק, וואָס איך האָב אויף אים אָנגע־לייגט. ער איז אינגאַנצן פאַרשטומט געוואָרן.

כ׳האָב אים איבערגעלאָזט אויף גרשונס השגחה און בין ארויפגע־גאַנגען צו מאָטעקן און רייזען אָנצוזאָגן זיי די גרויסע בשורה, אַז זיי האָבן אויפגעהערט צו זיין יתומים.

ווען מיר זענען אין עטלעכע רגעס שפּעטער אַראָפּגעגאַנגען אינדרייען, זענען מיר אַלע געוועזן אַזוי בלאַס, אַז קינדער וואָס זענען אַרויפגעגאַנגען מיט די שטיגן האָבן אונדז פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט.

מאָטקע און רייזע האָבן געעפנט די טיר פון דער קאַנצעלאַריע, און זיך גלייך אַ וואָרף געטאָן צום טאַטן. די פּרעכטיקע צעניעריקע רייזע, מיט די שוואַרצע, ווי שטערן, שיינענדיקע אויגן, האָט זיך גלייך אים אויפגע־האַנגען אויפן האַלדז און נישט אויפגעהערט אים צו קושן. מאָטעק האָט זיך אויפגעפירט ווי אַ מאַנצפּאַרשוין. האָט באַרירט מיט די ליפּן דעם טאַטנס שטערן און זיך געשטעלט לעבן אים, האַנט צו האַנט, ווי אַ גלייכער מיט אַ גלייכן... דער טאַטע האָט זיך שיער נישט איינגעבראָכן פון צופיל גליק. ער האָט געמוזט זיך אַנידערזעצן און גענומען וויינען ווי אַ קינד.

כ׳האָב אַ זאָג געטאָן צו גרשונען:

— קומט, לאָמיר אַרויסגיין פונדאַנען. מיר וועלן שמועסן אין אַן אַנדער צימער.

— איר זענט גערעכט, — האָט גרשון געזאָגט — לאָמיר זיי איבערלאָזן אַליין. אָבער ערשט האָב איך אַ וויכטיקע ידיעה פאַר אייך... כ׳בין נישט געקומען אין אַ פּריוואַטן, נאָר אין אַן אַמטלעכן ענין. מאַדאַם שאַפּיראָ האָט מיך געשיקט, איך זאָל אייך באַגלייטן און העלפן אין וועג קיין אויסלאַנד.

— באמת! — האָב איך זיך דערמאָנט — זי האָט מיר צוגעזאָגט צו שיקן אַ וועגווייזער. האָט איר שוין איבערגעפּירט עמעצן? צי קאָנט איר גוט דעם וועג?

— ניין... איך אַליין פאָר דאָס ערשטע מאָל... כ׳וויל זיך דערשלאָגן צו מיין ברודער אין אויסלאַנד... אָבער מ׳האָט מיר אַלץ געגעבן צו דער־קלערן, און געבעטן אַז איך זאָל פירן אייער טראַנספּאָרט... כ׳האָב געזאָגט, אַז איך בין אייערער אַ באַקאַנטער, האָט מיך דעריבער מאַדאַם שאַפּיראָ צוגעטיילט צו אייך.

— דאָס איז זייער פיין פון איר זייט. אָבער אויב איר האָט נישט מער דערפאַרונג פון מיר, זע איך נישט דערין קיין שום נוצן פאַר די קינדער.

— אַ פיינע געשיכטע! — האָט זיך גרשון באַליידיקט — ס׳איז מיר נישט איינגעפאַלן, איר זאָלט מיך אַזוי קאַלט אויפנעמען... ווען מ׳וואָלט אייך געשיקט אינגאַנצן אַ פרעמדן מענטשן, וואָלט געווען בעסער? חוצדעם בין איך נאָך אייך מאַנצפאַרשוין אין וועג. איר האָט דאָך בסך־הכל, דאַכט מיר, בלויז איין מאַנצפאַרשוין... כ׳וועל אייך העלפן אין אַלצדינג. אָט בין איך אויך ערשט געקומען נישט מיט ליידיקע הענט. כ׳האָב אייך געבראַכט נאָך צען פּאַספּאָרטן. און אויך שיך און רוקזעק פאַר אַלע... מ׳דאַרף נאָר אַרויסנעמען די קאַסטנס פון צוג. איר מיינט, אַז אָן מיין הילף וואָלט איר געווען דאָס אַלצדינג באַקומען?

כ׳האָב באַדאַנקט גרשונען פאַר דעם אַלעם גוטן און זיך אומגעקערט אין קאַנצעלאַריע צו זען וואָס דער אָרעמער טאַטע האָט באַשלאָסן צו טאָן מיט די צוויי קינדער. ווען כ׳בין אַריינגעקומען, האָב איך דערזען איינע פון די שענסטע סצענעס אין מיין לעבן: דער טאַטע איז נאָך אַלץ געזעסן אויף דער שטול, און אויף זיינע קני איז געזעסן די פרעכטיקע רייזע. מיט איין האַנט האָט זי אים אַרומגעהאַלדזט און מיט דער צווייטער, איידל געגלעט די האָר אויף זיין קאָפּ. זי האָט זיך געשפּילט מיט אים, ווי ער וואָלט זי האָבן פאַרלאָזט מיט אַ טאָג־צוויי צוריק, אָט איז ער צוריקגעקומען פון



דער גליקליכער פאטער וואס האט
געפונען זיין טעכטערל אין זאקאפאנער
קינדערהיים.



...כ׳האב נישט קיין טייערערע זאך
דערפון... נעמט ביי מיר די דאזיקע
פאטאגראפיע פאר אן אנדענק... אז
זי, די מאמע, זאל פארבלייבן אויף
תמיד ביי אייך. און זי וועט אייך
תמיד באדאנקען דערפאר וואס איר
האט געראטעוועט אירע קינדער...

װעג... אירע ראָזע ליפּעלעך האָבן זיך געטוליעט צו זײַנע פֿאַרװעלקטע באַקן... אים געקושט... מאַטעק, װי אַ מאַנצפּאַרשױן, האָט זיך באַהערשט. האָט ארומגענומען מיט זײַן בליק דעם טאַטן און די שװעסטער — און ער אַליין... איז הויך, שײן, קלוג און קאָנצענטרירט... װי ער װאָלט זיך שוין פֿון דעם מאָמענט אָן געפֿילט פֿאַראַנטװאָרטלעך פֿאַר דער גאַנצקייט פֿון דער פֿאַמיליע — ער האָט שוין געװוּסט, אַז פֿון הײַנט אָן איז ער דער זײַל, אויף װעלכן ס'האַלט זיך די פֿאַמיליע...

װען כ'בין שטיינגעבליבן אויף דער שװעל, האָט מאַטעק עפּעסװאָס אַרײַנגעשושקעט דעם טאַטן אין אויער. װײַנבערג האָט באַהיטעװדיק אַראָפּ־געלאָזט דאָס טעכטערל פֿון די קני און געװאָלט צוגײן צו מיר. אָבער די קני האָבן זיך אים אונטערגעבראָכן, די פֿיס האָבן אים נישט געפֿאָלגט, ער האָט זיך צוריקגעזעצט אויפֿן פֿריערדיקן אָרט. מיטאַמאָל האָט אים עפּעס אַ בליץ געטאָן אין זכרון, און גענומען זוכן אין זײַן פּאָרטפֿעל. ער האָט אויפֿגעזוכט און מיר דערלאַנגט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַ פֿרוי.

— לייטערין, — האָט ער װידער גענומען שטאַמלען — איך פֿאַרמאָג נישט גאָרנישט... כ'בין זײער אָרעם... כ'פֿאַרמאָג בלויז דאָס־אָ... די פֿאָטאָ־גראַפֿיע פֿון מײַן װײַב... כ'האָב געמאַכט צװיי... דאָס איז אַלץ װאָס ס'איז מיר איבערגעבליבן פֿון פֿאַר דער מלחמה... כ'האָב נישט קײן טײַערערע זאַך דערפֿון... נעמט בײַ מיר די דאָזיקע פֿאָטאָגראַפֿיע פֿאַר אַן אָנדענק... אַז זי, די מאַמע, זאָל פֿאַרבלײַבן אויף תּמיד בײַ אײַך... און זי װעט אײַך תּמיד באַדאַנקען דערפֿאַר װאָס איר האָט געראַטעװעט אירע קינדער...

װײַנבערג האָט אָפּגעהאַקט, שטיקנדיק זיך מיט טרערן און געװײן.

איך האָב געשװיגן. אויך גרשון האָט געשװיגן. די קליינע רייזע האָט געגלעט דעם טאַטן אויף די באַקן. מאַטעק איז צו אים צוגעגאַנגען, אים אונטערגעהאַלטן, אים דערמוטיקט. דער טאַטע האָט געקוקט אויף בײדע קינדער און אויפֿגעהער'ט צו װײנען.

— יאָ, יאָ, — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ — אַדאַנק אײַך האָב איך אַזעלכע קינדער.

מאַטעק האָט געקוקט דאָ אויף מיר און דאָ אויפֿן טאַטן, דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו מיר און געזאָגט:

— מיר דאַנקען די לייטערין פֿאַר אַלץ. ערשט װעלן מיר זײַן בײַם טאַטן אונדזערן.

מיט צװיי טעג שפּעטער האָבן רייזע און מאַטעק, אָנגעטאָן אין נײַע

שיך און באַזאָרגט מיט נייע רוקזעק, פאַרלאָזט צוזאַמען מיט זייער טאַטן אונדזער הויז. צוויי פאַספאָרטן זענען פריי געוואָרן.

ס׳איז געווען דער טאָג ערב דעם אַרויספאָר. אין גאַנצן הויז זענען געמאַכט געוואָרן פיבערהאַפטע הכנות. ערשט היינט האָבן מיר דערציילט דעם דאָקטאָר און די פוילישע אַנגעשטעלטע וועגן דעם פאַרשטייענדיקן אויספלוג. די שיך און רוקזעק האָט מען צוגעטיילט אַלע קינדער, סיי די וואָס פאָרן, סיי די וואָס בלייבן איבער, כדי נישט צו וועקן קיין קנאה און פאַרדאַכטן. אין גרויסן קלאַסן־צימער האָט מען צוגעגרייט הונדערטער סענדוויטשן אויף דער רייזע. אין קיך האָט מען צוגעגרייט פלעשער טיי, קאַווע און קאַקאַאָ. פרוי מענליך האָט קאָנטראָלירט און ווידעראַמאָל קאָנ־טראָלירט אַלץ אין מאַגאַזין, ס׳זאָל גאָרנישט פעלן לויט דער רשימה. פרוי פישער, וועלכע האָט געדאַרפט בלייבן אַכטונג געבן אויפן הויז, איז ארומ־געגאַנגען אַ בלאַסע און האָט פאַרבראָכן די פינגער.

אין קאַנצעלאַריע איז געזעסן אַ יונגע און געזונטע פרוי, גרשונס און פרוי שאַפּיראָס אַ באַקאַנטע, און אויפגענומען פון אונדזערע אַנגעשטעלטע געלט, צירונג און דאָקומענטן, אַריבערצופירן זיי דורך אַן אַנדערן וועג, אַ געהיימען, איבער דער גרענעץ. ווייל אונדז איז פאַרבאָטן געווען עפּעס צו האָבן ביי זיך.

די עלטערע יינגלעך האָבן זיך אַרומגעדרייט פאַרן הויז, אַכטונג צו געבן, צי ס׳קומט נישט, אָדער דערנענטערט זיך נישט קיין פאַרדעכטיקער פאַרשוין, ווייל אונדזערע וועכטער האָט מען נישט פאַרטרויט דעם סוד פון דעם אַנטלויפן. מיט אַ קורצער ווייל צוריק האָט מען געבראַכט מיט אַן אויטאָ די גרופּע פון אונדזערע צוועלף יינגלעך — זיי זענען געזעסן מיט די איבעריקע יינגלעך אין צימער.

אַלע הכנות זענען שוין געווען פאַרענדיקט. כ׳האָב זיך דערמאָנט אין וויקטאָרן, וועלכער איז אַוועקגעפאָרן אין אַ ווייטן וועג, און ווער ווייסט צי ער וועט צוריקקומען צו דער געהעריקער צייט. כ׳האָב זיך אַלעמאָל אויפגעהויבן פון הינטערן טיש אַ קוק צו טאָן אין פענצטער, צי קומט ער נישט אָן? כ׳האָב גוט געוווּסט, אַז ס׳איז נישט מעגלעך ער זאָל איצט צוריקקומען. און פונדעסטוועגן האָט זיך נאָך אין האַרצן נישט אויסגע־לאָשן דער לעצטער פונק האָפענונג. די קינדער האָבן געשפּירט מיין אומ־רויקייט, אויך זיי האָבן אויסגעדרייט די קעפּ אַרויסצוקוקן אינדרויסן. זיי האָבן אַלע גוט געוווּסט, ווען איך קוק אויס. שאול און יאַנוש האָבן

געלאָזט שטיין זייער עסן און זענען אַרויסגעגאַנגען אינדרויסן. דער אָוונטברויט איז אַריבער אין שוויגעניש און געשפּאַנטקייט. מיטאַמאָל דער־הער איך יאַנושעס אסטמאַטיש אָטעמען, ווי ער איילט לענגויס דעם גאַנצן זאַל גלייך צו מיר. „מ׳זעט זיי שוין!" האָט ער אַ געשריי געטאָן, און איז תיכף געלאָפן צוריק. כ׳האָב אויך געאיילט נאָך אים, און מיינע הונדערט קינדער הינטער מיר. מיר זענען אַלע אייליק געגאַנגען אינדרויסן צו באַגעגענען וויקטאָרן מיט זיין שוועסטערל.

אין דעם מאָמענט זענען זיי אַריינגעקומען אויפן הויף. ביידע זענען געווען גראָ פון וועג־שטויב און בלאַטע. קליינע, מאָגערע, איינגעקאָרטשעטע פון קעלט, אויסגעמאַטערטע פון ווייניק שלאָפן. אויף די רוקנס לייִדיקע רוקזעק. דעם מײדעלעס פּנים איז געווען אַראָפּגעלאָזט צו דרערד. זי האָט אויף קיינעם נישט געקוקט. דאַקעגן האָט וויקטאָרס פּנים געשטראַלט פון גליק... ער האָט שטאַרק געדריקט די הענט פון קאָלעגן און זיך אַרומ־גענומען מיט די אים נאָענטסטע.

— נו, ווי איז עס דיר געגאַנגען? — האָט אים שאול פּאָטערלעך גע־קלאַפּט אויף דער פּלייצע — ביסט זיך אָנגעפאָרן צו דער זעט?

— נו, יאָ. כ׳בין געזעסן אַ ביסל אויף די דעכער און אויף די בופערן. ערגער דערפון איז, זעסטו, צו פאָרן אויף די ציסטערנעס, ווייל דער ווינט רייסט אַלץ אַרונטער... אָבער דער עיקר איז וואָס ס׳גייען שוין עקספּרעס־צוגן... ווען נישט דאָס, ווער ווייסט צי כ׳וואָלט באַוויזן צו דער צייט אָנצוקומען...

כ׳בין צוגעגאַנגען צום פאַראייניזאַמטן מיידעלע און זי אָנגערירט פאַרן הענטל.

— זיי באַגריסט, מיין מיידעלע — האָב איך איר האַרציק אַ זאָג געטאָן — צי קלאַפּט דיר שטאַרק דאָס הערצעלע? — און כ׳האָב אַרייב־גענומען איר הענטל אין מיינער.

זי האָט אויפגעהויבן צו מיר אירע איבערגעשראָקענע אויגן, אויפ־געציטערט, אַ רגע זיך געקווענקלט און מיר געענטפערט מיט אַ האַנטדרוק.

— און ערשט מוזט איר אַלע פאַרענדיקן דאָס עסן! — האָב איך זיך מיטאַמאָל געגומען בייזערן, כדי צו פאַרמאַסקירן מיין אויפגערעגטקייט.

— און אויך איר, דרייסטע וואָגלער — גלייך אין עס־זאַל!

די קינדער האָבן ערשט געפירט וויקטאָרן מיט זיין שוועסטערל, אָבער וויקטאָר האָט זיך באַפרייט פון זיי.

— איך האָב נאָך צו דערליידיקן אַ קאָנצעלאַרישן ענין! — האָט וויקטאָר אַ געשריי געטאָן צו זיי.

— צי רופסטו אַזוי די ענינים, וואָס דו דאַרפסט דערליידיקן מיט מיר? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ, — האָט ער געענטפערט — כ׳האָב אַן ענין צו אייך. און כ׳וויל אים דערליידיקן שוין אויפן אָרט.

— אויב אַזוי, איז קום שוין, עקשן!

— כ׳וויל אייך אומקערן דאָס רעשט געלט פון דער רייזע, — האָט ער געזאָגט און אַרויסגענומען פון קעשענע אַ שטויס באַנקנאָטן.

— ווי הייסט, וויקטאָר? — כ׳האָב דאָך דיר געגעבן בלויז טויזנט זלאָטעס, און דאָס איז געווען קאַרג אויסגערעכנט פאַר אַזאַ רייזע.

— אָבער איך האָב אויסגעגעבן בלויז צוויי הונדערט אַכציק זלאָטעס. און אָט איז די רעשט.

— גיב מיר צו פאַרשטיין, ווי איז דאָס מעגלעך? און ווי האָסטו בכלל געקאָנט דורכמאַכן אַזאַ ווייטע שטרעקע אין אַזאַ קורצער צייט?

— אָט אַזוי, כ׳בין געפאָרן בייטאָג און ביינאַכט. פאַרשטענדלעך, אומזיסט. כ׳בין געפאָרן ווי ס׳האָט זיך געלאָזט, אויפן דאַך, אויף די ברעמזעס, אויף די בופאָרן. כ׳האָב זיך מיטגעכאַפּט נאָר מיט עקספּרעס־צוגן... בין געקומען קיין לאָדזש, גענומען ביי דער מומע אַ דערלויבעניש, און גלייך אויף צוריק. האָב אפילו נישט געוואָלט עסן אָדער טרינקען ביי איר. האָב געגעסן וואָס פרוי בראָניע האָט מיר מיטגעגעבן אין וועג אַריין. מיט די שוועסטער־מאָנאַכינס און מיט רעניען האָב איך אויך דערליידיקט אַלץ עקספּרעס... זיי האָבן זי געמוזט מיר אַרויסגעבן, ווייל איך האָב געהאַט דאָס דערלויבעניש... ביז דעמלט האָב איך נישט געהאַט אויסגעגעבן קיין איין גראָשן אפילו... און כ׳האָב געטראַכט, אַז כ׳וועל צוריקברענגען די גאַנצע טויזנט זלאָטעס... אָבער מיט מיידלעך איז שווער זיך איינצואָרדענען... זי האָט מורא געהאַט צו פאָרן אויף טרייף. און זי איז אויך געווען אַזוי אויסגעהונגערט, נעבעך... כ׳האָב איר געמוזט קויפן סיי אַ באַנבילעט און סיי עסן... און דאָס האָט געקאָסט צוויי הונדערט אַכציק זלאָטעס. און דאָס איבעריקע איז אָט דאָ אויפן טיש.

# אויף דער גרענעץ

פיר אזייגער פאַרטאָג האָבן מיר זיך געגרייט אין וועג אַרײַן. די פּוילישע אָנגעשטעלטע זענען נאָכנישט געהאַט געקומען צו דער אַרבעט, וואָס ס'איז געווען פון פאָרויס אויסגערעכנט. אַ פיבערהאַפטע באַוועגונג האָט געהערשט אין הויז, אָבער אַ צוגעדעמפּטע, אויף די שפּיצן פינגער. אין דעם פאַר־טונקלטן עלעקטרישן ליכט האָבן זיך באַוועגט די סילועטן פון די קינדער. זיי האָבן פאַרקנעפּלט, פאַרבונדן די שיך־בענדלעך, צונויפגעלייגט און אײַנגעפּאַקט די רעשטלעך פון זייער „פאַרמעגן" אין די רוקזעק אַרײַן.

די קינדער וואָס זענען נישט געפאָרן „אויפן אויספלוג" זענען נאָך געלעגן אין די בעטן און האָבן זיך דורך פאַרזשמורעטע אויגן צוגעקוקט צו די באַוועגונגען פון די קינדער וואָס גרייטן זיך צו דער רייזע.

אינדרויסן איז נאָך געווען פינצטער, אַ נאַכט אָן שטערן. שאַ־שטיל. בלויז נאַכט און קעלט. אַ קעלט, וואָס דרינגט אַדורך ביזן מאַרך פון די ביינער. מיר זענען געפאָרן מיט אַ גרויסן לאַסט־אויטאָ, באַדעקט מיט ברעזענטן. גרויסע בייכיקע רוקזעק האָבן זיך געהוידעט איבער אונדזערע קעפּ און געדראָט ביי יעדן שטראַקן טרייסל אַראָפּצופאַלן אויף אונדז. פון אונטן איז נישט געווען קיין פּלאַץ פאַר די באַגאַזשן, ווייל אַנשטאָט צוויי גרויסע אויטאָס האָט מען נאָר געשיקט איינעם מיט אַ צוטשעפּ. דערפאַר זענען די קינדער געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע צונויפגעקוועטשטע, ווי הערינג אין פאַס. די עלטערע קינדער זענען געזעסן אין דעם צוטשעפּ, דער ווינט און דאָס טרייסעלניש דאָרט איז געווען אומדערטרעגלעך. איך בין געזעסן לעבן דעם הינטערשטן ווענטל פון אויטאָ (ס'האָט געריסן אַ לייטישער צוגווינט) און געקוקט, אָבסערווירט צי מ'יאָגט אונדז נישט נאָך. די זעלביקע אויפגאַבע איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויך אויף וויקטאָרן, שאולן און דעם גרויסן מילעק, וועלכע זענען געזעסן אין דעם צוטשעפּ. ס'איז געווען אַ מורא, אַז מ'וועט אונדז נאָכיאָגן מצד דעם קאָמיטעט, אָדער דער וו. פּ., און ס'איז אויך מעגלעך געווען אַן איבערפאַל אויפן וועג מצד די „נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע כוחות". אויף יעדן פאַל האָבן מיר מיטגענומען געווער — מענליך, איך און עטלעכע פון די עלטערע ייִנגלעך. אויף דער גרענעץ האָבן מיר עס געזאָלט אָוועקוואַרפן (הגם דאָס איז אונדז זייער אַ שאָד געווען).

דאָס קליינוואַרג און די ראַבקער קינדער זענען, אַדאַנק גאָט, שנעל איינגעשלאָפֿן. מאַמושע האָט זיך פֿון צייט־צו־צייט אַראָפּגעבויגן אין דער פֿינצטערניש און זיי פֿאַרריכט אויף די פּלייצעס אָדער ביי די פֿיס די קאָלדערע, ס׳זאָל זיי זיין וואַרעם און זאָלן נישט ליגן, חלילה, אויף דער הוילער פּאָדלאָגע. די איבעריקע קינדער איז אָנגעזאָגט געוואָרן צו שווייגן, אַבסאָלוט צו שווייגן די גאַנצע צייט פֿון דער רייזע.

די נאַכט האָט גענומען בלאַס ווערן. אויפֿן שאָסיי האָבן זיך באַוויזן אַלץ מער אויטאָס און וועגענער, און מיט זייער צאָל איז אויך געוואַקסן אונדזער שרעק. און דאָס האָט קענטיק דערשפּירט אויך אונדזער פּוילישער שאָפֿער, ווייל ער האָט אַראָפּגעקערעוועט פֿון הויפּט־שאָסיי און גענומען פֿאָרן מיט זייטיקע וועגן. די טרייסלענישן זענען געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שווערער. איין מיידעלע האָט גענומען ברעכן. העלע האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און נאָכאַנאַנד געהוסט. מאַמושע האָט אויפֿגעבונדן די שיך־בענדלעך און אַראָפּ־גענומען די שיכלעך פֿון אירע קינדער, כדי צו קענען אָנרייבן זיי די פֿרירנדיקע פֿיסלעך. בראָניע האָט גענומען פֿאַנאַנדערטיילן סענדוויטשן מיט טיי — פֿרישטיק.

דער שאָפֿער האָט געהאַלטן אין איין פֿאַרקערעווען, פֿון איין וועג אויפֿן צווייטן, און יעדער פֿרישער וועג איז געווען ערגער ווי דער פֿריערדיקער. דאָס איז מיר נישט באַזונדערס געפֿעלן געוואָרן, כ׳בין אַריבערגעגאַנגען אין דער שאָפֿערקע. דער שאָפֿער איז נישט זייער צופֿרידן געווען פֿון מיין ביזיין, אָבער איך האָב מיר געטאָן מיינס — אָבסערווירט זיינע באַוועגונגען און די ריכטונגען וווּהין ער פֿירט די מאַשין. כ׳האָב איינגעזען, אַז ער קען נישט די זייטיקע וועגן, און שרעקט זיך צו פֿאָרן מיטן הויפּט־שאָסיי. כ׳האָב אים פֿאָרגעלייגט, ער זאָל דאָך אַרויספֿאָרן צוריק אויפֿן הויפּט־שאָסיי, ווייל מיר מוזן זיין צו דער צייט אין זעבזשידאָוויצע ביי דער גרענעץ. ער האָט געשוויגן, ווייטער פֿאַרקערעוועט און געזוכט זייטיקע וועגן. לסוף האָט ער זיך אָפּגעם איבערצייגט, אַז ער האָט נישט קיין אַנדער ברירה און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פֿון דעם הויפּט־שאָסיי.

פֿאַר אונדז האָט זיך געשפּרייט אַ היפּש הויכלאַנד. דער וועג איז געווען אַ גליטשיקער. דער מאָטאָר האָט געגרעגערט מיט צאָרן. דאָס קליינ־וואַרג האָט זיך אויפֿגעוועקט און גענומען וויינען. מ׳האָט זיי געדאַרפֿט איינשטילן. מיט גרויס אָנשטרענג און שווער סאָפּעניש האָט דער מאָטאָר אַרויפֿגעשלעפּט די צווי מאַשינען אין דער הייך. פֿונוויטן האָט מען שוין

געזען דעם שאָסיי. מיטאַמאָל האָט דער שאָפער זיך פאַרהאַלטן, אויסגעלאָשן דעם מאָטאָר און אַ זאָג געטאָן:

— װײטער פאָר איך נישט!

כ׳בין אינגאַנצן פאַרבליפט געװאָרן.

— װאָס הייסט איר פאָרט נישט? מיר האָבן זיך דאָך מיט אייך אָפּגערעדט, אַז איר פירט אונדז ביז דער גרענעץ, און מיר זענען נאָכנישט אָפּגעפאָרן קיין האַלב װעג!

— װעגן אַזאַ גרויסער חברה קינדער איז נישט גערעדט געװאָרן מיט מיר, — האָט געטענהט דער שאָפער — דער מאָטאָר קאָן נישט שלעפּן אין אַזאַ קעלט. איר זעט דאָך װי דער װעג איז גליטשיק! — איז ער אַרײן אין צאָרן און מיר געװיזן דעם װעג אַראָפּצו — װאָס, איך בין מחויב צו צעברעכן מײן אויטאָ צוליב אייך און מיטן לעבן ריזיקירן? אַלע אַראָפּ!

כ׳בין אַרויסגעשפּרונגען פון דער שאָפערקע און אַרײן אין אויטאָ דורך דעם הינטערשטן װענטל, צו גרשונען, װעלכער האָט זיך געדרימלט אין אַ װינקל, אים אַרויסגעצויגן אין דרויסן און גענומען שרײען מיט צאָרן:

— װאָס פאַר אַ שאָפער האָט איר עס געדונגען?! פאַרװאָס האָט איר זיך נישט אָפּגערעדט קלאָר און בפירוש, װיפל קינדער ער װעט פירן?! צי האָט איר אים נישט געזאָגט, אַז ס׳װעלן זײן הונדערט נפשות מיט באַגאַזש?

— באַלד, באַלד... צוערשט באַרויקט זיך! כ׳װעל מיט אים גלײך רעדן... איר װעט זען, אַלץ װעט זײן אין אָרדענונג.

גרשון האָט גענומען אונטערהאַנדלען מיטן שאָפער, װעלכער איז געשטאַנען אויפן מיטן װעג, רײכערנדיק אַ פּאַפּיראָס. זיי האָבן גערעדט אַ שפּאָרע צײט. גרשון האָט געמאַכט מיט די הענט אויף אַלע זײטן, אָבער פון דעם אַלעם איז גאָרנישט אַרויסגעקומען, ער האָט זיך אומגעקערט צו מיר און געזאָגט:

— ער טענהט, אַז ער קאָן נישט מיט אַזאַ לאָדונג אַראָפּפאָרן פון באַרג, אויף אַזאַ גליטשיקן װעג, װאָרן ער װעט זיך אויסגליטשן, און דער אויטאָ װעט זיך איבערקערן מיט די קינדער.

— אויב דער אָפּהאַלט איז בלויז דאָס דאָזיקע שטיק װעג, בין איך גרײט, צוליב דער גרויסער לאָדונג, בעטן אַלע דערװאַקסענע און די עלטערע קינדער, זיי זאָלן אַראָפּגיין פון אויטאָ און גיין דאָס דאָזיקע שטיקל װעג

צופוס... הגם דאָס איז פאַר אונדז אַ שטיקל סכנה. מיר זענען צוזאַמען צוגעגאַנגען צום שאָפער און עס אים פאָרגעלייגט. אָבער ער האָט נישט געוואָלט אפילו הערן. ער האָט בכלל נישט געוואָלט פאָרן מיט אונדז ווייטער.

— אַלע אויסשטייגן! — האָט ער געדראָט — וואָרן כ׳וועל אַראָפּוואַרפן!

— וויפל געלט האָט ער באַקומען? — האָב איך געפרעגט גרשונען — דאָס גאַנצע, אָדער אַ העלפט?

— אַ העלפט, און דאָס איבעריקע דאַרף ער באַקומען ביי דער גרענעץ.

— דאָס איז דאָס גאַנצע גליק אונדזערס, — האָב איך געזאָגט. כ׳בין צוגעגאַנגען צום שאָפער:

— אויב איר וועט אונדז צופירן ביז דער גרענעץ, וועל איך אייך דערלייגן נאָך טויזנט זלאָטעס. און דאָ, ביים אַראָפּפאָר, וועלן מיר אַלע אַראָפּגיין פון אויטאָ.

— ניין! מיט אַזאַ חברה קינדער און אַזוי פיל פּעק וועל איך ווייטער נישט פאָרן.

— איז וואָס לייגט איר פאָר? רעדט ווי אַ מענטש!

—געפינט נאָך איין אויטאָ, און טראָגט אויף אים אַריבער אַלע פּעק מיט אַ העלפט קינדער. און דערלייגט דאָ אויפן אָרט נאָך דריי טויזנט. וועלן מיר פאָרן.

— נו, זעט איר שוין, — האָב איך מיט צאָרן געטענהט צו גרשונען — צי האָב איך אייך נישט געזאָגט בפירוש, אַז מ׳דאַרף האָבן צוויי גרויסע אויטאָס און איין צוטשעפּ פאַר די זאַכן? אָבער איר האָט געוואָלט איינשפּאָרן געלט! פאַרדינען אויף אונדז! אויפן חשבון פון דער זיכערקייט פון די קינדער! ערשט וועלן מיר דאַרפן דאָ שטיין אויפן וועג און וואַרטן די באַנדעס זאָלן אונדז באַפאַלן, אָדער ס׳זאָלן אונדז „באַפרייען״ פון דאָזיקן שאָפער — דער קאָמיטעט און די וו. פּ. ווער וועט אונדז דאָ פאַרדינגען אַן אויטאָ אויף אַזאַ רייזע?

גרשון איז געשטאַנען אַ בלאַסער און האָט נישט געענטפערט. און איך האָב געשפּאַנט אַהין־און־צוריק איבערן וועג און געזוכט עפּעס אַן עצה. כ׳בין צוגעגאַנגען צו מיין טאָרבע און האָב אַרויסגענומען אַ פלאַש בראָנפן. האָב גענומען ביי פרוי בראַניע עטלעכע סענדוויטשן און צוגעטראָגן צום שאָפער.

— כאַפּט נאָר עפּעס איבער! — האָב איך אים געזאָגט — איר האָט זיך אויך גענוג אָנגעטרייסלט. לאָמיר דאָ זיך אַ ביסל אָפּרוען... און דערנאָך

װעט איר דינגען פֿאַר אונדז אַ צװײטן אויטאָ, אַ שאָפֿער מיט אַ שאָפֿער װעלן זיך גיכער דערערדן... און װאָס אָנבאַלאַנגט דעם פּרייז, װעלן מיר זיך פֿאַרגלייכן.

דער שאָפֿער האָט גענומען דעם בראָנפֿן גערן. די סענדוויטשן אויך אויפֿגעגעסן. פֿונדעסטװעגן האָט ער זיך פֿון אָרט נישט גערירט אונדז צו העלפֿן.

אינצווישן איז מענליך אַראָפּגעגאַנגען פֿון אויטאָ, און דערװויסנדיק זיך װעגן װאָס ס׳האַנדלט זיך, האָט ער באַשלאָסן אַליין צו גיין צום הויפּט־שאָסיי, אַ האַלבן קילאָמעטער װעג, און דאָרט פֿאַרהאַלטן פֿאַרבײפֿאָרנדיקע אויטאָס, ביז ס׳װעט װער מסכּים זיין פֿאָרן מיט אונדז. גרשון האָט שוין נישט געפּאַסט, נישט צו גיין מיט אים צוזאַמען.

ס׳איז אַריבער אַ שעה, און צװיי... מענליך און גרשון זענען אומזיסט געשטאַנען אויפֿן שאָסיי. דער שאָפֿער האָט זיך נאָך אַלץ נישט גערירט פֿון אָרט. איז געזעסן אין דער שאָפֿערקע און געריײכערט אַ פּאַפּיראָס נאָך אַ פּאַפּיראָס. די קינדער און די אָנגעשטעלטע האָבן זיך אָנגעהויבן דענערווירן, הגם זיי האָבן נישט געוווּסט גענוי אין װאָס עס גייט. כ׳בין איינגעשטיגן אין דער שאָפֿערקע און געזאָגט דעם שאָפֿער:

— װייסט איר װאָס, ה׳ שאָפֿער, אונדז איז נישט באַזונדערס איילי̇ק. אויב מירן נישט פֿאָרן היינט, װעלן מיר פֿאָרן מאָרגן. עסן האָבן מיר, װאַרעמע קליידונג אויך. און אפֿילו פֿאַרשידענע „שפּילעכלעך" אויך (און דאָ האָב איך אַריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע). מיט כּוח װעט איר אונדז פֿון אויטאָ נישט פֿאַרטרייבן. מיר זענען דאָ גאַנצע הונדערט... און בחורימלעך האָבן מיר דאָ נישט קיין ליאַדע װעלכע... אָבער אויב איר װילט אויף אַ פֿרידלעכן אופֿן, װעלן מיר דורכקומען...

— מיט אַזאַ חבֿרה קינדער און באַגאַזשן װעל איך נישט פֿאָרן, — האָט דער שאָפֿער װידער געזאָגט מיט עקשנות.

— איז קומט אַראָפּ מיט מיר צום שאָסיי און העלפֿט מיר דינגען נאָך אַן אויטאָ... איר װעט באַקומען פּראָצענטן אויפֿן אָרט, און די דריי טויזנט צוגאָב װעט איר באַקומען ביי דער גרענעץ. װאָס גיכער איר װעט רירן פֿונעם אָרט, אַלץ שנעלער װעלן מיר די זאַך איינאָרדענען און איר װעט זיין פֿריי.

דער שאָפֿער האָט עמעצן געשאָלטן אונטער דער נאָז. האָט עפּעס געגראַבלט אין מאָטאָר, זיך איבערגעלייגט, לסוף אַרויפֿגעהויבן די שויבן,

מיט אַ קנאַק צוגעהאַקט די שאַפּערקע און מיט אַ שנעלן גאַנג אַ פאַר־קערעוודע געטאָן צום שאָסיי. און איך האָב זיך געאײַלט, אַ שווער סאַפּענדיקע, נאָכצוהאַלטן זײַנע גרויסע שפּרײַזן. מיר זענען געשטאַנען אויפן שאָסיי דרײַ שעה און דורכגעפּרווירן געוואָרן ביזן בײַן. מיר האָבן פאַרהאַלטן יעדן פאַרבײַפאָרנדיקן אויטאָ. כ׳האָב פאַרגעלייגט יעדע סומע, וואָס מ׳פאַרלאַנגט. דער שאָפער איז אַפילו אַרײַנגעגאַנגען אין די הײַזער פון דער געגנט, זיך דערוויסן ווער ס׳האָט אַ לאַסט־אויטאָ. לסוף נאָך דרײַ מיט אַ האַלבע שעה מאַטערנישן האָבן מיר געפונען אַ שאָפער, וועלכער האָט מסכים געווען, פאַר אַ טײַערן פּרײַז, אַריבערצונעמען צו זיך אַ טייל קינדער און געפּעק און פירן קיין זעבזשידאָוויצע.

כ׳האָב זיך צוריקגעקערט צו מײַן פריערדיקן פּלאַץ אין אויטאָ און דערפילט ווי פון אונדזער שטיינבלײַבן ביז איצט, וואָלטן שוין אַריבער יאָרן... כ׳האָב מער נישט געוואָלט קוקן אויפן שאָסיי, כ׳האָב אים געהאַסט... ס׳איז שוין געווען פיר אַזייגער נאָכמיטאָג, ווען מיר האָבן געריררט ווייטער אין וועג אַרײַן. ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט. מ׳האָט פון איצט אָן געדאַרפט פאָרן אין דער פינצטער אויף אַ גליטשיקן וועג.

כ׳האָב זיך אַ ביסל באַרויקט און געטראַכט: אפשר איז גאָר דער שאָפער געדעכט געווען, וואָס ער האָט נישט געוואָלט פאָרן ווייטער... בעסער פאַרשפּעטיקן, איידער אַ קאַטאַסטראָפע! פונדעסטוועגן האָבן יענע אין קאַטאָוויץ נישט געטאָרט אַזוי האַנדלען לגבי אונדז, נישט באַדאַרפט שטעלן אונדז אין אַ סכנה צוליב אַ פּאָר טויזנט זלאָטעס. און דערצו קאָן זיך נאָך מאַכן, מיר זאָלן פאַרשפּעטיקטן צום צוג... און ווער ווייסט, צי דער קומענדיקער וואַכפּאָסטן איז אונטערגעקויפט... צי ער וועט אונדז לאָזן אַריבערגיין די גרענעץ... און אפשר וואַרט אונדז שוין אָפּ דאָרט עמעץ פון קאָמיטעט? אפשר האָט שוין אינצווישנצײַט עמעצער אָנגעקלונגען און זיי מיטגעטיילט וועגן אונדזער אַנטלויפן? די שוואַרצסטע און אָפּשרעקנ־דיקסטע בילדער זענען פאַרבײַגעגאַנגען מײַנע אויגן. אָבער כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף די רויקע פּנימלעך פון די שלאָפנדיקע קינדער און געטראַכט: די קינדער וועט קיין שום בייז נישט געשען... בלויז מיר אַליין. און האָב זיך ווידער באַרויקט.

מיר זענען געפאָרן אין שטילקייט, אין פולשטענדיקן שווײַגן. די שאָפערן האָבן אויסגעמיטן שטעט און שטעטלעך, אונדז געפירט מיט וועגן פון שוואַכער באַוועגונג.

ניין אזייגער אין אָוונט זענען מיר געקומען צו דער גרענעץ.

כ׳בין שנעל אַראָפּ פון אויטאָ און האָב זיך געלאָזט צו דער גרענעץ־ראַמפּע. האָב געהאַלטן אין אײַן האַנט דאָס פּעקל פּאַספּאָרטן, און אין דער צווייטער צענטויזנטער באַנקנאָטן און בראָנפן. די וואַכפּאָסטנס האָבן אפילו נישט ארײַנגעקוקט אין די פּאַספּאָרטן...

ערשט האָבן מיר גענומען אײַליק אַראָפּנעמען די קינדער און דאָס געפּעק פון די אויטאָס. מיר האָבן אויסגעשטעלט די קינדער פּאַרלעכווײַז. איך בין געווען אין טויטשרעק, אַז אַוועלכעס קינד זאָל מיר נישט פאַרלוירנגיין אין דער פינצטער. כ׳האָב געציילט און געציילט אָן אויפהער, שעפּטשענ־דיק, שטילערהייט אינדערפינצטער, גרשון האָט באַצאָלט דאָס רעשט וואָס ס׳איז געקומען די שאָפערן. איך האָב געפירט די קינדער. פּאָר די פיר באָבאָליאַקעס האָב איך נישט געהאַט קיין פּאַספּאָרטן. דערפאַר איז פראַנעק געזעסן אין וויקטאָרס רוקזאַק און וואַצעק אין עדנאַס. אלושיא איז געווען פאַרוויקלט אין אַ דעקע ביי מיר אונטערן אָרעם. און יאַשיען האָט מענליך פאַרשטעקט הינטער זיין מאַנטל.

מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען געשפּאַנט אונטער דעם אויפגעהויבענעם גרענעץ־שטאַנג... מיט אַ טויבלעכן קלאַפּ האָט זיך דער שטאַנג צוריק אַראָפּגעלאָזט הינטער אונדז. ערשט זענען מיר געווען אויפן שטח פון וואָקזאַל... מיר האָבן געפּילט אונטער די פיס דעם זשוויר, זיך פאַרטשעפּעט ביי די שינעס. פּוילישע קאָנדוקטאָרן האָבן אַרייַנגעשטופּט די קינדער אין די וואַגאָנעס בחיפּזון.

— טראָגט זיך אָפּ פונדאַנען, זשידקעס! טראָגט זיך אָפּ! — האָבן זיי געזאָגט צו די קינדער, אויפהייבנדיק זיי אויף די הויכע שטיגלעך.

מיר זענען געזעסן אין די פינצטערע וואַגאָנעס, און יעדער פון אונדז האָט געפילט עפּעס אַ משונהדיקע פּוסטקייט אין זיך... ווי מיר געהערן שוין צו קיינעם נישט... דאָס לאַנגע וואַרטן און די שטילקייט אַרום, האָבן נאָך פאַרגרעסערט דאָס דאַזיקע געפיל. צום סוף האָט דער צוג גערירט פון אָרט, מיר האָבן פריי אָפּגעאָטעמט. אָבער ער איז נישט ווייט אָפּגעפאָרן. ס׳האָבן זיך באַוויזן עפּעס פייערלעך, און דער צוג האָט זיך פאַרהאַלטן. מיר האָבן דערזען אַ טשעכישן וועכטער אויפן פּעראָן... ער איז אַריינ־געקומען אין וואַגאָן און געפאָדערט די פּאַספּאָרטן. ער האָט אין זיי אַריינ־געקוקט פּעדאַנטיש, קעגן דער שיין פון עלעקטרישן לעמפּל, און אומ־צופרידן געשאָקלט מיטן קאָפּ. לסוף זיי אַלע צונויפגענומען און מיט זיי

אַוועקגעגאַנגען צום וואָקזאַל. און איך האָב דערווייל די נשמה פאַרלוירן פאַר שרעק. כ׳האָב גוט געוווסט, וואָס פאַר אַ „פּרעכטיקע״ פּאַספּאָרטן מיר האָבן. . .

אין אַ היפּשער ווייל אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט אַ טשעכישן אָפיציר, אוןביידע האָבן מיר דערקלערט אויף אַ צעבראָכענעם פּויליש: — ניין! די דאָזיקע פּאַספּאָרטן טויגן נישט! איר מוזט צוריקפאָרן קיין פּוילן!

אַ ציטער איז מיר פאַרבייגעלאָפן איבערן חוט־השדרה. אַ תהום האָט זיך פאַר מיר געעפנט. ...כ׳האָב נישט געוווסט וואָס צו זאָגן און וואָס צו טאָן. אָבער גרשון, וועלכער האָט געהאַט אנטשפּרעכלעכע אָנווייזונגען, האָט נישט פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט. איז צוגעגאַנגען צום אָפיציר און אים אָנגעהויבן אויספירלעך דערקלערן (אויף דייטש), אַז די דאָזיקע קינדער זענען יתומים, קרבנות פון דעם דייטשישן נאַציזם און פּוילישן פאַשיזם, און אַז די פּאַליאַקן האָבן אונדז אַרויסגעטריבן פון פּוילן און וועלן אונדז אין קיין פאַל נישט נעמען צוריק.

דער אָפיציר מיטן וועכטער זענען אַוועק, און מיר זענען ווידער געבליבן זיצן, מיר וואַרטן... אין אַ שעה אַרום איז געקומען אַן אַנדער אָפיציר, אַ העכערער. ווידער די זעלבע אויפקלערונג, געבעטן, רחמים־געבעטן אָבער ס׳העלפט נישט גאָרנישט. זיי ווילן אונדז צוריקשיקן אויף דער פּוילישער זייט. און זיי באַראַטן זיך שוין מיטן מאַשיניסט ווי אַריבער־שטעלן דעם לאָקאָמאָטיוו...

זאָג איך צו גרשונען פיבערדיק:

— מ׳דאַרף אָפּחורשן ווען ס׳לאָזט זיך נאָר... דעם מאַשיניסט, די קאָנדוקטאָרן, דעם קאָנטראָליער, אַז דער צוג זאָל אונדז צוריק נישט פירן...

גרשון טאַפּט אָן זיין פאָרטפעל אין קעשענע און לאָזט זיך גיין... ער איז קענטיק אַ ספּעציאַליסט אויף געבן כאַבאַר.

ס׳איז שוין צען אַזייגער, עלף, צוועלף ביינאַכט. ס׳האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. איך אָרגאַניזיר, די קינדער זאָלן נעמען וויינען אויף אַ קול, די טשעכישע קאָנדוקטאָרן און באַאַמטע, וואָס וווינען אין די בנינים אַרום וואָקזאַל, קאָנען נישט איינשלאָפן. זיי שטעקן אַרויס די קעפּ פון די פענצטער און קוקן צו אונדזערע וואַגאָנען, קוקן אויף די וויינענדיקע קינדער. מ׳זעט אַז זיי האָבן אויף אונדז רחמנות. זיי גייען צום אָפיציר, טענהן איין, בעטן... דער אָפיציר גיט אַ צייכן מיט דער האַנט, מיר מעגן אַרויסגיין פון די וואַגאָנעס.

מ׳זאַמלט אונדז צונויף אין אַ נישט גרויסן הילצערנעם באַראַק, וווּ עס שטייען בלויז עטלעכע בענק און אַ טיש, און דאָ מוזן מיר וואַרטן אויף אַ ווייטערדיקער דעציזיע. מיר האָבן בלויז איין צימער פאַר הונדערט נפשות. מיר לייגן די קינדער שלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע, ממש איינס לעבן אַנדערן. וויקטאָר איז אַרונטערגעקראָכן צוזאַמען מיט פראַנעקן אונטערן טיש. מיר מוזן אויספּאַקעווען די באַבאַליאַקעס, זיי זאָלן נישט, הלילה, דער־שטיקט ווערן... אינמיטן־דרינען קומען אַריין דער וועכטער מיטן אָפיציר אויף קאָנטראָל און נעמען ציילן די קינדער. וויקטאָר שטעקט אַרויס די פיס פון אונטערן טיש און פאַרדעקט מיט דער דעקע זיין קאָפּ צוזאַמען מיט פראַנקעס... אָבער מ׳געפינט אַז זיי זענען צוויי און מ׳שלעפּט זיי ביידע אַרויס פאַר די פיס פון אונטערן טיש... דער אָפיציר ברענט פאַר כעס און שרייט עפּעס אויף טשעכיש, וואָס איך פאַרשטיי נישט. ער גייט אַוועק און קומט מיטן צווייטן אָפיציר, און זיי נעמען ציילן גענוי און סיסטעמאַטיש, גרופּעסווייז...

— איך זאָג שטילערהייט צום קליינוואַרג:

— אפשר דאַרף ווער פון אייך ערשט מאַכן פּי־פּי? ווער עס שרעקט זיך נישט צו גיין אַליין, זאָל ער ערשט אַרויסגיין און מאַכן הינטער דער וואַנט.

דער ערשטער גייט פראַנעק... נאָך אים אַנטעק און אַנדערע. און אפילו די מיידלעך, מירעלע און אַנדערע...

— וווּהין? — פרעגט דער אָפיציר.

— פּי־פּי! — זאָגט מירעלע דרייסט. די קינדער גייען אַרויס און קומען צוריק, דרייען זיך און טוישן זיך. די אָפיצירן האָבן זיי געציילט דריי מאָל, און יעדעס מאָל איז אַרויסגעקומען אַן אַנדערע צאָל.

— ס׳קען אַזוי נישט זיין! — האָט געשריגן דער אָפיציר.

— וואָס קאָן מען טאָן? די קינדער זענען פאַרקילט פון דער רייזע... כ׳קאָן זיי דאָך נישט זאָגן, זיי זאָלן מאַכן הינטער זיך... און בכלל זענען די קינדער ערשט אויסגעשעפּט, ווילן שלאָפן.

— גוט, — איז מסכים דער אָפיציר — מיר וועלן זיי איצט צורולאָזן. מאָרגן אינדערפרי וועלן מיר זיי ציילן.

ס׳גייט אַוועק אַ טאָג, צוויי, דריי — און מיר זיצן נאָך אַלץ אין שמוציקן באַראַק. די קינדער זיצן נאָך אַלץ אויף דער פּאָדלאָגע, דורכגעפרוירענע, נאַסע, שמוציקע, נישט אויסגעשלאָפענע. די זאַך רירט זיך נישט פון אָרט.

מ׳דערלויבט אונדז נישט צו פאָרן דורך טשעכיע. גרשון פּרוווט טעלע־פאָנירן קיין פּראַג, צו מאַדאַם שאַפּיראַ, זי זאָל קריגן פאַר אונדז דאָס דער־לויבעניש. איך בעט, קלער אויף, אַפּעליר צום געוויסן — קיין פּעולה נישט.

מאַרילקע האָט זיך משתדל געווען ביי איינער אַ טשעכקע, זי זאָל אונדז דערלויבן אויסבאָדן איר גרופּע מיטליעריקע. פרוי בראַניע גייט אַלע מאָל אַריין צו עמעצן אַנדערש בעטן אַ טעפּל וואַסער אויף טיי. צו אונדזער גליק האָבן מיר נאָך סענדוויטשן. שוין דעם פערטן טאָג עסן מיר בלויז אָט די אויסגעטריקנטע סענדוויטשן. אויפן פערטן טאָג זאַמל איך צונויף אַ קליינע געקליבענע צאָל קינדער. פון יעדער גרופּע צו איינס: פונעם קליינוואַרג, מירעלען מיט דער בלאָסער זאָשען (וועלכע איז געווען פאַר־שטעקט אין אַ שאַפּע) פון די מיטליעריקע, דעם שיינעם מילעקן מיט די בלאָע אויגן און דאַנושען מיטן פּנים פון אַ מאַדאָנע; און פון די עלטערע, שאולן מיט אהרונען. די דאָזיקע קינדער האָבן אַ באַזונדער אײדל אויס־זען, זענען בלאַסע, מאָגערע, און די אויגן זענען פול מיט אויסדרוק, בעטנ־דיקע. איך לערן זיי אויס עטלעכע זאַצן אויף אויסנווייניק. אָבער זיי זאָלן זיך, חלילה נישט אַרויסכאַפּן, אַז איך האָב זיי דאָס אויסגעלערנט. נאָכן מיטאָג, פיר אַזייגער, ווען דער סטאַציע־נאַטשאַלניק זיצט ביים טיש צוזאַמען מיט זיין פרוי ביי אַ גלעזל קאַווע, קומט צו אים אַ דעלעגאַציע פון קינדער. מירעלע (די בעסטע דעקלאַמאַטאָרין צווישן דעם קליינוואַרג) זאָגט, מיט אַ געריררט שטימעלע:

— ה׳ נאַטשאַלניק! מיר זענען יתומים. מיר בעטן אייך זייער און זייער, האָט אויף אונדז רחמנות — שיקט אונדז נישט צוריק קיין פּוילן.

שאול הייבט אויף זיין פּאַרטיזאַנישע צורה פול מיט שראַמען און זאָגט אַנטשלאָסן:

— אויב איר ווילט אונדז שיסן דאָ אויף דער גרענעץ, ווי די דייטשן האָבן אין אונדז געשאָסן, קאָנט איר עס טאָן! אָבער מיר ווען זיך נישט אומקערן אין דעם לאַנד, וווּ מ׳האָט דערמאָרדעט אונדזערע עלטערן און אונדז האָט מען געמאַכט פאַר יתומים און קאַליעקעס!

דעם נאַטשאַלניקס פרוי האָט זיך דערפילט שלעכט און געהאַלטן ביי חלשן. דער מאַן האָט זיך געאיילט איר דערלאַנגען אַ רפואה. און צו די קינדער אַ זאָג געטאָן:

— גייט צוריק אין באַראַק!

באַגינען איז אָנגעקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן.

גרשון האָט געזאָגט מיט שטאָלץ:

— דאָס האָב איך עס די זאַך איינגעאָרדנט!

— מיר איז עס אַליינס, ווער — האָב איך אים געענטפערט אַן אויסגעשעפּטע.

אינדרויסן איז וואַרעמלעך און אָנגענעם. די זון שיינט אַזוי שטראַלנדיק... אַן אמתער פרילינגס־טאָג. די קינדער גייען פּאָרלעכווייז מיט די רוקזעק אויף די פּלייצעס, דורכן פעראָן צום צוג, וואָס גייט אָפּ קיין פּראָג.

אויפן פעראָן שטייט דער נאַטשאַלניק אַ שמייכלענדיקער און אויך דער באַאַמטער, וועלכער האָט געציילט די קינדער דאָס לעצטע מאָל. איין פּאָר, אַ צווייטע, אַ דריטע... מיר שרעקן זיך נישט, מיר האָבן גוט באַהאַלטן די באָבאָליאָקעס. צום ערשטן מאָל שטימט די צאָל פון די קינדער מיט דער צאָל פון די פּאַספּאָרטן...

— נו, זעט איר שוין! — רופט זיך אָן מיט אַ טאָן פון נצחון דער נאַטשאַלניק — האָב איך אייך נישט געזאָגט? ציילן קינדער איז אַקוראַט ווי ציילן הינדעלעך... זיי לויפן די גאַנצע צייט אַרום און מישן זיך צוזאַמען... ערשט איז אַן אָרדענונג, זיי גייען פּאָרנווייז, און ס'איז לייכט זיי צו ציילן...

אין דעם פּאָר לעצטן פּאָרל גייט עדנאַ און טראָגט אַ זייער אויפגעשוואָלענעם רוקזאַק. און פון רוקזאַק רינט עפּעסוואָס... אַ יונגער און פריינדלעכער טשעכישער קאָנדוקטאָר גייט צו צו איר און זאָגט העפלעך:

— יונגע פריילין, די טיי גיסט זיך אייך ארויס פון פלאַש אין רוקזאַק.

עדנאַ קוקט אויף אים מיט אויסגעקיילעכטע אויגן פון פאַרוווּנדערונג, נישט פאַרשטייענדיק צוערשט גאָרנישט... נאָר מיטאַמאָל ווערט איר די זאַך קלאָר, און ס'כאַפּט איר אַרום אַ לאַך־ספּאַזמע... הינטער איר, אין דעם לעצטן פּאָרל, גייט וויקטאָר און פּייפט אויף אַ קול. אויך ער טראָגט אַ ריזיקן רוקזאַק, גייט אָבער אַן אויסגעשטרעקטער, אַ רויקער און זעלבסט־זיכערער... עדנאַ טוט אַ קוק אויף אים און זיין רוקזאַק, און איז גובר אין זיך דעם חשק אויסצושיסן מיט אַ געלעכטער. זי ענטפערט דעם קאָנדוקטאָר זייער ערנסט:

— אַ שיינעם דאַנק פאַר דער באַמערקונג. כ'וועל אַרויסנעמען די פלאַש פון רוקזאַק שפּעטער, ווען מיר וועלן אַרויספאָרן. כ'האָב זיכער נישט גוט פאַרשטעקט דעם שטאָפּער...

ביילעך זיצן מיר שוין אַלע אין צוג און פאָרן אָפּ פון דער סטאַציע.

מיר נעמען אַראָפּ פון זיך די רוקזעק. עדנאַ איילט זיך מער פון אונדז אַלע... זי נעמט ארויס פון איר רוקזאַק דעם באַבאַליאַק, ווילעק, וועלכער איז איינגעאַנצן דורכגענעצט, און זעצט אים אַנידער אויף דער באַנק. די עלטערע מיידלעך רינגלען זי אַרום און לאַכן. עדנאַ דערציילט זיי דעם דיאַלאָג צווישן איר און דעם יונגן קאָנדוקטאָר וועגן שטאָפּער, וואָס איז נישט געווען גוט פאַרשטאָפּט...

דערווייל קריכט פראַנעק אַליין אַרויס פון וויקטאָרס רוקזאַק און זאָגט צו אים:

— אָבער איך „פּעטער" וויקטאָר, האָב דיך נישט באַנעצט... און זיך נישט קיין ריר געטאָן אין רוקזאַק... דו וועסט מיך תמיד טראָגן אין דיין רוקזאַק! אמת „פּעטער"?

מיר גייען אַריין אין פּראַגער וואָקזאַל. דער גאַנצער וואָקזאַל טונקט זיך אין גרינס און אין טשעכישע און יוגאָסלאַווישע פענער. היינט איז דאָ פאַר־בייגעפאָרן גענעראַל טיטאָ.

— צוליב דעם אוודאי האָט מען אונדז געהאַלטן אַזאַ לאַנגע צייט ביי דער גרענעץ! — זאָגט וויקטאָר — זיי שרעקן זיך פאַר „פאַרדעכטיקע עלעמענטן"!

איך באַטראַכט מיינע „פאַרדעכטיקע עלעמענטן". כ'הער עליעס הויכן הוסט, הייזעריקע שטים. כ'זע ווי שאולס איינציק אויג טריפט מיט אייטער. און כ'פיל אַז ס'נעמט אויך מיך שטיקן אַ הוסט.

אויפן פּראַגער וואָקזאַל שטייט אַ גרופּע פיין געקליידעטע יידן אין שוואַרצן. איינער פון זיי קומט צו צו אונדז און זאָגט:

— איר זענט אוודאי אַ גרופּע קינדער פון פּוילן, איך בין דער פאָרשטייער פון דעם רעטונגס־קאָמיטעט אין טשעכאָסלאָוואַקיע. כ'בין געקומען אייך מקבל־פּנים זיין און פירן אין אַ ציטווייליקן האָטעל.

כ'שטעל ווידער אויס די קינדער פאַרלעכוויז, און מיר גייען אַרויס פון וואָקזאַל. פּראָג איז אינגאַנצן אויסגעפּוצט יומטובדיק, טונקט אין גרינס און בלומען. אין פּראָג איז שוין פרילינג... אונטערן בלויען הימל פלאַטערן ווי פענער די בונטע קראַוואַטן פון די מענער און די פאַרביקע שאַלן פון די פרויען. מענטשן שמייכלען, גוטגעשטימטע, פרילינגדיקע... אַלע אין לייכטן גאַנג, מיט פריילעכע טריט... די מאַנצביל ציען די היט צום באַגריסן... די פרויען ענטפערן מיט אַ שמייכל, מיט לעבהאַפטיקע און לוסטיקע בליקן.

מיר אָבער גייען שווער. טראָגן שווערע, פאַרבלאָטיקטע שיך, משא־רוקזעק אויף די פּלייצעס, וואָלענע פאַרשטויבטע בערעטן אויף די קעפּ, און אונדזער גאַנצע קליידונג איז צעקנייטשט און קויטיק. די פּנימלעך פון די קינדער זענען גראָ פון מידקייט, די אויגן רויט פון ווייניק שלאָפן, די ליפּן טרוקן פון דאָרשט.

אַלע אַרום קוקן אונדז נאָך, טייטלען אויף אונדז מיט די פינגער — מיר זענען אַ בולטער קעגנזאַץ צו דער שיינקייט און פולקאָמענקייט פון דער לאַנדשאַפט. — משונהדיק איז אונדזער אויסזען אין דער פרייליכער וועלט וואָס אַרום אונדז.

איך גיי אין שפּיץ פון מײַנע מידע, אויסגעשעפּטע קינדערלעך. כ׳פאַרגלייך זייער אויסזען מיט אויסזען פון די קינדער אין גאַס — איך ווייק.

דאָס בוך פון אונדזערע ליידן אין פּוילן איז פאַרענדיקט.

# עפּילאָג

דער ים גלאַנצט ווי ווייסער שטאָל. די זון אינעם בלאָען, העלן הימל־געוועלב, גיסט איר גאָלד אויף דעם שטילן זאַמד ביים ברעג ים.

אין אונדזער וווינונג ביים ברעג ים אין תל־אביב זענען שוין די ראָלעטן אַרויפגעהויבן, די פענצטער ברייט צעעפנט, אויך די דרויסנדיקע טירן אָפן. היינט איז ביי אונדז אַ גרויסע אויפנאַמע: אַ קבלת־פּנים פאַר מיינע הונדערט קינדער...

שוין צען יאָר ווי איך בין מיט זיי צוזאַמען און לעב מיט זיי צוזאַמען, דער היינטיקער טאָג ווי דער ערשטער טאָג... נאָר היינט זענען זיי גליקלעכע, פריילעכע, געזונטע און שפּאַנען זיכער קעגן לעבן. ווי זיי אַלע וואָלטן קיין שום געמיינזאַמס געהאַט מיט יענע קאַליעקעס, די בעלי־מום, די באַדעקטע מיט וווּנדן און געשווירן, ווי איך האָב זיי געטראָפן אין יידישן קאָמיטעט אויף דלוגע־גאַס, אין קראָקע.

דער דאָזיקער וווּנדער, דער וווּנדער פון פולשטענדיקן אומקערן זיך צום לעבן, איז געשען דאָ, אונטערן בלאָען הימל פון ישראל, ווייל נאָר די פרייהייט וואָס דאָס היימלאַנד גיט דעם מענטש, איז אימשטאַנד געווען אויסצוגלייכן די רוקנס פון די דאָזיקע קינדער און באַפליגלען זייער יונגן גייסט.

אין חודש מערץ 1946, ווען ס׳האָט אונדז ענדלעך אָפּגעגליקט אַריבער־צוגיין די פּויליש־טשעכישע גרענעץ, האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז מיר זענען שוין געראַטעוועט און אונדזער קאַמף פאַרן לעבן און דער פרייהייט איז געענדיקט. אָבער זייער גיך איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז נישט מער ווי דער ערשטער שטאַפּל פון דאָזיקן קאַמף, בלויז דער ערשטער עטאַפּ אויף אונדזער וועג קיין ישראל, אויף אונדזער נע־ונד־וועג, וואָס האָט געדויערט דריי יאָר, איבער גאַנץ אייראָפּע.

צום לענגסטן האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן אין פראַנקרייך. דאָס איז געווען אונדזער לעצטע סטאַציע, וווּ מיר האָבן געוואַרט עולה צו זיין קיין ישראל. אויף דער דאָזיקער „סטאַציע" האָבן מיר געשאַפן אונדזער אייגענע העברעישע שול (די איינציקע אין פראַנקרייך), וווּ די קינדער האָבן אויך געלערנט די היסטאָריע און קולטור פון זייער פאָלק און זיך געגרייט

צו זײער נײ לעבן אין ישראל. אין דער משפּחהדיקער אַטמאָספער פון קינדערהויז, וואָס מיר האָבן ווײטער געפירט דאָ ווי אין זאַקאָפּאַנע, זענען די קינדער פּאַמעלעך געקומען צום געזונט און די כוחות. האָבן זיך אַלץ מער באַפרײט פון דעם געפיל פון פאַרוואָרלאָזטקײט און פאַריתומטקײט און אפילו פון קאָמפּלעקסן פון דער מלחמה־צײַט. פונדעסטוועגן איז דאָס פולשטענדיקע געזונט ווערן פון די קינדער און זײער צופּאַסן זיך צום טאָגטעגלעכן לעבן־צושטאַנד געקומען ערשט ווען ס׳האָבן זיך פאַרענדיקט זײערע וואָגלענישן און זײ זענען פאַרוואָרצלט געוואָרן אין זײער אײגענעם הײמלאַנד. און דאָס איז נישט לײַכט אָנגעקומען. ענגלאַנד האָט נישט דערלויבט דעם שארית־הפּליטה נאָך דער קאַטאַסטראָפע זיך אומצוקערן אין זײַן פאָטערלאַנד; זי האָט דערטרונקען די אומלעגאַלע שיפן און אינ־טערנירט זײערע פּאַסזשירן. אָבער צו יענער צײַט איז שוין קײן שום דראָונג נישט בכוח געווען צו פאַרהאַלטן די כוואַליעס פון די מעפּילים קײן ארץ־ישראל. די שאַטנס פון די מיליאָנען דערמאָרדעטע יידן האָבן איצטער געשטויסן די מעפּילים צום לאַנד פון זײער האָפענונג, און קײן שום אימפּעריע אין דער וועלט האָט זיך נישט געקאָנט קעגנשטעלן דעם דאָזיקן כוח.

צווישן די קעמפער פאַר די רעכט פון דעם יידישן פאָלק, פאַר אַ פרײַער עליה קײן ארץ־ישראל זענען געווען אויך מײַנע קינדער. דער אָפּגעצערטער מאיר, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט אין אַ הינטיש בײדל; שאול, דער פאַרטיזאַן מיטן אײנציקן אויג; דער דרײסטער וויקטאָר מיט זײַן מאָנאַסטיר־שוועסטערל, רינה; דודל „צדיק", דער אסקעט פונעם בונקער מיט זײַן שוועסטער; „דער גרויסער" און ספּריטנער מילעק; שרה פון די צוועלף לאַגערן, און אַ גאַנצע רײ „דערוואַקסענע" קינדער, — האָבן אין אײנעם אַ טאָג מיר מיטגעטײלט, אַז זײ וועלן נישט וואַרטן אויף דער עליה, זײ וועלן אַלײן אויסקעמפן זײער הײמלאַנד, און האָבן פאַרלאָזט אונדזער קינדערהויז אין פראַנקרײַך און זיך געלאָזט מיט וועג פון פײַן, מיט דער שיף „יציאת־אײראָפּע" („עקזאָדוס 1947") קײן ארץ־ישראל.

די ייִנגערע קינדער זענען געקומען מיט מיר צוזאַמען אין לאַנד גלײַך נאָכן פּראָקלאַמירן די זעלבסשטענדיקײט פון מדינת־ישראל. און דאָ האָט זיך געשטעלט אַ נײ פּראָבלעם. ס׳האָט זיך מיר מער נישט געוואָלט פאַנאַנדערטײלן מײַנע קינדער און צעשפּרײטן איבערן לאַנד. די געמײנזאַמע אַרומוואָגלענישן און לײדן האָבן געשאַפן דאָס געפיל פון אומצערײסבאַרער

בשותפותדיקייט. מיר זענען געוואָרן איין גאַנצקייט — אַ נייער טיפּ פון אַ נאָכמלחמהדיקער משפחה, וועלכע האָט נישט ווייניקער געבונדן ווי בלוט־קרובהשאַפט. איך האָב נישט געטאָרט צעברעכן די דאָזיקע אייניקייט, ווייל זי איז געווען דער קוואַל פון אונדזער כּוח.

צו יענער צייט איז דאָס לאַנד געווען אָרעם, און ס׳האָט זיך נישט געפונען קיין איין ישוב אין ישראל, וועלכער זאָל זיין אימשטאַנד אַריינצונעמען אַזאַ גרויסע גרופּע קינדער פּאַראַמאָל. האָט מען געמוזט, הייסט עס, אויפבויען אַן אַנשטאַלט, אַ ניי הויז אין היימלאַנד, און דערצו זענען נייטיק געווען נישט ווינציק פינאַנסן.

אויך דאָס איז דערגרייכט געוואָרן. דאָס הויז איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין אַ קבוצה, ווו דאָס לעבן און שאַפן פון דעם יחיד איז צוזאַמענגעבונדן און צוזאַמענגעוואַקסן מיטן ווידעראויפלעבן פון פאָלק אין לאַנד.

איך בין געבליבן מיט די קינדער, כּדי זיי באַהילפיק צו זיין אינעם פּראָצעס פון אַריינוואָרצלען זיך אין לעבן פונעם לאַנד און קבוץ. שפּעטער אָבער, ווען די קינדער זענען עלטער געוואָרן, האָב איך זיך פּלוצים דערפילט איינזאַם, ווי אַ מאַמע וואָס אירע קינדער זענען אויסגעוואַקסן און נייטיקן זיך נישט מער אין איר...

אָבער דער גורל איז געווען גנעדיק צו מיר און האָט נישט דערלאָזט אַז דאָס דאָזיקע געפיל זאָל באַהערשן מיין האַרץ. ווייל צו יענער צייט איז פּאָרגעקומען אַן ענדערונג אין מיין לעבן: ס׳איז דערין דערשינען אַ מענטש, וועלכער האָט מיר געבראַכט פולע הויפנס גליק; זיין גאַנצער ציל איז געווען בלויז מיר אומצוקערן דאָס, וואָס דאָס לעבן האָט ביי מיר אַוועקגערויבט. אַדאַנק אים האָט זיך צו מיר צוריקגעקערט די גוטע רו און די שטילקייט פון שאַפן. איך האָב דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן דערפילט דעם טעם פון אַן אייגן הויז. אָבער דאָס דאָזיקע הויז איז געוואָרן נישט בלויז אונדזער פּערזענלעכס, נאָר אויך דאָס הויז פון אַלע קינדער. אַהער פלעגן זיי קומען פאַרברענגען די אורלויב־צייט, פייערן זייערע געבוירנטעג און חתונות, פונדאַנען אַרויסגיין צום לעבן און אַהער זיך אומקערן. און יעדעס יאָר אום פּסח, אין יומטוב פון פריי׳הייט און פרילינג, פאַרזאַמלען מיר זיך, פרייען זיך איניינעם, דערציילן זיך זכרונות און וועבן פּלענער אויף דער צוקונפט.

אָבער אונדזער צוזאַמענפאָר היינטיקס יאָר איז דער פיירלעכסטער,

ווייל דאָס איז דאָס צענטע יאָר זינט מיר זענען געראַטעוועט געוואָרן פון אומקום, דאָס צענטע יאָר פון אונדזער קאָלעקטיוון לעבן.

ווי זעען אויס מיינע קינדער נאָך צען יאָר? מיט וואָס פאַרנעמען זיי זיך איצטער? ווי פילן זיי זיך אין זייער פאָטערלאַנד? אָט לאָמיר זיך אַ ווייל צוקוקן...

*

ס'איז אַזייגער דריי אַ האַלב נאָכמיטאָג. מיין מאַן און איך פאַרענדיקן די צוגרייטונגען אויפצונעמען די געסט. דאָס איז נישט קיין שפילכל מכניס־אורח צו זיין, ספּעציעל אום פּסח, אַזאַ גרויסע חברה קינדער און יוגנטלעכע. אָבער מיין מאַן האָט עס נישט אָפּגעשראָקן. „כ'האָב געוווסט וואָס מיך דערוואַרט", האָט ער געזאָגט מיט פריילעכן ערנסט, כ'האָב דאָך דיך גענומען צוזאַמען מיט דיינע הונדערט קינדער. מוז איך ערשט שווער האָרעווען"... און רעדנדיק אַזוי, דרייט ער איבער מיט געשיקטקייט די קאָלירטע סאַלאַטן אין די פּולמיסקעס. „זיי וועלן די פינגער לעקן", זאָגט ער מיט פאַרגעניגן פון אַ גוט־האַרציקן מכניס־אורח.

און אָט קלינגט דאָס גלעקל (הגם די טירן זענען אָפן). אויף דער שוועל שטייט אַ גרויס און געזונט מיידל, מיט פאַרצוויקטע באַקן און אַ צעשמייכלט פּנים. אין איין האַנט האַלט זי „אַ בעזעם" בלומען און אין דער צווייטער אַ גרויסע פּושקע מיט טערטלעך פון היימישן געבעק.

— מאַמע! — טוט זי מיר אַ פאַל אויפן האַלדז — די בלומען זענען פון מיין אייגענעם גערטנדל און די טערטלעך האָט מיין מאַמע געבאַקן פאַר אייך.

ווער איז זי, אָט דאָס ליבע מיידל? דאָס איז דאָך יוליע פון ראַבקע, וועלכע איז אַמאָל זייער קראַנק געווען, שווינדזיכטיק, און פלעגט תמיד קרעכצן, זיך פאַרהיקען און איז קיינמאָל נישט געווען זעלבסטזיכער. און היינט? זי איז געזונט געוואָרן סיי קערפּערלעך, סיי גייסטיק. איז די בת־יחידה פון אַ קינדערלאָזן פאָרפאָלק, אַרבייטזאַמע מושבניקעס. זיי האָבן זי אַדאָפּטירט פאַר אַ טאָכטער און איר אַ נאָמען געגעבן אַביבה. זי איז אַלט אַ יאָר זיבעצן און רופט מיך נאָך אַלץ „מאַמע", הגם זי האָט אַ געזעצלעכע מאַמע. אָבער אונדזערע פאַרדינסטן זענען אַבסאָלוט נישט קיין גלייכע. פאַר מיר איז יוליע געווען איינע פון די 100 קינדער, וועלכע כ'האָב געהיילט, דערצויגן און געבראַכט אַהער. פאַר אירע איצטיקע עלטערן איז זי דאָס

איינאיינציקע טעכטערל, דאָס שענסטע און לייטישסטע פון אַלע קינדער — די פרייד פון זייער לעבן.

און אָט איז געקומען רינה, וויקטאָרס שוועסטער, וועלכע ער האָט דעם לעצטן טאָג פאַר אונדזער אַנטלויפן אַרויסגענומען פון מאַנאַסטיר און פאַרייניקט מיט אונדז.

— אוי, לענא! — נעמט זי מיך אַרום אַ פאַרסאָפּעטע — מוזט מיר געבן אַוועלכע בלחקע, איך קום פון ירושלים, און מיין בלוזקע איז שמוציק און צעקנייטשט פון וועג. ווי קען איך זיך אַזוי וויזן פאַר מיין ליבן ברודער?

— גיי אַריין אין צימער און נעם זיך אַרויס פון שאַפע. און דערנאָך — טרייב איך זי אונטער — גיי אַריין אין וואַנעצימער, ווייל באַלד וועט דאָ זיין פול מיט געסט.

— איך לויף, איך לויף, — זאָגט רינה — נאָר ווען וויקטאָר וועט קומען, העלף מיר אים צו פאַרהאַלטן אביסל ביי מיר. איך בענק נאָך אים, שוין דריי חדשים אים נישט געזען — און זי גייט אַריין אין וואַנעצימער.

— זע, מרדכי, — זאָג איך צו מיין מאַן — איז אָט די רינה נישט קיין סימבאָל פון דער וווּנדערלעכער ווידעראויפלעבונג פון אונדזער לאַנד? צי ווייסטו וואָס פאַר אַ פאַרביסענער האַס צו אַלץ וואָס איז יידיש ס׳האָט געשטעקט אין אָט דעם מיידל פון מאַנאַסטיר? אַ האַס וואָס האָט זי ממש פאַרצערט. און היינט איז זי אַ געטרייע טאָכטער פאַר אונדזער פאָלק און לאַנד, לערנט פלייסיק תנ״ך אין אוניווערסיטעט אין ירושלים און איז אויך אַ חברה פון אַ יונגן קיבוץ אין נגב. און וואָס פאַר אַ הייסע ליבע ס׳איז צווישן דעם ברודער און דער שוועסטער! יעדן חודש גיט ער איר מער ווי אַ העלפט פון זיין געהאַלט, זי זאָל קאָנען זיך אויסהאַלטן אין דער צייט פון שטודיום, זי אים האָט ליב ווי אַ מאַמע און אַ שוועסטער גלייכצייטיק. ענלעך צו זיי זענען צו זיך צוגעבונדן דוד „הצדיק״ (וועלכער שטודירט אין פאַריז) און זיין שוועסטער רחל, וועלכע אַרבעט דאָ ווי אַ שוועסטער אין אַ שפּיטאָל. ס׳איז פאַראַן עפּעס־וואָס כאַראַקטעריסטישס און זייער וויטיקלעכס אין אָט דער משפחהדיקער צוגעבונדנקייט ביי די רעשטלעך לעבנגעבליבענע יידן נאָך דעם אומקום...

פון וואַנעצימער הערט זיך נאָך דער פּלושק פון וואַסער, ווי אויף דער שוועל האָבן זיך באַוויזן דריי אָפיצירן אין מונדירן. דאָס זענען: שאול, וויקטאָר און סטעפאַן, אָבער הינטער זיי באַהאַלט זיך אויס נאָך איינער...

גאָט מײַנער! דאָס איז דאָך בראַנעק מיט די פלאַקסענע האָר (ווי ער געדענקט זיך דאָס פון דער דלוגע־גאַס!). ער קומט היינט דאָס ערשטע מאָל צו אונדז אין שטוב. ביז היינט איז די שיף געווען זיין שטוב. שוין זיבן יאָר ווי ער אַרבעט ווי אַ מאַשיניסט אויף מרחקימדיקע טראַנספּאָרט־ און טאַנקערשיפן. ער האָט אפנים באַקומען אַ לענגערן אורלויב דאָס ערשטע מאָל.

אַלע זענען זיי הויכוויקסיקע, ברייטפּלייציקע, שיינע. די מונדירן ליגן אויף זיי ווי אויסגעגאָסן. זייער גאַנג איז לייכט, פריי און נאַטירלעך. איך קוק אויף זיי, און אַ שטאָלצקייט צעשפּאַרט מיר די ברוסט. אָט זענען זיי, מיינע זין! צי וואָלט ווער געגלויבט, אַז אָט־אָ־די זענען אַמאָל געווען קראַנקע קינדער, קאַליעקעס, היימלאָזע און אומדערצויגענע, גנבימלעך און קאָרטנשפּילער? אָט־אָ דער שאול, וואָס דאָס לעבן איז געווען צו אים אכזריותדיקער ווי צו אַלע, דער שווערסטער צווישן מיינע קינדער, וועלכער האָט זיך געוואָרפן אויפן דאָקטאָר מיט אַ שטעקן, אויף דער קראַנקן־שוועסטער און אויף דער גאַנצער וועלט... היינט איז ער דער בעסטער און דער מוטיקסטער פון אַלע, ער איז געקומען אין לאַנד מיטן „עקזאָדוס", דערנאָך גלייך צוגעשטאַנען, טראָץ זיין פעלער, צו די קעמפער פאַר דער פרייהייט פון ישראל און האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג. אין מיליטער איז ער שווער קראַנק געוואָרן. ס'האָבן זיך אויפסנייַ אָפּגערופן זיינע אַמאָליקע ווונדן אין דער לונג. מ'האָט אים געמאַכט דריי שווערע אָפּעראַציעס (וואָס קיין אנדערער וואָלט זיי אפשר נישט איבערגעטראָגן!) איז געלעגן אין שפּיטאָל אַנדערטהאַלבן יאָר און געזונט געוואָרן. ער האָט גובר געווען זיין קראַנקהייט און זיין מום, גובר געווען זיין אייגענעם גורל און אים געמאַכט אונטערטעניק זיין ווילן. מיטן כוח פון זיין ווילן איז ער גובר אַלע שוועריקייטן אין לעבן. אין זיין שטעלונג אין לעבן איז פאַראַן עפּעס, וואָס לאָזט זיך נישט אונטערטעניק מאַכן — וואָס האָט נישט זיין גלייכן. דער לויטערער קרישטאָל פון זיין נשמה שיינט און לייכט אַרויס פון אַלץ וואָס ער זאָגט און טוט. און לעבן אים דער שיינער וויקטאָר, דער עלעגאַנטער, דער באַהערשטער, וועלכער באַזוכט אונטער דער יידישער פאָן די שטרעקעס פון ימים און לענדער (אַקוראַט ווי ער האָט זיך עס תמיד געווונטשן).

און מיט זיי סטעפאַן. און ס'זעט אויס מאָדנע — ער, וועלכער איז תמיד געווען אָנגעכמורעט און פול מיט תרעומות אויף דער וועלט, ער

איז היינט דער מילדסטער פון אַלע. זיינע נאָכמלחמהדיקע קאָמפּלעקסן זענען אַוועק מיטן ווינט. ער האָט דער ערשטער פון די ייִנגלעך חתונה געהאַט און איז שוין אַ גליקלעכער טאַטע. דאַקעגן זיין פריינד בראָנעק האָט זיך לגמרי נישט געענדערט. אויך היינט איז ער אַ שווייגער, און זיין אויער האָרכט זיך איין בלויז צום געזאַנג פון די מאַשינען און דעם ים. זיין פּירקאַנטיק פּנים מיט דער פלאַקסענער טשופּרינע זענען פאַרבליבן ווי געווען, און בלויז זיינע פּלייצעס האָבן זיך אויסגעברייטערט, ווי דער שטאַם פון אַ יונגן דעמב, וועלכער דאַרף אויסהאַלטן ווינטן און שטורעמס.

צוזאַמען מיטן שטאַרקן און ברייטפּלייציקן בראָנעק איז געקומען אויך מאַשקע. ער איז אַן עלעקטראָטעכניק אין חיפה. און ווידער די אייגענע דערשיינונג: ברידערלעכקייט און געטרייע שותפותדיקייט צווישן די לעבנגעבליבענע ייִנגלעך... די אַלע בחורים האָבן אַ שותפותדיקע דירה אין חיפה, און דער עיקר־באַלעבאָס אין איר איז משה, דער יבשה־מאַן.

די בחורים קושן זיך מיט מרדכין, מיין מאַן. זייער באַציונג צו אים איז אַ פרייע און פול מיט צוטרוי.

— פונוואַנען קומט איר ערשט, חברה — פרעג איך זיי.

— פון דער גאַנצער וועלט. מיר האָבן געפירט נאַפט פון ווענעצועלאַ. פלייש פון אביסיניע, און פון אייראָפּע און צפון־אפריקע — עולים.

די בחורים באַלעבאַטעווען שוין אין דער דירה, קוקן איבער די פּליטן, שטעלן אַן דעם פּאַטעפאָן; זיי פילן זיך דאָ נישט פרעמד.

**דערוויל קומט ארויס רינה פון וואַנעצימער און צעקושט זיך מיט וויקטאָרן.**

**פאַר אונדזער הויז שאַפט זיך אָפּטמאָל אַ געדראַנג — די שמאָלע גאַס ביים ברעג ים איז אָפן פאַר אויטאָס־באַוועגונג נאָר אין איין ריכטונג. און אויב אַ וועלכער אויטאָ פאַרהאַלט זיך דאָ אַ ווײַלע לענגער — פאַר־האַלטן זיך אויך די אויטאָס הינטער אים. שאַפט זיך „אַ קאָרעק". די שאָפערן רעגן זיך אויף, לאָזן אין גאַנג די סירענעס אַן אויפהער, די איינוווינער שטעקן אַרויס די קעפּ פון די פענצטער צו זען וואָס ס'איז געשען, די האָטעל־ייִנגלעך גייען אַרויס, שטעלן זיך ביי די אריינגאַנג־טירן און האָבן הנאה פון דער פאַראיילונג, די שאָפערן רופן זיך איבער, מ'טרייבט זיך אונטער און מ'זידלט זיך — און די גאַס איז לעבעדיק און פריילעך!**

**היינט איז די סיבה פון אַזאַ אויפרודערונג אין גאַס געווען מיינע קינדער.**

וואָס איז געשען? די קבוצה ווו ס׳געפינען זיך דאָס רוב פון מיינע קינדער האָט זיי געשיקט אין שטאָט אַריין מיט אַ גרויסן לאַסטאויטאָ, האָט זיך דער אויטאָ אָפּגעשטעלט פאַר אונדזער הויז און פאַרהאַלטן די באַוועגונג. די טומלערייען פון די שאָפערן און אויטאָס וואָס זענען שטיינגעבליבן הינטער אים און דאָס טרובען פון זייערע סירענעס האָבן גאָרנישט נישט פועל געווען: מיט פולשטענדיקער רויקייט, גלייך ווי נישט זיי מיינט מען, זענען די פערציק קינדער אַראָפּגעקראָכן פון דער הויכער מאַשין איינס נאָך ס׳אַנדערע, ביזן לעצטן. ס׳איז אַ באַוווסטע זאַך, די לייט פון די קבוצות און קיבוצים זענען אַ געזונטע און שטאַרקע „ראַסע", נישט קיין נערוועישע ווי די שטאָטישע...

מיט אַ לעבעדיקן און פריידיקן שטראָם לאָזן זיי זיך אַריין צו אונדז אין הויז, מאַכן פול איטלעך צימער און ווינקל. ס׳קוקן אויף מיר צענדליקער פאַר פינקלענדיקע אויגן, ס׳לאַכן ווייסע שורות ציין, ס׳גלאַנצן ווי בראָנדז קניען, אָרעמס און העלדזער, די ווייסע בלוזעס און העמדער שמעקן מיט זויבערקייט. די גאַנצע קבוצה מיט איר פרישקייט און צאַפּלדיקייט, איז אַריין צו מיר אין שטוב. ס׳שמעקן די באַנאַנעס און די בלומען וואָס די קינדער האָבן מיטגעבראַכט, די צימערן זעען אויס ווי אַ בליענדיקער סאָד, ווי אַ תבואה־פעלד, און די קינדער — ווי גאָלדענע זאַנגען, וואָס כוואַליען זיך מיטן בלאָזן פון ווינט.

די קבוצה־קינדער זענען טשעקאַווע צו זען אַלץ אין שטאָט און אין שטאָטישע וווינונגען. דערפאַר, הגם זיי קאָנען שוין אונדזער הויז, גייען זיי פון איין ווינקל צום צווייטן און באַשמעקן אַלצדינג.

— און וואָס איז דאָס? — פרעגט מירע, וועלכע איז שוין אַ גרויס און שיין מיידל, אַ פּופּצניעריקע מיט העלע האָר, טייטלענדיק מיט דער האַנט אויף אַ שיינער זאַמלונג פון אַלטע לייכטער אויף דער פּאָליצע.

— דאָס זענען שבת־לייכטער, אין זיי פלעגן יידישע מאַמעס אָנצינדן די שבת־ליכט יעדן פרייטיק פאַרן זונאונטערגאַנג, לכבוד שבת, — דער־קלערט זיי מרדכי. — און די זאמלונג איז געהייליקט לכבוד דעם אָנדענק פון די יידישע מאַמעס, וואָס זענען אומגעקומען אין דער קאַטאַסטראָפע, — גיט ער צו.

מירע האָרכט מרדכיס דערקלערונג און דריקט זיך אינסטינקטיוו צו צו מיר. נאָר מיטאַמאָל טוט זי זיך אַ קער אַוועק פון אונדז, באַמיט זיך אויסצובאַהאַלטן די טרערן וואָס זענען איר אָנגעלאָפן אין די אויגן, און

גייט אַוועק אין אַ צווייטן ווינקל, אַ מער פריילעכערס. דאָרט דערציילט סטעפאַן מיט לעבעדיקייט פאַר זיינע יונגע צוהערער מיט די צעעפנטע מײַלער — וועגן די אָקסן־קאַמפן אין מאַדריד.

דער דרייצניעריקער אפרים (פראַנעק פון די באַבאַליאַקעס) פילט זיך דאָ אויסגעצייכנט צווישן דעם עולם. ער שלייכט זיך פלינק אַדורך דעם צונויפגעדרענגטן עולם און שטעלט זיך אָפּ דאָרט ווו ער ווינטשט זיך, ס'הייסט לעבן וויקטאָרן.

— פעטער וויקטאָר, דו געדענקסט ווי האָסט מיך געטראָגן אינעם רוקזאַק ? אָבער איך האָב דיר נישט געמאַכט קיין פּי־פּי, ווי ווילעק עדנהן...

די סאַמע יינגסטע פון מיינע קינדער, זאבי (ווילעק פון די באַבאַליאַקעס) און חנהלע טרעטן נישט אָפּ פון מיר אויף קיין מינוט.

— מאַמע, — פרעגט זאבי — פאַרוואָס איז טאַדעק נישט געקומען צופאָרן אויף אונדזער צוזאַמענטרעף ?

— ווייל ער איז נישטאָ הי, ער איז אין אַמעריקע.

— און פאַרוואָס זענען מיר אַלע געפאָרן אַהער, און ער קיין אַמעריקע ?

— ווייל ס'האָט אים אַהינגענומען די מאַמע זיינע.

— אָבער זי איז נאָר „אַ געמאַכטע מאַמע", נישט קיין אמתע, איאָ, מאַמע ?

חנהלע לאָזט אים נישט מיך אַזויפיל „פּייניקן", ווייל — זי האָט אירע אייגענע פראַגעס.

— מאַמע, פאַרוואָס גייען די גרויסע מענטשן אין שטאָט אַזוי אַנדערש אָנגעטאָן פון די דאָרפישע ? און צו וואָס נוצן זיי אַזעלכע לאַנגע הויזן ? און פאַרוואָס זענען דאָ ביי דיר, מאַמע, אַזוי פיל בילדער און שיינע זאַכן אויף די ווענט ?

מרדכי גיט איר צו פאַרשטיין, אַז מיר האָבן ליב בילדער און קונסט־זאַכן, דערפאַר האָבן מיר זיי צונויפגעזאַמלט.

וואַדעק, סטאַשעק און אַנטעק — היינט אריה, צבי און שמחה — די ערשטע קינדער וואָס כ'האָב דערזען ביים טויער פון יידישן קאָמיטעט, האָבן זיך צוגעכאַפּט באַזונדערס צו די ערדניסלעך און די מאַנדלען, זיי ווענען מיט זיי אויך מכבד די מיידלעך: מירען, די שלאַנקע חנהלע און לאהן פון דער קבוצה. אַנטעק־אריה („דער באַנדיט") איז שוין אַ בחור מיט אַ וואָנסע־צייכן, וולאַדעק־צבי, האָט אַרויסגעשפּראָצט כמעט ביז צוויי מעטער, און סטאַשעק־שמחה, איז אַ שיין יינגל, מיט ראָזע

בעקלעך, אַ גוטהאַרציקער און תמיד גרייטער צו העלפֿן אַ צווייטן. אַלע זענען זיי פֿעסטע בחורים, געזונטע און שײנע. קיינער וואָלט נישט דערקאָנט אין זיי קיין פֿענסיאָנערן פֿון מאַנאַסטירן, אויסגעהונגערטע און פֿאַרוואָר־לאָזטע מיט געשווירן. זיי לערנען אין דער קבוצה און אַרבעטן, אָבער די אַרבעט איז זיי ליבער פֿון דעם לערנען.

אינצווישנצייט האָלט מען נאָך אין איין אָנקומען. אין גערויש פֿון ברייטע טאַפּטענע הויזן, בלוזקעס פֿון שפּיצן, פֿאַרשפּרייטנדיק פּערפֿום — קומען אַריין צווישן די קינדער דריי פּרעכטיקע מיידלעך, וועלכע זענען מיט זייערע אײדעלע, עלאַסטישע פֿיגורן און מיט זייער בונטפֿאַרביקייט, ענלעך צו שמעטערלינגען. דאָס זענען רחל, דוד־„הצדיקס" שוועסטער, די שײנע גרין־אויגיקע אירענע (פֿון מאַנאַסטיר) און די בלאָנדינקע, די מילדע לושיע (געוועזענע פּאַסטושקע).

צווישן די ים־לייט ווערט אַ באַוועגונג. זיי באַפֿרייען זיך פֿאַמעלעך פֿון דעם קליינוואַרג, וועלכע האָבן זיי אַרומגערינגלט, טרייסלען אָפּ דעם נישט געזעענעם שטויב פֿון די מונדירן־קלאַפּעס, גלייכן זיך אויס אין זייער פֿולער הויך און לאָזן זיך אַרויס אויף יאַגד... ס'הערן זיך באַגרי־סונגען, פֿאַרוווּנדערונגען און איבעראַשונגען:

— אָ, דאָס ביסטו עס סטעפֿאַן! גאָט אין הימל, וויפֿל יאָרן ס'זענען אַריבער! איז עס טאַקע אמת, אַז האָסט שוין חתונה געהאַט?

— און פֿון וואַנען קומסטו, שאול? הער, וויקטאָר, אפשר וועסטו מיר ברענגען אַ שאַל פֿון מאַדריד?

— און מיר וועסטו ברענגען אַ פֿאַכער פֿון פֿעדערן!

די בחורים שטעלן ווידער אָן דעם פֿאַטעפֿאָן. אַ פֿלאַמענדיקער שפּאַ־נישער טאַנגאָ נעמט פֿאַרפֿלייצן דעם רוים פֿון שטוב, דרינגט אַריין אין בלוט. פּאָרלעך דרייען זיך אין טאַנץ.

די קינדער פֿונעם קיבוץ שטעלן זיך ביי די ווענט. אריה שטויסט שמחהן מיטן עלנבויגן:

— זע נאָר ווי זיי טאַנצן!

— איך וואָלט זיך געשטיקט אין אַזאַ טאַנץ, — זאָגט שמחה מיט שפּאָט.

— דאָס רופֿן זיי „סאַלאָן־טענץ", — זאָגט לאה מיט איראָניע.

— פֿויאַ מיט אַזעלכע טענץ! — קאָכט זיך מירע.

— מאַמע, מיר גייען אַרויס טאַנצן אויפֿן הויף, — רופֿן אויס פֿאַראַמאָל מירע און יובל (יורעק פֿון די ראַבקער) דער הויכער און שײנער.

— נאַטירלעך, קינדער, — ענטפער איך (פאַר מיר זענען זיי תמיד קינדער).

אין אַ ווייל אַרום שפּרינגט אַראָפּ מיין גאַנצע קיבוצישע חברה פון דער נידעריקער וועראַנדע און פאַרנעמען זיך אין אַ ראָד. יובל נעמט אַרויס אַ פייפל פון קעשענע און באַלד שפּרודלט אַראָפּ אויף אונדז, ווי דער טוי פון די בערג, אַ פאַסטעך־מעלאָדיע, אַ בענקענדיקע, פון שעפּסן און פאַשעפּעלדער, וועלכע צעגיסט זיך און ווערט פון מינוט־צו־מינוט אַלץ אָנגעגליטער. די פאַרהויבענע אָרעמס פון די טענצער און טענצערינס טראָגן זיך צום הימל, און די יונגע און פעסטע פיס טופּען קרעפטיק אין דער ערד, ווי אויסרופנדיק זייער פרייד פון לעבן און אַרבעט.

אינצווישן קומען אַריין דריי זעלנער, אויך פונעם קיבוץ: מיכאל (דער קליינער מילעק), ברוך (באַלעק פיגאַ) און ראובן. מיכאל איז דער פעיקסטער צווישן די קינדער פון דער קבוצה. ער קאָן עטלעכע שפּראַכן, איז אַ גוטער פּיאַניסט און אַן אויסגעצייכנטער מאַטעמאַטיקער. ראובן לערנט אין דער אוויאַציע־שול אין צה״ל, ווו ער צייכנט זיך אויס, און ברוך ענדיקט שוין זיין מיליטער־דינסט. נאָכן באַפרייט ווערן וועט פאַרקומען זיין חתונה אין דער קבוצה מיט נעמי, וועלכע באַזיצט קינסטלערישע פעיקייטן. פאַרשטענדלעך, אַז מיין מאַן און איך וועלן פאַרטרעטן דאָס אָרט פון די עלטערן אונטער זיין חופּה, ווי ס׳איז פאַרגעקומען אויף אַלע חתונות פון מיינע „קינדער״.

און אָט קומט יעקב „דער גלח״ מיט זיין שעמעוודיקער כלה, אַ תימנערין.

לילי, די יפהפיה, איז געקומען. איר פּנים פון סאַמע פּערשקעס, אין אַ רויט קליידל מיט אַ רויטן רידיקול אין האַנט. זי גייט צו צו מיר און פרעגט:

— לענאַ, אפשר האָסטו העלעס אַדרעס פון אויסלאַנד?

— יאָ, איך האָב. כ׳וועל דיר באַלד זאָגן. זי געפינט זיך ביי אירן אַ פעטער אין פּאַדואַ.

— זי איז געזונט?

— יאָ, מיין טייערע. אין פּאַריז איז זי פולשטענדיק געזונט געוואָרן. גלייך נאָך איר געזונט ווערן האָט זיך אָפּגעפונען אירער אַ פעטער, איר טאַטנס אַ ברודער, אַ פּראָפעסאָר אויפן אוניווערסיטעט אין פּאַדואַ, און האָט זי גענומען צו זיך.

לילי שרייבט אַראָפּ העלעס אַדרעס, און איך טראַכט: יאָ, יאָ, כ׳האָב

אָנגעווווירן העלען, די זיסע, קליינע העלע, וואָס צוליב איר בין איך אַזויפיל נעכט נישט געשלאָפן, סיי אין זאַקאָפּאַנע, סיי אויך אין פּאַריז. דאָס מיידעלע מיט דער איינער לונג, וואָס מיט איר שווינדזיכטיקן הוסט פלעגט זי אויפוועקן די קינדער פון שלאָף ביינאַכט... נאָך פיר יאָר איבערמענטש־לעכע אָנשטרענגונגען האָט זיך איינגעגעבן אויסצוהיילן זי פון דער שווינד־זוכט, און כ'האָב נישט באַוויזן זיך אָנצופרייען מיט איר אפילו קיין איין חודש, ווייל ס'האָט זיך אָפּגעפונען אַ פעטער. כ'בין געווען געצווונגען זי אים אָפּצוגעבן... דאָס איז דער גורל פון אַ מאַמע... הלוואי זי זאָל זיין גליקלעך ביים פעטער!

ענלעך צו העלען, האָב איך אָנגעווווירן אין וועג אויך אַנדערע קינדער. יעדעס איינס צוליב אַנדערע סיבות, טיילמאָל אויף וווּנדערלעכע אופנים. צום ביישפּיל: דעם יינגל וואַצלאַוו מאַטיקאַ (וועלכן כ'האָב אַרויסגענומען פון פּוילישן אַנשטאַלט אין זאַקאָפּאַנע, ווו מ'האָט אים אויסגעהונגערט און געשלאָגן) האָט זיך אין אַ געוויסן טאָג דערמאָנט, אַז ער הייסט נישט מאַטיקאַ, נאָר הירש פּאָזנער. און פּאָר אָט דעם הירש פּאָזנער האָב איך אָפּגעפונען אין משך פון צוויי וואָכן זיין טאַטן, זיין מאַמען, זיין מומען און די איבעריקע פאַמיליע. ס'האָבן זיך געטראָפן נאָך גרעסערע נסים, אַז אַ קינד אָן אַ נאָמען, אָן דאַטע און אָרט פון געבורט און אָן שום באַזונדערע איינצלהייטן, האָט אָפּגעפונען עמעצן פון זיינע עלטערן בלויז דורך אַ פאָטאָגראַפיע אַליין. אַזוי האָט דער קליינער, העלער שמוליק, אָפּגעפונען זיין טאַטן אין דעם וויטן עקוואַדאָר, און יאַשע פון די באַבאָליאָקעס האָט אָפּגעפונען איר מאַמען. אָט די אַלע קינדער זענען נישטאָ ערשט מיט אונדז אויף דער פייערונג, געפינען זיך נישט אין ישראל, און דערפאַר זענען זיי פאַר מיר ווי „פאַרלוירענע“.

די קבוצה־לייט קומען אַריין צוריק אין שטוב. אין די צימערן ווערט זייער ענג. מ'זיצט אין וואַנעצימער אויפן ראַנד פון דער וואַנע, אין קיך אויף די טאַבורעטקעס, אויף דער ווערענדע, אומעטום. און מ'האַלט נאָך אַלץ אין אָנקומען: עדנה מיטן מאַן (אַ סך יאָרן קראַנק געווען אויף ביינער שווינדזוכט, און היינט איז זי פולשטענדיק געזונט); עמילקע (די מאַנאַסטירשע, די פירערין פון דער קינדערפאַרוואַלטונג אין זאַקאָ־פּאַנע) מיט איר מאַן; מאַרילקע אין אַ ווייס קלייד און ווייסן שאַל, אָן מאַן. וויקטאָר, (געוועזענער פליער) לייגט פאָר מ'זאָל אַריינבערענגען די געסט אין לעצטן צימער, דורך אַ לופט־וועג...

מיטאַמאָל דערשיינט אין דער טיר שרה פון נגב מיט איר אייניאָריק מיידעלע. הינטער איר דריקן זיך אַריין איר מאַן שלום און דער פאַר־וואַלטער פון זייער קיבוץ, מאיר. צווישן די ייִנגערע הייבט זיך אויף אַ שטורעם. וויקטאָר און שאול רייסן איבער זייער טאַנץ, אַנטעק־אריה רייסט איבער דאָס ניס־קנאַקן. אירענע ווערט אַנטשוויגן אינמיטן דערציילן אַ שפּאַס, — אַלע לויפן צום מיידעלע און שרייען:

— שרה! שרה! גיב זי מיר! איכל זי האַלטן! איכל זי אָנקאָרמענען! ווי זיס און געשמאַק דאָס איז!

דאָס מיידעלע איז באמת שיין, צום באַוווּנדערן. איר פּנימל האָט אַ סמעטענע־קאָליר, די אויגן ממש קאָרנבלימלעך און די הערעלעך העלע ווי פלאַקס, זי איז אינגאַנצן אין ווייסן, ווי אַ ווייס קראַליקל.

שרה מיטן מאַן ווילן אַריין טיפער אין צימער, ס׳איז אָבער נישטאָ ווו אַ טראָט צו מאַכן. צענדליקער הענט שטרעקן זיך אויס צום מיידעלע. ווער וועט עס באַקומען? די דאָזיקע פראַגע אַנטשיידט שלום, דער טאַטע. ער זאָגט: דאָס רעכט צו באַקומען דאָס מיידעלע די ערשטע, געהער צו דער באָבען — צו לענען.

אויף אַזאַ אופן בין איך געוואָרן אַ באָבע, און נעם אויף די הענט מיין ערשט אייניקל. איך דריק עס צו צו מיין האַרץ און צוזאַמען דערמיט אַלע מיינע קינדער, די וועלכע זענען איצט דאָ מיט אונדז און די וואָס זענען נישטאָ; די אַלע אויסגעצערטע, פאַרהלשטע און פאַרשוואַרצטע קינדער וואָס כ׳האָב אַרויסגעגנבעט פון געטאָ הינטער מיין ברייטן מאַנטל, אָדער אין מיין רוקזאַק, און אָט זיי פילן עס איצטער אָן מיין שטוב מיט פריידיקן טומל און וויסן אפילו נישט די פרטים פון זייער פאַרגאַנגענהייט...

דאָס מיידעלע, רותי, איז אַ מילד און צעשמייכלט קינד — אַ קליינינקע זון. זי שטרעקט אויס די הענטלעך צו יעדן און לאַכט. איך קוק זיך איין אין דאָזיקן שטראַלנדיקן קינד און פאַרטראַכט זיך ווייטער: ווי איז דאָס געשען דער דאָזיקער נס: ביי קראַנקע עלטערן וואָס זענען דורכגעגאַנגען אַ סך נאַצישע לאַגערן, געקומען אין לאַנד מיטן „עקזאָדוס 1947״ און לעבן איצטער אין שווערע באַדינגונגען ביי דער גרענעץ פון עזה — זאָל געבוירן ווערן אַזאַ געזונט קינד, אַ צעשמייכלטס, אַ צוגעלאָזנס צו יעדן, אָן שום שפּור פון נערוועזקייט?

מאַרילקע אינעם ווייסן ברייטן שאַל קומט צו צו מיר און זאָגט:

— האָסט זיך פאַרמאַטערט, כ׳דערקען דאָס אין דיין פּנים... ערשט

גיב עס מיר אַ ביסל. כ׳וועל עס אָנקושן. מרדכי האָט אויסגעקוועטשט פאַר איר פּאָמעראַנצן־זאָפט.

די קלײנע זיצט ערשט אויף דער סאָפע צווישן מאַרילקען און דער מאַמען, און זײ קאָרמענען זי מיט צווײ לעפעלעך. איך באַמערק, אַז דאָס לעפעלע אין מאַרילקעס האַנט ציטערט... אין צווײטן צימער טאַנצט וויקטאָר מיט גרויס התלהבות מיט דער רײצנדיק־שײנער אירענע...

פּלוצים טוט זיך מאַרילקע אַ ריס פון אָרט און קומט צו צו מיר:

— כ׳וואָלט וועלן בעטן... דיך בעטן... זאָלסט מיט מיר ערגעץ אַרויסגײן, עפּעס איבערצורעדן...

כ׳גײ מיט איר אַרויס. מאַרילקע איז ווײס, ווי איר שאַל. מיר פאַררוקן זיך אין אַ ווינקל אויף די שטיגן. מאַרילקע טוט אַ נעם אַראָפּ עפּעס פון איר האַלדז:

— איך בעט דיך... כ׳בעט דיך זײער... גיב אָט דאָס־אָ אָפּ וויקטאָרן. איך וויל עס מער נישט טראָגן אויף מײן האַלדז. כ׳האָב עס אים שוין פון לאַנג געוואָלט אָפּגעבן, נאָר ער האָט תמיד געזאָגט, אַז ער איז אומ־גליקלעך, אַז ער קאָן נישט שטודירן, אַז ער לײדט צוליב מיר... האָב איך עס דערפאַר געטראָגן... ס׳איז געווען אַזוי שטאַרק פאַרבונדן, אַז איך האָב עס קוים אַראָפּגענומען... כ׳וויל דאָס מער נישט טראָגן... ס׳איז דאָך אים שוין גוט... זאָל ער מאַכן מיטן מעדאַליאָניק וואָס ס׳גלוסט זיך אים...

מאַרילקע שטופּט מיר אַרײן אין האַנט אַ דינינקע גילדן קײטעלע, מיט אַ מעדאַליאָניק, אין געשטאַלט פון אַ הערצעלע, וואָס האָט אויף בײדע זײטן מיניאַטור־פאָטאָגראַפיעלעך פון וויקטאָרן און מאַרילקען. באַלד שלײכט זי זיך אַרויס און ווערט פאַרשוווּנדן.

אין מײן האַנט שאַרכט שטיל דאָס דעליקאַטע קײטעלע מיטן מעדאַ־ליאָניק, דער גאָלדענער אָנדענק פון זײער ערשטער, פרילינגדיקער ליבע — נישט קײן גאָלדן הערצעלע, נאָר אַ לעבעדיק האַרץ קלאַפּט אין מײן האַנט...

דערווײל האָבן גענומען זיך צונויפקומען, צו דער פרײד פון די קינדער, אויך אונדזערע אַמאָליקע אָנגעשטעלטע: פרײלין אידזשע, די דערציִערין פון די מיטליערקע, איצט שוין אַ מאַמע פון צווײ באַצויבערנ־דיקע טעכטער; „מאַמושע", די דערציִערין פון די ראַבקער, ביז הײנט עלנט, אַלײן מיט איר גרויסן ווײטיק צוליבן נישט אָפּגעפונען איר מײדעלע; פרײלין דינה, די געוועזענע פּרעבליסטין, הײנט שלומס פרוי,

איינער פון אונדזערע פּאַרטיידיקער אין זאַקאָפּאַנע, דער וואָס האָט אויס־געפונען דעם מאָנאַסטיר „באַבאַלאַ" אין די בערג. געקומען זענען זיי מיט צוויי גרעלע יינגלעך — די משפּחה איז קאָמפּלעט. זייער זיבנייעריקער עלי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ קליינעם אַקאָרדיאָן, אויף וועלכן ער שפּילט אויסגעצייכנט. עלי זעצט זיך טאַקע אויף דער סאָפע און הייבט גלייך אָן צו שפּילן. אַלע זעצן זיך אַרום און באַגלייטן אים מיט געזאַנג. שלום, דער טאַטע זיינער, דערציילט, צווישן איין ליד און דעם צווייטן, וועגן זאַקאָפּאַנע, וועגן דעם באַוואָפנטן איבערפאַל און דער פּאַרטיידיקונג. אָבער דעם יונגוואַרג אינטערעסירן נישט די דאָזיקע זכרונות. „דאָס איז געווען אַמאָל, ס'איז אַריבער, לאָמיר בעסער טאַנצן!". און ווידער טאַנץ און פרייד אָן גרענעץ.

קיין שום דרויסנדיקער מענטש איז נישט אימשטאַנד אויפצוכאַפּן דעם אונטערשיד צווישן דעם דאָזיקער יוגנט און דער היי־געבוירענער, וועלכע האָבן נישט דורכגעלעבט די אַלע גרוילן. בלויז יענער, וואָס קאָן זיי גוט, ווייסט די געשיכטע און די איבערלעבענישן פון איטלעכן באַזונדער, איז אימשטאַנד עפּעסוואָס אונטערצושיידן.

אָט צום ביישפּיל דער בלאָאויגיקער מיכאל (מילעק דער קליינער). דער געזונטער און אָפּגעברוינטער זעלנער, וואָס זיצט און באַטראַכט די גאַנצע צייט די ביכער פון פאַכן. פאַר מיר איז דאָס קיין שום חידוש נישט, ווייל מיכאל איז אַ מענטש אַ באַלייענטער. אָבער מיין מאַן וווּנדערט זיך דערויף, און באַזונדערס ווען ער זעט אַז דאָס בוך וואָס ער בלעטערט מיט גרויס פלייס, איז אַ רשימה פון יידן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די דייטשישע לאַגערן...

חנהלע, די יינגסטע צווישן מיינע קינדער, גייט מיר נאָך די גאַנצע צייט. אַז זי פאַרלירט מיך פון אויג, דאַכט זיך אַז זי פילט זיך אַליין ווי אַ פאַרלוירענע. זי וווינט אין אַ קבוצה און ביז היינט געבליבן צוגעבונדן צו דער „מאַמען"...

רינה טוט אַ קום צו צו מיר אַ פאַרסאָפּעטע:

— לענאַ, איינע פון אונדזערע מיידלעך דרייט זיך אַרום אינדרויסן, זי שעמט זיך אַריינצוגיין.

— וואָס? — פאַרוווּנדער איך זיך — פאַראַן דאָ אַזעלכע וואָס שעמט זיך אַריינצוקומען צו מיר?!

אויפן ראָג־גאַס שטייט אַ מיידל, אינגאַנצן אַן אַנדערע פון אַלע מיינע



די שרייבערין מיט א גרופע פון אירע הונדערט קינדער, אין ערשטן יאר נאך זייער קומען קיין ישראל.









גליקלעכע פנימלעך פון לענאס קינדער וואס האבן באקומען זייער היים אין ישראל.



וויקטאר



שאול

אין מדינת ישראל





די "קליינע" אין קבוצת שילער



אט איז דער ״פעטער שאקאלאד״ ה׳ משה ענרייט פון אמריקע — שטענדיק מיט פולע טאשן שאקאלאד און א פול הארץ מיט ליבע פאר קינדער· האבן אים טאקע מיינע קינדער הארציק ליב געהאט·

ביי זיין לינקער זייט דאס אדאפטירטע דורך אים מיידעלע, הנה׳לע· ביי זיין רעכטער זייט דאס מיידעלע, חוה׳לע, וואס איז צוזאמען מיט יאנקעלען אדאפטירט געווארן דורך דער משפחה גארטנבערג אין אמעריקע·

אזוי האבן זיך אונדזערע חורבן־יתומימלעך געפונען נייע עלטערן און אווארעמע היים·



די פרוי פון ישראל-פרעזידענט רעדט פאר די 100 קינדער אויפן צוזאמענטרעף
אין בית הנשיא.



די קליינע ״מאלערין״ שירה׳לע, לענאס 3־יעריק טעכטערל — די טאכטער 101 אין דער צאל...



דער צוזאמענטרעף אין הויז פון דער מאמע אין ישראל, צוזאמען מיט די אייניקלעך — די המשך־דורות פון די 100 קינדער. אינדערמיט — לענאס מאן, ה. מרדכי זילבערמאן.

קינדער. נישט געקוקט אויף דער ברענענדיקער זון, טראָגט זי אַ שווער קלייד, פאַרשפּיליעט ביז צום האַלדז. אירע אקסל זענען ווייטיקלעך געבויגן, דאָס פּנים בלאַס, און די אויגן קוקן אומזיכער פאַר זיך.

— אַך, דאָס איז דאָך זאָשע פון דער שאַפּע! — רייסט זיך מיר אַרויס פון מויל — רינה, מיט איר דאַרף מען זיין זייער פאָרזיכטיק... זי לעבט ווייטער איבער איר טראַגעדיע פון זיין באַהאַלטן אין שאַפּע... ס'האָבן זי אדאָפּטירט אין לאַנד אירע קרובים, וועלכע האָבן נישט קיין קינדער און זענען רייך... און זע ווי זי זעט אויס ביי זיי!

— פאַרוואָס־זשע נעמסטו זי נישט צוריק צו פון זיי? — פרעגט רינה מיט פלאַמענדיקע אויגן.

— דאָס איז נישט אַזאַ לייכטע זאַך. זאָשע איז אַדאָפּטירט געוואָרן געזעצלעך און אויף מבטל צו מאַכן די אַדאָפּטאַציע דאַרף מען האָבן אַן אורטייל פון געריכט. און זי דערווייל שרעקט זיך פאַר אַלץ. אַט זעסטו דאָך... האָט מורא זיך צו באַגעגענען מיט אונדז...

מיר גייען פאָרזיכטיק צו צו זאָשען און באַגריסן זי האַרציק. שפּאַצירן מיט איר אַ ביסל אינדרויסן, און דערנאָך, ווי דרך־אגב קומען מיר, מיט איר אין שטוב אַריין. פון דעם מאָמענט אָן לאָזט איר רינה נישט אַליין אויף קיין איין מינוט. פאַרווײלט איר, דערציילט שפּאַסן, קלייבט אַרום איר עטלעכע פּאַסנדיקע חברטעס און טרעט זי נישט אָפּ ביז זי דערהערט נישט זאָשעס ערשטע געלעכטער...

די זון לאָזט זיך שוין אַראָפּ צום ים, ווי ס'קומט אַריין אַ נייע גרופּע יינגלעך און מיידלעך פון די קיבוצים. דאָס איז די עלטסטע גרופּע: אהרון, אַלאַ, חיה, צפורה. מיינע קינדער די פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן זיך די ערשטע געלאָזט אין וועג אַריין קיין ישראל. אָבער נישט אַלע זענען געקומען...

— שלום אהרון!

— שלום חברים!

— שוין לאַנגע יאָרן האָבן מיר זיך נישט געזען! ווו געפינט איר זיך ערגעץ?

— אין אשדות־יעקב.

— נו, איז אייך דאָרט וואַרעם אַביסל, — וויצלען זיך די חברים.

— מילא, נאַרישקייטן... מ'קאָן זיך צוגעוווינען. און דו, מאיר?

— איך בין אין מבקיעים, ביי דער גרענעץ פון עזה.

— שיידסטו זיך נישט מיט דער ביקס.

— אויך צו דעם געווויינט מען זיך צו.

— קומט עפּעס אויסטרינקען, — לייגט פאָר שאול.

— באַלד, — זאָגט אהרן — כ׳וואָלט וועלן פריער עפּעס אָפּגעבן לענען.

זיי קומען צו צו מיר. אהרון האַלט אין דער האַנט עפּעס אַ משונהדיקן קאַנווערט, אין וועלכן ס׳קלינגט עפּעס. שאולס פּנים־שטריכן ווערן מיט־אַמאָל פאַרשאַרפּט.

— נישט דאָ, — טוט ער אַ זאָג — מ׳דאַרף נישט קיין עדות...

מיר גייען אַרויס פון שטוב, צום גערטנדל ביים ברעג ים, ווו אַן איינזאַמע גרופּע ביימער־צווייגן צעשניידן דעם הימל און דעם ים, וואָס זענען באַלויכטן מיט שקיעה־רויטקייט. אהרון זאָגט צו מיר:

— איר זייט זייער איינציקע פאַמיליע... איך ברענגען מיר דאָס וואָס ס׳איז נאָך זיי געבליבן — די דאָקומענטן, די מעדאַלן פון פּלמ״ח און עטלעכע פּערזענלעכע קלייניקייטן זייערע. לאָנעק איז געפאַלן אין דער מלחמה אויפן ים. יצחק אין נגב.

די ידיעה האָט מיך געטראָפן ווי אַ דונער.

— ווען זענען זיי געפאַלן? — פרעג איך אַ בלאַסע, ווי אַ בר־מינן.

— אין דער צייט פון דעם קאַמף פאַר אונדזער פרייהייט.

— פאַרוואָס האָט איר מיר פריער נישט מודיע געווען?

— דיין ווייטיק וואָלט זיי נישט צוריק לעבעדיק געמאַכט, — איז געווען שאולס תשובה, — איך האָב זיך קעגנגעשטעלט מ׳זאָל דיר מודיע זיין.

די יונגעלייט שטייען שווייגנדיקע און ערנסטע. די שיין פון דער שקיעה באַלייכט זייערע פּנימער, אָבער איך זע נישט זיי און גאָרנישט אַרום. זע בלויז דאָס לעבעדיקע פּנים פון מיין לאָנעקן, זיינע טיפע סאַמעטענע אויגן, זיין שטאַלטנע פיגור, זיין גרויס חן. ער איז געווען דער שענסטער פון מיינע קינדער. לעבן אים שטייט יצחק מיט די שוואַרץ־ברענענדיקע אויגן און איינגעשפּאַרטע טשופּרינע, דער מענטש פון גרויסער ליבע צום פאָלק, צום פאָטערלאַנד... און אָט האָבן זיי אַוועקגעגעבן דעם פאָלק און דעם לאַנד אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט — זיך אַליין... היינט זענען זיי נישטאָ מיט אונדז.

— פאַרוואָס זענען זיי נישט מיט אונדז? — פרעג איך מיט טיפן וויי.

— נישט ריכטיק, — פּראָטעסטירט שאול — זײ זענען מיט אונדז דאָ. זענען דאָ און װעלן אײביק זײַן אין אונדזערע הערצער. דער טױט קאָן אונדז נישט צעשײדן.

אין דער פּאַרנאַכטיקער שטילקײט גײען מיר צוריק אַהײם. אונדזער שװײַגן געהער נאָך אײנגאַנצן צו די טויטע. אָבער ס׳דערגרײכן אונדז צײכנס פון לעבן: אַ געפּילדער, אַ טומל, פרײלעך געלעכטער פון דער יוגנט. גאָט מײנער אין הימל, װיאַזוי אַריבערשפּרינגען איבער דער דאָזיקער שװעל װאָס צװישן טויטע און לעבעדיקע? מיר שטײען בײם שװעל פון אונדזער הויז — װי טרעט מען זי אַריבער? נאָר דאָ דערזעען מיר װי אַ זױבערס און פרײדיקס טראָגט זיך אינדערלופטן — די קלײנע רותי, אַ לאַכנדיקע און פרײדיקע אין װיקטאָרס פעסטע אױפגעהױבענע הענט. און אַזױ מיטן כוח פון דעם געלעכטער פון אַ צאַרט קינד, באַפליגלט מיט דער פרײד פון קינדער און יוגנט, טרעטן מיר אַריבער די שװעל און קערן זיך אום צוריק צום לעבן.

# אינהאַלט:

## ביכער פון לענאַ קיכלער־זילבערמאַן:

„מיינע קינדער" — יידישער פאַלקספאַרבאַנד אין פאַריז, 1948
„Children of Fortune" — עלית הנוער, ירושלים 1951
„מאה ילדים שלי" — קרית ספר ־ יד־ושם, ירושלים 1959
„מאה ילדים שלי" — ידיעות אחרונות ־ לאשה, תל־אביב 1960
„אנו מאשימים" — ספרית הפועלים, תל־אביב 1961
"One hundred Children" — Doubleday, New-York 1961
"My 100 Children" — Souvenir Press, London 1961
"My 100 Children" The Ryerson Press, Toronto 1961
„מיינע הונדערט קינדער" — פאַרלאַג „מנורה", תל־אביב 1962

## אין דרוק:

„מיינע 100 קינדער" אין האָלענדיש:
Uitgerversmij De Arbederspres, Amsterdam

„מיינע 100 קינדער" אין פראַנצויזיש:
France Empire, Paris

## אין פארלאג „מנורה" רח' זנגביל 24, תל־אביב, ישראל

### זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער:

אַנאַ פראַנק — **טאָגבוך פון אַ מיידל.**

ש. פראַנק — **טאָגבוך פון לאָדזשער געטאָ.**

באָריס פּאַסטערנאַק — **דאָקטאָר זשיוואַגאָ.**

מ. מאַן — **דאָס הויז צווישן דערנער.**

ראָבערט סענט דזשאָן — **דוד בן־גוריון** (לעבנסגעשיכטע פון אַן אומגעווינ־לעכן מענטש).

אבא גאָרדין — **שלמה המלך**, היסטאָרישער ראָמאַן.

מיכאל ווייכערט — **זכרונות 1־טע טייל.**

מיכאל ווייכערט — **וואַרשע, זכרונות 2־טע טייל.**

אַנדרעי שוואַרץ־באַרט — **דער לעצטער פון די צדיקים.**

שלמה שנהוד — **מיט חלום איבער תהום**, לידער.

משה וויטיעס — **מסות על ספרות** (עסייען וועגן ליטעראַטור).

לענאַ קיכלער־זילבערמאַן — **מיינע הונדערט קינדער.**

### אין דרוק:

אבא גאָרדין — **משה**, היסטאָרישער ראָמאַן.

יוסף פּאַפּערניקאָוו — **פרי גני** (**פירות פון מיין גאָרטן**), לידער.

מיכאל ווייכערט — **יידישע אַליינהילף.**

יעקב בנאי, (מאַיאָר פון צבא הגנה לישראל) — **טרוימער און קעמפער,** געשיכטע פון דער אונטערגרונד־באַוועגונג קעגן דער ענגלישער מאַנדאַטאָרן־מאַכט אין ארץ־ישראל, ביז דער אַנטשטייונג פון מדינת ישראל.

### צענטראַלע פאַרשפּרייטונג פאַר דער גאַנצער וועלט פון:

מ. צאַנין — **פולער העברעיש־יידישער ווערטערבוך, 2 בענדער.**

יצחק גרינבוים — **פון מיין דור.**

יהושע שלייען — **איינער האָט זיך געראַטעוועט.**

לעאָן יוריס — **עקזאָדוס.**

